# היסטאריע

פון די

# פעראייניגטע שטאאטען

מיט איינצעלהייטען וועגען דער ענטדעקונג
און עראָבערונג פון אַמעריקא

---

פון

**אב. קאהאן**

---

.II

## ענטדעקונגס־רייזעס נאך קאלומבוס׳ען

---

אַרויסגעגעבען פון „פאָרווערטס"
173־175 איסט בראָדוויי
ניו יאָרק

# אינהאַלטס־פערצייכניס:

---

---

א צעטעל פון לאַנדקאַרטען, פּאָרטרעטען און אַנדערע צייכנונגען, וועלכע דיעזער באַנד ענטהאַלט, וועט דער לעזער געפינען ביים סוף פון דעם בוך, נאָך דעם צעטעל פון ווערק, מיט וועלכע דער פערפאַסער האָט זיך בענוצט.

# ענטדעקונגס-רייזעס
# נאָך קאָלומבוס'ען

I.

## פּאָרטאָ ריקאָ און פלאָרידאַ.

וויפיעל קאָלומבוס האָט אויפגעטהאָן אין אַמעריקאַ. — שפּאַנישע אַוואַנטו־ריסטען. — דיעגאָ קאָלומבוס און זיין ירושה. — פּאָנסע דע לעאָן אין פּאָרטאָ ריקאָ. — דיא אינדיאַנער מאַכען אַ פּראָבע צו זעהן אויב דיא ווייסע זיינען אונשטערבליך. — זיי איבערצייגען זיך, אַז ניט. — אַ הריגה אויף שפּאַניער. — דיא אינדיאַנער „ערקונדיגען" זיך, אַז דיא ווייסע נעהמט דער טוידט פּאָרט ניט. — דער קוואַל פון אייביגע יוגענד. — פ ל אָ ר י ד א, דער „בלומען זונטאג". — פּאָנסע דע לעאָן זוכט דעם אינזעל בימיני. — אַ צווייטע רייזע נאָך פלאָרידאַ. — פּאָנסע דע לעאָן'ס טוידט.

קריסטאָפער קאָלומבוס האָט ענטדעקט עטליכע אַמעריקאַנער אינזעלען און אַ שטיקעל ברעג פון דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. *) דיעזע אַלע ענטדעקונגען זיינען געווען אין דעם מיטעלסטען טייל פון אַמעריקא, צווישען נאָרד־אַמעריקא און זיד־אַמעריקא, און אויף אַ ברעג פון זיד־אַמעריקא וואָס ליעגט ניט וויט דערביי.

גוט בעקאַנט איז ער אייגענטליך געוואָרען נור מיט איין אינזעל — מיט ה א י ט י אָדער ה י ס פּ א נ י אָ ל א, וויא ער האָט איהם גערופען. אויף דיעזען אינזעל זיינען אין זיין צייט געגרינדעט געוואָרען קאָלאָניעס מיט עטליכע האַפענס, פעסטונגען און גאָלד־מינען. ווייטער איז דער גרויסער דאָפּעלטער קאָנטינענט, וועלכען מיר רופען „א מ ע ר י ק א", איהם געבליעבען כמעט אין גאַנצען אונבעקאַנט.

וואָס אַנבעטרעפט דיא מענשען, וועלכע האָבען דאַן אין אַמעריקא געוואוינט, האָט ער בעגעגענט נור אייניגע ווילדע שבטים זייערע. אין אַמעריקא האָבען זיך דאַן געפונען נור אינדיאַנער, דאָס הייסט מענשען מיט אַ רויטליך־ברוינע הויט; ריכטיגער געזאָגט, איז דאָס אַ צימרינג־קאָלירטע הויט, נור געוועהנליך רופט מען דיא אינדיאַנער „רויט־

*) דאָס הייסט פון דער אַמעריקאַנער הויפּט־לאַנד, פון אַמעריקא גופא. אַן ערקלעהרונג פון דעם וואָרט קאָנטינענט, מיט מעהר איינצעלהייטען, געפינט זיך אין דעם ערשטען באַנד פון דיעזען ווערק, זייטעל 149 און 150.

הויטיגע" אָדער „קופּער־פאַרביגע". קיין גרויסע מענשליכע בעפעל־קערונג, וויא אין אַזיען אָדער אייראָפּאַ, איז דאָרטען ניט געווען; דיא מענשען זיינען דאָרטען געווען צוזייט און צושפּרייט; זיי האָבען געוואוינט קליינע צאָהלענ־וויז, כמעט הייפּעלעך־וויז; און פיעלע הונדערטער מיילען האָבען זיך אַוועקגעצויגען גאָר אָהן מענשען. פאַר וואָס דאָס איז אַזוי געווען, פאַר וואָס אַזיען און אייראָפּאַ, צום בייר־שפּיעל, זיינען געווען בעפעלקערט פיעל געדיכטער, איז דאָ ניט דער פּלאַץ גענוי צו בעטראַכטען. אויף איין אורזאַכע אָבער, אַלס אַ בייר־שפּיעל, וועלען מיר דאָ יאָ אָנווייזען. אין אַזיען און אייראָפּאַ האָבען זיך געפונען פיה, בהמות — ווי אָקסען, קיה, שעפּסען און ציעגען. דיעזע בעשעפּעניסען גיבען מילך, פלייש און אַ חוץ דעם שלעפּען זיי משא. צו משא האָט מען דאָרטען אויך געהאַט קעמלען, פערד, אייזלען, העל־פאַנטען. דאָס אַלץ האָט דעם מענשען פיעל פערגרעסערט דיא מעגליכ־קייט צו שפּייזען זיך און קליידען זיך (פון די וואָל פון די שעפּסען, למשל, האָט ער געמאַכט קליידער פאַר זיך); עס איז דאָרטען אַלזאָ גרינגער געווען פאַר גרעסערע בעפעלקערונגען צו עקזיסטירען, צו מעהרען זיך. אין אַמעריקאַ זיינען אָבער דיעזע בהמות ניט געווען. אין אייניגע ערטער פון זיד־אַמעריקאַ האָט זיך געפונען אַ געוויסער זאָרט בהמה, וועלכע איז האַלב ענליך צו אַ שעפּס און האַלב צו אַ קעמעל (דיא לאַמאַ) — האָט זיך דאָרטען אין אַ געוויסען געגענד דיא בעפעלקערונג טאַקע שטאַרקער פערמעהרט און אויך העכער ענטוויקעלט וויא אַנדערס־וואו אין אַמעריקאַ; אָבער אין פערגלייך מיט דיא בהמות פון אַזיען און אייראָפּאַ האָט דאָס קיין גרויסע בעדייטונג ניט געהאַט. דיא מענשען פון אַמעריקאַ האָבען אָבער געהאַט אַ פלאַנצונג, אַ תבואה, וועלכע האָט זיי אַ ביסעל בעפריעדיגט דערפאַר וואָס זיי האָבען ניט געהאַט קיין קעמלען, אייזלען און קיין פיה: זיי האָבען נעמליך געהאַט קוקורוזע, וועלכע וואַקסט זעהר לייכט און פאָדערט גאַנץ וועניג אַרבייט. ווען ניט דאָס, וואָלט אין אַמעריקאַ דעם מענשען נאָך שווע־רער געווען צו עקזיסטירען.

אַלע מענשען וואָס האָבען געוואוינט אין אַמעריקאַ זיינען אַלזאָ געווען רויט־הויטיגע, דאָס הייסט אינדיאַנער, און פון זיי האָט קאָלומ־בוס בעגעגענט בלויז אייניגע פון זייערע אונענטוויקעלטסטע שבטים. אויף זיינע רייזעס איז ער אַמאָל געווען ניט ווייט פון מעקסיקאָ, וואו

עס האָט געוואוינט איינער פון דיא צוויי ענטוויקעלטסטע און מעכ־טיגסטע אינדיאַנישע פעלקער. ער האָט אבער דערפון ניט געוואוסט. אינדיאַנער האָבען איהם אפילו געזאָגט וועגען דעם, ער האָט אָבער זייערע ווערטער אויסגעטייטשט פאַלש. ער האָט געמיינט, אַז זיי רעדען וועגען כינא און אָסט־אינדיען (אַזיען); וואָרים ער האָט אַלץ געגלויבט, אַז דיא לאַנד, וואָס ער האָט געפונען ליעגט אין אַזיען. אויך האָט ער ניט געוואוסט, אַז צו דרום־צו פון דאָרטען, אין דער לאַנד, וועלכע מיר רופען היינט פּ ע ר ו, וואוינט אַן אנדער ענטוויקעלטער, רייכער און אינטערעסאַנטער פאָלק.

קאָלומבוס האָט געמאַכט ניט מעהר וויא אַן אָנהויב. ער האָט אָנגעוויעזען דעם וועג צו דער נייער וועלט. מיט דער נייער וועלט גופא בעקאַנט צו ווערען און אָנצופאַנגען איהר צו בעזעצען מיט אייראָפּעער — דאָס איז איהם ניט בעשערט געוועזען. דאָס האָט מען געטהאָן ערשט נאָך זיין טוידט. ביסלעכווייז האָט מען דאָס געטהאָן, אין פערלויף פון פיעלע צעהנדליגע יאָהר און מיט שווערע בלוטיגע מלחמות, אין וועלכע עס זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען גרויסע מאַסען אינדיאַ־נער. צו דערצעהלען וועגען דיא וויכטיגסטע פון דיעזע ענטדעקונגס־רייזעס און עראָבערונגען *) — דאָס איז דיא אויפגאַבע פון דיזען בוך.

דיא ערשטע פון דיעזע רייזענדע און קאָלאָניסטען זיינען הויפּט־זעכליך געוועזען פון שפּאַניען און דאָס רוב פון זיי האָבען צוערשט געוואוינט אויף קאָלומבוס'עס אינזעל היספּאַניאָלאַ; אבער דערנאָך זיינען געקומען פּאָרשונגס־רייזענדע און קאָלאָניסטען פון אנדערע לענדער אויך: פון פּאָרטוגאַל, פראַנקרייך, ענגלאַנד, האָלאַנד, שוועדען. דיא לאַנד, פון וועלכע עס בעשטעהט היינט דיא פערייניגטע שטאַאַ־טען פון נאָרד אַמעריקא, איז ענטדעקט און בעזעצט געוואָרען פון עטליכע אייראָפּעאישע נאַציאָנען. אונז וועט אין דיעזען באַנד אויס־קומען צו דערצעהלען וועגען לענדער, וועלכע בעלאַנגען היינט צו דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. מיר וועלען דאָ אָבער הויפּטזעכליך דער־צעהלען וועגען רייזעס, וואָס האָבען געפיהרט צו אַנדערע ערטער אין אַמעריקא — וועגען רייזעס וואָס בעלאַנגען צו דיא אינטערעסאַנטסטע און וויכטיגסטע ענינים אין דער געשיכטע פון דער נייער וועלט, פון וועלכע דיא פעראייניגטע שטאַאַטען זיינען אַ טייל.

*) עראָבערען הייסט איינגעהמען, בעזיעגען, אונטערטהעניג מאַכען.

דאָס רוב זיינען דיא ענטדעקונגס־רייזעס און די מלחמות מיט דיא אינדיאַנער אָנגעפיהרט געוואָרען פון הייפּעלעך אייראָפּעאישע וואנדע־רער, אַוואַנטוריסטען*), וועלכע האָבען ניט געוואוסט ניט פון קיין מורא און ניט פון קיין מיטלייד. דער לעבען איז ביי זיי געווען ביליג — צי יענעמס צי זייער אייגענער; און אין זייער נאָכיאָגעניש נאָך גאָלד און נאָך נייעסען איז פאַר זיי קיין זאַך ניט געווען צו שווער, קיין שטערונג צו גרויס, קיין געפאהר צו שרעקליך. א פּאָר הונדערט זייערע פלעגען זיך שטעלען אַנטקעגען טויזענדע, ניט זעלטען אַנטקעגען צעהנדליגע אָדער זאָגאַר הונדערטע טויזענדע אינדיאַנער. און מיט דער הילף פון זייערע שטאָלענע שווערדען, פייער־געוועהר, פערד און בלוט־הינד פלעגען זיי געוועהנליך זיין דיא זיעגער.

אויבען איז שוין בעמערקט געוואָרען, אז דיא גרויסע ענטדעקונגס־רייזעס וואָס זיינען פאָרגעקומען נאָך קאָלומבוס'ען, זיינען מייסטענס געמאַכט געוואָרען פון שפּאַניער, וועלכע האָבען צוערשט געוואוינט אויף'ן אינזעל היספּאַניאָלאַ. דער הערשער איבער דיעזען אינזעל איז געווען קאָלומבוס'עס עלטסטער זוהן, ד י ע ג אָ, וועלכער האָט גע'ירשנ'ט זיין פאָטער'ס טיטלען. דיעזער דיעגאָ האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אין דעם קעניגליכען הויף פון שפּאַניען און ער האָט געהייראַטה אַ פרוי פון דער קעניגליכער פאַמיליע. דאָך האָט ער זיך געדאַרפט משפּט'ען מיט דער קרוין איידער ער האָט בעקומען זיין ירושה. וואָרים פערדינאַנד,

---

*) אַזוי וויא דעם וואָרט „אַוואַנטוריסטען“ וועט אונז אין דיעזען באַנד אויסקומען צו געברויכען אָפט, ווועלען מיר איהם דאָ פערטייטשען איין מאָל פאַר אַלע מאָל. אַוואַנטור („אַדווענטשור“ אויף ענגליש) איז אַ ריזיקאַלישע, געפעהרליכע אונטערנעהמונג אָדער אַן אונגעוועהנליכע פּאַ־סירונג, סיבה. אַוואַנטוריסט („אַדווענטשורער“) איז אַ מענש, וואָס האָט חשק צו אַזעלכע געפאַהרען, פּאַסירונגען; איהם איז שווער איינצוזיצען אויף אַן אָרט און צו פיהרען אַ געזעצטען, רוהיגען לעבען. איהם ציהט צו נייע לענדער, מיט נייע ערפאַהרונגען, אָדער אזוי צו נייע ערפאַהרונגען. אמת'ע אַוואַנטוריסטען האָבען ליעב צו ריזיקירען מיט זיך, ניט גראָד ווייל דאָס ברענגט זיי נוצען, נור צוליעב דער ריזיקע גופא, אָבער געוועהנליך זו־כען זיי נוצען פאַר זיך און שטעלען זיך ניט אָב פאַר קיינע מיטלען דערצו.

דער שפּאַנישער קעניג, האָט דיעגאָ'ס פאָטער, דעם ענטדעקער פון אמעריקא, קיינמאָל ניט פערגונען זיין קאָנטראַקט. נאָך דיעזען קאָנ־טראַקט נאָך האָט קאָלומבוס'ען געהערט דער טיטעל וויצע־קעניג און אַדמיראַל איבער די נייע לענדער, וואָס ער האָט געפונען, און גרויסע איינקינפטע פון זיי; און ניט צו קאָלומבוס'ען אליין, נור אויך צו זיינע קינדער און קינדס־קינדער — אויף אייביג.



דיעגאָ קאָלומבוס

פערדינאַנד'ס פרוי, קעניגין איזאַבעלאַ, האָט זיך צו קאָלומבוס'ען פערהאַלטען בעסער. אָבער זיא איז געשטאָרבען נאָך פריהער וויא קאָלומבוס; און איצט, נאָך קאָלומבוס'עס טוידט, האָט דער גאָלד־דורשטיגער קעניג זיך געסטאַרעט צו פערבויגען דיעגאָ'ס גע'ירשנ'טע רעכטע.

נאָך דעם וויא קריסטאָפאָר קאָלומבוס איז אין היספּאַניאָלאַ אָבגעווען א געוויסע צייט, האָט מען איהם אַראָבגעזעצט פון דער שטעלע וואָס ער האָט פערנומען אלס הערשער פון דעם אינזעל. אויף זיין פּלאַץ האָט מען אהין געשיקט איינעם אָוואַנדאָ. דיעגאָ קאָלומבוס האָט נאָך זיין פאָטער'ס טוידט געפאָדערט אז מען זאָל

צוריקרופען אָוואַנדאָ'ן, און אַז איהם, דיעגאָ'ן, זאָל מען שיקען אין היספּאַניאָלאַ אַלס וויצע־קעניג און אַדמיראַל, ניט נור איבער דיעזען אינזעל, נור אויך איבער אַלע אַנדערע לענדער, וואָס זיין פאטער האָט ענטדעקט.

ער האָט דעם פּראָצעס געוואונען, און אין 1509 איז ער מיט זיין אַריסטאָקראַטישער פרוי און מיט אַ גרויסע פּאַראַדנע סוויטע געקומען נאָך היספּאַניאָלאַ. ער האָט זיך בעזעצט אין דער דאָרטיגער האַפּען־שטאָדט סאַן דאָמינגאָ, פון וועלכער ער האָט געזאָלט רעגיערען איבער דעם גאַנצען אינזעל, איבער די אַנדערע דערבייאיגע אינזלען (קובא, יאַמאַיקאַ, פּאָרטאָ ריקאָ, דיא קאַריבישע און דיא באַהאַמיישע אינזלען), די ברעגעס פון צענטראַל אַמעריקא און אַ שטיקעל פון זיד־אַמעריקאַ. צוערשט איז אויסער היספּאַניאָלאַ אייגענטליך ניט געווען איבער וואָס צו רעגיערען, וואָרים שפּאַנישע קאָלאָניעס זיינען דאָרטען געגרינדעט געוואָרען זעהר לאַנגזאַם. אָבער דיעגאָ'ס דעה האָט איבער־הויפּט קיין גרויסע ממשות ניט געהאַט. דעם קאָלומבוס־קאָנטראַקט האָט דער שפּאַנישער טהראָן ניט מקיים געווען, אפילו נאָך דעם וויא דיעגאָ האָט דעם פּראָצעס געוואונען.

ווען דיעגאָ איז אָנגעקומען אין סאַן דאָמינגאָ, האָט ער געפונען אַז אויף דעם אינזעל באַריקען (פּאָרטאָ ריקאָ*) קאָמאַנדעוועט, אָהן זיין ערלויבניס, אַ שפּאַניער מיט'ן נאָמען יואַן פּאָנסע דע לעאָן, וועלכער איז נאָך היספּאַניאָלאַ געקומען מיט קריסטאָפאָר קאָלומבוס, ווען דער לעצטער איז געפאָהרען אין אַמעריקאַ צום צווייטען מאָל. פּאָנסע דע לעאָן'ען האָט נאָך באָריקען געשיקט אָוואַנדאָ, דער וואָס איז געווען גובערנאַטאָר פון היספּאַניאָלאַ אויף קריסטאָפאָר קאָלומבוס פּלאַץ. דיא מעשה איז אַזוי געוועזן:

אָוואַנדאָ איז זיך מיט דיא אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ בעגאַנגען אויף דעם מערדערליכסטען אופן און פּאָנסע דע לעאָן האָט זיך ביי איהם געמאַכט אַ נאָמען מיט דעם וואָס ער האָט איהם געהאָלפען אין דיעזע מחבל'שע אַרבייט. דיא גוטהערציגע, גאַסט־פריינדליכע נאַטור־קינדער

*) דער אינזעל פּאָרטאָ ריקאָ געהערט איצט צו דיא פעראייניגטע שטאַטען. קריסטאָפאָר קאָלומבוס האָט איהם ענטדעקט אין 1493. ער האָט איהם אָבער בלויז בעזוכט, אי דאָס נור ביי'ן ברעג.

האָבען שוין ניט געהאַט קיין כח אויסצוהאַלטען דעם שרעקליכען יאָך, וואָס דיא שפּאַניער האָבען אויף זיי אָנגעטהאָן און דיא בלוטיגע פּאָגראָ־מען וואָס זיי האָבען אויף זיי געמאַכט, שוין ניט רעדענדיג וועגען דיא אונזאַטבאַרע הולטייסטוואָס, וואָס זיי האָבען ארויסגעוויזען אין זייערע פערהעלטניסע מיט דיא רויט־הויטיגע פרויען. דיא געדולד האָט ביי דיא אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ געפּלאַצט צום צעהנטען מאָל, און זיי האָבען געפּרופט מאַכען אַן אויפשטאַנד. דאַן איז צו אָוואַנדאָ'ם רציחות קיין שיעור ניט געווען, און אין דיא בלוטיגע מעשים פון יענע טעג האָט פּאָנסע דע לעאָן ביי איהם געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע. אָוואַנדאָ האָט איהם נעמליך געשיקט פערוויסטען דעם קרייז היגיע, איינעם פון דיא פינף קרייזען אויף וועלכע היספּאַניאָלאַ איז געווען צוטיילט — אַ געגענד אויף דער מזרח־דרום זייט פון דעם אינזעל. אַז ער האָט זיין טייפלישע שליחות ערפילט וויא מען האָט פון איהם ערוואַרט, דאָס קען מען זעהן פון דעם, דאָס אָוואַנדאָ האָט איהם געמאַכט פאַר הערשער איבער היגיע אַלס זיין אונטער־גובערנאַטאָר.

דיעזער ווינקעל פון היספּאַניאָלאַ איז ניט ווייט פון פּאָרטאָ ריקאָ.



דיא צוויי אינזלען זיינען דאָרטען ניט מעהר וויא 36, 40 ענגלישע מייל איינער פון דעם אנדערען, און אין דיא קלאָרע לופט פון יענע געגענדען קען מען פון היגיע זעהן פּאָרטאָ ריקאָ גאַנץ דייטליך. דיא אינדיאַנער פון פּאָרטאָ ריקאָ פלעגען אויף זייערע קאַנאָס אָפט קומען אהין, און פון זיי האָט פּאָנסע דע לעאָן געהערט אַז אויף זייער אינזעל איז פאַראַן גאָלד.

ער האָט דאַן ביי אָוואַנדאָ'ן בעקומען ערלויבנים דאָרטען צו מאַכען א פּאָרשונגס־רייזע און איז אהין אריבערגעפּאָהרען מיט עטליכע שפּאַניער, און מיט א פּאָר אינדיאַנער אלס דאָלמעטשער. דאָס איז געוועזען אין 1508, מיט א יאָהר פריהער וויא דיעגאָ איז געקומען נאָך סאַן דאָמינגאָ, — 16 יאָהר נאָך דעם וויא דיעגאָ'ס פאַטער האָט ענט־דעקט אַמעריקא.

פּאָנסע דע לעאָן מיט זיינע מענשען זיינען אָנגעקומען אויפ'ן אינזעל. דער ברעג איז געוועזען בעוואַקסען מיט וואַלד, און נאָהענט דערביי איז געוועזען אַ הויז, אין וועלכע עס האָט געוואוינט אַ ג ו ו י י ־ ב אַ נ אָ, אַ קאַסיק אָדער הויפּטמאַן פון די דאָרטיגע אינדיאַנער. אַגווייבאַנאָ האָט די ווייסע אויפגענומען זעהר פריינדליך, און האָט זיך מיט פּאָנסע דע לעאָן'ען געביטען מיט דיא נעמען, — ווי דער מנהג איז געוועזען ביי די רויט־הויטיגע, ווען זיי האָבען געשלאָסען אַ בונד פון ברידערשאַפט. ער האָט דיא געסט געפיהרט ווייזען דיא ווייטערע מיילען פון דעם אינזעל. דאָס איז געוועזען אַ ווילדע שטיק לאַנד, פול מיט בערג, אָבער בעוואַקסען מיט פיינע וועלדער, און צווישען דיא בערג זיינען געלעגען שעהנע רייכע טהאָלען, וועלכע זיינען געוועזען בעוואַסערט און בעפּרוכטבאַרט פון פיעלע קלאָהרע טייכלעך. פּאָנסע דע לעאָן האָט דעם קאַסיק געבעטען ער זאָל איהם ווייזען דיא רייכ־טימער, וואָס דער אינזעל ענטהאַלט, און יענער האָט איהם געצייגט די פעטע פעלדער, וועלדער פול מיט געשמאַקע פרוכטען, קוואַלען פון פרישע, קיהלע וואַסער. נאָך דעם פערשטאַנד פון דעם נאַטור־קינד זיינען דיעזע נאַטור־אוצרות געוועזען דיא וויכטיגסטע עשירות וואָס דער מענש קען זיך פאָרשטעלען. אָבער ניט דאָס האָט געמיינט זיין ציוויליזירטער ווייסער גאַסט. פּאָנסע דע לעאָן האָט אין זינען געהאַט גאָלד. ווען ער האָט דאָס ערקלעהרט, האָט איהם דער קאַסיק אַוועק־געפיהרט צו צוויי טייכען, אין וועלכע דיא שטיינער האָבען געבלים־

טשעט מיט גאָלדערנע אָדערלעך. פּאָנסע דע לעאָן האָט דאָ בעקומען אזוי פיעל פון דעם געלען מעטאַל, אז ער איז געוועזן זיכער דאָס דער אינזעל ענטהאַלט גרויסע אוצרות. ער איז דאַן געפאָהרען צוריק נאָך היספּאַ־ניאָלאַ, איבערלאָזענדיג דאָ עטליכע פון זיינע ווייסע מיטרייזענדע. ווען מען האָט דיעזע גאָלד אונטערזוכט האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דאָס איז פון אַ פּראָסטערען זאָרט וויא דיא היספּאַניאָ־לער גאָלד. דאָך, אַזוי וויא מען האָט געמיינט אַז אין פּאָרטאָ ריקאָ וועט מען געפינען פיעל מעהר גאָלד וויא אין היספּאַניאָלאַ, האָט אָוואַנדאָ זיך בעשלאָסען איינצונעהמען יענעם אינזעל, און דיא אונ־טערנעהמונג האָט ער איבערגעגעבען פּאָנסע דע לעאָן׳ען.

דיא אינדיאַנער פון פּאָרטאָ ריקאָ זיינען מעהר געוואוינט געווען צו מלחמות וויא דיא אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ. אָבער ווען מען האָט זיי פון געדולד ניט אַרויסגעבראַכט, זיינען זיי געניינט געווען צו זיין פריעדליך און פריינדליך. פּאָנסע דע לעאָן האָט דעריבער פער־שפּאָרט צו קעמפּפען. ער האָט דעם אינזעל איינגענומען אין זיינע הענד „מיט גוטען“. עס איז געוואָרען פון זיך אַליין.

דאַן איז ער געפאָהרען צוריק אין היספּאַניאָלאַ, אין דער האָפנונג אַז אָוואַנדאָ וועט איהם מאַכען פאַר דעם גובערנאַטאָר פון דעם ניי־ערוואָרבענעם אינזעל. אָבער ווען ער איז געקומען נאָך סאַן דאָמינגאָ, האָט ער געפונען אַ גרויסע ענדערונג: אָוואַנדאָ איז שוין דאָרטען ניט געווען און אויף זיין פּלאַץ איז שוין געקומען דיעגאָ קאָלומבוס אַלס וויצע־קעניג און אַדמיראַל איבער דיא לענדער וואָס זיין פאָטער האָט ענטדעקט. ווען עס איז געקומען צו דער פראַגע וועגען דער רעגיערונג פון באָריקען (פּאָרטאָ ריקאָ), האָט דיעגאָ קאָלומבוס אהין אוועק־געשיקט איינעם י ו אַ ן ס ע ר אָ ן. פון פּאָנסע דע לעאָן׳ען האָט ער ניט געוועלט הערען, ערשטענס ווייל ער איז געווען אַ ליעבלינג פון אָוואַנדאָ, דעם מאַן, וועלכער האָט פערנומען זיין פאָטער׳ס פּלאַץ; צווייטענס ווייל ער האָט אַמאָל אַנטייל גענומען אין אַן אויפשטאַנד געגען זיין פאָטער. דער קעניג פון שפּאַניען האָט אָבער געוואָלט ווייזען, אַז דיעגאָ קאָלומבוס האָט וועניג דעה, און אַזוי וויא אָוואַנדאָ האָט, קומענדיג נאָך שפּאַניען, שטאַרק געלויבט זיין ליעבלינג, פּאָנסע דע לעאָן׳ען, האָט ער פּאָנסע דע לעאָן׳ען ערקלעהרט אַלס גובערנאַטאָר

פון פּאָרטאָ ריקאָ און געלאָזט וויסען דעם וויצע־קעניג אַז ער זאָל ניט סמייען איהם אָראָבצוזעצען.

פּאָנסע דע לעאָן האָט אָנגעפאַנגען צו רעגיערען איבער באָריקען, אָדער פּ אָ ר ט אָ ר י ק אָ, אין 1509. ער האָט זיך בעזעצט אין אַ שטעדטעל מיט'ן נאָמען ק אַ פּ אַ ר אַ, וועלכע ער האָט געגרינדעט אויף דער צפון זייט פון דעם אינזעל, אַרום דריי ענגלישע מייל פון ים, אין אַ געגענד, וואו מען האָט זיך געריכט צו געפינען אַ סך גאָלד. דיא שטעדטעל איז געווען לעבען דעם האַפען ר י ק אָ; פון דעם איז דאָס אַרויסגעקומען דער נאָמען פּ אָ ר ט אָ (האַפען) ר י ק אָ.

ווען ער האָט זיך שוין פעסט בעזעצט, האָט ער צווישען דיא אינדיאַנער געענומען איינפיהרען דיא פּאַנסטשינע סיסטעם, וועלכע קריסטאָפאָר קאָלומבוס האָט איינגעפיהרט אין היספּאַניאָלאַ. אַלע רויט־הויטיגע איינוואוינער פון דעם אינזעל האָט מען פערטיילט צווישען דיא שפּאַניער אַלס זייערע „לייב־אייגענע" — אַזוי וויא דיא בויערען זיינען געווען פערטיילט צווישען דיא פּריצים אין אייראָפּאַ. דיא פריעדליכע גוטע מענשען, וועלכע האָבען ביז אַהער געלעבט זאָרגלאָז און פריי, האָט מען פּלוצלינג איינגעשפּאַנט אין דעם יאָך פון שקלאַפען־פּראַצע.

דיא רויט־הויטיגע האָבען געענומען ריידען וועגען אַ בלוטיגען אויפשטאַנד געגען זייערע אונטערדריקער. זיי האָבען אָבער געגלויבט, אַז דיא וויסע זיינען „הימעל־מענשען" און אַז מען קען זיי ניט טויטען. איינער פון דיא וואָס האָבען אין דעם געצווייפעלט, אַ קאַסיק מיט'ן נאָמען בראַיאָאַן, האָט זיך בעשלאָסען צו מאַכען אַ פּראָבע אום איין מאָל פאַר אַלע מאָל זיך צו איבערציינגען אויב דיא שפּאַניער זיינען אין אמת'ן אונשטערבליך, אָדער דאָס איז נור אַן איינרעדעניש. ווען ער האָט געהערט אַז אַ געוויסער שפּאַניער געהט דאָרטען פערביי, האָט ער געשיקט עטליכע אינדיאַנער איהם בלומרשט צו ווייזען דעם וועג. ווען זיי און דער שפּאַניער האָבען דערגרייכט אַ טייך, האָבען זיי איהם דערטרונקען. דאַן האָבען זיי איהם אַרויסגעצויגען פון וואַסער און האָבען געוויינט און געשריען צו דעם קערפּער און געבעטען ער זאָל זיי פערצייהען פאַר וואָס זיי האָבען איהם געהאַלטען אַזוי לאַנג אונטער'ן וואַסער. ווען בראַיאָאַן האָט בעקוקט דעם קערפּער, האָט ער ערקלעהרט אַז ער איז טויט. דיא אַנדערע אינדיאַנער האָבען אָבער



פּאָנסע דע לעאָן

נאָך אַלץ געצווייפעלט און ערשט נאָך דעם וויא זיי האָבען געוואַכט דריי טעג איבער איהם און זיי האָבען געזעהן אַז ער ריהרט זיך ניט, און הויבט שוין אָן צו פוילען, האָבען זיי זיך אויך איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ מת. זיי האָבען זיך אַלזאָ ערקונדיגט, אַז דיא ווייסע זיינען שטאַרבענדע מענשען, פּונקט וויא דיא רויטע.

דאַן האָבען זיי שוין ניט מורא געהאַט זיך צו נעהמען גרייטען צו אַן אויפשטאַנד. דער אָנפיהרער פון דעם בונט איז געוועזן אַ ג־וויבאַנאַ, אַ אינגערער ברודער פון דעם קאַסיק, וועלכער האָט אַזוי פריינדליך אויפגענומען פּאָנסע דע לעאָן׳ען ווען ער איז צום ערשטען מאָל געקומען נאָך פּאָרטאָ ריקאָ. יענער איז געשטאָרבען און דער אינגערער האָט איצט געשפּיעלט דיא ראָלע פון קאַמפף־פיהרער אָדער מלחמה־הויפּטמאַן.*) לויט דיא פערטיילונג פון דיא אינ־דיאַנער צווישען דיא שפּאַניער איז דיעזען עלסטען אויסגעקומען צו דיענען ביי אַ שפּאַנישען אדעליגען מיט׳ן נאָמען סאָטאָמאַיאָר. סאָטאָמאַיאָר איז געוועזן דער גרעסטער אַריסטאָקראַט אין פּאָרטאָ ריקאָ. אַלזאָ האָט מען צווישען זיינע אונטערטהעניגע אינדיאַנער אַריינגעגעבען דעם וויכטיגסטען קאַסיק. ער איז זיך מיט אַגווייבאַנאַ׳ן בעגאַנגען זעהר גוט, אָבער דאָס האָט ניט איינגעשטילט דעם מלחמה־האַרר׳ס דורשט אָראָבצוּוואַרפען דעם שפּאַנישען יאָך פון זיך און פון אַלע זיינע ברידער. דיא שפּאַניער זיינען געוועזן צוזייט איבער׳ן אינזעל. אַלזאָ איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז יעדער קאַסיק זאָל בעפעהלען דיא וואָס וואוינען אין זיין געגענד. אויף דעם דאָרף, וואו סאָטאָמאַיאָר האָט געוואוינט, האָבען געדאַרפט אָנפאַלען אַ פּאָר טויזענד אינדיאַנער. דיא אַטאַקע האָט געזאָלט זיין אין מיטען נאַכט. און דער פּלאַן איז געוועזן אָנצוצינדען אַלע הייזער און אויסצוקוילען יעדען שפּאַניער. דיא עהרע צו טויטען סאָטאָמאַיאָר׳ן האָט אַגווייבאַנאָ איבערגעלאָזען פאַר זיך אַליין.

אָבער סאָטאָמאַיאָר האָט, אַליין ניט וויסענדיג, געהאַט אַן איבער־געבענעם פריינד צווישען דיא אינדיאַנער. דאָס איז נעמליך געווען

*) צו דיעזען פאַקט, אַז דיא שטעלע פון מלחמה־הויפּטמאַן איז אִי־בערגעגאַנגען צו אַ ברודער, — ציהען מיר דעם לעזער׳ס ספּעציעלע אויפ־מערקזאַמקייט. דאָס וועט אונז וויכטיג זיין אין אַ וויטערען קאַפּיטעל.

אַגווייבאַנאַ׳ס אַ שוועסטער, וועלכע איז אין דעם אַריסטאָקראַטישען, שעהן געקליידעטען, פריינדליכען שפּאַניער געוועזען פערליעבט. זיא האָט איהר געליעבטען אַלזאָ געלאָזט וויסען, אַז מען גרייט זיך איהם צו טוידטען. סאָטאָמאַיאָר איז אָבער פון דער נאַטור געוועזען אַ זאָרג־לאָזער, אונפאָרזיכטיגער מענש, און ער האָט געמיינט, אַז דיא פערליעבטע מיידעל איבערטרייבט זיין געפאַהר.



אַ שטיינערנע האַק.



אַ שליידער־האָלץ מיט אַ שטיין.



אַ פייל פון אַ בויגען.

אינדיאַנישע געוועהר

באַלד האָט ער בעקומען אַן עהנליכע נאַכריכט פון אַ שפּאַניער אויך. דיעזער שפּאַניער האָט געקענט ריידען אינדיאַניש און אַזוי וויא ער האָט חושד געווען אַז עס אָרגאַניזירט זיך עפּעס אַן אויפ־שטאַנד, האָט ער זיך אויסגעטהאָן נאַקעט, אָבגעפאַרבט זיך וויא אַן אינדיאַנער, און אין אבענד האָט ער זיך אַרומגעדרעהט צווישען דיא רויט־הויטיגע אום אויסצושפּיאָנירען וועגען וואָס זיי ריידען. איין מאָל האָבען זיי זיך אַרומגעקליבען אַרום אַ פייער און אָנגעפאַנגען צו טאַנצען זייערע געהיימניספולע „מלחמה טענץ“, צוזינגענדיג איינע פון זייערע ליעדער. געוועהנליך זינגען זיי דאָס „אַ פּסוק אום אַ פּסוק“ — איין קאָמפּאַניע זינגט אָב אַ פּערז און דיא אַנדערע ענטפערט אָב

מיט אַן אַנדער פערד. דיעזען מאָל זיינען דיא פערזען געווען וועגען בלוטיגע ראַכע און זיי האָבען אַלע ווײַלע ענטהאַלטען סאָטאָמאַיאָר׳ס נאָמען.

ווען סאָטאָמאַיאָר האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך בעשלאָסען איבערצוציהען אין קאַפּאַררהאַ, דיא בעפעסטיגטע שטאָדט, וואו דער גובערנאַטאָר האָט זיך געפונען. ער האָט אָבער אַלײן זיך צו ווייניג געהיט. ער האָט געגלויבט אַז דריי בעוואַפענטע שפּאַניער, אַלס בעגלייטער, וועט פאַר איהם זיין גענוג. און ער האָט זאָגאַר זיך געווענדעט צו אַגווייבאַנאָ׳ן נאָך מענשען, וואָס זאָלען טראָגען זיין באַגאַזש.

פון ווייטען איז איהם נאָכגעגאַנגען אַגווייבאַנאַ מיט עטליכע פון זיינע בעסטע קעמפּפער. אויפ׳ן וועג האָבען זיי בעגעגענט אַ שפּאַניער מיט׳ן נאָמען גאָנזאַלעז, וועלכער האָט געקענט ריידען אינדיאַניש. זיי האָבען איהם גלייך געוואונדעט אין עטליכע ערטער און אַזוי געלאָזט ליגען, ערוואַרטענדיג איהם צו דערקאָנטשען, ווען זיי וועלען טוידטען סאָטאָמאַיאָר׳ן און זיך אומקעהרען.

ווען אַגווייבאַנאָ מיט זיינע קעמפּפער זיינען געגאַנגען צוריק האָבען זיי געזוכט גאָנזאַלעז׳ן אום איהם צו דער׳הרג׳ען. זיי האָבען איהם אָבער ניט געפונען. דער צו־וואונדעטער איז מיט דיא לעצטע כחות אַרויפגעקלעטערט אויף אַ בוים און פון דאָרטען האָט ער איצט געזעהן וויא מען זוכט איהם צווישען דיא בוימער. ענדליך זיינען דיא אינדיאַנער אַוועקגעגאַנגען. גאָנזאַלעס האָט מורא געהאַט גלייך אַראָבצוקריכען פון בוים. ער איז דאָרטען געבליבען איבער נאַכט און דאַן איז ער אַראָב און איז וויא־עס־איז דערגאַנגען צו דעם נעהנטסטען שפּאַנישען דאָרף. אַז סאָטאָמאַיאָר איז שוין טוידט, האָט ער ניט געוואוסט. ווען פּאָנסע דע לעאָן האָט געהערט די געשיכטע, האָט ער געשיקט פערציג בעוואַפענטע שפּאַניער צו זוכען סאָטאָמאַיאָר׳ען. אָבער זיי האָבען בלויז געפונען זיין טוידטען קערפּער, וויא ער שמעקט אין דער ערד מיט דיא פיס אַרויס.

דערווייל זיינען דיא אינדיאַנער בעפאַלען סאָטאָמאַיאָר׳ס דאָרף, דאָרטען אָנגעצונדען דיא שטרויענע דעכער פון דיא הייזער און אויסגע׳הרג׳עט עטליכע פון דיא שפּאַניער, וועלכע האָבען געפּרופט זיך ראַטעווען פון דער שריפה. דיא איבעריגע האָבען זיך פערטיידיגט און זיינען קוים לעבעדיגע דערלאָפען ביז קאַפּאַררא. באַלד זיינען אַהין

געקומען שפאניער פון אנדערע דערפער, וואו עס זיינען פארגעקומען עהנליכע שריפות און שחיטות. יעדער דארף וואס דיא שפאניער האבען געגרינדעט האט געהאט דעם זעלבען שיקזאל. ביי הונדערט ווייסע זיינען אויסגע'הרג'עט געווארען און דיא איבעריגע זיינען קוים מיט'ן לעבען אנטלאפען נאך פאנסע דע לעאן'ס פעסטונג. פון אלע דערפער, וואס דיא שפאניער האבען אויסגעבויט, זיינען געבליבען בערג מיט אש. און דיא וועלדער האבען געררויישט מיט אינדיאנישע מלחמה־געשרייען. דיא רויט־הויטיגע האבען זיך געגרייט אויסצוראטען ביז איין ווייסען מענשען פון זייער אינזעל.

דאס איז געווען דאס ערשטע מאל, וואס אן אלגעמיינער אויפ־שטאנד פון אינדיאנער געגען זייערע ווייסע אונטערדריקער האט געהאט א ערפאלג. אלע פריהערדיגע אויפשטאנדען אזעלכע — דאס הייסט דיא, וואס עס האבען געפלאנעוועט דיא רויט־הויטיגע פון היספאניאלא — האבען זיך געענדיגט מיט א ביטערע נידערלאגע. דער נצחון פון דיא פארטא ריקער אינדיאנער איז אבער אויך געווען ניט אויף לאנג.

פאנסע דע לעאן האט אוועקגעשיקט שלוחים אין היספאניאלא נאך פרישע הילף, און אליין האט ער דערווייליע אנגעשטרענגט אלע זיינע קרעפטען ניט צו צולאזען דעם שונא צו זיין פעסטונג. זיין קליינע ארמיי פון קנאפע הונדערט מאן האט ער צוטיילט אויף דריי טייל, וועלכע ער האט איינע נאך דיא אנדערע ארויסגעשיקט צו איבעררא־שען דיא אינדיאנער, ווען נור זיי זיינען געווען פערזאמעלט אין א קליינע צאהל. מיט דער הילף פון דיא אייראפעאישע געוועהר און מיט זייער העכערע מיליטער־קונסט האבען דיעזע דריי הייפעלעך סאלדאטען געהאט איין זיעג נאכ'ן אנדערען; דיא זיעגען זיינען ניט געווען קיין גרויסע; עס איז אבער געווען גענוג צו שטערען דיא אינדיאנער צוצו־קומען צו דער פעסטונג.

איינער פון דיא העלדישסטע קעמפפער אין דיעזע מלחמות איז געווען א פיער־פיסיגער סאלדאט, — א הונד, וועלכער האט זיך ביי דיא שפאניער בערימהמט געמאכט מיט זיין קוראזש, גבורה און שכל. זיין נאמען איז געווען ב ע ר ע ז י ל ל א. מען פלעגט וועגען איהם דערצעהלען, אז ער דערקענט דיא אינדיאנער וואס זיינען פריינדליך צו דיא שפאניער און דיא וואס זיינען פיינדליך. דיא ערשטע פלעגט

ער קיינמאָל ניט טשעפּען; מיט דיא לעצטע אָבער איז ער געווען בארמלאָז. דיא רויט־הויטיגע, וועלכע זיינען ניט געוואוינט געווען צו שטארקע בייזע חיות, פלעגען ציטערען פאר דעם נאָמען פון דיעזען הונד, וועלכער האָט פיעלע פון זייערע ברידער שוין צוריסען. דער שפּאניער, צו וועמען ער האָט בעלאנגט, פלעגט פאר איהם בעקומען דיא זעלבע געהאלט וויא דער העכסט־בעצאָהלטער שיסער.

ענדליך איז אָנגעקומען חיל פון היספּאניאָלא. דיא אינדיאנער האָבען דערפון ניט געוואוסט, ווייל זיי זיינען דאן געווען פערזאמעלט אין אַן אנדער אָרט, אין אגווייבאנא'ס געגענד. זיי האָבען זיך געפיהלט זיכער, וואָרים זיי האָבען געמיינט, אז פּאָנסע דע לעאָן האָט נאָך אלץ א גאנץ קליינע צאָהל מענשען.

באלד איז דער גובערנאטאָר אגווייבאנא'ס לאגער בעפאלען מיט זיין פערגרעסערטע ארמיי, מיט שווערדען, שטאָלענע פיילענבויגענס און פייער־געוועהר. ווען דיא אינדיאנער האָבען דערזעהן אזוי פיעל שפּאניער, זיינען זיי נשתומם געוואָרען. זיי איז גאָר ניט איינגעפאלען צו דענקען, אז מען האָט צוגעשיקט א נייע מחנה פון היספּאניאָלא. זייער פריהערדיגער גלויבען, אז דיא ווייסע זיינען אונשטערבליך, האָט וויעדער אויפגעלעבט. זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט, אז דיא הונדערט שפּאניער, וואָס זיי האָבען אויסגעשלאכטעט, זיינען דאָס צוריק לעבע־דיג געוואָרען; זיי האָבען דעריבער פערלאָרען יעדע האָפנונג מיט דיא הימעל־מענשען זיך צו קענען ספּראווען.

אגווייבאנא האָט אפילו זיי צוגעגעבען מוטה און האָט אָנגע־פיהרט דעם קאמפּף מיט אלע כחות, אָבער געגען פּאָנסע דע לעאָן'ס ארמיי האָט ער גאָר ניט געקענט מאכען, און באלד איז ער אליין געפאלען טוידט פון א שפּאנישען פייל. דאן זיינען דיא אינדיאנער צוטומעלט געוואָרען פון שרעק און האָבען שוין מעהר דיא שפּאניער ניט אטאקירט.

מיט דעם האָבען זיך געענדיגט דיא מלחמות. מיט אראָבגעלאָזענע קעפּ האָבען דיא רויט־הויטיגע זיך בעהאלטען אין דיא דערפער און ביסלעכווייז האָבען זיי זיך אונטערגעגעבען אונטער דעם שרעקליכען שקלאפען־יאָך. איצט האָבען זיי געהאט דעם זעלבען שיקזאל ווי זייערע ברידער פון היספּאניאָלא. פון דיא שווערע ארבייט אין דיא מינען, צו וועלכע זיי זיינען ניט געוואוינט געווען, זיינען זיי מאסענווייז אויס־

געשטאָרבען. אין אַ קורצע צייט איז אויף דעם אינזעל געבליבען בלויז אַ קליינינקע הייפעלע אינדיאַנער.

אָבער דאָס האָט פּאָנסע דע לעאָן'ען דיא גובערנאַטאָר שטעלע דאָך ניט פערזיכערט. דיעגאָ קאָלומבוס האָט ניט אויפגעהערט צו פאָדערען זיינע רעכטע, ביז ענדליך האָט דער קעניג איהם נאָכגעגעבען און אָנשטאָט דע לעאָן'ען איז געוואָרען גובערנאַטאָר דיעגאָ'ס מענש, סעראָן.

פּאָנסע דע לעאָן האָט דאַן אָנגעפאַנגען צו טרוימען וועגען אַנדערע טהאַטען, וועגען אַן אַנדער זאָרט כבוד און מאַכט: ער וועט געפינען וויכטיגע נייע לענדער; ער וועט זיך מאַכען אַ נאָמען אַלס ענטדעקער. רייך איז ער איצט געווען, וואָרים פון דיא אינדיאַנער'ס פּראַצע האָט ער אָנגעקליעבען אַ היבשען אייגענס; אַז אַוואַנטוריסט איז ער געווען מיט אַלע שפּאַנישע אַוואַנטוריסטען פון יענער צייט צוגלייך. אַלזאָ האָט ער זיך בעשלאָסען אויסצושטאַטען שיפען און זיך אַוועקצולאָזען איבער ימים זוכען גליק און בעריהמטקייט.

ווען ער איז אַזוי געווען פערנומען מיט דיעזע טרוימען און האָט אַליין געקלעהרט אין וועלכע געגענדען ער זאָל זיך אַוועקלאָזען, האָט ער איינמאָל זיך גראָד געטראָפען מיט עטליכע אַלטע אינדיאַנער, וועלכע האָבען איהם דערצעהלט וועגען אַ וואונדער־לאַנד. דיא דאָזיגע לאַנד איז פול מיט גאָלד און מיט אַלערליי אַנדערע רייכטימער; אָבער דאָס איז ניט אַלעס: דאָרטען געפינט זיך אַ טייך, וואָס זיין וואַסער האָט דיא טבע צו פערשאַפען אייביגע יוגענד, — אַזוי האָבען דיא רויט־הויטיגע אַלטע לייט איהם דערצעהלט. ווען אַן אַלטער מאַן באָדט זיך אין דעם טייך אויס, ווערט ער צוריק יונג, און, איבערהויפּט, — יעדער וואָס באָדט זיך אין איהם בלייבט יונג אויף אימער.

געשיכטעס וועגען אַן עהנליכען „יוגענד־קוואל", וועגען אַ צויבער־וואַסער, וואָס בעזאָרגט דעם וואָס טרינקט עס, מיט אייביגע יוגענד, געפינען זיך אין גאַנץ פּאַרצייטיגע פאָלקס־מעשיות פון אייראָפּאַ אויך; איינער פון דיא אייראָפּעאישע רייזענדע פון מיטעל־אַלטער האָט דערצעהלט אַז ער האָט פון אַזאַ כשוף־קוואַל אַליין געטרונקען; אין אַזיען, און אַז ער פיהלט זיך טאַקע זעהר יונג און שטאַרק. לאָמיר דערמאָנען דעם לעזער אַז אין דער צייט, ביי וועלכע מיר האַלטען דאָ,

האָט מען נאָך אַלץ געמיינט אַז דיא לאַנד וואָס קאָלומבוס האָט ענט־דעקט איז אַזיען. ווען מען האָט דאָס אין זין, ווערט זעלבסט־פער־שטענדליך, אַז דיא מעשה מיט דעם וואונדערבאַרען טייך האָט אויף פּאָנסע דע לעאָן׳ען געמוזט מאַכען אַ שטארקען איינדרוק.

דיא וואונדערבאַרע לאַנד ליעגט צו צפון צו, האָבען דיא אַלטע אינדיאַנער איהם געזאָגט; און אייניגע פון זיי האָבען נאָך צוגעגעבען, אַז נאָך דיא צויבער־וואַסער איז גאָר ניט נויטיג צו פאָהרען אַזוי ווייט. איינער פון דיא באַהאַמאַ אינזלען, האָבען זיי ערקלעהרט, האָט אויך אַזאַ צויבער־קוואַל, און דער נאָמען פון דיעזען וואונדערבאַרען אינזעל איז ב י מ י נ י.

ווען פּאָנסע דע לעאָן האָט דאָס געהערט פון דיא אינדיאַנער, איז ער שוין געווען אַן אַלטער מאַן. אַז ער איז געווען אַבערגלויביג, איז ניט נויטיג צו בעמערקען. אין יענע צייטען זיינען אפילו דיא געביל־דעטסטע מענשען ניט געווען פריי פון אַבערגלויבען. ער האָט זיך אַלזאָ פאָרגעשטעלט וויא ער ווערט וויעדער יונג, וויא ער פאַנגט אָן אַ צוויי־טען לעבען פול מיט נייעסען, מיט העלדישקייטען. קורץ, ער האָט זיך גענומען מיט אַלע קרעפטען אָרגאַניזירען אַן עקספּעדיציע נאָך דעם וואונדער־קוואַל אָדער וואונדער־טייך. אויף זיינע אייגענע הוצאות האָט ער געקויפט און צוגעריכט דריי שיפען; און וועגען מיט־רייזענדע איז געווים קיין דאגה ניט געווען: ווער וואָלט דאָס ניט וועלען בעזוכען אַ לאַנד, וואו מען ווערט אויף אייביג יונג?

דיא דריי שיפען זיינען אָבגעפאָהרען דעם 3טען מערץ 1513, פון דעם האַפען סט. זשערמיין, פּאָרטאָ ריקאָ. (געוועהנליך רעכענט זיך דער 3טער מערץ 1512 פאַר דעם דאַטום ווען פּאָנסע דע לעאָן׳ס עקספּעדיציע איז אָבגעפאָהרען. עס איז אָבער אין אונזער צייט בעוויזען געוואָרען, אַז דאָס איז געווען מיט אַ יאָהר שפּעטער.) די שיפען האָבען זיך צוערשט געהאַלטען ביי דיא ברעגעס פון היספּאַניאָלאַ, באַלד אָבער האָבען זיי זיך פערנומען צו דיא ב אַ ה אַ מ אַ אינזלען צו. פּאָנסע דע לעאָן האָט בעזוכט איין אינזעל נאָך דעם אַנדערען. דעם 14טען מערץ איז ער אָנגעקומען אויף דעם אינזעל ג ו ו אַ נ אַ ה אַ נ י אָדער סאַן סאַלוואַדאָר, וואו קריסטאָפאָר קאָלומבוס איז צום ערשטען מאָל ארויפגעטראָטען אויף אַמעריקאַנער ערד. ער האָט אומעטום ביי דיא אינדיאַנער געפרעגט וועגען דעם אינזעל ב י מ י נ י, אָבער־

זיי האָבען פון אַזאַ אינזעל ניט געהערט. ער האָט פערזוכט דיא וואַסער פון יעדען קוואַל, און קיין צויבער־וואַסער האָט ער פּאָרלויפיג אין ערגעץ ניט געפונען.

ער איז אָבער ניט אַראָבגעפאַלען ביי זיך. ער האָט פעררוכט זיינע שיפען און האָט זיך אַוועקגעלאָזען אין צפון־מערב זייט, צו די געגענדען, וואו יענע אינדיאַנער האָבען אָנגעוויזען ריידענדיג וועגען דעם „טייך פון אייביגע יוגענד“.

זונטאָג, דעם 27טען מערץ, ווען נאָך דעם קאַטוילישען לוח איז געוועזען פסח, האָט ער וויעדער דערזעהן לאַנד — וויעדער אַן אינזעל, וויא ער האָט געמיינט. דער ווינט איז אָבער געוועזען אַן אונגינסטיגער און ער האָט ניט געקענט צושטעהן צו אַ ברעג. עטליכע טעג האָט ער דאָ געמוזט זיך אַרומדרעהען אין דעם בייזען שטורם, וועלכער האָט זיינע שיפען געשמיסען און אַרומגעשליידערט אַהין און אַהער, ביז ענדליך, דעם 2טען אַפּריל, ביינאַכט, איז ער צוגעקומען צו אַ האַפען.

עס איז געוועזען פריהלינג און די נאַטור איז דאָ געוועזען אויסגע־פוצט אין איהרע שעהנסטע קאָלירען. די בוימער האָבען געהאַלטען אין רעכטען בליהען און די פעלדער זיינען געוועזען פול מיט בלומען. פאָנסע דע לעאָן האָט דיא לאַנד אַ נאָמען געגעבען פּאַסקוּאַ פלאָ־רידאַ — דאָס הייסט „דער בלומען־פסח“. אַזוי רופען דיא שפּאַניער דעם קאַטוילישען פסח־זונטאָג („איסטער סאָנדיי“ אויף ענגליש). ער האָט אַלזאָ דיא לאַנד דיעזען נאָמען געגעבען ערשטענס לכבוד דעם פסח־זונטאָג, ווען ער האָט איהר צוערשט דערזעהן, און צווייטענס, ווייל ער האָט איהר טאַקע געפונען בעדעקט מיט בלומען. און פלאָ־רידא רופט מען איהר עד היום. *) דיא אינדיאַנער האָבען דעם געגענד גערופען קאַוציאָ.

געוועהנליך רעכענט מען, אַז פאָנסע דע לעאָן איז געוועזען דער ערשטער ווייסער מענש, וואָס האָט בעזוכט פלאָרידאַ, דאָס הייסט

*) פלאָרידא בעלאַנגט איצט צו די פעראייניגטע שטאַאַטען און איז אַ שטאַאַט. ביז 1819 האָט זי בעלאַנגט צו שפּאַניען. דאָרטען געפינט זיך דיא עלטסטע שטאָדט אין גאַנץ יונייטעד סטייטס. דאָס איז סט. אוגוסטיין, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען פון דעם שפּאַנישען קאָמאַנדיר פּעדראָ מע־נעדעז אין 1565.



דא איז היינט די שטאָדט ניו־יאָרק
דא האט מען אויסגעבויט די שטאדט סט׳ אוגוסטין
מעקסיקאנער
ים בוזים
באהאמא אינזלען
קובא
פארטא ריקא
היספאניאלא
(האיטי)
גוואטעמאלא
האנדוראס
ניקאראגוא
צענטראל
אמעריקא
קאסטא ריקא
שטיללער אקעאן

אַלזאָ דער ערשטער ווייסער מענש, וואָס האָט בעזוכט לאַנד, וועלכע איז היינט אַ טהייל פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. עס איז אָבער פאַראַן אַ שטאַרקע מיינונג, אַז פלאָרידאַ איז שוין ענטדעקט געוואָרען מיט אַ יאָהר 15 פריהער. אין פערלויף פון 1497 און 1498 האָבען געוויסע שפּאַנישע שיפסלייט *) געמאַכט אַ רייזע פאַזע אַמעריקאַנער ברעגעס, און צווישען אַנדערע ערטער, גלויבט מען, האָבען זיי בעזוכט פלאָרידאַ. דאָס שטימט מיט אַן אַלטע לאַנד־קאַרטע, וועלכע איז געמאַכט געוואָרען אין 1502, און אויף וועלכע עס איז אָנגעצייכענט דיעזע שטיק לאַנד. אָבער זיי האָבען דאָרטען ניט געפונען קיין זאַך וואָס זאָל ציהען זייער אויפמערקזאַמקייט. דעריבער האָבען זיי זיך אויף דיעזע ברעגעס לאַנג ניט אָבגעשטעלט. און דערנאָך האָט מען זאָגאַר פערגעסען, אַז זיי זיינען דאָרט געוועזען.

אָבער יעדענפאַלס איז פאָנסע דע לעאָן געוועזען דער ערשטער, וואָס האָט דעם האַלב־אינזעל אַ נאָמען געגעבען, און מיט איהם בעקאַנט געמאַכט די וועלט.

פאָנסע דע לעאָן איז ארויף אויפ'ן ברעג און האָט דיא לאַנד ער־קלעהרט פאַר דאָס אייגענטהום פון דער שפּאַנישער קרוין. ער האָט געפּרופט איהר אויספאָרשען, אָבער וואו ער האָט זיך געגעבען אַ קעהר, זיינען געגען איהם אַרויסגעטראָטען כוואַטסקע, בייזע אינדיאַנער, מיט וועלכע עס איז ניט געוועזען לייכט זיך צו ספּראַווען.

קיין גאָלד האָט ער דאָ אויך ניט געפונען. און וואָס אַנבע־טרעפט זיין וויכטיגסטע ציעל — צו ענטדעקען דעם צויבער־טייך — האָט ער זיך געבאָדען אין יעדען טייך און געטרונקען דיא וואַסער פון יעדען קוואַל, וואָס ער האָט נור בעגעגענט, און קיין אונגעוועהנליכע קראַפט האָט קיינער פון זיי ניט אַרויסגעוויזען.

---

*) די רייזע האָט אונטערנומען ווינצענט פינזאָן, איינער פון צוויי ברידער, וועלכע האָבען געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אויף קאָלומבוס'עס רייזע, ווען ער האָט ענטדעקט אַמעריקאַ. איצט, אין 1497, האָט ווינצענט פינזאָן מיט זיך מיטגענומען אַ געניטען שפּאַנישען שיפסמאַן, ד ע ס א ל י ס, און אַ געבילדעטען איטאַליענער, אַ מ ע ר י ג אָ ו ו ע ס פ ו ט ש י. פון דיעזען אַ מ ע ר י ג אָ, וועלכער האָט שפּעטער געמאַכט אַנדערע רייזעס, איז דאָס דערנאָך ארויסגעקומען דער נאָמען אַ מ ע ר י ק אַ.

ביז דעם 14טען יוני האָט ער דאָ פערבראַכט, און מען דאַרף בעמערקען, אַז ער האָט אַפּילו ניט געוואוסט, אַז דיא לאַנד אויף וועלכע ער געפינט זיך איז אַ האַלב־אינזעל, אַ טהייל פון דער הויפּט־לאַנד. ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַן אינזעל. ענדליך קומענדיג צום שלום, אַז ניט דאָס איז דער פּלאַץ, וועלכען דיא אַלטע אינדיאַנער האָבען געמיינט, האָט ער (דעם 14טען יוני) זיך אומגעקעהרט צוריק. זיין צוועק איז אָבער ניט געווען צו פאָהרען גלייך נאָך פּאָרטאָ ריקאָ, נור ווייעדער צו זוכען דעם אינזעל ב י מ י נ י מיט דעם יוגענד־קוואַל.

באַלד איז ער צוגעקומען צו אַ גרופּע קליינע אינזעלעך, וואו דיא ברעגעס האָבען געקישעט מיט ים־פויגלעך און טשערעפּאַכעס. ער האָט דיעזע גרופּע דעריבער אַ נאָמען געגעבען דיא טשערעפּאַכעס („דיא טוירטלס" אויף ענגליש), — אַ נאָמען וועלכען זיי טראָגען ביז היינ־טיגען טאָג. ער איז געשוואומען ווייטער ביז ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט אויף אַן אַנדער גרופּע פון קליינע אינזלען. זיי האָט ער אַ נאָמען געגעבען „דיא אַלטע", וויל דיא איינציגע מענשליכע בעשע־פענים וואָס ער האָט אויף זיי געפונען, איז געווען אַן אַלטע אינדיאַ־נערקע. איהר האָט ער מיטגענומען אויף זיין ווייטערע רייזע אַלס אַ וועג־ווייזערין. זיא האָט איהם אָבער געבראַכט זעהר ווייניג נוץ. ער האָט זיך אויפ'ן וועג געפּלאָנטערט אָהן אַ שיעור און געהאַט אויס־צושטעהן אַלערליי געפאַהרען. זיינע שיפען האָבען אַזוי פיעל גע־ליטען פון דיא שטורעמס און ים־שטראָמען, אַז ער איז געצוואונגען געווען צו פערבלייבען אַ גאַנצען מאָנאַט אויף איינעם פון דיא באַהאַמאַ אינזלען אום זיי צו פערריכטען.

ענדליך איז ער אויסגעמאַטערט געוואָרען און אַ מאַך טהאָנדיג מיט'ן האַנד אויף זיינע טרוימען, האָט ער זיך אומגעקעהרט נאָך פּאָרטאָ ריקאָ. דיא רייזע נאָך דעם „צויבער־אינזעל" בימיני האָט פּאָרטגעזעצט אָ ר ט ו ב י אַ, איינער פון זיינע פערטרויטע קאַפּיטאַ־נען, און דיעזער אָרטוביאַ האָט, מיט דער הילף פון דער אַלטער אינ־דיאַנערקע, סוף כל סוף טאַקע געפונען בימיני. דער אינזעל איז גע־ווען בעדעקט מיט פּרעכטיגע לאָנקעס און וועלדלעך, און בעזילבערט מיט פרישע וואַסער־קוואַלען. קיין „יוגענד־צויבער" האָט אָבער קיי־נער פון דיעזע קוואַלען ניט געהאַט.

ווען פּאָנסע דע לעאָן האָט בעזוכט שפּאַניען אום אָבצוגעבען זיין

בעריכט פאַר'ן קעניג, האָבען דיא דאָרטיגע אדעליגע הויזק געמאַכט פון איהם מיט זיין פוסטען חלום. דער קעניג האָט איהם אָבער גע־געבען דעם טיטעל „וויצע־גובערנאַטאָר פון פלאָרידאַ און בימיני".

קומענדיג צוריק נאָך אַמעריקא, האָט פּאָנסע דע לעאָן זיך גענו־מען אויסראָטען דיא קאַריבען, דיא געפעהרליכע אינדיאַנער פון דיא קאַריבישע אינזלען.

דיא קאַריבען זיינען אָבער געווען פלינקע, כוואַטסקע, אונער־שראָקענע קעמפּפער, און פּאָנסע דע לעאָן'ס פּאָכאָד האָט זיך גענענ־דיגט מיט דעם, דאָס זיי זיינען פלוצלונג בעפאַלען זיינע סאָלדאַטען פון אַ בעהעלטענים און האָבען אויסגע'הרג'עט מעהר וויא אַ העלפט פון זיי, וועהרענד דיא וויסע פרויען האָבען זיי אַוועקגעשלעפט צו זיך אין דיא בערג.

אַן ענטוישטער, אַ צובראָכענער, איז ער עטליכע יאָהר געבליעבען אין פּאָרטאָ ריקאָ. דאַן הערענדיג, אַז פלאָרידאַ איז גאָר אַ האַלב־אינזעל און האָט אין איהרע וויטערע געגענדען אַ סך גאָלד, האָט ער זיך ווידער אַוועקגעלאָזען אַהין. „איך וויל אויספּאָרשען פלאָרי־דאַ", — האָט ער געשריעבען צום שפּאַנישען קעניג, — „און זעהן אויב עס איז אַן אינזעל, אָדער עס איז פעראייניגט מיט דער לאַנד וואו דיעגאָ וועלאַסקעץ געפינט זיך, אָדער אפשר מיט עפּעס אַן אַנדער לאַנד".

דיעגאָ וועלאַסקעץ, וויא מיר וועלען וויטער זעהן, איז געווען דער שפּאַנישער גובערנאַטאָר פון דעם אינזעל קובאַ. פּאָנסע דע לעאָן האָט נאָך אַלזאָ זאָגאַר ניט געוואוסט, אַז קובאַ איז אַן אינזעל.

אויף דיעזע רייזע איז דע לעאָן אַוועק מיט צוויי שיפען. ער האָט געהאַט אָהן אַ שיעור שוויריגקייטען און סכנות, און ווען ער האָט ענדליך דערלעבט אַרויסצושטייגען אויף דעם ברעג פון פלאָרידאַ, האָבען אינדיאַנער איהם אַטאַקירט. אין דעם צוזאַמענשטויס זיינען געפאַלען עטליכע שפּאַניער, און פּאָנסע דע לעאָן אַליין איז געווען שווער פערוואונדעט. מען האָט איהם אַרויפגעטראָגען אויף זיין שיף, און אַזוי איז ער אַוועקגעשוואומען נאָך קובאַ, וואו ער איז באַלד געשטאָר־בען, — אַלץ ניט וויסענדיג אויב פלאָרידאַ איז אַן אינזעל אָדער אַ האַלב־אינזעל.

II.

## דיא היינטיגע פאַנאַמאַ און דיא אַמאָליגע דאַריען.

**דיא** שמאָלע שטיקעל לאַנד, וואָס בעהעפּט נאָרד־אַמעריקא מיט זיד־אַמעריקא. — די היינטיגע פּאַנאַמאַ רעפּובליק. — דער פּאַנאַמאַ־קאַנאַל, וואָס דיא פעראייניגטע שטאַאַטען גראָבען איצט. — אלאָנזאַ איעדאַ און דיעגא ניקעזא. — מלחמות מיט אינדיאַנער. — פערגיפטעטע פיילען. — ניי־דערלאַגעס און אונמענשליכע יסורים פאַר דיא ווייסע. — הונגער־טוידט. — דער אַהוואָקאַט ענציזאָ. — פראַנציסקא פּיזאַרראָ. — איעדאַ פאָהרט נאָך היספּאַניאָלאַ. — אַ רייזע פול מיט געפאַהר און אָבּ־קומענעס. — געפאַהרען און צרות אין קובאַ. — אינדיאַנער ווייזען אַרוים פיעל מעהר מענשליכקייט ווי ציווילוזירטע. — ניקעזא'ס ביי־טערע ערפאַהרונגען. — פערוואָרפען אויף אַן אינזעל, וויא ראָבינזאָן קרוזאָ. — דיא קאָלאָניסטען פון דאָרטען לאָזען איהם זיך ניט רעטען אויף זייער ברעג.

אין 1904, מיט אַ יאָהר זעקס איידער דיעזער באַנד איז גע־שריעבען געוואָרען, האָבען דיא פעראייניגטע שטאַאטען בעקומען אַ קליינע שטיקעלע לאַנד, וועלכע האָט פאַר זיי אַן אונגעהייערע בע־דייטונג. דיא שטיקעל לאַנד האַלט ניט מעהר וויא אַ מייל 28 אין דער ליינג און 10 מייל אין דער ברייט. זיא וועט אָבער דיא יוניי־טעד סטייטס מאַכען פאַר דעם בעל הבית איבער אַ שטיקעל וואַסער, וועלכע וועט פעראייניגען דיא צוויי גרעסטע אָקעאַנען אויף דער ערד — דעם אַטלאַנטישען מיט דעם שטילען. *)

*) מיט דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן זיינען מיר אַלע בעקאַנט, ווייל איהם שווימען מיר אַריבער, ווען מיר פאָהרען פון אייראָפּאַ נאָך אַמעריקאַ. דער שטילער אָקעאַן געפינט זיך פון דער אַנדערער זייט אַמעריקאַ. ער ליעגט צווישען אַמעריקאַ און אַזיען. — סאַן פראַנציסקאָ, צום בייספּיעל, געפינט זיך אויפ'ן ברעג פון דעם שטילען אָקעאַן. ביי זיין אַנדער ברעג ליעגט

אַז דער לעזער וועט אַ קוק טהאָן אויף דער קארטע פון אמעריקא וועט ער זעהן, אַז דיעזע צוויי אָקעאַנען זיינען דאָס רוב זעהר ווייט איינער פון דעם אַנדערען. ווען איהר פאָהרט פון נויאָרק נאָך סאַן פראַנציסקאָ, פאָהרט איהר פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן ביז דעם שטילען, און דאָס איז העכער וויא דריי טויזענד מייל דיא ווייט. עס איז אָבער פאַראַן אַן אָרט, וואו אמעריקא איז זעהר שמאָל. דאָרטען זיינען דיא צוויי אָקעאַנען אַלזאָ זעהר נאָהענט איינער צום אַנדערען. דאָס איז דיא מיטעלסטע שטיקעל אמעריקא צווישען נאָרד־אמעריקא און זיד־אַמעריקא. דיעזע שטיקעל אמעריקאַנער לאַנד איז אין איין אָרט אַזוי שמאָל אַז זיא האַלט בלויז אַרום 20 ענגלישע מייל.

דיעזער פּאַסיקעל יבשה פערבינדעט אַלזאָ נאָרד אמעריקא מיט זיד אמעריקא. ווען ניט ער, וואָלטען זיי געווען צוויי גרויסע אינזלען; און מען גלויבט, אַז אַ מאָל (מיט פיעלע, פיעלע טויזענדע יאָהרען צוריק) זיינען זיי טאַקע געווען צוויי אינזלען, צוויי אָבגעזונדערטע שטיקער לאַנד; מען גלויבט, אַז דערנאָך האָט צווישען זיי פון וואַסער זיך בעוויזען אַ שמאָלער פּאַס ערד, אַ „העלזעל“, וועלכע האָט זיי בעהעפט. דאָס איז ניט קיין אוננאַטירליכע און ניט קיין זעלטענע ערשיינונג. אַז אין ים זאָל ווערען אַ נייער אינזעל (דורך דעם וואָס דער גרונט הויבט זיך דאָרטען אויף) איז פונקט אַזאַ געוועהנליכע זאַך, וויא דאָס וואָס עס טרעפט, אַז אַן אַלטער אינזעל פערשווינדעט (דורך דעם וואָס זיין ערד ווערט נידעריגער). געוויסע געגענדען וואָס זיינען היינט לאַנד זיינען אַמאָל געווען ים, און — פערקעהרט — עס זיינען פאַראַן ערטער, וועלכע זיינען היינט בעדעקט מיט וואַסער און וועלכע זיינען אַמאָל געווען יבשה. אין איינצעלהייטען זיך אריינלאָזען וועגען דיעזע ערשיינונגען איז ניט דאָ דער פּלאַץ. מיר האָבען בלויז אויף אַ ווייל זיך אָבגעשטעלט צו מאַכען דיעזע בע־

כינא, סיביר. דיא יאַפּאַנעזישע אינזלען געפינען זיך אין דעם זעלבען אָקעאַן. אויף ענגליש הייסט ער פּ אַ ס י פ י ק אָ ש ע ן. („פּאַסיפיק“ איז דער טייטש פריעדליך, רוהיג, שטיל). ווען איהר רייזט, אַלזאָ, פון סאַן פראַנציסקאָ נאָך יאַפּאַן אָדער כינאַ, פאָהרט איהר שיף אריבער דיא ברייט פון דעם שטילען אָקעאַן.

ער איז דער גרעסטער פון אַלע אָקעאַנען.

מערקונגען אום דעם לעזער זאָל זיין וואָס דייטליכער, אַז נאָרד־אַמע־ריקאַ און זיד־אַמעריקאַ זיינען כמעט בעזונדערע צוויי שטיקער לאַנד, אַז זיי זיינען בעהעפט בלויז דורך אַ שמאָלען פּאַס יבשה.

דיא שמעלסטע שטיקעל פון דיעזען פערבינדונגס־פּאַס קומט אוים לעבען זיד־אַמעריקאַ. שטעלט אייך פאָר אַ באַרנע, ביי וועלכע דער שטיינגעל וואַקסט ניט פון דעם שמעלערען ברעג, נור פון „קאָפּ". אָט אַזוי אונגעפעהר ווייזט אוים אַ לאַנד־קאַרטע פון זיד־אַמעריקאַ. דיא באַרנע גופא איז זיד־אַמעריקאַ. און דער שטיינגעל, דאָס איז דער פּאַסיקעל יבשה. ווייטער צו נאָרד־אַמעריקאַ צו ווערט דיעזע פערבינדונגס־לאַנד וואָס ווייטער אַלץ ברייטער.

אַ שמאָל שטיקעל לאַנד, וואָס בעהעפט צוויי גרויסע שטיקער לאַנד, און צאַמט פאַנאַנדער צוויי ימים, הייסט אַ „העלזעל", אַ „לאַנד־איינג" אָדער אַן „א י ס ט ה מ ו ס". אַזוי ווי דער לעצטער וואָרט ווערט געברויכט אויף ענגליש, וועלען מיר זיך דאָ ביי איהם האַלטען.

דער „שטיינגעל", וועגען וועלכען מיר האָבען דאָ גערעדט — הייסט פּ א נ א מ א א י ס ט ה מ ו ס. פון דאָרטען ברייננגט מען דאָס דיא בעריהמטע פּאַנאַמאַ־היט אויף זומער.

ווען מען זאָל דיעזען איסטהמוס דורכגראָבען, וואָלט דער אַט־לאַנטישער אָקעאַן זיך אַלזאָ צוזאַמענגעקומען מיט'ן שטילען אָקעאַן, און אַ שיף וואָלט דאָרטען געקענט אַריינשווימען פון איינעם אין דעם אַנדערען.

עס וואָלט געוואָרען אַזוי וויא גאָר פאַרצייטען, מיט טויזענדער יאָהרען צוריק, ווען נאָרד־אַמעריקאַ און זיד־אַמעריקאַ זיינען געווען בעזונדער. כל זמן אָבער דער פּאַנאַמאַ איסטהמוס איז נאָך ניט דורכגעגראָבען, צאַמט ער דיא צוויי גרויסע אָקעאַנען פאַנאַנדער; איצט ווען אַ שיף זאָל וועלען פאָהרען פון נויאָרק נאָך סאַן פראַנ־ציסקאָ, למשל, וואָלט זיא געמוזט שווימען אַרום און אַרום גאַנץ זיד־אַמעריקאַ. זי וואָלט דערביי פערלאָרען אַכט טויזענד ענגלישע מייל. אויף דעם מערב־ברעג פון זיד־אַמעריקא געפינען זיך עטליכע רעפּוב־ליקען (פּ ע ר ו, צום ביישפּיעל), און ווען מען וויל צו זיי צוקומען מיט אַ שיף פון ניו יאָרק, באָסטאָן, פילאַדעלפיא, באַלטימאָר אָדער פון קאַנאַדאַ, אָדער מיט אַ שיף וואָס קומט פון אייראָפּאַ, מוז מען אויך



נארד אמעריקא
ניקאראגוא
אטלאנטישער אקעאן
קאריבבישער ים
קארטהאגענא
דאריען גאלף
קאלאן
קאסטא ריקא
פאנאמא
אורבא גאלף
סאוטה אמעריקא
פערל אינזלען
סאן מיגועל גאלף
פאנאמא גאלף
שטיללער אקעאן
(דרום ים)

פאָהרען אַרום און אַרום. דערבײ פערליערט מען אויך עטליכע טױ־זענד מײל.

אַלץ צוליעב דעם שמאָלען פּאַסיק יבשה, — דעם פּ אַ נ אַ מ אַ איסטהמוס — װעלכער האַלט אין זײנע שמעלסטע ערטער פון צװאַנ־ציג ביז דרײסיג ענגלישע מײל.

דער געדאַנק אַזאַ קאַנאַל דורכצוגראָבען איז אַרײנגעפאַלען אין זינען שוין לאַנג. פּאַנאַמאַ רופט מען „דער טויער פון דעם שטילען אָקעאַן". אַלזאָ האָט מען געטרוימט דיעזען פערמאַכטען טויער איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויפצועפענען. דיא ערשטע, װאָס האָבען זיך גענומען פאַר דיעזע אויפגאַבע זײנען געװען פראַנצויזען, — אַ פראַנ־צויזישע קאָמפּאַניע מיט דעם בעריהמטען אינזשיניר, פערדינאַנד לעססעפּס, אַלס פּרעזידענט. *) אָבער נאָך דעם װיא דיעזע קאָמפּאַניע האָט אויסגעגעבען 157 מיללױאָן דאָללאַר האָט זיא באַנקראָטירט און דערבײ האָט זיך אַרויסגעצײגט אַ פּלאָנטער פון ערשטװינענדע שװינד־לען, דורך װעלכע צעהנדליגע טויזענדע פראַנצויזישע פאַמיליעס האָ־בען פערלאָרען דיא שװער פערהאָרעװעטע עטליכע גילדען, װאָס זײ האָבען אַרײנגעבראָקט אין דיא פּאַנאַמישע אַקציעס.

דער קאַנאַל איז געבליבען ניט געענדיגט, — ריכטיגער געזאָגט, נור װאָס אָנגעפאַנגען.

ביז 1903 האָט דער פּאַנאַמאַ איסטהמוס בעלאַנגט צו דער רע־פּובליק ק אָ ל אָ מ ב י אַ, װעלכע פערנעהמט אַ דערבײאיגע שטיק זיד־אַמעריקאַ (אַ שטיק פון דער „באַרנע", װאו איהר „שטײנגעל" װאַקסט). דיא פראַנצויזישע קאָמפּאַניע האָט געהאַט אַ קאָנטראַקט מיט קאָלאָמביא. אין 1903 אָבער האָט זיך פּאַנאַמאַ אָבגעטהײלט און איז געװאָרען אַ בעזונדערע רעפּובליק. דיא פעראײניגטע שטאַא־טען האָבען דערבײ געשפּיעלט דיא הױפּט־ראָלע. װען ניט זײ, װאָלט פּאַנאַמאַ ניט געקענט זיך אָבטהײלען. זײ האָבען איהר אַנערקענט

---

*) לעססעפּס האָט שוין פריהער דורכגעגראָבען אַן עהנליכען איסטה־מוס — דעם סועז איסטהמוס, װעלכער האָט בעהעפט אַזיען מיט אַפריקאַ. איצט איז דאָרטען דער סועז קאַנאַל, און שיפען געהען דאָרטען דורך פון דעם מיטעללענדישען ים דירעקט אין דיא אַזיאַטישע װאַסערען אָנשטאָט דעם װאָס פריהער פלעגען זײ מוזען געהן אַרום און אַרום אַפריקאַ.

און זיך אונטערנומען צו בעשיצען איהר זעלבסטשטענדיגקייט, און זיא — דיא נייע רעפובליק פאנאמא — האט, פון איהר זייט, אונטער־געשריעבען א פאפיער אז זיא גיט דיא פעראייניגטע שטאאטען אוועק דיא גאנצע שטיק איסטהמוס, פון דעם שטילען אקעאן ביז'ן אטלאנ־טישען, וואו דער קאנאל דארף געהן. דער איסטהמוס האלט דארטען אין דער ברייט 28 ענגלישע מייל (אונגעפעהר 21 וויארסט). דער קאנאל מוז אבער געהן געדרעהט און ער וועט האלטען 43 ענגלישע מייל. צו דיא פעראייניגטע שטאאטען בעלאנגט אויך 5 מייל יבשה פון איין זייט קאנאל און 5 מייל יבשה פון דער צווייטער זייט קאנאל.

אויפ'ן ברעג פון דעם אטלאנטישען אקעאן געפינט זיך ביי דעם קאנאל דיא האפען־שטאדט קאלאן; אויפ'ן ברעג פון דעם שטילען אקעאן — דיא האפען־שטאדט פאנאמא. אום אריבערצושווימען פון איין אקעאן אין דעם אנדערען וועט א שיף אלזא בלויז דארפען פאהרען פון קאלאן נאך פאנאמא, אדער פערקעהרט.

ווען קריסטאפאר קאלומבוס האט ענטדעקט אמעריקא, האט ער ניט געוואוסט, אז דאס לאנד ווערט בעוואסערט פון אן אנדער אקעאן אויך, א חוץ דעם אטלאנטישען, און אז יענער איז נאך פיעל גרעסער. ער האט געמיינט אז אמעריקא איז אזיען. אז ער האט ענטדעקט א „נייע וועלט“, אז ווען ער זאל אריבער־רייזען דיעזע נייע וועלט אין דער ברייט, וועט ער קומען צו א גרויסען אקעאן, און אז ווען ער וועט אריבערשווימען דיעזען ריעזיגען אקעאן, וועט ער ערשט דאן צוקומען צו אזיען — וועגען דעם האט ער קיין בעגריעף ניט געהאט.

ביי דעם פאנאמא איסטהמוס, וויא מיר ווייסען שוין, קומען דיא צוויי אקעאנען אויס זעהר נאהענט איינער לעבען דעם אנדערען. קא־לומבוס איז אויף דיעזען איסטהמוס געווען (אויף זיין פערטע רייזע). ער האט בעזוכט פערשיעדענע פלעצער לעבען דיא היינטיגע שטאדט פאנאמא — לעבען דעם ארט, וואו היינט גראבט מען דעם קאנאל. ער האט א היבשע צייט פערבראכט אין וועראגוא, וועלכע איז א פראווינץ פון דער היינטיגער פאנאמא רעפובליק. איהם האט זיך אבער אפילו ניט גע'חלום'ט, אז בלויז 28 ענגלישע מייל פון איהם ליעגט א ריעזיגער אקעאן, — גאר אן אנדערער וויא דער אטלאנ־טישער.

דארטיגע אינדיאנער האבען איהם זאגאר געזאגט, אז ער געפינט

זיך לעבען אַ שמאָלען אָרט. ער האָט דאָס אָבער ניט פערשטאַנען. ער האָט זייערע ווערטער פאַלש אויסגעטייטשט. אַזוי וויא ער האָט געגלויבט, אַז ער איז אין אַזיען, און ער האָט אַלץ געזוכט וויא אַזוי פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אַריינצושווימען אין דעם אינדישען אָקעאַן, האָט ער געמיינט, אַז דער „שמאָלער אָרט" איז אַ שמאָלער וואסער־דורכגאַנג, דורך וועלכען ער וועט דאָס קענען טהאָן. ער איז געשטאָרבען ניט וויסענדיג, וואָס פאר אַ „שמאָלער אָרט" דאָס איז.

קאָלומבוס האָט געהאַט אַ טעות אויף אַ גאַנצע העלפט פון דער וועלט, וואָרים פון דעם פּאַנאַמאַ־איסטהמוס ביז דעם אינדישען אָקעאַן איז אַ האַלבער ערד־קוגעל. און דיעזען טעות האָט ער מיט זיך אין קבר גענומען.

צום ערשטען מאָל האָבען וויסע מענשען פון דעם פּאַנאַמאַ־איסטהמוס דערזעהן דעם שטילען אָקעאַן, אין 1513, — זיעבען יאָהר נאָך קאָלומבוס'עס טוידט, וויא עס וועט דערצעהלט ווערען אין דעם נעכסטען קאַפּיטעל. אָבער זיי האָבען אויך צוערשט ניט פערשטאַנען, וואָס פאר אַ זאָרט ים דאָס איז. דאָ וועלען מיר צוערשט דערצעהלען וועגען דיא קאָלאָניע וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אויף דער אַטלאַנטישער זייט פון דעם איסטהמוס; דאַן וועלען מיר זעהן, וויא אַזוי מען איז צוגעקומען צו דער ענטדעקונג פון דעם שטילען אָקעאַן. אָבער פריהער פון אַלץ לאָמיר אַביסעל בעקאַנט ווערען מיט דער לאַנד־קאַרטע פון דעם געגענד, וויא מען ווייס איהם שוין היינט.

דער פּאַנאַמאַ איסטהמוס איז אַזוי אויסגעדרעהט, אַז דאָרטען קומט דער שטילער אָקעאַן אויס פון דרום זייט, הגם אין אַלגעמיין ליעגט דער שטילער אָקעאַן צו מערב זייט פון אַמעריקאַ. דער אַטלאַנטישער אָקעאַן, וויעדער, ליעגט דאָרטען צו צפון זייט, הגם אין אַלגעמיין ליעגט ער צו מזרח זייט פון אַמעריקאַ.

דיא שטיקעל אַטלאַנטישער אָקעאַן, וואָס געפינט זיך ביי דעם פּאַנאַמאַ איסטהמוס רופט מען קאַריבישער ים; און אַ שטיקעל קאַריבישער ים, וועלכער גיסט זיך אַריין אין דער יבשה פון דעם פּאַנאַמאַ־איסטהמוס, רופט מען דאַריען אַריינגוס אָדער דאַריען גאָלף. דיא שמעלערע און ווייטערע שטיקעל פון דעם דאַריען־גאָלף הייסט אוראַבאַ גאָלף.

איצט וועגען דער אַנדערער זייט פון דעם איסטהמוס. דאָרטען גיסט זיך אריין אַ שטיקעל שטילער אָקעאַן אין דער יבשה אריין, און דיעזע טהייל שטילער אָקעאַן הייסט פּ אַ נ אַ מ אַ ג אָ ל ף. אַ שטיקעל פון דעם פּאַנאַמאַ גאָלף, וועלכע גיסט זיך אריין ווייטער אין דעם סאַמע איסטהמוס אריין, הייסט ס ע נ ט־מ י ג ע ל ג אָ ל ף. וועגען דיעזע וואַסערען האָבען ווייסע מענשען אין קאָלומבוס'עס צייטען אַלזאָ נאָך ניט געוואוסט.

דיא ערשטע קאָלאָניע וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אויף דעם איסטהמוס איז געווען אויף דעם אַטלאַנטישען ברעג. דיא קאָלאָניע האָט געהייסען ד אַ ר י ע ן. שפּעטער, ווען מען האָט שוין בעזוכט דיא אַנדערע זייט פון דעם איסטהמוס, האָט מען דאָרטען געגרינדעט פּאַנאַמאַ. ביסלעכווייז האָט מען דעם איסטהמוס גענומען רופען ענט־ וועדער ד אַ ר י ע ן אָדער פּ אַ נ אַ מ אַ, אָבער צוערשט האָט ער גע־ הייסען בלויז ד אַ ר י ע ן א י ס ט ה מ ו ס, און אין אונזער צייט איז דער נאָמען פּ אַ נ אַ מ אַ א י ס ט ה מ ו ס מעהר אַריין אין דער מאָ־ דע, — הויפּטזעכליך איצט, אַז מען גראָבט דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל און דיא גאַנצע רעפּובליק הייסט פּאַנאַמאַ.

מיר האָבען זיך אַזוי פיעל אָבגעשטעלט אויף דעם פּאַנאַמאַ־ איסטהמוס, ווייל דורך דעם וועט דער לעזער האָבען אַ טיעפערען איינדרוק פון דער לאַנד־קאַרטע פון אַמעריקא אין אַלגעמיין און דאָס וועט פאַר איהם קלאָהרער מאַכען אַלץ וואָס וועט דערצעהלט ווערען אין דיעזען בוך.

צוערשט וועגען דער ערשטער קאָלאָניע וואָס דאָ גופא איז גע־ גרינדעט געוואָרען — וועגען דער דאַריען קאָלאָניע.

דעם גאַנצען דערמאָהנטען געגענד, מיט נאָך אַ שטיקעל לאַנד פון מזרח־זייט און מיט נאָך אַ שטיקעל לאַנד פון מערב זייט, האָט דיא שפּאַנישע קרוין איבערגעגעבען צו צוויי אַדעליגע יונגע לייט, א ל אָ נ ז אָ א ָ י ע ד אַ און ד י ע ג אָ נ י ק ע ז אַ. אָיעדאַ האָט פריהער געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אין דיא מלחמות וואָס קריסטאָפאָר קאָלומבוס האָט געפיהרט געגען דיא אינדיאַנער פון היס־ פּאַניאָלאַ. דאָס איז געווען אַ פייערדיגער יונג, אַן אַוואַנטוריסט פון דעם ווילדסטען זאָרט, אַ מענש אָהן אַ פּיצעל איבערלייגונג. צו יעדער צייט איז ער געווען בערייט צו שפּרינגען אין געפאַהר, און וואָס גרע־

סער דיא געפאהר אלץ מעהר האט זיא איהם בעצויבערט, איבערהויפט נאך ווען ער האט דערביי געקענט ציהען אויפמערקזאמקייט. ער איז געוועזן זעהר קליין געוואקסען. ער איז אבער געוועזן איינער פון דיא בעריהמטסטע גבורים און כוואטעס פון שפאניען.

ניקעזא איז געוועזן א גאנץ אנדער זארט מענש, הגם אויך ניט קיין הויכער און אויך ניט קיין „שרעקעדיגער אינגעל“. ער איז געוועזן פיעל געלאסענער און קליגער וויא איעדא און אויך פיעל געבילדעטער וויא ער.

א טהייל פון דעם געגענד, וועלכען פערדינאנד, דער קעניג פון שפאניען, האט צווישען זיי צוטהיילט, האט ענטדעקט קריסטאפאר קאלומבוס אויף זיין לעצטע רייזע, וויא עס איז שוין בעמערקט געווארען. קאלומבוס האט געפרופט גרינדען א קאלאניע אין ווערא־גוא, וואו עס האט זיך געפונען גאלד אין דיא בערג — אזוי פיעל גאלד, אז ער האט געגלויבט, דאס דארטען איז אופיר, דער רייכער גאלד־קרייז פון וואנען שלמה המלך האט בעקומען דעם טהייערען מעטאל צו דעם בית המקדש, וואס ער האט געבויט; ווארים מען האט גע־רעכענט אז אופיר איז אין אינדיען (אזיען) ערגעץ־וואו, און קאלומבוס האט דאך געגלויבט, אז ער געפינט זיך אין יענע ערטער.

דער גאלד־גייציגער קעניג האט דיעזען געגענד שטארק געהאט אין זינען. ער האט זיך בעשלאסען דעם פלאץ צו קאלאניזירען, און צו ציהען פון איהם וואס מעהר עשירות, און דעריבער האט ער זיך געמאכט ניט וויסענדיג פון דיא רעכטע, וואס דיא קאלומבוס פאמיליע האט דארטען געהאט. ווען איינער פון דיעזער פאמיליע וואלט דא געווארען גובערנאטאר, וואלט דאס הייסען, אז ער ירשן׳ט דא דעם ענטדעקער, לויט זיין קאנטראקט, — א קאנטראקט, וועלכער איז פערדינאנדען געשטאנען וויא א ביין אין האלז. ער האט געוואלט האבען אזא גובערנאטאר, וואס זאל זיך פרייהען מיט קלענערע טיטולען און בעדינגונגען, און פון וועמען דיא ירושה זאל ניט דארפען איבער־געהן צו קינדער און קינדס קינדער אויף אייביג.

קורץ, ער האט געבראכען דעם קאנטראקט און דיא דערמאהנטע שטיק לאנד האט ער צוטהיילט צווישען איעדא׳ן און ניקעזא׳ן. דער גרענעץ צווישען זיי האט בעדארפט זיין אונגעפעהר דער יעצטיגער גרענעץ צווישען פאנאמא און קאלאמביא. צו מערב זייט פון דיעזען

גרענעץ, אַריינרעכענענדיג דיא גאָלד־בערג פון וועראַגואַ, האָט געזאָלט רעגיערען ניקעזאַ (דאָס איז דיא לאַנד, אויף וועלכע דיעגא קאָלומבוס האָט געהאַט פּרעטענזיעס); און צו מזרח זייט האָט געזאָלט רעגיערען איעדאַ (איבער דיעזע לאַנד האָט דיעגא קיין פּרעטענזיעס ניט געהאַט, ווייל דאָרטען איז זיין פאָטער קיין מאָל ניט געווען; ער איז געווען ווייטער אַביסעל צו מזרח זייט צו).

איידער דיא צוויי גובערנאַטאָרען זיינען אָבגעפאָהרען פון היס־פּאַניאָלאַ, האָבען זיי זיך גענומען האַמפּערען איבער זייער גרענעץ. לאַ קאָסאַ, אַ בעריהמטער שיפס־מאַן פון יענער צייט, וועלכער האָט בעדאַרפט זיך בעזעצען מיט איעדאַ׳ן, האָט צווישען זיי געמאַכט אַ שטיקעל פּשרה, אָבער דאָס איז געווען בלויז וועגען דעם גרענעץ. זייערע קריעגערייען האָבען ניט אויפגעהערט.

זיי האָבען זיך געקדיעגט איבער דעם פּלאַץ, פון וואַנען זיי זאָלען ציהען עסענוואַרג. זייערע לענדער זיינען געווען רויהע, ווילדע, און איידער דיא קאָלאָניסטען וואָלטען זיי בעאַרבייט און אָנגעפּאַנגען צו בעקומען שפּייז פון זיי וואָלט מען געקענט אויסשטאַרבען פון הונגער. אַלזאָ האָבעןביידע קאָמפּאַניעס זיך פּאָרלויפיג געזאָלט בענוצען מיט דעם אינזעל י אַ מ אַ י ק אַ, וועלכער איז דאָרטען דער נעהנטסטער פון דיא גרויסע אַנטילישע אינזלען און וואו עס איז לייכטער געווען צו בעקומען פּראָוויאַנט. אָט איבער דיעזען אינזעל האָבען זיי זיך געקריעגט. עס איז אָבער געווען גאַנץ אומזיסט זייער קריעג. איבער דיעזען אינזעל, וויא איבער אַלע אַרומיגע אינזלען, איז דיעגא קאָלומבוס געווען דער הערשער, און אַזוי וויא ער איז געווען אין כעס פאַר וואָס מען גיט ניקעזאַ׳ן אַוועק זיין לאַנד, האָט ער נאָך יאַמאַיקא אַוועקגעשיקט אַ וואַך.

דאָס האָט אָבער ניט געקענט אָפּהאַלטען אַזאַ אונגעדולדיגען אַוואַנטוריסט און היץ־קאָפּ וויא איעדאַ. ער האָט זיך בעשלאָסען צו פאָהרען גרינדען זיין קאָלאָניע וויא ער שטעהט און געהט, ערוואַרטענדיג אין אַ קורצע צייט אַרום צו בעקומען אַ געוויסען זאַפּאַס שפּייז פון זיינעם אַן אַנהיינגער, — אַן אַדוואָקאַט מיט׳ן נאָמען ע נ צ י ז אָ. דיא קאָלאָניסטען פון היספּאַניאָלאַ האָבען זיך שטענדיג געהאַלטען אין איין אַרומרייסען און אַרומשלאָגען, און געריכט־פּראָצעסען זיינען אין דער שטאָדט סאַן־דאָמינגאָ געווען אַ גאַנץ אָפטע זאַך. אַלזאָ האָט

דער אַדוואָקאַט פּערדיענט אַ שעהנע מטבע און אָבגעשפּאָרט אַ היבשען אייגענס. ווען אָיעדאַ איז מיט איהם בעקאַנט געוואָרען, האָט ער אָבגעלאַכט פון זיין לאַנגווייליגען לעבען אין שטאָדט און האָט איהם גענומען צוריידען צו פאָהרען מיט איהם גרינדען דיא קאָלאָניע, צו פיהרען אַ לעבען מיט אינטערעסאַנטע קעמפּפע, מיט אַ גלענצענדע צוקונפט — וויא ער האָט איהם פערזיכערט. ענציזאָ איז בעגייס־טערט געוואָרען פאַר דעם פּלאַן, און איז מרוצה געוואָרען אין דער אונטערנעהמונג אַריינצולייגען זיין גאַנצען פערמעגען. מען האָט אָב־געמאַכט ער זאָל דערווייל בלייבען אין סאַן־דאָמינגאָ, קויפען אַ שיף, איהר אָנפילען מיט פּראָוויאַנט, צוקריגען נאָך מענשען, וואָס זאָלען מיטפאָהרען מיט איהם, און מיט זיי קומען צו אָיעדאַ׳ן, וועלכער האָט פערשפּראָכען איהם צו מאַכען פאַר דעם הויפּט־ריכטער פון דער קאָלאָניע.

אָיעדאַ, מיט אַ קאָמפּאַניע פון 300 מאַן און מיט פיער שיפען, האָט זיך אַלזאָ אַוועקגעלאָזען אַפּריהער. ער איז אָבגעפאָהרען פון סאַן דאָמינגאָ דעם 10טען נאָוועמבער, 1509. צווישען זיינע 300 מיטרייזענדע איז געווען לאַ קאָסאַ, דער אויבען־דערמאָהנטער שיפס־מאַן. *)

*) צווישען דיעזע 300 איז געווען אַ מאַן, וועלכער האָט שפּעטער גע־שפּיעלט אַ גרויסע ראָלע. דיא צוויי בעריהמטסטע נעמען אין דער גע־שיכטע פון שפּאַנישע אַמעריקאַ, אויסער קאָלומבוס׳ען, זיינען ה ע ר־נ אַ נ ד אָ ק אָ ר ט ע ס און פ ר אַ נ צ י ס ק א פּ י ז א ר ר אָ. זיי האָבען דאָס ענטדעקט און איינגענומען, מיט הייפעלעך מענשען, דיא מעכטיגע, רייכע און אינטערעסאַנטע צוויי אינדיאַנישע מדינות, מעקסיקאָ און פּערו — דיא ענטוויקעלטסטע און גלענצענדסטע צוויי לענדער, וועלכע אַמעריקאַ האָט געהאַט איידער דאָרטען האָבען זיך בעוויזען ווייסע מענשען. דער העלד פון פּערו איז דאָס איצט מיטגעפאָהרען מיט אָיעדאַ׳ן; און צוליעב דיעזע רייזע זיינע איז דאָס טאַקי שפּעטער אַרויסגעקומען זיין מערקוויר־דיגע נסיעה נאָך פּערו. קאָרטעס, וועמען עס איז בעשערט געווען זיך בע־ריהמט צו מאַכען מיט זיין עררויבערונג פון מעקסיקאָ, האָט אויך געוואָלט מיטפאָהרען מיט אָיעדאַ׳ן, נור ער איז גראָד קראַנק געוואָרען. וועגען ביידע דיעזע מערקווירדיגע עררויבערונגען ווערט דערצעהלט ווייטער אין דיעזען באַנד.

וואָס אַנבעטרעפט ניקועזאַ'ן האָט ער סיי וויא סיי אַזוי גיך ניט געקענט אָפּפאָהרען פון היספּאַניאָלאַ. דעם וויצע־קעניג'ס פיינדליכע האַלטונג צו איהם האָט איהם אָנגעמאַכט אַלערליי שטערונגען. אום דעם וויצע־קעניג געפעלען צו ווערען האָבען אייניגע איינוואוינער פון דעם אינזעל איהם (ניקועזאַ'ן) אָנגעטהאָן אַלערליי צרות. צום ביישפּיעל: אַזוי וויא ער איז געווען פערפלאָנטערט אין שולדען, האָט מען איהם אָנגעקלאָגט אין געריכט און פערהאַלטען. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז מען האָט זיך געקליבען איהם צו אַרעסטירען, וואָרים בעצאָהלען האָט ער ניט געהאַט מיט וואָס. אָבער איינער האָט אויף איהם רחמנות געקראָגען און בעצאָהלט זיין חוב.

מיט אָיעדאַ'ן האָט דערווייל געטראָפען אַזאַ געשיכטע:

זיינע פיער שיפען האָבען געהאַט אַ גוטע שנעלע רייזע און זיי זיינען צוגעקומען צו דעם האַפען ק א ר ט ה א ג ע נ א, ביי דעם ברעג פון זיד אַמעריקאַ. לאַ קאָסאַ איז מיט דיעזען פּלאַץ געווען בעקאַנט, פון אַ פריהערדיגע רייזע, און ער האָט אָיעדאַ'ן געוואָרענט דאָ צו זיין פאָרזיכטיג. ער האָט איהם ערקלעהרט, אַז דיא דאָרטיגע אינ־דיאַנער זיינען ניט אַזעלכע ווייכע, שוואַכע מענשען, וויא דיא אינ־דיאַנער פון היספּאַניאָלאַ, אַז זיי זיינען ביטערע יונגען, פול מיט פייער, און אַז זיי שיסען מיט פערגיפטעטע פיילען, וועלכע זיינען זעהר געפעהרליך. ער האָט דעריבער אָיעדאַ'ן געראַטהען פון דאַנען וואָס גיכער אוועקצופאָהרען און צו גרינדען דיא קאָלאָניע ווייטער צו מערב צו, ביי דעם א ו ר א ב א ג א ל ף. דיא עצה האָט געווירקט פונקט פערקעהרט. אַנטלויפען פון געפעהרליכע אינדיאַנער? ניין, אָיעדאַ'ן איז אַזאַ זאַך ניט אָנגעשטאַנען. אין היספּאַניאָלאַ האָט אַ מאָל „געוואָ־יעוועט" אַ געוויסער אינדיאַנער מיט'ן נאָמען קאַאָנאַבאָ, וועלכער איז אַהין געקומען פון דיא קאַריבישע אינזלען, וואו דיא איינוואוינער, פרויען אַזוי גוט וויא מענער, האָבען געהאַט אַ שם פאַר גרויסע קעמ־פּפער. דאָך האָט אָיעדאַ דיעזען רויט־הויטיגען כוואַט געפאַנגען און געבראַכט אַ געבונדענעם צו קאָלומבוס'ען. דיא אינדיאַנער פון קאַר־טהאַגענאַ האָבען אויך געהאַט קאַריבישע בלוט אין זייערע אָדערען. ביי זיי זיינען אויך דיא ווייבער אַזוי גוט וויא דיא מענער געווען ביטערע קאַמפּף־דורשטיגע חברה. אָבער גראָד דעריבער מוז ער, אָיעדאַ, זיי ווייזען ווער עלטער איז. „פאַר איין גאַנג" וועט ער צווי־

שען זיי כאַפּען קנעכט און זיי אַוועקשיקען נאָך סאַן דאָמינגאָ אַלס געצאָהלט פאַר פּראָוויאַנט.

לאַ קאָסאַ האָט זיך ביי איהם געבעטען ער זאָל דאָס ניט טהאָן, אָבער מיט דעם האָט ער נור שטאַרקער צוברענט זיין חשק דאָס יא צו טהאָן. פון דיא 300 מאַן האָט ער אויסגעקליעבען 70 און מיט זיי איז ער אַרויס אויפ'ן ברעג. און לאַ קאָסאַ איז מיטגעגאַנגען, אום, וויא ווייט מעגליך, איהם אויסצוהיטען פון געפאַהר. צווישען דיא 70 מאַן האָט אָיעדאַ מיטגענומען אַ פּאָר גלחים, וועלכע זאָלען דיא ווילדע אינדיאַנער „ערקלעהרען דיא פּרינציפּען פון דער קריסטליכער רעליגיאָן“.

אָיעדא מיט זיינע בעגלייטער זיינען צוגעקומען צו א קאָמפּאַניע אינ־דיאַנער, נאַקעטע וויא דיא מאַמע האָט זיי געהאַט. ער האָט געהייסען פאַר זיי פּאָרלעזען דעם אָפיציעלען „פּזמון“, וועלכען עס האָבען צוזאַ־מענגעשטעלט דיא גרעסטע יוריסטען און גייסטליכע פון שפּאַניען. אָיעדא איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט געהאַט דאָס גליק דיעזען שריפט פּאָרצולעזען פאַר אינדיאַנער. אָט זיינען דיא ערשטע עטליכע שורות פון דער מערקווירדיגער ערקלעהרונג:

„איך, אַלאָנזאָ אָיעדאַ, אַ דיענער פון דיא העכסטע און מעכ־טיגסטע הערשער, פון דיא הערשער פון שפּאַניען, דיא בעזיעגער פון ווילדע פעלקער, איך זייער קאַפּיטאַן און שליח, לאָז אייך וויסען, אַז גאָט אונזער האַרר, דער איינציגער און דער אייביגער, האָט בעשאַפען הימעל און ערד און איין איינציגען מאַנסביל מיט איין איינציגע פרויענצימער, פון וועלכע מיר זיינען אַלע אַרויסגעקומען, מיר און איהר אַלע און אַלע אַנדערע מענשען פון דער ערד, און עס וועלען אַרויסקומען אַלע מענשען, וואָס וועלען שפּעטער זיין אויף דער וועלט; צוליעב פיעלע־פיעלע דורות, וואָס זיינען פון זיי אַרויסגעקומען אין דיא פינף טויזענד יאָהר וואָס זיינען אַוועק זינט גאָט האָט בעשאַפען דיא וועלט, האָבען מענשען געמוזט צוזייהט און צושפּרייט ווערען איבער פערשיעדענע טהיילען פון דער וועלט, און זיי האָבען זיך צו־טהיילט אויף פערשיעדענע קעניגרייכען. אַלע דיעזע מענשען האָט גאָט, אונזער האַרר, געשטעלט אונטער דער השגחה פון איין פּערזאָן, וועלכער הייסט הייליגער פּעטער און וועלכער איז דער משגיח און הערשער איבער אַלע מענשען פון דער וועלט...“

ווייטער ווערט ערקלעהרט, אַז דער פּאַפּסט פון רוים איז דער פאָרשטעהער פון דעם הייליגען פּעטער אויף דער ערד, אַז אַלע מוזען איהם דעריבער פאָלגען, און אַז דיעזער פּאַפּסט האָט דער שפּאַנישער קרוין אַוועקגעשאָנקען אַלע דיעזע געגענדען (דיא נייע וועלט) מיט אַלע זייערע איינוואוינער. אַלזאָ ווערען דיעזע אינדיאַנער פון קאַר־טהאַגענאַ אויפגעפאָדערט אַנצוערקענען דיא קריסטליכע רעליגיאָן, דיא גייסטיגע הערשאַפט פון דעם פּאַפּסט מיט זיינע גלחים און דיא ערדישע הערשאַפט פון דעם שפּאַנישען טהראָן.

מיר האָבען דאָ געבראַכט אַ טהייל פון דיעזע אָפיציעלע דרשה, ווייל זיא איז אַ כאַראַקטעריסטישער מוסטער פון דעם אַרט וויא אַזוי מען פלעגט „בעקעהרען" דיא אינדיאַנער צום קריסטענטהום.

וויא ווייט דיא רויט־הויטיגע פון קאַרטהאַגענאַ האָבען פערשטאַ־נען וואָס מען „דרעהט זיי דאָ אַ מוח", איז איבעריג צו זאָגען. זיי האָבען דיא הייליגע דרשה פערשטאַנען אַזוי וויא אַ פּוילישער אָדער פראַנצויזישער פּויער פערשטעהט דיא ליטייניש תפלות וואָס ער הערט אין זיין קירכע — ניט בעסער, ניט ערגער.

ווען דער גלח האָט געענדיגט דיא פּאָרלעזונג, האָט אָיעדאַ צו דיא אינדיאַנער גענומען מאַכען פריינדליכע אַוואַיעס, און האָט זיי פון ווייטען געוויזען בלישטשענדע צאַצקעס, גלעזערנע פּאַטשערקעס, גלעקעלעך און נאָך אַזעלכע קלייניגקייטען, מיט וועלכע מען פלעגט געוועהנליך צוציהען רויט־הויטיגע נאַטור־קינדער. אָבער דיעזע רויט־הויטיגע האָבען שוין אַ מאָל פערזוכט דיא „פריינדליכקייט" פון ווייסע מענשען, וואָס קומען צו אינדיאַנער פרעדיגען קריסטענטהום. אַ חוץ דעם זיינען געוועזען פערשפּרייט דיא שוידערליכע געשיכטען וועגען דיא אונזאַטבאַרע בלוט־דורשטיגקייט און הולטייסטוואָס, מיט וועלכע דיא שפּאַניער האָבען פערמוטשעט און פערטיליגט הונדערטע טויזענדע גוטמוטהיגע, גאַסט־פריינדליכע אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ. קורץ, אויף דיא אינדיאַנער פון קאַרטהאַגענאַ האָבען אָיעדאַ'ס גוטע אַוואַיעס אַזוי ווייניג געווירקט וויא דיא הייליגע דרשה פון זיינע גלחים. אַלס אַנטוואָרט האָבען זיי אָנגעהויבען צו זעצען אין זייערע פּויקען, סטראַ־שען מיט זייערע שווערדען און שפּיעזען (פון האַרטע האָלץ בעשפּיצט מיט ביינער) און צו גרייטען זיך צו שיסען מיט זייערע פייל־און־בויגענס. דיא שפּאַניער האָבען אָבגעענטפערט מיט זייערע שטאָלענע

שווערדען און פייער־געוועהר. דער רעזולטאַט פון דיעזען צוזאַמענ־שטויס איז געוועזן אַ זיעג פאַר אָיעדאַ'ן. עטליכע אינדיאַנער זיינען געפאַלען טויט, עטליכע זיינען גענומען געוואָרען אין פּלען, און דיא איבעריגע זיינען אַנטלאָפען. אָיעדאַ האָט זיך נאָכגעיאָגט, ביז אין מיטען וואַלד האָט ער זיך בעגעגענט מיט אַ פיעל גרעסערע מחנה. דאָ זיינען דיא אינדיאַנער וויעדער געצוואונגען געוועזן צו אַנטלויפען, אָבער אַכט פון זייערע סמיעלע יונגען זיינען אריינגעלאָפען אין אַ הויז און פון דאָרטען האָבען זיי געשאָסען אַזאַ רעגען פון פיילען, אַז דיא 70 שפּאַניער זיינע געבליבען שטעהן וויא צוטומעלטע. איין שפּאַ־נישער סאָלדאַט האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן דורך דיא פיילען און איז צוגעקומען צו דער טהיר, אָבער דאָרטען האָט מען איהם אריינגע־שאָסען אַ פייל אין האַרצען און ער איז געפאַלען אויפ'ן אָרט. דאָך האָט זיך דיא שפּאַניער איינגעגעבען דיא הויז אָנצוצינדען. עס איז געוואָרען אַ פלאַקער און דיא אַכט רויט־פאַרביגע העלדען זיינען אומ־געקומען.

לאַ קאָסאַ האָט געראַטהען אָיעדאַ'ן זיך אומצוקעהרען. ער האָט אָבער אפילו ניט געוואָלט הערען דערפון. נאָך דעם וויא ער האָט אַוועקגעשיקט 70 געפאַנגענע צו זיינע שיפען, האָט ער זיך אַ לאָז געטהאָן ווייטער אין וואַלד אַריין, נאָך דיא וואָס זיינען אַנטלאָפען. ווען עס האָט שוין אָנגעהויבען צו ווערען פינסטער, איז ער מיט זיינע בעגלייטער אָנגעקומען אין אַן אינדישען דאָרף, וועלכער האָט געהייסען יורבאַקאָ. זיי האָבען דאָרטען קיינעם ניט געפונען. דיא איינוואָהנ־נער מיט זייערע פרויען און קינדער זיינען אַוועק אין דיא בערג. דיא שפּאַניער זיינען געוועזן זיכער אַז אַלע אינדיאַנער ליעגען בעהאַלטען אין הוילע ציטערנים; אַלזאָ האָבען זיי זיך אַוועקגעלאָזען איבער דיא פערלאָזענע הייזער ראַבעווען וואָס זיי וועלען געפינען. דיא הייזער זיינען געוועזן ווייט איינע פון דיא אַנדערע. — יעדע הויז פערבאָרגען צווישען בוימער. אויף דיעזען אַרט זיינען דיא 70 שפּאַניער גע־וואָרען צוזייהט און צושפּרייט.

פּלוצלונג, ווען זיי האָבען אַזוי איינציגווייז געזוכט ווערטה־זאַכען אין דיא הייזער, האָבען זיך פון אַלע זייטען מיט ווילדע געשרייען אויף זיי אַ לאָז געטהאָן קאָמפּאַניעס אינדיאַנער. דיא שפּאַניער האָבען געפּרופט זיך וויעדער פערזאַמלען אין איינעם, אָבער יעדע עטליכע

פון זיי זיינען געווען אַרומגערינגעלט פון אַ מאַסע רויט־הויטיגע. זיי האָבען זיך געוועהרט מיט גרוים העלדישקייט. עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. זיי האָבען ניט געקענט אויסהאַלטען די קלעפּ פון די שווערע מלחמה־שטעקענס און דעם האָגעל פון פערגיפטעטע פיילען. איעדאַ האָט קוים צוזאַמענגעקליבען אַרום זיך עטליכע פון זיינע סאָל־דאַטען; מיט זיי צוזאַמען האָט ער געקעמפּפט וויא אַ טיגער. ער האָט אָבער געמוזט זעהן, וויא זיינע סאָלדאַטען פאַלען לעבען איהם און שטאַרבען אין די שווידערליכסטע יסורים פון די וואונדען, וואָס זיי האָבען בעקומען פון די גיפטיגע פיילען. באַלד איז צוגעקומען לאַ קאָסאַ מיט עטליכע אַנדערע סאָלדאַטען. אָבער דער גרויסער שיפס־מאַן און אַלע אַנדערע שפּאַניער, אויסער אָיעדאַ'ן און נאָך איי־נעם, זיינען געפאַלען.

די 230 מאַן, וואָס זיינען געבליעבען אויף די שיפען, האָבען דערווייל ניט געוואוסט וואָס איבערצוקלעהרען. עטליכע טעג זיינען פאָראיבער זינט די זיעבעציג מאַן זיינען אַוועק און זיי זיינען נאָך אַלץ ניט געקומען צוריק. עטליכע מענשען האָבען געפּרופט געהן אין וואַלד זוכען די פערשוואונדענע. זיי האָבען אָבער פון וויטען דער־הערט די מלחמה־געשרייען פון אינדיאַנער און די בראַזגעריי פון זייערע פּויקען, און זיי האָבען זיך געמוזט אומקעהרען. דאַן האָבען זיך עטליכע בעוואַפענטע קאָמפּאַניעס אַוועקגעלאָזען אין קליינע שיפּ־לעך פּאַזע ברעג. אין אייניגע ערטער זיינען זיי אַרוים אויפ'ן ברעג, געקלעטערט איבער פעלזען, געשאָסען סיגנאַלען, געטרומייטערט, גע־שריען, אָבער קיינער האָט זיך ניט אָבגערופען. דער ווידער־קול פון די וועלדער איז געווען דער איינציגער אַנטוואָרט וואָס זיי האָבען בעקומען. ענדליך, ווען אין זייער פערצווייפלונג האָבען זיי זיך שוין געקליעבען זיך אומצוקעהרען, זיינען זיי צוגעקומען צו אַ וועלדעל פון בוימער, וואָס האָבען געוואַקסען אין וואַסער לעבען ברעג. די וואָרצ־לען פון די בוימער זיינען אַרויסגעקומען פון וואַסער און זיינען גע־ווען צוזאַמענגעפלאָכטען אין איינעם. אין דיעזען פלאָנטער האָבען די שפּאַניער דערזעהן אַ מענשען אין שפּאַנישע קליידער. ווען זיי זיינען צוגעגאַנגען נעהנטער, האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז דאָס איז אָיעדאַ. ער איז געלעגען אויף עטליכע צוזאַמענגעפלאָכטענע וואָרצלען מיט זיין בלויזען שווערד אין האַנד — ער איז געווען אַזוי אָפּגעצעהרט

און שוואך און אזוי דורכגעווייקט און פערפראהרען, אז ער האט אפילו קיין כח ניט געהאט צו ריידען. מען האט איהם אוועקגעטראגען אויף א טרוקענעם פלאץ, אויפ'ן ברעג, און דארטען האט מען געמאכט א פייער און איהם אנגעווארימט. קוים וואס ער איז געקומען צו זיך און האט געקענט עפעס עסען. ביסלעכווייז האט ער בעקומען גענוג כח צו דערצעהלען דיא שרעקליכע געשיכטע פון זיין קאמפף מיט דיא אינדיאנער, אוז וויא אזוי ער האט זיך גערעטעט.

ער האט דערצעהלט דאס פאלגענדע: פאכענדיג מיט זיין שווערד האט ער וויא עס איז דורכגעשניטען פאר זיך א וועג דורך א טהייל פון דער רויט־הויטיגער מחנה, ביז ער האט זיך געפונען אין א וואלד לעבען א בארג. אין דעם וואלד איז געוועזען פינסטער און ער איז דורך איהם געגאנגען, ניט וויסענדיג וואוהין ער געהט, ביז עס האט זיך מעהר ניט געהערט דער מלחמה־געפילדער פון דיא אינ־דיאנער. ווען עס האט גענומען טאגען, האט ער זיך בעהאלטען אין א ווילדע בעוואקסענע טהייל פון דעם בארג און דארטען איז ער אב־געלעגען ביז עס איז ווידער געווארען נאכט. מיט דיא לעצטע כחות האט ער זיך געשלעפט איבער פעלזען, פאזע אבגרונטען און דורך פער־פלאנטערטע וועלדער ביז ער האט דערגרייכט דעם ברעג ים. ווייטער געהן האט ער אבער שוין קיין קרעפטען ניט געהאט. און אזוי איז ער געבליבען ליגען צווישען דיא וואָרצלען וואו מען האט איהם געפונען.

ווען איעדא איז נאך געלעגען אויפ'ן ברעג, און מען האט איהם געווארימט און געמינטערט, איז אנגעקומען זיין פיינד ניקעזא מיט זיינע שיפען מיט 700 מאן. ווען איעדא האט דערפון דערהערט האט ער געבעטען, אז מען זאל ניקעזא'ן ניט אויסזאגען וואו ער איז, און ווארטען ביז ער (ניקעזא) וועט אוועקשווימען פון קארטהאגענער האפען.

איעדא'ס פארזיכטיגקייט איז אבער געווען גאנץ אומזיסט. ווען ניקעזא האט זיך דערוואוסט, אז ער איז פערשוואונדען אין א מלחמה מיט אינדיאנער (אזוי האט מען איהם געזאגט), האט ער אויסגעדריקט סימפאטהיע און בעדויערען און געהייסען איהם גלייך געהן אויפ־זוכען. דיא צוויי גובערנאטארען האבען זיך באלד בעגעגענט וויא דיא ווארימסטע פריינד.

איינינע טעג שפּעטער האָבען זיי זיך אַוועקגעלאָזען נעהמען נקמה פון דיא אינדיאַנער. זיי זיינען געגען זיי אַרויס מיט 400 מאַן און מיט פערד. עס איז געווען ביי נאַכט. זייער מאַרש האָט איבער־געשראָקען מאַסען גרויסע פּאָפּוגיי־פויגלעך, וועלכע האָבען אָנגעפילט דעם וואַלד מיט זייערע געשרייען. דיא אינדיאַנער האָבען דאָס אָבער קיין אויפמערקזאַמקייט ניט געשאָנקען. ערשט ווען דיא שפּאַניער האָבען שוין אונטערגעצונדען פיעלע פון זייערע הייזער, זיינען זיי אַרויסגעלאָפען אַנקעגען זיי מיט געוועהר. דיא ווייסע האָבען זיי אָבער בעגעגענט מיט זייערע שטאָלענע שווערדען און געטריבען צוריק אין דיא פלאַמען אריין. פרויען זיינען אַרויסגעפלויגען מיט קינדער אין דיא אָרימס; אָבער ווען זיי האָבען אַ קוק געטהאָן אויף דיא שפּאַניער אין זייערע שטאָלענע פּאַנצירען און מעשענע קיווערס, און דיא גרויסע פיער־פיסיגע חיות — דיא פערד — וועלכע זיי האָבען פריהער קיין מאָל ניט געזעהן, זיינען זיי פאַר שרעק מיט ווילדע גע־שרייען געלאָפען צוריק אין דיא ברענענדע הייזער. און אַזוי האָבען מאַסען מענער, פרויען און קינדער זייער לעבען פערלאָרען אין דיא פלאַמען אָדער פון דיא שווערדען.

דאָ האָבען דיא שפּאַניער געפונען לאַ קאָסאַ'ס טויטען קערפּער. ער איז געווען שרעקליך געשוואָלען, פון אַ גיפטיגע פייל, וואָס האָט איהם טויטליך פערוואונדעט.

דיא זיעגרייכע קאָמפּאַניע האָט זיך אַוועקגעלאָזען ראַבעווען. זיי האָבען געכאַפּט אַלץ וואָס האָט נור געהאַט אַ ווערטה. דיא גאָלד אַליין, וואָס זיי האָבען דאָ צוגענומען, איז ווערטה געווען זיעבען טויזענד קאַסטעלאַנאָס (אַרום אַכציג טויזענד דאָלאַר). נאָך דעם וויא דיא צוויי גובערנאַטאָרען האָבען זיך צוטהיילט מיט זייער רויב, האָ־בען זיי זיך וואַרים געזעגענט און ניקעזא מיט זיין קאָמפּאַניע איז אַוועק צו מערב צו, צו זיין גאָלד־פּראָווינץ וועראַגואַ.

אָיעדאַ איז אָבער אויך שוין ניט געבליעבען אין קאַרטהאַגענאַ. איצט, ווען ער האָט שוין אַזוי טהייער בעצאָהלט „רבי געלד“, האָט ער געפאָלגט לאַ קאָסאַ'ס עצה, און האָט פערלאָזען דעם געגענד, וואו ער האָט געוואָלט גרינדען זיין קאָלאָניע. ער איז געפאָהרען צו דעם **אוראַבאַ גאָלף**. דאָרטען האָט ער געזוכט דעם **דאַריען טייך**, וואָס מען האָט איהם געזאָגט, אַז דאָרטען איז אויך דאָ גאָלד. ער

האָט איהם אָבער ניט געקענט געפינען. און זיינע מיטרייזענדע זיי־נען דערוויילי אראָפּגעפאַלען ביי זיך און האָבען חרטה געקראָגען אויף דיא גאַנצע רייזע. דיא אינדיאַנער מיט זייערע גיפטיגע פיילען האָ־בען אויף זיי אַרויפגעוואָרפען אַן אימה. דערצו נאָך האָבען זיי אין דיא וועלדער געהערט דיא געשרייען פון ווילדע חיות; אין דיא פעלזען האָבען זיי געזעהן גרויסע געפעהרליכע שלאַנגען, און איין מאָל, ווען זיי האָבען פארביי־מארשירט פארביי א טייך, האָט א גרויסער אַלי־גאַטאָר אָנגעכאַפּט איינעם פון זייערע פערד ביי א פוס און איהם אריינגעשלעפּט אין וואסער אריין. דאָס אַלעס האָט געווירקט אויף דעם געמיטה פון אָיעדראַ'ס מענשען, און זיי האָבען פערשאָלטען דעם טאָג, ווען זיי זיינען אהין געפאָהרען.

ענדליך האָט אָיעדראַ געפונען א פּלאַץ וואָס איז איהם געפעלען געוואָרען, און ער האָט דאָרטען זיך בעשלאָסען צו בויען זיין ערשטע שטעדטעל — דיא הויפּט־שטאָדט פון דער קאָלאָניע. דאָס איז געווען א הויכער אָרט אויף דער מערב זייט פון דעם אורואַבאַ גאָלף.

מען האָט אַרויפגעשלעפּט אויפ'ן ברעג אַלץ וואָס מען האָט ניט נויטיג געהאַט אויף דיא שיפען, און מיט אַלע קרעפטען האָט מען גענומען בויען הייזער. אָיעדראַ האָט דיא שטעדטעל א נאָמען געגעבען סאַן סעבאַסטיאַן. דאָס איז געווען דער נאָמען פון א היי־ליגען, וועלכער איז געשטאָרבען פון פיילען. אָיעדראַ האָט געהאָפט, אַז ער וועט דעריבער בעשיצען דיא קאָלאָניע. מיט הימעלשע בע־שיצונג אַליין האָט ער זיך אָבער ניט בענוגענט. „גאָט היט דאָך דעם וואָס היט זיך אַליין“, — אַלזאָ האָט אָיעדראַ אויסגעבויט א הילצערנע פעסטונג און ארום איהר אויפגעשטעלט א הויכען שטאַרקען פּלאַנקען. ער האָט אָבער געפיהלט, אַז דאָס איז נאָך אַלץ ניט גענוג: דער היי־ליגער סעבאַסטיאַן צוזאַמען מיט דער הילצערנער פעסטונג וואָלטען ניט געקענט בייקומען דיא טויזענדער אינדיאַנער מיט זייערע שרעק־ליכע פייל־און־בויגענס. עס איז נויטיג געווען א גרעסערע שפּאַנישע מחנה. קורץ, אָיעדראַ האָט אַוועקגעשיקט א שיף נאָך ענציזאָ'ן, דעם אדוואָקאַט פון היספּאַניאָלאַ, וועלכער האָט אין דער קאָלאָניע געזאָלט ווערען ריכטער, — איהם צוצואיילען צו קומען מיט וואָס מעהר מענ־שען, פּראָוויאַנט און געוועהר.

אָיעדראַ אַליין מיט א טהייל פון זיינע קאָלאָניסטען האָבען זיך

אַוועקגעלאָזען אויספאָרשען דעם נייעם געגענד. ווידער האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ סדרה פון צרות. ווי נור זיי זיינען אריינגעקומען אין דיא טיעפענעם פון אַ וואַלד, האָבען זיך אויף זיי פון אַלע זייטען אַ שאָט געטהאָן רעגענס פון גיפטיגע פיילען. אייניגע פון דיא שפּאַניער זיינען געפאַלען טויט אויפ׳ן אָרט. אַנדערע זיינען געשטאָרבען לאַנגזאַם, אין אונמענשליכע יסורים, פון דיא גיפט, וואָס דיא פיילען האָבען מיט זיך אין זיי אריינגעשאָסען. דיא, וואָס זיינען געבליבען אונגעשעדיגט, זיינען אַנטלאָפען צוריק אין דער פעסטונג אריין.

פיעלע טעג זיינען פאָראיבער. עס האָט אָנגעפאַנגען אויסצוּפּעהלען עסענוואַרג, און מען איז געצוואונגען געווען צו געהן זוכען — ניט גאָלד, נור שפּייז. אין איין נסיעה אַזעלכע זיינען אויף זיי פּלוצלונג אָנגעפאַלען אינדיאַנער, וועלכע האָבען זיי אָבגעוואַרט אין אַ פערבאָרגענעם אָרט. דיא שפּאַניער האָבען ווידער געהאַט אַ שרעקליכע נידערלאַגע. זיי זיינען ווידער קוים אַנטלאָפען מיט׳ן לעבען, און דיעזען מאָל האָבען דיא רויט־הויטיגע זיי נאָכגעיאָגט, מיט ווילדע געשרייען, ביז סאַן סעבאַסטיאַן, וואו פיעלע פון דיא ווייסע זיינען נאָכהער געשטאָרבען אין סטראַשנע וויטאָגען, פון זייערע וואונדען.

מען האָט מעהר ניט געסמייעט ארויסקומען זוכען שפּייז. מען האָט געגעסען דיא גראָזען און וואָרצלען, וואָס זיינען געוואַקסען ארום דיא הייזער, און פון דעם זיינען פיעלע קראַנק געוואָרען. דיא אונטערשטע שורה איז, אַז ביסלעכווייז זיינען אויסגעשטאָרבען פיעלע אַנדערע פון דיא אונגליקליכע קאָלאָניסטען — פון דיא קראַנקהייטען, פון הונגער, אָדער פוןביידע אורזאַכען צוזאַמען. אָפט האָט געטראָפען אַז דעם סאָלדאַט, וואָס מען האָט אַוועקגעשטעלט אויף דער וואַך, האָט מען אויף מאָרגען געפונען אַ טויטען. אייניגע פון דיא קאָלאָניסטען זיינען געווען אַזוי אָבגעשוואַכט, אַז זיי האָבען זיך געלייגט אויף דער ערד און ענדליך אויסגעגאַנגען וויא ליכט.

אָיעדאַ אַליין איז אויך געווען אַ ביסעל געוואונדעט מיט אַ גיפטיגען פייל. ער האָט זיך בעשלאָסען אויסצוברענען דיא געפעהרליכע וואונד, און פון דעם איז ער אַ היבשע צייט אָבגעלעגען אין בעט.

דיא גאַנצע האָפנונג איז איצט געווען אויף דעם אדוואָקאַט ע נ צ י ז אָ. אַלע אויגען זיינען מיט געדרענגטע בליקען געווען אָנגעשטעלט אויפ׳ן ים, טאָמער דערזעהט מען זיין שיף. מען קען זיך

דעריבער פאָרשטעלען דיא פרייד פון דיא קאָלאָניסטען, איין פריה־מאָרגען, ווען פון ווייטען האָט מען דערזעהן א זעגעל.

עס איז געווען אַ שיף, און טאקע פון היספּאַניאָלא, אָבער ניט ענציזאָ'ס. איהר קאָמאַנדיר, וויא עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, איז געווען איינער טאַלאוועראַ, אַ ווילדער צולאָזענער יונג, וועלכער האָט איהר איינפאַך גע'גנב'עט אום צו אנטלויפען פון זיינע בעל־חובות. צוזאַמען מיט איהם זיינען אויף דער שיף אָבגעפאָהרען 70 אַנדערע, אויך אַזעלכע ווילדע חברה־לייט ווי ער, — מענשען, וועלכע זיינען געווען בעלנים אויף אַלץ אין דער וועלט. זיי זיינען אויך שולדיג געווען געלד אין היספּאַניאָלא, און זיי אַלעמען האָט מען געסטראַשעט אַריינצוזעצען אין טורמע. אַלזאָ, ווען טאַלאַווערא האָט אין אַ קליינעם האַפען דערזעהן אַ איטאַליענישע שיף, ווי זי ווערט אָנגעלאָדען מיט שוויין־פלייש און ברויט, האָט ער איהר געכאַפּט און איז מיט זיינע 70 חברים אויף איהר אַוועק נאָך אָיעדא'ס קאָלאָניע.

דיא שפּייז וואָס זיי האָבען מיט זיך געבראַכט איז געווען אַן „אבן טוב“ פאַר דיא אויסגעהונגערטע קאָלאָניסטען, הגם טאַלאַווערא האָט זיך פאַר אַלץ געלאָזט גוט בעצאָהלען.

קיין סך פּראָוויאַנט האָט אבער דיא אָנגעקומענע שיף ניט געהאַט און באַלד האָט דיא קאָלאָניע וויעדער אָנגעפאַנגען צו הונגערען. און ענציזאָ איז אַלץ ניט געקומען.

דיא קאָלאָניסטען האָבען זיך גענומען בונטעווען. זיי האָבען געוואָלט ניט אַנדערש פאָהרען צוריק נאָך היספּאַניאָלאַ. אָיעדאַ האָט דאָס אָבער ניט געוואָלט דערלאָזען, וואָרים דאָס וואָלט הייסען אויפ־געבען דיא קאָלאָניע.

ענדליך האָט מען געמאַכט אַ פּשרה: ער. אָיעדא, זאָל פאָהרען אין היספּאַניאָלאַ נאָך פּראָוויאַנט און נאָך מעהר בעוואַפענטע מענשען, און אויב ער וועט ניט קומען צוריק אין פופציג טעג, זאָלען דיא קאָלאָ־ניסטען זיין פריי אויף דיא איבריגע שיפען אויך אַוועקצופאָהרען צוריק נאָך היספּאַניאָלא.

אַלס הערשער איבער דער קאָלאָניע אויף דיעזע צייט, האָט אָיעדא איבערגעלאָזען דעם אויבענדערמאָנטען פ ר א נ צ י ס ק אָ פּ י ז אַ ר אָ, וועלכער איז שפּעטער בעריהמט געוואָרען אלס דער ענט־דעקער און עראָבערער פון פּערו.

אָיעדאַ איז אָבגעפאָהרען אויף טאַלאַווערא'ס גע'גנב'עטע שיף, וואָרים דיעזער אַנטלאָפענער בעל חוב און זיינע מיט־ברידער זיינען אזוי ענטטוישט געוואָרען מיט דער נייער קאָלאָניע, אז זיי האָבען זיך בעשלאָסען בעסער צו זיצען אין א היספּאַניאָלער טורמע איידער צו הונגערען און אויסשטעהן דיא געפאַהרען פון דיא פערגיפטעטע פיילען אין דיא וועלדער פון סאַן סעבאַסטיאַן. אגב האָבען זיי געהאָפט, אז מען וועט זיי שענקען אַלע זייערע חטאים דערפאַר וואָס זיי האָבען גע־ראַטעוועט אָיעדאַ'ס קאָלאָניע פון הונגער־טוידט.

אויף דער רייזע איז באַלד אַרויסגעקומען א צוזאַמענשטויס צווי־שען אָיעדאַ'ן און טאַלאַווערא'ן.ביידע האָבען געוואָלט קאָמאַנדעווען. דער ערשטער, ווייל ער איז גובערנאַטאָר, און דער צווייטער, ווייל אויף דיעזער שיף איז ער פריהער געווען דער קאָמאַנדיר. אָיעדאַ האָט ניט געמאַכט קיין הכנות און גענומען אַרויסציהען זיין שווערד פון שייד. טאַלאַווערא'ס מיט־חברים האָבען אָבער אויף איהם זיך אַרויפגעוואָר־פען און איהם געשמידט אין קייטען. און אַזוי איז ער געבליעבען א געשמיעדטער, שימפּפענדיג און שילטענדיג ווי א הילפלאָזע ווילדע חיה, ביז עס האָט זיך אָנגעפאַנגען א שרעקליכער שטורמווינד. נור אַזוי וויא טאַלאַווערא מיט זיינע אנהענגער זיינען געווען גאַנץ קנאַפּע שיפסלייט, און אָיעדאַ האָט שוין געהאַט א סך ערפאַהרונג אַלס שיפס־קאָמאַנדיר, האָבען זיינע מיטרייזענדע איהם ניט־ווילענדיג געמוזט בעפרייען פון זיינע קייטען. זיי האָבען דאָס אָבער געטהאָן צו שפּעט. דיא שיף איז דערווייל פערטראָגען געוואָרען צו ווייט צו מערב צו, און איז אַזוי צוטרייסעלט געוואָרען, אַז זיא האָט זיך קוים געהאַלטען אויפ'ן וואַסער. קורץ, מען האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט וויא צוצושטעהן וואָס שנעלער צו א ברעג פון דעם אינזעל קובאַ, און דאָרטען איבערצולאָזען די חורבה און זיך אַוועקלאָזען צו־פוס איבער'ן אינזעל, אין דער האָפנונג וויא־עס־איז דערנאָך אַריבערצושווימען נאָך היספּאַניאָלא.

קובאַ איז נאָך דאַן מיט ווייסע ניט געווען קאָלאָניזירט. דאָס איז אָבער נאָך ניט געווען דיא ערגסטע צרה. אַהין זיינען אַנטלאָפען פיעלע פון דיא היספּאַניאָלער אינדיאַנער, וועלכע האָבען ביי זיך אין דער היים ניט געקענט אויסהאַלטען דעם שרעקליכען יאָך און דיא בלוטיגע פּאָגראָמען וואָס זיי האָבען געהאַט אויסצושטעהן פון דיא

שפּאַניער. אַלזאָ האָבען זיי איצט געמיינט, אַז אָיעדראַ און זיינע מיט־רייזענדע זיינען דאָס געקומען זיי שלעפּען צוריק צו זייער קנעכטשאַפט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז זיי האָבען זיי גע־מאַכט אַלערליי שטערונגען. די וועלדער זיינען אין פיעלע ערטער גע־ווען פול מיט דיעזע אונגליקליכע און עס איז אויטגעקומען מיט זיי אָפּט צו קעמפּפען. זיי בייקומען איז אייגענטליך ניט געווען שווער, אבער דיעזע אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ האָבען געגען דיא ווייסע אויפ־גערייצט דיא אינדיאַנער פון קובאַ, — דיא וואָס האָבען דאָרט גע־וואוינט אין זייערע אייגענע דערפער; און שטעלען זיך געגען דיעזע רויט־הויטיגע בעפעלקערונג האָט דיא הייפעלע שפּאַניער ניט געקענט.

אָיעדראַ, טאַלאווערא און זייערע בעגלייטער זיינען אַלזאָ געצוואונ־גען געווען אויסצומיידען דיא בעוואוינטע געגענדען, און צו געהן דורך זייטיגע, פערוואָרפענע שטרעקעס. באַלד האָבען זיך געענדיגט דיא וועלדער און עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען גרויסע זומפּיגע לאָנקעס, וואו מען האָט קוים געקענט ארויסשלעפּען דיא פיס פון זומפּ, און וואו דיא בלאָטע מיט דיא וואַסער האָבען דערגרייכט ביז דיא קניע. און וואָס ווייטער דיא שפּאַניער האָבען זיך געשלעפּט, אַלץ טיעפער זיינען געוואָרען דיא זומפּען. אַכט טאָג האָבען זיי זיך אַזוי געשלעפּט און געשלעפּט, קוים געפינענדיג אַן אָרט וואו זיך צוצולעגען אויף אַ פּאָר שטונדען, ביז ענדליך האָבען זיי זיך דערזעהן אין מיטען פון אַן אונענדליכען זומפּ, וואו דיא וואסער איז געווען ביז'ן גאַרטעל. און דערצו נאָך זיינען זיי געווען שרעקליך פערשמאַכט פון דורשט, וואָרים דיא וואַסער אַרום זיי איז געווען געזאַלצען וויא אין ים, און וואָס צו עסען איז אויך געווען זעהר ווייניג. זיי האָבען מיט זיך געהאַט בלויז עטליכע שטיקלעך אַינדיאַנישע ברויט (פון „קאַססאַוואַ“) און קעז, און אַביסעל קאַרטאָ־פעל, וועלכע זיי האָבען געמוזט עסען רויהערהייט.

דער שרעקליכער זומפּ איז געוואָרען אַלץ טיעפער און ברייטער. אין אייניגע ערטער האָבען זיי געמוזט אַריבערגעהן טייכען, און דיא וואָס האָבען ניט געקענט שווימען זיינען דערטרונקען געוואָרען. אַ חוץ דעם זיינען אייניגע איינפאַך פערזונקען געוואָרען אין דיא זומפּען גופא.

ענדליך איז ביי זיי אויסגעגאַנגען דיא לעצטע קאַרטאָפעל און ביז אַ ברעקעל קעז, וועהרענד דיא קאַססאַוואַ ברויט איז אין גאַנצען דורכ־

גענעצט געוואָרען פון דיא זומפּ־וואַסער. געהן צוריק וואָלט קיין זין ניט געהאַט. זיי וואָלטען סיי ווי סיי קיין כח ניט געהאַט צו דער־געהן דיא גאַנצע שטרעקע. און וואוהין זאָלען זיי געהן? צו דיא פיינדליכע אינדיאַנער? אלע האָבען פערלאָרען מוטה, — אַלע אויסער איעדאַ'ן. דיעזער מערקווירדיגער יונג, וועלכער איז דורכגעגאַנגען דורך טויזענדער געפאַהרען און אָבקומעניסען, איז געבליבען מונטער און ער האָט נאָך דיא אַנדערע אויך צוגעגעבען קוראזש. ווען נור ער איז צוגעקומען צו אַ פּלאָנטער פון וואָרצלען, וואו מען האָט געקענט זיך שטעלען אויף דיא קניע, האָט ער מתפלל געווען צו דער הייליגער מאַריאַ, און זיך געגעבען אַ נדר פאַר איהר צו בויען אַ קירכע. דאָס אַלץ האָט אָבער ווייניג געהאָלפען. דער זומפּיגער שטח האָט זיך געצויגען אַרום ניינציג ענגלישע מייל, און עס זיינען אַוועק דרייסיג טעג איידער דיא קאָמפּאַניע האָט דערגרייכט זיין ענד.

ווען זיי זיינען קוים מיט צרות געקומען צו פעסטע ערד, איז פון זייערע זיעבציג מאַן געבליעבען ניט מעהר וויא פינף־און־דרייסיג. און פון דיעזע זיינען אויך איינע באַלד געפאַלען טוידט — איינפאַך פון הונגער און שוואַכקייט.

ענדליך האָבען דיא איבערגעבליעבענע געפונען אַ וועג, און זיי האָבען דערגרייכט אַ אינדיאַנישען דאָרף. זיי זיינען קוים דערגאַנגען אַהין, וויא זיי האָבען זיך אַראָבגעלאָזען אויף דער ערד פון אויס־געמאַטערטקייט.

דיא אינדיאַנער האָבען זיי בעקוקט מיט בעוואונדערונג, אָבער ווען זיי האָבען זיך דערוואוסט וואָס מיט דיעזע ווייסע מענשען האָט פּאַסירט, האָבען זיי אַרויסגעוויזען „אַ מענשליכקייט, וועלכע וואָלט געווען אַן עהרע פאַר דעם פרומסטען קריסט", ווי וואַשינגטאָן אוירווינג בעמערקט. זיי האָבען אַרום זיי אַרומגעפּאַדעט וויא אַ מוטער אַרום אַ קינד. זיי האָבען זיי אַריינגעטראָגען צו זיך אין דיא הייזער, געגעבען זיי עסען און טרינקען, און זיך איינע דיא אנדערע איבער־געשטייגט אין גאַסט־פריינדליכקייט. דערוויסענדיג זיך אַז עטליכע פון דיא ווייסע זיינען נאָך געבליעבען צווישען דיא פערפּלאָנטערטע וואָרצלען פון דעם זומפּ, זיינען איינעגע אינדיאַנער אוועק אַהין מיט שפּייז און זיי געבראַכט אין דאָרף אַריין אויף דיא פּלייצעס.

פונקט אויף אַזאַ גאַסט־פריינדליכען גוט־הערציגען שטייגער זיי־

נען זיך בעגאנגען דיא אינדיאנער פון היספאניאלא מיט דיא ערשטע ווייסע מענשען, וואס זיינען צו זיי געקומען (מיט קאלומבוס'ען). דיעזע ציוויליזירטע ווייסע, וועלכע זיינען געקומען מאכען דיא ווילדע געצען־דיענער פאר קריסטען, האבען זיי אבער אפגעצאהלט מיט דעם, וואס אין א קורצע צייט האבען זיי אויסגעראטעט ביי דריי פערטעל פון אלע אינדיאנער אין היספאניאלא. און דאס זעלבע איז געוועזן כמעט אומעטום, וואו דיא ציוויליזירטע האבען זיך נאר בעוויזען, סיידען זיי זיינען געוועזן צו קליין אין צאהל.

נאך דעם וויא דיא עטליכע ווייסע האבען זיך גוט אויסגערוהט און זיך געפיהלט שטארק גענוג צו רייזען ווייטער, האבען דיא אינדיאנער זיי בעגלייט ביז א געוויסען ווייטען פונקט, טראגענדיג זייערע זאכען דעם גאנצען וועג. אויף א קאנא זיינען דיא ווייסע נאכהער אריבערגעשוואומען דיא שמאלע שטיקעל ים, וועלכע טהיילט אפ קובא פון יאמאיקא. אין יאמאיקא איז שוין געוועזן א שטיקעל שפאנישע קאלאניע און פון דארטען איז איעדרא ענדליך געקומען נאך היספאניאלא.

טאלאווערא מיט זיינע חברים זיינען פערבליבען אין יאמאיקא, אבער דיעגא קאלומבוס האט נאך זיי אהין געשיקט סאלדאטען. מען האט זיי געבראכט נאך סאן דאמינגא און דארטען האט מען עטליכע פון זיי (טאלאווערא'ן אריינגערעכענט) אויפגעהאנגען.

איעדרא איז שוין מעהר נאך דער קאלאניע ניט געפאהרען. ער איז געבליבען אין סאן דאמינגא, וואו ער האט געענדיגט זיין לעבען אין ארימקייט, אין צרות, א צובראכענער, א פערלאזענער.

ניט מעהר מזל האט געהאט דער גובערנאטאר פון דער אנדערער קאלאניע, ניקעזא. לאמיר בקיצור דערצעהלען וואס מיט איהם האט פאסירט.

נאך דעם וויא ער האט זיך געזעגענט מיט איעדרא'ן, האט ער מיט זיינע שיפען און מענשען זיך אוועקגעלאזען נאך ווערא־גוא, דיא גאלד־לאנד, וועגען וועלכע קריסטאפאר קאלומבוס האט געמעלדעט דעם שפאנישען טהראן נאך זיין לעצטע רייזע. ער איז אנגעקומען אהין אין א שטורמדיגע נאכט. דיא שוואכע שיף, אויף וועלכע ער אליין האט זיך געפונען, איז געשליידערט געווארען אהער און אהין ביז זיא איז ארויף אויף א זאמדיגען ברעג, און געפאלען אויף א זייט.

דאָן האָט דיא וואַסער דורך איהר געשטראָמט מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איהרע „נעט" האָבען ניט אויסגעהאַלטען און זיך פֿאַנאַנדערגעעפֿענט. אַ כוואַטסקער מאַטראָז האָט געכאַפּט אַ שטריק און זיך אַ לאָז געטהאָן שווימען אום צו צובינדען דעם ברעג צו אַ בוים, און אויף דיעזען אַרט צו געבען דיא איבעריגע רייזענדע אַ מעגליכקייט זיך צו ראַטעווען. דער ווילדער וואַסער־גוס האָט איהם אָבער גלייך פֿערטראָגען אָן אַ זייט, און ער איז דערטרונקען געוואָרען. עס האָט זיך גלייך געפֿונען אַן אַנדער העלדישער יונג, וועלכער איז אַריינגעשפּרונגען נאָך דיא שטריק, און דיעזער האָט שוין געהאַט מעהר מזל. ער האָט איין ברעג שטריק צוגעפֿעסטיגט צו אַ בוים, וועהרענד דעם אַנדערען ברעג האָט מען צוגעבונדען צו דער שיף, און אַזוי איז ניקעזאַ און דיא אַנדערע, צוהאַלטענדיג זיך מיט דיא הענד פֿאַר'ן שטריק, אַריבערגעקומען אויף דער יבשה.

זיי האָבען קוים פֿאָספּייעט זיך צו רעטען וויא דיא שיף איז צופֿאַלען אויף שטיקער און אַלץ וואָס זיי האָבען אויף איהר געהאַט: שפּייז, קליידער, געוועהר, געצייג — אַלץ איז פֿערשלונגען געוואָרען אין ים. אַזוי וויא דורך אַ נס, האָט אַ כוואַליע אַרויפֿגעטראָגען צו זיי אויפ'ן ברעג איינע פֿון דיא קליינע רעטונגס־שיפֿלעך, וואָס דיא שיף האָט אויף זיך געהאַט. אָבער אויף אַזאַ קליינער שיפֿל און אָהן שפּייז און אַנדערע נויטיגע זאַכען האָבען זיי ווייטער ניט געקענט פֿאָהרען.

דיא איבעריגע פֿון ניקעזאַ'ס שיפֿען זיינען געווען צוטהיילט: דיא צוויי קלענערע זיינען געווען נעהנטער צום ברעג, וועהרענד דיא גרעסערע האָבען זיך געהאַלטען ווייטער אין ים. וואָס מיט זיי אַלעמען איז פֿאָרגעקומען האָט ניקעזאַ ניט געוואוסט.

וויא דיא מעשה איז, מען האָט זיך געקענט פֿאָרשטעלען אַז דיא גרעסערע שיפֿען וועלען צופֿאָהרען צו אַ האַפֿען אין וועראַגואַ און דאָרטען וואַרטען אויף ניקעזאַ'ן; אַלזאָ איז ניקעזאַ מיט זיין אונגליקליכע קאָמפּאַניע אַוועק זוכען דעם נעכסטען האַפֿען. פֿיער פֿון דיא בעסטע מאַטראָזען און שווימער זיינען געשוואומען פֿאַזע ברעג אין דער רעטונגס־שיפֿעל, און דיא אַנדערע זיינען געגאַנגען צו־פֿוס. דאָס רוב פֿון זיי זיינען געבליבען אָהן שיך און פֿיעלע פֿון זיי זיינען געווען כמעט נאַקעט. און אַזוי האָבען זיי געמוזט קלעטערען איבער שאַרפֿע

פעלזען, דורך געדיכטע וועלדער, איבער דערנער און וואָרצלען. אָפט איז זיי אויסגעקומען צו בראָדזשען דורך זומפּען, אָדער ביסלעכווייז זיך אַריבערצושיפּען אין זייער קליין שיפעל איבער טיעפע און האַס־טיג־לויפענדע טייכען. און צו עסען האָבען זיי ניט געהאַט קיין אַנדער זאַך וויא גראָזען און וואָרצלען אָדער געוויסע זאָרטען „אויס־טערס“, וואָס דער ים האָט פון זיך אַרויסגעוואָרפען.

איין פריה־מאָרגען, נאָך דעם וויא זיי האָבען זיך אויסגעשלאָפען צווישען בוימער, האָט אַן אינדיאַנער דערזעהן איינעם פון זיי, און גלייך, פון ווייטען, האָט ער איהם געשאָסען צום טויט מיט אַ פייל. אַזוי וויא דיא קאָמפּאַניע איז געווען אָהן שום געוועהר, האָט זיי אַלעמען אָנגענומען אַ טוידט־שרעק. ווייטער האָט מען זיי אָבער ניט געטשעפּעט, און זיי האָבען פאָרטגעזעצט זייער צרה'דיגע רייזע אונ־געשטערט. אין איין פלאַץ האָט דיא שיפעלע זיי ביסלעכווייז אַרי־בערגעפיהרט איבער אַן אַריין־גוס פון ים. זיי האָבען געמיינט אַז זיי געפינען זיך דאָ אויף דער הויפּט־לאַנד. זיי האָבען זיך אָבער אַרומגעזעהן אַז זיי זיינען גאָר אויף אַן אינזעל. און איבער נאַכט איז פערשוואונדען דיא שיפעלע מיט דיא פיער מאַטראָזען. דיא איבעריגע האָבען גערופען צו זיי מיט פערצווייפעלטע קולות, אומ־לויפענדיג און זוכענדיג זיי. עס איז אָבער אַלץ געווען אומזיסט.

זיי זיינען געבליבען אויפ'ן אינזעל הילפלאָז וויא ראָבינזאָן קרוזאָ. פיעלע פון זיי האָבען געבראָכען מיט דיא הענט, געוויינט, געיאָמערט, געשריען צו גאָט; אַנדערע האָבען פון פערצווייפלונג גע־רעוועט וויא דיא וואַהנזיניגע; וועהרענד עטליכע זיינען געזעסען שטיל, פערפינסטערט, וואַרטענדיג אויפ'ן הונגער־טוידט אָהן ווערטער.

אויפ'ן אינזעל איז ניט געווען קיין איינציגער וואַסער־קוואַל, און קיין אַנדערע שפּייז וויא גראָזען און וואָרצלען. דאָרטען צו פער־בלייבען וואָלט פּשוט הייסען שטאַרבען פון הונגער און פון דורשט. ניקעזאַ האָט זיינע מענשען צוגעגעבען מוטה צו בויען אַ פליט פון קלעצער, צוגויפגעבונדען מיט ווייטשעס, כדי צוריק זיך אומצוקעהרען צו דער הויפּט־לאַנד. אָהן שום געצייג איז אַפילו אַזאַ פליט אויך שווער געווען צו מאַכען; און ווען ער איז שוין ענדליך וויא עס איז פאַרטיג געוואָרען, איז ניט געווען קיין וויאָסלעס איהם צו פיהרען. עטליכע גוטע שווימערס האָבען זיך גענומען שווימענדיג דעם פליט

צו שטופּען מיט די הענט. דערצו האָט זיך אָבער געפּאָדערט מעהר כחות ווי דער לאַנגער הונגער האָט אין זײ איבערגעלאָזען.

אײן טאָג נאָכ'ן אַנדערען איז אַזוי אַוועק. עס איז ניט געווען אַ מעת לעת, וואָס אימיצער זאָל ניט שטאַרבען — דער פון הונגער, דער פון פערצווייפלונג און האַרץ־וועהטאָג. פּיעלע פון די, וואָס זײנען לעבען געבליבען, זײנען געווען אַזוי אָבגעשוואַכט, אַז זײ האָבען געמוזט אַרומפּויזען אויף אַלע פיער אום צו זוכען די גראָזען, וואָס זײ האָבען געגעסען.

אײן מאָל האָבען זײ דערזעהן אַ זעגעל פון ווייטען. זײ האָבען גענומען ציטערען טאָמער בעמערקען די רייזענדע זײ ניט און פער־נעהמען זיך אָן אַ זייט. זייער מורא איז אָבער געווען אַן אומזיסטע. דאָס איז געווען אײנע פון ניקעזאַ'ס קלענערע שיפען, און אויף איהר האָבען זיך אויך געפונען די פיער מאַטראָזען וואָס זײנען פערשוואונ־דען מיט די קלײנע רעטונגס־לאָדקע. דיעזע פיער האָבען געגלויבט אַז ניקעזאַ טהוט ניט ווי עס בעדאַרף צו זײן. זײ האָבען גערעכענט, אַז די אַנדערע שיפען וואַרטען אויף איהם ערגעץ וואו אין אַ האַפען צו מזרח זייט, און אַז ער געהט בלויז פון זײ אַוועק אַלץ ווייטער און ווייטער. שטעלען זיך געגען ניקעזאַ'ס מיינונג האָבען זײ ניט גע־סמייעט. אַלזאָ האָבען זײ זיך מישב געווען בײנאַכט זיך אַוועקצו־לאָזען אויף זייער לאָדקע זוכען יענע שיפען. און, נאָך עטליכע טעג פון שווערע אַרבייט און געפאַהרען, האָבען זײ זײ טאַקע געפונען; און איצט, אַלזאָ, זײנען זײ געקומען רעטען ניקעזאַ'ן מיט די אַנדערע.

ענדליך איז ניקעזאַ זיך צוזאַמענגעקומען מיט אַלע אַנדערע פון זײנע נאָכפאָלגער. יענע האָבען אויך געהאַט אויסצושטעהן גרוי־סע צרות און אין זייער קאָמפּאַניע האָבען אויך פיעלע דעם לעבען פערלאָרען. אין סך הכל זײנען אויף דער רייזע אומגעקומען אַזוי פיעל, אַז פון די 700 מאַן, וואָס ניקעזאַ האָט מיטגענומען פון סאַן דאָמינגאָ, זײנען איצט געבליעבען ניט מעהר ווי פיער הונדערט, און פון דיעזע פיער הונדערט זײנען איצט פיעל געווען מעהר טויטע ווי לעבעדיג.

די פיער מאַטראָזען פון דער רעטונגס־לאָדקע האָבען ניקעזאַ'ס שיפען געפונען אין דעם זעלבען טייך בעלען, וואו קריסטאָפאָר קאָלומבוס און זײן ברודער באַרטהאָלאָמיי האָבען זיך אָנגעליטען די

גרעסטע צרות אויף דעם ענטדעקער׳ס לעצטע רייזע. דאָרטען איז ניקעזא איצט זיך צוזאַמענגעקומען מיט זיין פלאָטע. דיא זעלבע אַרומיגע אינדיאַנער, וועלכע האָבען פיינדליך בעהאנדעלט קאָלומבוס׳ען, האָבען זיך איצט אויף אַן עהנליכען שטייגער פערהאַלטען צו דיעזע שפּאַניער. פיעלע פון דיא ווייסע, וואָס זיינען געגאַנגען זוכען עסענוואַרג, זיינען אויסגע׳הרג׳עט געוואָרען.

דיא, וועלכע זיינען געבליבען לעבען און האָבען בעקומען שפּייז, האָבען דאָס געמוזט טראָגען אויפ׳ן פּלייצע, קלעטערענדיג איבער שאַרפע פעלזען, שלעפּענדיג זיך דורך געדיכטע וועלדער און זומפּען. ענדליך האָט ביי ניקעזא׳ס מענשען געפּלאַצט דיא געדולד. זיי האָבען זיך גענומען בעקלאָגען אויף זייער שיקזאַל, בעשולדיגען זייער גובערנאַטאָר, אז ער שיקט זיי אויף דיא שווערסטע און געפעהרליכסטע שליחות אום פון זיי נקמה צו נעהמען פאַר וואָס זיי זיינען אזוי גיך ניט געקומען איהם רעטען. ער, פון זיין זייט, איז פון צרות געוואָרען נערוועז און בייז און האָט בלויז פערגרעסערט דיא אונצופריעדענהייט.

דער הונגער איז ניט פערקלענערט געוואָרען. וויא ווייט עס איז דערגאַנגען קען מען זיך פאָרשטעלען פון דעם פאָלגענדען פאַקט: ווען דרייסיג שפּאַניער האָבען אויפ׳ן וועג געפונען א האַלב־צופוילטען קערפּער פון א טויטען אינדיאַנער, האָבען זיי איהם אויפגעגעסען. פון דעם זיינען זיי קראַנק געוואָרען און געשטאָרבען ביז איינעם.

ניקעזא האָט זיך בעשלאָסען דיעזען אונגליקליכען פּלאַץ צו פערלאָזען. מיטנעהמענדיג דיא גרעסערע טהייל פון זיינע מענשען, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזען צוריק צו מזרח צו, זוכען א בעסערען אָרט פאַר זיין קאָלאָניע. דיא איבעריגע זיינען פּאָרלויפיג פערבליבען ביי דעם טייך בעלען. זיי האָבען דאָרטען פערזייט שפּייז, — האָבען זיי גע־וואָלט וואַרטען ביז עס וועט אויסוואַקסען.

אויפ׳ן וועג איז ניקעזא געקומען צו א האַפען, וועלכען קאָלומבוס האָט א נאָמען געגעבען פּאָרטאָ בעללאָ (דער שעהנער האַפען). ער האָט מיט זיך געהאַט א מאַטראָז וואָס איז דאָרטען געוועזען מיט דעם ענטדעקער, און יענער האָט אָנגעוויזען דעם פּלאַץ. באַלד האָט מען דאָ זאָגאַר געפונען אַן אַנקער, וואָס קאָלומבוס האָט איבערגעלאָזען. אָבער דאָ זיינען אויך אינדיאַנער בעפאַלען איינינע פון דיא ווייסע;

און קעמפפען געגען זיי האבען דיא אויסגעהונגערטע, אויסגעמאטערטע שפאניער קיין כח ניט געהאט. מען איז דעריבער געשוואומען ווייטער, ביז ניקעזא האט געפונען א פרוכטבארען ארט, וועלכער איז אויך געווען גוט פאר א פעסטונג. „אין גאט'ס נאמען, לאמיר זיך דא אבשטעלען" — האט ער געזאגט, און ער האט זיך דא ווירקליך אבגעשטעלט. דעם פלאץ האט זיין קאמפאניע דעריבער א נאמען געגעבען „נאמבר דע דיאס" (גאטס נאמען), און אזוי רופט מען דאס עד היום.

נ א מ ב ר ד ע ד י א ס האט אלזא געזאלט ווערען א שטאדט — דיא הויפטשטאדט פון ניקעזא'ס קאלאניע. דא האבען זיך אבער אנגעהויבען דיא געוועהנליכע צרות — הונגער און פיינדליכע אינדיאנער — און דער סוף איז געווען א גאנץ טרויעריגער.

ניקעזא האט צוערשט גענומען בויען א פעסטונג, נאך זיין פלאן נאך; אבער דיא אויסגעמוטשעטע שפאניער האבען דערצו קיין כח ניט געהאט און דיא אונטערנעהמונג האט בלויז ארויסגערופען נייע אונצופריעדענהייט מיט דעם גובערנאטאר. ווען ניקעזא האט געשיקט נאך דיא, וואס זיינען איבערגעבליבען אויף דעם פריהערדיגען ארט, ביי דעם טייך ב ע ל ע ן, האט זיך ארויסגעצייגט אז פיעלע פון זיי זיינען אויסגעשטארבען פון הונגער, און אז דיא איבעריגע זיינען געצוואונגען געווען צו עסען אלערליי ארומקריכענדיגע בעשעפעניסען. אין סך הכל זיינען פון ניקעזא'ס 700 מאן איצט געבליעבען קוים הונדערט, און דיעזע זיינען אויך אויסגעגאנגען איינער נאך דעם אנדערען, ביז עס איז בלויז געבליבען זעכציג.

ווען דיא קאלאניע איז געווען אין דיעזער טראגישער לאגע, איז צו זיי איין מאל אונערווארטעט געקומען א שפאנישע שיף. צו ניקעזא'ס אונבעשרייבליכע איבערראשונג זיינען דיא געסט געווען שלוחים פון דער קאלאניע, וואס איעדא האט איבערגעלאזען — שלוחים צו איהם, ניקעזא'ן, איהם איינצולאדען צו קומען רעגירען איבער יענע קאלאניע.

דיעזע שלוחים האבען ניקעזא'ן געפונען אין א שוידערליכען צושטאנד. דער שפאנישער אריסטאקראט, א מיטגליעד פון דער קעניגליכער סוויטע, איז איצט געווען שרעקליך פערשמוציגט, פערוואקסען און פארווערימט. דיא איבעריגע פון זיין קאמפאניע הא־

בען אויסגעזעהן ניט בעסער, און אַלע זיינען זיי געווען געל, אויס־געדאַרט, פער׳חושך׳ט און אַזוי אָבגעשוואכט, אַז קוים וואָס זיי האָבען געקענט ריידען. דיא שיף האָט אָבער מיט זיך געבראַכט שפייז, וואַסער און דיא אונגליקליכע זיינען אַביסעל געקומען צו זיך.

דיא שלוחים האָבען דערצעהלט דאָס פאָלגענדע:

דעם דאָרף סאַן סעבאַסטיאַן זיינען אָיעדאַ׳ס קאָלאָנים־טען געצוואונגען געווען צו פערלאָזען. זיי האָבען זייער קאָלאָניע אַריבערגעטראָגען אויף דער אַנדערער זייט, דאָס הייסט אויף דער מערב׳דיגער זייט פון דעם אוראַבאַ גאָלף. דאָרטען האָבען זיי בעזיעגט דיא אינדיאַנער פון אַ שטעדטעל מיט׳ן נאָמען דאַריען, וואו זיי האָבען זיך בעזעצט. בלויז צו דעם אינדיאַנישען נאָמען „דאַריען“ האָבען זיי צוגעלייגט דעם רעליגיעזען קריסטליכען נאָמען סאַנטאַ מאַריאַ (הייליגע מאַריאַ) און האָבען איהר גערופען סאַנטאַ מאַריאַ דעל דאַריען. דאָס איז אַלזאָ געווען דיא נייע הויפּט־שטאָדט פון אָיעדאַ׳ס קאָלאָניע. דאָרטען געפינט זיך איצט דער אַדוואָקאַט ענציזאָ, אָיעדאַ׳ס רייכער פריינד, וועמען ער האָט נאָך פריהער געמאַכט פאַר הויפּט־ריכטער פון זיין קאָלאָניע. אָיעדאַ איז ניטאָ און, נאָך זיין אָפּמאַך מיט זיינע קאָ־לאָניסטען, זיינען זיי פון איהם פריי (ווייל ער איז ניט געקומען צוריק אין פופציג טעג נאָך דעם וויא ער איז אַוועקגעפאָהרען נאָך פּראָ־וויאַנט). ענציזאָ געפעהלט זיי ניט אַלס גובערנאַטאָר. אַזוי אָבער וויא דאַריען ליעגט גראָד אויף ניקעזאַ׳ס זייט פון דעם גרענעץ צווי־שען זיין הערשאַפט און אָיעדאַ׳ס (וואָרים דיעזער גרענעץ האָט זיך געצויגען איבער׳ן מיטען פון דעם אוראַבאַ גאָלף), דעריבער האָבען דיא קאָלאָניסטען פון דאַריען זיך בעשלאָסען צו שיקען איהם אויפזוכען און איהם רופען רעגיערען איבער זיי. דערביי האָבען דיא שלוחים דערצעהלט, אַז דאַריען איז אַ גוטער געגענד און אַז דאָרטען געפינט זיך גאָלד.

אַז דאָס אַלץ איז פאַר ניקעזאַ׳ן געווען אַן אונבעשרייבליך פרעה־ליכע איבעראַשונג, איז איבעריג צו זאָגען. ליידער האָט אָבער דיא איבעראַשונג לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. אין אַ פּאָר שטונדען אַרום, ווען ער האָט גוט אָבגעגעסען און פערטרונקען מיט וויין, האָט ער זיך שוין גענומען פיהלען אַלס דער גובערנאַטאָר פון דאַריען, און אַלס

אזעלכער האָט ער גענומען רײדען מיט אַן אָפיציעלען, שטרײנגען טאָן. װען ער האָט פון דיא שלוחים געהערט, אַז דיא דאַריאַנער קאָלאָ־ניסטען האַנדלען בײ זײערע רויט־הויטיגע שכנים אײן גאָלד פאַר גלעזערנע פּאַטשערקעס, האָט ער בײז ערקלעהרט, אַז בײ איהם װעט דאָס ניט אָנגעהן, — אַז ער װעט דיא קאָלאָניסטען צװינגען אָבצו־געבען דיא גאָלד צו דער רעגיערונג, װייל לויט דעם געזעץ מוז יעדע ברעקעל פון דעם טהײערען מעטאַל געהערען צום שפּאַנישען טהראָן.

דיעזע ערקלעהרונג האָט איהם טהײער געקאָסט.

דיא שלוחים האָבען זיך געזעגענט און זײנען אָבגעפאָהרען, און ניקעזאַ מיט זײנע 60 מאַן זײנען נאָך זײ נאָכגעפאָהרען שפּעטער אַ ביסעל. װען דיא לעצטע זײנען אַהין אָנגעקומען, האָבען זײ װיעדער געהאַט אַן איבערראַשונג, אָבער שוין גאָר פון אַן אַנדער זאָרט: װען זײערע שיפען זײנען צוגעקומען נאָהענט צום ברעג האָט אַ מאַסע מענשען זײ בעגעגענט מאַכענדיג מיט דיא הענט, שימפּפענדיג און שרײענדיג, אַז זײ זאָלען ניט סמײען אַראָפּצוגעהן פון זײערע שיפען.

ניקעזאַ האָט ניט פערשטאַנען װאָס דאָס בעדײט. ער האָט צוערשט אפילו ניט חושד געװען, אַז זײן נאַרישע אָפיציעלע שטרײנג־קײט נאָך אײדער ער איז אַהער געקומען איז געװען דיא אורזאַכע פון דיעזען „ברוך הבא“. ער האָט ניט פערשטאַנען, אַז װען דיא שלוחים האָבען אין דאַריען דערצעהלט, װאָס ער האָט געזאָגט, האָט דער עולם זיך בעשלאָסען איהם ניט אַרויפצולאָזען אויפ'ן ברעג.

מען האָט איהם איצט זאָגאַר שיער ניט דער'הרג'עט צום טויט. אום פון איהם פטור צו װערען, האָבען איהם שפּעטער אײניגע פון דיא דאַריאַנער כלומרשט ערלויבט אַראָפּצושטײגען און דאַן איז מען איהם בעפאַלען מיט געװעהר, אַזוי אַז ער האָט זיך קוים געראַטעװעט. אײנער פון דיא דאַריאַנער קאָלאָניסטען האָט אויף איהם רחמנות געהאַט, און געאַרבײט מען זאָל איהם לאָזען בלײבען; עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. ניקעזאַ אַלײן האָט זיך געבעטען, אַז מען זאָל איהם האַלטען אַ געשמידטען אין קײטען, אַבי ניט צװינגען צוריק צו פאָה־רען. אָבער דאָס האָט אויך ניט געװירקט.

דער אָנפיהרער פון דער פּאַרטײ, װאָס האָט געפאָדערט אַז ער זאָל ניט אַנדערש פערלאָזען דאַריען, איז געװען אײנער זאַמודיאַ,

אַ ריכטער, וועלכער האָט געוואָלט זיין זיכער מיט זיין שטעלע. ני־קעזאַ וואָלט געווען אַן אייביגע לעבעדיגע געפאַהר פאַר איהם מיט אַלע דיא וואָס האָבען געוואָלט האַנדלען גאָלד ביי דיא אינדיאַנער.

קורץ, ניקעזאַ'ן און 17 פון זיינע טרייע אנהייגגער האָט מען אַרויפגעזעצט אויף אַ צרה'דיגע שיף, דיא ערגסטע וואָס מען האָט געקענט געפינען, און געצוואונגען אַוועקצופאָהרען.

מעהר האָט פון איהם קיינער ניט געהערט. עס איז כמעט זיכער, אַז דיא שיף מיט דיא אונגליקליכע 18 רייזענדע איז דער־טרונקען געוואָרען אין אַ שטורם.

III.

## דיא ענטדעקונג פון דעם שטילען אָקעאַן.

וואַסקאָ נונעז דע באַלבאָאַ. — ארויפגעגנב'עט זיך אויף ענ־ציזא'ס שיף אין אַ פאַס. — בעגעגענט מיט פראנציסקא פיזאררא'ן און אָיעדא'ס קאָלאָניסטען. — אַ ווילדער מאַניפעסט פון ציוויליזירטע און אַ ציוויליזירטער אַנטוואָרט פון אַ ווילדען. — ענציזא און פיזאררא מיט זייערע מענשען פאָהרען נאָך סאן סעבאסטיאן. — וויעדער הונגער און צרות. — אויף באַלבאָאַ'ס ראַטה ציהט מען איבער דיא קאָלאָניע נאָך דאַ־ריען. — מען ווערט פטור פון ענציזא'ן. — באַלבאָאַ ווערט קאָמאַנדיר. — צוויי שפּאַניער בעצאָהלען אַן אינדיאַנער פאַר פריינדליכקייט מיט פעררעטה. — באַלבאָאַ בעקומט דיא שעהנע טאָכטער פון אַן אינדיאַנער־עלסטען אַלס צייכען פון פריינדשאַפט. — אַ וויזיט און אַ קריגעריי איבער גאָלד. — אַן אינדיאַנער רעדט צו דיא גאָלד־דורשטיגע ציווי־ליזירטע מיט פעראַכטונג און זאָגט זיי וועגען אַ גרויסען ים אויף יענער זייט פון דיא בערג. — באַלבאָאַ לאָזט זיך אַוועק נאָך יענעם געגענד. — ער זעהט דעם שטילען אָקעאַן. — אַ היסטאָרישער מאָ־מענט. — דער נייער גובערנאַטאָר פּעדראריאס. — באַלבאָאַ לאָזט טראָ־גען שיפען איבער דיא בערג. — מלחמות מיט אינדיאַנער, ווייטערע סבות און לעבענס־געפאַהרען. — דיא אייפערזוכט פון אַ שפּאַניער אי־בער באלבאָאַ'ס רויט־הויטיגע פרוי. — באַלבאָאַ'ס טראגישער סוף.

אויף דער סצענע טרעט אַרויס אַ נייע פּערזאָן — אַ מאַן, וועלכער איז שפּעטער בעריהמט געוואָרען אַלס דער ערשטער ווייסער מענש, וואָס האָט פון דעם אַמעריקאַנער ברעג געזעהן דיא כוואַליעס פון דעם שטילען אָקעאַן.

אום מיט איהם בעקאַנט צו ווערען מוזען מיר זיך אויף אַ ווײַלע אומקעהרען צוריק צו אַ פּאַסירונג פון דעם פריהערדיגען קאַפּיטעל. מיר האָבען דאָרטען געזעהן, אַז ענציזאָ, דער אַדוואָקאַט, איז געקומען נאָך אָיעדאַ'ס קאָלאָניע פון סאַן דאָמינגאָ, היספּאַניאָלאַ. ווען

ער האָט זיך געקליבען אָבצופאָהרען פון סאַן דאָמינגאָ, האָבען פיעלע פון דיא דאָרטיגע איינוואוינער געהאַט חשק מיט איהם מיטצופאָהרען אום צו אַנטלויפען פון זייערע בעלי חובות. דיא בעלי חובות האָבען זיי אָבער געהיט, און האָבען גע'פועל'ט ביי דעם וויצע־קעניג, דיעגאָ קאָלומ־בוס, אַז אַ רעגיערונגס־שיף זאָל בעגלייטען ענציזאָ'ס שיפען ביז זיי וועלען שוין זיין אין דעם אָפענעם ים, און צוקומען צו איהר אויף קליינע שיפלעך וועט שוין זיין אונמעגליך.

ענציזאָ איז אָבגעפאָהרען מיט אַ קאָמפּאַניע (וועלכע איז געוועזען פריי פון חובות) און מיט אַ סך פּראָוויאַנט. ווען זיין שיף איז שוין געוועזען ווייט פון היספּאַניאָלאַ, איז פּלוצלונג פון אַ פאַס אַרויסגע־קראָכען אַ שעהנער געזונטער יונגער מאַן, וועלכער האָט זיך פאָרגע־שטעלט אַלס ו ו א ס ק א נ ו נ ע ז ב א ל ב א א, אַ שפּאַניער פון אַן אַדעליגע פאַמיליע. ער האָט געהאַט אַ שטיקעל מאַיאָנטעק אין היספּאַניאָלאַ; ער האָט זיך אָבער פערפּלאָנטערט אין שולדען, פון וועלכע ער האָט געוואָלט אַנטלויפען. אַלזאָ, האָבען זיינע פריינד איהם פערשלאָגען אין אַ פאַס און דיא פאַס געבראַכט אויפ'ן שיף כלומרשט אַלס אַ טהייל פון דיא פראַכט.

ענציזאָ, אַלס צוקינפטיגער ריכטער, איז געוועזען מלא רציחה פאַר וואָס באַלבאָאַ איז געגאַנגען געגען דיא געזעצע, און האָט געסטראַ־שעט איהם אַרויסצוזעצען אויף אַ ווילדען ברעג. אָבער באַלבאָאַ, וועלכער איז געוועזען אַ סימפּאַטישער יונג און איז אַלעמען געפעלען געוואָרען, האָט מיט זיינע רייד אויף ענציזאָ'ן אויך געמאַכט אַ גוטען איינדרוק, און ביי דעם ריכטער איז ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען דער כעס.

דיא שיפען זיינען צוגעקומען צו קאַרטהאַגענאַ. דאָרטען האָבען דיא רייזענדע צוערשט געהאַט אונאַנגענעהמליכקייטען מיט דיא אינ־דיאַנער. אָבער מיט אַ פּאָר פריינדליכע ווערטער האָט איינער פון ענציזאָ'ס קאָמפּאַניע, אַ שפּאַניער, וועלכער האָט געקענט ריידען זייער שפּראַך, פון בלוט־שונאים זיי אין דיא איבערגעבענסטע פריינד פערוואַנדעלט.

באַלד איז אין קאַרטהאַגענאַ אָנגעקומען אַן אַנדער שפּאַנישע שיף. עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז אויף איהר האָבען זיך געפונען אָיעדאַ'ס קאָלאָניסטען מיט דעם אויבען דערמאָהנטען פ ר א נ צ י ס־

ק אָ פּ י ז אַ ר ר אָ (דעם צוקינפטיגען ענטדעקער און עראָבערער פון פּערו) אַלס קאָמאַנדיר. דער לעזער וועט זיך עראינערען, אַז ווען אָיעדאַ איז אַוועק פון סאַן סעבאַסטיאַן נאָך פּראָוויאַנט, האָט ער פּיזאַררא׳ן איבערגעלאָזען אַלס הערשער פון דער קאָלאָניע ביז ער וועט זיך אומקעהרען. ווען עס זיינען פאָראיבער דיא 50 טעג וועלכע דיא קאָלאָניסטען האָבען אָבגעמאַכט מיט אָיעדאַ׳ן צו וואַרטען אויף איהם, האָבען זיי זיך בעשלאָסען אומצוקעהרען זיך נאָך היספּאַניאָלאַ. דאָ איז אָבער געווען אַזאַ צרה: קאָלאָניסטען זיינען געווען זיעבעציג און דיא צוויי צרה׳דיגע שיפלעך, וואָס זיי האָבען געהאַט, זיינען ניט געווען אין שטאַנד צו פיהרען אַזוי פיעל. אין זייער פערצווייפלונג האָבען זיי בעשלאָסען צו וואַרטען ביז עס וועלען פון הונגער אויס־שטאַרבען אַזוי פיעל פון זיי, אַז פאַר דיא איבערגעבליבענע זאָל זיין גענוג פּלאַץ אויף דיא שיפלעך. מען האָט לאַנג ניט בעדאַרפט וואַר־טען. דער הונגער האָט דיא צאָהל שנעל פערקלענערט, ביז דיא לעבעדיג־געבליבענע האָבען שוין געקענט אַוועקפאָהרען.

אויפ׳ן וועג איז איינע פון דיא צוויי שיפלעך דערטרונקען גע־וואָרען, און דיא אַנדערע, וואו פּיזאַררא האָט זיך געפונען, האָט זיך וויא עס איז צוגעשלאָגען צו דעם קאַרטהאַגענער האַפען. פּיזאַררא מיט זיינע מיטרייזענדע זיינען דאָ אַלזאָ צוגעשטאַנען צו ענציזאָ׳ן מיט זיינע מענשען.

דאָ האָט ענציזאָ געהערט פון אינדיאַנער וועגען אַ געגענד מיט׳ן נאָמען ז ע נ ו, צו מערב צו, וואו דיא בערג זיינען אַזוי פול מיט גאָלד, אַז ווען דיא רעגענס שווענקען דאָס אַראָפּ אין דיא טייכען אריין, פאַנגט מען דעם טהייערען מעטאַל מיט נעצען, אַזוי וויא פיש, און אַז אָפט כאַפּט מען אויף דיעזען אַרט אַ שטיק גאָלד אַזוי גרויס וויא אַן איי. מען האָט אויך געזאָגט, אַז ז ע נ ו איז אַ מין היילינגער פּלאַץ ביי דיא אינדיאַנער, אַז זיי האַלטען דאָרטען זייערע טויטע, וועלכע זיי בעפּוצען מיט פיעל גאָלד.

ווען ענציזאָ האָט דאָס דערהערט האָט ער ניט גערוהט ביז ער האָט זיך אַוועקגעלאָזען נאָך זענו מיט דעם צוועק צו בעראַבעווען דיא אינדיאַנישע קברים און צו כאַפּען שטיקער גאָלד מיט נעצען.

ווען ער איז אַהין אָנגעקומען, זיינען געגען איהם אַרויסגעטראָ־טען צוויי קאַסיקען (אינדיאַנישע עלטסטע) מיט זייערע מחנות. ענ־

ציזאָ האָט צוערשט געפּרופט מיט גוטען. ער האָט געהייסען פאַר־לעזען און איבערזעצען פאַר זיי דעם געוועהנליכען שפּאַנישען מאַ־ניפעסט וועגען גאָט און דעם היילינען פעטער און וועגען דעם, וויא דער פּאַפּסט, אַלס פאָרשטעהער פון גאָט, האָט דיא גאַנצע נייע וועלט אַוועקגעגעבען צו שפּאַניען. דער אַנטוואָרט וואָס ער האָט בעקומען פון איינעם פון דיא צוויי קאַסיקען, איז אינטערעסאַנט.

„דער פּאַפּסט האָט געמוזט זיין שכור, ווען ער האָט אַוועקגע־שאָנקען לאַנד וועלכע געהערט צו איהם ניט" — האָט דער אינדיאַנער געזאָגט, — „און אויב דער קעניג האָט געבעטען לענדער, וואָס בע־לאַנגען צו אַנדערע מענשען, איז אַ סימן אַז ער איז ניט אין גאַנצען ביים זינען. אויב ער וועט קומען צו אונז אַוועקנעהמען אונזער לאַנד, וועלען מיר איהם אָפּשניידען דעם קאָפּ, און איהם אַרויפשטעקען אויפ׳ן שפּיז פון אַ שטאַנג, וויא מיינע ברידער טהוען אימער מיט שונאים."

ענציזאָ האָט אָנגעפאַנגען צו אַרגומענטירען מיט שטאָהל און בליי. דיא שפּאַניער האָבען געזיעגט. אָבער צוויי פון זיי זיינען געשטאָרבען אין שרעקליכע יסורים פון פערגיפטעטע פיילען; צו געהן פאַנגען גאָלד מיט נעצען און בעראַבעווען דיא קברים איז ענציזאָ׳ן דעריבער שוין ניט געלעגען אין זינען. ער האָט זיך געאיילט צו פּאָהֿ־רען נאָך סאַן סעבאַסטיאַן, וואו אָיעדאַ׳ס קאָלאָניע האָט געזאָלט זיין, און פּיזאַררא מיט זיינע חברים האָבען זיך געלאָזען איבעררײדען און זיינען אויך געפאָהרען צוריק.

ווען ענציזאָ האָט געהאַלטען ביים אַריינשווימען אין דעם האַפען פון סאַן סעבאַסטיאַן, האָט זיין שיף אָבגעשלאָגען אָן אַ פעלז און איז צושמעטערט געוואָרען. איהרע מענשען האָבען זיך קוים גערע־טעט אויף פּיזאַררא׳ס שיפעל. אָבער דיא פּראָוויאַנט, בהמות, פערד, געוועהר און אַלע אַנדערע ווערטה־זאַכען — ענציזאָ׳ס גאַנצער פער־מעגען — זיינען אַראָפּ צום גרונט.

ווען דיא קאָמפּאַניע איז אַרויס אויפ׳ן ברעג, האָבען זיי געפונען אַז אָיעדאַ׳ס פעסטונג און דיא אַרומיגע הייזער זיינען ניט מעהר וויא אַ באַרג אַש. דיא אינדיאַנער האָבען דאָס אַלין אונטערגעצונדען.

מען האָט זיך געשפּייזט מיט אַ געוויסען זאָרט ניס און מיט דיא פלייש פון אַ ווילדען מין שווײנען. ווען מען האָט געפּרופט זוכען

אַנדערע עסענוואַרג, זיינען בעפאַלען אינדיאַנער, און עטליכע ווייסע זיינען פערוואונדעט געוואָרען. אַ שרעק האָט אָנגענומען דיא קאָ־לאָניסטען, און ענציזאָ אַליין האָט אויך פערלאָרען מוטה.

דאַן איז וואסקא נונעז באַלבאָאַ, דער אַדעליגער, וועמען מען האָט אַרויפגע'גנב'עט אויף ענציזאָ'ס שיף אין אַ פאַס, אַרויסגעטראָ־טען מיט אַ פאָרשלאַג. ער האָט אין דיעזע געגענדען געקייזט מיט עטליכע יאָהר צוריק. ער איז מיט זיי גוט בעקאַנט געוועזן. אַלזאָ האָט ער געוואוסט, אז אויף דער אַנדערער זייט פון דעם אוראַבא גאָלף זיינען דיא אינדיאַנער פריעדליכער און געברויכען קיינמאָל ניט קיין גיפטיגע פיילען; אַז דיא לאַנד איז דאָרטען בעסער און אַז דאָרטען, אויף דעם ברעג פון אַ טייך, געפינט זיך אַ פיינער אינדיאַ־נישער דאָרף מיט'ן נאָמען ד אַ ר י ע ן, וואו עס וואָלט געוועזען כדאי זיך צו בעזעצען. ער האָט דעריבער געראַטהען דיא קאָלאָניע איבער־צוציהען אהין.

באַלבאָאַ'ס עצה איז אָנגענומען געוואָרען; און אויף דיעזען אָרט איז דאָס ד אַ ר י ע ן געוואָרען דיא הויפט־שטאָדט פון דער קאָלאָניע, וויא אויך דער נאָמען פון דעם גאַנצען געגענד און שפעטער אויך פון דעם גאַנצען איסטהמוס, וועלכער איז איצט מעהר בעקאַנט מיט דעם נאָמען פאַנאַמאַ.

ענציזאָ איז דאַריען בעפאַלען, און איינגענומען. דאַן האָט ער אָנגעפאַנגען צו בעראַבעווען דיעזען דאָרף און דיא אַרומיגע דערפער. ער האָט אָנגערויבט אַ מאַסע שפייז, באַוועל, גילדערנע בראַסלעטען און אַנדערע גילדערנע ציערונגען. אין סך הכל האָט זיין רויב בע־טראָפען ביז צעהן טויזענד קאַסטעללאַנאָס (העכער וויא 150 טויזענד דאָללאַר). דאַן האָט ער, לכבוד זיין זיעג, צוגעלייגט דעם הייליגען טיטעל צו דעם אינדישען נאָמען, און אַזוי איז אַרויסגעקומען דער נאָמען ס אַ נ ט אַ מ אַ ר י א ד ע ל ד אַ ר י ע ן, וויא אויבען איז שוין דערמאָהנט געוואָרען.

ענציזאָ איז אַלזאָ געוואָרען הערשער איבער דער קאָלאָניע. ער איז אָבער געוועזן צו שטריינג. ער איז בעגאַנגען דעם זעלבען פעהלער וויא דער אונגליקליכער ניקעזאַ: ער האָט ערקלעהרט, אַז גאָלד בע־לאַנגט צו דער קרוין און האָט דיא קאָלאָניסטען ניט ערלויבט דאָס צו

בעקומען פאַר זיך אַליין. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער עולם האָט זיך גענומען בונטעווען.

באַלבאָא איז אַרויסגעטראָטען אַלס איינער פון די אָנפיהרער און מיט דעם איז ער געשטיגען אין פּאָפּולאַריטעט, הגם ער איז פריהער אויך געווען דער אַלגעמיינער ליעבלינג, און דער פאַקט, אַז ער האָט דאָס געראַטהען צו פאָהרען נאָך דאַריען האָט איהם צוגע־געבען ספּעציעלע וויכטיגקייט אין דעם עולם'ס אויגען.

באַלבאָא האָט דאָס אָנגעוויזען, אַז דאַריען געפינט זיך אויף ניקועזאַ'ס זייט פון דעם גרענעץ, און דאָס האָט געהייסען, אַז אָיעדאַ און זיין ריכטער ענציזאָ האָבען דאָ קיין שום דעה ניט. פאַר ריכ־טער האָט מען דאָ געמאַכט באַלבאָאַ'ן און דעם אויבען דערמאָהנטען זאַמודיאָ'ן, און דאַן איז דאָס געבליבען אַ פּלאַן צו שיקען רופען ניקועזאַ'ן, אַז ער זאָל ווערען דער גובערנאַטאָר פון דער קאָלאָניע.

מיט וואָס דאָס האָט זיך אויסגעלאָזען וועט שוין דער לעזער מיר ווענען בלויז צולייגען, אַז באַלבאָא איז דאָס געווען דער, וואָס האָט אויף ניקועזאַ'ן רחמנות געקראָגען, און געאַרבייט דאַפיר אַז מען זאָל איהם ערלויבען צו פערבלייבען אין דאַריען. אָבער זאַמודיאָ, וועלכער איז געווען דער אָנפיהרער פון דער אַנדערער פּאַרטיי, האָט אויסגעפיהרט. ער איז ווירקליך געווען אַ סימפּאַטהישער יונג, באַל־באָא, אַ ליעבליכער, אַן אָפען־הערציגער און אַ וואַרים־הערציגער, הגם קיינער האָט ניט געקענט קעמפּפען מיט אַזאַ ווילדע העלדישקייט וויא ער. דערצו נאָך איז ער געווען שעהן און קרעפטיג געוואַקסען, הויך און מיט אַן אַנגענעהמע געזיכט. קורץ, הגם אויסגעפיהרט האָט זאַ־מודיאָ, איז דער ליעבלינג פאָרט געווען ער, באַלבאָא.

ענציזאָ'ן האָט מען געשמידט אין קייטען אַלס אַ מענשען וואָס וויל הערשען איבער אַ לאַנד, וואו ער האָט קיין דעה ניט צו זאָגען, און מען האָט איהם אַוועקגעשיקט נאָך שפּאַניען. באַלבאָא איז דאַן אויסערוועהלט געוואָרען קאָמאַנדיר. איהם האָט בעאונרוהיגט די פראַגע, וואָס מען וועט אויף דער געשיכטע זאָגען אין שפּאַניען. אָבער צו דיעזען צוועק האָט ער געהאַט צוויי מיטלען: ערשטענס האָט ער אַוועקגעשיקט אַ היבשען כאַבאַר צו מיגעל פּאַזאַמאָנטע, דעם קעניגליכען שאַץ־מיניסטער פון היספּאַניאָלאַ, וועלכער האָט גע־האַט פיעל איינפלוס ביי דעם קעניג אין שפּאַניען. צווייטענס, האָט

ער גלייך גענומען זוכען גאָלד, כדי וואָס שנעלער צוצושיקען אַן אוצר צום קעניג גופא. ער האָט געוואוסט וויא גאָלד־גייציג פערדינאַנד איז און וויא לייכט עס איז אויף איהם צו ווירקען מיט אַזאַ מיטעל.

דיא „מתנה“ צום שאַץ־מיניסטער האָט ער געשיקט מיט זיין פערטרויטען איבערגעבענעם פריינד, וואַלדיוויא, וועלכער איז געוועזן אַ וויכטיגער בעאַמטער אין דער קאָלאָניע. און וואַלדיוויא איז טאַקע געפאָהרען אויף דער זעלבער שיף, אויף וועלכער מען האָט געשיקט ענציזאָ'ן נאָך שפּאַניען. דיא שיף האָט געדאַרפט זיך אָפּשטעלען אין היספּאַניאָלאַ, אלזאָ איז וואַלדיוויא אויף איהר געפאָהרען ביז אַהין. אָפיציעל האָט עס געהייסען, אַז ער פאָהרט נאָך פּראָוויאַנט און נאָך מענשען.

באַלבאָאַ האָט געהערט, אַז אַ מייל ניינציג (ענגלישע) פון דאַריען געפינט זיך אַ רייכער גאָלד־געגענד מיט'ן נאָמען קאָיבאַ; אַלזאָ האָט ער אַוועקגעשיקט פראַנציסקאָ פּיזאַררא'ן מיט זעקס מאַן אויספאָרשען דעם פּלאַץ. פון דעם איז אָבער גאָר ניט אַרויסגעקומען. אויפ'ן וועג איז פּיזאַררא'ן בעפאַלען דער רויט־הויטיגער עלסטער פון דעם שבט וואָס האָט פריהער געוואוינט אין דאַריען. עס איז געוועזן אַ בלוטיגער צוזאַמענשטויס; דיא ווייסע זיינען געוועזן דיא זיעגער; זיי זיינען אָבער קוים געקומען צוריק נאָך דאַריען — צובלוטיגטע און צוואוואונדעטע. וועגען דערגרייכען קאָיבאַ האָבען זיי שוין ניט געקענט דיינקען.

איין מאָל, ווען אַ פּאָר פון דיא שפּאַנישע שיפלעך האָבען אַרומגעשוואומען אַרום דעם ברעג, האָבען זייערע מאַטראָזען זיך געטראָפען מיט צוויי האַלב־פערווילדעטע שפּאַניער, וועלכע זיינען געוועזן אָבגעפאַרבט וויא אינדיאַנער. עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז מיט אַ יאָהר און אַ האַלב צוריק זיינען זיי אַנטלאָפען פון ניקעזאַ'ס אַ שיף אום אויסצומיידען בעשטראָפונג פאַר עפּעס אַ פערברעכען. זיי האָבען דיא גאַנצע צייט געוואוינט אין ק אָ י ב אַ, אין דעם געגענד, וואו באַלבאָאַ האָט געוואָלט זוכען גאָלד, און דער דאָרטיגער קאַסיק (זיין נאָמען איז געוועזן ק א ר ע ט א) איז זיך מיט זיי בעגאַנגען אויפ'ן פריינדליכסטען אופן.

פאַר דיעזע גאַסט־פריינדליכקייט האָבען דיא צוויי שפּאַניער קארעטא'ן איצט אָבגעצאָהלט מיט דעם עקעלהאַפטסטען פערראַטה:

זיי האָבען דיא שפּאַניער דערצעהלט, אַז ביי איהם געפינען זיך אַ מאַסע רייכע זאַכען און האָבען זיי גערעטהען צו בעפעלען זיין דאָרף. ווען באַלבאָאַ האָט געהערט דערפון, איז ער נאָך קאָיבאַ אַוועק מיט 130 גוט־בעוואפענטע יונגען. קארעטאַ האָט איהם אויפגענומען אויפ'ן בעסטען אופן. דאָס האָט אָבער באַלבאָאַ'ן ניט געשטערט דערנאָך, אין מיטען נאַכט, צו בעפאַלען דעם דאָרף און צו פאַנגען קארעטא'ן מיט עטליכע פרויען און קינדער, און אָנצולאָדען צוויי שיפען מיט דיא אָנגערויבטע גוטס.

דער ווילדער קאַסיק האָט ניט געקענט פערשטעהן מיט וואָס ער האָט ביי דיזע ציוויליזירטע געסט פערדיענט אַזאַ שטראָף. „איך האָב דיר אַזוי פריינדליך אויפגענומען" — האָט ער גע'טענה'ט צו באַלבאָאַ'ן, — „איך האָב דיר מיט דיינע מענשען מכבד געווען מיט כל טוב. און דו צאָהלסט מיר אָפּ אויף אַזאַ מערדערליכען אופן. בעפריי מיר מיט מיינע מענשען, און איך וועל דיר זיין אַ פריינד. מיר וועלען דיר בעזאָרגען מיט שפּייז און דיר וויזען וואו עס געפינען זיך דיא אוצרות פון אונזער לאַנד".

אום באַלבאָאַ זאָל פיהלען זיכער, אַז ער מיינט איהם ניט אָפּצונאַרען, האָט קארעטאַ איהם פאָרגעשלאָגען זיין טאָכטער.

„נעהם איהר אַלס אַ צייכען פון אונזער פריינדשאַפט" — האָט דער קאַסיק געזאָגט — „זאָל זי זיין דיין פרוי, און אַ גאַראַנטיע פון אונזער טרייהייט צו דיר."

דיא אינדיאַנער מיידעל איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגען, ציטערענדיג פון שרעק פאַר דיא אונגעוועהנליכע, בעפאַנצערטע, פירכטערליכע מענשען. זיא איז געווען יונג און שעהן, און זיא האָט באַלבאָאַ'ן צוגעצויגען. אַגב האָט ער זיך געקלעהרט, אַז עס לוינט זיך צו האָבען קארעטאַ'ן מיט זיינע אינדיאַנער פאַר זיינע טרייע פריינד. ער האָט אַלזאָ דעם פאָרשלאַג אָנגענומען. קארעטאַ האָט בעזוכט דאָריען און ער איז בעהאַנדעלט געוואָרען וויא אַ „מחותן". מען האָט איהם געוויזען אַלץ וואָס איז געווען אויף דיא שיפען, און דיא „וואונדערען" פון דיא קאַנאָנען. ווען זייערע „דונערען" האָבען איהם איבערגעשראָקען, האָבען אויפגעשפּיעלט טרומייטען, און דער גאַסט איז ענטציקט געוואָרען. ער האָט זיך אומגעקעהרט אהיים אין קאָיבאַ אַ פרעהליכער, אַ בעגייסטערטער — אי פון דעם וואָס ער האָט

געזעהן אי פון דיא מתנות וואס זיין ווייסער איידעם האָט איהם מיט־געגעבען.

באַלבאָא האָט דיא אינדיאַנערקע ניט געהייראַטה נאָך דיא גע־זעצע פון שפּאַניען און פון דער קאַטױלישער קירכע. זיא איז אָבער געווען זיין פרוי און ער איז צו איהר אַזוי צוגעבונדען געוואָרען, אַז זיא האָט איבער איהם זאָגאַר געהאַט אַן איינפלוס.

אַ קורצע צייט נאָך דעם וויא ער האָט געמאַכט דעם פערבאַנד מיט איהר פאָטער, איז ער געגאַנגען אויף מלחמה מיט קארעטאַ'ס געפעהרליכסטען שונא און האָט איהם בעזיעגט און פערטריעבען פון זיינע דערפער; און דאָרטען האָבען דיא שפּאַניער ווידער אָנגעראַ־בעוועט אַ סך גוטס. דאַן האָבען זיי ווידער בעזוכט קארעטאַ'ן, און פון דאָרטען זיינען זיי אַוועק אויף אַ „פריינדליכען" וויזיט צו קאַ־רעטאַ'ס שכן, ק אָ מ אַ ג ר ע, וועלכער האָט זיי אויפגענומען מיט גרויס צערעמאָניע און מיט אַלערליי מאכלים. זעהענדיג אַז דיא שפּאַניער ליעגט קיין זאַך ניט אַזוי אין זינען וויא גאָלד, האָט קאַ־מאַגרע באַלבאָא'ן געשאָנקען אַ גאַנצע מאַסע גילדערנע ציערונגען, און אַלס צוגאָב — 60 שקלאַפען, וועלכע דער רייכער קאַסיק האָט גע־פאַנגען אין זיינע מלחמות.

אַ פינפטעל פון דיא גאָלד האָט באַלבאָא געהייסען אָפּלעגען אָן אַ זייט, פאַר'ן קעניג פון שפּאַניען, און מיט דיא איבעריגע האָט מען זיך גענומען טהיילען. באַלד איז געוואָרען אַ קריעגעריי, איבער דער־הלוקה. קאַמאַגרע און זיינע זיהן האָבען דאָס צוגעקוקט און זיך גע־וואונדערט וואָס פאַר אַ מאָדנע מענשען דיא ווייסע זיינען: „זיי זיצען ניט איין אויף איין אָרט, לעבען פון רויב און קריעגען זיך איבער גאָלד!"

באַלד איז איינער פון זיינע זיהן צוגעלאָפען צו דיא שפּאַניער און מיט כעס אַזאַ זעץ געטהאָן אין דיא וואָג־שאָלען מיט וועלכע זיי האָבען געוואויגען דעם טהייערען מעטאַל, אַז דיא בלישטשענדע שטיק־לעך זיינען צושאָטען געוואָרען איבער'ן גאַניק, וואו דיא סצענע איז פאָרגעקומען.

דיא שפּאַניער זיינען אַזוי איבערראַשט געוואָרען, אַז אויף אַ ווײַלע זיינען זיי געבליבען שטעהן. איידער זיי האָבען צייט געהאַט אויסצורײדען אַ וואָרט, האָט דער יונגער אינדיאַנער צו זיי געזאָגט:

— לוינט דען איבער אַזאַ נאַרישקייט זיך אַרומצוריסיען? אויב גאָלד איז אייך ווירקליך אַזוי ליעב און טהייער, אַז צוליעב דעם פער־לאָזט איהר אייער היים, דרינגט אַריין אין פריעדליכע פרעמדע לענ־דער, און זייט בערייט אויסצושטעהן געפאַהרען און צרות, קען איך אייך זאָגען וועגען אַ לאַנד, וואו איהר וועט קריגען אַזוי פיעל גאָלד וויא פיעל אייער הארץ געלוסט.

אָנווייזענדיג זיי אויף הויכע בערג צו דרום צו, האָט ער צו־געלייגט:

— איהר זעהט אָט יענע הויכע בערג? אויף יענער זייט פון זיי ליעגט אַ גרויסער ים, וועלכען מען קען זעהן פון זייערע שפּיצען. איבער יענעם ים שווימען אַרום מענשען פון אַ רייכען, מעכטיגען פאָלק. אַלע טייכען, וואָס פליסען אַראָפּ פון דיעזע בערג, אויף יע־נער זייט, זיינען פול מיט גאָלד, און דיא מענשען וועמעס לענדער עס ליעגען ביי יענעם ים, עסען און טרינקען פון גאָלדענע כלים. גאָלד איז דאָרטען אַזאַ געוועהנליכע זאַך וויא ביי אייך, שפּאַניער, איז אייזען.

באַלבאָאַ איז פון דעם יונגען אינדיאַנער׳ס פערשטאַנד כמעט ניט ווייניגער איבעררראַשט געוואָרען וויא פון דיא נייעס, וואָס ער האָט דאָ פון איהם געהערט. מיט זשעדנעקייט האָט ער איהם גענומען אויספרעגען וויא אַזוי מען קומט צו צו יענער לאַנד. דער אַנטוואָרט, וואָס ער האָט בעקומען, איז געווען ניט קיין אַנגענעהמער: דער וועג אַהין איז אַ שווערער און פול מיט דיא גרעסטע געפאַהרען. דיא שפּאַניער וועלען האָבען צו קעמפּפען מיט פיעלע פיינדליכע אינדיאַ־נישע שבטים, אייניגע פון וועלכע זיינען בלוט־דורשטיגע מענשען־פרעסער. דער געפעהרליכסטער פון אַלע קאַסיקען, מיט וועלכע באַל־באָאַ וועט זיך האָבען צו רעכענען, איז איינער ט ו ב א נ א מ א, זעקס טעג רייזע פון דאָרט. דערפאַר אָבער איז טובאַנאַמאַ׳ס געגענד זעהר רייך אין גאָלד.

קאַמאַגרע׳ס זוהן האָט אויסגעשפּראָכען דיא מיינונג, אַז מיט ווייניגער וויא טויזענד מאַן וואָלט באַלבאָאַ׳ן געווען געפעהרליך צו מאַכען דיא רייזע.

באַלבאָאַ׳ס גאַנצער ווען איז איצט געווען פערנומען מיט איין זאַך — מיט אַ ברענענדען בעגעהר צוצוקומען צו יענע טרוים־לאַנד

אויף יענער זייט פון דיא הויכע בערג, אַהין, וואו דער אונבע־קאַנטער גרויסער ים וואַשט דיא ברעגעס פון דיא געהיימניספולע לענדער אין וועלכע מען עסט און מען טרינקט פון גילדערנע כלים. אָבער אַוועקלאָזען זיך אַהין אויפ'ן שטעל האָט ער ניט געקענט. איהם האָט געפעהלט פּראָוויאַנט און מענשען. ווען ער איז געקומען צוריק נאָך דאַריען, האָט ער דעריבער נאָך היספּאַניאָלאַ אַוועקגעשיקט מענ־שען מיט אַ בריעף צו דעם וויצע־קעניג, דיעגאָ קאָלומבוס. ער האָט איהם געשריעבען וועגען דיא אוצר־לאַנד, וועלכע ער קען איינגעהמען, און איהם געבעטען, ער זאָל פועל'ן ביי דער שפּאַנישער קרוין, אַז מען זאָל איהם אויפ'ן שטעל שיקען טויזענד מאַן מיט פּראָוויאַנט כדי ער זאָל קענען מאַכען זיין גלענצענדע ענטדעקונג.

דעם בריעף האָט ער געשיקט מיט זיין פריינד, דעם אויבען־דערמאָהנטען וואַלדיוויא. צוזאַמען מיט דעם בריעף האָט ער איהם מיטגעגעבען אַ גרויסע סומע געלד פאַר דעם שפּאַנישען קעניג, אַלס זיין חלק פון דיא „פערדיענסטען“ וואָס דיא קאָלאָניע האָט איינגעבראַכט. דאָס, האָט ער געהאָפט, וועט דעם קעניג צוגעבען חשק צו בעוויליגען זיין פערלאַנג. אַ בעזונדערע סומע האָט באַלבאָאַ וואַלדוויאַ'ן געגע־בען פאַר דעם שאַץ־מייסטער פּאַזאַמאָנטע. דאָס איז אַלזאָ געוועזען דער צווייטער מאָל וואָס ער האָט דורך וואַלדיוויא'ן געשיקט אַ „מתנה“ צו דעם איינפלוסרייכען טשינאָווניק פון היספּאַניאָלאַ.

דיעזען מאָל האָט וואַלדוויא זיך לאַנג געזאַמט. אָבער וואַר־טענדיג צו בעקומען דורך איהם אַן ענטפער פון היספּאַניאָלאַ, איז באַלבאָאַ מיט צונויפגעלייגטע הענט ניט געזעסען. ער האָט זיך גע־נומען אויספאָרשען דיא אַרומיגע געגענדען, טאָמער געפינט ער דאָר־טען אויך גאָלד. דערביי האָט ער געהאַט פערשיעדענע צוזאַמענ־שטויסען מיט אינדיאַנער. אין איין אָרט האָט ער צווישען אַנדערע געפאַנגען אַ שעהנע אינדיאַנישע מיידעל, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבען פ ו ל ו ו י א, און וועלכע האָט זיך אין איהם שטאַרק פער־ליעבט. שפּעטער, ווען ער האָט בעזוכט איהר ברודער, האָט זיא זיך פון איהם דערוואוסט, אַז זייער שבט קלייבט זיך צו בעפאַלען דאַריען מיט אַ גרויסע מחנה. זיא האָט דאָס אויסגעזאָגט איהר געליעב־טען און מיט דעם איהם און אַלע אַנדערע ווייסע אויסגעהיט פון

געפאהר. דיא אינדיאנער זיינען בעזיעגט געוואָרען און זייערע אָנ־פיהרער האָט באַלבאָא אויפגעהאנגען.

פיעלע וואָכען זיינען אַריבער, און וואַלדיוויא איז אַלץ ניט געקומען צוריק פון היספאַניאָלאַ. מען האָט ניט געוואוסט וואָס איבערצוקלעהרען. אייניגע האָבען גערעכענט אַז איהם האָט געטראָ־פען אַן אונגליק אויפ׳ן וועג. אַנדערע האָבען גענעבען אָנצוהערענעס, אַז ער האָט זיך צוגענומען דעם קעניג׳ס גאָלד און וועט מעהר נאָך דאַריען ניט קומען. באַלבאָא איז געוועזען זעהר אונרוהיג. ער האָט מורא געהאַט גאָר פאַר אַן אַנדער זאַך — טאָמער פועל׳ט ענציזאָ ביי דעם קעניג איהם צו שיקען אַלס גובערנאַטאָר איבער דאַריען און איהם (באַלבאָא׳ן) צו אַרעסטירען. ווען וואַלדיוויאַ וואָלט איבער־גענעבען דיא גאָלד, און דעם בריעף, וואָלט דער קעניג מסתמא געוועזען צופריעדען מיט איהם. ווער ווייס אָבער וואָס איצט וועט זיין?

דיא קאָלאָניסטען האָבען גענומען פערליערען רעספעקט צו איהם. עס האָבען זיך אָנגעהויבען קריעגערייען און געשלעגען. מען האָט זיך ניט געקענט צוטהיילען מיט אַ געוויסע סומע גאָלד וואָס איז נאָך איבערגעבליעבען.

ענדליך זיינען פון היספאַניאָלאַ געקומען צוויי שיפען מיט פראָ־וויאַנט און מיט אַן אָפיציעלען פאַפּיער, וועלכער האָט באַלבאָא׳ן ער־קלעהרט פאַר דעם קאַפּיטאַן־גענעראַל פון דער קאָלאָניע. מען גלויבט, אַז קעניג פערדינאַנד האָט זיין בעליעבטען שאַץ־מייסטער געגעבען דיא מאַכט אונטערצושרייבען עהנליכע פּאַפּיערען אומישנע, אום דער־מיט צו צייגען, אַז דיעגאָ קאָלומבוס איז ניט דער גאַנצער בעל הבית איבער דיא לענדער וואָס זיין פאָטער האָט ענטדעקט.

מען דאַרף דאָ בעמערקען, אַז דאָס, וואָס דיא צוויי שיפען זיי־נען איצט געקומען פון היספאַניאָלאַ, איז ניט געוועזען דער רעזולטאַט פון וואַלדיוויא׳ס צווייטע נסיעה, וואָרים דיעזען מאָל איז ער נאָך היספאַניאָלאַ נאָך ניט געקומען. מען האָט גאָר ניט געוואוסט וואו ער איז אַהין־געקומען מיט זיין שיף און מיטרייזענדע, *) מיט דיא גאָלד וואָס ער האָט געפיהרט. דעם טיטעל קאַפּיטאַן גענעראַל האָט

*) וועגען זייער שיקזאַל וועט דערצעהלט ווערען אין אַ ווייטערען קאַפּיטעל.

דער שאַץ־מייסטער באַלבאָאַ'ן מסתמא געשיקט אויס דאַנקבאַרקייט פאר זיין ערשטע „מתנה". וואהרשיינליך האָט גענומען צייט איידער ער האָט פון שפּאַניען בעקומען דיא ערלויבניס אַזעלכע טיטלען ארויס־צוגעבען.

באַלבאָאַ האָט זיך מיט זיין נייעם „טשין" נאַטירליך דערפרעהט; זיין פרייד איז אָבער ניט געווען אויף לאַנג. ער האָט באַלד בעקומען אַ בריעף פון שפּאַניען, אַז ענציזאָ האָט אַנגעגעבען אַ קלאַגע פּערזענליך צום קעניג און אַז מען וועט באַלד איהם (באַלבאָאַ'ן) אויפ־פאָדערען צו קומען נאָך שפּאַניען צום געריכט.

באַלבאָאַ'ס פרייד איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין פערצווייפ־לונג. ער איז אָבער ניט געווען דער מענש אין גאַנצען צו פערלירען מוטה. ער איז באַלד געפאַלען אויף אַ פּלאַן. עס איז געווען זעהר אַ סמיעלער פּלאַן, פול מיט געפאַהר פאַר זיין צוקונפט. אָבער וויא קומט אַזאַ פייערדיגער אַוואַנטוריסט, וויא ער איז געווען, צו דאַגה'ן וועגען דער צוקונפט! ער האָט נעמליך בעשלאָסען זיך גלייך אַוועק־צולאָזען ענטדעקען דעם אונבעקאַנטען גרויסען ים מיט דיא גאָלד־לענדער, וועגען וועלכע יענער יונגער אינדיאַנער האָט איהם דער־צעהלט. אויב ער וועט מאַכען אַ וויכטיגע ענטדעקונג — האָט ער זיך געקלעהרט — וועט דער קעניג איהם מסתמא פערצייהען אַלע זיינע זינד. אי מען דאַרף דערצו האָבען טויזענד מאַן? וועט ער פּרופען דיא נסיעה מאַכען מיט אַזוי פיעל סאָלדאַטען וויא פיעל ער האָט, — אַבי זיי זאָלען נור זיין ניט קיין „שרעקעדיגע אינגלעך", נור מענשען, וואָס זיינען בערייט אויף אַלעס, אַזוי וויא ער. דער עיקר איז געווען ניט צו מאַכען קיין שהיות. ער מוז זיך אַוועקלאָזען איידער עס וועט קומען דער בעפעהל פון שפּאַניען, אַז ער זאָל קומען אהין צום געריכט.

קורץ, ער האָט אָבגעקליבען דיא קרעפטיגסטע און ביטערסטע יונגען וועלכע ער האָט נור געקענט געפינען צווישען זיינע טרייעסטע און איבערגעבענסטע אנהייננגער; אַזעלכע האָט ער געפונען 190. זיי האָט ער בעוואַפענט מיט שווערדען, שטאָלענע פייל־און־בויגענס און אַרקעבוסען (אַזעלכע ביקסען), און איז מיט זיי אַוועק צו דיא הויכע דרום־בערג פון דעם איסטהמוס. ער האָט אויך מיטגענומען אַ גע־ווייסע צאָהל בלוט־הינט, און צווישען דיעזע איז געווען זיין אייגענער

טרייער הונט לעאָנציקאָ, וועלכער האָט מיט איהם אַנטהייל גענומען אין פיעלע שלאַכטען. דיעזער פיער־פיסיגער „העלד“ האָט געהאַט אַ שם אי ביי דיא שפּאַניער אי ביי דיא אינדיאַנער. ער איז געווען אונגעהייער שטאַרק און זיין קערפּער איז געווען בעדעקט מיט שראַ־מעס, דיא סליאַדען פון דיא וואונדען, וואָס ער האָט בעקומען אין דיא מלחמות. *)

אַ חוץ דיא 190 ווייסע קאָלאָניסטען האָט באַלבאָאַ אויף זיין פּאָכאָד מיטגענומען אַ געוויסע צאָהל אינדיאַנער פון אַרום דאַריען, — אַזעלכע וואָס זיינען צוגעוואוינט געוואָרען צו דיא שפּאַניער און זיי־נען איהם געווען טריי.

דיא גאַנצע אַרמעע איז אָבגעפאָהרען אויף אַ שיף און ניין קאַנאָס (אינדיאַנישע שיפלעך), בעגלייט מיט הורראה־געשרייען און צו־ווינ־שונגען פון דיא אַנדערע קאָלאָניסטען. דאָס איז געווען דעם ערשטען סעפּטעמבער, 1513.

דיא פלאָטע האָט זיך פערנומען נאָך קאָיבאַ, דעם געגענד פון דעם אינדיאַנער קאַסיק קאַרעטאַ, וועלכער האָט באַלבאָאַ׳ן גע־שאָנקען זיין שעהנע טאָכטער. קאַרעטאַ האָט זיין איידעם אויפ־גענומען מיט גרויס פרייד, און דאָרטען האָט באַלבאָאַ איבערגעלאָזען דיא שיפען מיט אַ העלפט פון זיין מחנה, ווערהענד מיט דער אַנדע־רער העלפט איז ער אַוועק צו פוס נאָך דיא דרום־בערג.

דיא רייזע איז געווען זעהר אַ שווערע. מיט זייערע געוועהר און פּעק אויף זיך, האָבען דיא קאָלאָניסטען געמוזט קלעטערען איבער פעלזען, איבער געפעהרליכע אָבגרונטען, דורך געדיכטע פערפלאָנטער־טע וועלדער. און דיא זון פון דיעזע הייסע געגענדען האָט געברענט וויא אַ קאַלך־אויוועז. אָבער דיא אינדיאַנער זיינען געווען געניט אין אַזעלכע נסיעות, און זיי האָבען דיא ווייסע געהאָלפען שלעפּען זייערע משאות. אַ חוץ דעם האָט קאַרעטאַ מיט באַלבאָאַ׳ן מיטגע־שיקט אַ געוויסע צאָהל רויט־הויטיגע, וועלכע זיינען געווען בעקאַנט מיט דיעזע ערטער און האָבען דיא שפּאַניער געדיענט אַלס וועג־ווייזערס.

---

*) דיעזער הונט איז ניט געווען אַבי ווער. זיין טאַטע איז געווען דער בעריהמטער הונט בערעזיללאָ פון פּאָרטאָ ריקאָ. (זעה אויבען, זייטעל 31).

דיא, וואָס זיינען קראַנק געוואָרען אויפ'ן וועג פון דער היץ און פון דער שווערער רייזע, האָט באַלבאָאַ געהייסען לאַנגזאַם געהן צוריק צו זיין רויט־הויטיגען שווער, און ער אַליין מיט דיא איבעריגע זיינען געגאַנגען ווייטער. עס האָט זיך געפאָדערט אַלץ נייע וועג־ווייזערס, וואָרים דיא פריהערדיגע זיינען בעקאַנט געווען בלויז מיט זייער איי־גענעם געגענד. באַלבאָאַ האָט אָבער געוואוסט וויא געפעלען צו ווערען אינדיאַנער, און ער האָט אומעטום לייכט בעקומען וויפיעל וועג־ווייזערס ער האָט געדאַרפט. דיא בעריכטען, וואָס ער האָט אומעטום בעקומען, האָבען בעשטעטיגט אַלץ, וואָס יענער יונגער אינדיאַנער, קאָמאַגרעס זוהן, האָט איהם געזאָגט.

דיא רייזע איז געווען אַזאַ שווערע, אַז אָפט האָבען עטליכע ענגלישע מייל ביי איהם געדויערט אַ גאַנצען מעת לעת. קיין גע־פאַהרען פון אינדיאַנער האָבען דיא רייזענדע אַ לאַנגע צייט ניט בעגעגענט. דעם 24טען סעפּטעמבער איז דיא מחנה אָבער צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, וואו מען איז זיי בעפאַלען מיט מלחמה־געשרייען, מיט פיילען, לאַנגע שפּיזען און אַנדערע וואָפען. דער שונא איז געווען פיעל גרעסער אין צאָהל וויא באַלבאָאַ'ס אַרמעע. דאָך, ווען דיא שפּאַניער האָבען אויסגעשאָסען, זיינען דיא רויט־הויטיגע זיך צולאָפען אין טויט שרעק. זיי זיינען געווען זיכער אַז זיי האַלטען דאָ מלחמה מיט שדים, וועלכע שפּייען אויף זיי מיט דונערען און בליצען און אַז פון דיא דונערען און בליצען פאַלען מענשען טויט פון ווייטען, ניט בעקומענדיג קיין שום קלאַפּ דערביי. דיא ווייסע האָבען זיך נאָכגע־יאָגט, געהאַקט און געשטאָכען דעם אַנטלויפענדען שונא, ביז עס זיינען פון איהם אויסגעפאַלען 600 מאַן.

עטליכע אינדיאַנער זיינען אַריינגעפאַלען צו דיא שפּאַניער אין פּלען. אַזוי וויא זיי האָבען געטראָגען ווייסע באַוועלנע קליידער, וויא דאָ איז געווען דער מנהג, האָבען דיא ווייסע גע'פּסק'ענט, אַז זיי טראָגען ווייבערשע בגדים, ווייל זיי האָבען ליעב צו שפּיעלען דיא ראָלע פון פרויענצימער און האָבען עקעלהאַפטע געוואוינהייטען. אַל־זאָ האָט מען אויף זיי אָנגערייצט דיא בלוט־הינט, און זיי זיינען צוריסען געוואָרען אויף שטיקער.

דער דאָרף פון דיא בעזיגטע אינדיאַנער האָט געהייסען קוואַ־

ראקוווא. דאָרטען האָט באַלבאָא געפונען א סך גאָלד. א פינפטעל פון דעם האָט ער אָבגעלייגט פאַר'ן קעניג, און דאָס איבעריגע האָט ער מיט א ברייטע האנד צוטהיילט צווישען זיינע סאָלדאטען.

קווואראקוואַ איז געלעגען אונטער א הויכען בארג, און דאָס איז געווען דער לעצטער בארג, אויף וועלכען דיא קאָמפּאַניע האָט געהאט צו קלעטערען. אייניגע פון דיא שפּאַניער זיינען אָבער געווען אזוי מיעד און אויסגעהונגערט, אז זיי האָבען קיין כח ניט געהאט ווייטער צו געהן; זיי זיינען געצוואונגען געווען דאָ צו פערבלייבען און וואַר־טען ביז דיא מחנה וועט געהן צוריק. בלויז 67 מאַן זיינען געווען אין שטאנד פאָרטצוזעצען דיא שווערע רייזע; זיי האָט באַלבאָא גע־הייסען פריה זיך לייגען אָפּרוהען, כדי זיך אַוועקצולאָזען אין וועג פארטאָג, איידער עס ברענט דיא זון. ער האָט געוואָלט דערגרייכען דעם שפּיץ בארג פאַר דער מיטאָג־שטונדע.

אויף מאָרגען אין דער פריה, א שפּראָץ אויף טאָג, האָט ער מיט זיי שוין ווייטער געקלעטערט. דער בארג איז געווען כמעט גלייך וויא א וואַנט און געדיכט בעוואַקסען מיט וואַלד. זיי זיינען געווען שרעקליך אויסגעמאַטערט, אָבער דער געדאַנק, אז אָט, אָט דערזעהען זיי דעם אונבעקאַנטען ים מיט זיינע רייכע ברעגעס, האָט אין זיי פרישע קרעפטען אריינגעגעבען.

אַרום 10 אוהר אין דער פריה זיינען זיי ארויסגעקומען פון וואַלד. זיי האָבען זיך איצט געפונען אויף א פרייען לופטיגען פלאַץ. זיי זיינען נאָך אַלץ געווען אויפ'ן בארג, און אויף דיעזען בארג האָט זיך ערשט אויפגעהויבען א צווייטער, אָבער שוין ניט אזא הויכער. דיא נייע וועג־ווייזערס האָבען געטייטעלט מיט דיא פינגער אויפ'ן שפּיץ, און ערקלעהרט אז פון דאָרטען קען מען שוין זעהן דעם ים.

ווען באַלבאָא האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיינע בעגלייטער געהייסען בלייבען אויף אַן אָרט, ביז ער וועט זיי רופען, און אליין איז ער אַרויף אויף דעם אָנגעצייגטען פּונקט. מיט א האסטיג שלאָ־גענדע הארץ האָט ער אהין אַרויפגעקלעטערט. נאָך א האלבע שטונדע און זיינע אויגען וועלען זעהן דאָס, וואָס קיין אייראָפּעאישע אויג האָט נאָך ניט געזעהן.

ענדליך האָט ער דערגרייכט דעם שפּיץ. ער גיט א קוק אונ־טען — א ריעזיגע מאַסע פון פעלז און וואַלד, א מישעניניע פון לאַנ־

קעם און געדרעהטע טייכלעך; און דאָרטען וויטער ציהט זיך אַן אונענדליכע וואַסער־פעלד, ציהט זיך און בלישטשעט אויף דער פריה־מאָרגענדיגער זון.

באַלבאָאַ האָט זיך געשטעלט אויף די קניע און פון זיין בע־גייסטערטע האַרץ האָבען זיך גענומען גיסען ליוב־ווערטער צום הימעל. דערנאָך האָט ער אַרויפגערופען זיינע מיטרייזענדע און האָט זיי גע־וויזען דעם אונפערגעסליכען נאַטור־בילד.

„לאָמיר דאַנקען גאָט פאַר דער גרויסער ענטדעקונג וואָס מיר האָבען געמאַכט" — האָט ער צו זיי געזאָגט. — „איהר וועט זיין די רייכסטע שפּאַניער וואָס זיינען ווען עס איז געוועזן אין אינדיען. זייט מיר טריי, וועט איהר זיין די גליקליכסטע מענשען. איהר וועט דיענען גאָט און דעם קעניג און איהר וועט האָבען כל טוב".

די קאָמפּאַניע האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו זייער קאָמאַנדיר, איהם געקושט און געהאַלזט און געשוואָרען צו בלייבען איהם טריי ביז'ן טויט. צווישען זיי איז געוועזן אַ גלח; אַלזאָ האָט ער געזאָגט אַ תפלה און אַלע האָבען זיך געשטעלט אויף די קניע און מיט־געזונגען דעם געבעט מיט הילכענדע שטימען, מיט טרעהרען פון גליק.

וויא דער לעזער זעהט דאָ, האָט באַלבאָאַ נאָך אַלץ געמיינט, אַז דאָס איז אינדיען. קאָלומבוס האָט דיעזען טעות געמאַכט, און מיט דיע־זען טעות איז ער געשטאָרבען. ער האָט געמיינט אַז די לאַנד, וואָס ער האָט ענטדעקט, איז אינדיען, אַזיען. און אין באַלבאָאַ'ס צייטען האָט מען נאָך אַלץ געלעבט אין דעם זעלבען טעות. אויב אַזוי, אויב דאָ איז אָסט אינדיען, אַזיען, דאַן איז דער ים, אויף וועלכען די קאָמפּאַניע האָט איצט געקוקט מיט בעוואונדערונג, קיין אַנדערער וויא דער אינדישער אָקעאַן. און אַזוי האָט טאַקע באַלבאָאַ געגלויבט. דער אינדישער אָקעאַן האָט אין זיך פּיעלע אינזלען מיט גאָלד און טהייערע שטיינער, מיט אוצרות פון געווירצען און מעדיצינישע פלאַנ־צען; און ניט וויט פון דאָרטען געפינען זיך די רייכע האַנדעלס־שטעדט פון דעם וויטען מזרח. דאָס אַלץ האָט געשטימט מיט דעם, וואָס באַלבאָאַ האָט וועגען דיעזע געגענדען זיך אָנגעהערט פון די אינדיאַנער. די צויבער־לאַנד, אַלזאָ, צו וועלכע קריסטאָפאָר קאָ־לומבוס האָט זיך אַלץ געמאַטערט צוצוקומען, איז ענדליך דערגרייכט געוואָרען, — דערגרייכט געוואָרען פון איהם, וואסקא נונעז באַלבאָאַ!



וואַסקאָ נונעז באַלבאָאַ

— אַזוי האָט ער געמיינט און אַזוי האָבען געמיינט זיינע בעגלייטער.

קאָלומבוס האָט אויף דיא אַמעריקאַנער ברעגעס פון דעם אַט־לאַנטישען אָקעאַן געגלויבט אַז דאָס זיינען דיא ברעגעס פון אַזיען. ער האָט ניט געוואוסט, אַז יענע ברעגעס ווערען גאָר געוואַשען פון אַ גאַנץ אַנדער אָקעאַן — פון דעם שטילען אָדער פּאַסיפּי־שען. אָט דיעזען שטילען ים האָט דאָס איצט געזעהן באַלבאָאַ. ער וואַשט דיא מזרח־ברעגעס פון אַזיען. ער איז אָבער אַזוי גרויס, אַז ער וואַשט אויך דיא מערב־ברעגעס פון אמעריקא (סאַן פראַנציסקאָ, צום ביישפּיעל); און ביי דעם איסטהמוס פון פּאַנאַמאַ אָדער דאַריען קומט דער זעלבער אָקעאַן אויס צו דרום צו, וויא עס איז שוין ערקלעהרט געוואָרען אויבען (זייטעל 46).

דיא שפּאַניער האָבען איהם דעריבער גערופען דער דרום־ים. געמיינט האָבען זיי אַלזאָ, אַז דאָס איז דער אינדישער ים. און אין אמת'ען איז דאָס דער שטילער. דאָס אַליץ מוז דער לעזער גוט האָבען אין זינען מיט דער הילפע פון דער לאַנד־קאַרטע פון דער גאַנצער וועלט, וועלכע ער וועט געפינען ביים שלוס פון דעם נעכסטען קאַפּיטעל.

באַלבאָאַ האָט דעם גרויסען ים און דיא אַרומיגע לענדער ער־קלעהרט פאַר דאָס אייגענטהום פון דער שפּאַנישער קרוין, און יעדער פון דיא 67 שפּאַניער וואָס זיינען דאָ מיט איהם געווען האָבען זיך אונטערגעשריעבען אויף אַ פּאַפּיער וועגען דעם. דאַן האָט מען פון אַ גרויסען בוים געמאַכט אַ צלם און איהם אָוועקגעשטעלט אויף דעם שפּיץ באַרג.

דיא היסטאָרישע סצענע איז פאָרגעקומען דעם 26טען סעפּ־טעמבער, 1513.

דיא רייזע פון קאַרעטאַ'ס דאָרף ביז דיעזען פּלאַץ האָט ביי באַלבאָאַ'ן געדויערט צוואַנציג טעג. היינט, ווען דאָרטען זיינען פּאַ־ראַן וועגען, געדויערט זיא ניט מעהר וויא זעקס טעג. ווען דיא לאַנד וואָלט דאָ געווען פלאַך, וואָלט מען געקענט דיא רייזע מאַכען, מיט'ן באַהן, אין איין שטונדע, וואָרים דער איסטהמוס האַלט דאָרטען אין דעם ברייטסטען פּלאַץ 54 ענגלישע מייל און אין דעם שמעלסטען ניט מעהר וויא 21. דער געגענד איז אָבער בעדעקט מיט הויכע בערג.

מען האָט זיך גענומען געהן אַראָפּ־באַרג, צו דעם ניי־ענטדעקטען

ים צו אום צו געפינען דיא רייכע מדינה, וועגען וועלכע דער אויבען־דערמאָהנטער יונגער אינדיאַנער האָט דערצעהלט. אויפ'ן וועג איז געגען דיא שפּאַניער אַרויסגעקומען אַ קאַסיק מיט'ן נאָמען טשיאַ־פּעס. ער האָט געגען זיי געפיהרט אַ גרויסע מחנה, און קוקענדיג אויף דיא הייפעלע ווייסע מענשען מיט פּעראַכטונג, האָט ער זיי פּער־באָטען אַרויפצוטרעטען אויף זיין געגענד. ווען דיא הייפעלע האָט אָבער אויסגעשאָסען און אָנגערייצט דיא בלוט־הינט, איז אויף טשיאַ־פּעס'ען מיט זיינע חיל אָנגעפאַלען אַזא טויט־שרעק, אַז ער האָט באַלד באַלבאָאַ'ן געבראַכט אַ מאַסע גאָלד, אום איינצושטילען דעם צאָרן פון דיעזען וואונדערבארען מענשען, וועלכער האָט געקעמפּפט מיט דונערען און בליצען. באַלבאָאַ האָט דעם קאַסיק געשאָנקען עטליכע שפּיגעלעך, גלעקעלעך, עטליכע שנירלעך פּאַטשערקעס; און יענער האָט זיך מיט דעם געשעצט פּונקט אַזוי גליקליך וויא דיא שפּאַניער מיט דיא גאָלד.

טשיאַפּעס איז פון אַ שטאָלצען שונא געוואָרען אַן אונטער־טהעניגער פריינד. דיא שפּאַניער האָבען זיך אָבגעשטעלט אין זיין דאָרף און מען האָט אַהין אויך געברופען דיא, וואָס זיינען פערבליבען אין דעם אינדיאַנישען דאָרף קוואַראַקוואַ. צו דער זעלבער צייט האָט באַלבאָאַ אַרויסגעשיקט דריי פאָרשונגס־פּאַרטייען אויסצוזוכען דעם בעסטען וועג צום ים. איינע פון דיעזע פּאַרטייען איז געווען אונטער דער קאָמאַנדא פון פראַנציסקאָ פּיזאַררא; דיא צווייטע האָט געפיהרט אַ געוויסער בעניטאַ און דיא דריטע אַ מאַן מיט'ן נאָמען עסקארי. ערפאָלג האָט געהאַט בעניטאַ. אין צוויי מעת לעת, נאָך דעם וויא ער איז אַוועק, איז ער געקומען צום ים. אויפ'ן זאַמד ביים ברעג האָט ער דאָרטען געפונען צוויי קאַנאָס. באַלד איז דאָס וואַסער צו זיי צוגעקומען און זיי אַוועקגעטראָגען. בעניטאַ אַזן נאָך איינער פון זיין קאָמפּאַניע האָבען פּאָספּייעט זיך אַריינצוזעצען, און מיט פרייד האָבען זיי אויסגעשריען, אַז זיי זיינען דיא ערשטע קריסטען וואָס שווימען איבער דיעזען ים.

ווען בעניטאָ מיט זיינע בעגלייטער זיינען געקומען אָנזאָגען וועגען דעם באַלבאָאַ'ן, האָט ער מיט זיך מיטגענומען עטליכע און צוואַנ־ציג מאַן און איז אַוועק צום ענטדעקטען ברעג. דער ים איז דאָרטען געווען אַ גרויסער גאָלף אָדער בעי, דאָס הייסט אַז דיא יבשה איז

דאָרטען געווען „אויסגעביסען“ און דיא וואסער האָט זיך אַריינגע־גאָסען אין דיעזען „בים“.

אזוי וויא יענער טאָג איז געווען דער טאָג פון דעם הייליגען מיגעל (מיכאיל), האָט ער דיעזען אריין־גוס אַ נאָמען געגעבען ס ע נ ט מ י ג ע ל ׳ ס  ב ע י. דיעזער בעי איז אייגענטליך אַ טהייל פון דעם ג אָ ל ף  פ ו ן  פ א נ א מ א. (זעה לאַנדקאַרטע, זייטעל 47).

באַלבאָא איז איצט געשטאַנען אין טשיאַפּעס׳עס דאָרף. פון דאָרטען האָט ער אָבער בעזוכט פערשיעדענע ארומיגע פּלעצער און האָט אָנגעזאַמעלט אַ היבשע ביסעל גאָלד. דאָס האָט פערגרעסערט זיין חשק אויסצופאָרשען דיא ברעגעס פון דעם ים און אַריינצודרינגען ווייט אין דיא דערבייאיגע לאַנד. טשיאַפּעס האָט איהם דערפון אָבגעראַטהען. צו שווימען איבער׳ן ים אין דיעזע שטורעמדיגע צייט איז געפעהרליך, האָט ער געזאָגט. באַלבאָא האָט אָבער ניט געפאָלגט. ער איז שוין איצט געווען איינגעגלויבט אין זיין „גליקליכען שטערן“. דאַן האָט טשיאַפּעס׳ען ניט געפּאַסט אָבצושטעהן פון קאָמפּאַניע. ער האָט ניט געוואָלט אַז זיין ווייסער פריינד זאָל איהם האַלטען פאַר אַ פּייגלינג. קורץ, ער און אַ געוויסע צאָהל אינדיאַנער פון זיין שבט זיינען מיטגעגאַנגען.

דעם 17טען אָקטאָבער האָט באַלבאָא מיט 60 פון זיינע מענשען, אַ חוץ דיא אינדיאַנער, זיך אַריינגעזעצט אין קאַנאָס און זיך אַוועק־געלאָזען איבער דיא כוואַליעס פון דעם שטילען אָקעאַן, וועהרענד דיא איבעריגע שפּאַניער זיינען געבליבען רוהען אין טשיאַפּעס׳עס דאָרף. באַלד האָט אָנגעפאַנגען צו בושעווען אַ ווינט. די שיפלעך האָבען זיך אויפגעהויבען און אַראָפּגעלאָזען, אויפגעהויבען און אַראָפּגעלאָזען. זיי זיינען געווען אַזוי שווער אָנגעלאָדען מיט מענשען, אַז זיי זיינען געזעסען טיעף אין וואַסער, און יעדעס מאָל וואָס אַ כוואַליע האָט זיי אַ שליידער געטהאָן, האָט זיך געדוכט אַז זיי זינקען גלייך צום גרונד. אפילו אויף דיא אינדיאַנער, וועלכע זיינען געוואוינט צום וואַסער וויא פיש, איז אָנגעפאַלען אַן אימה. ענדליך האָבען דיעזע אינדיאַנער וויא עס איז צונויפגעבונדען דיא שיפלעך פּאָר־ווייז אום זיי זאָלען זיך בעסער האַלטען אויפ׳ן וואַסער, און אַזוי איז מען צום אָבענד צוגעקומען צו אַ קליינעם אינזעל. דאָרטען האָט דיא קאָמפּאַניע דיא שיפלעך צוגעטשעפּעט צו בוימער און, אויסקלייבענדיג

אַ הויכען טרוקענעם פּלאַץ, זיך געלייגט שלאָפען. לאַנג שלאָפען האָבען זיי אָבער ניט געקענט. באַלד האָט זיי אויפגעוועקט אַ גע־רויש פון וואַסער. דער ים האָט געשטראָמט צו זיי צו. זיי זיינען אויפגעשפּרונגען און אַריבערגעלאָפען אויף נאָך אַ העכערען אָרט. דיא וואַסער איז אָבער ווייטער געגאַנגען. אַזוי וויא בייזע חיות האָבען דיא כוואַליעס זיך געררוקט צו זיי. ביסלעכווייז איז דער גאַנ־צער אינזעל פערטרונקען געוואָרען. דיא שפּאַניער און דיא אינדיאַ־נער זיינען געשטאַנען ביז'ן ברוסט אין וואַסער. נאָך אייניגע מינו־טען אַזעלכע און פון זיי וואָלט קיין שריד ופליט ניט געבליעבען. זיי זיינען קוים איינגעשטאַנען. יעדע שטאַרקע כוואַליע וואָלט זיי גע־קענט אַנידערוואַרפען און דערטרינקען. אָבער צו זייער מזל איז דער ווינט באַלד איינגעשטילט געוואָרען און דער וואַסער־גוס („טייד“) האָט שוין דערגרייכט זיין העכסטען פונקט און אָנגעפאַנגען אָפּצוגעהן. אַזוי האָט באַלבאָאַ מיט זיינע בעגלייטער פערבראַכט דיא נאַכט. ווען עס האָט גענומען טאָגען, איז דער אינזעל שוין געווען פריי פון וואַסער. זיי האָבען אָנגעהויבען זוכען זייערע שיפלעך. זיי גיבען אַ קוק — אַ חורבן! עטליכע פון דיא שיפלעך זיינען צובראָכען געוואָרען אויף שטיקלעך; און דיא אַנדערע זיינען געלעגען מיט גרויסע אָפענע שפּאַל־טען אין דיא זייטען. דיא קליידער און דיא שפּייז, וואָס אין זיי האָט זיך געפונען, האָבען אַוועקגעטראָגען דיא כוואַליעס, און אָנ־שטאָט דעם האָבען זיי זיי אָנגעפילט מיט זאַמד און וואַסער. אָבער זאָרגען און זיין פערצווייפעלט איז ניט געווען אין באַלבאָאַ'ס נאַטור. ער האָט דער קאָמפּאַניע צוגעגעבען מוטה און אייניגע פון דיא שיפ־לעך האָט מען וויא עס איז פעררריכט, צוזאַמענגעמאָטשעוועט מיט דיא גאַרטלען, וואָס דיא סאָלדאַטען האָבען געטראָגען און דיא לעכער האָט מען וויא עס איז פערשטאָפּט און פערקלעפּט מיט צוריבענע קאָרע און גראָז. ווען דיא גאַנצע קאָמפּאַניע האָט זיך אַריינגעזעצט אין דיעזע צרה'דיגע עטליכע לאָדקעס, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיי געהען גלייך אַראָפּ צום גרונד. זיי האָבען זיך אָבער געהאַלטען, און אַזוי האָט מען זיך אָבגעמאַטערט אַ גאַנצען טאָג, קעמפּפענדיג מיט דיא כוואַליעס און מוטשענדיג זיך פון הונגער און דורשט.

ווען עס איז פינסטער געוואָרען, זיינען זיי צוגעקומען צו אַ ברעג. דאָרטען איז געווען דער דאָרף פון אַ קאַסיק מיט'ן נאָמען טומאַקאָ.

עס איז פאָרגעקומען דיא געוועהנליכע געשיכטע: דיא אינדיאַנער האָבען געפּרופט בעשיצען זייער היים, אָבער דיא פייער־געוועהר און דיא בלוט־הינט פון דיא שפּאַניער האָבען זיי געצוואונגען צו אַנטלויפען אין דיא וועלדער. אין טומאַקאַ׳ס דאָרף האָט באַלבאָאַ געפונען אַ סך פּראָוויאַנט, וויא אויך אַ מאַסע פּעריל און אַ היבשע ביסעל גאָלד. פיעלע פון דיא פּעריל זיינען געווען זעהר גרויסע. אום צו דערגעהן פון וואַנען דיא היעגע אינדיאַנער האָבען דאָס געקומען, האָט באַלבאָאַ אַוועקגעשיקט עטליכע פון טשיאַפּעס׳עס מענשען, זיי זאָלען אויפזוכען טומאַקאָ׳ן און איהם צוריידען צו קומען צו איהם. טומאַקאָ האָט צוערשט צו דיא שפּאַניער געשיקט זיינעם אַ זוהן, און באַלבאָאַ האָט דעם יונגען מאַן געשיקט צוריק צו זיין פאָטער מיט אַ כך פּרעזענטען. אויף דיעזען אַרט איז געשלאָסען געוואָרען פריעדען. טומאַקאָ האָט דאַן באַלבאָאַ׳ן געשאָנקען צוויי הונדערט גרויסע פּרעכטיגע פּעריל און אַ גאַנצען אוצר מיט גאָלדענע ציערונגען. אַ חוץ דעם האָט ער אַוועקגעשיקט אַ פּאַרטיי אינדיאַנער צו דעם פּלאַץ, וואו דיא פּעריל איז געפאַנגען געוואָרען און מיט דער פּאַרטיי זיינען מיטגעגאַנגען זעקס פון באַלבאָאַ׳ס שפּאַניער. ווען זיי זיינען צוריק געקומען, האָבען זיי מיט זיך געהאַט אַ באַרג פּריש־געפאַנגענע „שיסעלעך“, פון וועלכע מען האָט בעקומען אַ מאַסע פּעריל.*)

ריידענדיג וועגען דעם ים, ביי וועלכען זיי געפינען זיך, האָט טומאַקאָ באַלבאָאַ׳ן געגעבען צו פערשטעהן, אַז זיין ברעג ציהט זיך און ציהט זיך אָהן אַ שיעור. „ווייט צו דרום צו“ — האָט ער גע־

*) מיר מיינען דאָ אַזעלכע שיסעלעך, למשל, וויא דער שיידעל, אין וועלכען עס ליעגט אַן אויסטער. עס זיינען פאַראַן פערשיעדענע לעבעדיגע זאַכען, וואָס לעבען אין אַזעלכע „שיידלעך“ — גרעסערע און קלענערע. איין מין שיסעלע איז פון אינוועניג אויסגעבעט מיט פּעריל־מוטער. עס טרעפט, אַז זיא ווערט אין געוויסע ערטער „אָנגעשוואָלען“, פון דעם, וואָס עס פאַלט אַהין אַריין אַ זעמדעל. דער געשוואָלענער אָרט האָט דאָס רוב דיא פאָרמע פון אַ לאַנגען אַרבעס. אָט דיעזער אַרבעס׳ל איז דאָס אַ פּעריל. מען פאַנגט, אַלזאָ, דיעזע שיסעלעך, און מען נעהמט אַראָפּ פון זיי דיא „געשווילעכץ“.

זאָגט — „ליעגט א לאַנד וואָס איז פול מיט גאָלד. דיא איינוואוינער פון יענער לאַנד געברויכען גרויסע פיער־פיסיגע בהמות, וועלכע שלע־פען זייערע פעק“.

טומאַקאָ האָט גענומען אַ שטיקעל ליים און האָט אויסגעקנאָטען א זאָנדערבארע פיגור פון א בהמה. אייניגע פון דיא שפאַניער האָ־בען געמיינט אַז דאָס איז אַ הירש, אַנדערע אַז עס איז אַ קעמעל. אין אמת׳ען איז דאָס געווען אַ „לאמא“, אַ בהמה וועלכע געפינט זיך אין זיד אַמעריקא, און וועלכע איז טאַקע עהנליך אי צו אַ קעמעל אי צו אַ הירש אי צו אַ שעפּס.

דיא רייכע לאַנד, וועגען וועלכע דער קאַסיק האָט גערעדט, איז געווען פּ ע ר ו!

טומאַקאָ האָט באַלבאָא׳ן געגעבען עטליכע פון זיינע קאַנאָס, און מענשען וואָס זאָלען זיי טרייבען. דערביי זיינען דיא שפאַניער איבער־ראַשט געוואָרען, זעהענדיג אַז דיא וויאָסלעס זיינען אויסגעזעצט מיט פּעריל. אויף דיעזע קאַנאָס האָט באַלבאָא אויסגעפאָרשט אַ גרויסע שטיק ים. ער האָט דאָ בעגעגענט אַ סך אינזלען און אומעטום האָט דאָס וואַסער „געקישעט“ מיט פּעריל שיסעלעך. דיא אויגען האָבען ביי באַלבאָא׳ן געברענט מיט דורשט נאָך דיא אוצרות, וואָס ער האָט אַרום זיך געזעהן. מיט דיעזע זשעדנע אויגען האָט ער רק געקוקט ווייטער, צו דער געהיימניספולער לאַנד פון גאָלד. ער האָט געוואָלט וואָס שנעלער זיך אַוועקלאָזען אַהין. אָבער דיא היגע אינדיאַנער האָבען איהם ערקלעהרט אַז אין דיעזע שטורעמדיגע מאָנאַטען וואָלט אַזאַ רייזע געווען געפעהרליך; און אַזוי וויא איין מאָל האָט די ערפאַהרונג איהם שוין אָנגעלעהרענט ניט צופיעל זיך צו פערלאָזען אויף זיין מזל, האָט ער דיא רייזע אָבגעלעגט אויף שפּעטער.

דיא היגע אינזלען האָט ער אַ נאָמען געגעבען פּ ע ר י ל א י נ ז־ ל ע ן, און אַזוי רופט מען זיי עד היום. פון אונזער לאַנד־קאַרטע (ביי זייטעל 47) וועט דער לעזער זעהן, אַז דיעזע אינזלען ליגען אין דעם פּ אַ נ אַ מ אַ ג אָ ל ף. באַלבאָא האָט זיך אַלזאָ איצט געפונען אין דיעזען טהייל פון דעם שטילען אָקעאַן. ניט ווייט דערביי ליגט היינט דיא שטאָדט פּאַנאַמאַ און דער קאַנאַל וואָס די פעראייניגטע שטאַאטען גראָבען איצט.

ענדליך האָט באַלבאָא זיך גענומען צו זיין רייזע צוריק אַהיים,

נאָך דאַריען. וויעדער האָט ער געהאַט צוזאַמענשטויסען מיט אינדיאַנער און וויעדער האָט ער געזאַמעלט גאָלד. זיין פריינד טומאַקאָ האָט איהם מיטגעגעבען מענשען צו טראָגען די פעק פאַר זיינע שפּאַניער, אָבער דיא זשעדנעקייט פון דיא ווייסע נאָך גאָלד איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבען זיך ניט פערגונען אָנצולאָדען די טרעגער מיט שפּייז. עס איז זיי געווען אַ שאָדען דער פּלאַץ, וואָס דאָס וואָלט פערנומען. אָנ־שטאָט דעם קען דער אינדיאַנער — און זיי, די שפּאַניער גופא — בעסער טראָגען נאָך אַ שטיקעל גאָלד, נאָך אַביסעל פּעריל. דער רעזול־טאַט איז געווען, אַז מען האָט זיך געבויגען אין דרייען, קלעטערענדיג איבער פעלזען מיט דיא שווערע משאות און ליידענדיג דעם שרעקליכ־סטען הונגער. פיעלע פון דיא אינדיאַנער זיינען איינפאַך געפאַלען טויט אויפ'ן וועג. און פיעלע פון דיא ווייסע זיינען צו אַלע צרות קראַנק געוואָרען פון מאַלאַריאַ און האָבען קוים דערשלעפּט זייערע ביינער.

מיט דער צייט זיינען זיי אָנגעקומען אין דעם געגענד פון קאַסיק ט ו ב אַ נ אַ מ אַ, וועגען וועלכען זיי האָבען געהערט פון קאַמאַגרע'ס זוהן, דעם אויבען־דערמאָנטען יונגען אינדיאַנער, וואָס האָט זיי דער־צעהלט וועגען דעם דרום־ים. ט ו ב אַ נ אַ מ אַ האָט זיך געלאָזט הערען צווישען אַלע אינדיאַנישע שבטים פון דעם איסטהמוס. ער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ מעכטיגען, בּאַרמלאָזען קעמפּפער, פאַר אַ בלוט־דורשטיגען טיראַן. באַלבאָאַ איז איהם בעפאַלען בייםנאַכט און איהם גענומען אין פּלען. דער פירכטערליכער קעמפּפער האָט מיט טרעהרען אין דיא אויגען געבעטען מען זאָל אויף איהם רחמנות האָבען. „ווער האָט דאָס געסמייעט צו דענקען וועגען שטעלען זיך געגען אַזעלכע אַלמעכטיגע מענשען וויא איהר זייט?“ — האָט ער געזאָגט. — „זינט איך האָב געהערט פון אייך, האָב איך געפיהלט דעם גרעסטען רעספּעקט פאַר אייך. וויא קום איך צו ווידערשפּעניגען מענשען וואָס האָבען אַזעלכע געוועהר וויא אייערע?“ ער האָט באַלבאָאַ'ן געגעבען אַ מאַסע גאָלד, און באַלבאָאַ מיט זיינע שפּאַניער האָבען איהם אָבגעצאָהלט מיט דעם וואָס זיי האָבען געשענדעט דיא טעכטער פון זיין שבט.

דיא רייזע איז פאָרטגעזעצט געוואָרען. פיעלע פון דיא שפּאַניער זיינען אַזוי קראַנק געווען אויף מאַלאַריאַ, אַז מען האָט זיי געמוזט טראָגען אָדער פיהרען אונטער דיא הענד. באַלבאָאַ אַליין איז אויך

קראנק געוואָרען. ער האָט ניט געקענט געהן, און אינדיאַנער האָבען איהם געטראָגען אין א „העממאָק“.

ענדליך איז מען אָנגעקומען אין קאַמאַגרע'ס דאָרף, און פון דאָר־טען אין קאַמבאָ, אין דעם דאָרף פון באַלבאָא'ס „שווער“ קארעטא, און פון דאָרטען ענדליך נאָך סאַנטא מאַריאַ דעל דאַריען.

ווען דיא קאָלאָניסטען האָבען דערהערט פון דער ענטדעקונג און פון דיא אוצרות גאָלד און פעריל, וואָס דיא קאָמפּאַני האָט געבראַכט, איז צו זייער שמחה קיין שיעור ניט געווען. א פינפטעל פון אַלע דיעזע אוצרות האָט באַלבאָא אַוועקגעשיקט צום שפּאַנישען קעניג און דאָס איבעריגע האָט ער, לויט אַ געוויסען רעכענונג, צוטהיילט פריהער צווישען דיא, וואָס האָבען אַנטהייל גענומען אין זיין עקספּעדיציע און דערנאָך צווישען דיא איבעריגע קאָלאָניסטען פון דאַריען.

דעם קעניג האָט ער אַחוץ דיעזען פינפטעל נאָך אַוועקגעשיקט עטליכע בינטלעך פון דיא גרעסטע און שעהנסטע פעריל, וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט. מיט דעם, האָט ער געגלויבט, וועט ער איהם אַזוי אונטערקויפען, אַז מען וועט פערגעסען אַלע זיינע חטאים און ער, באַלבאָא, וועט בלייבען דער אָפיציעלער הערשער פון דאַריען.

און אַזוי וואָלט טאַקע געוויס געווען. אָבער צו באַלבאָא'ס אונגליק איז דיא שיף, וואָס האָט געזאָלט פאָהרען מיט זיינע מתנות, צו לאַנג פערהאַלטען געוואָרען אין דאַריען; און דערווייל האָט דער קעניג, ניט וויסענדיג פון זיין נייער ענטדעקונג און פון זיינע אוצרות, ארויסגע־שיקט פון שפּאַניען אַ נייעם גובערנאַטאָר מיט דעם אויפטראַג אויסצו־פאָרשען דיא קלאַגעס, וואָס ענציזאָ און אַנדערע האָבען געמאַכט געגען איהם, איהם צו משפּט'ן און בעשטראָפען.

דעם נייעם גובערנאַטאָר'ס פולער נאָמען איז געווען פעדראָ אַריאַס דאַווילאַ. געוועהנליך רופט מען איהם אָבער פעד־ראַריאַס (אַ פערקירצונג פון זיינע ערשטע צוויי נעמען). זיין פרוי איז געווען אַן אַריסטאָקראַטקע, אַ פלימעניצע פון קעניגין איזאַבעלא'ס אַ פריינדין און ער אַליין איז געווען פאָנסעקאַ'ס אַ ליעבלינג. אַזוי וויא דיעזען פאָנסעקאַ וועט אויסקומען וויעדער צו דערמאָנען אין דיעזען בוך, וועלען מיר דאָ בעמערקען, אַז ער איז געווען אַ מין מיניס־טער איבער דעם דעפּאַרטמענט פון „אינדישע“, דאָס הייסט אַמעריקאַ־נישע אַנגעלעגענהייטען. ער האָט דיעזען אַמט געהאַט זינט קאָלומבוס

האָט אַמעריקאַ ענטדעקט, און קאָלומבוס האָט פון איהם געהאַט אויס־צושטעהן גרויסע צרות. ער איז געווען אַ ביטרער, פאַלשער מענש, אַ גיפטיגער אינטריגאַנט און אַ באַרמלאָזער ראַבע־נעהמער. פעדראַריאַס איז געווען „אַ טיגער אויף צוויי פיס", ווי פיסק דריקט זיך אויס, און אַזעלכע מענשען האָט פאָנסעקאַ ליעב געהאַט.

באַלד נאָך דעם וויא מען האָט פעדראַריאַס'ען געמאַכט פאַר דעם גובערנאַטאָר פון דאַריען, אָבער איידער ער איז אַהין אָבגעפאָהרען, זיינען נאָך שפּאַניען אָנגעקומען באַלבאָאַ'ס ערשטע שלוחים, — דאָס הייסט די שלוחים, וואָס ער האָט געשיקט אָנזאָגען אַז ער קען ענטדע־קען אַ נייעם ים מיט גאָלד־לענדער, און בעטען מען זאָל איהם שיקען טויזענד מאַן דערצו.

דאָס, וואָס באַלבאָאַ'ס פאָרשטעהער האָבען דערצעהלט וועגען דעם געהיימניספולען געגענד פון גאָלד און פעריל, האָט געמאַכט אַ גרויסען רושם אויף דעם קעניגליכען הויף און צווישען אַלע אַדעליגע פון שפּאַניען. דיא אַריסטאָקראַטיע האָט זיך גענומען בעטען מען זאָל איהר מיטנעהמען אויף דער עקספּעדיציע. מען איז אַזוי זשעדנע געווען צו בעטהייליגען זיך אין דער רייזע און אין דיא מלחמות, וואָס וועלען פיהרען צו דיא אוצרות, אַז אָנשטאָט טויזענד מאַן האָבען געוועלט פאָהרען דריי טויזענד — מייסטענס פון דיא הויכע פריצ'ישע פאַמיליעס. פיהרען אַזוי פיעל האָט מען ניט געקענט; מען האָט איינ־פאַך ניט געקענט אויסשטאַטען אַזאַ גרויסע פלאָטע. מען האָט געפּרופט מאַכען אַ פשרה, צוערשט וועגען צוועלף הונדערט; דערנאָך האָט מען געמוזט צולעגען נאָך דריי הונדערט. אָבער דורך „פּראָטעקציע", געבעט, און אינטריגען, האָבען נאָך פינף הונדערט אַריסטאָקראַטען גע'פועל'ט אַז מען זאָל זיי מיטנעהמען. אין סך הכל אַלזאָ זיינען אַוועקגעפאָהרען ניט טויזענד מאַן, נור צוויי טויזענד.

און אַלס קאָמאַנדיר איבער זיי אַלעמען איז אַלזאָ געפאָהרען פּ ע ד ר אַ ר י אַ ס. די פלאָטע, וועלכע איז בעשטאַנען פון 15 שיפען, איז אָבגעשוואומען דעם 12טען אַפּריל 1514.

אין עטליכע טעג אַרום איז אין שפּאַניען אָנגעקומען דער מאַן, וועמען באַלבאָאַ האָט געשיקט מיט דעם פינפטעל פון זיינע נייע אוצרות און מיט דיא ספּעציעלע מתנות. ווען דער קעניג האָט דאָס געהערט, האָט ער דיעזען שליח גלייך גערופען צו זיך; און ווען יענער האָט

פאר איהם אווענגעלעגט דעם בארג מיט גאָלד און פעריל, איז זיין „מאיעסטעט" געבליבען וויא א בעצויבערטער. דיא ענטדעקונג וועלכע דיא צוויי טויזענד אריסטאָקראטען זיינען געפאָהרען מאכען, איז שוין אַלזאָ געמאכט געוואָרען; דער ים מיט דיא אוצרות איז שוין דער־גרייכט געוואָרען; און דאָס אַלץ האָט אויפגעטהאָן, מיט א הייפעלע מענשען, קיין אַנדערער וויא באַלבאָא. דער גאָלד־גייציגער קעניג האָט הרטה געהאט פאר וואָס ער האָט געשיקט פעדראריאס'ען פערנעהמען באַלבאָא'ס פלאַץ און איהם משפט'ען און בעשטראָפען. ער האָט געשריעבען א בעפעהל אז דעם כוואטסקען קאָמאַנדיר פון דאריען זאָל מען בעלוינען און איהם אָבגעבען כבוד.

אין דאריען האָט מען אָבער דערווייל דערפון ניט געוואוסט, און פעדראריאס איז מיט זיין קאָמפאַניע אהין אָנגעקומען מיט גרוים פאראד. ווען באַלבאָא האָט געהערט אז דאָס איז א נייער גובערנאַטאָר, האָט ער געבויגען דיא קאָפּ. ער האָט איהם געשיקט בעגריסען און זאָגען אז ער ווארט אויף זיין בעפעהל.

פעדראריאס איז געוועזען א ביטערער הארצלאָזער צבוע'ק; ער איז פעהיג געוועזען צו געברויכען די ניעדריגסטע מיטלען, אבי צו עררייכען זיין צוועק. ער האָט גלייך געזעהן, אז באַלבאָא איז אייגענטליך אין קיין זאך געגען דער רעגיערונג ניט שולדיג, אז ער איז קיין פערברעכען געגען טראָהן ניט בעגאַנגען. ער האָט אָבער אויך געזעהן, אז ער איז זעהר בעליעבט ביי דיא קאָלאָניסטען; אַלזאָ האָט ער פון איהם געוואָלט פטור ווערען. און צו דיעזען צוועק האָט ער גלייך געהייסען איהם ארעסטירען און שטעלען צום געריכט. עספינאָזאַ, דער ריכטער, וועל־כער איז ערשט געקומען פון שפאַניען, און דער הויפט־גלח האָבען זיך אָבער צו באַלבאָא'ן פערהאַלטען ווייך. זיי האָבען ניט געוועלט איינ־רייסען מיט דיא קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען איהם אזוי געליעבט. און אפילו פעדראריאס'עס אריסטאָקראטישע פרוי האָט אויך אויסגע־דריקט סימפאַטהיע צו דעם העלדישען ענטדעקער פון דעם „דרום ים". קורץ, מען האָט באַלבאָא'ן ערקלעהרט אונשולדיג און בעפרייט. דאָס אַלץ האָט צוגעגאָסען אויל צו דעם פייער פון פעדראריאס'עס האַס; זיין וואונש באַלבאָא'ן צו בעזייטיגען איז געוואָרען אַלץ שטארקער.

דיא אריסטאָקראטען, וואָס זיינען אריבערגעקומען מיט דעם גובערנאַטאָר, האָבען דערווייל געליטען אונבעשרייבליכע צרות. זיי

זיינען ניט צוגעוועהנט געווען צו דיא היצען פון צענטראַל־אַמעריקאַ, און דיא פייכטע ערד פון דאַריען האָט אין דער היץ פון זיך אַרויסגע־געהויכט מאַלאַריאַ־פיבער, פון וועלכען פיעלע פון זיי זיינען קראַנק געוואָרען. דערצו נאָך האָט באַלד אויסגעפעהלט עסענוואַרג, און מען האָט געמוזט אַרויסגעבען קליינע פּאָרציעס. מען איז שטענדיג געווען האַלב־הונגעריג, אָבגעשוואַכט, און דאָס האָט פערגרעסערט דיא ווירקונג פון דעם פיבער.

דיא פריהערדיגע קאָלאָניסטען זיינען אויך קראַנק געוואָרען. אָבער זיי זיינען שוין צוגעוועהנט געווען צו אַלע צרות. גאַנץ אַנדערש איז געווען מיט דיא געצערטעלטע יחסנים, וואָס פּעדראַריאַס האָט איצט אַראָבגעבראַכט: זיי זיינען געקומען שעפּען גאָלד און פּעריל מיט דיא הויפענס און צו לעבען אַ גוטען טאָג. פון אַרבייט און אָבקומעניש האָבען זיי קיינמאָל ניט געוואוסט, און ניט געוועלט וויסען; ווען זיי האָבען געזעהן, אַז אום צו בעקומען פּעריל מוז מען האָרעווען און אויסשטעהן פערשיעדענע שוויריגקייטען, זיינען זיי אַראָבגעפאַלען ביי זיך, און האָבען חרטה געהאַט אויף דיא גאַנצע רייזע. ווען זיי זיינען געצוואונגען געווען צו הונגערען און דער פיבער האָט זיך איינגעגעסען אין זייערע קערפּערס, זיינען זיי געווען פיעל הילפלאָזער וויא דיא אַנדערע. זיי האָבען געצאָהלט מיט אַ רייכען זיידענעם אָדער סאַמעט־טענעם בגד פאַר אַ שטיקעל אינדיאַנישע ברויט, און זיך נאָך געפרעהט, אַז זיי האָבען דאָס געקענט קריגען. זיי האָבען זיך געמוזט שפּייזען מיט וואָרצלען און גראָזען פון דיא פעלדער, אויב זיי האָבען נור געהאַט כח צו דעם צוזוקומען. זיי זיינען געוועהנט געווען זיך אימער צו בעדיענען מיט אַנדערע; אָבער דאָ, אין דעם שרעקליכען הונגער, האָט מען פער־געסען אָן זייער יחוס, און דאָס האָט צו זייערע קערפּערליכע שמערצען צוגעגעבען גייסטיגע. איינער פון דיא גרעסטע אַריסטאָקראַטען פון דער קאָמפּאַניע, פון איהר „גילדערנע פּאָהן“ איז איינפאַך געשטאָרבען אויפ׳ן מיטען גאַס פון הונגער.

פון דיא צוויי טויזענד פּריצ׳ישע קינדער, וואָס זיינען מיט פּעדראַריאַס׳ען געקומען פול מיט מוטה, לעבענס־לוסט און ערוואַרטונג אויף פּאַרטיגע אוצרות, זיינען אין דעם ערשטען מאָנאַט, פון פיבער און הונגער, אויסגעשטאָרבען גאַנצע זיעבען הונדערט. און פיעלע פון דיעזע זיינען טוידטער־הייד געלעגען און געפוילט עטליכע טעג נאָכ־

אנאנד איינפאך ווייל מען האָט קיין כח ניט געהאט זיי צו בעגראָבען.

דאָס רוב פון די איבעריגע זיינען זיך ענדליך צולאָפען — איינינע אויפ'ן אינזעל קובא, וועלכען דער אויבען־דערמאָנטער דיעגאָ וועלאס־קעץ (זייטעל 39) האָט אָנגעפאנגען צו קאָלאָניזירען, אנדערע נאָך שפאניען.

שפּעטער איז אָנגעקומען א בריעף פון דעם שפּאנישען קעניג, אז ער ערקלעהרט באלבאָא'ן גובערנאטאָר פון דעם דרום ים, פּאנאמא און קאָיבא. און פּעדראריאס'ען האָט ער געהייסען זיך בעראטהען מיט איהם אין אלע וויכטיגע זאכען. דאָס האָט פּעדראריאס שוין גאָר ניט געקענט אויסהאלטען. ער האט גענומען זוכען א מיטעל פון איהם פּטור צו ווערען.

באלד האט זיך איהם געמאכט א תירוץ. עס איז אָנגעקומען א שיף מיט געוועהר און דער קאפּיטאן פון דיעזער שיף האָט געשיקט רופען באלבאָא'ן, און מיט איהם פערבראכט עטליכע שטונדען. דאָס איז געווען איינער גאראביטאָ, וועלכען באלבאָא האָט פריהער געשיקט נאָך פּראָוויאנט. אלזאָ האָט דער נייער גובערנאטאָר זיך צוגעטשעפּעט, אז באלבאָא האָט דאָ געמאכט א פערשווערונג געגען איהם, און ער האט איהם געהייסען ארעסטירען אלס רעוואָלוציאָנער. דיא בעשולדיגונג איז אָבער געווען אָהן שום גרונד, און ווען דער הויפּט־גלח האָט געפּאָדערט, אז מען זאָל באלבאָא'ן ארויסלאָזען, איז פּעדראריאס געצוואונגען געווען צו פּאָלגען.

דער נייער גובערנאטאָר האָט געוועלט וואָס שנעלער שיקען צו דיא פּעריל־אינזלען, וועלכע באלבאָא האָט ענטדעקט. דער בעסטער קאָמאנ־דיר פון אזא עקספּעדיציע וואָלט נאטירליך געווען באלבאָא אליין. אָבער איהם שיקען האָט פּעדראריאס אפילו אין זינען ניט געהאט. דאָס וואָלט בלויז פערגרעסערט דעם ענטדעקער'ס ווערדע; ער וואָלט געבראכט פּעריל, און מיט דעם וואָלט ער נאָך טהייערער געוואָרען אי ביי'ם קעניג און אי ביי דיא קאָלאָניסטען. אלזאָ האָט פּעדראריאס דיא עקספּעדיציע געשיקט אונטער דער קאָמאנדא פון מאָראלעס, זיינעם א קרוב, און פּראנציסקאָ פּיזארראָ. דעם לעצטען האָט ער צוגעגעבען, ווייל ער איז שוין געווען בעקאנט מיט דיא פּעריל־אינזלען, וועלכע ער האָט בעזוכט צוזאמען מיט באלבאָא.

די עקספּעדיציע איז געווען אַ צרה'דיגע. די שפּאַניער האָבען געהאַט שווערע מלחמות מיט די אינדיאַנער, וועלכע זיינען ערביטערט געוואָרען פאַר זייערע הולטייסטוועָס מיט די רויט־הויטיגע פרויען. איין טהייל פון דער וויסער קאָמפּאַניע האָבען די אינדיאַנער פערברענט צוזאַמען מיט אַ הויז אין וועלכע זיי האָבען גענעכטיגט; די איבעריגע האָבען געהאַט אָהן אַ שיעור צוזאַמענשטויסען, אין וועלכע איינינע פון זיי זיינען געפאַלען. די צאָהל פון די געטוידטעטע אינדיאַנער איז אָבער געווען פיעל גרעסער. אין איין אַטאַקע, וועלכע פּיזאַררא האָט געפיהרט אין מיטען נאַכט, זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען איבער זעקס הונדערט פון זיי. די בלוט־גיסעריי איז פּאָרטגעזעצט געוואָרען. אָבער די רויט־הויטיגע קעמפּפער האָבען ניט פערלאָרען זייער מוטה, און דעם שונא פערפאָלגט אָהן אַן אויפהער. דער סוף איז געווען אַז פּיזאַררא, מאָראַלעס און זייער חיל האָבען זיך געמוזט אָבטראָגען אַזוי שנעל וויא זיי האָבען נור געקענט. אין וואָס פאַר אַ לאַגע זיי זיינען געווען לויפענדיג דורך די געדיכטע וועלדער און איבער די ווילדע פעלזען, קען מען זיך פאָרשטעלען פון דעם פאָלגענדען פאַקט: איינער פון זיי איז געווען געוואונדעט און האָט ניט געקענט מיטלויפען. אום ניט אַריינצופאַלען צו די אינדיאַנער אין די הענד, האָט ער זיך בעשלאָסען זיך אויפצוהענגען; און הגם זיינע חברים האָבען זיך ביי איהם געבעטען מיט טרעהרען אין די אויגען ער זאָל דאָס ניט טהאָן, האָט ער פון דעסטוועגען זיך אויפגעהאַנגען.

די קאָמפּאַניע'ס ווייטערע רייזע איז געווען פול מיט אונבעשרייבליכע געפאַהרען און ליידען. אייגמאָל זיינען זיי פערפּלאָנטערט געוואָרען אין אַ געדיכטען זומפּ; איין מאָל האָבען זיי זיך געפונען ארומגערינגעלט מיט אינדיאַנער פון איין זייט און מיט דעם רוישענדען ים פון דער אַנדערער זייט, ביז זיי האָבען מיט אַן אונמענשליכע גבורה און מיט אונמענשליכע אונערשראָקענהייט פערטריבען אַ קאָמפּאַניע אינדיאַנער פון זייערע שיפלעך און אויף דיעזע שיפלעך זיינען זיי אַריבערגעשוואומען דעם ס ע נ ט מ י ג ע ל ג אָ ל ף. און פון דעם ברעג, נאָך אַ רייהע נייע געפאַהרען און נייע סבות, האָבען זיי זיך ענדליך אומגעקעהרט נאָך דאַריען. מיט ליידיגען זיינען זיי ניט געקומען. זיי האָבען געבראַכט אַ היבש ביסעל פּעריל, און איינינע זאָגאַר זעהר גרויסע און שעהנע. דעם גרעסטען פון דיעזע פּעריל האָט

פּעדראַריאַס'עם פּרוי געשיקט צו דער קעניגין פון שפּאַניען*), וועלכע האָט איהר דערפאַר געגעבען פיער טויזענד דוקאַטען.

דיא פּעריל האָבען געמאַכט אַ טיעפּערען איינדרוק אויף דיא קאָלאָניסטען וויא דיא אַלע לעבענס-געפאַהרען און יסורים וואָס דיא קאָמפּאַניע האָט געהאַט אויסצושטעהן; אַלזאָ האָט יעדער געדורשט צו מאַכען אַ רייזע נאָך דיא ברעגעס פון דעם „דרום ים".

איידער מיר געהען ווייטער, וועלען מיר צו דיא דערמאָהנטע פּאַסירונגען פון מאַראַלעס'עם און פּיזאַררא'ס עקספּעדיציע צולייגען דעם פאָלגענדען פאַקט, וועלכער וועט אונז וויכטיג זיין אין ווייטערע קאַפּיטלען פון דיעזען באַנד:

אויף איינעם פון דיא פּ ע ר י ל א י נ ז ל ע ן איז געוועזען אַ קאַסיק, פאַר וועלכען דיא אַרומיגע אינדיאַנישע שבטים האָבען געציטערט. ווען מאָראַלעס און פּיזאַראָ זיינען אָנגעקומען אויף יענעם אינזעל (נאָך אַ שטורמיגע רייזע אויף שיפלעך), איז ער געגען זיי אַרויסגעטראָטען מיט גרויס רציחה. געגען דיא פייער-געוועהר און דיא בלוט-הינט פון דיא שפּאַניער האָט ער אָבער ניט געקענט איינשטעהן, ער האָט זיך גענומען בעטען מען זאָל מיט איהם שלום מאַכען. ווען דיא שפּאַניער זיינען מרוצה געוואָרען, האָט ער זיי איינגעלאַדען צו זיך, אין אַ גרויסע הויז, און דאָרטען האָט ער זיי געשאָנקען אַ קאָרב פול מיט מערקווירדיג גרויסע פּעריל. ווען דיא שפּאַניער האָבען איהם דערפאַר געגעבען עטליכע העק, פאַטשערקעס און גלעקעלעך, האָט ער געזאָגט מיט גרויס פרייד: „דאָס איז מיר פיעל וויכטיגער. פון דעם קען מען האָבען אַ נוץ. אָבער וואָס פאַר אַ נוץ קען מען האָבען פון פּעריל?" זעהענדיג אָבער, אַז ביי דיא ווייסע איז פּעריל און גאָלד טהייערער פון אַלץ, האָט ער מאָראַלעס'ען און פּיזאַראָ'ן אַרויפגעפיהרט אויף דעם טהורימעל פון דער הויז, און אָנווייזענדיג אויף דיא אינזלען, האָט ער געזאָגט:

— קיין סך גאָלד איז אויף זיי ניטאָ, אָבער פּעריל אָהן צאָהל.

*) פערדינאַנד'ס פרוי, קעניגין איזאַבעללאַ, איז שוין געוועזען טויט, און איהר קרוין אלס קעניגין פון קאַסטיליען, האָט גע'ירש'ענט זייער טאָכטער יואַנאַ, וועלכע איז בעקאַנט אין היסטאָריע אַלס „דיא משוגענע יואַנאַ".

זייט מיינע טרייע פריינד, וועט איהר האָבען וויא פיעל פּעריל אייער הארץ געלוסט.

דאַן האָט ער אָנגעוויזען אויף דיא הויפּט־לאַנד, צו מזרח צו, — דאָס הייסט, ער האָט אָנגעוויזען אויף זיד־אַמעריקאַ.

— אָבער דאָרטען ווייטער אהין־צו־צו — האָט ער פאָרטגע־זעצט — ליעגט א גרויסע מדינה, וואו עס געפינט זיך אָהן א שיעור גאָלד. דאָס איז אַ לאַנד פול מיט רייכטהימער, און דער פאָלק, וועל־כער וואוינט דאָרטען, איז אַ מעכטיגער.

דיא שפּאַניער האָבען שוין געהערט פון דיעזע רייכע מעכטיגע לאַנד, וועלכע מיר רופען היינט פּערו. דאָס איז דיא זעלבע לאַנד, וועגען וועלכע דעם קאַסיק קאָגמאַרע׳ס יונגער זוהן האָט געזאָגט באַלבאָאַ׳ן, ווען ער האָט פון דיא שפּאַניער׳ס וואָג־שאָלען אַרויסגע־שליידערט דיא גאָלד, איבער וועלכע זיי האָבען זיך געקריעגט. דיא שפּאַניער זיינען אָבער דאַן געווען אויף דער צפון־זייט פון דעם איסטה־מוס, וועהרענד איצט זיינען זיי געווען אין דעם „דרום ים“, אויף דיא פּעריל־אינזלען, דאָס הייסט אויף דער דרום־זייט פון דעם איסטהמוס, אביסעל נעהנטער צו פּערו.

דיעזען קאַסיק׳ס רייד האָבען געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק אויף פּיזאַראָ׳ן. ער האָט געשלונגען זיין יעדען וואָרט, און אַ געדאַנק איז געבאָרען געוואָרען אין זיין מח: צו אונטערנעהמען אַ רייזע נאָך יענע געהיימניספולע לאַנד פון רייכטהימער.

ער האָט דעם געדאַנק ערפילט; און זיינע ערפאַהרונגען און אויפ־פיהרונגען דערביי בעלאַנגען צו דיא מערקווירדיגסטע זאַכען אין דער מענשליכער געשיכטע. אָבער וועגען דעם — שפּעטער. דערווייל לאָמיר זיך אומקעהרען צו פּעדראַריאַס׳ען. ער האָט אַרויסגעשיקט אַנדערע עקספּעדיציעס אין דיא אַרומיגע געגענדען, אָבער אַלץ אָהן מזל. איין עקספּעדיציע אַזעלכע — פון 180 מאַן — איז אין גאַנצען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען פון אינדיאַנער. אַן אַנדער קאָמפּאַניע האָט געהאַט אַ מפּלה פון דעם אויבען־דערמאָהנטען טובאַנאַמאַ, וועמעס מחנה איז איצט געגאַנגען אויפ׳ן שלאַכט־פעלד טראָגענדיג בלו־טיגע שפּאַנישע העמדער אויף שטעקענס.

דיא קאָלאָניע איז פערקלענערט געוואָרען, און איז געווען אין שטענדיגע שרעק פאַר דיא אינדיאַנער. פּעדראַריאַס האָט פערלאָרען

זיין מוטה, און אָנשטאָט צו זוכען מיטלען זיך נוקם צו זיין אָן באל־באָא'ן, האָט ער איצט געוואָלט זיך בעוואָרענען מיט זיין פריינדשאפט, וואָרים דיא אונצופריעדענהייט פון דיא קאָלאָניסטען איז געווען גרויס און זייער ליעבע צו באַלבאָא'ן האָט זיך אַרויסגעצייגט אויף טריט און שריט. א חוץ דעם איז דער הויפּט־גלח געווען באַלבאָא'ס א טרייער פריינד. פעדראַריאַס האָט מורא געהאַט, אַז קלאַגען געגען זיין הער־שאַפט וועלען דערגרייכען שפּאַניען, און אַז מען וועט איהם אפשר אראָפּזעצען און זיין שטעלע געבען זיין געהאַסטען קאָנקורענט. איהם האָט זיך דעריבער איצט בעסער געלוינט צו האָבען באַלבאָא'ן אויף זיין זייט. „אַז מען קען ניט אַריבער, מוז מען אַרונטער".

בעמערקענדיג וויא אזוי דער גובערנאַטאָר פיהלט זיך, האָט דער הויפּט־גלח צו איהם איין מאָל זיך אָבגערופען: „דו האָסט עטליכע טעכטער. גיב איינע פון זיי באַלבאָא'ן. נעהם איהם פאַר אַן איי־דעם. ער איז אַן אַדעליגער, און ער איז זעהר בעליעבט אי אין דעם קעניגליכען הויף, אי דאָ ביי דיא קאָלאָניסטען".

פעדראַריאַס'ען און זיין פרוי איז דער פּלאַן געפעלען געוואָרען, און פון באַלבאָא'ס זייט איז אויך קיין מניעה ניט געווען. דיא כלה איז דאַן געווען אין שפּאַניען; אַלזאָ, האָט מען גלייך געשיקט נאָך איהר.

דיא פערביסענע שונאים זיינען געוואָרען דיא בעסטע פריינד; אָבער ניט אויף לאַנג. מיר וויסען דאָך שוין אַז באַלבאָא האָט גע־לעבט מיט אַן אינדיאַנערקע, וועלכע איהר פאָטער, קארעטא, האָט איהם געגעבען אלס א צייכען פון פריינדשאַפט. אַלזאָ, האָט באַל־באָא'ס א שונא, צו וועלכען דער ענטדעקער איז געווען אייפערזיכטיג טאַקע איבער דיעזער אינדיאַנערקע, געלאָזט וויסען פעדראַריאַס'ען, אַז ער איז צו שטאַרק צוגעבונדען צו זיין רויט־הויטיגע קעבס־ווייב און מיינט גאָר ניט צו הייראַטהען מיט דעם גובערנאַטאָר'ס טאָכטער; און פון דעם איז פאַר באַלבאָא'ן אַרויסגעקומען א טראַגישער סוף. אָבער דאָס איז געווען דערנאָך. דערווייל איז פעדראַריאַס געווען בעגייסטערט פאַר זיין טאָכטער'ס חתן און פאַר דיא עקספּעדיציע, וועלכע ער האָט געפּלאַנעוועט.

באַלבאָא'ס פּלאַן איז געווען אזא סמיעלער, אַז שפּאַנישע היס־טאָריקער ווייזען אויף דעם אָן מיט שטאָלץ. „בלויז א שפּאַניער

וואָלט געקענט טהאָן אַזעלכעס, — זאָגען זיי, — בלויז אַזאַ העלדישער פייערדיגער מענש וויא וואַסקאָ נונעז באַלבאָאַ“. ער האָט נעמליך זיך בעשלאָסען אויפצובויען פיער שיפען אויף דער אַטלאַנטישער זייט פון דעם איסטהמוס, און זיי טהיילענווייז אַריבערצוטראָגען איבער דיא בערג צו דער אַנדערער זייט פון דעם איסטהמוס, אום צו מאַכען אויף זיי אַ רייזע איבער'ן „דרום ים“ און אויספאָרשען דיא דאָרטיגע געגענדען. דער פּלאַן איז געווען אַ ווילדער, און עס האָט זיך ווירקליך געפאָדערט אַזאַ מענש וויא באַלבאָאַ אום איהם זיך אַריינצונעהמען אין קאָפּ.

דער בעסטער פּלאַץ אויף אַריבערצוגעהן דעם איסטהמוס איז געווען אַרום קאַיבאַ, קארעטאַ'ס דאָרף. ניט ווייט פון דאָרטען, ביי אַ האַפען, האָבען דיא שפּאַניער דעריבער נאָך פריהער אָנגעפאַנגען צו בויען אַ שטאָדט, אַ ק ל אַ. ווען ער איז אַהין אָנגעקומען, האָט ער געלאָזט האַקען בוימער אין דיא וועלדער, און דיא האָלץ צוזאַמען מיט אַנקערס, מיט שטריק און מיט אַלע אַנדערע זאַכען וואָס מען דאַרף האָבען צו אַ שיף, האָט מען גענומען שלעפּען איבער דיא בערג. דערביי האָבען געאַרבייט עטליכע שפּאַניער, דרייסיג נעגערס און אַ גאַנצע מחנה אינדיאַנער. קיין וועגען און קיין שטעגען איז ניט גע־ווען. דיא משא האָט מען געמוזט טראָגען דורך וועלדער, איבער שטראָמיגע טייכלעך, איבער פעלזען און אָבגרונדען. וויא דיא מור־ראַשקעס האָבען דיא טרעגער געאַרבייט, מאַטערענדיג זיך מיט דיא ריעזיגע קלעצער און דיא אַנדערע משאות. און דיא זון האָט געברענט און געבראָטען אָהן אַן אויפהער. דיא אינדיאַנער זיינען צו אַזעלכע שווערע אַרבייט ניט געוואוינט געווען, און פיעלע פון זיי זיינען גע־פאַלען און אויסגעגאַנגען אויפ'ן וועג.

ענדליך האָט מען זיך דערשלעפּט ביז דעם שפּיץ פון דיא בערג, וואו מען האָט פון פריהער צוגעפּערטיגט אַ הויז פאַר דיא אַרבייטער. מען האָט זיך אָבגערוהט און, אין עטליכע טעג אַרום, איז מען גע־גאַנגען ווייטער, — שוין פון דער אַנדערער זייט באַרג. דאָרטען זיינען דיא אַרבייטער באַלד צוגעקומען צו אַ טייך, וועלכער פאַלט אַריין אין דעם שטילען אָקעאַן אָדער „דרום ים“, וויא מען האָט דאָס דאַן גערופען.

ענדליך, נאָך אַ לאַנגען קאַפּיטעל פון קאַטאָרזשנע אַרבייט און

אלערליי צרות האָט מען דערגרייכט דעם ים. פאַרלויפיג האָט מען בלויז געבראַכט מאַטעריאַלען פאַר צוויי שיפען. דיא מאַטעריאַלען פאַר דיא אַנדערע צוויי זיינען נאָך דערווייל געבליבען אין אַ ק ל אַ. מען נעהמט זיך בויען דיא צוויי שיפען — מען זעהט זיך אַרום, אַז דיא קלעצער טויגען ניט. מען האָט זיי אויסגעהאַקט צו נאָהענט צו געזאַלצענע וואַסער, און זיי זיינען געוועזן דורכגעווערימט. מען האָט אַלזאָ געמוזט אָנפאַנגען צוריק פון אָנהויב: האַקען נייע בוימער, ביין ברעג פון אַ טייך. באַלבאָא האָט אָבער געהאַט פונקט אַזוי פיעל געדולד וויא מוטה, און דיא אַרבייטער האָבען קיין ברירה ניט געהאַט און געמוזט פאָלגען וואָס ער האָט זיי געהייסען. ער האָט זיי צוטהיילט אויף דריי קאָמפּאַניעס: דיא שפּאַניער מיט אַ טהייל פון דיא אינדיאַנער האָט ער געשטעלט ביין האַקען און זעגען נייע בוימער. דיא דריי־סיג נעגערס האָט ער געשיקט קיין אקלא נאָך דיא מאַטעריאַלען (אַ מהלך פון 66 ענגלישע מייל איבער בערג און דורך וועלדער) און אַ טהייל פון דיא אינדיאַנער האָט ער געשיקט זוכען שפּייז.

מען האָט קוים דערלעבט אָנצוהאַקען דיא בוימער און זיי אַרומ־צוזעגען און צופּערטיגען אויף צו בויען דיא שיפען, האָבען זיך אָנ־געפאַנגען אַזעלכע רעגענס, און דער טייך האָט זיך אַזוי פאַרנאַנדער־געפּלייצט, אַז דיא אַרבייטער האָבען זיך קוים געראַטעוועט מיט'ן לעבען מיט דעם, וואָס זיי האָבען אַרויפגעקלעטערט אויף בוימער. וואָס אַנבעטרעפט דיא געהילץ, אויף וועלכע זיי האָבען אַזוי שווער גע־אַרבייט, איז זיא ענטוועדער פערטראָגען געוואָרען מיט'ן שטראָם אָדער בעגראָבען געוואָרען אין זאַמד און בלאָטע. און עסען איז ניט געוועזן וואָס. דיא קאָמפּאַניע אינדיאַנער, וואָס איז געגאַנגען נאָך שפּייז, איז צוריק ניט געקומען, און אַליין געהן האָט מען ניט געקענט צוליעב דער פערפלייצונג. אין דיעזען מאָמענט פון פערצווייפלונג זיינען דיא איבעריגע אינדיאַנער אריינגעשפּרונגען אין טייך און שווי־מענדיג האָבען זיי דיא קלעצער צוזאַמענגעבונדען מיט וויטשעס אין אויף אַזאַ אַרט געמאַכט אַ שווימענדען בריק אָדער פּליט. ווען מען האָט גענומען געהן איבער דיעזען צרה'דיגען בריק, זיינען דיא קלעצער אַראָפּגעדריקט געוואָרען טיעף אין וואַסער, אַזוי אַז דיא וואַסער האָט אָפּט דערגרייכט ביז דיא גאַרטלען; און דער שטראָם האָט געבושע־וועט אָהן אַן אויפהער. אין גרויס געפאַהר און מיט אונענדליכע

שווירינקייטען איז מען אָבער אַריבער אויף יענעם ברעג, און מען האָט בעקומען עסענוואַרג.

באַלד איז דער טייך אָבגעגאַנגען און מען האָט געקענט פאָרט־זעצען די אַרבייט, מיט דער הילף פון נייע מענשען, וואָס זיינען געקומען פון אַקלאַ. אַזוי האָט מען געאַרבייט ביז באַלבאָאַ'ס וואונש איז ערפילט געוואָרען: מען האָט פאַרטיג געמאַכט צוויי שיפען, און די קאָמפּאַניע איז מיט גרויס פרייד אַריינגעשוואומען פון דעם טייך אין דעם גרויסען ברייטען ים אַריין.

אין איין אָרט, אַ מייל 60 צו מזרח־זייט צו פון דעם סאַן מיגעל גאָלף, האָבען אונזערע רייזענדע געזעהן אַ גרויסע צאָהל וואַלפישען. מיט די פאַנטאַנען וואַסער, וואָס האָבען פון זיי געשלאָגען, האָבען דיעזע בעשעפעניסען אויסגעזעהן וויא אַ צייל פעלזען, וואָס ציהען זיך ווייט אין ים אַריין און ווערט געשמיכען פון די כוואַליעס. די מאַטראָזען האָבען אַזאַ בילד נאָך קיין מאָל ניט געזעהן. און דאָ אין דעם אונבעקאַנטען ים האָט דאָס זיי געשראָקען. באַלבאָאַ האָט דער־ריבער געמוזט צו־אַנקערען די צוויי שיפען ביז איבער נאַכט, ער־וואַרטענדיג אין דער פריה ווידער צו שווימען ווייטער צו מזרח זייט צו. ווען זיי וואָלטען אַזוי געשוואומען, וואָלטען זיי געקומען נאָך דער רייכער האַלב־ציוויליזירטער מערקווירדיגער פּ ע ר ו. מיט באַל־באָאַ'ן וואָלט דאַן געקאָכט איבער דער גאַנצער וועלט און די שפּאַ־נישע קרוין וואָלט איהם אויפגענומען אַלס דעם וויכטיגסטען רייזענדען און גרעסטען העלד, וואָס זיא האָט ווען עס איז געהאַט. אין דער פריה האָט אָבער געגומען בלאָזען אַ פערקעהרטער ווינט, און באַלבאָאַ האָט געמוזט פערקירעווען די שיפען צוריק. ער איז ווידער צוגע־קומען צו די פּעריל־אינזלען. דאָרטען האָט ער זיך גענומען בויען נאָך צוויי שיפען און אָוועקגעשיקט אין אַקלאַ נאָך מאַטעריאַלען און פּראָוויאַנט. באַלד האָט ער דערהערט אַ נאַכריכט, אַז די שפּאַנישע רעגירונג שיקט אַ נייעם גובערנאַטאָר אויף פּעדראַריאַס'עס פּלאַץ. דאָס האָט איהם זעהר בעאונרוהיגט. אַ נייער גובערנאַטאָר וועט האָבען נייע ליעבלינגען און איינפיהרען נייע אָרדנונגען. אַלזאָ איז געווען אַ געפאַהר אַז מען וועט די „דרום ים" עקספּעדיציע שטערען אָדער איבערגעבען איהר אין נייע הענט. באַלבאָאַ האָט זיך בע־ראַטהען מיט זיינע פערטרויטע אָפיציערען און עס איז געבליבען צו

טהאָן אזוי: אוועקשיקען א געטרייען מענשען נאָך אקלא אום צו זעהן וואָס אין דאַריען טהוט זיך; און אויב דאָרטען איז ווירקליך פאראן א נייער גובערנאַטאָר, זאָלען דיא רייזענדע פאָרמזעצען זייער עקספעדיציע איידער באַלבאָא וועט בעקומען א נייעם בעפעהל.

דער מאַן, וועמען באַלבאָא האָט אויסגעקליבען צו דיעזער שליחות איז געווען דער אויבען־דערמאָהנטער א נ ד ע ס ג א ר א ב י ט א, איבער וועלכען ער איז אַרעסטירט געוואָרען אויף דער בעשולדיגונג: אז ער וויל מיט איהם מאַכען א רעוואָלוציאָנערע פערשווערונג. ער האָט שטאַרק געהאַלטען פון גאראביטאָ'ס שכל און עהרליכקייט, און האָט צו איהם געהאַט פיעל צוטרוי. דיעזען מאָל האָט ער זיך אין איהם אָבער גענאַרט. גאראביטאָ האָט אין האַרצען איצט געטראָגען א פערבאָרגענע שנאה געגען דעם ענטדעקער פון דעם שטילען אָקעאַן; און דיא שנאה איז אַרויסגעקומען איבער דיא שעהנע אינדיאַנערקע, וועלכע באַלבאָא האָט בעקומען פון איהר פאָטער, קאַרעטא, אלס א צייכען פון פריינדשאַפט. באַלבאָא איז אַליץ געווען צוגעבונדען צו איהר. איין מאָל, דערפיהלענדיג אייפערזוכט צו גאראביטאָ'ן, האָט ער איבער איהר מיט איהם זיך געקריעגט און איהם שטאַרק בעליידיגט. באַלבאָאַ'ס כעס איז באַלד איבערגעגאַנגען און ער האָט זיך פערגעסען אָן דיא גאַנצע געשיכטע; אָבער גאראביטאָ'ס אייפערזוכט צו באַל־באָאַ'ן, איבער דער זעלבער רויט־הויטיגער פרויענצימער, איז אזוי גיך ניט איבערגעגאַנגען. ער איז אין איהר געווען פערליעבט און ער האָט באַלבאָאַ'ן געהאַסט פון טיעפסטען האַרצען. קורץ, ער האָט פעדראַריאַס'ען געלאָזט וויסען, אז באַלבאָא האָט גאָר ניט אין זינען צו הייראַטהען זיין טאָכטער, אז ער איז טריי זיין אינדיאַנערקע, אז ער האָט דעם שדוך געשלאָסען בלויז אום צו ערדייכען זיין צוועק, און אז זיין פּלאַן איז זיך אוועקצולאָזען אין ים אלס א זעלבסטשטענ־דיגער הערשער.

אז באַלבאָא האָט זיין אינדיאַנערקע געליעבט מעהר וויא זיין געזעצליכע כלה, איז אמת. אויך איז אמת אז דעם שדוך האָט ער געטהאָן, — ווי דאָס רוב שדוכים ווערען געטהאָן, — ווייל דאָס האָט זיך איהם געלוינט. אז ער האָט אָבער געוואָלט פעדראַריאַס'ען אָב־נאַרען איז געווען א בלבול. און דאָס זעלבע איז געווען מיט דער בע־

שולדיגונג, אַז ער האָט אין זינען צו גרינדען אַן אייגענע רעגיערונג ביי דעם „דרום ים“.

פעדראַריאַס איז שיער פון זין ניט אַראָפּ פון כעס. ער האָט זיך געקוויקט מיט דעם געדאַנק, אַז מען וועט באַלבאָאַ'ן אַרעסטירען און משפט'ען אַלס אַ מיאַטשעזשניק געגען דער שפּאַנישער קרוין. אין דאַריען האָבען זיך אויך געפונען עטליכע אַנדערע מענשען, וואָס האָבען געטראָגען אַ שנאה אויף דעם ענטדעקער און אַזוי האָט זיך גענומען קאָכען מיט באַלבאָאַ'ס „פערראַטה“.

איינער אַרגעללאַ, באַלבאָאַ'ס אַ פריינד, וועלכער האָט אַריינגעלייגט אַ סך געלד אין דער עקספּעדיציע, האָט גלייך געשריבען צו דעם ענטדעקער וואָס דאָ טהוט זיך, און האָט איהם געראַטהען אויפ'ן שטעל אַוועקצושווימען אויף זיין גרויסע רייזע. דער בריעף איז אָבער אַריינגעפאַלען צו פעדראַריאַס'ען אין דיא הענט, און אַרגעללאָ איז אַרעסטירט געוואָרען.

אום אַריינצוקריגען באַלבאָאַ'ן גופא אין זיינע הענד האָט פעדראַריאַס צו איהם אַוועקגעשיקט אַ כיטרען בריעף, פול מיט דיא פריינדליכסטע ווערטער. ער האָט איהם כלומרשט איינגעלאַדען צו קומען נאָך אַקלאַ זיך דורכצוריידען וועגען דער עקספּעדיציע. צו דער זעלבער צייט האָט פעדראַריאַס אַרויסגעשיקט אַ בעוואָפענטע מחנה מיט אַ בעפעהל צו פאַנגען דעם „פערברעכער“ וואו מען וועט איהם נאָר געפינען. אַלס קאָמאַנדיר פון דיעזער מחנה האָט ער געשטעלט פיזאַראָ'ן, און פיזאַראָ האָט געפאָלגט מיט פערגניגען און זיך אָנגענומען צו אַרעסטירען זיין געוועזענעם קאָמאַנדיר און חבר.

דער אָפען־הערציגער באַלבאָאַ, וועלכער האָט אימער געזאָגט, וואָס ער האָט געמיינט, האָט געהאַט צוטרויען צו דיא רייד פון אַנדערע אויך. ווען ער האָט ערהאַלטען פעדראַריאַס'עס פריינדליכען בריעף האָט ער קיין זאַך ניט חושד געווען, און איז גלייך אַוועק נאָך אַקלאַ. לעבען שטאָדט האָט איהם פיזאַראָ אַרעסטירט.

פעדראַריאַס האָט זיין פאַלשע ראָלע וויימער געשפּיעלט. ער האָט זיך געמאַכט פאַר באַלבאָאַ'ס פריינד, כלומרשט בעדויערט זיין טרויעריגע לאַגע, און איהם געטרייסט, אַז דיא אונטערזוכונג וועט געוויס בעווייזען זיין אונשולד. צו דער זעלבער צייט האָט ער עספּינאָזאַ'ן, דעם ריכטער, געהייסען זיין וואָס שטרייננגער. דער הויפּט־

בעוויז איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס גאראביטאָ האָט געמעלדעט. מען האָט אָבער צוגעטשעפּעט עפּעס נאָך אַן עדות — אַ סאָלדאַט, וואָס האָט אונטערגעהערט אַ טהייל פון אַ געשפּרעך, וועלכע ער האָט פערשטאַנען פּונקט קאַפּויר.

באַלבאָאַ האָט געלייקענט, אַז ער האָט געוואָלט גרינדען אַ זעלבסטשטענדיגע רעגיערונג. ער האָט אַלץ ערקלעהרט וויא דער אמת איז געווען. און פּעדראַריאַס האָט זיך אַלץ געמאַכט פריינדליך. ער האָט אַלץ כלומרשט בעדויערט דעם אַרעסטירטען׳ס לאַגע. דאָס איז איהם נויטיג געווען, כדי ניט איינצורייסען מיט דיא קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען באַלבאָאַ׳ן אַזוי געליעבט, און זיי ביסלעכווייז צו־צוגעוואוינען צו דעם געדאַנק, אַז באַלבאָאַ איז אַ פעררעטהער געגען דעם טהראָן און מוז געטויטעט ווערען.

ענדליך האָט ער אַראָפּגעוואָרפען פון זיך דיא מאַסקע, און האָט איהם גענומען בעהאַנדלען וויא אַ בונטאָווטשיק.

באַלבאָאַ איז פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט.

דער טאָג, וועלכער איז בעשטימט געווען פאַר דער טויט־שטראָף (אין 1517), איז ביי דיא קאָלאָניסטען געווען אַ יום כפּור. שטעלען זיך אָבער געגען דער רעגיערונג האָבען זיי ניט געסמייעט. ווען מען האָט באַלבאָאַ׳ן געפיהרט צום עשאַפאָט, איז פאָראויס גע־גאַנגען אַ „שרייער“ און האָט אויסגערופען: „דיא שטראָף, וואָס מען וועט באַלד אויספיהרען, ווערט אַרויפגעלייגט פון דעם קעניג און פון זיין גובערנאַטאָר דאָן פּעדראַריאַס דאַווילאַ אויף דיעזען מאַן, וועלכער איז אַ פעררעטהער און אַריינכאַפּער פון לענדער, וואָס בעלאַנגען צו דער קרוין“.

„עס איז אַ ליגען!“ — האָט באַלבאָאַ אויסגעשריען. — „איך האָב אַזאַ פערברעכען קיינמאָל אין זינען ניט געהאַט. איך האָב אימער געדיענט מיין קעניג מיט אמת און טרייהייט און האָב בלויז זיך גע־סטאַרעט זיינע לענדער צו פערגרעסערען“.

צוזאַמען מיט באַלבאָאַ׳ן האָט מען געפיהרט צום עשאַפאָט אַר־געללאָ׳ן און דריי פון באַלבאָאַ׳ס טרייע אָפיציערען. באַלבאָאַ׳ן האָט מען אַרויפגעפיהרט דעם ערשטען. מיט פעסטע טריט, רוהיג און געלאַסען, איז ער אַרויפגעגאַנגען דיא עטליכע טרעפּ און האָט אַוועק־

געלייגט זיין קאָפּ אויף דער „פּלאַבע“. נאָך איהם זיינען געשטאָרבען דיא אַנדערע פיער.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין אַקלאַ, אָבער פּעדראַריאַס איז דאַן דאָרטען געוועזן. ער איז אומישנע געקומען זעהן וויא מען קעפּט זיין שונא. ער האָט דיא בלוטיגע סצענע צוגעקוקט פון ווייטען, דורך דעם פלאַנקען פון אַ דערבייאיגען הויז.

דיא רייזע נאָך דער האַלב־ציוויליזירטער דרום־לאַנד איז באַל־באָאַ'ן אַלזאָ ניט בעשערט געווען צו מאַכען. זיעבען יאָהר זיינען פאַראיבער איידער דאָס איז ווידער אונטערנומען געוואָרען און דיא מערקווירדיגע לאַנד איז ווירקליך ענטדעקט געוואָרען — פון פראַנ־ציסקאָ פּיזאַרראָ. מיר וועלען דאָס אַלץ דערצעהלען ווייטער. אין דיזע זיעבען יאָהר זיינען פאָרגעקומען צוויי אַנדערע וויכטיגע רייזעס, און זיי פאָדערען אונזער אויפמערקזאַמקייט פריהער.

מיר וועלען דיזען קאַפּיטעל שליסען מיט דער בעמערקונג, אַז צוויי יאָהר נאָך באַלבאָאַ'ס טויט האָט פּעדראַריאַס דיא הויפּט־שטאָדט פון זיין קאָלאָניע איבערגעצויגען פון דאַריען אין פּאַנאַמאַ, וועלכע איז היינט דיא הויפּט־שטאָדט פון דער קליינער פּאַנאַמער רעפּובליק. דער ענטדעקער פון דיזען פּלאַץ איז געווען באַלבאָאַ. אויך האָט ער ענטדעקט דעם אָרט פון דער היינטיגער שטאָדט קאָלאָן און דיא גאַנצע שטיקעל לאַנד צווישען דיא צוויי פּונקטען, דאָס הייסט דעם גאַנצען געגענד, וואו עס ווערט איצט געגראָבען דער קאַנאַל פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

IV

## דיא ערשטע רייזע ארום דער וועלט.

דער וואַסער־דורכגאַנג וואָס מען האָט געזוכט פון קאָלומבוס'ס צייטען אָן. — פערדינאַנד מאַגעללאַן. — זיין דיענסט אין דער פּאָרטוגעזישער פלאָטע. — אין מאַלאַקקאַ. — זיין פריינדשאַפט מיט פראַנציסקא סערראַנא. — דיא מאלוקקען, אָדער „געווירץ־אינזלען". — דער גרע־נעץ צווישען שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע ענטדעקונגס־רייזעס. — מאַגעללאַן'ס פּלאַן. — דער פּאָרטוגעזישער קעניג פערשטויסט איהם פון זיך. — דער שפּאַנישער נעהמט איהם צו. — ער פאַנגט אָן זיין רייזע. — זיינע פינף שיפען. — דער פּאָרטוגעזישער קעניג שיקט אַרויס מענשען איהם צו כאַפּען. — דיא שנאה פון דיא שפּאַנישע שיפס־קאַ־פּיטאַנען. — ריאָ דע זשאנעירא. — לאַ פּלאַטאַ. — דיא דאָרטיגע אינדיאַנער. — דער בונט געגען מאַגעללאַן'ען. — פּאַטאַגאַניען. — מאגעללאן געפינט אַ וואַסער־דורכגאַנג. — דיא מאַגעללאן שטראַססע. — מאַגעללאן גיט דעם גרויסען אָקעאַן אַ נאָמען שטילער אָקעאַן. — הונגער אויף דיא שיפען. — מאגעללאן ענטדעקט דיא „רויבער" אינז־לען און די פיליפּין אינזלען. — זיין טוידט. — צוויי שחיטות אויף דיא שפּאַניער. — ענדליך קומען דיא שפּאַניער צו דיא געווירץ־אינזלען. — פון דער פלאָטע בלייבט בלויז איין שיף. — זי קומט צו־ריק נאָך שפּאַניען. — אַ פערשוואונדענער מעת לעת.

דיא ערשטע רייזע וואָס מענשען האָבען וועז עס איז געמאַכט אַרום און אַרום דעם ערד־קוגעל, איז פאָרגעקומען אין 1519, צוויי יאָהר נאָך באַלבאָאַ'ס טויט. דאַן האָט זיא זיך אָנגעפאַנגען, און זיא האָט געדויערט דריי יאָהר. וועגען דיעזע מערקווירדיגע רייזע ווע‍לען מיר איצט דערצעהלען. אום אָבער דער לעזער זאָל קלאָר פערשטעהן וויא אַזוי עס איז געקומען דערצו, איז וויכטיג, אז ער זאָל האָבען אין זינען דאָס פאָלגענדע:

ווען קאָלומבוס האָט שוין געהאַט ענטדעקט דעם אמעריקאַנער קאָנטינענט, האָט ער דאָרטען געזוכט אַ וואַסער־דורכגאַנג. — אַ

„שטראַססע“, וויא מען רופט דאָס (אויף ענגליש הייסט דאָס „סטרייט“). מיר ווייסען דאָך שוין אַז ער האָט אויף אַמעריקאַ גע־מיינט, אַז דאָס איז אַזיען, אַז ער האָט געגלויבט, דאָס ער געפינט זיך לעבען יענע אַזיאַטישע געגענדען, וואו עס ליעגט אינדיען און דיא געווירץ־אינזלען — דיא רייכע לענדער, צוליעב וועלכע ער האָט געמאַכט אַלע זיינע רייזעס. אָבער אַרום אינדיען און דיא געווירץ־אינזלען ליעגט דער אינדישער אָקעאַן; אַלזאָ, האָט ער אַוועקגעלעגט פיעל קרעפטען זוכענדיג אַ וואַסער־דורכגאַנג, אַן אָפענע שטיקעל ים, וואָס זאָל פיהרען פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אין דעם אינדישען.

ער האָט דאָס ניט געפונען, ערשטענס, ווייל דער אינדישער אָקעאַן ליעגט אַ האַלב וועלט ווייטער; צווייטענס, ווייל אין מיטען אַמעריקאַ, וואו קאָלומבוס איז דאַן געווען, איז קיין וואַסער־דורכגאַנג ניטאָ. ווען עס וואָלט געווען, וואָלט דאָס פעראייניגט דעם אַטלאַנ־טישען אָקעאַן ניט מיט דעם אינדישען, נור מיט דעם שטילען. אַזאַ וואַסער־דורכגאַנג, וויא מיר ווייסען שוין, ווערט איצט דורכגעגראָבען אין פאַנאַמאַ. פון דער נאַטור אָבער איז אַזעלכעס ניטאָ.

נאָך קאָלומבוס'ען האַבען אַזאַ דורכגאַנג געזוכט אַנדערע, און, נאַטירליך, אויך אומזיסט.

פון קאָלומבוס'עס טעות, אַז אַמעריקאַ איז אַזיען, האָט מען זיך נאָך לאַנג ניט בעפרייט. אפילו ווען באַלבאָא האָט ענטדעקט דעם שטילען אָקעאַן האָט מען נאָך אויך ניט פערשטאַנען, אַז מען האָט דאָ אַ גאַנץ בעזונדערע שטיק יבשה, אַ בעזונדערען דאָפעלטען קאָנ־טינענט, וועלכער איז פון אַזיען אָבגעטהיילט מיט אַ ריעזיגען אָקעאַן. וועגען דעם שטילען אָקעאַן, וויא מיר האָבען געזעהן, האָט מען גע־מיינט אַז דאָס איז עפּעס אַ „דרום ים“ און דיעזען דרום ים האָט מען צוזאַמענגעפלאָנטערט מיט דעם אינדישען אָקעאַן.

אַ וואַסער־דורכגאַנג, אַ ים וואָס זאָל דורכשניידען אַמעריקאַ און פעראייניגען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן מיט דעם אינדישען, האָט מען אַלץ ניט אויפגעהערט צו זוכען.

אַלע דיעזע רייזעס זיינען געמאַכט געוואָרען אונטער דער שפּאַ־נישער פאָהן. דיא פּאָרטוגעזער האָבען דערווייל געמאַכט רייזעס פון דער אַנדערער זייט ערד־קוגעל, אַרום אַפריקאַ, און אַזוי זיינען זיי

צוגעקומען צו דעם אמת'ען אינדיישען אָקעאַן, צו דיא אמת'ע אינ־דיען און דיא אמת'ע געווירץ־אינזלען, וועגען וועלכע איירָאָפּא האָט אימער געטרוימט. דער פּאָרטוגעזישער קאָמאַנדיר א ל מ ע א י ד א און זיין נאָכפאָלגער א ל ב ו ק ע ר ק האָבען דאָרטען געפיהרט אַדוואַזשנע מלחמות און איינגענומען וויכטיגע האַפען־שטעדט. צווי־שען דיא העלדישסטע אָפּיצירען, וואָס האָבען אַנטהייל גענומען אין דיעזע בעריהמטע קעמפּפע, איז געווען אַ פּאָרטוגעזישער אַדעליגער מיט'ן נאָמען פ ע ר ד י נ א נ ד מ א ג ע ל ל א ן, און ער האָט זיך דאָס שפּעטער אונשטערבליך געמאַכט מיט דער רייזע, וועלכע איז דער ענין פון דיעזען קאַפּיטעל. *) דיעזע רייזע האָט ער אָבער אונטערנומען ניט אונטער דער פּאָרטוגעזישער פאָהן, נור אונטער דער שפּאַנישער, וויא עס וועט באַלד ערקלעהרט ווערען.

אין 1509 האָט ער אַנטהייל גענומען אין אַן עקספּעדיציע נאָך דעם האַלב־אינזעל מ א ל א ק ק א, אַזיען (צווישען אינדיען און דיא געווירץ־אינזלען**). דיא דאָרטיגע איינוואוינער האָבען דיא פּאָרטו־געזער כלומרשט אויפגענומען פריינדליך, צווישען זיך אָבער האָבען זיי אָבגעמאַכט זיי אַלעמען אויסצוקוילען. אַ פּערסישע פרוי, וועלכע איז געווען איינגעליעבט אין איינעם פון דיא פּאָרטוגעזישע אָפּיציע־רען, האָט זיי אַפילו געלאָזט וויסען וועגען דעם פּלאַן, אָבער אַביסעל צו שפּעט. מען האָט פּאָספּייעט אָפּצוטרייבען דיא מ אַ ל א י ע ן***),

*) אויב דער לעזער וויל האָבען אַ שטיקעל בעקאַנטשאַפט מיט דיא מלחמות פון אלמעאידא און אלבוקערק, זאָל ער זעהען דעם ערשטען באַנד (זייטלעך 585-594). דאָרטען וועט ער אויך האָבען אַ ביישפּיעל פון מאגעל־לאַן'ס בלוטיגע בוואַסטווע (זייטעל 588).

**) זעה דיא קאַלירטע לאַנד־קאַרטע פון דער גאַנצער וועלט צום סוף פון דיעזען קאַפּיטעל. דיא זעלבע קאַרטע וועט דעם לעזער אויך דיענען ביי פיעלע אַנדערע פּונקטען פון דיעזען קאַפּיטעל.

***) אַזוי רופט מען דיא איינוואוינער פון מאַלאַקקאַ. זיי בעלאַנגען צו דער מאַלאַיעשער ראַסע, צו וועלכע עס בעלאַנגען אויך דיא איינוואוינער פון פיעלע אינזלען. (מיט געוויסע פון דיעזע אינזלען וועט אונז אויס־קומען בעקאַנט צו ווערען ווייטער אין דיעזען קאַפּיטעל). מענשען פון דיע־זער ראַסע האָבען געלבליכע אָדער געלבליך־דונקעלע פּנים'ער, ברייטע נעזער,

וועלכע זיינען געקומען אויף דיא פארטוגעזישע שיפען כלומרשט אויף א פריינדליכען בעזוך. אבער פיעלע פארטוגעזער זיינען דאן געווען אויפ'ן ברעג, און דאס רוב פון זיי האט מען אויסגע'הרג'עט. צווישען דיא, וואס האבען זיך געפונען אויפ'ן ברעג, איז געווען אן אפיציער מיט'ן נאמען פראנציסקא סעראנא. ער מיט איינינע חברים זיינען אריינגעשפרונגען אין לאדקעס און אוועק איבער'ן ים. מאלאיען האבען זיך נאך זיי נאכגעיאגט אויף שיפלעך, און אויפ'ן וואסער איז געווארען א צוזאמענשטויס. אזוי וויא מאלאיען איז געווען פיעל מעהר וויא פארטוגעזער, האט מיט סעראנא'ן געהאלטען זעהר שמאל. באלד איז אבער אין א לאדקע צוגעפלויגען מאגעללאן, און ער האט זיך אריינגעווארפען אין קאמפף מיט אזא ווילדען צארען, מיט אזא פייער און אימפעט, אז דיא מאלאיען זיינען געצוואונגען געווען אפצוטרעטען און סעראנא איז געראטעוועט געווארען. שפעטער האט א גרויסע מהנה מאלאיען מיט זייער פלאטע אטאקירט דיא פיער פארטוגעזישע שיפען. זיא האט אבער ניט געקענט איינשטעהן גע־גען דיא אייראפעאישע הארמאטען.

פון דעמאלט אן זיינען סעראנא און מאגעללאן געווען הייסע פריינד, און פון דיעזער פריינדשאפט זייערע האט דאס אייגענטליך ארויסגעשטאמט מאגעללאן'ס פלאן וועגען דער רייזע, וועלכער עס איז בעשערט געווען צו זיין דיא ערשטע רייזע ארום דער וועלט.

אין א פאר יאהר נאך דעם צוזאמענשטויס, וועגען וועלכען מיר האבען דא גערעדט, האט אלבוקערק מאלאקקא איינגענומען, און פון דארטען איז סעראנא אוועק נאך דיא געווירץ־אינזלען אדער דיא

---

גרויסע מיילער און זעהר שווארצע גלאטע אדער געגרייזעלטע האר. זיי זיי־נען עהנליך צו מענשען פון דער מאנגאלישער ראסע (כינעזער אדער יאפאנעזער, למשל), אבער דיא אויגען זיינען ביי זיי גלייכער. א שעהנער מאלאי איז שעהן לויט דעם קאווקאזישען (דאס הייסט אונזע־רען) געשמאק אויך. אין גאנצען זיינען אויף דער וועלט פאראן איבער 40 מיליאן מענשען וואס בעלאנגען צו דיעזע ראסע. אין אלעמען זיינען פא־ראן פינף ראסען: דיא קאווקאזישע (מענשען מיט ווייסע הויט), דיא עטהיאפישע (נעגערס), דיא מאנגאלישע, דיא מאלאיעשע און דיא אמעריקאנישע (רויט־הויטיגע).

מאלוקען, וויא מען רופט זיי. מאגעללאן, ווידער, האט זיך אומגעקעהרט נאך פארטוגאל, צוליעב עפעס א מחלוקה מיט אלבו־קערק'ען. זיין איבערגעבענער פריינד האט איהם געשריעבען בריעף, אין וועלכע ער האט בעשריעבען דיא מאלוקען מיט זייערע רייכע געווירצען, און דיעזע בריעף האבען אין איהם אנגעצונדען א חשק צו פאהרען אהין. לאמיר געדיינקען, אז געווירצען זיינען אין יענע צייטען געווען דיא וויכטיגסטע סחורה אין אייראפא (זעה ערשטען באנד, זייטעל 55), און אז ווען קאלומבוס האט זיך אוועקגעלאזען אויף זיין בעריהמטע רייזע, איז זיין צוועק געווען צו געפינען א נייעם וועג צו דיא רייכטהימער פון אינדיען און צו דיעזע געווירץ־אינזלען, צו וועלכע אייראפעער האבען פריהער ניט געקענט צו־קומען. ענדליך אלזא איז מען יא צו זיי צוגעקומען. דיא נייעס דערפון האט גע־מאכט א גרויסען רושם אין אייראפא. סעראנא'ס בריעף פון דארטען האבען דעריבער אויף מאגעללאן'ען געווירקט וויא א צויבער. ער וואלט גלייך געפאהרען צו זיין פריינד. אבער דער קעניג עמאנועל פון פארטוגאל האט איהם פיינט געקראגען (צי צוליעב זיין מחלוקה מיט אלבוקערק'ען, אדער דורך עפעס אן אנדער אורזאכע, ווייס מען ניט). קיין ווייטערע בעשעפטיגונג אין דער פלאטע האט ער ניט גע־קענט קריגען. ער איז פארלויפיג פערבליעבען אין פארטוגאל. אזוי וויא דארטען האט אין יענע יאהרען געקאכט מיט ענטדעקונגס־רייזען און דיא וויסענשאפט וועגען פיהרען שיפען האט ארויסגערופען א גרויסען אינטערעס, האט מאגעללאן זיך אויך פעראינטערעסירט אין דיעזער וויסענשאפט. ער האט פיעל שטודירט געאגראפיע. פון דעם, צוזאמען מיט דער ווירקונג וואס סעראנא'ס בריעף האבען אויף איהם געהאט, האט זיך ביי איהם ענטוויקעלט אזא פלאן: פאהרען צו דיא מאלוקען ניט דורך מזרח, דאס הייסט ארום אפריקא, וויא דיא פאר־טוגעזישע שיפען האבען געטהאן, נור דורך אמעריקא.

מיט אנדערע ווערטער — איהם האט זיך אויך פערוואלט זוכען א וואסער־דורכגאנג וואס זאל דורך אמעריקא פיהרען פון דעם אט־לאנטישען אקעאן אין דעם אינדישען. אזא וועג צו דיא מאלוקען (געווירץ־אינזלען) וואלט געווען פיעל קירצער וויא דער וועג ארום אפריקא — אזוי האט מען דאן געמיינט.

מאגעללאן האט זיין פלאן פארגעלייגט פאר זיין קעניג, אבער

יענער האָט זיך מיט דעם ניט פעראינטערעסירט. מאַגעללאַן האָט דאַן געבעטען ערלויבניס צו ווענדען זיך צו דעם קעניג פון שפּאַניען, און עמאַנועל׳ס אַנטוואָרט איז געווען, אַז ער מעג טהאָן וואָס ער וויל. פאר׳ן אוועקגעהן האָט מאַגעללאַן געוואָלט אַ קוש טהאָן דעם קעניג׳ס האַנט. דער קעניג האָט איהם אָבער זיין האַנד ניט געגעבען.

אין אָקטאָבער, 1517, איז מאַגעללאַן אָנגעקומען אין סעוויל, שפּאַניען, וואו עס האָט געוואוינט זיינער אַ קרוב, אַ פּאָרטוגעזישער אַדעליגער, דיעגאָ באַרבאָסאַ, וועלכער האָט דאָרטען געהאַט אַ וויכ־טיגע שטעלע ביי דער שפּאַנישער רעגיערונג. זיי זיינען בעפריינדעט געוואָרען. מאַגעללאַן האָט זיך פערליעבט אין באַרבאָסאַ׳ס שעהנע טאָכטער און מיט איהר געהייראַט. דורך זיין שווער איז מאַגעללאַן צוגעקומען צו פאָנסעקאַ׳ן, דעם אויבען־דערמאָהנטען הויפּט־בעאַמטען פון דעם דעפּאַרטמענט, וועלכער האָט געהאַט צו זאָגען איבער דיא אַמעריקאַנער קאָלאָניעס, און פאָנסעקא האָט איהם פאָרגעשטעלט פאַר דעם שפּאַנישען קעניג. מען דאַרף בעמערקען, אַז פערדינאַנד איז שוין דאַן אויך געווען טויט, און דיא שפּאַנישע קרוין האָט גע־טראָגען אַ 19־יעהריגער יונגערמאַן, דער זוהן פון דער אויבען־דער־מאָהנטער יאָאַננאַ דיא משוגענע, ק א ר ל ד ע ר 5 ט ע ר.

פאַר דיעזען יונגען קעניג האָט מאַגעללאַן פאָרגעלייגט זיין פּלאַן צו דערגרייכען דיא געווירץ־אינזלען פאָהרענדיג ניט דורך מזרח, נור דורך מערב.

פאַר שפּאַניען האָט אַזאַ וועג געהאַט אַ בעזונדערע וויכטיגקייט, ווייל פאָהרען אין אַזיען אַרום אַפריקאַ האָבען איהרע שיפען קיין רעכט ניט געהאַט. אַזוי איז געווען דער אָבמאַך צווישען איהר און פּאָר־טוגאַל נאָך דעם וויא אַ געוויסער פּאַפּסט — אַלעקסאַנדער דער 6טער — האָט צווישען זיי צוטהיילט דעם ערד־קוגעל און בעשטימט אויף וועלכער העלפט פּאָרטוגאַל מעג מאַכען ענטדעקונגס־רייזעס און אויף וועלכער העלפט שפּאַניען מעג. אַלס גרענעץ האָט דיעזער פּאַפּסט אָנגעצייגט אויף אַ געוויסען מערידיאַן — אַ פּאַס, וואָס געהט אַרום און אַרום דעם ערד־קוגעל דורך דיא פּאָלען, דאָס הייסט דורך זיין צפון „ברעג“ און דורך זיין דרום ברעג. *) פון איין זייט ערד־

*) מיט דעם האָט דער פּאַפּסט געפּרופט מאַכען אַ פּשרה אין זייער

קוגעל איז דיעזער מערידיאַן דורכגעגאַנגען דורך א געוויסען פונקט אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן. שפּאַניען האָט געהאַט אַ רעכט צו זוכען נייע לענדער צו מערב זייט פון דיעזען פּאַס, און פּאָרטוגאַל צו מזרח זייט פון דיעזען פּאַס.

מילא דאָ האָט מען געוואוסט וואו דער פּאַס געהט. איז אָבער געווען דיא פראַגע: וויא אַזוי בעשטימט מען וואו דער זעלבער פּאַס קומט אויס אויף יענער זייט ערד־קוגעל? וויא גרויס דער גאַנצער ערד־קוגעל איז, האָט מען נאָך גענוי ניט געוואוסט, אַלזאָ האָט מען ניט געקענט בעשטימען וואו עס ענדיגט זיך זיין העלפט.

דאָס אַלץ האָט מאַגעללאַן איצט גוט געהאַט אין זינען, וואָרים פון דעם איז אַרויסגעקומען אַ מיינונג אַז דיא געווירץ־אינזלען ליגען גאָר אויף דער שפּאַנישער העלפט פון דער ערד־קוגעל, און אַז דיא פּאָרטוגעזער האָבען אויף זיי קיין רעכט ניט. אין אמת'ען איז דיעזע מיינונג פאַלש: דער דערמאָהנטער מערידיאַן קומט אויף יענער זייט אויס צו מערב זייט פון דיא מאָלוקען. דאָס הייסט, דיעזע אינזלען ליגען שוין אויף דעם פּאָרטוגעזישען האַלבען ערד־קוגעל, וויא דאָס האָט זיך דאַן גערעכענט. אַזאַ טעות איז אָבער אין יענע צייטען געווען לייכט צו מאַכען, וואָרים וויא ברייט דער „דרום ים“ איז האָט מען נאָך ניט געוואוסט, און מען האָט געמיינט, אַז קאָלומבוס'עס לענדער זיינען נאָהענט צו אינדיען, דאָס הייסט מען האָט געגלויבט אַז דער ערד־קוגעל איז קלענער וויא ער איז אין אמת'ען.

קורץ, מאַגעללאַן האָט גע'טענה'ט, אַז דיא מאָלוקען בעלאַנגען צו שפּאַניען און אַז ער וועט געפינען אַ שפּאַנישען וועג אַהין, — אַ וועג, וועלכער וועט זיין קירצער וויא דער פּאָרטוגעזישער.

דער שפּאַנישער קעניג האָט דעם פּלאַן אָנגענומען. ווען דער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט זיך דאָס דערוואוסט, איז ער אויפגעבראַכט געוואָרען. ער האָט געהייסען פערניכטען דעם „הערב“ אויף מאַגעללאַן'ס הויז, און מאַגעללאַן'ען האָט ער ערקלעהרט פאַר אַ פער־

---

מחלוקה איבער קאָלומבוס'עס גרויסע ענטדעקונג; וואָרים דער פּאָרטוגעזישער קעניג, יאָאַן דער צווייטער, האָט גע'טענה'עט, אַז דיא לענדער וואָס קאָלומבוס האָט געפונען, געהערען צו איהם. (זעה ערשטען באַנד, זייטען 291־298).

רעטהער געגען זיין פאָטערלאַנד. מיט דעם אָבער האָט ער זיך ניט בענוגענט: ער האָט געדונגען מענשען איהם צו שטעכען אין סעוויל, און ווען דאָס האָט זיך ניט איינגעגעבען, האָט ער אַרויסגעשיקט שיפען איהם צו כאַפּען אויפ'ן וועג. עס איז פאָרגעקומען פונקט אַזאַ געשיכטע וויא מיט קאָלומבוס'ען. קאָלומבוס האָט זיך אויך מיט זיין פּלאַן צוערשט געווענדעט צו דעם פּאָרטוגעזישען קעניג, (יאָאַן דער 2טער); יענער האָט אויך דעם פּלאַן פּערוואָרפען און איהם געלאָזט זיך ווענדען צו שפּאַניען; און ווען שפּאַניען האָט קאָלומ־בוס'ען שוין געשיקט אויף זיין רייזע, האָט דער פּאָרטוגעזישער קעניג אויך אַרויסגעשיקט שיפען איהם צו פאַנגען.

מאַגעללאַן איז אַרויסגעפאָהרען אויף זיין רייזע דעם 20טען סעפּ־טעמבער, 1519, — זיעבען און צוואַנציג יאָהר נאָך דעם וויא קאָ־לומבוס האָט ענטדעקט אַמעריקאַ. זיין פלאָטע איז בעשטאַנען פון פינף קליינע אַלטע שיפען: דיא טרינידאַד, די סאַן אַנ־טאָניאָ, די קאָנסעפּסיאָן, די וויקטאָריא און דיא סאַנטיאַגאָ. דיא ערשטע האָט זיך געפונען אונטער דער קאָמאַנדא פון מאַגעללאַן אַליין אַלס קאַפּיטאַן־גענעראַל פון דער גאַנ־צער פלאָטע; דער קאַפּיטאַן פון דער צווייטער איז געווען יואַן קאַרטאַגענאַ; פון דער דריטער — גאַספּאַר קוועסאַ־דאַ; פון דער פערטער — לואיס מענדאָזאַ; פון דער פינפטער — יואַן סעראַנאָ. דער לעצטער איז געווען אַ ברודער פון מאַגעללאַן'ס איבערגעבענעם פריינד פראַנציסקאָ סעראַ־נאָ, וועלכער האָט זיך איצט געפונען אין דיא מאָלוקען, און ער איז געווען דער איינציגער פון דיא פיער קאַפּיטאַנען וואָס איז איהם גע־ווען טריי. דיא אַנדערע דריי, קארטאגענא, קוועסאדא און מענדאָזאַ, זיינען אַרויסגעפאָהרען מיט אַ פערבאָרגענע שנאה צו איהם. ווען דיא פלאָטע איז אָפּגעווען אין וועג עטליכע טעג און האָט זיך אָפּ־געשטעלט ביי אַ קליינעם אינזעל אין אפריקא, איז צו איהר צוגע־קומען אַ שיף, וועלכע באַרבאָססאַ האָט געשיקט מיט אַ בריעף צו מאַגעללאַן'ען, זיין איידעם. „היט זיך, מיין זוהן" — האָט באַר־באססאַ געשריעבען — „וואָרים איך האָב זיך דערוואוסט, אַז אויב דוא וועסט האָבען אַ צוזאַמענשטויס מיט דיינע קאַפּיטאַנען וועט מען דיר טויטען". אין זיין אַנטוואָרט האָט מאַגעללאַן איהם געזוכט



פערדינאַנד מאָגעללאַן.

צו פערזיכערען, אַז ער האָט פאַר זיי קיין מורא ניט, און אַז ער וועט ערפילען זיין אויפגאַבע, צו זיינע קאַפּיטאַנען זיינען עהרליכע לייט צו פאַלשע. דיא הויפּט־אורזאַכע, פאַר וואָס זיי האָבען איהם פיינט געהאַט, איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז געוועזען אַ פּאָרטוגעז און זיי שפּאַניער. זיי איז ניט אָנגע־שטאַנען צו דיענען אויף שפּאַנישע שיפען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַן אויסלענדער, און זיי האָבען איהם ניט פערגונען דעם כבוד, וואָס דער שפּאַנישער קעניג האָט איהם אַרויסגעוויזען. מען דאַרף וויסען, אַז אין יענע צייטען איז דיא קאָנקורענץ צווישען דיא שפּאַניער און דיא פּאָרטוגעזער אַלס ים־רייזענדע פעלקער געוועזען זעהר גרויס, און דיא שנאה צווישען זיי, וועגען אַלץ וואָס איז נוגע שיפען, איז געוועזען זעהר שאַרף.

ווען דיא פלאָטע האָט זיך געפונען אויפ'ן וועג איבער דער ברייט פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, איז געוועזען אַזוי וועניג ווינט, אַז אין דריי וואָכען זיינען דיא שיפען איינגעפאָהרען ניט מעהר וויא ניין ענגלישע מייל; און אין אַלעמען האָט געדויערט צוויי מאָנאַט איידער זיי האָבען דערגרייכט דעם ברעג פון זיד־אַמעריקאַ (אין בראַזיליען). מאַגעללאַן איז געצוואונגען געוועזען צו פערקלענערען דיא פּאָרציעס וואָס מען האָט אַרויסגעגעבען דיא מאַטראָזען, און דאָס האָט זיינע שונאים געגעבען אַ געלעגענהייט צו העצען דיא מאַטראָזען געגען איהם. דיא דריי קאַפּיטאַנען אַליין האָבען איהם געוויזען אַלץ וועני־ניגער רעספּעקט, און ער האָט פערשטיקט זיין כעס און זיך געמאַכט ניט וויסענדיג. איין מאָל, ווען זיי זיינען אַלע געוועזען אויף זיין שיף, האָט קאַרטאַגענאַ, דער קאַפּיטאַן פון דער סאַן אַנטאָניאָ, אויף איהם גענומען שרייען מיט סטראַשונקעס און שימפף־ווערטער. ער האָט געמיינט, אַז דאָס וועט איהם אויך פערשוויגען ווערען. וויא איבער־ראַשט איז ער אָבער געוואָרען, ווען דער קאַפּיטאַן־גענעראַל האָט איהם אַ נעהם געטהאָן פאַר'ן קאָלנער און איהם געהייסען שמידען אין קייטען און אַריבערשלעפּען אויף דער וויקטאָריאַ; מאַגעללאַן'ס פּעס־טער טאָן האָט אַזוי געווירקט, אַז דיא מאַטראָזען האָבען גלייך גע־פאָלגט, און דיא אַנדערע צוויי אונטער־קאַפּיטאַנען האָבען ניט גע־סמייעט פאַר קאַרטאַגענאַ'ן זיך אָנצונעהמען. אַלס קאַפּיטאַן פון דער סאַן אַנטאָניאָ אויף קאַרטאַגענאַ'ס פּלאַץ, האָט מאַגעללאַן דערוויילע געשטעלט אַן אַנדערען. פאָרלויפיג איז שטיל געוואָרען.

דעם 29טען נאָוועמבער איז דיא פלאָטע צוגעקומען צו דעם ברעג פון זיד־אַמעריקא, לעבען דער היינטיגער שטאָדט פערנאַמבוקא, בראַזיליען.*) אויפ'ן ברעג איז מאַגעללאַן דאָ אָבער ניט אַרויס, ווייל עס איז איהם ניט געווען אין גאַנצען קלאָר, וואו ער געפינט זיך דאָ. ער איז אַוועק ווייטער צו דרום־צו און האָט זיך אָבגעשטעלט אין דעם אויסגעצייכענטען האַפען, וואו היינט שטעהט ר י אָ ד ע ז ש אַ־נ י י ר אָ, דיא הויפט־שטאָדט פון בראַזיליען. דיעזען האַפען האָ־בען ווייסע שוין ענטדעקט פריהער, און מאַגעללאַן האָט מיט זיך גע־האַט אַ שפּאַניער, איינעם ק א ר ו ו א ל ה אָ, וועלכער האָט אַ מאָל צווישען דיא אינדיאַנער פערבראַכט פיער יאָהר און וועלכער האָט איצט מיט זיך געהאַט שוין אַ דערוואַקסענעם אינגעל, וואָס איהם האָט דאָרטען געבאָרען אַן אינדיאַנער פרוי. דורך דיעזען קארוואַלהאָ און זיין זוהן האָט דיא פלאָטע בעקומען מאַסען שפּייז — עופות, אַנאַנאַסען און זיסע קאַרטאָפעל („סוויט פּאטייטאָס"). פאַר אַ הע־קעל אויף צו פאַנגען פיש האָבען דיא אינדיאַנער פון ריאָ דע זשאַניירא דיא ווייסע געגעבען פינף היהנער; פאַר אַ קעמעלע — עטליכע גענז; פּאַר אַ גלעקעלע — אַ גרויסע קאָרב מיט קאַרטאָפעל; פאַר אַ שערעלע אָדער אַ שפּיעגעלע — אַזאַ באַרג פיש, אַז צעהן מענשען וואָלטען גע־קענט מיט דעם לעבען עטליכע וואָכען. העקלעך, שערעלעך, שפּיע־געלעך, קעמעלעך, נאָדלען, שפּילקעס און הויפּטזעכליך קליינינקע גלע־קעלעך האָט מאַגעללאַן מיט זיך געפיהרט אַ גאַנצען סקלאַד, ווייל פון פריהערדיגע רייזענדע האָט מען געוואוסט, אַז אויף דיעזע זאַכען זיינען דיא אינדיאַנער (אָדער דיא נעגערס פון אַפריקאַ) גרויסע בעלנים.

דיא אינדיאַנער פון ריאָ דע זשאַניירא, אַזוי וויא דיא ווילדערע איינוואוינער פון אַנדערע אַמעריקאַנער געגענדען, זיינען אומגעגאַנגען נאַקעט, געוואוינט אין לאַנגע הייזער**), געשלאָפען אין געפלאָכ־טענע וויגעלעך („העממאָקס"), און זיך אַרומגעשיפט אין „קאַנאָס", —

---

*) מאַגעללאַן'ס רייזע איז בעצייכענט אויף דער לאַנדקאַרטע ביי'ן סוף פון דיעזען קאַפּיטעל.

**) וועגען דיעזע לאַנגע הייזער, וועלכע זיינען געווען קאָמוניסטישע וואוינונגען, וועט גערעדט ווערען אין קאַפּיטעל 7 פון דיעזען באַנד.

דאָס הייסט שיפלעך, יעדע פון וועלכע איז געוועזען אויסגעהיילט פון איין בוים. ווען זיי האָבען געזעהן דיא פינף שפּאַנישע שיפען מיט זייערע רעטונגס־לאָדקעס, האָבען זיי געפרעגט צו דאָס זיינען עלטערען און קינדער. ווען זיי זיינען אַביסעל צוגעוואוינט געוואָרען צו דיא ווייסע, פלעגען זיי מאַסענווייז אַרויפקומען אויף דיא שיפען און בייטען עסענוואַרג אויף אַ נאָדעל, אַ שפּיגעלע א. ז. וו. איין מאָל איז אויף מאַגעללאַן׳ס שיף געקומען אַ יונגע פרוי. זי איז געוועזען אין גאַנצען נאַקעט, און זעהר שעהן געבויט. זיא וואָלט געוועזען אין גאַנ־צען שעהן, נור אין איהר אונטערשטע ליפּ איז געוועזען אַ לאָך, אין וועלכע עס איז געוועזען אַריינגעשטעקט אַ קיילעכדיגער שטיינדעל אַזוי גרויס וויא אַ וועלישער נוס. דיעזען זאָרט „ציערונג“ האָבען אין יענעם געגענד געטראָגען פיעלע פרויען. דיא נאַקעטע פרוי האָט אויף אַלץ געקוקט וויא אויף אַ גרויסען וואונדער. ווען זיא האָט זיך געפונען אין מאַגעללאַן׳ס קאַיוטע, האָט זיא דאָרטען אויף דער פּאָד־לאָגע דערזעהן ליגענדיג אַ גרויסען אייזערנעם טשוואַק. זיא האָט דאָס בעקוקט מיט בעגייסטערונג און ווען זיא האָט געמיינט, אַז מאַ־געללאַן זעהט ניט, האָט זיא דאָס אַ כאַפּ געטהאָן, בעהאַלטען אין דיא האָר און אַנטלאָפען אויף איהר קאַנאָ — טאָמער נעהמט מען דאָס ביי איהר צו.

דיא היעגע איינוואוינער האָבען פאַר מאַגעללאַן׳ען מיט זיינע מענשען אויפגעבויט אַ „באָיהיאָ“, דאָס הייסט אַ לאַנגע הויז, און האָבען דאָרטען אַוועקגעלייגט מאַסען שמעקענדיגע האָלץ (בראַזיל האָלץ), אום ער זאָל מרוצה ווערען צו בלייבען ביי זיי. אָבער מעהר וויא צוויי וואָכען האָט ער זיך דאָ ניט געקענט אָבשטעלען. ווען זיינע שפּאַניער זיינען געוועזען גוט אויסגערוהט, און האָבען געהאַט גענוג שפּייז מיט זיך, איז ער אַוועק ווייטער צו דרום צו.

דעם 11טען יאַנואַר איז דיא פלאָטע אָנגעקומען אין דער מויל פון דעם טייך ל א פּ ל אַ ט אַ, ניט ווייט פון דער הייגטיגער שטאָדט ב ו ע נ א ס א י ר אָ ס, דיא הויפּט־שטאָדט פון אַרגענטיניען. ביי דיעזער מויל איז דער האַפען אַזוי גרויס, דער ים עסט זיך דאָ אַריין אַזוי ווייט אין דער יבשה, אַז מאַגעללאַן האָט געמיינט, אַפשר איז דאָס דער וואַסער־דורכגאַנג, וועלכען ער זוכט; אָבער ווען ער האָט דעם געגענד אויסגעפאָרשט, האָט ער זיך איבערצייגט, אַז דאָס

איז בלויז דיא מויל פון אַ טייך. דיא אינדיאַנער זיינען דאָרטען געווען געפעהרליכע יונגען און מענשען־פרעסער. בלויז איינער פון זיי האָט בעזוכט דיא פלאָטע. ער איז געווען זעהר שמוציג און האָט זיך אויפגעפיהרט עקעלהאפטער וויא דיא אינדיאַנער פון דיא אַנדערע פּלעצער, וואָס ווייסע האָבען ווען עס איז בעזוכט. א קול האָט ער געהאט וויא אַן אָקס, און זיין „קאָסטיום" איז בעשטאַנען פון א ציגענע פעלבעל. מאַגעללאַן האָט איהם געשאָנקען אַ העלל־קאָלירטע העמד, ער זאָל ניט אומגעהן נאַקעט. ער האָט איבערגענעכטיגט אויף דעם קאַפּיטאַן־גענעראַל׳ס שיף, אָבער מאָרגען בעגינען איז ער אראָפּגעשפּרונגען און אַנטלאָפען אין זיין קאַנאָ.

דריי וואָכען איז מאַגעללאַן פערבליעבען אין דיעזען האַפען, און דאַן איז ער אַוועק ווייטער. וואָס ווייטער ער איז געפאָהרען צו דרום צו, איז אַלץ קעלטער געוואָרען. צוויי מאָנאַט איז דיא פלאָטע געשוואומען פאַזע דעם ברעג פון פּאַטאַגאָניען, אין שרעקליכע פרעסט און שטורעמס, ביז מען האָט דערגרייכט אַ גוטען האַפען מיט אַ סך גוטע פיש. דאָרטען האָט מאַגעללאַן זיך אָבגעשטעלט אויפ׳ן ווינ־טער. אָבער זיינע מיטרייזענדע האָבען גענומען פאָדערען ער זאָל זיי נעהמען צוריק נאָך שפּאַניען. זיי האָבען זיך גענוג אָנגעליטען, האָ־בען זיי געזאָגט, און זיי האָבען ניט געגלויבט אַז ער וועט ווען עס־איז געפינען אַ וואַסער־דורכגאַנג נאָך דיא מאַלוקען. מאַגעללאַן האָט געענטפערט, אַז ער וועט געהן ווייטער, ניט צוריק, — אַז ער האָט זיך פאָרגענומען צוצוקומען צו דיא מאַלוקען און מוז זיין ציעל דער־גרייכען. ער האָט צו זיינע צוהערער גערעדט מיט אַ פעסטען טאָן אָבער מיט גוטען; ער האָט גע׳טענה׳ט מיט זיי, געפּרופט ווירקען אויף זייער עהרען־געפיהל. און דיא מאַטראָזען האָבען זיך טאַקע בערוהיגט; אָבער קאַרטאַגענאַ, קוועסאַדאַ און מענדאָזאַ האָבען גע־נומען אַגיטירען געגען איהם. זיי האָבען דיא מאַטראָזען געגעבען צו פערשטעהן, אַז ער, אַלס פּאָרטוגעז, איז אַ פיינד פון שפּאַניער, אַז ער דיענט בלויז דיא אינטערעסען פון זיין אייגענעם קעניג, און וויל פערניכטען דיא שפּאַנישע פלאָטע; און זייערע רייד האָבען גע־ווירקט. ווען דיא פערשווערונג איז געווען פאַרטיג, איז קאַרטאַגענאַ און קוועסאַדאַ מיט דרייסיג בעוואַפענטע מאַטראָזען אַרויף אויף דער סאַן אַנטאָניאָ, וואו מאַגעללאַן׳ס שוועסטער־קינד, מ ע ס ק י ט א,

איז איצט געוועזן קאַפּיטאַן אויף קאַרטאַגענאַ'ס פּלאַץ. מעסקיטאַ'ן האָבען זיי געשמידט אין קייטען און זיינעם אַן אָפּיציער, וועלכער האָט גענומען צוזאַמענרופען דיא מאַטראָזען פון שיף, האָבען זיי געשטאָכען צום טויט. אויף מעסקיטאַ'ס פּלאַץ האָבען זיי פאַר קאַפּיטאַן געמאַכט איינעם פון זייערע חברים, ס ע ב א ס ט י א ן ע ל ק א נ אָ ' ן. דיא מאַטראָזען זיינען געוועזן איבערראַשט, צו־טומעלט. אום זיי צו ווייזען אַז אָהן מאַגעללאַנ'ען וועט זיי זיין בעסער, האָט מען זיי מכבד געוועזן מיט וויין און דיא בעסטע שפּייז, וואָס אויף דער שיף איז נור געוועזן. וועגען אייניגע פון דיעזע מאַט־ראָזען האָט מען געוואוסט, אַז זיי זיינען אמת טריי מאַגעללאַנ'ען, — האָט מען ביי זיי צוגענומען זייערע געוועהר.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אין אַ שבת־צו־נאַכט, און עס איז אַוועק אַזוי שטיל, אַז דער גאַנצער זונטאָג איז פאָראיבער און אויף דער „טרינידאַד" (מאַגעללאַן'ס שיף) האָט מען נאָך פון קיין זאַך ניט געוואוסט. דריי פון דיא פינף שיפען האָבען זיך אַלזאָ איצט געפונען אונטער דער קאָמאַנדע פון מיאַטעזשניקעס, און דיעזע דריי וואָלטען שוין געקענט שווימען צוריק נאָך שפּאַניען. מאָנטאַג אין דער־פריה איז צו דער סאַן אַנטאָניאָ צוגעשוואומען אַ שיפעל פון מאַגעללאַן'ס טרינידאַד. מען האָט צו איהר אויסגערופען, אַז זיא זאָל ניט סמייען צוצוקומען נאָהענט, ווארים מאַגעללאַן איז אויס הויפּט־קאָמאַנדיר. ווען דיא שיפעל האָט זיך אומגעקעהרט צו מאַגעללאַנ'ען און ער האָט זיך דערוואוסט וואָס דאָ טהוט זיך, האָט ער דיא שיפעל געהייסען געהן צו דיא אַנדערע שיפען, און פרעגען ביי יעדער פאַר וועלכען צ־זיי האַלטען. דיא דריי דערמאָהנטע קאַפּיטאַנען האָבען געענטפערט: „פאַר'ן קעניג און זיך אַליין!" בלויז סעראַנאָ, דער קאַפּיטאַן פון דער „סאַנטיאַגאָ", האָט געענטפערט: „פאַר'ן קעניג און מאַגעל־לאַנ'ען!" באַלד האָט קוועסאַדאַ געשיקט זאָגען דעם קאַפּיטאַן־גענעראַל, אַז דיא מיאַטעזשניקעס פאָדערען ער זאָל מיט זייערע דריי קאַפּיטאַנען זיך צוזאַמענקומען און זיי אויסהערען. מאַגעללאַן'ס אַנטוואָרט איז געווען, אַז ער איז צופריעדען אַזוי צו טהאָן, אָבער מיט דעם תנאי אַז מען זאָל זיך צוזאַמענקומען אויף זיין שיף, אויף דער טרינידאַד. פון דעם האָבען זיי זיך ענטזאַגט. ער מוז קומען אויף דער סאַנט אַנטאָניאָ, האָבען זיי ערקלערט. אַלס אַ פּשרה האָט

מאגעללאן אויסגעקליבען דיא וויקטאָריא. אויף דעם זיינען דיא דריי קאפּיטאנען מרוצה געוואָרען. ווארים דיא וויקטאָריא איז דאָך אויך געווען אין דעם בונט. זיי האָבען געמיינט, אז ער לאָזט זיך בויגען, אז ער האָט זיך פאר זיי דערשראָקען. עס איז אָבער ווידער געווען א טעות. ער האָט אויסגעקליבען דיא וויקטאָריא, ווייל ער האָט געוואוסט אז פיעלע פון איהרע מאטראָזען זיינען ביי זיך אין הארצען איהם טריי; און אָנשטאָט נאָכצוגעבען דיא אָנפיהרער פון דעם אויפ־שטאנד האָט ער זיך צוגעגרייט אויף דיעזער שיף זיי צו געבען דעם ערשטען קלאפּ. ערשטענס האָט ער צוגעפּערטיגט א שיפעל מיט צוואנציג בעוואפענטע מאטראָזען, וועמען ער האָט געקענט טרויען, און אלס קאָמאנדיר איבער דיעזער שיפעל האָט ער געשיקט זיין פרוי׳ס א ברודער, א זוהן פון זיין שוועהר און פריינד, בארבאָסא. פאָראויס אָבער ער האָט אוועקגעשיקט איינעם עספּינאָזא מיט פינף מאן. זיי זיינען איהם אויך געווען איבערגעבען און אלע זיינען זיי געווען מערקווירדיגע כוואטסקע יונגען. ווען דיעזע זיינען צוגעשוואומען צו דער וויקטאָריא מיט א בריעף פון מאגעללאנ׳ען, האָט מענדאָזא, איהר קאפּיטאן, זיך געקלעהרט, אז אזא קליינע הייפעלע מענשען קען יעדענפאלס איהם ניט זיין געפעהרליך; ער האָט זיי דעריבער ארויפ־געלאָזען און צוגענומען דעם בריעף מיט א גיפטיגען שמייכעל. אין דעם בריעף האָט מאגעללאן איהם אויפגעפאָדערט גלייך צו קומען אויף דער טרינידאד. מענדאָזא האָט זיך ענטזאגט. גלייך וויא ער האָט אויסגערעדט זיין קאלטען אַנטוואָרט, האָט עספּינאָזא זיך אויף איהם א וואָרף געטהאָן און איהם אריינגעשטאָכען א שפּיעז אין האלז. כמעט אין דעם זעלבען מאָמענט, ווען דער טויטער קערפּער איז אַני־דערגעפאלען, האָבען אויף דער שיף ארויפגעקלעטערט בארבאָסא מיט זיינע צוואנציג מאן. זיי האָבען זיך א לאָז געטהאָן איבער דער שיף מיט דיא בלויזע שווערדען. דיא איבערראשטע, דערשראָקענע מאט־ראָזען האָבען זיך גלייך אונטערגעגעבען. בארבאָסא האָט דאן אריינ־גענומען אין זיינע הענד דיא קאָמאנדע איבער דער שיף.

אלץ איז איצט אלזאָ געווען פערקעהרט וויא פריהער: מאגעללאן האָט שוין געהאט דריי שיפען אויף זיין זייט (דיא טרינידאד, דיא סאנטיאגאָ און דיא וויקטאָריא) און דיא מיאטעזשניקעס — בלויז צוויי (דיא סאן אנטאָניאָ און דיא קאָנסעפּסיאָן). מיט דיעזע דריי

שיפען האָט ער פערצאַמט דעם אַרויסגאַנג צום אָפענעם ים, — פער־שפאַרט דיא צוויי פיינדליכע שיפען אינוועניג אין האַפען. זיי זיינען אָבער געווען אַ היבשע שטיק פון איהם און זיי צו דערגרייכען מיט דיא קוילען פון האַרמאַטען וואָלט איהם געווען שווער. ער האָט דעריבער ביינאַכט אַרויסגעשיקט איינעם פון זיינע טרייע סאָלדאַטען, אַז ער זאָל אַרויפקומען אויף דיא סאַן אַנטאָניאָ, כלומרשט אַזוי וויא ער וואָלט אויך געווען אַ בונטאָוושטשיק און ער וואָלט אַנטלאָפען פון דער טרינידאַד; דער צוועק איז געווען, אַז ער זאָל איבערשניידען דיא סאַן אַנטאָניאָ'ס אַנקער־שטריק. דער פּלאַן האָט זיך איינגע־געבען. מען האָט דעם סאָלדאַט אויפגענומען מיט פרייד, און ער האָט זיין שליחות ערפילט. באַלד האָט דיא שיף זיך גענומען טראָ־גען מיט'ן שטראָם. ווען זיא איז צוגעקומען נאָהענט צו דער טרי־נידאַד, האָט מען איהר גענומען באָמבאַרדירען; דערנאָך איז צו איהר פון איין זייט צוגעשוואומען דיא טרינידאַד און פון דער אַנדערער זייט דיא וויקטאָריאַ. פוןביידע זייטען זיינען אויף איהר אַרויף בעוואַפענטע מאַטראָזען, און קוועסאַדאַ מיט זיינע חברים זיינען באַל־געווען אין קייטען. עס איז געוואָרען אַ געשריי: „פאַר'ן קעניג און מאַגעללאַנ'ען!“ ווען דיא מאַטראָזען פון דער קאָנסעפּסיאָן האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי זיך אויך אונטערגעגעבען.

קוועסאַדאַ'ן האָט מאַגעללאַן געקעפּט, און קאַרטאַגענאַ'ן, צו־זאַמען מיט אַ גלח, וועלכער האָט אַנטהייל גענומען אין דעם בונט, האָט ער דערווייל געהאַלטען אין קייטען. דיא איבעריגע האָט ער מוחל געווען.

דיא סאַנטיאַגאָ איז שפּעטער צובראָכען געוואָרען, אָבער איהרע מאַטראָזען האָט מען געראַטעוועט. סעראַנאָ איז דאַן געוואָרען דער קאַפּיטאַן פון דער קאָנסעפּסיאָן. אַלע פיער איבערגעבליעבענע שיפען האָבען איצט געהאַט פּאָרטוגעזען אַלס קאַפּיטאַנען: דיא סאַנט־אַנטאָניאָ — מאַגעללאַן'ס שוועסטער־קינד, מעסקיטאַ; די וויק־טאָריאַ — מאַגעללאַן'ס שוואָגער, באַרבאָסאַ; דיא קאָנסעפּסיאָן — מאַגעללאַן'ס פריינד'ס ברודער, סעראַנאַ, און דיא טרינידאַד — מאַ־געללאַנ'ען אַליין.

דיא רייזענדע האָבען אַלץ געמיינט, אַז אין דיעזען געגענד זיינען קיין מענשען ניטאָ. זיי האָבען בעקוקט דיא לאַנד אויף הונדערט

מייל פון דעם האפען, און זיי האבען קיין מענשליכע בעשעפענים ניט געזעהן. איין מאל, ווען זיי זיינען דא שוין אבגעווען פיער מאָנאט, האט זיך ביין ברעג בעוויזען א זעהר הויכער געזונטער אינדיאַנער מיט ברייטע פלייצ'עס — א וואהרער ריעז. אין איין האנד האט ער געהאלטען א קורצען בויגען און אין דער אנדערער — א בינטעל פיילען. פאר דיא ווייסע איז דאס געווען אַן איבערראשונג, אייניגע פון זיי האבען זיך זאגאר אביסעל דערשראקען. דער רויט־הויטיגער ריעז האט גענומען טאנצען מיט אלע כחות, זינגענדיג אויף זיין ווילדען שטייגער און זיך שיטענדיג שטויב אויפ'ן קאפ. *)

מאגעללאן האט צוערשט אייגענטליך ניט געוואוסט צו דאס איז אַן אויסדרוק פון פריינדשאפט אדער א מין מלחמה־ערקלעהרונג. אלזא האט ער ארויסגעשיקט צו איהם א מאטראז, אז ער זאל אויך טאנצען און שרייען און זיך אויך שיטען שטויב אויפ'ן קאפ. ער האט געוואלט זעהן וויא אזוי דאס וועט ווירקען. דער מאטראז האט אזוי געטהאן. דער ריעז האט זיך צוערשט אבגעשטעלט א פערוואונדערטער. ער האט אבער באלד וויעדער אנגעפאנגען צו מאכען דיא זעלבע בעוועגונגען און אוואיעס וויא פריהער, מיט נאך מעהר חשק. און אזוי האבען זיי ביידע — דער אינדיאנער און דער שפאניער — געטאנצט און געשפרונגען, צוקומענדיג אלץ נעהנטער און נעהנטער איינער צום אנדערען, ביז זיי האבען זיך ארומגענומען. דיא אנדערע מאטראזען האבען דאס אלץ צוגעקוקט פון וויטען, און האבען זיך געקייקעלט פון געלעכטער. דער דערמאהנטער מאטראז אבער האט דיא גאנצע צייט געציטערט; ער האט ניט געוואוסט, וואס דיעזער טאנץ בעדייטעט, וואס דער ריעז וועט דא מיט איהם טהאן. דער ווילדער מענש איז אבער צו איהם געווען פריינדליך.

ווען מען האט איהם געבראכט אויף מאגעללאן'ס שיף, האט ער מיט צייכענס און וואונקען געפרעגט אויב דיא ווייסע זיינען אראפּ־

*) אַן עהנליכע צערעמאָניע — צו שיטען זיך שטויב אויפ'ן קאפ אלס א צייכען פון אונטערטהעניגקייט — האבען אנדערע אונענטוויקעלטע פעלקער אויך, אין דיא פערשיעדענע טהיילען פון דער וועלט. זעה, צום ביישפּיעל, וועגען דיא נעגערס פון אפריקא אין דעם ערשטען באנד, זייטעל 120).

געקומען פון הימעל; מען האָט איהם פערזיכערט, אַז יאָ. דאַן האָט ער זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען פון זייער קליינעם געוואוקס און פון זייערע ריעזיגע שיפען. ווען מען האָט איהם געגעבען גלעקעלעך, איז ער גאָר פון דיא כלים אַרויס. ער איז אַרומגעגאַנגען איבער'ן שיף, קלינגענדיג מיט זיי און קוקענדיג אויף אַלץ מיט אויסגעשטעלטע אויגען, ביז ער איז צוגעקומען צו אַ גרויסען שפּיעגעל (פון געפּאָלירטע שטאָהל). ווען ער האָט דאָרטען דערזעהן פּונקט אַזאַ מענשען וויא ער איז, האָט ער זיך אַזוי איבערגעשראָקען אַז ער איז אָבגעשפּרונגען אויף הינטען מיט אַ ווילדען געשריי.

ער איז געווען אין גאַנצען אויסגעפאַרבט אויף רויט. בלויז אַרום דיא אויגען זיינען ביי איהם געווען געלע קייקלען, און אויף דיא באַקען געלע פיגורען, אין דער פאָרמע פון אַ האַרץ. דיא פיס זיינען ביי איהם געווען אַרומגעוויקעלט מיט פעל און אויפ'ן קערפּער האָט ער געטראָגען אַ מאַנטעל אויך פון פעל.

ווען מען האָט דיעזען אינדיאַנער געלאָזען געהן צוריק אויפ'ן ברעג, האָט ער דערנאָך מיט זיך געבראַכט אַ קאָמפּאַניע אַנדערע אינ־דיאַנער, אויך אַזעלכע הויכע, געזונטע, וויא ער; זיי האָבען מיט זיך פאַר רימענס געפיהרט מאָדנע חיות אָדער בהמות, וועלכע דיא שפּאַ־ניער האָבען נאָך קיין מאָל ניט געזעהן. דיא קעפּ און אויערען זיינען ביי דיעזע בהמות געווען וויא ביי אַן אייזעל, דיא קערפּערס און פיס וויא ביי אַ קעמעל און דער עק וויא ביי אַ פערד. אויך האָבען זיי געהירזשעט וויא פערד. דער נאָמען פון דיעזע בעשעפענים איז ג ו אַ נ אַ ק אָ. דיא אינדיאַנער האָבען זיי צו זיך צוגעוואוינט וויא אָקסען אָדער פערד און זיי געברויכט אויף צו טראָגען משא. דיא פעל, וואָס דיא היעגע מענשען האָבען געטראָגען, איז אויך געווען פון דיעזע פיער־פיסיגע ברואים. אין ווייטערע קאַפּיטלעך, ווען מיר וועלען האַלטען ביי פּערו, וועלען מיר זעהן אַז דיא דאָרטיגע איינ־וואוינער האָבען געהאַט אַ בהמה, ל אַ מ אַ, וועלכע איז עהנליך צו דער גואַנאַקאָ (זעה אויבען, זייטעל 97).

דיא אינדיאַנער, וועלכע מאַגעללאַן האָט דאָ געזעהן, זיינען גע־ווען נאָמאַדען, דאָס הייסט זיי האָבען ניט געהאַט קיין שטענדיגע היים, נור זיי האָבען אַרומגעוואַנדערט און וואו זיי האָבען געפונען

שפּייז, האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט ביז דיא שפּייז איז דאָרטען אויס־גענאנגען, און דאן זיינען זיי געגאנגען ווייטער.

פון דעם, וואָס זייערע פּיס זיינען געווען ארומגעוויקעלט מיט שטיקער פעל, האָבען זיי אויסגעוויזען אזוי גרויס,׳אז מאגעללאן האָט זיי א נאָמען געגעבען פּאטאגאָנער, דאָס הייסט „מיט אוןָ־געלומפּערטע פּיס“. און אזוי איז דער נאָמען פערבליעבען. דעם גאנצען געגענד רופט מען דעריבער פּאטאגאָניען. דאָס איז א גרויסע שטיק לאנד (ביי דעם סאמע דרום פון זיד־אמעריקא), וועלכע בעלאנגט היינט מייסטענס צו ארגענטיניען. בלויז איהר מזרח׳דיגע שטיקעל געהערט צו טשילי.

מען מוז בעמערקען, אז דיא ערשטע בעריכטען וועגען דיא פּאטאגאָנער איבערטרייבען זייער וואוקס. זיי זיינען ווירקליך געווען העכער וויא דאָס רוב מענשען, אָבער אזעלכע ריעזען זיינען אין אייראָפּא אויך קיין נאָווינע ניט — הויפּטזעכליך אין דיא קעלטערע געגענדען, וויא אין רוסלאנד אָדער צפון־דייטשלאנד, למשל; און פּאטאגאָניען איז דאָך אויך א קאלטע לאנד. דיא שפּאניער, וויא דאָס רוב מענשען פון ווארימע לענדער, זיינען אָבער מייסטענס ניט קיין הויכע. דעריבער האָבען זיי איבערטריבען דיא הויך פון דיא רויט־הויטיגע, וואָס זיי האָבען דאָ געזעהן.

דעם 24טען אויגוסט איז דיא פלאָטע ווייטער געפאָהרען. קאר־טאגענא׳ן מיט דעם אויבען־דערמאָהנטען גלח האָט מאגעללאן ניט מיטגענומען. ער האָט זיי ארויסגעזעצט אויפ׳ן ברעג מיט א היבשע ביסעל שפּייז און וויין, מיט אביידעל און א לאָדקע, און אזוי האָט ער זיי דאָ איבערגעלאָזען צו זייער שיקזאל.

דעם 21טען אָקטאָבער זיינען דיא שיפען צוגעקומען צו א פּלאץ, וואו זיי האָבען זיך געקענט פערקירעווען צו מערב צו. צוערשט האָט מען געמיינט, אז דאָס איז בלויז א בעי, א גרויסער האפען, אפשר דיא ברייטע מויל פון א גרויסען טייך, וויא דיא מויל פון לא פּלאטא. מען האָט דאָס גענומען אויספאָרשען. ווען עס וואָלט געווען דיא מויל פון א טייך, וואָלט דיא וואסער בּיסלעכווייז פערלאָרען איהר געזאלצענעם טעם; און דאָ איז מען געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער, און קיין לאנד איז אלץ ניט געווען און דיא וואסער איז אלץ געווען געזאלצען, און אלץ זעהר טיעף. עס איז אלזאָ אלץ געווען

דער ים. ער האָט זיך אָבער אין פיעלע ערטער אריינגעגאָסען אין דער יבשה; דיא שיפען איז אויסגעקומען זיך צו דרעהען אַהין און אהער, און אַזוי זיינען אַוועק מעהר וויא פינף וואָכען, ביז ענדליך איז מען אַרויסגעקומען אין אַן אָקעאַן.

עס איז אַלזאָ טאַקע געווען אַ שטראַססע, אַ וואַסער־דורכגאַנג. דאָס, וואָס קאָלומבוס און עטליכע אַנדערע רייזענדע נאָך איהם האָבען אומזיסט געזוכט, — דאָס האָט ענדליך געפונען מאַגעללאַן.

דאָס איז איינע פון דיא וויכטיגסטע פּאַסירונגען אין דער געשיכטע פון געאָגראַפיע, פון דעם מענשען'ס בעקאַנטשאַפט מיט דעם ערד־קוגעל. מיט דריי און דרייסיג יאָהר פריהער, אין 1487, איז אַן עהנליכע וויכטיגע פּאַסירונג פאָרגעקומען אין אַן אַנדער טהייל וועלט. דאַן האָט מען צום ערשטען מאָל דערגרייכט דעם דרום־ענד פון אַפריקאַ, און ענטדעקט, אַז פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן קען מען אריינקומען אין דעם אינדישען (צו מזרח צו); און איצט האָט מען דערגרייכט דעם דרום־ענד פון אַמעריקאַ און ענטדעקט, אַז דאָרטען קען מען אריינגעהן פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אין דעם שטילען (צו מערב צו).

דער דרום־ענד פון אַמעריקאַ, וועלכען מאַגעללאַן האָט איצט געפונען, איז אָבער מעהר וויא טויזענד מייל ווייטער צו דרום צו וויא דער דרום ענד פון אַפריקאַ. מיט אַנדערע ווערטער, אַמעריקאַ ציהט זיך אַ סך ווייטער צו דרום צו וויא אַפריקאַ.

מיר ריידען דאָ וועגען דיא הויפּט־לאַנד פון אַמעריקאַ. נאָך אביסעלע ווייטער צו דרום צו געפינט זיך אַ גרופּע אינזלען — עטליכע גרויסע און אַ סך קליינע. דיא שטראַססע וואָס מאַגעללאַן האָט ענטדעקט געהט צווישען דער הויפּט־לאַנד און דיעזע אינזלען.

דיא אינזלען האָט מאַגעללאַן אַ נאָמען געגעבען פ י י ע ר ־ ל א נ ד, (ווייל ער האָט דאָרטען געזעהן פייערען אויף דיא בערג). וואָס אַנבעטרעפט דיא שטראַססע, וועלכע ער האָט ענטדעקט, רופט מען איהר אויף זיין נאָמען — מ א ג ע ל ל א ן ש ט ר א ס ס ע.

מאַגעללאַן האָט זיך געקליבען ווייטער צו פאָהרען. אייניגע פון זיינע מיטרייזענדע האָבען אָבער ווידער געפאָדערט אַז מען זאָל זיך אומקעהרען אַהיים. עס איז געבליבען ווענינ שפּייז — האָבען זיי גע'טענה'ט — און ווער ווייס וויא לאַנג נאָך מען וועט מוזען פאָה־

רען איבער דעם אָקעאַן איידער מען וועט דערגרייכען דיא מאָלוקען (געווירץ־אינזלען) ? זיי וועלען אַלע אויסשטאַרבען פון הונגער.

„ווען מיר זאָלען אפילו מוזען אויפעסען דיא לעדער, מיט וועלכע דיא שטריק פון דיא שיפען זיינען אַרומגעוויקעלט, וועל איך אויך געהן ווייטער ביז איך וועל קומען צו מיין ציעל" — אזוי איז געווען מאַגעללאַן'ס אַנטוואָרט. אויף דער סאַן אַנטאָניאָ האָט זיך דאַן אָנגעפאַנגען צו אָרגאַניזירען אַ נייער בונט. דאָרטען זיינען געווען פיעלע אונצופריעדענע. אַלזאָ האָבען זיי מעסקיטאַ'ן, זייער קאַפּיטאַן, געכאַפּט און געשמידט אין קייטען, און אויף זיין פּלאַץ געשטעלט איינעם גאָמעז, דעם הויפּט־פּילאָט, אָדער וועג־ווייזער פון דער שיף. קורץ, זיי האָבען זיך אָבגעג'גנב'עט פון דער פלאָטע און אַוועק צוריק נאָך שפּאַניען, און דאָרטען האָבען זיי וועגען מאַגעללאַנ'ען אָבגעגעבען אַלערליי פאַלשע בעריכטען.

מאַגעללאַן איז אַלזאָ געבליעבען מיט דריי שיפען: דיא טרי־נידאַד, דיא קאָנסעפּסיאָן און דיא וויקטאָריאַ. מיט זיי איז ער איצט געשוואומען איבער דעם ברייטען, ריעזיגען אָקעאַן. וויא ברייט ער איז האָט ער נאָך קיין בעגריעף ניט געהאַט. דער וועטער איז געווען אַזוי גוט, אַז עס זיינען פאָראיבער העכער וויא הונדערט טעג אָהן דעם קלענסטען שטורם. דאַן האָט ער דאָס געגעבען דעם נאָמען: פּאַסיפישער (דאָס הייסט פריעדליכער, שטילער) אָקעאַן, וועלכער איז פערבליעבען אויף אימער. אויף ענגליש הייסט ער „פּאַסיפיק אָשען", אויף דייטש רופט מען איהם „שטילער אָקעאַן", און אַזוי וועלען מיר איהם רופען.

דאָס איז דער זעלבער אָקעאַן, וועלכען באַלבאָאַ האָט ענטדעקט פון פּאַנאַמאַ. באַלבאָאַ האָט אָבער קיין בעגריעף ניט געהאַט וויא גרויס ער איז און ער האָט איהם גערופען „דרום ים", ווייל ביי פּאַ־נאַמאַ קומט ער גראַד אויס צו דרום צו. צוערשט איז מאַגעללאַן געשוואומען ביי דעם מערב־ברעג פון זיד־אַמעריקא, צו צפון צו. דער־נאָך האָט ער זיך פערנומען איבער דער ברייט פון דעם אָקעאַן, צו מערב צו. אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ וואָך נאָך אַ וואָך, און צו דיא וואַסער איז אַלץ קיין סוף ניט געווען. פון דיא קאַרגע, אָרימע שפּייז האָט זיך ענטוויקעלט סקאָרבוט און דיא רייזענדע זיינען געשטאָרבען צעהנדליגע־ווייז. באַלד איז געבליבען אַזוי וועניג פּראָוויאַנט, אַז

מען איז געצוואונגען געווען צו עסען מייז; אָבער אפילו מייז איז געווען וועניג, וואָרים אַן אינדיאַנער, וועלכען זיי האָבען מיטגעפיהרט פון פאַטאַגאָניען, האָט נאָך פריהער אויפגעפרעסען מאַסען פון דיעזע ברואים. עס האָט געהאַלטען אַזוי שמאָל אַז מען האָט געצאָהלט אַ האַלבען רענדעל פאַר אַ מויז. וואָס אָנבעטרעפט דיא שיף־קיכלעך, איז פון זיי איבערגעבליעבען ניט מעהר וויא שרעקליך טוכלע ברעקלעך, און דיא וואַסער וואָס מען האָט געפיהרט צום טרינקען, איז געווען אַזוי פערדאָרבען, אַז ווען מען האָט גענומען אַ טרונק, האָט מען געמוזט צוהאַלטען דעם נאָז. מאַגעללאַן׳ס ווערטער זיינען מקוים געוואָרען: מען האָט אָבגעשניטען שטיקער לעדער פון דיא שטריק און דאָס געגעסען. אפילו שטיקלאַך האָלץ האָט מען געקייט. צו אַלע צרות איז דיא היץ געווען אַזוי גרויס — וואָרים זיי זיינען איצט געווען ביין עקוואַטאָר — אַז אָפט פלעגט טרעפען, דאָס ווען אַ מאַטראָז האָט געהאַט צו קלעטערען איבער דיא שטריק, איז ער פון שוואַכקייט אַראָפּגעפאַלען אַ טויטער. אויבען אין דער לופטען זיינען איבער זיי געפלויגען מאַסען ים־פויגלעך, אָבער כאַפּען זיי האָבען זיי ניט געקענט. אין דיא ערשטע 100 טעג האָבען זיי בעגעגענט צוויי קליינינקע אינזעלעך; דאָרטען איז אָבער ניט געווען קיין שום לעבעדיגע בעשעפענים, און קיין איינציגער גרעזעלע.

מאַגעללאַן איז איבער דער ברייט פון דעם שטילען אָקעאַן געפאָהרען מיט אַ מאָנאַט מעהר וויא קאָלומבוס איז געפאָהרען איבער דער ברייט פון דעם אַטלאַנטישען, און דער וועטער איז געווען אַזוי גוט, אַז איינגעפאָהרען איז ער דריי מאָל אַזוי פיעל וויא דער ענטדעקער פון אַמעריקאַ. קאָלומבוס האָט זיינע מאַטראָזען נאָכגעגעבען און געענדערט דעם מאַרשרוט, — זיך פערנומען צו דרום צו; מאַגעללאַן אָבער האָט זיך פעסט געהאַלטען ביי זיין פּלאַן, און ניט קוקענדיג אויף קיין שוועריגקייט, אויף קיין אונגליק, איז ער זיך געגאַנגען זיין וועג — ווייטער, ווייטער איבער׳ן אָקעאַן צו מערב זייט, צו דיא געווירץ־אינזלען.

איין פריה־מאָרגען, אין דיא ערשטע וואָך פון מאָנאַט מערץ, 1521, האָבען דיא אויסגעהונגערטע, האַלב־טויטע רייזענדע פון ווייטען דערזעהן לאַנד. ווען זיי זיינען צוגעקומען נעהנטער, זיינען פאַר זיי געשטאַנען וועלדער מיט פערשיעדענע בוימער. דאָס איז געווען

אן אינזעל, איינער פון עטליכע. באלד זיינען צו דער פלאָטע צו־געשוואומען פלינקע שיפלעך מיט הונדערטע נאקעטע מענשען מיט בלאס־געלבליכע געזיכטער. זיי האָבען געבראכט מאסען באנאנעס און קאָקאָ־ניס, און דיא פערהונגערטע שפאניער האָבען זיך אויף דעם ארויפגעוואָרפען וויא דיא היישעריקען. דיא געסט האָבען אָבער פון דער שיף צוגע׳גנב׳עט אלץ, וואָס זיי האָבען געקענט. ווען מאגעללאן האָט זיך דערוואוסט דערפון, האָט ער דיעזע אינזלען א נאָמען גע־געבען לאדראָנעס, דאָס הייסט רויבער־אינזלען, און אזוי רופט מען זיי עד היום.

צעהן טעג שפעטער האָט דיא פלאָטע ענטדעקט א צווייטע גרופּע אינזלען, — דיא פיליפּינען, וויא מען האָט זיי שפעטער א נאָמען געגעבען (נאָך קעניג פיליפּ דעם 2טען, דעם זוהן פון קארל דעם 5טען). *) דיא פיליפינאָס, וויא מען רופט דיא איינוואוינער פון דיעזע אינזלען, זיינען אין פיעלע זאכען געווען ציוויליזירטער וויא דיא איינוואוינער פון אמעריקא — אפילו וויא דיא ענטוויקעלטסטע פון זיי, דיא מעקסיקאנער און דיא פערואנער, וועגען וועלכע מיר וועלען ריידען ווייטער (הגם אין אנדערע זאכען זיינען זיי געשטאנען ניעדריגער וויא דיעזע צוויי רויט־הויטיגע פעלקער). דיא פיליפינאָס האָבען שוין למשל געוואוסט פון אייזען, און האָבען געהאט שטאָהלענע מעסערס, שווערדען, שפּיעזען. אויך האָבען זיי געהאט וואָג, בהמות, זיידענע און באוועלנע מאטעריעס. זיי זיינען געגאנגען האלב־נאקעט אָדער כמעט אין גאנצען נאקעט, אָבער דיא ציוויליזירטעסטע איינ־וואוינער פון אָסט־אינדיען האָבען דאָך ניט געטראָגען פיעל מעה־קליידער, — צוליעב דעם הייסען קלימאט אין וועלכען זיי וואוינען. אויף דיעזע אינזלען פלעגען אָפט קומען סוחרים פון כינא, סיאם, סומאטרא און אנדערע לענדער פון אזיען. עס האָט דאָ שוין שטארק געשמעקט מיט דער אינדישער ציוויליזאציאָן. איי ניגע פון דיא איינ־

*) דיא פיליפינער אינזלען האָבען בעלאנגט צו שפאניען ביז 1898; דאַן, אין דער מלחמה צווישען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען און שפּאַניען, האָבען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען זיי צוגענומען, און ביי זיי זיינען דיא אינזלען פערבליעבען. דורך דיעזער מלחמה האָבען דיא פעראייניגטע שטאַאַטען דאָס אויך בעקומען דעם אַמעריקאַנער אינזעל פּאָרטאָ־ריקאָ.

וואוינער זיינען זאָגאר געווען מאַהאָמעדאַנער. איבעריגענס זיינען אויף דיא פיעלע אינזלען פון דיעזער גרופע געווען פערשיעדענע פעל־קער מיט פערשיעדענע מדרגות ענטוויקלונג. אפילו היינט זיינען דאָר־טען נאָך פאַראַן אייניגע גאַנץ ווילדע שבטים.

עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז אייניגע פון זייערע פעלקער ריידען אַ שפּראַך, וועלכע מאַגעללאַן'ס אַ דיענער, מיט'ן נאָמען ע נ ר י ק, פערשטעהט. ער איז געווען פון מאַלאַקקאַ, דיעזער ענריק, און מאַגעללאַן האָט איהם צוגענומען צו זיך, ווען ער איז דאָרטען געווען. מען דאַרף בעמערקען, אַז דאָס רוב פון דיא פעלקער, וואָס וואוינען אויף דיא פיליפּינען, בעלאַנגען צו דער מאַלאַיעשער ראַסע, און דיא איינוואוינער פון מאַלאַקקאַ זיינען דאָך מאַלאַיען.

מאַגעללאַן איז אַלזאָ שוין געווען אין אַ גאַנץ אַנדער וועלט מיט גאַנץ אַנדערע מענשען וויא אַמעריקאַ. ער איז שוין געווען נאָהענט צו דער אַלטער וועלט, צו אַזיען. אייגענטליך האָט ער שוין כמעט געמאַכט אַ רייזע אַרום און אַרום דעם ערד־קוגעל, וואָרים ער איז איצט געווען ניט ווייט פון מאַלאַקקאַ און פון מאַלאַקקאַ נאָך אייראָפּאַ איז ער דאָך שוין אַ מאָל געפאָהרען.

ער האָט זיך דערוואוסט, אַז ער איז שוין גאַנץ נאָהענט פון דיא מאַלוקען און דאָס, האָט ער געמיינט, איז פאַר איהם פיעל וויכטיגער וויא אַ רייזע אַרום דער וועלט. אין זיין שווימען האָט ער אָבער אַ מעות געהאַט אין זיינע רעכענונגען און ער איז געקומען אַ היבשע ביסעל צו ווייט צו צפון צו.

דיא פיליפּינאָס האָבען דיא שפּאַניער בעגעגענט פריינדליך. באַלד האָט מאַגעללאַן זיך געזעהן מיט דעם ראַדזשאַ*), דעם עלסטען פון איינעם פון דיא קלענערע אינזלען. דער ראַדזשאַ האָט איהם גוט אויפגענומען, און איינגעלאַדען צו זיך אין הויז, וועלכע איז געשטאַנען אין דער הויך אויף סלופּעס, אַזוי אַז מען האָט אַהין געמוזט אַרויפקלעטערען אויף אַ לייטער. ער איז געווען האַלב נאַ־קעט, דער ראַדזשאַ. אויפ'ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ זיידענעם צודעק, אַרום טאַליע אַ באַוועלנעם בגד, וועלכער האָט דערגרייכט ביז

*) אַזוי רופט מען אויך דיא הערשער אָדער „קעניגע" פון בעזונ־דערע געגענדען אין אָסט־אינדיען.

דיא קניע. זיינע שווארצע גלאטע האר איז אראבגעהאנגען איבער דיא פלייצעס. ער האט דעם גאסט מכבד געווען מיט א מאהלצייט פון שוויין־פלייש, רייז, פרוכט און וויין. איידער ער האט זיך גע־נומען פאר זיין בעכער, האט ער צוזאמענגעשלאסען דיא הענד און זיי אויפגעהויבען צום הימעל; און ווען ער האט שוין געהאלטען דעם בעכער, האט ער צוערשט אויסגעשטעלט א פערמאכטען פויסט צום גאסט. עס האט אויסגעזעהן, אז ער וויל איהם שלאגען. אזוי איז אבער דארטען געווען (און איז נאך היינט אויך) דער מנהג.

דאס איז געווען דער אינזעל לימאזאוא. פון דארטען איז מאגעללאן געשוואומען צו דעם אינזעל סעבו, אויך פון דיא פילי־פינען. דארטען, האט מען איהם געזאגט, וועט ער געפינען א סך געווירצען און גאלד. ער איז אהין אנגעקומען דעם 7טען אפריל, 1521. דער ראדזשא פון סעבו האט צוערשט ביי דיא שפאניער גע־פאדערט צינזען. אבער זייערע הארמאטען האבען איהם איבערגע־שראקען; א חוץ דעם האט אן אזיאטישער סוחר איהם ערקלעהרט, אז זיי זיינען געפעהרליכע מענשען — דער זעלבער זארט מענשען וויא דיא פארטוגעזער, וועלכע האבען איינגענומען פיעלע שטעדט אין אסט־אינדיען און מאלאקקא, — און דאס האט געווירקט. דיא פארטוגעזער און זייערע זיעגען האבען זיך דא אלזא געלאזט הערען. מאגעללאן האט נאך דייטליכער געפיהלט, אז ער געפינט זיך שוין אויפ'ן שוועל פון דער אלטער וועלט.

באלד האט דער הערשער פון סעבו מאגעללאנ'ען געשיקט א טראָ־פען בלוט פון זיין רעכטען ארעם, און א ביטע אז ער זאל טהאן דאס זעלבע אלס א צייכען פון בלוט־ברודערשאפט. מאגעללאן האט אזוי געטהאן, און דער ראדזשא איז געווארען זיין פריינד. דאן האט דער שפאנישער קאפיטאן־גענעראל ביי איהם גע'פועל'ט, אז ער און אלע אנדערע איינוואוינער פון סעבו זאלען פערברענען זייערע געצען און אננעהמען דיא קריסטליכע רעליגיאן. דיא געצען האט מען צוזא־מענגענומען אין איין בארג און זיי פערניכטעט אין א פלאקער. דאן האט מען צוואוארפען דיא עטליכע טעמפלען, וואס האבען זיך גע־פונען אויפ'ן אינזעל, און אין מיטען שטעדטעל, אויפ'ן מארק, האט מען אויפגעשטעלט א גרויסען צלם. מאגעללאן איז אין זיין רעלי־גיעזע בעגייסטערונג ניט געווען קיין צבועק. ער האט דאס געמיינט

מיט'ן גאַנצען האַרצען. אָבער מיט תורה אַליין האָט ער זיך ניט בענוגענט. ער האָט מיט זיך גענאַט אַ מאַסע סחורה, אַלזאָ האָט ער אָנגעהויבען צו האַנדלען, און צו טהאָן גוטע ביזנעס. דיא פיליפינאָס האָבען אַלץ געכאַפּט מיט זשעדנעקייט, צאָהלענדיג מיט גאָלד פאַר אייזען אָדער מעש, כמעט דיא זעלבע וואָג גאָלד וויא פיעל דער אַר־טיקעל האָט געוואויגען. זיי האָבען אַליין געהאַט אייזערנע געוועהר און געצייג; אָבער דיא זאַכען וואָס מאַגעללאַן האָט זיי געוויזען, האָבען זיי נאָך קיין מאָל ניט געזעהן.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז דער הערשער פון סעבו האָט צו־זאַמען מיט דער קאַטוילישער רעליגיאָן אַנערקענט דיא אויבערהער־שאַפט פון דעם שפּאַנישען טהראָן. ער אַליין האָט זיך געהאַלטען פאַר דעם אויבער־הערשער איבער געוויסע אַרומיגע אינזלען, און מאַגעללאַן האָט געגלויבט, אַז איינגעהמענדיג סעבו האָט ער איינ־גענומען דיא גאַנצע אינזעל־גרופּע. ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט.

דער ראַדזשאַ פון דעם אינזעל מ אַ ט אַ ן (אָדער מאַקטאַן) האָט זיך באַלד געשטעלט געגען דעם ראַדזשאַ פון סעבו מיט זיין נייעם שפּאַנישען פריינד. מאַגעללאַן האָט זיך בעשלאָסען צו געהן יענעם אָנלערנען. זיינע קאַפּיטאַנען, הויפּטזעכליך י ו אַ ן ס ע ר אַ נ אָ, האָבען איהם שטאַרק אָבגערעדט דערפון. אָבער, ווי אימער, איז ער געבליעבען ביי דאָס זייניגע. און דיעזען מאָל האָט זיין עקשנות איהם געקאָסט דאָס לעבען.

דעם 27טען אַפּריל, 1521, האָט ער גענומען מיט זיך 60 שפּאַ־ניער און טויזענד פיליפינאָס און איז אַוועק צו דעם פיינדליכען איי־זעל. דאָרטען איז געגען איהם אַרויסגעטראָטען אַזא ריעזיגע מחנה פון מוטהיגע קעמפּפער, אַז זיינע שפּאַניער מיט זייערע בעגלייטער זיינען געוועזן הילפלאָז געגען זיי. אַרומפליהענדיג אַהין און אַהער מיט זייערע שילדען, האָבען דיא מאַטאַנער פלינק אויסגעמידען דעם שונא'ס קוילען און אויף איהם געוואָרפען גאַנצע וואָלקענס פון פיי־לען און באַמבו־שטעקלעך מיט אייזערנע שפּיצען. מאַגעללאַן האָט געשיקט אונטערצינדען דרייסיג פון זייערע הייזער; ער האָט ערוואַרט אַז דאָס וועט זיי אָבשרעקען. עס האָט אָבער בלויז פערגרעסערט זייער צאָרן און זייער קאַמפּף־פייער. באַלד האָבען זיי מאַגעללאַנ'ען

געטראָפען מיט א פערגיפטעטען פייל אין פוס. דער קאפיטאן־גע־נעראל האָט זיינע שפאניער געהייסען זיך צוריקציהען. דיא מא־טאנער האָבען זיך אָבער נאָך זיי נאָכגעיאָגט, ציעלענדיג אין זייערע פיס, ווייל דאָרטען האָבען זיי קיין פאנצירען ניט געהאט. אויף מא־געללאנ'ען גופא האָט זיך ארויפגעוואָרפען א גאנצע מאסע מאטאנער און זיי האָבען זאָגאר אראָבגעשליידערט דעם שטאָהלענעם קיווער פון זיין קאָפּ. ער מיט נאָך זעקס שפאניער האָבען זיך אָבער גע־שטעלט געגען זיי אלעמען און געקעמפּפט וויא טיגערס, פאָבענדיג מיט זייערע שווערדען און שפיעזען. מעהר וויא א שטונדע האָט מאגעללאן אזוי אָבגעקעמפּפט. ענדליך האָט א פיליפינאָ *) איהם ארייגגעשטאָכען א שפיעז אין געזיכט אריין. דער קאפיטאן־גענעראל האָט איהם גלייך דערשטאָכען מיט זיין לאנגען שפיעז, איבערלאָ־זענדיג דעם שפיעז אין זיין קערפּער. אליין האָט ער זיך געכאפּט צו זיין שווערד. ער האָט איהם אָבער ניט געקענט ארויסציהען פון שייד: זיין האנד איז געוועזן געוואונדעט און ער האָט איהר ניט גע־קענט פארנאנדערבויגען. ווען דיא מאטאנער האָבען דערזעהן, אז ער האָט קיין וואפע ניט אין האנד, האָבען פיעלע פון זיי אויף איהם

*) אַנטאָניא פיגאפעטטאַ, דער שפאניער, וועלכער האָט אַנ־טהייל גענומען אין דיעזען קאַמפּף און וועלכער האָט שפּעטער בעשריעבען דיא גאַנצע רייזע, זאָגט, אַז אַ אינדיאַנער האָט דאָס געטהאָן. דאָס איז נאַטירליך. דער לעזער דאַרף ניט פערגעסען, אז ביי אייראָפּעער זיינען כמעט אַלע איינוואוינער פון דיא ווייטע אַזיאטישע געגענדען געוועזן „אינדיאַנער", דאָס הייסט, מענשען פון אינדיען. דעם גאַנצען ווייטען מזרח האָט מען גערופען דיא אינדיען, אינדיען. ווען קאָלומ־בוס האָט ענטדעקט אַמעריקא, האָט ער דאָך געמיינט, אז דאָס איז אַ טהייל פון אינדיען. דעריבער האָט ער דיא רויט־הויטיגע גערופען אינדיאַנער. און אַזוי איז דער נאָמען פערבליבען עד היום. אום צו מאַכען אַן אונטערשיעד, רופט מען דיא איינוואוינער פון אינדיען אינדיער („הינדוס" אויף ענגליש), און זייער לאַנד גופא רופט מען אָסט־אינדיען, ווערהרענד דיא אינזלען, וואָס קאָלומבוס האָט ענטדעקט, רופט מען וועסט־אינדיען. דיא איינוואוינער פון דיא אינזלען, וואָס מאגעללאן האָט ענטדעקט, זיינען נאַ־טירליך ניט געוועזן קיין אינדיאַנער, ניט קיין אינדיער.

אַרויפגעשפּרונגען און איהם צושטאָכען און צוהאַקט מיט שפּיזען און מיט שווערדען.

מיט דעם, וואָס ער האָט אַזוי לאַנג דאָ געקעמפּפט, האָט ער אָבגעצויגען דיא אויפמערקזאַמקייט פון דיא אַנטלויפענדע שפּאַניער און זיי זיינען צוגעקומען צו זייערע שיפלעך. מיט זיין טויט האָט ער זיי געראַטעוועט.

אַזוי איז געשטאָרבען פערדינאַנד מאַגעללאַן, איינער פון דיא מערקווירדיגע מענשען אין דער געשיכטע פון אונזער וויסען. זיין רייזע קען מען ניט גלייכען אין וויכטיגקייט צו קאָלומבוס'עס ענטדעקונגס־רייזע. אָן און פיר זיך גענומען, איז דאָס אָבער געווען אַ פּיעל לענגערע און אַ פּיעל ריזיקירטערע רייזע. אין כאַראַקטער איז מאַגעללאַן געווען אַ בעסערער, סימפּאַטישערער מענש וויא קאָלומבוס, וויא אויך אַ פעסטערער. ער האָט אָבער ניט געהאַט דיא איינבילדונגס־קראַפט פון אַמעריקאַ'ס ענטדעקער; אויך האָט איהם געפעהלט יענע בעגייסטערונג, וועלכע קרוינט קאָלומבוס'עס טהעטיגקייט מיט דיא שטראַהלען פון פּאָעזיע.

ווען דיא איבעריגע שפּאַניער זיינען צוריק־געקומען אויף דעם אינזעל סעבו, האָבען זיי צוזאַמען מיט דיא אַנדערע שפּאַניער, וואָס זיינען דאָרטען געווען, אויף מאַגעללאַן'ס פּלאַץ אויסערוועהלט צוויי קאָמאַנדירען: זיין שוואָגער באַרבאָסאַ, און זיין פריינד'ס ברודער, יואַן סעראַנאָ. אָבער זיי איז אויך לאַנג ניט בעשערט געווען צו קאָמאַנדעווען איבער דער פלאָטע.

דעם ערשטען מאַי האָט דער הערשער פון סעבו זיי געשיקט זאָגען, אַז דיא עדעל־שטיינער, וועלכע ער האָט צוגעזאָגט צוזאַמענצוקלייבען פאַר דעם שפּאַנישען קעניג, זיינען פערטיג, און אַז לכבוד דעם לאַדעט ער איין דיא שפּאַניער אויף אַ מאָהלצייט, אויף וועלכען ער וועט דיא מתנה איבערגעבען צו דיא קאָמאַנדירען. באַרבאָסאַ און סעראַנאָ האָבען דיא איינלאַדונג אָנגענומען, הגם סעראַנאָ האָט אַביסעל חושד געווען, אַז דיא געשיכטע איז עפּעס ניט קיין נאַטירליכע. מיטנעהמענדיג זיעבען און צוואַנציג אָפיציערען און סאָלדאַטען, זיינען זיי פון דער פלאָטע, אויף שיפלעך, צוגעשוואומען צום ברעג. מען האָט זיי בעגעגענט מיט פריינדליכע געשרייען און גלייך אָוועקגעפיהרט צום „פּאַלאַץ“. אָבער ווען זיי זיינען אַהין אָנגע־

קומען, איז מען זיי בעפאלען און איינעם נאך דעם אנדערען אויסגע־שאכטען. בלויז צוויי האבען זיך געראטעוועט — עספינאזא און קאר־וואלהא. סעראנא'ן האבען דיא סעבואנער צוערשט געלאזט לעבען. זיי האבען איהם צוגעשלעפט צום ברעג און פארגעלייגט איהם אומ־צוקעהרען צו דיא שפאניער, אויב זיי וועלען פאר איהם בעצאהלען מיט צוויי הארמאטען. דיא פיליפינאס זיינען געשטאנען ארום איהם מיט זייערע שפיעזען ביי זיין האלז, ווארטענדיג אויף אן אנטווארט. דער אונגליקליכער האט פון ווייטען זיך געבעטען ביי זיינע ברידער, אז מען זאל איהם ראטעווען, אבער קארוואלהא האט זיך וועגען איהם ניט געקימערט. ער האט איהם איבערגעלאזען צו זיין שיקזאל. דיא דריי שיפען האבען אויפגעהויבען זייערע אנקערס און גענומען זיך בעוועגען, און אזוי אבשווימענדיג, האבען דיא מאטראזען פון ווייטען געזעהן, וויא מען דערשטעכט זייער קאמאנדיר.

אויף האבען זיי געזעהן וויא א מאסע פיליפינאס רייסען ארונטער דעם צלם, וואס מאגעללאן האט אויפגעשטעלט. דיא איינוואוי־נער פון סעבו, מיט זייער הערשער צוזאמען, האבען אנגענומען דיא קריסטליכע רעליגיאן פון זייערע געסט, ווייל זיי האבען גע־מיינט, אז דאס איז א רעליגיאן פון אלמעכטיגע רייזענדע, אל־מעכטיגע קעמפפער. אזוי אבער וויא דיא שפאניער האבען געהאט א מפלה אויף דעם אינזעל מאטאן, האבען זיי זיך ארומגעזעהן, אז דיא קריסטליכע רעליגיאן איז גאר ניט קיין „בריה". אלזא האבען זיי חרטה געהאט אויף דעם גאנצען עסק; דעריבער האבען זיי דאס אריינגענארט דיא שפאניער מיט דעם צוועק זיי אויסצוהרג'ענען, און גלייך נאך דעם האבען זיי צובראכען דעם צלם און זיך אומגע־קעהרט צו זייערע געצען.

באלד האט זיך ארויסגעצייגט, אז די קאנסעפסיאן רינט שטארק, און מען האט איהר פערברענט — אום צו בעקומען דיא אייזען וואס זיא האט אין זיך געהאט. עס זיינען אלזא געבליעבען בלויז צוויי שיפען: דיא טרינידאד און דיא וויקטאריא. אין גאנצען האט זיך אויף זיי איצט געפונען װעניגער וויא 120 מאן, — וועניגער וויא א העלפט פון דיא צאהל וואס מאגעללאן האט מיטגענומען פון שפאניען, ווארים ביי 80 מאן זיינען אנטלאפען מיט דער סאן אנטאניא, און ביי

70 זיינען געשטאָרבען פון הונגער אָדער אויסגעפאַלען אין די צוויי שחיטות — אין מאַטאַן און סעבו.

אַלס קאָמאַנדיר איבער די צוויי שיפען האָט מען ערוועהלט קאַרוואַלהאָ, אָבער ניט אויף לאַנג. די מאַטראָזען האָבען איהם פיינט געהאַט, און שפּעטער האָט מען אויף זיין פּלאַץ אויסגעקליבען עספּינאָזאַ׳ן.

די שפּאַניער האָבען געהערט, אַז אויף אַ שיף, וואָס איז איצט געפאָהרען נאָך דעם אינזעל באָרנעאָ, פיהרט מען פּעריל, וועלכע זיינען אַזוי גרויס וויא היהנערשע אייער; אַלזאָ האָבען זיי אויף דער־ווייל פערגעסען אָן זייער רייזע נאָך די געווירץ־אינזלען, און זיך אוועקגעלאָזען זוכען יענע שיף. זיי האָבען זיך נאָכגעיאָגט נאָך יעדער שיף וואָס זיי האָבען דערזעהן פון ווייטען, און זיי אַלעמען געכאַפּט, אָבער קיין פּעריל האָבען זיי אויף קיינע פון זיי ניט געפונען. אויף דיעזען אַרט זיינען זיי פערשוואומען ביז צום אינזעל באָרנעאָ, און פון דאָרטען האָבען זיי געמוזט שווימען צוריק, דורך דעם סעלע־בעס ים, וואָרים די מאָלוקען אָדער געווירץ־אינזלען, געפינען זיך צו מזרח זייט פון דאָרטען.

אויפ׳ן וועג זיינען זיי בעפאַלען די שיף פון אַ פּיראַט (ים־רויבער), גע׳הרג׳עט זיעבען פון איהרע מאַטראָזען און דעם הויפּט־פּיראַט אין קייטען געשמידט. דער פּיראַט האָט זיך אונטערגענומען די צוויי שפּאַנישע שיפען צו פיהרען גלייך נאָך די מאָלוקען, אויב מען וועט איהם אומקעהרען זיין פרייהייט, און אַזוי וויא זיי, די שפּאַניער, אַליין האָבען דעם וועג אהין ניט געוואוסט, און אויסגע־מאַטערט זיינען זיי געווען, זיינען זיי מרוצה געוואָרען.

ער האָט זיי געפיהרט דורך דעם סעלעבעס ים. *) אויפ׳ן וועג האָט דער פּיראַט זיי דערצעהלט, אַז ער האָט געקענט פראַנציסקאָ סעראַנאָ, מאַגעללאַן׳ס אינטימען פריינד, אָבער אַז ער איז שוין טויט. עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז מען האָט איהם ערמאָרדעט אין דיא זעלבע וואָך ווען די איינוואָהנער פון מאַטאַן האָבען גע׳הרג׳עט מאַגעללאַנ׳ען.

---

*) אַזוי רופט מען דיא שטיק וואַסער, וואָס ליעגט צווישען דעם אינ־זעל באָרנעאָ, דעם אינזעל סעלעבעס און דיא פיליפּין־אינזלען.

פראנציסקא סעראנא האט געוואוינט אויף דעם אינזעל טער־נאטע (איינער פון דיא געווירץ־אינזלען), וועמעס ראדזשא האט איהם ליעב געקראגען. איין מאל האט סעראנא געפאנגען דיא טאכטער פון דעם ראדזשא פון דעם אינזעל טידאר (אויך איינער פון דיא מאלוקען), און איהר געגעבען זיין פריינד, דעם ראדזשא פון טערנאטע, פאר א מתנה. דאס איז געוועזען מיט צעהן יאהר פריהער, א קורצע צייט נאך דעם וויא סעראנא האט זיך אין טערנאטע בעזעצט. דער ראדזשא פון טידאר האט אבער קיין מאל ניט אויפגעהערט צו דענקען וועגען ראכע, ביז ענדליך האט ער דעם פארטוגעז ארייננענארט צו זיך און איהם געשאכטען.

ווען ניט דיעזער פראנציסקא סעראנא, וואלט מאגעללאן זיין מערקווירדיגע עקספעדיציע ניט אנגעפאנגען. דיא בריעף וואס ער האט צו איהם געשיקט פון דיא מאלוקען, האבען מיר צו פערדאנקען דיא אונטערנעהמונג, וועלכע האט צום ערשטען מאל דער מענשהייט געוויזען א רייזע ארום און ארום דעם ערד־קוגעל.

דעם 6טען נאוועמבער אין דער פריה, אין דעם יאהר 1521, האבען אונזערע רייזענדע פון וויטען דערזעהן פיער הויכע אינזלען. „דאס זיינען דיא מאלוקען“ — האט דער פיראט ערקלעהרט — דיא אינזלען וועלכע זיי האבען געזוכט 26 מאנאט.

א שמעקענדער ווינטעל האט געבלאזען. דיא געווירץ־אינזלען, נאך וועלכע קאלומבוס איז געפאהרען, ווען ער האט זיך אוועקגעלאזען אויף זיין רייזע, און לעבען וועלכע ער האט געמיינט אז ער געפינט זיך, ווען ער האט ענטדעקט אמעריקא, — זיינען ענדליך דערגרייכט געווארען. זיי זיינען אבער געלעגען א האלבע וועלט וויטער צו מערב צו, וויא דיא לענדער, וואס קאלומבוס האט געפונען.

מען האט איצט שוין אלזא געוואוסט, אז צווישען זיד־אמעריקא און אזיען ליעגט א גרויסער אקעאן, דער ברייטסטער פון אלע אקעאנען, און אז דאס איז א גאנץ אנדער וואסער וויא דער אטלאנטישער, וועלכער ליעגט צווישען אייראפא מיט אפריקא פון איין זייט און אמעריקא פון דער אנדערער זייט.

דיא שפאניער האבען זיך צוערשט אבגעשטעלט אויף דעם אינזעל טידאר. דער דארטיגער ראדזשא האט זיי פריינדליך אויפגענומען און זיי האבען איהם געגעבען אלס מתנה דריי שעהנע פרויען,

וועלכע זיי האָבען מיט זיך געהאַט פון דיא פיליפינער אינזלען. ער האָט זיי ערלויבט איינצוקויפען וויא פיעל געווירצען זיי ווילען, הגם ער האָט געהאַט אַן אָבמאַך מיט דיא פּאָרטוגעזער, אַז קיין אַנדערע וויא זיי זאָלען דאָס ניט טאָרען טהאָן.

דיא געווירצען פון דעם אינזעל טידאָר, — צימרינג און נעגע־לעך, — זיינען געוואַקסען אין וועלדלעך, וועלכע האָבען בעדעקט בערג און טהאָלען פון אַ היבשע שטיק פון ברעג. אַלזאָ האָבען דיא שפּאַ־ניער געדונגען טרעגער, צו ברענגען דיא סחורה צו זייערע שיפען. צעהנדליגע טרעגער זיינען אַזוי געגאַנגען מיט אָנגעפּאַקטע זעק אויף דיא פּלייצעס צו דיא צוויי שפּאַנישע שיפען, און דאַן צוריק מיט דיא ליידיגע זעק נאָך נייע פּעק געווירצען. דיא הערשער פון דיא אַנדערע אינזלען פון דיעזער גרופּע האָבען זיך אויך פערהאַלטען פריינדליך צו דיא שפּאַניער. מען האָט זיי אָבער געוואָרענט וועגען דיא פּאָרטוגעזישע שיפען, וואָס זיינען געווען אַרויסגעשיקט זיי צו פאַנגען. אַזוי גיך וויא דיא טרינידאַד און דיא וויקטאָריאַ זיינען געווען שווער אָנגעלאָדען מיט געווירצען, האָבען זיי פּאָרטגעזעצט זייער רייזע צו מערב צו, דאָס הייסט אַהיים נאָך שפּאַניען.

צום אונגליק האָט מען באַלד בעמערקט, אַז דיא טרינידאַד האָט אַ גרויסע לאָך, און זיא האָט געמוזט זיך אומקעהרען אין האַפען, אום מען זאָל איהר דאָרטען פערריכטען. דער וועטער איז אָבער אין יענע מאָנאַטען גראָד גוט פאַר דער רייזע אַרום אַפריקאַ, און שפּעטער אַ ביסעל איז שוין שווער צו פאָהרען. אַלזאָ איז דיא וויקטאָריאַ אַוועק אַליין, און אַלס קאַפּיטאַן האָבען איהרע מאַטראָזען אויסגע־קליבען דעם אויבענדערמאָהנטען עלקאַנאָ׳ן, וועלכער איז פריהער געווען איינער פון דיא, וואָס האָבען זיך געבונטעוועט געגען מאַ־געללאַנ׳ען.

דיא טרינידאַד, וועלכע האָט געהאַט עספּינאָזאַ׳ן פאַר אַ קאַ־פּיטאַן, האָט מען שנעל פערריכט, און זיא האָט זיך אַוועקגעלאָזען אַהיים פון דער אַנדערער זייט, דאָס הייסט, זיי זיינען געפאָהרען ניט צו מערב צו, נור צו מזרח צו. זיא האָט אָבער געהאַט אַן אונגליק־ליכע רייזע, און איז געצוואונגען געווען זיך אומצוקעהרען אין דיא מאָלוקען, וואו אַ פּאָרטוגעזישע פלאָטע האָט איהר טאַקע געפאַנגען.

דיא וווייטערע רייזע פון דער וויקטאָריאַ ענטהאַלט פאַר אונז קיין בעזונדערע נייעס ניט, וואָרים איבער דעם זעלבען וועג — דורך דעם אינדישען אָקעאַן פאַזע אַפריקאַ צו דרום צו, אַרום דעם דרום ענד פון אַפריקאַ, דאַן פאַזע אַפריקאַ פון דער אַנדערער זייט צו צפון; צו ביז שפּאַניען — האָבען שוין געהאַט דורכגעמאַכט פיעלע פּאָר־טוגעזישע שיפען זינט וואסקא דא גאַמאַ האָט דער ערשטער געמאַכט דיא ים־רייזע פון פּאָרטוגאַל נאָך אינדיען און צוריק, מיט 26 יאָהר פריהער.

די אינטערעסאַנטסטע זאַך פון דיעזער שטיקעל רייזע איז, אַז דיא שפּאַניער זיינען איבעררראַשט געוואָרען, ווען זיי האָבען אויסגעפונען, אַז אין זייער חשבון איז פערפאַלען געוואָרען אַ מעת לעת. ווען זיי זיינען געקומען נאָהענט צו דער היים, האָבען זיי געהערט, אַז עס איז דאָנערשטאָג, דער 7־טער סעפּטעמבער, ווערהענד ביי זיי אויפ'ן שיף האָט זיך גערעכענט, אַז עס איז מיטוואָך, דער 6־טער סעפּטעמבער.*)

---

*) ווען איהר פאָהרט פון מזרח צו מערב, מוזט איהר רוקען אייער זייגער צוריק. אויב איהר פאָהרט פון ניו יאָרק און איהר קומט נאָך שי־קאַגאָ, צום ביישפּיעל, געפינט איהר אַז ווען אויף אייער זייגער איז 12 איז דאָרטען נאָך בלויז 11. דיא אורזאַכע איז, וואָס דיא ערד דרעהט זיך פון מערב צו מזרח; שיקאַגאָ דרעהט זיך צו צו דער זון שפּעטער וויא נויאָרק, ווייל שיקאַגאָ ליעגט ווייטער צו מערב. אין שיקאַגאָ ווערט דער־ריבער ליכטיג מיט אַ שעה שפּעטער. ווען אין שיקאַגאָ איז דיא לעצטע שטונדע פון דער נאַכט, איז שוין אין ניו יאָרק טאָג; דאָרטען איז שוין „אויף מאָרגען". קומענדיג פון ניו יאָרק נאָך שיקאַגאָ, האָט איהר אלזאָ פער־לאָרען אַ שעה. אויב איהר וועט פאָהרען ווייטער און ווייטער צו מערב צו, וועט דער אונטערשיעד זיין אַלץ גרעסער און גרעסער. ווען איהר פאָהרט אַרום אַ האַלבען ערד־קוגעל איז דער אונטערשיעד אויף אַ האַלבען מעת־לעת. איהר קומט למשל אין אַ שטאָדט, וואו עס איז 7 אוהר ביי־נאַכט, ווערהענד אין נויאָרק איז שוין 7 אוהר אויף מאָרגען אין דער פריה. ווען איהר פאָהרט אַרום דעם גאַנצען ערד־קוגעל איז דער אונטערשיעד אויף אַ גאַנצען מעת־לעת, דאָס הייסט עס פעהלט אייך פיער און צוואַנציג שטונדען. אויב דיא גאַנצע רייזע געדויערט ביי אייך פּונקט אַ יאָהר, למשל,

דעם 6טען סעפּטעמבער, 1522, האָט זיך אַלזאָ געענדיגט דיא רייזע, — דיא ערשטע רייזע אַרום און אַרום דער וועלט, וואָס דיא מענשהייט האָט ווען עס איז געמאַכט. דער קעניג פון שפּאַניען האָט עלקאַנאָ'ן געגעבען אַ יעהרליכע פּענסיע און איהם געמאַכט פאַר אַן אַדעליגען.

אויף זיין „הערב" אַלס אַדעליגער, איז געווען דיא פיגור פון צוויי שטעקלעך צימרינג, דריי מוסקאַט־ניס און צוועלף נעגעלעך. איבער דיעזע זאַכען זיינען אונטערנומען געוואָרען אַלע גרויסע רייזעס. דעם 6טען סעפּטעמבער 1522, ווען עלקאַנאָ איז געקומען נאָך שפּאַניען מיט דער וויקטאָריא, איז געווען דער 30טער יאָהר־צייט פון דעם טאָג, ווען קאָלומבוס איז אַוועקגעפאָהרען זוכען דיא לענדער, וואו עס וואַקסט צימרינג, מוסקאַט, נעגעלעך און פעפער, און, אָנשטאָט דיעזע לענדער, האָט ער (אַליין ניט ווייסענדיג) געפונען גאָר אַ נייע וועלט.

עלקאַנאָ איז געווען אַ וועניג בעדייטענדער מענש, מיט קנאַפּע פעהיגקייטען. דאָס וואָס ער האָט געענדיגט דיא גרויסע רייזע איז אַ קלייניגקייט. כמעט יעדער מאַטראָז וואָלט דאָס געקענט טהאָן. און פריהער האָט ער, אָנשטאָט העלפען, געשטערט. ער איז דאָך געווען איינער פון דיא, וואָס האָבען געפאָדערט אַז מען זאָל זיך אומקעהרען צוריק און געמאַכט דיא פערשווערונג געגען מאַגעללאַנ'ען. דאָך האָט ער בעקומען אַנערקענונג און בעלוינונג פאַר דער גאַנצער רייזע, אַזוי וויא ער, און ניט מאַגעללאַן, וואָלט אין איהר געווען דיא הויפּט־פיגור. דיעזע אַנערקענונג האָט ער בלויז בעקומען פון דעם שפּאַנישען קעניג. דיא מענשליכע געשיכטע אינטערעסירט זיך מיט עלקאַנאָ'ן גאַנץ וועניג. ווער הערט פון איהם? וויא פיעל מענשען ווייסען, אַז עס איז אַמאָל געווען אַן עלקאַנאָ אויף דער וועלט?... דיא מענשליכע געשיכטע גיט איהר „הערב" צו דעם וועמען עס קומט — צו פּ ע ר ד י נ אַ נ ד מ אַ ג ע ל ל אַ ן.

וועט דיעזער יאָהר ביי אייך האַלטען בלויז 364 טעג. יעדער טאָג איז ביי אייך לענגער וויא אַ טאָג. אין דער זעלבער צייט, וואָס ביי אייך אין דער־היים געהט אַוועק 365 טעג, וועט ביי אייך אַוועקגעהן נור 364 טעג.



110°
130°
150°
170°
180°
170°
60°
40°
20°
0°
20°
40°
כינא
יאפּאַן
פּיליפּפּינישע
אינזלען
רוּיבער אינזלען
מאלאקקא
סעלעבעס ים
בארנעא
דיא מאלוקקען
סומאטרא
יאווא
אויסטראליען
ארום
דיא

V.

## הערנאַנדאָ קאָרטעס און דער אָנפאַנג פון זיין רייזע נאָך מעקסיקאָ.

קאָרטעס'עס יוגענד. — זיין לעבען אין אַמעריקאַ. — זיינע פערהעלטניסע מיט וועלאַסקעץ'ען דעם גובערנאַטאָר פון קובאַ. — קאָרדאָוואַ בעזוכט יוקאַטאַן. — שפּאַניער האָבען אַ מפּלה פון מאַיאַ־אינדיאַנער. — גריאַלוואַ'ס עקספּעדיציע. — פראַגען פון אַ מעקסיקאַנישען צינזען־זאַמלער. — קאָרטעס אָרגאַניזירט אַ דריטע עקספּעדיציע נאָך יוקאַטאַן. — וועלאסקעץ האָט חרטה; ער איז אָבער מאַכטלאָז. — אויפ'ן אינזעל קאַזומעל. — קאָרטעס הערט וועגען צוויי ווייסע וואָס לעבען שוין זיעבען יאָהר ביי אינדיאַנער אַלס געפאַנגענע. — אַ צלם ביי די מאַיאַס. — איז די עגיפּטישע ציוויליזאַציאָן פערטראָגען גע־וואָרען נאָך אַמעריקאַ? — אַן „עטהנאָלאָגישער בריק" צווישען אַמע־ריקאַ און סיביר. — וויא אַזוי איינער פון די צוויי געפאַנגענע ווייסע האָט זיך איצט בעפרייט. — די געשיכטע פון זיינע טראַגישע זיעבען יאָהר. — דער גרעסטער שלאַכט, וואָס ווייסע האָבען געהאַט מיט אינדיאַנער. — קאָרטעס'עס שעהנע אינדיאַנערקע, מאַרינאַ. — די שפּאַנישע „קריינק". — אַ מעקסיקאַנער מאַלער פון בילדער־שריפ־טען. — די לעגענדע וועגען דעם גאָט מיט'ן ווייסען פּנים. — מאָנ־טעזומאַ שיקט קאָרטעס'ען רייכע מתנות; ער בעט איהם אָבער גלייך צו פערלאָזען די לאַנד. — אויף וואָס קאָרטעס האָט געבויט.

אין אָנפאַנג פון דיעזען בוך האָבען מיר פארבייגעהענדיג דער־מאָהנט די איינוואוינער פון מעקסיקאָ און פּערו, אַלס די ענטוויי־קעלטסטע און אינטערעסאַנטסטע פעלקער, וועלכע האָבען זיך גע־פונען אין אַמעריקאָ ווען די אייראָפּעער זיינען צום ערשטען מאָל געקומען נאָך דער נייער וועלט. פּערו האָבען מיר אויך דערמאָהנט ווען מיר האָבען געהאַלטען ביי באַלבאָאַ'ן און הויפּטזעכליך ווען מיר האָבען גערעדט וועגען פראַנציסקאָ פּיזאַררא'ן. דיעזע צוויי מעכטיגע

לענדער זיינען איינגענומען געוואָרען פון צוויי הייפּעלעך שפּאַנישע אוואַנטוריסטען; און דיא פּאַסירונגען, וואָס זיינען דערביי פאָרגעקו־מען, וויא אויך דיא שטעדט, דיא מענשען און דיא פיהרונגען וואָס מען האָט אין דיא צוויי לענדער געפונען, — בעלאַנגען צו דיא מערק־ווירדיגסטע זאַכען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט. וועגען דאָס אַלעס וועלען מיר איצט דאָ דערצעהלען.

דיא רייזע נאָך מעקסיקאָ, אָדער ריכטיגער געזאָגט, דער מילי־טערישער פּאָכאָד אַהין, איז אָרגאַניזירט געוואָרען אויף דעם אינזעל קובאַ, און דיא הויפּט־פיגור פון דער גאַנצער געשיכטע איז געווען אַ שפּאַניער פון אַן אָרימע אַדעליגע פאַמיליע, הערנאַנדאָ קאָר־טעס.

דאָס איז געווען אַ פעהיגער, פלינקער, כיטרער, ביטערער יונג. מען האָט גאָר פריהער ניט געוואוסט וואָס פאַר אַן אייזערנער ווילען און איבערהויפּט וואָס פאַר אַ מערקווירדיגער כאַראַקטער אין איהם ליעגט. מען האָט בלויז געוואוסט, אַז ער איז ניט קיין „שרעקעדיגער אינגעל“, ניט קיין נאַר, און אַ גרויסער בעלן אויף ליעבעס־אינטריגען. ער איז געווען זעהר שעהן, און ביי דאַמען איז ער געווען אַ תקיף.

ווען קאָלומבוס האָט ענטדעקט אַמעריקאַ איז קאָרטעס געווען אַ אינגעל פון זיעבען יאָהר. שפּעטער האָט ער אַ פּאָר יאָהר פערבראַכט אַלס סטודענט אין דעם סאַלאַמאַנקער אוניווערסיטעט. צום לערנען האָט ער אָבער קיין חשק ניט געהאַט. זיינע עלטערען האָבען געוואָלט ער זאָל שטודירען אויף אַדוואָקאַט; איהם אָבער האָט געצויגען צו מלחמות, צו רייזעס, צו סמיעלע אונטערנעהמונגען, צו אוואַנטורען. ווען קאָלומבוס׳ען האָט מען געבראַכט פון אַמעריקאַ נאָך שפּאַניען געשמידט אין קייטען, און אויף זיין פּלאַץ האָט מען אַלס גובערנאַטאָר איבער היספּאַניאָלאַ געשיקט ניקאָלאַס אָוואַנדאָ׳ן, האָט דער יונגער קאָרטעס (ער איז דאַן אַלט געווען 17 יאָהר) געזאָלט מיטפאָהרען.

אָוואַנדאָ, וועלכער איז מיט איהם בעקאַנט געווען, איז צופרידען געווען איהם מיטצונעהמען, און אַלץ איז געווען פאַרטיג צו דעם איינ־געל׳ס אָפּרייזען; האָט זיך איהם אָבער גראָד דאַן דורך איינע פון זיינע ליעבעס־אוואַנטורען געטראָפען אַן אונגליק: קלעטערענדיג אין אַ פינסטערע נאַכט איבער אַ וואַנט אום צוצוקומען צום פענסטער פון אַ דאַמע, איז ער אַראָפּגעפאַלען און פערוואונדעט געוואָרען. אָוואַנדאָ

מיט זיינע פופצעהן שיפען זיינען אוועקגעפאהרען אהן איהם. ער איז געזונד געווארען און א פאר יאהר שפעטער איז ער אוועק נאך היספאניאלא מיט אן אנדער שיף.

ווען ער איז אנגעקומען אין סאן דאמינגא, דיא הויפטשטאדט פון היספאניאלא, און אוואנדא'ס סעקרעטער האט איהם פארגעשלא־גען לאנד, האט ער געענטפערט: „זייט וויסען, אז איך בין אהער געקומען נאך גאלד, ניט צו בעארבייטען דיא ערד, וויא א פויער“.

אוואנדא אליין איז דאן אין סאן דאמינגא ניט געווען. ער איז געווען פערנומען מיט זיינע בלוטיגע פאגראמען אויף דיא אינדיאנער, וועלכע ער האט אויסגעקוילעט, אויסגעשטאכען, אויסגעמוטשעט טוי־זענדערווייז. זיין בעליעבטער „שפאס“ איז געווען צו זעהן וויא שפאנישע בלוט־הינט רייסען זיי, אדער צו לאזען זיי אפהאקען דיא הענט און דאן זיי הייסען געהן אהיים, „מיט דיא אבגעהאקטע הענט אלס גרוס“, מען זאל שוין ווייטער וויסען וויא צו פרופען אראפווא־פען פון זיך דעם שפאנישען יאך. ווען קארטעס איז אנגעקומען איז אוואנדא גראד געווען אין דעם היגעי קרייז, וואו פאנסע דע לעאן האט איהם דאן געהאלפען „איינשטילען“ רויט־הויטיגע בונטאווי־שטשיקעס.

ווען אוואנדא איז געקומען צוריק נאך סאן דאמינגא און קאר־טעס האט זיך פאר איהם פארגעשטעלט, האט דער ניינצעהן־יעהריגער אימיגראנט זיך ערקונדיגט, אז וועגען גאלד איז סיי וויא סיי דא ווענינ וואס צו ריידען, ווארים דיא ארימע גאלד־מינען פון היספא־ניאלא זיינען שוין כמעט געווען אויסגעשעפט. פון דער אנדערער זייט, וואלט ער, אלס אייגענטהימער פון לאנד, גאר ניט בעדארפט ארבייטען. ווארים יעדער שפאניער האט צוזאמען מיט דיא שטיקעל לאנד דאך בעקומען א געוויסע צאהל אינדיאנער, אלס פאנסטשינע־ארבייטער, אלס פויערים־קנעכט. ער האט זיך אלזא בעזעצט אלס גוט־בעזיצער און שקלאפען־טרייבער. זיין מאיאנטעק איז געלעגען לעבען דיא שטעדטעל אזוא, און דארטען האט איהם אוואנדא אויך געמאכט פאר א נאטאריוס.

דיא שטעדטעל איז טאקע יענעם יאהר (1504) געגרינדעט גע־ווארען פון דעם אויבען דערמאהנטען דיעגא וועלאסקעץ, און אזוי וויא וועגען דיעזען וועלאסקעץ וועט אונז אויסקומען צו ריי־

דען אין דער געשיכטע פון קאָרטעס'עס רייזע נאָך מעקסיקאָ, וועט דאָ ניט איבעריג זיין, אַלס אַ טהייל פון זיין כאַראַקטעריסטיקע, צו בעמערקען אַז ער האָט געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אין אָוואַנדאָ'ס ווילדסטע מערדערייען. ווען אָוואַנדאָ האָט כלומרשט בעזוכט אַנאַ־קאָנאַ, דיא שעהנע אינדיאַנערקע פון קסאַראַגואַ מיט איהרע ברידער, און אין מיטען אונטערהאַלטען זיך, האָט ער זיי געלאָזען צורייסען, צושטעכען, פערברענען אָדער אויסהיינגען, איז וועלאַסקעץ דערביי געוועזען איינער פון דיא טהעטיגסטע מיטהעלפער. ער האָט בעוואַכט דיא הויז, וואו דיא אינדיאַנער האָבען זיך געבראַטען לעבעדיגערהייד. אויך האָט ער אַנטהייל גענומען אין דיא היגריכטונגען אויף דיא תליות.

אין דער שטעדטעל אַזואַ איז קאָרטעס מיט וועלאַסקעץ'ען בעפריינדעט געוואָרען, און ער האָט זיך ביי איהם אויסגעלערענט „איינצושטילען" אינדיאַנער. אָפט פלעגען זיי מיט דיעזע מחבל'שע ארבייט זיך בעשעפטיגען צוזאַמען. ווען עס איז ניט געווען וועמען „איינצושטילען", פלעגט דער יונגער קאָלאָניסט פערטרייבען דיא צייט מיט הולטייסטוואָס אָדער מיט קריעגערייען און דועלען איבער הולטייסטוואָס. אין 1509, ווען אלאָנזאָ אָיעדאַ איז אוועק נאָך דאַריען גרינדען זיין קאָלאָניע, האָט קאָרטעס מיט איהם געזאָלט מיט־פאָהרען, נור ער איז דאַן געלעגען קראַנק (וויא עס איז שוין געזאָגט געוואָרען אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל). אפשר איז דאָס געווען דער רעזולטאַט פון איינעם פון זיינע ליעבעס־דועלען.

אין דעם זעלבען יאָהר, וויא מיר ווייסען שוין, האָט דיא שפּאַנישע קרוין צוריקגערופען אָוואַנדאָ'ן און אויף זיין פּלאַץ, אַלס וויצע־קעניג און אדמיראַל פון דיא ניי־ענטדעקטע לענדער, געשיקט דיעגאָ קאָלומבוס'ען, דעם ענטדעקער'ס זוהן. דער נייער הערשער פון היס־פּאַניאָלאַ האָט זיך ביסלעכווייז גענומען פאַר דיא אַרומיגע אינזלען. וועגען פּאָרטאָ ריקאָ האָבען מיר שוין דערצעהלט. קובאַ איז אַ פיעל גרעסערער אינזעל. ער איז דער גרעסטער פון דער גרופּע „גרויסע אנטילען" און פון אַלע אַנדערע אינזלען, וואָס ליגען אין יענע וואַ־סערען. קובאַ האָט ענטדעקט דיעגאָ'ס פאָטער, קריסטאָפאָר קאָלומ־בוס, אויף זיין ערשטע רייזע נאָך דער נייער וועלט. ער האָט אַ לאַנגע צייט געמיינט, אַז דאָס איז גאָר ניט קיין אינזעל, נור אַ טהייל

פון דער הויפט־לאנד, פון אזיען. ער האט בערייזט א גרויסע טהייל פון איהם; ער האט זיך אבער אלץ געהאלטען נאהענט צום ברעג, און דער אינזעל איז איבערהויפט געבליעבען ווענינ בעקאנט. אויבען האבען מיר, למשל, געזעהן, אז פאנסע דע לעאן האט ניט געוואוסט צו פלארידא איז אן אינזעל אדער א טהייל פון קובא. קורץ, דיעגא קאלומבוס האט וועלאסקעץ'ען געשיקט דיעזען אינזעל איינצונעהמען אין גאנצען און אנפאנגען איהם צו בעזעצען. און וועלאסקעץ איז אהין אריבערגעשוואומען מיט פיער שיפען און 300 מאן.

זיין פריינד, הערנאנדא קארטעס, איז מיטגעפאהרען, און אזוי האט דער יונגער אימיגראנט זיך בעזעצט אין קובא, אדער פערדינאנדא, וויא מען האט דעם אינזעל גערופען לכבוד דעם שפאנישען קעניג.

דיא ערשטע שטעדטעל, וואס ווייסע מענשען האבען דארטען געגרינדעט, איז געווען באראקאא. אבער פיעל וויכטיגער איז גע־ווען דיא האפען־שטאדט ס א נ ט י א ג א, וועלכע איז געבארען גע־ווארען מיט א פאר יאהר שפעטער (אין 1513). א דריטע שטאדט, וועלכע וועלאסקעץ האט געגרינדעט אין קובא האט מען א נאמען געגעבען טרינידאד. דיא שטאדט האוואנא איז אויך דאן געגרינדעט געווארען.

וועלאסקעץ איז געווארען גובערנאטאר איבער דעם גאנצען אינ־זעל, אונטער דער אויבער־הערשאפט פון דיעגא קאלומבוס. אבער דיעזע אויבער־הערשאפט, וויא מיר ווייסען שוין, האט קיין ממשות ניט געהאט. דיא קרוין האט מיט אלע מיטלען זיך געסטארעט צו ווייזען, אז דער נאמען „וויצע־קעניג און אדמיראל איבער דיא אינ־דיעס", וועלכען דער ענטדעקער פון אמעריקא האט איבערגעלאזען אלס ירושה, איז א פוסטער טיטעל.

אין סאנטיאגא האט קארטעס געהייראטה מיט איינע פון דיא דאמען, וועלכע זיינען נאך אמעריקא געקומען אין דער סוויטע פון דיעגא'ס אריסטאקראטישע פרוי. אבער דאס האט זיין ווילדען לע־בען ווענינ געענדערט. זיין פריינדשאפט מיט דעם גובערנאטאר איז ניט געווען קיין שטענדיגע זאך. דערפאר האט אבער דיא שנאה פון דיעזען יונגען אוואנטוריסט אויך ניט לאנג אנגעהאלטען. דער פאל־גענדער פאקט איז זעהר כאראקטעריסטיש. איין מאל ווען וועלאסקעץ האט איהם געלאזט ארעסטירען, און ער איז אנטלאפען פון טורמע,

און דיא וועכטער זיינען אַרומגעלאָפּען וויא דיא צומישטע איהם זוכען, האָט מען איהם געפונען שלאָפענדיג מיט'ן גובערנאַטאָר אין איין בעט. אָנשטאָט צו אַנטלויפען פון סאַנטיאַגאָ, איז קאָרטעס אַריינגעקומען צו וועלאַסקעז'ען אין שטוב; אָבער ניט צו בעטען פערצייהונג, איז ער צו איהם געקומען. אָנגעטהאָן אין אַ פּאַנציר און מיט אַ שווערד אין האַנד, האָט ער איהם געצוואונגען אויסצוהערען, וואָס פאַר אַ מיינונג ער האָט וועגען איהם. ער האָט איהם אָנגערופען מיט דיא



דיעגאָ וועלאַסקעז, גובערנאַטאָר פון קובאַ

שאַרפסטע ווערטער, און יענער האָט איהם געסטראַשעט מיט שווערע שטראָף, אָבער ביסלעכווייז זיינען זיי ביידע ווייכער געוואָרען, ביז דער גובערנאַטאָר האָט זיך צולאַכט און דעם אַנטלאָפענעם אַרעסטאַנט געבעטען אויף אָבענד־ברויט און נאַכט־לעגער.

מיט דיא אינדיאַנער פון קובאַ האָט וועלאַסקעז קיין סך אַרבייט ניט געהאַט. זיי זיינען געווען פונקט אַזעלכע גוטמוטהיגע שוואַכע

מענשען, פונקט אזוי וועניג פעהיג צום קאמפף, וויא דיא רויט־הויטיגע פון היספאניאלא, און זיי האבען זיך לייכט אונטערוואָרפען אונטער דעם שווערען יאָך, וואס דיא וויסע האבען אויף זיי אָנגעטהאָן. אלזאָ האט וועלאסקעז אָנגעפאנגען צו דורשטען נאָך ווייטערע אינז־לען, נאָך ווייטערע לענדער, נאָך ווייטערע עראָבערונגען. דער גע־דאנק וועגען געפינען נייע געגענדען, נייע אוצרות האט זינט קאָ־לומבוס'עס ענטדעקונג קיינעם ניט געלאָזען רוהען און דער גובער־נאטאָר פון פערדינאנדא (קובא) איז קיין אויסנאהמע ניט געווען.

באלד האט זיך איהם געמאכט א געלעגענהייט.

אין 1516, ווען דיא קאָלאָניסטען פון דאריען האבען ניט גע־האט וואס צו עסען, זיינען הונדערט פון זיי אריבערגעפאָהרען נאָך קובא, כדי אין דאריען זאָלען בלייבען וועניגער מיילער. גאָלד האָ־בען זיי אין קובא געהאט גענוג, אלזאָ האבען זיי אין קובא אויסגע־שטאטעט א פּאָר שיפען, אום זיך אוועקצולאָזען פאנגען קנעכט. וועי־לאסקעז האט דאן צוגעלייגט א דריטע שיף, מיט נאָך צעהן מאן, און אלס קאָמאנדיר איבער דער גאנצער עקספּעדיציע, האט ער געשטעלט איינעם פ ר א נ צ י ס ק אָ ק אָ ר ד אָ ו א, וועלכען א שרייבער פון יענער צייט כאראקטעריזירט אלס „א גרויסען כוואט און א גרוי־סען בעלן אויף הרג'ענען אָדער פאנגען אינדיאנער."

דער הויפּט־צוועק פון דער עקספּעדיציע איז אלזאָ געווען צו פאנגען קנעכט, אָבער פון איהר איז באלד ארויסגעוואקסען א פיעל גרעסערע עקספּעדיציע, מיט דעם צוועק צו געפינען און איינצונעה־מען א רייכע נייע לאנד.

דער הויפּט־פּילאָט אָדער שיפס־פיהרער אויף קאָרדאָוואָ'ס רייזע איז געווען א נ ט אָ נ י אָ א ל א מ י נ אָ ס, וועלכער האט אנ־טהייל גענומען אין קריסטאָפאָר קאָלומבוס'עס פערטע רייזע און שפּעטער אין פּאָנסע דע לעאָן'ס רייזע נאָך פלאָרידא. צווישען דיא אנדערע מיטרייזענדע, צווישען דיא הונדערט וואס זיינען געקומען פון דאריען, וועלען מיר דאָ אָנרופען ב ע ר נ א ל ד י א ז, וואָרים דיעזער מאן האט אויפ'ן וועג פערצייכענט אלץ וואס ער האט געזעהן, געהערט און מיטגעמאכט און זיינע פערשריעבענע עראינערונגען זיי־

נען דער וויכטיגסטער פונדאמענט פון דער מערקווירדיגער געשיכטע וויא אזוי מען האָט איינגענומען דיא אַלטע מעקסיקאָ. *)

דיא קאָמפּאַניע איז אָבגעפאָהרען פון סאַנטיאַגאָ אין פעברואר 1517. אויפ'ן וועג האָט אַלאַמינאָס זיך דערמאָהנט, אַז רייזענדיג מיט קאָלומבוס'ען אין דיעזע וואַסערען, האָט ער געהערט, דאָס ניט ווייט פון דאָרטען צו מערב צו געפינט זיך אַ רייכע לאַנד. מען דאַרף בעמערקען, אַז ווען דער ענטדעקער פון אַמעריקאַ איז געוועזען אויף זיין פערטע רייזע, האָבען אינדיאַנער איהם געזאָגט, אַז ער געפינט זיך ניט ווייט פון אַ לאַנד מיט רייכע שטעדט. זיי האָבען געמיינט מעקסיקאָ. קאָלומבוס'ען אָבער האָט זיך ניט געחלום'ט, אַז ער האָט ענטדעקט אַ גאַנץ „נייע וועלט" און אַז אין דיעזע נייע וועלט איז דאָס פאַראַן אַ מדינה מיט רייכע שטעדט. ער האָט אַלץ געמיינט, אַז ער געפינט זיך אין דיא אַלטע אַזיען. דעריבער האָט ער גערע־כענט, אַז דיא „רייכע שטעדט", וועגען וועלכע דיא אינדיאַנער האָ־בען צו איהם גערעדט, זיינען מסתמא שטעדט פון דיא אַלטע אינדיען אָדער כינא. אנדערש האָט ער זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען. צו זיי צוקומען מיט דער יבשה, ווען ער ניט פערזאַמען, האָט ער זיך געטראַכט. דאָס וויכטיגסטע איז פאַר איהם דאַן געוועזען צו געפינען אַ וואַסער־דורכגאַנג דורך וועלכען אַריינצושווימען פון דעם אַטלאַנ־טישען אָקעאַן אין דעם אינדישען און דאָרטען צושווימען צו דיא רייכע אינדיען (וויא מיר האָבען שוין דערמאָהנט אין דעם פריהער־דיגען קאַפּיטעל פון דיעזען באַנד, ריידענדיג וועגען דעם פּאַנאַמאַ־איסטהמוס, וועגען וועלכען דיא אינדיאַנער האָבען צו קאָלומבוס'ען גערעדט אַלס אַ „שמאָלען אָרט").

אַלאַמינאָס האָט דעריבער קאָרדאָוואַ'ן געראַטהען, אַז ער זאָל שיקען בעטען ביי וועלאַסקעץ'ען ערלויבעניס צו פערנעהמען זיך אין

*) זיין געשיכטע איז ניט דער איינציגער מאַטעריאַל וואָס איז איבערגעבליבען וועגען דעם; דיא פּיעלע בעשרייבונגען וואָס קאָרטעס אַליין האָט געשריעבען און בעשרייבונגען פון אַנדערע שפּאַניער פון יענער ציט ענטהאַלטען אויך מאַסען וויכטיגע איינצעלהייטען. אָבער בערנאַל דיאַז'עס בעריכט געהט פון אָנפאַנג ביז'ן ענד און ענטהאַלט אַ פאָלשטענדיגע ערצעהלונג פון דער גאַנצער געשיכטע.

יענעם רייכען געגענד, וועגען וועלכען ער האט געהערט צוזאמען מיט קאלומבוס׳ען. דיא שיפען האבען זיך אבגעשטעלט אין האוואנא, און אהין איז דער שליח באלד צוריקגעקומען מיט אן אנטווארט, אז דער גובערנאטאר איז פון דעם פלאן זעהר צופריעדען.

דיא שיפען האבען דאן זיך אװעקגעלאזען צו צפון־מערב צו. נאך א שווערע שטורעמדיגע רייזע, וועלכע האט זיי פערשלעפט אן א זייט, האבען זיי זיך אבגעשטעלט ביי דעם ברעג פון דעם האלב־אינזעל יוקאטאן.

דאס איז געווען דאס ערשטע מאל, וואס ווייסע מענשען זיינען ארויף אויף יענעם ברעג. ווינצענט פינזאן, דע סאליס און אמעריגא וועספוטשי האבען דארטען פערבייגערייזט אויף זייערע שיפען אין 1497 (זעה אויבען, זייטעל 37). אויפ׳ן ברעג זיינען זיי אבער ניט ארויף. קארדאווא, אלאמינאס און זייערע מיטרייזענדע זיינען געווען דיא ערשטע ווייסע מענשען, וואס האבען זיך אבגעשטעלט אין יוקאטאן.

זיי האבען דא דערזעהן פערשיעדענע זאכען, וואס האבען גלייך געוויזען, אז דיא היגע איינוואוינער שטעהען פיעל העכער אין ענטוויקלונג, וויא אינדיאנער וועלכע שפאניער האבען געפונען אין אלע אנדערע געגענדען פון דער „נייער וועלט“. זיי האבען דא געזעהן שטיינערנע טעמפלען, אונטען ברייט און אויבען שמאל, מיט גרויסע שטיינערנע טרעפ. דיא מאיאס, וויא מען רופט דיא היעגע אינדיאנער, זיינען ניט געגאנגען נאקעט. זיי האבען געטראגען באוועלנע קליידער און מאנטלען פון העל־קאלירטע פעדערען. אויך זיינען דיא פעלדער דא געווען בעארבייט א סך בעסער וויא אין דיא אנדערע פלעצער, וואס דיא שפאניער האבען בעזוכט אין אמעריקא.

דערפאר אבער האבען דיא מאיאס זיך אויך געשלאגען בעסער וויא דיא אנדערע אינדיאנער, מיט וועלכע דיא ווייסע איז פריהער אויסגעקומען צו האבען מלחמות. קורץ, קארדאווא און זיינע 110 מאן האבען פון זיי טרוקען ניט אבגעשניטען.

מען גלויבט, אז דיא יוקאטאנער רויט־הויטיגע האבען שוין געהאט געהערט וועגען דיא ווייסע און זייערע מערדערליכע מעשים. קובא איז בלויז הונדערט מייל פון יוקאטאן, און ארומשווימענדיג אויף זייערע קאנאס האבען אינדיאנער פון פערשיעדענע ערטער גע־

האַט פערקעהר צווישען זיך. אַלזאָ האָט מען מסתמא אין יוקאַטאַן געוואוסט, אַז אויף דעם אינזעל קובאַ האָבען זיך בעזעצט ווייסע מענשען, וועלכע האָבען פערשקלאַפט דיא דאָרטיגע רויט־הויטיגע, זיי געמאַטערט און פערטיליגט.

ווען דיא שפּאַניער זיינען דאָ אַרויף אויפ'ן ברעג, האָבען דיא מאַיאַס זיי צוערשט אויפגענומען פריינדליך. דאָס איז אָבער געוועזען בלויז אַן אָנשטעל. זיי האָבען זיי צוגעצויגען צו אַ פּלאַץ פון וועלכען מען איז זיי פלוצלונג בעפאַלען פון אַ בעהעלטענים.דער סוף איז געווען, אַז צוויי שפּאַניער זיינען געפאַלען טויט און עטליכע זיינען פערוואונדעט געוואָרען. דיא שפּאַניער האָבען זיך אומגעקעהרט צו זייערע שיפען, פאַנגענדיג צוויי אינדיאַנער, וועלכע זיי האָבען אויסגעלערענט ריידען שפּאַניש און געמאַכט פאַר זייערע דאָלמעטשערס. צוויי וואָכען זיינען זיי אַרומגעשוואומען אין דיא אַרומיגע וואַסערען ביז זיי זיינען צוגעשטאַנען צו אַן אַנדער טהייל פון יוקאַטאַן. דאָרטען האָבען דיא רויט־הויטיגע זיי איינגעלאַדען אין זייער שטאָדט, זיי געוויזען זייערע גרויסע שטיינערנע הייזער און טעמפּלען. אויף דיא ווענט זיינען געווען אויסגעשניצט פון שטיין גרויסע שלאַנגען, און פון דיא אַלטאַרען האָט געטריפט פרישע מענשליכע בלוט. מענער און פרויען זיינען אַריינגעקומען און בעקוקט דיא געסט מיט רוהיגע שמייכלען, אַזוי וויא זיי וואָלטען זיי גאַנץ ווייניג אינטערעסירט. באַלד זיינען צוגעקומען גלחים מיט פענדעלעך רויכערדיגע ווייראַך אין דיא הענט, און ווענדענדיג זיך צו דיא שפּאַניער, האָבען זיי זיי געבעטען גלייך אַוועקצופאָהרען.

און דיא שפּאַניער האָבען געפאָלגט אויך.

קאָרדאָוואַ איז מיט זיינע דריי שיפען דערשוואומען ביז אַ געוויסען אָרט, וועלכען מען רופט איצט ט ש אַ מ פּ אָ ט אָ ן. דאָרטען איז ער געצוואונגען געווען זיך אָבצושטעלען, ווייל אויף דיא שיפען איז אויסגעגאַנגען דיא וואַסער צום טרינקען. ווען דיא שפּאַניער זיינען געשטאַנען און געשעפּט וואַסער אויפ'ן ברעג, איז פלוצלונג אויף זיי אָנגעפאַלען אַן אונגעהייערע מאַסע אינדיאַנער. מעהר וויא אַ העלפט פון דיא ווייסע זיינען אויסגעהרג'עט געוואָרען אויפ'ן אָרט, און דיא איבעריגע זיינען אַלע פערוואונדעט געוואָרען. דער איינציגער ווייסער וואָס איז געבליבען אָהן אַ וואונד, איז געווען אַ סאָל־


אטלאנטישער אקעאן
פלארידא
מעקסיקאנער
גאלף
קובא
האוואנא
מאטאנזאס
טרינידאד
יאמאיקא
יוקאטאן
קאזומעל אינזעל
סעמפאאללא
מעקסיקא
טלאסקאלא
טשאלולא
טאבאסקא
האנדוראס
שטיללער אקעאן

דאַט, וועלכען דיא אינדיאַנער האָבען אוועקגעטראָגען אַ געפאַנגענעם. ער איז אָבער מסתמא אויך ניט לאַנג לעבען געבליבען, וואָרים דיעזע אינדיאַנער פלעגען זייערע געפאַנגענע געוועהנליך מקריב זיין צו זייערע געטער.

קאָרדאָוואַ אליין איז אויך שווער פערוואונדעט געוואָרען. דיא שפּאַניער האָבען אַזוי שנעל וויא מעגליך פערברענט דיא קלענערע פון זייערע דריי שיפען, אום זיי זאָלען קענען וואָס גיכער אנטלויפען, און מיט דיא איבעריגע צוויי זיינען זיי צוגעשוואומען צו פלאָרידאַ. דאָרטען האָט אַלאַמינאָס זיך אָבגעשטעלט אין אַ האַפען, אין וועלכען ער איז מיט עטליכע יאָהר פריהער געוועזען מיט פּאָנסע דע לעאָנ׳ען. דאָרטען האָט ער דיא שיפען פעררינכט און זיי גענומען צוריק נאָך קובאַ, וואו קאָרדאָוואַ איז באַלד געשטאָרבען פון זיינע וואונדען.

דיא רייזענדע האָבען פון זייער אונגליקליכער עקספּעדיציע געבראַכט עטליכע געשניצטע געצען און גאָלדענע זאַכען. דיא זשעדנעקייט, וואָס דאָס האָט צוברענט אין דיא אַנדערע שפּאַניער, האָט איבערגעוואויגען דיא בעריכטען וועגען דיא מפּלות וואָס זיי האָבען געהאַט אין יוקאַטאַן. אַ חוץ דעם — דיא גרויסע געמויערטע געביידעס, וועלכע זיי האָבען דאָרטען געטראָפען, דיא גרויסע שטיינערנע הייזער מיט דיא טעמפּלען, האָבען געוויזען, אַז ביי דיא מאַיאַס קען מען ערווארטען וויכטיגע עראָבערונגען.

זינט קאָלומבוס האָט ענטדעקט אמעריקאַ, האָט מען אַלץ געהאָפט צו צוקומען צו דיא רייכע שטעדט פון אזיען, וואָרים מען האָט דאָך געמיינט אַז אַמעריקאַ איז אזיען; ביז אהער האָט מען אַלץ געזעהן ווילדע אינדישע דערפלעך מיט זייערע נאַקעטע איינוואוינער. הייסט עס אַלזאָ, אַז דאָרטען, אין יוקאַטאַן, פאַנגען זיך שוין טאַקע אָן דיא ציוויליזירטע טהיילען פון אזיען מיט זייערע טעמפּלען, שטעדט, רייכטהימער...

וועלאַסקעז האָט אויפ׳ן שטעל גענומען אָרגאַניזירען אַ צווייטע עקספּעדיציע, אַ גרעסערע און אַ שטאַרקערע וויא דיא ערשטע. אַלס קאָמאַנדיר איבער איהר האָט ער געשטעלט זיין פּלעמעניק, י ו אַ ן ג ר י אַ ל ו ו אַ.

דיא בעגייסטערונג איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז דיא פערוואונדעטע פון קאָרדאָוואַ׳ס קאָמפּאַניע, וואָס האָבען נור געקענט שטעהן אויף

דיא פיס, האָבען זיך געבעטען מען זאָל זיי ווידער מיטנעהמען. אין סך הכל האָט מען צוזאַמענגענומען 250 מאַן, און זיי זיינען אָבגע־פאָהרען אויף פיער שיפען אין אפּריל 1518.

דער לעזער וועט אפשר פרעגען: וויא באַלד, אַז מען האָט גע־מיינט, אַז אין יוקאַטאַן פאַנגען זיך אָן דיא רייכע אַזיאַטישע שטעדט, טאָ וויא אַזוי האָט מען געקענט ערוואַרטען אַזעלכע שטעדט איינצו־נעהמען מיט בלויז 250 מאַן? דער אַנטוואָרט איז, אַז ערשטענס האָט דאָך דער פּאָרטוגעזישער קאָמאַנדיר וואַסקאַ דא גאַמאַ מיט דריי קריעג־שיפען און 150 מאַן בעזוכט עטליכע שטעדט פון אינדיען (אַזיען); צווייטענס, האָבען קאָרדאָוואַ'ס מענשען בעריכטעט אַז דיא יוקאַטאַנער ווייסען ניט פון קיין אייזערנע געוועהר, פון קיין פערד און פון קיין בלוט־הינט, — שוין ניט ריידענדיג פון פייער־וואַפען; אַלזאָ האָבען זיי געגלויבט אַז זיי וועלען זיך מיט זיי קענען ספּראַווען; דריטענס, איז דער אַוואַנטוריסטישער גייסט ביי דיעזע מענשען גע־ווען אַזוי גרויס, אַז דיא געפאַהר גופא האָט זיי חשק צוגעגעבען.

דיא פיער שיפען זיינען דערגאַנגען ביז דעם אינזעל קאַזומעל און נאָך דעם, וויא דיא קאָמפּאַניע האָט זיך דאָרטען אויף אַ געוויסע צייט אָפּגעשטעלט, איז זיא אַוועק ווייטער — ביז טשאַמפּאָטאָן, וואו קאָרדאָוואַ האָט געהאַט זיין בלוטיגע ניעדערלאַגע. דיא מאַיאַ־אינ־דיאַנער זיינען דאָ ווידער בעפאַלען זייערע אונגעבעטענע געסט. דיעזען מאָל זיינען דיא אונגעבעטענע געסט אָבער שוין געווען צוגעגרייט צו אַזאַ ברוך הבא און דער שלאַכט האָט זיך געענדיגט מיט אַ זיעג פאַר דיא ווייסע.

גריאַלוואַ איז געשוואומען ווייטער. אין פיעלע פלעצער האָט ער געהאַט צו קעמפּפען מיט אינדיאַנער. ער איז אָבער אומעטום געווען דער זיעגער. ענדליך, אין יוני, האָט ער זיך אָבגעשטעלט אין אַ געגענד, ביי דעם טייך טאַבאַסקאָ, וואו דער עלסטער פון דיא אינדיאַנער האָט איהם אויפגענומען פריינדליך. מען האָט דיא שפּאַ־ניער מכבד געווען מיט געקאָכטע שפּייז און זיי געשאָנקען גאָלדענע פיגורען פון פויגלעך, יאַסטשערקעס און אַנדערע אַזעלכע זאַכען.

ווייטער אַביסעל איז צו דיא שיפען צוגעקומען אַ פיין געקליי־דעטער אינדיאַנער און האָט דיא שפּאַניער אויסגעפרעגט וועגען דעם

צוועק פון זייער בעזוך, און וועגען זייער אייגענע לאַנד. דאָס איז געווען אַ ציגנזען־זאַמלער, — אַ בעאַמטער פון דער שטאַרקער רעגיע־רונג, צו וועלכער יוקאַטאַן האָט בעלאַנגט. דיא מעכטיגסטע מדינה אין דיעזע געגענדען איז געלעגען ווייטער. וואָס פאַר אַ מדינה דאָס איז, האָבען דיא שפּאַניער קיין שום בעגריעף ניט געהאַט. דער ציגנזען־זאַמלער האָט זיך צו זיי פערהאַלטען פריינדליך, ער האָט זיי בלויז געשטעלט אַלערליי פראַגען. ער, פון זיין זייט, האָט זיי גע־זאָגט אַז אַ סך ווייטער, אין יענע לענדער, וואוינט אַ מעכטיגער פאָלק.



יואַן גריאַלוואַ

ריכטיג וויסען וואָס ער האָט זיי געזאָגט, איז אייגענטליך אונמעגליך, ווייל דיא שפּאַניער האָבען דורך זייערע אינדיאַנער דאָלמעטשערס ניט אַלץ ריכטיג פערשטאַנען. אַ חוץ דעם האָבען זיי אַלץ אויס־געטייטשט נאָך זייערע אייראָפּעאישע בעגריעפע נאָך. אַז ער האָט זיי געזאָגט, דאָס אין יענע לאַנד זיינען פאַראַן גרויסע רייכטהימער, אַ סך גאָלד, — וועגען דעם האָט קיין מיספערשטענדניס מסתמא ניט געקענט זיין. אויך איז זיכער, אַז ער האָט זיי געזאָגט דאָס יענער פאָלק הערשט איבער פיעלע אַרומיגע פעלקער. דיא

פראגע איז בלויז וואס האט ער זיי דערצעהלט וועגען דעם על־סטען פון יענעם שבט. וויא דיא מעשה איז, פאר אונז איז דערוויילע וויכטיג אז זיי האבען פון זיינע ווערטער פערשטאנען, אז דאס איז א „מעכטיגער הערשער“, א „קעניג“.

ווען קאלומבוס איז אוועק אויף זיין גרויסע רייזע, האט דיא קע־ניגליכע פאר פאלק פון שפאניען, פערדינאנד און איזאבעללא, איהם מיטגעגעבען א בריעף צו דעם „גרויסען כאן“, דעם קיסר פון כינא. זיי האבען ניט געוואוסט, אז דיא כאנען (דיא טאטערשע הערשער) רעגיערען שוין לאנג ניט איבער כינא. אבער דאס איז געווען א קלייניגקייט אין פערגלייך מיט דעם גרויסען טעות וואס זיי און קא־לומבוס האבען געהאט מיט דעם, וואס זיי האבען געמיינט, אז ווען מען וועט אריבערפאהרען דעם אטלאנטישען אקעאן, וועט מען גלייך קומען אין אזיען, ארום יאפאן און כינא. וויא מיר וויסען שוין, איז אין דער צייט פון גריאלווא'ס עקספעדיציע נאך דער טעות פער־בליבען. אלזא, וויא באלד אז ווייטער צו צפון צו פון יוקאטאן וואוינט א „מעכטיגער הערשער, וועלכער רעגיערט איבער פיעלע שטעדט און האט אהן א שיעור גאלד“, איז דאך דאס מסתמא דער גרויסער כאן.

אין אנדערע ערטער, אין דעם זעלבען געגענד, האבען דיא אינ־דיאנער גריאלווא'ן אויף אויפגענומען מיט פריינדשאפט. פאר גלע־זערנע פאטשערקעס און עהנליכע זאכען וואס האבען אין איירא פא געהאט א קליינעם ווערטה, האט מען זיי אומעטום געגעבען מערק־ווירדיג אויסגעארבייטע גאלדענע ציערונגען און גאלדענע כלים. צו דער זעלבער צייט האבען זיי אומעטום געזעהן אזעלכע זאכען, פון וועלכע זיי האט געשוידערט קוקענדיג: מענשליכע קעפ האבען גע־שטעקט אויף שטאנגען; מענשליכע קערפערס אהן דיא אינגעווייט; שטיינערנע געצען מיט אפענע מיילער, פון וועלכע עס האט געטריפט בלוט, פון דיא מענשליכע קרבנות, וואס מען האט צו זיי מקריב געווען.

דיא אינדיאנער האבען ערקלעהרט, אז זייערע גאלדענע ציערונ־גען, וואזעס, כלים בעקומען זיי פון א מדינה, וועלכע הייסט **אקא־להוא** אדער **מעקסיקא**, און וועלכע ליעגט ווייטער.

גריאלווא האט צוזאמענגענומען דיא גאלד, וואס ער האט איינ־געהאנדעלט, און האט דאס אוועקגעשיקט מיט **פעדרא אלווא־**

ר א ד אָ (איינער פון זיינע קאפּיטאַנען) צו וועלאַסקעץ'ען. אַל־ווארַאדאָ האָט אויך מיטגענומען ביי 50 מאַן, וועלכע זיינען קראַנק געוואָרען אויפ'ן וועג אָדער פערוואונדעט געוואָרען אין דיא צוזאַ־מענשטויסען מיט דיא אינדיאַנער. גריאַלוואַ אַליין מיט דיא איבע־ריגע דריי שיפען איז אוועק ווייטער.

עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעצייגט, אַז דיא שיפען מוז מען פעררייכטען. אַ חוץ דעם האָט מען קיין פריינדליכע אינדיאַנער שוין מעהר ניט בעגעגענט. עס איז ווידער אויסגעקומען אומעטום צו



שטיינערנע פיגור פון יוקאַטאַן.

האַלטען מלחמות. קורץ, גריאַלוואַ האָט זיך אויך אומגעקעהרט צוריק נאָך קובאַ. ער האָט גאָר אַנדערש ניט גערעכענט, וויא אַז זיין אָנקעל וועט איהם באַלד אַרויסשיקען אויף אַ נייע עקספּעדיציע נאָך דיא רייכע מדינות. זיינע ערוואַרטונגען זיינען אָבער ניט מקוים געוואָרען. ווען אַלווארַאדאָ איז געקומען נאָך סאַנטיאַגאָ, קובאַ, מיט דיא מאַסע גאָלדענע זאַכען, וואָס גריאַלוואַ האָט איהם מיטגעגעבען און מיט דעם בעריכט וועגען דיא מעכטיגע רייכע „אימפּעריע", וואָס געפינט זיך ווייטער נאָך יוקאַטאַן, האָט דאָס געמאַכט אַ גרויסען רושם. וועלאַס־

קעץ אליין האט פשוט קיין געדולד ניט געהאט צו ווארטען. ער איז אונצופריעדען געווען מיט זיין פלעמעניק, ווארום ער האט גלייך ניט געגרינדעט א קאלאניע אין יוקאטאן, — א קאלאניע פון וועלכע מען זאל זיך נעהמען צו דיא ווייטערע רייכע מדינות. עס איז פאראן א בעריכט, אז אלווארא האט אויף גריאלווא'ן אנגערעדט פאר זיין אנקעל און איהם פארגעשטעלט אלס א מענשען אהן ענערגיע. וויא דיא מעשה איז, וועלאסקעץ האט גלייך גענומען ריידען וועגען א דריטע עקספעדיציע, א פיעל גרעסערע וויא דיא צווייטע און מיט אן אנדער קאמאנדיר.

ווען גריאלווא האט זיך אומגעקעהרט נאך קובא, האט זיין אנקעל איהם אויפגענומען קאלט, איהם שארף אויסגערעדט ווארום ער האט ניט געגרינדעט קיין קאלאניע, און איהם ערקלעהרט, אז פאר דער נעכ־סטער עקספעדיציע זוכט ער א פיעל ענערגישערען און פעהיגערען מענשען.

וואס אנבעטרעפט דיא מאסע גאלד, וואס מען האט געבראכט, האט ער, וועלאסקעץ, דאס כמעט אלץ צוגענומען פאר זיך און פאר דער שפאנישער קרוין. דיא סאלדאטען האבען זיך געטרייסט מיט דיא 600 „גאלדענע" העק, וואס זיי האבען געקראגען ביי דיא מאיאס. האט זיך אבער ארויסגעצייגט, אז דאס איז אזא מין אבגעפאלירטער קופער — א מעטאל פון וועלכען דיא איינוואוינער פון מעקסיקא פלעגען מאכען שארפע געוועהר (דיא שארפען פלעגען זיך אבער האלטען זעהר א קורצע צייט).

געוועהנליך אבער פלעגען דיא, וואס האבען זיך בעטהייליגט אין אזא עקספעדיציע, בעקומען א טהייל פון דיא פראפיטען. אזוי האט געזאלט זיין מיט דיא, וואס וועלען אנטהייל נעהמען אין דער נעכסטער רייזע. אז ניט, וואלט מען ניט געקענט געפינען קיין בעלנים.

וועלאסקעץ האט אלזא געזוכט א פעהיגען קאמאנדיר צו דער גרויסער פלאטע, וואס ער האט זיך געקליבען אוועקצושיקען צו יענער רייכער לאנד, וועגען וועלכער דער צינזען־זאמלער האט דערצעהלט.

דא פאנגט זיך אן דיא היסטארישע ראלע פון הערנאנדא קארטעס, מיט וועמען מיר זיינען שוין אביסעל בעקאנט.

ביז אַהער האָט קאָרטעס זיך מיט דיא יוקאַטאַנער עקספּעדיציעס ווייניג אינטערעסירט. דיא לעצטע דריי, פיער יאָהר איז ער געווען פערנומען מיט זיינע גיטער און מיט זיינע רויט־הויטיגע קנעכט. ער האָט געצויגען היבשע פּראָפיטען פון זיי און האָט אָנגעקליבען אַ היבשע מטבע; אַנדערע אונטערנעהמונגען זיינען איהם דעריבער ווייניג געלעגען אין זינען. איצט אָבער אַז עס האָט אַזוי געקאָכט מיט דיא אוצרות, וואָס מען ברייננגט פון יוקאַטאַן, און מיט דיא רייכע שטעדט, וואָס געפינען זיך אין יענע מקומות, האָט זיך אין איהם אָנגעצונדען דער אַלטער אַוואַנטוריסטישער פייער. ווען עס וואָלט זיך האַנדלען גלאַט וועגען מלחמות מיט געפאַהרען, וואָלט עס איהם איצט אפשר ניט אַזוי געצויגען צו זיך. דאָ האָט אָבער גע־שמעקט מיט אונגעהייערע אייגענסען, און „געלד האָט ליעב געלד“. איינמאָל האָט קאָרטעס פערזוכט דעם טעם פון רייך ווערען, האָט זיך איהם געגלוסט צו ווערען וואָס רייכער און מעכטיגער.

ער האָט גענומען אַרבייטען וועגען דער אַנגעלעגענהייט ביז ענדליך האָט וועלאַסקעץ איהם פערטרויט מיט דער וויכטיגער אויפ־גאַבע. דערביי האָט וועלאַסקעץ געמאַכט אַ גרויסע סומע דורך דעם, וואָס ער האָט צו דער עקספּעדיציע פערקויפט אַ מאַסע פּראָוויאַנט פאַר אַ פיעל העכערען פּרייז וויא עס איז ווערטה געווען. און קאָרטעס האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג, הגם אַ גרויסע טהייל פון דיא קאָסטען האָט ער גענומען אויף זיך. עס האָט זיך געפּאָדערט אַ מאַסע געלד, און ווען ניט זיין פּריוואַט קאַפּיטאַל, וואָלט דיא עקס־פּעדיציע ניט געקענט זיין אַזוי גרויס וויא עס האָט זיך געפּאָדערט. דאָס — אגב אורחא ריידענדיג — איז געווען איינע פון דיא וויכ־טיגסטע אורזאַכען, וואָרום וועלאַסקעץ האָט דיא פּלאָטע געשטעלט אונטער קאָרטעס'עס קאָמאַנדע.

קאָרטעס האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט מיט אַלע קרעפטען. ער האָט געוואָרפען מיט געלד רעכטס און לינקס. אום זיך בעליעבט צו מאַכען, האָט ער איינקויפענדיג שיפען, פּריפּאַסען, געוועהר, פערד, זיך אומישנע געלאָזט קאָסטען מעהר וויא מען האָט בעדאַרפט. זיין צוועק איז געווען צו האָבען דעם עולם אויף זיין זייט. זיין אויג האָט געקוקט ווייט. ער האָט זיך געוואָלט בעוואָרענען מיט פּאָפּולאַ־ריטעט אויף דער צוקונפט. טאָמער מאַכט זיך אַ צוזאַמענשטויס

צווישען איהם און דעם גובערנאטאָר, זאָל יענער ניט סמייען מיט איהם זיך צו בעגעהן אבי וויא. און ער האָט טאקע קיין טעות ניט געהאט. צו א צוזאמענשטוים איז צווישען זיי געקומען נאָך איידער דיא פּלאָטע איז אָבגעפּאָהרען, און וויא מיר וועלען באלד זעהן, איז וועלאסקעץ שוין טאקע געווען מאכטלאָז געגען איהם.

מיט א טרומייט און א פּויק האָט מען אויסגערופען איבער'ן גאנצען אינזעל קובא, אז דער וואָס וועט מיטפאָהרען אויף דער עקס־פּעדיציע, וועט בעקומען א טהייל פון דיא גאָלד, וואָס מען וועט בעקומען. דער רעזולטאט איז געווען, אז פון אלע ווינקעלעך האָבען זיך געשאָטען קאנדידאטען. מען האָט פערקויפט מאיאָנטקעס אום צו קויפען זאכען אויף דער רייזע. דער האָט געבאקען ברויט, דער האָט געזאלצען שווינען־פלייש; עס האָט אויסגעוויזען, אז דער גאנצער אינזעל גרייט זיך מיטצופאָהרען. קאָרטעס אליין האָט ארומ־געשמייעט אין וואזשנע קליידער מיט א פעדער און א גאָלדענעם מעדאל אין זיין הוט, און ער איז געווען ארומגערינגעלט פון א סוויטע. ער האָט געטהאָן אלעם מעגליכעס דער עקספּעדיציע און זיך אליין, אלס איהר קאָמאנדיר, צוצוגעבען וואָס מעהר ווערדע און גלאנץ. אום דער איינדרוק זאָל זיין וואָס שטארקער, האָט ער זיך געלאָזט מאכען א פאָהן פון סאמעט מיט גאָלדענע בעפּוצונגען, אויף וועלכער עס איז געשטאנען א רויטער קרייץ און דיא ווערטער: „ברידער! לאָמיר נאָכגעהן נאָך דיעזען צלם מיט אן אמת'ען גלויבען אין הארצען, וואָרים מיט איהם וועלען מיר געווים זיעגען“.

דאָס אלץ האָט געווירקט וויא א כשוף. דיא ווערטער אויף דער פאָהן זיינען געווען פון דער קריסטליכער תורה. „זיעגען“ האָט אָבער דאָ געהייסען פלוצלונג רייך ווערען, אָנשעפען אוצרות אין דיא אונ־בעקאנטע לענדער. און וואָס מעהר פאראד מען האָט געמאכט, אלץ טיעפער איז געווען דער איינדרוק, אלץ גרעסער זיינען געווען דיא ערווארטונגען, אלץ געהיימניספולער און צויבערליכער האָט אויס־געוויזען דער ציעל. קאָרטעס האָט געוואוסט וויא צו נעהמען הער־צער. דיא אוואנטוריסטען, וואָס האָבען זיך פערזאמעלט ארום זיין פאָהן מיט'ן רויטען צלם, וואָלטען דעם לעבען געלייגט פאר איהם.

ווען אלעס איז שוין געווען כמעט פארטיג צום אָפּרייזען, האָט וועלאסקעץ געגומען פיהלען, אז ער האָט דאָ געמאכט א פאלשען שריט.

איינפאַכער ריידענדיג, ער איז געוואָרען אייפערזיכטיג צו קאָרטעס'ען, וועלכער איז געווען ארומגערינגעלט מיט מעהר פאַראַד און מאַכט וויא ער; א וויצלינג פון דעם גובערנאַטאָרשען הויף האָט נאָך אויל צו דעם פייער צוגעגאָסען. „היט זיך", — האָט דער שפּאַס־מאַכער א מאָל געזאָגט צו וועלאַסקעז'ען, ווען קאָרטעס איז דערביי געווען, — „היט זיך! אז ניט, האָב איך מורא צו זאָגען, אז דוא וועסט א מאָל נאָך קאָרטעס'ען זיך מוזען יאָגען".

קאָרטעס האָט דעם שטיפער פאַר דיא ווערטער אָנגעפּאַטשט; אָבער יענער האָט צוגעלייגט: „זעה אקאָרשט, וועלאַסקעז, אז דוא זאָלסט ניט דאַרפען וויינען אויף דעם שלעכטען מסחור וואָס דוא האָסט דאָ געמאַכט".

דיא ווערטער זיינען דעם גובערנאַטאָר אריין טיעף אין האַרצען. ער האָט זיך געקליעבען צו פערהאַלטען דיא עקספּעדיציע און אויף קאָרטעס'עס פּלאַץ צו שטעלען אַן אַנדערען, — אַזעלכען, איבער וועלכען עס וועט איהם גרינגער זיין צו האָבען א דעה. קאָרטעס האָט אָבער פערשטאַנען און זיך צוגעאיילט.

לויט איין בעריכט, איז ער מיט זיין פלאָטע אָבגעפאָהרען פאַר־טאָג און ניט האָבענדיג זיך אפילו געזעגענט מיט'ן גובערנאַטאָר. לויט אַן אַנדער בעריכט, האָבען זיי זיך יא געזעגענט און וועלאַסקעז האָט קאָרטעס'ען מיט צערעמאָניע בעגלייט צו זיין קאָמאַנדיר־שיף. צו אַזוי, צו אַזוי, אז אין א פּאָר טעג ארום האָט וועלאַסקעז געשיקט דיא פלאָטע פערהאַלטען אין דעם טרינידאַדער האַפען און אראָפּצו־זעצען קאָרטעס'ען פון זיין קאָמאַנדע — דאָס איז א היסטאָרישער פאַקט, וועגען וועלכען עס שטימען איין אַלע בעריכטען.

דער בעפעהל איהם אראָפּצוזעצען און דיא נאַכריכט, אז אויף זיין פּלאַץ האָט דער גובערנאַטאָר אויסגעקליעבען אַן אַנדערען, איז אָנגעקומען צו דעם ריכטער פון טרינידאַד, בשעת קאָרטעס האָט מיט טרומייטען און פּויקען דאָרטען געזאַמעלט נאָך מענשען צו זיין עקס־פּעדיציע. אָבער קאָרטעס איז געווען אַזוי בעליעבט, און אין זיין סוויטע האָבען זיך געפונען אַזעלכע אריסטאָקראַטישע „וואוילע יונ־גען", אַז דער ריכטער האָט קיין מוטה ניט געהאַט דורכצופיהרען דעם בעפעהל.

פון טרינידאד איז דיא פלאָטע אריבערגעשוואומען נאָך האַוואַנאַ, און דאָרטען זיינען צו איהר צוגעשטאַנען נאָך שפּאַניער, און צווישען זיי נאָך אריסטאָקראַטען. באַלד איז אַהער אויך אָנגעקומען אַ בעפעהל פון וועלאַסקעז'ען, אַז מען זאָל ביי קאָרטעס'ען צונעהמען דיא קאָמאַנדע. און דאָ האָט זיך ווידערהאָלט דיא טרינידאַדער געשיכטע: דער האַוואַנער ריכטער האָט ניט געסמייעט זיך צו שטעלען געגען דעם בעליעבטען קאָמאַנדיר. דיא וויכטיגסטע איינוואוינער פון דעם גאַנצען אינזעל זיינען איצט געווען אין דער עקספּעדיציע.

אין סך הכל איז דיא פלאָטע בעשטאַנען פון עלף שיפען. אום דער לעזער זאָל אָבער ניט האָבען קיין איבערטריעבענעם בעגריעף וועגען דיעזע שיפען, ווילען מיר בעמערקען אַז דיא גרעסטע פון זיי האָט געהאַלטען ניט מעהר וויא הונדערט טאָן. אין פערגלייך מיט דיא קלענסטע שיף, וואָס געהט היינט פון אייראָפּאַ נאָך אַמעריקאַ, איז דאָס אַ „לאָדקע". דיא גרויסע שיפען וואָס געהען פון נויאָרק נאָך ענגלאַנד אָדער דייטשלאַנד האַלטען פון 10 ביז 12 טויזענד טאָן. אָבער אין דיא צייטען וועגען וועלכע מיר דערצעהלען דאָ, האָט אַ הונדערט־טאָניגע שיף זיך גערעכענט פאר אַ גרויסע. דיא „סאַנטאַ מאַריאַ", דיא גרעסטע פון דיא דריי שיפען, מיט וועלכע קאָלומבוס האָט ענטדעקט אַמעריקאַ, האָט ניט געהאַלטען מעהר וויא 100 טאָן.

דיא עלף שיפען זיינען געווען בעוואַפענט מיט צעהן גרויסע מעשענע קאַנאָנען און מיט פיער קליינע. מיטגעפאָהרען זיינען 110 מאַטראָזען און 553 סאָלדאַטען. פון דיעזע 553 זיינען בלויז 16 מאַן געווען קאַוואַלעריסטען, איינפאַך וייל פערד, וועלכע מען האָט געמוזט אַראָפּברייננגען פון אייראָפּאַ, איז אַזוי שווער געווען צו קריגען, אַז מעהר וויא זעכצעהן האָט קאָרטעס ניט געקענט מיטנעהמען. פון דיא איבעריגע סאָלדאַטען זיינען דרייצעהן געווען בעוואַפענט מיט אַרקעבוסען (אַזעלכע שווערע ביקסען), 32 — מיט שטאָהלענע פייל־און־בויגענס, און דיא איבעריגע מיט שווערדען, שפּיעזען, שילדען און פאַנצירען. פולווער, קוילען און שטאָהלענע פיילען צו דיא בויגענס איז געווען אָהן אַ שיעור. אַ חוץ דיעזע ארמעע פון ווייסע מענשען, האָט קאָרטעס מיטגענומען צוויי הונדערט אינדיאַנער און עטליכע

אינדיאַנישע פרויען. צווישען דיא שיפס־קאַפּיטאַנען איז געווען פ ע ד ר אָ  א ל ו ו א ר א ד אָ, וועלכען מיר קענען שוין פון גריאַל־וואַ'ס עקספּעדיציע.

פאַר'ן אָפּרייזען האָט קאָרטעס פאַר זיין חיל געהאַלטען א רעדע. ער האָט זיינע בעגלייטער פערזיכערט, אַז אויב זיי וועלען האָבען מוטה און איהם זיין טריי, וועלען זיי בעקומען א סך גאָלד. ער האָט אָבער גערעדט אין דעם נאָמען פון גאָט, וויא אַלע אַנדערע רייזענדע פלעגען טהאָן, ווען זיי פלעגען זיך אַוועקלאָזען שעכטען מענשען אום אָנצורויבען אוצרות.

„מיין גאַנצען אייגענס האָב איך זיך געלאָזט קאָסטען אויף דיעזע אונטערנעהמונג“, — האָט ער צו זיי געזאָגט, — „איך האָב דאָס געטהאָן, ווייל איך וויל בעריהמט ווערען דורך דיעזע עקספּעדיציע, און בעריהמטקייט איז דער איידעלסטער לוין וואָס א מענש קען בעקומען. אָבער טאָמער דורשטען אייניגע פון אייך נאָך רייכטהימער מעהר וויא נאָך א גרויסען נאָמען, טאָ זייט מיר טריי, וועל איך אייך זיין טריי, און איך וועל אייך פערשאַפען אזעלכע עשירות, וועגען וועלכע קיין שפּאַניער האָט זיך קיין מאָל אפילו ניט געטרוימט. איהר זייט קליין אין צאָהל אָבער שטאַרק אין מוטה. צווייפעלט זשע ניט. זייט זיכער, אַז דער אַלמעכטיגער גאָט, וועלכער האָט קיין מאָל ניט פערלאָזען דעם שפּאַניער אין זיינע קעמפּפע געגען דיא ניט־גלויביגע, וועט אייך בעשיצען, ווען איהר זאָלט אפילו זיין אַרומ־גערינגעלט מיט א גאַנצען וואָלקען פון פיינד; וואָרים אייער ציעל איז א גערעכטער און איהר וועט קעמפּפען אונטער דער פאָהן פונ'ם צלם“.

פונקט מיט אזעלכע רעדעס האָט מען אין שפּאַניען געברענט אידישע קינדער אום צוצונעהמען זייערע אייגענסען.

דיא פלאָטע איז אָבגעשוואומען דעם 18טען פעברואר, 1519.

זיא האָט זיך פערנומען נאָך דעם אינזעל ק אָ ז ו מ ע ל. אָבער אויפ'ן וועג האָט א שטורם דיא שיפען צווייט, און איינע פון זיי, דיא, איבער וועלכע אַלוואַראַדאָ איז געווען דער קאַפּיטאַן, איז אָנ־געקומען מיט עטליכע טעג פריהער וויא דיא אַנדערע.

דאָס ערשטע וואָס אַלוואַראַדאָ האָט געטהאָן, איז געווען צו בעראַבעווען דיא טעמפּלען. אַ חוץ דעם האָט ער זיך אויפגעפיהרט אַזוי גרויזאַם, אַז דיא אינדיאַנער זיינען זיך צולאָפען אין דיא ווייטערע טהיילען פון דעם אינזעל. ווען קאָרטעס איז געקומען און האָט דאָס דערהערט, איז ער געווען אויסער זיך פון כעס. ער האָט ערקלעהרט, אַז ער וויל אויף דיא אינדיאַנער מאַכען אַ גוטען איינדרוק, אום זיי זאָלען איהם העלפען, אַלס פריינד, און ניט שטערען אַלס פיינד. מיט גוטען האָט ער געוואָלט אויף זיי אָנטהאָן דיא שפּאַנישע קייטען. ער האָט געהייסען ברייננגען דיא צוויי אינדיאַנער, וואָס אַלוואַראַדאָ האָט דאָ געפאַנגען, און האָט זיי געגעבען צו פערשטעהן, אַז ער בעדויערט, וואָס מען איז זיך מיט זיי אַזוי שלעכט בעגאַנגען, און אַז ער איז געקומען ניט אַלס שונא נור אַלס פריינד.

דער געשפּרעך איז געפיהרט געוואָרען דורך אַ דאָלמעטשער, וואָס קאָרטעס האָט מיטגענומען פון קובאַ. דאָס איז געווען אַן אינדיאַנער פון יוקאַטאַן, מיט'ן נאָמען מעלכאָרעיאָ, וועלכען גריאַלוואַ האָט געפאַנגען אויף איינעם פון זיינע שלאַכטען און געבראַכט מיט זיך נאָך קובאַ. זייענדיג אין קובאַ האָט מעלכאָרעיאָ זיך אויסעגלערענט אַביסעל שפּאַניש און האָט געקענט דיענען אַלס איבערזעצער צווישען קאָרטעס'ען און דיא איינוואוינער פון יוקאַטאַן.

קאָרטעס האָט דיא צוויי אינדיאַנער, וואָס אַלוואַראַדאָ האָט געפאַנגען, געלאָזען געהן אַהיים, און ער האָט זיי נאָך מיטגעגעבען אַ סך פּרעזענטען. דאָס אַלץ האָט געבראַכט דיא געווינשטע רעזולטאַטען: דיא איינוואוינער פון קאָזומעל האָבען פריי בעזוכט דיא שיפען און פאַר אַ ביסעל פּאַטשערקעס, אַ פּאָר גלעקעלעך, אָדער אַ שטאָהלענעם מעסער, האָבען זיי דיא שפּאַניער געגעבען פערשיעדענע גאָלדענע זאַכען.

פון דיעזע אינדיאַנער האָט קאָרטעס זיך דערוואוסט, אַז ניט ווייט פון דעם אינזעל קאָזומעל, אין יוקאַטאַן גופא, געפינען זיך צוויי ווייסע מענשען אַלס געפאַנגענע און אַז זיי זיינען שוין דאָרטען עטליכע יאָהר. ער האָט גלייך אַהין אָוועקגעשיקט צוויי פון זיינע קלענערע שיפלעך זיי צו רעטען. דורך מתנות האָט ער גע'פּועל'ט ביי דריי פון דיא קאָזומעלער איינוואוינער צו פיהרען אַ בריעף צו דיא אונגליקליכע און אַ גאַנצען באַרג פּרעזענטען פאַר זייערע הערשער

אַלס אויסלייז געלד. דער פּלאַן איז געוועזען אַזוי: דיא צוויי שיפען האָבען בעדאַרפט דיא דריי אינדיאַנער צופיהרען צו דעם יוקאַטאַנער ברעג, זיי אַראָפּלאָזען און וואַרטען אויף זיי ביז זיי וועלען קומען צוריק מיט דיא צוויי ווייסע.

ווערהענד דיא צוויי שיפען זיינען אַוועק, האָט קאָרטעס אויס־געפאָרשט קאָזומעל. דאָס איז געוועזען אַן אָרימער און שוואַך־בע־פעלקערטער אינזעל, אָבער זיינע איינוואוינער האָבען אַרויסגעוויזען סמנים פון העכערע ענטוויקלונג וויא דיא אינדיאַנער פון היספּאַניאָלאַ, קובאַ, פּאָרטאָ ריקאָ, יאַמאַיקאַ, דיא באַהאַמאַ אינזלען אָדער דאַריען. זיי האָבען געהאַט גרויסע טעמפּלען, געביידעס פון שטיין און אַ מין וואַפּנע, און זייערע טעמפּלען זיינען געוועזען הויכע מויערען פון עט־ליכע גאָרענס. אויף׳ן הויף פון איינעם פון דיעזע טעמפּלען האָבען דיא שפּאַניער, צו זייער איבערראַשונג, געפונען אַ געמויערטע פיגור אין דער פאָרמע פון אַ צלם. זיי האָבען דאָס געפּרופט ערקלעהרען מיט קריסטליכע נסים. מיט דעם קריסטליכען צלם האָט דיא פיגור אָבער ניט געהאַט צו טהאָן. דאָס איז געוועזען אַ צייכען פון דעם אינדיאַנישען גאָט פון רעגען. מען דאַרף בעמערקען, אַז דער קריסט־ליכער צלם איז אייגענטליך אויך ניט קיין אָריגינעלער. ער איז גע־נומען געוואָרען ביי דיא אַלטע עגיפּטער און סיריער, וואו פערשיע־דענע זאָרטען צלמים האָבען געדיענט אַלס רעליגיעזע סמנים. ווייטער וועלען מיר זעהן, אַז אייניגע פון דיא מנהגים וואָס דיא שפּאַניער האָבען גְעפונען אין מעקסיקאָ און אייניגע פון דיא מנהגים וואָס זיי האָבען געפונען אין פּערו, זיינען געוועזען מערקווירדיג עהנליך צו גע־וויסע מנהגים פון דיא אַלטע עגיפּטער. הייסט עס, אַז דיא עגיפּטישע ציוויליזאַציאָן איז פערטראָגען געוואָרען קיין אַמעריקאַ? אויף דער פראַגע האָט מען פיעל צייט פערבראַכט און דערביי האָט מען אויס־געאַרבייט פיעלע אינטערעסאַנטע פּונקטען. אָבער אין אַלגעמיין האַלטען ערנסטע היסטאָריקער פון אַזאַ מיינונג גאַנץ ווייניג. מען גלויבט, אַז דיא אַלע מנהגים זיינען אין יוקאַטאַן, מעקסיקאָ און פּערו אויסגעוואַקסען זעלבסטשטענדיג. „אונטער עהנליכע אומשטענדען ענטוויקלען זיך עהנליכע פיהרונגען", וויא דזשאָהן פיסק דריקט זיך אויס, ריידענדיג וועגען דעם ענין. פיעל ערנסטער ווערט גענומען דיא פראַגע וועגען דיא עהנליכקייט, וואָס מען געפינט צווישען דיא פעל־

קער פון דעם וויטען צפון פון אמעריקא און דיא פעלקער פון סי־ביר — אן עהנליכקייט וואס זעהט זיך אין זייערע שפראכען, פאלקס־מעשיות, הויז־ווארג, מנהגים א. ז. וו. אויף דיעזער פראגע אר־בייטען אויף דער אמעריקאנער זייט אמעריקאנער געלעהרטע און אויף דער סיבירישער זייט רוסישע געלעהרטע און זייערע פארשונגען בריינ־גען אלץ נעהנטער צו אן עטהנאלאגישען בריק איבער דעם בעהרינג וואסער דורכגאנג". *) אזיען און אמעריקא זיינען אבער יעדענפאלס אבגעטהיילט געווארען א סך פריהער וויא עס זיינען אויסגעוואקסען דיא ציוויליזאציאנען פון עגיפטען, אסט־אינדיען אדער כינא.**)

לאמיר זיך אומקעהרען צו דיא צוויי שיפלעך וואס קארטעס האט געשיקט בעפרייען דיא געפאנגענע ווייסע. דיא צוויי שיפלעך זיי־נען צוגעשוואומען צו דעם יוקאטאנער ברעג, האבען ארויסגעלאזען דיא דריי אינדיאנער שלוחים מיט'ן בריעף און מיט דיא פרעזענטען, און זיינען געבליבען ווארטען. מען האט אבגעמאכט, אז דיא שלוחים זאלען זיך ניט זאמען מעהר וויא אכט טאג. דער טערמין איז אבער

*) עטהנאלאגיע איז דיא וויסענשאפט וועגען פעלקער. דער בעהרינג וואסער דורכגאנג איז דיא שטיקעל שטילער אקעאן, וועלכע ליעגט צווישען דעם צפון־מערב ברעג פון אמעריקא און דעם צפון־מזרח ברעג פון אזיען (סיביר). דיעזע שטיקעל וואסער האלט אין איהר שמעל־סטען ארט ניט מעהר וויא 20 וויארסט (ביי 15 ענגלישע מייל); און מען גלויבט, אז עס איז געווען א צייט, ווען דיא לאנד איז דארטען געווען אין איינעם. מיט אן „עטהנאלאגישען בריק" איבער דיעזע שטיקעל וואסער מיינט מען אלזא, אז עס איז א מאל געווען א צייט, ווען צווישען דיא אמעריקאנער פעלקער און דיא סיבירישע פעלקער, וואס וואוינען ביי דיעזען וואסער, איז קיין וואסער ניט געלעגען, — אז זיי זיינען אמאל געווען צוזאמען; אז זיי שטאמען ארויס פון דיא זעלבע שבטים.

**) עס איז אויך פאראן א וויכטיגע פראגע, אויב דיא קולטור, דיא ענטוויקלונג פון דיא העכערע אינדיאנישע פעלקער (דיא שבטים פון מעק־סיקא, צענטראל אמעריקא און פערו) איז נאך אמעריקא ניט געבראכט גע־ווארען פון ציוויליזירטע ווייסע מענשען פון אזיען. וועגען דעם וועט אונז אויסקומען צו זאגען א פאר ווערטער, ווען מיר וועלען האלטען ביי פערו.

פּאַראיבער און זיי זיינען נאָך אַלץ ניט געקומען צוריק; דער קאַפּיטאַן פון דיא צוויי שיפען האָט חושד געווען, אַז זיי האָבען געשפּיעלט א פאַלשע ראָלע. ער האָט געוואַרט נאָך אַ פּאָר טעג, און דאַן האָט ער זיך אומגעקעהרט אין קאַזומעל.

אין איינִיגע טעג אַרום האָבען עטליכע שפּאַניער, ליגענדיג הינ־טער בוימער, אויף דעם אינזעל קאַזומעל, דערזעהן פיער אינדיאַנער. זיי זיינען גלייך אַרויסגעשפּרונגען מיט דיא בלויזע שווערדען אין דיא הענט. דריי פון דיא אינדיאַנער האָבען געוואָלט אַנטלויפען, אָבער דער פערטער האָט זיי צוריקגעהאַלטען, און דערביי האָט ער גענומען שרייען צו דיא שפּאַניער אויף שפּאַניש, אַז ער איז אַ קריסט און זייערער אַ ברודער. ווען ער איז צוגעקומען נעהנטער, האָט ער זיך אַראָבגעלאָזען אויף דיא קניע און האָט מיט אַ געוויין געדאַנקט גאָט וואָס ער האָט איהם ענדליך אומגעקעהרט צו זיינע לאַנדסלייט.

דיא שפּאַניער האָבען געקוקט מיט גרויס פערוואונדערונג. ער איז געווען אויסגעפאַרבט וויא אַן אינדיאַנער, און מיט זיינע לאַנגע האָר, מיט דעם פייל־און־בויגען און דיא געפלאָכטענע טאָרבע שפּייז, וואָס ער האָט געטראָגען, — מיט אַלץ האָט ער אויסגעזעהן וויא אַן אינדיאַנער. פון דער זון איז זיין פּנים און לייב אויך געווען וויא ביי דיא רויט־הויטיגע. ער האָט אָבער גערעדט שפּאַניש; מיט מאַ־טערנים האָט ער דאָס גערעדט; קוים וואָס ער האָט זיך דערמאָהנט דיא ווערטער: עס איז אָבער געווען קענטיג, אַז שפּאַניש איז אַ מאָל געווען זיין מוטער־שפּראַך.

ער האָט געזאָגט אַז זיין נאָמען איז י ע ר אָ נ י מ אָ א ג ו ו י־ ל א ר, און אַז אין 1512, דאָס הייסט מיט 7 יאָהר צוריק, איז ער דאָ אַריינגעפאַלען אין פליען צוזאַמען מיט נאָך 19 שפּאַניער, און אַז אויסער איהם איז בלויז איינער פון זיי לעבען געבליעבען.

דיא דריי אינדיאַנער, וועלכע האָבען איהם איצט בעגלייט, זיינען דאָס געווען דיא דריי שלוחים. זיי האָבען זייער שליחות אַלזאָ ערפילט.

ווען מען האָט יעראַנימאָ אגווילאַר'ען געבראַכט צו קאָרטעס'ען האָט ער זיך געזעצט אויף דער ערד, איינגענעצט דיא רעכטע האַנד מיט שפּייעכץ, איהר צוגעלייגט צו דער ערד און דאַן איהר געריבען

ארום הארצען. אזוי איז געוועז דער מנהג ביי דיא יוקאטאנער אינ־דיאנער, ווען זיי פלעגען וועלען אויסדריקען דיא העכסטע רעספעקט און אונטערטהעניגקייט, און אגווילאר איז שוין אזוי צוגעוואוינט געוועזן צו זייערע פיהרונגגען, אז ער האט דאס געטהאן אלס א גאנץ נאטירליכע זאך.

קארטעס מיט זיינע אפיציערען האבען איהם אויפגענומען זעהר ווארים. אזוי וויא ער איז געגאנגען נאקעט, האט דער קאמאנדיר אויף איהם ארויפגעווארפען זיין מאנטעל — א רייכען געלען בגד מיט רויטע אונטערשלאג. אגווילאר איז אבער אזוי אבגעוואוינט געוועזן פון קליידער, אז צוערשט איז איהם דאס שווער געוועזן צו טראגען. אויך האט געדויערט א געוויסע צייט איידער ער האט זיך ווידער צוגעוואוינט צו אייראפעאישע שפייז. לאמיר בקיצור איבערגעבען, וואס מיט איהם האט דא געטראפען אין דיא זיעבען יאהר.

אין דעם פאריגען קאפיטעל האבען מיר געזעהן, וויא באלבאא האט אוועקגעשיקט נאך היספאניאלא זיין פריינד וואלדיוויא מיט געלד, אז די שיף מיט דיא מענשען איז נאך היספאניאלא ניט אנ־געקומען און אז מען האט ניט געוואוסט וואס מיט איהר איז געווארען. אויף דיעזער שיף איז צוזאמען מיט וואלדיוויא'ן דאן געפאהרען יע־ראנימא אגווילאר.

אין אלעמען זיינען אויף דער שיף געוועזן צוואנציג מאן. ווען דיא שיף איז געוועזן אין מיטען וועג און עס האט זיך שוין געזעהן דער אינזעל יאמאיקא, האט אויסגעבראכען א שרעקליכער שטורם, וועלכער האט איהר ארויפגעטריבען אויף פערטרונקענע פעלזען. זיא איז צושמעטערט געווארען און וואלדיוויא מיט זיינע מיטרייזענדע האבען קוים פאספייעט אריינצוגעהן אין זייער רעטונגס־שיפעל, אהן א ברעקעל שפייז און אהן א טראפען וואסער. ניט האבענדיג קיינע זעגלען, האט דיא שיפעל זיך ארומגעשלעפט אהער און אהין, — וואו דער ווינד און דיא וואסער־שטראמען האבען געוואלט. דרייצעהן טעג זיינען אזוי אוועק. זיעבען פון דיא רייזענדע זיינען אין דער צייט אויסגעשטארבען פון הונגער און דורשט און ביי דיא איבעריגע האבען זיך קוים געהאלטען דיא כחות. אויפ'ן פערצעהנטען טאג האט דער ווינד זיי ארויפגעטראגען אויף א פלאכען נידעריגען ברעג. דאס איז געוועזן דער מזרח ברעג פון יוקאטאן, אין א געגענד וועלכער

הייסט מאַיאַ — דער נאָמען מיט וועלכע מען רופט דיא אינדיאַנער פון גאַנץ יוקאַטאַן, וויא מיר האָבען שוין געזעהן.

אויף דיא גערעטעטע דרייצעהן שפּאַניער זיינען גלייך אָנגעפאַלען רויט־הויטיגע. זיי האָבען צובראָכען זייער שיפעל און זיי אַוועקגע־שלעפּט און מען האָט זיי פערשפּאַרט אין אַ געפענגניס. אזוי וויא צו עסען און צו טרינקען האָט מען זיי געגעבען גענוג, האָבען זיי, פאַר פרייד וואָס זיי זיינען גערעטעט פון אַ הונגער טויט, וועגען זייער פרייהייט פאָרלויפיג זיך ווייניג געקימערט. ביסלעכווייז האָבען זיי גענומען ווערען שטאַרקער און פעטער.

איין מאָל האָט מען זיי אַלעמען בעקוקט און דיא פעטסטע פון זיי — וואַלדיוויאַ'ן און נאָך פיער — האָט מען אַוועקגע־פיהרט אין טעמפּעל, וואו מען האָט זיי מקריב געווען צו אַ געץ, און זייער פלייש האָבען נאָכהער אויפגעגעסען דיא אינדיאַנער אויף אַ רעליגיעזען מאָלצייט.

דיא איבערגעבליבענע אַכט שפּאַניער האָבען פון זייער תפיסה געקענט הערען דיא ווילדע געשרייען פון דיא וואָס האָבען זיך בע־שמאַקעוועט מיט דיא ווייסע פלייש. ווען מען האָט זיי אריינגע־בראַכט עסען אין תפיסה, האָבען זיי דאָס ניט געקענט אָנקוקען. עס איז זיי געווען דייטליך, אַז מען קאָרמעט זיי אָפּ אום זייער פלייש זאָל זיין געשמאַקער. זייער פערצווייפלונג האָט זיי געגעבען אַן אונמענשליכע קראַפט. זיי האָבען דורכגעבראָכען דיא טיהר און זיי־נען אַנטלאָפען אין וואַלד. דאָרטען האָבען זיי אַרומגעבלאָנדזשעט ביז דער הונגער האָט זיי געצוואונגען צוריק אַרויסצוקומען. מען האָט זיי ווידער געפאַנגען, אָבער ניט דיא זעלבע אינדיאַנער וויא פריהער. איצט זיינען זיי שוין געווען אין אַן אַנדער געגענד, און זייערע נייע בעלי־הבתים האָבען זיי שוין ניט מקריב געווען. אָנ־שטאָט דעם האָבען זיי זיי געהאַלטען אין שקלאַפעריי און געמאַטערט מיט דיא שווערסטע ארבייט — פונקט וויא דיא שפּאַניער האָבען געטהאָן מיט דיא אינדיאַנער אין היספּאַניאָלאַ, קובאַ אָדער פּאָרטאָ ריקאָ. זיי האָבען געמוזט האַקען האָלץ, טראָגען וואַסער פון גאַנץ ווייטע טייכען, שלעפּען אונגעהייערע משאות. זיי האָבען דאָס ניט געקענט אויסהאַלטען און ביסלעכווייז זיינען זיי אויסגעשטאָרבען ביז עס זיינען איבערגעבליבען בלויז צוויי פון זיי — יערא ניממאָ

א ג ו ו י ל א ר און א מאטראָז מיט'ן נאָמען ג אַ נ ז א ל א ג ו ו ע ר ע ר אָ. דעם לעצטען האָט צוגענומען פאר א שקלאף א געוויסער קאסיק, וועלכער האָט איהם בעהאנדעלט פריינדליך. דער געזונטער, כוואטסקער מאטראָז האָט אָנגעפאנגען אנטהייל צו נעה־מען אין זיינע מלחמות, האָט זיך א נאָמען געמאכט ביי דיא אינ־דיאנער, ביז זיי האָבען איהם אויך געמאכט פאר א מלחמה־הויפטמאַן אָדער קאסיק. דער ווילדער לעבען האָט איהם געגומען געפעלען ווערען. ער האָט געהייראט מיט אַן אינדיאנערקע און געהאט מיט איהר עטליכע קינדער, און געלעבט וויא א וואהרער אינדיאנער.

יעראָנימאָ אגווילאר איז געווען א גאנץ אנדער מענש: ער איז געווען א שטיקעל גלח און צו זיין נייעם שיקזאל האָט ער ניט געקענט צוגעוואוינט ווערען. פאר צרות איז ער געוואָרען זעהר פרום, אום גאָט זאָל אויף איהם זיך דערבארעמען. צו דער זעלבער צייט האָט ער געדיענט זיין רויט־הויטיגען הארר זעהר אונטערטהעניג, און האָט זיך געלאָזען טרעטען אונטער דיא פיס ביז מען איז צוגעוואוינט געוואָרען איהם צו בעהאנדלען מיט רחמנות. אלס א טהייל פון זיין פרומקייט און תשובה־טהאָן האָט ער מקיים געווען זיין גלח'שען נדר ניט צו האָבען קיין פערהעלטניסע מיט פרויען. דיא אינדיאנער פלעגען לאכען פון איהם און ניט גלויבען אז ער וועט קענען אויס־האלטען דעם נסיון. איין מאָל האָבען זיי איהם זאָגאר אויסגעפרופט אין דעם. זיי האָבען איהם אוועקגעשיקט מיט א יונגינקע מיידעל אויף א גאנצע נאכט צום וואסער, וואו ער האָט אין דער פריה בע־דארפט כאפען פיש, און זיי האָבען זיי מיטגעגעבען בלויז איין האמ־מאָק צום שלאָפען. דיא מיידעל האָט מען פערזאָגט אז זיא זאָל זעהן אויף איהם צו ווירקען, און זיא האָט געפאָלגט. אויף מאָרגען ווען זיי זיינען געקומען צוריק האָט זיא דערצעהלט אז ער איז אויס־געשטאנען דעם נסיון. פון דענסמאָל אָן האָבען דיא אינדיאנער איהם בעהאנדעלט מיט בעזונדערע רעספעקט.

ווען קאָרדאָוואַ האָט בעזוכט יוקאטאן, האָט יעראָנימאָ געהערט אז עס זיינען געקומען ווייסע מענשען מיט בערד, „וועלכע פאָהרען אויף וואונדערליכע שיפען מיט פליגלען און קעמפפען געגען זייערע שונאים מיט דונערען און בליצען". ער האָט נאטירליך פערשטאנען, אז דאָס זיינען אייראָפּעער. אנטלויפען אָבער פון זיין געפאנגענ־

שאַפּט האָט ער ניט געקענט. מען האָט איהם געהיט. מען קען זיך פאָרשטעלען וויא ביי איהם איז געווען אויפ׳ן האַרצען, ווען ער האָט געהערט, אַז דיא ווייסע געסט זיינען שוין צוריק אַוועקגעשוואומען. אַ פּאָר יאָהר שפּעטער (ווען גריאַלוואַ איז געקומען) האָט ער ווידער געהערט אַז ווייסע זיינען דאָ, און ווידער זיינען זיי פערשוואונדען; איידער ער האָט געהאַט דיא מעגליכקייט צו זיי צוצוקומען אָדער זיי לאָזען וויסען וועגען זיך. ער האָט זיך שוין מיאש געווען. ער האָט געמיינט אַז ער וועט שוין דאָ אַזוי שטאַרבען אַ שקלאַף ביי דיא ווילדע מענשען. פּלוצלונג קומען צו איהם דריי אינדיאַנער און דערלאַנגען איהם אַ שפּאַנישען בריעף. אין דעם בריעף איז געווען ערקלעהרט וועגען קאָרטעס׳עס גרויסע עקספּעדיציע און וויא ביין ברעג וואַרטען שפּאַניער מיט צוויי שיפען איהם צו בעפרייען. זיין פרייד איז געווען אונבעשרייבליך. זיא איז אָבער געווען געמישט מיט שרעק. עס איז נויטיג געווען זיך צו מאַכען ניט וויסענדיג פון קיין זאַך, טאָמער וועלען זיינע הערשער אופגערעגט און זיינען איהם גאָר מקריב.

ער האָט גענומען טראַכטען, בויען פּלענער; דעם בריעף, וועלכען ער האָט בשתיקה געלעזען נאָך אַ מאָל און ווידער אַ מאָל, אַלס אַ צווייבער־שטימע פון דער לעבעדיגער מענשליכער וועלט, האָט ער געוועהנליך געטראָגען פערבאָרגען אויפ׳ן קאָפּ אין זיינע לאַנגע האָר וועלכע זיינען ביי איהם געווען פערוויקעלט אויף דעם אינדיאַנישען שטייגער.

ענדליך איז ער געקומען צו אַ בעשלוס, אַז דאָס בעסטע וועט זיין זיינע הערשער צו דערצעהלען דעם אמת און פאַר זיי אַזוי שילדערען דיא „הימעלשע“ מאַכט פון דיא ווייסע, אַז אויף זיי זאָל אָנפאַלען אַן אימה, און דאַן וועט ער אויף זיי ווירקען דורך דיעזען געפיהל. ער האָט זיי געוויזען דעם בריעף און פאָרגעלעזען וואָס דאָרטען שטעהט. ווען מען האָט אויסגעפרעגט דיא דריי אינדיאַנער שלוחים, האָבען זיי דערצעהלט פּונקט דאָס זעלבע. דאָס אַליין איז שוין געווען אַ וואונדערליכע זאַך: וויא קומט אַ פּאַפּיערעל מיט פּינטעלעך צו קענען ריידען און אַזוי ריכטיג אַלעס דערצעהלען? עס האָט טאַקע געשמעקט מיט עפּעס איבער־נאַטירליכעס, הימעלשעס. דאַן האָט אַגוויראַר גענומען פאָרשטעלען, וויא אַזוי דיא ווייסע קעמפּפען אין זייערע מלחמות מיט דונערען און בליצען, וויא אַזוי זיי פערוויסטען

יעדען, וואָס דערצאָרענט זיי און שיטען אָפּ מיט מערקווירדיגע מתנות יעדען, וואָס איז פריינדליך צו זיי. עהנליכעס האָבען דיא אינדיאַנער וועגען דיא ווייסע שוין געהערט פון פריהער. אַלזאָ האָט קאָרטעס'עס בריעף אויף זיי ווירקליך אַרויפגעבראַכט אַן אימה. באַלד האָט אַג־ווילאַר ביי דיא דריי שלוחים גענומען דיא מתנות, וואָס זיי האָבען געבראַכט, דיא פּאַטשערקעס מיט דיא גלעקעלעך, בליסטשענדע מע־סערס, שפּיגעלעך, און האָט דאָס אַלץ אויסגעשפּרייט פאַר זיין קאַסיק, אַלס אַ פּרעזענט פון דיא ווייסע, וועלכע זיינען געקומען מיט זייערע וואונדערליכע שיפען.

קורץ, מען האָט איהם געשיקט צו דיא „הימעל־מענשען" אַלס אַן אָפיציעלען שליח צו שליסען מיט זיי אַ פריינדשאַפטס־פערבאַנד.

ער האָט גלייך געלאָזט רופען גאָנזאַלאַ גווערערא'ן, אָבער יענער האָט זיך געשלאָגען מיט דער דעה צו ער זאָל זיך אומקעהרען צו דעם ציוויליזירטען לעבען. ער האָט קיין חשק ניט געהאַט צו שיידען זיך מיט זיין רויט־הויטיגע פאַמיליע און מיט דער ראָלע, וואָס ער האָט געשפּיעלט צווישען דיא אינדיאַנער. מעהר פון אַלעם האָט איהם אָבגעהאַלטען דאָס, וואָס זיין געזיכט איז געוועזען טאַטואירט, — אויס־געקריצט און טיעף אויסגעפאַרבט אויף'ן אינדישען שטייגער, און וואָס זיינע ליפּען און אויערען האָבען געהאַט גרויסע לעכער פאַר דיא אינדיאַנישע ציערונג, וואָס ער האָט געטראָגען. פאַרהיילען דאָס איז געוועזען אונמעגליך; אַלזאָ וואָלטען שפּאַניער נאָך איהם אומעטום נאָכגעלאָפען וויא נאָך אַ משוגענעם. קורץ, ער האָט זיך בעשלאָסען צו ענדיגען זיין לעבען אַלס אינדיאַנער.

וואַרטענדיג אויף איהם האָט אַגווילאַר און דיא דריי אינדיאַנישע שלוחים פערזאַמט דיא צוויי שיפען, וועלכע זיינען אַוועק צוריק נאָך קאַזומעל, וויא מיר האָבען שוין דערצעהלט. עס איז איבעריג צו בעשרייבען וויא ער האָט געפיהלט, ווען ער האָט געפונען, אַז זיי זיינען שוין ניטאָ. אויף אַ צרה'דיגע האַלב־צופוילטע אינדיאַנישע לאָדקע און מיט אַ שטיקעל ברעט אָנשטאָט אַ וויאָסלע, איז ער מיט דיא דריי אינדיאַנער וויא־עס־איז אַריבערגעשוואומען דיא שטיקעל ים — העכער וויא 20 ענגלישע מייל אין דער ברייט — ביז זיי האָבען דערגרייכט דעם ברעג פון קאַזומעל, וואו דיא אויבען־דערמאָהנטע עטליכע שפּאַניער האָבען זיי דערזעהן.

פון קאַזומעל איז דיא פלאָטע אַוועק נאָך יוקאטאַן. קאַרטעס האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דער מויל פון דעם טייך טאַבאַסקאָ, וואו גריאַלוואַ האָט געמאַכט גוטע געשעפטען מיט דיא מ א י א־אינדיאַנער. דער טייך איז געוועזן פערוואַקסען מיט א געוויסען מין פלאַנצונגען, וועלכע זיינען געוועזן צוזאַמענגעטשעפעט און צוזאַמענגעפלאָנטערט. דורך דיעזע פלאָנטערס האָבען זיך געזעהן פיעלע פיגורען פון אינדיאַנער, וויא זיי לויפען ארום אהין און אהער מיט אונרוהיגע, בייזע אוואיעס. ווען קאַרטעס איז צוגעשוואומען צו א פלאַץ, וואו דער טייך איז געווען פריי און אָפען, האָט ער דאָרטען געפונען א גרויסע רויט־הויטיגע מחנה. ברויכענדיג אַלס דאָלמעטשער יעראָנימאָ אגויילארען, וועלכער האָט גערעדט דעם מאַיאַ לשון וויא א מוטער־שפּראַך, האָט ער זיי ערקלעהרט, אז ער וויל זייער לאַנד בעזוכען אַלס פריינד. אָבער דיא רויט־הויטיגע האָבען אָבגעענטפערט מיט בייזע געשרייען, און געסטראשעט מיט זייערע געוועהר. קאַרטעס האָט זיך בעשלאָסען אויף דערוויילע זיך צוריקצוציהען צו א דערבייאיגען אינזעל, און דאָרטען צוצוגרייטען זיך צו א שלאַכט.

ער האָט זיך געוואונדערט פאַר וואָס אין דעם זעלבען פלאַץ האָבען דיא אינדיאַנער זיך מיט א יאָהר צוריק פערהאַלטען אזוי פריינדליך צו גריאַלוואַ'ן, און איצט זיינען זיי אַזוי פערצאָרענט און קאַמפף־דורשטיג. דיא אורזאַכע דערפון, וויא ער האָט זיך שפּעטער דערוואוסט, איז בעשטאַנען אין פאָלגענדען: נאָך דעם וויא גריאַלוואַ איז אַוועק, האָבען אַנדערע אינדיאַנישע שבטים פון יוקאטאַן דיעזע אינדיאַנער געזידעלט פאַר וואָס זיי האָבען אזוי גוט אויפגענומען ווייסע מענשען. זיי האָבען זיי גערופען פייגלינגע און פעררעטהער דערפאַר, און דיא איינוואוינער פון דיעזען פלאַץ האָבען געגעבען א וואָרט, אז נעכסטען מאָל וועלען זיי ווייסע מענשען שוין געבען אַ גאַנץ אַנדערען ברוך הבא.

אויף מאָרגען האָט קאַרטעס זיין אַרמעע צוטהיילט אויף צוויי טהייל. א קלענערע מחנה האָט ער געשיקט דורך א הינטערשטען וועג צו דער שטאָדט טאַבאַסקאָ, אונטער דער קאָמאַנדא פון אלאָנזאָ אווילא, און אליין איז ער מיט דער גרעסערער טהייל אהין געשוואומען איבער'ן טייך. ער האָט זיך גלייך א לאָז געטהאָן צו דיא אינדיאַנישע שיפלעך. מען האָט זיך צוזאַמענגעטשעפּעט. עס איז געוואָרען א



הערנאַנדאָ קאָרטעס (קאַרטעז)

ווילדער געשלעג, אוןביידע צדדים זיינען באלד געווען ביז דיא גארט־לען אין וואסער. מיט זייערע אייראפּעאישע שווערדען האָבען דיא שפּאניער באלד דעם שונא געצוואונגען אָפּצוטרעטען, אָבער פון דיא ברעגעס האָבען אויף דיא ווייסע געגומען פליהען פּיילען און ברענענ־דיגע שטיקער האָלץ. אין דיעזער פייערדיגער מישענינע האָט קאָר־טעס זיין חיל געפיהרט צוריק אויפ'ן ברעג. דיא ערד איז דאָ געווען פייכט, ווייך און גליטשיג, און דיא שפּאניער האָבען קוים מארשירט. קאָרטעס אליין האָט פערלאָרען א שוך, און ווייטער מארשירט באָר־וועסערהייט; דערביי האָט ער געהערט וויא דיא אינדיאנער שרייען, אָנצייגענדיג אויף איהם: ציעלט אין זייער הויפּטמאן! ציעלט אין זייער הויפּטמאן!

ענדליך האָבען דיא שפּאניער דערגרייכט א פעסטערען פּלאַץ און האָבען געקענט זיך אויסשטעלען וויא עס בעדארף צו זיין מיט זייערע קאנאָנען, ארקעבוסען און שטאָהלענע פייל־און־בויגענס. ווען זיי האָבען אויסגעשאָסען, זיינען דיא אינדיאנער ערשטוינט און צוציטערט געוואָרען. דער „דונער" און דער „בליץ" האָט זיי אזוי איבערראשט און דערשראָקען, אז זיי האָבען זיך גלייך צוריקגעצויגען הינטער בערג מיט האָלץ וואָס זיי האָבען אָנגעוואָרפען אלס פעסטונגען.

באלד איז פון הינטען אָנגעקומען אווילא. דיא רויט־הויטיגע זיינען צוזאמענגעפּרעסט געוואָרען פוןביידע זייטען, ביז ענדליך האָ־בען זיי זיך אונטערגעגעבען.

אזוי איז געפאלען דיא שטאָדט טאבאסקאָ. דאָס רוב הויי־זער זיינען דאָ געווען פון ערד; בלויז דיא בעסערע זיינען געווען פון שטיין.

קאָרטעס האָט זיך אָבגעשטעלט אויף איבער־נאכט אויף דעם הויף פון דעם גרעסטען טעמפּעל. באלד האָט ער זיך דערוואוסט, אז זיין אינדיאנישער דאָלמעטשער, מעלכאָרעיאָ, האָט זיינע שפּאנישע קליי־דער געלאָזען הייגגען אויף א בוים און אליין איז ער אנטלאָפען. דאָס האָט אויף איהם געמאכט א שלעכטען איינדרוק. ער האָט מורא גע־האט, אז ער וועט דערצעהלען זיינע לאנדסלייט, אז דיא שפּאנישע ארמעע איז א קליין הייפעלע, און אז זיי זיינען ניט קיין „הימעל־מענשען", נור געוועהנליכע בשר ודם'ס. אויף מאָרגען אין דער פריה האָט מען פון דעם שונא קיין שפּור ניט געזעהן. עס איז געווען

דייטליך, אז דיא מאַיאַס זיינען פערזאַמעלט צו אַ גרויסען שלאַכט אביסעל ווייטער. אַלזאָ האָט קאָרטעס זיך גענומען מוסטירען און גרייטען צום קאַמפף, אויף דעם אייראָפּעאישען שטייגער.

דאָס איז געווען דער גרעסטער שלאַכט וואָס איז ווען עס איז פאָרגעקומען צווישען ווייסע און רויט־הויטיגע, זינט קאָלומבוס האָט ענטדעקט אמעריקאַ. דיא אינדיאַנישע אַרמעע איז געווען פערזאַמעלט אין סעאוטלאַ — אַ גרויסע פלאַכע פעלד, עטליכע מייל פון שטאָדט. זיא איז בעשטאַנען פון פינף אָבטהיילונגען, צו אַכט אָדער זיעבען טויזענד מאַן אין אַן אָבטהיילונג. וויא מיר וועלען זעהן אין אַ ווייטערע ערקלעהרונג, אין קאַפּיטעל 7, זיינען דיא „אָבטהיילונגען“ מסתמא געווען בעזונדערע שבטים. דיא גאַנצע אַרמעע אַלזאָ האָט ענטהאַלטען פון 35 ביז 40 טויזענד מאַן. אזוי קומט אויס נאָך דער רעכענונג פון דיא אַלטע שפּאַנישע בעריכטען. דאָס רוב קען מען דיא ציפער פון דיעזע בעריכטען וועניג טרויען. זיי זיינען מייסטענס איבערטריבען. אָבער אין דיעזען פאַל קען דיא איבער־טרייבונג יעדענפאַלס ניט זיין קיין גרויסע. און ווען דיא מאַיאַ־אַרמעע איז אַפּילו בעשטאַנען בלויז פון 20 טויזענד מאַן איז אויך געווען גענוג. געגען דיעזע מחנה איז קאָרטעס אַרויסגעטראָטען מיט זיינע 700 מאַן.

דיא פוס־געהער און אַרטילעריע האָט ער געשטעלט אונטער דער קאָמאַנדע פון דיעגאָ אָרדאַז, וועלכען ער האָט געהייסען אַטאַקירען דעם שונא פון פאָרענט, און ער אַליין, מיט זיין הייפעלע קאַוואַלעריע, האָט געזאָלט בעפאַלען פון הינטען. צווישען דיא קאַוואַלעריסטען זיינען געווען זיינע וויכטיגסטע און מוטהיגסטע אָפיציערען, וויא אַל־וואַראַדאָ, אָליד, מאָנטעיאָ, פּוערטאָקאַרעראָ.

דער שלאַכט איז פאָרגעקומען דעם 25טען מערץ 1519.

אָרדאַז מיט זיין חיל האָט געהאַט צו מאַרשירען איבער אַ שווע־רען זומפּיגען וועג אין אַ ברענענדיגען פריה־מאָרגען. ער איז אָב־געגאַנגען דריי מייל, און דער שונא האָט זיך נאָך אַלץ ניט געזעהן. באַלד אָבער איז ער צוגעקומען צו ברייטע פעלדער בעדעקט מיט דונ־קעלע מענשליכע ציילען, וועלכע האָבען זיך געצויגען אַזוי ווייט וויא דיא אויג האָט נור געקענט דערגרייכען. גלייך האָט זיך אויפגעהויבען אַ ווילדער מלחמה־געשריי. פון אַלע זייטען האָט גענומען האָגלען

מיט פיילען, שטיינער און ברענענדיגע העלצער. דאס אלעס האט געפויקט איבער דיא שפאנישע פאנצירען און קיווערען טאקע וויא א האגעל. פיעלע פון דיא ווייסע זיינען שווער פערוואונדעט געווארען נאך איידער זיי האבען זיך אויסגעשטעלט צום קאמפף. אין אייניגע מינוטען ארום זיינען זיי אבער שוין געווען אויף א פעסטע שטיקעל גרונד, און מיט זייערע קאנאנען און ביקסען האבען זיי גענומען שיסען אויף דעם שונא'ס געדיכטע ציילען. דיא אינדיאנער זיינען געפאלען מאסענוועיז. זייער קוראזש האבען זיי אבער ניט פערלארען. זיי האבען בלויז צוגעדעקט זייערע טויטע מיט בלעטער און שטויב, אום עס זאל זיך ניט זעהן וויא פיעל מענשען זיי האבען פערלארען, און גלייך זיך ווידער גענומען שיסען מיט זייערע פייל־און־בויגענס. זיי זיינען זאגאר צוגעפלויגען נעהנטער צו דיא ווייסע, און ווען דיא איי־ראפעאישע פייער־געווער האבען זיי אוועקגעטריבען, איז דאס געווען נור אויף א ווייל; באלד האבען זיי זיך צוריק א לאז געטהאן אויף זיי. אזוי וויא וואלקענס הייש׳עריקען זיינען זיי אנגעפאלען אויף דיא הייפעל שפאניער. זיי האבען זיי פשוט ניט געלאזען קיין פלאץ זיך אויסצוקערעווען מיט זייערע אויסגעשטעלטע רייהען, און מיט זייערע קאנאנען. עס האט אויסגעזעהן, אז נאך א מינוט, און דיעזע אונצעהליגע צווישעטע מענשען־מענגע וועט זיי איינפאך צוקוועטשען און צוטרעטען; אבער אין דער זעלבער מינוט האבען דיא פערצוויי־פעלטע אייראפעער דערזעהן, אז דיא הינטערשטע רייהען פון דיא אינדיאנער בויגען זיך און ווארפען זיך ארום וויא צוטומעלטע. פלוצ־לונג האבען זיי דארטען דערהערט דעם שפאנישען מלחמה־געשריי: „דער הייליגער יאגא!“

דאס איז קארטעס אנגעקומען מיט זיין קאוואלעריע. דיא אינ־דיאנער פון טאבאסקא האבען אזעלכע גרויסע פיער־פיסיגע בריאות וויא פערד נאך קיין מאל ניט געזעהן. זיי האבען געמיינט, אז דער רייטער מיט דעם פערד צוזאמען זיינען איין בעשעפעניס — וויא אלע אינדיאנער האבען געמיינט, ווען זיי האבען צום ערשטען מאל דער־זעהן א רייטער. דאס און דיא בלישטשענדע קיווערען פון דיא וואס זיינען ארומגעפלויגען האקענדיג און שטעכענדיג רעכטס און לינקס, און טרעטענדיג איבער דיא פאלענדע, — דאס אלץ האט פערשפרייט טויט־שרעק און פערווירונג אין די רויט־הויטיגע מחנות; און ארדאז

האָט זיך בענוצט מיט דיעזע צוטומעלטקייט זייערע און זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף זיי מיט פרישע ענערגיע. דער סוף איז געווען, אַז דיא מאַיאַס האָבען מאַסענווייז אַוועקגעוואָרפען זייערע וואפען, און זיך צולאָפען.

בלויז אַ קליינע צאָהל שפּאַניער זיינען געפאַלען טויט, און פער־וואונדעט זיינען געוואָרען ביי הונדערט.

דיא טאַבאַסקאַנער האָבען זיך אין גאַנצען אונטערגעגעבען. אַלס צייכען פון זייער אונטערטהעניגקייט האָבען זיי צו קאָרטעסען גע־שיקט צוואַנציג פרויען־קנעכט, גילדערנע זאַכען און פערשיעדענע אַנ־דערע געשאַנקען. ווען ער האָט ביי דיא פריעדענס־שלוחים געפרעגט פון וואַנען זיי בעקומען זייערע גאָלדענע זאַכען, האָבען זיי געענט־פערט, אַז פון מעקסיקאָ.

קאָרטעס האָט דעריבער זיך צוגעאיילט אָבצוטויפען אַלע טאַ־באַסקאַנער, זיי צו „מאַכען פאַר קריסטען“, און איז אַוועקגעשוואומען נאָך מעקסיקאָ.

אויפ׳ן וועג איז איהם באַלד אויסגעקומען צו האָבען צו טהאָן מיט אינדיאַנער, וואָס האָבען ניט פערשטאַנען דעם מאַיאַ לשון, צו וועלכען אַגווילאַר האָט איהם געדיענט אַלס דאָלמעטשער. זיי האָבען גערעדט דיא אַצטעק שפּראַך פון מעקסיקאָ, און מיט דיעזער שפּראַך איז אַגווילאַר גוט בעקאַנט ניט געווען. באַלד האָט קאָרטעס זיך אָבער דערוואוסט, אַז צווישען דיא צוואַנציג שקלאַפינען, וואָס דיא טאַבאַסקאַנער האָבען איהם געגעבען, געפינט זיך אַ פרוי, וועלכע רעדט אי אַצטעקיש אי מאַיאַאיש, אַלזאָ וועט זי קענען איבערזעצען פאַר אַגווילאַר׳ן און אַגווילאַר וועט דאַן קענען איהרע ווערטער איבער־זעצען פאַר דיא שפּאַניער. עס האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז דיעזע יונגע פרוי איז דיא טאָכטער פון אַן אַצטעקישען הויפּטמאַן. דער־ביי האָט מען קאָרטעס׳ען דערצעהלט דיא פאָלגענדע געשיכטע: איהר פאָטער איז געפאַלען אין מלחמה ווען זיא איז נאָך געווען אַן עופה׳לע, און איהר מוטער, וועלכע האָט חתונה געהאַט מיט אַ צווייטען מאַן, האָט איהר פערביטען אויף אַ טויטע קינד פון אַ שקלאַפין. איהר צוועק איז געווען אַז איהר זוהן פון צווייטען מאַן זאָל אָנקומען דיא מיידעלע׳ס ירושה. אַלזאָ האָט זיא דיא געשטאָרבענע שקלאַפען־קינד

בעוויינט כלומרשט אלס איהר טאָכטער, וועהרענד איהר טאָכטער האָט זיא פערקויפט צו הענדלער, זאָגענדיג אז דאָס איז דאָס קינד פון איהר שקלאפין. דיא געשיכטע האָט פערשריעבען דער אויבען־דערמאָהנטער בערנאל דיאז, וועלכער איז נאכהער בעקאנט געוואָרען מיט דער מיידעל'ס מוטער, און ער שרייבט, אז זיא האָט דיעזע הארצלאָזע מוטער איהרע בעהאנדעלט זעהר צערטליך. אז דיא מעשה מיט דער מיידעל'ס יחוס און מיט איהר מוטער'ס אינטריגע איז ריכטיג איבערגעגעבען, קען מען ניט גאראנטירען. פיעלע זאכען, וואָס דיא שפאניער האָבען געזעהן און געהערט ביי דיא אינדיאנער, האָבען זיי אויסגעטייטשט אויף זייער אייראָפּעאישען שטייגער, און מען גלויבט, אז אין פיעלע פעלע איז זייער פשט געווען א גאנץ פאל־שער. זיי האָבען ניט געקענט פערשטעהן דיא געזעלשאפטליכע פיה־רונגען פון דיא אינדיאנער, און דאָס רוב מיספערשטענדניסע זיינען ארויסגעקומען דורך דעם. דיא געשיכטע, וואָס מיר האָבען דאָ גע־בראכט, האָט זיך יעדענפאלס געפּאסט צום רומעל; וואָרים דיא דער־מאָהנטע אינדיאנערקע האָט פון דעמאָלס אָן געשפּיעלט א זעהר וויכטיגע ראָלע אלס קאָרטעס'עס דאָלמעטשערין און אלס געליעבטע; אלזאָ רופען איהר היסטאָריקער געוועהנליך „פרינצעסין" (דאָס הייסט דיא טאָכטער פון א קאסיק, אן אינדיאנישען הויפּטמאן); און דיא געשיכטע מיט איהר מוטער'ס אינטריגע ווייזט דאָך אז זיא איז גע־ווען א הויפּטמאן'ס טאָכטער!

צו אַזוי, צו אזוי — עס קען קיין פראגע ניט זיין, אז זיא איז געווען א זעלטען שעהנע און זעלטען פעהיגע אינדיאנערקע; אין א קורצע צייט האָט זיא זיך אויסגעלערענט שפּאניש; זי האָט שוין ניט בעדארפט איבערזעצען איהר מוטער־שפּראך דורך אגווילאר'ען, און איז געוואָרען קאָרטעס'עס רעכטע האנד.

ווען מען האָט איהר אָבגע'שמד'ט האָט מען איהר א נאָמען געגעבען מארינא. מען האָט איהר אָבער גערופען ניט גלאט מארינא, וויא א פּראָסטע מיידעל, נור דאָנא מארינא, וויא מען רופט אין שפּאניען אן אדעליגע פרוי. דיא אינדיאנער אָבער האָבען איהר אימער גערופען מאלינטשע (אזוי האָבען זיי אויסגעשפּראָ־כען דעם וואָרט „מארינא"), און קאָרטעס האָט ביי זיי געהייסען ניט אנדערש וויא מאלינצין, דאָס הייסט: מאלינטשע'ס מאַן.

דיא שפּאַניער איז זיא געבליבען טריי ביז'ן טויט, און דורך איהר שכל אַזוי גוט וויא דורך דעם, וואָס זיא האָט געוואוסט וויא צו ווירקען אויף איהרע לאַנדסלייט, האָט זיא איהרע לאַנדסלייט ניט איין מאָל פערראַטהען און דיא ווייסע ניט איין מאָל גערעטעט פון געפאַהר.

נור לאָמיר זיך אומקעהרען צו דער צייט ביי וועלכער מיר האַלטען.

מיט דער הילף פון זיינע צוויי דאָלמעטשערס, מארינא און אַגּווילאַר, האָט קאָרטעס געהאַט אַ געשפּרעך מיט עטליכע אינדיאַנער וואָס זיינען געקומען אויף זיין שיף מיט פרוכט, בלומען און קליינע גאָלדענע ציערונגען. וויא קאָרטעס און זיין סוויטע האָבען אויסגעטייטשט זייערע רייד, האָט עס געהייסען אַז זיי האָבען געזאָגט דאָס פאָלגענדע: זייער לאַנד בעלאַנגט צו דעם מעקסיקאַנער פערבאַנד און איבער דיעזע לענדער געוועלטיגט אַ מעכטיגער „קעניג" מיט'ן נאָמען מ אָ נ ט ע ז ו מ א, וועלכער וואוינט העכער וויא צוויי הונדערט ענגלישע מייל פון דעם ברעג ים און איבער זייער פּראָווינץ רעגיערט אַ „גובערנאַטאָר".

דיא היעגע מענשען און זייערע בעריכטען וועגען דעם געגענד האָבען אויף קאָרטעס'ען געמאַכט אַ גוטען איינדרוק און ער האָט זיך בעשלאָסען דאָ פאָרלויפיג זיך אָבצושטעלען. אַלזאָ האָט ער אויף מאָרגען, דעם 21טען אַפּריל, זיך אַרויסגעזעצט אויפ'ן ברעג מיט זיין גאַנצע מחנה'לע. ער האָט אָנגעהויבען אַרונטערצוהאַקען בוימלעך אום אויפצושטעלען ביידלעך; און אין דיעזע אַרבייט האָבען דיא אינדיאַנער זיי געהאָלפען. דער „מיליטערישער גובערנאַטאָר" *) פון דער פּראָווינץ האָט זיי ספּעציעל געשיקט דערצו. ער האָט געהערט, אַז ווייסע מענשען זיינען אָנגעקומען, און ער האָט זיך געגרייט זיי צו ווייזען פריינדשאַפט. דיא אינדיאַנער האָבען מיט זיך געבראַכט באַוועלנע קאַרפּעטס (קאַוויאָרען), מיט וועלכע זיי האָבען צוגעדעקט דיא ביידלעך וואָס זיי האָבען אויפגעבויט.

---

*) מיר וועלען פאָרלויפיג ברויכען דיא אויסדריקע, וועלכע ווערען געברויכט אין דיא בעריכטען פון קאָרטעס, בערנאַל דיאַז און דיא אַנדערע שפּאַנישע שרייבער פון יענער צייט.

באלד איז געקומען דער „גובערנאטאָר“ אליין. זיין נאָמען איז געוועזן טעוהטליל. ער איז געקומען בעגלייט מיט א גרויסע סוויטע און מיט פיעלע פּרעזענטען, און קאָרטעס האָט איהם אויפ־גענומען מיט צערעמאָניעס.

קאָרטעס האָט ערקלעהרט, אז ער קומט פון א מעכטיגען קעניג וועלכער רעגיערט איבער א גרויסע אימפעריע אויף יענער זייט פון דעם גרויסען ים און ער האָט געפרעגט ווען ער קען זיך זעהן מיט מאָנטעזומא'ן אליין. אויף דעם האָט טעוהטליל געענטפערט מיט שטאָלץ: „דו ביזט דאָ ערשט א פּאָר טעג, און שוין פערלאנגסטו צו זעהן זיך מיט מאָנטעזומא'ן? דעם אמת זאָגענדיג, הער איך דעם ערשטען מאָל, אז עס איז פאראן נאָך אזא מעכטיגע מדינה וויא מעקסיקאָ אויף דער וועלט. איך וועל דיינע ווערטער איבערגעבען מאָנ־טעזומא'ן און דערנאָך וועל איך דיר לאָזען וויסען“.

דאן האָט דער אינדיאנישער „גובערנאטאָר“ זיינע שקלאפען גע־הייסען ברייננען דיא פּרעזענטען, וואָס ער האָט פאר דיא ווייסע מענשען: צעהן גרויסע פעק פון דיא פיינסטע באוועל; א קאָרב מיט גאָלדענע זאכען און עטליכע מאנטלען, וועלכע זיינען אויסגעוועבט געוועזן פון אלערליי פעדערען. דיא קאָלירען פון דיא פעדערען זיינען געוועזן אזוי רייך און אזוי דעליקאט און דיא גאנצע ארבייט איז גע־וועזן אזא קונציגע און אזוי פול מיט געשמאק, אז דערנאָך האָט מען דאָס בעוואונדערט איבער גאנץ אייראָפּא. מען האָט איינפאך ניט געקענט פערשטעהן וויא אזוי דאָס ווערט געמאכט. אין מעקסיקאָ איז געוועזן הויך ענטוויקעלט א ספּעציעלע מלאכה אויף דיעזען זאָרט פעדער־ארבייט. שפּעטער האָט מען נאָך שפּאניען געבראכט פיעלע אזעלכע ארטיקלען, און זיי האָבען זיך ביי דער דאָרטיגער אריסטאָ־קראטיע געשעצט זעהר הויך.

קאָרטעס, פון זיין זייט, האָט מאָנטעזומא'ן געשיקט א שעהנעם שטוהל, א גאָלדענעם מעדאל און פערשיעדענע גלעזערנע זאכען. ווען טעוהטליל האָט געזעהן א שפּאנישען סאָלדאט אין א בלישטשענדען מעשענעם קיווער, האָט ער זיך פעראינטערעסירט. אזא היטעל טראָגט אין מעקסיקאָ א געוויסער גאָט, האָט ער בעמערקט; און ער האָט געבעטען אז מען זאָל איהם לאָזען דעם קיווער אוועקטראָגען ווייזען מאָנטעזומא'ן. קאָרטעס'עס אנטוואָרט אויף דיעזער ביטע איז זעהר

כאַראַקטעריסטיש : ער האָט איהם געלאָזען נעהמען דעם קיוועך ; ער האָט אָבער אויסגעדריקט דיא האָפנונג, אַז מען וועט דאָס איהם אומקעהרען צוריק פול מיט גאָלד־שטויב, כדי דיא שפּאַניער זאָלען קענען זעהן וואָס פאַר אַ גאָלד מעקסיקאָ האָט.

און כלומרשט אַזוי וויא ער וואָלט זיך פערשעהמט פאַר דיא גאָלד־זשעדנעקייט, וואָס ער ווייזט דאָ ארויס, האָט ער צוגעלייגט :

— שפּאַניער, פערשטעהט איהר מיך, — ליידען פון אַזאַ האַרץ־קראַנקהייט, צו וועלכע גאָלד איז דיא בעסטע רפואה.

ער האָט, נאַטירליך, קיין ליגען ניט געזאָגט.

וועהרענד דיעזער געשפרעך איז פאָרגעקומען, האָט קאָרטעס בעמערקט, אַז איינער פון טעוהטליל'ס סוויטע מאָלט עפּעס. ווען ער האָט זיך צוגעקוקט נעהנטער, האָט ער געזעהן אַז ער מאָלט אויף אַ לייוועגט בילדער פון דיא שפּאַניער מיט זייערע קאָסטיומען, געוועהר, שיפען א. ז. וו. ער האָט דאָס געמאָלען מיט פערשיעדענע קאָלירען, און אַזוי גוט, אַז דיא שפּאַניער האָבען זיך ניט געקענט אָפּוואונדערען קוקענדיג. זיין פּאָרטרעט פון קאָרטעס'ען האָבען אַלע גלייך דערקענט. טעוהטליל האָט קאָרטעס'ען געגעבען צו פערשטעהן, אַז דעם מאָלער האָט געשיקט מאָנטעזומאַ, אום צו בעקומען אַ בעגריעף, וואָס פאַר אַ זאָרט מענשען דיא ווייסע געסט זיינען.

ווייטער, אין קאַפּיטעל 7, וועלען מיר זעהן, אַז מיט בילדער פלעגען דיא אַצטעקען שרייבען פערשיעדענע זאַכען. דאָרטען וועט אויך ערקלעהרט ווערען דער גאַנצער ענין. דאָ וועלען מיר בלויז זאָגען אַז צום שרייבען פלעגען דיא אַצטעקען מאַכען אַזאַ מין פּאַפּיער פון אַגאַווע, אַזאַ פלאַנצונג, פון וועלכע זיי פלעגען אויך מאַכען שטריק און אַזאַ געטראַנק, „פולק“. זיי פלעגען אָבער אויך שרייבען אויף לייוועגט און אויף פּאַרמעט.

אום מאָנטעזומאַ'ס שריפט־מאָלער זאָל מאָנטעזומאַ'ן קענען פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ געפעהרליכע חברה דיא שפּאַניער זיינען, האָט קאָרטעס געהייסען פאַר איהם מאַכען אַ מאַנעוורע מיט בלויזע בלישטשענדע שווערדען און מיט קראַכענדע קאַנאָנען און ביקסען. דער „גובערנאַטאָר“ מיט זיינע בעגלייטער זיינען צוציטערטע געוואָרען קוקענדיג, אָבער דער „שרייבער“ האָט דאָס אַלץ פערצייכענט מיט זיינע בילדער־סמנים.

טעוהטליל מיט זיין סוויטע זיינען אוועק מיט דיא זעלבע צע־רעמאָניע, מיט וועלכע ער איז געקומען. פאר'ן זעגענען זיך האָט ער איבערגעלאָזען דיא איינוואוינער פון דעם געגענד א בעפעהל, אז זיי זאָלען דיא שפאניער בעזאָרגען מיט עסענוואַרג און מיט אלעם וואָס זיי וועלען דארפען.

אום דער לעזער זאָל קענען פערשטעהן וואָס פאר אַן איינדרוק דיא נייעס וועגען דיא ווייסע געסט האָט געמאכט אין מעקסיקאָ, מוזען מיר צוערשט דערצעהלען א שטיקעל מעקסיקאנישע מיטהאָלאָגיע, — דאָס הייסט איינע פון דיא מעשיות וועגען פארצייטיגע געטער אָדער אנדערע איבערנאטירליכע בעשעפעניסען, אין וועלכע דיא מעקסיקא־נער האָבען געגלויבט.

זייער וויכטיגסטער גאָט, זייער מלחמה־גאָט, האָט געפאָדערט מענשליכע קרבנות. זיי האָבען אויך געהאט אנדערע געטער, און זיי האָבען געגלויבט, אז א מאָל, פארצייטען, איז ביי זיי געווען א געוויסער גוטער גאָט, וועלכער איז פון זיי פערטריבען געוואָרען. דאָס איז געווען א פריעדליכער גאָט מיט'ן נאָמען ק ו ו ע ט צ א ל ק אָ־א ט ל, דאָס הייסט פויגעל־שלאנג — א שלאנג מיט פעדערען. ער האָט דאָס דיא מענשען געלערענט בעארבייטען מעטאלען, שלייפען טהייערע שטיינער, אויסארבייטען קונסט־זאכען פון פעדערען. אין זיין צייט פלעגט פלאקס וואקסען אין פערשיעדענע קאָלירען, אזוי אז מען האָט פערשפאָרט דאָס צו פארבען. קירבעסען פלעגען זיין צעהן מאָל גרעסער וויא אין מאָנטעזומא'ס צייטען איז געווען דער גרעסטער, און יעדע קוקורוזע איז געווען אזוי גרויס, אז א מענש האָט איהר קוים געקענט טראָגען.

מענשליכע קרבנות האָט קוועטצאלקאָאטל פיינט געהאט. ער האָט בעסער ליעב געהאט דעם ריח פון בלומען איידער דיא בלוט פון מענשען. ער איז געווען דער גאָט פון רעגען און פון לופט. אלס הארר פון דיא וואָלקענס איז ער געווען א פליהענדער גאָט, — א פויגעל; אלס גאָט פון דונער און בליץ איז ער געווען א הייליגער שלאנג (ווייל א בליץ געהט גערונצעלט, אהין און אהער, וויא א שלאנג). *)

*) אין דיא מיטהאָלאָגישע מעשיות פון אייראָפּעאישע פעלקער זיינען פאראַן עהנליכע געטער.

צו דער זעלבער צייט איז אויך געווען א שלעכטער גאָט, טעט־צקאטליפּאָקא, דער גרויזאמער גאָט פון נאכט און פינסטער־ניס; און ער פלעגט אויף דער וועלט ברייִנגען הונגער און מגפות; א מחבל־גאָט איז דאָס געווען; זיין שפייז איז בעשטאנען פון מענש־ליכע הערצער. צווישען דיעזע צוויי געטער איז שטענדיג אָנגע־גאנגען א קאמפף. איין מאָל האָט קוועטצאלקאָאטל טעטצקאטליפּאָקא'ן מיט א שטעקען אראָפּגעשטופּט פון הימעל און זיך ארויפגעכאפּט אויף זיין פּלאַץ. אָבער דער שלעכטער גאָט איז שפּעטער פערוואנ־דעלט געוואָרען אין א ריעזיגען טיגער און דאן האָט ער מיט דער לאפּע זיין געגנער פון הימעל אראָפּגעשטויסען. דער סוף איז געווען, אז דער גוטער קוועטצאלקאָאטל איז געצוואונגען געווען צו פערלאָזען דיא לאנד. ער איז אוועקגעשוואומען אויף א פּליט פון שלאנגען־פעלכלעך איבער דעם אטלאנטישען אָקעאן צו מזרח זייט צו. ער האָט אָבער פערשפּראָכען א מאָל צוריק צו קומען.

דיא אצטעקען (דיא מעקסיקאנער) האָבען אַלזאָ געוואַרט אויף איהם אויף אזא שטייגער, אונגעפעהר וויא אידען װאַרטען אויף משיח'ן.

אזוי האָט דיא רויהע איינבילדונגס־קראפט פון דעם בעשפּראָ־כענעם פאָלק פאָרגעשטעלט דעם קאמפף צווישען רעכט און אונרעכט, צווישען גוטעס און שלעכטס. (אויף אַן עהנליכען שטייגער, דורך עהנליכע לעגענדען, האָט זיך דער זעלבער געדאנק אויסגעדריקט ביי אור־אַלטע פעלקער פון אייראָפּא אָדער אזיען): אונרעכט און שלעכטס זיעגט און דיא איינציגע טרייסט איז אז א מאָל, שפּעטער, וועט קומען א צייט, ווען רעכט וועט דאָך זיעגען.

דער גאָט פון אַל־דאָס־גוטס איז אַלזאָ אוועק איבער'ן אטלאנ־טישען אָקעאן אין מזרח זייט, דאָס הייסט צו אייראָפּא און אפריקא צו און דיא אצטעקען האָבען זיך געריכט, אז ער וועט צו זיי קומען צוריק. דאָ איז דאָס וויכטיגסטע צו בעמערקען, אז דיעזער גאָט, קוועטצאלקאָאטל, האָט געהאט א ווייסע געזיכט מיט א לאנגע געדיכטע באָרד. פון וואנען דיא אינדיאנער, וועלכע האָבען פון אזעלכע מענשען ניט געוואוסט, זיינען געקומען צו דיעזען געשטאלט, קען מען דייטליך ניט ערקלעהרען, — אבי אזוי האָבען זיי זיך פאָרגעשטעלט זייער משיח'ן*).

*) צו דיעזען ענין וועלען מיר זיך נאָך אומקעהרען.

ווען זיי האָבען דערהערט, אַז פון מזרח זייט, איבער'ן אַטלאַנ־טישען אָקעאַן, זיינען געקומען מענשען מיט ווייסע געזיכטען און מיט גרויסע בערד (ביי די אינדיאַנער וואַקסען ענטוועדער גאָר קיין בערד ניט אָדער בלויז אַ שפּור), אַז זיי האָבען וואונדערליכע „וואַסער־הייזער“ און אַז זיי שיסען מיט „דונערן און בליצען“, האָט דאָס גע־מאַכט אַן אונבעשרייבליכע סענסאַציע. עס האָט אויסגעזעהן גאַנץ דייטליך, אַז קוועטצאַלקאָאַטל קומט צוריק מיט אַ סוויטע. אין די לעצטע עטליכע יאָהר האָט מען זיך אויף איהם ספּעציעל געריכט, וואָרים אין 1510 זיינען אין מעקסיקאָ געווען אונגעוועהנליכע שרפות און שטורמען, און דער צושראָקענער אַבערגלויביגער עולם האָט גע־הערט שטימען אין דער לופטען; אַלזאָ האָט מען גענומען דענקען אַז דאָס קומט ער, קוועטצאַלקאָאַטל (ווען דער אידישער משיח וועט קומען וועט זיך דאָך אויך איבערקעהרען אַ וועלט). ווען זיעבען יאָהר שפּעטער איז געקומען קאָרדאָוואַ נאָך יוקאַטאַן, און אין אַ יאָהר אַרום האָט זיך דאָרטען בעוויזען גריאַלוואַ, האָט דאָס געשטימט מיט אַלע דיעזע ערוואַרטונגען.

דער לעזער געדענקט דעם מעקסיקאַנישען צינזען־זאַמלער, וועל־כער האָט בעזוכט גריאַלוואַ'ס שיף, און וויא פריינדליך ער האָט זיך פערהאַלטען צו די שפּאַניער. דאָס איז ער אומישנע געקומען בע־קוקען די „ווייסע מענשען מיט די גרויסע בערד“, אום נאָכהער וועגען זיי אָבצוגעבען אַ בעריכט מאָנטעזומאַ'ן, און איצט, אַז קאָרטעס איז געקומען, האָט איהם מיט דעם זעלבען צוועק בעזוכט טעוהטליל.

און דאָך האָט מאָנטעזומא און די עלסטע, פון וועלכע עס איז בעשטאַנען דער מעקסיקאַנער רעגיערונגס־ראַטה, מיט די געסט זיך גאַנץ ווייניג געפרעהט. פערקעהרט, זיי זיינען געקומען צום בעשלוס, אַז וואָס שנעלער זיי וועלען פערלאָזען די לאַנד, אַלץ רוהיגער וועט די איינוואוינער זיין אויפ'ן האַרצען.

עס קלינגט וויא אַ שלאַגענדער ווידערשפּרוך, און, דעם אמת זאָגענדיג, קען מען קיין צופריעדען־שטעלענדע ערקלעהרונג אויף דעם אין ערגעץ ניט געפינען. אייניגע שרייבער ווייזען אָן אויף די גאָלד־דורשט פון די שפּאַניער אַלס אויף די אורזאַכע, וואָס האָט די אַצטעקען איבערצייגט, אַז זיי זיינען ניט קיין „הימעל־בעשע־פּעניסען“. פיעלייכט דאַרף מען אויך צולייגען דעם פאַקט, אַז מיט

דיא אינדיאַנישע פרויען האָבען זיי זיך אויפגעפיהרט ווייט ניט וויא געטליכע מענשען. דאָס האָט דאָך געהאָלפען איבערצייגען דיא איינ־וואוינער פון היספּאַניאָלאַ, אַז דיא שפּאַניער זיינען ערדישע ברואים, וויא זיי אַליין, — נאָך ערדישער. היינט פאַר וואָס האָט דאָס ניט געקענט האָבען אַן עהנליכע ווירקונג אויף דיא פיעל ענטוויקעלטערע אינדיאַנער פון מעקסיקאָ? נאָך א פּונקט: קאָרטעס אַליין האָט טעוהטיל׳ען געזאָגט, אַז ער רעפּרעזענטירט אַ מעכטיגען קעניג אויף דער וועלט, — ניט אויף יענער וועלט.

מען דאַרף אויך האָבען אין זינען, אַז צו גלויבען אין משיח׳ן איז פיעל לייכטער וויא צו האָבען איהם אַלס גאַסט. אַ פרומער איד בעט אַלע טאָג אין דאַוונען, אַז משיח זאָל קומען. זאָגט איהם אָבער, אַז ער איז שוין ווירקליך דאָ, אַז ער קומט רייטענדיג אויף זיין אייזעל, אום לעבעדיג צו מאַכען דיא טויטע, — וועט דער פרומער איד זיך מסתמא גאַנץ ווייניג דערפרעהען. ער וואָלט פיעל צופריעדענער געווען, אַז עס זאָל בלייבען ביין אַלטען — אַז ער זאָל ווייטער גלויבען דאָס משיח וועט אַ מאָל קומען. אַן עהנליכען איינדרוק האָט אויף מאָנטעזומאַ׳ן אפשר געמאַכט דיא נאַכריכט, אַז דער מעקסיקאַנער משיח, אָדער זיינע שלוחים, זיינען שוין אָנגעקומען.

דאָס אַלץ זיינען אָבער ניט מעהר וויא אויבערפלעכליכע סברות. קיין גרינדליכע ערקלעהרונג, קיין וויסענשאַפטליכע פאָרשונג וועגען דעם איז ניטאָ. דער אונגליק איז, אַז דיא שפּאַנישע שרייבער, וועלכע האָבען בעזוכט מעקסיקאָ, צוזאַמען מיט קאָרטעס׳ען און ניט זעהר לאַנג נאָך איהם, ווען דער אַלטער מעקסיקאַנישער לעבען האָט נאָך עקזיסטירט, האָבען מיט אַזעלכע פראַגען זיך ווייניג אינטערעסירט. דיא סאָציאָלאָגיע, דיא וויסענשאַפט וועלכע שטודירט דעם געזעלי־שאַפטליכען לעבען אויף זיינע פערשיעדענע שטאַפּלען, איז נאָך דאַן ניט געבאָרען געוואָרען; און אין אונזער צייט, ווען מען ווייס שוין וויא מיט אַזעלכע זאַכען זיך צו אינטערעסירען, איז פון דיא אַלטע מעקסיקאַנישע קולטור כמעט קיין שריד ופליט ניט געבליבען. וויא מיר האָבען שוין אויבען בעמערקט, — דיא שפּאַניער וועלכע האָבען בעשריעבען דיא מעקסיקאָ פון מאָנטעזומאַ׳ס צייטען האָבען פיעלעס וואָס זיי האָבען געזעהן פאַלש אויסגעטייטשט, און וויא זיי האָבען דאָס אַלץ פערשטאַנען און פערשריעבען, אַזוי איז דאָס פערבליבען

אין דיא וויכטיגסטע היסטאָריע־ביכער, — מיט גאנץ ווייניג אויס־נאהמען.

וואָס דאָרטען איז אין אמת'ען געווען, ווען מאָנטעזומא און דער רעגיערונגס־ראטה פון מעקסיקאָ האָבען בעקומען טעוהטיל'ס בעריכט, ווייס מען ניט, און מען וועט וואהרשיינליך קיין מאָל ניט וויסען. דער וויעדערשפּרוך צווישען דעם פאקט, אז דיא לאנד האָט אימער געהאָפט אז עס וועלען קומען צו איהר געטליכע מענשען מיט ווייסע פּנים'ער און גרויסע בערד, און דעם פאקט, דאָס ווען אזעלכע מענשען זיינען געקומען, האָט מען זיי ניט געוואָלט אריינלאָזען — איז גרינדליך ניט ערקלעהרט געוואָרען. אדרבא, צווישען דיא וויסענשאפטליכע פאָרשונגען, וואָס זיינען אין אונזער צייט געמאכט געוואָרען, זיינען פאראן געוויסע פונקטען, וואָס מאכען דיעזען וויעדערשפּרוך נאָך שטארקער. צום ביישפּיעל: דער צלם איז ביי דיא מעקסיקאנער געווען א צייכען פון לופט. (זיינע פיער שפּיצען האָבען ביי זיי געוויזען אויף דיא „פיער ווינדען"). אזוי וויא קוועטצאלקאָאטל איז געווען דער גאָט פון לופט, האָט דאָס אלזאָ געהאט א שייכות צו איהם. ווען טעוהטיל און זיינע בעגלייטער האָבען געזעהן וויא דיא שפּאניער בוקען זיך און דאווענען פאר א צלם, האָ־ען זיי אין דעם דעריבער בעדארפט געפינען א בערעכטיגונג פון זייער גלויבען, אז דיעזע ווייסע מענשען מיט בערד זיינען שלוחים פון דעם גוטען גאָט פון מעקסיקאָ. א צווייטע בעשטעטיגונג פון דעם זעלבען זאָרט האָבען זיי בעדארפט געפינען אין דעם פאקט, דאָס דיא שפּאניער שיסען מיט „דונערן" און מיט „בליצען", וואָרים איבער דונערען און בליצען האָט דאָך געוועלטיגט דער זעלבער קוועטצאלקאָאטל. און דאָך האָבען זיי דיא ווייסע בעסער געוואָלט „ליעב האָבען פון וויי־טען", ווי דער אידישער ווערטעל איז.

וואָס דערביי איז פאָרגעקומען אין דיא מחות פון מאָנטעזומא און דעם רעגיערונגס־ראטה, ווייס מען אלזאָ ניט. פיעלייכט וועלען מיר ניט זיין וויט פון דעם אמת, ווען מיר וועלען זיך פאָרשטעלען, אז ביי זיי אין דיא מוחות איז געווען א טומעל. פון איין זייט האָבען זיי מסתמא טאקע געמיינט, דאָס דיא ווייסע זיינען געטליכע ברואים; אָבער פון דער אנדערער זייט האָט אויף זיי וואהרשיינליך פיעל שטארקער געווירקט דאָס, וואָס מען האָט געזעהן מיט דיא אויגען אז דיא

געסט זיינען פאָרט מענשען וויא אַלע מענשען, און דער נאַטירליכער געפיהל פון זעלבסט־שוץ האָט זיי געהייסען פון דיעזע געסט וואָס שנעלער פטור ווערען.

עטליכע טעג נאָך דעם וויא טעוהטליל איז אוועק פון קאָרטעס'עס לאַגער, איז ער צוריקגעקומען מיט נאָך צוויי שלוחים און מיט הונדערט קנעכט, וועלכע האָבען געטראָגען מאָנטעזומא'ס מתנות פאַר דעם שפּאַנישען גענעראַל. אינטערעסאַנט איז, אַז איינער פון דיא צוויי שלוחים איז געוועזען זעהר ענהליך צו קאָרטעס'ען. מאָנטעזומא האָט אומישנע איהם אויסגעקליעבען, נאָך דעם פּאָרטרעט, וואָס זיין שריפט־מאַלער האָט געמאַכט פון דעם שפּאַנישען קאָמאַנדיר — אַזוי ריכטיג איז דאָס געוועזען דיעזער פּאָרטרעט! דיא שפּאַנישע סאָלדאַטען האָבען דיא ענהליכקייט גלייך בעמערקט. דיא מתנות זיינען בעשטאַנען פון פערשיעדענע זאַכען: שילדען, קיווערען, — אייניגע בעציערט מיט גאָלד און אַנדערע אין גאַנצען פון גאָלד, קראַגענס, בראַסלעטען, פּאָכערס — אַלץ פון גאָלד; פערשיעדענע פעדער־ציערונגען, אויסגענייהט מיט גאָלדענע און זילבערנע פעדים און בעשפּריצט מיט פּעריל און קאָסטבאַרע שטיינער; גאָלדענע און זילבערנע פויגלעך און חיות, פּאַרהאַנגען, קאַוויאָרען (קאַרפּעטס), באַוועלנע רייך־געפאַרבטע קליידער, דעליקאַט וויא זייד און דורכגעוועבט מיט פערשיעדען־קאָלירטע פעדערען און האָר. צווישען דיא פּרעזענטען איז אויך געוועזען דער קיווער, וועלכען טעוהטליל האָט גענומען ביי דעם שפּאַנישען סאָלדאַט. ער איז איצט געוועזען פול מיט קערענדלעך גאָלד, וויא קאָרטעס האָט געבעטען.

דעם גרעסטען רושם האָבען געמאַכט צוויי גרויסע זעהר שווערע קייקלען, גרוים וויא דיא רעדער פון אַ וואָגען, איינער פון גאָלד און דער אַנדערער פון זילבער. דער גאָלדענער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דיא זון און איז געוועזען בעפּוצט מיט פיגורען אין דער פאָרמע פון בלומען און חיות. דיעזע שטיק גאָלד אַליין איז ווערטה געוועזען העכער וויא 200 טויזענד דאָלאַר אויף היינטיגע אַמעריקאַנער געלד.

דיא שפּאַניער זיינען געשטאַנען וויא דיא צומישטע פון דיא אוצרות, וואָס מען האָט דאָ פאַר זיי אויסגעלייגט. עס האָט איבערגעשטייגט זייערע זשעדנעסטע האָפנונגען.

ווען עס איז אָבער געקומען צו מאָנטעזומאַ'ס גרוס, האָט טעוהט־ליל געזאָגט גאַנץ העפליך, אַז עס פערשאַפט איהם פערגניגען צו האָבען ביי זיך אין לאַנד אַזעלכע טהייערע געסט, אָבער אַז בעזוכען איהם איז פאַר זיי אונמעגליך, און אַז דאָס בעסטע וואָס זיי קענען טהאָן, איז צו פאָהרען צוריק פון וואַנען זיי זיינען געקומען.

אָבער איצט צו ערוואַרטען, אַז דיא שפּאַניער וועלען פערלאָזען דיא לאַנד איז שוין געווען צו שפּעט. מיט דיא אוצרות, וואָס מאָנ־טעזומאַ האָט זיי געשיקט, האָט ער אין זיי בלויז שטאַרקער צוברענט זייער דורשט נאָך ווייטערע רויב. מיט אַ געמאַכטען טאָן פון דאַנק־באַרקייט און איידעלקייט האָט קאָרטעס אויסגעדריקט זיין האָפנונג דאָס דער „קעניג" וועט זיין ביטע דאָך בעוויליגען, און איהם ערלוי־בען איהם צו בעזוכען.

נאָך עטליכע טעג זיינען פאַראיבער. שלוחים זיינען וויעדער געקומען מיט פּרעזענטען, הגם ניט מיט אַזעלכע רייכע וויא פריהער. מאָנטעזומאַ'ס אַנטוואָרט איז געווען אַן ענטשיעדענער „ניין". „איהר האָט דאָך שוין וואָס אייער הארץ גלוסט, — גאָלד" — האָט ער גע־הייסען זאָגען דעם שפּאַנישען קאָמאַנדיר — „אַלזאָ פערלאָזט גלייך אונזער לאַנד".

קאָרטעס'עס סאָלדאַטען זיינען אָבהענגיג געבליבען. דיא פעסט־קייט, מיט וועלכע דער מעקסיקאַנישער „קעניג" האָט זיי געהייסען „נעהמען דעם וועג", האָט זיי געוויזען, אַז ער איז ווירקליך אַ מעכ־טיגער הערשער. היינט וויא אַזוי וועלען זיי, אַזאַ הייפעלע, דורכ־דרינגען דורך זיינע מחנות?

אָבער גאַנץ אַנדערע געפיהלען האָט געהאַט קאָרטעס אליין. דאָ האָט זיך דאָס גענומען אַרויסוויזען דיא טייפעלשע גבורה פון זיין כאַראַקטער. פון קיין „ניין" האָט ער ניט געוואָלט וויסען.

מען דאַרף אָבער בעמערקען, אַז קיין פוסטע עקשנות האָט דאָ אין איהם ניט געווירקט. אָהן אַ גרונד האָט ער זיך ניט איינגע־שפּאַרט. ער האָט געהאַט אויף וואָס צו בויען. פון אַלץ וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט וועגען דיעזע געגענדען, האָט ער געזעהן, אַז דיא אינדיאַנישע פעלקער, איבער וועלכע מעקסיקאָ האָט געוועלטיגט, זיי־נען איהר געווען אונטערטהעניג איבער־גוואַלט. ניט אויס ליעבע, נור אויס פורכט האָבען זיי זיך ניט געבונטעוועט געגען איהר. אָט מיט

דעם האָט ער געהאָפּט זיך צו בענוצען. צו געווינען אויף זיין זייט דיעזע אונטערטהעניגע שבטים און מיט זייער הילף צו קעמפּפען געגען מעקסיקאָ — אָט דאָס איז געוועזן זיין פּלאַן. אז דאָס איז יעדענפאַלס געוועזן דער פּלאַן פון א מענשען מיט אַן אייזערנעם כאַראַקטער, איז איבעריג צו בעווייזען.

דיא לאַנד וואו קאָרטעס האָט זיך איצט געפונען, איז געוועזן פול מיט זומפּען; און אין דיא אונערטרעגליכע היצען האָבען דיעזע זומפּען פערפּעסטעט דיא לופט. 30 שפּאַניער זיינען שוין געשטאָרבען פון דעם. א חוץ דעם איז דער פּלאַץ געוועזן פול מיט בייזע גיפטיגע פליגען און זשוקעס, פון וועלכע דיא שפּאַניער האָבען ניט געקענט אויסהאַלטען. און צו אַלע דיעזע צרות האָבען זיי ניט געהאַט גענוג צו עסען, וואָרים ווען די אָרומיגע אינדיאַנער האָבען געהערט, אַז מאָנטעזומאַ וויל זיי ניט האָבען, האָבען זיי מורא געהאַט זיי צו ברייננגען שפּייז. אונטער אַזעלכע אומשטענדען דיא אַרמעע צו פיהרען צו א קאַמפּף וואָלט ניט געוועזן קיין לייכטע זאַך. קאָרטעס האָט דעריבער פריהער פון אַלץ זיך אריבערגעקליבען אין א דערבייאיגען געגענד, וואו דיא לופט איז געוועזן א געזינטערע, וואו עס איז געוועזן גענוג פרישע וואַסער, און שפּייז איז ניט געוועזן שווער צו בעקומען.

## VI.

## פון ווערא קרוץ ביז דער שטאדט מעקסיקא

קארטעס גרינדעט דיא שטאדט ווילא ריקא דע ווערא קרוץ, רעזיגנירט כלומרשט און בעקומט זיין אמט צוריק פון דער „שטאדט־רעגיערונג“. — ער בעזוכט דיא אינדיאנישע שטאדט סעמפאאלא. — פינף טשי־נאווניקעס פון מעקסיקא. — קארטעס'עס דאפעלטע קאמעדיע. — ער שיקט גאלד און א בריעף צום שפאנישען קעניג. — א בונט אין קארטעס'עס ארמיי. — קארטעס הייסט דערטרינקען זיינע אייגענע שיפען. — דיא אנאהואק הויכלאנד. — מאנטעזומא'ס מאכט לאזט זיך הערען אלץ מעהר. — דיא אונבעזיעגטע טלאסקאלא. — קארטעס'עס מלחמה מיט דיא טלאסקאלאנער. — זיין פעראייניגונג מיט זיי. — מאנטעזומא שיקט שילותים צו קארטעס'ען. — קארטעס'עס מארש נאך טשאלולא. — ער מאכט א שחיטה אויף דיא איינוואוינער. — מאנטע־זומא שיקט ווייטער דעלעגאטען צו קארטעס'ען. — דיא שרעק ביי דיא עלסטע פון מעקסיקא. — טענאכטיטלאן, דיא שטאדט אויף דעם „פלאץ פון דעם קאקטוס־פעלז“. — דיא אזערעס ארום דער שטאדט. — דיא געמויערטע וועגען איבער דיא אזערעס. — דיא שווימענדע גערטנער. — דיא שפאניער ווערען איבערראשט פון דיא שטעדט, דורך וועלכע זיי מארשירען דורך. — דיא בריקען אויף דיא שאסען. — מאנטעזומא. — אין דער הויפט־שטאדט.

דיא שפאניער האבען זיך אלזא בעזעצט אין זייער נייעם לאגער. איין מאל, אין א פריהמארגען, זיינען צו זיי געקומען פינף אינדיאנער, וועלכע האבען מיט זייערע ציערונגען און מאניערען אויסגעוויזען גאנץ אנדערש וויא דיא אצטעקען. אין זייערע אויערען און נאזלעכער האבען זיי געטראגען גאלדענע רינגען מיט בליסטשענדע בלויע שטיינער, און צו זייערע אונטערשטע ליפען זיינען געווען צוגעפעסטיגט גאלדענע בלעטער. זיי האבען געזאגט, אז זיי בעלאנגען צום דעם טאטאנאק שבט, וועמעס הויפט־שטאדט איז סעמפאאלא. זיי פלעגען זיין

זעלבסטשטענדיג, אבער מיט אַ געוויסע צייט צוריק האָבען די אַצטעקען זיי איינגענומען, און איצט פּלאַגען זיי זיך אונטער זייער יאָך — אזוי האָבען זיי דערצעהלט — און אַזוי ווי זיי האָבען געהערט פון דיא שפּאַניער און זייער מאַכט, זיינען זיי געקומען זיי איינלאַדען אין זייער הויפּטשטאדט.

קאָרטעס'ען איז דיא געשיכטע שטאַרק געפעלען געוואָרען. זיא האָט בעשטעטיגט זיין האָפנונג, אז ער וועט זיך קענען בענוצען מיט דער שנאה, וואָס דיא אונטערטהעניגע שבטים פיהלען געגען זייערע הערשער, דיא אַצטעקען. ער האָט דיא פינף טאָטאָנאַקס אויפגענומען זעהר פריינדליך, און ווען זיי האָבען זיך געזעגענט, האָט ער זיי מיט־געגעבען פרעזענטען.

איידער ער איז געגאַנגען ווייטער, האָט ער געמאַכט איינעם פון דיא כיטרע שריט, מיט וועלכע זיין רייזע איז געווען פול.

ער האָט נעמליך פון זיך אַראָבגעוואָרפען דיא אויבערהערשאַפט וואָס וועלאסקעז, דער גובערנאַטאָר פון קובאַ, האָט איבער איהם געהאַט. אז וועלאַסקעז איז געווען אַייפערזיכטיג צו איהם און האָט געוואָלט איהם אַראָבזעצען, ווייסען מיר שוין. קאָרטעס האָט דעריבער בעשלאָסען זיך צו בעפרייען פון זיין דעה איבער איהם. ער האָט איבערהויפּט ניט געוואָלט האָבען איבער זיך קיין גובערנאַטאָר. זיין שטאַרקער קוראַזשליוועך גייסט האָט געפאָרדערט וואָס מעהר זעלבסט־שטענדיגקייט. זיין וואונש איז געווען צו זיין דירעקט פעראַנטוואָרט־ליך צום קעניג פון שפּאַניען און צו קיין אַנדערען.

צו דיעזען צוועק, האָט ער ערקלערט, אז ער גרינדעט אַ שטאדט. מיט אַנדערע ווערטער, — זיין לאַגער מיט די ביידלעך האָט ער פּלוצ־לינג אַ נאָמען געגעבען שטאדט. אַלס „שטאדט" האָט דער לאַגער בעקומען זיין אייגענע שטאדט־רעגיערונג, וועלכע איז שוין ניט געווען אונטער דעם גובערנאַטאָר פון קובאַ, נור דירעקט אונטער דעם שפּאַני־שען טהראָן. צי דאָס איז טאַקע געווען ריכטיג לויט דיא געזעצע פון שפּאַניען, צי דאָס איז בלויז געווען אַזאַ מין יוריסטישער פּשט'ל, — אַבי אַזוי האָט קאָרטעס דאָס געזעץ געטייטשט, און מיט דער הילף פון דיא אָפיצערען וואָס זיינען איהם געווען טריי, איז דאָס אזוי אָנגענומען געוואָרען.

דיא נייע „שטאדט“ האָט ער אַ נאָמען געגעבען ווילא ריקא דע ווערא קרוץ (דיא רייכע שטאדט פון דעם אמת'ן צלם), אָדער פראָסט ווערא קרוץ, וויא מען רופט עד היום דיא גרויסע רייכע שטאדט, וואָס איז שפּעטער אויסגעוואקסען ניט ווייט פון דאָרטען.*)

ווען דיא נייע „שטאדט־רעגיערונג“ האָט געהאַט איהר ערשטע זיצונג, איז קאָרטעס ערשיענען, און אראָבנעהמענדיג דיא היטעל, און בייגענדיג זיך, האָט ער „רעזיגנירט“ פון זיין שטעלע אלס קאפּיטאן־גענעראל פון דער ארמיי. דיעזע שטעלע זיינע עקזיסטירט שוין מעהר ניט, האָט ער ערקלערט; איהר פּלאַץ פערנעהמט איצט דיא הער־שענדע מאכט פון דיא וואָס פערוואלטען דיא שטאדט ווערא קרוץ. ער האָט זיך וויעדער פערנייגט און איז ארויס פון צימער אין דער ראָלע פון אַן איינפאכען בירגער. דער „שטאדט־ראטה“ האָט אָבער באלד איהם געשיקט רופען צוריק, און האָט איהם געמאכט פאר קאפּיטאן־גענעראל און הויפּט־ריכטער פון דער ווערא קרוצער קאָלאָניע אין דעם נאָמען פון דער שפּאנישער קרוין.

דיא קאָמעדיע איז אָבגעשפּיעלט געוואָרען זעהר גלאַט. דערנאָך האָט זיך אפילו אָנגעפאנגען א מישעניגע צווישען די וואָס זיינען געווען טריי וועלאַסקעץ'ן, אבער דורך אינטריגען, פון איין זייט, און דורך זיין רעדנער־טאלענט, פון דער אנדערער זייט, האָט קאָרטעס דאָס רוב פון זיינע געגנער פערוואנדעלט אין ווארימע אנהענגער. עס זיינען איבערגעבליעבען בלויז עטליכע, און זייערע אנפיהרער זיינען געווען דער אויבענדערמאָנטער אָפיציער אָרדאז, איינער וועלאסקעץ דע לעאָן (דעם קובאנער גובערנאטאָר'ס אַ קרוב) און א געוויסער עסקאָבאר. אַלזאָ האָט קאָרטעס זיי אַלעמען דרייען געלאָזט שמידען אין קייטען און פערשפּארען אויף דיא שיפען אַלס בונטאָווסטשיקעס געגען דעם ווילען פון דער שטאדט ווערא קרוץ. (וועלאסקעץ דע לעאָן איז דערנאָך געוואָרען איינער פון קאָרטעס'עס טרייסטע אָפיציערען).

ער האָט אַזוי געמאכט, אַז זיינע אָפיציערען און סאָלדאטען זאָלען

*) ווערא קרוץ איז היינט דער גרעסטער האפען פון דער מעקסיקאַנישער רעפּובליק. די גאַנצע פּראָווינץ אָדער שטאַאַט טראָגט אויך דעם נאָמען ווערא קרוץ.

אויסקומען פונקט אַזוי שולדיג וויא ער, און זיי זאָל זיך ניט לוינען פון איהם אָבצושטעהן. און וואָס ווייטער וועט זיין, האָט ער איבער־הויפּט זיך ווייניג געקימערט. איין מאָל האָט ער זיך בעשלאָסען אויף אַ געוואַגטע, געפעהרליכע זאַך, איז ער ניט געווען דער זאָרט מענש דערנאָך צו נעהמען צווייפלען, חרטה האָבען, זיך נעהמען דעם לעבען.

ווען עס איז שטיל געוואָרען, איז ער אַוועק אָבגעבען דעם וויזיט אין סעמפּאָאַלאַ. דער וועג אַהין האָט צוערשט זיך געצויגען דורך וויסטע זאַמדיגע ערטער, אָהן אַ ברעקעל פלאַנצונג. פון צייט צו צייט האָט זיך געזעהן דער בלויער אַטלאַנטישער אָקעאַן, און פון ווייטען דער ווייסער מיט שנעע־בעדעקטער שפּיץ פון דעם ריעזיגען אָריזאַבאַ בארג. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבען זיך גענומען בעווייזען שטיקלעך גרינס. דיא לאַנד איז געוואָרען פרוכטבארער, שעהנער און אנגענעהמער פאַר'ן אויג, ביז דיא רייזענדע האָבען דער־גרייכט אַ געגענד פון ברייטע רייכע לאָנקעס, קאָקאָ וועלדלעך און פאַלמען־בוימער. זיי האָבען בעגעגענט הירשען און געוויסע חיות און פויגלען, וואָס זיי האָבען נאָך קיין מאָל ניט געזעהען. איינער פון דיעזע פויגלען, פון וועלכע מען האָט אין אייראָפּאַ, אַזיען און אפריקאַ פריהער ניט געוואוסט, איז געווען דער אינדיק. פון מעקסיקאָ האָט מען איהם דערנאָך אַריבערגעבראַכט נאָך אייראָפּאַ.*)

קאָרטעס מיט זיין אַרמיי זיינען דורכגעגאַנגען דורך פערלאָזענע דערפער. זיי האָבען געזעהן טעמפּלען, מיט ווייראַך־פענדלעך מיט אַנדערע הייליגע געצייג; וויא אויך צונויפגעלעגטע בלעטער פון אַגאַווע פּאַפּיער, וואָס זיינען געווען פערשריעבען מיט בילדער־שריפט.

---

*) מיט זייער נאָמען האָבען די אינדיקעס געהאַט דעם זעלבען שיקזאַל ווי די מענשען פון אַמעריקאַ. אַזוי ווי מען האָט לאַנג געמיינט, אַז דאָס איז אינדיען (אזיען), האָט מען די דאָרטיגע מענשען אַ נאָמען געגעבען אינדיאַנער און דעם דערמאָנטען עוף — אינדיקעס אָדער אינדישע העהנער. אויף ענגליש רופט מען דאָס „טוירקי“, ווייל טערקען האָבען מיט אַ קורצע צייט פריהער אַריינגעדרונגען אין אייראָפּאַ פון אזיען, און דער וואָרט „טערק“ איז געווען דאָס זעלבע וויא איינוואוינער פון אַזיען.

אין דיא זעלבע טעמפלען האָבען זיי געפונען צושניטענע קערפּערס פון מענשען־קרבנות.

ווען זיי זיינען צוגעקומען נאָהענט צו דער שטאָדט, האָבען זיך פאר זייערע אויגען בעוויעזען גוט־בעארבייטע פעלדער, גערטנער און סעדער. ביסלעכווייז האָבען זיי געגומען בעגעגענען מענשען, וועלכע האָבען זיי בעגריסט מיט בלומען. קאָרטעס'עס קיווער האָט מען בעציערט מיט א בוקעט פון ראָזען, און זיין פערד האָט מען אָנגעטהאָן א בלומענקראנץ אויפ'ן האלז. קיין זאך האָבען דיא היגע אינדיאנער ניט אזוי ליעב געהאט וויא בלומען. דיא מענער האָבען געטראָגען מאנטלען פון באוועלנע מאטעריע איבער די שולטערען, און אונטען אויפ'ן נאקעטען קערפּער — א ברייטען גארטעל. דיא פרויען זיינען געווען געקליידט אין לאנגע באוועלנע קליידער פון פערשיעדענע קאָלירען. ביי איינציגע פרויען איז דיא קלייד געגאנגען פון האלז אָן; ביי אנדערע איז דער קערפּער ביז דער טאליע געווען נאקעט. ביידע געשלעכטער האָבען געטראָגען ציערונג ארום האלז און זייערע אויערען און נעזער זיינען געווען דורכגעלעכערט צו מאכען פּלאץ פאר רינגען.

ווען דיא שפאניער זיינען אריין אין סעמפּאָאלא גופא, האָבען זיי דאָרטען געפונען פיעלע הייזער פון שטיין אָדער פון אדאָבע ציעגעל.*) דאָס זיינען געווען די בעסערע און גרעסערע געביידעס. אנדערע זיינען געווען געמאכט פון ליים און ערד. די דעכער פון אלע הייזער זיינען בעשטאנען פון פאלמען־בלעטער, און זיי זיינען געווען אזוי גוט צוזאמענגעפלאָכטען, אז עס האָט ניט געקענט אריינקומען קיין טראָפּען רעגען. וויא פיעל איינוואָוינער דיא שטאָדט האָט ענטהאלטען, קען מען ריכטיג ניט וויסען, וויל דיא בעריכטען איבערטרייבען שטארק און ווידערשפּרעכען זיך שטארק. אונגעפעהר ביי 25 טויזענד האָט זיא מסתמא געהאט.

דיא שפאניער האָבען לאנגזאם מארשירט דורך דיא שמאָלע גאסען, וועלכע זיינען יעצט געווען געפּאקט מיט מענשען. קאָרטעס און זיינע בעגלייטער האָבען ניט געקענט אָברייסען דיא אויגען פון דיא

*) „אַדאָבע" איז אַזאַ ליים אָדער בלאָטע, פון וועלכע אין די הייסע אַמעריקאַנער געגענדען מאַכט מען אַן אָרימען זאָרט ציגעל, וועלכער ווערט געטריקענט אויף דער זון.

פערשיעדענע סמנים פון ענטוויקלונג, וואָס זיי האָבען ארום זיך געזעהען, דיא העכסטע קולטור וואָס זיי האָבען פריהער ווען־עס־איז געטראָפען אין אַמעריקאַ. און דיא איינוואוינער פון סעמפּאָאַלאַ, וויעדער, האָבען מיט גרויס בעוואונדערונג בעקוקט דיעזע אונגעוועהנ־ליכע מענשליכע בעשעפעניסען מיט דיא ווייסע פּנים'ער און געדיכטע בערד. דיא גרויסע פיער־פיסיגע חיות, אויף וועלכע אייניגע פון זיי האָבען געריטען, דיא זאָנדערבאַרע קליידער און געוועהר וואָס זיי האָבען געטראָגען.

דער קאַסיק אָדער עלסטער איז אַרויסגעקומען מקבל פּנים זיין דיא געסט לעבען דעם הויז וואו ער האָט געוואוינט. ער איז געווען אַ הויכער, דיקער אינדיאַנער. געהענדיג האָט ער זיך אָנגעלעהנט אָן צוויי בעגלייטער. ער האָט קאָרטעס'ען בעגריסט מיט גרויס צערעמאָ־ניע, און איהם מיט זיין אַרמיי איינגעלאַדען זיך צו בעזעצען אין אַ דערבייאיגען טעמפעל, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסען הויף. דאָ האָט מען זיי בעזאָרגט מיט אינדיק־פלייש און מיט קוקורוזע קוכענס. קאָרטעס'ען האָט דער קאַסיק געשאָנקען פערשיעדענע ציערונג פון גאָלד און פון באַוועלנע מאַטעריעס.

זיין וויזיט צו דעם קאַסיק'ס וואוינונג האָט קאָרטעס געמאַכט דעם נעכסטען טאָג. דאָס איז געווען אַ הויז פון שטיין און וואַפּנע אויף דעם שפּיץ פון אַ משופּע'דיגען בערגעל, צו וועלכען מען איז ארויפ־געגאַנגען איבער שטיינערנע טרעפּ. קאָרטעס איז אַהין געקומען מיט פופציג סאָלדאַטען. דיא סאָלדאַטען האָט ער אָבער איבערגעלאָזען אויפ'ן הויף און אינוועניג איז ער אַריין בלויז מיט איין אָפיציער און מיט מאַרינאַ'ן, זיין שעהנע קעבס־ווייב און דאָלמעטשערין. אין דעם געשפּרעך, וואָס קאָרטעס האָט געהאַט מיט דעם קאַסיק, האָט ער איהם געפּרובט ערקלערען דיא פּרינציפּען פון דער קריסטליכער רעליגיאָן און אויסגעדריקט זיין וואונש, אַז דיא איינוואוינער פון סעמפּאָאַלאַ זאָלען דיעזע אמונה אָננעהמען. דער קאַסיק האָט איהם אָבער געענטפערט, אַז זיינע געטער גיבען זיין פאָלק רעגען און זונענ־שיין, און ער איז צופריעדען מיט זיי. רעדענדיג וועגען וועלטליכע זאַכען, האָט ער זיך בעקלאָגט אויף דער באַרמלאָזיגקייט, מיט וועלכע דיא אַצטעקען הערשען איבער דער פּראָווינץ. „מיין אויבער־האַרר'ס הויפּטשטאָדט איז ביי אַן אָזערע“ — האָט ער געזאָגט, מיינענדיג

מאָנטעזומאַ'ן — „דאָס איז ווייט פון דאַנען צווישען דיא בערג. ער איז שטרענג און צאַפּט אונזער בלוט אָהן רחמנות. און ווען מיר סמייען ניט צו פאָלגען, נעהמט ער פון אונז צו יונגע טעכטער און זיהן און ברענגט זיי פאַר אַ קרבן צו זיינע געטער."

ווען קאָרטעס האָט דאָס אויסגעהערט, האָט ער איהם פערזיכערט, אַז מעהר וועט מאַנטעזומאַ שוין דאָס ניט סמייען צו טהאָן, און אַז צו דיעזען צוועק האָט דאָס דער מעכטיגער שפּאַנישער קעניג געשיקט איהם, קאָרטעס'ען, צו בעשיצען דיא אונטערדריקטע און צו בעשטראָפען דיא אונטערדריקער.

דער קאַסיק האָט ווייטער ערקלערט, אַז דיא טאָטאָנאַק לאַנד ענטהאַלט דרייסיג שטעדטלעך און דערפער, וועלכע קענען אַרויסשטעלען אַ גרויסע אַרמיי, און ער האָט בעמערקט, אַז דיא טאָטאָנאַקס זיינען ניט דיא איינציגע וואָס ליידען פון דעם אַצטעקישען יאָך, און אַז לעבען סעמפּאָאַלאַ ליעגט טלאַסקאַלאַ, דיא לאַנד פון אַ העלדישען פאָלק, וועלכען דיא אַצטעקען זיינען ניט אין שטאַנד ביי־צוקומען. וועגען דיא שפּאַניער און זייער גבורה האָט דער קאַסיק געהערט פיעלע וואונדערליכע זאַכען, אבער אַז זיי וועלען זיך קענען שטעלען געגען דעם „גרויסען מאָנטעזומאַ" מיט זיין מעכטיגע אונ־געצעהלטע אַרמיי, האָט ער שטאַרק געצווייפעלט. קאָרטעס האָט איהם פערזיכערט, אַז איין שפּאַניער איז שטאַרקער וויא אַ גאַנצע מחנה אַצטעקען. פון דעסטוועגען האָט ער ביי דעם קאַסיק אויס־געפרעגט וועגען דיא ארומיגע פעלקער, וועלכע וואָלטען איהם מיטגעהאָל־פען אין אַ מלחמה געגען דיא אַצטעקען. ער האָט דאָס אבער געטהאָן בלומרשט אום צו וויסען ווער עס איז אַ דריקער און ווער אַ קרבן, — אום ניט צו אַטאַקירען דיא, וועמען ער איז געקומען רעטען. ווען ער האָט געזעהן, אַז זיינע רייד האָבען דעם קאַסיק צוגעגעבען מוטה און גלויבען אין דיא מאַכט פון דיא שפּאַניער, האָט ער זיך מיט איהם געזעגנט.

ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט צו זיינע אָפיציערען האָט ער זיי אָנגעזאָגט דיא פרעהליכע בשורה, אַז צו זייער אַרמיי וועלען צושטעהן גרויסע מחנות פון אינדיאַנישע פעלקער, און אַז ניט מיט קיין הייפעלעך נור מיט גרויסע פעראייניגטע קרעפטען וועט ער געהן אויף מעקסיקאָ.

דיא שפאַנישע אַרמיי האָט בעדאַרפט זיך אריבערקלייבען אין טשיאהויטצטלא*), וועלכע איז געלעגען א מייל צוועלף פון סעמפּאָאַללא. אזוי איז בעשלאָסען געוואָרען, ווייל נאָהענט דערביי איז געוועזען א האפען; און דיא שיפען מיט דיא שווערערע קאַנאָנען האָט מען שוין אוועקגעשיקט פריהער.

אום דיא שפאַניער זאָל זיין גרינגער צו קומען אהין מיט זייער געוועהר און אַלע אנדערע משאות, האָט דער קאסיק זיי געגעבען פיער הונדערט „טאַמאַנען", דאָס הייסט טרעגער. א „טאַמאַן" האָט לייכט געטראָגען 50 ענגלישע פונט (אַרום 56 רוסישע פונט) און איינגעגאַנגען מיט דעם פון 15 ביז 18 ענגלישע מייל א טאָג. אַזעלכע טאַמאַנען זיינען געברויכט געוואָרען איבער אַלע מעקסיקאַנישע לענדער, און פון איצט אָן האָבען דיא שפאַניער זיך מיט זיי אומעטום בענוצט.

אויף מאָרגען איז דיא אַרמיי, מיט דיא „טאַמאַנען", אָנגעקומען אין טשיאַהויצטלאַ — א שטעדטעל, וועלכע איז געשטאַנען אויף א פעלז, וויא א פעסטונג, ביים ים, דאָס הייסט, ביי דעם גאָלף פון מעקסיקאָ, וויא מען רופט יענעם טייל פון דעם אטלאַנטישען אָקעאַן. דאָס רוב פון דיא איינוואוינער זיינען זיך צולאָפען פאַר שרעק. אָבער פופצעהן פון זיי, זייערע עלסטע, זיינען דיא געסט ארוים אַנטקעגען מיט בלומען און מיט ווייראַך, און ביסלעכווייז האָבען יענע אויך בעקומען קוראַזש און זיך אומגעקעהרט. באַלד איז אַהער אָנגעקומען דער קאסיק פון סעמפּאָאַללא אויך (מען האָט איהם גע־בראַכט צוטראָגען אויף א טראָג־שטוהל).

וויא קאָרטעס איז אַזוי געשטאַנען און גערעדט מיט איהם און מיט דיא עלסטע פון שטעדטעל, האָט ער בעמערקט א מישענינע צווישען דיא אינדיאַנער. אימיצער איז אָנגעקומען, און דער עולם איז אזוי וויא צוציטערט געוואָרען. באַלד האָבען זיך בעוויעזען פינף רייך־געקליידעטע אינדיאַנער. לויט זייערע שטאָלצע מאַניערען, דיא זאָנדערבאַרע פאָרמע פון זייערע בגדים און איינינע אַנדערע זאַכען,

*) די נעמען פון מעקסיקאָ און ארומיגע לענדער זיינען שווער אויס־צורייידען. אום דעם לעזער זאָל דאָס זיין לייכטער, זאָל ער יעדען לאַנגען נאָמען ביי זיך אין געדאַנקען צוטיילען. „טשיאַ־הויטצ־טלאַ", צום ביישפּיעל, „סעם־פּאָ־אַלאַ", „קוועטצ־אַל־קאָאַטל", א. ז. וו.

האָט ער געקענט זעהן, אַז זיי בעלאַנגען ניט צו דעם טאָטאָנאַק שבט. זייערע בליסטשענדע שוואַרצע האָר זוינען געווען פערבונדען אין אַ קניפּעל אין מיטען קאָפּ. זיי זיינען געגאַנגען מיט גאוה מיט בלומען אין דיא הענד, און פון הינטען זיינען נאָכגעגאַנגען זייערע בעגליי־טער, אייניגע מיט לאַנגע שטעקענס מיט שטריקלעך, און אַנדערע מיט פּאָכערס, מיט וועלכע זיי האָבען אַראָבגעטריבען דיא פליגען פון דיא פינף וואַזשנע לייט.

ווען דיעזע פינף טשינאָווניקעס זיינען פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דיא שפּאַניער, האָבען זיי אויף זיי אַ וואָרף געטהאָן אַ שטאָלצען בליק. באַלד זיינען צוגעלאָפען דיא עלטסטע פון דער טאָטאָנאַק שטעדטעל, און האָבען גערעדט צו זיי מיט גרויס אונטערטהעניגקייט.

קאָרטעס האָט געפרעגט ביי מאַרינאַ'ן, וואָס דאָס אַלעס בעדייט, און זיא האָט איהם ערקלערט, אַז דיא פינף מענער זיינען אַצטעקען, צינזען־זאַמלער פון מעקסיקאָ. לויט דיא צושראָקענע געזיכטער פון דיא טאָטאָנאַקס האָט מען אָבער געקענט זעהן, אַז זיי זיינען ניט געקומען נאָך געוועהנליכע צינזען. עס האָט זיך אַרויסגעוויעזען, אַז זיי האַלטען עס פאַר אַ פערברעכען פון דיא טאָטאָנאַקס פאַרוואָס זיי ווייזען אַרויס גאַסטפריינדליכקייט צו דיא שפּאַניער, אָהן מאָנטעזומאַ'ס ערלויבניס, און אַלס שטראָף פּאָדערען זיי צוואַנציג בחורים און צוואַנציג מייד־לעך פאַר קרבנות.

קאָרטעס איז אויפגעבראַכט געוואָרען. „זאָג דיא עלטסטע, אַז זיי זאָלען ניט סמייען צו ערפילען דיא חוצפה'דיגע פאָרדערונג“ — האָט ער געהייסען מאַרינאַ'ן. „זאָג זיי, אַז איך הייס דיא באַנדיטען זאָלען אַריינוואַרפען אין געפענגניס.“

די עלטסטע האָבען זיך דערשראָקען. ער האָט אָבער איבער־געזאָגט דאָס זעלבע מיט אַזאַ פעסטען, בעפעהלענדען טאָן, אַז זיי האָבען זיך פאַר איהם מעהר דערשראָקען וויא פאַר דיא פינף טשינאָוו־ניקעס און, ניט־ווילענדיג, האָבען זיי איהם געפאָלגט. דיא פינף אַצטעקען האָט מען געכאַפּט, געבונדען הענד און פיס און אַוועק־געפיהרט.

און דאָ האָבען מיר אַ מוסטער פון קאָרטעס'עס „פּאָליטיק“. דעם זעלבען אבענד, האָט ער דורך זיינע שפּאַנישע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געווען אַרום דער געפענגניס, אַזוי געמאַכט אַז צוויי פון די אַרעסטירטע

צינזען זאַמלער זאָלען אַנטלויפען. דערנאָך האָט מען זיי אין געהיים געבראַכט צו איהם. ריידענדיג מיט זיי האָט ער פערדאַמט דיא טאָטאָ־נאַקס, פאַר וואָס זיי האָבען זיי אַרעסטירט. ער האָט זיי געהאָלפען אַנטלויפען נאָך מעקסיקאָ, און צוגעזאָגט אויף מאָרגען צו בעפרייען זייערע דריי חברים אויך. דערביי האָט ער זיי געבעטען, ווען זיי וועלען קומען נאָך מעקסיקאָ, צו דערצעהלען מאָנטעזומאַ'ן, אַז ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס ער איז אַזוי אונפריינדליך צו דיא שפּאַניער, האָבען זיי צו איהם פון דעסטוועגען דעם גרעסטען רעספּעקט.

ווען דיא טאָטאָנאַקס האָבען זיך דערוואוסט, אַז דיא צוויי געפאַנ־גענע זיינען אַנטלאָפען, האָבען זיי פון כעס געוואָלט דיא איבעריגע מקריב זיין צו זייערע געטער; קאָרטעס האָט אָבער געזאָגט, אַז דאָס קען ער ניט ערלויבען. כלומרשט אום צו בעוואָרענען אַז זיי זאָלען אויך ניט אַנטלויפען, האָט ער געהייסען זיי אַוועקפיהרען אויף איינע פון זיינע שיפען; און פון דאָרט האָט ער זיי געלאָזען געהן.

קאָרטעס'עס נעכסטער שריט איז געווען אויפצופאָדערען דיא עלסטע פון די טאָטאָנאַקס צו לאָזען וויסען אין אַלע זייערע שטעדט־לעך און דערפער, אַז פון היינט אָן זאָלען זיי דיא אַצטעקען מעהר ניט צאָהלען קיין צינזען; און, ניט ווילענדיג, האָבען דיא עלסטע איהם געפאָלגט. מיט פערשיעדענע מיטלען האָט ער אויף זיי אַזוי געווירקט, אַז זיי האָבען געשוואָרען טרייהייט צו שפּאַניען און האָבען זיך געשטעלט אונטער זיין פאָהן אַלס זיינע מיטקעמפפער געגען זייערע אונטערדריקער. זיי האָבען נאַטירליך געמיינט, אַז דאָס שטעלען זיי זיך פאַר זייער פרייהייט. דיא צוקונפט האָט זיי אָבער בעוויזען אַז זיי האָבען אַ ביטערען טעות געהאַט.

קאָרטעס האָט זיך גענומען בויען אַ שטאָדט ניט ווייט פון ט ש י־אַ ה ו י ט צ ט ל אַ, — אויף אַ פרוכטבאַרע פלאַכע שטיק לאַנד לעבען האַפען. אינדיאַנער האָבען געטהאָן דיא שווערסטע אַרבייט, אָבער יעדער שפּאַניער האָט אויך אַנטהייל גענומען, און דער קאָמאַנדיר אַליין איז אויך ליידיג ניט געגאַנגען. אין עטליכע וואָכען זיינען שוין געשטאַנען געמויערטע הייזער, אויסגעשטעלט אין גאַסען מיט שפּייכ־לערס און שייערען. איינע פון דיא ערשטע זאַכען וואָס מען האָט אויסגעבויט איז געווען אַ טורמע מיט אַ תליה.

דיעזע שטעדטעל האָט געדאַרפט דיענען אַלס מיטעל־פּונקט פיר קאָרטעס'עס ווייטערע מאַרשען און מלחמות; און געהייסען האָט דאָס אז דאָס אַלץ בעלאַנגט צו דער „שטאָדט־רעגיערונג" פון ו ו י ל א ר י ק א ד ע ו ו ע ר א ק ר ו ץ, צו דער אָרגאַניזאַציאָן פון „בירגער־סאָלדאַטען", וועלכע האָט זיך געגרינדעט אין דעם נאָמען פון דער שפּאַנישער קרוין.

אין אַ קורצע צייט אַרום זיינען אָנגעקומען שלוחים פון מעקסיקאָ. מאָנטעזומאַ האָט זיי געשיקט אויסצודריקען זיין צופריעדענהייט מיט דעם, וואָס קאָרטעס האָט בעפרייט דיא אַרעסטירטע צינזען־זאַמלער, און צו דער זעלבער צייט — זיין בעדויערען וואַרום דיא שפּאַניער העלפען דיא טאָטאָנאַקס אין זייער אויפשטאַנד. ער איז געווען זיכער — האָט ער געזאָגט דורך דיא שלוחים — אַז דיא שפּאַניער זיינען דאָס דיא מענשען מיט ווייסע געזיכטער און גרויסע בערד, וועגען וועמען דיא אַצטעקישע נביאים האָבען פאָראויסגעזאָגט, און אויס רעספּעקט צו זיי וועט ער דיא טאָטאָנאַקס דיעזען מאָל שיינקען, הגם שפּעטער וועט ער זיך מיט זיי אָברעכענען.

קאָרטעס האָט דיא שלוחים פיין מכבד געווען מיט שפּייז און געטראַנק. ער האָט אָבער פאַר זיי אויך געוויזען וויא עס שיסען קאַנאָנען, וויא עס פעכטען בלאַנקעדיגע שטאָהלענע שווערדען, וויא עס שפּרינגען און טראַמפּלען פערד. דאָס אַלעס האָט ער געטהאָן אום דיא שלוחים זאָלען בעקומען אַ טיעפען איינדרוק וועגען זיין איבער־נאַטירליכע מאַכט און אַז זיי זאָלען וועגען דאָס אַלעס דערצעהלען מאָנטעזומאַ'ן. ווען זיי האָבען זיך מיט איהם געזעגענט, האָט ער זיי געהייסען איבערגעבען מאָנטעזומאַ'ן זיין וואַרימסטען גרוס און איהם זאָגען, אַז ער האָפט אין גיכען צו קומען איהם בעזוכען, און אַז דאַן וועלען זיי שוין וועגען אַלעס דורכקומען אויפ'ן פריינדליכסטען אופן.

איינציגע וואָכען נאָך דעם האָט דער קאַסיק פון סעמפּאָאַלאַ זיך געווענדעט צו זיין „פריינד" קאָרטעס'ען, אַז ער זאָל זיך פאַר איהם אָננעהמען אין אַ מחלוקה וואָס ער האָט געהאַט מיט אַ דערבייאיגען טאָטאָנאַקשען שבט. דער שפּאַנישער גענעראַל איז אַוועק אַהין מיט אַ טהייל פון זיין אַרמיי און האָט צווישען דיא צוויי צדדים שלום געמאַכט. אויס דאַנקבאַרקייט האָט דער קאַסיק פון סעמפּאָאַלאַ איהם פאָרגעשלאָגען אַלס מתנה אַכט אינדיאַנישע מיידלעך, רייך געקליי־

דעטע, אין גילדערנע קראַגענס און אַנדערע ציערונגען, און יעדע מיט עטליכע שקלאַפינען, וואָס זאָלען איהר בעדיענען. דער קאַסיק האָט זיי איהם פאָרגעשלאָגען אַלס פרויען, אָבער ער האָט איהם געענטפערט, אַז אום אַ שפּאַניער זאָל מעגען הייראַטהען אַ אינדיאַנערקע, מוז זי צוערשט ווערען אַ קריסטין. ער האָט ווידער גענומען דרשנ'ען וועגען דיא קריסטליכע רעליגיאָן, און יענער האָט ווידער געענטפערט, אַז ער דאַרף ניט קיין בעסערע געטער ווי זיינע אייגענע, וויל זיי בעזאָרגען זיין פאָלק מיט זונען־שיין, מיט רעגען און מיט פרוכטבאַרע פעלדער.

אָבער אַרויסווייזען זיינע רויט־הויטיגע „פריינד" איידעלקייט האָט קאָרטעס שוין מעהר ניט געפונען פאַר נויטיג. אויף זיין בעפעהל זיינען דיא שפּאַניער אַרויף אויף דעם באַרג, וואו דער גרעסטער טעמפעל איז געשטאַנען און גענומען אַראָבקייקלען דיא געטער פון דיא שטיינערנע טרעפּ. דאַן האָט דער קאַסיק אויך פערלאָרען דיא געדולד און ער האָט געגעבען זיינע מענשען אַ סיגנאַל צו בעשיצען זייער רעליגיאָן. עס זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפען אינדיאַנער פון אַלע זייטען. אינדיאַנישע גלחים, אין שוואַרצע באַוועלנע היטלען און מיט האָר, וועלכע איז געווען פערפלאָכטען און פערקלעפּט מיט דיא פערגליווערטע בלוט פון מענשליכע קרבנות, זיינען אַרומגעלאָפען וויא דיא ווילדע, רופענדיג צום עולם, אַז ער זאָל ניט לאָזען „פערשוועכען" דיא הייליג־קייט פון זייערע געטער. עס איז געוואָרען אַן אונבעשרייבליכע מישענינע. עס האָט געשמעקט מיט אַ בלוטיגען צוזאַמענשטויס. אָבער קאָרטעס, מיט זיין אייזערנע האַנד, האָט אַלץ גלייך איינגעשטילט. ער האָט דעם הויפּט־קאַסיק און עטליכע אַנדערע פון די עלסטע געלאָזען שמידען אין קייטען און זיי אויפגעפאָדערט צו בערוהיגען דיא מאַסע. ווען איין פייל וועט געציעלט ווערען אין אַ שפּאַניער, וועט קיין איינציגער טאָטאָנאַק לעבעדיג ניט בלייבען, האָט ער ערקלעהרט; און מאַרינאַ, פון איהר זייט, האָט פאַר איהרע לאַנדסלייט געהאַלטען אַ רעדע, אין וועלכע זי האָט זיי אויפגעוויזען וויא געפעהרליך פאַר זיי וואָלט געווען איינצורייסען מיט דיא ווייסע, הויפּטזעכליך איצט, ווען דיא אַצטעקען דורשטען אַזוי צו נעהמען ראַכע פון זיי.

דער הויפּט־קאַסיק האָט זיך געבויגען. צודעקענדיג זיין געזיכט מיט דיא הענד האָט ער אויסגעשריען, אַז זיינע געטער וועלען שוין אַליין זיך אָברעכענען פאַר דיא עולות וואָס זיי האָבען אויסצושטעהן.

דער סוף איז געווען אז אויף דעם פלאץ פון דעם וויכטיגסטען טאטאנאקשען גאט האט מען אויפ'ן אלטאר אין דעם טעמפעל, ארויפ־געשטעלט א בילד פון דער הייליגער מאריא, און דיא אינדישע גלחים האבען זייערע שווארצע קיטלען איבערגעביטען אויף ווייסע, און מיט וועקסענע ליכט אין דיא הענד האבען זיי אנטהייל גענומען אין דער צערעמאניע אלס קאטהוילישע גייסטליכע. אלמעידא, א שפאניישער גלח, האט מיט גרויס פאראד געפראוועט א תפלה.

ווען קארטעס האט זיך אומגעקעהרט אין וועראקרוז, האט ער צו זיין איבערראשונג דארטען געפונען א נייע שפאנישע שיף, וועלכע איז אין זיין אבוועזענהייט אנגעקומען מיט צוועלף סאלדאטען און צוויי פערד. דער קאפיטאן פון דער שיף, איינער סאוסעדא, איז געווען אן אוואנטוריסט וויא פיעלע שפאניער פון יענע צייטען, און ער האט נאכגעפאלגט קארטעס'עס סליאד. איצט איז ער אלזא צוגע־שטאנען צו קארטעס'ען. די צוועלף נייע מענשען מיט זייערע צוויי פערד זיינען פאר דער קליינער ארמיי מיט איהרע זעכצעהן פערד געווען א גוטע געווינס.

פון דיא געסט האט קארטעס זיך דערוואוסט, אז וועלאסקעז האט פון דער שפאנישער רעגיערונג בעקומען דיא ערלויבניס אין דיא נייע־ערטאבערטע לענדער צו גרינדען נייע קאלאניעס אונטער זיין שוץ. עס איז געווען לייכט צו פערשטעהן, אז ווען וועלאסקעז וועט הערען דאס קארטעס האט פון זיך אראבגעווארפען זיין קאנטראל, וועט ער ניט שווייגען. קארטעס האט דעריבער זיך בעשלאסען איהם צו פערלויפען דעם וועג, און צו האבען דעם קעניג אויף זיין זייט, איידער ער, דער גובערנאטאר פון קובא, וועט אנגעבען א קלאגע אויף איהם. דער מיטעל דערצו איז געווען ווי געוועהנליך — גאלד. מיט רעדעס און דורך פערשיעדענע אנדערע וועגען האט ער באלד גע'פועל'ט ביי דיא סאלדאטען, אז דיעזען מאל זאל יעדער זיך ענטזאגען פון זיין חלק אין דיא אוצרות, וואס דיא ארמיי האט בעקומען פון מאנטעזומא'ן און פון דיא אנדערע אינדיאנער, און אז דאס אלץ זאל מען אוועקשיקען אלס מתנה צום קעניג (קארטעס האט, נאטירליך, זיין חלק אבגעגעבען דער ערשטער). דאן האט ער אויפגעשריעבען א לאנגען בריעף צום שפאנישען קיסר (פערדינאנד'ס איינעקעל, קארל דער 5־טער). ער

האָט געשילדערט דיא געפאַהרען וואָס ער מיט זיין אַרמיי זיינען אויסגעשטאַנען און דיא אונגעוועהנליכע העלדענטהאַטען מיט וועלכע זייער הייפעלע האָט בעזיעגט מעכטיגע אינדיאַנישע פעלקער. ער האָט אָנגעוויזען אויף דיא שטערונגען, וואָס ער וואָלט געהאַט פון דעם קובאַנער גובערנאַטאָר, און האָט געבעטען, אַז מען זאָל איהם ערלויבען פאָרטצוזעצען זיין רייזע אַלס דער דירעקטער פאָרשטעהער פון דער שפּאַנישער קרוין, פערשפּרעכענדיג אין קורצען צו לעגען פאַר קאַרל'ס פיס אַ רייכע און מעכטיגע „אינדישע אימפּעריע".

דער בריעף איז געוועזען געשריעבען מיט שטאַרקע שעהנע פראַזען. נור דיא שטאַרקסטע „פראַזע" איז געוועזען דער אוצר, וועלכער איז געגאַנגען צוזאַמען מיט דעם בריעף.

און דיא „פאָרשטעהער" פון דער שטאָדט ווילאַ ריקאַ דע וועראַ קרוץ האָבען געשריעבען אַ בעזונדערען בריעף צום קיסר. זיי האָבען שאַרף אַטאַקירט וועלאַסקעצ'ען, איהם בעשולדיגט אין גאָלד־דורשט, אונעהרליכקייט און אונטרייהייט צו דער קרוין, און האָבען געבעטען, אַז ער זאָל ניט קענען שטערען דעם וואוקס פון זייער קאָלאָניע און אַז מען זאָל אַלץ פערטרויען הערנאַנדאָ קאָרטעס'ען.

עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז דיעזען בריעף האָט דיקטירט קאָרטעס.

אַלס שלוחים צו ברענגען דיא בריעף מיט דער מתנה נאָך שפּאַניען האָט קאָרטעס אויסגעקליבען צוויי אָפיציערען, וועלכע ער האָט געקענט געטרויען: מ אָ נ ט ע ר אָ און פּ ו ע ר ט א ק א ר ר ע ר א. דער לעצ־טער איז אויך געוועזען וויכטיג מיט דעם, וואָס ער איז געוועזען אַ קרוב פון אַ געוויסען אַריסטאָקראַט, וועלכער האָט געשפּיעלט אַ ראָלע אין דעם קעניגליכען הויף.

צוזאַמען מיט דיא בריעף און מיט דער מאַסע גאָלדענע און זיל־בערנע זאַכען, וואָס זיי האָבען געפיהרט, האָבען זיי מיטגענומען עטליכע מעקסיקאַנישע בילדער־שריפטען (איינינגע אויף באַוועלנע מאַטעריע און אַנדערע אויף אַגאַווע פּאַפּיער). דאָס האָט קאָרטעס געשיקט אום צו ווייזען, אַז דיא אינדיאַנער וואָס ער האַלט אין איינ־נעהמען זיינען פיעל העכער ענטוויקעלט וויא די היספּאַניאָלער אָדער קובאַנער אינדיאַנער. אויך האָט ער דעם קיסר געשיקט פיער אינדיאַנער,

וואָס ער האָט בעפרייט פון א שטייג, ביי א טעמפּעל, וואו מען האָט זיי געהאַלטען געגרייט אַלס קרבנות.

א קורצע צייט נאָך דעם וויא דיא צוויי אָפּיציערען זיינען אָבגעפאָהרען, האָבען זיך אייניגע פון דער אַרמיי צובונטעוועט. זיי האָבען זיך ענטזאַגט צו מאַרשירען ווייטער אין דיא אונבעקאַנטע לענדער מיט אונבעקאַנטע געפאַהרען. זייער פּלאַן איז געווען צו זעצען זיך אויף איינע פון דיא שיפען און צו שווימען צוריק נאָך קובאַ. מען האָט דיא שיפען שוין בעזאָרגט מיט שפּייז און מיט וואַסער. אין דיא לעצטע פּאָר שטונדען אָבער, ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיג צום אָפּרייזען, האָט זיך קאָרטעס דערוואוסט פון דעם פּלאַן, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז צוויי פון דיא אָנפיהרער האָט ער געלאָזט הענגען און איינעם (דעם, וואָס האָט געזאָלט פיהרען די שיף) האָט ער געהייסען אָבשניידען דיא פיס.

אום מען זאָל אַזאַ פערשווערונג מעהר ניט קענען מאַכען, אום זיינע סאָלדאַטען זאָלען וויסען איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַז וועגען אומקעהרען זיך נאָך קובאַ איז ניטאָ וואָס צו ריידען, איז ער געפאַלען אויף א פּלאַן, אויף וועלכען בלויז אַ מענש מיט אַזאַ גייסט פון אייזען און פייער וויא זיינער וואָלט געקענט פאַלען.

מיט אַכצעהן הונדערט יאָהר פריהער האָט אַ העלדישער גריכי־שער קאָמאַנדיר, אַריינדרינגענדיג אין אַ פרעמדע לאַנד, אומישנע פערברענט זיינע שיפען, אום אַ טהייל פון זיין אַרמיי זאָל ניט זיין פערנומען ביין היטען זיי. ווען ער וועט זיעגען, וועט ער האָבען דעם שונא'ס פלאָטע, אויב ניט — וועט איהם זיין פלאָטע אויך שוין ניט רעטען. אַזוי האָט ער זיך געטראַכט. אויב קאָרטעס האָט געהאַט אין זינען דעם ביישפּיעל פון דיעזען פאַרצייטיגען גענעראַל, קען מען ניט וויסען. יעדענפאַלס האָט ער זיך בעשלאָסען צו טהאָן וויא ער. בלויז אָנשטאָט דיא שיפען צו פערברענען האָט ער זיי געלאָזט דערטרינקען.

און געטהאָן האָט ער דאָס בשתיקה, מיט דער הילף פון אייניגע מאַטראָזען, וועלכע זיינען געווען פערטרויט מיט דעם פּלאַן. דריי פון דיא שיפען האָבען דיעזע מאַטראָזען איינפאַך צולעכערט און געלאָזט זינקען. דאַן האָבען זיי כלומרשט בעריכטעט אַז זיי זיינען געווען צולעכערט פון ים־ווערים און אַז דיא איבעריגע שיפען טויגען שוין אויך ניט. קאָרטעס האָט דאַן גע'טענה'ט, אַז עס לוינט זיך ניט צו

פרופען זיי פעררינכמען, און מיט זיינע קלוגע, ווירקזאַמע רייד האָט ער דיא אַרמיי איבערצייגט, אַז עס איז בעסער זיי שוין אויך צו דערטרינקען, — אום מען זאָל ניט דאַרפען זיי אומזיסט היטען. און אַזוי האָט מען געטהאָן. איין שיף איז פון דעסטוועגען איבערגעבליבען. באַלד האָבען די סאָלדאַטען זיך דערוואוסט דעם אמת, און עס איז געוואָרען אַ גערודער. זיי האָבען געשריען, אַז קאָרטעס האָט זיי מיט אַ שווינדעל געבראַכט אין זייער יעצטיגע לאַגע אום זיי צו פיהרען צו דער שחיטה וויא דיא פיה. אויף דעם האָט ער געענטפערט מיט אַ פייערדיגע רעדע, אַז אויב צווישען זיי זיינען פאַראַן טרוסען, וואָס האָבען קיין מוטה ניט פאָרטצוזעצען דעם מאַרש נאָך דער לאַנד פון אוצרות, טאָ זאָלען זיי בעסער פאָהרען אַהיים אויף דער איבערגע־בליבענער שיף. „זאָלען זיי זיך אומקעהרען נאָך קובאַ און דערצעהלען וויא אַזוי זיי האָבען פערלאָזען זייער קאָמאַנדיר מיט זייערע בראַווע חברים, און זאָלען זיי דאָרטען וואַרטען ביז מיר וועלען קומען אַהין אָנגעלאָדען מיט דיא אוצרות פון מעקסיקאָ!“

דיא רעדע האָט געווירקט וויא אַ כשוף: פון דיא פּראָטעסטען זיינען געוואָרען בעגייסטערטע הורראַ־געשרייען:

„נאָך מעקסיקאָ! נאָך מעקסיקאָ!“

קיין איין מאַן איז ניט אָבגעשטאַנען.

קאָרטעס האָט דאַן פאָרגעשלאָגען, אַז דיא איבערגעבליבענע שיף זאָל מען אויך דערטרינקען, און אַזוי האָט מען געטהאָן.

קאָרטעס האָט אַ קליינע טהייל פון זיין אַרמיי איבערגעלאָזען אין סעמפּאָאַלאַ, אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ טרייען און מוטהיגען יונגען אָפיציער מיט'ן נאָמען עסקאַלאַנטע, און מיט דיא איבעריגע אָפיציערען, סאָלדאַטען און מאַטראָזען האָט ער אַוועקגע־מאַרשירט ווייטער. דיא אַרמיי וואָס ער האָט מיטגענומען איז בעשטאַ־נען פון 450 פוסגעהער און 15 רייטער מיט 7 קאַנאָנען. אָבער ביי דעם קאַסיק פון סעמפּאָאַללאַ האָט ער בעקומען דרייצעהן הונדערט אינדיאַ־נישע קריעגס־לייט און טויזענד „טאַמאַנען“. אַ חוץ דעם האָט ער מיט זיך גענומען פופצעהן פון דיא טאָטאָנאַקשע עלטסטע, — אי אַלס אַ לעבעדיגען משכון, אַז זייערע לאַנדסלייט וועלען איהם בלייבען טריי, אי אַלס וועג־וויזער און ראַטה־געבער אין זיין רייזע דורך דיא אונבע־קאַנטע לענדער.

דער מארש האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם 16־טען אויגוסט, 1519.

דיא ארמיי האָט געהאַט ביסלעך־ווייז צו געהן אַלץ העכער ארויף־באַרג, וואָרים דער גאַנצער געגענד איז דאָ א הויכלאַנד*) — דיא זאָ גענאַנטע מעקסיקאַנישע הויכלאַנד, אָדער אַנאַהואַק הויכ־לאַנד. אַנאַהואַק הייסט „דיא לאַנד פון אָזערעס". דיא אַלע רויט־הויטיגע פעלקער וואָס האָבען געוואוינט און וואוינען נאָך היינט אויף דיעזער הויכלאַנד, הייסען דעריבער מיט דעם אַלגעמיינעם נאָמען אַנאַהואַס.

צוערשט זיינען דיא רייזענדע געגאַנגען דורך ווילדע ערטער, אָבער ווען זיי האָבען דערגרייכט אַ הויך פון 7000 פוס איבער'ן ים האָבען זיך גענומען בעוויזען בעאַרבייטע פעלדער און גערטנער. דאָס רוב פון דיא פלאַנצונגען זיינען דיא שפּאַניער געוועזען אונבעקאַנט. דאָ האָבען זיי געזעהן די אַגאַוע — דיא פלאַנצונג, פון וועלכע דיא מעקסיקאַנער האָבען געמאַכט זייער פּאַפּיער, שטריק און זייער געטראַנק „פולק". דיעזע פלאַנצונג האָבען דיא שפּאַניער איצט געזעהן וואו זיי האָבען זיך נאָר גענעבען אַ קעהר.

באַלד זיינען זיי געקומען אין אַ שטאָדט אַזוי גרויס וויא סעמפּאָ־אַלאַ, וואו זיי האָבען ווידער געזעהן טעמפּלען, אין וועלכע מען האָט מקריב געוועזען מענשען. לעבען דיא טעמפּלען איז געוועזען אַ סקלאַד („וואָר־הויז"), וואו מען האָט געהאַלטען די שאַרבענס פון דיא אונ־גליקליכע. אַ מאַסע אַזעלכע שאַרבענס האָבען דיא שפּאַניער דאָרטען געזעהן, — אַלע אויסגעלעגט אין אָרדנונג, אין פּאַכען און ראָנדען. ווען קאָרטעס האָט געפרעגט ביי דעם עלסטען פון דיעזער שטאָדט, אויב ער איז אויך מאָנטעזומאַ'ס אַן אונטערטהאַן, האָט יענער מיט פערוואונדערונג געענטפערט: „און ווער איז דען ניט זיין אונטער־טהאַן?" קאָרטעס האָט געוויזען אויף זיך, אַז ער, צום ביישפּיעל, איז

*) הויכלאַנד (דאָס הייסט אַ הויכע לאַנד) אָדער פּלאַטאָ רופט מען אַ לאַנד, וואָס איז א סך העכער וויא דער ים — ווענינגסטענס ארום 700 פוס העכער. מען מיינט דאָ ניט קיין באַרג, נור אַ גרויסען געגענד, וועל־כער איז אין גאַנצען הויך. אויב אַ לאַנד איז בלויז 700 פוס העכער אָדער נאָך נידעריגער, הייסט עס שיעפּלאַנד אָדער עבענע. די שטאָדט מעקסיקאָ איז ארום 7000 פוס העכער וויא דער ים.

דאָס ניט; ער האָט געפּרופט מאַכען אַן איינדרוק אויף דעם קאַסיק ערקלעהרענדיג, אַז ער דיענט אַ הערשער וואָס האָט פיעלע אַזעלכע וויא מאָנטעזומאַ אַלס זיינע אונטערטהאַנען. דער קאַסיק האָט זיך אָבער גאַנץ װעניג איבערגעשראָקען און ער האָט אָנגעהויבען צו שילדערען דיא ריעזיגע און גרויזאַמע מאַכט פון זייער אויבער־הארר. ער האָט דערצעהלט, אַז יעדען יאָהר איז מאָנטעזומאַ מקריב צוואַנציג טויזענד מענשען, וועלכע ער נעהמט אין פלען אין זיינע מלחמות, און ער האָט געשילדערט דיא פיעלע קאַנאַלען, בריקען, פּאַלאַצען, טעמפּלען פון דער שטאָדט מעקסיקאָ*) און ער האָט געזאָגט, אַז ווען מען הויבט אויף דיא בריקען, קען מען צו דער שטאָדט ניט צוקומען. דאָס אַלעס האָט ער געשילדערט מיט דיא העלסטע פאַרבען, און איבערטרייבענדיג מיט דער פולער האַנד.

קאָרטעס האָט איבערטריבען דיא מאַכט פון זיין קעניג, און דער אינדיאַנער — פון מאָנטעזומאַ. קאָרטעס האָט זיך אָבער יעדענפאַלס ניט איבערגעשראָקען. פערקעהרט, וואָס גרעסער איהם האָט זיך פאָר־געשטעלט דיא גבורה פון דיא אַצטעקען, אַלס מעהר חשק האָט ער בעקומען זיי צו בעזיעגען.

פון דאָרטען איז ער מיט זיין אַרמיי אַװעק נאָך ט ל א ס־ק אַ ל אַ, וואו עס האָט געוואוינט אַ מערקווירדיגער פאָלק, דער איינציגער אין דעם גאַנצען געגענד, וועלכען די אַצטע־קען זיינען ניט געווען אין שטאַנד בייצוקומען. אַלס אַ ביי־שפּיעל פון זייער בריות'קייט ווייזען די שפּאַנישע היסטאָריקער אָן אויף זייער פעסטונג, וועלכע האָט זיך געצויגען מעהר וויא זעקס מייל און האָט בעהעפט צוויי ציילען ריעזיגע בערג. דיעזע פעסטונג איז בעשטאַנען פון אונגעהייער גרויסע שטיינער וועלכע זיינען געווען צוזאַמענגעלעגט אָהן שום צעמענט. זיי זיינען געווען אַזוי גלאַט אַרומ־געהאַקט און צוגעפּאַסט, אַז דיא שפּאַניער האָבען צוערשט געמיינט אַז צווישען זיי געפינט זיך יע פערטריקענטע וואַפּנע. זיי האָבען זיך אָבער ערקונדיגט, אַז ניט. מיט דיעזער מערקווירדיגער וואַנד האָבען דיא טלאַסקאַלאַ אינדיאַנער אַלזאָ „אַריינגעשטוקעװעט“ די זעקס־מייליגע

*) מעקסיקאָ הייסט די לאַנד און אויך איהר הויפּטשטאָדט.

שטיק, וועלכע האָט געפעהלט ביי דער נאַטור. זיי האָבען גאַנץ געמאַכט דיא לאָך וואָס זיא האָט איבערגעלאָזען אין דער רייהע בערג, וואָס האָט זיך געצויגען אַרום און אַרום זייער לאַנד. בלויז אַ שמאָלינקען דורכגאַנג האָבען זיי אין דער וואַנד געמאַכט, אָבער אַזוי אַז דאָס זאָלען זיי אויך קענען קאָנטראָלירען פון אינווייניג.

ווען דיא שפּאַניער זיינען צוגעקומען צו דיעזער פעסטונג, און קאָרטעס האָט זיך גענומען גרייטען אַריינצודרינגען אינווייניג דורכ'ן שפּאַלט, איז אַן אימה אָנגעפאַלען אויף דיא סאָלדאַטען. זיי האָבען געפיהלט עפּעס אַזוי וויא ער וואָלט זיי געפיהרט אין מויל פון אַ טיגער. אָבער קאָרטעס איז געריטען פאָראויס, און אויסרופענדיג: „פאָרווערטס, סאָלדאַטען! דער הייליגער קרייץ איז אונזער פאָהן און מיט איהם וועלען מיר זיעגען!“ איז ער אַריינגעריטען, און זיין אַרמיי איז נאָכגעגאַנגען.

זיי זיינען אַלזאָ באַלד געווען אין טלאַסקאַלאַ — אַ פרוכטבאַרע לאַנד מיט רייכע פעלדער פון אַגאַווע, קוקורוזע און אַנדערע ניצליכע פלאַנצונגען (טלאַסקאַלאַ הייסט „דיא לאַנד פון ברויט“). ווען דיא עלטסטע פון דיעזען אַרבייטסזאַמען, פרייהייטס-ליעבענדען, כוואַטס-קען פאָלק האָבען זיך דערוואוסט דערפון, האָבען זיי געהאַט אַן אסיפה, אום זיך צו בעראַטהען וואָס צו טהאָן. אויף דער פערזאַמלונג זיינען געווען צוויי צדדים. אייניגע האָבען אויסגעשפּראָכען דיא מיינונג, אַז דיא שפּאַניער זיינען געטליכע מענשען, און מיט געטליכע בעשעפּע-ניסען איז אונמעגליך צו קעמפּפען. אַנדערע, וויעדער, האָבען ער-קלעהרט, אַז ווען זיי וואָלטען געווען געטער, וואָלטען זיי ניט פער-ניכטעט דיא אינדיאַנישע געטער און ניט פערשוועכט זייערע טעמפּלען; דיעזע פאַרטיי האָט אויך אָנגעוויזען אויף דעם, דאָס דיא שפּאַניער האָבען ערהאַלטען מתנות פון מאָנטעזומאַ'ן. זיי זיינען אַלזאָ זיינע פריינד, און אויב אַזוי זיינען זיי דאָך די פיינד פון טלאַסקאַלאַ. יעדענפאַלס דאַרף מען אַרויסטרעטען געגען זיי, און טאָמער זיינען דיא ווייסע דיא זיעגער, וועט מען אַרויפוואַרפען דיא גאַנצע שולד אויפ'ן טלאַסקאַלישען קאָמאַנדיר, און ערקלעהרען אַז ער האָט געמאַכט דיא אַטאַקע אָהן דעם וויסען פון דעם רעגיערונגס-ראַטה.

דער רעזולטאַט איז געווען עטליכע שלאַכטען, אין וועלכע דיא טלאַסקאַלאַנער האָבען בעוויזען גרויס קוראַזש און פון דעסטוועגען

געהאַט אַ ניעדערלאַגע נאָך אַ ניעדערלאַגע. אומעטום איז געווען דיא זעלבע געשיכטע: רייטענדיג פּאָראויס מיט זיינע פערד האָט קאָרטעס דורכגעהאַקט אַ וועג פאַר זיינע פוס־סאָלדאַטען; און דאַן האָט דיא שיסעריי פון דיא קאַנאָנען, אַרקעבוסען און שטאָהלענע פייל־און־בויגענס, צוזאַמען מיט דער שניידעריי און שעכטעריי פון דיא שטאָה־לענע שווערדען און שפּיעזען אָנגעמאַכט אַזא חורבן, אַז די אָרימע טלאַסקאַלאַנער האָבען ניט געקענטביישטעהן. זיי זיינען זיך ניט צולאָפען וויא צוטומעלטע פון שרעק. זיי האָבען מייסטענס זיך צוריק־געצויגען פון דער שלאַכטפעלד אין פּאָלשטענדיגער אָרדנונג. לאַנג בלייבען אין דער שרעקליכער מענשען־יאַטקע האָבען זיי אָבער ניט געקענט, און אין יעדען שלאַכט האָבען זיי בלויז אומזיסט פערלאָרען מאַסען פון זייערע בראַווע קעמפּפער.

מען דאַרף בעמערקען, אַז זייערע געוועהר זיינען געווען פיעל בעסערע, וויא דיא געוועהר פון דיא אַנדערע אינדיאַנער, מיט וועלכע דיא שפּאַניער איז אויסגעקומען צו קעמפּפען ביז אַהער. זיי האָבען, צום ביישפּיעל, געהאַט אַזעלכע הילצערנע שווערדען, מיט פיעל צייהן פון אָ ב ס י ד י א ן, אָדער „א י צ ט ל י", וויא זיי האָבען דאָס גערופען — אַזאַ מינעראַל, וועלכער איז עהנליך צו גלאָז און וועלכען מען קען מאַכען שאַרפער וויא שטאָהל, הגם דער שאַרף ברעכט זיך לייכט אָב. אויך האָבען זיי געהאַט שפּיעזען מיט קופּערנע שפּיצען, אָבער וואָס פאַר אַ בעדייטונג האָט דאָס אַלץ געקענט האָבען געגען איירָאָפּעאישע געוועהר? אויפ'ן אויג האָבען זייערע באַטאַליאָנען יא געקענט מאַכען אַן איינדרוק. מיט זייערע העלע קאָלירען, בליסטשענדע וואַפען, רייכע פעדערנע מאַנטלען אָדער מאַנטלען פון פערשיעדען־געפאַרבטע באַוועלנע מאַטעריעס; מיט זייערע גאָלד־בעפּוצטע שיך, פיגורען פון שלאַנגען אָדער חיות מיט אָפענע מיילער אויף זייערע היטלען, גילדערנע אָדער זילבערנע בלעכען אויף זייערע שילדען און קיווערען — מיט דעם אַלעמען האָבען זייערע טויזענדער־און־טויזענ־דער־קעפּיגע מחנות געקענט אויסווייזען שרעקליך; און דיא אינדיאַנער פון סעמפּאָאַללאַ, קאָרטעס'עס מיטקעמפּפער, האָבען זיך פאַר זיי צוערשט ווירקליך דערשראָקען. אָבער ערשטענס זיינען בעפּוצט און בעפּאַנצערט געווען בלויז דיא עלסטע, דיא קאַמפּפס־פיהרער פון דיא פערשיעדענע שבטים אָדער „קלאַנען", וועהרענד די פיעלע טויזענ־

דער איינפאכע זעלנער האָבען בלויז געטראָגען גארטלען, און ווייטער זיינען זייערע בעפארבטע קערפערס געווען נאקעט און פריי פאר דעם שונא'ס פיילען, קוילען, שווערדען און שפיזען. און אפילו די שילדען אָדער פאנצירען פון דיא פערשיעדענע הויפטלייט האָבען אויך א קנאפע ממשות געהאט. דאָס איינציגע, וואָס האָט זיי ווירקליך בעשיצט, איז געווען אזא מין דיקער באוועלנער קאפטעל, וועלכער האָט געקענט פערהאלטען א פייל און זאָגאר א קויל, אזוי, אז דיא שפאניער האָבען דערנאָך אויך גענומען טראָגען אזעלכע שילד־קאפטלען.

מאסען פון טלאסקאלאנער זיינען אויסגעפאלען דורך דעם, וואָס זיי האָבען אימער זיך געסטארעוועט צו נעהמען וואָס מעהר שפאניער אין געפאנגענשאפט, וואָרים איינער פון דיא הויפט־צוועקען פון זייערע מלחמות איז געווען צו בעקומען מענשליכע קרבנות פאר זייערע אונ־זאטבארע געטער; אלזאָ פלעגען זיי זיך ארויפוואַרפען גאנצע גרופען־ווייז אויף איין שפאניער און פאלען וויא דיא פליגען אין א האָגעל פון קוילען אָדער אין א בלוטיגע מהומה פון שווערדען און טראמפלענדע פערד. פערביייגעהענדיג לאָמיר בעמערקען, אז דאָס איז אויך געווען דיא אורזאכע וואָרום אין דיא מלחמות מיט אינדיאנער זיינען געפאלען אזוי ווייניג שפאניער (הגם דיא צאָהל פון זייערע טויטע איז אימער געווען גרעסער ווי זיי האָבען געשריעבען): דיא רויט־הויטיגע האָבען אלע מאָל געשטרעבט ניט צו טויטען, נור צו פאנגען לעבעדיגערהייד, און פאנגען האָט זיך זיי איינגעגעבען זעהר זעלטען.

און אפילו דיא עטליכע שפאניער וואָס זיינען יא געפאלען טוידט, האָבען דיא טלאסקאלאנער אויך ניט געזעהן, וואָרים קאָרטעס האָט שוין בעזאָרגט, אז זיינע מתים זאָל מען גלייך פערשטעלען אָדער פער־שיטען, אום דיא אינדיאנער זאָלען פון זיי ניט וויסען. דער רעזולטאט איז געווען, אז יענע האָבען געמיינט דאָס זעלבע וויא דיא אינדיאנער פון פאָרטאָ ריקאָ — אז דיא וויסע נעהמט דער טוידט ניט.

מיר האָבען דאָ געזאָגט, אז די אינדיאנער וואָס האָבען מיט־מארשירט מיט דיא שפאניער האָבען זיך צוערשט דערשראָקען פאר זיי. אין דעם דארף מען ניט ארייגרעכענען מארינא'ן, קאָרטעס'עס דאָלמעטשערין און געליעבטע. ווען דיא סעמפאָאללער האָבען אויסגע־דריקט צווייפעל, אויב זיי און דיא שפאניער וועלען פון דעם קאמפף ארויסקומען לעבעדיגע, האָט זיא זיי פעסט געענטפערט: „אָה, דער

גאָט פון דיא קריסטען איז מיט אונז. מיר וועלען געווים זיעגען". זיא איז געוועזן אַזוי פערליעבט אין דעם ווייסען קאָמאַנדיר, אַז זיא האָט געגלויבט אין איהם וויא אין אַ גאָט און צוליעב איהם אין זיין גאָט אויך. פאָרלויפיג האָט דיא ערפאַהרונג איהר געוויזען, אַז איהר גלויבען איז ניט אָהן אַ פונדאַמענט; פאָרלויפיג האָט קאָרטעס ניט געוואוסט פון קיין אַנדער זאַך וויא נצחון. אפשר האָט זיא טאַקע געמיינט אַז ער איז אַ גאָט? אין זיין ליעבעס־פערהעלטנים צו איהר האָט זיא יעדענפאַלס פון איהם קיין געטליכעס ניט געזעהן.

נור לאָמיר זיך אומקעהרען צוריק צו דיא בעזיעגטע טלאַסקאַלאַנער. אין זייער פערצווייפלונג האָבען זיי זיך געווענדעט צו זייערע גלחים און „נביאים", אַז זיי זאָלען זיי זאָגען, אויב דיא שפּאַניער זיינען אונשטערבליך, אָדער מענשען וויא אַלע מענשען, מיט אַנדערע ווערטער אויב עס לוינט זיך גאָר מיט זיי צו קעמפּפען. דער אַנטוואָרט איז געוועזן אַ זאָנדערבאַרער: „דיא שפּאַניער זיינען קינדער פון דער זון" — האָט זייער הויפּט־נביא געענטפערט, — „דעריבער זיינען זיי בלויז מעכטיג און אונשטערבליך בייטאָג, ווען דיא זון שיינט. אַטאַקירט זיי ביי נאַכט, וועט איהר זיי בעזיעגען".

דיא טלאַסקאַלאַנער האָבען אַלזאָ זיך צוגעגרייט צו בעפאַלען דיא שפּאַניער אין מיטען נאַכט. אָבער קאָרטעס'עס וועכטער האָבען ניט געשלאָפען, און ער אַליין האָט אויך יעדע נאַכט אָפט זיך אויפגעכאַפּט און איז אַרומגעגאַנגען זעהן, אויב יעדער מאַן איז אויף זיין פּאָסט, און אַלץ איז אין אָרדנונג. זיינע סאָלדאַטען האָבען געמוזט שלאָפען מיט זייערע געוועהר לעבען זיך און דיא פערד האָבען געמוזט שטעהן אָנגעזאָטעלטע. אַלץ איז געוועזן געגרייט יעדע מינוט צום קאַמפּף. צו זיין גליק האָט יענע נאַכט נאָך געשיינט דיא לבנה אויך. ווען דיא טלאַסקאַלאַנער האָבען זיך בעוויזען, האָבען דיא שפּאַנישע וועכטער זיי דערזעהן פון דער ווייטען. אין אַ פּאָר מינוטען אַרום איז דיא אַרמיי געוועזן אויף דיא פיס און אַרויסגעקומען דעם שונא אַנטקעגען.

און ווידער האָבען דיא טלאַסקאַלאַנער געכאַפּט אַ מפּלה.

כל חמתו האָט זייער הויפּט־קאָמאַנדיר אויסגעלאָזען צו דיא „נביאים", וועלכע האָבען איהם געגעבען דיא שלעכטע עצה: ער האָט ביי זיי געלאָזט אַרויסרייסען דיא אינגעווייט פון דיא בייכער.

דיא טלאַסקאַלאַנער האָבען שוין מעהר קיין מוטה ניט געהאַט צו קעמפּפען געגען מענשען, מיט וועלכע מען קען גאָר ניט מאַכען. אָבער דער ערביטערטער הויפּט־קאָמאַנדיר האָט ניט־אַנדערש געוואָלט פּרופען נאָך איין מיטעל: ער וועט שיקען שפּיאָנען צו קאָרטעס'ען, און אויסגעפינען וואָס אין זיין לאַגער טהוט זיך, — אפשר וועט דאָס איהם ווייזען וויא אַזוי צו קעמפּפען געגען דיעזע מערקווירדיגע בעשעפעניסען.

דיא שפּיאָנען זיינען צו קאָרטעס'ען געקומען כלומרשט אַלס פריעדענס־שלוחים. אָבער מאַרינא האָט זיי באַלד חושד געווען, אַז זיי מיינען ניט וואָס זיי זאָגען; און ווען קאָרטעס האָט זיי אַרעסטירט און שטרייננג פונאַנדערגעפּרעגט, האָט ער געזעהן, אַז זי האָט רעכט. דאַן האָט ער געהייסען זיי אָבהאַקען דיא פינגער און זיי אַוועקגעלאָזט מיט דיא ווערטער: „געהט זאָגט אייערע עלטסטע, אַז זיי וועלען דיא שפּאַניער אימער געפינען געגרייט מיט זיי זיך צו בעגעגענען — סיי ביי טאָג, סיי ביי נאַכט."

ענדליך האָט אפילו דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דיא טלאַסקאַלאַנער געבויגען זיין קאָפּ. ער האָט זיך אונטערגעגעבען, און דער סוף איז געווען אַז ער און זיינע לאַנדסלייט האָבען מיט דיא שפּאַניער געשלאָסען אַ פערבאַנד און פון קאָרטעס'ס פיינד זיינען זיי געוואָרען זיינע טרייע מיטקעמפּפער.

וואָס פאַר אַן איינדרוק די נאַכריכט וועגען דעם האָט געמאַכט אויף מאָנטעזומאַ'ן און אויף דיא אַנדערע עלטסטע פון דיא אַצטעקען איז לייכט זיך פאָרצושטעלען. זיי האָבען דאָ פאַר זיך געהאַט אַ שרעק־ליכען פאַקט: ניט נור איז די הייפעלע ווייסע אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבען בעזיעגט דיא, וועמען דיא אַצטעקען האָבען ניט געקענט בעזיעגען, נורביידע צוזאַמען זיינען פעראייניגט אין איין מאַכט, מיט וועלכע מעקסיקאָ וועט איצט זיך מוזען רעכענען! אַ חוץ דעם: וואָס פאַר אַ ווירקונג קען דאָס האָבען אויף דיא פעלקער, וואָס דיא אַצטעקען האַלטען אונטערטהעניג, ווען זיי הערען אַז עס איז פאַראַן אַן אַרמיי פון בלויז עטליכע הונדערט מאַן, וואָס איז שטאַרקער וויא מאָנטעזו־מאַ'ס אונגעצעהלטע מחנות.

איינרייסען מיט דיעזע מלאכים־מענשען אָדער טייפעל־מענשען האָט זיך ניט געלוינט. אַלזאָ האָט מאָנטעזומאַ אין קאָרטעס'ס לאַגער

געשיקט שלוחים מיט נייע רייכע פּרעזענטען: ווידער אַ מאַסע גאָלד־שטיקלעך און פערשיעדענע גאָלד־ציערונגען, עטליכע הונדערט פון דיא טהייערסטע מעקסיקאַנער קליידער און קונסט־זאכען פון פעדערען. בשעת דיא שלוחים האָבען אויסגעלעגט דיזע מתנות, וועלכע עס האָבען מיט זיי געבראַכט צוויי הונדערט שקלאַפען, האָבען זיי קאָרטעס'ען אָבגעגעבען אַ הערצליכען גרוס פון מאָנטעזומאַ'ן. איהם האָט זעהר געפרעהט צו הערען, האָבען זיי געזאָגט, אַז דיא שפּאַניער האָבען בעזיעגט דיא טלאַסקאַלאַנער. ווייטער האָט ער זיי געהייסען איבערגעבען, אַז ער בעדויערט זעהר, וואָס ער קען ניט האָבען דאָס פערגעניגען זיי צו האָבען ביי זיך אַלס געסט, ווייל דיא בעפעלקערונג פון זיין הויפּט־שטאָדט איז אַזוי גרויס און איהר איז אַזוי שווער צו קאָנטראָלירען, אַז עס וואָלט אונמעגליך געווען צו קאַווירען פאַר קאָרטעס'עס זיכערהייט.

דער קינדערשער תירוץ האָט אויף קאָרטעס'ען נאַטירליך ווייניג געווירקט. דאַן האָבען דיא שלוחים געפּרופט אַ צווייטען מיטעל, מיט וועלכען מאָנטעזומאַ האָט זיי געשיקט. זיי האָבען נעמליך פאָרגעשלאָגען, אין דעם נאָמען פון זייער מלחמה־האַרר, אַז ער וועט דעם שפּאַנישען קעניג צאָהלען צינזען — אבי מען זאָל ניט בעזוכען זייער הויפּט־שטאָדט. פאַר דעם אַלמעכטיגען מאָנטעזומאַ איז דאָס געווען אַן אונגעהערטער פאָרשלאַג, און געווירקט האָט דאָס פונקט פערקעהרט, וויא ער האָט ערוואַרט: צו וואָס דאַרף דיא שפּאַנישע קרוין בלויז צינזען, אַז זיא קען האָבען אַלץ?

קאָרטעס האָט געענטפערט, אַז בעזוכען דיא הויפּט־שטאָדט מוז ער, טראָץ אַלע געפאַהרען, ווייל אַזוי איז דער בעפעהל פון זיין קעניג; ער האָט אָבער געהייסען מאָנטעזומאַ'ן איבערגעבען זיין וואַרימסטען גרוס און טיעפסטען רעספּעקט. ער האָט איהם אויך געהייסען זאָגען, אַז ער בעדויערט וואָס ער קען איהם יעצט ניט אָבצאָהלען מיט אַזעלכע פיינע פּרעזענטען וויא ער שיקט איהם, אָבער אַז ער האָפט איהם אָבצוצאָהלען מיט גוטע מעשים. וואָס פאַר אַ „גוטע מעשים" דאָס זיינען געווען, וועלען מיר זעהן.

דיא טלאַסקאַלאַנער האָבען קאָרטעס'ען, זייער נייעם קאַמפּף־ברודער, איינגעלאַדען צו בעזוכען זייער הויפּט־שטאָדט, וועלכע האָט געהאַט דעם זעלבען נאָמען — ט ל אַ ס ק אַ ל אַ — וויא זייער גאַנצע

מדינה. דיא שטאָדט איז געווען א מייל 18 פון ווערא קרוץ. און אלע טאָג זיינען צו איהם געקומען נייע שלוחים מיט דער זעלבער איינלאַדונג. ענדליך, ווען מאָנטעזומאַ׳ס אַגענטען זיינען נאָך דאָרטען געווען, זיינען אַהין געקומען עטליכע פון דיא וויכטיגסטע פאָרשטעהער און זקנים פון טלאַסקאַלאַ, בעגלייט מיט א גרויסע סוויטע און מיט פינף הונדערט „טאַמאַנען" צו טראָגען און שלעפּען דיא משא פון דער שפּאַנישער ארמיי.

קאָרטעס האָט אָנגענומען דיא איינלאַדונג און האָט זיך מיט זיין ארמיי אַוועקגעלאָזען אויף דער רייזע. אויפ׳ן וועג איז זיי אויסגעקומען דורכצוגעהן דורך שטעדטלעך און דערפער, און אומעטום האָט מען זיי אויפגענומען מיט דיא גרעסטע גאַסטפריינדליכקייט. מענער און פרויען, געקליידעט אין העל־געפאַרבטע באַוועלנע מאַנטלען האָבען זיי בעגעגענט מיט בוקעטען און בלומענקראַנצען. גלחים אין ווייסע קיטלען און מיט לאַנגע צעפּ זיינען געגאַנגען פאַזע דיא געסט, פאָכענדיג אויף זיי דעם אנגענעהמען ריח פון זייערע וויירויך־פושקעס.

א חוץ דיא איינוואוינער פון דיא שטעדטלעך, דורך וועלכע קאָרטעס האָט דורכגעמאַרשירט, זיינען אָנגעקומען דעלעגאַציעס פון אנדערע ערטער. פערשיעדענע שבטים האָבען געשיקט בעגריסען דיא ווייסע און אנערקענען זייער מאַכט.

מיטגעהענדיג מיט דיא ווייסע מענשען איז דער רויט־הויטיגער עולם אַלץ געוואַקסען ביז מען האָט דערגרייכט דיא טויערען פון דער הויפּטשטאָדט. דאָרטען איז דער סציסק געווען אזוי גרויס, אז דיא שטאָדט־וועכטער אָדער פּאָליציי האָבען קוים געקענט מאַכען א „וואָרע" כדי דיא געסט זאָלען קענען דורכמאַרשירען.

דיא הייזער זיינען געווען בעהאַנגען מיט אַלערליי בלומען און ביירע זייטען גאַס זיינען געווען בעהעפט מיט טויערען פון גרינע צווייגען פערפלאָכטען מיט רויזען. דיא פּלאַכע דעכער פון דיא הייזער זיינען אויך געווען געפּאַקט מיט צוזעהער. מען האָט געזונגען, געטרומעט, געפייפט, געפּויקט. אייראָפּעער זיינען אָבער אויף אינדיאַנישע מוזיק קנאַפּע מבינים. דיא שפּאַניער האָבען פּראָסט ניט געוואוסט צי דאָס איז געזאַנג צי קוויטשעריי און קרעכצעריי. זיי האָבען דעריבער ניט געקענט בעשטימען ביי זיך אויב דאָס זינגט מען פרעהליכע נגונים אָדער בייזע, פריינדליכע אָדער בלוטדורשטיגע. אָבער מאַרינאַ

האָט קאָרטעס'ען פערזיכערט, אַז דיא מוזיק איז שעהן און אַז זיא דריקט אויס פרייד און גאַסטפריינדליכקייט. אַלזאָ האָבען דיא שפּאַניער זיך בערוהיגט.

דער יום טוב מיט דיא מאָהלצייטען האָבען געדויערט עטליכע טעג נאָכאַנאַנד. אָבער דיא אָרדנונג און דיסציפּלין איז אין דער שפּאַני־שער אַרמיי ניט אָבגעלאָזען געוואָרען אויף איין מינוט. אין מיטען פון דיא אַלע פּאַראַדען און שמחות האָט קאָרטעס אַכטונג געגעבען, אַז זיינע סאָלדאַטען זאָלען ערלויבנים ניט אַרויסגעהן פון זייערע קאַזאַרמעס, און טאָמער דאַרף מען, זאָל אַלץ אימער זיין פּאַרטיג צו אַן אַטאַקע. דיא טלאַסקלאַנער האָבען זיך אפילו בעליידיגט, ווארום ער ווייזט זיי ניט אַרויס מעהר צוטרוי, אבער ער האָט זיי געענטפערט, אַז אזוי פיהרט זיך אימער אין דער שפּאַנישער אַרמיי.

ווען עס איז געקומען צו דער פראַגע וועגען אָננעהמען דיא קריסט־ליכע רעליגיאָן, האָט מען געמאַכט אַ פּשרה. דיא טלאַסקאַלאַנער האָבען דיא שפּאַניער ערלויבט אין זייערע טעמפּלען לעבען זייערע הייליגע פיגורען אַוועקצושטעלען דיא קריסטליכע בילדער און צלמים. און דיא צוויי־ערליי געטער האָבען זיך געלעבט בשלום צווישען זיך.

אַלס אַ צייכען פון פריינדשאַפט האָבען דיא עלטסטע פון שטאָדט אויסגעקליבען זייערע פינף שעהנסטע יונגע טעכטער און זיי פּאָר־געשלאָגען אַלס פרויען צו פינף פון קאָרטעס'עס אָפיציערען. און דיא אָפיציערען האָבען זיי געלאָזען טויפען און דאַן געהייראַטה. איינע פון זיי, דיא טאָכטער פון דעם הויפּט־קאָמאַנדיר, איז געוואָרען דיא פרוי פון קאָרטעס'עס איבערגעגעבענעם אַדיוטאַנט, אַלוואַראַדאָ, וועלכען דיא טלאַסקאַלאַנער האָבען גערופען טאָנאַטיו („דיא זון"), וויל ער האָט געהאַט אַ שיינענדע קלאָרע געזיכט און גאָלדענע לאַנגע האָר.

איידער קאָרטעס האָט פערלאָזען דיא שטאַדט, איז צו איהם אַהין געקומען אַ נייע דעלעגאַציע פון מאַנטעזומא'ן — וויעדער מיט אַ גאַנצען אוצר פון גאָלד און קאָסטבאַרע מאַטעריעס, און אנשטאַט אַ תירוץ ווארום דיא שפּאַניער דאַרפען ניט קומען נאָך מעקסיקאָ — שוין מיט אַ וואַרימע איינלאַדונג אַהין, מיט אַ פערזיכערונג, אַז זיי וועלען זיין ווילקאָמען. די שלוחים האָבען געזאָגט, אַז מאַנטעזומא ראַטה קאָרטעס'ען, אַלס אַ פריינד, ניט צו האָבען קיין עסק מיט דיא

„פאלשע און ווילדע" טלאסקאלאנער, און ער בעט איהם צו קומען צו איהם דורך דער שטאדט ט ש א ל ו ל א, וואו אויף זיין בעפעהל, איז פאר דיא שפאניער אנגעגרייט א פאראדנע אויפנאהמע.

דער איינדרוק איז געווען, אז דער אצטעקישער מלחמה־הארר האט איינפאך זיך דערשראקען פאר איהם; אז ניט זייענדיג אימשטאנד איהם צו פערוועהרען צו קומען, לאדעט ער איהם איין אליין, אלס „דיא קלענערע פון צוויי צרות". הינטער דיעזער איינלאדונג האט אבער געשטעקט א ביטרער פלאן, הגם דיא ביטרעקייט איז דא געווען פון דעם זעלבען קינדערשען סארט וויא מאנטעזומא'ס גאנצע פאליטיק.

פונקט וויא מאנטעזומא האט קארטעס'ען געווארענט געגען דיא טלאסקאלאנער, אזוי האבען דיא טלאסקאלאנער איהם געווארענט געגען מאנטעזומא'ן. זיי האבען איהם כאראקטעריזירט אלס א פאל־שען, אונזאטבארען ניט־פערגינער. „געטרוי ניט זיינע שעהנע ווער־טער," האבען זיי געזאגט, „זיינע פערשפרעכונגען און זיין פריינדליכ־קייט זיינען פול מיט צבועצסטווא". צו דערזעלבער צייט האבען זיי קארטעס'ען ערקלערט, אז מאנטעזומא'ס הויפטשטאדט איז ווירקליך א געפעהרליכער פלאץ. זיי האבען געזאגט דאס זעלבע וואס קארטעס האט פריהער געהערט פון אנדערע וועגען דיא אונגעהויערע ארמיי, וועגען דיא קאנאלען וואס געהען דורכ'ן שטאדט, וועגען דיא בריקען, וועלכע מען קען צו יעדער מינוט צונעהמען. „איין מאל וועלען דיא שפאניער אהין אריינקומען, וועט אבגעשניטען ווערען יעדע פערבינ־דונג מיט דער ארומיגער וועלט, זיי וועלען זיך געפינען וויא אין א פאסטקע, זיי וועלען פערניכטעט ווערען", — אזוי האבען דיא עלסטע פון דיא טלאסקאלאנער איהם געווארענט. און ווען זיי האבען געהערט, אז ער וויל געהן אהין דורך ט ש א ל ו ל א, זיינען זיי שוין גאר געווען זיכער, אז מאנטעזומא מיינט דא איהם אריינצונארען אין זאק אריין. דיא איינוואוינער פון טשאלולא זיינען ניט קיין גרויסע בריות אויפ'ן שלאכטפעלד, זיי זיינען דעריבער געוואוינט צו ביטרעקייט און אלערליי שפיצלעך, — האבען דיא טלאסקאלנער ערקלערט, — זיי זיינען מאנטע־זומא'ס טרייע קנעכט, און וועלען טהאן, וואס פאר איהם לוינט זיך. אלס בעווייז האבען זיי אנגעוויעזען אויף דעם פאלגענדען פאקט: אלע ארומיגע שטעדט האבען געשיקט שלוחים צו בעגריסען קארטעס'ן, איינציגע פון דיעזע שטעדט געפינען זיך גאנץ ווייט, דאך האבען זיי צו

איהם געשיקט טרייהייטס־גרוסען. טשאָלולא אָבער, וועלכע איז אין גאַנצען א מייל אַכטצעהן פון טלאַסקאַלא, האָבען קיין דעלעגאַטען צו איהם ניט געשיקט. דיזער ארגומענט האָט אויף קאָרטעס'ען געמאַכט דעם שטאַרקסטען איינדרוק, און ער האָט גלייך געשיקט אַהין זאָגען, אַז ער פאָדערט א פאָרמאַלע אנערקענונג פון זיין הערשאַפט.

באַלד זיינען פון טשאָלולאַ געקומען דעלעגאַטען, אָבער דיא טלאַסקאַלאַנער האָבען קאָרטעס'ען געגעבען צו פערשטעהן, אַז דאָס זיינען געוועהנליכע איינוואוינער, ניט קיין עלסטע, וויא עס פאַסט זיך פאַר אזא וויכטיגע שליחות. אַלזאָ האָט קאָרטעס גלייך אָוועקגעשיקט א צווייטע פאָדערונג, אַז מען זאָל איהם אויפ'ן שטעל שיקען דיא הויפּט־לייט פון שטאדט — אַז ניט וועט ער אַלע איינוואוינער בעהאַנדלען וויא מיאַטעזשניקעס.

דיא טשאָלולאַנער האָבען גלייך געפאָלגט. אבער דערווייל האָבען דיא טלאַסקאַלאַנער זיך דערוואוסט, אַז דאָרטען איז אָנגעגרייט א שטאַרקע אַצטעקישע ארמיי, און אַז מען גרייט זיך צו בעפאַלען דיא שפּאַניער פון א בעהאַלטענעם פּלאַץ.

פון דאָס אַלץ און פון דיא ווארנונגען וועגען מעקסיקאָ גופא איז קאָרטעס רוהיג ניט געבליעבען. אָבער אָבהאַלטען איהם פון זיין ציעל האָט דאָס ניט געקענט. ער האָט זיך בעשלאָסען צו מאַרשירען נאָך טשאָלולא.

טשאָלולא איז געלעגען א מייל 60 פון דער שטאדט מעקסיקאָ. זיא איז געווען איינע פון דיא עלטסטע גרעסטע און וויכטיגסטע שטעדט אין דעם גאַנצען אַנאַהואַק געגענד, דורך וועלכען קאָרטעס האָט יעצט מאַרשירט. זיא איז געגרינדעט געוואָרען מיט פיעלע יאהר־הונדערטע פריהער, נאָך איידער דיא אצטעקען זיינען אַהער אריבער־געקומען פון צפון־זייט און גענומען פערשפּרייטען זייער הערשאַפט איבער דיא אַנאַהואַק לענדער. (זיא עקזיסטירט נאָך איצט אויך, הגם זיא איז פיעל קלענער וויא אין קאָרטעס'עס צייטען און האָט שוין לאַנג פערלאָרען איהר אַמאָליגע בעדייטונג). איהרע איינוואוינער זיינען געווען גוטע בעלי מלאכות אויף מעטאַל־אַרבייט, וועבעריי און פארבעריי. אבער הויפּטזעכליך האָבען זיי געהאַט א שם אַלס טעפּער און וואַזע־מאַכער. זייערע טעפּ און וואַזעס האָבען מיט זייער שעהנהייט דער־נאָך איבערראַשט אייראָפּא. מען האָט זיי געשעצט אַזוי הויך, און נאָך

העכער, וויא דיא וואזעס פון פלארענציע — די איטאליענישע שטאדט, וועלכע איז געווען בעריהמט אין דיעזען פאך.

דיא אלטע שפאנישע בעריכטען בעשרייבען טשאלולא אויך אלס א גרויסען רעליגיעזען צענטער. פון דארטען, האט מען געגלויבט, איז דאס אבגעפאהרען דער גוטער גאט קוועטצאלקאאטל, ווען ער איז אוועק פון מעקסיקא. אבער איידער ער האט אבגערייזט, האט ער דא זיך אבגעשטעלט אויף צוואנציג יאהר, און ער האט דאס דיא איינוואוינער געלערענט זייערע פריעדליכע מלאכות און קונסט־ארבייט. קוועטצאלקאאטל איז געווען געגען מענשליכע קרבנות און איהם זיינען אנגענעהמער געווען אפפער פון בלומען און פרוכט; דיא טשאלולאנער האבען אבער אויף זיין מזבח מקריב געווען אי פירות און בוקעטען, אי מענשען. לויט דיא אלטע שפאנישע שרייבער איז דיא שטאדט געווען אן עולה רגל פלאץ פאר די אינדיאנער פון פיעלע אנדערע ארומיגע שבטים, — אזוי וויא ירושלים איז פאר אידען און (היינט) אויך פאר קריסטען, אדער מעקקא — פאר מאהאמעדאנער.

אבער אדאלף באנדעליער, א וויכטיגער אמעריקאנער פארשער פון אונזערע צייטען, וועלכער האט בעזוכט דיא פערשיעדענע מעקסיקאנער אינדיאנער און געשטודירט זייער פערגאנגענהייט, לייקענט אז טשאלולא האט געשפיעלט דיעזע ראלע.

קארטעס האט אלזא זיך גענומען גרייטען צו מארשירען נאך טשאלולא און פון דארטען וויטער צו מעקסיקא צו. ווען דיא טלאסקאלאנער האבען געזעהן, אז אזא הייפעלע שפאניער מארשירען נאך מעקסיקא, האבען זיי זיך ניט געקענט אבוואונדערען פון זייער אונערשראקענהייט. דאך זיינען דיא טלאסקאלאנער אליין אויך ניט געווען קיין שרעקעדיגע קינדער, און איין מאל האבען זיי געשלאסען א מיליטערישען פערבאנד מיט קארטעס'ען האט א גרויסע מאסע פון זיי זיך אויסגערופען מיטצוגעהן. פון דיעזע האט ער אויסגעקליבען זעקס טויזענד מאן, און מיט זיי, צוזאמען מיט דיא טאטאנאקס פון סעמפאאלא, וואס האבען איהם אלץ בעגלייט, האט ער אנגעפאנגען זיין מארש נאך טשאלולא.

עס האט ניט גענומען לאנג ביז ער האט דערגרייכט דיא טשאלולער פעלדער. „יעדע ברעקעלע ערד איז ביי זיי בעארבייט", האט ער דערנאך געשריעבען אין איינעם פון זיינע בריעף צום שפאנישען קעניג.

ווען ער איז צוגעקומען נאָהענט צום שטאדט, האָט ער דיא טלאַסקאַ־לאַנער געהייסען פאָרלויפיג זיך דאָ אָבשטעלען און וואַרטען ביז זיי וועלען פון איהם בעקומען אַ ידיעה.

צווישען זיי און דיא טשאָלולאַנער האָט עקזיסטירט אַ פערביסענע שנאה און ער האָט דיא שטאדט־לייט ניט געוואָלט צורייצען מיט דעם, וואָס ער וועט צו זיי קומען מיט זייערע געהאַסטע שכנים. בלויז אַ הייפעלע פון זיי האָט ער מיטגענומען.

ווען דיא שפּאַנישע אַרמיי מיט זייערע אינדיאַנישע בעגלייטער האָבען אַריינמאַרשירט אין דיא פּאַרצייטיגע שטאדט מיט זייערע פערד און געוועהר, האָבען זיך פון ביידע זייטען גאַס געצויגען לאַנגע געדיכטע צײלען פון נייגיעריגע מענשען, וועלכע האָבען זיי בעקוקט מיט גרויס בעוואונדערונג. און דיא שפּאַניער, ווידער, האָבען געקוקט מיט בעוואונדערונג אויף דיא טשאָלולאַנער, וועמעס אויסזעהן און קליידער האָבען געוויזען אויף אַ העכערע מדרגה פון ענטוויקלונג וויא דיא וואָס זיי האָבען ביז אַהער געזעהן. דיא גאַסען זיינען דאָ געווען ברייטער, ריינער און רעגעלמעסיגער אויסגעלעגט וויא אין סעמפּאָאַלאַ אָדער טלאַסקאַלאַ; דיא הייזער זיינען געווען בעסער געבויט, און דיא טעמפּלען פיעל מעהר אין צאָהל און שעהנער.

אַלס קוואַרטיר פאַר דער שפּאַנישער אַרמיי האָט מען קאָרטעס'ען אָבגעגעבען איינעם פון דיא טעמפּלען, אַ געביידע מיט אַ גרויסען הויף, און דיא אַרומיגע הייזער.

פון אָנפאַנג איז אַלץ געגאַנגען כשורה. מען האָט זיי אויפגענומען מיט מוזיק, און ווען זיי האָבען זיך בעזעצט אויף זייער קוואַרטיר, האָבען דיא עלטסטע פון שטאָדט זיי בעזוכט, און האָבען זיי בעזאָרגט מיט דיא בעסטע שפּייז און מיט אַלע בעקוועמליכקייטען, פון וועלכע זיי האָבען נור געוואוסט. קאָרטעס האָט שוין אָנגעהויבען צו צווייפלען אויב דיא אַלע מעשיות וועגען אַ כיטרען פּלאַן איהם אַריינצוכאַפּען אין פאַסטקע האָט גאָר געהאַט אַ ממשות. ער האָט חושד געווען, אַז דיא טלאַסקאַלאַנער האָבען דאָס בלויז אָנגערעדט אויף זייערע שונאים.

אבער אין עטליכע טעג אַרום האָט זיך אַלץ פּלוצלינג געענדערט. דיא עלטסטע פון שטאָדט האָבען אויפגעהערט איהם צו בעזוכען, און ווען ער האָט זיי איינגעלאַדען, האָבען זיי זיך געמאַכט קראַנק. צו

דערזעלבער צייט האָט מען אין דעם שפּאַנישען לאַגער גענומען ברענגען
ווענינער עסענוואַרג, כלומרשט ווייל עס פעהלט קוקורוזע אין שטאָדט.

באַלד האָט ער בעקומען אַ בעריכט פון איינינע פון זיינע סעמפּאַ־
אַלער אינדיאַנער, אַז אַרומשפּאַציערענדיג איבער דיא גאַסען, האָבען
זיי אין עטליכע ערטער געזעהן באַרריקאַדען — אָנגעוואָרפענע בערג
פון שטיינער אָדער ברעטער, וויא צו אַן ערוואַרטעטען קאַמפּף; און
אויף דיא פלאַכע דעכער פון דיא הייזער האָבען זיי אין פיעלע פּלעצער
אויך געזעהן בערג מיט שטיינער, געגרייט צום וואַרפען אויף אַ שונא.
אַ חוץ דעם זיינען אין איינינע פּלעצער אין דיא גאַסען געווען אויס־
געגראָבען גריבער. דיעזע גריבער זיינען איצט געווען צוגעדעקט מיט
צווייגען, — מסתמא כדי דיא שפּאַניער זאָלען ניט בעמערקענדיג,
אַריינפאַלען אין זיי. אויך האָט מען אַריינגעשטעקט פּלעקער אין דיא
גאַסען, אום דיא שפּאַנישע פערד זאָלען זיך פערטשעפּען דיא פיס,
און פאַלען.

אַלס אַ בעשטעטיגונג פון דעם איינדרוק וואָס דיעזע בעריכטען
האָבען אויף איהם געמאַכט, האָט ער באַלד בעקומען דיא פאָלגענדע
נאַכריכט פון עטליכע טלאַסקאַלאַנער, וועלכע זיינען מיט דעם ספּעציעל
געקומען פון זייער לאַגער הינטער'ן שטאדט, וואו קאָרטעס האָט זיי
איבערגעלאָזען: אין אַ וויטען קוואַרטאַל פון שטאדט האָבען דיא
טשאָלולאַנער אויף זייערע מזבחות מקריב געווען פיעלע קליינע קינדער.
דאָס איז געווען אַ סימן, אַז זיי גרייטען זיך צו עפּעס אַ גרויסע
אונטערנעהמונג. געוועהנליך ברענגט מען אַזא קרבן, ווען מען פערטיגט
זיך צו אַ מלחמה. דיא טלאַסקאַלאַנער האָבען אויך דערצעהלט, אַז
מאַסען פרויען פערלאָזען דיא שטאָדט מיט זייערע קינדער, וויא דער
שטיינער איז ערב מלחמה.

עס האָט ווירקליך אויסגעזעהן, אַז דיא טשאָלולאַנער פערטיגען
עפּעס צו פאַר איהם. און טאָמער איז קאָרטעס נאָך אַלץ ניט געווען
איבערצייגט אין דעם, האָט זיין שטענדיגער שפּיאָן, דיא פלינקע אינדי־
אַנערקע מאַרינא, באַלד צוזייט זיין יעדען צווייפעל. מיט איהרע
ליעבליכע מאַנערען איז זיא שטאַרק געפעלען געוואָרען דער פרוי פון
איינעם פון דיא עלסטע פון שטאָדט. יענע האָט איהר אָפּט איינגע־
לאַדען צו זיך אין שטוב. איין מאָל האָט מאַרינאַ איהר איינגעלאַדען
צו זיך. קאָרטעס'עס קעבס־ווייב האָט זיך געמאַכט אַז זיא איז אַ

געגנערין פון דיא שפּאַניער, און אויף דיעזען אַרט האָט זיא פון איהר אַרויסגעקראָגען דעם סעקרעט פון איהר שבט.

דיא פרוי האָט איהר דערצעהלט, אַז מאָנטעזומאַ האָט דיא עלסטע פון טשאָלולאַ געשיקט רייכע פּרעזענטען און זיי זיינען מרוצה געוואָרען צו בעפאַלען דיא שפּאַניער, ווען זיי וועלען האַלטען אין אַרויסמאַרשירען פון שטאָדט. מען ערוואַרט אַז דאַן וועלען זיי זיך פערפלאָנטערען אין דיא באַריקאַדען, גריבער, פלעקער און אַלערליי אַנדערע שטרויכלונגען, וואָס מען האָט אָנגעגרייט ביין אַרויסגאַנג. זייערע פערד וועלען ניט קענען געהן; זיי וועלען צוטומעלט ווערען. דאַן וועט אָנקומען אַ ריעזיגע מחנה פון אַצטעקען, וועלכע וואַרטען שוין נאָהענט דערביי. מען האָט שוין זאָגאַר אָנגעגרייט רימענס צו בינדען דיא געפאַנגענע, און מען האָט שוין בעשלאָסען אַז אַ טהייל פון זיי וועט מען מקריב זיין אין טשאָלולאַ און דיא איבעריגע ברענגען פאַר דיא געטער פון מעקסיקאָ.

וועהרענד מאַרינאַ האָט דאָס אַלץ צוגעהערט, האָט זיא כלומרשט צוזאַמענגענומען פערשיעדענע קליידער און אַנדערע זאַכען, וואָס זיא וועט מיטנעהמען מיט זיך, ווען זיא וועט אַנטלויפען פון דיא ווייסע, — וויא זיא האָט איהר אינדיאַנישע פריינדין איינגעראַמט אַ סוד. יענע האָט איהר געהאָלפען איינפּאַקען דיא זאַכען; אַלזאָ האָט מאַרינאַ איהר אויף אייניגע מינוטען איבערגעלאָזען ביי איהר אַרבייט, זאָגענדיג אַז זיא דאַרף אַרויסגעהן אויף אַ ווייל(ע) אַריינברענגען נאָך זאַכען. אין אמת׳ען איז זיא געגאַנגען זאָגען אַגווילאַר׳ן, איהר מיט־דאָלמעטשער, וואָס זיא האָט דאָ געהערט.

דיא אינדיאַנערקע האָט מען גלייך אַרעסטירט. ווען מען האָט איהר פונאַנדערגעפרעגט האָט זיא אַלץ מודה געווען.

קאָרטעס האָט אָבער געוועלט האָבען בעווייזע, מעהר איינצעל־הייטען. דאָס האָט ער בעקומען פון צוויי גלחים, וועלכע איהם האָט זיך איינגעגעבען אונטערצוקויפען מיט אייניגע פון מאָנטעזומאַ׳ס מתנות. דיעזע גלחים האָבען איהם דערצעהלט, אַז צוערשט האָט מאָנטעזומאַ דיא טשאָלולאַנער געהייסען דיא שפּאַניער אויפנעהמען פריינדליך, אָבער אַז דערנאָך האָט ער זיי געשיקט אַ גאַנץ אַנדער בעפעהל. זינט דיא שפּאַניער האָבען זיך בעוויזען איז ער געוועזען נערוועז, צוטראָגען און האָט אַלע ווייל(ע) געענדערט זיין בעשלוס. ער האָט אָפט זיך בעראַ־

טהען מיט דיא „נביאים“, און זייער לעצטער אנטוואָרט איז געווען, אז טשאלולא וועט זיין א קבר פאר דיא שפאניער.

קאָרטעס האָט זיך געפיהלט וויא אין א פאסטקע; ער האָט זיך אָבער בעשלאָסען צו געהן אויף איינס.

ער האָט געשיקט רופען דיא עלסטע פון שטאָדט און זיי געזאָגט, אז ער קלייבט זיך מאָרגען זיי צו פערלאָזען, און אז ער בעט צוויי טויזענד מענשען צו העלפען טראָגען זיין ארמיי'ס משא; און דיא עלסטע האָבען בעוויליגט צו ערפילען זיין וואונש, טראכטענדיג זיך אין הארצען, אז ביי זיין ארויסמארשירען וועלען זיי מקיים זיין דעם געהיימען פלאן און דיא ווייסע וועלען אין זייער שטאָדט געפינען זייער קבר, וויא דיא מעקסיקאנער נביאים האָבען פאָראויסגעזאָגט.

דאָ דארף מען בעמערקען, אז אין קאָרטעס'עס לאגער האָבען זיך נאָך אלץ געפונען איינינגע פון מאָנטעזומא'ס שלוחים, וועלכע זיינען צו איהם געקומען מיט מתנות נאָך טלאסקאלא. זיי האָבען מיט איהם מיט־מארשירט, און איצט זיינען זיי געווען ביי זיין ארמיי אין טשאָ־לולא. ווען דיא טשאָלולאנער עלסטע זיינען אוועק פון דעם שפאנישען גענעראל (נאָך דעם וויא זיי האָבען איהם צוגעזאָגט צו קומען מיט צוויי טויזענד „טאמאנען“) האָט ער געשיקט רופען צו זיך דיעזע געזאנדטע מאָנטעזומא'ס. ער האָט זיי דערצעהלט וועגען דער פער־שווערונג, וואָס ער האָט ענטדעקט און האָט זיך בעקלאָגט, אז מאָנטע־זומא איז פאלש צו איהם, אז ער אינטריגירט צו פערניכטען זיין ארמיי. זיי האָבען געענטפערט, אז מאָנטעזומא ווייס ניט פון וואָס צו זאָגען, — אז דיא טשאָלולאנער האָבען דאָס אלץ געטהאָן אָהן זיין וויסען.

קאָרטעס האָט זיך געמאכט אז ער גלויבט, און האָט אויסגעדריקט צופריעדענהייט. דערביי האָט ער וועגען מאָנטעזומא'ן גערעדט מיט דיא העכסטע קאָמפלימענטען. איהם האָט זיך אייגענטליך ניט געגלויבט, האָט ער געזאָגט, דאָס אזא פיינער, עדעלער הערשער און אזא אמת'ער פריינד פון דיא שפאניער וויא מאָנטעזומא, זאָל פאלען אויף אזא ניעדערטרעכטיגען פלאן.

פאָרלויפיג האָט קאָרטעס'ען געלוינט מיט מאָנטעזומא'ן, וויא ווייט מעגליך, צו שפיעלען זיך אין פריינדשאפט.

יענע נאַכט האָט יעדער שפּאַניער זיך געלעגט שלאָפען אין זיין פּאַנציר און מיט זיינע געוועהר אין האַנד. אויף מאָרגען אין דער פריה האָט דער הויפּט־קאָמאַנדיר אויסגעשטעלט זיין אַרמיי נאָך אַ געווייסען פּלאַן נאָך. צו דעם גרויסען הויף פון דעם טעמפּעל, וואו זיי זיינען איינגעשטאַנען, האָבען געפיהרט דריי טויערען, — האָט ער ביי יעדער פון זיי אַוועקגעשטעלט אַ שטאַרקע וואַך. דיא איבעריגע האָט ער אויסגעשטעלט מיט זיינע גרויסע האַרמאַטען פון דרויסען, אין אַזעלכע ערטער, אַז ביי דעם אָנפאַנג פון יעדער גרויסער גאַס זיינען געשטאַנען האַרמאַטען. ער האָט געשיקט זאָגען דיא זעקס טויזענד טלאַסקאַלאַנער, אַז זיי זאָלען זיין געגרייט איהם צו העלפען אין אַ בלוטיגע אַטאַקע.

אין דער בעשטימטער צייט זיינען געקומען דיא טשאָלולאַנער עלטסטע מיט זייערע צוויי טויזענד „טאַמאַנען“. זיי האָבען אַריינ־מאַרשירט אין דעם גרויסען הויף. קאָרטעס האָט זיי אָבגערופען אָן אַ זייט און מיט אַ בייזען קול זיי בעשולדיגט אין דער פערשווערונג, אויסרעכענענדיג אַלע איינצעלהייטען.

אַזוי וויא אַ דונער וואָלט זיי געשלאָגען — אַזוי האָבען זיי בעגעגענט דיעזע ווערטער זיינע. כ'לעבען עס האָט אויסגעוויזען, אַז דיא ווייסע זיינען געטליכע בעשעפּעניסען, פון וועלכע עס קענען קיין סודות ניט זיין. לייקענען פאַר אַזעלכע בעשעפּעניסען האָט קיין זין ניט געהאַט, אַלזאָ האָבען זיי אַלץ מודה געווען און דעם גאַנצען בלבול אַרויפגעוואָרפען אויף מאָנטעזומאַ'ן. קאָרטעס אָבער האָט זיך געמאַכט, אַז ער גלויבט זיי ניט, און אַז ער איז אויפגעבראַכט פון דעם וואָס זיי בעשולדיגען זיין אונשולדיגען, בראַווען טרייען פריינד, און אַזוי שפּיע־לענדיג זיין קאָמעדיע, האָט ער געגעבען אַ סיגנאַל אָנצופאַנגען איינע פון דיא בלוטיגסטע דראַמאַס, וועלכע זיינען פערצייכענט אין דער מענשליכער געשיכטע.

וויא דיא צוויי טויזענד האַלב־נאַקעטע אונבעוואַפענטע „טאַמאַ־נען“ זיינען אַזוי געשטאַנען צוזאַמענגעפּרעסט אין איין געדיכטע מאַסע, אפילו ניט דענקענדיג פון דער קלענסטער געפאַהר, האָט מען אין זיי אויסגעשאָסען אַ שלאַגס־רעגען פון קוילען און שטאָהלענע פּיילען, און גלייך נאָך דעם האָט מען אויף זיי זיך אַרויפגעוואָרפען מיט שווערדען און מיט שפּיזען. אייניגע פון זיי האָבען זיך געפּרופּט

רעטען קלעטערענדיג איבער דיא וואנד, האט מען זיי דארטען נידער־געשאסען. אנדערע האבען געפרופט לויפען דורך דיא טויערען, — האט מען זיי ארויפגעכאפט אויף דיא פיקעס.

ווען דיא אנדערע טשאלולאנער האבען פון ווייטען דערהערט דעם שרעקליכען געשריי פון דיא הרוגים, האבען זיי זיך צוזאמענגעקליבען טויזענדער־ווייז און זיינען בעפאלען דיא שפאניער, וואס זיינען געשטא־נען ביי דעם אנהויב גאסען, פון דרויסען פון טעמפעל. אבער דא האבען דיא קאנאנען אויף זיי גענומען שפייען מיט טויט. דורך וועלכע גאס זיי זיינען ניט אנגעקומען האט זיי בעגעגענט א הארמאט. און דיא קאוואַ־לעריע האט צוגעהאלפען. אין דיא מינוטען ווען דיא ארטילעריע איז געווען פערנומען, אנלאדענדיג זייערע שרעקליכע אינסטרומענטען, האבען קארטעס'עס רייטער געטראטען און געהאקט דעם שונא. דיא טשאלולאנער האבען זיך פערטהיידיגט בראוו. אויף דעם ארט פון זייערע געפאלענע האבען זיך גלייך געשטעלט אנדערע. זיי האבען זיך אבער כמעט אלע געשטעלט אויף א זיכערען טוידט.

בשעת דיעזע שחיטה איז אנגעגאנגען, זיינען אריינגעקומען דיא טלאסקאלאנער מחנות. אום דיא שפאניער זאלען ניט מיינען, אז זיי זיינען אויך טשאלולאנער, האבען זיי געטראגען קראנצען פון גראז אויף זייערע קעפ, — וויא מען האט אבגעמאכט פון פריהער. זיי זיינען אנגעפאלען אויף זייערע שונאים פון הינטען, און אויף דיעזען ארט האבען דיא אונגליקליכע זיך געפונען צווישען צוויי פייערען. דיא בלוטיגע מישעניגע איז געווען פערשפרייט איבער'ן גאנצען שטאדט. אין איין פלאץ האבען זיך א מאסע טשאלולאנער צוזאמענגעקליבען אין הויכע הילצערנע טהורעמס פון א גרויסען טעמפעל און פון דארטען האבען זיי אויף דיא שפאניער געווארפען שטיינער, שפיזען און געשאסען אין זיי מיט אנגעצונדענע הילצערנע פיילען. אבער דער פייערדיגער רעגען איז געפאלען אויף שטאהלענע קיווערען; באלד האבען דיא שפאניער מיט דיא זעלבע בראנד־העלצלעך אנגעצונדען דיא הילצערנע טהורעמס און זיי איינגעוויקעלט אין פלאמען. דאך, ווען קארטעס האט דיא טשאלולאנער, וועלכע האבען זיך דארטען געפונען, פארגעשלאגען אז זיי זאלען זיך אונטערגעבען, האט בלויז איינער פון זיי זיך בענוצט מיט דעם פארשלאג. אלע איבעריגע זיינען ליעבער

פערברענט געוואָרען אין דעם פלאַקער אָדער אַראָבגעשפּרונגען צו אַ זיכערען טוידט.

דיא מהומה איז געווען אַן אונבעשרייבליכע: דיא קולות און קרעכצען פון דיא שטאַרבענדע האָבען זיך געמישט מיט דיא טריאומף־געשרייען פון דיא שפּאַניער, מיט אַ ווילדע זיעגרייכע פייפעריי פון דיא טלאַסקאַלאַנער, מיט דיא קנאַקעריי פון דיא ברענענדע טהורעמס, מיט דעם געפּילדער פון דיא געוועהר. און דיא גאַסען האָבען בוכשטעבליך געפּלייצט מיט בלוט.

ווען אַלץ איז געווען פאָראיבער, ווען דיא גאַסען זיינען שוין געווען בעדעקט מיט טויטע קערפּערס און דיא איבערגעבליבענע טשאָ־לולאַנער האָבען שוין מעהר קיין כחות ניט געהאַט אומזיסט צו קעמפּפען, האָבען דיא זיעגער זיך אוועקגעלאָזען בעראַבעווען דיא הייזער. בערג מיט פערשיעדענע זאַכען האָבען זיי אַוועקגעשלעפּט; דיא ווייסע מיט דיא טלאַסקאַלאַנער איז צו קריעגען זיך איבער דער חלוקה ניט אויסגעקומען, וואָרים דיא רויט־הויטיגע האָבען זיך געכאַפּט בלויז פאַר ניצליכע זאַכען, וויא שפּייז און קליידער, וועהרענד זייערע „ציוויליזירטע“ שותפים האָבען זיך בלויז אינטערעסירט מיט גאָלד און זילבער. — אַלזאָ האָט יעדער צד זיך גענומען וואָס זיין הארץ האָט געלוסט.

וויפיעל טשאָלולאַנער מען האָט אויסגעשאָכטען אָדער עס זיינען פערברענט געוואָרען, ווייס מען גענוי ניט. קאָרטעס אַליין האָט נאָכהער בעריכטעט אַז דריי טויזענד. ער האָט אָבער נאַטירליך געהאַט אַן אינטערעס דיא צאָהל פאַרצושטעלען וואָס קלענער. אַנדערע האָבען בעריכטעט פיעל מעהר טוידטע. וויא עס ווייזט אויס איז דיא צאָהל געווען אַרום זעקס טויזענד.

מיר האָבען דאָ אויבען דערצעהלט וועגען מאָנטעזומאַ'ס געהיימען פּלאַן, וועלכער האָט געפיהרט צו דער שחיטה. אַזוי האָט קאָרטעס דער־צעהלט דיא געשיכטע און אַזוי ווערט זיא מייסטענס אָנגענומען. עס איז אָבער פאַראַן אַ מיינונג פון אַ וויכטיגען היסטאָריקער אַז ער האָט דאָס אַלץ אויסגעקלעהרט אומישנע, אַלס אַ תירוץ צו מאַכען דיא שרעקליכע הריגה, אום מיט איהר ארויפצוואַרפען אַזא אימה אויף מאָנטעזומאַ'ן, אַז יענער זאָל ניט סמייען זיך צו שטעלען געגען איהם, ווען ער וועט קומען נאָך מעקסיקאָ. עס איז אויך פאַראַן אַ דריטע

מיינונג, — נעמליך, אז דיא גאנצע מעשה איז ווירקליך געווען ניט מעהר וויא א העצע פון די טלאסקאלאנער, און אז מארינא האט איינפאך אנטהייל גענומען אין זייער אינטריגע. אבער געוועהנליך דערצעהלט מען דיא געשיכטע וויא מיר האבען איהר דא דערצעהלט.

צי אזוי צי אזוי, — צו קארטעס'עס מערדערליכקייט איז קיין שיעור ניט געווען. קארטעס'עס לויב־זינגער צייגען אן מיט בעגייסטע־רונג אויף דעם, דאס ער האט אין טשאלולא בעפרייט מענשען פון דיא שטייגען, אין וועלכע מען האט זיי געהאלטען געגרייט אלס קרבנות פאר זייערע געטער. האט דיא שפאנישע אינקוויזיציאן דען ניט געטהאן דאס זעלבע וואס דיעזע אינדיאנער? האט זי דען ניט מקריב געווען מענשען אויף די פייערען פון דעם קאטוילישען גאט? און קארטעס האט דאך אויך געהאקט מענשען טויזענדער־ווייז כלומרשט אין דעם נאמען פון קריסטענטהום. אויב אין אמת'ן האט ער געהאט אין זינען דיא אינדיאנישע גאלד, האבען דיא אינקוויזיטארס און דיא שפאנישע רעגיערונג אין אמת'ן געהאט אין זינען דיא גאלד וואס מען האט קאנפיסקירט פון דיא אידען, וועלכע מען האט געפיהרט צום טויט.

וואס אנבעטרעפט דיא ווירקונג, וואס דיא טשאלולער הריגה האט געזאלט האבען אויף מאנטעזומא, האט קארטעס גאנץ גוט געוואוסט, דאס זיא וועט זיך פיהלען זעהר שטארק. ער האט געוואוסט, אז דער מלחמה־האר פון דיא אצטעקען וועט איצט שוין ניט סמייען איהם צו פערצאמען דעם וועג צו זיין הויפט־שטאדט.

דיא טשאלולאנער האבען זיך פאלשטענדיג אונטערגעגעבען. מיט געבעט און מיט געוויין האבען זיי גע'פועל'ט ביי זייער זיעגער, אז ער זאל אויפהערען זיי צו פערטיליגען.

ווען קארטעס האט זיך גענומען קלייבען צו זיין ווייטערע רייזע, האבען דיא אינדיאנער פון סעמפאאלא זיך ביי איהם געבעטען ער זאל זיי לאזען זיך אומקעהרען אהיים. דיא שרעק פאר מאנטעזומא'ס מאכט איז געווען אזוי טיעף איינגעווארצעלט אין זייערע הערצער, אז זיי האבען קיין מוטה ניט געהאט אריינצוקומען אין זיין הויפט־שטאדט. קארטעס האט זיי ענטשולדיגט, און האט זיי מיטגעגעבען בריעף צו עסקאלאנטע'ן, דעם אפיציער, וועלכען ער האט איבערגע־לאזען מיט א טהייל פון זיין ארמיי אין ווערא קרוץ. זעגענענדיג זיך

מיט זיי, האָט ער זיי געשאָנקען קליידער און שפייז פון דיא רויב, וואָס ער האָט אָנגענומען אָדער פון דיא מתנות וואָס מאָנטעזומא האָט איהם געשיקט. דאָך זיינען איניגע סעמפּאָאַלער פערבליבען אין דעם שפּאַנישען לאַגער.

וואָס אַנבעטרעפט דיא עטליכע הונדערט אינדיאַנער, וואָס האָבען מיט דיא שפּאַניער מיט־מאַרשירט פון קובאַ, זיינען זיי ניט געוואוינט געוועזען ניט צו דעם קלימאַט און ניט צו דיא שוועריגקייטען פון קאָרטעס'עס רייזע און דאָס רוב פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבען אויפ'ן וועג.

קאָרטעס האָט אַלזאָ זיין מאַרש פאָרטגעזעצט מיט אונגעפעהר 450 שפּאַניער, אַרום 6000 טלאַסקאַלאַנער אינדיאַנער און אַ געוויסע צאָהל אינדיאַנער פון קובאַ און פון סעמפּאָאַלאַ.

פון טשאָלולאַ ביז דער הויפּט־שטאָדט פון מעקסיקאָ איז אַרום זיעבעציג מייל. פון אָנפאַנג האָט דער וועג זיך געצויגען דורך שעהנע ריעזיגע לאָנקעס און רייכע פעלדער און גערטנער. פון אַלע זייטען זיינען שלוחים מיט מתנות געקומען בעגריסען דיא זיעגרייכע ווייסע מענשען און בעטען זייער שוץ געגען די אַצטעקען.

דערנאָך האָט דיא אַרמיי געמוזט זיך אויפהויבען אַרויף־באַרג. עס איז געוואָרען קעלטער און קעלטער. דאָ געפינען זיך צוויי פון דיא העכסטע בערג פון נאָרד אַמעריקאַ. דער גרעסטער פון דיעזע הייסט פּאָפּאָקאַטאַפּעטל, דאָס הייסט „דער באַרג, פון וועלכען עס געהט אַ רויך". דאָס איז אַ וואָלקאַן, וועלכער פלעגט דאַן ווירקליך אימער רויכערען. ער איז העכער וויא דער מאָנט בלאַן, דער העכסטער באַרג אין אייראָפּאַ. דעם צווייטען באַרג, וואָס געפינט זיך אין דיעזען געגענד, האָבען דיא אינדיאַנער אַ נאָמען געגעבען איצטאַקסי־הואַטל („דיא ווייסע פרוי"), ווייל ער איז צוגעדעקט מיט שנעע וויא מיט אַ ריעזיגע ווייסע קלייד.

פון דיא בערג איז דיא אַרמיי אַרויסגעקומען אין אַ טהאָל, דיא טהאָל פון מעקסיקאָ, אַ פרוכטבאַרער טהאָל פון פעלדער, וואַסערען, וועלדער און שטעדט. אַ צויבערליכער נאַטור־בילד איז געלעגען אויסגעשפּרייט פון אַלע זייטען.

מיט קלאַפּענדע הערצער האָבען דיא שפּאַניער דערפיהלט אַז זיי זיינען שוין גאַנץ נאָהענט צו דער גרויסער שטאָדט, וועגען וועלכע

זיי האָבען אזוי פיעל געהערט, צו דער רייכער, מעכטיגער שטאָדט, וועמעס אַרמייען וואַרפען אַרויף אַן אימה אויף אַלע פעלקער פון אנאהואק.

זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט אין איין שטעדטעל נאָך דער אַנדע־רער. אומעטום האָבען זיי געזעהן צייכענס פון ענטוויקלונג. אומעטום האָבען זיך אַרום זיי אַרומגעקליעבען מאַסען נייגעריגע.

מאָנטעזומאַ האָט אַרויסגעשיקט אַ נייע דעלעגאַציע, זיי אויפ־צונעהמען אויפ'ן וועג, ווידער מיט קאָסטבאַרע פּרעזענטען, ווידער מיט גאָלד און גאַנצע בערג טהייערע קליידער און ציערונגען. דיא שלוחים האָבען אָבער ווידער ביי קאָרטעס'ען זיך געבעטען, אַז ער זאָל זיך אומקעהרען. מאָנטעזומאַ האָט איהם אָנגעבאָטען אַן אייגענס, פאַר איהם און פאַר יעדען פון זיינע אָפיציערען, און רייכע יעהרליכע צינזען צו דעם שפּאַנישען קעניג — אַבי זיי זאָלען ניט קומען אין זיין הויפּט־שטאָדט. קאָרטעס'עס אַנטוואָרט איז געווען אַלץ דער זעלבער: ער מוז בעזוכען מאָנטעזומאַ'ן, ווייל אַזוי איז דער בעפעהל פון דעם שפּאַנישען הערשער. ער האָט איהם אָבער פערזיכערט, אַז ער קומט אַלס זיין בעסטער פריינד. און טאָמער וועט זיין וויזיט זיין צו לאַסט, וועט ער באַלד אָברייזען צוריק.

אונגליקליכער מאָנטעזומאַ! ער איז געווען אַזוי צוציטערט, נערוועז, צובראָכען, אַז ער האָט ניט געקענט ניט עסען, ניט שלאָפען, ער האָט רק מתפלל געווען צו זיינע געטער און געבעטען עצות ביי דיא נביאים; אָבער ביי דיא נביאים זיינען געווען פערמאַכט דיא ליפּען.

דאַן האָט שטאַטגעפונען אַ בעראַטהונג פון דיא עלסטע. זיי זיינען געווען צוטהיילט. קאַקאַמאַ, מאָנטעזומאַ'ס יונגער פּלע־מעניק, איז געווען דאַפיר, אַז מען זאָל דיא שפּאַניער אויפנעהמען אַלס פריינד. קוויטלאַהואַ אָבער, מאָנטעזומאַ'ס ברודער, האָט זיך אויסגעשפּראָכען פאַר אַ בלוטיגע בעגעגנים. ער איז געווען אַ פיעל פעסטערער און ענערגישערער מענש וויא מאָנטעזומאַ, און ער האָט פאָרגעשלאָגען אַז מען זאָל אויפ'ן שטעל צוזאַמענרופען אַ גרויסע אַרמיי, ניט מאַכען קיין איבעריגע הכנות און אַרויסטרייבען דיא אונגע־בעטענע געסט פון לאַנד. אָבער זיין ברודער, דער מלחמה־הויפּטמאַן, האָט קיין מוטה ניט געהאַט. „וואָס וועט דאָס העלפען?“ האָט ער זיך

אָבגערופען מיט אַ ניעדערשלאָגענעם בליק אין זיינע אויגען. „דיא געטער זיינען געגען אונז. עס איז פערפאַלען."

און מען האָט אַרויסגעשיקט אַ קאָמיטע, מיט קאַקאַמאַ'ן אויף דער שפּיצע, צו בעגריסען דיא שפּאַניער און ווילקאָמען זיי אין דער הויפּט־שטאָדט.

איידער מיר געהען ווייטער, לאָמיר ערקלעהרען אַז דיא אַצטעקישע הויפּט־שטאָדט האָט אייגענטליך געהייסען טענאָכטיטלאַן. דאָס איז געווען איהר הויפּט־נאָמען. אַזוי האָבען איהר מייסטענס גערופען דיא אַצטעקען גופא און אַנדערע אינדיאַנישע שבטים.

דיא אַצטעקען פּלעגען וועגען דיעזען נאָמען דערצעהלען דאָס פאָלגענדע: אמאָל (אין 1325), ווען זייערע זיידעס זיינען געלאָפען פון שונאים, האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט אויף אַ זומפּיגען פּלאַץ. דאָרטען האָבען זיי דערזעהן אַ בעקאַנטען שטיין, אויף וועלכען איינער פון זייערע גלחים האָט אַמאָל מקריב געווען אַ געפאַנגענעם עלסטען. אין אַ שפּאַלט פון דעם שטיין האָט זיך אָנגעקליבען ערד, און פון דיעזער ערד איז אַרויסגעוואַקסען אַ קאַקטוס־פלאַנצונג, אויף וועלכע דיא אַצטעקען האָבען געזעהן אַן אָדלער מיט אַ שלאַנג אין זיין שנאָבעל. זייערער אַ נביא האָט זיך דאַן אַראָבגעלאָזען אין וואַסער, זיך געזעהן מיט'ן וואַסער־גאָט, און געקומען צוריק מיט דיא געטליכע ווערטער, אַז אויף דיעזען פּלאַץ זאָלען זיי בויען אַ שטאָדט. זיי האָבען אַזוי געטהאָן. דער נאָמען טענאָכטיטלאַן בעשטעהט פון דריי ווער־טער וועלכע בעדייטען אויף דעם אַצטעקישען לשון: „דער פּלאַץ פון דעם קאַקטוס־פעלז".

ביסלעכוויז, מיט דער הילף פון וואַסער־אָבצאַמונגען און געמויערטע וועגען האָבען אַצטעקען דיא זומפּען פערוואַנדעלט אין אָזערעס, וועלכע האָבען זייער שטאָדט בעשיצט פון אַלע זייטען. זיא איז געוואָרען דיא שטאַרקסטע שטאָדט אויף דעם גאַנצען אַנאַהואַק.

די פיגור פון אַ פעלז מיט אַ קאַקטוס־פלאַנצונג, אויף וועלכער עס זיצט אַן אָדלער מיט אַ שלאַנג אין מויל, איז געווען דער „טאָטעם" אָדער שבט־צייכען פון דיא אַצטעקען, און היינט איז דאָס דער הערב פון דער מעקסיקאַנישער רעפּובליק.

דער וואָרט מעקסיקאָ שטאַמט פון „מעקסיטל" — איינער פון דיא צוויי נעמען פון דעם אַצטעקישען מלחמה־גאָט. זיין אַנדערער

נאָמען, וועלכען מען האָט געברויכט פיעל עפטער, איז געווען הויט־ציילאָפּאָכטלי.

ווען דיא שפּאַניער זיינען צוגעקומען צו דיא אָזערעס, וואָס ליעגען אַרום טענאָכטיטלאַן, האָבען זיי געהאַט איין איבער־ראשונג נאָך דער אנדערער. זיי זיינען דאָ דורכגעגאַנגען פיעלע שטעדטלעך, וועלכע זיינען געווען געבויט אויפ׳ן וואַסער, וויא דיא איטאַליענישע שטאָדט ווענעציע. דיא הייזער זיינען געווען בעדעקט מיט אַזאַ ווייסען בליסטשענדען צעמענט, אַ מין גיפּס, — אַזוי אַז פון ווייטען האָבען דיא שפּאַניער געמיינט, אַז דאָס איז זילבער. צווישען דיא הייזער אָדער אויף זייערע הויפען זיינען געווען גערטנער. דאָ האָבען זיי אויך צום ערשטען מאָל דערזעהן דיא בעריהמטע שווי־מענדע גערטנער פון מעקסיקאָ — גרויסע פּליטען מיט ערד, אויף וועלכע עס זיינען געוואַקסען דיא רייכסטע פּלאַנצונגען מיט דיא שעהנסטע בלומען, וויא פּלאַנצען וואַקסען אין וואַזאָנעס*). באַלד זיינען זיי אַרויפגעגאַנגען אויף אַ וועג אָדער „שאָסעע“, וועלכער איז געווען אויסגעמויערט פון שטיינער מיט צעמענט אין מיטען וואַסער. ער איז געגאַנגען איבער דער אָזערע אַזוי וויא אַ „קלאַדקע“ געהט איבער אַ לוזשע, צום ביישפּיעל. דורך דער גאַנצער אָזערע האָט ער זיך געצויגען, גלייך וויא אַ סטרונע, און ער איז געווען ברייט גענוג פאַר אַכט רייטער. אויסגעמויערט איז ער געווען אויסגעצייכענט. אייראָ־פּעאישע בעלי־מלאכות וואָלטען דאָס בעסער ניט געקענט מאַכען.

---

*) דיעזע „וואַזאָנעס“ האָבען אָפט געהאַלטען פון צוויי הונדערט ביז דריי הונדערט פוס אין לייגג. די ערד, וואָס זיי האָבען אויף זיך געטראָ־גען, איז בעשטאַנען פון פעטע, זעהר פרוכטבאַרע בלאָטע, וועלכע מען האָט ארויסגעצויגען פון דעם גרונט. אויף אייניגע פון דיעזע פּליטען אָדער שווימענדע אינזלען זיינען זאָגאַר געוואַקסען בוימער. אין אייניגע פעללע האָבען דיא בעלי הבתים פון אַזאַ גאָרטען־פּליט אויף איהם געהאַט אַ בודקע. מיט אַ לאַנגע וויאָסלע האָט מען לייכט געקענט איבער־רוקען דעם גאַנצען „מאַיאָנטיק“. דיעזע שווימענדע גערטנער ווייזען, אז דיא מעקסיקאַנער האָבען ניט געהאַט ערד גענוג צו שפּייזען דיא גאַנצע בעפעלקערונג. אַז ניט, וואָלטען זיי ניט געפונען פאַר נויטיג צו זוכען אַזעלכע מיטלען צו פערשפּאָרען לאַנד.

די אָזערע האָט געקישעט מיט שיפלעך. מאַסען אינדיאַנער זיינען זיך צוזאַמענגעקומען בעקוקען די ווייסע מענשען. פיעלע פון זיי זיינען אַרויסגעקראָכען פון זייערע שיפלעך און אַרויפגעקלעטערט אויף די זייטען פון דעם געמויערטען וועג, כדי צו זעהן וואָס בעסער. די אָזערע הייסט כ א ל ק אָ. מיט דיעזען שאָסעע זיינען די שפּאַניער אהער אַריבערגעגאַנגען און דאַן, איבער דער יבשה, זיינען זיי צוגעקר־




לאַנדקאַרטע פון דער שטאָדט טענאָכטיטלאַן אָדער מעקסיקאָ, מיט די אַרומיגע אָזערעס, די וויכטיגסטע און נעהנטסטע אַרומיגע שטעדט און די שאָסעען, וואָס האָבען געפיהרט דורך די אָזערעס.

מען צו אַ צווייטע, אַ גרעסערע אָזערע, דיא טעזקוקאָ. אויף איהר איז דאָס געשטאַנען דיא שטאָדט טענאָכטיטלאַן אָדער מעקסיקאָ. זי האָט פערנומען אַן אינזעל אָדער — ריכטיגער געזאָגט — עטליכע אינזעלעך. איבער דיעזע אָזערע האָבען זיך אויך געצויגען געמויערטע „קלאַדקעס“ אָדער שאָסעען פון פיער ביז פינף מייל דיא ליינג. באַלד זיינען דיא רייזענדע געווען ביי דעם לענגסטען פון זיי.

אזוי מאַרשירענדיג האָבען זיי דערגרייכט אַ שטאָדט מיט'ן נאָמען איצטאַפּאַלאַפּאַן, וואו מען האָט זיי אויפגענומען מיט מתנות (פאַר זעקס טויזענד דוקאַטען גאָלד און בערג מיט פעדערנע מאַנטלען און אַנדערע קליידער). אהער זיינען צו קאָרטעס'ען געקומען שלוחים פון טענאָכטיטלאַן מיט גרוסען פון מאָנטעזומאַ. דיא שלוחים האָבען געבעטען, אַז דיא טלאַסקאַלאַנער זאָלען ניט מיטגעהן מיט דיא שפּאַניער, ווייל זיי זיינען פערביסענע שונאים פון דיא מעקסיקאַנער און זייער אַנוועזענהייט קען אויפקאָכען דיא בלוט פון דיא איינוואוי־נער. אָבער קאָרטעס האָט געענטפערט, אַז זיי געהען ניט אַלס שונאים, ניט אַלס קעמפפער, נאָר בלויז אַלס זיינע בעגלייטער און באַגאַזש־טרעגער, און ער האָט דיא ביטע צוריק־געוויזען.

ענדליך האָט קאָרטעס אָנגעפאַנגען זיין רייזע איבער דער געמויער־טער „קלאַדקע“, וועלכע האָט זיך געצויגען איבער דער **אָזערע** טעזקוקאָ ביז דיא סאַמע טהויערען פון דער הויפּט־שטאָדט. דאָס איז געווען דעם 8טען נאָוועמבער, 1519. פון ווייטען האָבען זיך געזעהן דיא פייערען פון מזבחות. אַ מייל און אַ האַלב פון שטאָדט איז אויף דעם שאָסע געשטאַנען אַ שטיינערנע פעסטונג. אויף יענעם אָרט האָט זיך פון דיעזען לאַנגען וועג פערנומען אַ קלענערער שאָסע דורכ'ן וואַסער; פון דאָרטען איז דיעזע קירצערע „קלאַדקע“ געגאַנגען צו דער יבשה, אַזוי וויא אַ צווייג פון אַ בוים; דיא צוויי שאָסען זיינען זיך אַלזאָ צוזאַמענגעקומען אין מיטען וואַסער; דאָרטען אויף זייער פעראייניגונגס־פּלאַץ איז געווען גאַנץ ברייט און דאָרטען איז דאָס געשטאַנען דיא פעסטונג. דיעזער פּלאַץ האָט געהייסען קסאָלאָק (זעה דיא קאַרטע פון דער שטאָדט מעקסיקאָ, (אויף פאָריגער זייטעל.)

דאָ האָבען אויף דיא שפּאַניער געוואַרט עטליכע הונדערט אַצטע־קישע שלוחים אַלס קוריערען אָנצוזאָגען, אַז מאָנטעזומאַ קומט. זיי

זיינען געווען אויסגעפּוצט יום־טוב'דיג און האָבען געטראָגען אויער־רינגלעך, נאָז־רינגען און ליפּ־רינגען. יעדער שליח האָט קאָרטעס'ען בעגריסט: צוגעלעגט דיא האַנד צו דער ערד, און איהר דערנאָך אַ קוש געטהאָן. אַזוי וויא דיעזע צערעמאָניע האָט דורכגעמאַכט יעטווי־דערער פון דיא עטליכע הונדערט קוריערען, איז דיא רייזע דערפון פער־האַלטען געוואָרען מעהר וויא אויף אַ שטונדע. דאַן זיינען דיא שפּאַניער מיט זייערע טלאַסקאַלאַנער בעגלייטער געגאַנגען ווייטער — אַלץ איבער'ן שאָסעע וואָס האָט זיך געצויגען דורך דער אָזערע — ביז זיי זיינען געקומען צו אַ הילצערנעם בריק. דאָס איז שוין געווען ניט ווייט פון דיא שטאָדט־טויערען. עס האָט זיך ארויסגעצייגט אַז דער בריק קען זיך אויפהויבען און אַראָבלאָזען. מען האָט איהם אויך געקענט צונעהמען. אַזעלכע בריקען זיינען געווען עטליכע, איינער נאָך דעם אַנדערען. דאָס זעלבע איז געווען מיט דיא אַנדערע געמויערטע „קלאַד־קעס" אָדער שאָסעען, וואָס האָבען דורך דער אָזערע געפיהרט צום שטאָדט; זיי זיינען אויך ביי דער שטאָדט איבערגעהאַקט געוואָרען; דאָרטען איז אויך דיא אָזערע דורכגעגאַנגען, אונטער בריקען. און דיעזע בריקען האָט מען אויך געקענט צונעהמען*). ווען עס פלעגט אָנקומען אַ שונא, פלעגט מען דיעזע בריקען עפּענען און דיא שטאָדט פלעגט פערוואַנדעלט ווערען אין אַן אינזעל. אָדער אַז ניט, פלעגט מען איהם אַריינלאָזען אין שטאָדט און דאַן איהם אָבשניידען דעם וועג צוריק, — איהם אַריינגנעהמען אין פּאַסטקע. ווען קאָרטעס מיט זיין אַרמיי זיינען אַריבערגעגאַנגען דיא בריקען און אַריין אין שטאָדט, האָבען זיי זיך געקלעהרט אַז אפשר וועט מען זיי דאָ אָבטהאָן אַ שפּיצעל.

באַלד האָבען זיי פון דער ווייטען דערזעהן אַ גלענצענדע קאָמ־פּאַניע וועלכע האָט געטראָגען אַ גאָלדענעם שטוהל מיט אַ חופּה. פאָר־אויס זיינען געגאַנגען דריי מענער מיט גאָלדענע שטעקענס אין דיא הענד, און הינטער זיי האָבען מאַרשירט אַ פּאָר הונדערט פּאַראַדנע

*) זאָל דער לעזער דיעזע שאָסעען, וואָס זיינען געגאַנגען איבער דער אָזערע, און זייערע בריקען, זיך סטאַרען גוט זיך פאָרצושטעלען. דאָס וועט אונז נויטיג זיין אום קלאָהר צו פערשטעהן דעם גאַנצען קאַמפּף, וואָס דיא שפּאַניער האָבען דאָ שפּעטער געהאַט צו פיהרען.

געקליידעטע עלסטע. דיא חופּה איז בעשטאַנען פון אַ רייך־קאָלירטע פעדער־טוך בעשאָטען מיט טהייערע שטיינער, פּעריל און זילבער. איהר האָבען געטראָגען איבער'ן שטוהל פיער עלסטע. אויפ'ן שטוהל איז געזעסען מאָנטעזומאַ דער אַצטעקישער מלחמה־האַרר אָדער מיליטער־רישער הויפּט־קאָמאַנדיר. ער איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָהר פערציג מיט אַ געוועהנליכע אינדישע געזיכט, מיט אַ ווייכען, גוטמוטהיגען אויסדרוק. זיינע שווארצע, האַרטע האָר איז געהאַנגען איבער דיא אויערען. פון אַ באָרד האָט ער געהאַט בלויז אַ שפּור.

באַלד האָט זיך דיא פּראָצעסיע אָבגעשטעלט. מאָנטעזומאַ איז אַראָבגעקראָכען פון זיין שטוהל, און אָנלעהנענדיג זיך אָן צוויי עלסטע איז ער צוגעגאַנגען צו דיא געסט. דיא גאַנצע צייט וואָס ער איז געגאַנגען צו פוס האָט מען איבער איהם געהאַלטען דיא בליסטשענדע חופּה, און דיענער האָבען פאַר איהם אויסגעשפּרייט רייכע באַוועלנע טעפּיכען, ער זאָל ניט דאַרפען געהן איבער דער ערד. פון אונטען האָט ער בלויז געטראָגען אַ ברייטען גאַרטעל און גאָלדענע סאַנדאַלען, — דאָס הייסט פּאַדעשוועס וועלכע זיינען מיט רימענדלעך געווען צוגעבונדען צו דיא פיס. פון אויבען האָט ער געטראָגען אַ פּלאַסטש אָדער מאַנטעל פון פיין־געוועבטע און דעליקאַט געפּאַרבטע באַוועלנע מאַטעריע. דיעזער מאַנטעל, וויא אויך דיא סאַנדאַלען, זיינען געווען אויסגעשפּריצט מיט פּעריל און עדעל־שטיינער. אויפ'ן קאָפּ האָט ער געטראָגען אַ מין קאַפּטור פון גרינע פּעדערען.

דיא געסט האָבען זיך אָבגעשטעלט. קאָרטעס און זיינע וויכטיגסטע אָפּיציערען זיינען אַראָב פון זייערע פערד און דיא צוויי קאָמפּאַניעס האָבען זיך בעגעגענט. מאָנטעזומאַ האָט דעם שפּאַנישען גענעראַל פריינדליך בעגריסט. יענער האָט אָבגעענטפערט אויף אַן עהנליכען שטייגער און, אַראָבנעהמענדיג פון האַלז אַ קריסטאָלענע קייט האָט ער דאָס אָנגעטהאָן אויף דעם אינדיאַנישען „קעניג", וויא ער האָט איהם גערופען.

איינער פון דיא צוויי אַצטעקען, וואָס האָבען מאָנטעזומאַ'ן גע־פיהרט אונטער דיא אָרעמס, איז געווען זיין ברודער קוויטלאַהואַ און דער אַנדערער זיין פּלימעניק קאַקאַמאַ. דעם ברודער האָט מאָנטעזומאַ איבערגעלאָזען, ער זאָל דיא געסט אַוועקפיהרען אין זייער וואוינונג, און ער אַליין האָט זיך פאָרלויפיג געזעגנט און איז אַוועק.



מאָנטעזומאַ.

מיט פלאַטערענדע פאַהנעס און מיט שפּיעלענדע טרומ טען האָבען דאַן דיא שפּאַניער מאַריינמאַרשירט אין שטאָדט. דער שאָססע איז דאָ פאָרטגעזעצט געוואָרען אַלס אַ גאַס (דאָס זעלבע איז געווען מיט דיא אַנדערע צוויי שאָסעען וואָס האָבען זיך געצויגען דורך דער אָזערע. זיי זיינען אַלע פאָרטגעזעצט געוואָרען אין שטאָדט, אַלס גאַסען, און זיי האָבען זיך אַלע בעגעגענט אין רעכטען מיטען שטאָדט).

דיא גאַסען און דיא פלאַכע דעכער פון דיא הייזער זיינען געווען פול מיט מענשען, וועלכע האָבען וויא פער'כשופ'טע געקוקט אויף דיא וואונדערליכע ערשיינונג — אויף משונה'דיג גרויסע פיער־פיסיגע בעשעפּעניששען, וואָס טראָגען אויף זיך וויים־הויטיגע לאַנג־בערדיגע מענשען. אייגענטליך האָט דיא רויט־הויטיגע מחנה, וואָס איז מיטגע־גאַנגען מיט דיא שפּאַניער, דיא מעקסיקאַנער איבערראַשט ניט וועניגער וויא דיא וויסע. צו זעהן וויא טלאַסקאַלאַנער, דיא בלוט־שונאים פון דיא אַצטעקען, מאַרשירען פריי דורך דער שטאָדט, איז געווען אַן אונגלויבליכער נייעס פאַר זיי.

אַלס קוואַרטיר האָט מען דיא שפּאַניער מיט זייערע אינדיאַנישע בעגלייטער געגעבען אַ גרויסען, ניט הויכען מויער — אייגענטליך פיעלע מויערען אין איינעם — לעבען דעם הויפּט־טעמפּעל. דאָס איז געווען אין מיטען שטאָדט, דאָרטען, וואו עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע דריי שאָסעען, וואָס האָבען זיך געצויגען איבער דער אָזערע.

אויף דיא שפּאַניער האָט דאָרטען שוין געוואַרט מאָנטעזומאַ אַליין. ער האָט קאָרטעס'ען אויפגענומען מיט אַ מתנה — אַ געוויסע ים־שיסעלע איינגעפּאַסט אין גאָלד, צו וועלכע עס זיינען געווען צוגעטשע־פּעט אויף גאָלדענע קייטען עטליכע גאָלדענע פיגורען, וואָס האָבען פאָר־געשטעלט דעם זעלבען מין שיסעלע. שפּאַנישע שרייבער פון יענער צייט ריידען מיט בעגייסטערונג וועגען דיא קונסט, מיט וועלכע דאָס אַלעס איז געמאַכט געווען. אייניגע פון זיי בעמערקען זאָגאַר, אַז דיא בעס־טע גאָלד־שמידען פון שפּאַניען און פון איטאַליען פון יענער צייט האָ־בען דערנאָך מודה געווען, אַז זיי וואָלטען ניט געקענט מאַכען אַזעלכע דעליקאַטע געשמאַקפולע אַרבייט.

מען קען זיך אָבער לייכט פאָרשטעלען אַז אין אַזעלכע זאַכען איז מען געניגט געווען צו איבערטרייבען. מען איז צוגעוועהנט געווען צו קוקען אויף אינדיאַנער וויא אויף ווילדע, נאַקעטע ברואים. דאָס,

וואָס מען האָט געפונען ביי דיא אינדיאנער פון מעקסיקאָ, האָט דערי־בער אזוי איבערראשט, אז מען האָט אויף אלץ געקוקט אזוי וויא דורך פערגרעסער־גלעזער.

— דיעזער „פאלאץ“ בעלאנגט צו דיר, מאלינטצין*) — האָט מאָנטעזומא צו קאָרטעס'ען געזאָגט. רוה זיך אָב. ביזט דאָך געוויס אויסגעמאטערט. שפעטער א ווײַלע וועל איך דיר ווידער בעזוכען.

אין מיטען פון דיא הייזער, וואָס האָבען געהערט צו דיעזען פאלאץ, איז געווען א גרויסער הויף. אין אלעמען איז דאָ געווען גענוג פלאץ פאר קאָרטעס'עס גאנצע ארמיי — פאר די 450 שפאניער און פאר דיא עטליכע טויזענד טלאסקאלאנער. קאָרטעס האָט דעם הויף בעקוקט און געשטעלט וואך ארום אלע זיינע אריינגאנגען. דער פאלאץ איז פערוואנדעלט געוואָרען אין א פעסטונג.

באלד האָט קאָרטעס געהייסען אויסשיסען מיט דיא קאנאָנען, אום ארויפצוואַרפען אַן אימה אויף דיא איינוואוינער און וואָס טיעפער צו מאכען זייער איינדרוק, אז דיא ווייסע זיינען הימעל־מענשען, וועלכע האָבען געקענט שיסען מיט דונערען, בליצען און וואולקאנען.

אויף מאָרגען האָט קאָרטעס זיך אויסגעפוצט אין זיינע שעהנסטע און רייכסטע קליידער און, בעגלייט פון פעדראָ אלווארדאָ און אנדערע אָפיציערען, איז ער געגאנגען אָבצאָהלען מאָנטעזומא'ס וויזיט. דעם מלחמה־הויפטמאַן'ס פאלאץ איז געווען ניט זעהר ווייט פון דאָרטען. דאָס איז געווען א גאנצע שטעדטעל פון גרויסע ניעדריגע מויערען, — פון אזא מין רויטען שטיין, בעפוצט מיט מארמאָר. איידער דיא שפאניער האָבען דערגרייכט מאָנטעזומא'ס צימערען, האָבען זיי געהאט דורכ־צוגעהן עטליכע גרויסע הויפען, אויף וועלכע עס האָבען געשפריצט פאָנטאנען. דאָס וואסער איז אהער צוגעקומען פון א ווייטען בארג; עס האָט געשלאָגען אין דער הויך פון דעם אימפעט, מיט וועלכען עס האָט געשטראָמט אראָב בארג, און דאָ, אין מאָנטעזומא'ס הויפען, איז

*) מיר וועלען דעם לעזער דערמאָנען, אז אַזוי האָבען דיא מעקסיקאַ־נער אויסגעשפראָכען „מאַרינצין“, דאָס הייסט פריינד אָדער מאַן פון מאַ־רינאַ, דיא שעהנע, פעהיגע אינדיאנערקע, וועלכע האָט קאָרטעס'ען געדיענט אלס דאָלמעטשערין.

עס דורך רעהרען, אריינגעקומען אין מעהר ווי הונדערט בעדער. איבער דיעזע הויפען האבען איצט ארומגעשפאצירט רייך־געקליידעטע אצטע־קען. קארטעס'ען מיט זיינע בעגלייטער האט מען דורכגעפיהרט דורך פערשיעדענע אונגעהייער גרויסע אבער ניט־הויכע צימערען. די באלקענס פון דיעזע צימערען זיינען געווען פון שמעקענדע, געשניצטע האלץ. די פאדלאגעס זיינען געווען פון מארמאר־שטיין, אויסגעלעגט אין קעסטעלעך, און צוגעדעקט מיט טעפיכען, וועלכע זיינען געווען אויסגעוועבט פון פאלמע־בלעטער; די ווענד זיינען געווען בעהאנגען מיט רייך־געפארבטע באוועלנע מאטעריעס, מיט די פעלכלעך פון חיות אדער מיט פרעכטיגע פעדער־געוועבען, וועלכע האבען פארגע־שטעלט אלערליי פויגלעך, פליגען, בלומען. פון ווייראך־בעקענס איז געגאנגען א שמעקענדער רויך.

אלץ איז דא געווען אזוי אנדערש וויא אין איירָאפא און דאך אזוי גרויסארטיג, אזוי צויבערליך! עס האט ווירקליך אויסגעזעהן אזוי וויא די שפאניער וואלטען דא אריינגעקומען אין א טרוים־לאנד. אט אזוי האט מען זיך אונגעפעהר אין איירָאפא פארגעשטעלט די פאלאצען פון די געהיימניספולע לענדער פון דער ווייטער אזיען, און אויף אמעריקא האט מען דאך נאך אלץ געמיינט אז דאס איז אזיען.

מאנטעזומא האט זיי עמפפאנגען זעהר פריינדליך.

ווען קארטעס האט איהם געצומען ערקלעהרען די קריסטליכע רעליגיאן און דערצעהלען וואס פאר א מעכטיגער הערשער דער שפאני־שער קעניג איז, האט ער געענטפערט, אז ער וויים דאס אלץ גאנץ גוט. „מיין פאלק איז דא ניט פון אייביג" — האט ער געזאגט — אונז האט אמאל געבראכט א גאט, וואס האט אונז געגעבען געזעצע און איז פון אונז אוועק אהין, פון וואנען די זון געהט אויף. ער האט אבער פערשפראכען צו אונז ווידער צו קומען, ער אליין אדער זיינע קינדס־קינדער. איצט זעהען מיר אז דאס זייט איהר דאס."

עס איז איבעריג צו זאגען אז קארטעס'עס רעליגיעזע דרשה האט מאנטעזומא ניט אנגעהויבען צו פערשטעהן, הגם ער האט צו איהם געערעדט דורך זיין דאלמעטשערין. דאס, וואס ער האט געהערט, האט זיך ביי איהם אין קאפ צוזאמענגעפלאנטערט מיט זיינע אייגענע רעליגיעזע בעגריפע. זיין הויפט־אינטערעס איז איצט געווען צו זעהן,

אַז דיא שרעקליכע געסט זאָלען זיין צופריעדען און פריעדליך. ער האָט איהם מיט אַלע זיינע אָפיציערען און סאָלדאַטען געגעבען רייכע מתנות און בעזאָרגט מיט אַלץ וואָס זיי האָבען נור פערלאַנגט.

און דיא שפּאַניער, פון זייער זייט, האָבען געפיהלט, אַז זיי זיינען אין מיטען פון אַ מעכטיגע שטאָדט, אַרומגערינגעלט מיט מיליטערישע בריקען, וועלכע קענען זיך עפענען, מיט פעסטונגען און מיט אַרסענאַלען (סקלאַדען פול מיט געוועהר), אין רעכטען מיטען פון אַן אָזערע. אַזוי וויא זיי וואָלטען געלעגען ביי אַ טיגער אין מויל האָבען זיי זיך געפיהלט.

VII.

## דאָס לעבען אין מעקסיקאָ ווען קאָרטעס איז אַהין אָנגעקומען.

דיא טעות'ען פון דיא שפּאַניער, וואָס האָבען איינגענומען מעקסיקאָ. — מאָרגאַן'ס כלל. — וויא דיא שטאָדט האָט אויסגעזעהן. — דיא הייזער פון דרויסען און פון אינווענינ. — קליידער, ציערונג. — דער הויפּט מאָלצייט פון טאָג. — מאכלים און געטראַנק. — כלים. — מעטאַל אַרבייט: גאָלד, זילבער, קופּער, בראָנז. — דער מאַרק און דיא פערשיעדענע סחורות. — דיא גרויסע פויגעל־הויז און דיא טהיער־הויז.— דיא קוריערען־פּאָסט. — גלחים. — דער גרויסער טעמפּעל. — זיינע טרעפּ. — פּראָצעסיעס. — דער מזבח. — מענשליכע קרבנות. — הייליגע שלאַנגען. — אַ יונגער קרבן פּאַר דעם גאָט פון אייביגע יוגענד. — קינדערלעך אַלס קרבנות צום גאָט פון רעגען. — דיא מענשליכע קרבנות פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. — פערשיעדענע געטער. — בילדער־שריפטען ביי אַלערליי אינדיאַנישע פעלקער. — דיא פערשיעדענע שטאַפּלען אין דער געשיכטע פון אונזער קונסט צו שרייבען. — יעראָגליפען. — בוכשטאַבען. — אַן אלף בית. — ביל־דער־שריפטען ביי דיא מעקסיקאַנער. — מעקסיקאַנישע ביכער. — מעקסיקאַנישע אַריטהמעטיק. — אַ מערקווירדיגער לוח. — וויא אַזוי מעקסיקאַנער פלעגען פערשרייבען דיא יאָהרען. — עהנליכקייט צו דעם שטייגער פון אַזיאַטישע פעלקער. — אַן אינטערעסאַנטע אָבער בלוטיגע צערעמאָניע. — לואיס מאָרגאַן. — איז מעקסיקאָ געווען אַ מאָנאַרכיע און מאָנטעזומאַ אַ קעניג? — מאָרגאַן'ס ערקלעהרונג. — גענטען, פּראַטריס און שבטים. — אויף וועלכען ענטוויקלונגס־שטאַפּעל האָבען זיך געפונען דיא מעקסיקאַנער? — קאָמוניזמוס אין דיא גרויסע מויערען. — דער מיליטערישער פערבאַנד. — מאָנטעזומאַ אַ מלחמה־הויפּטמאַן. — וויא אַזוי דער אָמט פלעגט איבערגעהן.

דיא אינדיאַנער, וואָס קאָלומבוס האָט ענטדעקט, זיינען געווען האַלב־ווילדע בעשעפּעניסען. אויף איינע פון זיינע רייזעס האָט ער

זיך געטראָפען מיט איינוואוינער פון יוקאַטאַן, וועלכע האָבען מיט זייערע קליידער און ציערונגען ארויסגעוויזען סמנים פון העכערע ענט־וויקלונג. אָבער אזוי וויא אין יוקאַטאַן גופא איז ער ניט געווען, האָט זייער העכערע ענטוויקלונג זיין אויפמערקזאַמקייט ניט געצויגען. אין סך הכל האָט ער אַלץ בעגעגענט דיא זעלבע אינדיאַנער וויא דיא, וואָס ער האָט געפונען אויף דיא באַהאַמאַ אינזלען, אָדער אויף דעם אינזעל היספּאַניאָלאַ (האַיטי). דעם זעלבען זאָרט האַלב־ווילדע אינ־דיאַנער האָבען אין אַמעריקא געזעהען אַלע אַנדערע אייראָפּעער, וואָס האָבען דאָרטען געררייזט אין זיין צייט און אין דיא ערשטע צעהן, צוועלף יאָהר נאָך זיין טוידט. מען איז בעקאַנט געוואָרען מיט עטליכע אינזלען און מיט פערשיעדענע געגענדען אויף דעם קאָנטינענט; פּאָנסע דע לעאָן האָט בעזוכט אַ לאַנד צו צפון צו. קאַבאָט, דער ענגלישער רייזענדער, האָט נאָך פריהער בעזוכט געגענדען אַ סך ווייטער צו צפון צו. אַמעריגאָ וועספּוטשי און אַנדערע האָבען גערייזט ווייט צו דרום צו. באַלבאָאַ האָט דורכגעשניטען דעם דאַריען איסטהמוס און ענט־דעקט אַ גרויסען ים. אַלע האָבען זיי בעגעגענט רויט־הויטיגע מענשען און אַלע דיזע רויט־הויטיגע מענשען זיינען געגאַנגען נאַקעט אָדער האַלב־נאַקעט און האָבען זיך געפונען אויף אַ זעהר ניעדריגער גייסטיגער שטופע.

פלוצלינג צייגט זיך ארויס, אַז עס זיינען פאַראַן געגענדען, וואו רויט־הויטיגע האָבען גאָר שטעדט מיט ריעזיגע געביידעס, טראָגען פיינע קליידער, מאַכען קונציגע זאַכען און פיהרען אַ אינטערעסאַנטען שטאָדט־לעבען. דאָס איז געווען אַ מערקווירדיגע נייעס. דיא שפּאַניער, וואָס האָבען דיעזע לענדער ענטדעקט, זיינען איבערראַשט געווען, און פון איבערראַשונג האָבען זיי פיעלעס איבערגעשאַצט. אַ חוץ דעם, דאָס וואָס זיי האָבען דאָרטען געזעהען איז געווען אזוי אַנדערש וויא אין אייראָפּאַ, אַז ניט אַלץ האָבען זיי ריכטיג פער־שטאַנען, און פיעלעס וואָס זיי האָבען יא פערשטאַנען, האָבען זיי שטאַרק איבערטריעבען.

צווייערליי טעות׳ן האָבען זיי געמאַכט: ערשטענס, האָט זיי אַלץ אויסגעזעהן אַזוי זאָנדערבאַר, אַזוי וואונדערבאַר, אַז עס האָט זיך זיי געדוכט עפּעס אַזוי וויא זיי זיינען דאָ געקומען אין אַ צויבער־לאַנד, אין אַ לאַנד פון „טויזענד־און־איין־נאַכט“; צווייטענס האָבען זיי דעם מעק־

סיקאַנער לעבען בעקוקט מיט זייערע אייראָפּעאישע אויגען, אויס־געטייטשט נאָך זייערע אייראָפּעאישע בעגריפע נאָך, און דעריבער האָבען זיי ניט געקענט בענעהמען דעם ריכטיגען זין פון דאָרטיגע ניט־אייראָפּעאישע פיהרונגען.

אין אונזער צייט איז מען געקומען צו דער מיינונג, אז דיא בעריכטען פון דיא שפּאַנישע שרייבער, וואָס האָבען בעזוכט מעקסיקאָ צוזאַמען מיט קאָרטעס׳ען אָדער אַ קורצע צייט שפּעטער, זיינען אין גע־ווּיסע וויכטיגע פּונקטען פאַלש. אַם שאַרפסטען דריקט דיעזע מיינונג אויס דער אַמעריקאַנער געלעהרטער ל ו א י ס מ אָ ר ג אַ ן. אין זיין בע־ריהמטען בוך „דיא אוראַלטע געזעלשאַפט" האָט ער אַ בעזונדערען קאַ־פּיטעל וועגען דיעזען ענין, און אין אַ נאָטיץ ביים אָנהויב פון דיעזען קאַ־פּיטעל גיט ער דעם פאָלגענדען כלל: דיא בעריכטען פון דיא אַלטע שפּאַ־נישע שרייבער וועגען אַמעריקאַ קען מען אָננעהמען בלויז וועגען דעם, וואָס דיא שפּאַניער האָבען ג ע ט ה אָ ן און וואָס דיא אינדיאַנער האָבען ג ע ט ה אָ ן; אויך וועגען דיא פּערזענליכע כאַראַקטעריסטיק פון דיא אינדיאַנער, אָדער וועגען דעם, וואָס איז שייך צו זייערע געוועהר, געצייג, כלים, מאַטעריעס, שפּייז, קליידער און אַנדערע אַזעלכע זאַכען. אין אַלץ אָבער, וואָס איז שייך צו זייער געזעלשאַפטליכען לעבען, צו זייער רעגיערונג, צו זייער לעבענס־פּלאַן, האָבען דיעזע בעריכטען כמעט קיין ווערטה ניט.

מיט אַנדערע ווערטער: דאָס וואָס דיא שפּאַניער האָבען געזעהען און וועגען וואָס מען קען קיין טעות ניט האָבען, — אין דעם קען מען צו דיא אַלטע בעריכטען האָבען צוטרוי. דאָרטען אָבער וואו מען מוז פ ע ר ש ט ע ה ן, וואו מען מוז בעקאַנט זיין מיט דעם אינערליכען זין פון דעם, וואָס עס קומט פאָר, קען מען דיעזע בעריכטען ניט טרויען. דיא וויסענשאַפטען וועגען דער ענטוויקלונג פון מענשליכע געזעל־שאַפטען, און וועגען דעם לעבען פון גאַנץ פאַרצייטיגע, וועניג־ענטוויקעלטע פעלקער האָבען נאָך דאַן ניט עקזיסטירט. דיא שפּאַניער פון קאָרטעס׳עס צייטען זיינען דעריבער ניט אימשטאַנד געווען צו פערשטעהן דעם געזעלשאַפטליכען לעבען פון דיא אַצטעקען, פּונקט, צום ביישפּיעל, וויא דער, וואָס האָט ניט געלערנט באָטאַניק און זאָאָ־לאָגיע, פערשטעהט ניט וואָס ער זעהט אין אַ וואַלד.

לאָמיר אָנהויבען פון דיא זאַכען, וועגען וועלכע מען קען דיא דערמאָנטע בעריכטען יאַ טרויען.

וויא האָט טענאָכטיטלאַן, דיא הויפּטשטאָדט פון מעקסיקאָ, אויסגעזעהן? מיט דיא שאָסעען, וואָס האָבען צו איהר געפיהרט איבער'ן אָזערע און מיט זייערע בריקען לעבען שטאָדט, זיינען מיר שוין בעקאַנט. מיר ווייסען אויך, אז זיא איז פון אַלע זייטען געווען ארומגערינגעלט מיט דיא געזאַלצענע אָזערע טעזקוקא. אין דער שטאדט גופא זיינען אַ חוץ דעם געגאַנגען פיעלע קאַנאַלען, מיט בריקען איבער זיי. דיעזע קאַנאַלען און דיא אָזערע ארום דער שטאדט זיינען געווען פול מיט קאַנאָס (שיפלעך). דיא הייזער פון דער שטאדט זיינען געווען זעהר גרויסע, אבער ניט קיין הויכע. זעלטען ווען זיי האָבען געהאַט דריי גאָרען. פיעלע פון זיי זיינען געווען געבויט פון אַ רויטען מין שטיין אָדער פון אדאָבע ציעגעל און אָפּט זיינען זיי געווען בעדעקט מיט דעם ווייסען, בליסטשענדען צעמענט, וועלכען מיר האָבען שוין דערמאָנט. אין מיטען פון יעדער הויז איז געווען אַ גרויסער הויף. דיא ניעדריגע דעכער זיינען געווען פלאַך, און פיעלע פון זיי האָבען אויף זיך געהאַט בלומען־גערטנער. ארום דיא דעכער, זיינען געגאַנגען שטיינערנע ווענטלעך מיט טורעמלעך. יעדע הויז איז אויף דיעזען אַרט געווען אַ פעסטונג, און וויא מיר וועלען ווייטער זעהען, האָבען דיא אַצטעקען, ווען אין זייער שטאדט איז אַריינגעדרונגען אַ שונא, פון דיעזע דעכער אויף איהם געשאָסען מיט זייערע פייל־און־בויגענס און וואַרף־העלצער, אָדער געוואָרפען שפּיעזלעך. וואָס אָנבעטרעפט דיא בריקען פון דיא קאַנאַלען, האָבען זיי זיך געקענט עפענען, פונקט וויא דיא בריקען פון דיא שאָסעען. אַלץ איז געווען צוגעריכט מיט אַ מיליטערישען צוועק. פאַר'ן אויג אָבער איז דיא שטאדט געווען מערקווירדיג שעהן. פון דיא ריעזיגע ניט־הויכע געביידעס מיט זייערע טורעמלעך, מיט דיא בלומען־גערטנער אויף זייערע דעכער, מיט דיא קאַנאַלען, בריקען, קאַנאָס, און מיט דיא טעמפּלען, וועגען וועלכע מיר וועלען באַלד רעדען, איז אַרויסגעקומען אַן אינטערעסאַנטער בילד. ניט אומזיסט זיינען דיא שפּאַניער בעצווי־בערט געוואָרען.

דיא פענסטער זיינען געווען קליינינקע, אָהן שויבען. אויך זיינען געווען אָפען דיא אַריינגאַנגען. פון קיין טהירען האָבען דיא מעקסי־

קאנער נאָך ניט געוואוסט. אמאָל פלעגען זיי דעם אריינגאנג פערשטעלען מיט א מין פאָרהאנג פון שטעקלעך, אָדער אז ניט, פלעגט מען זיי פראָסט פערהענגען מיט א פאָרהאנג פון באוועלנע אָדער פעדערנע מאטעריע; און צום פאָרהאנג זיינען געווען צוגעפעסטיגט שטיקלעך קופער, כדי עס זאָל קלינגען און ציהען דיא אויפמערקזאמקייט, ווען אימיצער קומט אריין.

דיא סופיטען און דיא סעפערענעם („פארטישאנס") אינוועניג אין דיא הייזער זיינען געמאכט געווען פון גוטע האָלץ. דיא פאָדלאָגעס זיינען מייסטענס געווען פון צעמענט. דיא רייכערע אָבער זיינען געווען פון מירמעלשטיין און זיינען געווען אויסגעלעגט אין „קעסטעלעך". דיא וויכטיגסטע בעפוצונגען זיינען געווען טאפעטען, אויסגעארבייט פון העלע קאָלירטע פויגעל־פעדערען, פון וועלכע עס זיינען געווען אויסגעוועבט פערשיעדענע פיגורען פון חיות, פויגלען, פלאנצען. מען האָט געהאט ספעציעלע פויגעל־הייזער, און איינער פון דיא צוועקען, צו וואָס מען האָט דאָרטען געהאָדעוועט אלערליי פליהענדע בעשעפעניסען, איז געווען צו בעקומען פעדערען פאר דיעזע מערקווירדיגע געוועבען, פון וועלכע אייראָפּא האָט דערנאָך זיך ניט געקענט אָבוואונדערען.

קיין סך מעבעל איז אין א שטוב ניט געווען, בלויז עטליכע ניעדריגע טישלעך און בענקלעך. קיין בעטען האָבען דיא מעקסיקאנער ניט געהאט. זיי פלעגען שלאָפען אויף דער פאָדלאָגע, אויף קארפעטלעך (טעפיכען) פון צוזאמענגעפלאָכטענע פאַלמען־בלעטער, וועלכע האָבען זיי געדיענט אי אלס מאטראצען אי אלס קישעלעך. זיי האָבען אויך געהאט קאָלדרעס פון באוועל אָדער פעדערען.

זייערע קליידער זיינען מייסטענס געווען באוועלנע. דיא מענער האָבען אויפ׳ן נאקעטען קערפער געטראָגען א ברייטען גארטעל מיט פרענזלעך ... פון אויבען א לויזען מאנטעל. דיא קליידער פון דיא פרויען זיינען געווען פיעל לענגער, — ביז דער ערד. זייערע בגדים, צי די מענערשע צי די וויבערשע, זיינען אָפט געווען פיין אויסגענעהט און אָבגעפארבט אויף א העל־רויטען קאָליר. ווינטער פלעגען זיי טראָגען גרויסע פוטערנע קראגענס אָדער א מין יאק פון פעדערמאטעריע. אנשטאט שיך האָבען זיי געהאט סאנדאלען (זעה אויבען, זייטעל 241), און אָנשטאָט היט — באוועלנע אָדער פעדערנע קאפטורס.

דיא פרויען פלעגען דאָס רוב פאַרבען זייערע האָר אויף א פיאָלעטענעם קאָליר. די געזיכטען פלעגען זיי אמאָל זיך אויסשמירען מיט א רויטען אָדער געלען זאַלב און דיא ציין מיט קאָשעניל*). גילדערנע אָדער זילבערנע ציערונג — בראַסלעטען, פינגערלעך, אויעררינגלעך, נאָז־רינגען, ליפּ־רינגען — דאָס אַלץ האָבען געטראָגען אי פרויען אי מענער.

צו מיטאָג פלעגען זיך צוזאַמענקומען אַלע איינוואוינער פון דער גרויסער הויז, צוערשט דיא מענער און דערנאָך, ווען זיי פלעגען אָבּ־עסען, דיא פרויען. זיי פלעגען זיך אויסזעצען אויף דיקע טעפּיכען אָדער קישעלעך, ביי ניעדריגע טישלעך. ביי דיא ווענט פלעגען זיי זיצען לאַנגע ציילען־ווייז מיט דיא געזיכטען צום מיטען צימער צו, וואו עס פלעגט שטעהן א הויכער פייער־טאָפּ. פאַר׳ן עסען האָבען אַלע אין פייער אריינגעוואָרפען א שטיקעל שפּייז, אלס א קרבן צו דעם פייער־גאָט.

דיא געוועהנליכסטע פלייש איז געווען דיא פלייש פון אַן אינ־דעטשקע. אין מעקסיקאָ איז דיעזע עוף געווען אזא געוועהנליכע זאַך וויא ביי אונז א הוהן. (זעה אויבען, זייטעל 200). פון קוקורוזע־מעהל מיט אייער פלעגען דיא אצטעקען באַקען אַזעלכע ברויטלעך און א געוויסען זאָרט טאָרטען. אויך האָבען זיי געהאַט א מין „פּאַי" פון קוקורוזע מיט פלייש און גרינסען. קיין פרישע פיש האָט קיין מאָל ניט אויסגעפעהלט. אויך האָבען זיי געהאַט פערשיעדענע געריכטען פון געקאָכטע פלייש, זשאַבעס אָדער מוראַשקעס מיט א שאַרפען מין פעפער. אויף אזא אַרט פלעגען זיי אויך ליעב האָבען צו עסען מענשען־פלייש, פון דיא געפאַנגענע פיינד, וואָס זיי פלעגען מקריב זיין אויף זייערע מזבחות.

דיעזע אַלע געריכטען פלעגט מען האַלטען אויף אזעלכע פייער־טעפּ, ביז מען פלעגט זיי דערלאַנגען צום טיש, כדי עס זאָל זיין היים

*) קאַשעניל איז אַזאַ פליעגעלע. ווען מען טריקענט איהר אויס, בעקומט מען פון איהר קערפּער אַ העל־רויטען פאַרב. מיט דעם האָבען דיא מעקסיקאַנער אויך געפאַרבט זייערע קליידער. דיעזער פאַרב ווערט איצט געברויכט איבער דער גאַנצער וועלט. דיא פליעג האָט מען אָבער צום ערשטען מאָל געבראַכט פון מעקסיקאָ.

צום עסען. דיא מעקסיקאנער האָבען מיר צו פערדאנקען אונזער שאָקאָלאַט (דער נאָמען איז טאקע זייערער: „שאָקאָלאַטל״). ביי זיי האָבען דיא אייראָפּעער דאָס געזעהן צום ערשטען מאָל. אין מעקסיקאָ פלעגט מען דאָס מייסטענס מישען מיט וואַניללע (וואַנילאַ), און אויף דיא רייכע מאָהלצייטען פלעגט מען דיא משקה טרינקען מיט גאָלדענע אָדער שילדקראָטענע לעפעל. אויך האָבען דיא אַצטעקען געטרונקען אַ סך „פּולק״ — דעם אויבענדערמאָנטען „ביער״, וועלכען מען האָט געמאַכט פון אַגאַווע, און אויף וועלכען דיא אינדיאַנער פון מעקסיקאָ זיינען נאָך עד היום גרויסע בעלנים; צו בעגעגענען אַ רויט־הויטיגען, וואָס איז שכור פון „פּולק״, איז דאָרטען אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך. געגעסען האָט מען געוועהנליך פון ליימענע שיסלען, מיט דיא היילע פינגער. נור נאָכ׳ן עסען פלעגט מען צום טיש ברענגען „מים אחרונים״ מיט האַנדטיכער. נאָך דעם וויא מען האָט אָבגעוואַשען דיא הענד, פלעגט מען זיך נעהמען רויכערען טאַבאַק (נאָך אַ זאַך וואָס דיא אייראָפּעער האָבען זיך אָבגעלערענט ביי אינדיאַנער), און טרינקען פּולק.

איינינע פון דיא ליימענע כלים זיינען געווען זעהר קינסטליך געמאַכט; מיט דיעזען זאָרט ארבייט, וויא מיר האָבען אויבען געזעהן, האָט זיך אויסגעצייכענט טשאָלולאַ, פון וואַנען דיא אַצטעקען האָבען דאָס אימפּאָרטירט. דיא מעקסיקאַנער אַליין האָבען אבער געמאַכט פיינע בעכערס און אַנדערע כלים פון זילבער און פון גאָלד — הויפּטזעכליך דיא איינוואוינער פון דער שטאָדט טעזקוקאָ, וואו עס האָבען געוואוינט דיא בעסטע זילבער־שמיעדען און גאָלד־שמיעדען. אין דיא אייראָפּעאישע מוזעאומס זיינען פאַראַן איינינע פון דיא אַלט־מעקסיקאַנישע וואַזעס און גילדערנע אדער זילבערנע זאַכען; אַלזאָ ווייזען זיי, אַז דיעזער טהייל פון דיא אַלטע בעריכטען איז ניט איבער־טריעבען. „דיא וואונדערליכע געשיכטען, וואָס דיא שפּאַנישע זיעגער האָבען דערצעהלט וועגען דיא קונסט פון דיא מעקסיקאַנישע גאָלד־שמיעדען, זיינען ניט געווען קיין באָבע מעשיות״ — זאָגט עדוואַרד טיילאָר אין זיין „אוראַלטע געשיכטע פון דער מענשהייט״ — „אין דעם בערלינער מוזעאום האָב איך געזעהן אַ פּאָר גאָלדענע אָדלערען, וועלכע קענען זיך כמעט פערגלייכען מיט דיא ארבייט פון דיא עטרוסקאַנער אי מיט זייער שעהנער פאָרמע אי מיט דיא דעליקאַטע ארבייט וואָס אין זיי ליעגט״.

דיא מעקסיקאַנער האָבען געמאַכט גוטע בראָנז (פון קופּער געמישט מיט צין אין אַ געוויסע מאָס); און אין דיא אייראָפּעאישע מוזעאומס קען מען זעהן דיא העק, וואס זיי האָבען געמאַכט פון



אַ מערקווירדיגע אַלט־מעקסיקאַנישע כלי, וועלכע לומהאָלץ, אַ בע־קאַנטער רייזענדער פון אונזער צייט, האָט געפונען אין י אַ ל י ס ק אָ, מעק־סיקאָ. ער בעשרייבט איהר אין זיין ווערק „דיא אונבעקאַנטע געגענדען פון מעקסיקאָ“. דיא כלי האלט אונגעפעהר צעהן אינטשעס אין דער הויך. זיא האָט אַ פּוכטע הענטעל מיט אַ שנויץ. זיא איז געפאַרבט אויף רויט, בעפּוצט מיט ווייסע פיגורען און געגלאַנצט.

דיעזען מעטאַל דיא שאַרפסטע העק און מעסערס האבען זיי אָבער געמאַכט פון אָבסידיאַן אָדער „איצטלי“, וויא זיי פלעגען דאָס רופען.

פון קיין אייזען האָבען זיי ניט געוואוסט. אומעטום האָט דער מענש זיינע געוועהר און געצייג צוערשט געמאַכט פון שטיין; דער־נאָך האָט ער זיך אויסגעלערענט זיי צו מאַכען פון בראָנז, און ערשט שפּעטער איז ער דערגאַנגען דעם שכל אויסצושמעלצען אייזען פון דעם רויהען „ערץ“ און פון איהם צו מאַכען געוועהר און געצייג. דיא מענשהייט איז דורכגעגאַנגען אַ שטיינערנעם פּעריאָד, וויא מען רופט דאָס, אַ בראָנזענעם און אַן אייזערנעם. דיא מעקסיקאַנער פון קאָרטעס'עס צייטען האָבען זיך אַלזאָ געפונען אין דעם בראָנזענעם פּעריאָד.



אַלטע אָבגעניצטע אַצטעקישע מעסערס און העק.

קיין בעזונדערע קראָמען זיינען אין טענאָכטיטלאַן ניט געווען. דער האַנדעל איז געפיהרט געוואָרען אויף אַ גרויסען מארק, — אייגענטליך אויף צוויי מערק, וועלכע זיינען געווען איינער לעבען אַנדערען. פון קיין געלד האָט מען כמעט ניט געוואוסט. מען האָט געביטען אַ סחורה אויף אַ סחורה. מיר זאָגען „כמעט“, ווייל אַן אָנצוהערענים אויף געלד האָט זיך אין מעקסיקאָ שוין אייגענטליך יא בעוויעזען. דאָס זיינען געווען שטיקלעך קופּער אָדער צין אין דער פאָרמע פון דעם בוכשטאַב T אָדער פעדערען פון אינדיקעס,

אָנגעפילט מיט גאָלד־שטויב. קיין וואָג האָבען דיא אצטעקען נאָך אויך ניט ענטדעקט. אַלץ פלעגט ווערען פערקויפט אויפ׳ן מאָס.



אַ לייםענע וואַזע פון אַן אַלט־מעקסיקאַנישען קבר.

דיא סחורות זיינען מייסטענס געקומען אויף קאַנאָס. אין דיא שטעדט אָבער, וואָס האָבען זיך ניט געפונען אויף דיא אָזערעס, האָט

מען זיי געבראכט אויף נאָסילקעס. פון קיין וועגען מיט רעדער האָט מען ניט געוואוסט.

אָט איז אַ בעשרייבונג פון דעם טענאכטיטלאנער מארק, וועלכע מיר נעהמען ביי קאָרטעס'ען אליין, — פון אַ בריעף, וואָס ער האָט געשריעבען צו דעם שפאנישען קעניג, נאָך דעם, וויא ער האָט דעם מארק בעזוכט, דאָס הייסט גלייך וויא ער איז געקומען קיין טענאכ־טיטלאן:

„אין מעקסיקאָ איז פאראן אַ גרויסער סקווער, ארומגערינגעלט מיט אָפענע טויערען, וואו יעדען טאָג *) קלייבען זיך צוזאמען זעכציג־טויזענד מענשען צו קויפען און פערקויפען פערשיעדענע זאכען: שפייז, גאָלדענע און זילבערנע ציערונגען, צין, בראָנז, קופער, צינק, ארומגעהאקטע און ניט־ארומגעהאקטע שטיינער, ביינער, ים־שיסעלעך, פעדערען, ציגעל, געהילץ, הילצערנע כלים. אויפ'ן מארק איז פאראן אַ בעזונדערע געסעל פאר אינדיקעס, טויבען, ווילדע קאטשקעס, אָדלערען, פאפוגייען, פערשיעדענע אנדערע פויגלעך, קראָליקעס, קליינע הינטלעך, וועלכע דיא מעקסיקאנער האָדעווען צום עסען. דאָרטען ווערט אויך פערקויפט דיא הויט פון געוויסע רויב־פויגלעך צוזאמען מיט דיא פעדערען, קעפלעך, שנאָבלען און נעגעל (אויף ציערונגען), גראָזען, קרייטיכער, וואָרצלען. דאָרטען זיינען דאָ אפטייקען, וואו מען פערקויפט צוגעפערטיגטע רפואות, זאלבען, פלאסטערען. אנדערע בודקעס זיינען אזוי וויא ביי אונזערע בארבירער: מען קומט אהין אריין זיך אָבגאָלען *) אָדער ארומוואשען. אין ווייעדער אנדערע קען מען קריעגען שפייז און געטראנק. אויפ'ן מארק געפינען זיך מענשען, וואָס טראָגען משא. צווישען דיא סחורה איז פאראן אַ סך האָלץ, האָלץ־קויהלען, ליימענע פייער־טעפ, פערשיעדענע קארפעטלעך אויף צו שלאָפען, אָדער פאר דער פאָדלאָגע; אלערליי גרינסען, —

*) דאָס איז ניט ריכטיג: דער מארק פלעגט זיין אָפען איין מאָל אין פינף טעג. ווען קאָרטעס האָט דעם בריעף געשריעבען, האָט ער דאָס איינפאַך נאָך ניט געוואוסט. אַ וואָך איז ביי דיא מעקסיקאנער בעשטאנען פון פינף טעג, און דער לעצטער פון זיי איז געווען דער מארק־טאָג.

*) דיא גאָלמעסערס זיינען געווען פון אָבסידיאן.

הויפּטזעכליך ציבעלע, קנאָבעל, סטשאַוו, נאַסטורציע, ברונען־קרעססען („וואָטער־קרעססעס"), זיי פערקויפען פיעלע זאָרטען פרוכט, וויא קאַרשען, פלוימען און אַנדערע. אויך האַנדלען זיי מיט האָניג און וואַקס; אויך מיט אַ מין האָניג, וואָס זיי מאַכען פון קוקורוזע־שטעקלעך; אויך מיט אַזאַ מין האָניג פון אַזאַ פלאַנצונג וועלכע הייסט „מאַגוויי" (אַגאַווע). פון דיא זעלבע פלאַנצונג מאַכען זיי צוקער און אַזאַ מין וויין, דאָס הייסט „פולק". (אַנדערע שרייבער רופען דאָס „ביער". עס איז אָבער ניט וויין און ניט ביער).

„אויפ'ן מאַרק פערקויפט מען אויך מאָטקעס באַוועל פון אַלערליי קאָלירען, אַזוי אַז דער פּלאַץ ווייזט אויס וויא איינער פון דיא זייד־מערק אין גראַנאַדאַ (די שטאָדט וואָס דיא שפּאַניער האָבען אוועק־גענומען ביי דיא אַראַבער); ער איז אָבער גרעסער. אויך פערקויפט מען דאָרטען פעלכלעך פון הירשען, זעהר גוטע כלים פון פערשיעדענע מינים: פיעלע זאָרטען טעפּ, גרויסע און קליינע, קרוגען, גרויסע קאַכלעס, אַלערליי געגלאַנצטע וואַזעס מיט פיגורען. מען פערקויפט קוקורוזע און קוקורוזענע ברויט, וועלכע איז פיעל בעסער און געשמאַ־קער וויא דיא ברויט וואָס דיא אינדיאַנער פון אַנדערע געגענדען מאַ־כען. אויך ווערט פערקויפט אַ סך פיש, — פרישע אָדער געזאַלצענע, רויהע אָדער געקאָכטע; אויך אייער פון היהנער און פון גענז, און אַזעלכע זעמעל, וואָס זיי מאַכען פון אייער. אויף יעדען זאָרט סחורה איז דאָ אַ בעזונדערע געסעל, און אַלץ ווערט געפיהרט אין אָרדנונג. קיין וואָג האָבען מיר ביי דיא מעקסיקאַנער נאָך ניט געזעהן. אַלץ ווערט פערקויפט אויפ'ן מאָס.

„אויפ'ן מאַרק איז דאָ אַ גרויסע געביידע, וואו עס געפינען זיך צעהן אָדער צוועלף ריכטער. ווען עס מאַכט זיך אַ מחלוקה אויפ'ן מאַרק, פּסק'ען זיי ווער עס האָט רעכט און וויא עס זאָל זיין. אַנדערע בעאַמטע געהען אַרום איבער'ן מאַרק און גיבען אַכטונג, אַז מען זאָל קיינעם ניט בעשווינדלען. ווען זיי געפינען אַ פאַלשע מאָס, צוברע־כען זיי איהר."

אויף אַ געוויסע געמויערטע פּלאַטפאָרמע אין דעם מאַרק־קוואַר־טאַל פלעגען געגעבען ווערען פאָרשטעלונגען: פאַר'ן עולם פלעגען אַרויסקומען „קונצען־מאַכער", טענצערקעס, זינגער, און אַ מין

אַקטיאָרען אין מאַסקעס. אויך פלעגט מען דאָ דעם עולם אמוזירען מיט קארליקעס און אַלערליי פערזעהעניסען...



אַן אַלט־מעקסיקאַנישע קריעגעל (צום טרינקען). ער איז געמאַכט פון אַ קלאָהר ווייסען וויכען שטיין (אַלאַבאַסטאָר). דיא הענטעל האָט דיא פאָרמע פון אַ יאַסטשערקע מיט דיא קאָפּ אַראָפּ.

דיא גרעסטע פויגעל־הויז פון לאַנד האָט זיך געפונען אין מיטען שטאָדט, ניט ווייט פון דעם אָרט, וואו דיא שפּאַניער האָבען איצט געוואוינט. נאָהענט דערביי איז געוועזן אַ טהיער־הויז, וואו מען האָט געהאַלטען אַלערליי חיות. אין אַן אַנדער גרויסער געביידע, אין דעם

זעלבען קוואַרטאַל, איז געווען דער ארסענאַל, דער סקלאַד פון געוועהר און פון מיליטערישע קאָסטיומען. דיא מעקסיקאַנער האָבען געהאַט א פּאָסט פון „לאַפערס“ אָדער קוריערען. אויף זייערע וויכטיגע וועגען איז יעדע צוויי ענגלישע מייל געשטאַנען א שטיינערנע הייזעל. דאָס זיי־נען געווען דיא סטאַציאָנען. יעדער קוריער פלעגט האָבען צו לויפען פון איין סטאַציאָן ביז דער נעכסטער; פון דאָרטען ביז דער דריטער סטאַציאָן פלעגט לויפען אַן אנדערער, א. ז. וו. דיעזע קוריערען זיי־נען געווען געלערענט דערצו פון קינדווייז אויף, און זיי זיינען געלאָ־פען מערקווירדיג שנעל. אויף דיעזען אַרט פלעגט מען שיקען ידיעות דורך בילדער־שריפטען, אָדער זאַכען.

„דיא גרויסע שטאָדט“ — זאָגט קאָרטעס אין זיין דערמאָנטען בריעף צום קעניג — „האָט פיעלע קירכען, דאָס הייסט, הייזער פאַר זייערע געצען. דאָס זיינען שעהנע געביידעס, וועלכע געפינען זיך אין פערשיעדענע טהיילען פון שטאָדט. אין דיא וויכטיגסטע פון דיעזע קירכען וואוינען דיא פיעלע גלחים. אַלע דיעזע גלחים טראָגען שוואַר־צע קליידער; ניט זיי שערען זייערע האָר, ניט זיי קעמען זיי. אויך מיידען דיא גלחים אוים פרויען, און פרויען טאָרען אין זייערע הייזער ניט אַריינקומען. אין געוויסע צייטען אין יאָהר טאָרען דיא גלחים ניט עסען געוויסע געריכטען. דיא זיהן פון דיא וויכטיגע פאַמיליען ווערען ערצויגען ביי דיעזע גייסטליכע, פון דער צייט ווען זיי זיינען זיעבען אָדער אַכט יאָהר אַלט ביז דער חתונה.“

מעקסיקאָ האָט אַלזאָ געהאַט אַן אָרגאַניזירטען גלחים קלאַס, און דאָס איז א צייכען פון א היבשע ענטוויקלונגס־שטופע. דיא אַלע אינדיאַנער, וואָס דיא שפּאַניער האָבען געזעהען פריהער, האָבען אויך געהאַט א מין מכשפים, נביאים, אָדער „בעל־ שם'ס“. דאָס זיינען אָבער געווען איינצעלנע פּערזאָנען, מיט אַן אונדייטליכע ראָלע.

דיא וויכטיגסטע קירכע אָדער טעמפּעל האָט זיך געפונען אין רעכטען מיטען שטאָדט, דאָרטען וואו דיא דריי שאָסעען זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, ניט ווייט פון דיא אויבען־דערמאָנטע געביידעס און ניט ווייט פון דעם הויפּט־מאַרק.

דער טעמפּעל איז געווען אַרומגערינגעלט מיט א שטיינערנע וואַנט אַכט פוס דיא הויך, וועלכע האָט אין זיך געהאַט פיער טויערען.

דיא גאַנצע שטאָדט איז געווען צוטהיילט אויף פיער קוואַרטאַלען, אַלזאָ איז פאר יעדען קוואַרטאַל אין דיעזער וואַנט געווען א טויער.



אַ ליימענע אַלט־מעקסיקאַנישע פיגור פון אַ קעמפּפער.

אינוויינינג אויפ'ן גרויסען הויף, זיינען דאָ געשטאַנען צוואַנציג טעאָקאַליס („גאָט'ס הייזער"). יעדע טעאָקאַלי האָט געהאַט די פאָרמע

פון אַן אָבגעהאַקטע פּיראַמידע*) און דיא העכסטע פון זיי האָט בעלאַנגט

---

*) יעדע קאַנטיגע זאַך, וואָס ווערט אַלץ שמעלער און שמעלער ביז זיא ענדיגט זיך מיט אַ שפּיץ, הייסט פּיראַמידע (ווען אַ „היטעל" צוקער וואָלט זיין קאַנטיג, וואָלט עס געווען אַ פּיראַמידע). ווען דער שפּיץ פון דער פּיראַמידע איז אָבגעהאַקט, דאָס הייסט ווען דאָרטען איז ניט שפּיציג, נור פלאַך און גלייך, רופט מען דאָס „אָבגעהאַקטע פּיראַמידע". אַלע טעמפּעלען פון מעקסיקאָ און פון אַלע אַנדערע לענדער פון אַנאַהואַק, פון יוקאַטאַן אָדער פון דערבייאיגע געגענדען האָבען געהאַט דיא זעלבע פאָרמע. דיא פאַרצייטיגע עגיפּטער האָבען זייערע קעניגע מקבר געווען אין ריעזיגע מויערען, וועלכע האָבען געהאַט דיא פאָרמע פון עכטע פּיראַמידען (דיעזע פּיראַמידען זיינען צווישען דיא מערקווירדיגסטע געביידעס אויף דער וועלט).



אַן אָבגעהאַקטע פיער־קאַנטיגע פּיראַמידע.

אַלזאָ צייגט מען אויף דיא טעמפּלען פון מעקסיקאָ אַן אַלס אויף איינע פון דיא זאַכען, וועלכע עראינערען אַן דיא עגיפּטישע ציוויליזאַציאָן. עס האָט אָבער מיט דעם קיין שייכות ניט. צו בויען אַ העכערע געביידע אַזוי, אַז אויבען זאָל זיין שמעלער וויא אונטען איז ביי וועניג ענטוויקעלטע פעלקער איינפאַך אַ נויטווענדיגקייט. אַזאַ געביידע איז זיכערער: דער ברייטער פונדאַמענט האַלט אויף דיא שמעלערע אויבערשטע טהיילען. צו בויען אַ הויכע געביידע אַזוי, אַז זי זאָל אויבען זיין אַזוי ברייט וויא אונטען, פאָדערט זיך גוטע צעמענט און איבערהויפּט אַן ענטוויקעלטע בוי־קונסט. ווען קאָרטעס איז געקומען נאָך מעקסיקאָ, האָבען דיא אַצטעקען שוין געהאַט גוטע צעמענט און זיי זיינען שוין געווען היבש

צו דעם מלחמה־גאָט. זיא האָט געהאַלטען ביי 100 פוס אין דער הויך און איז געווען צוטהיילט אויף פינף עטאַזשען. צום שפּיץ פון דער טעאקאלי האָבען געפיהרט טרעפּ. זיי זיינען אָבער ניט געגאַנגען מיט אַמאָל פון אונטען ביז׳ן סאַמע אויבען, נור יעדער גאָרען טרעפּ איז גע־גאַנגען פון אַן אַנדער זייט. ווען איהר זייט ארויפגעקומען אויפ׳ן צווייטען עטאַזש איז דאָרטען ווייטער שוין קיין טרעפּ ניט געווען. איהר האָט געמוזט געהן אַרום דער טעאָקאַלי, איבער אַ פּלאַטפּאָרמע, צו דער אַנדערער זייט, און ערשט דאָרטען האָט איהר ווידער געפונען טרעפּ, ארויפצוגעהן צום נעכסטען עטאַזש. דאַן האָט איהר ווידער געמוזט געהן אַרום, ווידער איבער אַ פּלאַטפּאָרמע, אום צו געפינען טרעפּ צו דעם דריטען עטאַזש א. ז. וו. אַזוי פּלעגען איבער דער טע־אקאלי געהן רעליגיעזע פּראָצעסיעס. אַ גרויסע צאָהל גלחים פּלעגט אַזוי מאַרשירען איבער דיא טרעפּ, געהענדיג פיער מאָל אַרום און אַרום דער טעאקאלי. דער סקווער ארום דעם טעמפּעל און דיא דעכער פון דיא הייזער פלעגען דערביי זיין געפּאַקט מיט מענשען, וועלכע האָבען אויף דיא צערעמאָניע געקוקט מיט רעליגיעזע עהרע־פורכט.

גאָר אויבען איז געשטאַנען אַ שטיין, אויף וועלכען מען האָט צו הויטציל־אפּאכטלי, דעם מלחמה־גאָט, מקריב געווען מענשען. דיא אויבערשטע זייט פון דעם שטיין איז געווען אויסגעבויגען, אַזוי, אַז ווען מען פלעגט אויף איהם אַוועקלעגען דעם אונגליקליכען, פלעגט זיין ברוסט ארויסשטאַרטשען, אום דעם כהן גדול, דעם הויפּט־גלח, זאָל בע־קוועמער זיין אַ טיעפען שניט צו טהאָן און ארויסצורייסען דיא הארץ.

לעבען דיעזען שטיין האָבען זיך געפונען דיא מזבחות און דיא „קדשי קדשים"—דיא היילינע צימערען. „דיא געטער האָבען געהאַט דעם אַפּעטיט פון וועלף", בעמערקט פּיסק, „און קרבנות האָט מען זיי געגע־בען מאַסענווייז." עס איז פאַראַן אַ בעריכט, אַז אין 1487, ווען עס איז פאַרטיג געוואָרען הויטציל אפּאָכטלי׳ס טעמפּעל, האָט מען לכבוד דעם יום טוב מקריב געווען 80,600 מענשען. פּיסק גלויבט

ענטוויקעלט אין אַרכיטעקטור. זייערע טעאָקאַליס האָבען אָבער געשטאַמט פון אַ פיעל פריהערע צייט, ווען צו בויען הויכע מויערען אויבען שמעלער וויא אונטען איז געווען אַ נויטווענדיגקייט. פון דער נויטווענדיגקייט איז געוואָרען אַ רעליגיעזער מנהג.

אָבער, אז פון דיעזער צאָהל מעג מען וועניגסטענס אראָבוואַרפען א נול, און ער בעמערקט דערביי, אז עס קען קיין צווייפעל ניט זיין, דאָס אין גאַנץ מעקסיקאָ און צענטראל אמעריקא פלעגט מען מקריב זיין פיעלע טויזענדע מענשען יעהרליך.

„אין אייניגע פעלע פלעגט מען דיא אַרויסגעריסענע הארץ מיט א לעפעל אריינשטופען אין דעם געץ'ס מויל“ — שרייבט דער זעלבער געלעהרטער ווייטער — „אין אנדערע פעלע, וויעדער, פלעגט מען בלויז בעשמירען זיינע ליפען מיט בלוט. אין דעם טעמפעל האָבען זיך געפונען מאַסען שלאַנגען, אַלס הייליגע בעשעפעניסען, און מען האָט זיי געקאָרמעט מיט דיא איינגעווייט פון דיא מענשליכע קרבנות. שלאַנגען זיינען אויך געווען אויסגעשניצט איבער דיא אריינגאַנגען צו דיא הייליגע צימערען. דיא ווענט און דיא פאָדלאָגע פון דעם גרויסען טעמפעל זיינען געווען בעדעקט מיט פערטריקענטע בלוט, און מיט שטיקלעך מענשען־פלייש, אזוי אז דאָרטען האָט זיך געהערט א גערוך וויא פון א שעכטהויז“.

לעבען דעם גרויסען טעמפעל האָט זיך געפונען א גרויסער לאַנ־גער מויער, אויף וועלכען עס זיינען געווען אויסגעשטעלט טויזענדע מענשליכע שאַרבענס, — דיא שאַרבענס פון דיא געאָפּפּערטע קרבנות. און אין מיטען פון דיעזען מויער זיינען געשטאַנען צוויי טורעמלעך, וועלכע זיינען אין גאַנצען געווען געבויט פון שאַרבענס מיט צעמענט. אייניגע קעפּ האָבען אויף זיך געהאַט דיא הויט מיט דיא האָר. דאָס זיינען געווען דיא קעפּ פון וויכטיגע געפאַנגענע.

דיא צאָהל פון גלחים איז אין מעקסיקאָ געווען זעהר גרוים. לויט דיא אַלטע שפּאַנישע בעריכטען האָט דיא הויפּט טעאָקאַלי אליין גע־האַט ביז פינף טויזענד גייסטליכע (הגם, וויא אין אַלץ, קען זיין, אז דאָס איז איבערטריעבען). יעדען יום טוב פלעגען זיי מאַכען דיא אויבען־דערמאָהנטע פּראָצעסיע; און יום טובים האָבען דיא אצטע־קען געהאַט א סך; אַלזאָ זיינען דיעזע פּראָצעסיעס פאָרגעקומען גאַנץ אָפט. זיי פלעגען אויך האָבען בעזונדערע פּראָצעסיעס פון פרויען און קינדער, וועלכע האָבען דערביי געטראָגען בלומען־קראַנצען אויף דיא קעפּ און פרוכט, קוקורוזע אָדער ווייראַך אין דיא הענט. דאָס זיינען געווען פריעדליכע צערעמאָניעס, ווען מען האָט קיין מענשען ניט מקריב געווען. אָבער מענשען האָט מען מקריב געווען כמעט



שטיינערנע אַלט־מעקסיקאַנישע פּיגור (אַ מענש מיט אַ קאָלאָקאַטקע).

יעדען פייער־טאָג און דאָס איז געווען דיא וויכטיגסטע פון אַלע צע־רעמאָניעס.

איינער פון דיא גרעסטע פון אַלע בלוטיגע יום טובים איז ביי דיא אַצטעקען געווען דער יום טוב פון זייער גאָט טעצקאַטליפּאָקאַ. דאָס איז דער שלעכטער גאָט, וועלכער האָט פערטריעבען דעם גוטען גאָט קוועטצאַלקאָאַטל, וויא מיר האָבען שוין דערמאָהנט (אויבען, זייטעל 190). דיעזען גייסט פון שלעכטס האָבען דיא אַצטעקען גע־וויזען בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט. וויא אַלע באַרבאַרישע פעלקער, האָבען זיי געהאַט אַ כלל, אַז מיט דיא בייזע כחות לוינט זיך ניט איינצורייסען, וויא פּיסק בעמערקט וועגען דעם. צו דיעזען גאָט פלעגען זיי יעדען יאָהר מקריב זיין דעם שעהנסטען און געזינטסטען יונגען מאַן, וואָס זיי האָבען נור געקענט געפינען צווישען דיא, וואָס מען האָט געפאַנגען אין דיא מלחמות. דאָס פלעגט מען טהאָן אין פריהלינג, ווען דער עולם האָט געפייערט דאָס אויפלעבען פון דער נאַ־טור, דעם געבורטה פון דיא גרינסען און בלומען. אַ חוץ וואָס דער יונגער מאַן האָט געמוזט זיין שעהן און געזונד, האָט ער אויף זיין קערפּער ניט געטאָרט האָבען קיין מום. לויט אייניגע בעריכטען פלעגט מען איהם דאַן האַלטען פאַר אַ קרבן אַ גאַנצען יאָהר; לויט אַנדערע — בלויז צוואַנציג טעג, דאָס הייסט אַן אַצטעקישען מאָנאַט. יעדענפאַלס שטימען אַלע איין אין דעם פּונקט, אַז פאַר דער בלוטיגער צערעמאָניע פלעגט מיט דעם קרבן־קאַנדידאַט דאָס וויכטיגסטע גע־שעהן אין זיינע לעצטע צוואַנציג טעג. אויף דיעזען מאָנאַט פלעגט מען איהם געבען פיער שעהנע מיידלעך אַלס פרויען און איהם פער־שאַפען דיא גרעסטע פערגעניגענס, — שפּייזען מיט דיא בעסטע מאכלים, פּוצען אין דיא רייכסטע קליידער, אַרומרינגלען מיט דיא שעהנסטע בלומען, רויכערען פאַר איהם ד"א טהייערסטע בשמים. טעצקאַטליפּאָקאַ איז געווען אַן „אייביג יונגער" גאָט, און דער יונגער מאַן, וואָס מען האָט אויסגעקליבען אַלס זיין קרבן, איז אויף דעם מאָנאַט געווען זיין פאָרשטעהער. אַלזאָ פלעגט מען איהם אָבגעבען כבוד וויא אַ גאָט, און ספּעציעלע לעהרער פלעגען איהם לערנען וויא אַזוי צו שפּיעלען זיין געטליכע ראָלע און וויא זיך צו פערטיגען צו זיין וויכטיגען טויט. ביי טאָג פלעגט ער דאָס רוב פערברייננגען דיא צייט אויף לוסטיגע מאָהלצייטען מיט זיינע פיער שעהנע פרויען און

מיט דיא אָנגעזעהענסטע שטאָדט־לייט, און אז ער פלעגט געהן שפּאַ־צירען, פלעגען דיא פערבייגעהער פאַלען כורעים פאַר איהם.

אזוי האָט ער געלעבט אין גלאַנץ און אין וואוילטאָג ביז עס זיינען פאַראיבער דיא 20 טעג — „זיין האָניג־מאָנאַט מיט דיא פיער שעהנע פרויען", וויא פיסק רופט דאָס. דאַן איז געוואָרען אַן ענד צו זיינע תענוגים מיט זיין גאַנצע גדולה. אויף דעם 21טען טאָג האָט מען פון איהם אראָפּגענומען זיינע שעהנע קליידער און ער האָט זיך געזעגענט מיט זיינע שעהנע פרויען. עס האָבען אויפגעהערט זיינע לוסטיגע מאָהלצייטען. מען האָט איהם אָוועקגעפיהרט צו אַ טעמפעל, און דאָרטען האָט זיך אָנגעפאַנגען דיא געוועהנליכע קרבן־פּראָצעסיע. מיט בלומען אין איין האַנד און מיט אַ טרומייט אין דער אַנדערער האַנד האָט דער שעהנער יונגער מאַן מארשירט צוזאַמען מיט אַ גרויסע קאָמפּאַניע יונגע לייט און מיידלעך, אַלע אין קלאָר־ווייסע קליידער און מיט קראַנצען פון בלומען מיט קוקורוזע אויף דיא קעפּ. אַרום און אַרום דער הייליגער געביידע זיינען זיי מיט איהם געגאַנגען, ביז, אין אַ געוויסען מאָמענט, האָט ער געמוזט אַוועקוואַרפען זיין בוקעט און צוברעכען זיין טרומייט.

ווען ער האָט דערגרייכט דעם שפּיץ פון דער טעאָקאַלי, האָבען איהם דאָרטען עמפּפאַנגען זעקס כהנים מיט פערפּלאָנטענע האָר — פינף אין שווארצע קיטלען און איינער אין אַ רויטען. זיי האָבען איהם צוגעפיהרט צום שלאַכט־שטיין און איהם אויסגעצויגען. וועה־רענד דיא פינף גייסטליכע אין דיא שווארצע בגדים האָבען איהם פעסט צוגעהאַלטען פאַר'ן קאָפּ, פאַר דיא הענד און פאַר דיא פיס, האָט דער רויט־געקליידעטער כהן גענומען אין האַנד זיין הייליגען מעסער. מיט אַ פלינקען האַסטיגען שניט האָט ער אויפגעעפענט דיא ברוסט, און אַריינגרוקענדיג דיא פינגער, ארויסגעריסען דיא לעבעדיגע שלאָגענדע האַרץ. ער האָט איהר אַ ווײלע געהאַלטען אויף דער זון און דערנאָך אַ וואָרף געטהאָן צו דיא פיס פון טעצקאטליפּאָקאָ'ס געץ. דער עולם, וואָס האָט דאָס צוגעקוקט, איז דאַן געפאַלען מיט דיא געזיכטען צו דער ערד, אין אַ פלאַקער פון רעליגיעזע בעגייסטע־רונג. דיא צערעמאָניע האָט זיך געענדיגט מיט דעם, וואָס שטיק־לעך פון דעם קרבן האָט מען צוטהיילט צווישען דיא עלטסטע פון דיא

פערשיעדענע פאַמיליען און זיי האָבען דיא פלייש געקאָכט און גע־געסען מיט געזאַנג און טענץ.

דיא אַצטעקען פלעגען מקריב זיין צו זייערע געטער ניט נור מענער, נור פרויען און קינדער אויך, אָבער ניט אַזוי אָפט וויא מענער. ווען עס פלעגט זיך מאַכען אַ טריקעניש, פלעגען זיי מקריב זיין עופה־לעך צו דעם גאָט פון רעגען. דיא קינדערלעך פלעגט מען אָנטהאָן אין יום־טוב׳דיגע קליידער און בעפוצען מיט בלומען. אַזוי פלעגט מען זיי מיט גרוים פאַראַד טראָגען צו דער שחיטה. דערביי פלעגען דיא גלחים זינגען זייערע הייליגע נגונים, כדי עס זאָל זיך ניט הערען דער געוויין פון דיא יונגינקע קרבן׳דלעך; און וואָס מעהר זיי האָבען געוויינט, אַלץ גרעסערער איז געווען דער קרבן, וואָרים קינדערשע טרעהרען האָט דער אַצטעקישער רעגען־גאָט זעהר ליעב געהאַט.

געוועהנליך ווען מען האָט געקוילעט אַ געפאַנגענעם אויפ׳ן מזבח, פלעגט מען דעם קערפער דערנאָך אָוועקגעבען צו דעם אַצטעק, וועלכער האָט דעם אונגליקליכען געפאַנגען אויפ׳ן שלאַכט־פעלד. ער פלעגט דיא פלייש צוריכטען און מיט דעם זיך צוטהיילען מיט זיינע פריינד אויף אַ ספּעציעלען מאָהלצייט. דיא מענשען־פלייש פלעגט געגעסען ווערען צוזאַמען מיט אַנדערע מאכלים און פערטרונקען ווערען מיט אַצטעקישע געטראַנקען.

מענשליכע קרבנות האָבען מקריב געווען אַנדערע פעלקער אויך (אין דער פאַרצייטיגער איראָפּאַ אַזוי גוט וויא אין אַמעריקאַ), אָבער אין ערגעץ האָט מען אויף דיא מזבחות ניט אויסגעשלאַכטעט אַזעלכע מאַסען מענשען וויא אין מעקסיקאָ און אין דיא אַנדערע לענדער פון אַנאַהואַק.

דער הויפּט־צוועק פון דיא מלחמות, וואָס דיא אַצטעקען האָ־בען געפיהרט, איז געווען צו בעקומען מענשליכע קרבנות. דעריבער פלעגען זיי זיך סטאַרען וואָס ווייניגער פון דעם שונא׳ס חיל צו טויטען, און וואָס מעהר צו נעהמען אין פלען לעבעדיגערהייט. ווען מען האָט מאָנטעזומאַ׳ן געפרעגט, פאַר וואָס ער לאָזט דיא טלאַסקאַ־לאַנער בלייבען אַ זעלבסטשטענדיג פאָלק לעבען דעם סאַמע גרענעץ פון מעקסיקאָ, איז זיין אַנטוואָרט געווען: „אום ביי זיי צו פאַנגען קרבנות פאַר אונזערע געטער“ (ווען דיא טלאַסקאַלאַנער וואָלטען אונ־טערטהעניג געוואָרען, הייסט עס, ווען זיי וואָלטען געוואָרען אַ טהייל

פון מעקסיקאָ, וואָלט מען מיט זיי מעהר ניט געהאַלטען מלחמה, אַלזאָ וואָלט מען ביי זיי ניט געקענט פאַנגען קיין קאַנדידאַטען אויף קרבנות). ווען עס פלעגט אויספעהלען מענשען־אָפּפער, פלעגען דיא גלחים שרייען טאַקע וויא דיא הונגעריגע וועלף, און סטראַשען מיט גאָט'ס צאָרן, אויב מען וועט ניט געהן אויף מלחמה, אום פאַר זייערע אונזאַטבאַרע מזבחות שפייז צו קריגען.

מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז דיא פייערען פון דער אינ־קוויזיציע זיינען ניט געווען מעהר „ציוויליזירט" וויא דיא מענשען־אַלטאַרען פון דיא אַצטעקען. פרעסקאָטט דריקט דיעזען געדאַנקען אויס אויף דעם פאָלגענדען אופן: „און דאָך זיינען פאַראַן פיעלע אורזאַ־כען" — זאָגט ער — „וואָרום דיא מעקסיקאַנער דאַרף מען בעטראַכ־טען פאַר אַ פאָלק, וואָס האָט דערגרייכט אַ היבשע מדרגה פון ציווי־ליזאַציע. מיר וועלען דאָס אפשר בעסער פערשטעהן, ווען מיר ווע־לען זיך דערמאָהנען אָן דעם צושטאַנד, אין וועלכען עס האָבען זיך געפונען אייניגע פון דיא געבילדעטסטע פעלקער פון אייראָפּאַ אין דעם 16טען יאָהרהונדערט, דאָס הייסט אין דער צייט, ווען קאָרטעס האָט ענטדעקט מעקסיקאָ. מיר מיינען דאָ דעם צושטאַנד, אין וועל־כען עס האָבען זיך געפונען געוויסע לענדער נאָך דעם וויא עס איז געגרינדעט געוואָרען דיא אינקוויזיציע — אַן אָרגאַניזאַציאָן, וואָס האָט יעדען יאָהר אומגעבראַכט טויזענדער מענשען מיט אַ פיעל שרעקליכערען טויט, וויא דיא יסורים מיט וועלכע עס זיינען ביי דיא אַצטעקען געשטאָרבען זייערע קרבנות; אַן אָרגאַניזאַציאָן, וואָס האָט אויפגעהעצט אַ ברודער געגען אַ ברודער; אַן אָרגאַניזאַציאָן, וואָס האָט דעם פאָרטשריט פערהאַלטען פיעל מעהר וויא אירגענד וועלכער אַנדער פלאַן, וואָס דיא מענשליכע געשייטקייט האָט ווען עס איז אויסגעקלעהרט".

דיא אַצטעקען האָבען אַנערקענט אַ „העכסטען וועזען", אַ האַרר איבער דער גאַנצער וועלט. דאָס איז געווען זייער בעגריעף פון אַ גאָט אין דעם זין, אין וועלכען דער וואָרט „גאָט" ווערט געברויכט פון היינטיגע ציוויליזירטע פעלקער. זיך פאָרשטעלען אָבער אַז איין גאָט, איין אַלגעמיינע קראַפט שאַפט אַלעמען און אַלעס און הערשט איבער אַלעמען און אַלעס — דאָס האָבען זיי נאָך ניט געקענט. וויא אַלע פעלקער, וואָס געפינען זיך נאָך אין דיא קינדער־יאָהרען פון זייער

ענטוויקלונג, האָבען זיי אַזאַ אַלגעמיינעם געדאַנק נאָך ניט געקענט האָבען, און אויף פערשיעדענע זאַכען האָבען זיי געהאַט פערשיעדענע געטער. אין אַלעמען האָבען זיי געהאַט פופצעהן הויפּט־געטער און



אַלט־ מעקסיקאַנישער גאָט פון טענץ און שפּיעל. (די פיגור איז אויסגעהאַקט פון שטיין).

ביי צוויי הונדערט קלענערע. הויטצליפאכטלי אָדער מעקסיטל, דער מלחמה־גאָט, איז געוועזן דער העכסטער פון זיי.

אין זייער רעליגיעזען לעבען האָבען דיא אצטעקען זיך פיעל בענוצט מיט זייער קונסט צו שרייבען מיט בילדער. דורך אזעלכע בילדער פלעגען זיי פערצייכענען זייער מיטהאָלאָגיע, — מעשיות וועגען זייערע געטער; און דאָס ברייננגט אונז צו זייער „שרייבען" אין אלגעמיין.

זיך צונויפריידען דורך בילדער האָבען געקענט אלערליי אינדיאַנישע פעלקער. דיא האלב ווילדע רויט־הויטיגע שבטים פון נאָרד־אמעריקא, צום ביישפיעל, פלעגען אויסהאקען פיגורען אויף פעלזען אָדער אויף בוימער, אום איינער דעם אנדערען איבערצוגעבען ידיעות. ווען אן אינדיאנער האָט למשל געוואָלט לאָזען וויסען אז אויף א געוויסען טייך זיינען געגאנגען פיער שיפלעך מיט אינדיאנער פון א געוויסער פאמיליע צו צוועלף מאן אויף א שיפעל, און אז זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף צוויי טעג, האָט ער אויסגעקריצט דיא פיגורען פון פיער שיפלעך מיט 12 פאסיקלעך אויף יעדער שיפעל און דערביי געמאכט צוויי פיגורען פון דער זון און דעם צייכען פון דער פאַמיליע, *) צו וועלכע דיא רייזענדע האָבען בעלאנגט. דיא פיגורען זיינען געווען אזעלכע וואָס ביי אונז וואָלט געמאכט א קליין קינד. אָבער דאָס איז ניט אימער א בעוויז, אז דער אינדיאנער קען קיין בעסערע בילדער ניט מאכען. דער צוועק פון שרייבען איז ניט צו מאָהלען נור וואָס גיכער און קירצער איבערצוגעבען דעם געדאנק.

דיא אינדיאנישע פעלקער זיינען ניט דיא איינציגע ווילדע אָדער האלב־ווילדע מענשען, וואָס האָבען זיך צוזאמענגערעדט דורך פיגורען. „בילדער־שריפטען געפינען מיר ביי ווילדע מענשען אין אלע ווינקע־

*) דער וואָרט „פאמיליע" ווערט דאָ געברויכט אין דעם ברייטערען זין. מען מיינט דאָ ניט איין פאמיליע, נור עטליכע פערוואנדטע פאמיליען צוזאמען. אזא פאמיליען־גרופע הייסט „גענט" אָדער „קלאן". יעדער גענט האָט געהאט זיין בעשטימטען צייכען אָדער „טאָטעם", וועלכער איז דאָס רוב געווען דיא פיגור פון א לעבעדיגע זאך, — פון א שלאנג, למשל, אָדער א טשערעפאכע, אָדער א געוויסע פויגעל א. ז. וו.

לעך פון דעם ערד־קוגעל" — זאָגט טיילאָר — „דיא געמעלעכצען אָדער אויסגעקראַצטע פיגורען, וואָס מיר געפינען ביי דיא ווילדע פעלקער פון פערשיעדענע לענדער, צו פון נאָרד אַמעריקאַ, צו פון סיביר, צו פון אויסטראַליען, האָבען אַלע אַ נאָהענטקייט, אַ פאַמיליען־עהנליכקייט איינע צו דיא אַנדערע".

פון דיא בילדער־שריפטען האָט זיך דאָס ביסלעכווייז, אין פערלויף פון טויזענדער יאָהרען, אויסגעאַרבייט אונזער קונסט צו שרייבען מיט אַן אלף בית. אַ קורצע ערקלעהרונג איבער דעם געפינט זיך אין דער ביילאַגע צום ערשטען באַנד פון דיעזער סעריע (זייטעל 664). דאָ אָבער וועלען מיר דעם זעלבען ענין בעטראַכטען אַביסעל גרינדליכער. דאָס איז נויטיג אום צו פערשטעהן וויא ווייט ענטוויקעלט דיא אַצטעקען זיינען געוועזען אין דער קונסט פון שרייבען.

ווען דער ווילדער מענש וויל אויסדריקען דעם געדאַנק וועגען אַ מענשען, מאָהלט ער טאַקע אויף אַ מענשעלע. ווען ער האָט אין זינען אַ לאָדקע, מאַכט ער דיא פיגור פון אַ לאָדקע. דאָס זיינען פאָרשטעלונגס־פיגורען, דאָס הייסט פיגורען, וואָס שטעלען פאָר דיא זאַך גופא.

וויא טהוט מען אָבער מיט אַבסטראַקטע געדאַנקען, מיט „זאַכען" וואָס זיינען דאָ בלויז ביי אונז אין מח אָדער מיט מעשים, טהאַטען, פּאַסירונגען, וואָס איז גלאַט שווער אויפצומאָלען? גיט מען זיך אַזאַ עצה: מען מאָלט אויף אַזאַ זאַך, וואָס האָט מיט דעם געדאַנק, געפיהל, טהאַט אָדער פּאַסירונג אַ שייכות. אַ צונג, צום ביישפּיעל, שטעלט מיט זיך פאָר אַ „שפּראַך" אָדער „רעדען". אַ טשערפּאַכע הייסט „ערד", „לאַנד", „יבשה", (ווייל זי קריכט אַרום אויף דער ערד). דער סליאַד פון פיס הייסט „אַ רייזע", „רייזען", א. ז. וו. דאָס זיינען שוין ניט קיין פאָרשטעלונגס־פיגורען נור צייכען־פיגורען אָדער סימבאָלישע פיגורען, וואָרים דיא טשערעפּאַכע, למשל, איז דאָך ניט קיין ערד, נור בלויז אַ צייכען, אַן אַנצוהערענים אויף ערד. אָפּט איז פאַר פרעמדע מענשען שווער צו פערשטעהן וואָס פאַר אַ שייכות דער אונענטוויקעלטער פאָלק האָט געפונען צווישען דעם געדאַנק און דעם צייכען. צום ביישפּיעל: ביי די פּאַרצייטיגע עגיפּטער האָט דיא פיגור פון אַ זשוק געדיענט אַלס אַ סימבאָל, אַ צייכען פון דער גאַנצער וועלט מיט אַלע שטערען, פּלאַנעטען, קאָמעטען. מסתמא האָט דאָס

ביי זיי געהאט א געוויסען זין. מיר ווייסען דאָס אָבער ניט. דאָך אין דיעזען פאַל ווייסען מיר ווענינגסטענס, אַז א זשוק הייסט „דיא וועלט". פון פאַרצייטיגע פעלקער זיינען אָבער איבערגעבליבען מאַסען סימבאָלישע פיגורען, וועלכע מען קען גאָר ניט פערטייטשען. דיא געלעהרטע, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט דיעזע זאַכען, זיינען מיט טיעפע שכל'ען דערגאַנגען דעם פּשט פון פיעלע פיגורען, וועלכע מען האָט פריהער ניט פערשטאַנען. אָבער עס זיינען פאַראַן א סך אַזעלכע, וואָס זייער בעדייטונג קען מען בשום אופן ניט דערגעהן, און מען האָפט שוין זאָגאַר ניט צו דערגעהן.

צו שרייבען מיט סימבאָלישע פיגורען איז א העכערע שטופע וויא צו שרייבען בלויז מיט פאָרשטעלונגס־פיגורען. דאָס איז דיא צווייטע שטופע אין דער געשיכטע פון אונזער שרייבען. דאָ איז זעהר וויכטיג צו בעמערקען דאָס פאָלגענדע: הגם דיא סימבאָלישע פיגורען אונטערשיידען זיך פון דיא פאָרשטעלונגס־פיגורען, דריקען זיי אָבער דאָך אויס א געדאַנק וואָס עס איז, וועגען רעדען, וועגען דער ערד, וועגען רייזען א. ז. וו., שפּיעלען זיי אַלזאָ דיא זעלבע ראָלע אין דעם וויא דיא פאָרשטעלונגס־פיגורען. דער אונטערשיעד צווישען זיי איז בלויז אין דעם וויא זיי דריקען דעם געדאַנק אויס: דיא טהוען דאָס דירעקט (א שיפעל הייסט א שיפעל), און דיא טהוען דאָס אינדירעקט (א טשערעפּאַכע הייסט גאָר ערד).

ביידע דיעזע זאָרטען פיגורען רופט מען דעריבער אידעאָגראַ־פישע פיגורען, דאָס הייסט געדאַנקען־פיגורען.

עס איז אָבער פאַראַן א דריטער קלאַס שריפט־פיגורען, — אַזעלכע וואָס שטעלען קיין געדאַנקען ניט פאָר. לאָמיר, צום ביישפּיעל, אויפ־מאָלען צוויי קריעג און אָבמאַכען אַז דאָס בעדייט ניט קיין קריעג פון וואַסער אָדער מילך, צום ביישפּיעל, נור אַ קריעג, א מחלוקה, קריעגע־ריי, צאַנקעריי, דאַן וועט דער בילד ניט פאָרשטעלען קיין געדאַנק. (מיט דעם געדאַנק וועגען צוויי קריעג וועט ער קיין שייכות ניט האָבען); ער וועט גאָר פאָרשטעלען קלאַנגען — דיא קלאַנגען פון דעם וואָרט „קריעג". אויף דיעזער אַרט, ווען איהר וועט אויפמאָלען א באַרג היי און א ראַט (א מויז), וועט דאָס ניט האָבען קיין שייכות ניט מיט קיין היי ניט מיט קיין מויז, נור עס וועט זיך לעזען „הייראַטה" — לויט דיא קלאַנגען פון דיא צוויי ווערטער. ווען איהר וועט אויפמאָלען צוויי

שטייגען (פון פויגלעך), ווערט דאָס הייסען „שטייגען“, דאָס הייסט וואַקסען, מאַכען פאָרטשריט. אַ קאָפּ (וואַסער) און אַ זעהר הויכער מענש וואָלט זיך לעזען: „קאַפּריז“, א. ז. וו. דאָס זיינען אַלץ קלאַנג־פיגורען, אָדער פ אָ נ ע ט י ש ע פיגורען, וויא מען רופט דאָס אויף דער וויסענשאַפטליכער שפּראַך („פאָן“ איז אַ שטימע אויף גריכיש). דאָס איז אַלזאָ דיא ד ר י ט ע ש ט ו פ ע אין דער ענטוויקלונג פון שרייבען. ווען איהר ווערט אויפמאָלען צוויי קריעג און אַ שיף, ווערט איהר דאָס לעזען „קריעגשיף“. דאָ איז דער ערשטער וואָרט פאָרגע־שטעלט פאָנעטיש און דער צווייטער — אידעאָגראַפיש.

נאָך ווייטער טהוט מען אַזוי: אנשטאַט צו געברויכען אַלע קלאַנ־גען פון דעם בילד׳ס נאָמען ברויכט מען בלויז זיינע ערשטע קלאַנגען. צום ביישפּיעל אַ באַרג הייסט „באַר“; אַ ציעג און צוויי הענד לעזט זיך „ציהען“ („צי“ און „הען“). דאָס איז פיעל בעקוועמער, וואָרים דיא פיגור פון אַ ציעג קען דאָך צונוצקומען ניט בלויז אויף דעם וואָרט „ציהען“ נור אויך אויף פיעלע אַנדערע ווערטער, — אויף אַלע ווערטער, וואָס האָבען אין זיך דעם קלאַנג „צי“. מאָלט צו דער פיגור פון אַ ציעג צו דיא פיגור פון אַ טערק, ווערט זיך דאָס לעזען „ציטער“. מאָלט אויף אַ מער, אַ דימענט, אַ ציעג, אַ פּאָר ניס און אַ שער, ווערט זיך דאָס לעזען: „מע“ (פון „מער“), „די“ (פון „דימענט“), „צי“ (פון „ציעג“), „ני“ (פון „ניס“) און „שע“ (פון „שער“) דאָס הייסט צוזאַמען „מעדי־צינישע“.

מיר זעהען דאָ אַלזאָ ערשטענס, אַז דער בילד פון אַ ציעג ווערט געברויכט פאַר פערשיעדענע ווערטער; און צווייטענס, אַז דיא ווער־טער ווערען דאָ צושניטען, צוטהיילט: „צי—הען“, „צי—טער“, „מע—די—צי—ני—שע“.

דאָס איז דיא פ י ע ר ט ע ש ט ו פ ע אין דער ענטוויקלונג פון שרייבען. נאָך ווייטער ברויכט מען יעדען בילד בלויז פאַר איין קלאַנג — פאַר דעם ערשטען קלאַנג פון דעם נאָמען פון דער זאַך וועלכע ער שטעלט פאָר. אַ בילד פון אַ בוים איז בלויז „בבב...“ פון אַ גאָפּעל איז בלויז „גגג...“ אַזעלכע בילדער זיינען נאָך בעקוועמער, ווייל זיי קענען דיענען פאַר נאָך אַ גרעסערע צאָהל ווערטער. דער בוים קען דיענען פאַר יעדען וואָרט וואָס האָט אין זיך דעם קלאַנג „בבב...“ דער גאָפּעל פאַר יעדען וואָרט וואָס האָט אין זיך דעם קלאַנג „גגג...“ א. ז. וו.

אויף דיעזער אַרט, ווען איהר וועט אויפמאָלען א בוים, אַן עמער
אַ גאָפּעל, אַ ריעב, אַן אינדיק, אַ סאָלדאַט, וויעדער אַן עמער
און אַ נוס, וועט זיך דאָס לעזען „בעגריסען“.




דער וואָרט בעגריסען ווערט דאָ אַלזאָ צוטהיילט, צוגליעדערט אויף דיא איינצעלנע קלאַנגען, פון וועלכע ער בעשטעהט. אָט אַזעלכע ביל־דער (וויא פון דעם בוים, דעם עמער, דעם גאָפּעל, דעם ריעב א. ז. וו.), — בילדער, וואָס שטעלען מיט זיך פאָר דיא איינצעלנע קלאַנגען, פון וועלכע אַ וואָרט בעשטעהט, רופט מען ב ו כ ש ט א ב ע ן, א ו ת י ו ת.

דאָס זיינען אַלזאָ אַלץ קלאַנגען־בילדער, פ אָ נ ע ט י ש ע שריפט־בילדער. דאָס איז דיא פ י נ פ ט ע ש ט ו פ ע אין דער געשיכטע וויא אזוי עס האָט זיך ענטוויקעלט דיא קונסט פון שרייבען. ביי אַן אלף־בית האַלטען מיר נאָך דערווייל ניט.

אויף דיעזער אַרט, אָפּט צוגליעדערענדיג ווערטער אויף זייערע איינצעלנע קלאַנגען און בענוצענדיג זיך מיט יעדען בילד פאַר פער־שיעדענע ווערטער וואָס ענטהאַלטען דעם זעלבען קלאַנג, האָט מען זיך ענדליך אַרומגעזעהן, אַז אַלע ווערטער פון דער גאַנצער שפּראַך בעשטעהען פון בלויז אַ קליינע צאָהל קלאַנגען — ניט מעהר וויא פון עטליכע און צוואַנציג; דאָס הייסט, אַז מיט עטליכע און צוואַנציג קלאַנג־בילדער אָדער ב ו כ ש ט א ב ע ן קען מען צוזאַמענשטעלען יעדען וואָרט אין דער שפּראַך. אַלזאָ קלייבט מען אויס בילדער פון עטליכע און צוואַנציג זאַכען וואָס האָבען אַזעלכע נעמען, אַז זייערע ערשטע קלאַנגען זאָלען זיין אַלע דיעזע קלאַנגען: דעם בילד פון אַן אָקס („אלף“ אויף העברע־איש), פון אַ הויז (בית), פון אַ קעמעל (גמל), פון אַ טהיר (דלת) א.ז.וו און פון דיעזע בילדער שטעלט מען צוזאַמען וועלכען וואָרט מען דאַרף נור.

**דאָס איז** דער „אלף־בית“. דאָס איז דיא **זעקסטע שטופע**. **אין** דעם בעשטעהט אונזער קונסט פון שרייבען.

עס פערשטעהט זיך, דיא בילדער, דאָס הייסט דיא אותיות ווערען פיעל פערקירצט, פעראיינפאכט, כדי מען זאָל זיי קענען גיכער אויפ־שרייבען.

דיא עגיפטער האָבען ענטוויקעלט דיא ערשטע פינף שטופען פון בילדער־שרייבען. זייערע **יעראָגליפען** *) זיינען בעשטאַנען פון אַלע פינף סאָרטען פיגורען: פאָרשטעלונגס־פיגורען, סימבאָלי־שע, פאָנעטישע פון דער דריטער שטופע, פאָנעטישע פון דער פיערטער שטופע און פאָנעטישע פון דער פינפטער שטופע. דאָס הייסט, אַז צווישען זייערע פיגורען זיינען שוין פאַראַן **בוכשטאַבען**. זיי זיינען אַלזאָ צוגעקומען צום סאַמע שוועל פון דעם אלף בית. צו קיין פאָלשטענדיגען אלף־בית האָבען זיי אָבער ניט דערגרייכט. מיט דער הילף פון זייער שליסעל האָבען דאָס אויפגעטהאָן די פיניקיער (א סע־מיטישער פאָלק, אזוי ווי דיא אידען, מיט א שפראך וועלכע איז געווען זעהר נאָהענט צו העברעאיש).

איצט קענען מיר איבערגעהן צו דיא שריפט־בילדער אָדער יעראָ־גליפען פון דיא אצטעקען. זיי האָבען אויך געברויכט פיגורען פון אַלע דריי מינים: פאָרשטעלונגס־פיגורען, סימבאָלישע און פאָנעטישע, אָבער ערשטענס האָבען זיי זייערע פאָנעטישע פיגורען בענוצט בלויז פאַר נעמען פון מענשען און פון פלעצער און, צווייטענס, האָבען זיי בלויז דערגרייכט דיא פערטע שטופע. דאָס הייסט, צו בוכשטאַבען זיינען זיי נאָך ניט דערגאַנגען; זייערע יעראָגליפען זיינען איבערהויפּט

*) דער וואָרט „יעראָגליף“ בעדייט אייגענטליך „הייליגע שניצערייו“, דאָס הייסט דיא רעליגיעזע שריפט־בילדער, וואָס דיא עגיפּטער פלעגען אויסהאַקען אויף זייערע מאָנומענטען. דעם וואָרט ברויכט מען אָבער אויף אַלערליי שריפט־בילדער פון אַלערליי פעלקער.

יעדער, וואָס איז בעקאַנט מיט דעם ניו יאָרקער סענטראַל פּאַרק, ווייס פון דעם „אָבעליסק“, דעם הויכען, שמאָלען, ברוינעם שטיין, וואָס מען האָט אַהין געבראַכט פון עגיפּטען. אויף דיעזען שטיין זיינען אויסגעהאַקט פיעלע פיגורען פון פערשיעדענע זאַכען. דאָס זיינען עגיפּטישע יעראָגליפען. זיי זיינען זעהר אַלט. מען האָט זיי אויסגעהאַקט פאַר טויזענדער יאָהרען.

געשטאנען פיעל ניעדריגער וויא דיא עגיפטישע. אבער דיא עגיפטישע ציוויליזאציאן איז אלט געווען עטליכע טויזענד יאהר, ווערענד דיא אצטעקישע איז פערהעלטניסמעסיג געווען א גאנץ יונגע. ביי דיא מאיאס פון יוקאטאן זיינען דיא יעראגליפען געווען פיעל העכער ענט־וויקעלט וויא ביי דיא אצטעקען. זיי האבען שוין געהאט איניגע בוכשטאבען.

מאסען פון דיא פיגורען אין דיא אצטעקישע בילדער זיינען געווען סימבאלישע. פיעלע פון דיעזע קען מען פערשטעהן (מייסטענס דורך דעם, וואס דיא אצטעקען גופא האבען זייער פשט ערקלערט דיא שפאניער פון קארטעס'עס צייטען). אבער א פיעל גרעסערע צאהל קען מען ניט פערשטעהן.



אן אצטעקישער בילדער־שריפט, וועלכער וואלט זיך אויף אידיש געלעזען: „מיסטער אדלער שיקט 20 אינדיקעס צו מיסטער פיש'ען". דער נאמען אדלער איז בעצייכענט מיט אן אדלער אויף א מענשען; דער נאמען פיש — מיט א פיש אויף א מענשען. דיא קאפּ פון אן אינדיק הייסט טאקי אן אינ־דיק, ווערענד א פאהן האט אימער בעדייט 20.

מיט דיא בילדער־שרייבעריי פלעגען דיא אצטעקען, אויסער רעלי־גיעזע מעשיות, צוזאמענשטעלען בעריכטען פון מלחמות און אנדערע וויכטיגע פאסירונגען; מיט דיעזע יעראגליפען פלעגען אויך געשריבען ווערען רעגיערונגס בעריכטען וועגען צינזען, איינקינפטע און אויס־גאבען א. ז. וו. אויך פלעגען אויף דיעזער ארט פערשריעבען ווערען מלחמה־ליעדער און אלערליי אנדערע פאלקס־ליעדער, פאלקס־מעשיות און זא ווייטער.

וויא אויבען איז שוין דערמאנט געווען, האבען דיא אצטעקען זייערע שריפט־בילדער געמאלען אויף אגאווע פאפיער, לייווענט אדער פארמעט — מייסטענס אויף אגאווע פאפיער. זיי פלעגען שרייבען

אויף א לאנגע בלאט, וואָס פלעגט זיך צוזאמענלעגען אהין און צוריק, אזוי וויא א פאראוואן („שפאנישע ווענטעל“), און ביי ביידע ברעגעס זיינען געווען הילצערנע טאָוולען. אזוי האָט אויסגעזעהן אן אצטעקי־שער בוך, און אזעלכע ביכער האָבען זיך אין מעקסיקאָ געפונען מאסען. א גרויסע צאָהל מענשען זיינען בעשעפטיגט געווען אלס „סופרים“ אָדער מאלער פון דיעזע בילדער־שריפטען. ליידער אָבער האָבען דיא שפאניער פון קאָרטעס'עס צייטען כמעט אלע דיעזע ביכער פערניכ־טעט. א גרויסע מענגע פון זיי האָבען זיי פערברענט צוזאמען מיט דער שטאדט, וויא ווייטער וועט דערצעהלט ווערען, און דיא וואָס זיינען איבערגעבליעבען האָט דער ערשטער שפאנישער ערצבישאָף (הויפט־גלח) פון מעקסיקאָ פערברענט אלס „טריפה כשוף ביכער“. אין דער שטאדט טעזקוקאָ האָט זיך געפונען א גרויסע ביבליאָטעק אָדער ארכיוו, אלזאָ האָט ער געהייסען ארויסנעהמען אלע ביכער פון דאָרטען און פון אנדערע שטעדט און שטעדטלעך און צוזאמענלעגען אין איין גרויסען בארג, וועלכען ער האָט איבערגעגעבען צו די פלאמען.



אן אצטעקישער בילדער־שריפט, וואָס שפאנישע גלחים האָבען געמאכט פאר אצטעקען, וועלכע זיי האָבען געלערענט דיא קריסטליכע רעליגיאָן. דער שריפט הייסט: „עהרע דיין פאָטער און מוטער“. (דער קוקורוזע האָט ביי אצטעקען אימער בעדייטעט „רעספעקט“, כבוד). דיא פיער קייקעלעך בעדיי־טען, אז דאָס איז דיא פערטע פון דיא עשרת הדברות (כבד את אביך ואת אמך).

(מיט 20 יאָהר פריהער האָט דער הויפּט־גלח פון שפּאַניען גופא אַזוי געמהאָן מיט אַ מאַסע טהייערע אַראַבישע שריפטען פון דער שטאָדט גראַנאַדאַ). און דיא אַנדערע שפּאַניער האָבען פאָרטגעזעצט דיעזע פרומע מחבל־אַרבייט: וואו נור זיי האָבען געפונען אַן אַצטעקישע שריפט, האָבען זיי איהר פערברענט, — אַזוי, אַ שטייגער, וויא אונ־זערע טאַטעס אדער זיידעס פלעגען פערברענען אַ „טריף־פּסול" וואָס



אַ בילדער־שריפט פון אַן אַצטעקישען רעליגיעזען בוך. דעם שריפט קען מען היינט ניט איבערלעזען.

זיי האָבען געכאַפּט ביי אַ אידישען יונגען מאַן, וועלכער האָט געדורשט נאָך בילדונג. דיא וועניגע ביכער, וואָס זיינען איבערגעבליבען, האָבען דיא אַצטעקען דאָס בעהאַלטען אין די פערבאָרגענסטע פּלעצער. מיט גרויס מיה האָט זיך שפּעטער, שוין נאָהענט צו אונזער צייט, איינ־געגעבען צו געפינען אייניגע פון דיעזע ביכער; אבער אין דיא אַרכי־ווען וואו מען האָט זיי געהאַלטען, אין דער שטאָדט מעקסיקאָ, האָט

מען ניט געוואוסט וויא זיי צו שעצען, און זיי זיינען ענטוועדער פערד פוילט אָדער פערשימעלט געוואָרען אין נאַסע קעלערען אָדער, אַז ניט, האָט מען זיי גאָר פערברויכט אויף פּאַק־פּאַפּיער. דאָך האָט מען איינִיגע פון דיעזע שריפטען וויא־עס־איז ארויסגעראַטעוועט, און זיי געפינען זיך איצט אין געוויסע אייראָפּעאישע ביבליאָטהעקען.

א פּאָר ווערטער וועגען דעם וויא דיא אַצטעקען פלעגען צעהלען און שרייבען צאָהלען. זיי האָבען געהאַט בעזונדערע ווערטער פאַר „איינס“, „צוויי“, „דריי“, „פיער“ און „פינף“. ווען זיי האָבען געוואָלט זאָגען „6“ פלעגען זיי זאָגען „פינף און איינס“; „7“ איז ביי זיי געווען „פינף און צוויי“; „8“ — „פינף און דריי“ און אזוי ווייטער. „10“ האָט ווידער געהאַט א בעזונדערען וואָרט, און „15“ ווידער א בעזונדערען. ווען זיי פלעגען וועלען זאָגען „13“, למשל, פלעגען זיי זאָגען צעהן און דריי, פונקט וויא מיר זאָגען „דריי און צעהן“ (דריי־צעהן); 19 האָט ביי זיי געהייסען „פופצעהן מיט פיער“ א. ז. וו. *)

מיט געשריעבענע צאָהלען פלעגען זיי אזוי טהאָן: ביז צוואַנציג פלעגען זיי מאַכען אזוי פיעל פינטעלעך וויא פיעל דיא צאָהל האָט בעטראָפען — זעקס פינטעלעך פאַר „6“, פיערצעהן פינטעלעך פאַר „14“, א. ז. וו. פאַר דער צאָהל „20“ האָבען זיי געהאַט א בעזונדערען סימבאָלישען צייכען — א פּ אָ ה ן. „400“ (דאָס הייסט צוואַנציג מאָל צוואַנציג) האָבען זיי אויסגעדריקט מיט דער פיגור פון א פ ע ד ע ר; „8000“ (דאָס הייסט צוואַנציג מאָל צוואַנציג מאָל צוואַנציג) האָבען זיי פאָרגעשטעלט מיט דער פיגור פון א ב י י ט ע ל. א האַלבע ביי טעל האָט געהייסען 4000; א האַלבע פעדער — „200“; דריי־פיערטעל פעדער — „300“. צוזאַמענשטעלענדיג דיעזע פיגורען אויף פערשיעדענע אַרטען, פלעגען זיי אויסדריקען יעדע צאָהל וואָס זיי האָבען נור געוואָלט. צום ביישפּיעל, ווען זיי

*) דאָ מאַכט פּרעסקאָטט דיא אינטערעסאַנטע בעמערקונג, אַז דיעזע סיסטעם עראינערט שטאַרק דיא רוימישע ציפער סיסטעם, וואו עס זיינען פאַראַן בעזונדערע ציפער אויף איינס, צוויי, דריי, פינף, צעהן, פופציג א ז. וו. (I, II, III, V, X, L, ), פון וועלכע מען שטעלט צוזאַמען פערשיעדענע צאָהלען.

וואָלטען געדאַרפט אויפשרייבען „2385“, וואָלטען זיי אויפגעמאָלט פינף גאַנצע פעדערן, איין דריי־פיערטעל פעדער, פיער פאָהנעס און פינף פינטעלעך.

דיא מערקווירדיגסטע זאַך אין דעם גייסטיגען לעבען פון דיא אצטעקען איז געווען זייער לוח. ער איז געווען פינקטליכער וויא דער לוח פון דיא אייראָפּעער.

דיא שוויעריגקייט וואָס מען האָט מיט אַ לוח, בעשטעהט אין דעם וואָס דער יאהר, למשל, איז אין אמת'ען עטוואָס לענגער וויא מען קען איהם בעשטימען מיט טעג, און מיט דיעזער שוויעריגקייט האָבען דיא מעקסיקאַנער זיך ספּראַוועט ריכטיגער וויא דיא הויכגעבילדעטע רוימער, ביי וועלכע דיא אייראָפּעאישע פעלקער האָבען זייער לוח גענומען.

לאָמיר דאָס ערקלערען.

מיר רעדען וועגען אַ זון־יאָהר. דאָס הייסט אַ יאהר, וואָס ווערט גערעכענט נאָך דער זון נאָך. דיא ערד דרעהט זיך אַרום דער זון אין עטוואָס מעהר וויא 365 טעג. אָט פון דיעזען „עטוואָס“ קומען דאָס אַרוים אַלע צרות. אַ פאָלשטענדיגע בעוועגונג פון דער ערד אַרום דער זון (אָדער פון דער זון אַרום דער ערד, וויא עס דוכט זיך) געדויערט 365 טעג און אונגעפעהר זעקס שטונדען. ווען מען רעכענט 365 טעג פאַר אַ יאהר, איז דאָס אַלזאָ מיט אונגעפעהר זעקס שטונדען צו ווייניג. אין פיער יאָהר קלייבט זיך אַלזאָ אָן אַ גאַנצער מעת לעת. אום דעם חשבון צו פעררינכטען, האָט מען דעריבער אַלע פיער יאָהר אַן עיבור יאָהר, דאָס הייסט יעדער יאָהר אין פיער האָט ניט 365 נור מיט אַ טאָג מעהר.*)

אַזוי איז געווען דער רוימישער קאַלענדאַר און אַזוי איז געווען דער קאַלענדאַר ביי אַלע אייראָפּעער אין קאָרטעס'עס צייט. דאָס איז אָבער נאָך אויך ניט ריכטיג. מיר האָבען דאָ אויבען געברויכט דעם וואָרט „אונגעפעהר“. אין אמת'ן געדויערט אַ פולע בעוועגונג פון דער ערד אַרום דער זון 365 טעג, 5 שטונדען מיט עטוואָס ווייניגער וויא

*) דער אידישער עיבור־יאָהר איז אויף אַ גאַנצען מאָנאַט לענגער (איין מאָל אין 3 אָדער אין 2 יאָהר), ווייל דיא אידישע מאָנאַטען זיינען קירצער. דער אידישער יאָהר רעכענט זיך אי נאָך דער זון אי נאָך דער לבנה.

49 מינוטען. דאָס הייסט, דער אמת'ער יאָהר איז מיט אונגעפעהר עלף מינוטען קירצער וויא דער רוימישער לוח־יאָהר. מיט דעם עיבור־יאהר לעגט מען אַלזאָ צו צופיעל און פון דיעזען צופיעל קלייבט זיך וויעדער אָן אַ גרויסער פעהלער. דיא אַצטעקען האָבען אַזאַ פעהלער אין זייער צייט־רעכנונג ניט איבערגעלאָזען.

זייער יאָהר איז בעשטאַנען פון 18 מאָנאַטען, יעדער מאָנאַט פון פיער וואָכען, יעדע וואָך פון פינף טעג. אַלע מאָנאַטען זיינען ביי זיי אַלזאָ געווען גלייך. אַזוי וויא אַכצעהן מאָנאַטען אַזעלכע זיינען בלויז 360 טעג, פלעגען זיי צום ענדע פון דעם אַכצעהנטען מאָנאַט צולעגען פינף טעג, וועלכע האָבען צו קיין מאָנאַט ניט בעלאַנגט (דיעזע פינף טעג האָבען זיך גערעכענט פאַר שלים־מזל'דיגע). דאָס הייסט אַלזאָ אַז דער געוועהנליכער יאהר איז ביי זיי אויך בעשטאַנען פון 365 טעג. בלייבט אַלזאָ איבער דיא פראַגע וועגען אַן עיבור־יאָהר. דיעזען עיבור־יאָהר האָבען זיי געהאַט ניט אַלע פיער יאָהר, נור אַלע 52 יאָהר. אַזעלכע 52 יאָהר האָבען ביי זיי געהייסען „גאַרב" אָדער „פעקעל" (זייער צייכען דערצו איז געווען אַ בינטעל שטעקלעך). צום ענדע פון דעם 52טען יאהר פלעגען זיי צולעגען צוועלף און אַ האַלב טאָג, דאָס הייסט, איין „פעקעל" פלעגט זיך ביי זיי ענדיגען אין מיטען נאַכט, און דער נעכסטער פעקעל אין מיטען טאָג. מיט דעם פלעגט שוין אויסקומען כמעט ריכטיג, יעדענפאַלס פיעל ריכטיגער וויא נאָך דעם אייראָפּעאישען קאַלענדאַר נאָך. מיט אַ יאהר זעכציג שפּעטער (אין 1582), האָט אַ פּאַפּסט (גרעגאָרי דער דרייצעהנטער) פעררייכט דעם פעהלער אין דעם אייראָפּעאישען לוח*); אָבער אפילו דאַן איז

*) מיר האָבען געזעהן, אַז דער אייראָפּעאישער יאָהר איז געווען מיט אונגעפעהר 11 מינוט לייגגער וויא אין אמת'ען. אין 400 יאָהר קלייבט זיך פון דעם אָן דריי טעג (עטוואָס מעהר), אַלזאָ האָט דיעזער פּאַפּסט בעשטימט אַזוי, אַז יעדע 400 יאָהר זאָלען איבערגעהיפּט ווערען דריי „עיבור־יאָהר". אויף דיעזען אַרט ווערען דיא איבעריגע דריי טעג אַרויס־געוואָרפען. אין סך הכל האָט מען שוין אַרויסגעוואָרפען 13 טעג. (וואָרים דער פּאַפּסט האָט אַרויסגעוואָרפען דיא טעג וואָס האָבען זיך אָנגעקליעבען פאַר איהם אויך). דאָס איז דיא „גרעגאָריאַנישע צייט־רעכנונג" אָדער „נייער סטיל". רוסלאַנד איז געבליבען

דער אצטעקישער חשבון געווען פינקטליכער. מיר האבען דא געזאגט, אז דיא אצטעקען האבען אלע 52 יאהר געהאט אן עיבור־יאהר, וועלכער האט ענטהאלטען מיט 12 און א האלב טעג מעהר וויא א געוועהנליכער יאהר. עס איז אלץ געבליבען א קליינער אונטערשיעד, אבער ער איז געווען קלענער וויא לויט דעם פעררעכטען אייראפעאישען לוח.

דיא יאהרען פלעגען דיא אצטעקען פערשרייבען ניט מיט זייערע געוועהנליכע צאהל־פיגורען, נור אויף אן אנדער שטייגער. זיי האבען דאס געטהאן מיט א מערקווירדיג שכל'דינע סיסטעם. דעם „פעקעל“ פלעגען זיי צוטהיילען ערשטענס אויף גרופען צו פיער יאהר אין א גרופע און צווייטענס אויף פיער גרופען צו דרייצעהן יאהר אין א גרופע. דיא פיער־יעהריגע פלעגען זיי בעצייכנען מיט פיער בילדער: א קראליק, א זומפ־שטעקעל, א מעסער און א הויז; דיא דרייצעהן־יעהריגע, וויעדער, האבען זיי בעצייכענט מיט פינטעלעך, — איינפאך פון איינס ביז דרייצעהן. יעדער יאהר האט אלזא בעלאנגט אי צו א פיעריגע גרופע אי צו א דרייצעהנדיגע גרופע. דאס הייסט, יעדער יאהר האט געהאט צוויי צייכענס — א בילד און א געוויסע צאהל פינטעלעך (ניט מעהר וויא 13). יעדע בילדער־גרופע פלעגט זיך וויעדערהאלען דרייצעהן מאל און יעדע נומערירטע גרופע — פיער מאל. ווען מען פלעגט אויפמאלען א קראליק מיט זיעבען פינטעלעך, צום ביישפיעל, פלעגט מען שוין קענען וויסען, וועלכער יאהר פון דעם פעקעל דאס איז, ווארים קראליק־יאהרען זיינען דאך געווען דרייצעהן (איינער אין פיער יאהר) און יעדער פון זיי האט זיך געהאט זיין נומער.

וועגען דיעזע סיסטעם מאכט טיילאר דיא אינטערעסאנטע בעמערקונג, אז דער אצטעקישער 52־יעהריגער „פעקעל“ איז זעהר עהנליך צו אונזערע א טאליע קארטען, וועלכע ענטהאלט 52 קארטען און איז צוטהיילט אויף 13 גרופען צו פיער אין א גרופע: „קרייץ“, „פיק“, „שעלען“, „רויטס“.

דער סדר אין א טאליע קארטען איז אבער פיעל איינפאכער,

---

ביי דעם „אלטען סטיל“. ביי איהר שלעפען זיך אלזא נאך דיא דרייצעהן איבעריגע טעג. דעריבער, ווען אין אלע ציוויליזירטע לענדער איז שוין דעם 14טער יאנואר, צום ביישפיעל, איז ביי איהר נאך ערשט נײ־יאהר.

קלעהרער און בעקוועמער. יעדער פון די 13 קאָרטען (10 נומערען און דריי פיגורען) ווערען וויעדערהאָלט פיער מאָל בעזונדער אין דיא פיער „מאַסטען". אויף יעדען קאָרט זעהט איהר גלייך אי זיין „ווערטה" און אי זיין „מאַסט". אין דעם אצטעקישען לוח אָבער האָבען זיך דיא דרייצעהנער גרופּען וויעדערהאָלט נאָכאַנאַנד אין דיא פיעריגע גרופּען. פון דעם איז ארויסגעקומען א פּלאָנטער. דיא נומערען האָבען זיך מיט דיא בילדער ניט צוזאַמענגעטראָפען אין קיין אָרדנונג. דער „קראָליק", צום ביישפּיעל, איז אין דער ערשטער נומער־גרופּע געווען ביי דעם „1", ביי דעם „5", ביי דעם „9" און ביי דעם „13"; אין דער צווייטער נומערירטער גרופּע איז ער אויסגעקומען ביי דעם „4", ביי דעם „8" און ביי דעם „12". אין דער דריטער גרופּע — ביי דעם „3", ביי דעם „7" און ביי דעם „11"; אין דער פערטער גרופּע — ביי דעם „2", ביי דעם „6" און ביי דעם „10".

אין סך הכל איז דער נומערירטער סדר פון דעם „קראָליק" אלזאָ געווען: 1, 5, 9, 13, 4, 8, 12, 3, 7, 11, 2, 6, 10.

מיר האָבען דאָ אַלע דרייצעהן נומערען, אָבער זיי געהען ניט כסדר. זיי זיינען צופּלאָנטערט. דאָך קען מען נאָך יעדען נומער שוין וויסען צו וועלכע דרייצעהנער גרופּע ער בעלאַנגט.*) א קראָליק מיט א

*) ווען דיא נומערירטע גרופּען וואָלטען ניט געהאַט צו דרייצעהן, וואָלט דער פּלאַן גאָר ניט געטויגט. אייניגע נומערען ביי דעם קראָליק, צום ביישפּיעל, וואָלטען זיך וויעדערהאָלט, און אייניגע וואָלטען געפעהלט. ווען איהר וואָלט געזאָגט „קראָליק פינף", וואָלט מען דאַן ניט געקענט וויסען צו וועלכער דרייצעהנער גרופּע דאָס בעלאַנגט. אַזוי אָבער וויא דיא נומערירטע גרופּען זיינען דרייצעהנדיגע, און דרייצעהן איז מיט איינע מעהר וויא דריי מאָל פיער, מוז יעדער „קראָליק" האָבען אַ בעזונדער נומער. דאָס זעלבע איז מיט דיא אַנדערע דריי בילדער. יעדער בילד געהט אין דעם פּעקעל דורך אַלע דרייצעהן נומערען. אויף דער נעבסטער זייטעל גיבען מיר דעם לעזער אַ טאַבעלע פון דיא אַלע יאָהרען פון אַ „פּעקעל" מיט זיינע פיער 13־יעהריגע טהיילען און מיט דיא פיגורען פון דיא יאָהרען וויא זיי בייטען זיך אימער. דיא נומערען פון דיא יאָהרען זיינען ביי אונז בעצייכענט אי מיט פינטעלעך וויא ביי דיא אַצטעקען, אי מיט אונזערע היינטיגע ציפער.

| | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | • | | 14 | • | | 27 | • | | 40 | • | |
| 2 | •• | | 15 | •• | | 28 | •• | | 41 | •• | |
| 3 | ••• | | 16 | ••• | | 29 | ••• | | 42 | ••• | |
| 4 | •••• | | 17 | •••• | | 30 | •••• | | 43 | •••• | |
| 5 | ••••• | | 18 | ••••• | | 31 | ••••• | | 44 | ••••• | |
| 6 | •••••• | | 19 | •••••• | | 32 | •••••• | | 45 | •••••• | |
| 7 | ••••••• | | 20 | ••••••• | | 33 | ••••••• | | 46 | ••••••• | |
| 8 | •••••••• | | 21 | •••••••• | | 34 | •••••••• | | 47 | •••••••• | |
| 9 | ••••••••• | | 22 | ••••••••• | | 35 | ••••••••• | | 48 | ••••••••• | |
| 10 | •••••••••• | | 23 | •••••••••• | | 36 | •••••••••• | | 49 | •••••••••• | |
| 11 | ••••••••••• | | 24 | ••••••••••• | | 37 | ••••••••••• | | 50 | ••••••••••• | |
| 12 | •••••••••••• | | 25 | •••••••••••• | | 38 | •••••••••••• | | 51 | •••••••••••• | |
| 13 | ••••••••••••• | | 26 | ••••••••••••• | | 39 | ••••••••••••• | | 52 | ••••••••••••• | |

אַן אצטעקישער "פּעקיל" (דיא פּיער 13 = יעהריגע).

„4“, הייסט אַז דאָס איז דער 4טער יאָהר אין דער צווייטער דריי־צעהנער גרופּע, דאָס הייסט דער 17־טער יאָהר פון פּעקעל; אַ קראָליק מיט אַ „6“ איז דער 6־טער יאָהר אין דער פערטער גרופּע, דאָס הייסט דער 45־טער יאָהר א. ז. וו.

דער לעזער וועט פרעגען צו וואָס האָט מען בעדאַרפט דעם שכל'־דיגען פּלאָנטער? ווען יעדער פון די פיער בילדער וואָלט איינפאַך צו זיך געהאַט אַלע דרייצעהן נומערען כסדר, טאַקע ווי אַ טאַליע קאָרטען, וואָלט דאָך אַ סך לייכטער געווען צו זעהן דער וויפיעלטער יאָהר דאָס איז; מען וואָלט ניט דאַרפען געדענקען, אַז דער נומער „6“, למשל, קומט ביי דעם קראָליק אויס אין דעם 45־טען יאָהר, דאָס הייסט אַז דאָס איז דער נומער 6 פון דער פערטער דרייצעהנער גרופּע. קיין בעשטימטען אַנטוואָרט קען מען אויף דעם ניט דערגעהן. מען גלויבט אָבער, אַז אַזוי האָט ביי די אַצטעקען געפאָדערט זייער אַבער־גלויבען, — אַז דיא פיער בילדער און זייער שייכות צו די נומערען האָבען ביי זייערע שטערן־זעהער געהאַט אַ געוויסע בעדייטונג אין פאָראויסזאָגען דעם שיקזאַל.

העכסט מערקווירדיג איז אַז אייניגע פעלקער פון מזרח אַזיען — דיא כינעזער, דיא יאַפּאַנעזער, מאַנדזשוען (איינוואוינער פון מאַנ־דזשוריען) און אַנדערע — האָבען זייערע יאָהרען בעצייכענט אויף אַן עהנליכען שטייגער. זיי האָבען אויך די יאָהרען צוטהיילט אויף „פּעקלעך“, הגם ניט צו 52 יאָהרען אין אַ פּעקעל, נור צו 60; און זיי האָבען זיי אויך בעצייכענט מיט בילדער און מיט נומערען און אויך מיט אַ פערפּלאָנטערטען סדר. נאָך מערקווירדיגער איז דער פאָלגענדער פאַקט: דיא אינדיער (איינוואוינער פון אינדיען, אַזיען) האָבען צווישען זייערע לוח־בילדער געהאַט 7, וועלכע זיינען געווען דיא זעלבע וויא אין דעם אַצטעקישען קאַלענדאַר. דריי פון דיעזע זיעבען זיינען געווען בילדער פון אַ זומפּ־שטעקעל, פון אַ מעסער און פון אַ הויז; און דיא אַנדערע פיער זיינען געווען פון דיא בילדער, מיט וועלכע דיא אַצטעקען פלעגען בעצייכענען זייערע טעג און מאָנאַטען. דער בעריהמטער געלעהרטער אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט צייגט אויף דעם אָן אַלס אויף איינעם פון זיינע וויכטיגסטע בעווייזע, אַז מעקסיקא האָט דעם פונדאַמענט פון איהר ציוויליזאַציאָן בעקומען פון מזרח אַזיען.

אינטערעסאנט איז אויך דער פאקט, אז דיא עגיפּטער (מצריים) פלעגען אויך צום ענד פון יעדען יאהר צולעגען 5 טעג, פונקט וויא דיא אצטעקען. אהן דעם וואלט דער יאהר ביי זיי אויך געהאט בלויז 360 טעג. דער עגיפּטישער יאהר איז אבער בעשטאנען פון 12 מאנאט צו 30 טעג, און דער אצטעקישער — פון 18 מאנאט צו 20 טעג.

אום צוזאמענצושטעלען אזא מערקווירדיגען לוח, האבען דיא אצטעקען, נאטירליך, געמוזט האבען א שטיקעל בעגריף פון אסטראנאמיע. זיי האבען געמוזט וויסען דיא רעגעלמעסיגקייט אין דער „גאנג" פון דער זון מיט דער לבנה און צו דעם זיינען נויטיג בעאבאכטונגען איבער דיא שטערען. אחוץ דעם: ביי זיי האט געשפּיעלט א גרויסע ראליע אסטראלאגיע, שטערען־זעהעריי, און דיא אבערגלויבישע אסטראלאגיע איז דאך דיא מוטער פון דער וויסענשאפטליכער אסטראנאמיע. וויא וויים זיי זיינען דערגאנגען אין זייער וויסענשאפט, ווייס מען ניט. מען ווייס אבער, אז זיי זיינען בעקאנט געוועזען מיט דיא בעוועגונגען פון אייניגע שטערען־גרופּען און האבען פערשטאנען אין וואס עס בעשטעהט ליקוי חמה און ליקוי לבנה.

ביי דעם שלום פון יעדען 52־יעהריגען „פּעקעל" און דעם אנהויב פון דעם נעכסטען „פּעקעל" איז ביי דיא אצטעקען געוועזען אן אינטערעסאנטער יום־טוב. זיי האבען געגלויבט, אז ווען דיא וועלט וועט חרוב ווערען, וועט דאס אויסקומען ביי דעם ענד פון א „ פּעקעל". דעריבער, ווען עס פלעגען אנקומען דיא לעצטע פינף טעג פון דעם 52טען יאהר, דיא שלימזלדיגע פינף טעג, וואס האבען ניט בעלאנגט צו קיין מאנאט, פלעגען זיי זיין אין שרעק, און זיך נעהמען גרייטען צום פינסטערען סוף. זיי פלעגען דאן צושמעטערען זייערע קלענערע געצען, לאזען אויסגעהן דיא הייליגע פייערען פון דיא טעמפּלען, ניט אנצינדען קיין ליכט אין דיא הייזער, צוברעכען דיא מעבעל און דיא כלים, צורייסען דיא קליידער. אין אבענד פון דעם פינפטען טאג פלעגט בארקומען א גרויסע פּראצעסיע. דיא גלחים האבען געפיהרט א געפאנגענעם, דעם וויכטיגסטען מאן, וואס מען האט גענומען אין דיא מלחמות, און צוזאמען מיט איהם האט מען געטראגען טרוקענע שטעק־

לעך און אַ געצייג אויף אָנצוצינדען פייער.*) דיא פּראָצעסיע איז געגאַנגען ווייט, זעקס ענגלישע מייל פון דער הויפּט־שטאָדט, צו אַ הויכען באַרג. ווען מען האָט דערגרייכט דעם שפּיץ באַרג, האָט מען קיין זאַך ניט געטהאָן ביז געוויסע שטערען האָבען זיך געפונען אין מיטען הימעל. דיא אַרומיגע בערג, דיא טרעפּ פון דיא טעמפּלען און דיא דעכער פון דיא הייזער אין שטאָדט זיינען געווען געפּאַקט מיט מענשען. דער עולם האָט פון ווייטען געוואַרט אויפ'ן גרויסען מאָמענט, ווען עס דאַרף ענטשיעדען ווערען דער שיקזאַל פון דער מענשהייט מיט דער גאַנצער וועלט. ענדליך, ווען דיא דערמאָנטע שטערען זיינען צוגעקומען צום מיטעלפּונקט פון הימעל, האָט מען אויפ'ן באַרג מקריב געווען דעם וואַזשנעם קרבן, און אויף דער אויפגעשניטענער ברוסט פון דעם קערפּער האָט מען אַרויפגעשטעלט דעם פייער־אינסטרומענט מיט עטליכע שטיקלעך האָלץ. עס האָט זיך בעוויזען אַ פלאַם — דער „נייער פייער". דאָס האָט געהייסען, אַז דער שרעקליכער סוף קומט נאָך ניט, אַז דאָס לעבען ווערט פאָרטגעזעצט. מיט דעם פלאַם האָט

*) דאָס רוב פעלקער פון דער וועלט פלעגען מאַכען פייער מיט דעם, וואָס זיי פלעגען רייבען טרוקענע שטיקלעך האָלץ. דער געוועהנליכסטער פייער־אינסטרומענט איז אַ מין דרעלל; מען דרעלעוועט אַ לאָך אין אַ טרוקענע ברעטעל, ביז פון רייבען צינדט זיך אָן אַ פייער. אַזעלכע „פייער־דרעלען" האָבען אויך געהאַט דיא אַצטעקען.



אָן אַצטעק מיט זיין פייער־דרעלל (פון אַן אַלט־מעקסיקאַנישען בילד־שריפט).

מען גלייך אנגעצונדען א גרויסען בארג פון טרוקענע צווייגען ; ווען דיא צווייגען האבען זיך צופלאקערט און פון אלע זייטען האט זיך פערשפרייט א רויטער שיין, וועלכער האט בעגולדט דעם הימעל, האט זיך פון נאהענטען און פון ווייטען, פון די בערג, פון די טעמפלען און פון דיא הייזער־דעכער, אויפגעהויבען א פערטויבענדער פרייד־געשריי. קוריערען האבען דאן ביי דעם הייליגען פלאקער אנגעצונדען פאקעלען און מיט זיי אוועקגעלאפען אין דיא פערשיעדענסטע טהיילען פון לאנד, איבערגעבען דעם „נייעם פייער" פון האנד צו האנד. וויעדער האט מען אנגעצונדען דיא פלאמען אין דיא טי־ זפלען. וויעדער איז ליכטיג געווארען אין דיא הייזער.

דיא נעכסטע דרייצעהן טעג זיינען געוועזן גלענצענדע פייער־טעג. מען האט געוואשען און גערייניגט דיא הייזער, געמאכט זיך נייע קליידער, צוגעגרייט מאכלים און געטראנק, זיך פערשאפט נייע מעבעל מיט נייע כלים. עס האבען זיך אנגעפאנגען בלומען־פראצעסיעס, מאלציייטען, טענץ, געזאנג, צערעמאניעס און פאלקס־שפיעלען, וואס האבען מיט זיך אויסגעדריקט, אז דיא וועלט איז פון דאס ניי געבארען, אז עס פאנגט זיך אן א נייער לעבען.

איצט וועלען מיר איבערגעהן צו דעם געזעלשאפטליכען לעבען פון דיא אצטעקען, — צו דעם געזעלשאפטליכען לעבען, וועלכען דיא אלטע שפאנישע שרייבער האבען פאלש פערשטאנען. דיא בעגריפע פון דיעזע שרייבער ווערען נאך היינט אויך אנגענומען אין דאס רוב היסטאריע־ביכער וועגען מעקסיקא ; דאס זיינען אבער אלץ ווערק פון אבערפלעכליכע מענשען, וואס האבען ליעב צו געהן אויף אן אלטען אויסגעטראטענעם וועג, ניט פרעגענדיג קיין קשיות צי ער איז דער ריכטיגער וועג צי ניט. דיא גרינדליכערע, דיא וויסענשאפטליכערע היינטיגע היסטאריקער פערהאלטען זיך צו דיא אלטע בעריכטען זעהר קריטיש און צו מארגאן'ס ערקלעהרונגען פערהאלטען זיי זיך יעדענפאלס מיט גרוים רעספעקט.

מען דארף בעמערקען, אז דאס וואס מארגאן האט צו זאגען וועגען דער אלטער מעקסיקא, איז בלויז א טהייל פון זיין לעהרע וועגען אונענטוויקעלטע פעלקער פון אלע לענדער און אלע צייטען, וועגען דיא קינדער־יאהרען פון דער מענשהייט אין אלגעמיין. דיא פראגע וועגען

מעקסיקאָ פערנעהמט אין זיין וויכטיגסטען בוך „איינשענט סאָסייעטי“ (דיא אוראַלטע געזעלשאַפט) בלויז איין קאַפּיטעל פון זעקס און צוואַנציג. ער בעווייזט זיין טהעאָריע אויף פערשיעדענע לענדער, און מעקסיקא איז איינפאַך איינע פון זיי. דער הויפּט־פונדאַמענט פון דיעזער טהעאָריע איז זיין פאָרשונג וועגען דעם לעבען פון דיא איראָ־קעזישע אינדיאַנער (פון דעם שטאַאט ניו יאָרק), און ער בעווייזט אַז דעם זעלבען ענטוויקלונגס־וועג זיינען דורכגעגאַנגען דיא גאַנץ פּאַרציי־טיגע אידען, דיא גאַנץ פּאַרצייטיגע גריכען, דיא גאַנץ פּאַרצייטיגע רוימער און פיעלע אנדערע פעלקער פון פערשיעדענע לענדער. וואָס אָנבעטרעפט דיא רויט־הויטיגע פעלקער, דאָס הייסט דיא איינוואוינער פון אַמעריקאַ, איז ער איבערצייגט, אַז אין עיקר האָבען זיי אַלע געהאַט דיא זעלבע געזעלשאַפטליכע איינפיהרונגען וויא דיא איראָקעזען. אין דער צייט, ווען דיא שפּאַניער האָבען ענטדעקט אַמעריקאַ, זיינען איניגע פון זיי געשטאַנען אויף אַ העכערע שטופע, אַנדערע אויף אַ ניעדריגערע; ביי איניגע זיינען דיעזע איינפיהרונגען געווען העכער ענט־וויקעלט, ביי אַנדערע ווייניגער ענטוויקעלט. דער אונטערשיעד איז אָבער געווען נור אין מדרגה. דער ס אָ ר ט איז געווען דער זעלבער. אַזוי וויל האָבען לואיס מאָרגאַן, און דעם דערמאָנטען קאַפּיטעל האָט ער געשריעבען צו בעווייזען אַז מעקסיקא מיט איהר מעכטיגע אַרמיי, ריעזיגע טעמפּלען און גרויסע געמויערטע הייזער, מיט איהרע קינסט־לערשע גאָלד־שמידען און פעדער־אַרבייטער, מיט איהרע בילדער־שריפטען און לוח — אַז דיעזע מעקסיקא האָט אייגענטליך געהאַט דעם זעלבען סאָרט געזעלשאַפטליכען לעבען, וויא דיא אינדיאַנער פון אַרום דיא היינטיגע שטעדט ראָטשעסטער, סיראַקיוז אָדער באָפאַלאָ.

דער מיטעלפּונקט פון מאָרגאַן'ס לעהרע איז דיא פראַגע וועגען דער מענשליכער פאַמיליע. פריהער פלעגט מען מיינען, אַז זיא איז אַלע מאָל געווען אַזוי וויא היינט: איין מאַנסביל האָט געלעבט מיט איין פרוי אָדער מיט עטליכע פרויען; ער איז אָבער אימער געווען דער איינציגער בעל־הבית איבער אַלע דיעזע פרויען און זייערע קינדער און איבער אַלץ וואָס האָט צו זיי געהערט. איין פאָטער מיט אַלע זיינע ווייבער און קינדער — אָט דאָס איז אימער געווען דיא פאַמיליע. דיא פאַמיליע האָט אימער געטראָגען זיין נאָמען; ווען ער איז געשטאָרבען, איז דיא ירושה איבערגעגאַנגען צו דעם עלטערען זוהן, און דער פאַמי־

ליען־נאָמען איז געבליבען ביי אַלע זיהן. דיא טעכטער אָבער האָבען צו דער חתונה בעקומען זייערע מענער׳ס נעמען, און זיינען ארויס פון דער פאַמיליע, אין וועלכע זיי זיינען געבאָרען געוואָרען. מען האָט אַלזאָ געמיינט אז אזוי איז אימער געווען. ווען מען האָט זיך אָבער גענומען ארומזעהן אז קיין זאַך שטעהט ניט אויף אַן אָרט, אז אַלץ ענטוויקעלט זיך, האָט מען זיך מיט דער צייט ערקונדיגט, אז דיא מענשליכע פאַמיליע איז אויך ניט אימער געווען דיא זעלבע.

דאַרווין האָט מיט מאַסען איינצעלהייטען בעוויזען דאָס וואָס געוויסע געלעהרטע האָבען נאָך פריהער אַנערקענט, נעמליך, אַז דיא לעבעדיגע בעשעפעניסען און פלאַנצען זיינען ניט אימער געווען וויא זיי זיינען היינט, — אַז זיי האָבען זיך אמאָל געפונען אין אַ ניעדריגערען צושטאַנד, און נאָך פריהער אין נאָך אַ ניעדריגערען א. ז. וו. דיעזע ענטוויקלונגס טהעאָריע איז אָנגענומען געוואָרען אין פערשיעדענע וויסענשאַפטען. אין אַלץ ווערט בעוויזען ענטוויקלונג, פאָרטשריט, איבערגאַנג פון ניעדריגערע שטופען צו העכערע. דאָס געהט אויך אויף דיא מענשליכע געזעלשאַפט. צו דער זעלבער צייט, ווען דאַרווין האָט ארויסגעבראַכט זיין טהעאָריע, האָבען קאַרל מאַרקס און פריעדריך ענגעלס אָנגעדייטעט פונקט אזאַ טהעאָריע וועגען דעם גאַנג פון דער מענשליכער געשיכטע (ביי דאַרווין׳ען איז דיא ענטוויקלונג פון חיות און פלאַנצען פערבונדען מיט זייער קאַמפף פאַר׳ן לעבען, מיט דעם וויא זיי בעקומען זייער חיונה; און לויט מאַרקס און ענגעלס, ווענדעט זיך דיא פּאָליטישע און גייסטיגע ענטוויקלונג פון דער מענשהייט אָן דעם אַרט, וויא אזוי עס ווערען געשאַפען דיא לעבענס־מיטלען און וויא אזוי זיי ווערען אין דער געזעלשאַפט צוטהיילט). פערשיעדענע געלעהרטע שטודירען, פאָרשען, יעדער אין זיין פאַך, און אַלע געפינען זיי בעווייזע, וואָס ציהען זיך צו דעם זעלבען פונקט — אַז קיין זאַך אין לעבען איז ניט געווען אימער אין דעם זעלבען צושטאַנד, — אַז אַלץ ענדערט זיך, ענטוויקעלט זיך. צו דיעזען שלוס איז מען אַלזאָ אויך געקומען וועגען דער פאַמיליע. אין די 60־סטע יאָהרען זיינען ערשיענען ווערק פון אַ שווייצאַרישען געלעהרטען מיט׳ן נאָמען ב א כ ה אָ ף און פון אַן ענגלישען געלעהרטען מיט׳ן נאָמען מ א ק ל ע נ א ן, וועלכע זיינען ניט צוזאַמענגערעדטערהייט געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז אומעטום האָט דיא הייראַטה פריהער געהאַט אַ גאַנץ אַנדער

געשטאַלט, — אַז איידער מען איז געקומען צו דער פאַמיליע פון איין מאַן מיט איין פרוי, זיינען געווען אַנדערע סיסטעמען פון געשלעכטלי־כען פערקעהר. ווען דער מענש איז געווען גאָר ווילד, האָבען דיא זכרים מיט דיא נקבות געלעבט וויא דיא חיות; דערנאָך האָט זיך דאָס ביסלעכווייז געענדערט. מאַקלעננאַן'ס ערקלעהרונג וועגען דיא הייראַטה סיסטעמען ביי דיא אונענטוויקעלטע פעלקער איז אויסגעאַרבייט געווען מיט מעהר איינצעלהייטען וויא ביי באַכהאָפען'ען. צו דער זעלבער צייט האָט אין אַמעריקאַ אין דעם זעלבען ענין געפאָרשט לואיס מאָרגאַן. אין אַ וויכטיגען פונקט האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט באַכהאָפען'ען און מאַקלענאַן'ען. ווייטער אָבער איז ער אַרויסגעקומען מיט גאַנץ נייע געדאַנקען, מיט אַ גאַנץ נייעם זאָרט אַרגומענטען. זיין ערקלעהרונג איז אַ פיעל ברייטערע, גרינדליכערע, טיעפערע און קלעהרערע וויא מאַקלענאַן'ס; און זיא איז פיעל איבערצייגענדער אויך. ווען זיא איז ערשיענען, האָט דער עיקר פון מאַקלעננאַן'ס סיסטעם פערלאָרען זיין ממשות.

ביי מאָרגאַן'ען איז דיא ענטוויקלונג פון דער היינטיגער פאַמיליע פערבונדען מיט דער ענטוויקלונג פון פריוואַט אייגענטהום; זיא געהט האַנד אין האַנד מיט דער ענטוויקלונג פון דיא מיטלען זיך צו שפייזען, אַ לעבען צו מאַכען; און אָן ביידע זאַכען צוזאַמען — אָן דעם געשטאַלט וואָס דיא הייראַטה־סיסטעם האָט און אָן דער שטופע, אויף וועלכע אַ פאָלק געפינט זיך וועגען זיינע לעבענס־מיטלען — ווענדעט זיך דער גאַנצער געזעלשאַפטליכער געבוי. אָט מיט דעם בעשעפטיגט זיך מאָרגאַן אין זיין „אוראַלטע געזעלשאַפט". ווען ער בעטראַכט אין דיעזען בוך דיא אַלטע מעקסיקאַ, בעטראַכט ער איהר געזעלשאַפטליכען לעבען.

קאַרל מאַרקס האָט מאָרגאַן'ס לעהרע אויפגענומען מיט בעגייס־טערונג. ער האָט זיך געקליבען צו שרייבען וועגען איהר, און ער האָט וועגען דעם איבערגעלאָזען נאָטיצען. ער איז אָבער געשטאָרבען איידער ער האָט זיין פּלאַן פערווירקליכט, און נאָך זיין טוידט האָט דיא אַרבייט אויף זיך גענומען פריעדריך ענגעלס. ער האָט נעמליך אויפגעשריעבען אַ ווערק מיט'ן נאָמען „דער אורשפּרונג פון דער פאַמיליע, פּריוואַט אייגענטהום און דעם שטאַאַט", וועלכער איז געגרינדעט אויף מאָרגאַן'ס טהעאָריע.

שפעטער האָבען זיך בעוויזען אנדערע ווערק וועגען דער ענטוויק־לונג פון דער פאמיליע, וועלכע בעשטרייטען מאָרגאַן׳ס ערקלערונג. פון דער אנדערער זייט זיינען אָבער אויך געמאַכט געוואָרען נייע פאָרשונגען וואָס האָבען איהר בעשטעטיגט. עטליכע וויסענשאפטס־מענער האָבען נאָכגעקוקט דעם לעבען פון דיא שווארצע אויסטראַליא־נער, דיא ווילדסטע מענשען, וואָס זיינען היינט פאראַן אויף דער וועלט, און אין דיא וויכטיגסטע פונקטען האָבען זיי דאָרטען געפונען דאָס, וואָס מאָרגאַן האָט געדרונגען פון דעם לעבען ביי דיא נויאָרקער אינדיאַנער. און צווישען דיא אינדיאַנער גופא — אין אנדערע געגענ־דען, ניט אין דעם נויאָרקער שטאַאַט — האָט דער אויבענדערמאָנטער אַדאָלף באַנדעליער (זעה זייטעל 225) זיך בעשעפטיגט מיט פאָרשונגען, וועלכע האָבען איהם געמאַכט פאר אַ הייסען אַנהענגער פון מאָרגאַן׳ס טהעאָריע.

דיא בעווייזע פון דיא, וואָס טרעטען ארויס געגען מאָרגאַן׳ען האָבען ניט פיעל מאַכט. איינער פון דיא וויכטיגסטע פון זיי איז עדוארד וועסטערמארק; אין זיין „געשיכטע פון דער מענשליכער הייראַטה" ווערען אָבגעגעבען עטליכע קאַפּיטלעך אויף צו בעקעמפּפען איינעם פון דיא הויפּט־פּונקטען אין מאָרגאַן׳ס לעהרע. דאָרטען זיינען צוזאַמענגעקליבען בערג מיט פאַקטען וועגען דיא פערשיעדענסטע פעלקער. קיין איבערצייגענדע קראַפט האָט דאָס ווערק אָבער ניט. פריעדריך ענגעלס דערמאָנט וועסטערמארק׳ען אַ פּאָר מאָל, פערביי־געהענדיג, אין דער פערטער אויפלאַגע פון זיין „אורשפרונג דער פאַמיליע"; זיינע איינווענדונגען געגען מאָרגאַן׳ען מאַכט ער אוועק מיט׳ן האַנד.

וועגען מאָרגאַן׳ען רעדט ענגעלס וויא מען רעדט פון איינעם פון דיא וויכטיגסטע דענקער, וועגען דיא גרעסטע מענער אין דער וויסענ־שאפט. ער זאָגט, אַז דאָס וואָס דאַרווין האָט אויפגעטהאָן אין זיין פאַך און קאַרל מאַרקס אין זיין פאַך, האָט מאָרגאַן אויפגעטהאָן אין זיין פאַך.*) עס איז מעהר וויא וואַהרשיינליך, אַז מיט מאַרקס׳עס לעהרע איז

*) דיא חיה אָדער דיא פלאַנצונג קעמפּפט וועגען צוויי זאַכען: 1) אויפצוהאַלטען איהר אייגענעם לעבען מיט שפּייז און מיט דעם וואָס זיא וועט זיך בעשיצען פון דיא פיינדליכע חיות אָדער קעלט, וויינטען, און

מאָרגאַן בעקאַנט ניט געוועזן. זיינע געדאַנקען וועגען דעם געזעלשאַפט־ליכען לעבען פון גאַנץ־פּאַרצייטיגע ווייניג־ענטוויקעלטע פעלקער שטימען אָבער מיט מאַרקס'עס געדאַנקען וועגען ציוויליזירטע פעלקער.

דזשאָהן פיסק, דער אַמעריקאַנער היסטאָריקער און דענקער, מיט וועמעס ווערק אונז קומט אָפט אויס זיך צו בענוצען, איז אויך ניט געוועזן קיין מאַרקסיסט. ער רעדט אָבער וועגען מאָרגאַן'ען מיט דעם זעלבען רעספּעקט וויא ענגעלס; ער בעטראַכט איהם אויך אַלס איינעם פון דיא גרויסע ענטדעקער אין דער וויסענשאַפט.

וויא וויכטיג עס זאָלען ניט זיין אייניגע פון די אַרגומענטען וואָס דיא אַנטי־מאָרגאַניסטען גיעבען אָן, — אַלס דענקער, אַלס וויסענ־שאַפטליכער שעפּפער, איז מאָרגאַן געגען זיי יעדענפאַלס וויא אַ ריעז געגען גאַנץ געוועהנליכע מענשען. וואָס גרינדליכער מען לעזט זיינע ווערק, אַלץ מעהר פיהלט מען אַז מען האָט פאַר זיך אַ גייסטיגען לייב. אַזעלכע זעלבסט־שטענדיגע, קלאָהר־זעהענדע, גאון'ישע מוחות טרעפען זיך אין אַ יאָהרהונדערט ניט פיעל.

אחוץ אַלעם איז צו בעמערקען, — און דאָס איז אפשר פאַר אונז דאָס וויכטיגסטע — אַז דיא איינווענדונגען פון מאָרגאַן'ס געגנער האָבען אייגענטליך ווייניג שייכות מיט דעם, וואָס ער זאָגט וועגען

---

2) אויפצוהאַלטען איהר דור אויף ווייטער. מיט אַנדערע ווערטער: זיא קעמפּפט פאַר חיונה און געשלעכטליכע ליעבע. דורך דיעזען דאָפּעלטען קאַמפּף, ערקלעהרט דאַרווין, קומט אַרויס דיא ענטוויקלונג פון דיא מינים חיות און פלאַנצען. מאָרגאַן האָט זיך הויפּטזעכליך אינטערעסירט מיט דעם געשלעכטליכען פערקעהר צווישען ווילדע מענשען, מיט דיא הייראַטהס־סיסטעמען ביי אונענטוויקעלטע פעלקער. אָבער פאָרשענדיג אויף דיעזען וועג, האָט ער געזעהן אַז דיא ענטוויקלונג פון דער הייראַטה־פאָרמע איז פערבונדען מיט דער ענטוויקלונג פון דעם אַרט וויא אַזוי דער מענש בע־קומט זיין חיונה, וויא אַזוי ער האַלט אויף זיין אייגענעם לעבען. קאַרל מאַרקס, וויעדער, וועלכער האָט אָנגעפאַנגען זיין פאָרשונג פון ציוויליזירטע צייטען, ווען דיא היינטיגע פאַמיליע איז שוין געוועזן ענטוויקעלט, האָט זיך אָבגעגעבען צו שטודירען דעם קאַמפּף צווישען ציוויליזירטע מענשען איבער חיונה; אין דעם, האָט ער בעוויעזען, ליעגען דיא פּרוזשינעס פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג.

מעקסיקא. ווען מען זאָל אפילו אָננעהמען וועסטערמאַרק'ס אַרגומענ־טען, למשל, וועט דער עיקר פון מאָרגאַן'ס ערקלעהרונג וועגען דיא אַצטעקען אויך גאָר ניט ליידען.

באַנדעליער האָט מעהר פון אַלץ שטודירט דעם היינטיגען און אמאָליגען לעבען צווישען דיא אינדיאַנער פון מעקסיקא און אַרומיגע געגענדען, און ער האָט געפונען פיעלע בעווייזע, אַז מאָרגאַן'ס געדאַנקען וועגען דעם געזעלשאַפטליכען געבוי פון מעקסיקא, ווען קאָרטעס איז אַהין געקומען, זיינען ריכטיג. פיסק נעהמט דיעזע געדאַנקען אויך פאַלשטענדיג אָן.

מיר ווילען דאָ אַלזאָ איבערגעבען מאָרגאַן'ס ערקלעהרונג וועגען דעם לעבען פון די אַצטעקען.

לאָמיר אָנהויבען פון דעם, וואָס דיא אַלטע שפּאַנישע שרייבער רופען מעקסיקא אָן מאָנאַרכיע, קעניגרייך, — אַ לאַנד מיט אַ קעניג, (שפּעטערע שרייבער האָבען זיא זאָגאַר געמאַכט פאַר אַן אימפּעריע מיט אַ קיסר). מאָרגאַן בעווייזט, אַז פון אַזעלכע זאַכען האָבען דיא מעקסי־קאַנער געוואוסט אַזוי ווייניג, וויא זיי האָבען געוואוסט פון אייזען, צום ביישפּיעל. דיא מאַכט פון אַ קעניג געהט איבער צו דיא יורשים פון דור צו דור און דאָס פאָלק בעשטעהט פון זיינע אונטערטהאַנען; בעווייזט מאָרגאַן, אַז די מעקסיקאַנער האָבען איבער זיך אַזעלכע הערשער ניט געהאַט און ניט געקענט האָבען. זיי האָבען זייערע פיהרער אָדער עלטטע א ו י ס ג ע ו ו ע ה ל ט, און זיי האָבען זיי געקענט אַראָבזעצען. און פון קיין אונטערטהעניגקייט האָט ביי זיי, צווישען זיך אַליין, קיין רייד ניט געקענט זיין. מיר זאָגען „צווישען זיך אַליין", ווייל וועגען דיא אונטערטהעניגקייט פון דיא פעלקער וואָס זיי האָבען בעזיעגט, ריידען מיר דאָ ניט. ווייטער, — דיא אַצטעקען, וואָס האָבען אַרומגערינגעלט מאָנטעזומאַ'ן רופען די מייסטע היסטאָ־ריקער „פירסטען", „גראַפען", „לאָרדען". לאָמיר זשע זעהן וואָס קאָרטעס און זיינע בעגלייטער האָבען מיט אַזעלכע ווערטער פער־שטאַנען. ביי זיי אין דער היים, אין שפּאַניען, אָדער אַנדערסוואו אין אייראָפּאַ, האָט מען אַזוי גערופען אַ קלאַס פון גוטס־בעזיצער, פּריצים, בעלי־בתים פון לאַנד, וועלכע האָבען זייער לאַנד גע'ירשנ'ט צוזאַמען מיט זייער יחוס־טיטעל. דיא פּויערים האָבען ניט געקענט אַוועקגעהן פון דעם פּריץ'ס ערד און האָבען פאַר איהם געאַרבייט. דער קלענערער

פריץ איז אָבער אויך ניט געווען זעלבסטשטענדיג; ער איז געווען אונטערטהעניג ביי אַ גרעסערען פריץ, פון וועלכען ער האָט בעקומען זיין לאַנד מיט דער בעדינגונג, אַז ער זאָל מיטקעמפפען אין זיינע מלחמות. דער קעניג איז אייגענטליך געווען דער העכסטער פריץ פון לאַנד. דיעזע אָרדנונג הייסט „פעאָדאַלע סיסטעם". זי בעשטעהט אַלזאָ אין דיא פערהעלטניסע פון לאַנד־בעזיצער און זייערע לאַנד־אונטער־טהעניגע (זעה ערשטען באַנד, זייטעל 28).

אין מעקסיקאָ האָבען אַזעלכע פערהעלטניסע ניט עקזיסטירט. עס איז דאָרט ניט געווען קיין פעאָדאַלע סיסטעם; עס זיינען דאָרטען ניט געווען קיין לאַנד־בעזיצענדע פריצים.

דיא ערד איז דאָרטען געווען געמיינשאַפטליכע אייגענטהום. קיין איינצעלנע בעלי־בתים האָט זי אויף זיך ניט געהאַט. ירשן'ען אַ שטיקעל לאַנד האָט דאָרטען דעריבער קיין איינצעלנע פערזאָן ניט געקענט. אויך האָט מען ניט געקענט ירשן'ען קיין אַנדער מאַכט. דיא עלטסטע האָט מען אויסערוועהלט, און אַ קאָמיטע פון עלטסטע האָט אויסגעקליבען העכערע עלטסטע; און ווען מען האָט געוועלט, האָט מען זיי אַראָבגע־וואָרפען און אויף זייער פּלאַץ געשטעלט אַנדערע. עס איז אפילו ניט געווען אַזאַ עלטסטער, וואָס זאָל זיין אי איבער דיא חיל, אי איבער דיא אַנדערע קהל'שע זאַכען. מאָנטעזומאַ, צום ביישפּיעל, איז געווען בלויז דער הויפּט־עלטסטער אין מלחמה־זאַכען, און דיא גאַנצע מלוכה האָט געפיהרט אַ קאָמיטע פון אויסערוועהלטע הויפּט־לייט. דיא שפּאַניער האָבען אָבער געמיינט אַז ער איז אַ קעניג און אויף דיא אויסערוועהלטע הויפּט־לייט האָבען זיי געמיינט, אַז דאָס זיינען גראַפען, פירסטען, באַראָנען אָדער לאָרדען, — דאָס הייסט געבאָרענע אַדעליגע.

ניט נור איז דיא ערד אין מעקסיקאָ געווען געמיינשאַפטליכע אייגענטהום, נור דיא וואוינונגען אויך. מיר האָבען אויבען געזעהען, אַז צו מיטאָג פלעגען מענשען עסען צוזאַמען, — פריהער דיא מענער און דערנאָך דיא פרויען. דאָס זיינען געווען דיא פאַמיליען, וואָס האָבען געוואוינט אינאיינעם, אין איין גרויסע הויז. יעדע פאַמיליען־גרופּע אַזעלכע האָט זיך געהאַט איהר געמיינשאַפטליכע שטיקעל לאַנד צו בעאַרבייטען, און איהר געמיינשאַפטליכע גרויסע הויז, וואו דיא בעל־הבתישקייט האָט זיך אויך געפיהרט געמיינשאַפטליך.

דאָס אַלץ קען מען זעהן פון דיא אַלטע בעריכטען גופא, פון דיא

שריפטען, וואס זיינען איבערגעבליבען פון דיא שפאניער, וואס האבען בעזוכט מעקסיקא איידער קארטעס האט איהר פערניכטעט. אויך קען מען דאס דייטליך פערשטעהן פון דיא בעריכטען וועגען דיא ארומיגע פעלקער, וואס זיינען געווען נאהענטע קרובים צו דיא מעקסיקאנער, גערעדט כמעט זייער שפראך, געהאט כמעט דיא זעלבע רעליגיאן און געפיהרט כמעט דעם זעלבען ארט לעבען וויא זיי. אין אלע דיזע בעריכטען זיינען צוזייט און צושפרייט וויכטיגע פאקטען, וועלכע היסטאריקער שענקען דאס רוב קיין אויפמערקזאמקייט ניט. ווען מען בעטראכט דיזע פאקטען אבער יא, בעמערקט מען גלייך, אז זיי ווייזען אויף גאר אן אנדער מין לעבען וויא דער לעבען אין דער פעאָ־דאלער איירָאפּא — אויף גאר אן אנדער מין וועלט.

מיר האבען אויבען גערעדט וועגען דעם, דאס דיא וויסענשאפט איז געקומען צום שלוס, אז אלץ ענטוויקעלט זיך, — דיא מענשהייט אלס א מענשהייט אזוי גוט וויא דיא פערשיעדענע מינים חיות און פלאנצען. פריהער אבער האט מען דאס ניט פערשטאנען. מען האט געמיינט, אז אייגענטליך „זיינען ניטא קיין נייעסען אונטער דער זון“, וויא שלמה המלך זאגט, — עס קומען ניט פאר קיינע ענדערונגען. אלץ איז וויא געווען און וועט אזוי זיין ביז דיא וועלט וועט חרוב ווערען. קארטעס האט אין מעקסיקא געפונען שטעדט מיט גרויסע מויערען, מיט טעמפלען, מיט חיל, מיט פיהרער, — איז ער און דיא אנדערע שפאניער געווען זיכער, אז דארטען געהט אן דער זעלבער ארט לעבען מיט דיא זעלבע פיהרונגען, מיט דיא זעלבע געזעלשאפטליכע קלאסען וויא אין שפאניען, פראנקרייך, דייטשלאנד, בעלגיען אדער איטאליען. אנדערש האבען זיי זיך גאר ניט געקענט פארשטעלען. אי דיא אומ־שטענדען זיינען דארטען גאנץ אנדערע? דיא ענטוויקלונגס־שטופע, אויף וועלכער דיא מעקסיקאנער זיינען געשטאנען איז געווען א פיעל, פיעל ניעדריגערע? האט מען אין קארטעס'עס צייטען אזעלכע פראגען זיך נאך איבערהויפּט ניט אויסגעלערענט צו שטעלען. אבער אין אונזער צייט איז דאך, דאכט זיך, דיא לופט פול מיט אזעלכע פראגען. פון דעסטוועגען נעהמט מען מייסטענס אן דיא מעשיות, וואס דיא אלטע שפאניער האבען צוזאמענגעשטעלט, און מען פוצט זיי נאך צו. אין סך הכל קומט אויס, אז א פאלק, וואס האט זיך געפונען אויף דעם שטאפעל, אויף וועלכען איירָאפּא איז געשטאנען מיט פיער־טויזענד

יאהר פאַר קאָרטעס'עס צייטען, האָט געהאַט דעם זעלבען סאָרט פיהרונגען וואָס אייראָפּאַ האָט געהאַט אין קאָרטעס'עס צייטען. וועגען אַזאַ שרייבער וויא פּרעסקאָטט רעדען מיר דאָ ניט. זיין בעריהמטע „געשיכטע פון דער עראָבערונג פון מעקסיקאָ", וועלכע בעלאַנגט צו דיא שעהנע ווערק פון דער אמעריקאַנער ליטעראַטור און מיט וועלכע מיר בעגעגנען זיך פיעל אין דיעזען בוך אונזערען, איז געשריעבען געוואָרען אין אַ צייט, ווען דיא ענטוויקלונגס־טהעאָריע (הויפּטזעכליך וועגען מענשליכע געזעלשאַפטען) איז נאָך אַליין ניט ענטוויקעלט געוואָרען. ווען ער שילדערט מאָנטעזומאַ'ס לעבען אַלס דעם לעבען פון אַן אייראָפּעאישען קעניג מיט אַ „הויף" מיט פירסטען, איז קיין חידוש ניט. איהם טהוען אָבער נאָך פיעלע היינטיגע שרייבער.

אַז אויף דיא אַלטע בעריכטען קען מען זיך ניט פערלאָזען האָט מען שוין לאַנג אָנגעהויבען הושד צו זיין. מאָרגאַן איז אָבער געווען דער ערשטער, וואָס האָט דיעזע אַלטע בעריכטען געשטעלט אונטער זייער היסטאָרישער קריטיק, וויא ענגעלס דריקט זיך אויס, און מיט אַ קריטיק אַליין האָט ער זיך ניט בעגנוגענט. מיט דעם יעצטיגען לעבען פון פערשיעדענע אינדיאַנער האָט ער בעוויזען, וואָס פאַר אַ סאָרט לעבענס־פּלאַן עס האָבען געהאַט דיא אַצטעקען פון קאָרטעס'עס צייטען; און דיעזע בעווייזע שטימען מיט דיא פאַקטען, וועלכע זיינען אָנגעדייטעט אין דיא אַלטע בעריכטען און וועלכע דיא שרייבער פון דיעזע בעריכטען האָבען אַליין ניט פערשטאַנען.

מיר האָבען שוין געזאָגט, אַז מאָרגאַן האָט שטודירט דיא אינדיאַנער פון שטאַאַט ניו יאָרק, דיא א י ר אָ ק ע ז ע ן. פיעלע יאָהרען האָט ער צווישען זיי פערבראַכט. זיי האָבען איהם זאָגאַר אריינגענומען אין זייערע אַ משפחה. אויף דיעזער אַרט איז ער גרינדליך בעקאַנט געוואָרען מיט יעדער איינצעלהייט פון זייער לעבען און מיט דיא מעשיות וואָס זיינען זיי איבערגעגעבען געוואָרען פון פאָרצייטען, געהענדיג פון דור צו דור. דורך דעם איז ער געקומען צו דער וויסענשאַפטליכער ענטדעקונג מיט וועלכער ער האָט בעלויכטען דעם ענטוויקלונגס־גאַנג פון דער מענשהייט אין פאַר־היסטאָרישע צייטען.*)

*) ווען מען רעדט וועגען „פאַר־היסטאָרישע" צייטען מיינט מען יענע צייטען, ווען מענשען זיינען נאָך ניט געווען ציוויליזירט, ווען זיי

ביי דעם אָנהויב פון זיין „אוראַלטע געזעלשאַפט“ ווייזט מאָרגאַן אָן אויף צוויייערליי געזעלשאַפטס־אָרגאַניזאַציאָנען. איינע איז געגרינדעט אויף פּערזאָנען; די צווייטע — אויף לאַנד און אייגענטהום. פריהער זיינען פעלקער געווען אָרגאַניזירט נאָך פאַמיליען־גרופּען. אַזאַ פאַמיליען־גרופּע, דאָס הייסט אַ געוויסע צאָהל בלוט־פערוואַנדטע פאַמיליען אינאיינעם, הייסט גענט, אָדער קלאַן (זעה נאָטיץ אונטער זייטעל 271). אין חומש, וויא מאָרגאַן ווייזט אָן און ערקלערט, הייסט אַ גענט „בית אב“ (אַ פאָטער'ס הויז).

פון עטליכע גענטען ווערט צוזאַמענגעשטעלט אַ „פּראַטרי“, וויא מען האָט דאָס גערופען אויף גריעכיש, און פון עטליכע פּראַטריען — אַ שבט, אַ שטאַם. *)

וואָס אנבעטרעפט געשלעכטליכע פערהעלטניסע, איז דער גענט איין פאַמיליע, הגם בעשטעהן בעשטעהט ער פון עטליכע פאַמיליען. הייראַטהען אַ פרוי פון דעם זעלבען גענט, ווען זיא בעלאַנגט אפילו צו אַנדערע עלטערן, טאָר מען ניט. יעדער מאַנסביל פון אַ גענט קען נעהמען אַ פרוי בלויז אין אַן אַנדער גענט.

דאָס איז דער פונדאַמענט־פּרינציפּ פון די גענטען. דעריבער רופט מען זיי געשלעכטס־אָרגאַניזאַציאָנען.

אויף דיעזען אַרט, — צוטהיילט אויף גענטען, פּראַטריען און שבטים — זיינען אַלזאָ אָרגאַניזירט געווען די פאַרצייטיגע גריעכען, רוימער, אידען, אויף דיעזען אַרט זיינען אָרגאַניזירט אַלע אונענטוויקעלטע פעלקער (נאָך מאָרגאַן'ס טוידט האָבען אַנדערע פאָרשער געפונען סמנים פון דער גענט־סיסטעם ביי פיעלע אַנדערע פעלקער, וועלכע מאָרגאַן זיינען נאָך ניט געווען גענוג ענטוויקעלט צו קענען שרייבען אמת'ע היסטאָריע (זעה ערשטע זייטעל פון דעם ערשטען באַנד). דאָס זעלבע מיינען מיר דאָ, ווען מיר ברויכען די ווערטער „גאָר פאַרצייטיגע“.

*) ביי די פאַרצייטיגע אידען האָט די בעדייטונג פון פּראַטרי געהאַט דער וואָרט „משפחה“, וועלכער האָט ערשט שפּעטער זיך גענומען ברויכען אין דעם זין פון אַן איינצעלנע פאַמיליע. דער טייטש פון דעם וואָרט שבט איז אַ רוט, אַ צווייג. דער שבט הייסט אין חומש אויך מטה, דאָס הייסט אויך אַ שטעקען, אַ צווייג, פּונקט וויא דער דייטשער וואָרט „שטאַם“ הייסט אי דער גוף פון אַ בוים אי אַ שבט.

דערמאָנט ניט); און אויף דעם זעלבען אַרט זיינען געווען אָרגאַניזירט אַלע רויט־הויטיגע פעלקער.

דאָס איז אַלזאָ אַ געזעלשאַפטס־אָרגאַניזאַציאָן, וואָס איז בעגרינ־דעט אויף פ ע ר ז אָ נ ע ן, און זייער בלוט־פערוואַנדשאַפט צווישען זיך.

פריוואַט־אייגענטהום איז נאָך דאַן פאַרהאַן ווענִיג. דיא געגנטען לעבען קאָמוניסטיש, יעדע וויא איין פאַמיליע.

שפּעטער, ווען עס ענטוויקעלט זיך פּריוואַט־אייגענטהום, צופאַלט זיך דער געגנט ביסלעכווייז אויף איינצעלנע פאַמיליען, און דיא געזעל־שאַפט ווערט אָרגאַניזירט ניט לויט פערוואַנדשאַפטס־גרופּען, נור לויט טעריטאָריען (בעשטימטע טהיילען לאַנד) און אייגענטהום. אנשטאַט צו זיין צוטהיילט אויף שבטים, פראַטריען און געגנטען, ווערט דיא נאַציאָן צוטהיילט אויף פּראָווינצען, קרייזען, בעצירקען, קוואַרטאַלען, אָדער אָקרוגען, גובערניעס, אויעזדען, אָדער סטייטס, קאַונטיס, טאַונ־שיפּס און דאָס גלייכען. דאָס איז דיא געבורט פון דעם שטאַאַט. *)

אין דער ערשטער פאָרמע ווערט דער מענש בעהאַנדעלט אַלס אַ מיטגליעד פון אַ בעשטימטער פאַמיליען־גרופּע. דיא הויפּט־פראַגע איז וועך זיינען זיינע קרובים? דיא קרובים בעשיצען זיך איינער דעם אנדערען, נעהמען נקמה איינער פאר דעם אנדערען, און זיינען פער־אנטוואָרטליך איינער פאַר'ן אנדערען. אין דער צווייטער פאָרמע ווערט ער בעהאַנדעלט אַלס אַ בירגער פון אַ געוויסען קוואַרטאַל, בעצירק, קרייז א. ז. וו. דיא הויפּט־פראַגע איז דאַן: וואו וואוינט ער? אָדער: וואו איז ער צוגעשריעבען? דיא ערשטע איז אַ ג ע נ ט־ ג ע ז ע ל ש אַ פ ט; דיא צווייטע — אַ פּאָ ל י ט י ש ע ג ע ז ע ל־ ש אַ פ ט.

מען דאַרף בעמערקען, אַז סמנים פון דעם אוראַלטען קאָמוניזמוס, פון געגנט־געזעלשאַפטען, בלייבען איבער לאַנג נאָך דעם וויא דיא געגנט־

*) דער וואָרט שטאַאַט הייסט דאָ ניט אַן אַמעריקאַנער סטייט, וויא פּענסילוויניאַ אָדער קאָנעקטיקוט, צום בייזשפּיעל; ער האָט אַ ברייטערע, אַן אַלגעמיינע בעדייטונג. שטאַאַט הייסט אויף דייטש אַ מלוכה, אַ רעגיערונג אין דעם היינטיגען זין, — דיא גאַנצע רעגיערונג־אָרגאַניזאַציאָן פון אַ ציוויליזירטע לאַנד.

געזעלשאפט ווערט צופאלען. אין רוסלאנד, צום ביישפיעל, זעהט מען נאך היינט א שפור פון דעם אלטען קאמוניזמוס אין דעם ארט וויא דיא לאנד ווערט געהאלטען און פערטהיילט צווישען דיא בויערען און אין פיעלע אנדערע מנהגים.

דיא איראקעזען, דיא ניו יארקער אינדיאנער, וועלכע מארגאן האט אזוי גוט געקענט, זיינען געוועזען א גענט־געזעלשאפט; און דאס זעלבע איז אויך מיט אלע אנדערע אינדיאנער. אלזא בעווייזט מארגאן אז דאס זעלבע איז אויך געוועזען מיט דיא אצטעקען. זיי זיינען אויך געוועזען א גענט־געזעלשאפט. דיא פעאדאלע געזעלשאפטען פון אייראפא, וויעדער, זיינען געוועזען פאליטישע געזעלשאפטען. יעדע פון זיי איז געוועזען א שטאאט. יעדע פון זיי איז געוועזען בעגרינדעט אויף פריוואט־אייגענטהום, אויף טעריטאריע. דיא פערהעלטניסע צווישען דעם קעניג און זיינע פריצים, צווישען דיא העכערע פריצים און דיא קלענערע פריצים, וואס זיינען ביי זיי געוועזען אונטערטהעניג, און צווישען יעדען פריץ און זיינע פויערים, — דיעזע אלע פערהעלט־ניסע זיינען געוועזען בעגרינדעט אויף לאנד־אייגענטהום, אויף מאיאנט־קעס, אויף בעשטימטע שטיקער ערד.

דאס וואס פון גענט־געזעלשאפטען זיינען אין דער פארצייטיגער אייראפא אדער אזיען געווארען פאליטישע געזעלשאפטען, איז געוועזען איינע פון דיא גרעסטע ענדערונגען וואס דיא מענשהייט האט דורכ־געמאכט. צו מיינען אויף דיא אצטעקען, אז זיי האבען געהאט פעא־דאלע פריצים, הייסט דעריבער צוזאמענצופלאנטערען צוויי ענטוויק־לונגס־פעריאדען, וואס זיינען ווייט איינער פון דעם אנדערען וויא מזרח איז פון מערב.

אין דעם זעלבען ערשטען קאפיטעל פון דער דערמאנטער ווערק צוטהיילט מארגאן דעם ענטוויקלונגס־גאנג פון דער מענשהייט אויף זיעבען מדרגות אדער שטאפלען:

1) ניעדריגער ווילדער צושטאנד; 2) מיטעלער ווילדער צו־שטאנד; 3) העכערער ווילדער צושטאנד; 4) ניעדריגער בארבארי־שער צושטאנד; 5) מיטעלער בארבארישער צושטאנד; 6) העכערער בארבארישער צושטאנד; 7) ציוויליזאציאן. דערביי גיט ער אן סמנים, מיט וועלכע יעדער העכערער שטאפעל איז פערשיעדען פון דעם פריהער־דיגען. אויף דעם צווייטען שטאפעל, צום ביישפיעל, ווייס שוין דער

מענש וויא צו פאַנגען פיש און צו מאַכען פייער. אויף דעם דריטען שטאַפעל מאַכט ער שוין א פייל־און־בויגען. אויף דעם פיערטען קען ער שוין מאַכען טעפּ; אויף דעם פינפטען — קען ער האַלטען בהמות אָדער (אין אַמעריקאַ) בעוואַסערען פעלדער, אום אויף זיי זאָל בעסער וואַקסען קוקורוזע און אַנדערע פלאַנצונגען, און בויען הייזער פון אַדאָבע ציגעל אָדער שטיינער; אויף דעם זעקסטען שטאַפּעל קען ער שוין שמעלצען אייזען און מאַכען אייזערנע געצייג; אויף דעם זיעבענטען שטאַפּעל קען ער שוין שרייבען מיט אַן אלף בית (אָדער וועניגסטענס מיט הויך־ענטוויקעלטע יעראָגליפען).

אברהם, יצחק און יעקב זיינען געשטאַנען אויף דעם זעקסטען, אויף דעם העכערען באַרבאַרישען שטאַפּעל.

ווען דיא ווייסע מענשען האָבען ענטדעקט אַמעריקאַ, האָבען דיא אינדיאַנער זיך געפונען אויף דריי פערשיעדענע שטאַפּלען. איינינע רויט־הויטיגע פעלקער זיינען געווען אין דעם העכערען ווילדען צו־שטאַנד, אנדערע אין דעם ניעדריגערען באַרבאַרישען צושטאַנד, און וויעדער אַנדערע אין דעם מיטעלען באַרבאַרישען צושטאַנד, דאָס הייסט אויף דעם פינפטען שטאַפּעל. העכער וויא דעם פינפטטען שטאַפּעל איז קיין רויט־הויטיגער פאָלק ניט דערגאַנגען. דער נעכסטער שטאַ־פעל, דער זעקסטער, פאָרדערט אַז מען זאָל קענען געברויכען אייזען, מאַכען אייזערנע געצייג; און פון דעם האָט אין אַמעריקאַ, איידער ווייסע זיינען אַהין געקומען, קיינער קיין בעגריף ניט געהאַט.

די העכסט־ענטוויקעלטע אַמעריקאַנישע פעלקער זיינען דאַן געווען איינוואוינער פון ניו מעקסיקאָ (היינט איז דאָס אַ טהייל פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען), מעקסיקאָ, צענטראַל אַמעריקאַ און פּערו. אבער קיינער פון זיי האָט ניט געוואוסט פון קיין אייזען. זיי זיינען אַלע געווען ניט העכער וויא דער מיטעלסטער באַרבאַרישער צושטאַנד — גאַנצע צוויי שטאַפּלען פון ציוויליזאַציאָן, און דורכצוגעהן דיעזע צוויי שטאַפּלען האָט ביי דיא מענשען פון היינטיגער אייראָפּאַ געדויערט עטליכע טויזענד יאָהר.

דיא איראָקעזען (איראָקוואַ, אויף ענגליש) פלעגען וואוינען אין לאַנגע, גרויסע הילצערנע הייזער, צו דרייסיג, פערציג פאַמיליען אין א הויז. דורך דער לענג פון דער הויז האָט זיך געצויגען אַ ברייטער

קארידאר מיט עטליכע קיכען אויף דער פאדלאגע און פוןביידע זייטען זיינען געגאנגען קאמערען. יעדע פאמיליע האט געשלאפען אין א בעזונדערען קאמער. אבער קאכען און עסען פלעגט מען צוזאמען, און איבערהויפט דיא גאנצע בעל הבתישקייט פלעגט געפיהרט ווערען אינ־איינעם, אויפ׳ן קאמוניסטישען שטייגער, אזוי וויא אלע פאמיליען וואלטען געווען איינע. און אין אמת׳ען זיינען זיי טאקע געווען איין גרויסע פאמיליע, — בלוט־פערוואנדטע, וואס האבען געשטאמט פון איין פאאר.

דיא לאנגע הויז איז אלזא לכתחילה געבויט געווען מיט א קאמור־ניסטישען צוועק. אנדערע רויט־הויטיגע פעלקער האבען אויך גע־וואוינט אויף דיעזען שטייגער. בלויז אנשטאט לאנגע הייזער האבען אייניגע געהאט קיילעכדיגע. דיא ענטוויקעלטערע אינדיאנער האבען געבויט גרויסע קאמוניסטישע הייזער פון אדאבע ציעגעל אדער פון שטיין. אין ניו מעקסיקא געפינען זיך עד היום אזעלכע הייזער, און אין זיי וואוינען נאך היינט אינדיאנער, פון 50 ביז 100 פאמיליען אין א הויז.

מארגאן איז איבערצייגט, אז דיא גרויסע מויערען, וואס קארטעס האט געפונען אין טענאכטיטלאן (דיא הויפשטאדט פון מעקסיקא) זיינען געווען קאמוניסטישע וואוינונגען פון געגנטען, יעדע הויז פאר א געגנט אדער א טהייל פון א געגנט. ער דרינגט דאס פון דעם כאראקטער פון דיא דערמאנטע אלטע הייזער פון ניו מעקסיקא, וועלכע איז נעבען מעקסיקא; אבער הויפטזעכליך פון פערשיעדענע שטעלען אין דיא אלטע שפאנישע בעריכטען. אז דיא איינוואוינער פון א גרויסע מעק־סיקאנער הויז פלעגען עסען אלע צוזאמען — דאס איז בעשריעבען אין דיעזע בעריכטען. דיא געזעלשאפטליכע סיסטעם איז ביי אלע אינ־דיאנער געווען דיא זעלבע, און זיא האט געפאדערט דעם זעלבען זארט וואוינונגען. דיא פארמע פון דיא הייזער האט געקענט זיין פערשיעדען, דער פרינציפ איז אבער געווען דער זעלבער: דער פרינציפ פון געגנט־קאמוניזמוס.

מיר ווייסען שוין, אז ביי דיא איראקעזען זיינען דיא געגנטען געווען פעראייניגט אין פראטריען, און פראטריען זיינען געווען פעראייניגט אין איין שבט. אזוי איז געווען ביי אלע אינדיאנישע פעלקער. און מארגאן איז איבערצייגט, אז אזוי איז אויך געווען ביי דיא אצטעקען.

מיר האָבען אויבען געזעהען, אַז די שטאָדט טענאָכטיטלאַן איז געווען צוטהיילט אויף פיער קוואַרטאַלען; אַלזאָ בעווייזט מאָרגאַן, אַז דער אַצטעקישער שבט איז בעשטאַנען פון פיער פראַטריען, און אַז יעדע פראַטרי האָט פערנומען אַ בעזונדערען קוואַרטאַל. *) טלאַסקאַלאַ איז אויך געווען צוטהיילט אויף פיער קוואַרטאַלען; טשאָלולא אָבער — אויף זעקס.

יעדער גענס האָט זיך זיין „טאָטעם" (זעה נאָטיץ אונטער זייטעל 271). געוועהנליך איז דאָס די פיגור פון אַ חיה אָדער אַ פויגעל. אַזוי איז געווען ביי איראָקעזען און אַנדערע אינדיאַנער און אַזוי איז אויך געווען ביי די אַצטעקען. אויף יעדען גרויסען מויער פון טענאָכטיטלאַן איז געווען דער טאָטעם פון דעם גענס, וואָס האָט אין דער הויז געוואוינט.

ווייטער: די איראָקעזען האָבען געהאַט אַ מיליטערישען פערבאַנד. פינף שבטים פון דיעזען רויט־הויטיגען פאָלק האָבען זיך פעראייניגט אום צוזאַמען צו קעמפּפען געגען זייערע געמיינשאַפטליכע שונאים. אַזאַ מיליטערישען פערבאַנד האָבען אויך געהאַט די מעקסיקאַנער. דער אַצטעקען־שבט, דער טעזקוקאָ־שבט און דער טלאַקאָפּאַן־שבט זיינען געווען פעראייניגט אין אַ מיליטערישען פערבאַנד, וועלכער האָט בעזיעגט די אַרומיגע פעלקער און אויף זיי אַרויפגעוואָרפען אַן אימה, פּונקט וויא דער איראָקעזער פערבאַנד האָט אַרויפגעוואָרפען אַן אימה אויף די אינדיאַנער פון דעם שטאַאַט ניו יאָרק און אַרומיגע געגענדען.

מיר זיינען צוגעוועהנט צו זעהען, אַז חיל זאָל זיין אָרגאַניזירט אין דיוויזיעס, רעגימענטען (פּאָלקען), קאָמפּאַניעס (ראָטען). אָבער איידער עס האָט זיך געבילדעט די פּאָליטישע געזעלשאַפט, ווען עס האָט נאָך עקזיסטירט די גענס־געזעלשאַפט, פלעגט חיל זיין אָרגאַניזירט לויט שבטים, פראַטריעס און גענטען. יעדער גענס האָט זיך געהאַט זיין פאָהן מיט זיין „טאָטעם". מען זעהט דאָס אין די בעשרייבונגען פון די מלחמות פון אַלטען גריעכענלאַנד, און

*) די היינטיגע שטאָדט מעקסיקאָ איז צוטהיילט אויף די זעלבע פיער קוואַרטאַלען.

פון אנדערע אונענטוויקעלטע פעלקער*). דאָס זעלבע איז געוועזן ביי דיא איראָקעזען, און דאָס זעלבע איז געוועזן ביי דיא טלאַסקאַלאַנער, למשל. וואָס אנבעטרעפט דיא אַצטעקען, ברענגט מאָרגאַן אַן אויסצוג פון אַן אַלטען שפּאַנישען בעריכט, פון וועלכען מען זעהט דייטליך אַז זייער אַרמיי איז געוועזן אָרגאַניזירט נאָך געגטעז און פראַטריען.

אַ גענטען־געזעלשאַפט, אַ שבט, ווערט געוועהנליך רעגיערט פון אַ הויפּטלינג־ראַטה, דאָס הייסט פון אַ קאָמיטע, וועלכע בעשטעהט פון הויפּטלינגע (הויפּטלייט), וואָס דיא גענטען וועהלען אויס פון זיך. אזא הויפּטלינג־ראַטה האָבען געהאַט דיא איראָקעזישע שבטים, און דיא שבטים פון אַנדערע אינדיאַנער. אַז מעקסיקאָ איז אין דעם ניט געוועזן קיין אויסנאַהמע בעווייזט מאָרגאַן ווידער מיט דיא אַלטע בעריכטען גופא. דיא שרייבער פון דיעזע בעריכטען האָבען געמיינט אַז דיעזע הויפּטלינגע זיינען אַדעליגע, גראַפען אָדער לאָרדען מיט גע'ירשנ'טע טיטלען. דערביי ווידערשפּרעכען זיי אָבער זיך אַליין, וואָרים זיי מעלדען פאַקטען, וואָס ווייזען קלאָר, אַז דאָס זיינען געוועזן אויס־ערוועהלטע פאָרשטעהער און אַז זייערע וועהלער האָבען זיי געקענט צוריקציהען. דיא בעריכט־שרייבער האָבען איינפאַך ניט פערשטאַנען דיא פאַקטען וואָס זיי האָבען געמעלדעט.

וועגען מאָנטעזומא'ן דערצעהלט איינער פון דיעזע אַלטע היסטאָ־ריקער, אַז ווען צו איהם האָט זיך אַ געוויסער שבט געווענדעט מיט אַ געוויסען פאָרשלאַג, האָט ער זיי געענטפערט: „ברידער און זיהן, איהר זייט ווילקאָמען. רוהט אַביסעל, וואָרים הגם איך בין קעניג, דאָך קען איך אַליין אייך ניט צופריעדענשטעלען. איך קען דאָס בלויז טהאָן צו־זאַמען מיט אַלע הויפּטלייט פון דעם הייליגען מעקסיקאַנישען סענאַט“. מאָרגאַן ברענגט דיעזע ווערטער און דערנאָך ברענגט ער דעם פאָלגענ־

*) אַז ביי דיא פאַרצייטיגע אידען איז אויך אַזוי געוועזן, בעווייזט מאָרגאַן פון במדבר (קאַפּיטעל ב', פסוק ב'): „איש על דגלו באתות לבית אבותם יחנו בני ישראל“ (יעדער מאַן פון דיא קינדער ישראל זאָל מאַכען זיין פּאַלאַטקע ביי זיין פאָהן מיט דעם צייכען פון זיין פאָטער'ס הויז (דאָס הייסט גענס). פון במדבר ברייננט מאָרגאַן אויך זיינע בעווייזע, אַז דיא אידען זיינען געוועזן אָרגאַניזירט לויט פּראַטריען און שבטים.

דען אויסצוג פון קלאַווינגערא, איינעם פון דיא וויכטיגסטע שפּעטערע היסטאָריקער פון מעקסיקאָ: „אין דער געשיכטע פון דער עראָבערונג פון מעקסיקאָ וועלען מיר זעהען וויא מאָנטעזומא בעטראַכט אָפט צוזאַמען מיט זיין קאָמיטע דיא פּאָרדערונגען פון דיא שפּאַניער. מיר ווייסען ניט פון וויא פיעל מיטגליעדער דיא קאָמיטע איז בעשטאַנען, און דיא היסטאָריקער בעזאָרגען אונז ניט מיט קיינע פאַקטען, וואָס זאָלען ערקלערען, וואָס פאַר אַ מין קאָמיטע דאָס איז געווען.“ דערביי בעמערקט מאָרגאַן: „דאָס איז געווען איינע פון דיא ערשטע פראַגען, וועלכע עס איז וויכטיג געווען צו אונטערזוכען, און דאָס גופא, וואָס דיא ערשטע שרייבער האָבען ניט געפונען פאַר נויטיג אויסצוגעפינען וואָס פאַר אַ זאָרט קאָמיטע דאָס איז געווען, פון וואַנען און וויא אַזוי זיא איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען און וואָס פאַר אַ ראָלע זיא האָט געשפּיעלט, — דאָס גופא איז אַ גוטער בעווייז וויא אָבערפלעכליך עס איז געווען דיא ארבייט פון דיעזע היסטאָריקער. מיר ווייסען אָבער אַז דער הויפּטלינג־ראַטה איז אַן איינפיהרונג, וועלכע איז געקומען אויף דער וועלט צוזאַמען מיט דיא גענטען; מיר ווייסען אַז ער רעפּרע־זענטירט וועהלענדע, שטימענדע קערפּערשאַפטען און אַז ער האָט פון אייביג אָן געהאַט אַ רעגיערענדע מאַכט. מיר געפינען אַ הויפּטלינג־ראַטה ביי דעם טעזקוקאָ׳ר שבט, ביי דעם טלאַקאַפּאַנער שבט, ביי דעם טלאַסקאַלאַנער, טשאָלולאַנער און מיטשאָאַקאַנער שבט... עס איז קיין גרונד ניטאָ צו צווייפלען אַז יעדער שבט אין מעקסיקאָ און צענטראַל אַמעריקא האָט געהאַט אַזאַ הויפּטלינג־ראַטה. דאָס איז געווען דער רעגיערענדער קאָמיטעט פון דעם שבט און מיר זעהען איהם אימער ביי דיא אינדיאַנער פון אַלע טהיילען פון אַמעריקא. דער הויפּטלינג־ראַטה איז דיא עלטסטע איינפיהרונג אין דער געשיכטע פון רעגיערונגען... מאָנטעזומא׳ס אמת׳ער טיטעל איז געווען „מלחמה־הויפּטמאַן“... אַלס מיטגליעד פון דעם הויפּטלינג־ראַטה פלעגט מען איהם אַמאָל רופען מיט׳ן טיטעל „רעדנער“. דיעזער אַמט, דער אַמט פון אַ מיליטערישען הויפּט־קאָמאַנדיר, איז געווען דיא העכסטע ראָלע פון וועלכע דיא אַצטעקען האָבען געוואוסט. דאָס איז געווען דער זעלבער אַמט און מען האָט איהם בעקומען און געהאַלטען אויפ׳ן זעלבען שטייגער וויא דער אַמט פון מלחמה־הויפּטמאַן אין דעם איראָקעזער מיליטערישען פערבאַנד.“

אויף דיעזען מלחמה־הויפּטמאַן האָבען דאָס דיא שפּאַניער געמיינט, אַז ער איז אַ קעניג, און אויף דעם רעגיערענדען הויפּטלינג־ראַטה האָבען זיי געמיינט אַז דאָס איז אַ סענאַט. פון דעם מלחמה־הויפּטמאַן האָט זיך ביי דער מענשהייט ע נ ט וו י ק ע ל ט אַ קעניג, און פון דעם הויפּטלינג־ראַטה — אַ סענאַט. דאָס איז אָבער געווען שפּעטער, ווען דיא מענשהייט האָט שוין דערגרייכט דעם שטאַפּעל פון ציוויליזאַציאָן.

אַז דער אַמט, וואָס מאָנטעזומא האָט געהאַט, דער אַמט פון מלחמה־הויפּטמאַן איז געווען פערבונדען מיט וו א ה ל ע ן, דאָס בע־ריכטען אַלע אַלטע שרייבער. אמת, דעם מלחמה־הויפּטמאַן פלעגט מען נעהמען פון אַ בעשטימטען גענט, — אימער פון דעם זעלבען גענט, מען פלעגט איהם אָבער פאָרט ערוועהלען און מען פלעגט איהם קענען אַראָבזעצען. ווען ער איז געשטאָרבען אָדער מען האָט איהם אַראָב־געזעצט, פלעגט מען אויף זיין פּלאַץ אויסוועהלען אַן אַנדערען פון זיין משפּחה, אָבער אַליין פון זיך אַליין ווערען מלחמה־הויפּטמאַן דורך ירושה, וויא אַ קעניג ווערט קעניג, ווען זיין פאטער שטאַרבט — דאָס האָט קיינער ניט געקענט. אַזוי האָט זיך געפיהרט ביי פערשיע־דענע אַנדערע אינדיאַנישע שבטים, און מאָרגאַן בעווייזט אַז פּונקט אַזוי האָט זיך געפיהרט ביי דיא אַצטעקען.

וועגען דעם, וויא דער הויכער אַמט איז איבערגעגאַנגען פון איין מלחמה־הויפּטמאַן צו דעם נעכסטען זיינען דיא שפּאַנישע שרייבער פון קאָרטעס׳עס צייטען גאָר צוטומעלט געוואָרען. זיי האָבען געזעהן אַז ווען איין הויפּטמאַן ווערט אַראָבגעזעצט אָדער ער שטאַרבט, געהט דיא שטעלע איבער צו איינעם פון זיין משפּחה. אָבער פון אַ פאָטער צו אַ זוהן איז דאָס קיינמאָל ניט איבערגעגאַנגען. זיי האָבען געזעהן אַז עס געהט איבער צו אַ ברודער אָדער אַ פּלעמעניק און זיי האָבען געהערט אַז עס איז אימער אַזוי געווען. אַ זוהן האָט קיין מאָל ניט געקענט פערנעהמען זיין פאטער׳ס פּלאַץ אַלס הויפּטמאַן. היינט וואָס איז דאָס פאַר אַן אָרדנונג? פון איין זייט ווערט דיא שטעלע גע׳ירש׳ענט וויא דיא שטעלע פון אַ קעניג — אַזוי האָבען דיא שפּאַניער געמיינט — און פון דער אנדערער זייט קען דער ריכטיגער יורש, דער זוהן, גראָד ניט זיין דער יורש.

דאָס ברענגט אונז צו דער אינטערעסאנטער פראַגע וועגן „מוטער־רעכט", וויא מען רופט דאָס.

ביי מאַסען אונענטוויקעלטע פעלקער געהט דער נאָמען פון דער פאַמיליע ניט נאָך דעם פאָטער, נור נאָך דער מוטער. ווען אַ מוטער'ס פאַמיליען־נאָמען איז פאַר דער חתונה געווען וואָלף, צום ביישפּיעל, בלייבט דיעזער נאָמען ביי איהר נאָך דער חתונה אויך. לאָמיר זיך פאָרשטעלען אַז זיא הייראַטה אַ מאַן מיט דעם פאַמיליען־נאָמען אַדלער. מען וואָלט איהר דאַן ניט רופען „מיסעס אַדלער", נור וואָלף, וויא פריהער. און זייערע קינדער, דיא זיהן אַזוי גוט וויא דיא טעכטער, וועט מען אויך רופען וואָלף. ווען איהרער אַ זוהן וועט חתונה האָבען מיט אַ פרוי, וועמעס פאַמיליען־נאָמען איז שטיינבערג, צום ביישפּיעל, וועלען זיינע קינדער הייסען ניט אַדלער נור שטיינבערג.

און דאָס זעלבע איז מיט דיא זאַכען, וואָס מען ירשנ'ט: דיא קינדער ירשנ'ען ניט דעם פאָטער נור דיא מוטער. דיא זאַכען וואָס געהערען צום פאָטער בלייבען איבער ביי זיין מוטער'ס משפּחה. אין דיא צייטען וועגען וועלכע עס האַנדעלט זיך דאָ איז געווען ווענינ פּריוואַט־אייגענטהום, וויא מיר האָבען שוין אויבען געזאָגט. דאָס רוב זאַכען זיינען געווען קאָמוניסטישע געזעלשאַפטליכע אייגענטהום און גע'ירשנ'ט האָט דאָס רוב ניט דער איינצעלנער מענש נור דיא קאָמוניסטישע פאַמיליען־גרופּע. אבער צי דאָס איז געווען געמיינ־שאַפטליכע אייגענטהום צי אַ שטיקעל פּריוואַט־אייגענטהום, איבער־געהן פלעגט עס צו דער גרופּע (געגנט) פון דער מוטער, — ניט פון דעם פאָטער.

אַלע פרויען פלעגען בלייבען אין דעם געגנט, אין וועלכען זיי זיינען געבאָרען געוואָרען. דיא מענער אָבער, ווען זיי האָבען געהיי־ראַטה פלעגען וואוינען ביי דיא געגנטען פון זייערע פרויען, אַזוי וויא אין אונזערע אידישע פאַמיליען פלעגט מען נעהמען אַן איידים „אויף קעסט". זיי זיינען דאָרטען ניט געוואָרען קיין מיטגליעדער פון דעם געגנט, און מען האָט זיי געקענט „אָב'גט'ן", אַרויסטרייבען.

אין יעדען געגנט זיינען אַלזאָ אַלע מיידלעך און פערהייראַטהע פרויען און אַלע אונפערהייראַטהע מענער — מיטגליעדער פון דעם געגנט. בלויז דיא איידעמס זיינען דאָרטען פרעמדע. דערפאַר אָבער בעלאַנגען צו דיעזען געגנט מענער פון דיא פרויען פון געוויסע אנדערע

גענטס, דאָס הייסט מאַנסבילען וואָס זיינען געבאָרען פון היגע פרויען און וואָס זיינען געוואָרען איידעמס אַנדערסוואו.

פערוואַנדשאַפט ווערט אַלזאָ אין דיא גענטען גערעכענט נאָך דיא מוטערס און דער פאַמיליען־נאָמען (ריכטיגער געזאָגט, דער גענט־נאָמען) איז ניט דער נאָמען פון דעם פאַטער, זיידען, עלטער־זיידען, עלטער־עלטער זיידען א. ז. וו., וויא ביי אונז היינט, נור דער נאָמען פון דער מוטער, באָבען, עלטער־באָבען, עלטער־עלטער באָבען א. ז. וו. אַלץ געהט איבער ניט פון פאָטער נור פון דער מוטער.

מיר האָבען אויבען גענומען אַלס ביישפּיעל א פרוי מיט דעם נאָמען וואָלף וואָס הייראַטה א מאַן מיט'ן נאָמען אַדלער. וויא מיר האָבען שוין בעמערקט, פלעגען דיא גענטען טאַקע האָבען אַזעלכע נעמען, — יעדער גענט דעם נאָמען פון א געוויסע חיה אָדער פויגעל; און יעדער גענט האָט געהאַט אַלס זיין צייכען אָדער טאָטעם דיא פיגור פון יענער חיה אָדער פויגעל. ביי דיא איראָקעזען, צום ביי־שפּיעל, זיינען געווען וואָלף גענטען, בער גענטען, טשערעפּאַכע גענטען א. ז. וו.

לאָמיר זיך איצט פאָרשטעלען אַז אַ איראָקעזישער מאַנסביל פון אַ „בער"־גענט האָט געהייראַטה אַ פרוי פון אַ „וואָלף"־גענט. זיינע זיהן וועלען דאַן הייסען ניט בער, נור וואָלף — נאָך זייער מוטער. זיין אייגענער גענט דיא „בערען", וואו ער איז געבאָרען געוואָרען, האָט אַ לאַנגע הויז מיט געוויסע זאַכען, אָבער זיין רעכט אויף דעם, אַלס איינער פון דיא קאָמוניסטישע אייגענטהימער, וועלען זיינע קינדער פון איהם ניט ירשנ'ען, וואָרים זיי בעלאַנגען גאָר צו די „וועלף" — צו זייער מוטער'ס גענט. זיין רעכט אויף דיא הויז וואו ער איז געבאָרען געוואָרען וועלען ירשנ'ען זיינע שוועסטער, מוהמעס, פלעמעניצעס (פון זיין מוטער'ס צד) און פון מאַנסבילען וועלען איהם ירשנ'ען זיינע ברי־דער, אָנקעלס (פון דער מוטער'ס צד), פלעמעניקעס (פון דער מוטער'ס צד) א. ז. וו. דאָס איז דער וויכטיגסטער פונקט וואָס מיר דאַרפען האָבען אין זינען.

געוועהנליך האָט אַ געוויסער גענט געוויסע ספּעציעלע רעכטע, וואָס דיא אַנדערע גענטען האָבען ניט. פון איהם קלייבט מען, למשל, אימער אויס דעם מלחמה־הויפּטמאַן, דעם מיליטערישען קאָמאַנדיר פון דעם שבט, וויא מיר האָבען שוין ערקלעהרט. דיעזע ספּעציעלע

רעכטע געהען אַלזאָ ניט איבער פון דיא מאַנסבילען צו זייערע זיהן; זיי געהען גאָר איבער צו זייערע ברידער, אָנקעלס (פון מוטער'ס צד), פּלעמעניקעס (פון מוטער'ס צד) א. ז. וו. ווען אַ מלחמה־הויפּטמאַן שטאַרבט אָדער מען וואַרפט איהם אַראָב, קען אויף זיין פּלאַץ ניט אויסערוועהלט זיין זיינער אַ זוהן, נור זיינער אַ ברודער אָדער אַ פּלעמעניק.

פונקט אַזוי איז געווען ביי דיא אַצטעקען, וויא מיר האָבען שוין געזאָגט. אין דיא נעכסטע צוויי קאַפּיטלעך וועלען מיר זעהען אַז אין דער צייט וואָס דיא שפּאַניער זיינען געווען אין מעקסיקאָ איידער זיי האָבען איינגענומען איהר הויפּטשטאָדט, האָט מען דאָרטען צוויי מאָל געמאַכט נייע מלחמה־הויפּטלייט. אויף מאָנטעזומאַ'ס פּלאַץ האָט מען אויסערוועהלט זיין ברודער, און אויף דעם פּלאַץ פון דיעזען ברודער האָט מען אויסערוועהלט זיין פּלעמעניק, און דיא שפּאַניער האָבען געהערט, אַז פריהער איז אויך אַזוי געווען. „אַז דעם מלחמה־הויפּטמאַן האָט מען אויסערוועהלט, דאָס בעריכטען אַלע אַלטע שרייבער," זאָגט מאָרגאַן, „זיי מעלדען אויך, אַז מען האָט איהם אימער גענומען פון דערזעלבער פאַמיליע... זיי האָבען אָבער ניט געקענט פערשטעהן פאַר וואָס דער אַמט איז ניט איבערגעגאַנגען פון פאָטער צו אַ זוהן — פאַר וואָס עפּעס אימער צו אַ ברודער אָדער אַ פּלעמעניק."

„ווען קאָרטעס האָט איינגענומען מעקסיקאָ, איז ביי דיא איראָקעזישע אינדיאַנער דיא שטעלע פון מלחמה־הויפּטמאַן איבערגעגאַנגען פונקט אויף דעם זעלבען אַרט — צו אַ ברודער אָדער צו אַ פּלעמעניק" — אַזוי בעמערקט מאָרגאַן, און מיר, פון אונזער זייט וועלען דערמאָנען דעם לעזער, אַז, וויא מיר האָבען געזעהן אין דעם ערשטען קאַפּיטעל פון דיעזען באַנד (זייטעל 28) האָט פונקט דיעזעלבע סיסטעם עקזיסטירט ביי דיא אינדיאַנער פון פּ אָ ר ט אָ ר י ק אָ.

מיט דער צייט, ווען עס ענטוויקעלט זיך אייגענטהום, ווערט דיא מוטער־רעכט אָבגעשאַפט, און עס ווערט איינגעפיהרט פאַטער־רעכט, דער איבערגאַנג פון דער ירושה פון פאַטער צום זוהן. דאָס קומט אַרויס פון אַ וואַקסענדע אונצופריעדענהייט אין דיא פאַטערס. זיי שאַפען דיא אייגענטהום, זיי געהען אויף געיעג, זיי פאַנגען דיא פיש, זיי בעאַרבייטען דיא ערד, זיי פיטערען דיא סטאַדעס (דיא פרויען זיינען דאָס רוב בעשעפטיגט מיט הויז־אַרבייט און מיט האָדעווען דיא

קינדער); אלזאָ וואַקסט אין זיי אַ געפיהל, אַז עס איז אַן אונרעכט דאָס זייערע קינדער זאָלען אויסגעשלאָסען ווערען פון זייער ירושה; עס ענטוויקעלט זיך אין זיי אַ וואונש, אַז נאָך זייער טוידט זאָל זייער אייגענטהום בלייבען ביי זייערע זיהן און אונפערהייראַטהע טעכטער. אין מעקסיקאָ איז דיא ענדערונג פאָרגעקומען אַ קורצע צייט פאַר דעם וויא דיא שפּאַניער האָבען זיך דאָרטען בעוויזען. אָבער אַ טיעף־איינגעוואָרצעלטע אָרדנונג לאָזט נאָך זיך איבער סליאַדען אַ געוויסע צייט נאָכדעם וויא זיא אַליין ווערט אָבגעשאַפט. אונזער לעבען איז פול מיט מנהגים, וואָס האָבען היינט קיין זין ניט; זיי שטאַמען אָבער פון צייטען, ווען זיי האָבען יא געהאַט אַ זין, ווען זיי האָבען זיך געפּאָדערט לויט דיא דאמאלסדיגע אומשטענדען און לויט דעם דאמאלסדיגען לעבענס־פּלאַן. אזוי איז דאָ געווען מיט דער אָרדנונג וועגען אויסוועהלען אַ נייעם מלחמה־הויפּטמאַן. מען האָט אין מעקסי־קאָ אַלץ אויסערוועהלט ניט קיין זוהן פון דעם פריהערדיגען, נור זיינעם אַ ברודער אָדער אַ פּלעמעניק. דער שטייגער איז געבליעבען אַלס אַ מנהג, הגם זיין פונדאַמענט איז שוין פערשוואונדען.*)

---

*) אויף אַ סליאַד פון דער מוטער־רעכט ביי דיא אידען ווייזט מאָרגאַן אָן אין חומש אין דער מעשה מיט יצחק'ס שדוך. זיין פאָטער, אברהם, איז געווען דער בעל־הבית פון אַ פּריוואַט פאַמיליע מיט פּריוואַט־אייגענטהום. דיא מוטער רעכט איז שוין פערשוואונדען, און איהר פּלאַץ האָט פערנומען פאָטער־רעכט. זיהן האָבען זיך שוין גערופען מיט'ן פאָ־טער'ס נאָמען. אָבער ווען אברהם'ס קנעכט אליעזר האָט גענומען אַ ווייב פאַר יצחק'ען — רבקה'ן — האָט ער געגעבען מתנות ניט צו איהר פאָטער בתואל, נור צו איהר מוטער און ברודער. דאָס ווייזט אָן אויף אַ גאַנץ פאַרצייטיגען שטייגער, צו קויפען אַ פרוי ביי איהר געזינד. אַזוי פיהרט זיך נאָך היינט אויך ביי פיעלע האַלב־ווילדע פעלקער. ביי נאָך ווילדערע רויבט מען דיא מיידעל איינפאַך אַוועק, מען שלעפּט איהר אַוועק איבער־געוואַלט. איהר פריעדליך אָבקויפען — דאָס איז שוין אַ שפּעטערע אָרדנונג. ביי אייניגע ציוויליזירטע היינטיגע פעלקער איז ביי די בויערען דעריבער פאַראַן אַ מנהג, אַ חתונה־צערעמאָניע, כלומרשט צו בעפאַלען אויף דיא כלה'ס הויז און איהר אַוועקצושלעפּען. און וואָס אָנבעטרעפט דיא צייטען, ווען מען האָט דיא כלה געקויפט, האָבען מיר אַ דייטליכען סליאַד

פון דעם אין אונזער אידישען דין וועגען מקדש זיין דיא כלה מיט אַ מטבע אָדער אַ רינג. ווען דער פּרייז וואָס מען האָט געצאָהלט פאַר דער כלה האָט אויפגעהערט צו זיין אַ ווירקליכקייט, ווען פון דעם איז געוואָרען נור אַ צערעמאָניע, האָט זיך ביסלעכווייז ענטוויקעלט דיא מאָדע אַז דיא כלה זאָל פון איהר זייט אויך געבען אַ פּרעזענט. פון דעם, ערקלעהרט וועסטערמאַרק, האָט זיך דאָס ענטוויקעלט דער מנהג פון געבען נדן (און פון בייטען זיך מיט מתנות פון חתן צו דער כלה און פון דער כלה צום חתן). אליעזר האָט פאר רבקה׳ן אַלזאָ געגעבען דעם „קויף־פּרייז“. ער האָט דאָס אָבער ניט געגעבען איהר פאָטער, נור איהר מוטער און ברודער. אַלזאָ, ווייזט מאָרגאַן אויף דעם אָן אַלס אַ מנהג וואָס איז ביי אידען איבער־געבליבען פון א פריהערע צייט, ווען ביי זיי האָט נאָך עקזיסטירט דיא סיסטעם פון מוטער־געגנטס און מוטער־רעכט.

מאָרגאַן ברייננגט אויך אברהם׳ס ווערטער וועגען זיין ווייב שרה. „זיא איז טאַקע מיין שוועסטער“, — זאָגט אברהם צו אבימלך׳ען — „זיא איז דיא טאָכטער פון מיין פאָטער, אָבער ניט פון מיין מוטער, און זיא איז געוואָרען מיין ווייב“. דאָס שטימט מיט דער מוטער־געגנט־סיסטעם און מוטער־רעכט. שרה האָט בעלאַנגט צו דעם געגנט פון איהר מוטער, דאָס הייסט פון אברהם׳ס שטיף־מוטער, אַלזאָ האָט אברהם איהר געמעגט הייראַטהען. אַי, איהר פאָטער איז דאָך אויך געווען זיין פאָטער? האָט אָבער אברהם ניט בעלאַנגט צו זיין פאָטער׳ס געגנט, נור צו זיין מוטער׳ס. דאָס הייסט אַז זיין געגנט און שרה׳ס געגנט זיינען געווען בעזונדערע געגנטען. און אַלץ וואָס עס איז נויטיג איז, אַז מען זאָל ניט הייראַטהען אין דעם זעלבען געגנט. דאָס איז אָבער שוין געווען ניט מעהר וויא אַ מנהג, אַן איבער־בלייבענעס פון פריהערדיגע צייטען, וואָרים אין אברהם׳ס צייט איז שוין דיא פאָטער־רעכט געווען פעסט איינגעפונדעוועט. דער אידישער געגנט האָט שוין געהייסען „בית אָב“, פאָטער׳ס הויז.

מיר וועלען דאָ אויך אָנווייזען דעם לעזער אויף דעם דאָס אברהם האָט אַ כלה פאַר זיין זוהן גענומען פון זיין אייגענעם „בית אב“, פון זיין אייגענעם געגנט. אַזוי האָט ער אויסדריקליך געהייסען אליעזר׳ען. אָבער נאָך דעם אַלטען מנהג פון מוטער־רעכט, האָט דאָך דער זוהן ניט בעלאַנגט צו דעם זעלבען געגנט וויא זיין פאָטער, אַלזאָ האָט יצחק געמעגט חתונה האָבען מיט אַ מיידעל פון אברהם׳ס „בית אב“.

וואָס אַנבעטרעפט דיא אורזאַכען וואָס עס האָבען געשאַפען דיא מוטער־סיסטעם, נעהמט מאָרגאַן און אנדערע געלעהרטע אָן, אַז זיא האָט געשטאַמט פון צייטען, ווען מענשען האָבען געלעבט וויא חיות, און עס איז אונמעגליך געווען צו וויסען ווער דעם קינד'ס פאטער איז.

אַז עס איז אַמאָל געווען אזא צייט, בעשטרייט וועסטערמאַרק מיט פיעל ענערגיע. ער גיט אָן זיינע אייגענע ערקלערונגען וועגען דעם וויא עס איז אַרויסגעקומען דיא מאָדע צו רופען אַ קינד נאָכ'ן פאָטער אָדער נאָך דער מוטער. דאָ איז אָבער פאַר אונז וויכטיג נור דער פאַקט, אַז אַזאַ סיסטעם איז געווען, און איז נאָך היינט פערשפּרייט ביי ווילדע פעלקער. (אין גרונד זיינען אייניגע פון דיא וויכטיגסטע בעווייזע, וואָס וועסטערמאַרק גיט אָן געגען מאָרגאַנ'ען, גאָר בעווייזע פאַר מאָרגאַנ'ען. ער רעדט צום ביישפּיעל פיעל וועגען דיא פעלקער, וואו איין פרוי האָט עטליכע מענער, וויא היינט אין אויסטראַליען, למשל).

דיא ענטוויקלונג פון אייגענטהום געהט צוזאַמען מיט דער ענט־וויקלונג פון דער פאַמיליע. אין דער צייט, ווען צוליעב דיא ענטוויק־לונג פון פּריוואַט־אייגענטהום ווערט איינגעפיהרט דיא פאטער־סיסטעם אנשטאַט דער מוטער־סיסטעם, איז שוין אויך ענטוויקעלט דיא פאַמיליע פון איין מאַן. ווער עס איז דעם קינד'ס פאטער איז מייסטענס שוין דייטליך בעשטימט.

דיא אַצטעקען האָבען זייער מלחמה־הויפּטמאַן אַלזאָ אויס־ערוועהלט נאָך דער אַלטער סיסטעם פון מוטער־רעכט. וויא מיר האָבען אויבען שוין ערקלערט, האָבען זיי איהם שטענדיג גענומען פון דעם זעלבען געגט. דיא מאַכט איז שטענדיג געבליבען אין דער זעלבער פאַמיליען־גרופּע. דאָך איז דאָס קיין קעניגליכע מאַכט ניט געווען, ווייל פון דיעזען גענט האָט מען איהם ערוועהלט און מען האָט איהם געקענט אַראָבוואַרפען. דיא עלסטע פון דיא אַצטעקען — זייער הויפּטלינג־ראַטה — האָבען געקענט אויסוועהלען דעם ברודער אָדער יענעם ברודער, דעם פּלעמעניק אָדער יענעם פּלעמעניק. ביי זיי איז געווען דיא ברירה. און דיא אנדערע צוויי שבטים פון זייער מילי־טערישען פערבאַנד, דיא טעזקוקאָנער און דיא טלאַקאָפּאַנער, האָבען געקענט אָננעהמען זייער וואַהל אָדער צוריקווייזען. פון דיעזער סיסטעם האָט זיך שפּעטער ענטוויקעלט דיא קעניג־סיסטעם פון פּאָליטישע

געזעלשאַפטען. זיי אַליין איז אָבער קיין קעניג־סיסטעם ניט געווען בעקאַנט. דיא בעדייטונג פון דעם מלחמה־הויפּטמאַן איז ביי דיא אינדיאַנישע פעלקער מיט דער צייט געוואַקסען, ענטוויקעלט געוואָרען. דער מלחמה־הויפּטמאַן פון דיא אַצטעקען האָט געשפּיעלט אַ פּיעל גרעסערע ראָלע וויא ביי דיא איראָקעזען, למשל. מען האָט איהם אָבגעגעבען פּיעל מעהר כבוד, ער האָט געלעבט אין אַ בעזאָנדערען גלאַנץ. קיין קעניג איז ער אָבער פאָרט ניט געווען.

מיר קענען דיזע ערקלערונגען ניט ענדיגען אָהן דיא פאָלגענדע פּאָר ווערטער, הגם צו דער פראַגע וועגען דיא אַצטעקען האָבען זיי קיין דירעקטע שייכות ניט.

דער לעזער וועט אפשר פרעגען: מיר האָבען דאָ געזעהען, אַז דורך דער ענטוויקלונג פון דעם מענשליכען לעבען איז אָבגעשאַפט געוואָרען קאָמוניסטישע אייגענטהום און עס איז איינגעפיהרט געוואָרען פּריוואַט אייגענטהום; היינט וויא אַזוי קען מען האָפען, אַז דורך דער ענטוויקלונג וועט מען קומען צו דער אָבשאַפונג פון פּריוואַט־אייגענטהום? דאָס וואָלט דאָך הייסען געהן צוריק, ניט פאָרווערטס? אויף דיזער אַרט קומט דאָך אויס, אַז דיא וואָס לויבען דיא קאַפּיטאַ־ליסטישע סיסטעם האָבען רעכט. אָבער דיא געמיינשאַפטליכע אייגענ־טהום וואָס קאַרל מאַרקס האָט פאָראויסגעזאָגט איז אויף אַ פּיעל העכערע שטופע וויא דיא געמיינשאַפטליכע אייגענטהום פון דיא פאַר־היסטאָרישע פעלקער. דער לעבען איז פּיעל העכער ענטוויקעלט; עס זיינען פאַראַן טעלעגראַפען, טעלעפאָנען, באַהנען, דאַמפּפשיפען, אָהן אַ שיעור מאַשינען און אַנדערע ערפינדונגען וואָס דאַרפען פערשפּאָרען אַרבייט, מאַכען דעם לעבען גרינגער און אינטערעסאַנטער, שוין ניט רעדענדיג וועגען אַזעלכע זאַכען וויא אוניווערסיטעטען, טהעאַטערע, קאָנצערט־זאַאלען, פערזאַמלונגס־זאַאלען א. ז. וו., א. ז. וו. — און דאָס אַלץ וועט בעלאַנגען צו דער גאַנצער געזעלשאַפט. דאָס הייסט ניט, אַז דיא מענשהייט וועט זיך אַראָבלאָזען צוריק אויף איהר אמאָ־ליגען ניעדריגען שטאַפּעל; דאָס הייסט, אַז זיא וועט אַרויפקומען העכער. ווען איהר געהט איבער טרעפּ, וואָס זיינען געדרעהט וויא אַ פּראָפּען־ציהער, קעהרט איהר זיך, דאַכט זיך, רק אום צוריק; אָבער אומקעהרענדיג זיך צוריק קומט איהר אַרויף אויף אַ העכערען עטאַזש. אויף אַן עהנליכען אַרט וועט דיא מענשהייט זיך אומקעהרען צום

קאָמוניזמוס. דאָס וועט זיין אַ פיעל העכערער זאָרט קאָמוניזמוס וויא דער, וואָס דיא פאַר־היסטאָרישע פעלקער האָבען געהאַט. דער נייער קאָמוניזמוס וועט זיך געפינען אויף אַ פיעל העכערען עטאַזש.

לואיס מאָרגאַן, וועלכער האָט מיט דעם סאָציאַליזמוס זיך ניט אינטערעסירט און מיט היינטיגע געזעלשאַפטס־פראגען איבער־הויפט װעניג צייט געהאַט זיך צו בעשעפטיגען, דריקט אויס פונקט דעם זעלבען געדאַנק. נאָהענט פון דעם ענד פון זיין „אוראַלטע געזעל־שאַפט“, ביים סוף פון זיין איבערבליק איבער דעם וואוקס פון פריוואַט־אייגענטהום, געפינען מיר דיא פאָלגענדע מערקווירדיגע שורות:

„זינט עס האָט זיך אָנגעפאַנגען ציוויליזאַציאָן איז אייגענטהום אַזוי אויסגעוואַקסען, זיא האָט בעקומען אַזוי פיעל פערשיעדענע פאָר־מען, זיא ווערט געברויכט אויף אַזוי פיעל פערשיעדענע אַרטען און זיא ווערט פערוואַלטעט מיט אַזוי פיעל שכל אין דיא אינטערעסען פון דיא אייגענטהימער, אַז זיא איז געוואָרען אַ מאַכט, מיט וועלכע דאָס פאָלק קען זיך ניט־ספּראַווען. דער מענשליכער מח ווערט איבערראַשט און צוטומעלט בעטראַכטענדיג דיעזע געפעהרליכע מאַכט, וואָס ער האָט אַליין בעשאַפען. דיא צייט וועט אָבער קומען ווען דער מענשליכער פערשטאַנד וועט וויסען וויא זיך מיט דיעזער מאַכט צו ספּראַווען, און וועט בעשטימען דיא פערהעלטניסע צווישען דעם שטאַאַט צו דיא אייגענטהום, וואָס ער בעשיצט, וויא אויך דיא פליכטען און דיא גרענ־צען פון דיא רעכטע פון איהרע בעל הבתים. דיא אינטערעסען פון דער געזעלשאַפט זיינען העכער, וויכטיגער וויא דיא אינטערעסען פון דעם איינצעלנעם מענשען און צווישען זיי מוזען אַוועקגעשטעלט ווערען גערעכטע און פּאַסענדע פערהעלטניסע. אויב פאָרטשריט מוז ווייטער אויך זיין דער כלל פון לעבען, פּונקט וויא דאָס איז געווען ביז אַהער, דאַן איז אונמעגליך זיך פאָרצושטעלען, אַז פּריוואַט־אייגענטהום זאָל זיין דער ענד־ציעל פון דער מענשהייט. דיא צייט וואָס איז פאָראיבער זינט עס האָט זיך אָנגעהויבען דיא ציוויליזאַציאָן איז בלויז אַ קליינע טהייל פון דער צייט, וואָס דיא מענשהייט האָט פערבראַכט אויף דער וועלט; אויך איז זיא ניט מעהר וויא אַ קליינע טהייל פון דיא דורות און דורות וואָס דיא מענשהייט וועט נאָך פערברענגען אויף דער וועלט. אַ געזעלשאַפט, אין וועלכע פריוואַט־אייגענטהום איז דער ציעל און צוועק פון לעבען קען לאַנג ניט אָנהאַלטען; אַזאַ געזעלשאַפט טראָגט

אין זיך דעם גיפּט פון זעלבסט־פּערניכטונג. פאָלקס־הערשאַפט, געזעל־
שאַפטליכע ברידערליכקייט, גלייכע רעכטע און אַלגעמיינע בילדונג —
דיעזע זאכען, וועלכע מיר האָבען שוין היינט, ווייזען אָן אויף אַ נאָך
העכערע געזעלשאַפטליכע מדרגה, צו וועלכע אונזער ערפאַהרונג, פער־
שטאַנד און קענטניס שטרעבט. דיעזע נעכסטע מדרגה וועט זיין אַ
ווידער־אויפלעבונג, אין אַ העכערע פאָר־
מע, פון דיא פרייהייט, גלייכהייט און
ברידערליכקייט פון דיא פאַרצייטיגע
גענטען."

און דאָס איז ניט דיא איינציגע שטעלע, אין וועלכער מאָרגאַן טרעפט
זיך צוזאמען מיט דיא געדאַנקען פון מאַרקס און ענגעלס, הגם ער
האָט בעטראַכט דיא ענטוויקלונג פון אייגענטהום פון גאָר אַן אַנדער
שטאַנדפּונקט, און האָט זיינע פאָרשונגען געמאַכט ניט וועגען ציוויליזירטע (הויפּטזעכליך קאַפּיטאַליסטישע) געזעלשאַפטען, וויא זיי, נור
וועגען דיא פאַר־היסטאָרישע געזעלשאַפטען.

מיט פופציג זייטלעך פריהער, צום ביישפּיעל, רעדענדיג וועגען
דעם וויא דיא ענטוויקלונג פון פּריוואַט־אייגענטהום האָט געפיהרט
צו מאָנאָגאַמיע, — דאָס הייסט צו דער הייראַטה פון איין מאַנס־
ביל מיט איין פרוי, זאָגט ער:

„וויא הויך מען זאָל ניט שאַצען דיא ווירקונג וואָס אייגענטהום
האָט געשפּיעלט אין דער ציוויליזאַציאָן פון דער מענשהייט, וועט אַלץ
ניט זיין איבערטריעבען. דיעזע קראַפט האָט דאָס דיא אַריאַנישע און
סעמיטישע פעלקער ארויסגעבראַכט פון דעם באַרבאַרישען צושטאַנד
און ארויפגעבראַכט אויף דער שטופע פון ציוויליזאַציאָן. דער וואוקס
פון דעם אייגענטהום־געדאַנק האָט זיך אין דעם מענשען'ס מח אָנגע־
פאַנגען אין אַ גאַנץ שוואַכער פאָרמע, און האָט זיך ענטוויקעלט ביז
ער איז געוואָרען זיין הערשענדע ליידענשאַפט. דיא הויפּטזאַך, מיט
וואָס רעגיערונגען און געזעצע בעשעפטיגען זיך, איז דיא שאַפונג, דיא
בעשיצונג און דאָס געניסען פון פּריוואַט־אייגענטהום. פּריוואַט־
אייגענטהום האָט דאָס איינגעפיהרט דיא שקלאַפעריי אַלס אַ מיטעל צו
שאַפען רייכטהימער פאַר דיא בעל הבתים; און נאָך דעם וויא מען
האָט שקלאַפעריי אָנגעהאַלטען עטליכע טויזענד יאהר, האָט דער
אייגענטהום־אינטערעס געמאַכט, אז מען זאָל דאָס אָבשאַפען, איינפאַך

ווייל מען האָט ענטדעקט, אַז אַ פרייער מענש איז אַ בעסערע אייגענ־טהום ־ שאַפענדע מאַשין. דיא שלעכטקייט, וועלכע ליעגט היינט אין דער מענשליכער האַרץ און וועלכע ציוויליזאַציאָן און קריסטענטהום האָבען בלויז ווייכער געמאַכט, אָבער ניט אויסגעוואָרצעלט, — דיעזע שלעכט־הערציגקייט פון מענשען ווייזט היינט אַרויס סמנים פון דיא ווילדקייט, פון וועלכע דיא מענשהייט שטאַמט... ווען עס איז איינ־געפיהרט געוואָרען, אַז ירושה זאָל איבערגעהן צו דעם אייגענטהימער'ס קינדער, ניט צו זיינע ברידער אָדער פלעמעניקעס וויא פריהער פלעגט זיין, איז מעגליך געוואָרען דיא פאַמיליע פון איין מאַן און איין פרוי."

דיעזע שורות לעזען זיך כמעט וויא אַ בלאַט פון קאַרל מאַרקס. מיר האָבען דאָ געזאָגט, אַז אין מעהרערע שטעלען טרעפט זיך מאָרגאַן מיט איהם צונויף. עס האַנדעלט זיך אָבער ניט וועגען בעזונדערע שטעלען, נור וועגען דעם גאַנצען גאַנג פון זייערע לעהרען.ביידע האָבען זיי בעטראַכט דעם ענטוויקלונגס־גאַנג פון געזעלשאַפטען, און ביידע האָבען געהאַט אַ דורכדרינגענדען, קלאָרען בליק צו דערזעהען דעם אמת, אַלזאָ זיינען זיי געקומען צו עהנליכע רעזולטאַטען. אַ טעות קען יעדער האָבען אַן אנדערען. דער אמת איז ביי אַלעמען דער זעלבער. קרומע וועגען קענען פון איין שטאַדט צו דער אנדערער געהן אַלערליי; אַ גלייכער וועג קען זיין בלויז איינער.

אין דעם לעצטען אויסצוג, וואָס מיר האָבען דאָ געבראַכט פון מאָרגאַן'ען, ווערט אַלזאָ גערעדט וועגען דעם, וויא דיא ענטוויקלונג פון פריוואַט־אייגענטהום, פון אייגענטהום און ירושה מאַכט מעגליך דעם איבערגאַנג צו דער היינטיגער מאָנאָגאַמישער פאַמיליע מיט דעם פאָטער אַלס הויפט פון דער פאַמיליע. ווען דיא שפּאַניער זיינען געקו־מען נאָך מעקסיקאָ, זיינען דיא מעקסיקאַנער שוין איבערגעגאַנגען פון דער „מוטער־סיסטעם" צו דער „פאָטער־סיסטעם". דאָס הייסט אַלזאָ, אַז ביי זיי האָט שוין געהאַלטען אין ענטוויקלען זיך פריוואַט ־ אייגענ־טהום, אייגנטהום ־ ירושה פון פאטער צו דיא קינדער. צוזאַמען מיט דעם איז ביי זיי אויך אַ ביסעל ענטוויקעלט געווען דיא ירושה פון דער הויפּט־מאַן שטעלע. ווען ציוויליזירטע מענשען וואָלטען אַהין ניט געקומען פון אייראָפּאַ, וואָלטען דיא מעקסיקאַנער מיט דער צייט אַליין ווייטער ענטוויקעלט ביידע דיעזע זאָרטען ירושה — דיא ירושה פון אייגענטהום און פון דער העכסטער רעגיערונגס־שטעלע. עס וואָלט

ביי זיי שטאַרק אויסגעוואַקסען פּריוואַט־אייגענטהום. און דער מלחמה־הויפּטמאַן וואָלט ניט אויסערוועהלט ווערן פון אַ געווייסען גענט (וואָרים דיא גענטען וואָלטען שוין געווען פערשוואונדען און אויף זייער פּלאַץ וואָלטען געווען איינציגע פאַמיליען), נור דיא שטעלע וואָלט געבליבען אין דער זעלבער בעזונדערער מאָנאָגאַמישער פאַמיליע, און וואָלט איבערגעהען פון פאַטער צום זוהן, פּונקט וויא אייגענטהום. דאָס הייסט, אַז דאַן וואָלט שוין געווען אַ קעניג. ווען קאָרטעס איז געקומען נאָך מעקסיקאָ, האָט דאָס אָבער נאָך געהאַלטען גאַנץ ווייט פון אַזאַ ענטוויקלונגס־שטופע.

## קאָרטעס פאַנגט מאָנטעזומאַ'ן, דערנאָך מוז ער אַליין אַנטלויפען

### VIII.

דיא שפּאַניער אין דער מעקסיקאַנער הויפּט־שטאָדט. — קאָרטעס פיהלט זיך ניט זיכער. — ער פאַנגט מאָנטעזומאַ'ן און האַלט איהם אויף דער שפּאַנישער קוואַרטיר. — קאָרטעס פערברענט 16 אַצטעקען, וועלכע האָבען ערמאָרדעט עטליכע שפּאַניער. — מאָנטעזומא'ס לעבען אין געפענגניס. — מאָנטעזומאַ'ס מוטהיגער פּלעמעניק. — קאָרטעס צוטיילט דיא אָנגערויבטע אוצרות צווישען זיינע אָפיציערען און סאָלדאַטען. — קאָרטעס צוברעכט אַצטעקישע געטער. — דער עולם הויבט אָן צו מורמלען, און מאָנטעזומא פאָדערט, אז קאָרטעס זאָל פערלאָזען דיא לאַנד. — פון קובאַ קומט אַ שטאַרקע פלאָטע. — אַ מלחמה צווישען שפּאַניער און שפּאַניער. — קאָרטעס זיעגט מיט גאָלד און דורך דעם מיט שטאָהל. — דיא אַצטעקען צובונטעווען זיך. — מאָנטעזומא פּרופט זיי בערוהיגען. — קאָרטעס בעפּרייט מאָנטעזומא'ס ברודער קיטלאַהוא, און קיטלאַהוא העצט אויף דיא אצטעקען געגען איהם. — אַ שווערער קאַמפּף אין שטאָדט. — מאָנטעזומא פּרופט ווידער בערוהיגען זיינע אצטעקען; זיי ענטפערען אָבער מיט שימפּפערייו און פערוואונדען איהם. — דיא שפּאַניער מוזען אַנטלויפען. — דיא „טרויעריגע נאַכט“. — קיטלאַהוא ווערט מלחמה־הויפּטמאַן. — א מלחמה אין טהאָל. — דיא שפּאַניער קומען קוים נאָך טלאסקאלא. — קאָרטעס בעשליעסט זיך צו בויען אַ פלאָטע, וועלכע מען זאָל טראָגען צו דער אָזערע.

נאָך דעם וויא קאָרטעס האָט בעזוכט דעם מאַרק, איז ער געגאַנגען צו דעם גרויסען טעמפּעל, וואו מאָנטעזומאַ האָט אויף איהם שוין געוואַרט. אונטען האָבען איהם בעגעגענט זעקס אַצטעקען. זיי האָבען פאָרגעלייגט איהם צו טראָגען איבער דיא טרעפּ. ער האָט זיך אָבער פון דעם ענטזאַגט, און איז מיט זיינע שפּאַנישע בעגלייטער ארויף צום שפּיץ פון דער געביידע. דאָרטען האָט מאָנטעזומאַ איהם

פריינדליך בעגריסט; דערביי האָט ער בעמערקט, אַז ער, „מאַלינציו", מוז זיין מיעד פון קלעטערען איבער אַזוי פיעל טרעפּ. „איך און מיינע שפּאַניער ווערען פון קיין זאַך ניט מיעד" — האָט קאָרטעס געענטפערט אום צו פערגרעסערען דעם איינדרוק, אַז דיא ווייסע זיי־נען „הימעל־מענשען".

פון דעם שפּיץ טעאָקאַללי האָט זיך געזעהן דיא גאַנצע שטאָדט מיט איהרע גאַסען, קאַנאַלען, מיט דיא אָזערע אַרום און אַרום. עס איז געוועזען אַ שעהנער בילד, און אונזערע שפּאַניער האָבען איהם בע־טראַכט אי מיט בעוואונדערונג אי מיט מורא, וואָרים פון דאנען האָ־בען זיי דייטליך געקענט זעהן וויא לייכט דיא אַצטעקען וואָלטען זיי געקענט אָפּשניידען פון דער גאַנצער וועלט: זיי האָבען נור בעדאַרפט אויפהויבען דיא בריקען.

קאָרטעס האָט געבעטען מאָנטעזומאַ'ן ער זאָל איהם ווייזען וואָס עס טהוט זיך אינוועניג אין טעמפּעל, און מאָנטעזומאַ האָט זיך בע־ראַטהען מיט דיא הויפּט־פּריסטער און איהם ערלויבט צו זעהן דעם קדשי קדשים, דעם סאַמע הייליגטהום.

אין איינעם פון דיעזע הייליגע צימערען האָבען דיא שפּאַניער געזעהן אַ ריעזיגע פיגור, אַ געץ פון הויטציל אָפּאָכטלי, דעם גאָט פון מלחמה און אַ ריעזיגע פיגור פון דעם גאָט טעצקאַטלי־פּאָקאַ. זיי זיינען געוועזען בעפּוצט מיט גאָלד און טהייערע שטיי־נער און פערשפּריצט מיט בלוט. דאָס איז געוועזען אַ דונקעלער צימער אין וועלכען עס האָט זיך געהערט אַ שווערער גערוך פון פרישע מענש־ליכע בלוט און פון ווייראַך. אויף אַ גרויסען גאָלדענעם טאַץ זיינען געלעגען עטליכע מענשליכע הערצער. דיא שפּאַניער האָט דאָס אָב־געעקעלט.

קאָרטעס האָט גערופט מאָנטעזומאַ'ן ערקלעהרען, דורך מאַ־רינאַ'ן, אַז זיינע געטער זיינען קיין געטער ניט און אַז מקריב זיין מענשען איז עקעלהאַפט (אַז דיא שפּאַנישע גלחים האָבען געברענט מענשען אויף זייערע „געטליכע" פייערען — דאָס האָט ער פאַר עקעלהאַפט ניט געהאַלטען). ער האָט געבעטען ערלויבניס אַרויסצו־וואַרפען דיעזע בלוטיגע געצען, אויסרייניגען דעם טעמפּעל און דאָר־טען אַוועקשטעלען אַ פיגור פון דער הייליגער מאַריא. מאָנטעזומאַ האָט קוים געגלויבט זיינע אויערען. ער איז פון דעם פאָרשלאַג אַזוי

אויפגעבראכט געוואָרען, אַז ער האָט קוים געקענט ריידען. „ווען איך וואָלט וויסען, אַז דוא ווערסט אַזוי בעליידיגען מיינע געטער, יואָלט איך דיר זיי ניט געלאָזען זעהן" — האָט ער געזאָגט. — „זיי זיינען גוטע געטער, וואָרים זיי גיבען אונז געזונד, רעגען, תבואה און אַ זיעג איבער אונזערע שונאים".

מאָנטעזומאַ האָט אָבער דיא שפּאַניער ניט געשטערט צוצוריכ־טען אַ קריסטליכע קירכע מיט אַ פיגור פון דער הייליגער מאַריאַ, אין איינעם פון דיא צימערען, וואו דיא שפּאַניער האָבען געוואוינט. אַר־בייטענדיג ביי דער צוגרייטונג פון דיעזער קירכע, האָט דער שפּאַ־נישער סטאָלער ענטדעקט אַ פערבאָרגענע פערטינקעוועטע עפענונג. ווען מען האָט אראָבגעריסען דעם צעמענט, האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז דיא עפענונג פיהרט אין אַ זעהר גרויסען צימער, וועלכער איז פול מיט אוצרות. אין מיטען איז געלעגען אַ גרויסער בארג מיט טהייערע שטיינער, און דיא ווענט זיינען געוועזען בעהאנגען און פערלייגט מיט רייכע פעדער־מאַטעריען, שילדען, געוועהר און אַלערליי ציערונג פון גאָלד און זילבער. קאָרטעס האָט דאָס אַלץ בעקוקט און געהייסען דיא עפענונג צוריק פערקלעפּען און זיך מאַכען ניט וויסענדיג וועגען דעם.

דיא שפּאַניער זיינען אָבגעוועזען אין מעקסיקאָ אַ וואָך. מאָנטע־זומאַ און דיא אַנדערע אַצטעקען האָבען זיי בעהאַנדעלט אויפ'ן פריינדליכסטען אופן. דאָך איז קאָרטעס געוועזען זעהר אונרוהיג. ער איז דאָ פאָרט געוועזען אין אַ פאַסטקע. צו יעדער מינוט וואָלט מען געקענט אויפהויבען דיא בריקען ארום שטאָדט און דיא צעהנדליגע טויזענדע מעקסיקאַנער וואָלטען מיט זיי געקענט טהאָן וואָס זיי ווילען. וויא לאַנג וועט דיעזע פריינדליכקייט געדויערען? ווער קען וויסען וואָס זיי האָבען דאָ אין זינען? — דיעזע פראַגען האָבען ניט אויפ־געהערט צו עגבערען קאָרטעס'עס מח. אַ חוץ דעם: זיינע שפּאַ־נישע סאָלדאַטען געהען אום ליידיג, און מיט זייער נייגונג צו הול־טייסטוואָ און מערדעריי קענען זיי פריהער־שפּעטער דערצאָרענען דיא אַצטעקען. נאָך גרעסער איז געוועזען דיא געפאַהר צוליעב זיינע טלאַסקאַלאַנער בעגלייטער. דיא אַצטעקען האָבען זיי געהאַסט אַלס זייערע אייביגע פערביסענע שונאים, דאָך מוזען זיי זיי איצט האַלטען ביי זיך און שפּייזען וויא פריינד. דיא געדולד פון דיא איינוואוינער

קען פלאַצען צו יעדער צייט. צווישען זיינע טלאסקאַלאַנער האָבען זיך זאָגאַר שוין געהערט קלאַנגען אַז דיא אַצטעקען קלייבען זיך אויפ־צוהויבען זייערע בריקען...

און ווען אַפילו אַלץ זאָל זיין שטיל און רוהיג, — טאָ וואָס איז דער תכלית פון סתם בלייבען דאָ אַלס גאַסט? זיין צוועק איז געווען ניט אָבצושטאַטען אַ וויזיט, נור אײנצונעהמען דיא לאַנד מיט איהרע אוצרות; זייענדיג אָבער אין מעקסיקאָ אויף זיין איצ־טיגען שטייגער, איז ער געווען אזוי ווייט פון איינגעהמען איהר, פונקט וויא בשעת ער האָט זיך געפונען אין שפּאַניען. און אויב עס וועט אװעקגעהן אַ היבשע צייט און ער וועט גאָר ניט אויפטהאָן, וועט וועלאַסקעץ, דער גובערנאַטאָר פון קובאַ, דערווייל אפשר אונטער־שיקען אַ גרויסע אַרמעע, און מען וועט איהם אַוועקפיהרען צוריק אַ געפאַנגענעם, אַלס אַ פערברעכער, פאַר וואָס ער האָט געמאַכט דיא גאַנצע עקספּעדיציע געגען דעם ווילען פון זיין גובערנאַטאָר; מיט אַ גרעסערע אַרמעע װעלען וועלאַסקעצ'עס אָפיצירען נעהמען מעקסיקאָ און ער, קאָרטעס, וועט בלייבען אַ נאַר און אפשר נאָך בעצאָהלען מיט טויט־שטראָף.

קורץ, ער האָט ניט געקענט רוהען. ער מוז עפּעס טהאָן וואָס שנעלער. און זיין כיטרער און אַדוואַזשנער מאַרך האָט ניט אויפ־געהערט צו טראַכטען וועגען פערשיעדענע פּלענער. דער פּלאַן, וועל־כער איז איהם ענדליך אַריינגעפאַלען אין קאָפּ און וועלכען ער האָט זיך בעשלאָסען צו פּרופען דורכפיהרען, איז איינער פון דיא געוואַג־טעסטע און מערקווירדיגסטע אין דער גאַנצער מענשליכער געשיכטע. ער וועט נעמליך פאַנגען מאָנטעזומאַ'ן ביי איהם אין פּאַלאַץ, אַוועק־פיהרען איהם צו זיך אויף דער קוואַרטיר, איהם האַלטען דאָרטען און אין זיין נאָמען קאָמאַנדעווען.

וועגען דיעזען פּלאַן זאָגט מאָרגאַן דאָס פאָלגענדע: „אויף דיא אַמעריקאַנישע אינזלען האָבען דיא שפּאַניער בעמערקט, אַז ווען זיי האָבען געפאַנגען אַ קאַסיק, אַן עלסטען פון אַ שבט און איהם גע־האַלטען ביי זיך, זיינען דיא אינדיאַנער צוטומעלט געוואָרען, האָבען פערלאָרען זייער מוטה און מעהר ניט געקעמפּפט". אין דיעזען בוך האָבען מיר עהנליכעס געזעהן, ווען מיר האָבען געהאַלטען ביי פּאָרטאָ־ריקאָ. ווען אַגוועבאַנא, דער עלסטער, איז גע'הרג'עט געוואָרען, זײ־

נען דיא אינדיאנער זיך צולאפען פון שלאכט־פעלד. מילא, אויף דעם פלאץ פון א טויטען עלסטען פלעגט מען דערנאך אויסוועהלען אן אנדערען. ווען דער עלסטער איז אבער געווען אין פלען, האט זיין שבט גאר ניט געוואוסט וואס צו טהאן. דער עולם האט זיך געפיהלט מאכטלאז, הילפלאז. קארטעס האט דאס געוואוסט, און איצט, אז ער איז געווען אין דער הויפט־שטאדט פון מעקסיקא, האט ער זיך דער־מאהנט וועגען דעם און איז געפאלען אויף זיין פלאן צו פאנגען מאנ־טעזומא׳ן. „קארטעס האט איינפאך געטהאן לויט דער ערפאהרונג וואס דיא שפאניער האבען געהאט מיט אנדערע עלסטע“, זאגט מארגאן.

קארטעס האט געהאפט, אז ער וועט זיין פלאן דורכפיהרען מיט גוטען, אז ער וועט מאנטעזומא׳ן איינפאך איינרעדען אין זאק אריין. אי טאמער ווערען דיא אצטעקען אויפגעבראכט פון זיין חוצפה און זיי כאפען איהם מיט אלע זיינע שפאניער און שלעפען זיי אוועק אויף קרבנות פאר זייערע געטער? האבען קארטעסען אזעלכע געדאנקען ניט אבגעהאלטען. מורא צו האבען איז ניט געווען אין זיין כאראק־טער.

א תירוץ צו קומען צו מאנטעזומא׳ן מיט פרעטענזיעס און צו פאדערען פון איהם אז ער זאל זיך בעזעצען אויף דער שפאנישער קווארטיר, האט קארטעס געהאט א פארטיגען. מיר האבען אויבען געזעהן, וויא ער האט אין ווערא קרוץ איבערגעלאזען פופציג פון זיינע סאלדאטען מיט דעם יונגען אפיציער יואן דע עסקאלאנ־טע אלס קאמאנדיר. א געוויסע צייט נאך דעם וויא ער, קארטעס, איז פון דארטען אוועק, האט דארטען געטראפען דאס פאלגענדע: אן אצטעקישער עלסטער מיט׳ן נאמען קוואופאפאקא, דער הויפטמאן פון דער מעקסיקאנישער פראווינץ, וואס איז געלעגען צו צפון צו פון ווערא קרוץ, האט אריינגענארט צו זיך פיער פון דיא שפאניער און האט צוויי פון זיי געטויטעט. דיא אנדערע צוויי וואלטען געהאט דעם זעלבען שיקזאל; נור זיי זיינען אנטלאפען. עסקאלאנטע איז דאן ארויסגעטראטען געגען קוואופאפאקא׳ן, און ער האט דעם שלאכט געוואונען; ער האט אבער פערלארען נאך זיעבען סאלדאטען, און ער, עסקאלאנטע, אליין, האט בעקומען וואונדען, פון וועלכע ער איז געשטארבען באלד וויא ער האט זיך אומגעקעהרט נאך ווערא קרוץ.

קאָרטעס האָט פון דער געשיכטע זיך דערוואוסט, ווען ער איז נאָך געווען אין טשאָלולא. פאָרלויפיג האָט ער מאָנטעזומאַ'ן וועגען דעם קיין וואָרט ניט געזאָגט. איצט אָבער האָט ער זיך בעשלאָסען מיט דער געשיכטע זיך צו בענוצען.

אין דער פריה האָט ער מיט זיינע אָפיציערען פרום אָבגעזאָגט א געבעט צו גאָט, און זיך גענומען צו דער ארבייט. דיא וויכטיגסטע טהייל פון זיינע סאָלדאַטען האָט ער אויסגעשטעלט ביי זיך אויפ'ן הויף, היבשע קאָמפּאַניעס האָט ער געלאָזען בעוואַכען דיא גאַסען, וואָס האָבען זיך געצויגען צו מאָנטעזומאַ'ס וואוינונג, און דרייסיג סאָלדאַטען האָט ער געהייסען אריינגעהן אין מאָנטעזומאַ'ס הויפען, ביסלעכווייז, ניט מעהר וויא פיער מיט א מאָל; ער האָט זיי פערזאָגט, אז זיי זאָלען אהין אריינגעהן אזוי וויא דורך א צופאַל, אזוי וויא גלאַט אזוי — מען זאָל ניט חושד זיין, אז זיי מיינען דאָ עפּעס. אליין האָט ער אויסגעקליבען פינף פון זיינע בראַווסטע און געלאַסענסטע אָפיציערען: פּ ע ד ר אָ ד ע א ל ו ו א ר א ד אָ ' ן, מיט וועלכען מיר זיינען שוין בעקאַנט, און וועלכען אונז וועט נאָך אויסקומען צו בעגעגענען אין דיא ווייטערע קאַפּיטלעך פון דיעזען בוך, ו ו ע ל א ס־ק ע ץ ד ע ל ע אָ נ ' ע ן, וועלכען מיר קענען שוין אויך, ג אָ נ־ז א ל אָ ד ע ס א נ ד אָ ו א ל, וועלכען מיר וועלען אָפּט דער־מאָהנען שפּעטער, צוזאַמען מיט אלוואראַדאָ'ן, און אַנדערע צוויי. אלע זיינען זיי געווען געקליידט וויא פּראָסטע סאָלדאַטען, גוט בעוואַפּענט און בעפּאַנצערט. אז קאָרטעס זאָל זיין בעגלייט מיט פינף בעוואַ־פענטע סאָלדאַטען, — דאָס איז געווען א גאַנץ געוועהנליכע זאַך און האָט קיין אויפמערקזאַמקייט ניט געקענט ציהען.

מאָנטעזומאַ האָט זיי אויפגענומען גאַנץ פריינדליך, פיין מכבד געווען און זיי געשאָנקען מתנות פון גאָלד און טהייערע שטיינער. אלס א ספּעציעלען צייכען פון פריינדשאַפט האָט ער קאָרטעס'ען פאָרגעלעגט זיינע א טאָכטער פאַר א פרוי. דער שפּאַנישער קאָמאַנדיר האָט איהם אָבער ערקלעהרט, אז ער האָט שוין א פרוי, און אז מעהר וויא איינע טאָר א קריסט ניט האָבען. און דערווייל זיינען אָנגע־קומען אלץ מעהר פון דיא סאָלדאַטען, וועלכע האָבען אהין אריינגע־שפּאַצירט, כלומרשט גלאַט אזוי זיך. ווען קאָרטעס האָט געזעהן, אז זיי זיינען שוין אלע דאָ ארום איהם, האָט ער פּלוצלונג

גענדערט זיין טאָן. ער האָט געמאַכט אַ שטרענגע מינע און גענומען מאָנטעזומאַ׳ן בעשולדיגען אין דער ווערא־קרוצער געשיכטע. קוואו־פּאָפּאָקאַ האָט דיא פּיער שפּאַניער אריינגעכאַפּט און צוויי פון זיי געטויטעט אויף מאָנטעזומאַ׳ס געהיימען בעפעהל, — אַזוי האָט קאָר־טעס איצט ערקלעהרט. מאָנטעזומאַ האָט געענטפערט, אַז ער וויס ניט פון וואָס צו זאָגען, און ער האָט גלייך אוועקגעשיקט שלוחים ברייננגען קוואוּפּאָפּאָקאַ׳ן. קאָרטעס האָט כלומרשט אויסגעדריקט צו־פריעדענהייט און געזאָגט, אַז ער גלויבט מאָנטעזומאַ׳ס ווערטער, אָבער אַז עס איז נויטיג, אַז דער שפּאַנישער קעניג זאָל אויף זיין איבערצייגט אין זיין אונשולד, און אַז דעריבער פאָדערט ער דאָס פאָלגענדע:

איידער קוואוּפּאָפּאָקאַ וועט געבראַכט ווערען צו זיין שטראָף, זאָל מאָנטעזומאַ זיך בעזעצען ביי קאָרטעס׳ען. דאָס וועט דיענען אַלס בעווייז, אַז ער איז אַ פריינד פון דיא שפּאַניער.

מאָנטעזומאַ איז געוואָרען בלאַס און רויט פון כעס. ער האָט זיך אָבער קאָנטראָלירט, און בלויז געזאָגט מיט אַ טאָן פון בעליי־דיגונג: „וואו איז דאָס געהערט געוואָרען אַז אַ מענש אין מיין לאַגע זאָל פערלאָזען זיין וואוינונג און אליין זיך איבערגעבען אין דיא הענד פון פרעמדע מענשען אַלס זייער געפאַנגענער?“ קאָרטעס האָט איהם פערזיכערט, אַז ער וועט ניט זיין קיין געפאַנגענער, אַז ער וועט נור ענדערען זיין וואוינונג, אַזוי אָבער וועט ער האָבען אַרום זיך זיינע דיענער און לעבען פונקט וויא פריהער.

קאָרטעס האָט מיט זיך גענאָט בלויז אַ מאַן דרייסיג, ווערענד מאָנטעזומאַ איז געוועזען ביי זיך אין דער היים. דאָך האָט מאָנטע־זומאַ גע׳טענה׳ט, געבעטען זיך, געפּרופט זיך אָבקויפען מיט מתנות. דאָס ווייזט וויא גרויס עס איז געוועזען זיין שרעק פאַר דיא אונבע־קאַנטע מאַכט וואָס האָט זיך פּלוצלונג בעוויזען אין מעקסיקאָ, — דיא מאַכט וועלכע זיין אַבערגלויבען האָט איהם פאָרגעשטעלט אין אַלערליי משונה׳דיגע געשטאַלטען. ער האָט אי יע געוואוסט, אַז דיא ווייסע זיינען געוועהנליכע מענשען פון פלייש און בלוט, אי ניט געוואוסט. זיי האָבען פּאָרט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זיי זיינען הימעל־מענ־שען. ניט יעדער אַצטעק וואָלט זיך אָבער געפיהלט וויא מאָנטעזומאַ.

קיין פעסטען כאַראַקטער האָט דער מלחמה־הויפּטמאַן יעדענפאַלס ניט געהאַט.

„ווען איך זאָל זיך ביי דיר בעזעצען, וועט מיין פאָלק זעהר ניט וועלען ליידען, וואָס איך טראָג איבער אַזאַ בעליידיגונג“ — האָט ער זיך געבעטען — „איך וועל דיר אַלס משכן געבען איינעם פון מיינע זיהן און איינע פון מיינע טעכטער, ביז מיין אונשולד וועט בעוויזען ווערען“.

צוויי שטונדען זיינען אַוועק אין דיעזען געשפּרעך צווישען מאָנ־טעזומאַ׳ן און קאָרטעס׳ען. איינער פון קאָרטעס׳עס אָפיציערען, וועלאַסקעץ דע לעאָן, איז אַרויס פון געדולד. „מיר פערלירען צייט“, — האָט ער אויסגעשריען אויף שפּאַניש — „מיר שטעלען נור זיך אַליין אין געפאַהר. לאָמיר דעם ווילדען נפש אַ נעהם טהאָן, און אויב ער וועט זיך ניט לאָזען, לאָמיר איהם מכבד זיין מיט אונזערע שווערדען, און אַ סוף“.

מאָנטעזומאַ האָט נאַטירליך ניט פערשטאַנען וואָס דער שפּאַניער זאָגט, אָבער דע לעאָן׳ס בייזער קוק און מינע האָבען איהם דער־שראָקען.

„וואָס זאָגט ער?“ — האָט ער געפרעגט ביי מאַרינאַ׳ן, וועלכע האָט דיא שפּאַניער בעגלייט אַלס דאָלמעטשערין.

— בעסער געה מיט דיא וויסע מענשען — האָט זיא געענט־פערט מיט אַ טאָן פון פריינדליכקייט און געבעט. — זיי וועלען דיר אויף זייער קווארטיר בעהאַנדלען אויפ׳ן בעסטען אָרט. אויב אָבער דוא וועסט זיי גלייך ניט פאָלגען, איז דיין לעבען אין געפאַהר.

ער האָט אין גאַנצען פערלאָרען זיין מוטה. זעהענדיג זיך אַרומ־גערינגעלט פון דיא בעוואפענטע, בייזע וויסע מחבלים, איז ער אַזוי אַראָפּגעפאַלען ביי זיך, אַז ער האָט מעהר אפילו ניט געסמייעט צו טענה׳ן. ער איז אויף אַלץ מרוצה געוואָרען, אַזוי וויא אַ הילפלאָזע קינד. ווען דיא מיטגליעדער פון זיין סוויטע האָבען זיך דערוואוסט, וואָס דאָ טהוט זיך, זיינען זיי ערשטוינט געוואָרען. זיי האָבען זייערע אויערען ניט געוואָלט גלויבען. מאָנטעזומאַ האָט זיי אָבער פערזי־כערט, אַז ער געהט זיך בעזעצען ביי דיא שפּאַניער מיט זיין גוטען ווילען. ער האָט דאָס געטהאָן אום צו פערבאָרגען דעם פאַקט, אַז ער איז אַ געפאַנגענער; און דיא אַנדערע עלסטע פון דיא אַצטעקען

האָבען איהם אפשר געגלויבט אויך; אָבער זייער איבעראַשונג איז פון דעם ניט פערקלענערט געוואָרען. און פונקט אַזוי זיינען איבעראַשט געוואָרען דיא געוועהנליכע איינוואוינער פון שטאָדט, ווען זיי האָבען געזעהן, וויא מען טראָגט איהם דורך דיא גאַסען מיט אַ וואך פון שפּאַנישע סאָלדאַטען. מען האָט איהם געטראָגען מיט פּאַראַד, אויף זיין געוועהנליכען שטוהל. אָבער זיין סוויטע איז געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, און דיא בעוואפענטע שפּאַנישע וועכטער האָבען איהם ארומגערינגעלט וויא אַ געפאַנגענעם. דער עולם האָט גענומען מורמלען; אומעטום האָט זיך געהערט אַ בייזער געשריי, אַז דיא שפּאַניער נעהמען מאָנטעזומאַ׳ן אין פלען. נאָך אַ מינוט, און עס וואָלט זיך צופלאַקערט אַ פאָלקס־אויפשטאַנד און פון אַלע שפּאַניער וואָלט קיין שריד ופליט ניט געבליבען. אָבער דאָ האָט מאָנטעזומאַ ווידער זיך אַריינגעמישט מיט זיין קינדערשען עהרע־געפיהל. ער אַליין האָט אויפגעפאָדערט דעם עולם זיך צו בערוהיגען און געהן אהיים, פערזיכערענדיג אַלעמען אַז ער בעזעצט זיך ביי קאָרטעס׳ען מיט זיין אייגענעם ווילען, ניט אַלס געפאַנגענער נור אַלס פריינד..

אויף קאָרטעס׳עס קווארטיר האָט מען איהם כלומרשט אויפגענומען מיט גרויס כבוד. מען האָט איהם אָבגעגעבען עטליכע פון דיא שעהנסטע צימערען, בעזאָרגט איהם מיט דיא בעסטע אצטעקישע בעט־געוואַנד, קאַווייאָרען (קארפעטס), פעדער־מאַטעריעס; מען האָט איהם געלאָזען האָבען ביי זיך זיין סוויטע, זיינע בעדיענטע, זיינע פרויען. קורץ, מען האָט איהם געלאָזען פיהרען זיין געוועהנליכען לעבען מיט אַלע צערעמאָניעס, צו וועלכע ער איז געוועהנט געווען. דיא שפּאַניער אַליין האָבען זיך צו איהם כלומרשט פערהאַלטען וויא צו אַ קעניג. אָבער פון דרויסען איז ביי זיין וואוינונג אימער געשטאַנען אַ וואך פון 120 שטאַרק בעוואפענטע שפּאַניער, זעכציג פון פאָרענט און זעכציג הינטער דער הויז. און אַיין אַנדער וואַך, אונטער וועלאַסקעץ דע לעאָן׳ס קאָמאַנדע, האָט זיך אימער געפונען אין דעם פאָדער־צימער פון זיין קווארטיר.

דער מעקסיקאַנער עולם האָט צו דייטליך געזעהן, אַז זייער מלחמה־הויפּטמאַן איז איינפאַך אַרעסטירט, — אַרעסטירט פון אַ הייפעלע פרעמדע מענשען ביי זיך אין דער היים. מאָנטעזומאַ האָט אָבער

געפאָדערט אַז מען זאָל קיין זאַך ניט טהאָן, און מען האָט קיין זאַך ניט געטהאָן.

מען האָט געבראַכט קוואַופּאָפּאָקאַ'ן. דעם גאַנצען וועג האָט מען איהם געטראָגען אויף אַ שטוהל, אַלס עלסטען; אָבער ווען מען האָט איהם אַריינגעפיהרט אין מאַנטעזומאַ'ס צימער, האָט ער איבער זיינע שעהנע קליידער ארויפגעוואָרפען אַ מאַנטעל פון פּראָסטע מאַטעריע, — וויא דיא מאָדע איז געווען, ווען אַן אַצטעק האָט זיך געבוקט פאַר דעם מלחמה־הויפּטמאַן. מאָנטעזומאַ האָט דיא אַנגעלעגענהייט איבערגעגעבען צו קאָרטעס'ען, אַז ער זאָל אַליין אונטערזוכען און פּסק'ענען. ווען קאָרטעס האָט קוואַופּאָפּאָקאַ'ן גענומען אויפ'ן פערהער, האָט יענער זיך ניט פערטהיידיגט און ניט ארויפגעוואָרפען דיא שולד אויף מאָנטעזומאַ'ן. ער האָט זיך געהאַלטען מיט מוטה, רוהיג, רעדענדיג זעהר ווייניג. ער האָט זיין שיקזאַל ערוואַרט געלאַסען, קאַלטבלוטיג.

קאָרטעס האָט איהם פעראורטהיילט פערברענט צו ווערען לעבעדיגערהייט — איהם און פופצעהן אַנדערע אַצטעקען, וועלכע האָבען אַנטהייל גענומען אין דעם מאָרד פון דיא צוויי שפּאַניער און וועלכע מען האָט צו מאָנטעזומאַ'ן געבראַכט צוזאַמען מיט קוואַופּאָפּאָקאַ'ן. דעם פייער האָט קאָרטעס בעשלאָסען צו מאַכען פון אַ באַרג הילצערנע פיילען־בויגענס, הילצערנע שפּיזען און אַנדערע מעקסיקאַנישע געוועהר, וואָס האָבען זיך געפונען אין דעם אַרסענאַל לעבען דעם גרויסען טעמפּעל; און מאָנטעזומאַ אַליין האָט געהייסען אַז מען זאָל איהם ערלויבען דאָס צו נעהמען פון דאָרטען. אויף דיעזען אָרט האָט קאָרטעס פערניכטעט דיא געוועהר מיט וועלכע דיא אַצטעקען וואָלטען געקענט קעמפּפען געגען איהם מיט זיין אַרמיי.

בשעת מען האָט געמאַכט דיא הכנות צו קוואַופּאָפּאָקאַ'ס טוידט, איז קאָרטעס אַריין צו מאָנטעזומאַ'ן צוזאַמען מיט אַ שפּאַנישען סאָלדאַט, וועלכער האָט געטראָגען אַ פּאָר אייזערנע קייטען אין דיא הענד; מיט אַ בייזע מינע האָט ער דעם געפאַנגענעם מלחמה־האַרר ערקלערט, אַז וויא דיא אונטערזוכונג האָט בעוויזען, איז ער, מאָנטעזומאַ, שולדיג אין קוואַופּאָפּאָקאַ'ס פערברעכען (הגם דיא אונטערזוכונג איז געווען ניט מעהר וויא אַ פּוסטער אָנשטעל און האָט קיין זאַך ניט בעוויזען). ער האָט מיט איהם גערעדט שטרענג, און געענדיגט מיט דעם וואָס ער

האט דעם סאלדאט געהייסען איהם שמיעדען אין דיא קייטען. דא האט מאנטעזומא פערלארען זיין לעצטען ברעקעל מוטה. ער האט זיך געלאזען שמיעדען, אזוי וויא א לעמעלע, און דערנאך איז ער געבליעבען זיצען שטיל, וויא א ניעדערגעשלאגענער, פון צייט צו צייט ארויסלאזענדיג א זיפץ אדער א קרעכץ. דיא אצטעקען פון זיין סוויטע האבען געוויינט קוקענדיג אויף איהם, זיי האבען איהם געגלעט זיינע געשמידטע פיס און אונטער דיא קייטען אריינגערוקט דיא ברעגעם פון זייערע שאלען, כדי די אייזען זאל ניט רייבען זיין פלייש.

דערווייל איז אויף דרויסען פארגעקומען דיא היגריכטונג פון דיא זעכצעהן מעקסיקאנער. דיא סצענע איז געווען שטארק בעוואכט פון דיא שפאניער, אבער דיא פאלקסמאסען האבען אפילו ניט אנגעהויבען דענקען וועגען שטערען זיי. דיא פעראורטהיילטע האבען בע־געגענט זייער שרעקליכען טוידט מיט שטילע רוהיגקייט, וויא אלע אינדיאנער פלעגען זיך האלטען, ווען מען האט זיי געטוידט אדער אזוי אנגעטהאן דיא גרעסטע יסורים.

ווען דיא בלוטיגע צערעמאניע איז געווען געענדיגט, איז קארטעס ווידער אריין צו מאנטעזומא׳ן און האט פון איהם אראבגענומען דיא קייטען. פאר איהם איז געגוג געווען איהם צו ערניעדריגען, צו צוברע־כען זיין גייסט, אין איהם איינצואווארצלען דעם געדאנק, אז ער קען מיט איהם טהאן וואס ער וויל.

ביסלעכווייז איז מאנטעזומא צוגעוואוינט געווארען צו זיין לעבען אין געפענגנים, ווארום דיא שפאניער האבען איהם געזעהען צו פער־שאפען אלערליי פערגעניגען, און זיינע אייגענע מענשען האבען איהם בעדיענט, אדער אפט בעזוכט, אבגעגעבען כבוד און ערפילט זיין יעדען וואונש; אלס מלחמה־הויפטמאן האט ער איבער זיין לאנד געהאט דיא זעלבע דעה וויא פריהער. און זיצענדיג אין געפענגנים האט ער ביי זיין פאלק געשפיעלט דיא זעלבע ראלע וויא אימער. אפט האט ער דיא צייט פערבראכט מיט דיא שפאנישע אפיציערען. ער האט מיט זיי געשפיעלט אין „טאטאלאק“, אן אצטעקישער שפיעל מיט באללען. ער האט ליעב געהאט צו זעהן וויא מען מוסטירט דיא שפאנישע סאלדאטען, און דורך דיא דאלמעטשערס פלעגט ער אויס־פרעגען וועגען אלץ וואס ער האט געזעהן ביי זיי. א חוץ דיא צוויי

דאָלמעטשערס, וואָס קאָרטעס האָט געהאַט פון פריהער — מארינא און אגווילאַר, איז איצט געווען א דריטער, א יונגער שפּאַניער מיט'ן נאָמען ארטעגווילא, וועלכען קאָרטעס האָט געגעבען מאָנטעזומא'ן אלס קאמערדיענער. זייענדיג שטענדיג ביי דעם געפאַנגענעם, האָט ארטעגווילא זיך אויסגעלערענט מעקסיקאַניש.

פון דיא אָפּיציערען איז מאָנטעזומא'ן הויפּטזעכליך געפעלען געווען וועלאסקעץ דע לעאָן און פּעדראָ דע אלווארא͏דאָ. אלווארא͏דאָ'ן פלעגט ער רופען „טאָנאַטיוה" דאָס הייסט „דיא זונן"; אזוי האָבען דיא אצטעקען איהם א נאָמען געגעבען צוליעב זיינע בלאָנדע האָר און ווייסע, שיינענדע געזיכט.

מיר האָבען געזאָגט, אז דיא שפּאַניער האָבען מאָנטעזומא'ן בע־האַנדעלט זעהר גוט. א מאָל פלעגט זיך מאכען אן אויסנאהמע, אבער דאן פלעגט קאָרטעס זיך סטארען דאָס צו פערגלעטען. איין מאָל, צום ביישפּיעל, האָט א פּראָסטער שפּאַנישער סאָלדאט צו איהם גערעדט מיט בייזע, גראָבע רייד, געשריען אויף איהם. דאָס האָט איהם דער־מאָנט אָן זיין טרויעריגע לאגע און איהם האָבען זיך געשטעלט טרערען אין דיא אויגען. ווען קאָרטעס האָט זיך דערוואוסט פון דער געשיכטע, האָט ער דעם סאָלדאט געהייסען הענגען; אבער מאָנטעזומא אליין האָט געבעטען מען זאָל איהם שענקען, און אנשטאט הענגען האָט מען דעם שולדיגען בלויז אָבגעשמיסען. אזא גוטהערציגקייט האָט מאָנטע־זומא אימער ארויסגעוויזען. דער ניט־ציוויליזירטער געצענדיענער איז געווען פיעל מענשליכער וויא דיא ציוויליזירטע קריסטען, וואָס האָבען איהם געהאלטען אין געפאַנגענשאַפט. אויך האָט ער געהאַט פיעל ווענינער גאָלד־דורשט וויא זיי. אָפט פלעגען זיי צו'גנב'ענען עפּעס פון זיינע ציערונגען אָדער אנדערע זאכען. אבער ער פלעגט זיי דער־נאָך דאָס אליין הייסען האלטען, און זיי נאָך אלע ווייטע אליין שענקען מתנות. ווען ער פלעגט געווינען אין דעם באַלל־שפּיעל מיט דיא אָפּיציערען, פלעגט ער זיינע געווינסען אוועקגעבען דיא שפּאַנישע סאָלדאטען.

איין מאָל האָט מאָנטעזומא געבעטען קאָרטעס'ען, אז ער זאָל איהם ערלויבען צו בעזוכען דעם גרויסען טעמפּעל, און דאָרטען צו בוקען זיך פאר זייערע געטער. קאָרטעס האָט דיא ביטע בעטראכט און ענדליך האָט ער דיא ערלויבניס געגעבען, אבער מיט דעם תנאי,

אז ער זאָל אהין געהן מיט א הונדערט פופציג בעוואפענטע שפאניער; און דערביי האָט ער איהם שטרענג געוואָרענט, אז אויב ער וועט פרופען אנטלויפען, וועט מען איהם טוידטען אויפ'ן אָרט. מאָנטעזומא האָט אָבער ניט געפּרופט אנטלויפען. נאָך דעם וויא ער האָט געענדיגט זיין גאָטעס־דיענסט אויף דער גרויסער טעאָקאללי, וואו דיא גלחים האָבען איהם עמפּפאנגען מיט גרויס כבוד, האָט ער זיך אומגעקעהרט אין געפענגנים אויף דער שפאנישער קווארטיר.

א פּאָר מאָל האָט מען איהם אויך גענומען אויף געיעג, אין דיא וועלדער אויף יענער זייט אָזערע. דאָס איז געווען זיין גרעסטער פערגניגען. אהין האָבען דיא שפאניער איהם גענומען אויף איינע פון צוויי קליינע שיפען, וועלכע זיי האָבען אויסגעבויט זינט זיי האָבען זיך בעזעצט אין טענאָכטיטלאן. וועגען דעם צוועק, צו וועלכען קאָר־טעס האָט דיזע שיפען געלאָזט בויען, וועלען מיר באלד רעדען. פאָר־לויפיג האלטען מיר ביי מאָנטעזומא'ס לעבען אין פלען.

וויא מיר זעהען, איז דיזער ווייכער, כאראקטערלאָזער אצטעק צוגעוועהנט געוואָרען צו זיין לאגע און האָט אין איהר געפונען געגוג טרייסט און פערגניגען. און דיא אנדערע עלסטע פון זיין שבט האָבען געשוויעגען ווייל ער האָט געשוויגען. אָבער ניט אלע. איין עלסטער, מאָנטעזומא'ס פלעמעניק קאקאמא, דערזעלבער יונגער־מאן, וועמען מאָנטעזומא האָט געשיקט עמפּפאנגען דיא שפאניער, ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דער שטאדט, האָט זיך ניט געקענט בערוהיגען. ער האָט געהאט א פיעל שטארקערען כאראקטער וויא זיין אָנקעל. דיא בלוט האָט אין איהם געקאָכט געגען דיא חוצפה פון דיא הייפעלע ווייסע; ער האָט ניט אויפגעהערט צו פלאנעווען וויא אזוי צו מאכען א סוף צו זייער הערשאפט. ער האָט געפּרופט ווירקען אויף מאָנטע־זומא'ן, אז ער זאָל זיך ניט אזוי אָבלאָזען, אז ער זאָל ארויסווייזען מעהר זעלבסט־רעספּעקט און הייסען דיא אצטעקישע מלחמה־מענשען זיך שטעלען געגען דיא אונגעבעטענע געסט; זיינע רייד זיינען אָבער געווען אומזיסט; און ווען ער האָט זיך געווענדעט צו דיא אנדערע עלסטע, האָבען זיי געענטפערט, אז זיי זיינען מיט איהם איינפער־שטאנען, אָבער אז אָהן דעם מלחמה־הויפּטמאן'ס ערלויבנים וועלען זיי קיין אויפשטאנד ניט מאכען. קאָרטעס האָט געשיקט רופען קאקאמא'ן צו זיך, יענער איז אָבער ניט געקומען. קאָרטעס האָט דאן איהם

געהייסען איבערגעבען מיט שטרענגע ווערטער, אז ער שפּיעלט זיך מיט פייער. ער האָט איהם געסטראַשעט אין דעם נאָמען פון דעם שפּאַנישען קעניג, אלס הערשער איבער דיא מעקסיקאַנער (וואָרום מאָנטעזומאַ האָט שוין דיעזע אויבער־הערשאַפט פון דעם שפּאַנישען טהראָן אנערקענט אָפיציעל, מיט אַ גאַנצע צערעמאָניע). קאַקאַמאַ האָט אָבער אָבגעענטפערט מיט נאָך שטרענגערע ווערטער, אז פון אזא הערשער וויים ער ניט און וויל ניט וויסען. קאָרטעס האָט דאַן מאָנטעזומאַ'ן געהייסען, אז ער זאָל שיקען נאָך זיין פּלעמעניק אין זיין נאָמען, און דער אונגליקליכער מלחמה־הויפּטמאַן האָט געפאָלגט.

„געהט זאָגט מיין אָנקעל, אז ווען איך וועל שוין זיין בערייט צו קומען נאָך דער הויפּטשטאַדט, וועט דאָס זיין מיט דעם צוועק צו בעפרייען דיא שטאָדט, איהם, מיין אָנקעל און אונזערע געטער, פון זייער יעצטיגער קנעכטשאַפט; איך וועל קומען, אבער מיט מיין האַנד ניט אין בוזים, וויא אַן אונטערטהעניגער, נור אויף מיין שווערד; ארויסטרייבען דיא פרעמדע וועל איך קומען, דיא פרעמדע וואָס האָבען אונזער לאַנד צו אזאַ שמאַך און שאַנדע געבראַכט."

עטליכע פון דיא עלסטע זיינען געוועזען געניינגט צו אַן אויפשטאַנד, אזוי וויא קאַקאַמאַ, אבער זיי האָט מען גלייך געפאַנגען, אויף דעם בעפעהל, וועלכען קאָרטעס האָט געהייסען מאָנטעזומאַ'ן ארויסגעבען. בלויז צו קאַקאַמאַ'ן האָט מען ניט געקענט צוקומען. מאָנטעזומאַ האָט אָבער קאָרטעס'ען געהאָלפען אונטערקויפען אייניגע אַצטעקען פון קאַקאַמאַ'ס קרייז, און דורך זיי האָט מען דעם בראַווען יונגען קאַסיק ארייננגענאַרט אין אַ פּלאַץ, וואו מען האָט איהם אויך געפאַנגען.

קאָרטעס האָט זיך איצט געפיהלט זיכער, און זיך גענומען אינ־טערעסירען מיט דער פראַגע וויא אזוי צוזאַמענצונעהמען וואָס מעהר גאָלד אי פאַר זיך מיט זיינע אָפיציערען און סאָלדאַטען, אי פאַר דעם קעניג פון שפּאַניען. וואָס מעהר גאָלד ער וועט שיקען צו דער שפּאַני־שער קרוין, אַלץ מעהר תקיף וועט ער ווערען און אַלץ ווענינער וועט ער דאַרפען מורא האָבען פאַר וועלאַסקעז'ען, דעם גובערנאַטאָר פון קובאַ. ער האָט דעריבער מאָנטעזומאַ'ן און דיא אַנדערע אַצטעקישע עלסטע, וואָס ער האָט געהאַלטען אין געפאַנגענשאַפט, געגעבען צו פערשטעהן, אז ער פערלאַנגט פון זיי, דאָס זיי זאָלען ארויסשיקען איבער'ן לאַנד זייערע צינזען־זאַמלער און צוזאַמעננעהמען אַ גרויסע

מתנה פאר דעם שפּאנישען קעניג. דאָס איז נויטיג אום צו ווייזען איהם זייער טרייהייט, האָט ער ערקלערט. און אזוי איז געווען: דיא צינזען־זאמלער, בעגלייט מיט א היבשע צאָהל שפּאניער, זיינען געגאנגען איבער דיא שטעדט און דערפער פון מעקסיקאָ און האָבען געפאָדערט גאָלד און זילבער פאר דער שפּאנישער קרוין. אין עטליכע וואָכען ארום זיינען זיי געקומען צוריק מיט א גרויסע מאסע פון דיא טהייערע מעטאלען, קאָסטבארע געוועבען און פערשיעדענע אנדערע זאכען. צו דעם האָט מאָנטעזומא צוגעלעגט דיא אוצרות, וואָס זיינען געלעגען הינטער דער אויבענדערמאָנטער פערבאָרגענער עפנונג אין א וואנד פון דער יעצטיגער שפּאנישער קירכע. ווען מען האָט דאָס אלץ צוזאמענגעבראכט אינאיינעם, איז פון דיא גאָלד אליין געווען דריי גרויסע בערג. טהיילווייז איז דאָס בעשטאנען פון שטיקלעך אָדער שטאבעס. עס איז אבער געווען א סך מעהר אויסגעארבייטע זאכען — ציערונגען, בעפּוצונגען, פיגורען פון פויגלעך, פליגען, זשוקעס, בלומען. דיא ארבייט איז געווען אויסגעצייכענט. אויך האָט זיך דאָרטען געפונען א מאסע גאָלדענע קראגענס, בראסלעטען, שטעקענס, פאָכערס און פערשיעדענע אנדערע זאכען פון גאָלד, רייך־קאָלירטע פעדערען, פעריל און טהייערע שטיינער.

דיא שפּאנישע סאָלדאטען האָבען דאָס אלץ בעקוקט מיט זשעדנע אויגען. זייער גאָלד־דורשט האָט זיך אין זיי פאנאנדער־געברענט. זיי האָבען גענומען פאָדערען, אז מען זאָל דעם אוצר גלייך צוטהיילען צווישען זיי. מען האָט געשיקט נאָך דיא אצטעקישע גאָלדשמיעדען, און זיי האָבען דיא גרעסערע גאָלדענע און זילבערנע כלים צושמאָלצען אום עס זאָל זיין גרינגער דאָס צו צוטהיילען. דיא שעהנערע זאכען אבער, דיא וואָס זיינען געווען קונציג געמאכט, האָט מען איבערגעלאָזען אזוי, אום צו ווייזען אין שפּאניען וואָס פאר א מערקווירדיגע לאנד קאָרטעס האָט ענטדעקט און איינגענומען. ווען עס איז געקומען צום טהיילען זיך, איז געווען זעהר שווער זיך צו בעגעהן אָהן וואָג. וואָרים דיא אצטעקען האָבען דאָך פון קיין וואָג ניט געוואוסט, וויא מיר האָבען שוין בעמערקט. מען האָט געמוזט ספּעציעל מאכען וואָגשאָלען מיט וואָג, און עס פערשטעהט זיך, אז זעהר פּינקטליך זיינען זיי ניט ארויס־קומען.

ווען דאָס איז פארטיג געוואָרען האָט מען זיך גענומען צום אָב־

וועגען דיא אָנגעראַבעוועטע עשירות. פריהער פון אַלץ האָט מען אָבגעשטעלט אַ פינפטעל פון דעם גאַנצער מאַסע — דיא פינפטעל וואָס האָט בעלאַנגט צו דער שפּאַנישער קרוין נאָכ'ן געזעץ נאָך. אין סך הכל האָט דער גאַנצער אוצר בעטראָפען ביי זעקס מיליאָן מיט דריי־הונדערט טויזענד דאָלאַר אויף היינטיגע אַמעריקאַנער געלד, וויא פערסקאָטט רעכענט אויס. דאָס איז געוועזן אַ פיעל קלענערע סומע וויא דיא, וואָס דיא שפּאַניער האָבען עטליכע יאָהר שפּעטער אָנגערויבט אין פּערו, וויא מיר וועלען זעהען. אָבער אין יענע צייטען האָבען וועניגע פון דיא אייראָפּעאישע קעניגע געהאַט אפילו אַזאַ אייגענס אין גאָלד און זילבער.

נאָך דעם וויא מען האָט אַראָבגענומען דער קרוין'ס פינפטעל, האָט מען פונקט אַזאַ סומע אָבגעזונדערט פאַר קאָרטעס'ען אַלס קאָמאַנ־דיר; דאַן האָט מען אַראָבגערעכענט אַ גרויסע מאַסע גאָלד פאַר קאָרטעס'ען און דעם גובערנאַטאָר פון קובאַ אַלס געצאָהלט פאַר דאָס וואָס דיא עקספּעדיציע האָט אָבגעקאָסט. אויך האָט מען אַראָבגענומען אַ געוויסע סומע פאַר דיא אָפיציערען און סאָלדאַטען וואָס קאָרטעס האָט איבערגעלאָזט אין ווערא־קרוץ. גרויסע סומען האָט מען בעשטימט פאַר דיא וויכטיגסטע אָפיציערען וואָס זיינען איצט געוועזן צוזאַמען מיט קאָרטעס'ן.

ווען מען האָט פון דיא קופּעס גאָלד און זילבער דאָס אַלץ אַראָבגענומען, איז געבליבען ניט מעהר וויא צו זיעבען, אַכט הונדערט דאָלאַר פאַר אַ פּראָסטען סאָלדאַט און צו צוויי מאָל אַזוי פיעל פאַר דיא רייטער און דיא שיסער. עס איז געוואָרען אַ גערודער. עטליכע פון דיא סאָלדאַטען האָבען זיך ענטזאַגט צו נעהמען אַזאַ קליינעם חלק. זיי און אַנדערע האָבען געשריען אַז קאָרטעס מיט זיינע אָפיציערען בעראַבעוועט זיי. דערצו נאָך האָט אַ בעאַמטער, וואָס האָט פערטראָטען דיא אינטערעסען פון דער שפּאַנישער קרוין, זיך צוקריעגט און צושלאָגען מיט וועלאַסקעץ דע לעאָן'ען איבער געוויסע שטיקער גאָלד.

ענדליך האָט קאָרטעס פאַר דער אַרמיי געהאַלטען איינע פון זיינע ווירקזאַמע רעדעס. זיינע צוהערער, וועלכע זיינען דאָס רוב געווען לייכטזיניג ווי קינדער, וויא דאָס רוב אַוואַנטוריסטען, האָבען זיך געלאָזט איבעררייד'ען, און עס איז ווידער שטיל געוואָרען. אין גרונד

גענומען איז פאַר זיי געווען אַ קנאַפּער אונטערשיעד וויפיעל אויף זייער חלק איז אויסגעקומען, וואָרים זיי האָבען זיך גלייך גענומען שפּיעלען אין קאָרטען און דיא גאָלד איז אויף גיך איבערגעגאַנגען פון איין קעשענע אין דיא אַנדערע. אַזוי וויא קיין קאָרטען האָבען זיי ניט געהאַט, האָבען זיי דאָס געמאַכט פון דיא פּאַרמעט פון אַלטע פּויקען; אָט מיט דעם האָבען זיי זיך אַוועקגעלאָזט שפּיעלען טאָג און נאַכט ביז פיעלע פון זיי זיינען געבליבען אַזוי אָרים וויא פאַר דער חלוקה.

אַלץ איז געגאַנגען וויא געוואונשען. מעהר ניט איין זאַך איז נויטיג געווען צו מאַכען דיא שפּאַנישע עראָבערונג פאַר אַ פאָלשטענ־דיגע: אַרויסצוטרייבען דיא מעקסיקאַנישע רעליגיאָן, און צו „בעקעה־רען“ דיא אַצטעקען צום קריסטענטהום. קאָרטעס האָט געוואוסט, אַז דאָס וועט איהם זיין פיעל שווערער אויסצופיהרען וויא אַלע זיינע אַנדערע פּאָדערונגען. ער האָט זיך אָבער דערצו גענומען מיט זיין געוועהנליכען אייזערנעם ווילען, און, אַביסעל מיט גוטען, אַביסעל מיט סטראַשונקעס, האָט ער גע'פּועל'ט ביי מאָנטעזומאַ'ן, אַז מען זאָל איהם ערלויבען צו מאַכען אַ קירכע אויבען אויף דער גרויסער טעאקאללי אין איינע פון דיא הייליגע הייזער, וואָס דאָרטען זיינען געשטאַנען. ווען ער איז אַהין געקומען, מיט אַ געוויסע צאָהל אָפיציערען און סאָלדאַטען, האָט ער ווידער מיט דיא אַצטעקישע פּריסטער פערצויגען אַ ויכוח וועגען זייערע געטער. זיי זיינען געבליבען ביי דאָס זייעריגע, אַז זייער רעליגיאָן איז גוט פאַר זיי, אַז זיי דאַרפען קיין בעסערע ניט. ענדליך האָט ביי קאָרטעס'ען געפּלאַצט דיא געדולד און ער האָט גענומען שמעטערען און בראַזגען זייערע געצען און הייליגע כלים און דאָס אַלץ אַרויסוואַרפען פון דער הייליגער הויז, פון וועלכע ער האָט געמאַכט אַ קאַטהאָלישען קלויסטער. דיא געשיכטע האָט געמאַכט אַ שווערען איינדרוק. דער רויט־הויטיגער עולם האָט גענומען מורמלען. אַ שטורעם האָט זיך געקליבען איבער קאָרטעס'עס קאָפּ.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מאָנטעזומאַ זיך צו איהם געווענ־דעט מיט אַ פריינדליכען ראַטה, אַז ער זאָל וואָס גיכער פערלאָזען דיא שטאָדט. „מיין פאָלק איז אויפגעבראַכט“ — האָט ער געזאָגט. — „דו מיט דיינע מענשען זיינען אין גרויס געפאַהר. בעסער געהט זיך אייך פון דאַנען.“

קאָרטעס האָט פערשטאַנען, אַז מאָנטעזומאַ'ס רייד זיינען ניט קיין פּוסטע ווערטער. ער האָט דעריבער ניט אָבגעענטפערט מיט אַ בייזען טאָן, וויא געוועהנליך; נור געענטפערט, אַז מאָנטעזומאַ האָט טאַקע רעכט און אַז ער, קאָרטעס, איז בערייט גלייך אָבצורייזען מיט זיין אַרמיי; ער האָט אָבער ערקלעהרט, אַז דערצו מוז ער האָבען גרויסע שיפען, און אַז ער בעט נור מען זאָל איהם לאָזען דאָ פערבלייבען ביז ער וועט אויפבויען אַזעלכע שיפען. אַז ניט — האָט ער בעמערקט — וועט ער מוזען מיט זיך מיטנעהמען איהם, מאָנטעזומאַ'ן. דער מלחמה־הויפּטמאַן האָט זיך דערשראָקען און איז מרוצה געוואָרען צו וואַרטען ביז דיא שיפען וועלען פאַרטיג ווערען. מען האָט גלייך אַוועק־געשיקט שפּאַנישע שיף־בויער צוזאַמען מיט אַ גרויסע צאָהל אַצטעקען, וואָס זאָלען זיי העלפען אין דער אַרבייט. מען האָט זיי געשיקט נאָך וועראַ קרוץ, וואו דיא שיפען האָבען געזאָלט געבויט ווערען ביי'ן ים. קאָרטעס האָט כלומרשט געגעבען אַ בעפעהל, אַז דיא אַרבייט זאָל געטהאָן ווערען וואָס שנעלער; אָבער בשתיקה האָט ער געהייסען אַלץ פערציהען וואָס לענגער. ער האָט זיך געפיהלט אין שטענדיגער געפאַהר צו ווערען דער קרבן פון אַן אַצטעקישען פאָלקס־אויפשטאַנד. אָבער דאָס האָט איהם ניט אָבגעהאַלטען. זיינע סאָלדאַטען האָבען געשלאָפען אין זייערע פּאַנצירען און מיט זייערע געוועהר ביי'ן זייט. אַלץ איז שטענדיג געווען פאַרטיג צו אַ פערטהיידיגונג געגען אַן איבערפאַל.

אָבער באַלד האָט קאָרטעס זיך דערוואוסט פון אַ גאַנץ אַנדער זאָרט נייעס, וועלכע האָט איהם מעהר דערשראָקען וויא דיא געפאַהר בעפאַלען צו ווערען פון דיא אַצטעקען. דיא נייעס האָט איהם איבער־געגעבען מאָנטעזומאַ. דער אַצטעקישער מלחמה־הויפּטמאַן האָט פון ברעג ים ערהאַלטען אַ בילדער־שריפט, אַז עס זיינען אָנגעקומען 18 שיפען מיט אַ נייע שפּאַנישע אַרמיי. „איצט וועסטו שוין ניט דאַרפען בויען קיין שיפען, מאַלינציןן", האָט ער צו קאָרטעס'ען געזאָגט, מיינענ־דיג אַז ער דערפרעהט איהם מיט דעם. „עס זיינען אָנגעקומען אַ סך פון דיינע ברידער מיט 18 שיפען". דערביי האָט ער איהם געוויזען דעם בילדער־שריפט, אויף וועלכען עס זיינען געווען אויסגעמאָלען 18 שפּאַנישע שיפען און אַ סך סאָלדאַטען מיט פערד מיט האַרמאַטען, ביקסען און אַנדערע איינצעלהייטען. קאָרטעס און זיינע שפּאַניער האָבען זיך צוערשט ווירקליך דערפרעהט. אָבער באַלד האָבען זיי זיך

ארומגעזעהן, אז דיא פלאָטע קען גאָר זיין פון קובא, און אז דער דאָרטיגער גובערנאטאָר האָט דאָס געשיקט דיא ארמיי צו בעקעמפּפען קאָרטעס'ען.

לאָמיר ערקלעהרען וואָס דאָ איז געווען. אין א פריהערדיגען קאַפּיטעל האָבען מיר געזעהן, וויא קאָרטעס האָט פון ווערא קרוץ אוועקגעשיקט נאָך שפּאניען א שיף מיט צוויי אָפיציערען, פּ ו ע ר ט א־ק א ר ע ר א און מ אָ נ ט ע מ אָ, וועלכע ער האָט מיטגעגעבען א מאסע גאָלד און אנדערע זאכען פאר'ן קעניג. ער האָט זיי פערזאָגט אויסצומיידען דעם אינזעל, כדי דער דאָרטיגער גובערנאטאָר, דיעגאָ וועלאסקעז, זאָל זיי ניט קענען פערהאלטען. זיי האָבען אָבער ניט געפאָלגט און זיך דאָרטען יא אָבגעשטעלט. זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף דעם צפון־ברעג, און זיי זיינען באלד ווייטער געפאָהרען; אָבער דיא נייעס וואָס זיי האָבען דערצעהלט ועגען דעם וויא קאָרטעס הערשט איבער מעקסיקאָ, האָט זיך באלד פערשפּרייט. ווען זיי זיינען געקומען נאָך שפּאניען און מען האָט דאָרטען דערהערט וועגען דיא רייכע, הויך־ענטוויקעלטע לענדער, פון וועלכע זיי פאָהרען און וועגען דיא גאָלד, וואָס זיי האָבען פון דאָרטען געבראכט, האָט דאָס געמאכט כמעט אזא גערודער וויא קאָלומבוס'עס צוריקקומען נאָך דעם וויא ער האָט ענטדעקט אמעריקא. אָבער אין שפּאניען האָט זיך דאן גראד געפונען דיעגאָ וועלאסקעז'ס גלח, און ער האָט אויף קאָרטעס'עס שלוחים גלייך אָנגעגעבען א קלאגע, אז זיי זיינען בונטאָווסטשיקעס געגען דעם גובערנאטאָר פון קובא און געגען דער שפּאנישער קרוין. מען האָט דעריבער גלייך פערהאלטען זייער שיף מיט אלץ וואָס אויף איהר איז געווען.

אויף דעם שפּאנישען טהראָן איז דאן געזעסען קארל דער 5טער*).

*) אין שפּאניען האָט ער אייגענטליך געהייסען קארל דער ערשטער, און דאָרטען איז ער געווען בלויז קעניג. מיט א קורצע צייט פאר דעם אָנקומען פון קאָרטעס'עס שלוחים איז ער אָבער אויך געוואָרען קייזער פון דייטשלאנד, און אלס אזעלכער איז ער בעקאנט אין היסטאָריע מיט דעם נאָמען קארל דער 5טער. די שפּאנישע קרוין האָט ער גע'ירשן'ט דורך זיין מוטער, יאָאננא „דיא משוגענע“, דיא טאָכטער פון דער קעניגליכער פּאָר־פּאָלק פערדינאנד און איזאבעללא, וועלכע האָבען רעגיערט איבער שפּא־

ווען מען האָט איהם געבראַכט דיא אוצרות, וואָס קאָרטעס האָט איהם געשיקט — דיא גאָלדענע זאַכען און דיא פּרעכטיגע פעדער־געוועבען, וועלכע האָבען אַרויסגערופען אַזוי פיעל בעוואונדערונג, האָט ער זיך פּעראינטערעסירט; מען האָט געקענט ערוואַרטען אַז דערפון וועט אַרויסקומען אַ טובה פאַר קאָרטעס'ען, אַז ער וועט איהם אַנערקענען אַלס הערשער פון מעקסיקאָ, אונאַבהענגיג פון דעם גובערנאַטאָר פון קובאַ. צו קאָרטעס'עס אונגליק האָט אָבער געגען איהם געאַרבייט דער אויבענדערמאָנטער פאָנסעקאַ, דער ביטרער געוויסענלאָזער בעאַמטער, וואָס האָט געהאַט צו זאָגען איבער אַלץ וואָס איז געווען שייך צו אַמעריקאַ. פאָנסעקאַ'ס אַ פּלעמעניצע איז געווען פער'קנסט פאַר דיעגאָ וועלאַסקעץ, אַלזאָ האָט ער געגען דיא געסט גענומען אינטריגירען. דיא פראַגע האָט זיך פערצויגען. סיי ווי סיי איז ביי קאַרל דעם 5טען דער קאָפּ געווען פערנומען מיט אַנדערע זאַכען. ער האָט זיך איבערהויפּט ווענינ אינטערעסירט מיט זיין שפּאַנישע קעניגרייך. איהם איז אין זינען אַלץ געלעגען זיין דייטשע אימפּעריע, און ער איז פון שפּאַניען אַוועקגעפאָהרען, איבערלאָזענדיג דיא פראַגע אין דער לופטען.

אין קובאַ איז דיעגאָ וועלאַסקעץ דערווייל געוואָהר געוואָרען וואָס קאָרטעס האָט אויפגעטהאָן אין מעקסיקאָ, און ער האָט גלייך גענומען אָרגאַניזירען אַ פלאָטע מיט אַן אַרמיי זיך אָבצורעכענען מיט איהם פאַר וואָס ער ווייזט איהם ניט אַרויס קיין אונטערטהעניגקייט און שיקט זיין בעריכט מיט זיין גאָלד ניט צו איהם, נור דירעקט צום שפּאַנישען טהראָן. ער האָט אייגענטליך אַליין געוועלט פאָהרען אַלס קאָמאַנדיר פון דער עקספּידיציע, אום אַליין צו האָבען די פּראָפיטען

ניען, ווען קאָלומבוס האָט ענטדעקט אַמעריקאַ (זיי האָבען דאָס פון שפּאַניען אַרויסגעטריבען דיא אידען, וויא עס ווערט דערצעהלט אין דעם ערשטען באַנד פון דיעזען ווערק). אָבער פון זיין פאָטער'ס צד איז ער געווען אַן אייניקעל פון מאַקסימיליאַן דעם ערשטען, קייזער פון דייטשלאַנד, און פון איהם האָט ער דאָס גע'ירשן'ט דעם טהראָן פון דער דייטשער אימפּעריע. דיעזע דייטשע אימפּעריע פלעגט זיך דאַן אויך רופען „דיא הייליגע רוימישע אימפּעריע", וואָרים איהרע קיסרים האָבען געהאַט פּרעטענזיעס, אַז זייער הערשאַפט ציהט זיך בסדר פון דער פאַרצייטיגער אימפּעריע פון רוים.

און דיא עהרע אלס עראָבערער פון מעקסיקאָ. ער איז אָבער געיועןן צו דיק און איז געצוואונגען געווען דיא קאָמאַנדע איבערצוגעבען איינעם, נ אַ ר ו ו אַ ע ז'ע ן, אַ שפּאַנישען אדעליגען, וועלכער האָט איהם געהאָלפען „איינשטילען" (דאָס הייסט מוטשען און קוילען) דיא אינ־דיאַנער פון קובאַ. צוזאַמענצונעהמען שיפען און מענשען פאַר אַזאַ עקספּעדיציע איז איצט געווען זעהר לייכט, וואָרים דיא שפּאַנישע איינ־וואוינער פון קובאַ האָבען דאָך שוין געהערט וואָס פאַר אַ רייכע לאַנד מעקסיקאָ איז. מענשען האָבען זיך אַלזאָ אָנגעבאָטען פון אַלע זייטען, און דיא עקספּעדיציע איז געווען אָרגאַניזירט זעהר שנעל. דיא פלאָטע איז בעשטאַנען פון 18 שיפען, אייניגע גרעסער, אַנדערע קלענער, און די אַרמיי — פון ניין הונדערט מאַן. אַ חוץ דעם האָט מען מיטגענומען טויזענד אינדיאַנער. אַזאַ מעכטיגע און גרויסע פלאָטע האָט מען נאָך אין אַמעריקאַ ביז אַהער קיין מאָל ניט צוזאַמענגעשטעלט.

אינטערעסאַנט איז דערביי דאָס פאָלגענדע. וויא מיר האָבען געזעהן פון אָנהויב פון דיעזען באַנד, האָט קאָלומבוס'עס זוהן דיעגאָ, „דער אַדמיראַל", וויא מען האָט איהם גערופען, זיך אָפיציעל גערעכענט פאַר דעם הערשער איבער אַלע אינזלען וואָס זיין פאטער האָט ענט־דעקט. ער האָט זיך אַלזאָ גערעכענט איבער וועלאַסקעז'ען, פּונקט וויא וועלאַסקעז האָט זיך געהאַלטען פאַר אַן עלסטען איבער קאָר־טעס'ען. מיר האָבען אָבער שוין בעמערקט, אז אין אמת'ען איז דיעגאָ קאָלומבוס'עס דעה איבער דיא אינזלען געווען כמעט אַ פּוסטער קלאַנג. אין זיין הויפּטשטאדט סאַן דאָמינגאָ, אויפ'ן אינזעל היספּאַניאָלאַ, האָט זיך געפונען אַ מין קעניגליכע קאָמיסיע, און זיא האָט געהאַט דיא אמת'ע מאַכט. ווען דיעזע קאָמיסיע האָט געהערט וועגען נאַרוואַעז'עס עקספּעדיציע, האָט זיא נאָך קובאַ געשיקט איהרען אַ פאָרשטעהער צו פערבאָטען דיעזען קאַמפּף פון שפּאַניער געגען שפּאַניער — פון נאַר־וואַעז'עס מענשען געגען קאָרטעס'עס. וועלאַסקעז האָט אָבער ערקלערט אַז ער האָט זיין טיטעל דירעקט פון קעניג און אז דיא סאַן דאָמינגאָער קעניגליכע קאָמיסיע האָט איבער איהם קיין דעה ניט. דיעגאָ קאָלומבוס וויעדער האָט דאַן שוין ניט געסמייעט זיך אריינצומישען; ער האָט זיך בענוגענט בלויז מיט שטילע פּראָטעסטען, — אזוי וועניג ממשות האָט געהאַט זיין מאַכט אַלס אַדמיראַל פון דיא אינזלען, וואָס זיין פאָטער האָט ענטדעקט.

נארוואעז האָט זיך אַלזאָ מיט זיין גרויסע פלאָטע אַוועקגעלאָזען נאָך מעקסיקאָ. ער האָט זיך ארויסגעזעצט ניט ווייט פון ווערא קרוץ און דערנאָך האָט ער זיין קוואַרטיר געמאַכט אין סעמפּאָאַלאַ. אין ווערא קרוץ, וויא מיר ווייסען, האָט זיך געפונען אַ טייל פון קאָר־טעס'עס ארמיי; אַלזאָ האָט ער אַהין געשיקט דריי שלוחים צו לאָזען וויסען, אַז ער פאָדערט מען זאָל זיך איהם אונטערגעבען.

איבער קאָרטעס'עס דאָרטיגער ארמיי האָט אויפ'ן פּלאַץ פון דעם ערמאָרדעטען עסקאַלאַנטע איצט געקאָמאַנדעוועט דער אָפיציער גאָנ־זאָלאַ דע סאַנדאָוואַל, וועלכער האָט געהאָלפען פאַנגען מאָנטעזומאַ'ן. צו איהם אַלזאָ האָבען נאַרוואַעז'עס דריי שלוחים זיך געווענדעט מיט זייער קאָמאַנדיר'ס פאָדערונג. זיין אַנטוואָרט איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זיי גלייך אַרעסטירט און אַוועקגעשיקט מיט אַ וואַך צו קאָרטעס'ען צוזאַמען מיט אַ בריעף וועגען דער גאַנצער געשיכטע. קאָרטעס האָט זיי אָבער אויפ'ן שטעל בעפרייט. ער האָט זיי בעהאַנדעלט אויפ'ן פריינדליכסטען אופן און מיט זיינע קלוגע צוציהענדע רייד האָט ער זיי פערוואַנדעלט אין זיינע אנהענגער. אויף זייערע געפיהלען אַליין האָט ער זיך אָבער ניט פערלאָזען. ער האָט זיי איינפאַך אונטערגעקויפט מיט אַ היבשע סומע. דערצו נאָך האָבען זיי געזעהען דיא אוצרות, מיט וועלכע זיין אַרמיי האָט זיך צוטיילט, און ער האָט זיי געגעבען אָנצוהערענים, אַז זיי און דיא אַנדערע שפּאַ־ניער, וואָס וועלען זיין פריינדליך צו איהם וועלען אויך בעקומען עשירות.

מען דאַרף אויך בעמערקען, אַז נאַרוואַעז איז געווען אַ שטאָלצער, נאַרישער, אונפעהיגער און אונסימפּאַטהישער מענש און אַז זיינע אייגענע אָפיצירען און סאָלדאַטען האָבען איהם ניט ליעב געהאַט. קורץ, ווען קאָרטעס האָט דיא דריי אָפיציערען געשיקט צוריק צו זייער קאָמאַנדיר מיט אַ בריעף, זיינען זיי פון איהם אַוועק אַלס זיינע בעגייסטערטע פריינד; און ווען זיי זיינען געקומען נאָך נאַרוואַעז'ס לאַגער, האָבען זיי צווישען זיינע סאָלדאַטען פערשפּרייט דיא בעסטע נאַכריכטען וועגען קאָרטעס'ען.

קאָרטעס'עס בריעף איז געווען דיפּלאָמאַטיש געשריעבען, אין אַ זעהר פריינדליכען טאָן. נאַרוואַעז האָט אָבער נעפאָדערט ניט אַנ־דערש, אַז ער זאָל זיך גלייך אונטערגעבען.

קאָרטעס איז דאָ איצט געווען צווישען צוויי פייערן. בלייבען אין מעקסיקאָ האָט ער מורא געהאַט, וואָרים נאַרוואַעז וואָלט אהין געקומען מיט זיין אַרמיי און זיך פעראייניגט מיט דיא אַצטעקען געגען איהם. געהן, וויעדער, מלחמה האַלטען מיט נאַרוואַעז'ן אין סעמפּאָאַלאַ, וואָלט אויך קיין פּלאַן ניט געווען. ערשטענס האָט יענער אַ פיעל גרעסערע אַרמיי וויא ער, און צווייטענס — איין מאָל וועט ער, קאָרטעס, פערלאָזען דיא הויפּטשטאדט, וועט מען איהם אהין שוין צוריק ניט אַריינלאָזען. ער האָט געטראַכט, געטראַכט, און זיך ענדליך בעשלאָסען אויף אַ שריט, אויף וועלכען בלויז אַ מענש מיט אַזא טייפּלישען קוראַזש וויא זיינער וואָלט זיך געקענט אָדוואַזשען: ער וועט אין טענאָכטיטלאַן איבערלאָזען אַ טייל פון זיין אַרמיי, און מיט דיא איבריגע וועט ער געהן אויף נאַרוואַעז'ן, און וואָס וועט זיין, וועט זיין.

מאָנטעזומאַ'ן האָט ער געזאָגט, אַז נאַרוואַעז מיט זיין חיל זיינען בונטאָווטשיקעס געגען דער שפּאַנישער קרוין, און אַז ער מוז געהן זיי בעשטראָפען; ער האָט איהם ערקלערט, אַז אין דער הויפּטשטאדט לאָזט ער איבער זיין טרייען אָפיציער פּ ע ד ר אָ אַ ל וו אַ ר אַ ד אָ'ן מיט דיא גרעסערע טייל פון זיין אַרמיי, און אַז ער בעט איהם, מאָנטעזומאַ'ן, צו אַלוואַראַדאָ'ן צו זיין אַזוי פריינדליך וויא ער איז געווען צו איהם, צו קאָרטעס'ען, אַליין. און דער מלחמה־הויפּטמאַן פון דיא אַצטעקען האָט איהם צוגעזאָגט. ער האָט איהם דאָס צוגעזאָגט מיט'ן גאַנצען האַרצען און ער האָט זיין צוזאָג ערפילט אויך! וואָרום דיעזער גוטהערציגער נאַטור־קינד האָט פון דיא צוויי־זייטיגקייטען און ביטרעקייטען פון דער ציווילעזירטער וועלט ניט געוואוסט; מיט פריינדליכע רייד איז געווען ליכט אין איהם אַרויסצורופען דיא וואַרימסטע געפיהלען, און אַ וואָרט איז ביי איהם געווען אַ וואָרט. קאָרטעס, וועלכער האָט געהאַט אַ מערקווירדיגע פעהיגקייט צו געפעלען מענשען און זיך אַריינצוגנב'ענען צו זיי אין האַרצען, האָט דיעזען נאַטור־קינד איינפאַך בעצויבערט. טראָץ דעם, וואָס ער האָט איהם געהאַלטען אין געפענגנים און אַזוי ערניעדריגט איז יענער איהם געווען טריי וויא אַ פערליעבטער. ער האָט איהם אפילו פערשפּראָכען צו זעהן, אַז מען זאָל דיא נייע שפּאַנישע קירכע אויף דער טעאָקאַללי אַלע טאָג בעזאָרגען מיט פרישע בלומען און מיט ליכט. ער האָט זאָגאַר פאָרגעשלאָגען צו געבען קאָרטעס'ען 5000 אַצטעקען אַלס מיטקעמפּפער געגען נאַרוואַ־

עז'ען, אָבער קאָרטעס האָט זיי מורא געהאַט צו געטרויען, און ער האָט זיך ענטזאגט.

קורץ, קאָרטעס האָט אין דער הויפּטשטאדט אונטער אַלוואראַדאָ'ס קאָמאַנדע איבערגעלאָזען צוויי־דריטעל פון זיין ארמיי — הונדערט פופציג מאַן — און אַליין איז ער אַוועק מיט איין דריטעל. אָבער הונדערט צוואַנציג מאַן האָט דאָך מיט זיך געהאַט וועלאַסקעז דע לעאָן, וועמען קאָרטעס האָט געשיקט גרינדען אַ קאָלאָניע, און דיעזער אָפּי־ציער האָט בעדאַרפט צושטעהן צו קאָרטעס'ען. ער איז געווען דיעגאָ וועלאַסקעז'עס אַ שוואָגער, אָבער וויא מיר האָבען שוין אויבען בעמערקט, איז ער געבליעבען טריי זיין קאָמאַנדיר.

מאָנטעזומאַ האָט קאָרטעס'ען בעגלייט ביז דעם בריק. מען האָט איהם געטראָגען מיט זיין געוועהנליכען פּאראַד, מאָנטעזומא'ן; עס האָבען איהם אָבער אַרומגערינגעלט אַלוואראַדאָ'ס סאָלדאַטען. ער איז אַלץ געווען אַ געפאַנגענער.

אויפ'ן וועג קיין טשאָלולאַ האָט זיך קאָרטעס בעגעגענט מיט דע־לעאָן'ען און זיינע 120 מאַן. זיי האָבען פאָרטגעזעצט זייער מאַרש צוזאַמען. ווען זיי האָבען דערגרייכט אַ געוויסען פּלאַץ ניט ווייט פון סעמפּאָאַלאַ, האָט קאָרטעס געהאַלטען אַ רעדע פאַר זיין אַרמיי, און, וויא געוועהנליך, זיינען דיא אַוואַנטוריסען בעגייסטערט געוואָרען. זיי האָבען אויסגעשריען, אַז זיי זיינען בערייט צו שפּרינגען אין פייער פאַר איהם. ער האָט זיך בעשלאָסען צו אַטאַקירען נאַרוואַעז'ען אין עטליכע שטונדען אַרום, ביינאַכט, איידער נאַרוואַעז וועט האָבען דעם קלענסטען חשד אַז עס גרייט זיך פאַר איהם אַזאַ סורפּריז. קאָרטעס האָט געוואוסט, אַז זיין שפּאַנישער שונא געפינט זיך מיט זיין אַרמיי אויף דער גרויסער „טעאָקאַללי“ פון סעמפּאָאַלאַ, און ער האָט זיך געלאָזען געהן גלייך אַהין.

קאָרטעס האָט איצט אין סך הכל געהאַט ניט מעהר וויא 266 מאַן, און בלויז פינף פון זיי זיינען געווען בעזאָרגט מיט פערד; פייער־געוועהר האָט ער אויך געהאַט זעהר וועניג. נאַרוואַעז'ס אַרמיי איז געווען פיעל גרעסער, פיעל בעסער בעוואָפּענט און מיט אַ היבשע קאַוואַלעריע און אַרטילעריע. אָבער, וויא שוין געזאָגט, איז נאַרוואַעז ניט געווען קיין פעהיגער מענש, און זיינע סאָלדאַטען האָבען איהם

פיינט געהאַט, וועהרענד דאָ איז געוועזן פונקט פערקעהרט: קאָרטעס איז געוועזן אַן אונגעוועהנליך פעהיגער קאָמאַנדיר און זיין חיל איז איהם געוועזן טריי. דאָס וויכטיגסטע איז אָבער געוועזן, וואָס נאַרוואַעז'ס סאָלדאַטען האָבען אין האַרצען אויך געליעבט קאָרטעס'ען. דאָס איז געוועזן דער רעזולטאַט פון דיא גאָלד, וואָס ער האָט מיטגעגעבען דיא דריי אויבענדערמאָנטע שלוחים און פון דיא אַגיטאַציאָן וואָס זיי האָבען אָנגעפיהרט אין נאַרוואַעז'ס לאַגער צו גונסטען פון נאַרוואַעז'ס געגנער.

קאָרטעס האָט מיט זיין ארמיי זיך צוגע'גנב'עט שטילינקערהייט, און גראָד האָט דאַן געבלאָזען אַ שטאַרקער ווינד, וועלכער האָט פערטויבט זייערע טריט. ענדליך האָבען דיא צוויי ארמייען זיך צוזאַמענגעטראָפען. עס איז פאָרגעקומען דער ערוואַרטעטער שלאַכט. נאַרוואַעז איז ניט געוועזן קיין פייגלינג, אָבער זיינע מענשען האָבען געקעמפפט אָהן חשק און אָהן אַ טאָלק; זיינע וויכטיגסטע וואַפען, צום ביישפיעל, דיא האַרמאַטען, האָבען געשאָסען צו וויט איבער דעם שונא'ס קעפּ.

קאָרטעס'עס אָפיציערען, וויערער, האָבען ארויסגעוויעזען ניט נור טייפלישען קוראַזש, נור אויך מערקווירדיגע פלינקייט און געשייטקייט, און זייערע סאָלדאַטען זיינען געשפרונגען אין פייער, וויא צום טאַנץ. מיט לאַנגע אַצטעקישע פּיקעס, וועלכע זיינען ביי זיי געוועזן בעשפיצט מיט קופּער אנשטאַט „איטצלי", האָבען זיי זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דיא ארטילעריסטען, זיי געשטאָכען און צוגענומען זייערע האַרמאַטען. באַלד זיינען זיי שוין געפלויגען איבער דיא טרעפּ פון דער טעאָקאַלי, און עס האָט זיך צופלאַקערט אַ געשלעג מיט שווערדען און שפּיעזען. נאַרוואַעז אליין האָט געקעמפפט וויא אַ העלד. אבער באַלד איז זיין באַנערטרעגער געפאַלען טויט לעבען איהם, און ער אליין האָט בעקומען פיעל וואונדען. מיט זיין קורצען שווערדעל איז ער געוועזן מאַכטלאָז געגען דיא לאַנגע אינדיאַנער פּיקעס, מיט וועלכע קאָרטעס'עס סאָלדאַטען האָבען אָנגעגעבען מעשים. ענדליך האָט מען איהם ארויסגעזעצט אַן אויג. „הייליגע מאַריע! איך בין געטוידטעט!" — האָט ער אויסגעשריען. ווען קאָרטעס'עס מענשען האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי גענומען שרייען: „זיעג! דער זיעג איז אונזערער!" אַ

סאָלדאַט האָט אָנגעצונדען דעם שטרויענעם דאַך און באַלד איז די גאַנצע געביידע געווען אין פלאַמען.

נאַרוואַעז׳ן און זיין וויכטיגסטען אָפיציער האָט מען גענומען אין פלען, און די איבריגע האָבען זיך באַלד אַליין אונטערגעגעבען.

קאָרטעס׳עס זיעג איז געווען אַ פאָלשטענדיגער. ער האָט אָבער „געקעמפפט ניט נאָר מיט שטאָהל אַליין נור מיט גאָלד אויך“, ווי איינגע שרייבער דריקען זיך אויס.

די בעזיעגטע חיל האָט זיך ניט נור אונטערגעגעבען, נור צוגעשטאַנען צו די זיעגער אַלס זייערע מיטקעמפפער. (נאַרוואַעז׳ן אַליין האָט קאָרטעס ניט געטרויט; ער האָט איהם געהאַלטען אַלס געפאַנגענעם, אין ווערא קרוץ). קאָרטעס האָט זיך אַלזאָ אומגעקעהרט נאָך דער הויפטשטאַדט פון מעקסיקאָ מיט אַ פיעל גרעסערע אַרמיי, וויא ער האָט געהאַט ווען ער איז אַהין געקומען צום ערשטען מאָל, און אַ הויז דעם האָט ער איצט נאָך געהאַט אַ גרויסע פלאָטע אויך. פון דער נאַרוואַעזער געפאַהר האָט זיך אויסגעלאָזט אַ גרויסע הילף פאַר איהם. ער האָט זיך געפיהלט מעכטיג. איצט, האָט ער געגלויבט, וועט ער די לאַנד זעהר לייכט אין גאַנצען אריינגעהמען אין זיינע הענד.

ער האָט אָבער אַ טעות געהאַט.

פלוצלונג האָבען 2 טלאַסקאַלאַנער קוריערען איהם געבראַכט אַ נאַכריכט אַז אין מעקסיקאָ איז אַן אויפשטאַנד; און באַלד זיינען געקומען צוויי אַנדערע שלוחים מיט בריעף פון אַלוואַראַדאָ׳ן. אַלוואַראַדאָ האָט זיך ביי איהם געבעטען, אַז ער זאָל וואָס שנעלער קומען איהם ראַטעווען. זיעבען פון זיינע שפּאַניער האָבען די אַצטעקען שוין געטוידט — האָט ער איהם געשריעבען — און פיעלע אַנדערע האָבען זיי פערוואונדעט. די שפּאַנישע קוואַרטיר איז אין פלאַמען; די צוויי שיפען, אויף וועלכע קאָרטעס פלעגט מאָנטעזומאַ׳ן פיהרען אויף געיעג, האָט מען פערברענט; אַלוואַראַדאָ׳ס אַרמיי האָט ווייניג שפּייז. אָבער צו דער זעלבער צייט זיינען געקומען פיער שלוחים פון מאָנטעזומאַ׳ן מיט אַ קלאַגע, אַז אַלוואַראַדאָ איז אָהן שום אורזאַכע בעפאַלען די מעקסיקאַנער ווען זיי האָבען געפייערט זייערן אַ יום טוב.

אַלוואַראַדאָ האָט דערנאָך קאָרטעס׳ען ערקלערט, אז ער האָט דעם בעפעהל געמאַכט, ווייל ער האָט זיך דערוואוסט, אז דער יום טוב איז ניט מעהר וויא אַ תירוץ צוזאַמענצובערענגען אַ מאַסע מענשען אין שטאָדט, אום זיך אַרויפצואוואַרפען אויף דיא שפּאַניער און זיי צו פערניכטען. מען צווייפעלט אָבער שטאַרק, אויב דיא אינדיאַנער האָבען דאָס געהאַט אין זינען. דיא נאַכריכט, אַז דיא אַצטעקען האָבען אזא פּלאַן, האָט אַלוואַראַדאָ בעקומען פון טלאַסקאַלאַנער, פון דיא פערביסענע שונאים פון דיא אַצטעקען, געגען וועלכע זיי זיינען אימער בערייט געוועזען דיא שפּאַניער אויפצובורען און אויפצוהעצען. אין דעם דערמאָנטען טאָג האָט אַלוואַראַדאָ געזעהן וויא דיא אַצטעקען גרייטען זיך צו אַ פּראָצעסיע מיט געצען, וועלכע זיינען געוועזען אויסגעפּוצט דערצו. דערביי זיינען געשטאַנען דריי אינדיאַנישע אינגעלעך אין נייע קליידער און מיט אָבגעגאָלטע קעפּ; דאָס האָט געהייסען, אַז מען וועט זיי באַלד מקריב זיין. אַלוואַראַדאָ האָט דיא דריי אינגלעך געפּאַנגען און זיי געפּייניגט מיט פיעל גרעסערע יסורים וויא זיי וואָלטען געהאַט אויסצושטעהן אויפ׳ן מזבח. דורך דעם האָט ער זיי געוואָלט צווינגען צו זאָגען דעם אמת, צי עס איז דאָ אַ פּלאַן וועגען אַן אויפשטאַנד. איינער פון דיא אונגליקליכע קינדער איז פון דיא יסורים געשטאָרבען, און דיא אַנדערע צוויי האָבען געזאָגט אַלץ וואָס אַלוואַראַדאַ האָט געוואָלט אַז זיי זאָלען זאָגען. וויא אזוי אינגלעך קענען וויסען אָדער פערשטעהן אַזעלכע וויכטיגע זאַכען, איז ביי אַלוואַראַדאָ׳ן קיין קשיא ניט געוועזען. ער איז „איבערצייגט" געוואָרען אַז דיא אַצטעקען פערטיגען זיך צו אַן אויפשטאַנד, און ער האָט זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט.

איבערלאָזענדיג אַ וואַך איבער מאָנטעזומאַ׳ן מיט דיא אַנדערע אַצטעקישע הויפּטלייט, וואָס קאָרטעס האָט געפאַנגען, האָט ער מיט זיינע איבריגע סאָלדאַטען זיך אַ לאָז געטהאָן צו דעם גרויסען טעמפּעל. דאָרטען האָט ער געפונען 600 עלטסטע טאַנצענדיג דעם יום טוב טאַנץ, וועהרענד 3000 אַנדערע אינדיאַנער זיינען געשטאַנען און געקוקט. ווען דיא שפּאַניער האָבען זיך בעוויזען, האָט מען דעם טאַנץ ניט אָבגעשטעלט. וועגען אָנפאַלען אויף זיי איז גאָר קיין סימן ניט געוועזען. דער אמת איז, אַז דיא 600 הויפּטלייט און דיא צוועהער האָבען ביי זיך אפילו ניט געהאַט קיינע געוועהר. דאָך האָט אַלוואַראַדאָ

געגעבען דעם סיגנאל און זיינע משחיתים האבען זיך ארויפגעוואָרפען אויף דיא אונבעוואפענטע מאסע און גענומען זיי שניידען רעכטס און לינקס. צו דערזעלבער צייט האָט מאָנטעזומא'ס וואך געקוילעט דיא הויפּטלייט פון זיין סוויטע. אזוי האָט אלווארא געהייסען. מיר רעדען דאָ פון דיא קלענערע הויפּטלייט, פון דיא, וואָס זיינען געוועזען פריי. וואָס אָנבעטרעפט דיא גרעסערע, דיא וואָס קאָרטעס האָט געפאנ־גען, האָט מען זיי פאָרלויפיג ניט געטשעפעט.



פעדראָ דע אלווארא.

דאן ערשט האָבען דיא איינוואוינער פון דער הויפּטשטאדט זיך גענומען צו זייערע שליידער־העלצער און שפּיעזען, און עס האָט זיך אָנגעפאנגען א קאמפּף געגען דיא ווייסע. דעם געדאנקען, אז ווייסע זיינען הימעל־מענשען האָבען דיא שפּאניער אליין, מיט זייערע פּיה־רונגען, ביי דיא אינדיאנער פון דיא מוחות ארויסגעטריעבען. דיא רויט־הויטיגע האָבען זיך ערקונדיגט אז זיי זיינען אזעלכע מענשען וויא

זיי, נור מיט אַן אנדער קאָליר און מיט וועניגער מענשליכקייט אין דיא הערצער. און וועגען זייערע פערד, האָבען זיי זיך אויך איבערצייגט, אַז אין זיי איז קיין אוננאַטירליכעס ניטאָ. זיי האָבען געהאַט גענוג געלעגענהייטען צו זעהען, אַז דאָס זיינען בהמות וויא אַלע בהמות, שטילע, רוהיגע, אונשעדליכע, בלויז וואָס זיי זיינען זעהר אונטער־טהעניג זייערע בעלי בתים, און יענע ווייסען ווי מיט זיי זיך צו בענוצען אין אַ מלחמה.

דיא אַצטעקען האָבען אַלזאָ אויסגעהרג'עט זיעבען פון דיא שפּאַ־ניער, מאַסען פון זיי פערוואונדעט, פערברענט זייערע צוויי שיפען, און דיא גאַנצע שטאָדט האָט זיך געשטעלט געגען דיא פערהאַסטע ווייסע.

אַלוואַראַדאָ מיט זיין חיל האָבען קוים פּאָספּעיעט צו פערשפּאַרען זיך און פערפעסטיגען זיך אין זייער קוואַרטיר. דיא אַצטעקען האָבען אָנגעהויבען אַן אַטאַקע מיט שטיינער און מיט אָנגעצונדענע פיילען, און איינינע פון זיי האָבען גענומען קלעטערען אויף דיא וואַנד פון דער גרויסער געביידע. דיא לאַגע פון דיא שפּאַניער איז ווירקליך געווען אַ שרעקליכע. דער ווייך־הערציגער, כאַראַקטערלאָזער, קינדערשער מאָנטעזומאַ האָט זיי אָבער געראַטעוועט. ער האָט זיך בעוויעזען אויבען אויפ'ן דאַך, און זיך געבעטען ביי זיינע ברידער אַז זיי זאָלען רחמנות האָבען אויף איהם און אויפהערען צו אַטאַקירען דיא שפּאַניער, אַז ניט איז זיין לעבען אין געפאַהר; און זיי האָבען געפאָלגט זייער מלחמה הויפטמאַן, און אויפגעהערט צו קלעטערען און צו צינדען. זיי זיינען אָבער געבליבען שטעהן אין דרויסען, און זיך געגרייט צו בעלאַגערען דיא שפּאַניער ביז זיי וועלען פון הונגער אויס'שטאַרבען.

קאָרטעס האָט זיך פון דער געשיכטע דערוואוסט, ווען אַלוואַראַדאָ מיט זיין אַרמיי האָט זיך געפונען אין דיעזען בעלאַגערונגס־צושטאַנד, און זיי זיינען געווען אין געפאַהר אומצוקומען פון הונגער און דורשט. דער קאָמאַנדיר האָט גלייך גענומען מאַרשירען צוריק קיין טענאַכטיט־לאַן. מיט טויזענד דריי הונדערט מאַן האָט ער איצט מאַרשירט, מיט 96 פערד און מיט אַ היבשע צאָהל האַרמאַטען.

ווען ער איז צוגעקומען נאָהענט צום שטאָדט, האָט ער געפונען אַז עטליכע פון דיא בריקען זיינען אויפגעהויבען. אָבער ניט אַלע. ער איז אַריין אין שטאָדט אָהן שטערונגען. ער האָט אַלוואַראַדאָ'ן שטאַרק אויסגערעדט פאַר וואָס ער איז געווען אזוי היציג און לייכט־

זיניג, פאר וואס ער האט איינגעריסען מיט דיא אצטעקען. ער איז אבער געווען זיכער, אז אלץ וועט זיך ענדיגען אויפ'ן בעסטען ארט. איצט אז ער האט מיט זיך געהאט א פיעל גרעסערע ארמיי, איז ער געווען איבערצייגט, אז ער וועט אויף דיא מעקסיקאנער לייכט אנטהאן זיין יאך. עס איז אבער געווען א פאלשע רעכענונג.

אזוי וויא דער מארק איז געווען צוגעמאכט, האט ער אויפ־געפאדערט מאנטעזומא'ן, אז ער זאל הייסען איהם עפענען, כדי דיא שפאניער זאלען קענען קויפען פראוויאנט. מאנטעזומא האט איהם ערקלערט אז צוערשט מוז מען בערוהיגען דיא שטאדט־לייט, און אז זייענדיג אין געפאנגענשאפט קען ער דאס ניט טהאן. „אויב דו ווילסט מיר ניט בעפרייען, מאלינצין, טא בעפריי מיין יונגען ברודער קיטלאהוא. ער וועט זיי בערוהיגען און הייסען עפענען דעם מארק. קיטלאהוא איז געווען איינער פון דיא הויפטלייט, וואס קארטעס האט געפאנגען. דער שפאנישער קאמאנדיר האט געטהאן וויא מאנטעזומא האט איהם געראטען און דעם יונגען הויפטמאן בעפרייט. קארטעס האט זיך געפיהלט אזוי זיכער, אז ער האט געשיקט א שליח אנזאגען דיא שפאניער פון ווערא קרוץ אז אלץ איז ווידער רוהיג. דער שליח איז אבער באלד געקומען צולויפען צוריק א פער־וואונדעטער און צושראקענער. „דיא גאנצע שטאדט איז בעוואפענט!“ האט ער קוים ארויסגערעדט. „זיי געהען אהער!“ אין איינינע מינוטען ארום האט זיך פון ווייטען דערהערט א הוזשעריי, וועלכע איז געווארען אלץ העכער און האט געררוישט וויא דיא כוואליעס פון א צושטורעמטען ים. דער געפילדער איז צוגעקומען אלץ נעהענטער, ביז קארטעס האט דערזעהן א גרויסע געדיכטע מעננע מענשען. אלע גאסען וואס האבען געפיהרט צו דער שפאנישער קווארטיר זיינען געווען געפאקט מיט אצטעקען. אויך זיינען געווען געפאקט דיא פלאכע דעכער פון דיא הייזער. עס האבען גענומען פליהען שטיינער, פיילען, אנגעצונדענע העלצער; מען האט געפאכט מיט שפיעזען.

קארטעס האט זיך אין קיטלאהוא'ן געגארט. דער יונגער הויפטמאן איז ניט געווען געקנאטען פון אזא טייג וויא זיין ברודער מאנטעזומא. אנשטאט דעם עולם צו בערוהיגען, האט ער אין איהם צוברענט זיין ראכע־דורשט און איהם צוגעגעבען מוטה.

אָ ר ד אַ ז, איינער פון קאָרטעס'עס אָפיציערען איז אַרויסגעקומען אַנטקעגנען די אַצטעקען מיט 400 שפּאַנישע פוס־סאָלדאַטען און מיט עטליכע רייטער. די רויט־הויטיגע האָבען זיי גלייך אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען, און זייער מאַכע איז געווען אַזאַ געדיכטע, אַז די שפּאַניער האָבען זיך פּראָסט ניט געקענט אַ ריהר טהאָן פון אָרט.. אַכט פון די 400 זיינען געפאַלען טוידט און פיעלע זיינען פערוואונדעט געוואָרען. מיט די איבערגעבליעבענע 392 מאַן האָט אָרדאַז זיך קוים מיט צרות אומגעקעהרט צוריק. קאָרטעס האָט געפּרופּט העלפען אָרדאַז'ען, אבער ער און עטליכע פון זיינע מענשען האָבען בעקומען וואונדען און האָבען זיך אויך קוים געראַטעוועט מיט'ן לעבען. די אַרטילעריע און די אַרקעבוסען (אַזעלכע ביקסען) האָבען אויסגעלעגט פיעלע צעהנדליגע אינדיאַנער. עס איז אָבער ניט קענטיג געווען. די טוידטע האָט מען גלייך צוגענומען און זייערע פּלעצער האָבען גלייך פערנומען אַנדערע. די מעקסיקאַנער האָבען געבראָכען די ווענד, געשאָסען מיט ברענענדע פיילען ביז עס האָבען זיך אָנגעצונדען אַ פּאָר פון די דעכער, און די שפּאַניער האָבען אפילו ניט געהאַט קיין וואַסער; זיי האָבען געמוזט לעשען דעם פייער מיט ערד. אַזאַ פער־ביסענעם, אַזאַ שרעקליכען איבערפאַל האָט קאָרטעס פון די רויט־הויטיגע נאָך קיין מאָל ניט געהאַט — אפילו אין דער מלחמה, וואָס ער האָט געהאַט אין טלאַסקאַלאַ. צום גליק איז געוואָרען נאַכט, און ביינאַכט פלעגען די אינדיאַנער אימער אויפהערען צו קעמפּפען. אויף מאָרגען איז געווען דאָס זעלבע. די קאַנאָנען האָבען אויסגעהרג'עט הונדערטע, עס זיינען אָבער גלייך צוגעקומען נייע. די צווייטע נאַכט האָבען די שפּאַניער פערבראַכט אין בויען הילצערנע טורעמס וואָס זאָלען געהן אויף רעדער. אויף מאָרגען האָט אַ קאָמפּאַניע טלאַסקאַלאַ־נער דיעזע טורעמס געשלעפּט פאַר שטריק, און אַזוי בעוועגענדיג זיך האָבען די שפּאַנישע אַרטילעריסטען פון אינווענינג געשאָסען מיט זייערע האַרמאַטען.

די אַצטעקען האָבען אָבער זיך אַלץ ניט איבערגעשראָקען. פון די דעכער איז אויף די הילצערנע טורעמס געפאַלען אַ שלאַגס־רעגען פון שטיינער, און דאָס האָט זיך געלאָזט פיהלען. קיטלאַהואַ, דער בעפרייטער יונגער הויפּטמאַן, איז אַרומגעלאָפען אין דעם רעכטען פייער פון דער שלאַכט, און ער האָט די רויט־הויטיגע זעלנער צוגעגעבען

מוטה; ער האָט אָנגעפיהרט דעם גאַנצען קאַמפּף. ער האָט איצט פערנומען זיין ברודער מאָנטעזומאַ'ס פּלאַץ אַלס מלחמה־הויפּטמאַן.

אינווענינ אויף דער בעפעסטיגטער שפּאַנישער קוואַרטיר איז דערווייל פאָרגעקומען דאָס פאָלגענדע: קאָרטעס'עס צוויי פאָרשטעהער האָבען געפאָדערט פון מאָנטעזומאַ'ן אַז ער זאָל זיך בעווייזען אויפ'ן דאַך און הייסען זיין פאָלק אויפהערען צו קעמפּפען. מאָנטעזומאַ האָט געענטפערט, אַז מען וועט איהם שוין מעהר ניט פאָלגען. „איך בין זיכער, אַז עס איז פערפאַלען" — האָט ער געזאָגט — „קיין איין איינציגער שפּאַניער וועט זיך מיט זיין לעבען ניט רעטען". דאָך, ווען מען איז צו איהם צוגעשטאַנען, האָט ער זיך אויסגעפּוצט אין זיינע פּאַראַדנע קליידער און איז מיט זיין סוויטע ארויף אויפ'ן דעכעלע, פון וועלכען ער האָט שוין איין מאָל גערעדט צו דיא אַצטעקען. ווען דיא רויט־הויטיגע קעמפּפער האָבען איהם דערזעהן, האָבען זיי צוערשט זיך געבוקט פאַר איהם, און אָנגעריהרט דיא ערד מיט זייערע שטערענס. מאָנטעזומאַ האָט זיי דאַן ווייעדער פערזיכערט, אַז ער איז ניט קיין געפאַנגענער און אַז ער וואוינט ביי דיא ווייסע מיט זיין גוטען ווילען. ער האָט דעם עולם געבעטען ער זאָל געהן אַהיים, און ערקלערט, אַז דיא ווייסע ווילען נור, אַז מען זאָל זיי לאָזען ארויסגעהן פון שטאָדט.

גלייך וויא ער האָט געענדיגט רעדען, איז איינער פון דיא פאָלקספיהרער, זיין אייגענער פלעמעניק, גוואַטעמאַזין, צוגעקומען נעהנטער צו איהם און איהם אָנגעהויבען צו שימפּפען: „פּייגלינג! פרויענצימער!" — האָט ער צו איהם געשריען פון אונטען — „דיא שפּאַניער האָבען פון דיר געמאַכט אַ געצייג פאַר זיך! מיר אַנערקענען דיך מעהר ניט!" און מיט דיעזע רייד האָט ער מיט אַ וואַרף־העלצעל אויף מאָנטעזומאַ'ן אַ וואָרף געטהאָן אַ שטיין. אַנדערע האָבען געטהאָן דאָס זעלבע, ביז איינער האָט איהם געטראָפען אין קאָפּ. אויך האָט מען איהם מיט פייל־און־בויגענס געוואונדעט אַ האַנד מיט אַ פוס. דיעזע אַלע וואונדען זיינען אייגענטליך געוועזען ניט קיין וויכטיגע און מען וואָלט זיי לייכט געקענט אויסהיילען; ער האָט זיך אָבער ניט געלאָזען היילען. ער איז אַזוי אַראָבגעפאַלען ביי זיך, אַז ער האָט אַליין געוואָלט שטאַרבען. אַזוי האָט נאַכהער בעריכטעט קאָרטעס און איניגע שרייבער וואָס זיינען געוועזען פריינדליך צו קאָרטעס'ען. עס איז אָבער פאַראַן אַ שטאַרקע סברא, אַז דיעזע בעריכטען זיינען געוועזען

אומישנע „צוגעפוצט“, און אַז אין אמת'ען איז דיא געשיכטע געוועזען גאַנץ אנדערש, — וויא מיר וועלען ווייטער ערקלערען.

אויף דיא פלאַכע דעכער פון דיא הייזער זיינען געשטאַנען רויט־הויטיגע קעמפפער און געשליידערט שטיינער אָדער געשאָסען פיילען אויף דיא הילצערנע טורעמס. ווען דיא טורעמס פלעגען קענען צוקומען צו דיעזע דעכער, פלעגען זיי דאָרטען אָנמאַכען אַ חורבן. דיא שפּאַניער פון דיא טורעמס האָבען אהין געשאָסען מיט זייער פייער־געוועהר, און ניט זעלטען פלעגען זיי אריבער פון טורעם אויפ'ן דאַך און אַטאַקירען דיא אַצטעקען מיט זייערע שווערדען. אבער דיעזע טורעמס אויף רעדער זיינען געוועזען זעהר אומגעלומפּערטע מאַשינען; זיי האָבען זיך קוים געריהרט. אַ חוץ דעם איז נאָך געוועזען אַזאַ צרה: דיא שטאָדט איז געוועזען דורכגעשניטען מיט קאַנאַלען, און אום דיא שפּאַניער זאָלען ניט קענען צוקומען צו דיא פערשיעדענע גאַסען, האָבען דיא איינוואוינער אייניגע קאַנאַל־בריקען צושמעטערט אָדער צונומען. ענדליך זיינען דיא הילצערנע טורעמס פון דיא שטיינער אַזוי צובראָכען געוואָרען, אַז זיי האָבען מעהר אין גאַנצען ניט געטויגט.

דיא גרויסע „טעאקאללי“, דער הויפּט־טעמפּעל פון שטאָדט, איז געשטאַנען גאַנץ נאָהענט צו דער שפּאַנישער קוואַרטיר. דאָרטען, אויפ'ן פיער־קאַנטיגען געמויערטען באַרג, האָבען זיך דעריבער צוזאַמענ־געקליבען עטליכע הונדערט מעקסיקאַנער און פון דיעזען הויכען פּונקט האָבען זיי געשאָסען אויף דער שפּאַנישער קוואַרטיר מיט שטיינער און מיט פיילען. זייערע וויכטיגע געטער, וועלכע קאָרטעס האָט געהאַט אַרויסגעוואָרפען, האָבען זיי שוין צוריק געהאַט אוועקגעשטעלט, און פון דיא קריסטליכע קירכע, וואָס דיא שפּאַניער האָבען דאָרטען צו־געריכט אין איינעם פון זייערע הייליגסטע הייזער, האָבען זיי געמאַכט אַ תל. איצט האָט דיעזער טעמפּעל געדיענט אַלס אַ געפעהרליכע פעסטונג געגען דיא שפּאַניער; אַלזאָ האָט קאָרטעס זיך בעשלאָסען ניט צו קוקען אויף קיין סכנה און איהם נעהמען „מיט שטורם“. ער האָט אַרויסגעשיקט אַן אָפיציער מיט הונדערט מאַן; דער אָפיציער האָט אָבער גאָר ניט געקענט מאַכען. דאַן האָט קאָרטעס אַליין גענומען דריי הונדערט שפּאַניער און אַ פּאָר טויזענד טלאַסקאַלאַנער און האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דיא אַצטעקען, וועלכע האָבען בעשיצט דיא אונטערשטע טייל פון דעם געמויערטען באַרג. ניט קוקענדיג אויף זיין

שווער־געוואונדעטען ארים האט ער געקעמפפט וויא א לייב. ער, אלוואראדא, סאנדאוואל און ארדאז זיינען געגאנגען פאראוים און נאך זיי, זייערע סאלדאטען. דער קאמפף איז געווען א ביטערער. עס איז געווען א צוזאמענשטויס אויף יעדען טרעפ; און טרעפ איז געווען אהן א שיעור. ניט איין אצטעק און ניט איין שפאניער איז אין משונה׳דיגען שלאכט אראבגעשליידערט געווארען. נאך א האר וואלט קארטעס אליין אויך געהאט אזא שיקזאל. ער האט זיך אבער געראטעט דורך זיין פלינקייט.

דיא שפאניער האבען ענדליך געזיעגט. זיי זיינען ארויפגעקומען אויבען, אראבגעשליידערט דיא אצטעקישע געצען און צוגענומען דיא גילדערנע כלים פון דיא הייליגע צימערען.

דאך האט קארטעס געפיהלט, אז ער איז נאך גאנץ ווייט פון זיכערהייט. ער האט דעריבער גערופען פארשטעהער פון דיא אצטעקען מיט זיי צו רעדען וועגען שלום. זיינע ווערטער האט איבערזעצט זיין רויט־הויטיגע קעפס־ווייב, מארינא, וויא געוועהנליך. ער האט זיי געראטהען, „אלס זייער בעסטער פריינד“, צו מאכען שלום מיט איהם — אז ניט וועט ער זייער גאנצען פאלק אויסקוילען, האט ער געסטראשעט. זיי האבען געענטפערט, אז עס וועט זיין פונקט פערקעהרט — אז עס וועט ניט בלייבען קיין איינציגער שפאניער. זיי, דיא מעקסיקאנער, האבען טויזענד מאן געגען יעדען ווייסען, און דיא ווייסע ווערען אלץ מעהר אויסגעמאטערט און אבגעשוואכט; קיין שפייז האבען זיי ניט, און דיא בריקען פון דיא שאסעען זיינען אויפגעהויבען, — קורץ, קארטעס מיט זיין ארמיי זיינען אזוי וויא אין א פאסטקע, און פריהער אדער שפעטער וועט פון זיי קיין שריד ופליט ניט בלייבען.

ביי זיך אין הארצען האט קארטעס געמוזט צוגעבען, אז זיי האבען רעכט. א חוץ אלע צרות, איז ער איצט ניט געווען זיכער מיט נארוואעז׳ס סאלדאטען: זיי האבען ערווארט גאלד און אנשטאט דעם האבען זיי געפונען ניט מעהר וויא א בלוטיגע מלחמה, הונגער און שטענדיגע געפאהר. זיי האבען ניט אויפגעהערט צו בעקלאגען זיך, צו פראטעסטירען און מיט שימפפעריי צו פאדערען, אז מען זאל זיי גלייך ארויספיהרען פון דאנען. צו בלייבען מיט זיי אין פאסטקע וואלט געווען אזוי וויא צו שטעהן צווישען צוויי פייערען.

קאָרטעס האָט זיך בעשלאָסען וואָס שנעלער צו פערלאָזען דיא שטאדט.

דערצו איז אָבער נויטיג געווען פריהער פון אַלץ צו פערשיטען דיא קאַנאַלען. אַז ניט וואָלט ניט מעגליך געווען צוצוקומען צום ארויסגאַנג, דאָס הייסט צו איינעם פון דיא געמויערטע שאָסעען, וואָס האָבען געפיהרט פון שטאדט דורך דער אָזערע. אויך איז געווען אַן אנדער פראגע: וואָס טהוט מען מיט דיא עטליכע געפאַנגענע עלסטע? מיטנעהמען זיי וואָלט געווען אַן איבריגע לאַסט, און ארויסלאָזען זיי איז געווען געפעהרליך, ווייל זיי וואָלטען געפיהרט זייערע שבטים אין קאמפף געגען דיא ווייסע. קאָרטעס האָט זיך אָבער אויף אזא פראגע ניט אָבגעשטעלט: ער האָט זיי געהייסען דערשטעכען אָדער דערשטי־קען, און זייערע קערפּערס ארויסוואַרפען אויפ'ן גאַס. און גראָד האָט געטראָפען, אַז צו דערזעלבער צייט איז געשטאָרבען מאָנטעזומאַ אויך. קאָרטעס האָט דערנאָך בעריכטעט, אַז ער איז געשטאָרבען פון דיא וואונד, וואָס ער האָט בעקומען אין קאָפּ. דעם אמת וויים מען אָבער ניט און מען וועט מסתמא קיין מאָל ניט וויסען. עס איז פאַראַן אַ וויכטיגע מיינונג, אַז דעם אונגליקליכען מלחמה הויפּטמאַן האָט קאָרטעס אויך געהייסען „פּטור'ן". איצט, אַז אויף זיין פּלאַץ איז שוין ערוועהלט געוואָרען אַן אַנדער מלחמה־הויפּטמאַן און ער האָט פון איהם שוין מעהר קיין נוץ ניט געקענט האָבען, איז ער אויך ביי איהם געווען אַן איבריגע משא.

דער נייער מלחמה־הויפּטמאַן איז געווען מאָנטעזומאַ'ס ברודער, קיטלאַהואַ.

ווען קאָרטעס האָט געוואָלט דיא אַצטעקען איבערגעבען מאָנטע־זומאַ'ס קערפּער, האָבען זיי גענומען שרייען: „האַלט זיך מיט איהם! מיר דאַרפען איהם ניט — ניט קיין טויטען, ניט קיין לעבעדיגען!"

קאָרטעס'עס פּלאַן איז געווען צו מאַרשירען ביז טלאַסקאַלאַ און דאָרטען זיך אָבצושטעלען, ביז דיא פערוואונדעטע וועלען אויסגעהיילט ווערען, דיא גאַנצע אַרמיי וועט זיך אויסרוהען, פעררריכטען דיא געוועהר און זיך בעזאָרגען מיט שפּייז, און דאַן וועט ער שוין זעהן וואָס צו טהאָן.

פריהער פון אַלץ האָט ער זיך גענומען צו דיא קאַנאַלען, וואָס זיינען געגאַנגען דורך דער שטאדט — ניט צו אַלע, נור צו דיא, אויף וועלכע מען האָט צובראָכען דיא בריקלעך. זיי זיינען געווען ניט טיעף און ניט ברייט, אבער אַ שטערונג זיינען זיי פונדעסטוועגען געווען אַ גרויסע. איצט האָבען דיא מעקסיקאַנער זיי שטאַרק בעוואַכט, און ער האָט געהאַט צו קעמפּפען גאַנצע צוויי טעג איידער ער איז דיעזע וואַך בייגעקומען. דאַן האָט ער זיי געלאָזען פערשיטען מיט ציעגעל, שטיקער האָלץ און ערד, און זיין אַרמיי האָט געקענט אריבערגעהן און צוקומען צו דיא געמויערטע שאָסעען.

אויף דיעזע שאָסעען זיינען אָבער אויך געווען בריקען, גרעסערע וויא דיא בריקלעך פון דיא שטאדט־קאַנאַלען, און זיי זיינען דאָך אויך פערשוואונדען. דאָס איז געווען אַ פיעל גרעסערע שטערונג צו קאָר־טעס'עס אַנטלויפען. דיעזע בריקען פלעגען צודעקען דיא אָפענע פּלעצער וואָס האָבען זיך געפונען אין דיא שאָסעען — אָפענע פּלעצער, דורך וועלכע עס איז נאַטירליך געגאַנגען דיא וואַסער פון דער אָזערע. איצט אַלזאָ, אַז דיא בריקען זיינען פערשוואונדען, זיינען דאָרטען געווען שטיקלעך אָזערע. היינט וויא געהט מען זיי אריבער? צו דיעזען צוועק האָט קאָרטעס אויסגעבויט אַזאַ מין פּלאַטפאָרמע, וואָס זאָל קענען דיענען אַלס אַ בריק, און וואָס זיין אַרמיי זאָל קענען טראָגען מיט זיך, אויפשטעלען וואו מען וועט דאַרפען און דערנאָך צוריק צונעהמען און ווייטער טראָגען.

אָבער צו מאַרשירען מיט אַ שמאָלען שאָסעע דורך דער אָזערע איז פאַר זיך געווען אַ גרויסע געפאַהר. אויף דיא שפּאַניער וואָלטען פון ביידע זייטען אָנגעפאַלען הונדערטע קאַנאָס מיט בעוואַפענטע אַצטעקען און אַן אַנדער מעקסיקאַנישע ארמיי וואָלט זיי אַטאַקירט פון דער יבשה. זיי וואָלטען זיך דאַן ניט געקענט קיין קעהר געבען. עס וואָלט זיי אונמעגליך געווען זיך צו רעטען. קאָרטעס האָט דעריבער זיך מישב געווען, אַז ער וועט זיין מאַרש מאַכען שטילינקערהייט, אין מיטען נאַכט, ווען רויט־הויטיגע זיינען ניט געוועהנט געווען מלחמה צו האַלטען.

ער האָט אויסגעקליבען דעם קירצעסטען שאָסעע, וואָס האָט געפיהרט פון שטאָדט. אין דיעזען שאָסעע זיינען לעבען שטאָדט געווען דריי עפנונגען, דאָס הייסט, ער איז אין דריי ערטער געווען דורכגעהאַקט

מיט א מיליטערישען צוועק, און איצט זיינען דאָס געווען דריי אָפּענע שטיקלעך אָזערע אָהן בריקען. *) קאָרטעס האָט אַלזאָ געהאָפּט דאָ אויפצושטעלען זיין געטראָגענעם בריק — פריהער אויף דער ערשטער עפנונג, דערנאָך אויף דער צווייטער, דערנאָך אויף דער דריטער — און אַזוי צוצוקומען צו דער לאַנגער שטיק שאָסעע, וואָס איז שוין געגאַנגען ביז דער סאַמער יבשה. נאָך א פראגע איז געווען וועגען דער מאַסע גאָלד און אנדערע טהייערע זאַכען מיט וועלכע מען האָט זיך צוטהיילט. וויא אַזוי נעהמט מען דאָס אַלץ מיט? דיא קעניגליכע פינפטעל און קאָרטעס'עס חלק איז געלעגען אין א צימער, און פון דעם האָט קאָרטעס נאַרוואַעז'עס מענשען ערלויבט צו נעהמען וויא פיעל יעדער וויל. אין סך הכל האָט כמעט יעדער שפּאַניער איצט געהאַט אזוי פיעל גאָלד צו טראָגען, אַז עס וואָלט איהם געווען אַ גרויסע שטערונג אויף דער רייזע. אייניגע האָבען דעריבער מיטגענומען בלויז קלענערע ווערטזאַכען, וויא פּעריל, עדעלשטיינער און גאַנץ ווענינ גאָלד. אַנדערע אָבער האָבען זיך ניט געקענט אָברייסען פון דיא אוצרות און האָבען מיטגעשלעפּט אַזאַ משא פון דעם טהייערען מעטאַל, אַז זיי האָבען קוים געקענט געהן. א סך האָט מען אָבער פאָרט געמוזט איבערלאָזען.

ענדליך, אין א מיטען נאַכט האָט דיא שפּאַנישע אַרמיי אָנגעהויבען איהר מאַרש פון שטאדט. דאָס איז געווען אין יוני אָדער אין אָנהויב יולי (דעם ריכטיגען דאַטום קען מען ניט בעשטימען), 1520. עס איז געווען אַ פינסטערע נאַכט און עס האָט אַ ביסעל גערעגענט. פּאַראַוים זיינען געגאַנגען 200 פוס־סאָלדאַטען מיט 20 רייטער. זיי האָבען בעדאַרפט לעגען דעם בריק, וועלכען עס האָבען געטראָגען עטליכע הונדערט טלאַסקאַלאַנער. מען האָט דערגרייכט דיא ערשטע עפנונג אין דעם שאָסעע, דאָס הייסט אַ שטיקעל אָזערע, וואָס האָט איהם אָבגעטהיילט פון דער שטאדט. מען האָט אַוועקגעלעגט דעם בריק. דיא 420 מאַן, דיא אַרטילעריע, זיינען איבער איהם אַריבערגעגאַנגען און דיא איבריגע חיל האָט זיך געקליבען צו טהאָן דאָס

*) דעם וואָרט „עפנונג" וועלען מיר אַלזאָ געברויכען אין דיעזען זין. קיין גאַנץ געראָטענער וואָרט איז דאָס ניט, אָבער קיין בעסערען קענען מיר אויף אידיש ניט געפינען.

זעלבע; אבער אין דיעזער מינוט האָט מען דערהערט א גערודער. דיא מעקסיקאנער גלחים וואָס האָבען געוואַרט אויבען אויף דער טעאָקאַלי, אויף דעם טעמפּעל־באַרג, האָבען גענומען קלאַפּען אין זייער גרויסען הייליגען פּויק, וועלכער איז געווען געמאַכט פון שלאַנגען־פעלכלעך. אַן אומעדיגער, מרה־שחורה׳דיגער געראַש איז דאָס געווען, און ער האָט זיך געהערט פאַר עטליכע ענגלישע מייל.

וואָס אַנבעטרעפט דעם שיקזאַל פון דיא שפּאַניער, קומען מיר דאָ צו דעם שרעקליכסטען קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון קאָרטעס׳עס עקספּעדיציע.

ווען עס האָט גענומען הילכען דער ליאַרם פון דעם הייליגען פּויק, זיינען פון אַלע זייטען געקומען צולויפען רויט־הויטיגע קעמפּפער; דיא אָזערע האָט גענומען קישען מיט אינדיאַנישע שיפלעך און פון דיא שיפלעך האָט אויף דיא שפּאַניער אָנגעפאַנגען צו רעגענען מיט פיילען און מיט שטיינער. דיא שפּאַניער זיינען צוטומעלט געוואָרען, דאָס רוב פון זיי און פון דיא עטליכע טויזענד טלאַסקאַלאַנער האָבען פּאָס־פּיעט אַריבערצוגעהן דעם בריק. אבער ווייטער איז דאָך אין דעם געמויערטען שאָסע געווען א צווייטער אָפענער פּלאַץ און נאָך ווייטער א ביסעל — א דריטער. פון שטאָדט איז אָנגעקומען אַזאַ מאַסע אַצטעקען, אַז שפּאַרענדיג דיא הינטערשטע שפּאַנישע רייהען, האָבען זיי זייערע פאָדערשטע צוגעשפּאַרט צום ברעג פון דער צווייטער עפנונג אין דעם שאָסע. דיעזע פאָדערסטע רייהען האָבען דעריבער מיט אונגעדולד געוואַרט, אַז מען זאָל שוין אַרויסנעהמען דעם בריק פון דער ערשטער עפענונג, און איהם אַוועקשטעלען איבער דער צווייטער, כדי מען זאָל קענען געהן ווייטער. יעדע סעקונדע איז געווען א יאָהר; יעדע סעקונדע האָט מען געקענט צוגעשפּאַרט ווערען צום סאַמע ברעג און אַריינפאַלען אין וואַסער. „דעם בריק! זאָל מען שנעלער ברענגען דעם בריק!" האָבען דיא פאָדערסטע געשריען, אין א שטענדיגען שטראָם פון פיילען מיט שטיינער. ענדליך איז פון הינטען געקומען דער שרעקליכער אַנטוואָרט, אַז פון דיא טויזענדע טלאַסקאַלאַנער און שפּאַניער מיט דיא שווערע באַגאַזש, וואָס איז איבער דעם בריק אַריבער, האָט ער זיך פעסט אַריינגעשפּאַרט אין דעם שאָסע, און מען קען איהם ניט ריהרען פון אָרט. דאָס האָט געהייסען, אַז דיא שפּאַנישע אַרמיי איז אין גאַנצען פערצאַמט: א מאַסע אַצטע־

קען פון הינטען, דיא צווייטע וואַסער־עפנונג פון פאָרענט און דיא אָזערע מיט דיא אינדיאַנישע קריעגס־שיפלעך פון דיא זייטען. עס איז געוואָרען אַ ווילדע מישעניגע. אָרדנונג איז קיינעם אין זינען ניט געלעגען. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ פערצווייפעלטער קאַמפּף פאַר'ן לעבען. יעדער האָט זיך געזאָרגט פאַר זיך. דיא שטאַרקערע האָבען געטרעטען איבער דיא שוואַכערע, איבער דיא פערוואונדעטע. רייטערס זיינען מיט זייערע פערד אריינגעשפרונגען אין וואַסער. אייניגע זיינען צוגעשוואומען צום אַנדערען ברעג פון דעם שאָסעע, אַנדער זיינען דערטרונקען געוואָרען; וויעדער אַנדערע האָבען שוין דערגרייכט דעם ברעג, האָבען זיי זיך אָבער צוריק אַראָבגעקוליעט אין וואַסער אריין, ווען זיי האָבען געפרופט אַרויפקלעטערען מיט זייערע פערד אויף דעם שאָסעע. פוס־סאָלדאַטען זיינען אַריינגעשפרונגען אָדער אריינגעפאַלען אין וואַסער, און פיעלע פון זיי האָבען זיך צונויפגעפּלאָנטערט אין־איינעם. און דיא אַצטעקען האָבען ניט אויפגעהערט ארבייטען מיט זייערע שפּיעזען און בולאַוועס, וואונדענדיג אָדער טוידטענדיג צעהנ־דליגע שפּאַניער און טלאַסקאַלאַנער. אַנדערע פון דיא ווייסע האָבען דיא מעקסיקאַנער אַריינגעשלעפּט אין זייערע שיפלעך, אום שפּעטער זיי אַוועקצופיהרען אין דער טעאָקאַללי, אלס שפּייז פאַר דיא מזבחות. דער ביטערסטער קאַמפּף איז אָנגעגאַנגען אויף דעם שאָסעע צווישען דעם בריק און דיא צווייטע אָפענע שטיקעל אָזערע. אין דיא געדיכטע צוזאַמענגעשפּאַרטע מענשען־מאַסע איז אַזוי לייכט צו טרעפען מיט דיא פיילען און דיא שטיינער, וויא אין אַ וואַנד. ווען עס וואָלט ניט געווען אַזוי פינסטער וואָלט מען געזעהן, אַז דיא אָזערע איז רויט פון בלוט. אָפּט איז אַן אַצטעק אַרויסגעשפּרונגען פון אַ שיפעל אויפ'ן שאָסעע, זיך צוזאַמענגעטשעפּעט מיט אַ שפּאַניער, און מיט איהם צוזאַמען אַריינגעפאַלען אין וואַסער; דעם אַצטעק האָבען גלייך געראַטעוועט זיינע ברידער מיט דיא שיפלעך; דעם ווייסען האָט מען אויך אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער, אָבער ניט איהם צו לאָזען לעבען, נור איהם מקריב צו זיין צו דעם אַצטעקישען מלחמה־גאָט. אַ רייכער מאָלד־צייט האָט דעם אונזאַטבאַרען מלחמה־גאָט ערוואַרטעט. דיא אַצטעקען האָבען געשריען מיט זייערע ווילדע נקמה־קולות; דיא שפּאַניער האָבען געשימפּפט, געשאָלטען, געדופען צו זייער הייליגער מאַריאַ; פון אַלע זייטען האָבען זיך געהערט וועה־געשרייען, פערצווייפלונגס־

געשרייען, געשרייען פון טוידט־שרעק, קרעכצען פון געוואונדעטע, שטאַרבענדע. דאָס איז געווען דער כאָר, וואָס האָט בעגלייט דיעזען בעריהמטען צוזאַמענשטויס צווישען דיא פאָרשטעהער פון דיא צוויי מענשען־ראַסען — דיא ווייסע מיט דיא קופּער־פאַרביגע.

באַגאַזש, האַרמאַטען, פּעק מיט טהייערע מאַטעריעס און קאַסטענס מיט גאָלד און זילבער זיינען דערווייליע אַריינגעפאַלען אין דער צווייטער וואַסער־עפּענונג און צוזאַמענגעמישט געוואָרען מיט דיא קערפּערס פון דערטרונקענע מענשען און פערד. ביסלעכווייז איז דיעזע קאַשע געוואָרען אַזוי געדיכט, אַז מען האָט איבער איהר געקענט אַריבער־געהן אויף דעם אַנדערען ברעג פון דעם שאָסעע.

אַן עהנליכע סצענע איז פאָרגעקומען ביי דער דריטער עפּענונג. און דאָ, פּונקט וויא ביי דער צווייטער עפּענונג זיינען מייסטענס דער־טרונקען געוואָרען דיא, וואָס האָבען געטראָגען צו פיעל גאָלד אויף זיך. דיא טהייערע משא, מיט וועלכע דיא האַריץ האָט זיי ניט געלאָזען זיך זעגענען, האָט זיי צום גרונד אַרונטערגעשלעפּט. צום גליק האָבען זיך דאָ געפונען וועניגער שיפלעך מיט אַצטעקישע קעמפּפער. עס איז פאַראַן אַ מעשה, אַז אַלוואַראַדאָ, וועלכער איז געבליעבען אָהן אַ פערד, האָט זיך דאָ געראַטעוועט פון עטליכע אַצטעקען מיט דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעטהאָן אַ כח און איז אַריבערגעשפּרונגען איבער דער עפּנונג. מען גלויבט דאָס אבער ניט. דיא אָפּענע שטיקעל אָזערע איז געווען ניט אין ערך צו ברייט און צו טיעף פאַר אַזא קונץ.

ווייטער האָבען דיא אַצטעקען דיא שפּאַניער וועניג געטשעפּעט. דיא באַגאַזש, גאָלד און טהייערע מאַטעריעס, וואָס דיא ווייסע זיינען געצוואונגען געווען אַוועקצואוואַרפען, האָט זיי (דיא ווייסע) געראַטע־וועט. אַנשטאַט זיך נאָך זיי ווייטער נאָכצויאָגען, האָבען דיא מעקסיקאַ־נער זיך אַרויפגעוואָרפען אויף דיא כשר'ע מציאות, וואָס זיי האָבען דאָ דערזעהן.

פון קאָרטעס'עס אַרמיי איז געוואָרען אַ תל. אין אַלעמען זיינען אויסגע'הרג'עט געוואָרען ביי 450 שפּאַניער און פיער טויזענד טלאַ־סקאַלאַנער. דערצו נאָך זיינען פיעלע פון דיא הינטערסטע רייהען אַריינגעפאַלען אין פּלען, דאָס הייסט, זיי זיינען געוואָרען קאַנדידאַטען אויף קרבנות פאַר דיא מזבחות. פון דיא גאָלד און אַנדערע טהייערע

זאַכען איז געבליעבען וועניג. פון דיא קאַנאָנען מיט דיא ביקסען — קיין איינציגער ניט (פיעלע פון דיא געוועהר האָט מען פראָסט אַוועקגעוואָרפען אום צו קענען אַריבערשווימען דיא צוויי שטיקלעך אָזערע). דאָס אַלעס איז נאַטירליך געווען אַ וויכטיגער שאָדען פאַר קאָרטעס'ען. ער האָט אָבער אויך פערלאָרען אַזעלכע זאַכען, וואָס זייער פערשווינדען איז אַ שאָדען פאַר דער מענשליכער געשיכטע. מיר מיינען דאָ זיין טאַגע־בוך, פערשיעדענע פאַפּיערען און נאָטיצען מיט איינצעלהייטען וועגען זיין גאַנצער רייזע זינט ער האָט פערלאָזען קובאַ.

צווישען די גע'הרג'עטע איז געווען וועלאַסקעץ דע לעאָן. אַ גרויסע צאָהל פון דיא סאָלדאַטען זיינען געווען פערוואונדעט און מען האָט זיי געמוזט טראָגען אויף „נאָסילקעס". פיעלע פון זיי זיינען געשטאָרבען אויף'ן וועג. אַנדערע זיינען איינפאַך געפאַלען פון אויסגעמאַטערטקייט און פון הונגער, וואָרים שפּייז איז געווען זעהר וועניג.

אַזוי האָבען זיי זיך געשלעפּט אין מיטען נאַכט, אין „ד י א ט ר ו י ע ר י ג ע נ אַ כ ט", וויא מען רופט איהר אין דער שפּאַנישער געשיכטע. אָבער כל זמן עס האָט נאָך געדויערט דיעזע נאַכט, איז נאָך געווען אַ האַלבע צרה. זיי זיינען געווען פריי פון שונאים, וועניגסטענס. ווען עס האָט אָבער גענומען טאָגען, האָבען אויף דיא בערג אָדער אויף דיא פעלדער הינטער דיא מאַרשירענדע שפּאַניער זיך בעוויזען פיינדליכע אינדיאַנער. דאָס זיינען ניט געווען איינוואוינער פון דער הויפּט־שטאָדט, נור פון דיא אַרומיגע דערפער. זיי האָבען געהערט וועגען דער מפּלה, וואָס דיא וויסע האָבען געהאַט, און דורך דעם זיינען זיי ביי זיי געוואָרען אויס „הימעל־מענשען". פון דיא בערג האָט מען אויף קאָרטעס'עס חיל אַראָבגעשליידערט שווערע שטיינער און אַראָבגעשאָסען רעגענס מיט פּיילען. אייניגע אינדיאַנער זיינען זאָגאַר אָנגעפאַלען אויף די הינטערסטע ציילען פון דער מאַרשירענדער אַרמיי מיט זייערע שפּיעזען און בולאַוועס. אָבצוטרייבען זיי איז געווען ניט שווער: דערצו איז בלויז נויטיג געווען אַ פּאָר רייטער. פאַר דיא אויסגעמוטשעטע, אויסגעהונגערטע אַרמיי זיינען זיי אָבער געווען אַ גרויסע שטערונג.

צו טלאַסקאַלאַ איז אייגענטליך געווען ניט ווייט — ניט מעהר וויא 27 ענגלישע מייל. עס איז אָבער אויסגעקומען זיך צו דרעהען

ארום אַזערעס, און דאָס האָט דעם וועג געמאַכט מעהר וויא דריי מאָל לענגער וויא אין אמת'ן. און פון אויסגעמאַטערטקייט און שוואַכקייט איז מען געגאַנגען אַזוי לאַנגזאַם, אַז דער מאַרש האָט געדויערט אַ וואָך. ביי נאַכט פלעגט מען זיך אָבשטעלען אין אַ דאָרף. קיין שפּייז האָט מען אָבער אין ערגעץ ניט געפונען, וואָרים אויף דיא אונגעבעטענע געסט האָט מען זיך שוין אומעטום געריכט, און מען האָט אַלעס בעהאַלטען. באַלד איז איינפאַך ניט געווען וואָס צו עסען. די הויפּט־שפּייז איז בעשטאַנען פוןווילדע קאַרשען, וועלכע האָבען געוואַקסען אין דיא וועלדער. ווען מען פלעגט געפינען עטליכע זאַנגען קוקורוזע, פלעגט מען זיך אויף דעם אַרויפוואַרפען וויא דיא היישעריקען. מען האָט פּשוט זיך געקאָרמעט מיט דיא שטעקלעך וואָס זיינען געבליבען אויף דיא קוקורוזע פעלדער. איין שפּאַניער איז געווען אַזוי פערווילדעט פון הונגער, אַז ער האָט אַרויסגעריסען דעם לעבער פון זיינעם אַ טויטען חבר, וועלכער איז געשטאָרבען אויפ'ן וועג, אויך פון הונגער, און האָט דאָס אויפגעגעסען. ווען קאָרטעס האָט זיך דערוואוסט דערפון, האָט ער איהם געהייסען אויפהענגען. דיא פליישׁ אָבער פון טויטע פערד האָט קאָרטעס אַליין אויך געגעסען מיט גרויס אַפּעטיט. אַזעלכע פליישׁ איז אָבער געווען אַ זעלטענהייט. אַזאַ געשמאַקער ביסען האָט זיך געמאַכט נור דאַן ווען אַ פערד איז געפאַלען פון הונגער אָדער דורך אַ סבה. אַליין הרג'ענען דיעזען וויכטיגסטען מיט־קעמפּפער אין דיא מלחמות געגען רויט־הויטיגע, האָט מען זיך ניט פערגונען. איינינגע זיינען געווען אַזוי אויסגעהונגערט און אָבגעשוואַכט, אַז זיי האָבען איינפאַך קיין כח ניט געהאַט צו געהן; זיי זיינען אָבגעשטאַנען פון דער אַרמיי און אַריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דיא אינדיאַנער, וואָס האָבען זיך נאָכגעשלעפּט פון הינטען. אַן עהנליכען שיקזאַל האָבען אויך געהאַט דיא, וואָס האָבען זיך אָבגעטהיילט פון דער אַרמיי, זוכענ־דיג שפּייז. דער הונגער איז געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט ניט געהאַט ניט קיין כח און ניט קיין אינטערעס צו טראָגען דיא גאָלד, וואָס מען האָט מיטגענומען פון מעקסיקאָ. פיעלע פון דיא, וואָס האָבען אין דיא „טרויעריגע נאַכט“ צעהנדליגע מאָל געשטעלט זייער לעבען אין געפאַהר אום זייערע אוצרות צו ראַטעווען, האָבען דאָס אַלץ איצט אַליין אַוועק־געוואָרפען. וואָס אנבעטרעפט דיא טלאַסקאַלאַנער, וועלכע האָבען בעגלייט דיא שפּאַניער, האָבען זיי דעם הונגער פערטראָגען לייכטער.

זיי האָבען זיך אָבער אויך געמוטשעט. דאָך האָבען זיי דיא ווייסע דיא גאַנצע צייט אַרויסגעוויזען דיא גרעסטע טרייהייט.

אויף'ן זיעבעטען טאָג, ווען דיא שפּאַניער זיינען שוין געווען ניט ווייט פון טלאַסקאַלאַ, האָבען זיי צו זייער ערשטוינונג בעגעגענט אַ ריעזיגע אַצטעקישע אַרמיי. דאָס זיינען מייסטענס געווען איינוואוינער פון דיא שטעדטלעך און דערפער פון אַרום דער שטאָדט מעקסיקאָ. זיי האָט געשיקט ק י ט ל א ה ו א, וועלכער האָט איצט פערנומען מאָנטעזומאַ'ס (זיין ברודער'ס) פּלאַץ אַלס מלחמה־הויפּטמאַן. קאָרטעס האָט גלייך אויסגעסטראַיעט זיין אויסגעהונגערטע אַרמיי וויא עס פּאָדערט זיך צו אַ שלאַכט. פון אַלע זייטען זיינען אָנגעקומען מאַסען בעוואַפענטע קעמפּפער — טויזענדע געזונדע, אויסגערוהטע אינדיאַנער אויף עטליכע הונדערט אויסגעהונגערטע, אויסגעמאָרעטע פערוואונדעטע שפּאַניער. פאַר דיא שפּאַניער איז דאָס אָבער געווען אַ פראַגע פון לעבען און טוידט; און, ווען קאָרטעס האָט אין אַ קורצע פייערדיגע רעדע זיי ערקלעהרט אַז זיי שטעהט דאָ פאָר איינס פון דיא צוויי: זיעגען אָדער שטאַרבען אויף דיא מעקסיקאַנער מזבחות, — האָבען זיי זיך אַריינגעוואָרפען אין קאַמפּף מיט אוננאַטירליכע קרעפטען. עס האָט זיי אָבער ווענינ געהאָלפען. זיי זיינען געווען וויא אַ הייפעלע געגען אַ ים פון רויט־הויטיגע. זיי האָבען בעוויזען וואונדערליכע העלדישקייט. עס האָט זיך אָבער ניט אָנגעזעהן, ביז ענדליך, נאָך דעם וויא דער שלאַכט האָט אָנגעהאַלטען עטליכע שטונדען, זיינען זייערע צייל־ען צובראָכען געוואָרען, און עס האָט געהאַלטען ביי אַ פאָלשטענדיגער נידערלאַגע. פּלוצלינג האָט קאָרטעס זיך עפּעס דערמאָנט און איז געפאַלען אויף אַ פּלאַן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ווען מען טוידטעט ביי אינדיאַנער זייער קאָמאַנדיר און מען כאַפּט אַריין זייער פאָהן, אַנטלויפען זיי גלייך פון שלאַכט־פעלד (זעה זייטעל 322). דעם קאָמאַנ־דיר פון דיעזער אַצטעקישער אַרמיי האָט ער געזעהן פון ווייטען; אויף אַ בערגעל, פון וועלכען יענער האָט געפיהרט דיא מלחמה. ער האָט איהם דערקענט נאָך דעם נאָך, וויא מען האָט איהם געטראָגען אויף אַ שטוהל, נאָך זיין פּרעכטיגען מאַנטעל פון רייך־קאָלירטע פעדערען, נאָך זיינע ציערונגען פון גאָלד און עדעלשטיינער, וויא אויך נאָך דעם גרויסען נעץ פון גאָלדענע פעדים, — דיא שלאַכט־פאָהן, וועלכע האָט לעבען איהם געפלאַטערט. מיטנעהמענדיג מיט זיך זעקס פון זיינע בראַווסטע

קאפּיטאַנען, האָט קאָרטעס מיט זיי, אויף פערד, זיך א לאָז געטהאָן צו יענעם בערגעל. דיא זיעבען רייטער האָבען געהאַט דורכצושניידען א וועג דורך אַ געדיכטע, צעהנדליג־טויזענד־קעפּיגע פיינדליכע מאַסע. דאָס האָט שוין ווירקליך געהייסען שפּרינגען אַ טיגער אין מויל אַריין. אָבער אַזעלכע זאַכען זיינען ביי קאָרטעס'ען קיין נאָווינע ניט געווען. זיין גאַנצע עקספּעדיציע איז דאָך געווען אַ שפּרונג צו אַ טיגער אין מויל אַריין. ער האָט געהאַט אַ כלל, אַז „דער וואָס האָט מוטה, דעם האָט ליעב דער מזל"; אַזוי האָט ער זיך אויסגעדריקט אין אַ בריעף צום שפּאַנישען קעניג, און אין פיעלע פון זיינע רעדעס צו דיא סאָל־דאַטען, און ער אַליין האָט אימער געגעבען אַ ביישפּיעל וויא אַזוי צו פיהרען זיך נאָך דיעזען כלל נאָך.

דיא געדיכטע מאַסע אינדיאַנישע קעמפּפער האָט ניט ווילענדיג זיך צוזאַמענגעדריקט פאַר דיא שפּרינגענדע פערד, און געמאַכט אַ וועג פאַר זיי. דיא זיעבען ווייסע רייטער זיינען באַלד געווען אויפ'ן בערגעל; און איידער דיא דאָרטיגע אַצטעקען האָבען פאַססייעט זיך אַרומצוקוקען, איז זייער קאָמאַנדיר געלעגען אַ טוידטער און זיין גרויסע גאָלדענע פאָהן איז געווען ביי קאָרטעס'ען אין האַנד. ער האָט איהר אויפגעהויבען אין דער הויך, און גלייך איז געשעהן דאָס וואָס ער האָט ערוואַרטעט. דיא צעהנדליגע טויזענדע אַצטעקען, וואָס זיינען ביז דיעזער מינוט געווען בערייט צו קעמפּפען ביז'ן לעצטען טראָפּען בלוט, דיא צעהנדליגע טויזענדע מוטהיגע זעלנער, וואָס זיינען צום טוידט געגאַנגען טאַנצענדיג, זיינען פּלוצלינג פערוואַנדעלט געוואָרען אין צעהנדליגע טויזענדע פייגלינגען, מיט צושראָקענע הערצער און צוטומעלטע קעפּ. עס איז געוואָרען אַ געלאַף. אין אַלע זייטען זיינען זיי זיך צולאָפען, איבערלאָזענדיג פאַר דיא שפּאַניער מאַסען שפּייז און אַנדערע וויכטיגע זאַכען, שוין ניט ריידענדיג פון דיא גאָלד, טהייערע שטיינער און קליידער, וועלכע דיא ווייסע האָבען דערנאָך אַראָבגענומען פון דיא געפאַלענע עלסטע.

פריהער האָט קאָרטעס געצווייפעלט אויב דיא איינוואוינער פון טלאַסקאַלאַ וועלען איהם ווייזען אמת'ע גאַסטפריינדליכקייט. ער האָט מורא געהאַט, אַז דיא נאַכריכטען וועגען זיין „טרויעריגע נאַכט" האָבען איהם געמאַכט אויס תקיף ביי זיי, און אַז זיי האָבען דעריבער

פערלאָרען אינטערעס אין דיא שפּאַניער אַלס מיטקעמפּפער. איצט אָבער, נאָך דעם וויא ער האָט מיט זיין אויסגעהונגערטע הייפעלע בעזיעגט אַזאַ גרויסע אַצטעקישע אַרמיי, האָט זיך דער קרעדיט פון דיא ווייסע ווידער אויפגעהויבען — אַזוי האָט ער זיך געקלערט; און אַזוי איז עס ווירקליך געווען. ווען ער האָט דערגרייכט דיא ערשטע טלאַסקאַלער שטעדטעל, האָט מען איהם דאָרטען אויפגענומען מיט פרייד און מיט כבוד. און אַן עהנליכען ברוך הבא האָט ער בעקומען אין דער טלאַסקאַלער הויפּט־שטאָדט. מען האָט איהם מיט זיין אַרמיי געגעבען דיא בעסטע שפּייז און וואוינונגען, זיי בעדיענט, און פערזאָרגט זייערע פערוואונדעטע מיט דיא בעסטע רפואות, פון וועלכע דיא רויט־הויטיגע האָבען נור געוואוסט.

אין אַ מאָנאַט צייט האָט דיא אַרמיי זיך גוט אויסגערוהט און דאָס רוב פון איהרע פערוואונדעטע זיינען געזונד געוואָרען. אין פערלויף פון דיעזען מאָנאַט האָט קאָרטעס בעקומען אַ נאַכריכט, אַז דיא רויט־הויטיגע איינוואוינער פון אַ געוויסען געגענד זיינען בעפאַלען 45 שפּאַניער, וואָס האָבען צו איהם געטראָגען אַ פּאַק מיט גאָלד פון ווערא קרוץ. דיא 45 שפּאַניער האָבען זיי אויסגעה'רג'עט און דיא גאָלד צוגענומען. און באַלד איז אַן עהנליכער בעריכט געקומען פון ט ע פּ ע אַ ק אַ, אַ מעקסיקאַנישע פּראָווינץ, וועלכע איז געלעגען ביי דעם טלאַסקאַלאַנער גרענעץ. איינוואוינער פון דיעזער פּראָווינץ האָבען געכאַפּט 12 שפּאַניער און זיי געטוידטעט. פריהער וואָלטען רויט־הויטיגע דאָס ניט געסמייעט צו טהאָן. דיא מפּלה פון דער „טרויעריגער נאַכט" האָט אַלזאָ ביי דיא שפּאַניער פּאָרט אַוועקגענומען זייער צויבער. קאָרטעס האָט זיך דעריבער בעשלאָסען דיא שולדיגע אינדיאַנער אָנצולערנען, — זיי צו ווייזען, אַז מיט שפּאַניער איז אַלץ געפעהרליך זיך אָנצוהויבען.

ווען זיינע סאָלדאַטען האָבען דאָס דערהערט, האָט זיך צווישען זיי אָנגעפאַנגען אַ גערודער פון אונצופריעדענהייט. הויפּטזעכליך האָבען פּראָטעסטירט דיא, וואָס זיינען געקומען מיט נאַרוואַעז'ען; אָבער אַנדערע אויך. מען האָט געפאָדערט, אַז ער זאָל דיא אַרמיי גלייך פיהרען נאָך ווערא קרוץ און פון דאָרטען צוריק נאָך קובאַ. ער האָט אָבער פעסט ערקלעהרט, אַז מען מוז אָנלערנען דיא רויט־הויטיגע שונאים און צוריק איינגעהמען דיא הויפּט־שטאָדט פון מעקסיקאָ. „דער, וואָס וויל

פערלאָזען מיין אַרמיי, מעג זיך געהן" — האָט ער געזאָגט — „קיין פייגלינגען דאַרף איך סיי ווי סיי ניט. פאַר מיר איז גענוג אַ קליינינקע אַרמיי, אַבי זי זאָל בעשטעהן פון מענשען, וואָס האָבען קוראַזש און ווייסען וויא צו זיין טריי". דיא עטליכע ווערטער האָבען געווירקט וויא אַ כשוף, און טאָמער זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען פּאָרט געוועלט אַוועקגעהן, האָבען זיי ניט געקענטביישטעהן דיא שטעכ־ווערטער מיט דיא רייצענעס פון דיא, וואָס זיינען געווען טריי קאָרטעס'ען.

וואָס אַנבעטרעפט דיא איינוואוינער פון טלאַסקאַלאַ, זיינען פון זיי אויך ניט אַלע געבליבען פריינדליך צו זייערע ווייסע געסט. פיעלע האָבען גענומען מורמלען, אַז זיי זיינען אַן אומזיסטע לאַסט, אַז זייערע מלחמות געגען מעקסיקא האָבען טלאַסקאַלאַ אָבגעקאָסט פיעלע קינדער, און אַז עס איז שוין צייט פון זיי פּטור צו ווערען. אַנדערע זיינען אָבער טריי געבליבען דיא שפּאַניער, אַלס מיט־קעמפּפער געגען דיא אַצטעקען. דער עולם איז געווען צוטהיילט. באַלד איז אָבער פּאָרגעקומען אַ וויכטיגע פּאַסירונג, וואָס האָט אַלץ געענדיגט אַזוי וויא עס האָט זיך געלוינט פאַר קאָרטעס'ען מיט זיין אַרמיי.

מיר ווייסען שוין אַז מאָנטעזומאַ'ס פּלאַץ האָט פערנומען זיין ברודער קיטלאַהואַ. ער האָט דאָס קאָמאַנדעוועט איבער דיא אַצטעקישע חיל אין דיא „טרויעריגע נאַכט". ער האָט געהאַט אַ פעסטערען כאַראַק־טער וויא זיין ברודער און זינט קאָרטעס האָט איהם בעפרייט, האָט ער ניט אויפגעהערט צו אַרבייטען געגען דיא שפּאַניער. ביי דער צערעמאָניע, מיט וועלכע מען האָט געפייערט זיין אַרויפטרעטען אויף דיא הויכע שטעלע, האָט מען מקריב געווען פיעלע פון דיא שפּאַניער, וואָס מען האָט געפאַנגען אין דיא „טרויעריגע נאַכט"; און דיא אַרמיי וואָס האָט אַטאַקירט קאָרטעס'ען ניט ווייט פון דעם טלאַסקאַלער גרענעץ האָט ער דאָס געשיקט. גלייך וויא דיא שפּאַניער זיינען אַנט־לאָפען פון מעקסיקא, האָט דיעזער מלחמה־הויפּטמאַן זיך גענומען פערריכטען דיא קאַנאַלען מיט דיא בריקען מיט דיא צושמעטערטע אָדער צוברענטע געביידעס. ער האָט אויך גענומען אָרגאַניזירען אַ גרויסע אַרמיי אויף ווייטערע מלחמות געגען דיא ווייסע; אָבער דאָ האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז דיא מאַכט פון מעקסיקא איז שוין ניט דיא זעלבע וויא פריהער. דיא נעהנטערע לענדער זיינען געבליבען טריי; דיא ווייטערע אָבער, וועלכע האָבען זיך אויך גערעכענט פאַר

אונטערטהעניגע, האָבען איצט געגומען ארויסווייזען צייכענס פון פרעמדקייט, פון אונפריינדליכקייט. דיא אורזאַכע איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס דיא ווייסע האָבען צוקלאַפּט דעם נאָמען, וועלכען דיא אַצטעקען האָבען געהאַט אַלס אַלמעכטיגע העלדען. אמת זיי האָבען געזיעגט אין דער „טרויעריגער נאַכט". א הייפעלע שפּאַניער האָבען אָבער פּאָרט איבער זיי געהערשט א לאַנגע צייט, און אין דער מלחמה לעבען טלאַסקאַלאַ האָט דיעזע הייפעלע צוטריעבען א ריעזיגע מעקסי־קאַנישע אַרמיי. דיא פעלקער, וואָס זיינען פריהער געווען טריי אויס פורכט, האָבען איצט אַלזאָ בעקומען מוטה און אייניגע פון זיי האָבען אָפּען זיך ערקלעהרט פריי פון דעם מעקסיקאַנישען יאָך. פון פער־צווייפלונג האָט דער מעקסיקאַנישער הויפּטלינג־ראַטה זיך בעשלאָסען צו טהאָן אַזאַ זאַך פון וועלכע ער וואָלט פריהער אפילו ניט געוואָלט הערען: צו שיקען פריעדענס־שלוחים צו דיא טלאַסקאַלאַנער, און זיי פּאָרצושלאָגען צו פעראייניגען זיך מיט זיי געגען דיא ווייסע. אז אַצטעקען זאָלען אַזוי בויגען דיא קאָפּ פאַר דיא טלאַסקאַלאַנער — דאָס וואָלט אין געוועהנליכע צייטען איינפאַך געווען אונגלויבליך. אָבער זינט עס זיינען אָנגעקומען דיא ווייסע, זיינען דיא געוועהנליכע צייטען פערשוואונדען. איצט איז דאָס אונמעגליכסטע מעגליך געוואָרען. קורין, דיא מעקסיקאַנער האָבען צו דיא טלאַסקאַלאַנער געשיקט זעקס פון זייערע עלסטע מיט זאַלץ און אַנדערע זאַכען, וועלכע דיא טלאַס־קאַלאַנער האָבען שוין לאַנג ניט געזעהן, אַלס פריעדענס־מתנה. עס איז געווען אַן איבערראַשענדער וויזיט, און מען האָט גלייך צוזאַמענ־גערופען אַן אסיפה. דיא שלוחים האָבען איבערגעגעבען דעם פּאָרשלאַג, אַז דיא צוויי פעלקער זאָלען פערגעסען זייער ביז־העריגע שנאה און אין ביידענ'ס אינטערעסען בעפרייען דעם געגענד פון דיא געפעהרליכע ווייסע. איצטער איז דיא צייט — האָבען זיי גע'טענה'ט; איצט, ווען דיא שפּאַניער זיינען קליין אין צאָהל, און ביי זיי איז געבליבען וועניג פערד און פייער־געוועהר, קען מען זיי לייכט בייקומען און מקריב זיין צו דיא געטער.

דיא אסיפה איז געווען צוטהיילט. אייניגע, הויפּטזעכליך דיא אינגערע, זיינען געווען צופריעדען מיט דעם פּאָרשלאַג, וועהרענד אַנדערע, מייסטענס דיא עלטערע, זיינען געבליבען קאַלט און פיינדליך צו דיא שלוחים מיט זייער גאַנצען פאָלק. צווישען דיא ערשטע איז

געווען אַ הויפּטמאַן מיט׳ן נאָמען קסיקאָטענקאַטל. דער פיהרער פון דיא עלטערע איז געווען מאַקסיקסקאַ — אַ בלינ־דער זקן, איינער פון פיער אויסערוועהלטע, וואָס האָבען געפיהרט דיא רעגיערונג. ער האָט דיא אסיפה געוואָרענט, אַז מען זאָל זיך ניט פער־לאָזען אויף דיא איצטיגע זיסע רייד פון זייערע אייביגע שונאים, דיא מעקסיקאַנער. „איצט זיינען זיי אויף צרות, בעטען זיי זיך ביי אונז; אויב אָבער מיר וועלען זיי העלפען פערניכטען אונזערע פריינד, דיא שפּאַניער, פאַר וועלכע זיי האָבען מורא, — וועלען זיי ווידער נעהמען פערגיסען אונזער בלוט" — אַזוי האָט ער גערעדט מיט פייער, מיט האַרץ. ער האָט זיינע צוהערער דערמאָנט אָן אַלע מערדערליכקייטען, וואָס זייער שבט האָט געהאַט אויסצושטעהן פון דיא אַצטעקען און שאַרף קריטיקירט דיא מיינונג, אַז מען דאַרף זיין פאַלש צו זייערע ווייסע פריינד, צו זייערע מיט־קעמפּפער, וועלכע זיינען צו זיי געקומען, ווייל זיי האָבען צוטרוי צו זייער גאַסטפריינדליכקייט. דיא געטער האַסען דעם, וואָס איז פאַלש צו זיינע געסט און פריינד, האָט ער געזאָגט.

קסיקאַטענקאַטל האָט אָבגעענטפערט מיט אַ שאַרפע רעדע געגען דיא שפּאַניער, ביז דער בלינדער אַלטער מאַן איז אַרויס פון געדולד און האָט אויף זיינע ארגומענטען אָבגעענטפערט מיט׳ן פויסט. ער האָט איהם פראָסט אַראָבגעשליידערט פון דער פּלאַטפאָרמע. דיא אסיפה האָט זיך געענדיגט מיט דעם וואָס מען האָט אָנגענומען מאַקסיקסקאַ׳ס פאָרשלאַג, און דיא זעקס שלוחים זיינען אַנטלאָפען צוריק נאָך מעקסיקאָ.

דיעזער בעשלוס איז געווען זעהר וויכטיג פאַר דיא שפּאַניער, וואָרים קאָרטעס האָט אַלע זיינע זיעגען געהאַט צו פערדאַנקען דאָס וואָס דיא אינדיאַנישע פעלקער זיינען ניט געווען אייניג צווישען זיך. ווען דיא טלאַסקאַלאַנער וואָלטען געשלאָסען אַ פערבאַנד מיט דיא אַצטעקען, וואָלט ער געווען אין גרויס געפאַהר.

קאָרטעס איז מיט זיין אַרמיי און מיט פופציג טויזענד טלאַסקאַ־לאַנער דאַן געגאַנגען אויף דיא איינוואוינער פון טעפּעאַקאַ, דיא וואָס האָבען גע׳הרג׳עט דיא אויבענדערמאָנטע צוועלף שפּאַניער. ער האָט דאָרטען געהאַט אַ לייכטען נצחון. דיא טעפּעאַקאַנער זיינען

געפאַלען מאָסענווייז. עס איז פאַראַן אַ בעריכט, אַז יענע נאַכט האָבען דיא טלאַסקאַלאַנער געמאַכט אַ מאָהלצייט פון געבראָטענע הענד און פיס פון גע'הרג'עטע טעפּעאַקאַנער, און קאָרטעס האָט דאָס ניט פערוועהרט. דיא טלאַסקאַלאַנישע מחנות האָט ער ניט געשטערט זיך צו פיהרען, וויא זיי האָבען געוועלט.

דיא איינוואוינער פון טשאָלולאַ, מיט וועלכע מיר זיינען בעקאַנט געוואָרען אין אַ פריהערדיגען קאַפּיטעל, האָט מען חושד געווען אַז זיי שפּיעלען דאָ אַ פאַלשע ראָלע געגען דיא שפּאַניער. קאָרטעס האָט זיך אָבער ערקונדיגט, אַז דאָס איז אַן אומזיסטער בלבול.

טעפּעאַקאַ האָט זיך אונטערגעגעבען און אַנערקענט דיא שפּאַנישע הערשאַפט. פון דעסטוועגען האָט קאָרטעס דיא איינוואוינער פון דיא דאָרטיגע דערפער, וואָס זיינען געווען פערמישט אין דעם טוידט פון דיא צוועלף שפּאַניער, בעשטראָפט. ער האָט זיי געשטעמפּעלט דיא שטערענס מיט אַ הייסען אייזען, און דערנאָך זיי צוטהיילט אַלס קנעכט צווישען דיא שפּאַניער און זיינע טלאַסקאַלאַנישע מיטקעמפּפער.

דאַן איז ער געגאַנגען אויף מלחמה געגען עטליכע אַנדערע מעקסיקאַנישע געגענדען. אייניגע פון זיי האָבען זיך גלייך אונטערגעגעבען, ווייל זיי איז העסליך געוועזן דער אַצטעקישער יאָך; אַנדערע, וויעדער, האָט ער בעזיעגט מיט אַ בלוטיגען קאַמפּף. פון דיעזע אַלע מלחמות האָט ער אָנגעזאַמעלט אַ מאַסע גאָלדענע ציערונגען, טהייערע קליידער (פון עלסטע) און אַנדערע זאַכען. טהייערער פון אַלץ איז אבער פאַר איהם געוועזן דאָס, וואָס ער האָט אונטער זיין הערשאַפט פעראייניגט אַ גרויסען, געדיכט־בעפעלקערטען שטח אַרום טענאָכטיטלאַן.

ענדליך איז ער געקומען צום שלום, אַז עס איז שוין צייט צו נעהמען זיך גרייטען צו אַ נייעם מאַרש אויף דיא אַצטעקישע הויפּט־שטאַדט, — צוריק צו געווינען דאָס, וואָס ער האָט פערלאָרען, און דיא גרויסע שטאַדט מיט דיא גאַנצע לאַנד איין מאָל פאַר אַלע מאָל אריינצו נעהמען פעסט אין דיא הענד. מיט דער הילף פון דיא טריידע טלאַסקאַלאַנער און דיא אַנדערע שבטים, וואָס האָבען מיט פרייד אַנערקענט זיין הערשאַפט כדי זיך צו בעפרייען פון דיא אַצטעקען, האָט ער געהאָפט צו האָבען ערפאָלג.

זיין ערפאהרונג אין דיא „טרויעריגע נאכט“ האָט איהם אָבער געבראכט צו דער איבערצייגונג, אז דיא געמויערטע שאָסעען, וואָס האָבען זיך געצויגען דורך דער אָזערע טעזקוקא צו דער מעקסיקאנישער הויפּטשטאדט, טאָר מען ניט אוועקמאכען אונטער'ן האנד. אויף דער יבשה וואָלטען דיא שפּאניער מיט דיא מעקסיקאנער שוין געקענט צורעכט קומען, וויא געוועהנליך. דאָ אָבער, ווען פוןביידע זייטען אָזערע האָט אויף זיי געהאָגעלט מיט פיילען און שפּיעזלעך פון הונ־דערטע קאנאָס, זיינען זיי געווען הילפלאָז. עס איז אלזאָ נויטיג געווען, אז דיא אָזערע זאָל ניט זיין אין גאנצען ביי דיא רויט־הויטיגע אין דיא הענד. אויב קאָרטעס וויל צוקומען צו טענאָכטיטלאן, מוז ער זיין געגרייט צו בעקעמפּפען דיא קאנאָס אויפ'ן וואסער. מיט אנדערע ווערטער, ער מוז אויף דער אָזערע האָבען קריעגס־שיפען צו בעשיצען דיא שאָסעען, אין דער צייט ווען איבער זיי וועט מארשירען זיין ארמיי. ער האָט זיך דעריבער בעשלאָסען צו בויען א פלאָטע פון דרייצעהן שיפען, ניט קיין גרויסע, אָבער גוט בעוואפענטע מיט אייראָפּעאישע געוועהר.

דיא פראגע איז אָבער געווען: „וויא קומט דיא קאץ איבער'ן וואסער?“ ריכטיגער געזאָגט, — צום וואסער. ווען אין דער טעזקוקאָ אָזערע וואָלט ארייגעפאלען א טייך, וואָלט קאָרטעס זיין פלאָטע געקענט בויען אויף יענעם טייך און מיט איהם וואָלט ער ארייגעשוואו־מען אין דער אָזערע. אזעלכע טייכען האָט זיא אָבער ניט געהאט; אלזאָ האָט מען געמוזט דיא פלאָטע בויען אויף דער אָזערע גופא. היינט וויא אזוי וועט מען זיך בעשיצען געגען דיא געפעהרליכע קאנאָס אין דער צייט, וואָס מען וועט דיא דרייצעהן שיפען בויען?

דאָ איז קאָרטעס ווידער געפאלען אויף א פלאן, אויף וועלכען בלויז א מענש, ביי וועמען קיין זאך איז ניט אונמעגליך, וואָלט געקענט פאלען: בויען וועט ער די שיפען אין טלאסקאלא, און ווען זיי וועלען פערטיג ווערען וועט מען זיי אוועקטראָגען צו דעם ברעג פון דער טעזקוקאָ אָזערע. מענשען וועלען די טלאסקאלאנער איהם געבען אריבערצוטראָגען כאָטש א גאנצע שטאדט.

מיר האָבען געזעהן אז באלבאָא האָט געבויט א פּאָר שיפען, וואָס מען האָט געטראָגען איבער דיא בערג פון דעם פּאנאמא איסטהמוס; אבער ערשטענס איז דאָס געווען בלויז א פּאָר; צווייטענס איז דער

וועג געווען אַ פיעל קלענערער. אזא פלאַן וויא קאָרטעס'עס איז אויך דורכגעפיהרט געווען מיט אַ פּאָר טויזענד יאָהר צוריק פון איינעם פון דיא גרעסטע מלחמה־העלדען פון יענע צייטען, און דאַן איז אויך דער וועג געווען פיעל קירצער וויא קאָרטעס'עס און דיא צאָהל שיפען אויך קלענער.

זעגלען און אייזען צו דער פלאָטע האָבען קאָרטעס'עס שיף־בויער געדאַרפט נעהמען פון ווערא קרוץ, וואו דאָס איז געבליעבען פון דיא שיפען, וואָס ער האָט געלאָזט דערטרינקען; און סמאָלע האָט מען גענומען פון דיא בוימער.

צו זיין גרויסען בעדויערען האָט קאָרטעס זיך דערוואוסט, אַז זיין פריינד מאַקסיקסקאַ איז געשטאָרבען פון אַ פּאָקען־מגפה. דיא מגפה האָט זיך פערשפּרייט פון אַ נעגער־שקלאַף, וועלכער איז געקומען מיט נאַרוואַעז'עס אַרמיי. דיא שפּאַניער האָבען געוואוסט וויא אזוי פון דער קראַנקהייט זיך צו היטען אָדער וויא אַזוי איהר צו היילען; דיא אינדיאַנער האָבען דאָס אָבער ניט פערשטאַנען; צווישען זיי האָט זיא זיך דעריבער פערשפּרייט זעהר שנעל און אָװעקגעלעגט מאַסען מענשען. דיא מגפה האָט זיך אָנגעהויבען אין סעמפּאָאַלא און פון דאָרטען איז זיא געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף ביז זיא האָט דער־גרייכט דיא הויפּט־שטאָדט פון מעקסיקאָ, וואו מאָנטעזומאַ'ס נאָכ־פאָלגער, קיטלאַהואַ, איז געווען איינער פון איהרע ערשטע קרבנות.

פיער פון דיא אַריסטאָקראַטישע שפּאַניער האָבען ניט אַנדערש געוואָלט אָוועקפאָהרען נאָך קובאַ. און קאָרטעס האָט זייער וואונש געמוזט ערפילען. אויף זייער פּלאַץ האָט דער שיקזאַל איהם אבער צוגעשיקט אַ פיעל גרעסערע מציאה. באַלד איז נאָך ווערא קרוץ פון קובא אָנגעקומען אַ שיף מיט פּראָוויאַנט. דיעגאָ וועלאַסקעז, דער גובערנאַטאָר פון קובאַ, האָט דאָס אהין געשיקט, — ניט פאַר קאָרטעס'ען, נאַטירליך, נור פאַר נאַרוואַעז'ען; וואָרום אין קובאַ האָט מען נאָך קיין בעגריף ניט געהאַט וועגען נאַרוואַעז'ס ניעדערלאַגע. מען האָט דאָרטען געמיינט, אַז ווערא קרוץ און דער ארומיגער געגענד וועניג־סטענס, געפינט זיך אין זיינע הענד. מיט דער זעלבער שיף איז פון שפּאַניען פון דעם אויבענדערמאָנטען בעאַמטען פאָנסעקאַ*) געקומען

*) זעה אויבען זייטלעך 99 און 100.

א פאפיער מיט א בעפעהל צו נארוואעז'ן, אז ער זאל קארטעס'ען גלייך שיקען נאך שפאניען גע'משפט צו ווערען. קארטעס'עס פארשטעהער אין ווערא קרוץ האט דעם קאפיטאן פון דער שיף צוערשט ניט אויס־געזאגט דעם אמת; ער האט זיך פאר איהם כלומר'שט פארגעשטעלט אלס נארוואעז'ס פארשטעהער. ווען דער קאפיטאן האט מיט זיינע מענשען זיך אבער ארויסגעזעצט אויפ'ן ברעג, האט מען זיי אלעמען גלייך ארעסטירט און זייער שיף צוגענומען. דאן האבען זיי זיך דער־וואוסט וואס פאר א טעות זיי האבען דא געהאט; זיי האבען זיך אבער לייכט געלאזען איבעררעדען און זיי זיינען צוגעשטאנען צו קאר־טעס'ען. בעריכטען פון זיינע העלדען־טהאטען, און הויפטזעכליך וועגען זיינע אוצרות פון מעקסיקא האבען זיי בעצויבערט. באלד איז פון וועלאסקעץ'ען אנגעקומען א צווייטע שיף — אלץ פאר נארוואע־עז'ן — און מיט איהר איז געוועזן דיא זעלבע געשיכטע וויא מיט דער ערשטער. ארום דער זעלבער צייט האט דער שפאנישער גובערנאטאר פון דעם אינזעל דזשעמייקא ארויסגעשיקט דריי בעוואפענטע שיפען מיט מענשען צו גרינדען א קאלאניע א מייל פופצעהן צו צפון צו פון ווערא קרוץ. ווען דיעזע שיפען זיינען אהין אנגעקומען, האבען דאר־טיגע אינדיאנער, וועלכע האבען שוין געהאט פריינדליכע פערהעלט־ניסע מיט קארטעס'ען, זיי געגעבען אזא ברוך הבא, אז דיא פון זיי, וואס זיינען געבליבען לעבעדיגע, זיינען קוים אנטלאפען מיט זייערע שיפען. אויפ'ן וועג איז איינע פון דיעזע שיפען דערטרונקען געווארען, און דיא אנדערע צוויי מיט דיא אויסגעהונגערטע, אבגעשוואכטע קאלא־ניסטען זיינען אנגעקומען אין ווערא קרוץ. דארטען האבען דיא שפאניער זיי אויפגענומען מיט אזא ווארימע גאסט־פריינדליכקייט, אז ווען זיי האבען זיך אויסגערוהט און זייערע וואונדען זיינען פערהיילט געווארען, האט מען זיי אויך לייכט איבערגערעדט צוצושטעהען צו קארטעס'עס ארמיי. און באלד איז געקומען נאך א שיף, — דירעקט פון שפאניען. זיא איז געוועזן געלאדען מיט אלערליי געוועהר און מיט מיליטערישע פריפאסען. איהר קאמאנדיר איז איינפאך געקומען פער־קויפען דיעזע סחורה. ער האט געהערט וועגען דיא ענטדעקונגען, וואס זיינען געמאכט געווארען אין מעקסיקא, האט ער זיך געקלערט, אז ער וועט דא קענען מאכען גוטע געשעפטען מיט זיין סחורה. און ער האט טאקע קיין טעות ניט געהאט. קארטעס האט ביי איהם אבגעקויפט ניט

נור דיא סחורה, נור זיין שיף אויך. אין אַלעמען האָט קאָרטעס אויף דיעזען אַרט צוגעקראָגען איבער 150 מאַן מיט אַ מאַסע געוועהר און שפייז און אנדערע נויטיגע זאַכען.

ער אַליין איז איצט געווען אין טעפּעאַקאַ. ער האָט דאָרטען געגרינדעט אַ שפּאַנישע שטאָדט, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבען סעגוראַ, דאָס הייסט, „דיא זיכערהייט", וואָרום דער פּלאַן איז געווען וויכטיג אויף צו בעשיצען, צו מאַכען זיכער דעם גרענעץ פון דיא לענדער וואָס ער האָט איינגענומען, וויא אויך זיין וועג צו זיין האַפּען־שטאָדט וועראַ קרוץ. דער נאָמען סעגוראַ איז אָבער שפּעטער פערגעסען געוואָרען, און אַלץ וואָס איז דאָרטען פערבליעבען איז אַ דערפעל וועלכער הייסט היינט טעפּעאַקאַ, דאָס הייסט, מיט דעם נאָמען פון דער אַלטער פּראָווינץ.

IX.

## דער חורבן פון מעקסיקא.

קאָרטעס קעהרט זיך אום קיין טלאַסקאַלאַ. — גוואַטעמאָזין ווערט מלחמה־הויפּטמאַן פון מעקסיקאָ. — קאָרטעס מאַרשירט צוריק נאָך מעקסיקאָ. — אין טעזקוקא. — קאָרטעס גיט דיא שטאָדט איזטאַפּאַלאַפּאַן איבער צו פייער און שווערד. — זיין פּלאָטע ווערט פאַרטיג. — אין איזקאָ־פּאזאלקא. — קאָרטעס בעקומט אַ נייע שפּאַנישע מתנה מיט דריי גרויסע שיפען. — ער ענטדעקט אַ בונט צווישען דיא שפּאַניער איהם צו טויטען. — ער הויבט אָן זיין ענדליכען מאַרש. — ער שניידט אָב דיא וואַסער־רעהרען פון דער הויפּט־שטאָדט. — קאַמפּף ביי דעם דרום־שאָסעע. — דער ערשטער שלאַכט מיט שיפען. — קסאָלאָק, דיא פעסטונג אויפ'ן וואַסער. — דיא שפּאַניער נעהמען אַלע שאָסעען. — דיא הויפּט־שטאָדט איז אין גאַנצען אָבגעשניטען. — דער ביטערער קאַמפּף אין שטאָדט. — קאָרטעס צינדט אָן דיא גרויסע שטאָדט־געביידעס. — דיא שפּאַניער האָבען אַ ביטערע ניעדערלאַגע. — זיי זעהען פון ווייטען וויא מען איז מקריב 70 פון זייערע ברידער. — קאָרטעס פערניכטעט ביסלעכווייז דיא שטאָדט. — פייער, הונגער און פעסט. — גוואַטעמאָזין בויגט זיך ניט. — דיא לעצטע שחיטות. — מען פאַנגט גוואַטעמאָזינ'ען. — מען פּייניגט איהם. — קאָרטעס שיקט אַן אוצר צום שפּאַנישען קעניג; דער אוצר פאַלט אָבער אַריין צום פראַנצויזישען קעניג. — קאָרטעס בויט אָב דיא שטאָדט. — זיינע נייע ענטדעקונגס־רייזעס. — ער זוכט אויך אַ וואַסער־דורכגאַנג פון דער אַטלאַנטישען אָקעאַן צום שטילען. — גוואַטעמאָזין'ס טוידט. — קאָרטעס בעזוכט שפּאַניען. — דיא קעניגין ווערט איהם אַ שונא. — צוריק אין מעקסיקאָ. — ווידער אין שפּאַניען. — זיינע לעצטע טעג.

קאָרטעס האָט זיך מיט זיינע צווייערליי חיל אומגעקעהרט אין טלאַסקאַלאַ. אויפ'ן וועג האָט מען איהם אומעטום בעגעגענט מיט פרייד און מיט כבוד, און ווען ער האָט דערגרייכט די שטאָדט פון זיינע טרייע מיטקעמפּפער, איז קינד און קייט איהם אַרויס אַנטקעגען מיט

טענץ און געזאַנג. אויף די גאַסען האָט מען פאַר איהם אויפגעשטעלט בלומען־טויערען, און אַ רעדנער האָט איהם בעגריסט מיט לויב־ווערטער אַלס דעם „ראַכע־נעהמער פאַר דעם טלאַסקאַלאַנער פאָלק". קאָרטעס און זיינע אָפיציערען האָבען אַריינמאַרשירט אין טרויער־קליידער, און ווען מאַרינאַ האָט דיא שטאָדט־לייט ערקלעהרט, אַז דאָס איז אויס רעספּעקט צו זייער געשטאָרבענעם הויפּטמאַן, מאַקסיקסקאַ, זיינען זיי געוועזען אויפ'ן זיעבעטען הימעל.

אין מעקסיקאַ האָט מען דערווייל אויף דעם פּלאַץ פון קיטלאַ־הואַ, מאָנטעזומאַ'ס ברודער, וועלכער איז געשטאָרבען פון דיא פּאָקען־מגפה, אויסערוועהלט אַ נייעם מלחמה־הויפּטמאַן, אַ 25־יעהריגען מאַן מיט'ן נאָמען גוּואַטעמאָזין. ער איז געוועזען מאָנטעזומאַ'ס און קיטלאַהואַ'ס אַ פּלעמעניק.*) אין כאַראַקטער איז ער געוועזען פיעל עהנליכער צו דעם צווייטען וויא צו דעם ערשטען. אַ שפּאַנישער שרייבער, וואָס האָט איהם געזעהן זעהר אָפט, בעשרייבט איהם מיט דיעזע ווערטער: „אַלס אַן אינדיאַנער איז ער געוועזען זעלטען עלעגאַנט; ער איז געוועזען אַ מוטהיגער, ביטערער יונג, און אַזאַ בייזער, אַז זיין סוויטע פלעגט ציטערען פאַר זיין דוך". דיא שפּאַניער האָט ער געהאַסט פון טיעפסטען האַרצען. דורך שפּיאָנען האָט ער געוואוסט פון זייער יעדען שריט, און דאָס וואָס זיי קלייבען זיך וויעדער צו מאַרשירען אויף דער הויפּט־שטאָדט, איז ביי איהם קיין סוד ניט געווען. ער האָט זיך געקליבען צו אַ ביטערען קאַמפּף געגען זיי. דערווייל האָט ער דיא מעקסיקאַנער צוגעגעבען חשק צו טוידטען שפּאַניער, וואו מען וועט נור קענען. ער האָט זאָגאַר ערקלערט אַ ספּעציעלע בעלוינונג פאַר יעדע שפּאַנישע קאָפּ, און אַן אַנדער בעלוינונג פאַר יעדען שפּאַניער, וואָס מען וועט איהם ברענגען לעבעדיגערהייד. ער פלעגט זיך רייצען מיט דיא שפּאַניער: אָפט, צום ביישפּיעל, פלעגט טרעפען, אַז אַריינקומענ־דיג אין איינעם פון דיא טעמפּלען פון דיא איינגענומענע געגענדען, פלעגען זיי דאָרטען געפינען הענגענדיג דיא געוועהר און דיא קליידער פון אַ פערשוואונדענעם ווייסען. דאָס האָט געהייסען, אַז דעם אונ־גליקליכען האָט מען מקריב געוועזען אויף אַ מעקסיקאַנער מזבח.

קאָרטעס, פון זיין זייט, האָט זיך געפערטיגט צו דער קומענדער

*) זעה אויבען, זייטלעך 307־311.

מלחמה געגען מעקסיקא אויפ'ן אייראָפּעאישען שטייגער, און מיט דיא גרינדליכקייט, ענערגיע און פעהיגקייט, וועלכע ער האָט אימער אַרויס־געוויזען אין אזעלכע פעלע.

שפּאַנישע חיל האָט ער איצט געהאט נאָהענט פון 600 מאן. פון זיי זיינען פערציג געווען רייטער, און אכציג שיסער. דיא איבעריגע זיינען געווען בעוואפענט מיט שווערדען און מיט דיא לאנגע פּיקעס, מיט קופּערנע שפּיצען, וועלכע ער האָט זיך אויסגעלערענט געברויכען ביי א געוויסען מעקסיקאַנישען שבט. ער האָט אויך געהאט ניין מיטעל־מעסיגע הארמאטען. וואָס אנבעטרעפט דיא אינדיאנער, וואָס זיינען געווען געגרייט מיט איהם מיטצומארשירען, האָט זייער מחנה איצט ענטהאלטען ניט בלויז טלאַסקאלאנער, נור אויך מלחמה־מענשען פון טשאָלולאַ, טעפּעאקא און אַרומיגע געגענדען. דיא שפּאַנישע שרייבער פון יענער צייט רעכענען אויס, אז אין סך הכל האָט קאָרטעס געהאט נאָהענט פון 150 טויזענד רויט־הויטיגע מיטקעמפּפער. היינט גלויבט מען אַז דאָס איז שטאַרק איבערטריבען. עטליכע צעהנדליג טויזענד אזעלכע זעלנער האָט ער אָבער מסתמא געהאט. ער האָט זיי געפּרופט מוסטירען און אַביסעל האָט ער זיי צוגעוועהנט צו דער אייראָ־פּעאישער מלחמה־אָרדנונג און מלחמה־טאקטיק. זיי האָבען זאָגאַר זיך געסטארעט נאָכצומאכען דיא מיליטערישע צערעמאָניעס פון דיא שפּאַניער, וויא צום ביישפּיעל, צו סאַלוטירען (אָבגעבען „טשעסט“). צו קאָרטעס'עס ארמיי זיינען איצט צוגעשטאַנען דיא בעסטע מלחמה־לייט פון טלאַסקאַלאַ, און מיט זיי זיינען מיטגעגאנגען דיא געניטסטע און וויכטיגסטע הויפּט־לייט. דיעזע הויפּט־לייט האָבען געטראָגען מיליטערישע היטלען מיט גרויסע העל־קאָלירטע פעדערען און בלים־טשענדע ערדעל־שטיינער. אויפ'ן קערפּער האָבען זיי געטראָגען דיקע וואַטאָווע קאַפּטלען אלס פּאַנצירען און פון אויבען — שעהנע מאַנטלען פון רייכע פעדער־געוועב, וועהרענד דיא פיס זיינען ביי זיי געווען אין גאָלדענע סאנדאלען. פון הינטען איז נאָך יעדען הויפּט־מאַן נאָכגע־גאנגען א יונגער אינדיאנער מיט זיינע געוועהר און מלחמה־פאָהן. דיא פיער הויפּט־לייט האָבען רעפּרעזענטירט דיא פיער „פּראַטרים“, פון וועלכע טלאַסקאלא איז בעשטאַנען, און דיא פיגור, וואָס האָט געדיענט אלס צייכען אָדער „הערב“ פון יעדער פּראַטרי, איז געווען אויסגעמאָלט אויף איהר הויפּט־מאַנ'ס פאָהן. אויף אַן עהנליכען שטייגער פלעגען

געהן אויף מלחמה דיא מעקסיקאַנער. (זעה אויבען זייטעל 304.)

צוערשט האָט קאָרטעס אויף זיין מאַרש מיטגענומען בלויז אַ קליינע צאָהל פון זיין רויט־הויטיגע מחנה. פאָרלויפיג האָט ער מעהר ניט בעדאַרפט, און צו פיהרען און קאָרמען אזא ריעזיגע מענשען־מאַסע וואָלט געוועזען אַן איבעריגע לאַסט. ער האָט געהאַט גענוג ארבייט מיט דיא שבטים וואָס זיינען געלעגען אין גרויסען מעקסיקאַנער טהאָל, פאַר דער הויפּט־שטאָדט. דיא אַטאַקע אויף טענאָכטיטלאַן גופא, וואָלט ער סיי וויא סיי אזוי גיך ניט געקענט מאַכען. ער האָט געמוזט וואַרטען ביז זיין פּלאָטע וועט פאַרטיג ווערען.

פאַר'ן אָבגעהן פון שטאָדט האָט ער געמאַכט אַ „רעוויע“ איבער זיינע ביידע אַרמייען, דיא שפּאַנישע און דיא אינדיאַנישע, און פאַר יעדער פון זיי האָט ער געהאַלטען אַ רעדע. צו דיא שפּאַניער האָט ער גערעדט אין נאָמען פון זייער רעליגיאָן. ער פיהרט זיי הויפּטזעכליך מיט דעם צוועק צו בעפרייען מעקסיקא פון געצען־דינערייַ און דאָרטען איינצופלאַנצען דיא אמת'ע אמונה — האָט ער זיי געזאָגט. אויך האָט ער צו זיי גערעדט וועגען טרייהייט צו דער שפּאַנישער קרוין, וועגען דעם, דאָס מאָנטעזומאַ האָט אַנערקענט דיא שפּאַנישע הערשאַפט, און דעריבער בעלאַנגט מעקסיקא צו שפּאַניען; אַלזאָ זיינען דיא מעקסיקאַנער איצט מיאַטעזשניקעס, רעוואָלוציאָנערען, און מען דאַרף זיי אָנלערנען אין דעם נאָמען פון „גערעכטיגקייט“, פון „געזעצליכקייט“. אויף דיא לייכטזיניגע אַוואַנטוריסטען, וועלכע זיינען אייגענטליך ניט געשטאַנען פיעל העכער אין שכל וויא דיא רויט־הויטיגע נאַטור־קינדער, איז מיט אַזעלכע נאַרישע צבוע'צטוועס געווען לייכט צו ווירקען. דאָך האָט קאָרטעס מיט דעם זיך ניט בענוגענט: אין זיין רעדע האָט ער אויך ניט פערפעהלט צו געבען אָנצוהערעניסען אויף נייע אוצרות, וואָס מען וועט אָנראַבעווען, אויף נייע מאַסען גאָלד, וואָס ער וועט צוטהיי־לען צווישען זיינע סאָלדאַטען. דאָס איז געווען זיין רעדע צו דיא שפּאַניער; און פאַר דיא טלאַסקאַלאַנער האָט ער גע'דרשן'ט וויא עס האָט זיך געפּאַסט פאַר זיי: וועגען דיא אייביגע שנאה צווישען זיי און דיא מעקסיקאַנער, וועגען דיא מערדערייען, וואָס דיא לעצטע זיינען אימער בעגאַנגען געגען זיי. ער האָט זיי גע'חנפ'עט אַלס קעמפּפער, אַלס העלדען וואָס זיינען טריי זייער לאַנד און זייער נאָמען, אַלס דיא איינציגע רויט־הויטיגע וועלכע דיא אַצטעקען זיינען ניט אין שטאַנד

צו בעזיעגען א. ז. וו. מיט זיין געבאָרענע רעדנער־קראַפט און פעהיג־קייט צו פערשטעהן מיט וואָס מען קען ווירקען אויף דעם אָדער יענעם מענשען, האָט ער איןביידע זיינע מחנות פונאַנדערגעברענט אַ העלישען מלחמה־פייער. ביידע האָבען זיי אָבגעענטפערט מיט בעגייסטערטע געשרייען — דיא שפּאַניער אויף זייער שפּאַנישען שטייגער און דיא אינדיאַנער מיט זייערע ווילדע מלחמה־געוואַלדען, פון וועלכע ביי אַ ווייסען מענשען פלעגט דורכגעהן אַ קעלט איבער'ן לייב.

דער מאַרש האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם 28־טען מערץ, 1520. מען איז אַרויס פון דיא שטאָדט־טויערען מיט מוזיק, מיט פלאַטערענדע פאָהנען. טויזענדער מענשען, מענער, פרויען און קינדער, האָבען דיא אַרמיי בעגלייט מיט געזאַנג, מיט תפלות צו דיא געטער, אַז זיי זאָלען קאָרטעס'ען מצליח זיין. עס איז געוועזען אַ גרויסער יום טוב.

קאָרטעס האָט זיך אויסגעקליבען דעם שווערסטען וועג, מיט וועלכען מען האָט געקענט דערגרייכען מעקסיקא — איבער הויכע גלייכע בערג און פעלזען. טאַקע דערפאַר וואָס דיעזער וועג איז געוועזען אַזוי פול מיט שוועריגקייטען — האָט ער זיך געקלעהרט — וועט די אַצטעקען ניט אַרויספאַלען אויפ'ן זין, אַז ער וועט דורך דאָרטען פיהרען זיין אַרמיי.

דיא שפּאַניער מיט זייערע מיטקעמפּפער זיינען איבערגעקומען אַלע שטערונגען, ביז זיי האָבען דערגרייכט אַ גרויסע פרייע, פלאַכע פעלד, וועלכע איז געלעגען אויסגעשפּרייט פון אַלע זייטען אַזוי ווייט וויא דיא אויג האָט נור געקענט זעהן. דאָס איז געוועזען דער ט ה אָ ל פ ו ן מ ע ק ס י ק אָ. פול מיט גאָלדענע זונען־שיין איז דער טהאָל געוועזען, און דיא ריעזיגע בערג, וואָס האָבען זיך געזעהן פון ווייטען, האָבען צוגעגעבען פּראַכט און צויבער צו דעם ריעזיגען נאַטור־בילד. דיא אַרמיי איז בעגייסטערט געוואָרען קוקענדיג.

ווען זיי זיינען אָבגעגאַנגען אַ שטיק ווייטער, האָבען זיי אויף דיא שפּיצען פון דיא בערג בעמערקט סיגנאַל־פייערען. דיא מעקסיקאַנער פון דעם אַרומיגען געגענד האָבען אַלזאָ זיך שוין דערוואוסט, אַז זיי געהען, און זיך געגרייט צום קאַמפּף. באַלד האָבען זיך אויף דיא בערג בעוויזען מאַסען מענשען. אָבער דערווייל האָט מען קאָרטעס'ען מיט זיין אַרמיי ניט געטשעפּעט. יענע נאַכט האָט זיך דיא אַרמיי אָבגע־

שטעלט אין אַ דאָרף. זיי זיינען איצט געווען ניט ווייט פון דער שטאָדט טעזקוקאָ, וועלכע איז געלעגען נאָהענט פון דער אָזערע טעזקוקאָ. פון דאָרטען זיינען געקומען שלוחים מיט אַ פריעדענס־פאָהן און האָבען קאָרטעס'ען איינגעלאַדען אין זייער שטאָדט; זיי האָבען איהם בלויז געבעטען אַביסעל אָבוואַרטען, כדי זיי זאָלען האָבען צייט זיך צוצו־גרייטען איהם צו עמפּפאַנגען וויא געהעריג איז. קאָרטעס'ען איז דאָס ניט געפעלען געווען. ער האָט חושד געווען אַז זיי האָבען דערביי עפּעס אַ געהיימען ציעל.

מיר ווען דערמאָנען דעם לעזער אַז דער טעזקוקאָ שבט איז געווען איינער פון דיא דריי שבטים, פון וועלכע עס איז בעשטאַנען דער אַצטעקישער מיליטערישער פערבאַנד (דיא אַצטעקען, די טעזקו־קאָנער און דיא טלאַקאָפּאַנער). קאָרטעס האָט זיך אַלזאָ ניט געלאָזען נאַרען און פאָרטגעזעצט זיין מאַרש, ביז ער האָט אַריינגעמאַרשירט אין דער „שטאָדט פון רוהע“, וויא עס בעדייטעט דער וואָרט ט ע ז ק ו ק אָ. עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז פיעלע פון דיא איינ־וואוינער זיינען אַנטלאָפען; און צו דיעזען צוועק — צו אַנטלויפען — האָבען זיי דאָס געוואָלט געווינען צייט. צוזאַמען מיט זיי איז אַוועק זייער מלחמה־הויפּטמאַן. פיעלע פון דיא איינוואוינער זיינען אָבער נאָך פערבליבען, אַלזאָ האָט קאָרטעס צונויפגערופען זייערע הויפּט־לייט (מסתמא דיא פאָרשטעהער פון דיא פערשיעדענע „געגנטען“), און האָט זיי געצוואונגען אויסצוערוועהלען אַ נייעם מלחמה־הויפּטמאַן. וויא דער שטייגער איז, האָבען זיי צו דיעזען אַמט אויסגעקליבען אַ ברודער פון דעם מלחמה־הויפּטמאַן וואָס האָט פערלאָזען דיא שטאָדט — איינעם מיט'ן נאָמען א י ק ס ט ל י ל ק ס אָ כ י ט ל; און דיעזער איקסטלילקסאָכיטל איז געוואָרען אַ פאָלשטענדיגער פעררעטהער צו זיין פאָלק און אַ פאָלשטענדיגער געצייג אין קאָרטעס'עס הענד. ער איז געווען זיין טרייעסטער רויט־הויטיגער מיטקעמפּפער און דיענער, און האָט פיעל מיטגעהאָלפען אין דער פערשקלאַפונג פון זיינע רויט־הויטיגע ברידער.

קאָרטעס האָט דיא שטאדט טעזקוקא געמאַכט פאַר זיין הויפּט־קוואַרטיר. פון דאָרטען איז געווען לייכט צו האָבען פערהעלטניסע מיט טלאַסקאַלאַ און מיט דיא פערשיעדענע טהיילען פון דעם גרויסען טהאָל. אַ חוץ דעם האָט זיא געהאַט אַלץ, וואָס מען האָט בעדאַרפט

האָבען פאַר דער אַרמיי: אַ סך שפּייז און אַנדערע פּריפּאַסען, מאַסען לעדיגע וואוינונגען, און אַלערליי בעל מלאכות, וועלכע זיינען נויטיג געווען צו בעפעסטיגען דיא שטאדט און אַלץ צוצוגרייטען אויף אַ מיליטערישען שטייגער.

דיא שטאדט טעזקוקאָ איז געשטאַנען אַנדערהאלבען ענגלישע מייל (אַ ביסעל ווענינער וויא צוויי וויאָרסט) פון דער אָזערע טעזקוקאָ. קאָרטעס האָט זיך בעשלאָסען דורך דיעזע אנדערהאלבען מייל דורכ־צוגראָבען אַ קאַנאַל, כדי ווען זיין פלאָטע וועט פאַרטיג ווערען און מען וועט איהר ברענגען אין דער שטאָדט טעזקוקאָ, זאָל מען דיא שיפען צוזאַמענשטעלען, צומאַכען צו זיי דיא זעגלען און דורכ'ן קאַנאַל זיי פיהרען צו דער אָזערע. גראָד איז דאָרטען געגאַנגען אַ קליינער טייכעל, און עס איז נור נויטיג געווען איהם צו מאַכען טיעפער. ביי דיעזער אַרבייט האָט קאָרטעס גלייך אַוועקגעשטעלט אַכט טויזענד אינדיאַנער.

דער ערשטער פּונקט, וועלכען קאָרטעס האָט זיך אויסגעקליבען פאַר זיין אַטאַקע, איז געווען דיא מעקסיקאַנישע שטאָדט איזטאַ־פּאַלאַפּאַן, אַכטצעהן מייל פון טענאַכטיטלאַן. אויב דער לעזער געדענקט, האָט קאָרטעס דאָרטען פערבראַכט דיא נאַכט איידער ער איז צום ערשטען מאָל אַריין אין דער הויפּט־שטאָדט. אַלס עלסטער איז דאָרטען דאַן געווען קיטלאַהוּאַ, מאָנטעזומאַ'ס ברודער, וועלכער האָט שפּעטער דיא שפּאַניער געגעבען זייער „טרויעריגע נאַכט“, און וועלכער איז דערנאָך געשטאָרבען פון דיא פּאָקען־מגפה. דיעזער קיטלאַהוּאַ איז איהם דאַן אַרויס אַנטקעגען און האָט איהם אויפגענומען וויא אַ פריינד. אונטער גאַנץ אַנדערע אומשטענדען איז קאָרטעס איצט אַהין געגאַנגען.

איזטאַפּאַלאַפּאַן איז געשטאַנען אויף אַ שמאָלינקען פּאַסיקעל לאַנד, צווישען דער געזאַלצענער טעזקוקאָ אָזערע און דער נעכסטער אָזערע, וועלכע בעשטעהט פון זיסע וואַסער. אום דיא וואַסער זאָל ניט אַריינשטראָמען אין שטאָדט, איז דאָרטען געווען אַ „פּלאָטינע“, אַן אָבצאַמונג. ווען קאָרטעס האָט געמאַרשירט אַהין, זיינען אויפ'ן וועג געגען איהם אַרויסגעטראָטען אַצטעקען. ער האָט זיי בעזיעגט, אבער ניט אָהן אַ שווערען קאַמפּף. בשעת דיא שפּאַניער זיינען געווען פערטיעפט אין דיעזען קאַמפּף, האָבען זיי פון ווייטען געזעהן וויא איינ־

דיאַנישע שיפלעך דרעהען זיך אַרום דעם טייך לעבען דער אָזערע. דאַן האָבען זיי דאָס קיין אויפמערקזאַמקייט געשאָנקען. באַלד האָבען זיי זיך אָבער אַרומגעזעהן, אַז דאָ האָט מען פאַר זיי צוגעגרייט אַ גרויסע געפאַהר.

דיא שטאַדט האָבען זיי ענדליך איינגענומען, און זייער נצחון האָבען זיי פערזיעגעלט מיט אַ שרעקליכע שחיטה, אין וועלכע זיי האָבען אויסגעשאָכטען ביז זעקס־טויזענד מענער, פרויען און קינדער. עס איז געוואָרען נאַכט; דיא נאַכט איז אָבער בעלויכטען געוואָרען פון דיא שרפות וואָס דיא שפּאַניער האָבען געמאַכט אין פיעלע הייזער, אין פערשיעדענע טהיילען פון שטאָדט. דאַן האָבען דיא ווייסע סאָל־דאַטען מיט זייערע רויט־הויטיגע חברים זיך אַ לאָז געטהאָן ראַבעווען. אין מיטען דערינען האָט מען דערהערט אַ גערויש, אַזוי וויא פון אַ טייך. פון אַלע זייטען האָבען געהילכט געשרייען: „דיא פּלאָטינע אין צובראָכען! דיא שטאַדט ווערט פערפלייצט!"

קאָרטעס האָט אויף גיך צוזאַמענגערופען זיינע מענשען, און אַ קאָמאַנדע געטהאָן, אַז מען זאָל וואָס שנעלער פערלאָזען דיא שטאַדט. דיא שפּאַניער און דיא טלאַסקאַלאַנער האָבען גענומען בראָדזשען דורך דיא שטראָמענדע וואַסער, יעדער מיט דיא זאַכען וואָס ער האָט אָנ־גערויבט, קוים וואָס זיי האָבען זייערע פיס געשלעפּט; און דיא וואַסער איז יעדע מינוט געוואָרען העכער. און דיא פלאַקערען פון דיא ברענענדע הייזער האָבען זייער וועג בעלויכטען...

באַלד איז אונמעגליך געוואָרען צו געהן. דיא שפּאַניער זיינען דיא געפעהרליכסטע ערטער אַריבערגעשוואומען; פיעלע פון דיא טלאַסקאַלאַנער האָבען אָבער ניט געקענט שווימען, און דער שטראָם האָט זיי אַוועקגעטראָגען אַזוי וויא דיא קלעצער. דיא וואָס האָבען זיך געראַטעוועט, זיינען דורכגעווייקט געוואָרען מיט דיא געזאַלצענע וואַסער און דערצו נאָך האָט אַ קאַלטער ווינד אַזוי פערגליווערט זייערע אויסגעמאַטערטע גליעדער, אַז זיי האָבען זיך קוים געקענט ריהרען.

אויף מאָרגען אין דער פריה איז דיא אָזערע פול געוואָרען מיט אינדישע שיפלעך, פון וועלכע עס האָט אויף זיי גענומען רעגענען מיט פיילען, שפּיזלעך און שטיינער. זיי זיינען אָבער איצט ניט אימשטאַנד געווען זיך אַנטקעגען־צו־שטעלען. זיי האָבען געהאַט נור איין זאַך אין זין; וואָס שנעלער זיך אומצוקעהרען קיין טעזקוקאָ. יעדער שריט איז ביי

זיי געווען אַ מייל. זיי זיינען אָבער אַהין אָנגעקומען נאָך איידער עס איז געוואָרען נאַכט.

דאָך האָט דער שיקזאַל פון אײזטאַפּאַלאַפּאַן, זיין שרעקלי־כער חורבן פון בלוט און פייער, אַרויפגעוואָרפען אַן אימה אויף אַלע איינוואוינער פון טהאָל: פון פיעלע פלעצער זיינען צו קאָרטעס'ען געקומען שלוחים זיך אונטערצוגעבען, אנצוערקענען זיין הערשאַפט, און צו בעטען אַז ער זאָל זיי בעשיצען פון דיא אַצטעקען.

ער האָט געהאַט אָפטע בעגעגעניסען מיט דיא מעקסיקאַנער און פאָרלויפיג איז ער מייסטענס געווען דער זיעגער. איין מאָל האָט ער, ניט ווייט פון טעזקוקאָ, געזעהן טויזענד שיפלעך מיט אינדיאַנער, וואָס זיינען געשוואומען צו אַ גרויסע קוקורוזע־פעלד. ער האָט זיי בייגעקומען און אנשטאַט זיי, האָבען דיא קוקורוזע פון פעלד אראָבגענומען דיא שפּאַניער מיט דיא טלאַסקאַלאַנער.

אין איניגע פלעצער האָט ער געהאַט שוויעריגקייטען צוליעב דיא פערביסענע שנאה וואָס האָט פון פריהער עקזיסטירט צווישען דיא דאָרטיגע איינוואוינער און זיינע טלאָסקאַלאַנער, הגם זיין הערשאַפט האָבען שוין דיא דאָרטיגע איינוואוינער אַנערקענט. אין אַזעלכע פעלע האָט ער געטהאָן אַלעס מעגליכע צווישען דיא צוויי צדדים שלום צו מאַכען, און זיי צו פעראייניגען אונטער זיין פליעגעל. אויף דיזען אַרט האָט ער ביי דיא אַצטעקען ביסלעכווייז צוגענומען דיא אַלע שבטים, וואָס זיי האָבען פריהער איינגענומען און אונטערטהעניג געמאַכט. זייער פריהערדיגע מאַכט איז געווען געגרינדעט אויף צוואַנג און דאָס, וויא מיר האָבען שוין אויבען בעמערקט, האָט קאָר־טעס'ען איצט פיעל געהאָלפען. דיא געצוואונגענע אונטערטהאַנען זיינען לייכט איבערגעגאַנגען פון זיי צו איהם.

קאָרטעס האָט זיך געקלערט, אַז דיא אַצטעקען דאַרפען איצט זיין אַראָבגעפאַלען ביי זיך. ער האָט דעריבער געפּרופט גוואַטעמאָזין'ען, זייער יונגען מלחמה־הויפּטמאַן, מאַכען אַ פאָרשלאַג, אַז ער זאָל זיך אונטערגעבען מיט גוטען, און מיט דעם אויסמיידען טייכען בלוט. גוואַטעמאָזין האָט געענטפערט מיט פעראַכטונג. ער האָט געהאַט אַזאַ אייזערנעם כאַראַקטער וויא קאָרטעס. ווען ער, און ניט מאָנטעזומאַ, וואָלט געווען דער מלחמה־הויפּטמאַן, ווען קאָרטעס איז

צום ערשטען מאָל געקומען נאָך מעקסיקאָ, וואָלטען דיא שפּאַניער דאָן בעקומען א גאַנץ אַנדער מין ברוך הבא.

באַלד האָט קאָרטעס פון טלאַסקאַלאַ בעקומען א נאַכריכט, אַז זיין פלאָטע איז שוין פאַרטיג. ער האָט גלייך אהין געשיקט צוויי־הונדערט פוס־סאָלדטען מיט 15 רייטער, אונטער דער קאָמאַנדע פון זיין קאַפּיטאַן סאַנדאָוואַל *).. אויפ'ן וועג האָט דיזער סאַנדאָוואַל אין געוויסע טעמפּלען געפונען הענגענדיג דיא פעל פון עטליכע פערד און דיא איינגעזאַלצענע קעפּ פון שפּאַניער. אין א הויז נעבען איינעם פון דיעזע טעמפּלען איז אויפ'ן וואַנט געוועזן אויפגעשריעבען מיט קויל אין שפּאַניש: „דאָ זיינען געוועזן פערשפּאַרט דער אונגליק־ליכער יואַן יוסטע מיט עטליכע חברים“. דאָס זיינען געוועזן מיטגליע־דער פון נאַרוואַעז'ס קאָמפּאַניע.

ווען סאַנדאָוואַל איז שוין געוועזן נאָהענט צו טלאַסקאַלאַ האָט ער בעגעגענט א מאַסע „טאַמאַנען“ (טרעגער), וועלכע האָבען געטראָגען דיא דרייצעהן שיפען אויף זייערע פּלייצעס. זיי זיינען געוועזן בעגלייט פון א גרויסע מחנה קעמפּפער. אַלע שיפען זיינען געמאַכט געוואָרען אין טלאַסקאַלאַ מיט דער הילפע פון טלאַסקאַלאַנער בעל מלאכות, און פיעלע פון דיעזע בעל מלאכות האָבען דערביי אַרויסגעוויזען א היבשע ביסעל פעהיגקייט און פלינקייט. זיי האָבען נאַטירליך געאַרבייט אונטער דער השגחה פון א שפּאַנישען שיף־בויער. נאָך דעם וויא דיא שיפען זיינען אין גאַנצען פאַרטיג געוואָרען, האָט מען זיי צונומען אויף טהיילען מיט דעם צוועק דיא טהיילען ווידער צוזאַמענצושטעלען אין דעם קאַנאַל, וואָס מען האָט געגראָבען פון דער שטאָדט טעזקוקאָ צו דער אָזערע טעזקוקאָ.

---

*) סאַנדאָוואַל, אַלוואַראַדאָ און אָליד זיינען איצט געוועזן זיינע וויכ־טיגסטע און פערטרויטסטע אָפיציערען, — הויפּטזעכליך דיא ערשטע צוויי. פון זיי האָט סאַנדאָוואַל זיך אויסגעצייכענט מיט אַ געלאַסענעם, פּראַקטישען שכל, און דאָ וואו עס האָט זיך געפאָדערט בערעכענטקייט, טאָלק און טאַקט, פלעגט קאָרטעס אימער איהם שיקען. אַלוואַראַדאָ איז געוועזן פיעל היציגער און מיט וועניגער איבערלעגונג.

ווען דיא טרעגער מיט זייערע טלאסקאלאנער און שפּאנישע בעגלייטער זיינען צוגעקומען צו דער שטאדט, איז קארטעס מיט גרויס פרייד זיי ארויס אנטקעגען. דיא מחנה איז געווען אזוי גרויס, אז זיא האט זיך געצויגען אויף זעקס ענגלישע מייל, און צוליעב דיא שיפען איז זיא געגאנגען אזוי לאנגזאם, אז עס האט איהר גענומען זעקס שטונדען ארייצומארשירען אין דעם טויער פון שטאדט. זיי האבען אריינגעמארשירט מיט אינדיאנישע מוזיק און דיא שפּאניער האבען זיי אויפגענומען מיט פערטויבענדע פרייד־געשרייען.



גאנזאלא דע סאנדאוואל.

אבער פארטיג צו מאכען דעם קאנאל און צוזאמענצושטעלען דיא דרייצעהן שיפען און זיי אוועקצולאזען, האט בעדארפט געדויערען נאך א פּאר מאנאט, און אהן דיעזע שיפען מאכען דיא אטאקע אויף דער הויפּט־שטאדט מיט איהרע געפעהרליכע שאסעען אויף דער אזערע, וואלט קיין זין ניט געהאט. קארטעס האט דעריבער זיך בעשלאסען

פּאָרלויפיג צו מאַרשירען דורך דיא אינערליכע געגענדען פון לאַנד אום איינצונעהמען דיא שבטים, וואָס זיינען געבליעבען טריי דיא אַצטעקען. אַ חוץ דעם האָט ער געהאַט אַזאַ צוועק אין זין: אין דיא פערשיעדענע ערטער איז געשטאַנען אַצטעקישע חיל; אַלזאָ האָט ער געוואָלט דיעזע חיל אומעטום בעזיעגען, און דיא וויכטיגסטע פלעצער פערנעהמען, ביז דיא הויפּט־שטאַדט וועט בלייבען אין גאַנצען אָבגעזונדערט, אָהן שטיצע פון דרויסען, — אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען מיט שפּאַניער אָדער זייערע מיטקעמפּפער. דאַן וועט ער מיט דער הילף פון זיין פלאָטע זיך נעהמען צו דער הויפּטשטאַדט גופא.

אויף דיעזען פּאָכאָד איז קאָרטעס אוועק מיט אַ טהייל פון זיין אַרמיי. גוואַטעמאַזין האָט ניט גערוהט. ער האָט אָבגעהיט זיין יעדען טריט. אין פיעלע ערטער האָט ער איהם אָנגעגרייט אַ „וואַרימע בעגעגענים“. אבער כל זמן קאָרטעס האָט זיך געפונען אויף דער פרייער נאַטור, איז איהם ניט שווער געווען, מיט דער הילף פון זיינע אייראָפּעאישע געוועהר און פערד, פריהער—שפּעטער זיי בייצוקומען. דער וועג איז געגאַנגען אַרום דיא אָזערעס און איז געווען אַ געדרעהטער. פון פיעלע שטעדטלעך זיינען דיא איינוואוינער פער־שוואונדען. דיא שפּאַניער האָבען אין דיא פערלאָזענע הייזער אומעטום געזוכט גאָלד און אַנדערע קאָסטבאַרע זאכען. איבערהויפּט האָבען זיי זיך געריכט דאָס צו געפינען אין אזקאַפּאַזאַלקאַ, דיא אַצטעקישע שטאַדט פון יובעלירען און גאָלדשמיעדען *). זיי האָבען אָבער דאָרטען

*) מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק, ווען קאָרטעס האָט זיך נאָך געפונען אין טענאָכטיטלאַן און ער האָט געוואָלט צושמעלצען מאָנטעזומאַ׳ס אוצרות כדי דיא טהייערע מעטאַלען צו צוטהיילען צווישען דיא שפּאַנישע סאָל־דאַטען, האָט ער פון אַזקאַפּאַזאַלקאָ דאָס בעקומען גאָלדשמידען פאַר דיעזער צושטערענדער אַרבייט. אייניגע פון דיא שפּאַניער האָבען דאַן פון זייער גערויבטע גאָלד געלאָזט מאַכען גרויסע שווערע קייטען, אום עס זאָל זיי זיין לייכטער צו טראָגען אויף זיך, און דאָס האָבען אויך געמאַכט דיא אַזקאַפּאַזאַלקער בעלי מלאכות. זייערע יובעלירער און גאָלדשמידען האָבען מיט זייער אַרבייט אַרויסגערופען דיא בעוואונדערונג פון אייראָפּאַ, וויא אויבען איז שוין בעמערקט געוואָרען.

זעהר ווייניג געפונען. דיא אַנטלאָפענע איינוואוינער האָבען אַלץ מיט־גענומען מיט זיך אָדער גוט בעהאַלטען.

קאָרטעס האָט אַלץ געזוכט אַ געלעגענהייט צו טרעפען זיך מיט וועמען־עס־איז פון דיא אַצטעקישע עלטסטע, אום ווידער צו רעדען וועגען אַ פריעדליכען אָבמאַך, דאָס הייסט, אז דיא אַצטעקען זאָלען אַנערקענען דיא אויבער־הערשאַפט פון דעם שפּאַנישען טהראָן און אויסמיידען אַ פערניכטענדע מלחמה. אַזאַ געלעגענהייט האָט זיך איהם באַלד געמאַכט. זיין ארמיי און אַ מחנה אַצטעקען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען ביי אַ צובראָכענעם בריק — דיא פון דער זייט און דיא פון יענער זייט. קאָרטעס האָט, דורך זיין איבערזעצערין, ערקלערט, אַז ער וויל רעדען מיט דיא עלטסטע פון דער מחנה וועגען שלום.

„אפשר האָפט מאַלינצין צו געפינען אַ נייעם מאָנטעזומאַ?“ האָבען איינינגע פון דיא אַצטעקען געענטפערט מיט שפּאָט. אַנדערע האָבען מיט פעראַכטונג געשריען צו דיא טלאַסקאַלאַנער. „ווייבער!“ האָבען זיי זיי גערופען, „ווען ניט דיא בעשיצונג וואָס איהר האָט פון דיא ווייסע, וואָלט איהר דאָך קיין מאָל ניט געוואַגט צוקומען צו אונזער הויפּטשטאָדט. מיט זיי זייט איהר גרויסע בריות.“

אַזעלכע בעגעגעניסען זיינען ניט געווען קיין נאָווינע. אַ מאָל פלעגען זיך דיעזע זידלערייען און שטעכווערטער ענדיגען מיט דעם, וואָס דיא אַצטעקען פלעגען אויסקלייבען איינעם פון זייער צד, און דיא טלאַסקאַלאַנער — איינעם פון זייערען; און דיא צוויי גבורים פלעגען זיך פערהערען אין כח און פלינקייט. מייסטענס איז דאָס געווען אַ דועל מיט געוועהר, אַ קאַמפּף אויף לעבען און טוידט, און דיא שפּאַניער פלעגען שטעהען דערביי און זאָגען מבינות.

מיר האָבען אויבען געזאָגט, אַז אויף דער פרייער נאַטור, אויף דיא אָפענע פעלדער, האָבען דיא שפּאַניער אימער דיא אַצטעקען בייגעקומען. גאַנץ אַנדערש איז אָבער געווען, ווען זייער ארמיי האָט זיך געפונען אויף דיא גאַסען פון אַ שטאָדט, וואו זיך צו בעוועגען איז געווען אונמעגליך, און פון יעדער הויז האָט מען געשאָסען וויא פון אַ פעסטונג, שוין ניט רעדענדיג וועגען דיא קאַנאַלען, וואָס האָבען דורכגעשניטען טענאָכטיטלאַן, דיא הויפּטשטאָדט. קאָרטעס האָט שוין דאָרטען איין ביטערע ערפאַהרונג געהאַט. ער האָט געוואוסט וויא שווער עס איז איהם דאָרטען געווען זיך צו קירעווען און צו בענוצען

זיך מיט זיינע געוועהר. אָט דעריבער האָט ער דאָס אַזוי ווייניג חשק געהאַט צו אַטאַקירען טענאָכטיטלאַן, סיידען עס וועט זיין אונפערמייד־ליך; אָט דעריבער האָט ער דאָס אַלץ געזוכט מיטלען אויסצוקומען „מיט גוטען" — אריינצוכאַפּען דיא שטאָדט מיט כיטרעקייט. דער יונגער גוואַטעמאָזין איז אָבער ניט געווען קיין מאָנטעזומאַ.

איקסטליל קסאָכיטל, דער מלחמה־הויפּטמאַן פון טעז־קוקאָ האָט אַלץ טריי געדיענט דיא שפּאַניער, און דורך זיין איינפלוס האָבען אייניגע שבטים געשיקט שלוחים צו קאָרטעס'ען אַנצוערקענען זיין הערשאַפט. צו דערזעלבער צייט האָט קאָרטעס ערהאַלטען דיא פרעהליכע נייעס, אַז אין ווערא קרוץ זיינען אָנגעקומען דריי נייע שפּאַנישע שיפען מיט דריי־הונדערט מאַן, עטליכע און זיעבעציג פערד, א מאַסע געוועהר, קוילען, פּולווער און אַנדערע מיליטערישע זאַכען. פון וואַנען דאָס איז איהם געקומען, איז ניט בעריכטעט. מען גלויבט אַז פון היספּאַניאָלאַ; וואָרים ער האָט פריהער צו דיא דאָרטיגע קרוין־בעאַמטע אַוועקגעשיקט בריעף מיט גרויסע מתנות. דיעזע היספּאַניאָ־לישע קרוין־בעאַמטע האָבען געהאַט אַ קאָנטראָל איבער דיא אַנגעלעגענ־הייטען פון אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס אין אַמעריקא. אַזוי ווייניג־סטענס האָט זיך דאָס גערעכענט, הגם לויט דעם אויבענדערמאָנטען קאָנטראַקט האָט דיעגאָ קאָלומבוס געדאַרפט זיין דער בעל הבית איבער דיא געגענדען וואָס זיין פאַטער האָט ענטדעקט און איינגענומען. זיי זיינען צו קאָרטעס'ען געווען פריינדליך, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס דיא רעגיערונג פון שפּאַניען גופא האָט זיך צו איהם פערהאַלטען מיט שנאה. אַזאַ ווידערשפּרוך, אַזאַ פּלאָנטער פון דעות איבער דיא קאָלאָניעס איז דאַן געווען אַ געוועהנליכע זאַך.

דיא ניי־אָנגעקומענע שפּאַניער האָבען באַלד דערגרייכט טעזקוקאָ. צווישען זיי האָבען זיך געפונען עטליכע אַריסטאָקראַטען און איינער פון זיי מיט'ן נאָמען אַלדערעט, אַ קעניגליכער שאַצמייסטער, איז געקומען וועגען דיא אוצרות, וואָס מען האָט פון מעקסיקאָ ערוואַרט צו קריגען פאַר דער שפּאַנישער מלוכה. (נאָך אייניגע בעריכטען איז דיעזער שאַצמייסטער אָנגעקומען מיט אַ בעזונדערע שיף, דירעקט פון שפּאַניען). צוזאַמען מיט זיי איז אויך געקומען אַ שפּאַנישער גלח מיט'ן נאָמען מעלגאַרעיאַ, וועלכער האָט מיט זיך געפיהרט אַ געוויסען זאָרט „פּדיון"־צעטלעך פון דעם רוימישען פּאַפּסט. דיא

הייליגע מאַכט פון דיעזע צעטלעך איז בעשטאַנען אין פאָלגענדען:
ווען איינער פון דיא אוואַנטוריסטען האָט געהאַט אַ שטיקעל לאַנד
אָדער עפּעס אַ זאַך, וואָס מען האָט „ניט קלאָר געוואוסט“ ווער איהר
אמת׳ער בעל הבית איז, האָט ער נור בעדאַרפט קויפען איינע פון דיא
שטיקלעך פּאַפּיער — איז דיא זאַך שוין אין דעם נאָמען פון דעם
פּאַפּסט און גאָט געוואָרען זיין געזעצליכע, כשר׳ע אייגענטהום. מיט
דיעזע צעטלעך האָט מעלגאַרעיאַ געמאַכט אַזעלכע גוטע געשעפטען, אַז
אין אַ קורצע צייט אַרום איז ער אוועקגעפאָהרען צוריק נאָך שפּאַניען
מיט אַן אייגענס. מען דאַרף בעמערקען, אַז מיט אַן עהנליכען זאָרט
פדיון־צעטלעך האָט צו יענער צייט געקאָכט אין דייטשלאַנד וואו עס
האָט דאַן זיך צופלאַקערט דיא רעפאָרמאַציאָנס־בעוועגונג, דער קאַמפף
געגען דער פּאַפּסט־הערשאַפט. (זעה ערשטען באַנד, זייטעל 613).

דיא שיף, מיט וועלכע עס איז געקומען אַלדאַרעט און דער גלח,
האָט קאָרטעס׳ען אויך געבראַכט דיא פרעהליכע בשורה, אַז פּאָנסעקאַ,
דער הויפּט פון דעם אַמעריקאַנישען דעפּאַרטמענט אין שפּאַניען,
וועלכער איז געווען פיינדליך צו איהם, איז ענדליך אראָבגעזעצט פון
זיין אמט. (זעה זייטעל 99 און 100, און 1טען באַנד, זייטעל 307.)

דער קאַנאַל מיט דער פּלאָטע זיינען נאָך אַלץ ניט פאַרטיג געווען.
אַלזאָ האָט קאָרטעס פאָרטגעזעצט זיין מאַרש דורך דיא פערשיעדענע
ערטער, וואָס זיינען נאָך געווען אונטערטהעניג צו דיא אַצטעקען. ער
האָט געהאַט אָפטע צוזאַמענשטויסען און איהם איז אויסגעקומען דורכ־
צוגעהן דורך פערשיעדענע בערג און איבערצוקומען אַלערליי שוויעריג־
קייטען. אין איין פּלאַץ, צום ביישפּיעל, איז ער צוגעקומען צו אַ
שרעקליכען אָבגרונד, מיט אַ טייכעל פון אונטען. וויא געהט מען דאָ
אַריבער? ער איז געווען אין פערצווייפלונג, און קיינער פון זיינע
שפּאַניער האָט איהם קיין עצה ניט געקענט געבען. אַ טלאַסקאַלאַנער
האָט אָבער באַלד בעמערקט אַ וועג איבער אַ בריק, וואָס דיא נאַטור
אַליין האָט דאָרט געמאַכט; עס איז געווען דער געפעהרליכסטער
מין בריק, וואָס דיא ווייסע האָבען וואו־עס־איז געברויכט: פון ביידע
זייטען אָבגרונד זיינען געוואַקסען הויכע, ריעזיגע בוימער; אַלזאָ,
האָבען צוויי אַזעלכע בוימער זיך צוזאַמענגעפלאָכטען מיט זייערע
צווייגען איבער׳ן תהום. דער טלאַסקאַלאַנער איז אַרויפגעקראָכען און

אַריבערגעקלעטערט אויף דער אַנדערער זייט, און פיעלע פון זיינע לאַנדס־לייט האָבען גלייך געטהאָן דאָס זעלבע. דיא שפּאַניער האָבען זיי נאָכגעטהאָן; אבער דריי פון זיי האָט אזוי גענומען שווינדלען אין קאָפּ, אַז זיי זיינען אַראָבגעפאַלען. אין אַלעמען זיינען אַריבערגעגאַנ־גען ביי דרייסיג שפּאַניער און אַ גרעסערע צאָהל טלאַסקאַלאַנער. זיי האָבען אויף דער אַנדערער זייט בעמערקט אַ צובראָכענעם בריק; זיי האָבען איהם פעררירכט, און איבער איהם איז דערנאָך אריבערגעגאַנגען קאָרטעס מיט דער גאַנצער אַרמיי. דאָרטען האָט זיך געפונען איינע פון דיא רייכסטע האַנדעלס־שטעדט אין מעקסיקאָ; דיא איינוואוינער האָבען זיך מוטהיג פערטהיידיגט; קאָרטעס האָט זיי אָבער ענדליך בייגעקומען און אויס נקמה איבערגעגעבען צו דיא פלאַמען אַ גאַנצען קוואַרטאַל זייערען. דיא איבריגע הייזער האָט ער בעראַבעוועט. ער האָט דאָרטען געפונען אַזוי פיעל ווערטהפולע זאַכען, אַז ער האָט זיך געפיהלט בעפריעדיגט פאַר אַלע געפאַהרען און שוויעריגקייטען וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטעהן איידער ער איז אַהין צוגעקומען.

אין אַן אַנדער פּלאַץ האָט אַ טלאַסקאַלאַנער זעלנער איהם אַרויס־געראַטעוועט פון דיא סאַמע נעגעל פון טוידט. דאָס איז געווען אין אַ שלאַכט מיט אַנדערע אינדיאַנער. זיין פערד האָט זיך אויסגעגליטשט און איז אַנידערגעפאַלען. דער שפּאַנישער הויפּט־קאָמאַנדיר האָט געפרופט אויפשטעהן, אבער אין דיעזען מאָמענט האָט מען איהם געגעבען אַ שטאַרקען זעץ אין קאָפּ און איהם אַוועקגעשלעפּט. דאָס האָט געהייסען, אַז נאָך אין עטליכע טעג אַרום וועט ער ענדיגען זיין לעבען אויף אַ מזבח. אָבער דער דערמאָנטער טלאַסקאַלאַנער האָט דערזעהן וויא מען שלעפּט איהם, און ריזיקירענדיג מיט זיך האָט ער אַ שפּרונג געטהאָן און גענומען איהם רייסען צו זיך. באַלד זיינען צוגעלאָפען עטליכע שפּאַניער אויך, און קאָרטעס האָט זיך בעפרייט. ער האָט־זיך ארויפגעכאַפּט צוריק אויף זיין פערד און גענומען פּאָכען מיט זיין שפּיעז, ביז עס זיינען אונטערגעקומען אַנדערע שפּאַניער. עס איז פּאָרגעקומען אַ ביטערער צוזאַמענשטויס, אין וועלכען פיעלע פון דיא פיינדליכע אינדיאַנער זיינען צוהאַקט געוואָרען אויף שטיקער.

אין אַזאַ געפאַהר איז קאָרטעס פּערזענליך פריהער נאָך קיין מאָל ניט געווען. ווען דיא אינדיאַנער וואָלטען איהם אָבער געוואָלט טוידטען אויפ'ן אָרט, וואָלטען זיי געהאַט פיעלע געלעגענהייטען דאָס

צו טהאָן, וואָרים ער איז אימער געפלויגען אין דעם רעכטען פייער פון שלאכט. זיי האָבען איהם איינפאך ניט געוואָלט הרג'ענען אויפ'ן שלאכטפעלד: זייער וואונש איז געווען איהם צו פאנגען א לעבעדיגען אום דיעזע טהייערע מתנה זייערע געטער צו ברענגען. דאָס איז דאָך געווען זייער טאקטיק אין אלע מלחמות, און דיעזע טאקטיק זייערע האָט קאָרטעס אויך געהאט צו פערדאנקען דאָס וואָס ער האָט פערלוירען אזוי ווייניג פון זיינע שפאניער. דיא וואָס ער האָט יא פערלוירען, זיינען אריינגעפאלען צו דיא מעקסיקאנער לעבעדיגערהייט. פיער פון אזעלכע אונגליקליכע האָבען בעגעגענט זייער טרויעריגען שיקזאל טאקע אין דער זעלבער שטאָדט, ביי וועלכער מען האָט געראטעוועט קאָרטעס'ען פון זיין אויבען־בעשריעבענער געפאהר. די רויט־הויטיגע האָבען זיי געכאפט, ווען זיי און דיא אנדערע שפאניער זיינען געווען פערטיעפט אין בעראבעווען דיא הייזער. מען האָט זיי אוועקגעשלעפט צוזאמען מיט דיא פעק קאָסטבארע מאטעריעס, וואָס זיי האָבען אָנ־געראבעט. מעהר האָבען דיא שפאניער זיי שוין ניט געזעהן. אין עטליכע טעג ארום זיינען גוואטעמאָזין'ס שלוחים געגאנגען פון שטאדט צו שטאדט, און אומעטום געוויזען זייערע הענד און פיס, ערקלערענדיג דערביי, אז פונקט אזא שיקזאל וועט האָבען יעדער, וואָס וועט זיך שטעלען געגען מעקסיקאָ — צי א ווייסער צי א רויט־הויטיגער.

דער שרעקליכער ענד פון דיעזע פיער שפאניער האָט דיא ארמיי פיעל מעהר איבערגעשראָקען וויא דער טוידט פון ווייסע, וואָס זיינען געפאלען אין אלע שלאכטען פון דער עקספעדיציע. פיעלע פון דיא סאָלדאטען האָבען פערלוירען יעדען אינטערעס אין דער אונטערנעה־מונג. זיי האָבען זיך ארומגעזעהען, אז גאָלד האָבען זיי פון דיא מלחמות ווייניג, און אז זיי שטעלען זייערע לעבענס אין קאָן און שטעהען אויס דיא גרעסטע מאטערניסען בלויז אום קאָרטעס זאָל קענען זיך מאכען א גרויסען נאָמען. איינמאָל איז צו קאָרטעס'ען געקומען איינער פון זיינע סאָלדאטען, און פאלענדיג איהם צו דיא פיס, האָט ער איהם אויסגעזאָגט אז עס האָט זיך אָרגאניזירט א געהיימער בונט צו טוידטען איהם מיט זיינע דריי וויכטיגע קאפּיטאנען: סאנדאָוואל'ן, אלווארא דאָ'ן און אָליד'ען, און אנדערע פון זיינע בעליעבטע אָפיציערען. צו די פיס איז ער איהם געפאלען, ווייל ער אליין איז אויך געווען אין

דער פערשווערונג ; אַלזאָ איז ער געקומען זיך מודה זיין און געבעטען אז קאָרטעס זאָל איהם מוחל זיין. דער פּלאַן איז געווען, צו דערלאַנגען דעם קאָמאַנדיר אַ פּעקעל מיט בריעף, וועלכע זיינען כלומרשט אָנ־געקומען מיט אַ שפּאַנישע שיף, און בשעת ער וועט פאַנאַנדערנעהמען דיא בריעף, צו בעפאַלען איהם מיט שפּיעזען, — איהם און זיינע פערטרויטע אָפיציערען. דער אָנפיהרער פון דער פערשווערונג איז געווען אַ סאָלדאַט מיט'ן נאָמען ווילאַפאַנא.

קאָרטעס האָט גלייך געשיקט נאָך זיינע פערטרויטע קאַפּיטאַנען, האָט זיי אַלץ דערצעהלט, און איז מיט זיי גלייך אַוועק אויף ווילאַפּאַ־נא'ס קוואַרטיר. זיי האָבען איהם געפונען בעראַטהענדיג זיך מיט דריי פון זיינע חברים. ווען דיא טהיר האָט זיך געעפענט, און ווילאַפּאַנא האָט דערזעהן ווער עס געהט דאָ, האָט ער אַרויסגעכאַפּט אַ פּאַפּיער פון בוזים און געפּרופט דאָס אַראָבשלינגען. קאָרטעס האָט איהם אָבער אָנגעכאַפּט פאַר'ן האַנד און אַוועקגענומען ביי איהם דעם פּאַפּיער. עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דאָרטען געפינען זיך דיא אונטערשריפטען פון אַלע קאָנספּיראַטאָרס, און צו קאָרטעס'עס ביטערע איבערראַשונג האָט ער אויך דערזעהן דיא נעמען פון מענשען, וועלכע האָבען געשפּיעלט אַ וויכטיגע ראָלע אין זיין אַרמיי.

ווילאַפּאַנאַ'ן האָט מען אויפגעהאַנגען אונטער זיין אייגענעם פענסטער. דיא אַנדערע קאָנספּיראַטאָרס האָבען זיך געריכט אויף דעם זעלבען סוף. קאָרטעס איז אָבער געווען צו קלוג צו ערביטערען זיינע סאָלדאַטען מיט אַזוי פיעל תליות. מעהר האָט ער קיינעם ניט געטשעפּעט; און מיט דעם, וויא אויך מיט אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטען, האָט ער פון פיינד זיי געמאַכט פאַר איבערגעבענע פריינד. יעדער פון זיי האָט דערנאָך געזוכט געלעגענהייטען אַרויסצואווייזען זיין טרייהייט צו איהם. דיא אַנדערע סאָלדאַטען האָבען אויסגעדריקט דעם טיעפסטען צאָרן געגען זיי, און האָבען געפאָדערט, אַז דער קאָמאַנ־דיר זאָל זיין אַרומגערינגעלט מיט אַ לייב־גוואַרדיע פון זיינע טרייעסטע מענשען, זיך צו בעשיצען פון געפאַהר. און אַזוי איז טאַקע געווען פון איצט אָן ביז דעם ענד פון דער עקספּעדיציע.

דער קאַנאַל, וואָס מען האָט געגראָבען פאַר דער פלאָטע איז פאַרטיג געוואָרען אין צוויי מאָנאַט. און דעם 28טען אַפּריל, 1521,

האָט מען מיט גרויס פּאראַד, מיט תּפילות און מיט מוזיק אַוועקגעלאָזען אַלע דרייצעהן שיפען. קאָרטעס האָט איצט געקענט קאָנטראָלירען דיא אָזערע טעזקוקאָ, וועלכע האָט אַרומגערינגעלט דיא שטאדט ט ע נ א כ ־ ט י ט ל א ן, די הויפּטשטאדט פון מעקסיקאָ.

אויף א גרויסען סקווער פון דער שטאדט טעזקוקאָ האָט ער דאַן געמאַכט אַ רעוויזיע איבער זיין חיל. עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אז ער האָט 87 רייטער, 818 פוס־סאָלדאַטען, 118 פון וועלכע זיינען געווען שיסער מיט ביקסען (ארקעבוסען) אָדער שטאָהלענע פיילען־בויגענס. גרויסע אייזערנע האַרמאַטען האָט ער געהאַט דריי, און קלענערע, מעשענע — 15 (די דריי גרויסע האָבען טלאַסקאַלאַנער גע־בראַכט פון ווערא קרוץ). אַזאַ גרויסע און גוט בעוואַפענטע אַרמיי האָט ער נאָך קיין מאָל ניט געהאַט. 300 פון דיא סאָלדאַטען האָט ער אַוועקגעזעצט אויף זיינע נייע שיפען. דאַן האָט ער געשיקט קיין טלאַסקאַלאַ און דיא אנדערע געגענדען, וואָס האָבען זיך ערקלערט פאַר זיינע מיטהעלפער, נאָך ווייטערע חיל, און זיי האָבען זיין פאָדערונג גלייך ערפילט. פון טלאַסקאַלאַ אַליין זיינען אין צעהן טעג ארום איהם אָנגעקומען ביי פופציג־טויזענד מאַן. מיט בעגייסטערטע פּנים׳ער האָבען זיי אַריינגעמאַרשירט אין שטאדט, און געהענדיג האָבען זיי דיא גאַסען פערהילכט מיט געשרייען: „שפּאַניען און טלאַסקאַלאַ!“

אַלץ איז איצט אַלזאָ שוין געווען פערטיג צו קאָרטעס׳עס הויפּט־צוועק — דיא אַטאַקע אויף ט ע נ א כ ט י ט ל א ן ־ מ ע ק ס י ק אָ, און אַהין איז ער באַלד אַוועק. מעהר וויא אַ העלפט פון זיינע קרעפטען האָט ער צוטהיילט אויף דריי טהייל, אונטער דער קאָמאַנדע פון זיינע דריי קאַפּיטאַנען, סאַנדאָוואַל, אַלוואַראַדאָ און אָליד, און יעדער פון זיי האָט בעקומען אַ בעפעהל צו מאַרשירען צו אַ געוויסען פּלאַץ.

זאָל דער לעזער נאָך אַמאָל אַ קוק טהאָן אויף אונזער קאַרטע פון ט ע נ אָ כ ט י ט ל א ן (אויבען זייטעל 238), זאָל ער זיך דערמאָנען אָן דיא דריי געמויערטע שאָסעען, וואָס האָבען זיך דורך דער אָזערע געצוי־גען אין שטאדט אַריין: איינער פון ד ר ו ם זייט, אַ צווייטער פון צ פ ו ן זייט, און אַ דריטער פון מ ע ר ב זייט. איין קאַפּיטאַן — אַלוואַראַדאָ — האָט בעדאַרפט פערנעהמען דעם אַריינגאַנג צו דעם מערב׳דיגען שאָסעע, און אַ צווייטער קאַפּיטאַן — אָליד — דעם אריינ־גאַנג צום דרום׳דיגען (דאָס איז דער שאָסעע, אויף וועלכען דיא שפּאַ־

ניער האָבען געהאַט זייער „טרויעריגע נאַכט“). דער דריטער קאַפּיטאַן — סאַנדאָוואַל — האָט געהאַט אַ בעפעהל צו ענדיגען דיא פערניכטונג פון איזטאַפּאַלאַפּאַן.

פריהער פון אַלץ האָט מען זיך אָבער גענומען אָבשניידען דיא רעהרען, דורך וועלכע דיא הויפּטשטאַדט האָט בעקומען איהרע פרישע וואַסער צום טרינקען און צום באָדען זיך. ווי מיר ווייסען שוין איז דיעזע וואַסער געגאַנגען פון דעם בארג כ אַ פּ אָ ל ט ע פּ ע ק, אַ מייל דריי פון דער הויפּטשטאַדט.*) גוואַטעמאָזין האָט נאַטירליך געוואוסט וויא וויכטיג עס איז, אַז דיא וואַסער־רעהרען זאָלען בלייבען אין גאַנצען, און ער האָט אויפ'ן באַרג געשיקט אַ שטאַרקע מחנה. ווען דיא שפּאַניער זיינען אַהין אָנגעקומען האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ בלוטיגער צוזאַמענשטויס, אין וועלכען ביידע צדדים האָבען פיעל געליטען; דיא שפּאַניער זיינען אָבער ענדליך געווען דיא זיעגער. דאַן האָבען זיי צושמעטערט דיא וואַסער־לייטונג, און פון דאָרטען האָט דיא הויפּט־שטאַדט אין דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה שוין מעהר קיין וואַסער ניט געקענט בעקומען. זיא האָט אָבער געהאַט אַנדערע פּלעצער דערצו אויך.

אויף מאָרגען האָבען דיא שפּאַניער געפּרופט נעהמען דעם דרום־שאָסעע, אויף וועלכען זיי האָבען געהאַט דיא „טרויעריגע נאַכט“.

---

*) זעה אויבען, זייטעל 244. מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז דיא אָזערע טעזקוקא, וועלכע רינגעלט אַרום דיא הויפּט־שטאָדט פון מעקסיקאָ, איז אַ געזאַלצענע און טויג ניט — ניט צום טרינקען, ניט צו אַ געוועהנ־ליכע הויז־באָד. דעריבער האָבען דיא אַצטעקען דאָס געמוזט פיהרען זייער וואַסער פון אַנדערשוואו, דורך רעהרען אָדער וואַסער־לייטונגען („אקוועד־דאָקטס“, אויף ענגליש). דיעזע וואַסער־לייטונגען זיינען געווען געמויער־טע און האָבען אַרויסגערופען דיא בעוואונדערונג פון אַלע אייראָפּעער וואָס האָבען זיי געזעהן. אַזוי ווי צווישען דעם באַרג כאַפּאָלטעפּעק און דער הויפּט־שטאָדט איז געלעגען דיא געזאַלצענע אָזערע, האָט מען איבער דיעזער אָזערא געצויגען אַ בעזונדערען געמויערטען וועג, אַ קליינעם שאָסעע, איבער וועלכען עס איז געגאַנגען דיא וואַסער־לייטונג. אויף אַזאַ אַרט קען מען זאָגען, אַז אין אַלעמען האָבען זיך איבער דער אָזערע פון שטאָדט געצויגען ניט דריי שאָסעען, נור פיער.

דאָ האָבען זיי אָבער װיעדער געהאַט אַ מפּלה. דער שאָסעע איז גע־
װען געפּאַקט מיט אַצטעקען, און דיא אָזערע איז פון ביידע זייטען
געװען פולל מיט קאַנאָס. פון רעכטס און פון לינקס און פון פאָרענט
האָט געדרענגט מיט פײלען, שפּיזלעך און שטײנער; אַ חוץ דעם:
אויף דעם שאָסעע זיינען געװען אויפגעשטעלט באַריקאַדען, אַזוי אַז
מיט זייער קאַװאַלעריע האָבען דיא װייסע זיך דאָ גאָר ניט געקענט
בענוצען. דיא שפּאַנישע פוס־סאָלדאַטען האָבען אפילו בראַװ גע־
קעמפּפט; זיי האָבען אָבער גאָר ניט געקענט מאַכען; װען אַן אַצטעק
האָט זיך געפונען אין געפאַהר, איז ער אַריינגעשפּרונגען אין װאַסער,
און איז באַלד װיעדער ערשיענען ביי דיא זייטען פון דעם שאָסעע.
װיא קאַטשקעס זיינען זיי אומגעשפּרונגען פון שאָסעע אין װאַסער
און פון װאַסער צוריק צום שאָסעע. דיא װייסע זיינען ענדליך גע־
צװאונגען געװען זיך צוריקצוציהען. אָהן דער פּלאָטע זיינען זיי דאָ
געװען הילפלאָז. קאָרטעס איז אייגענטליך ניט איבערראַשט געװאָ־
רען. „דיא פּלאָטע איז דער שליסעל פון אונזער מלחמה“, פלעגט
ער אימער זאָגען. דיעזען שליסעל האָט ער איצט געהאַלטען אין
זיינע אייגענע הענט. דיא אויבען־דערמאָהנטע שלאַכטען האָבען אָנ־
געפיהרט זיינע קאַפּיטאַנען אָהן איהם. ער אַליין האָט זיך אַװעקגע־
לאָזען מיט זיינע דרייצעהן שיפען (ריכטיגער געזאָגט, צװעלף, װאָרים
איינע האָט ניט געטויגט), אַלס אַדמיראַל. גלייך האָבען זיך אויף
איניגע פון דיא אַרומיגע בערג בעװיזען פייערען. דערמיט האָבען
דיא דאָרטיגע אַצטעקען געלאָזט װיסען אין טענאָכטיטלאַן, אַז דיא
שפּאַנישע שיפען האָבען שוין פערלאָזען זייער האַפען; גלייך האָבען
זיך פון אַרום דער הויפּט־שטאָדט און פון דיא קאַנאַלען פון דער
שטאָדט גופא אַ לאָז געטהאָן אַלערליי קאַנאָס. פון אַלע זייטען זיי־
נען זיי געפלויגען, װיא דיא היישעריקען, ביז דיא אָזערע איז אויף
אַ גרויסען שטח געװאָרען בעדעקט מיט זיי. אין אַלעמען איז געװען
עטליכע הונדערט קאַנאָס, און יעדע פון זיי איז געװען פול מיט בע־
װאַפענטע אַצטעקען.

דאָס איז געװען אַ װיכטיגער מאָמענט אין דער געשיכטע פון
קאָרטעס׳עס קאַמפף. אויף דער פראַגע, װער װעט זיין דער בעל־
הבית איבער דער אָזערע אַרום דער גרויסער שטאָדט? — האָט באַלד
געזאָלט געגעבען װערען אַן אַנטװאָרט אין אַ צוזאַמענשטויס צװישען

צוועלף אייראָפּעאישע און אייראָפּעאיש בעוואפּענטע זעגעל־שיפען פון איין זייט און עטליכע הונדערט פלינקע אינדיאנישע שיפלעך פון דער אנדערער זייט.

צו קאָרטעס'עס פּערדרוס איז ניט געווען קיין טראָפּען ווינט; זיינע זעגלען זיינען געהאנגען פלאך; דיא שיפען האָבען זיך פון אָרט ניט גערירט. ער איז געצוואונגען געווען צו ווארטען און קוקען וויא דיא הונדערטע רויט־הויטיגע ארבייטען פלינק מיט זייערע וויאָסלעס און וויא זייערע קאנאָס גליטשען זיך שנעל אלץ נעהנטער און נעהנטער צו איהם צו. שטארק זיך אָבעסען דיא הארץ דערפון האָט ער אָבער ניט געהאט קיין אורזאכע. ער האָט געקענט ווארטען ביז זיי וועלען צוקומען אזוי נאָהענט, אז מען וועט זיי קענען דערגרייכען מיט דיא קוילען פון דיא הארמאטען, און דאן זיי בעגריסען אויף א „ציווילי־זירטען“ שטייגער.

אָבער זעהר נאָהענט צוקומען האָבען דיא אצטעקען ניט געוואגט. דיא עטליכע הונדערט קאנאָס האָבען זיך אָבגעשטעלט. אָנשפּארענ־דיג זיך אָן זייערע וויאָסלעס, זיינען דיא רויט־הויטיגע זעלנער גע־שטאנען און געקוקט וויא בעצויבערטע אויף דיא צוועלף שיפען — צוועלף משונה'דיגע בעשעפעניסען, וויא ריעזיגע פויגלעך מיט גרויסע ווייסע פליעגלען.

זיי האָבען אָבער לאנג ניט געהאט צו שטעהן. באלד האָט געגומען בלאָזען א ווינטעל. דיא אָזערע איז צוקנייטשט געוואָרען מיט כוואליעס. דער ווינטעל איז געוואָרען שטארקער. דיא זעגלען האָבען זיך אָנגעבלאָזען, דיא „משונה'דיגע בעשעפעניסען“ האָבען זיך גענומען ריהרען, און, טאקע וויא משונה'דיגע בריאות, האָבען זיי זיך א לאָז געטהאָן אויף דיא געדיכטע מחנה קאנאָס, צושמעטערענדיג אָדער איבערקעהרענדיג זיי מאסענוויין. דיא וואסער איז פול גע־וואָרען מיט שפּענער און מיט שווימענדע אצטעקען, און דיא שפּאַ־נישע פלאָטע איז געפלויגען דורך דיעזע מישענינע, שיסענדיג רעכטס און לינקס. דיא גאנצע אָזערע האָט געקנאלט פון דיא הארמאטען. דיא קאנאָס, וואָס זיינען גאנץ געבליבען — אזוי וויא דורך א נס — האָבען וויא עס איז דערגרייכט דיא שמאָלע שטאָדט־קאנאלען, אין וועלכע דיא שפּאנישע שיפען וואָלטען ניט געקענט זיך ארייגשפּארען.

דיא פראַגע איז געלייזט געוואָרען: דיא שפּאַניער זיינען גע־וואָרען דיא הערשער איבער דער אָזערע.

עס איז געווען שפּעט נאָכמיטאָג. עס האָט גענומען ווערען פינ־סטערלעך. דיא פלאָטע האָט זיך צוגעאַנקערט לעבען קסאָלאָק.

מיר ווילען דעם לעזער דערמאָהנען, אַז קסאָלאָק האָט געהייסען דער אָרט, וואו אין מיטען פון דעם דרום־שאָסעע האָט זיך אָן אַ זייט פערנומען צום ברעג אַ קליינע שטיקעל שאָסעע, — אַזוי וויא אַ צווייג פערנעהמט זיך פון אַ בוים (זעה אויבען, זייטעל 239 און דיא קאַרטע אויף זייטעל 238). דיעזער קורצער שאָסעע איז ביין ברעג צוגעקומען צו אַ שטאָדט מיט'ן נאָמען קאָיאָהואַקאַן. דער אָרט, אויף דער אָזערע, וואו דער קורצער שאָסעע האָט זיך פעראייניגט מיט דעם לאַנגען (דער צווייג מיט'ן בוים) האָט דאָס געהייסען קסאָלאָק. דיע־זער פעראייניגונגס־אָרט איז געווען אַזוי ברייט, אַז דאָרטען איז גע־ווען פלאַץ פאַר צוויי קליינע שטיינערנע טעמפּלען מיט טורעמס אויף זייערע דעכער. דיא טעמפּלען זיינען געווען אַרומגערינגעלט מיט ווענט, און צוזאַמען איז דאָס געווען אַ נישקשה'דיגע פעסטונג.

ווען מען האָט געוואָלט געהן פון קאָיאָהואַקאַן קיין טענאָכטיטלאַן, פלעגט מען אַלזאָ געהן איבער'ן קורצען שאָסעע ביז'ן קסאָלאָק און פון דאָרטען איבער דעם לאַנגען שאָסעע צו דער הויפּט־שטאָדט.

אָט דיעזע שטאָדט קאָיאָהואַקאַן האָט דאָס בעדאַרפט פערנעהמען אָליד. ער האָט זיין אויפגאַבע ערפילט; צו דער זעלבער צייט האָט אַלוואַראַדאָ ערפילט זיין אויפגאַבע צו פערנעהמען דיא שטאָדט טאַ־קובא*), לעבען וועלכע עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער מערב'דיגער שאָסעע.

קאָרטעס האָט אָליד'ען געהייסען פערנעהמען קאָיאָהואַקאַן, ווייל ער האָט געוואָלט פון דאָרטען קאָנטראָלירען דעם דרום־שאָסעע. איצט אָבער האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז קסאָלאָק איז אַ פיעל בעסערער פּונקט דערצו. ערשטענס, איז דאָס געווען פיעל נעהנטער צו דער

---

*) טאַקובאַ איז געווען דיא שטאָדט פון דעם טלאַקאַפּאַנער שבט, וועלכער איז געווען פערבונדען מיט דעם אַצטעקען־שבט און מיט דעם טעזקוקא שבט אין איין מיליטערישען פערבאַנד, וויא אויבען איז שוין געזאָגט געוואָרען. דער אַצטעקען־שבט איז געווען דער וויכטיגסטער פון זיי.

הויפּט־שטאָדט, — ניט מעהר וויא אַנדערהאַלבען מייל. צווייטענס, איז דאָס געווען אויף דעם דרום־שאָסעע גופא; דו־יטענס, האָט ער פון דאָרטען קאָנטראָלירט אי דעם וועג צו קאָיאהואַקאַן, אי דעם וועג צו איזטאַפּאַלאַפּאַן; פערטענס, איז דאָס געווען אַ פעסטונג. ער האָט דעריבער בעשלאָסען זיין הויפּט־קוואַרטיר צו מאַכען אין קסאָלאָק. אין דער פעסטונג האָבען זיך געפונען אַצטעקישע חיל. זיי האָט ער אָבער לייכט בייגעקומען. דאַן האָט ער אַהין געלאָזט ברענגען זיינע גרויסע האַרמאַטען. אָליד'ען מיט אַ גרויסע טהייל פון זיין אַרמעע האָט ער דאָ צוגענומען צו זיך, און סאַנדאָוואַל'ען האָט ער געהייסען פערלאָזען דיא צושמעטערטע שטאָדט איזטאַפּאַלאַפּאַן און דערווייל געהן נאָך קאָיאָהואַקאַן אויף אָליד'ס פּלאַץ.

דיא קסאָלאָק פעסטונג האָט ער פיעל פערבעסערט, שטאַרקער געמאַכט. אויך האָט ער נאָהענט דערביי דורכגעגראָבען אַ קאַנאַל דורך דעם שאָסעע, כדי אייניגע פון זיינע שיפען זאָלען קענען אַריבער־שווימען אויף דער אַנדערער זייט און אַזוי זאָל דיא אָזערע בעוואַכט ווערען פוןביידע זייטען.

צוויי פון דיא שאָסעען זיינען שוין אַלזאָ געווען ביי דיא שפּאַניער אין דיא הענט. דער דריטער שאָסעע, דער צפון'דיגער, איז נאָך אָבער געווען פריי, און דורך איהם האָבען דיא אַצטעקען געהאַט פער־העלטניסע מיט דער אויסערליכער וועלט, און בעקומען שפּייז און אַנדערע זאַכען (זאָגאַר קנעכט אויף קרבנות) פון אַנדערע דערפלעך און שטעדטלעך. אייגענטליך איז דאָך דיעזער צפון־שאָסעע געווען אַ פאָרטזעצונג פון דעם דרום־שאָסעע. ביידע צוזאַמען האָבען זיך געצויגען דורך דער שטאָדט, וויא איין גאַס. דער צפון־שאָסעע האָט זיך אויף דער יבשה אָנגעפאַנגען ביי דער שטעדטעל ט ע פּ ע י א ק א ן.

קאָרטעס האָט איצט אַהין געשיקט סאַנדאָוואַל'ען, און סאַנדאָוואַל האָט דעם פּונקט באַלד איינגענומען.

דיא הויפּט־שטאָדט איז אַלזאָ איצט שוין געווען אין גאַנצען אָבגעשניטען. אַלע דריי שאָסעען וואָס האָבען פון איהר געפיהרט דורך דער אָזערע צו דער יבשה זיינען געווען ביי דיא שפּאַניער אין דיא הענד: 1) דער צפון־שאָסעע ביי סאַנדאָוואַל'ען, 2) דער מערב־שאָסעע ביי אַלוואַראַדאָ'ן און 3) דער דרום־שאָסעע (צוזאַמען מיט

דיא קורצע שטיקעל שאָסעע) ביי קאָרטעס'ען מיט אָליד'ען, וועלכע זיינען געווען בעפעסטיגט אויפ'ן מיטען אָזערע אין קסאָלאָק.

אזוי האָט זיך אָנגעפאנגען דיא בעלאגערונג פון טענאכטיטלאן. מיט בעלאגערען אליין האָט קאָרטעס זיך אָבער ניט בענוגענט. זיצען און ווארטען, ביז ער וועט דיא שטאָדט פערהונגערען און צווינגען זיך אונטערצוגעבען האָט ער קיין געדולד ניט געהאט. ער האָט זיך בע־שלאָסען איהר ענדליכען פאל צוצואיילען מיט בלוטיגע אטאקעס. און אזוי האָט זיך אָנגעפאנגען א לאנגע רייהע פון פערביסענע צוזאמענ־שטויסען, אין וועלכע דיא שפאניער האָבען געהאט ניט איין מפלה. מיר וועלען וויעדערהאָלען א בעמערקונג, וועלכע מיר האָבען שוין איין מאָל געמאכט: אויסער דער שטאָדט זיינען דיא שפאניער געווען פיעל גרעסערע בריות (איבערהויפט נאָך איצט, אז זיי האָבען געהאט זייער פלאָטע) וויא אויף דיא גאסען פון דער שטאָדט, וואו יעדע הויז איז געווען א געפעהרליכע פעסטונג געגען זיי, און וואו זיי איז שווער געווען זיך פריי צו בעוועגען און צו געברויכען זייערע וויכטיגסטע געוועהר. און דיא אצטעקען, פון זייער זייט, האָבען געקעמפפט מיט א מערקווירדיגען מוטה, פייער און פלינקהייט. אונטער דער קאָ־מאנדע פון אזא ביטערען, אייזערנעם מלחמה־הויפטמאן וויא גוואַ־טעמאָזין, האָבען זיי ארויסגעוויזען דיא העכסטע שטופען פון יענע בעריהמטע קאמפף־פעהיגקייט, מיט וועלכע זיי האָבען איינגענומען אזוי פיעל שבטים און געהאלטען אזא גרויסע שטיק לאנד אין ציטער־נים. אָהן א ברעג צרות האָבען זיי קאָרטעס'ען פערשאפט ביי דיא אָפענע שטיקלעך אָזערע, וואָס האָבען זיך געפונען אין דיא שאָסעען. עטליכע מאָל האָבען דיא שפאניער מיט דער הילף פון דיא טלאסקא־לאנער דיעזע עפענונגען פערשאָטען, אָבער יעדעס מאָל פלעגען דיא אצטעקען דיא ערד מיט דיא שטיינער וויעדער צונעהמען. אזוי וויא פון אונטער'ן וואסער פלעגען זיי אויסוואקסען און אָפטהאָן זייער ארבייט. דיא שפאנישע פלאָטע האָט בעוואכט דיא אָזערע, אָבער דיא פלינקע קאנאָס פלעגען דעם שונא אָנטהאָן אלערליי צרות. גוואַ־טעמאָזין האָט אָבגעטראָטען פון דעם אינדיאנישען מנהג ניט צו האל־טען מלחמה ביינאכט. ער האָט געזעהן, אז מיט דיא אייראָפּעער קען מען אויף דעם אלטען שטייגער ניט געהן, און ער איז געווען פון יענע מענשען, וועלכע האָבען דיא מוטה און דיא ענערגיע איינצו־

פיהרען נייעסען. ביינאַכט, אונטער דעם שוץ פון דער פינסטערניס, האָבען זיינע קאַנאָס געבראַכט שפייז פון דיא אַרומיגע שטעדטלעך, וועלכע זיינען נאָך געבליעבען טריי צו מעקסיקאָ; און אונטער דעם זעלבען שוץ פון דער נאַכט האָבען זיי געמאַכט אַטאַקעס אויפ'ן פיינד. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דיא בעלעגערער איז ניט געווען בעסער וויא דיא בעלאַגערטע. אויסגעמוטשעטע, פערוואונדעטע פלעגען דיא שפּאַניער אָפט מוזען אָפּשטעהן אַ גאַנצע נאַכט אין קעלט און אין רעגען, וואַכענדיג געגען דיא אונערמיעדליכע, אונערשראָקענע אַצ־טעקען. דיא שלאַכטען אין דער שטאָדט גופא זיינען געווען לאַנגע, פערביסענע, בלוטיגע קעמפּפע. ווען דיא שפּאַניער פלעגען אפילו זיין דיא זיעגער, פלעגען זיי אויך דערנאָך זיך צוריקציהען. זיי האָ־בען איינפאַך מורא געהאַט צו פערבלייבען דאָרטען איבער נאַכט, טאָמער פערניכטעט מען דערווייל זייערע פעסטונגען און מען נעהמט צו דיא שטיינער מיט דיא ערד פון דיא שאָסעע־עפענונגען. דאַן וואָלטען זיי געבליבען אָבגעשניטען פון דער יבשה און אַרומגערינ־געלט פון זייערע שונאים. אום צו בלייבען אין שטאָדט, איז קאָר־טעס'ען זיין גאַנצע יעצטיגע אַרמיי נויטיג געווען צו האָבען דאָרטען גופא. און אום זיך צו פיהלען זיכער אין שטאָדט, וואָלט ער אַ חוץ דעם געמוזט האָבען אַ בעזונדערע אַרמיי צו בעוואַכען אַלע שאָסעען. זיינע רויט־הויטיגע אַנהענגער, וויעדער, זיינען נור גוט געווען אַלס מיטהעלפער. אויף זיי אַליין זיך פערלאָזען האָט ער ניט געקענט.

ער האָט זיך מישב געווען, אַז ער וועט פּרופען מאַכען אַ טיעפען איינדרוק אויף דיא איינוואוינער מיט דעם, וואָס ער וועט צושמע־טערען אָדער פערברענען דיא גרויסע געביידעס פון שטאָדט, דיא געביידעס וואָס זיי זיינען געוואוינט געווען הויך צו שעצען און אַכ־טען, צו האַלטען טהייער און הייליג. דאָס, האָט ער געהאָפט, וועט צוברעכען זייער געמיטה. זיי וועלען אַראָפּפאַלען ביי זיך, פערלירען זייער קוראַזש. אין דעם גרויסען טעמפּעל (טעאָקאַלי) האָט ער שוין אַ שטיקעל חורבן געמאַכט. מיט אַ יאָהר פריהער האָט ער פון דאָר־טען אַראָפּגעשליידערט דעם גרויסען מלחמה־גאָט. איצט האָט ער זיך וויעדער אַהין אַרויפגעריסען. ער האָט געפונען אַ נייעם מלחמה־געץ אויף יענעם אָרט; אַלזאָ האָבען דיא שפּאַניער פון דעם געץ אַראָפּגעריסען דיא גאָלדענע און פערלענע ציערונג און פיעלע פון דיא

גלחים אראָפּגעשליידערט פון דיא הויכע טרעפּ. דאָס האָט אָבער אזוי אָנגעצונדען דיא בלוט ביי דעם גאַנצען אצטעקישען עולם, אז דיא שפּאַניער האָבען זיך געמוזט איילען פון דער טעאָקאלי צו אנט־לויפען. דאן האָט ער איבערגעגעבען צו דיא פלאַמען צוויי אַנדערע וויכטיגע געביידעס. צוערשט דעם גרויסען מויער מיט דיא אַלע הייזער, וואו ער אליין האָט פריהער געוואוינט און געהאַלטען מאָנ־טעזומאַ'ן אין געפאַנגענשאַפט. דיא טורעמלעך, דיא דעכער און דיא אַלע אינוועניגסטע טהיילען פון דיעזער געביידע זיינען געוועזען פון האָלץ, און ווען דער פייער האָט זיך דאָרטען פערשפּרייט און דיא גאַסען זיינען פול געוואָרען מיט רויך און געהילכט מיט דעם קראַך פון פאַלענדע געהילץ, האָבען דיא שטאָדט־לייט אויף דעם ווירקליך געקוקט וויא צוטומעלטע. אויף דער אַנדערער זייט פון דעם סקווער, וואו דיעזער מויער האָט זיך געפונען, איז געשטאַנען אַן אַנדער בע־ריהמטע קהל'שע געביידע: דיא פויגעל־הויז — אַ פּלאַץ, אין וועלכען מען האָט געהאַלטען מאַסען פון דיא שעהנסטע און זעלטענסטע מינים געפליגעלטע בעשעפעניסען. פון דיא רייך־קאָלירטע פעדערען פון דיעזע פויגלען פלעגען אצטעקישע קינסטלער דאָס מאַכען דיא פעדער־מאַטעריעס, וועלכע האָבען אין אייראָפּאַ ארויסגערופען אזוי פיעל ענטציקונג. דיא געביידע אליין איז אויך געוועזען אַ שעהנע. דאָס אַלעס האָט דער „ציוויליזירטער" גענעראַל געהייסען אָנצינדען. דיא גרויסע שעהנע געביידע, וועלכע איז געוועזען אין גאַנצען פון האָלץ, איז באַלד געוועזען איינגעוויקעלט אין פלאַמען און רויך. טויזענדע פון דיא פּרעכטיגע פויגלעך זיינען אומגעבראַכט געוואָרען, און טויזענדע אַנדערע זיינען ארויסגעפלויגען שרייענדיג מיט הערץ־רייסענדע קולות און זיינען אַוועקגעפלויגען אין דיא וועלדער, וואו דיא ציוויליזירטע האַנד האָט קיין מחבל'שע שליטה ניט געהאַט. דיא אצטעקען זיינען געשטאַנען אויף דיא דעכער פון זייערע הייזער און מיט ערשטוינונג און בלוטענדע הערצער האָבען זיי געקוקט אויף דער סצענע. און ווען זיי האָבען דערזעהן, וויא קאָרטעס געהט דורך דיא גאַסען צו־זאַמען מיט איקסטלילקסאָכיטל'ען, זיינען זיי אויף זיין מעקסיקאַ־נישען מיטקעמפּפער אויפגעבראַכט געוואָרען פיעל מעהר וויא אויף דעם אָנפיהרער פון אַלע מלחמות געגען זיי. „פעררעטהער!" האָבען זיי געשריען, בעגלייטענדיג דעם וואָרט מיט ביטערע שימפּף־ווערטער

און שטיינער. אָבער דער הויפּטמאַן פון טעזקוקאָ האָט זיך דערפון ניט געקימערט. ער איז זיך געגאַנגען זיין וועג, און ווען ער האָט בעגעגענט אַן אַצטעקישען עלסטען מיט אַ שפּאַנישען שפּיעז אין האַנד, האָט ער דעם שפּיעז ביי איהם אַרויסגעכאַפּט, אריינגעשטאָכען עס איהם אין ברוסט, און ווייטער געגאַנגען.

דיא אַצטעקען האָבען אָנגעהויבען צו פיהלען זייער בעלאַגערונגס־צושטאַנד. עס האָט גענומען פעהלען שפּייז. מיט דער צייט וואָל־טען זיי אַלע פון הונגער אויסגעשטאָרבען. זיי האָבען אָבער געקענט פיעל אויסשטעהן, און ביסלעך שפּייז פלעגען זיי דאָך בעקומען. דיא שפּאַניער האָבען פערלאָרען זייער געדולד. זיי האָבען געוואָלט וויא עס איז מאַכען אַן אָנהויב, — אָנפאַנגען דיא ערראָבערונג פון דער שטאָדט. פאַר אַזאַ אָנהויב האָבען זיי אויסגעקליבען דעם גרויסען מאַרק. מיט זיינע פיעלע שטיינערנע טויערען איז ער געווען אַ גוטער פּלאַץ פאַר אַ לאַגער; אָבער פיעל וויכטיגער איז געווען דאָס, וואָס ער איז געלעגען אויף דער צפון־מערב זייט פון שטאָדט. פון דאָרטען וואָלט לייכט געווען צו האָבען פערהעלטניסע מיט דיא שפּאַנישע מחנות, וואָס האָבען בעוואַכט דעם צפון־שאָסעע (אונטער סאַנדאָ־וואַל׳ס קאָמאַנדע) און דעם מערב שאָסעע (אונטער אַלוואַראַדאָ׳ס קאָמאַנדע). אָבגעשניטען פון דיא שאָסעען וואָלטען דיא שפּאַניער דאָ אַלזאָ ניט געווען; אי זיי וואָלטען געווען אין שטאָדט, אי זיי וואָלטען געווען פערבונדען מיט דיא שאָסעען; און איין מאָל וואָלט מען זיך דאָ פעסט בעזעצט, וואָלט פון דאַנען שוין לייכטער געווען צו מאַכען ווייטערע אַטאַקעס, — אויף ווייטערע טהיילען פון שטאָדט.

אין אַ בעשטימטען טאָג האָט מען זיך גענומען אויספיהרען דעם פּלאַן. מען האָט זיך אַ לאָז געטהאָן פון דיא שאָסעען אין שטאָדט אריין צום מאַרק צו. דיא אַצטעקען האָבען געקעמפּפט, אָבער דיא שפּאַניער זיינען לייכט געגאַנגען פאָרווערטס. אין דיא שמאָלע שטאָדט־קאַנאַלען האָבען שפּאַניער איצט געהאַט פיעלע קאַנאָס; דיא קאַנאָס האָבען אונטערשטיצט זייער מחנה, וואָס איז געגאַנגען איבער דיא גאַסען; צו דער זעלבער צייט האָבען פיעלע פון דיא טלאַסקאַ־לאַנער אַרויפגעקלעטערט אויף דיא דעכער, און אַראָבגעשליידערט דיא, וואָס האָבען פון דאָרטען געשאָסען. דער זיעג איז געווען אַ

שנעלער; אָבער אַ צו שנעלער. אַזוי האָט זיך דאָס אויסגעוויעזען קאָרטעס'ען. ער האָט גענומען חושד זיין, אז מען האָט איהם דאָ אַריינגענאַרט אין אַ פּאַסטקע. ער האָט זיך אָבגעשטעלט. זיין ערשטער געדאַנק איז געווען וועגען דיא עפּענונגען פון דיא שאָסעען — צו האָבען זיינע אָפיציערען זיי גוט פערשאָטען איידער זיי זיינען ווייטער געגאַנגען? עס האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז ניט. דערווייל האָט אַן אַנדער טהייל פון זיין אַרמיי, מיט דעם קעניגליכען שאַץ מייסטער, אַ ל ד אַ ר ע ט, אַלס קאָמאַנדיר, זיך געריסען אַלץ ווייטער פאָראויס צום מארק צו. ווען אַלדאַרעט איז שוין געווען אין רעכטען מיטען שטאָדט, האָט זיך פון דער טעאָקאַלי דערהערט אַ לאַנגער דורכדרינגענדער קלאַנג פון אַ שופר. דאָס איז געווען דער גאָלדענער טרומייט פון דעם מלחמה־הויפּטמאַן, אַ הייליגער אינסטרומענט, מיט וועלכען מען פלעגט טרומייטערען בלויז אין צייטען פון גרויס געפאַהר. „דיא ווירקונג וואָס דיעזער קלאַנג פלעגט האָבען אויף דיא אַצטעקען איז אונבעשרייבליך" — זאָגט בערנאַל דיאַז, איינער פון דיא וואָס זיינען געווען דערביי. וויא נייגעבאָרענע פלעגען זיי דערפון ווערען; וויא דיא וואַהנזיניגע פלעגען זיי זיך אַ וואָרף טהאָן אין קאַמפּף. אַזוי איז איצט געווען. דיא רויט־הויטיגע וואָס האָבען געהאַלטען אין אַנטלויפען, האָבען זיך פּלוצלונג אַ קעהר געטהאָן צוריק, אַ שפּרונג געטהאָן אויף זייערע נאָכיאָגער, און צו דער זעלבער צייט זיינען פון דיא זייטיגע גאַסען געקומען צו לויפען טויזענדע און טויזענדע אַנדערע קעמפּפער. מיט זייערע גרילצענדע, שרעקליכע מלחמה־קולות זיינען זיי געקומען צו לויפען און זיך אַ לאָז געטהאָן אויף זייערע שונאים מיט אַ העלישען צאָרען. עס איז געוואָרען אַ מהומה. ווילדע מענשליכע כוואַליעס האָבען דיא שפּאַניער געטראָגען צוריק צו, און איבער זייערע קעפּ האָט גערעגענט מיט קלעפּ פון שפּיזען און בולאַוועס. זיי האָבען זיך אין גאַנצען פערלאָרען, דיא שפּאַניער. זיי האָבען געפּרופט לויפען צוריק, אָבער דאָרטען, אויפ'ן שאָסעע, האָט זיך כמעט ווידערהאָלט דיא געשיכטע פון דער טרויעריגער נאַכט.

מען האָט דערקענט קאָרטעס'ען; עס איז געוואָרען אַ געשריי: „מאַלינצין! אָט איז מאַלינצין!" זעקס רויט־הויטיגע גבורים זיינען אויף איהם אַרויפגעפאַלען און איהם גענומען שלעפּען אין אַ קאַנאָ

אריין. ראַנגלענדיג זיך, האָט ער בעקומען אַן ערנסטע וואונד אין פוס. וויא עס האָט אויסגעזעהן, איז פאַר איהם קיין האָפנונג ניט געווען. מען האָט איהם אָבער פאָרט אַרויסגעראַטעוועט.

מיר זאָגען, אַז ביי דיא עפענונגען אין דיא שאָסעען האָט דיא געשיכטע פון דער טרויעריגער נאַכט זיך „כמעט ווידערהאָלט". אין גאַנצען ווידערהאָלען האָט זיא זיך איצט ניט געקענט, צוליעב דער פלאָטע, וועלכע האָט גענומען שיסען אויף דיא אַצטעקען פון דיא זייטען, און דיא גרויסע האַרמאַטען פון דער קסאָלאָק־פעסטונג, וועל־כע האָבען זיי בעגעגענט פון פאָרענט. זיי זיינען געצוואונגען געווען זיך אומצוקעהרען.

דאָך זיעבעציג שפּאַניער זיינען יענעם טאָג אַריינגעפאַלען אין פלען, און פון דעם זיינען אַרויסגעקומען אַנדערע צרות אויך.

באַלד האָט גענומען הילכען דער גרויסער שלאַנגען־פויק; אַרום דער טעאָקאַלי האָט זיך אָנגעהויבען אַ פּראָצעסיע פון אַצטעקישע גלחים. דיא לופט פון מעקסיקאָ איז אַזוי לייכט און קלאָר, אַז דיא שפּאַניער האָבען פון זייערע לאַגערען געקענט זעהן אַלץ וואָס דאָרטען קומט פאָר. און געזעהן האָבען זיי דאָס פאָלגענדע: זייערע געפאַנ־גענע ברידער (זיי האָבען זאָגאַר געקענט זעהן זייערע ווייסע געזיכטען) האָט מען געפיהרט אין דעם הייליגען מאַרש. זיי זיינען געווען האַלב נאַקעט, און אויף דיא קעפּ האָבען זיי געטראָגען קאָלירטע פעדערנע קרוינען און אין דיא הענד פאָכערס. פון הינטען האָט מען זיי גע־שטופּט און געשלאָגען, צווינגענדיג זיי אַנטהייל צו נעהמען אין דעם הייליגען טאַנץ לכבוד דעם מלחמה גאָט. דערנאָך, ווען זיי זיינען צוגעקומען אויבען אויף'ן שפּיץ פון דער טעאָקאַלי, האָט מען פון זיי אויסגעטהאָן זייערע ציערונגען, און אין גאַנצען נאַקעטע האָט מען זיי געלייגט אויף דעם מזבח, וואו דער כהן גדול האָט זיי אויפגעשניטען דיא ברוסט, אַרויסגעריסען ביי זיי דיא הערצער און אויף אַ גאָל־דענעם טאַץ דאָס דערלאַנגט דעם מלחמה־געץ. און דאַן האָט מען זייערע קעפּ אָבגעשניטען און דיא קערפּערס אַראָפּגעשליידערט אונ־טען, אום דער וואַרטענדער עולם זאָל פון דעם מאַכען אַ סעודה.

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלען דיא געפיהלען, מיט וועלכע דיא שפּאַניער האָבען אויף דאָס אַלעס געקוקט פון זייערע לאַגערען. אָבער מיט געפיהלען אַליין האָט זיך דאָס ניט געענדיגט. דיא נייעס

וועגען דיא שפּאניער, וואָס מען האָט מקריב געווען צו דעם אצטע־קישען מלחמה־גאָט האָט געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק אויף דיא אינ־דיאַנער, וועלכע האָבען מיטגעקעמפּפט אָדער סימפּאַטיזירט מיט דיא ווייסע. גוואטעמאָזין האָט אַרויסגעשיקט מענשען ווייזען דיא קעפּ פון דיא אונגליקליכע אין דיא פערשיעדענע פּראָווינצען. ער האָט אויך געלאָזט וויסען, אַז דיא גלחים פערזיכערען איהם, דאָס דיא שפּאַנישע קרבנות האָבען צופריעדען געשטעלט דעם מלחמה־גאָט, און אַז ער וועט דיא אַצטעקען דעריבער ווידער נעהמען אונטער זיין שוץ. פאַר דיא שפּאַניער איז אַלזאָ קיין האָפנונג ניטאָ; און ער, גוואטעמאָזין, רופט צו אַלע שבטים פון דעם גרויסען טהאָל זיך אומ־צוקעהרען אונטער דעם פליגעל פון דער אַצטעקישער הערשאַפט.

זיינע ווערטער האָבען געווירקט. אַן אימה האָט אָנגענומען דיא שבטים, — דיא אַלטע אימה, וועלכע האָט זיי פריהער געצוואונגען דיא אַצטעקען צו צאָהלען צינזען, אויפהאַלטען זייערע חיל, פאָלגען זייערע בעפעהלע.

דיא אַצטעקישע גלחים האָבען פאָראויסגעזאָגט, אַז איידער עס וועלען אַוועקגעהן אַכט טעג, וועט דער מלחמה־גאָט דיא שפּאַניער אין גאַנצען איבערגעבען אין זייערע הענד; און דיא שבטים האָבען געגלויבט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז קאָרטעס׳עס מיטקעמפּפער האָבען זיך ביסלעכווייז, ביי נאַכט, אָבגע׳גנב׳עט פון זיינע לאַגערען, און אַוועק אַהיים. אַזוי זיינען פון איהם פערשוואונדען דיא קעמ־פּפער פון טשאָלולאַ, פון טעפּעאַקאַ, פון טעזקוקאַ, און זאָגאַר פיעלע פון דיא טלאַסקאַלאַנער. צווישען דיא וואָס זיינען איהם געבליבען טריי, איז געווען איקסטלילקסאָכיטל.

דיא אַצטעקישע גלחים זיינען אָבער בעגאַנגען אַ נאַרישען פעה־לער מיט דעם, וואָס זיי האָבען ערקלעהרט אַ בעשטימטע צייט, ווען זייער גאָט וועט דיא שפּאַניער איבערגעבען אין זייערע הענד. ווען עס איז פאָראיבער דער אַכטער טאָג און נאָך עטליכע טעג, און דיא שפּאַניער האָבען אַלץ בעלאַגערט דיא שטאָדט מיט זייערע האַרמאַטען און מיט זייער פלאָטע, מיט זייערע בעוואַפענטע מחנות אויף אַלע דריי שאָסען, האָבען דיא שבטים אויפגעהערט צו גלויבען, אַז דער מלחמה־גאָט האַלט מיט דיא אַצטעקען; זיי האָבען זיך ווידער בע־

פריט פון זייער אימה פאַר זייער מאַכט און ביסלעכווייז זיך אומ־
געקעהרט אין דיא שפּאַנישע לאַגערען.

אום צו ווייזען זיין אויבער־האַנד איבער גוואַטעמאָזינ׳ען, האָט
קאָרטעס אַרויסגעשיקט אַ טהייל פון זיין אַרמיי געגען געוויסע שבטים
אין דיא ווייטערע טהיילען פון טהאָל. דער מלחמה־הויפּטמאַן האָט
דיעזע שבטים אויפגעהעצט געגען זייערע שכנים, וועלכע זיינען געווען
טריי דיא שפּאַניער. אַלזאָ האָט קאָרטעס זיי געוואָלט אָנלערנען,
אַלס אַ ביישפּיעל פאַר אַנדערע אינדיאַנער. דיא ווייסע האָבען דאָר־
טען געהאַט אַ לייכטען זיעג, און דער שפּאַנישער נאָמען איז נאָך
העכער געשטיגען. צו דער זעלבער צייט האָט דער שיקזאַל קאָר־
טעס׳ען צוגעשיקט אַ צווייטע מתנה: אין ווערא קרוץ איז אָנגעקומען
אַ שפּאַנישע שיף מיט פּולווער, קוילען און אַנדערע מיליטערישע
פּריפּאַסען, אין וועלכע ער האָט זיך איצט געניטיגט. דיא
שיף איז געווען אַ טהייל פון אַ פלאָטע, וואָס דער אויבען־דערמאָהנ־
טער פּאָנסע דע לעאָן האָט צוזאַמענגעשטעלט פאַר פלאָרידאַ. קאָר־
טעס׳עס פאָרשטעהער אין ווערא קרוץ האָבען אָבער דיא אַלע פּריפּאַ־
סען צוגענומען (פאַר אַ גוטען פּרייז) און דאָס גלייך צוגעשיקט צום
קאָמאַנדיר.

קאָרטעס איז איצט געווען אין שטאַנד ווידער אָנצופאַנגען זיי־
נע אַטאַקען אויף דער שטאָדט. איצט האָט ער אָנגענומען אַ נייע
טאַקטיק: יעדע עפּענונג אין דיא שאָסעען לעבען שטאָדט און יעדען
קאַנאַל אין דער שטאָדט גופא וועט ער פערשיטען אַזוי סאָליד און
פעסט, אַז דיא אַצטעקען זאָלען שוין דאָס ניט קענען צואוואַרפען;
און ער וועט ניט געהן קיין איין טריט ווייטער ביז ער וועט זיך ניט
איבערצייגען, אַז הינטער איהם איז אַלץ פערזיכערט אויף דיעזען
אופן. דאַן ערשט וועט ער אין שטאָדט מעהר ניט דאַרפען מורא
האָבען טאָמער וועט ער ווידער אָבגעשניטען פון דיא שאָסעען
אָדער פון דיא אַנדערע טהיילען שטאָדט. וואו נעהמט מען אָבער
אַזעלכע סאָלידע מאַטעריאַלען, און אַזוי פיעל מאַטעריאַלען, אַז ער
זאָל דיעזען פּלאַן קענען אויספיהרען? קאָרטעס האָט פון ווייטען אַ
קוק געטהאָן אויף דיא געביידעס פון דער גרויסער אַלטער שטאָדט,
און ערקלעהרט: „לאָמיר פערניכטען יעדע הויז, יעדען טעמפּעל, יעדע

געביידע, צו וועלכער מיר וועלען צוקומען. קיין איין שטיין, קיין איין קלאָץ אָדער ברעט לאָמיר ניט איבערלאָזען. לאָמיר דיא שטאָדט אין בערג שטיינער און האָלץ פערוואַנדלען; מיט דיעזע שטיינער און האָלץ וועלען מיר קענען פערשיטען אַלע שאָסעע־עפּענונגען און אַלע קאַנאַלען, ביז פון זיי וועלען ווערען הארטע, פעסטע גאַסען“.

און דאָס איז ניט געווען דיא איינציגע נוץ, וואָס ער האָט פון דעם חורבן ערוואַרטעט: דיא הונדערטע געביידעס וועלען פערניכטעט ווערען, אָבגעראַמט ווערען ביז אַ שפּענדעל; אָנשטאָט ענגע גאַסען מיט הויז־דעכער, פון וועלכע אַצטעקען שיסען אויף דיא שפּאַניער, וועט אַלזאָ ווערען אַ גרויסע אָפענע פעלד. דיא קאַוואַלעריע מיט דיא אַרטילעריע וועלען האָבען אַ פרייען פּלאַץ פאר זייערע בעוועגונגען, פאַר זייערע אַטאַקען אויף דיא איבעריגע טהיילען פון שטאָדט.

ער האָט זעהר געזשאַלעוועט דיא גרויסאַרטיגע געביידעס צו פערוויסטען; ער האָט דיא אַצטעקישע הויפּט־שטאָדט גערעכענט פאַר „דיא שעהנסטע זאַך אין דער וועלט“, וויא ער פלעגט זיך אויסדריקען, יעדענפאַלס האָט ער דאָס געהאַלטען פאַר „דיא שעהנסטע זאַך אין דער וועלט“ אויף צו בעריהמען זיך, — אויף צו ווייזען דעם שפּאַנישען קעניג און דער גאַנצער וועלט, וואָס פאַר אַ וואַזשנע מעכטיגע שטאָדט ער האָט ענטדעקט און איינגענומען אין דערווילדער נייער וועלט. דאָס וואָס ער וועט פערניכטען דיא אַרבייט פון יאָהרהונדערטע; דאָס וואָס ער וועט אָפּמעקען דיא צייכענס פון אַ מערקווירדיגע אינ־דיאַנישע ציוויליזאַציאָן, און ביי דער מענשליכער געשיכטע אַוועק־רויבען אייניגע פון איהרע אינטערעסאַנטסטע און וויכטיגסטע מאָ־מענטען, — דאָס אַלעס האָט איהם אפילו ניט אָנגעהויבען צו קימערען.

צוואַוואַרפען הייזער און טעמפּלען, — דאָס האָבען דיא טלאַס־קאַלאַנער און דיא אַנדערע אינדיאַנער אויך געקענט, און זייערע צעהנדליגע טויזענדע האָבען זיך צו דיעזער פערניכטענדער אַרבייט גענומען מיט חשק. דער טייפעלשער פּלאַן איז דורכגעפיהרט גע־וואָרען. דיא אַצטעקען האָבען געקעמפּפט וויא דיא לייבען, אָבער געגען דיא שפּאַנישע האַרמאַטען זיינען זיי געווען מאַכטלאָז — איצט נאָך מעהר וויא פריהער, ווייל דער הונגער האָט זיך ביי זיי געפיהלט אַלץ שרעקליכער און שרעקליכער.

איינגיע האָבען זיך געקאָרמעט מיט אַ מין קלעפּיגע בלאָטע, וואָס איז אומגעשוואומען איבער דער אָזערע. (ווען מען האָט דאָס אויסגעטריקענט, האָט דאָס אַביסעל געהאַט דעם טעם פון קעז). אַנ־דערע האָבען געשטילט זייער הונגער מיט מייז, יאַסטשערקעס און אַנדערע שרצים און רמשים, וועלכע האָבען זיך נאָך געפונען אין דיא וואוינונגען אָדער ארום זיי.

דיא טעג פון דער שטאָלצער הויפּט־שטאָדט זיינען געווען גע־צעהלט.

אָבער דיא אַצטעקען האָבען זייער מוטה אַלץ ניט פערלאָרען. מיט דיא לעצטע קרעפטען האָבען זיי זיך געשטעלט געגען דעם גע־האַסטען שונא. קאָרטעס האָט געפּרופט צו גוואַטעמאַזינ'ען שיקען שלוחים — דריי פון זיינע אייגענע אַצטעקישע הויפּט־לייט. ער האָט צוגעזאָגט אַלעמען צו לאָזען לעבען און מעהר ניט צו צושטערען זייער שטאָדט, ווען ער וועט נור צוריק אַנערקענען דיא הערשאַפט פון דיא שפּאַניער, וועלכע מאָנטעזומאַ האָט אָפיציעל אָנגענומען. גוואַטע־מאַזין'ס ענטפער צו דיא שלוחים האָט געלויטעט: „דער, ועמען זיין לעבען איז טהייער, זאָל צו מיר ניט סמייען צו ריידען וועגען אונטער־געבען זיך. לאָמיר ווייזען, אז מיר קענען שטאַרבען וויא קעמפּפער".

אומזיסט האָבען דיא שפּאַניער צוויי טעג אָבגעוואַרט אויף אַן אַנטוואָרט. אויפ'ן דריטען טאָג זיינען טויזענדער און טויזענדער מעקסיקאַנער אַרויסגעקומען פון זייער בעלאַגערטע שטאָדט. מיט אונמענשליכע קרעפטען האָבען דיעזע אויסגעהונגערטע מאַסען זיך אַ וואָרף געטהאָן אויפ'ן שונא. אָבער האַרמאַטען און ביקסען האָבען זיי פון דיא שאָסען און פון דיא שיפען בעגעגענט מיט אַ ים פון פייער, און דיא וואָס זיינען לעבען געבליבען, האָבען געמוזט אַנט־לויפען צוריק אין שטאָדט אריין.

דיא טלאַסקאַלאַנער און דיא אַנדערע רויט־הויטיגע מיטקעמפּפער פון דיא שפּאַניער האָבען פּאָרטגעזעצט זייער פערניכטענדע ארבייט. זיי האָבען צוּוואָרפען איין הויז נאָך דער אַנדערער. דיא אַצטעקען האָבען זיי פון ווייטען געגעבען שטעך־ווערטער. „וואָס מעהר איהר וועט פערוויסטען, אַלץ מעהר וועט איהר אַליין מוזען צוריק אָפּ־בויען" — האָבען זיי צו זיי געזאָגט — „אויב מיר וועלען זיעגען, וועלען מיר אייך צווינגען דאָס צו טהאָן; אויב אייערע ווייסע פריינד

װעלען זיין דיא זיעגער, װעט איהר דאָס מוזען טהאָן פאר זיי". זיי האָט דאָס אָבער ניט געאארט. באלד האָבען זיי אָנגעצונדען דיא גרויסע געביידע, אין װעלכע גוואטעמאָזין האָט געװאוינט (איצט איז ער דאָרטען ניט געװעזן. ער איז שוין לאנג אװעק אנדערשװאו). דאָס איז געװעזן איינע פון דיא װיכטיגסטע געביידעס אין שטאָדט, און אינװעניג האָבען זיך געפונען מאסען רייכע און קונציג געמאכטע זאכען. דאָס אלץ האָבען דיא פלאמען פערצעהרט. עס איז גע־בליבען בלויז א בארג מיט שטיינער, מיט װעלכע דיא טלאסקאלאנער האָבען פערשטאָפּט א טהייל פון דיא קאנאלען.

עטליכע װאָכען זיינען פאָראיבער אין דיעזע פערװיסטענדע אטאַ־קען. עס איז שוין געװעזען ביין ענד פון דעם מאָנאט יולי. דיא בע־לאגערונג איז דיא גאנצע צייט אָנגעגאנגען אויפ'ן שטרענגסטען אופן. דער הונגער האָט פערלענדט מאסען מענשען. פון איינינע אצטעקען, װאָס זיינען צוגעקומען נאָהענט צו דיא שפּאנישע לאגערען און אריינ־געפאלען אין פּלען, האָט קאָרטעס זיך דערװאוסט איינצעלהייטען פון חורבן. נאטירליכע מענשליכע שפּייז איז שוין אין שטאָדט ניט גע־װען קיין ברעקעל. מען האָט געגעסען דיא קאָרע פון בוימער, גראָז, װערים; געטרונקען האָט מען דיא געזאלצענע פייכטקייט, מיט װעלכע דיא ערד איז געװעזן אָנגעזאפּט פון דער ארומיגער אָזערע. יעדען טאָג זיינען אנדערע הונדערטע מענשען פון דעם קראנק געװאָרען און געשטאָרבען אין שרעקליכע יסורים. און דיא װאָס האָבען נאָך גע־לעבט, אָבגעשװאכטע, אויסגעמאָגערטע װיא סקעלעטען, האָבען מיט אונגעדולד געװארט פטור צו װערען פון זייער מאטערנים דורכ'ן טוידט.

אז דאָס אלץ איז ניט געװעזן איבערטריבען, האָבען דיא שפּאַ־ניער זיך ערקונדיגט, װען זיי האָבען ענדליך גענומען דעם גרויסען מארק. זיי האָבען נעמליך געפונען, אז דיא ערד איז דאָרטען אומע־טום צוגראָבען און צוראָיעט פון דעם, װאָס דיא איינװאוינער האָבען געזוכט װערים און װאָרצלען. דיא בוימער זיינען געװעזן נאקעט; דיא קאָרע האָט מען איינפּאך אויפגעגעסען. טויטע קערפּערס האָבען זיך געװאלגערט איבער דיא גאסען און אין דיא קאנאלען. צו בע־גראָבען זייערע מתים איז ביי דיא אצטעקען געװעזן איינע פון דיא הייליגסטע פּפליכטען, און װען זיי האָבען דיעזע פּפליכט שוין ניט

ערפילט, האָט דאָס געהייסען, אַז זיי האָבען איינפאַך קיין כח ניט דאָס צו טהאָן! ווען דיא שפּאַניער און זייערע קאַמפּף־ברידער זיינען אַריינגעקומען אין דיא הייזער, האָבען זיי אומעטום געפונען געשטאָרבענע און שטאַרבענדע. דער גערוך פון דיא מתים איז געווען שרעקליך. מוטערס האָבען געהאַלטען זייערע קינדער מיט דיא לעצטע כחות; פערוואונדעטע, צוקאַליעטשעטע אויסגעמאָרעטע מענער און פרויען האָבען געפּרופט אַנטלויפען פון פיינד; זיי האָבען אָבער זיך קוים געקענט ריהרען. פון דעסטוועגען האָט קיינער פון זיי ביי דיא שפּאַניער קיין רחמנות ניט געבעטען.

באַלד האָט מען אונטערגעצונדען דיא הייזער, און דיא טויטע מיט דיא האַלב־טויטע זיינען פערשוואונדען אונטער מאַסען ברענענדע געהילץ און צופאַלענע שטיינער. אין איינינגע טעג אַרום האָט קאָרטעס איינגענומען און איבערגעגעבען צו דיא פלאַמען דעם גרויסען טעמפּעל, דיא ריעזיגע טעאָקאַלי. דער פּלאַקער איז דאָ געווען אַזאַ גרויסער און דער פּלאַץ אַזאַ הויכער, אַז דיא שריפה האָט זיך געזעהן כמעט איבער'ן גאַנצען טהאָל, און האָט אַרויפגעוואָרפען אַן אימה אויף אַלע דאָרטיגע שבטים.

איינינגע טעג פריהער איז אין דעם שפּאַנישען לאַגער פּאָרגעקומען אַ פּאַסירונג, וועלכע האָט צו דער טראַגעדיע פון דער מלחמה צוגעגעבען אַ שטיקעל קאָמעדיע. אַ סאָלדאַט, וואָס האָט אַנטהייל גענומען אין דער שפּאַניש־איטאַליענישער מלחמה, האָט פאָרגעשלאָגען אויפצובויען אַ מאַשין, מיט וועלכער מען זאָל קענען ווייט וואַרפען דיא גרעסטע שטיינער. אויף קאָרטעס'ען האָט דער פאָרשלאַג געמאַכט אַן איינדרוק און מען האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט, אונטער דעם סאָלדאַט'ס השגחה. אַלס פּלאַטפאָרמע האָט מען זיך בענוצט מיט אַ פּלאַץ, וואָס האָט דיא אַצטעקען געדיענט אַלס אַ מין טהעאַטער אָדער צירק. דאָרטען האָט דער סאָלדאַט אויפגעבויט זיין מאַשין. ווען אַלץ איז פאַרטיג געוואָרען, איז מען זיך צוזאַמענגעקומען זעהן דיא ערשטע פּראָבע. מען האָט אַריינגעלייגט אַ גרויסען שטיין, דער סאָלדאַט האָט אָוועקגעלאָזען זיין מאַשין, און — דער שטיין האָט זיך אויפגעהויבען זעהר הויך; אָבער אָנשטאָט צו פליהען צו דער שטאָדט צו, איז ער אַראָפּגעפאַלען צוריק אויף דער מאַשין און האָט איהר צושמעטערט.

אָבער אַזעלכע מיטלען זיינען איצט שוין גאָר ניט נויטיג געווען. דער הונגער איז געווען דיא געדעטענסטע און מעכטיגסטע פערניכ־טונגס־מאַשין, וואָס מען וואָלט געקענט אויסקלערען. אמת, ער האָט ניט געבראָכען קיין הייזער. ער האָט אָבער געבראָכען דיא מענשען, וואָס האָבען דיא הייזער פערטהיידיגט. זיעבען אכטעל פון דער שטאָדט זיינען שוין צושמעטערט און אָבגעראַמט געוואָרען; דיא גאַנצע בעפעלקערונג האָט זיך צוזאַמענגעקליבען אין דיא איבערגע־בליבענע אַכטעל, אין דעם קוואַרטאַל פון דעם גרויסען מארק. דאָרטען זיינען זיי געווען צוזאַמענגעשפּאַרט אין הייזער, אויף דיא גאַסען, אין קאַנאָס אויף דיא קאַנאַלען. עס איז דאָ אַ בעריכט וועגען צוויי פרויען פון אַ פאַמיליע פון עלסטע, וועלכע האָבען דריי טעג מיט דריי נעכט פערבראַכט ביז'ן האַלז אין וואַסער, בעהאַלטענדיג זיך צווישען זומפּ־שטעקלעך. אַן אַנדער בעריכט דערצעהלט פון פיעלע מוטערס, וואָס האָבען אוים הונגער אויפגעגעסען זייערע אייגענע קינדער. מען איז געשטאָרבען הונדערטע־ווייז, און דאָס איז שוין געווען אַזאַ גע־וועהנליכע זאַך, אַז קיינער האָט זיך אפילו ניט אומגעקוקט. אין דיעזען קוואַרטאַל זיינען דיא טויטע איינפאַך געלעגען קופּעס־ווייז. „עס איז אונמעגליך געווען צו שטעלען אַ פוס, ניט אַרויפטרעטענדיג אויף דעם טויטען קערפּער פון אַן אינדיאַנער", שרייבט קאָרטעס. אָפט זיינען צוזאַמען מיט דיא טויטע געלעגען לעבעדיגע, וואָס האָבען איינפאַך קיין כח ניט געהאַט אויף דיא פיס צו שטעהן. דער רעגען האָט איבער דיא מתים געגאָסען און ווען דערנאָך האָט געברענט דיא זון, איז דיא לופט פול געוואָרען מיט אַזאַ פוילעניס, אַז קאָרטעס און פיעלע אַנדערע שפּאַניער זיינען קראַנק געוואָרען. עס האָט זיך פער־שפּרייט אַ מגפה, און פון איהר זיינען אויסגעשטאָרבען נאָך מעהר אַצטעקען וויא פון הונגער. פיעלע זיינען פון זינען אַראָפּ.

קאָרטעס האָט דורך אַן אַצטעק צו גוואַטעמאַזינ'ען ווידער גע־שיקט אַ פריעדענס־פּאָרשלאַג. אָבער דער יונגער מלחמה־הויפּטמאַן האָט אָנשטאָט אַן ענטפער, דעם שליח געלאָזען מקריב זיין.

קאָרטעס האָט זיך געקליבען צו אַן ענדליכע אַטאַקע. איצט, ווען דיא בעפעלקערונג איז געווען צוזאַמענגעשפּאַרט אין איין קליי־נעם פּלאַץ, איז לייכט געווען זיי אַלעמען אויסצושלאַכטען. ווען ער איז צוגעקומען צו דיעזען קוואַרטאַל, האָבען זיך צו איהם געווענדעט

עטליכע עלטסטע מיט דיא פאָלגענדע ווערטער: „איהר זייט קינדער פון דער זון. אָבער דיא זון געהט דאָך שנעל. ווארום זשע געהט איהר אַזוי לאַנגזאַם? ווארום מאַכט איהר ניט גיכער אַ סוף צו אונזערע יסורים? קוילעט אונז אַלעמען אויס און לאָזט אונז קומען צו אונזער גאָט הויאיצילאָפּאָכטלי, וועלכער וואַרט אויף אונז אין הימעל אונז צו געבען רוהע פון אַלע אונזערע ליידען". „ווארום זשע ענטזאַגט זיך אייער גוואַטעמאַזין מיט מיר זיך דורכצורייעדן?" — האָט קאָרטעס זיך אָבגערופען.

אין אַ פּאָר שטונדען אַרום האָט מען איהם געלאָזט וויסען, אַז גוואַטעמאָזין וועט מאָרגען צו איהם קומען אויפ'ן גרויסען סקווער פון דעם מאַרק־קוואַרטאַל. קאָרטעס האָט זיך דערפרעהט. אויף מאָרגען האָט ער געהייסען צודעקען אַ פּלאַטפּאָרמע מיט קאַרפּעטס און צוגרייטען אַ רייכען מאָלצייט לכבוד דעם אויסגעהונגערטען גאַסט.

עס איז אָנגעקומען דיא בעשטימטע שטונדע, אָבער אָנשטאָט דעם מלחמה־הויפּטמאַן, האָבען זיך בעוויעזען בלויז זיינע שלוחים. זיי האָבען געבראַכט אַ תירוץ, אַז ער אַליין איז קראַנק. קאָרטעס האָט דיא שלוחים אויפגענומען זעהר פריינדליך, זיי גוט אָנגעקאָר־מעט און אַוועקגעשיקט צוריק מיט שפּייז און מתנות פאַר גוואַטע־מאָזינ'ען. באַלד זיינען זיי געקומען צוריק מיט מתנות פון גוואַטע־מאָזין'ען צו קאָרטעס'ען, און אַזוי איז דיא בעגעגנים אַלץ אָבגע־לייגט געוואָרען. גוואַטעמאָזינ'ען האָט איינפאַך דיא האַרץ ניט גע־לאָזען זיך אונטערצוגעבען. אָנשטאָט צו געהן זיך זעהן מיט'ן שונא, האָט ער זיינע אויסגעהונגערטע האַלב־טויטע אַצטעקען גענומען אָר־גאַניזירען צו אַ לעצטען ווידערשטאַנד. „זאָלען בעסער אַלע אויס־שטאַרבען וויא קעמפּפער איידער געטרויען דעם שפּאַניער" — האָט ער געזאָגט.

און ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דיא שרעקליכע אַטאַקע, האָ־בען זיי מיט זייערע אָבגעשוואַכטע הענד געשאָסען אַזוי, אַז זייערע פּיילען זיינען געפאַלען אָהן מאַכט, און זייערע שטיינער האָבען ניט געטראָפען אין ציעל. דיא שפּאַנישע האַרמאַטען, אַרקעבוסען און שטאָלענע פּייל־און־בויגענס האָבען איצט געמאַכט דיא שרעקליכסטע הריגה אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער בעלאַגערונג. זייענדיג

צוזאמענגעשפארט אין איינעם, זיינען דיא אצטעקען פון אלע זייטען געפאלען מאססענווייז. דער קווארטאל איז בעדעקט געווארען מיט בערג מתים און פערוואונדעטע; דיא שפאניער האבען געמוזט קלע־טערען איבער מענשליכע בערג אום צו טהאן זייערע ווייטערע מחבל־ארבייט. דיא ערד איז געווארען דורכגעטרונקען מיט בלוט, וועלכע האט געשטראמט וויא וואסער אין א פערפלייצונג, און האט רויט געמאכט דיא קאנאלען. און פון אלע זייטען האבען געפלאקערט הייזער און טעמפלען; און דער קראך פון דיא שיסעריי האט זיך צוזאמענגעמישט מיט דעם יאמער פון פרויען און קינדער, מיט דעם קרעכץ און יסורים־געשריי פון דיא שטארבענדע און געוואונדעטע.

ווען עס איז געווארען נאכט, איז אין דעם מארק־קווארטאל שטיל געווארען. דאס איז געווען דיא שטילקייט פון טויט. אין דעם שפאנישען לאגער האט אבער געהילכט מיט פרעהליכע מוזיק.

אויף מארגען האט קארטעס וויעדער געשיקט ריידען מיט גוואַ־טעמאזינ׳ען. זיין אנטוואָרט איז געווען: „איך בין בערייט צו שטאר־בען, וואו איך בין. איך וועל זיך מיט דעם שפאנישען קאמאנדיר ניט זעהן“.

„אויב אזוי, טא געהט און זאגט אייערע ברידער, אז זיי זאלען זיך צוגרייטען צום טויט“ — האט קארטעס זיך אבגערופען צו דעם שליח — „זייער שטונדע איז געקומען“.

ער וואלט נאך געווארט אביסעל; מען האט אבער געבראכט בעריכטען, אז גוואטעמאזין און אנדערע אצטעקען קלייבען זיך צו אנטלויפען איבער דער אזערע אין גרויסע קאנאס. ער האט דעריבער גלייך אנגעפאנגען דיא לעצטע שחיטה. דיא אונגליקליכע זיינען גע־פאלען וויא דיא פליגען. פיעלע זיינען געשפרונגען אין דיא קאנאלען אריין, ביז דארטען האט זיך אנגעקליעבען אזוי פיעל דערטרונקענע, אז דיא שפאניער און זייערע מיטהעלפער זיינען איבער זיי אריבער־געגאנגען אויף דער אנדערער זייט, אזוי וויא איבער בריקען. פיעלע האבען געפרופט אנטלויפען אין קאנאס. דיא שפאנישע שיפען האָ־בען זיך אבער נאך זיי נאכגעיאגט. דיא שחיטה איז אנגעגאנגען אויף דער אזערע אזוי גוט וויא אין שטאדט גופא. פון דיא האר־מאטען און ביקסען איז דיא אזערע בעדעקט געווארען מיט וואלקענס

רויך, און דאָס האָט איינינגע קאַנאָס געגעבען די מעגליכקייט צו אַנטלויפען אונגעזעהענערהייט. באַלד האָט מען בעמערקט וויא דריי פון דיא גרעסטע קאַנאָס גליטשען זיך האַסטיג איבער'ן וואַסער. האַלגווין, דער קאַפּיטאַן פון איינע פון דיא שנעלסטע שפּאַנישע שיפען, האָט זיך גלייך געגומען נאָכיאָגען. דיא אינדיאַנער, וואָס האָבען געטריבען דיא 3 קאַנאָס מיט זייערע וויאָסלעס, האָבען געאַר־בייט מיט אַלע כחות; עס איז אָבער געווען אומזיסט זייער אַרבייט. דיא זעגעל־שיף האָט זיי באַלד דעריאָגט, און האַלגווין'ס סאָלדאַטען האָבען אָנגעשטעלט זייערע שטאָהלענע פּייל־און־בויגענס. פון דיא קאַנאָס האָט זיך אויפגעהויבען אַ געשריי, אַז מען זאָל ניט שיסען, ווייל דאָרטען געפינט זיך דער אַצטעקישער מלחמה־הויפּטמאַן. צו דער זעלבער צייט האָט זיך אַנידערגעשטעלט אַ יונגער רייך־געקליי־דעטער מעקסיקאַנער, געגרייט צו קעמפּפען. אָבער אַזוי וויא האַלגווין האָט געהייסען זיינע סאָלדאַטען, אַז זיי זאָלען ניט שיסען, האָט דיעזער יונגערמאַן אויך אַראָבגעלאָזען זיין שפּיעז, אויסרופענדיג דערביי: „איך בין גוואַטעמאָזין. נעהמט מיר צו מאַלינציג'ען. איך בין זיין געפאַנגענער; זאָל מען אָבער ניט טהאָן קיין שלעכטעס מיין פרוי און מיינע בעגלייטער". האַלגווין האָט איהם פערזיכערט, אַז זיין וואונש וועט ערפילט ווערען, און האָט איהם מיט זיין פרוי מיט זיין סוויטע געהאָלפען אַרויפגעהן אויף דער שיף. אין גאַנצען איז דיא סוויטע בעשטאַנען פון צוואַנציג מאַן, צווישען וועלכע עס האָט זיך געפונען דער הויפּטמאַן פון טלאַקאָפּאַ (טאַקובא) און דער געוועזענער הויפּטמאַן פון טעזקוקאָ, דאָס הייסט, אַז דאָ האָבען זיך געפונען דיא הויפּטלייט פון אַלע דריי שבטים, פון וועלכע עס איז בעשטאַנען דער מיליטערישער פערבאַנד פון מעקסיקאָ. גוואַטעמאָזין איז געווען אי־בער'ן גאַנצען פערבאַנד.

האַלגווין האָט גוואַטעמאָזינ'ען געבעטען ער זאָל הייסען מאַכען אַ סוף צו דעם אומזיסטען קאַמפּף. „עס איז שוין ניט נויטיג" — האָט דער געפאַנגענער געענטפערט מיט אַ טרויעריגען טאָן — „ווען זיי וועלען זעהן, אַז זייער מלחמה־הויפּטמאַן איז געפאַנגען, וועלען זיי שוין מעהר ניט קעמפּפען". און אַזוי איז טאַקע געווען. דיא נייעס האָט זיך פון דער פלאָטע פערשפּרייט צום ברעג, וואו דיא מעק־סיקאַנער האָבען נאָך זיך געוועהרט מיט דיא לעצטע כחות. גלייך

וויא זיי האָבען ז'ערהערט, וואָס עס האָט פּאַסירט, האָבען זיי אויפ־
געהערט זיך צו פערטהיידיגען. *)

קאָרטעס האָט דעם געפאַנגענעם אויפגענומען מיט כבוד, אַזוי
וויא ער וואָלט אויפגענומען אַ געפאַנגענעם אייראָפּעאישען קעניג.
„איך האָב געטהאָן אַלץ, וואָס איך האָב געקענט, צו בעשיצען זיך
און מיין פאָלק" — האָט גוואַטעמאָזין געזאָגט — „איצט בין איך
אין דיינע הענד. טהו מיט מיר וואָס דו ווילסט, מאַלינצין". און
אַרויפלייגענדיג זיין האַנד אויף דיא הענטעל פון דעם שווערד, וואָס
קאָרטעס האָט געטראָגען, האָט ער צוגעלייגט: „בעסער מאַך אַ סוף
פון מיר אָט מיט דעם, און בעפריי מיר פון מיינע ליידען".

„זיי רוהיג", — האָט קאָרטעס געענטפערט, — „דוא האָסט
בעשיצט דיא הויפּט־שטאָדט וויא אַ בראַווער קעמפּפער. מען וועט
דיר בעהאַנדלען מיט עהרע. אַ שפּאַניער ווייס וויא צו רעספּעקטירען
העלדישקייט אפילו אין אַ פיינד".

גוואַטעמאָזין'ס פרוי (זיא האָט געהייסען טעקוויכפּאָ) האָט
קאָרטעס אויך אויפגענומען מיט פריינדליכקייט און כבוד.**) נאָכדעם
וויא מען האָט פאַר דיא געפאַנגענע געמאַכט אַ מאָלצייט, האָט מען
זיי אַוועקגעפיהרט קיין קאָיאָהואַקאַן.

דער טאָג, וועג דאָס אַלעס האָט פּאַסירט, — דער 13טער אויגוסט,
1521, — איז איינער פון דיא וויכטיגסטע טעג אין דער געשיכטע
פון אַמעריקאַ.

אויף מאָרגען האָט קאָרטעס, אויף גוואַטעמאָזין'ס ביטע, ער־
לויבט דיא איבערגעבליבענע אַצטעקען צו פערלאָזען דיא שטאָדט און
אריבערצוגעהן אין דיא אַרומיגע געגענדען. אָבגעריסענע, אָבגעשלי־
סענע, אויסגעהונגערטע, אויסגעמאָרעטע, בעדעקט מיט אַלערליי
וואונדען, — האָבען זיי זיך געשלעפּט איבער דיא שאָסען, קוים האַל־
טענדיג זיך אויף דיא פיס. עס איז געווען אַ שרעק צו קוקען אויף

*) דאָס איז דיא דייטליכסטע בעשטעטיגונג פיר מאָרגאַן'ס געדאַנק
(זעה אויבען זייטעל 322), הגם מאָרגאַן אַליין ברענגט דיעזען פאַקט ניט.

**) שפּעטער האָט זיא געהייראַטה אַ ווייסען אַדעליגען און פון איהר
זיינען אַרויסגעקומען אייניגע פון דיא בעקאַנטע אַריסטאָקראַטישע פאַמי־
ליעס פון שפּאַניען.

זיי. אַפילו דיא הערצער פון זייערע מחבלים זיינען געריהרט געוואָ־רען. וויא פיעל מעקסיקאַנער עס זיינען אין דיעזען שרעקליכען מאַרש געווען, קען מען גענוי ניט וויסען. דיא פערשיעדענע בעריכטען רע־כענען זייער צאָהל פון 30 טויזענד אַזש ביז 70 טויזענד. אַז דיא צאָהל איז יעדענפאַלס געווען גרויס, קען מען זעהן פון דעם פאַקט, אַז עס האָט געדויערט גאַנצע דריי טעג איידער זיי זיינען אַלע פאַרביי־געגאַנגען פארביי דיא שפּאַניער. וואָס אַנבעטרעפט דיא, וואָס זיי־נען אומגעקומען — פון דער שחיטה אָדער פון הונגער, אָדער פון דער מגפה — שאַצט מען זייער צאָהל פון 120 טויזענד ביז 240 טויזענד.

דער זיעג איז געווען אַ פאַלשטענדיגער, און דיא שפּאַניער האָ־בען איהם געפייערט מיט עטליכע טעג שכרות און דיא עקעלהאַפטסטע הוליאַנקעס. אַלץ איז געווען וויא געוואונשען. נור ווען עס איז געקומען צו דיא אָנגעראַבעוועטע אוצרות, האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז מען האָט געפונען פיעל ווייניגער וויא מען האָט ערוואַרטעט — ווע־ניגער וויא מען האָט אָנגעכאַפּט ביי מאָנטעזומאַ'ן, וואָס דערנאָך האָט מען, אין דער טרויעריגער נאַכט, איבערגעלאָזען. אין גאַנצען האָט מען איצט געהאַט ביי אַ מיליאָן און אַ האַלב דאָלאַר (אויף היינטיגע אַמעריקאַנער געלד). ווען מען האָט אַראָבגערעכענט דעם קעניג'ס פינפטעל, איז פאַר דיא גאַנצע אַרמעע געבליבען אַזוי ווייניג, אַז דיא סאָלדאַטען האָבען אָנגעהויבען צו פּראָטעסטירען. מען האָט געמורמעלט און גיפטיג זיך געוויצעלט. דיא ווענט פון דיא קאַזאַרמעס האָט מען פערשריעבען מיט שטעך־ווערטער, מיט גראַמען אויף קאָרטעס'עס חשבון. ווען מען האָט געפרעגט ביי גוואַטעמאַ־זינ'ען, וואו עס געפינען זיך דיא איבעריגע אוצרות פון דער רייכער הויפט־שטאָדט, האָט ער געענטפערט, אַז מען האָט זיי אַריינגעוואָר־פען אין דער אָזערע. דיא אָפיציערען און דיא סאָלדאַטען, און הויפט־זעכליך אָלדערעט, דער קעניגליכער שאַץ־מייסטער, האָבען גע'טענה'ט, אַז ער זאָגט אַ ליגען, און האָבען געפאָדערט אַז מען זאָל איהם פּיי־ניגען ביז ער וועט אויסזאָגען וואו עס ליעגען דיא מאַסען גאָלד, זילבער, פּערל, א. ז. וו. אַלדערעט האָט קאָרטעס'ען זאָגאַר בעשול־דיגט, דאָס ער האָט מיט גוואַטעמאָזינ'ען אָבגעמאַכט בשתיקה, אַז ער זאָל ניט ענטדעקען דיא אוצרות. קורץ, קאָרטעס האָט דעם יונגען

מלחמה־הויפטמאַן צוזאַמען מיט דעם הויפּטמאַן פון טלאַקאָפּאַ גע־לאָזען פייניגען. מען האָט זייערע פיס איינגעטונקט אין אויל און געהאַלטען אויף גליהענדע קוילען. גוואַטעמאָזין האָט אפילו קיין קרעכץ ניט ארויסגעלאָזען. ווען דער הויפּטמאַן פון טלאַקאָפּאַ האָט גענומען קרעכצען, האָט גוואַטעמאָזין צו איהם געזאָגט: „וואָס שרייסטו? צי דען האָב איך פון מיין וואַנע הנאה?“

זיי זיינען געבליבען קאַליקעס אויפ'ן גאַנצען לעבען.

מען האָט געזוכט אין דער אָזערע; מען האָט געזוכט ארום דיא געביידעס פון דיא עלסטע און אַלץ וואָס מען האָט געפונען איז אַ גרויסע גאָלדענע ראָד — אַן אצטעקישען לוח.

דיא קעניגליכע פינפטעל איז אָבער געווען אַ היבשער אייגענס; אַ חוץ דעם: אום דער איינדרוק אויפ'ן קעניג זאָל זיין וואָס גרעסער, האָט קאָרטעס גע'פועל'ט ביי דער אַרמעע, אַז מען זאָל פאַר דער קרוין איבערלאָזען אַלע טשיקאַווע און קונציג געמאַכטע זאַכען, וויא אויך מערקווירדיגע פערלען, עדעל־שטיינער, רייכע פעדער־מאַטעריעס און אַנדערע מעקסיקאַנישע שטאָפען. דאָס אַלץ האָט קאָרטעס אַוועקגעשיקט נאָך שפּאַניען מיט צוויי פון זיינע טרייעסטע אָפיצירען.

עס איז געווען אַ זעלטענער אוצר, אָבער צו קאָרטעס'עס אונ־גליק איז ער ביז שפּאַניען ניט דערגאַנגען. אויפ'ן וועג איז אויף דער שיף אָנגעפאַלען אַ פראַנצויזישע קריעג־שיף, און אָנשטאָט דעם שפּאַנישען קעניג האָט דיא רייכע מתנה בעקומען דער קעניג פון פראַנקרייך, פ ר א נ צ י ס ק אָ ד ע ר ע ר ש ט ע ר. ווען שפּאַניען האָט פּראָטעסטירט, האָט ער געענטפערט: „איך וואָלט וועלען אין אָדם הראשון'ס צוואה זעהן דעם פונקט, וועלכער גיט דיא קעניגע פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל דאָס רעכט צו צוטהיילען די נייע וועלט צווישען זיך. *)

*) אין דעם ערשטען באַנד פון דיעזען ווערק ווערט דערצעהלט וועגען מחלוקות צווישען שפּאַניען און פּאָרטוגאַל און וועגען דער פּשרה וואָס דער פּאַפּסט האָט צווישען זיי געמאַכט. אין קאָלומבוס'עס צייטען זיינען דיעזע צוויי לענדער געווען דיא איינציגע, וואָס האָבען געמאַכט ענטדעקונגס־רייזעס. זיי האָבען ענטדעקט לענדער אין אַפריקאַ, אַמעריקאַ און אַזיען. דיא מחלוקות זיינען צווישען זיי אַרויסגעקומען צוליעב קאָלומבוס'עס גרויסע

דערווייל האָט קאָרטעס זיך גענומען אויפבויען א נייע שטאָדט אויף דעם פּלאַץ פון דער אַלטער, וואָס ער האָט פערוויסט. געאַרבייט האָבען דערביי דיא אינדיאַנישע שבטים, וועלכע האָבען איהם מיט־געהאָלפען אין זיין זיעג. דיא ווערטער, וואָס דיא אַצטעקען האָבען געזאָגט צו זייערע רויט־הויטיגע שונאים, זיינען מקוים געוואָרען: דיא שטאָדט, וואָס זיי האָבען געהאָלפען פערניכטען, האָבען זיי אַליין געמוזט ווידער אויפבויען. און דיא שפּאַניער האָבען זיי ביי דער אַרבייט בעהאַנדעלט וויא דיא הינט: געטריעבען, געשלאָגען און ניט געגעבען צו עסען. דיא אַצטעקען אַליין האָבען אָבער אויך געמוזט אַנטהייל נעהמען אין דיעזער געצוואונגענער אַרבייט, און דיא ווייסע האָבען זיי בעהאַנדעלט ניט בעסער וויא דיא אַנדערע אינדיאַנער.

פון דיא אַרומיגע וועלדער האָט מען געבראַכט אַלערליי שטאַרקע בוימער; פון דיא אַרומיגע פעלזען האָט מען געטראָגען שטיינער. פיעלע טויזענדער אינדיאַנער האָבען געהאָרעוועט און געהאָרעוועט וויא דיא ביהנען, אונטער דער השגחה פון דיא שפּאַניער; און דיא נייע שטאָדט איז געוואַקסען און געוואַקסען. עס האָבען זיך בעוויעזען נייע גאַסען, נייע הייזער, נייע פּאַלאַצען; אָנשטאָט דיא אַצטעקישע טעמפּלען זיינען אויסגעוואַקסען קריסטליכע קירכען. אויף דעם פּלאַץ פון דער גרויסער טעאָקאַלי האָט מען אוועקגעשטעלט אַ ריעזיגען קאַטוילישען קאַטהעדראַל־קלויסטער; און אום דיא מצוה זאָל זיין נאָך גרעסער, האָט מען אין דעם פונדאַמענט אַריינגעלייגט דיא צו־בראָכענע אַצטעקישע געטער.

דיא אַצטעקישע שטאָדט איז אַלזאָ פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ שפּאַנישע. אין דעם מאַרק־קוואַרטאַל האָבען אַפילו געוואוינט אינדיאַנער, אָבער זייער פריהערדיגער לעבען מיט דיא צייכענס פון זייער פריהערדיגער ענטוויקלונג זיינען ביסלעכווייז אָבגעמעקט גע־וואָרען. מיר האָבען שוין אויבען (זייטעל 278) דערמאָהנט וויא אַ שפּאַנישער הויפּט־גלח האָט געהייסען צוזאַמענגעהמען אַלע אַצטע־קישע בילדער־שריפטען אין איין באַרג און האָט דאָס אַלץ פערברענט

אויפטהואונג; און אַלס פשרה האָט דער פּאַפּסט פּאַר זייערע ווייטערע ענטדעקונגס־רייזעס צווישען זיי געמאַכט אַ גרענעץ; ער האָט נעמליך צווישען זיי צוטהיילט דעם ערד־קוגעל. (זעה אויבען זייטעל 120).

אלס טריף־פסול'ען. דאָס איז ניט געווען דאָס איינציגע, וואָס דיא שפּאַניער האָבען פערניכטעט פון דער מעקסיקאַנישער קולטור. דיא אַצטעקען האָבען געהאַט אַ מערקווירדיגע קונסט אין פערשיעדענע מלאכות, און דאָס אַלעס איז פערלאָרען געגאַנגען. הגם זיי האָבען ניט געהאַט קיין שטאָלענע און קיין אייזערנע אינסטרומענטען, פון דעסטוועגען האָבען זיי פון גאָלד, זילבער אָדער עדעל־שטיינער גע־מאַכט וואונדערבאַרע ציערונגען. וויא אַזוי זיי האָבען דאָס געמאַכט, האָבען זיי פון דיא שפּאַניער בעהאַלטען. אָט איז אָן אינטערעסאַנ־טער ביישפּיעל וועגען דיעזען פּונקט. דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט אַרעסטירט אָן אַצטעק, וועלכער האָט נאָכגעמאַכט שפּאַנישע געלד, און קיין אַנדערע געצייג וויא דיא „שטעכעלקעס“ פון אַ געוויסע פּלאַנצונג האָט מען ביי איהם ניט געפונען. מען האָט איהם צוגע־זאָגט צו שיינקען דעם לעבען, ווען ער וועט ווייזען וויא אַזוי ער האָט געמאַכט דיא מטבעות מיט דעם; ער האָט אָבער זיך בעסער געלאָזט טויטען איידער אַרויסגעבען דיא געהיימנים פון זיין פאָלק.

ביסעלכוויז, אונטער דעם דרוק פון דעם שפּאַנישען יאָך, האָבען דיא אַצטעקען אַליין פערגעסען דיעזע קונציגע מלאכות זייערע, פּונקט וויא זיי האָבען פערגעסען זייער מערקווירדיגע בילדער־שריפט און פיעלע אַנדערע זאַכען פון זייער ציוויליזאַציאָן.

אין שפּאַניען האָט קאָרטעס געהאַט עטליכע פערביסענע שונאים און אַ פּאָר איבערגעבענע פריינד. דיא ערשטע האָבען אין דעם קע־ניגליכען הויף מיט אַלע כחות געאַרבייט געגען איהם, און דיא לעצטע האָבען פּונקט אַזוי ענערגיש איהם פערטהיידיגט; אָבער אַזוי וויא קיין גרויסע אוצרות האָט דער קעניג פון איהם ניט בעקומען, איז ער פון אָנפאַנג געווען אין געפאַהר אָנשטאָט אַנערקענונג צו האָבען ער־נידערונגען און נאָך בעשטראָפט צו ווערען. מען האָט איהם בעשול־דיגט אין דעם, דאָס ער איז געגאַנגען געגען דעם ווילען פון זיין קובאַנער גובערנאַטאָר, וועלאַסקעז, און אין אַ גאַנצען צעטעל אַנדערע פערברעכען. צווישען זיינע שונאים איז געווען נ א ר וו א ע ז, דער קאָמאַנדיר, וועלכען וועלאַסקעז האָט אַרויסגעשיקט געגען איהם און וועלכען ער האָט בעזיעגט (זעה אויבען, זייטעל 340). דיעזען קאַ־פּיטאַן האָט קאָרטעס אַ היבשע צייט געהאַלטען אין ווערא קרוז, אין

געפענגנים. נאָך דעם אָבער וויא מעקסיקאָ איז געפאַלען, האָט ער איהם אַרויסגעלאָזען. דער בעפרייטער איז אויס דאַנקבאַרקייט איהם געפאַלען צו דיא פיס און געקושט דיא הענט. פון דעסטוועגען ווען דיעזער נאַרוואַעז איז געקומען נאָך שפּאַניען, האָט ער אונערמיעדליך געאַרבייט געגען איהם. אַ צווייטער ענערגישער און פיעל מעכטיגע־רער שונא קאָרטעס'עס איז געוועזען וועלאַסקעץ'ס פריינד, פאָנסעקאַ. פאַר קאָרטעס'ען האָבען זיך איינגעשטעלט זיין אייגענער פאָטער און אַ געוויסער אַדעליגער.

דער סוף איז געוועזען, אַז דיא קרוין האָט קאָרטעס'עס אויפ־טהואונגען אין מעקסיקאָ פאָרט אַנערקענט, און מען האָט איהם גע־מאַכט פאַר דעם גובערנאַטאָר קאַפּיטאַן־גענעראַל און הויפּט־ריכטער פון נ י י ש פּ אַ נ י ע ן, וויא מען האָט אַ נאָמען געגעבען דיא לאַנד, וואָס קאָרטעס האָט איינגענומען.

ווען וועלאַסקעץ האָט דאָס דערהערט, איז ער אַריינגעפאַלען אין אַ מרה שחורה, און איז אין עטליכע מאָנאַט אַרום געשטאָרבען.

דערווייל איז צו קאָרטעס'עס גדולה קיין שיעור ניט געוועזען. ער איז געוועזען אַרומגערינגעלט מיט אונטערטהעניגע. ער האָט זיך גע־פיהרט וויא אַ קיסר. בלויז גוואַטעמאָזין האָט איהם ניט געלאָזען צורוה. ער האָט אַלץ מורא געהאַט טאָמער העצט ער אויף דיא רויט־הויטיגע צו אַן אויפשטאַנד. אמת, דיא צאָהל פון שפּאַניער איז אין מעקסיקאָ געוואָרען אַלץ גרעסער, וואָרים דיא וואונדערען פון קאָר־טעס'עס נצחון האָבען צו איהם צוגעצויגען אַוואַנטוריסטען אי פון שפּאַניען גופא אי פון דיא אַמעריקאַנער אינזלען. אין פערגלייך אָבער מיט דיא אינדיאַנער זיינען זיי פאָרט געוועזען אַ הייפעלע; און איצט האָבען דיעזע אינדיאַנישע שבטים, קאָרטעס'עס געוועזענע מיטקעמ־פּפער, זיי געהאַסט וויא דעם טויט. אין מעקסיקאָ איז איינגעפיהרט געוואָרען דיא פאַנשטשינע סיסטעם, וויא אין אַלע אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס פון שפּאַניען, און אַלס בעלוינונג פאַר דיא טרייהייט, מיט וועלכע זיי האָבען פערגאָסען זייער בלוט אין קאָרטעס'עס קאַמפּף געגען דיא אַצטעקען, האָט מען זיי איצט צוטהיילט, אַלס פאַנשטשינע־קנעכט, צווישען דיא שפּאַניער. אַן אויסנאַהמע האָט מען געמאַכט בלויז וועגען דיא טלאַסקאַלאַנער. אָבער דאָס איז אויך געוועזען אין דער אויסערליכער פאָרמע מעהר וויא אין אמת'ען. קאָרטעס האָט

אלזאָ אלץ מורא געהאט, אז דער פייערדיגער גוואטעמאָזין מיט דער מאכט פון זיין ראָליע אלס מלחמה־הויפטמאן, זאָל איהם ניט אָנמאכען קיין נייע צרות; ער האָט איהם דעריבער א מינוט ניט אָבגעלאָזען פון פלעק. וואו ער איז געגאנגען, האָט מען דעם אונגליקליכען, וועל־כער איז געבליבען א קאליקע אויף דיא פיס, געמוזט מיטפיהרען — איהם מיט דעם הויפטמאן פון טלאקאָפּא און דיא אנדערע געפאנגענע הויפטלייט.

קאָרטעס'עס אן אנדער אונאנגענעהמליכקייט, הגם א קלענערע, איז בעשטאנען אין דעם, וואָס פון קובא איז צו איהם געקומען זיין געזעצליכע פרוי קאטאלינא, וועלכע ער האָט ניט ליעב געהאט. ער האָט איהר אויפגענומען גוט, אָבער אזוי וויא זיא איז א קורצע צייט נאכהער געשטאָרבען, האָבען זיינע שונאים פערשפרייט דאן קלאנגען אז ער האָט איהר איינגעגעבען סם. וועגען זיינע פערהעלטניסע צו מארינא'ן אין דיעזער צייט זיינען ניטאָ קיין בעריכטען. מען ווייס מעהר ניט, אז שפּעטער אביסעל, אויף איינע פון זיינע רייזעס, האָט ער איהר אוועקגעגעבען צו א שפּאנישען אדעליגען, וואָס האָט מיט איהר געהייראטה אויפ'ן געזעצליכען אופן. פון קאָרטעס'ען האָט זיא געהאט א זוהן, דאָן מארטין קאָרטעס, וועלכער האָט שפּעטער געשפּיעלט א וויכטיגע ראָליע אין מעקסיקאָ און איז נאָך שפּעטער בעשטראָפט און געפייניגט געוואָרען טאקע אין דער זעלבער הויפט־שטאָדט, וואָס זיין פאָטער האָט איינגענומען פאר דער שפּאנישער רעגיערונג.

לאָמיר אָבער פאָרטזעצען אונזער ערצעהלונג וועגען הערנאנדא קאָרטעס'ען גופא. מיט זיין זיעג האָט ער זיך ניט בענוגענט. זיין אונרוהיגע, אונערמיעדליכע נאטור האָט געדורשט נאָך נייע אונטער־נעהמונגען, נייע ריעזיגע אויפטהואונגען. מעהר פון אלץ האָט זיך איהם געגלוסט צו מאכען ענטדעקונגען פון נייע לענדער. צו דעם האָבען געשטרעבט פיעלע שפּאנישע און פּאָרטוגזישע אוואנטוריסטען זינט קאָלומבוס האָט אויפגערודערט דיא וועלט מיט זיין ענטדעקונג; אלזאָ האָט קאָרטעס איצט גענומען טרוימען וועגען ווייטערע ענטדע־קונגס־רייזעס. אָנגעפאנגען האָט זיך דאָס אזוי: ווען דיא אינדיא־נישע פעלקער האָבען געהערט פון זיין ענדליכען זיעג איבער דיא

מעכטיגע אַצטעקען, האָבען זיי איינער נאָך דעם אַנדערען געשיקט צו איהם שלוחים פאָרצולעגען זייער אונטערטהעניגקייט און צו בעטען זיין שוץ געגען זייערע שונאים. דיא וויכטיגסטע פון דיא לענדער, וואָס האָבען אַזוי געטהאָן, איז געווען מעכאָאַקאַן. זיא האָט פערנומען אַ לאַנגע שטיק יבשה ביי דעם ברעג פון דעם שטילען אָקעאַן (פאַסיפיק אָשען). מיט דיעזע שלוחים האָט קאָרטעס זיך זעהר דער־פרעהט, ווייל דער ברעג פון דעם „דרום ים" *) האָט איהם שטאַרק אינטערעסירט. ער האָט דעריבער צוזאַמען מיט זיי נאָך זייער לאַנד געשיקט שפּאַניער אום דעם דאָרטיגען ברעג צו אונטערזוכען. זיין ציעל איז געווען צו געפינען אַ וואַסער־דורכגאַנג אָדער „שטראַססע" („סטרייט" — אויף ענגליש) וואָס זאָל פעראייניגען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן מיט דעם שטילען. אַזאַ דורכגאַנג האָט קאָלומבוס שוין גע־זוכט און ער האָט אַוועקגעלייגט אַ סך אומזיסטע קרעפטען אויף דעם (זעה 1טען באַנד, 1טע העלפט פון קאַפּיטעל 12). מיר ווייסען שוין אויך, אַז מאַגעלאַן האָט אַזאַ דורכגאַנג ענדליך געפונען (דיא מאַגעלאַן־שטראַססע); דאָס איז אָבער געווען אַ סך ווייטער צו דרום צו, — ביי דעם סאַמע עק פון זיד אַמעריקאַ. קאָלומבוס אָבער האָט אַזאַ וואַסער־דורכגאַנג געזוכט אין צענטראַל אַמעריקאַ, אַרום פּאַנאַמאַ, דאָס הייסט ניט ווייט פון מעקסיקאָ, און איצט האָט קאָרטעס גע־האָפט דאָס צו געפינען אין דעם זעלבען געגענד; ער האָט געהאָפט צו געפינען דאָס, וואָס קאָלומבוס האָט ניט געקענט געפינען. קאָ־לומבוס האָט געהאַט אין זינען צוצוקומען צו דיא געווירץ־אינזלען און דיא אַרומיגע רייכע געגענדען פון אַזיען (אָסט־אינדיען, כינאַ, יאַפּאַן). ווען לעבען מעקסיקאָ וואָלט געווען אַזאַ וואַסער־דורכגאַנג, וואָס זאָל פעראייניגען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן מיט דעם שטילען

*) הגם מאַגעללאַן האָט שוין דאַן אַריבערגעשוואומען דיא ברייט פון דעם גרויסען אָקעאַן און איהם שוין אַ נאָמען געגעבען שטילער אָקעאַן, פון דעסטוועגען האָבען דיא שפּאַניער נאָך קיין קלאָרען בעגריעף וועגען דיעזע וואַסערען ניט געהאַט. דיא טהיילען פון דעם שטילען אָקעאַן וואָס זיינען געלעגען לעבען דיא דעמאָלסדיגע שפּאַנישע קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ, האָבען זיי נאָך אַלץ גערופען „דרום ים", ווייל דאָרטען איז דער שטילער אָקעאַן אויסגעקומען צו דרום צו (זעה אויבען, זייטעל 92).

אָקעאַן, וואָלט פון דאָרטען צוצוקומען צו דיא געווירץ־אינזלען געוועזן אויף פיעלע טויזענדע מייל נעהנטער וויא פאָהרענדיג ארום און ארום זיד־אַמעריקאַ, וויא מאַגעללאַן איז געפאָהרען.

פון דער נאַטור איז דאָרטען קיין וואַסער־דורכגאַנג ניטאָ.*) אָבער קאָרטעס, אַזוי וויא קאָלומבוס און פיעלע פון דיא געלעהרטע פון יענער צייט, האָט געמיינט, אַז עס איז יאָ דאָ ערגעץ־וואו; אַז מען דאַרף נור אַזאַ וואַסער־דורכגאַנג געפינען, און דאַן וועלען דיא אוצרות פון דיא געווירץ־אינזלען, אינדיען און כינאַ אריינקומען אין שפּאַניען. ער האָט זיך בעשלאָסען דעם דורכגאַנג צו זוכען מיט זיין גאַנצע ענער־גיע. ער האָט געפּלאַנעוועט צוויי עקספּעדיציעס מיט אַ מאָל: איינע צו צפון זייט און דיא אַנדערע צו דרום זייט.

דיעזע פּלענער זיינען וויכטיג אין דער געשיכטע וויא אַזוי מען איז ביסלעכווייז בעקאַנט געוואָרען מיט אַמעריקאַ. מיר וועלען דערי־בער דעם ענין מאַכען אַזוי קלאָר וויא מיר זיינען אין שטאַנדע.

אַז נאָרד אַמעריקא און זיד אַמעריקא צוזאַמען זיינען אַ גאַנץ בעזונדערע שטיק יבשה, האָט מען נאָך אַלץ ניט געוואוסט. מיט נאָרד אַמעריקאַ איז מען נאָך איבערהויפּט געווען וועניג בעקאַנט. מען האָט אַלץ גערעכענט אַז דיעזע שטיק לאַנד איז צוגעוואַקסען צו אַזיען, מיט אַנדערע ווערטער, אַז זיא איז אַ פאָרטזעצונג פון אַזיען. דאָרטען, וואו דיעזע צוגעוואַקסענע שטיק ענדיגט זיך, דאַרף, אַלזאָ, זיין וואַסער. דיעזע וואַסער בעהעפט מסתמא דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן מיט דעם שטילען; דאָס הייסט ער ציהט זיך צווישען דיא צוגעוואַקסענע שטיק לאַנד און דיא לאַנד וואָס ענטהאַלט היינט אַ טהייל פעראייניגטע שטאַאַטען, מעקסיקאָ, צענטראַל אַמעריקאַ, און זיד אַמעריקאַ; דאָס איז דער וואַסער־דורכגאַנג, וואָס מען זוכט — אַזוי האָט מען געמיינט. דורך דאָרטען וועט מען צוקומען צו דיא רייכע אַזיאַטישע לענדער יאַפּאַן, כינאַ, אָסט־אינדיען און דיא געווירץ־אינזלען.

*) וויא דער לעזער ווייס שוין, ווערט איצט אַזאַ דורכגאַנג גע־גראָבען אין פּאַנאַמאַ, טאַקע מיט דעם זעלבען צוועק: צו פערשפּאָרען דעם לאַנגען וועג אַרום גאַנץ זיד־אַמעריקאַ (זעה אויבען, זייטעל 44).

איינינגע האָבען גענלויבט, אז דיעזער אָרט געפינט זיך ערגעץ־וואו צו צפון צו פון מעקסיקאָ. דאָרטען, אין יענע צפון'דיגע געגענדען, ארום דיא איצטיגע באָסטאָן אָדער ניו יאָרק, האָבען ענגלישע רייזענ־דע געזעהן מאסען שטאָק־פיש. דעריבער האָט מען יענע טהיילען פון דעם אטלאנטישען ים גערופען שטאָק־פיש־ים. דאָרטען, האָט מען געגלויבט, געפינט זיך דאָס דער געווינשטער וואסער־דורכגאנג. אנ־דערע אָבער האָבען געמיינט, אז אזא דורכגאנג קען מען גאָר געפינען ווייטער צו דרום צו. אלזאָ, האָט קאָרטעס געוואָלט זוכען איןביידע געגענדען. זיין פלאן איז געוועזן ארויסצושיקען צוויי עקספעדיציעס: איינע פון דער אטלאנטישער זייט און דיא אנדערע פון דער אנדער זייט, דאָס הייסט, איבער דעם פאסיפישען (שטילען) אָקעאן. דיא אטלאנטישע עקספעדיציע זאָל געהן צו צפון צו און די פאסיפישע צו דרום צו; אויף דיעזען אָרט וועלען זיי ביידע דעקען א זעהר גרויסע ליינג, און אויב עס איז דאָ א וואסער־דורכגאנג, וועלען זיי דאָס פרי־הער־שפּעטער מוזען געפינען — אויב ניט דיא עקספעדיציע, איז יענע. איצט וועט דעם לעזער פערשטענדיג זיין דער פאָלגענדער אויסצוג, וועלכען מיר נעהמען פון א בריעף, וואָס קאָרטעס האָט געשיקט צו דעם שפּאנישען קעניג, קארל דעם 5־טען:

„...איך האָב שוין אייער מאַיעסטעט געשריעבען וואוהין איך האָב אַרויסגעשיקט מענשען מיט'ן וואַסער און איבער דער יבשה, האָפענדיג אַז מיט גאָט'ס הילף, וועט אייער מאַיעסטעט האָבען אַ גרויסע נוץ פון זיי... איך האָב געגלויבט, אַז מען דאַרף נור אויספאָרשען דעם ברעג ביז פלאָרידאַ, וועלכע יואַן פּאָנסע דע לעאָן האָט ענטדעקט, און פון דאָרטען געהן ווייטער צו צפון צו ביז דעם שטאָק־פיש־ים. וואָרים מען איז זיכער, אַז דאָרטען איז פאַראַן אַ וואַסער־דורכגאַנג, וועלכער פיהרט צו דעם דרום־ים (שטילען אָקעאַן). ווען מען זאָל דאָס געפינען, לויט אַ געוויסע לאַנד־קאַרטע פון יענעם ברעג, וועלכע איך האָב, מוז דאָס פיהרען זעהר נאָהענט צו דיא אינזלען, וואָס מאַגעללאַן האָט ענטדעקט אויף דעם בעפעהל פון אייער מאַ־יעסטעט. און אויב, מיט גאָט'ס הילף, זאָל מען דעם וואַסער־דורכגאַנג דאָרטען טאַקע געפינען, וואָלט דאָס געעפענט אַ קורצען און גוטען וועג פון דיא געווירץ־אינזלען צו דיעזע לענדער פון אייער מאַיעסטעט — אַ וועג וואָס דאַרף זיין אויף גאַנצע צוויי דריטעלך קירצער, וויא דער איצטיגער וועג (אַרום און אַרום זיד־אַמעריקאַ); אַ חוץ דעם וועט אַזאַ וועג זיין פריי

פון געפאַהרען פאַר שיפען; ווארים דאַן וואָלטען דאָך דיא שיפען אימער געגאַנגען און צוריקגעקומען דורך אייער מאַיעסטעט'ס לענדער און וואָלטען אומעטום געקענט זיך אָבשטעלען און פערריכט ווערען, ווען עס וואָלט נויטיג געווען...

„...איך האָב אויך אין זין אַרויסצושיקען שיפען, וואָס איך האָב געבויט אויפ'ן דרום־ים (שטילען אָקעאַן). זיי וועלען אַרויספאָהרען אין יולי, דיעזען יאָהר 1524, מיט דעם זעלבען צוועק — צו זוכען אַ וואַסער־דורכגאַנג. אויב אַזאַ דורכגאַנג איז פאַראַן, קען דאָך ניט זיין, אַז ביידע עקספעדיציעס זאָלען איהם ניט געפינען, אי דיא וואָס וועט געהן צו צפון צו ביי דעם אַטלאַנטישען ברעג, אי דיא וואָס וועט געהן פון דער אַנדערער זייט, ביים ברעג פון דעם דרום ים (שטילען אָקעאַן); ווארים זיי וועלען געהן אַזוי ווייט ביז זיי וועלען ענטוועדער געפינען דעם וואַסער־דורכגאַנג אָדער איין עקספעדיציע וועט דערגרייכען מאַגעללאַן'ס לענדער און דיא אַנדערע — דעם שטאָק־פיש ים. אַלזאָ מוז דיא געהיימניס ענדליך ענטדעקט ווערען — אויב ניט פון דיעזער, איז פון יענער זייט".

געווירצען זיינען נאָך אַלץ געווען איינע פון דיא וויכטיגסטע סחורות אין אייראָפּא. צוליעב געווירצען האָט קאָלומבוס זיך אוועק־געלאָזען אויף דער רייזע, וואָס האָט איהם געבראַכט קיין אמעריקא. צו דיא געווירצען־אינזלען איז ער ניט צוגעקומען. אהין זיינען אין זיין צייט צוגעקומען פּאָרטוגעזישע שיפען, אָבער ניט דורך אמעריקא, נור פאָהרענדיג אין דער פערקעהרטער זייט — ארום אפריקא און אזיען. דיא ערשטע שיפען, וואָס האָבען דערגרייכט דיא געוויריץ־אינזלען, פאָהרענדיג ארום אמעריקא, זיינען געווען מאַגעללאַן'ס. קאָרטעס האָט, אַלזאָ, אויך געוואָלט קומען צו דיעזע אינזלען דורך אמעריקא, נור דורך אַ פיעל קירצערען וועג וויא מאַגעללאַן'ס.

אַ חוץ דיא צוויי עקספעדיציעס, וואָס קאָרטעס האָט ארויסגע־שיקט איבער'ן וואַסער, האָט ער ארויסגעשיקט איינע איבער'ן לאַנד. אין איין פּלאַץ האָבען דיא רייזענדע פון דיעזער עקספעדיציע געהאַט אַזוי דערעסען דיא אינדיאַנער, אַז זיי האָבען זיך צובונטעוועט געגען זיי. סאַנדאָוואַל, וועלכער איז געווען דער קאָמאַנדיר פון דיעזער שפּאַנישער קאָמפּאַניע, האָט אָבער גלייך דיא בונטאָווסטשיקעס „בערוהיגט": ער האָט פערציג פון זיי פערברענט, און דיא איבע־

ריגע האָט ער געצוואונגען צו שטעהן דערביי און קוקען אויף דער סצענע.

אין עטליכע אזעלכע רייזעס האָט קאָרטעס אנטהייל גענומען פער־זענליך. איינע פון דיעזע איז געגאנגען דורך יוקאטאן און דיא היינטיגע האָנדוראס, וואו קאָרטעס האָט ערוואַרט צו געפינען גאָלד־מינען. קאָרטעס האָט אויף דיעזע רייזעס מיטגענומען א מחנה פון 250 שפאניער און 3000 אינדיאנער. ער איז געפאָהרען וויא א קעניג מיט א מאסע דיענער, מיט גאָלדענע און זילבערנע כלים, מיט דיא בעסטע פריפאסען. אפילו מוזיקאנטען און שפאסמאכער האָט ער מיטגענומען. דער וועג איז געוועזן א לאנגער (איבער פופצעהן הונדערט מייל) און דאָס רוב האָט ער זיך געצויגען דורך דיא ווילדסטע וועלדער און דיא געפעהרליכסטע זומפען. דיא שפייז איז באלד אויס־געגאנגען; מען האָט אָנגעהויבען אויסצושטארבען פון הונגער. דאָס רוב פון דער פאראדנער סוויטע איז געפאלען טוידט. קאָרטעס פלעגט אָפט הייסען דיא מוזיקאנטען אויפשפיעלען, אום צו פערטרייבען דיא פערצווייפלונג; אָבער דיא אויסגעהונגערטע פלעגען מיט טרויעריגע שמייכלען טענה'ען, אז זיי ווילען ניט קיין מוזיק, נור — עסען. איין מאָל האָט עס זאָגאר געהאלטען ביי א בונט, אָבער קאָרטעס, וועלכער האָט ניט פערלאָרען ניט קיין כח, ניט קיין מוטה, האָט דאָס אויסגע־מידען. דיעזער אייזערנער מענש האָט ניט בלויז ניט געהאט אין זי־נען זיך אומצוקעהרען, נור ער האָט אזוי געווירקט אויף זיין מחנה מיט רייד, אז אָנשטאָט צו מאכען אַן אויפשטאנד געגען איהם, האָבען זיי אונטערנומען א נייע שווערע ארבייט, וועלכע ער האָט זיי געהייסען טהאָן. ער האָט זיי נעמליך געהייסען אויסהאקען טויזענד ריעזיגע ביימער און זיי אויסלייגען איבער דיא געפעהרליכסטע ערטער פון דעם זומפ. עס איז געוועזן ניט פאר זייערע כחות, ניט פאר דיא קרעפטען פון מענשען, וואָס געפינען זיך שוין לאנג אויפ'ן שוועל פון הונגער־טוידט. זיי האָבען אָבער ערפילט זייער קאָמאנדיר'ס וואונש.

איינער פון דיא מערקווירדיגע פונקטען וועגען דיעזער רייזע איז דער פאקט, דאָס קאָרטעס האָט איהר געמאכט מיט דער הילף פון א לאנדקארט, וואָס פאר איהם האָט אויסגעמאָלען אויף א שטיקעל ליי־ווענט אַן אינדיאנער. דער אינדיאנער האָט אויף איהר אויסגעצייכענט

דיא בערג מיט דיא טייכען מיט דיא וועלדער, און אלץ איז געווען ריכטיג.

אַן אַנדער אינטערעסאַנטער פּונקט בעשטעהט אין דעם טרויעריגען סוף, וועלכען גוואטעמאזין האָט בעגעגענט אויף דיעזער רייזע; וואָרים קאָרטעס האָט איהם אויף דיעזע שווערע נסיעה מיטגעשלעפּט מיט זיך — איהם און זיינע עטליכע מיטגעפאַנגענע מעקסיקאַנער. דיא אורזאַכע דערפון איז געווען דיזעלבע וויא אימער: קאָרטעס האָט מורא געהאַט טאָמער מאַכען זיי אַן אויפשטאַנד אין מעקסיקאָ. צוריקקומען אין זייער געבורט־לאַנד איז זיי שוין אָבער ניט בעשערט געווען.

מען האָט קאָרטעס'ען בעריכטעט, אַז זעהענדיג וויא אָבגעשוואַכט עס איז דיא הייפעלע שפּאַניער, האָט גוואטעמאָזין זיך געקליבען צוזאַמען מיט דיא אַנדערע מעקסיקאנער אויסצו'הרג'ענען קאָרטעס'ען און אַלע אַנדערע ווייסע. גוואטעמאָזין האָט דאָס געלייקענט, און היסטאָריקער צווייפלען, אויב דיא בעשולדיגונג געגען איהם האָט ווירקליך געהאַט אַ ממשות. דער געפאַנגענר מלחמה־הויפּטמאַן און דיא עטליכע אַנדערע עלסטע זיינען אָבער קאָרטעס'ען איצט געווען אַן איבעריגע לאַסט, פון וועלכע ער האָט געוואָלט פּטור ווערען. אַלזאָ, האָט ער זיי אויפגעהאַנגען. „איך האָב געוואוסט, אַז דו ביסט אַ פאַלשער מענש, מאַלינציין" — האָט גוואטעמאזין געזאָגט אַ מינוט פאַר דעם טוידט, צו וועלכען ער איז געגאַנגען מיט זיין געוועהנליכע פעסטקייט. „ווען דו האָסט פערשפּראָכען אונז גוט צו בעהאַנדלען, האָב איך פערשטאַנען, אַז דאָס זיינען דיא זיסע רייד פון אַ צבוע'ק."

אין דיא ערטער, וואו מען האָט זיך געקענט אָבשטעלען, וואו עס זיינען געווען אינדיאַנישע דערפער, האָט קאָרטעס זיך געסטאַרעט צו פערשפּרייטען דיא קריסטליכע רעליגיאָן. וויא ווייט דאָס האָט זיך איהם איינגעגעבען, קען מען זעהן פון דעם פאָלגענדען פאַקט: אויף אַן אינזעל אין דער אָזערע פּ ע ט ע ן, האָט ער איבערגעלאָזען אַ הינקעדיגען פערד, אויף וועלכען דיא „אָבגע'שמד'טע" איינוואוינער האָבען צוגעזאָגט גוט אכטונג צו געבען. מיט אַ יאָהר ניינציג שפּעטער, ווען דעם אינזעל האָבען ווידער בעזוכט שפּאַניער, האָבען זיי דאָרטען געפונען אַ אינדישען טעמפּעל, אין וועלכען עס איז געשטאַנען דיא

שטיינערנע פיגור פון אַ פערד. עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז דעם הינקעדיגען פערד האָבען דיא אינדיאנער בעטראַכט אַלס אַ געטליכע בעשעפעניס, און איהם געקאָרמעט וויא עס פאסט זיך פאר אַ גאָט: מיט בלומען און פויגלעך. דער הינקעדיגער פערד האָט אָבער צו דיעזע געטליכע געריכטען קיין אַפעטיט ניט געהאַט, און ער איז גע־פאַלען פון הונגער. געפאַלען איז אָבער זיין הינקעדיגער גוף; זיין נשמה איז ביי דיא איינוואוינער פון דעם אינזעל פערבליבען אַלס איי־נער פון זייערע געטער.

קאָרטעס'עס גאַנצע עקספעדיציע נאָך האָנדוראס האָט זיך אויס־געלאָזען מיט גאָר־נישט. פון דעסטוועגען האָט ער זיך געקליבען פאָרטצוזעצען זיין רייזע דורך גוואַטעמאַלאַ, ניקאַראַגואַ און וויטער צו פאַנאַמאַ; אָבער, ערשטענס, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז יענע געגענדען זיינען שוין פערנומען פון אַן אַנדער שפּאַנישער קאָ־לאָניע, מיט פעדראַריאַס אַלס גובערנאַטאָר (וועגען דעם וועלען מיר זעהן אין אַ וויטערען קאַפּיטעל); און, צווייטענס, איז פון מעקסיקאָ צו איהם געקומען אַ שליח מיט אַ בריעף, אַז זיינע דאָרטיגע שונאים גראָבען געגען איהם, און אַז עס האָט זיך פערשפרייט אַ קלאַנג, דאָס ער איז טוידט. קאָרטעס איז דאַן אוועק צוריק (אין גאַנצען האָט ער זיך אָבגעזאַמט נאָהענט פון צוויי יאָהר). ווען ער איז געקומען נאָך מעקסיקאָ, האָט מען איהם דאָרטען קוים דערקענט, אַזוי אויסגעדאַרט און אָבגעצעהרט איז ער געווען. מען האָט איהם עמפּפאַנגען וויא אַ קיסר. דיא נאַכריכט, אַז זיינע שונאים ווירקען געגען איהם, איז אָבער ניט געוועזן קיין פוסטער קלאַנג. אין די צוויי יאָהר וואָס ער איז ניט געוועזן אין דער היים, האָבען זיי ניט אויפגעהערט צו שרייבען בריעף צו דער שפּאַנישער רעגיערונג מיט פערשיעדענע בעשולדיגונגען געגען איהם. מען האָט איהם בעשולדיגט, אַז ער האָט פערגיפטעט זיין פרוי; אַז ער האָט צוגענומען גרויסע אוצרות, וואָס האָבען בעדארפט געהערע' צו דער קרוין; אַז ער פּלאַנעוועט זיך צו מאַכען אונאַבהענגיג פון שפּאַניען און אַז ער איז בעגאַנגען אַנדערע פער־ברעכען. דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט דאַן געשיקט אַ בעאַמטען אונטערזוכען דיא קלאַגען, אָבער דער בעאַמטער איז געשטאָרבען באַלד נאָך זיין קומען; און דאַן האָט מען קאָרטעס'ען בעשולדיגט, אַז ער

האָט איהם אויך איינגעגעבען סם. דעם געשטאָרבענעם'ס פּלאַץ האָט פערנומען אַן אַנדער בעאַמטער, אַ קראַנקער אַלטער מאַן, וועלכער האָט זיך געמוזט שפּייזען מיט דעם, וואָס ער האָט געזוויגע; אַן אַם וויא א קליין־קינד (אַזוי האָט געפאָדערט זיין קראַנקהייט, האָט מען געזאָגט); ער איז אויך באַלד געשטאָרבען, און זיין נאָמען האָט מען צוגעלייגט צו דעם צעטעל פון קאָרטעס'עס פערגיפטעטע.

ענדליך, אין 1528, איז ער אַוועקגעפאָהרען נאָך שפּאַניען מיט'ן צוועק זיך פערזענליך צו פערטהיידיגען פאַר'ן קעניג. ער איז אָנגע־קומען אין דער דאַמאָלסדיגער האַפען־שטאָדט, פּאַלאָס, פון וועלכער קאָלומבוס האָט זיך אַוועקגעלאָזען אויף זיין בעריהמטע ענטדעקונגס־רייזע. פאָהרענדיג פון פּאַלאָס צום קעניג, האָט ער זיך אָבגעשטעלט אין דעם לא ראבידא קלויסטער, וואו עס איז בעשלאָסען געוואָרען קאָלומבוס'עס שיקזאל אלס ענטדעקער. אינטערעסאַנט איז דערביי אָבער הויפּטזעכליך דער פאַקט, דאָס אין דיעזען קלויסטער האָט זיך קאָרטעס איצט בעגעגענט מיט אונזער בעקאַנטען פראנציסקא פּיזארראָ, וועלכער האָט שוין דאן אָנגעהויבען דיא רייזע, וואָס האָט איהם שפּעטער געמאַכט אַזאַ בעריהמטען נאָמען וויא קאָר־טעס'עס, — וויא מיר וועלען זעהן אין דיא ווייטערע קאַפּיטלעך.

קאָרטעס'עס בעזוך אין שפּאַניען עראינערט אָן דעם, וויא קאָלומבוס איז אַהין געקומען פון זיין גרויסע ענטדעקונגס־רייזע. ער האָט מיטגע־פיהרט אַ גאַנצען מוזעאום פון פערשיעדענע פויגלעך, פּלאַנצונגען, גע־צייג, קליידער, ציערונגען פון מעקסיקאָ. ער האָט אָבער געהאַט צו ווייזען פיעל אינטערעסאַנטערע, וויכטיגערע און טהייערערע זאַכען וויא קאָלומבוס, — זאַכען וואָס האָבען עדות געזאָגט וועגען אַ פיעל העכע־רע ציוויליזאַציאָן. צווישען אַנדערע זאַכען האָט ער געבראַכט אַצטע־קישע קאָמעדיאַנטען, פּאַיאַצען, „שווארצע קונצען" מאַכער. דאָס האָט געמאַכט אַזאַ גערודער, אַז דער קעניג קאַרל דער 5־טער האָט דיא קאָ־מעדיאַנטען מיט דיא „שווארצע קינצלער" געשיקט געבען פאָרשטע־לונגען פאַר דעם פּאַפּסט. קאָרטעס אַליין איז געוועזען ארומגערינגעלט מיט אַ גרויסע סוויטע, וועלכע האָט צוזאַמען מיט שפּאַניער ענטהאַל־טען פערציג רויט־הויטיגע עלסטע אין דיא שעהנסטע און רייכסטע קליידער און ציערונגען פון מעקסיקאָ און טלאַסקאַלאַ. צווישען דיעזע

פערציג אינדיאַנער האָבען זיך געפונען מאָנטעזומאַ'ס זיהן. דער עיקר איז אָבער געווען דאָס, וואָס ער האָט געבראַכט גרויסע אוצרות.

דער קעניג האָט איהם אויפגענומען מיט פיעל אויפמערקזאַמ־קייט. ווען ער האָט זיך געבוקט פאַר איהם, האָט ער איהם אויפגע־הויבען און אַוועקגעזעצט לעבען זיך — פונקט וויא פערדינאַנד און איזאַבעלאַ האָבען געטהאָן מיט קאָלומבוס'ען; און ווען קאָרטעס איז קראַנק געוואָרען האָט ער איהם בעזוכט אויף זיין וואָהנונג — אַ עהרע, וואָס קיין אונטערטהאַן האָט נאָך פון שפּאַנישען קעניג ניט בעקו־מען. אחוץ דעם „טשין“ קאַפּיטאַן גענעראַל, האָט ער איהם איצט גע־געבען דעם טיטול „מאַרקיז פון דעם טהאָל“, דאָס הייסט פון דעם טהאָל פון מעקסיקאָ. פון דעמאָלט אָן פלעגט מען, רעדענדיג וועגען איהם, איהם געוועהנליך רופען „דער מאַרקיז“.

דיא גוטע אויפנאַהמע, וואָס דער קעניג האָט איהם געגעבען, האָט זיינע שונאים אָבער ניט געשטערט ווייטער צו העצען געגען איהם; און דער קעניג אַליין האָט ביי זיך אין האַרצען ניט אויפגעהערט איהם חושד צו זיין. דערצו נאָך האָט זיך באַלד געמאַכט אַ געשיכטע, וועלכע האָט דיא קעניגין אויך געמאַכט פאַר זיין שונא. זייענדיג אין שפּאַניען, האָט קאָרטעס זיך פעראינטערעסירט אין דער טאָכטער פון אַן אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע, אַ פלעמעניצע פון דעם הויכען אַדע־ליגען, וואָס האָט אימער פאַר איהם געהאַלטען. דיא כלה איז געווען אַ יונגע מיידעל, און ער איז שוין געווען אַ מאַן פון 45 יאָהר. ער איז נאָך אָבער געווען שעהן, און זיין גרויסער ערפאָלג, רייכטהום און גלאַנץ זיינען פאַר איהר און איהרע עלטערען געווען נאָך וויכטיגער וויא זיין שעהנהייט. אַלזאָ, איז דער שידוך געשלאָסען געוואָרען. דאַן האָט ער דער כלה געשאָנקען אַזעלכע ציערונג, וועלכע האָבען איבערשטייגט אַלץ, וואָס דיא קעניגין האָט ווען עס איז געזעהן. אַ פּייער פון קנאה האָט זיך אין דער קעניגין'ס האַרץ אָנגעצונדען. מעהר פון אַלץ האָט זי איהר ניט פערגונען פינף גרויסע עדעל־שטיינער, וואָס ער האָט איהר געגעבען. אַזעלכע גרויסע, בליסטשענדע, פּרעכטיג אויסגעאַר־בייטע שטיינער האָט אין אייראָפּאַ נאָך קיין מאָל קיינער ניט געהאַט. פאַר איינעם פון זיי האָט אַ קויפמאַן קאָרטעס'ען פריהער אָנגעבאָטען פערציג טויזענד גאָלדענע דוקאַטען. קורץ, צוליעב דיעזע שטיינער איז דיא קעניגין קאָרטעס'ען געוואָרען אַ דם שונא. דער רעזולטאַט

איז געווען, אַז ווען ער איז געפֿאָהרען צוריק נאָך דיא לאַנד, וואָס ער האָט איינגענומען, האָט מען איהם פערבאָטען אַריינצוקומען אין דיא הויפּט־שטאָדט, וואָס ער האָט אַליין אויפגעבויט.

ער האָט זיך דעריבער בעזעצט אין טעזקוקאָ, און דאָרטען האָט ער זיך געפיהרט מיט אַזוי פיעל גלאַנץ און פּאַראַד, אַז הגם דער נייער גובערנאַטאָר האָט געוואוינט אין דער שטאָדט מעקסיקאָ (דיא געוועזע־נע טענאַכטיטלאַן), האָט דיא אַדעליגע פיעל מעהר געצויגען אין טעזקוקאָ.

זייענדיג אין טעזקוקאָ, האָט קאָרטעס אָרגאַניזירט און אַרויסגע־שיקט ווייטערע ענטדעקונגס־עקספּעדיציעס. דיא וויכטיגסטע פון דיעזע האָט אויסגעפאָרשט דעם קאַליפאָרנישען גאָלף, וועל־כער הייסט דעריבער אויך שפּאַניש קאָרטעס'עס ים. זיין טרוים צו געפינען אַ וואַסער־דורכגאַנג, וואָס זאָל דורכשניידען אַמע־ריקאַ און אויף דיעזען אַרט פעראייניגען דיא צוויי אָקעאַנען, איז, נאַטירליך, געבליבען אַ טרוים, — איינפאַך, ווייל אַזאַ דורכגאַנג האָט דיא נאַטור ניט בעשאַפען. דיא אַלע עקספּידיציעס האָבען איהם אָבגעקאָסט אַן אייגענס — העכער וויא אַ האַלב מיליאָן דאָלאַר — וועלכען ער האָט אַרויסגעצויגען פון זיינע גרויסע מעקסיקאַנישע גיטער, דאָס הייסט, פון דיא שקלאַפען־אַרבייט, וואָס דיא אינדיאַנער האָבען דאָרטען געטהאָן.

שפּעטער, ווען ער האָט אַ צווייטען מאָל בעזוכט שפּאַניען, איז דער קעניג צו איהם געווען העפליך, אָבער קאַלט. דאָס איז געווען אין 1540, ער איז שוין דאַן געווען נאָהענט פון 60. ער איז אָבער נאָך אַלץ געווען פול מיט ענערגיע און מיט מיליטערישען פייער. ער איז געקומען זיך משפּט'ען, פערטהיידיגען זיינע אינטערעסען. אָבער ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ מלחמה צווישען שפּאַניען און אַלזשיר (אפריקא) האָט ער אין איהר אנטהייל גענומען און האָט אַרויסגעווי־זען מעהר קאַמפף־מוטה וויא אַלע אַנדערע שפּאַנישע גענעראַלען. דיעזע מיליטערישע עקספּעדיציע האָט זיך געענדיגט מיט אַ נידערלאַגע פאַר שפּאַניען, און קאָרטעס איז אין איהר שיער ניט דערטרונקען געוואָרען צוזאַמען מיט זיין שיף. ער האָט זיך גערעטעט שווימענדיג, אָבער דערביי האָט ער פערלאָרען זיין ווייב'ס עדעלשטיינער, די זעלבע, אי־

בער וועלכע דיא קעניגין איז געוואָרען זיין שונא. ווען דיא שפּאנישע גענעראלען האָבען בעשלאָסען אויפצוגעבען דעם קאמפּף, האָט ער אָנגע־באָטען דיא עקספּעדיציע ווייעדער אָנצופאנגען מיט פרישע קרעפטען. ער האָט אָבער מיט דעם דערעסען דיא גענעראלען, און מען האָט פון איהם חוזק געמאכט.

איצט איז ער שוין געווען אי אלט, אי אָרים, וואָרים זיין אייגענס האָט ער פערברויכט אויף זיינע פאָרשונגס־רייזעס. ער איז נאָך אלץ געווען פול מיט טהעטיגקייט און מיט סמיעלע פּלענער; מען האָט איהם אָבער מעהר קיין אויפמערקזאַמקייט שוין ניט געשאָנקען. א חוץ דעם: פּיזאררא האָט שוין געהאַט איינגענומען פּערו, און פון דאָר־טען איז אין שפּאניען אָנגעקומען ניט אין ערך גרעסערע אוצרות גאָלד, וויא מען האָט עס ווען עס איז געזעהן פון מעקסיקאָ. קאָרטעס'עס העלדענטהאַטען זיינען פערגעסען געוואָרען. דער קעניג האָט פערלאָ־רען יעדען אינטערעס אין איהם. מיט זיינע טרויעריגע לעצטע יאָהרען עראינערט ער ווייעדער אָן קאָלומבוס'ען.

ער איז געשטאָרבען דעם צווייטען דעצעמבער, 1547, אין א קליי־נע שטעדטעל לעבען סעוויל, שפּאניען.

X.

## פיזאררא לאזט זיך אוועק נאך דער רייכער דרום לאנד.

קארטעס'עס ערפאלג אין מעקסיקא גיט פעדראריאס'ען צו חשק ווידער צו נעהמען זיך פאר באלבאא'ס פלאן. — עס ווערט געגרינדעט דיא שטאדט פאנאמא. — פיזאררא, אלמאגרא און לוק. — פיזאררא'ס ערשטע רייזע נאך דער דרום לאנד. — מאטערנעס, שטורמען, הונגער, מלחמות מיט אינדיאנער. — אלמאגרא זוכט פיזאררא'ן. — ביידע קומען צוריק נאך פאנאמא. — א נייער גובערנאטאר. — פיזאררא, אלמאגרא און לוק שרייבען א קאנטראקט. — פיזאררא און אלמאגרא פאהרען ווידער אין דרום. — מעהר גאלד. — א „באלזא“. — דיא אנדען־בערג. — גוט־בעארבייטע פעלדער. — דיא שטעדטעל טאקאמעז. — דער אינזעל גאללא. — א קלאגע און א ביטע צום גובערנאטאר. — פיזאררא מאכט א פאס אין זאמד און פרעגט, אין וועלכער זייט מען וויל געהן. — דער אינזעל גארגאנא. — דיא שטאדט טומבעז. — א מיטגליעד פון דעם אינקא שבט. — ווייסע זעהען צום ערשטען מאל א לאמא. — פערואנער ווערען איבערראשט פון א האהן. — „זון־מיידלעך“. — קונסט־ארבייט פון גאלד און זילבער. — פיזאררא הערט וועגען דיא רייכע טעמפלען פון דער הויפט־שטאדט קוזקא. — ער פאהרט אין פאנאמא נאך אן ארמיי. — ער פאהרט צום קעניג פון שפאניען.

מיר וועלען זיך איצט אומקעהרען צו דיא קאלאניסטען פון דאריען. קארטעס'עס סענזאציאנעלער ערפאלג אין מעקסיקא און דיא אוצרות, וואס ער האט דארטען אנגעראבעוועט, האט ביי פעדרא־ריאס'ען, דעם גובערנאטאר פון דאריען, אויפגעוועקט א נייעם אינטע־רעס אין דער גאלדענער דרום לאנד, צו וועלכע באלבאא האט געפרופט צוקומען.

דיא קאלאניע איז איצט שוין אייגענטליך געווען ניט אין דאריען, נור אין פ א נ א מ א, ניט ביי דעם אטלאנטישען אקעאן, נור ביי דעם שטילען אקעאן אדער „דרום־ים“, וויא דיא שפאניער האבען דאס

דאַן געזאָרפען. אויב דער לעזער געדענקט, האָט דאָס באַלבאָאַ פּעדראַ־ריאַס'ען געראַטהען דאָרטען צו גרינדען אַ קאָלאָניע. דאַריען האָט מעהר וויא צרות ניט פערשאַפט. אַ שטעדטעל אָבער ביין ברעג פון דעם סענט מיגעל גאָלף, וועלכער איז אַ טהייל פון דעם „דרום ים", וועט זיין אַ שליסעל צו דיא גאָלד־געגענדען, וועגען וועלכע באַלבאָאַ האָט זיך אַזוי פיעל אָנגעהערט פון אינדיאַנער. אַזוי האָט גע'טענה'ט דער אונגליקליכער אַוואַנטוריסט איידער פּעדראַריאַס האָט איהם געבראַכט צום עשאַפאָט. נאָך זיין טוידט איז זיין פּלאַן אָנגענומען געוואָרען. דאָס וואָס דער האַרצלאָזער אַלטער אינטריגאַנט האָט געוועלט פּטור ווערען פון זיין ראַטה־געבער, האָט איהם ניט צוריק־געהאַלטען פון בענוצען זיך מיט זיין ראַטה. אין 1519 האָט ער דיא הויפּט־שטאָדט פון זיין קאָלאָניע אַריבערגעטראָגען פון דאַריען אין פּאַנאַמאַ — אַ שטעדטעל, וועלכע ער האָט אויסגעבויט אַביסעל ווייטער וויא דער פּלאַץ, וואו עס שטעהט דיא היינטיגע שטאָדט פּאַנאַמאַ. דער אָרט איז ניט קיין געזונטער; ער איז פול מיט געלען פיבער און אַנדערע קראַנקהייטען, און זיי האָבען אַוועקגעלעגט פיעלע קאָלאָניסטען. דאָס איז אָבער געווען אַן אויסגעצייכענטער פונקט פאַר דיא, וואָס האָבען געוועלט מאַכען ענטדעקונגס־רייזעס פאַזע דיא ברעגעס פון דעם דרום־ים.

דאָך זיינען אַוועק עטליכע יאָהר איידער פּעדראַריאַס האָט געשיקט שיפען צו דרום־צו, וואו באַלבאָאַ האָט געוועלט זוכען דיא גאָלד־לאַנד. ער איז אַלץ געווען פערנומען מיט אַנדערע אונטערנעהמונ־גען — מיט עקספּעדיציעס צו צפון צו. ער האָט געגרינדעט קאָלאָניעס אין ווערעגואַ, קאָסטאַריקאַ, ניקאַראַגואַ און האָנדוראַס — דיא אויבענ־דערמאָנטע לענדער פון צענטראַל אַמעריקאַ.*) ער האָט זיך געפּרעהט קוקענדיג וויא זיין פּראָווינץ וואַקסט אַלץ ווייטער און ווייטער; אָבער קיין נוצען האָט דאָס ניט געבראַכט ניט איהם ניט אַנדערע. ווען זיינע אַרמייען זיינען אַריינגעקומען אין האָנדוראַס, זיינען זיי דאָרטען געקומען אין צוזאַמענשטויס מיט קאָרטעס'עס אָפיציערען.

אין דעם פאָריגען קאַפּיטעל האָבען מיר געזעהן וויא קאָרטעס

*) ווערעגואַ איז אַ טהייל פון דיא היינטיגע פּאַנאַמאַ רעפּובליק. קאָסטאַריקאַ, ניקאַראַגואַ און האָנדוראַס זיינען בעזונדערע רעפּובליקען.

האָט זיין הערשאַפט זיך געסטאַרעט צו פערשפּרייטען ווייטער אַרונטער צו דרום צו. מיר ווייסען שוין וועגען זיין עקספּעדיציע ביז האָנדוראַס. צו דער זעלבער צייט האָט פּעדראַריאַס געפּרופט פערגרעסערען זיין לאַנד אַרויף צו, צו צפון־צו, ביז זיי האָבען זיך אויף דיעזען אָרט בעגעגענט. דאָס הייסט אַלזאָ אַז שפּאַנישע אַרמייען האָבען שוין געהאַט פערנומען דיא גאַנצע שטיק מיטעל־אַמעריקאַ, פון דעם פּאַנאַמאַ איסטהמוס ביז דיא צפון גרענעצען פון מעקסיקאָ. מיר ווייסען שוין אויך, אַז מיט דיעזע שפּעטערע עקספּעדיציעס וואָס קאָרטעס האָט אונטערנומען האָט ער קיין גליקען ניט געמאַכט. אין מעקסיקאָ אָבער האָט ער יעדענפאַלס איינגענומען אַ לאַנד פון אוצרות, רייכע פּאַלאַצען, טעמפּלען. פּעדראַריאַס, וויעדער, האָט זיך מיט אַזעלכע געווינסען ניט געקענט בעריהמען.

דאַן האָט פּעדראַריאַס זיך גענומען פערווירקליכען באַלבאָאַ'ס פּלאַן. דאָס איז געווען אין 1522. ער האָט אַרויסגעשיקט אַן עקספּעדיציע צו דרום פון פּאַנאַמאַ נאָך דיא גאָלד־לענדער, וועגען וועלכע דיא אויבען דערמאָנטע אינדיאַנער האָבען דערצעהלט. פון דיעזער עקספּעדיציע איז אָבער גאָר ניט געוואָרען: איהר קאָמאַנדיר, אַ נ ד אַ־ ג אָ י אַ, איינער פון דיא וויכטיגסטע אַריסטאָקראַטען פון דער קאָלאָניע, איז קראַנק געוואָרען אויפ'ן וועג און איז געצוואונגען געווען זיך אומצוקעהרען איידער ער איז געגאַנגען ווייטער וויא באַלבאָאַ.

אַנדאַגאָיאַ האָט געבראַכט נייע בעריכטען וועגען דיא רייכע מעכטיגע לאַנד, וואָס ליעגט ווייטער צו דרום צו, פּאַזע דעם ברעג פון דעם „דרום־ים". ער האָט אויך וועגען דעם געהערט פון דיא אינדיאַנער וואָס ער האָט בעגעגענט. און אַזוי וויא דאַן האָט גראַד געקאָכט מיט דיא מערקווירדיגע לאַנד פון אוצרות, וואָס קאָרטעס האָט עראָבערט, האָבען אַנדאַגאָיאַ'ס בעריכטען אויף דיא קאָלאָניסטען געמאַכט אַ טיעפען איינדרוק. מען האָט ניט אויפגעהערט צו ריידען וועגען דיא נייע וואונדער־לאַנד, און וועגען אַן עקספּעדיציע וואָס זאָל צו איהר צוקומען, און ענדליך פערווירקליכען באַלבאָאַ'ס טרוים.

דורכפיהרען אַזאַ אונטערנעהמונג איז אָבער ניט געווען קיין לייכטע זאַך. דיא רייזע האָט זיך געמוזט ציהען דורך געגענדען, וואו עס האָבען געוואוינט געפעהרליכע אינדיאַנער. אַחוץ דעם איז דער קרייז געווען

פול מיט בערג; שפייז איז דאָרטען געווען שווער צו קריגען; און וויא ווייט דיא גאָלד־לאַנד איז, האָט מען קיין בעגריף ניט געהאַט. פון דיא אינדיאַנער האָט מען קיין טאָלק ניט געקענט דערגעהן.

דאָך האָבען זיך געפונען דריי קאָלאָניסטען, וואָס האָבען זיך פאַר דעם פּלאַן גענומען מיט גרויס בעגייסטערונג; און איינער פון זיי, דער וואָס האָט געשפּיעלט דיא הויפּט־ראָלע אין דער גאַנצער אונטערנעהמונג, איז געווען אונזער אַלטער בעקאַנטער פראַנציסקאָ פיזאַררא.

מיר האָבען שוין דערצעהלט, וויא ער האָט אַרעסטירט באַלבאָאַ'ן, זיין קאָמאַנדיר און פריינד, ווען באַלבאָאַ איז צוריק־געקומען אין דער דאַריען קאָלאָניע פון זיין לעצטער רייזע. נאָך דעם וויא באַלבאָאַ איז געשטאָרבען אויפ'ן עשאַפאָט, איז פיזאַררא געבליעבען דיענען ביי פּעדראַריאַס'ען. און ווען דער גובערנאַטאָר האָט זיך בעזעצט אין פּאַנאַמאַ, איז ער געווען איינער פון דיא דאָרטיגע קאָלאָניסטען. דאָן האָט ער געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע אין דיא עקספּעדיציעס, וואָס פּעדראַריאַס האָט אַרויסגעשיקט אין וועראַגואַ און דיא אַנדערע לענדער פון צענטראַל אַמעריקאַ. אָבער וויא מיר ווייסען שוין האָט דאָס איהם קיין גאָלד ניט פערשאַפט. אַלץ, וואָס ער האָט פערמאָגט, איז געווען אַ שטיק אונגעזונטע לאַנד מיט אַ געוויסע צאָהל אינדיאַנער אַלס פּאַנסטשינע־פּויערים, ניט ווייט פון פּאַנאַמאַ.

איצט, אַז אַנדאַגאָיאַ איז געקומען צוריק פון זיין רייזע, און עס האָט זיך אַזוי גערודערט מיט קאַרטעס'עס עראָבערונג, האָט פיזאַררא זיך בעשלאָסען אויפצונעהמען דעם אַלטען פּלאַן, וועגען וועלכען ער האָט אייגענטליך אימער געטרוימט. צוזאַמען מיט איהם האָט זיך אין דער אונטערנעהמונג בעטהייליגט איינער דיעגאָ אַלמאַגראָ און איינער הערנאַנדא לוק, — אַ גלח. יעדער פון זיי האָט צושטייער געגעבען. אָבער פיזאַררא און אַלמאַגראָ האָבען געהאַט ווייניג וואָס צו געבען. דער הויפּט געלד־מענש איז געווען לוק; מען גלויבט אָבער, אַז דער קאַפּיטאַל איז ניט געווען זיין אייגענער, און אַז ער האָט אין דער אונטערנעהמונג בלויז רעפּרעזענטירט דיא אינטערעסען פון עספּינאָזאַ, דעם ריכטער, וועלכער איז אַמאָל געווען באַלבאָאַ'ס אַ פערטהיידיגער און וועלכער האָט נאָכהער איהם פער־

אורטהיילט צום טוידט. יעדענפאלס האט לוק געשפיעלט דיא ראלע פון דעם דריטען שותף.

מען האט אבגעמאכט אז פיזאררא זאל זיין דער קאמאנדיר פון דער עקספעדיציע, און אלמאגרא זאל איינקויפען אלץ וואס מען דארף און אויסשטאטען דיא שיפען צו דער רייזע, ווערענד לוק זאל ווירקען צו גונסטען דער אונטערנעהמונג מיט זיין נאמען און איינפלוס.

אזוי וויא א טהייל פון דיא פראפיטען האט בעדארפט געהן צו פעדראריאס'ען אלס גובערנאטאר פון פאנאמא, (דאס האט ניט געהאט צו טהאן מיט דער פינפטעל, וואס האט בעלאנגט צו דער שפאנישער קרוין), האט פעדראריאס באלד געגעבען זיין צושטימונג.

אלמאגרא האט זיך גלייך גענומען צו דער ארבייט: ער האט געקויפט צוויי ניט־גרויסע שיפען און זיי אנגעלאדען מיט שפייז, געוועהר און אלע אנדערע נויטיגע זאכען. איינע פון דיעזע שיפען האט פריהער בעלאנגט צו באלבאא'ן, וועלכער האט איהר טאקע געלאזט בויען אום צו מאכען אזא רייזע נאך דיא „גאלדענע דרום לאנד". זינט מען האט איהם געקעפט, איז זיא געלעגען אין דעם פאנאמא האפען; אלזא האט אלמאגרא איהר איצט אבגעקויפט.

מיט הונדערט מאן איז אלמאגרא'ס שותף, פיזאררא, אבגע־פאהרען פון פאנאמא אין נאוועמבער, 1524. ער איז אוועק מיט איין שיף, און אלמאגרא האט געזאלט אונטערפאהרען מיט דער צווייטער שיף אזוי שנעל וויא ער וועט פארטיג ווערען. נאך דעם ווי דער קאמאנ־דיר האט דערגרייכט דיא פעריל־אינזלען האט ער דורכגעשניטען דיא ברייט פון דעם סט. מיגעל גאלף און איז אריין אין דעם ב י ר ו טייך אין ז י ד ־ א מ ע ר י ק א. (וועגען דעם נאמען „בירו" זיינען פאראן פערשיעדענע ערקלערונגען. לויט איין בעריכט האט דער קאסיק, וואס האט פיזאררא'ן פון א טורימעל געוויעזען אויף די רייכע לאנד (אויבען, זייטעל 106), איהר גערופען בירו. אנדערע זאגען, אז די שפאניער האבען דעם ווארט גענומען פון דעם נאמען פון א קאסיק. יעדענפאלס גלויבט מען, אז פון „בירו" איז דאס געווארען „פ ע ר ו").

עס האבען זיך באלד אנגעפאנגען שוויריגקייטען. נאך א וואך פיער פון אלערליי צרות אויף דער שיף און אויף דער יבשה, האבען דיא רייזענדע זיך צוגעשלאגען צו א האפען, וואו זיי האבען גע־קענט זיך אברוהען און אננעהמען וואסער. דער פלאץ איז אבער

געווען אַ וויסטער. ווילדער און פערפלאָנטערטע פלאַנצונגען, דורך וועלכע מען האָט אַנדערש ניט געקענט עפענען אַ דורכגאַנג וויא מיט אַ האַק; אַ הייסע, שטיקענדע לופט; גאַנצע וואָלקענס פון העל־קאָלירטע פליגען און שמעטערלינגען, וואָס האָבען אויסגעוויזען וויא פליהענדע שטיקער פייער — דאָס איז אַלץ וואָס זיי האָבען געזעהן אַרום זיך. קיין איינציגער פויגעל, קיין איינציגע פיער־פיסיגע בעשעפענים.

דיא קאָמפּאַניע האָט גענומען פאָדערען מען זאָל פאָהרען צוריק נאָך פּאַנאַמאַ. פּיזאַררא האָט זיי גע'מוסר'ט וואָס זיי זיינען אַזוי שוואַך ביי זיך; ער האָט פאַר זיי פאָרגעשטעלט דיא אוצרות וואָס זיי וועלען געפינען, אויב זיי וועלען האָבען געדולד און מוטה. אָבער ער האָט זיך אַליין אַרומגעזעהן, אַז אָהן שפּייז וועט מען גאָר ניט קענען מאַכען, אַלזאָ האָט ער בעשלאָסען צו שיקען זיין שיף צוריק צו דיא פּעריל־אינזלען, אום דאָרטען אָנצונעהמען פּראָוויאַנט און קומען צוריק. עס איז ניט געווען זעהר וויית, און מען האָט ערוואַרטעט אַז דיא גאַנצע נסיעה וועט געדויערען עטליכע טעג. אַלס קאַפּיטאַן איבער דער שיף איז געפאָהרען איינער מאָנטאָנעגראָ; ער האָט מיט זיך גענו־מען אַ העלפט פון דער קאָמפּאַניע, און דיא איבעריגע העלפט איז איבערגעבליבען מיט פּיזאַררא'ן.

אָנשטאָט עטליכע טעג זיינען אַוועק וואָכען, און דיא שיף איז אַלץ ניט געקומען צוריק. פּיזאַררא און זיינע מענשען האָבען זיך געשפּייזט מיט אָיסטערס (אוסטריצעס), וואָס דער ים האָט צייטענווייז אַרויס־געוואָרפען אויפ'ן ברעג, און מיט ווילדע יאַגדעס און קרייטעכער. איינינע פון דיעזע פרוכטען און גראָזען זיינען געווען גיפטיג, און דיא, וואָס האָבען זיי געגעסען, זיינען געשוואָלען געוואָרען און האָבען געליטען דיא שרעקליכסטע יסורים. דיא, וויעדער, וואָס האָבען זיך פון דיעזע שפּייז איינגעהאַלטען, זיינען איינפאַך אויסגעגאַנגען פון הונגער.

גאַנצענע טעג פלעגען זיי שטעהן און קוקען פון וויטען אויפ'ן ים טאָמער וועלען זיי דערזעהן דיא זעגלען פון זייער שיף. זייערע ערוואַרטונגען זיינען אָבער אַלץ געווען אומזיסט. מעהר וויא דיא כוואַליעס מיט'ן הימעל האָבען זיי ניט געזעהן.

איין מאָל, ווען צוואַנציג פון דער קאָמפּאַניע זיינען שוין געשטאָר־

בען, און דיא איבעריגע זיינען אויך געווען ביין שוועל פון טוידט, האָט איינער פון זיי דורך דיא בוימער פון וואלד פון ווייטען דערזעהן א ליכט. פיזאַררא האָט גלייך אויסגעקליבען עטליכע פון דיא וואָס האָבען נאָך געהאַט אביסעל כח, אזוי וויא ער, און מיט זיי איז ער אוועק צו דעם פלאַץ, וואו דער פייער האָט געשיינט. זיי האָבען געהאַט צו קריכען און דורכצופלאָנטערען זיך דורך ווילדע קוסטען און געדיכטע צווייגען. זייער ארבייט איז אָבער ניט געווען אומזיסט. זיי זיינען ארויסגעקומען אויף א פרייען פלאַץ, וואו זיי האָבען געפונען א קליינעם אינדיאַנישען דאָרף.

דיא רויט־הויטיגע איינוואוינער האָבען זיך אזוי דערשראָקען פאַר דיא ווייסע מענשען, אז זיי זיינען זיך צולאָפען. דיא אויסגעהונגערטע קאָמפּאַניע איז מיט זשעדנעקייט אריינגעלאָפען אין דיא הייזער; זיי האָבען געפונען קוקורוזע, קאָקאָ־נים און אנדערע עסענווארג. ביסלעכווייז האָבען דיא אינדיאַנער זיך אָדוואַזשעט זיך אומצוקעהרען, און צוצוקומען נאָהענט צו דיא ווייסע. ווען זיי האָבען זיך מיט זיי פונאַנדערגערעדט, האָבען זיי זייערע אונגעריכטע געסט געפרעגט ווארום זיי זיינען בעסער ניט געבליבען אין זייער היים „איידער ארומצובלאָנדזשען אין דער פרעמדער און צו בעראַבעווען מענשען, וואָס האָבען זיי קיין מאָל קיין שלעכטעס ניט געטהאָן".

פון דיעזע אינדיאַנער האָט פיזאַררא געהערט, אז דיא רייכע לאַנד, צו וועלכע ער שטרעבט, געפינט זיך צעהן טעג רייזע פון דאָרטען, אויף יענער זייט בערג צו דרום צו. „דאָרטען האָט געוואוינט א מעכטיגער קעמפּפער" — האָבען זיי איהם געזאָגט — „אָבער ער איז בעזיעגט געוואָרען פון נאָך א מעכטיגערען, פון א רייכען הערשער, וועלכער איז „א קינד פון דער זון".

ענדליך איז געקומען מאָנטאָנעגראָ; זיין שיף איז געווען אָנגעלאָדען מיט פּראָוויאַנט. זעקס וואָכען האָט ער זיך אָבגעזאַמט, אלץ צוליעב שטורעם־ווינטען. אין דיעזע זעקס וואָכען פון שטענדיגע געפאַהר און מאַטערנים האָט ער מיט זיינע מיטרייזענדע זיך אויך גענוג אָנגעליטען. צו דעם וואָס פיזאַררא מיט זיין קאָמפּאַניע האָבען געהאַט אויסצושטעהן האָט מען דאָס אָבער ניט געקענט פערגלייכען. וואָרים מאָנטאָנעגראָ מיט זיינע מענשען האָבען יעדענפאַלס געהאַט וואָס צו

עסען. ווען זיי זיינען אַראָב פון שיף און האָבען דערזעהן זייערע אויסגעהונגערטע חברים, האָבען זיי פיעלע פון זיי איינפאַך ניט דער־קענט, — אַזוי שרעקליך האָבען דיא אויסגעהונגערטע אויסגעזעהן.

דיא שפייז וואָס מאָנטאָנעגראָ האָט געבראַכט האָט זיי באַלד אָבגעמינטערט און געקרעפטיגט; און דאַן האָבען זיי זיך פערגעסען אָן דיא שרעקען וואָס זיי האָבען געהאַט אויסצושטעהן און זיינען ווידער בעגייסטערט געוואָרען פון דיא אוצרות אין יענע לאַנד, וואָס איז געלעגען צעהן טעג רייזע אויף יענער זייט בערג.

דעם אָרט, וואו זיי האָבען זיך דאָ געפונען, האָבען זיי אַ נאָמען געגעבען „הונגער האַפען". זיי האָבען זיך אַלע געזעצט אויף דער שיף און זיי זיינען אַוועק ווייטער צו דרום צו. ווען פיזאַררא וואָלט געהאַט אַ קלאָהרען בעגריעף, וואו דיא רייכע לאַנד ליגט, וואָלט ער געוואוסט, אַז ער קען אהין אַם גיכסטען קומען, ווען ער וועט שווימען אין דעם אָפענעם אָקעאַן, ווייט פון ברעג. דאָס וואָלט איהם פיעל פערקירצט דעם וועג. ער האָט אָבער אַזאַ בעגריעף ניט געהאַט און ער האָט זיך דוקא געהאַלטען נאָהענט צום ברעג — טאָמער געהט ער פערביי דיא מדינה, וואָס ער זוכט. דער ברעג האָט זיך געדרעהט אהין און אהער, אריין און ארויס; און פיזאַררא מיט זיין שיף האָט זיך אויך אַזוי געדרעהט; דורך דעם האָט ער פערלאָרען צייט און מיה.

באַלד האָט ער דערגרייכט אַן אָרט וואו ביין ברעג איז ניט געווען קיין וואַלד. ער האָט זיך אָבגעשטעלט און איז אַוועק מיט אַ קאָמפּאַניע זעהן וואָס פאַר אַ געגענד דאָס איז. אַזוי געהענדיג האָבען זיי געפונען אַ שטעדטעלע. דאַן איז פאָרגעקומען דאָס זעלבע וויא אין יענעם דאָרף: דיא איינוואוינער זיינען זיך צולאָפען. דאָ האָט אָבער פיזאַררא אחוץ עסענוואַרג געפונען אַ היבשע ביסעל גאָלד. דאָך קיין ענטוויקעלטער פאָלק האָט דאָ ניט געוואוינט. דאָס איז לייכט געווען צו זעהן פון דיא געביידעס. אחוץ דעם: אין אייניגע פון דיא הייזער האָבען דיא שפאַניער דאָ געזעהן וויא עס בראָטען זיך שטיקער פון מענשליכע קערפּערס. דאָס האָט זיי ניט בלויז אָבגעעקעלט, נאָר אויך איבער־געשראָקען. מענשען־פרעסער זיינען געווען דיא קאַריבען, וועלכע קאָלומבוס האָט נאָך בעגעגענט אויף דיא קאַריבישע אינזלען, אין דיא קאַריבען זיינען געווען אַ פאָלק פון אונערשראָקענע קעמפּפער, פון געפעהרליכע יונגען; אַלזאָ האָבען דיא שפאַניער גערעכענט, אַז זיי

זיינען דאָ אריינגעפאַלען צו אינדיאַנער פון דיעזען פאָלק, און מיט אזעלכע חברה איז פאר א קליינע הייפעלע ווייסע ניט זיכער זיך אנצוהויבען. קורץ, זיי האָבען געמאַכט פּליטה צוריק צו דער שיף. עס האָבען זיך אָנגעפאַנגען שטאַרקע ווינטען, אונאויפהערליכע דונערען און בליצען און אזעלכע רעגענס, וועלכע מען זעהט בלויז אין דיא גאַנץ הייסע געגענדען. דאָך האָט פיזאַררא בעשלאָסען בעסער פּאָרטצוזעצען זיין רייזע אין אזא וועטער איידער זיך אָבצושטעלען אין דיעזע מענשען־פרעסערישע לאַנד.

אין א פּאָר טעג אַרום איז דיא שיף צוגעקומען צו א פּונקט, וואו צווישען געדיכטע ביימער האָבען זיך געזעהן עטליכע אָפענע שטרעקעס. פיזאַררא האָט זיך געקלעהרט, אז דאָ מוזען וואוינען מענשען און ער האָט זיך ווידער אָבגעשטעלט. ער האָט זיך אַרויסגעזעצט מיט דיא גרעסטע טהייל פון זיין אַרמיי. ווען ער איז מיט זיי אָבגעגאַנגען אַרום דריי מייל, האָט ער דערזעהן א שטעדטעל, א פּיעל גרעסערע וויא דיא פריהערדיגע. זיא איז געשטאַנען אויף א הויכען פּלאַץ און איז געוועזען אַרומגעצאַמט מיט א פּלאַנקען פון קלעצער. איהרע איינוואוינער זיינען זיך אויך צולאָפען. און אין זייערע הייזער האָבען דיא שפּאַניער אויך געפונען שפּייז און אביסעל גאָלדענע ציערונג.

פון דיא שטורמען איז דיא שיף שטאַרק צוטרייסעלט און צוקאַליעטשעט געוואָרען; ווייטער פאָהרען מיט איהר איז ניט געוועזען אין גאַנצען זיכער; איז געבליבען א פּלאַן, אז מען זאָל דערוויילע וויא עס איז פערשטאָפּען איהרע שפּאַלטען און איהר אַוועקפיהרען קיין פּאַנאַמאַ, דאָרטען איהר גוט פערריכטען און אַרומזעהן און דאַן איהר ברענגען צוריק אַהער, וואו פיזאַררא וועט וואַרטען מיט זיין אַרמיי.

איידער דיא שיף איז אָבגעשוואומען האָט פיזאַררא אָבער אַרויסגעשיקט מאָנטאָנעגרא'ן מיט א קאָמפּאַניע סאָלדאַטען אויספאָרשען דעם געגענד. מאָנטאָנעגרא האָט זיך באַלד ערקונדיגט, אז דיא דאָרטיגע אינדיאַנער זיינען גאָר ניט אזעלכע שרעקעדיגע וויא דיא שפּאַניער האָבען געמיינט. דאָס וואָס זיי האָבען פערלאָזען זייער שטעדטעל, איז נור געוועזען אום צוצונעהמען זייערע פרויען און קינדער פון געפאַהר. זיי אליין — דיא מענער — האָבען פון דיא שפּאַניער ניט אראָבגענומען קיין אויג; זיי האָבען זיך געקליבען זיי צו בעפאַלען, ווען זיי וועלען

ניט זיין אַלע אינאיינעם. מאָנטאָנעגראָ האָט זיך דאָס דערוואוסט פון זיין אייגענע ביטערע ערפאהרונג, וואָרים אזוי שנעל וויא ער מיט זיין קאָמפּאניע האָבען זיך געפונען צווישען צוויי בערג, זיינען דיא אינדיאַנער ארויסגעשפּרונגען פון זייער בעהאַלטענים און האָבען זיי מכבד געוועזען מיט אַ האָגעל פון פיילען. אַרום און אַרום האָבען גע־הוזשעט און געקלונגען אינדיאנישע מלחמה־געשרייען. דיא קעמפּפער, נאַקעטע און אויסגעפאַרבטע אין זייערע מלחמה־פאַרבען, האָבען גע־פאָכט מיט זייערע געוועהר ארומלויפענדיג און ארומשפּרינגענדיג וויא קעץ דורך דיא געדיכטע פאַרפלאָנטערטע בוימער, צווישען וועל־כע דיא ווייסע האָבען זיך קוים געקענט אַ קעהר טהאָן.

דיא שפּאַניער זיינען איינינע מינוטען געשטאַנען וויא צוטומעל־טע. דריי פון זיי זיינען געפאַלען טוידט און עטליכע זיינען פער־וואונדעט געוואָרען. באַלד אָבער זיינען זיי צו זיך געקומען, און האָ־בען גענומען שיסען מיט דיא שטאָהלענע פייל־און־בויגענס, וואָס זיי האָבען געטראָגען מיט זיך; און גלייך נאָך דעם האָבען זיי זיך אַ לאָז געטהאָן אויף דעם נאַקעטען שונא מיט זייערע בלויזע שטאָהלענע שווערדען.

דיא רויט־הויטיגע זיינען געצוואונגען געוועזען זיך צוריק־צוציהען. זיי האָבען אָבער געוואוסט פון קורצע וועגען צווישען דיא בערג צוצו־קומען צום ברעג, און זיי האָבען דערגרייכט פּיזאַררא'ן און איהם אַטאַקירט איידער מאַנטאַנעגראַ האָט פאַספּייעט זיך אומצוקעהרען צו איהם. פּיזאַררא איז זיי אַרויס אַנטקעגען. לויט זיין האַלטונג האָ־בען דיא אינדיאַנער פערשטאַנען, אז ער איז דער קאָמאַנדיר; אַלזאָ האָבען זיי אין איהם געציעלט אַזאַ שלאַגס־רעגען פון פיילען, אז טראָץ דעם, וואָס ער איז געוועזען אין גאַנצען פערפּאַנצערט, האָבען זיי איהם געוואונדעט אין זיעבען ערטער. ער האָט זיך אַ ביסעל צוריק־געצויגען. זיין שווערד האָט ער אָבער ניט ארויסגעלאָזען פון האַנט; ער האָט זיך פערטהיידיגט מיט אַלע קרעפטען. באַלד האָט ער זיך אָבער אויסגעגליטשט און איז געפאַלען. דיא אינדיאַנער האָבען אויפ־געהויבען אַ ווילדען טריאומף־געשריי און איינינע פון זיי האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף איהם פון איהם צו מאַכען אַ סוף. אין דעם זעלבען מאָמענט איז פּיזאַררא אָבער אויפגעשפּרונגען. מיט זיין שטאַרקע האַנט האָט ער צוהאַקט דיא ערשטע צוויי, וואָס זיינען צו

איהם צוגעלאָפּען, און פּאָכענדיג מיט זיין בליסטשענדען שווערד האָט ער דיא איבעריגע געצוואונגען צוריק־צוטרעטען, ביז דיא אַנדערע שפּאַניער האָבען פּאָספּייעט צוצוקומען. צו זיין גליק איז באַלד אויך אָנגעקומען מאָנטענעגרא מיט זיינע מענשען. דיא אינדיאַנער האָבען זיך איצט געפונען צווישען צוויי פייערען. מען האָט זיי געשניטען פון פאָרענט און פון היטען. דיא פעלד איז בעדעקט געוואָרען מיט זייערע טוידטע. אָבער דיא שפּאַניער איז דער זיעג אויך ביליג ניט אָנגעקומען. וואָרים זיי האָבען דאָ ווידער פערלאָרען צוויי מאַן, און פערוואונדעטע האָבען זיי געהאַט אָהן אַ שיעור.

פּיזאַרראָ האָט זיך געפרעהט מיט זיין נצחון. פון דעסטוועגען האָט דער צוזאַמענשטויס אויף איהם געמאַכט אַן אונאַנגענעהמען איינדרוק. עס האָט איהם געוויעזען, אז מיט אזא קליינע צאָהל מענ־שען וויא זיינע איז געפעהרליך אין דיעזע מקומות ארומצורייזען — איבערהויפּט נאָך איצט, אַז זיי האָבען ניט קיין אַרקעבוסען (ביקסען). ער האָט דעריבער זיך בעשלאָסען פּאָרלויפיג זיך אומצוקעהרען נאָך פּאַנאַמאַ, און דיא רייזע ווידער אָנצופאַנגען מיט אַ גרעסערע און בע־סער בעוואפענטע ארמיי, מיט מעהר שיפען און בעסערע שיפען.

בשעת פּיזאַררא איז געשוואומען נאָך פּאַנאַמאַ, איז אַלמאַגראָ מיט עטליכע צעהנדליג מאַן געשוואומען צו איהם. זיי האָבען זיך מסתמא צוזאַמען־געטראָפען אין אַ פינסטערע נאַכט, וואָרים געזעהן האָבען זיי זיך ניט. אין פיעלע ערטער האָט אַלמאַגראָ אויף דיא בוי־מער געפונען פּיזאַררא'ס סמנים, וויא זיי האָבען אָבגערעדט. אָבער באַלד האָבען דיעזע סמנים זיך געענדיגט.

אויפ'ן וועג האָט אַלמאַגראָ מיט אינדיאַנער געהאַט אַ קאַמפף, אין וועלכען ער האָט פערלאָרען אַן אויג.

ער איז געשוואומען ווייטער וויא פּיזאַררא. עס האָבען זיך גע־נומען בעווייזען צייכענס פון אַ העכערע ציוויליזאַציאָן — בעאַרבייטע פעלדער, נישקשה'דיגע הייזער, מעהר גילדערנע ציערונג. ער איז אָבער געווען אונרוהיג וואָס ער זעהט פון פּיזאַררא'ן ניט קיין סליאַד. ווייטער צו פאָהרען מיט זיין הייפעלע שפּאַניער האָט ער ניט געוואָלט ריזיקירען. אַלזאָ, האָט ער זיך אויך אומגעקעהרט, און דיא צוויי שותפים האָבען זיך בעגעגענט אין אַ שטעדטעל לעבען פּאַנאַמאַ.

פעדראַריאַס איז אויף פּיזאַררא׳ן געווען בייז פאַר דיא חיל וואָס ער האָט פערלאָרען אויף דער רייזע, און ער האָט דיא וויטערע עקס־פעדיציע ערלויבט מיט דעם תנאי, אַז אַלמאַגראָ זאָל האָבען פונקט אַזאַ דעה אַלס קאָמאַנדיר וויא ער. פּיזאַררא האָט אַלמאַגראָ׳ן דערי־בער חושד געווען אין אינטריגען און אין האַרצען איז ביי איהם פער־בליבען אַ פערבאָרגענע שנאה אויף איהם.

אין אַ יאָהר אַרום האָט דיא שפּאַנישע רעגיערונג אויף פעד־ראַריאַס׳עס פּלאַץ אַלס גובערנאַטאָר פון פּאַנאַמא געשיקט אַן אַנ־דערען, איינעם דאָן פּעדראָ דע־לאָס־ריאָס. דיא פּאָליטיק פון דער רעגיערונג איז געווען, אַז קיין גובערנאַטאָר פון אַן אַמעריקאַנער קאָלאָניע זאָל ניט פערבלייבען צו לאַנג אויף זיין שטעלע, טאָמער ווערט זיין מאַכט דאָרטען איינגעוואָרצעלט צו טיעף. אָבער מיט פעד־ראַריאַס׳ען איז דער טהראָן איבערהויפּט ניט געווען צופריעדען.

דעם נייעם גובערנאַטאָר איז דער פּלאַן פון דער דרום־עקספּעדיציע געפעלען געווען, און דיא דריי שותפים — פּיזאַררא, אַלמאַגראָ און לוק האָבען זיך גענומען פעסט צו דער ארבייט. פריהער פון אַלץ האָבען זיי געלאָזט שרייבען אַ קאָנטראַקט, אין וועלכען דיא בעדינ־גונגען זיינען געווען אויסגערעכענט מיט אַלע איינצעלהייטען. אַזוי וויא פּיזאַררא און אַלמאַגראָ האָבען ניט געקענט שרייבען (וואָריםביידע זיינען זיי געווען דיא אונגעזעצליכע קינדער פון דיענסטען און האָבען זיך אויפגעהאָדעוועט אין גרויס אָרימקייט) האָבען אַנדערע צוויי זיך אונטערגעשריעבען פאַר זיי. דאָס אַלץ איז געטהאָן געוואָ־רען מיט גרויס צערעמאָניע. אום דער קאָנטראַקט זאָל האָבען ספּע־ציעלע וויכטיגקייט, האָט לוק, דער גלח, גענומען אַ הייליגע קיכעל (דיא „לייב פון יעזוס קריסטוס“) און איהר צוטהיילט צווישען דיא דריי שותפים. דאָס האָט הייליג געמאַכט זייער שבועה, אַז זיי וועלען בליי־בען טריי זייער אָבמאַך. אויך האָט דאָס „הייליג“ געמאַכט דיא גאַנצע אונטערנעהמונג, דאָס הייסט, דעם פּלאַן צו בעפאַלען אונשולדיגע מענשען, זיי קוילען, בעראַבעווען און שענדען זייערע פרויען און טעכטער.

דער קאָנטראַקט, וועלכער טראָגט דעם דאַטום פון דעם 10־טען מערץ, יאָהר 1526, איז איבערהויפּט אַן אינטערעסאַנטער פּאַפּיער. אין איהם ווערט גערעדט פון פּערו בעשטימט און דייטליך אַלס אַ מעכ־

טיגע רייכע מדינה, א גרויסאַרטיגע אימפּעריע פול מיט גלאַנץ און אוצרות, הגם וועגען דאָס אַלץ האָבען זיי בלויז געהערט ווייטע קלאַנגען. און דיעזע רייכע, גלענצענדע „אימפּעריע" צוטהיילט דער קאָנטראַקט צווישען דיא דריי שותּפים אזוי וויא מען צוטיילט אַן עפּעל. עס ווייזט אוים וויא א קינדער־שפּיעל. מיר וועלען אָבער זעהן, אז דער עיקר פון דעם קאָנטראַקט איז אויסגעפיהרט געוואָרען גאָר ניט וויא א קינדער־שפּיעל.

געלט איז געווען גענוג, וואָרים לוק אַליין האָט צושטייער געגעבען ארום זעכציג טויזענד דאָלאַר (אויפ'ן היינטיגען אמעריקאנער חשבון). עס איז אָבער ניט לייכט געווען צו געפינען רעקרוטען. דיא גרויסע צאָהל מאַטראָזען און סאָלדאַטען, וואָס זיינען ביי פּיזאַררא'ן אויסגעשטאָרבען אויפ'ן וועג, האָט אויפ'ן פּאַנאַמער עולם ארויפגעוואָרפען א שרעק. פון דעסטוועגען האָט מען וויא עס איז צוזאַמענגעשטעלט א קאָמפּאַניע פון 160 מאַן. שיפען האָט מען געקויפט פיעל גרעסערע און שטאַרקערע וויא דיא פריהערדיגע, הגם אויך בלויז צוויי; פּראָוויאַנט, קוילען און פּולווער האָט מען אָנגעגרייט מעהר, אָבער דאָך ניט גענוג. עס איז איינפאַך ניט געווען וואו צו קויפען. דאָס זעלבע איז געווען מיט פערד: מען האָט בלויז געקענט קויפען עטליכע.

דיעזען מאָל זיינען זיי אַוועקגעפאָהרעןביידע צוזאַמען — פּיזאַררא און אַלמאַגראָ; און מיט זיי איז מיטגעפאָהרען א געניטער שיפס־קאַפּיטאַן איינער מיט'ן נאָמען ר ו א י ז.

זיי האָבען זיך געלאָזט שווימען דירעקט נאָך ריאָ ס א ן י ו א ן, דעם טייך, וועלכער איז געווען דער ווייטסטער פונקט וואָס אַלמאַגראָ האָט דערגרייכט אויף זיין פריהערדיגע רייזע. דער וועטער איז געווען פיעל בעסער וויא דענסמאָל, און זיי זיינען אַהין געקומען אָהן שום סבות און בלויז אין עטליכע טעג. זיי האָבען זיך פערקערעוועט אין טייך אריין און האָבען דאָרטען אָבגעשוואומען א געוויסע שטיק, בעקוקענדיג דיא הייזער וואָס זיי האָבען אָפּט געזעהן פון ביידע זייטען. ענדליך האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט ביי א דאָרף און פּיזאַררא איז דעם פּלאַץ בעפאַלען מיט אייניגע פון זיינע סאָלדאַטען. ער האָט זיך אומגעקעהרט מיט א היבשע ביסעל אָנגעראַבעוועטע גאָלד און מיט עטליכע געפאַנגענע אינדיאַנער.

אין דיא פריהערדיגע פּלעצער, וואָס ער האָט בערויבט, האָט ער



דיעגאָ אַלמאַגראָ

אזוי פיעל גאָלד ניט געפונען. ער האָט זיך דורכגערעדט מיט אַל־מאַגראָ'ן, און זיי זיינען געקומען צום בעשלוס, אַז, ווען מען וואָלט דאָס געזעהן אין פאַנאַמאַ, וואָלטען דאָרטען זיך שוין געפונען גענוג בעלנים אַנטייל צו נעהמען אין זייער רייזע. און מענשען זיינען זיי געוועזען נויטיג; זיי האָבען דאָס איצט געפיהלט נאָך שטאַרקער וויא פריהער. דער געגענד, וואו זיי האָבען זיך איצט געפונען, איז געוועזען געדיכטער בעוואוינט וויא פלעצער וואָס פיזאַררא האָט בע־זוכט ווען ער איז געוועזען אָהן אלמאַגראָ'ן. מען האָט געקענט זעהן, אַז וואָס ווייטער, וועט דיא בעפעלקערונג ווערען אַלץ גרעסער. 160 מאַן איז געוועזען אַ צו קליינע אַרמיי פאַר אַזאַ אונטערנעהמונג.

דיא צוויי שותפים האָבען דעריבער אָנגענומען אַזאַ פּלאַן: אַלמאַגראָ זאָל מיט דיא גאָלד פאָהרען נאָך פאַנאַמאַ און זעהן דאָרטען צוצוקריגען נאָך רעקרוטען; רואיז זאָל מיט דער צווייטער שיף שוויי־מען ווייטער צו דרום צו און אויספאָרשען דיא ווייטערדיגע טיילען פון ברעג, וועהרענד פיזאַררא מיט דיא איבעריגע סאָלדאַטען זאָל בלייבען ניט ווייט פון טייך, אויף אַ פּלאַץ, וואו דיא געפאַנגענע אינדיאַנער האָבען איהם פערזיכערט, אַז ער קען געפינען גענוג שפּייז.

אַזוי איז געווען. אַלמאַגרא איז אַוועק אין צפון, נאָך פאַנאַמאַ, און רואיז האָט פאָרטגעזעצט דיא רייזע צו דרום צו.

וואָס ווייטער רואיז איז געשוואומען, אַלץ מעהר מענשען און אַלץ מעהר סליאַדען פון ענטוויקלונג האָט ער געזעהן. אין איין פּלאַץ, לעבען דעם אינזעל גאַללאָ, האָט ער געוועלט זיך אָבשטעלען. אָבער דיא דאָרטיגע אינדיאַנער האָבען איהם בעגעגענט מיט בייזע אַוואַיעס. און אַזוי וויא זיין צוועק איז געוועזען בלויז צו זעהען וואָס פאַר אַ לאַנד דאָס איז, ניט צו פיהרען מלחמה, איז ער געשוואומען ווייטער. אין פיעלע פלעצער זיינען ביי דיא ברעגעס זיך צוזאַמענגעלאָפען רויט־הויטיגע, וועלכע האָבען מיט פערוואונדערונג געקוקט אויף דיא ווייסע מיט זייער שיף: באַלד האָט רואיז אויפ'ן וואַסער פון ווייטען דערזעהן אַ זעגעל. ער איז איבערראַשט געוואָרען ניט ווייניגער וויא דיא אינדיאַנער זיינען געוועזען פון זיינע זעגלען. אַז דאָס זאָל זיין אַן אייראָפּעאישע שיף, איז געוועזען אונמעגליך זיך פאָרצושטעלען. קיין ווייסער מענש אויסער איהם האָט זיך אין דיעזע וואַסערען איצט ניט גע־פונען; און דיא אינדיאַנער, אַפילו דיא אַצטעקען, האָבען פון קיין זע־

געל־שיפען ניט געוואוסט. וויא דיא זעגעל־שיף איז צוגעקומען נעהנ־טער, האָט ער געזעהן, אז זיא איז זעהר אַ פלאַכע, — אז זיא איז איי־גענטליך ניט מעהר וויא אַ פליט. דיא איינוואוינער פון פערו פלעגען אַזעלכע פליטען צוזאמענשלאָגען פון גרויסע, לייכטע קלעצער, און זיי פלעגען דאָס צודעקען מיט אַ פּאָדלאָגע פון זומפ־שטעקלעך. אין מי־טען פלעגען זיי אריינשטעלען צוויי געזונטע מאַסטען און אויף זיי אָנ־ציהען אַ גרויסען פיער־קאַנטיגען באַוועלנעם זעגעל. צו דיא קלעצער איז געווען צוגעמאַכט אַ רודער און אויך אַ ברעט פון אונטען צום קער־רעווען. אַזאַ פליט האָט אין פערו געהייסען „ב אַ ל ז אַ“.

דאָס איז אַלזאָ געווען דער איינציגער אמעריקאַנער פאָלק, וואָס האָט געוואוסט פון זעגלען איידער איירָאָפּעער האָבען ענטדעקט דיא „נייע וועלט“.

ווען רואיז איז צוגעקומען נאָך נעהנטער צו דער „באַלזאַ“, האָט ער בעמערקט, אז דיא אינדיאַנער, וואָס זיא פיהרט, טראָגען רייכע ציע־רונגן פון גאָלד און זילבער און אז דיא ארבייט איז אַ פיעל בעסערע וויא ער האָט געזעהן ביי אַנדערע אינדיאַנער. אָבער נאָך שטאַרקער האָבען איהם פעראינטערעסירט זייערע קליידער. זיי זיינען געווען וואָלענע. דאָס איז אויך געווען אַ גרויסער נייעס פאַר איהם, וואָרים ביז אהער האָבען דיא שפּאַניער ביי אינדיאַנער קיין וואָל נאָך ניט געזעהן; אפילו דיא אַצטעקען האָבען דאָס ניט געהאַט. אַ דריטער נייעס איז געווען אַ פּאָר וואָגשאָלען, וואָס ער האָט דערנאָך געזעהן אויף דער באַלזאַ גופא. פון קיין וואָג האָבען אויך דיא מעקסיקאַנער ניט גע־וואוסט. און דיא וואָלענע קליידער זיינען געווען דעליקאַט אויסגע־וועבט, מיט פיגורען פון פויגלעך און בלומען, און רייך געפאַרבט.

עס האָט אַלזאָ שוין מעהר קיין פראַגע ניט געקענט זיין, אז ער האָט דאָ פאַר זיך אַן אינדיאַנישען פאָלק, וועלכער שטעהט אויף אַ היבשע מדרגה פון ציוויליזאציאָן.

ווען ער האָט זיך פאַנאַנדערגערעדט מיט דיא, וואָס זיינען גע־פאָהרען אויף דער באַלזאַ, האָבען זיי איהם געזאָגט, אז צוויי פון זיי וואוינען אין ט ו מ ב ע ז, אַ פערואנער האַפען־שטאָדט ווייטער צו דרום צו, אַז אין זייער לאַנד פיטערען זיך גרויסע סטאַדעס פון אזא בהמה, פון וועלכע מען בעקומט וואָלל און אז אין דיא דאָרטיגע פּאַ־לאַצען איז גאָלד און זילבער כמעט אַזאַ געוועהנליכע זאַך וויא האָלץ.

פיזאַררא'ס און אַלמאַגראָ'ס פּלאַן איז אַלזאָ ניט געוועזען קיין פוסטע פאַנטאַזיע. אום זיי זאָלען רואיז'ען ניט דאַרפען גלויבען אויפ'ן וואָרט, נור זעהן מיט דיא אויגען און הערען מיט דיא אויערען דאָס, וואָס ער האָט דאָ געזעהן און געהערט, האָט ער געפאַנגען עטליכע פון דיא אינדיאַנער פון דער באַלזאַ, — דיא צוויי אייגוואוינער פון טומבעז, און א פּאָר אַנדערע — מיט דעם צוועק זיי צו ברענגען אין פיזאַררא'ס לאַגער. אגב וועלען דיעזע פערואַנער צוניץ קומען אַלס דאָלמעטשער; ער אַליין האָט מיט זיי געמוזט רעדען אויפ'ן וואונק; ווען זיי וועלען אָבזיין אַ געוויסע צייט צווישען שפּאַניער, האָט ער זיך געקלעהרט, וועלען זיי זיך אויסלערנען שפּאַניש און קענען אי־בערזעצען פון איין שפּראַך אין דער אַנדערער.

ווען ער איז געקומען צוריק צו פיזאַררא'ן, איז זיין בעריכט אויפ־גענומען געוואָרען נאָך מיט מעהר פרייד, וויא ער האָט ערוואַרטעט. דיא ערפאַהרונגען, וואָס דער קאָמאַנדיר און זיינע בעגלייטער האָבען דאָ דערוויילע געהאַט, זיינען געוועזען פּונקט פערקעהרטע וויא רואיז'עס ערפאַהרונגען. זיי זיינען אויסגעשטאַנען אַזעלכע צרות, אַז זיי האָ־בען פערלאָרען מוטה און זיך געריסען צו מאַכען אַ סוף צו דער רייזע און פאָהרען צוריק קיין פּאַנאַמאַ.

אָנשטאָט צו געפינען אַ פרוכטבאַרען רוהיגען פּלאַץ, וואו ער וואָלט האָבען שפּייז און קענען לעבען אין פריעדען, האָט פיזאַררא זיך גע־זעהן ארומגערינגעלט מיט דיא ווילדסטע וועלדער און בערג און מיט דיא פיינדליכסטע אינדיאַנער. וואָס ווייטער ער האָט געפּרופט געהן, אַלץ געדיכטער און פינסטערער זיינען געוואָרען דיא וועלדער, אַלץ גרע־סער זייערע בוימער און אַלץ העכער דיא בערג. אַזעלכע הויכע דיקע בוימער האָט ער נאָך קיין מאָל ניט געזעהן, אפילו אין דיעזע הייסע גע־גענדען, וואו דיא נאַטור שאַפט אַלץ מיט דער פולער האַנט, וויא פרעס־קאָט דריקט זיך אויס. און דיא ערד איז אַלץ געגאַנגען ארויף־באַרג צו דיא אַ נ ד ע ן*) צו, און דיא שניי־בעדעקטע זייטען פון דיא אַנדען

*) איבער דער גאַנצער לייננ פון אַמעריקא, לעבען איהר מערב־ברעג, ציהט זיך אַ קייט מיט הויכע בערג, וועלכע הייסען קאָרדיליערען. דאָס איז זייער אַלגעמיינער נאָמען. אין פערשיעדענע ערטער האָבען זיי אָבער בעזונדערע נעמען. אין זיד־אַמעריקא הייסען זיי אַ נ ד ע ן.

האָבען געבליסטשעט הויך איבער דיא וואָלקענס. פון טיעפע אָבגרונ־טען פון אונטען האָט דיא פייכטע ערד ארויפגעהויכט אַ אונגעזונטען אָטהעם; דער אונגעזונטער אָטהעם האָט זיך צונויפגעמישט מיט דעם אנגענעהמען ריח פון העלל־קאָלירטע בלומען, וועלכע האָבען אין דער פינסטערניס געשיינט און געפינקעלט וויא א טוי־זענד־פארביגער פייער. עס זיינען ארומגעפלויגען מאסען פאָפּו־גייעס, רייך־געקאָלירטע און פיעל־פארביגע וויא דיא בלומען. אויבען אויף דיא בוימער האָבען געשריען און געבאָלבעט גאנצע קאָמפּאניעס אָבעזיאנעס, וועלכע האָבען איבערגעקרימט דיא בעוועגונגען פון אונ־זערע רייזענדע. פון דיא געדיכטע, קלעפּיגע לוזשעס זיינען ארויסגע־קומען אַלערליי קריכעדיגע בעשעפּעניסען. אין איינינע ערטער האָבען דיא שפּאניער דאָ געזעהן דעם שרעקליכען באָאַ שלאנג; דאָס רוב איז ער געווען ארומגעוויקעלט ארום א דיקען בוים, אז עס איז קוים געווען צו דערקענען, אז דאָס איז ניט קיין טייל פון דעם בוים.*) אַליגאַטאָרס זיינען געלעגען ביי דיא ברעגעס פון טייכען אָדער האָבען זיך בעהאל־טען אינוויינינג אין טייך, אום פון דאָרטען א כאפּ צו טהאָן דעם פער־בייגעהער. ניט איין שפּאניער איז אומגעקומען אויף דיעזען ארט, ווערענד אנדערע זיינען אריינגעפאלען אין דיא הענד פון פיינדליכע אינדיאנער, וועלכע האָבען זיי נאָכגעהיט פון פערשיעדענע בעהעלטע־ניסען. אין איין אָרט האָבען אינדיאנער געפאנגען פערצעהן שפּאניער מיט א מאָל.

און דיא שפּייז איז אויך אויסגעגאנגען. מען האָט געמוזט אָבקו־מען מיט ווילדע קארטאָפעל אָדער מיט קאָקאָ ניס.

ביין ברעג ים איז נאָך געווען ערגער וויא אין וואלד. דיא מאָס־קיטאָס (קאמארעס) האָבען דאָרטען ארומגעבושעוועט אזעלכע מאסען־וויז, אז אָפּט פלעגען דיא שפּאניער מוזען זיך בעגראָבען ביז'ן האלז אין זאמד, ניט זעלטען זאָגאר זייערע געזיכטער אויך; דאָס איז געווען זייער איינציגער מיטעל זיך צו רעטען פון דיא שרעקליכע בע־שעפּעניסען.

---

*) אויף דיעזען אַרט נאַרט דער באָאַ אָפּ זיין קרבן. ער ליעגט ארומ־געדרעהט ארום דעם ריעזיגען בוים, ביז דיא חיה, למשל, קומט צו נאָהענט און דאַן וואַרפט ער זיך אַרויף אויף איהר.

דיא קאָמפּאַניע האָט שוין פּשוט קיין כח ניט געהאַט אויסצו־שטעהן אַזעלכע יסורים; מען האָט ניט אויפגעהערט צו רעדען וועגען פאָהרען צוריק. עס זיינען אָבער געוועזן איינציגע אויסנאַהמען; עס זיינען געוועזן עטליכע מענשען, וואָס האָבען אַלץ געקענט פערטראָגען, און ביי וועלכע קיין זאך אין דער וועלט האָט ניט געקענט לעשען זייער דורשט נאָך ווייטערע אַוואַנטורען, נאָך ווייטערע געפאַהרען. איינער פון זיי — דער מונטערסטער פון אַלע — איז געוועזן פראַנציסקא פּי־זאררא אַליין.

אָט אין דיעזע לאַגע האָט זיך געפונען זיין קליינע אַרמיי, ווען רואיז האָט זיך אומגעקעהרט מיט זיין בעריכט וועגען דיא רייכע לאַנד און מיט דיא לעבעדיגע בעווייזע פון דיא עשירות, וואָס זיא האָט אין זיך — דיא אינדיאַנער אין דיא וואָלענע קליידער מיט דיא רייכע גאָל־דענע ציערונגען, וואָס ער האָט געפאַנגען אויף דער פּערואַנער „באַלזא“.

און אַ קורצע צייט נאָך דעם איז אָנגעקומען אַלמאַגראָ מיט אַ מאַסע עסען־וואַרג און מיט נייע סאָלדאַטען. גראָד איז צו יענער צייט קיין פּאַנאַמאַ פון שפּאַניען געקומען אַ קאָמפּאַניע נייע אַוואַנטוריסטען; זיי האָבען געדורשט רייך צו ווערען אויף דעם שטייגער וויא קאָרטעס׳עס סאָלדאַטען זיינען רייך געוואָרען; אַלזאָ, האָט ער פון זיי אויסגעקלי־בען אַכציג מאַן.

מיט זאַטע מאָגענס און מיט פרעהליכע הערצער האָט מען זיך דאַן אַוועקגעלאָזען ווייטער אין דרום זייט. רואיז, דער געניטער מאַטראָז, האָט געפיהרט דיא שיפען איבער דעם זעלבען וועג, איבער וועלכען ער איז דאָ ניט לאַנג אַליין געשוואומען. אָבער דיא גוטע פּאָגאָדע, וואָס ער האָט געהאַט אויף זיין יענע רייזע, איז שוין פערשוואונדען. דיא ווינטלעך, וועלכע האָבען זיין שיף דאַן געטריעבען צו דרום צו, האָבען איצט גענומען בלאָזען אין צפון. אָפּט איז פון דיא ווינטלעך געוואָרען ווילדע שטורעם־ווינטען. און אונזערע רייזענדע מיט זייערע צוויי שיפען האָבען אין פערלויף פון פיעלע טעג זיך ארומגעוואָרפען און ארומגעשליידערט איבער משונה׳דיגע וואַסער־שטראָמען, אונטער שרעקליכע דונערען און בליצען, ביז זיי האָבען קוים דערלעבט צוצו־שלאָגען זיך צו אַ האַפען ביי דעם אויבען דערמאָנטען אינזעל גאַללאָ.

נאָך דעם וויא זיי האָבען פערריכט זייערע שיפען פון דיא שאָדען, וואָס דיא שטורמען האָבען זיי געטהאָן, און זיי אַליין האָבען זיך אויס־

גערוהט פון דיא שווערע אַרבייט וואָס זיי האָבען געהאַט מיט דיא וויגַ־טען, האָבען זיי פאָרטגעזעצט דיא רייזע. אַזוי שווימענדיג זיינען זיי ענדליך צוגעקומען צו דיא סמנים פון אַ העכערע ציוויליזאַציאָן, וועלכע רואיז האָט דאָרטען פריהער געפונען. דיא נאַטור גופא איז אין יענע ערטער אויך געווען אַ פריינדליכערע וויא אין דיא פּלעצער, וואו פּי־זאַררא און אַלמאַגראָ האָבען זיך פריהער אָבגעשטעלט. אין יענע געגענדען איז געוואַקסען אַזאַ מין בוימער מיט געוואַלדיג גרויסע גע־דרעהטע וואָרצלען, וועלכע זיינען געהאַנגען צונויפגעפּלאָנטערט אונ־טער'ן וואַסער. אָפט איז דאָרטען איינפאַך געפעהרליך געווען צוצו־שווימען נאָהענט צום ברעג, טאָמער פערטשעפּעט זיך דיא שיף און קען זיך ניט בעפרייען. דאָ זיינען אַזעלכע בוימער ניט געווען — אָנ־שטאָט זיי זיינען געוואַקסען פערשיעדענע טהייערע בוימער, וואָס האָ־בען דעם ברעג ניט געשטערט — עבען־בוימער, מאַהאַגאָני־בוימער, אַנ־דערע האַרטע בוימער, וויא אויך פאַרב־האָלץ און באַלזאַם־האָלץ; און דיא באַלזאַם־בוימער האָבען זייער געשמאַקען ריח פערשפּרייט ניט אין אַ פערפּעסטעטע זומפּען־לופט, נור אין אַ לופט, וואָס האָט מענשען גע־קרעפטיגט. און צווישען דיא וועלדער זיינען געלעגען אויסגעשפּרייט בעאַרבייטע פעלדער פון קוקורוזע און קאַרטאָפעל, געמישט מיט גערט־נער פון קאַקאַאָ־בוימער. אָפט האָבען דיא קוקורוזע פעלדער זיך גע־צויגען איבער דיא זייטען פון בערג. אויף טריט און שריט האָט מען געקענט זעהן, אז אין דיעזע געגענדען וואוינט אַן ענטוויקעלטער אַר־בייטסזאַמער פאָלק.

און וואָס ווייטער דיא שיפען זיינען געגאַנגען, אַלץ מעהר דערפער האָבען זיך געזעהן.

דיא שפּאַניער האָבען זיך אָבגעשטעלט אין טאַקאַמאַעז, אַ שטעדטעל מיט אַ פּאָר טויזענד הייזער, וועלכע זיינען געווען אויסגע־שטעלט אין גאַסען, וויא אין אייראָפּעאישע שטאָדט. זיי האָבען דאָר־טען געזעהן אַ סך גאָלד און עדעל־שטיינער. זייער שמחה איז אָבער באַלד פערשטערט געוואָרען. ווען פּיזאַררא איז אַרויס אויפ'ן ברעג מיט אַ קאָמפּאַניע סאָלדאַטען, מיט דעם צוועק, זיך דורכצורעדען מיט דיא אינדיאַנער, פאָרלויפיג אויף אַ פריינדליכען אופן, האָט זיך בעווי־זען אַ רויט־הויטיגע אַרמיי פון עטליכע טויזענד מאַן; דיא הייפעלע שפּאַניער וואָלטען אפשר טרוקען ניט אָבגעשניטען, ווען אַ סיבה וואָלט

זיי ניט געדעטעט אויף א קאָמישען אופן. אזוי וויא דיא אינדיאנער זיינען האסטיג צוגעקומען צו איהם, האָט פיזאררא זיך געאיילט זיך אומצוקעהרען צו זיינע שיפען, וואו עס האָט זיך געפונען זיין הויפט־ארמיי און זיינע בעסטע געוועהר. דערביי האָט זיך געטראָפען, אז איינער פון זיינע רייטער איז אראָבגעפאַלען פון זיין פערד. עס האָט זיך אָבער ארויסגעצייגט, אז דער אונגליק איז א גליק: דיא אינדיאַנער, וועלכע האָבען אויפ'ן לעבען ניט געזעהן קיין רייטער, האָבען מיט איבערראַשונג געקוקט אויף דיא עטליכע „דאָפּעלטע בעשעפּעניסען", און ווען דער קאוואלעריסט איז אראָבגעפאַלען און זיי האָבען געזעהן וויא פון דיא דאָפּעלטע בעשעפּענים ווערען פּלוצלונג צוויי, האָבען זיי זיך אזוי דערשראָקען, אז זיי זיינען זיך צולאָפען. פיזאררא מיט זיינע בעגלייטער האָבען אַלזאָ געקענט אונגעשטערט צוקומען צום ברעג, וואו עס זיינען געשטאַנען דיא צוויי שפאַנישע שיפען.

פון דעסטוועגען האָט דיא געשיכטע אויף דיא שפאַניער קיין גו־טען איינדרוק ניט געמאכט. דיא אינדיאנישע ארמיי איז געווען פיעל בעסער בעוואפענט וויא דיא אינדיאנער וואָס זיי האָבען פריהער געזעהן, און, וויא עס האָט געשיינט, איז זייער קאמפּפ־פעהיגקייט אויך געווען א פיעל גרעסערע.

עס איז בעשלאָסען געוואָרען, אז אלמאגראָ זאָל ווידער פאָהרען קיין פאַנאַמאַ נאָך מעהר חיל און אז פיזאַררא זאָל אויף איהם וואַרטען אויף דעם אינזעל גאללאָ, וואו מען האָט געגלויבט אז ער וועט זיין אויסער געפאהר. אָבער דיא סאָלדאטען האָבען גענומען מורמלען.

עטליכע פון דיעזע סאָלדאטען האָבען אויפגעשריעבען צו זייערע פאַנאַמע'ר פריינד בריעף, אין וועלכע זיי האָבען זיך בעקלאָגט אויף זייער לאגע, און האָבען זיי געשיקט מיט דיא מאַטראָזען וואָס זיינען געפאָהרען מיט אלמאגראָ'ן. אלמאגראָ האָט דיא בריעף ביי דיא מאַטראָזען צוגענומען און זיי פערניכטעט. אָבער איין בריעף איז געלעגען פערבאָרגען אין א קנויל באוועל, וואָס מען האָט געפיהרט אלס א מוסטער פון פּערו'ס פּראָדוקטען, און דיעזער בריעף האָט דער־גרייכט זיין ציעל. דעם קנויל באוועל האָט מען כלומר'שט געבראכט א מתנה צו דעם גובערנאטאָר'ס פרוי; אויף דיעזען אַרט האָט דער גובערנאטאָר בעקומען דיא קלאגע. דער בריעף האָט ענטהאלטען א

ביטע אַז דער גובערנאַטאָר זאָל אויף דיא רייזענדע רחמנות האָבען און שיקען אַ שיף זיי צו ראַטעווען פון אַ שרעקליכען טוידט.

אַ געוויסע צייט נאָך דעם וויא אַלמאַגראָ איז אָבגעפאָהרען מיט איין שיף, האָט פיזאַררא אַוועקגעשיקט נאָך פּאַנאַמאַ דיא צווייטע שיף אויך. געזאָגט האָט ער, אַז מען מוז איהר פּעררריכטען. מען גלויבט אָבער, אַז דאָס איז געווען בלויז אַ תירוץ פּטור צו ווערען פון אַלע שוואַכערע כאַראַקטערען, און אגב אויך צו פערקלענערען דיא צאָהל פון מיילער, וואָרים עסענוואַרג איז אויפ'ן אינזעל געווען זעהר ווייניג און איז געוואָרען אַלץ וועניגער.

ענדליך האָט זיך אָנגעפאַנגען אַן איינפאַכער הונגער. דיא אינדיאַנער פון גאַללאָ האָבען דעם אינזעל אין גאַנצען איבערגעלאָזען צו דיא ווייסע און אַליין זיינען זיי אַוועק אַנדערשוואו. קיין געפאַהר פון אַנדערע אינדיאַנער איז אויך ניט געווען. אָבער דער הונגער איז געוואָרען אַ געפעהרליכערער שונא וויא אַ פיינדליכע רויט־הויטיגע מחנה. ראַקעס און אַביסעל אָיסטערס איז געווען דיא איינציגע שפּייז, וואָס דיא אַוואַנטוריסטען האָבען געקענט געפינען צו עסען. דערצו נאָך האָבען זיך אָנגעפאַנגען דיא רעגענס, וועלכע זיינען אין דיא הייסע געגענדען זעהר גרויס און געהען פיעל טעג נאָך אַנאַנד. דער אינזעל איז געווען פּערפּלייצט מיט אַ שטענדיגען מבול. דיא אויסגעהונגערטע, אָבגעשוואַכטע, האַלב־נאַקעטע שפּאַניער זיינען געווען דורכגעווייקט ביז דיא ביינער. ווען עס וואָלט אַזוי אָנגעהאַלטען נאָך אַ פּאָר וואָכען, וואָלט פון זיי אפשר קיין שריד ופליט ניט געבליבען. עס זיינען אָבער באַלד אָנגעקומען צוויי שיפען מיט שפּייז.

צו פיזאַררא'ס איבערראַשונג האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דאָס האָט דער גובערנאַטאָר פון פּאַנאַמאַ געשיקט דיא שיפען (אונטער דער קאָמאַנדאַ פון איינעם טאַפור) אום זיי אַלעמען צו נעהמען צוריק און צו מאַכען אַ סוף פון דער גאַנצער עקספּעדיציע. דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון דעם בריעף, וואָס איז געווען איינגעוויקעלט אין דעם קנויל באַוועל.

אָבער איינער פון דיא מאַטראָזען האָט געבראַכט פיזאַררא'ן אַ בריעף פון אַלמאַגראָ'ן און לוק'ן, אַז זיי וועלען איהם באַלד צושיקען שיפען מיט שפּייז און מיט נייע מענשען. זיי האָבען זיך ביי איהם געבעטען ער זאָל ניט לאָזען צוברעכען דיא אונטערנעהמונג.

מען גלויבט, אַז פיזאַרראָ וואָלט סיי ווי סיי זיך ניט אומגעקעהרט נאָך פאַנאַמאַ. איין מאָל האָט ער זיך גענומען פאַר אַ זאַך, איז ער ניט געוועזן דער זאָרט מענש, איהר פלוצלינג אָוועקצוואַרפען. יעדענ־פאַלס האָט אַלמאַגראָ׳ס און לוק׳ס בריעף צוגעגעבען נייע קראַפט צו זיין ענטשלאָסענהייט. וויא טהוט מען אָבער מיט דיא סאָלדאַטען? זיי האָבען נאָך פריהער זיך געבעטען צוריק; און איצט, נאָך דיא שרעקליכע וואָכען פון הונגער און רעגען, איז געוויס געוועזן שווער זיך פאָרצושטעלען, אַז זיי וועלען בלייבען מיט איהם, — איצט ווען עס זיינען געקומען צוויי שיפען זיי צו נעהמען נאָך פאַנאַמאַ.

דאָ האָט פאַסירט אַ סצענע, וועלכע כאַראַקטעריזירט פיזאַרראָ׳ן מיט העלע פאַרבען.

אַרויסציהענדיג זיין שווערד פון שייד, האָט ער אין דער זאַמד געמאַכט אַ פאַס פון מזרח צו מערב, און אָנווייזענדיג אויף דעם דרום־זייט פון דיעזען גרענעץ האָט ער געזאָגט צו זיינע מענשען:

„פריינדע און חברים! אויף יענער זייט (אין דרום) ליעגט הונגער, נאַקעטקייט, רעגענס, טוידט; אויף דיעזער (אין צפון) ליעגט אַ לייכטער לעבען און פערגניגען. דאָרטען, אין דרום, ליעגט אָבער פערו מיט איהרע רייכטהימער. און אויף דער זייט געפינט זיך פאַנאַמאַ מיט איהר אָרימקייט. זאָל יעדער פון אייך זיך אויסקלייבען וואָס עס פאַסט איהם אַם בעסטען אַלס בראַווען שפּאַניער. וואָס אָנבעטרעפט מיר, געה איך אין דרום זייט!“

און מיט דיעזע ווערטער איז ער אַריבערגעטראָטען דעם פאַס.

נאָך איהם איז גלייך נאָכגעגאַנגען רואיז דער שיפס־קאַפּיטאַן, אַן אַדעליגער מיט׳ן נאָמען ק א נ ד י א, און נאָך עלף מאַן.

זיי האָבען געבעטען ביי טאַפור׳ען ער זאָל זיי איבערלאָזען איינע פון זיינע צוויי שיפען. ער האָט זיך אָבער ענטזאַגט. אפילו אַ טהייל פון זיין פּראָוויאַנט האָט מען אויך ביי איהם קוים אויסגעבעטען.

נאָך דעם וויא טאַפור איז אָוועקגעפאָהרען מיט דיא, וואָס האָבען ערקלעהרט זייער וואונש זיך אומצוקעהרען, האָט פיזאַררא זיך מישב געווען, אַז עס וועט בעסער זיין פון גאַללאָ אַריבערצוגעהן אויף דעם אינזעל ג אָ ר ג אָ נ אַ, וועלכער ליגט 75 מייל צו צפון צו. ערשטענס, האָט ער געוואוסט אַז דער פּלאַץ איז אַ בעסערער און האָט מעהר שפּייז; צווייטענס, האָט ער געגלויבט, אַז איצט, ווען דיא

קאָמפּאַניע בעשטעהט בלויז פון 14 מאַן, איז שוין ווידער אַ סכנה צו פערבלייבען אין גאַללאָ: דיא אינדיאַנער, וואָס האָבען אמאָל זיך געקליבען צו בעפאַלען רואיז'ען, קענען איצט אפשר צוריקקומען מיט אַ פיינדליכען צוועק. גאָרגאָנאַ אָבער איז ניט געווען בעזעצט. אַלזאָ האָט מען פון קלעצער צוזאַמענגעשלאָגען אַ מין פּליט, און מען האָט זיך אריבערגעקליבען אהין.

און פּיזאַררא האָט זיך טאַקע ניט גענאַרט. אויף דעם נייעם פּלאַץ האָט ער געפונען פויגלעך, וואָס זיינען געווען גוט צום עסען, וויא אויך האָזען און קראָליקעס. מיט זייערע שטאָהלענע פייל־און־בויגענס האָבען דיא פערצעהן אַוואַנטוריסטען אַלזאָ געקראָגען גענוג שפּייז, און פון דיא רעגענס האָבען זיי זיך בעשיצט מיט הייזלעך, וועלכע דאָ איז געווען לייכטער אויפצובויען וויא אין גאַללאָ. בלויז פון דיא גיפטיגע פליגען איז דאָ ניט געווען מעהר רעטונג וויא דאָרטען; און אין בעסטען פאַל איז דער לעבען דאָ קיין גן עדן פאָרט ניט געווען. ווידער האָט מען זיך געקוויקט מיט דער האָפנונג אַז אָט־אָט וועלען אָנקומען שיפען מיט פּריפּאַסען מיט אַ נייע אַרמיי פון אַלמאַגראָ'ן מיט לוק'ען; ווידער איז מען גאַנצע טעג געשטאַנען ביין ברעג אָנשטרענגענדיג דיא אויגען אויפ'ן אָרט וואו דער הימעל לאָזט זיך אראָב איבער'ן ים, — אפשר וועט אַרויסשווימען אַ זעגעל.

וואָכען זיינען פאָראיבער, און קיין זעגעל האָט זיך אַלץ ניט געזעהן.

אַרום און אַרום האָט זיך געצויגען דיא זעלבע אונבעקאַנטע נאַטור — דער ברייטער אָקעאַן פון איין זייט, און דיא הויכע, ריעזיגע אַנדען־בערג פון דער אַנדער זייט. דיא קעפּ פון דיא בערג זיינען געווען בעדעקט מיט שניי און אייז, אין וועלכע דיא גלייך־פאַלענדע שטראַה־לען פון דער זון האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט וויא אַ ים פון צושמאָלצענע, גליהענדע גאָלד. דאָס איז אַלעס. איין טאָג איז געווען פּונקט וויא דער אַנדערער.

פון צייט צו צייט פלעגען זיך אויפ'ן וואַסער בעוויייזען מאַסען פון ים־גראָזען; זיי האָבען זיך געוויגט איבער דיא כוואַליעס און פון ווייטען האָבען זיי געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דאָס איז אַ שיף; אָבער מיט דער צייט זיינען אונזערע פערצעהן רייזענדע אַזוי צוגעוועהנט געוואָרען צו אַלץ וואָס זיי האָבען געזעהן אַרום זיך, אַז מעהר האָבען זיי שוין דיעזע טעות'ן ניט געהאַט.

אין פאנאמא איז דערווייל פארגעקומען דאס פאלגענדע: ווען טאפור האט דע־לאס־ריאס׳ען, דעם גובערנאטאר, בעריכטעט וויא פיזאררא און זיינע דרייצעהן אנהעננער זיינען פערבליבען אויפ׳ן אינזעל, איז ער געווארען ווילד פון כעס און האט זיך ענטזאגט צו ערלויבען זיי צו שטיצען. לוק און אלמאגרא האבען איהם ביסלעכווייז וויעדער איבערגערעדט; אבער אליץ וואס זיי האבען ביי איהם גע׳פועל׳ט איז, אז ער זאל זיי לאזען שיקען א קליינע שיף מיט שפייז און געוועהר, אי דאס מיט דעם תנאי, דאס פיזאררא זאל אין זעקס מאנאט ארום קומען נאך פאנאמא און אבגעבען א פערזענליכען בעריכט; און וואס שפעטער וועט זיין, וועט מען דאן זעהן.

איידער מען האט פון איהם ארויסגעקראגען דיעזע ערלויבניס און איידער מען האט אויסגעשטאטעט דיא שיף, זיינען אוועק זיעבען מאנאט. דיא פערצעהן אוואנטוריסטען האבען דערווייל זיך שוין מיאש געווען ווען עס איז צו בעקומען הילף פון פיזאררא׳ס שותפים. זייער שמחה, ווען דיא שיף איז צו זיי געקומען, איז איבעריג צו בעשרייבען. דאך, ווען פיזאררא האט דערזעהן, אז קיין נייע רעקרוטען האט מען איהם ניט געשיקט, איז ער געווען ביטער ענטטוישט. ער האט זיך אבער בעשלאסען פארטצוזעצען זיין רייזע מיט דיא מענשען וואס ער האט געהאט. וואס וועט זיין, וועט זיין, — ער וועט פאהרען ווייטער צו דרום צו און בעזוכען דיא רייכע שטעדט פון פערו!

דא דארף מען ערקלעהרען דאס פאלגענדע. דיא גאנצע צייט האט פיזאררא ביי זיך געהאט דיא עטליכע אינדיאנער, וואס זיין טרייער שיפס־פיהרער, רואיז, האט מיטגענומען פון דער אויבענדערמאנטער „באלזא“; מערקווירדיג איז, דאס דיעזע רויט־הויטיגע זיינען צוגע־בונדען געווארען צו דיא שפאניער און זיינען זיי געבליבען טריי, טהיילענדיג מיט זיי אלע צרות און ליידען, וועלכע זיי האבען געהאט אויסצושטעהן אין דיא פערשיעדענע פלעצער, וואו זיי האבען געמוזטווארטען. וואהרשיינליך איז דיא אינדיאנער געוועזן לייכטער צו פער־טראגען הונגער און נויט וויא דיא ווייסע; אבער וויא דיא מעשה איז, זיי האבען זיך צו זיי צוגעוועהנט, זיך אויסגעלערענט שפאניש און זיינען זיי געוועזן זעהר ניצליכע בעגלייטער. דער לעזער וועט זיך עראינערען, אז צוויי פון דיעזע אינדיאנער זיינען געוועזן איינוואוינער פון דער פערואנער האפען־שטאדט ט ו מ ב ע ז. אלזא האבען זיי,

וויא עס שיינט, פּיזאַררא׳ן פערזיכערט, אַז ער דאַרף ניט מורא האָבען צו בעזוכען זייער לאַנד. יעדענפאַלס האָבען זיי דערנאָך אומעטום געדיענט ניט בלויז אַלס דאָלמעטשער צווישען איהם און פערואַנער, נור אויך מיט דעם וואָס זיי האָבען דיא ווייסע געלויבט און זיי אויף יעדען אַרט פערטהיידיגט.

דיא אונטערשטע שורה איז, אַז פּיזאַררא האָט זיך אָוועקגעלאָזען ווייטער צו פּערו צו. דיא פּאָגאָדע איז געווען ניט קיין שלעכטע און רואיז האָט געלאָזען דיא שיף געהן דירעקט אין דרום זייט. ביסלעכווייז האָבען זיך וויעדער גענומען זעהן בעאַרבייטע פעלדער, און צווישען דיא בערג האָט מען פון ווייטען געקענט בעמערקען וויא עס געהט אַ רויך פון דעכער. צום ענד פון צוואַנציג טאָג רייזע זיינען דיא שפּאַניער אַריינגעשוואומען אין דעם שעהנעם ג ו ו אַ י אַ ק ע ל ג אָ ל ף. דיא ברעגעס זיינען דאָ געווען פול מיט שטעדט און דערפער. דיא פלאַכע לאַנד ביין ברעג איז אייגענטליך געווען ניט מעהר וויא אַ שמאָלער פּאַס, וואָרים דיא אַנדען־בערג גיבען זיך דאָ פּלוצלינג אַ הויב אין דער הויך ביז ווייט איבער דיא וואָלקענס. דער שמאָלער שטח איז אָבער געווען דורכגעשניטען מיט פיעלע טייכלעך, וועלכע האָבען דיא לאַנד אָנגעגאָסען מיט פרוכטבאַרקייט.

פּיזאַררא האָט זיך יעצט געפונען לעבען דיא צוויי העכסטע בערג פון דעם גאַנצען קאַרדיליערען־צייל, לעבען דיא צוויי העכסטע בערג פון אַמעריקאַ — דיא בעריהמטע ט ש י מ ב אָ ר אַ ז אָ און ק אָ־ ט אָ פּ אַ ק ס י. דער לעצטער איז אַ וואָלקאַן, און ניט לאַנג פאַר דער צייט, ביי וועלכער מיר האַלטען דאָ, איז ער געווען „ביי דער אַרבייט“. ווען ער צולאָזט זיך, דאָס הייסט, ווען דיא ערד שפּייט דורך דער מויל פון דיעזען וואָלקאַן אַרויס איהר הייסען צושמאָלצענעם שטאָף אָדער איהרע בערג מיט סאַזשע, איז זיין קאָפּ שוואַרץ אָדער רויט וויא פייער. ווען ער בערוהיגט זיך אָבער, און הערט אויף צו שפּייען און אפילו צו רויכערען, פערשפּרייט זיך איבער איהם דיא שנייענע היטעל, וואָס ער טראָגט געוועהנליך.

דיא שפּאַניער זיינען געשוואומען ווייטער. יעדע עטליכע מייל, וואָס זיי זיינען אָבגעפאָהרען, האָט זיי געבראַכט צו נייע איבערראַ־ שונגען, צו נייע צייכענס פון ציוויליזאַציאָן. ענדליך זיינען זיי צוגע־ קומען צו דעם אינזעל ס אַ נ ט אַ ק ל אַ ר אַ, וויא מען רופט איהם

היינט, לעבען דעם אריינגאַנג צום האפען פון דער פערואַנישער שטאָדט ט ו מ ב ע ז, וועגען וועלכע זיי האָבען זיך אזוי פיעל אָנגעהערט פון זייערע אינדיאַנישע מיטרייזענדע. דאָרטען האָט פיזאררא געהייסען צואַנקערען דיא שיף.

אויף מאָרגען האָט מען וויעדער אויפגעהויבען דעם אנקער און מען איז געשוואומען צו דער שטאָדט. באלד האָט זיך גענומען זעהן א היבשע צאָהל שטיינערנע געביידעס און ארום־און־ארום זיי א גרינע לאָנקע. וויא דיא שפאניער שיף איז אזוי צוגעשוואומען, זיינען איהר אַנטקעגען געגאַנגען עטליכע „באַלזאַס“ מיט פערואַנער זעלנער. פיזאררא האָט זיך אָבער ערקונדיגט, אז דאָס מיינט מען ניט איהם, נור דיא פיינדליכע רויט־הויטיגע איינוואוינער פון פ ו נ א, א אינזעל פון יענע געגענדען. ווען דיא שיף האָט זיך שוין געפונען לעבען דיא באַלזאַס, האָט ער דורך זיינע דאָלמעטשערס אויסגערופען צו דיא עלסטע, אז ער לאַדעט זיי איין צו זיך אויף דער שיף. דיא איינלאַדונג איז אָנגענומען געוואָרען און דיא פערואַנער האָבען מיט אויסדריקע פון וואונדער בעקוקט אַלץ וואָס זיי האָבען געזעהן. ווען זיי האָבען געפרעגט ביי דיא עטליכע רויט־הויטיגע, וואָס זיי האָבען געפונען אויף דער שיף, וויא אזוי זיי קומען צווישען דיעזע אונגעוועהנליכע בעשעפענישען, האָבען יענע זיי אַלץ דערצעהלט, און דערביי האָבען זיי זיך צוריסען לויבענדיג דיא ווייסע; זיי האָבען זיי פאַרגעשטעלט אַלס מענשען, וועלכע קענען אויפטהאָן אַלערליי ניסים און וועלכע האָבען דיא פריעדליכסטע און פריינדליכסטע אבזיכטען. זייער איינציגער צוועק אין קומען אהער — האָבען זיי ערקלעהרט — איז צו בעזוכען דיא לאַנד און בעקאַנט צו ווערען מיט איהרע מענשען. זיי מיינען אָבער ניט קיין שום בייז; זייערע אינדיאַנישע בעגלייטער בעהאַנדלען זיי וויא ברידער, און זיי האָבען דיא בעסטע געפיהלען צו דעם גאַנצען פערואַנישען פאָלק.

פיזאררא האָט זיינע געסט געבעטען דאָס אַלעס איבערצוגעבען זייערע לאַנדסלייט און צו זעהן, אז מען זאָל איהם שיקען שפייז.

דיא איינוואוינער פון טומבעז האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען מאַסענווייז ביי'ן ברעג, און האָבען מיט אויסגעשטעלטע אויגען געקוקט אויף דעם שווימענדען טורעם מיט זיינע ווייסע מענשען.

שפעטער, ווען דער ק ו ר א ק א (דער הויפט בעאַמטער פון

דעם געגענד), האָט בעקומען דעם בעריכט פון דיא וואָס האָבען בעזוכט דיא שיף, האָט ער דאָס אויסגעהערט מיט גרויס איבערראַשונג, ער האָט אָבער גלייך געהייסען זיי אַרויסווייזען גאַסט־פריינדליכקייט.

אין אַ קורצע צייט אַרום זיינען צו דיא שפּאַניער צוגעשוואומען עטליכע „באַלזאס" אָנגעלאָדען מיט באַנאַנעס, קוקורוזע, זיסע קאַרטאָ־



אַ לאַמאַ

פעל, אַנאַנאַסען (פיין־עפּעל), פויגלעך, פיש, און עטליכע „פּערואַנער שעפּסען", אָדער „קעמלען", וויא דיא שפּאַניער האָבען גערופען דיא לאַמאַס, וועלכע זיי האָבען דאָ געזעהן צום ערשטען מאָל.*)

*) דער לעזער געדענקט, וויא אויף איינע פון זיינע דרום־רייזעס האָט

גראד איז דאן אין טומבעז געווען א מיטגליעד פון דעם הערשענ־דען שבט, דיא „א י נ ק א ס“, וויא זיי האבען געהייסען. ווען ער האט געהערט וועגען דיא וואונדערבארע ווייסע מענשען, האט זיך איהם פערגלוסט זיי צו זעהן; אלזא איז ער מיטגעפאהרען אויף איינער פון דיא באלזאס, וואס האבען געפיהרט דיא עסענוואַרג צו דער שפאני־שער שיף. אז דאס איז א וויכטיגע פערזאן, האבען דיא שפאניער לייכט געקענט זעהן פון זיינע קליידער, וועלכע זיינען געווען פון א דעליקאטע וואל־צייג, שעהן געפארבט און בעפוצט, וויא אויך פון דיא גרויסע גאלדענע אויערריינגלעך, וואס ער האט געטראגען. אחוץ דעם: דיא אנדערע פערואנער האבען זיך צו איהם פערהאלטען מיט רעספעקט. אלזא האט פיזאררא איהם אויך אבגעגעבען כבוד. ער האט איהם געוויזען דיא פערשיעדענע טהיילען פון דער שיף און דורך זיינע דאלמעטשערס האט ער איהם געענטפערט אויף אלע זיינע פראגען און אלץ ערקלערט. ווען דער אינקא־פערואנער האט געפרעגט פון וואנען זיי קומען און נאך וואס זיי קומען, האט פיזאררא אבגע׳דרשנ׳ט דיא געוועהנליכע דרשה וועגען דער קריסטליכער רעליגיאן און דיא אלמעכ־טיגקייט פון דעם שפאנישען טהראן, — דיא דרשה, וואס שפאנישע רייזענדע אין אמעריקא האבען געהאלטען פאר אלע אינדיאנישע עלסטע. דער א י נ ק א האט אלץ אויסגעהערט און גאר ניט געענט־פערט.

ווען עס איז געקומען דיא מיטאג־שטונדע, האט פיזארא איהם איינגעלאדען צום טיש. דער אינקא האט דיא אייראפעאישע אכילות געגעסען מיט אפעטיט און וועגען דיא וויין, האט ער מודה געווען, אז דאס איז פיעל בעסער וויא דיא געטראנקען וואס אין פערו מאכט מען פון קוקורוזע און פון אגאווע. ער האט זיך געזעגענט זעהר פריינדליך; ער האט איינגעלאדען דיא ווייסע אז זיי זאלען בעזוכען דיא שטאדט גופא, און פיזאררא האט איהם מיטגעגעבען עטליכע פרעזענטען מיט וועלכע ער האט זיך זעהר געפרעהט. מעהר פון אלץ איז ער נתפעל געווארען פון א שארפע נייע האק, וואס ער האט איהם געשאנקען,

באלבאא בעגעגענט אן אינדיאנער, וועלכער האט איהם דערצעהלט וועגען דער לאמא און פאר איהם אויסגעקנאטען איהר פיגור (זעה אויבען, זייטעל 97). פיזאררא איז דערביי געווען, און ער האט דאס געזעהן.

וואָרים פון אייזען האָבען דיא פערואַנער ניט געוואוסט, — אזוי וויא דיא מעקסיקאַנער.

דיא שפּאַניער האָבען צווישען זיך דעם אינקאַ אדעליגען גערופען אָ ר ע י אָ ן, דאָס הייסט „דער אויער־מאַן", צוליעב דיא גרויסע אויעררינגלעך וואָס ער האָט געטראָגען. אזוי וויא אַזעלכע גאָלדענע אויעררינגלעך האָבען געטראָגען אַלע פערואַנער פון דעם הערשענדען שבט, איז דער נאָמען נאָכהער פערבליבען און „אָרעיאָן" האָט ביי דיא שפּאַניער געהייסען אַ וויכטיגער פערואַנישער עלסטער.

אויף מאָרגען האָט פּיזאַררא געשיקט אַ מתנה צו דעם ק ו ר א ק אַ פון טומבעז — אַ פּאָר חזרים און עטליכע היהנער. ער האָט דאָס געשיקט דורך אַ שפּאַניער מיט'ן נאָמען מ אָ ל י נ אַ, און אַ נעגער, וואָס איז געקומען פון פּאַנאַמאַ מיט דער שיף, וועלכע פּיזאַררא האָט איצט געברויכט. דיעזע צוויי זיינען אַלזאָ געווען דיא ערשטע ניט־אינדיאַנער, וואָס האָבען ווען עס איז בעזוכט טומבעז. זיי האָבען דאָרטען פערבראַכט דעם גאַנצען טאָג, און אין אָבענד, ווען זיי האָבען זיך אומגעקעהרט אויף דער שיף, האָט מאָלינאַ געהאַט צו דערצעהלען פיעלע אינטערעסאַנטע זאַכען. ווען זיי זיינען ארוים אין שטאָדט — דאָט ער דערצעהלט — האָבען זיי אַרומגערינגעלט מאַסען מענשען, מען האָט זיך ניט געקענט אָבוואונדערען פון זיי. מען האָט בעקוקט מאָלינאַ'ס געזיכט, געטאַפּט זיין באָרד, זיינע קליידער. הויפּטזעכליך האָבען זיך מיט איהם אינטערעסירט דיא פרויען. זעהענדיג אַז זיי געפעלען איהם, האָבען זיי איהם פערשפּראָכען אַ שעהנע ווייב, אויב ער וועט בלייבען וואוינען אין זייער שטאָדט.

און דיא זעלבע איבערראַשונג, וועלכע עס האָט ארויסגערופען מאָלינאַ'ס ווייסע געזיכט און באָרד, האָט אויך ארויסגערופען דעם נעגער'ס שווארצער פּנים. דיא אינדיאַנער האָט זיך איינפאַך ניט געגלויבט אַז דאָס איז אַ נאַטירליכע שוואַרצקייט; זיי האָבען געפּרופט רייבען זיינע באַקען מיט דיא פינגער, צו זעהן אויב עס וועט זיך ניט אָפּרייבען.*)

---

*) פּונקט אזא סצענע איז פאָרגעקומען ווען פּאָרטוגעזישע רייזענדע זיינען צום ערשטען מאָל געקומען אין דיא נעגער־לענדער, אין אפריקא. דיא נעגערס האָט זיך ניט געגלויבט, אַז זייער ווייסקייט איז אַ נאַטירליכע,

ניט קיין קלענערע נייעס זיינען ביי דיא איינוואוינער פון טומבעז געווען דיא חזרים און דיא עופות, וואָס מאָלינא האָט געטראָגען צו זייער קוראַקאַ. זיי האָבען אַזעלכע בעשעפענישען קיין מאָל ניט געזעהן. אַלץ איז ביי דיא ווייסע געווען ניט וויא אויף דער וועלט — אַזוי האָט דאָס דיא פּערואַנער אויסגעזעהן — דיא מענשען זיינען ניט וויא אַלע מענשען און זייערע פויגלעך און בהמות זיינען אַזעלכע אונגעוועהנליכע ברואים וויא זייערע מענשען. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ווען אַ האָהן, וואָס מאָלינאַ האָט געטראָגען, האָט אַ קרעה געטהאָן, האָבען זיי געפרעגט, וואָס ער זאָגט, דער האָהן. זיי האָבען געמיינט אַז דיא אונגאַטירליכע פויגעל רעדט.

ביי דעם קוראַקאַ — האָט מאָלינאַ ווייטער דערצעהלט — האָט ער געזעהן אַ מאַסע גאָלדענע און זילבערנע כלים. דיא הויז איז אַ רייכע, אַ שטיינערנע; אין שטאָדט געפינט זיך אַ גרויסע, איינגאָרענדיגע פעסטונג, אויף פון שטיין; און לעבען דער פעסטונג שטעהט אַ טעמפּעל, וועלכער בליסטשעט אַזוי מיט גאָלד, אַז עס הויבט איינפאַך אָן צו בלענדען דיא אויגען. פיזאַררא׳ן האָט זיך איינפאַך ניט געגלויבט, אַז דאָס אַלץ איז ריכטיג, און ער האָט אַוועקגעשיקט אַ געבילדעטערען מענשען, קאַנדיאַ׳ן דעם אַדעליגען, צו זעהן אויב מאָלינאַ׳ס בעריכט איז ניט איבערטריבען. קאַנדיאַ האָט זיך אויסגעפּוצט אין זיינע פּאַראַדנע קליידער, געוועהר, פּאַנציר און קיווער און איז מיט אַ דאָל־מעטשער געגאַנגען אין שטאָדט. זיין בליסטשענדיגע שטאָהלענע היטעל און פּאַנציר און זיין אַרקעבוס האָבען דיא אינדיאַנער נאָך מעהר איבעראַשט וויא מאָלינאַ׳ס האָהן. ווען ער האָט געוויזען וויא דער אַרקעבוס לאָזט פון זיך אַרויס אַ „בליץ" מיט אַ „דונער", און צושיסט אַ ברעט אויף שטיקלעך, זיינען אייניגע פון דיא פּערואַנער אַניעדער־געפאַלען אויף דער ערד פון שרעק; אַנדערע, וויעדער, זיינען צו איהם צוגעגאַנגען מיט דיא העכסטע עהרע־פורכט, אַזוי וויא ער וואָלט געווען אַ מין גאָט.

קאַנדיאַ האָט בעזוכט דעם קוראַקאַ; איהם האָט מען אויך געוויזען דיא פערשיעדענע געביידעס פון שטאָדט, — דיא פעסטונג,

---

אין זיי האָבען געפּרופט איהר אָפּרייבען מיט שפּייעכץ. (זעה זייטעל 110 אין ערשטען באַנד פון דיעזער היסטאָריע).

דעם טעמפעל און זאגאר דיא גערטנער פון א „זלויסטער“, אין וועלכע עס האבען געוואוינט „מיידלעך פון דער זון“, דאס הייסט נאנען, מאנאשקעס פון דער זון־רעליגיאן — דיא הויפט־אמונה פון פערו. וועגען דיעזע „זון־נאנען“ וועלען מיר ריידען מיט מעהר איינצעלהייטען אין א ווייטערען קאפיטעל. דא וועלען מיר בלויז זאגען, אז קאנדיא האט אין זייערע גערטנער, אחוץ נאטירליכע בוימער און בלומען, געזעהן געמאכטע פיגורען פון פערשיעדענע פלאנצונגען און פרוכטען. דאס אלץ איז געווען אויסגעגאסען און אויסגעשניצט פון ריינע גאלד און זילבער. אויך האט ער געזעהן עטליכע ארבייטער, וואס זיינען געווען בעשעפטיגט ביי דיעזע ארבייט. וואס אנבעטרעפט דעם טעמפעל, זיינען זיינע ווענט אינוויינינג געווען פשוט בעדעקט מיט גאלדענע ברעטער. אזוי האט קאנדיא דערנאך דערצעהלט פיזארא'ן. מאלינא'ס בעריכט, האט ער ערקלעהרט, איז ניט געווען א האר איבערטריבען.

עס איז אבער פאראן א מיינונג, אז קאנדיא אליין האט איבער־טריבען. דאך, אז אין אנדערע פערואנער שטעדט זיינען ווירקליך געווען מאסען גאלד, נאך מעהר וויא קאנדיא האט בעריכטעט וועגען טומבעז — וועגען דעם איז קיין צווייפעל ניטא.

פיזארא איז געווען אויפ'ן זיעבעטען הימעל. דיא לאנד פון גאלד איז טאקע פאראן אויף דער וועלט און ער געפינט זיך שוין דארטען. אבער אלץ שמערצליכער איז געווען זיין פערדרוס, פאר וואס ער האט מיט זיך ניט קיין ארמייע, גלייך צו בעפאלען דיא רייכע שטעדט, צו בעראבעווען זייערע פאלאצען און טעמפלען און איינגעהמען דיא גאנצע מדינה. עס איז אבער געווען פערפאלען. ער האט קיין ברירה ניט געהאט; ער האט דאס געמוזט אבלעגען אויף שפעטער.

וויא מיר וועלען זעהן, איז פון דעם וואס ער האט געמוזט אבלעגען זיין בעפאל, פאר איהם ארויסגעקומען א גרויסע טובה. שפעטער, ווען ער איז אהער געקומען א צווייטען מאל, און שוין מיט אן ארמייע, איז דער רעגיערענדער שבט פון פערו געווען צושפאלטען איבער דער פראגע ווער עס איז דער אמת'ער הויפטמאן פון דעם הערשענדען שבט, און דאס האט דיא רעגיערונג אבגעשוואכט. איצט אבער איז זיא נאך געווען פעראייניגט. און עס קען זיין, אז ווען פיזארא וואלט איצט געפרופט מאכען אן אטאקע, — אפילו מיט דריי־פיער הונדערט מאן,

וויא ער האָט עס געטהאָן דערנאָך, — איצט, קען זיין, וואָלט זיך דאָס געענדיגט מיט אַ ניעדערלאַגע פאַר איהם.

וויא דיא מעשה איז, ער האָט איצט כמעט ניט געהאַט קיין שום חיל (אין סך הכל האָט ער געהאַט ארום 20 אָדער 30 מאַן), און ניט־ווילענדיג האָט ער זיך געמוזט פאַרלויפיג בענוגענען מיט אַ ווייטערע רייזע פאַזע דיא ברעגעס, מיט דעם צוועק זיך דערנאָך אומצוקעהרען אין פאַנאַמאַ נאָך זעלנער.

דיא שיף איז אַלזאָ אַוועק ווייטער צו דרום צו. אומעטום האָט מען איהם גוט אויפגענומען. ער האָט זיך אָבער אין ערגעץ לאַנג ניט אָבגעשטעלט. דיא הויפט־שטאָדט פון פערו, ק ו ז ק אָ, האָט ער איצט ניט געקענט בעזוכען, ווייל זיא האָט זיך געפונען ווייט פון ברעג. ער האָט נור בעקוקט דיא ערטער, וואָס זיינען געלעגען ביין ים. אומעטום האָט ער געהערט ווענען דיא אינקאָס, דעם הערשענדען שבט, און ווענען דעם הויפט־אינקאָ, וועלכער האָט רעגיערט איבער'ן לאַנד. קיין סך גאָלד האָט ער ניט געזעהן. ער האָט אָבער געהערט, אז אין דיא גרעסערע שטעדט זיינען דיא טעמפּלען, דיא פּאַלאַצען פון דיא אינקאָס און דיא קברים פון זייערע געשטאָרבענע פול מיט גאָלד און זילבער. וואָס ער האָט געזעהן איז אייגענטליך געווען וויכטיגער וויא גאָלד. ער האָט אומעטום בעגעגענט פרוכטבאַרע פעלדער, און וויא עס איז לייכט געווען צו בעמערקען, האָט מען זיי פרוכטבאַר געמאַכט איבער־געוואַלט, דורך ריעזיגע און קונציגע מענשליכע אַרבייט; דאָס אַלץ האָט געוויזען אויף מערקווירדיג הויכע ענטוויקלונג. אויך האָט פּיזאַררא געזעהן אַ ריעזיגען געמאַכטען וועג; דאָס האָט אויך געטראָגען אויף זיך דעם זיעגעל פון וואונדערבאַרע אָנשטרענגונגען און אויפ־טהואונגען. אָבער אַזעלכע זאַכען האָבען איהם און זיינע מיטרייזענדע ניט אינטערעסירט. דאָס איינציגע וואָס האָט זיי יא אינטערעסירט איז געווען — ג אָ ל ד.

ווען דיא שיף האָט דערגרייכט דעם ניינטען גראַד צו דרום צו*)

*) דער ערד־קוגעל ווערט אין געאָגראַפיע צוטיילט מיט פּאַסען וואָס געהען ארום און ארום איהם. דיעזע פּאַסען האָבען נומערען, און מיט זיי ווערען בעצייכענט „גראַדען", וויא מען רופט דאָס. אַ גראַד האָט אונגע־פעהר 69 ענגלישע מייל (105 וויאָרסט). זעה דעם קאַפּיטעל: „דיא ברייט און דיא לייגג פון דער ערד" אין דער ביילאַגע פון ערשטען באַנד.

האָבען זיינע בעגלייטער איהם געגומען בעטען, אז ער זאָל זיך אומ־קעהרען נאָך פּאנאמא. אזוי ווייט צו דרום צו ביי דעם אמעריקאנישען ברעג פון דעם שטילען אָקעאן איז פריהער פאר איהם יעדענפאלס ניט געווען קיין ווייסער מענש.*) מעהר בעקאנטשאפט מיט פּערו, ווען ער וועט שווימען נאָך ווייטער, וועט ער סיי וויא סיי ניט בעקומען, וואָרים דיא הויפּט־שטאָדט איז דאָך געווען ווייט פון ברעג. אלזא — האָבען זיי גע'טענה'ט — איז דאָס בעסטע דאָס ער זאָל פערקירעווען דיא שיף צוריק, וואָס גיכער קומען נאָך פּאנאמא, בעריכטען וואָס ער האָט געזעהן, און צוזאמענשטעלען אַן ארמיי אַריינצודרינגען אינעווייניג אין דיא רייכע לאנד, און איהר איינגעהמען.

פּיזארראָ האָט צוגעגעבען אַז זיי האָבען רעכט און געטהאָן וויא זיי האָבען איהם געראטהען.

צוריקפאָהרענדיג האָט ער זיך ווידער אָבגעשטעלט אין טומבעז. דאַן האָבען אייניגע פון זיינע שפאניער אויסגעדריקט דעם וואונש דאָרטען צו פערבלייבען; ער האָט ניט געהאט דאגעגען. ביז ער וועט קומען צוריק וואָלטען זיי בעקאנט געוואָרען מיט דיא מנהגים און מיט דער שפּראך פון לאנד און מיט דעם וואָלטען זיי איהם נוציליך געווען. פון דער אנדערער זייט האָט מען איהם ערלויבט מיט זיך מיטצונעהמען אויף זיין שיף א פּאָר איינוואוינער פון טומבעז, אום זיי זאָלען זיך אויסלערנען שפאניש. איינער פון דיא שפאניער, וואָס זיינען געבליבען אין טומבעז, איז געווען דער אויבער־דערמאָנטער מאָלינא, וועלכען עס זיינען אזוי געפעלען געוואָרען דיא פּערואנישע פרויען. וואָס אנבע־טרעפט דיא אינדיאנער, וואָס זיינען מיטגעפאָהרען מיט דיא שפאניער נאָך פּאנאמא, ווערט דערמאָנט דער נאָמען פון איינעם פון זיי — פון אַ יונגען בחור'ל, וועמען דיא שפאניער האָבען א נאָמען געגעבען פ ע ל י פּ י ל ל א, דאָס הייסט „דער קליינער פיליפּ“ אָדער „פילי־פעל“, וויא מען וואָלט דאָס רופען אויף אידיש. דיעזער פיליפעל איז געוואָרען צוגעבונדען צו דיא שפאניער, האָט זיך אויסגעלערענט זייער שפּראך און האָט שפּעטער געשפּיעלט א וויכטיגע ראָלע ניט בלויז אלס דאָלמעטשער נור אויך מיט דיא אינטריגען וואָס ער האָט געמאכט געגען דעם הערשענדען אינקא. אלס דאָלמעטשער האָט ער ביי פּיזאר־

*) מאַגעללאַן איז דאָך געפאָהרען פאַזע דעם מזרח ברעג פון זיד־אַמעריקאַ.

ראָ'ן פערנומען דעם זעלבען פלאץ וויא מארינא האָט פערנומען ביי קאָרטעס'ען.

ענדליך איז דיא שיף אָנגעקומען אין פאנאמא. דיא נייעס וואָס פיזאררא מיט זיינע בעגלייטער האָבען געבראכט האָט ארויסגערופען א סענזאציאָן. אָבער אויף דע־לאָס־ריאָס'ן, דעם גובערנאטאָר, האָט דאָס קיין איינדרוק ניט געמאכט. אזוי וויא גאָלד האָט פיזאררא געבראכט ווייניג און דיא הויפט־נייעס וואָס ער האָט מיט זיך געהאט, זיינען געווען עטליכע לאמאס, האָט זיך דעם גובערנאטאָר ניט געגלויבט אז דיא אונטערנעהמונג האָט א ממשות. „דערוויילן זעה איך נור, אז דאָרטען זיינען אומגעבראכט געוואָרען פיעלע שפאניער" — האָט ער געזאָגט — „ווייטער פערליערען מענשען צוליעב עטליכע אינדיאנישע שעפסען און א פאָר גאָלדענע און זילבערנע צאצקעס לוינט זיך ניט".

פיזאררא, אלמאגראָ און לוק זיינען געווען אין פערצווייפלונג. נאָך דעם וויא זיי האָט אָבגעקאָסט אזוי פיעל געלד און קרעפטען, און אלץ איז שוין כמעט געווען וויא אין קעשענע זאָל דיא גאנצע אונטערנעה־מונג גאָר פלוצלינג פערוועהרט ווערען! לוק איז געפאלען אויף א פלאן: אוועקפאָהרען נאָך שפאניען און אלץ פאָרשטעלען פאר דעם קעניג אליין. ווען ער וועט הערען וואָס פאר א רייכע, גלענצענדע לאנד פערו איז, וועט ער דעם פלאן אָבשאצען פיעל בעסער וויא דער פאנאמער גובערנאטאָר.

דער פאָרשלאג איז אָנגענומען געוואָרען, און אזוי וויא פיזאררא איז אליין געווען אין פערו און וועט אלץ קענען שילדערען מיט לעבע־דיגע פארבען, איז געבליבען אז ער זאָל פאָהרען. לוק האָט אייגענטליך צו איהם געהאט ווייניג צוטרויען; ער האָט געוואָלט אז אלמאגראָ זאָל פאָהרען. אלמאגראָ איז אָבער געווען אויף איין אויג, און מען האָט גערעכענט, אז ער וועט דעריבער אין דעם קעניגליכען הויף ניט מאכען קיין אנגענעהמען איינדרוק. אלמאגראָ, ווידער, האָט יא געהאט צוטרויען צו פיזאררא'ן, הגם יענער האָט אין הארצען געטראָגען א פערבאָרגענע שנאה אויף איהם. אלמאגראָ איז איבערהויפט געווען מעהר געניינט צו טרויען מענשען און ער איז אין אלגעמיין געווען א בעסערער, א ווארימהערציגערער און אן אויפריכטיגערער מענש וויא זיין הויפט־שותף.

קורץ, פיזאררא איז אוועק נאָך שפאניען זיך זעהן מיט'ן קעניג.

XI

# אַ בעזוך אין דעם אינקאַ'ס לאַגער.

פּיזאַררא אין שפּאַניען. — ענציזא דער אדוואָקאַט לאָזט איהם אַרעסטירען. — דער קעניג הייסט איהם אָבער אַרויסלאָזען. — פּיזאַררא'ס בעגעגעניס מיט קאָרטעס'ען. — דער עמפּפאַנג ביים קעניג. — פּיזאַררא פאָהרט צו־ריק. — זיינע ברידער. — פון פּאַנאַמאַ נאָך טומבעז. — קאַמפּף מיט דיא אינדיאַנער פון דעם אינזעל פּונאַ. — דע סאָטאָ, און זיין ראָמאַנ־טישע פערגאַנגענהייט. — אַ קאַמפּף צווישען צוויי אינקאַ־ברידער. — דער זיעגרייכער אטאהואלפּא. — פּיזאַררא טהוט נאָך איין אַלץ קאָרטעס'ען. — אין טומבעז. — פּיזאַררא בויט דיא שטאָדט סענט מי־געל. — אטאהואלפּא שטעלט זיך אָפּ אויפ'ן מיטען וועג, מאַרשירענדיג צו דער הויפּט־שטאָדט, און פּיזאררא מאַרשירט צו אטאהואלפּא'ס לאַ־גער. — געמאַכטע קאַנאַלען. — „טאַמבאָס" אָדער אָפּרוה סטאַציאָנען. — פּיזאַררא בעפרייט זיך פון עטליכע שפּאַניער, וואָס האָבען ניט גענוג מוטה. — דיא שטעדטלעך זאַראַן און קאַססאַס. — אַ שליח פון דעם אינקא מיט מתנות פאר פּיזאַררא'ן. — דיא שטאָדט גוואנקאבאמבא. — דעליקאַטע וואָלענע מאַטעריעס. — דער מאַרש איבער דיא בערג. — עס ווערט קאַלט. — דיא שטאָדט קאַססאמארקאַ. — דעם אינקא'ס הייסע בעדער. — פּיזאַררא שיקט זיין ברודער און דע סאָטאָ'ן צום אינקאַ. — אַ שטומע אויפנאַהמע. — דער אינקא אטאהואלפּא.

---

פּיזאַררא איז אָנגעקומען אין שפּאַניען זומער, אין דעם יאָהר 1528. ווען ער איז אַראָב פון שיף, אין דעם האַפען פון דער שטאָדט סעווילל, האָט מען איהם אַרעסטירט. דאָרטען האָט זיך געפונען ענציזאָ, דער אַדוואָקאַט, מיט וועלכען מיר זיינען בעקאַנט געוואָרען אין דער געשיכטע פון דיא ד א ר י ע ן קאָלאָניע. דיעזער ענציזאָ האָט געמאָהנט געלד ביי דער קאָלאָניע און אַזוי וויא פּיזאררא איז געוועזען איינער פון איהרע מיטגליעדער, האָט ער איהם געלאָזט פערהאַלטען פאַר דעם אַלטען חוב. דאָס איז געוועזען דיא ערשטע בעגריסונג וואָס

דער ענטדעקער פון פערו האָט בעקומען, ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט אין זיין געבורטס־לאַנד נאָך דעם וויא ער איז דאָרטען ניט געווען צוואַנציג יאָהר. דיא געשיכטע האָט ארויסגערופען אַן אַלגעמיינעם צאָרען געגען ענציזאָ'ן; ווען מען האָט זיך דערפון דערוואוסט אין דעם קעניגליכען הויף און מען האָט דאָרטען אויך געהערט וואָס דער ארעס־טירטער האָט אויפגעטהאָן אין זיד אמעריקא און נאָך וואָס ער איז איצט געקומען קיין שפאַניען, האָט מען גלייך איהם געהייסען בעפרייען און איהם צולאָזען צום הויף. דער קעניג, ק א ר ל ד ע ר 5־ט ע ר, האָט זיך דאַן מיט זיין סוויטע געפונען אין דער שטאָדט ט אָ ל ע ד אָ און פיזאררא איז אהין אַוועק מיט דיא אַלע זאַכען, וואָס ער האָט מיט זיך געפיהרט פון פערו.

אין שפאַניען איז דאַן גראַד געווען קאָרטעס. דאָס איז געווען זיין ערשטער בעזוך ביין קעניג נאָך דעם וויא ער האָט עראָבערט מעקסיקאָ, און דער קעניג האָט איהם אויפגענומען מיט פיעל אויפמערקזאַמקייט, וויא מיר האָבען שוין דערצעהלט אין קאַפּיטעל 9. דאָרטען האָבען מיר שוין אויך געזאָגט, אַז קאָרטעס און פיזאררא האָבען זיך דאַן בעגעגענט אין דעם לאַ ראבידא קלויסטער (ניט ווייט פון דער האַפען־שטעדטעל פאַלאָס*). זיי האָבען זיך בעגעגענט וויא גוטע בעקאַנטע און פריינד. עס איז זאָגאַר פאַראַן אַ בעריכט, אַז זיי זיינען געווען קרובים. אַז קאָרטעס'עס זיידע פון דער מוטער'ס צד האָט געהייסען פיזאררא, דאָס וויים מען בעשטימט. אָבער אויב דיעזער פיזאררא איז געווען פון דער זעלבער פאַמיליע וויא דער ענטדעקער פון פערו, קען מען זיכער ניט זאָגען.

פון אַלע זאַכען, וואָס פיזאררא האָט געבראַכט פון פערו, האָט דעם קעניג אַם שטאַרקסטען פעראינטערעסירט דיא לאַמאַ מיט דיא אויסגעצייכענטע וואָל וואָס מען האָט בעקומען פון איהרע קאָלטענע־וואַטע זייטען. פון אַזאַ בעשעפענים האָט מען אין דער אַלטער וועלט

*) אין קאָרטעס'עס סוויטע האָט זיך דאַן געפונען זיין בעליעבטער קאַ־פּיטאַן סאַנדאָוואַל. סאַנדאָוואַל איז אָבער דאָרטען באַלד קראַנק געוואָרען און געשטאָרבען. אַ מיטגליעד פון קאָרטעס'עס סוויטע איז דאַן געווען אַ שפּאַנישער סאָלדאַט, יואַן ראַדאַ, וועלכער האָט שפּעטער פיזאַררא'ן דער־שטאָכען.

ניט געוואוסט, און אפילו פאר קאָרטעס'ען איז דאָס געווען א נייעס! פיזאררא האָט אָבער אויך געוויזען גילדערנע און זילבערנע זאכען, און זיין בעריכט וועגען דיא מאסען גאָלד, וואָס געפינט זיך אין דיא פערואַנער טעמפּלען און פאַלאַצען, האָט מסתּמא אויך געמאכט אַן איינדרוק. אויך האָט ער געשילדערט דיא אַלע געפאהרען און ליידען, וואָס ער מיט זיינע אַנהענגער האָבען געהאט אויסצושטעהן; ער האָט דערצעהלט וויא זיי זיינען לאַנג געווען פערלאָזען אויפ'ן אינזעל, וויא פיעלע פון זיי זיינען געשטאָרבען פון הונגער, און וויא זיי האָבען פון דעסטוועגען ניט אויפגעגעבען זייער אונטערנעהמונג „צו פערגרעסערען דיא הערשאַפט פון שפּאַניען און פון דער קאַטוילישער קירכע". צוהערענדיג דיזע געשיכטע, איז קאַרל דער 5־טער אזוי געריהרט געוואָרען, אז ביי איהם האָבען זיך בעוויזען טרעהרען אין דיא אויגען; דער סוף איז געווען, אז ער האָט בעוויליגט אַלץ וואָס פיזאררא האָט פערלאַנגט. ער, קאַרל דער 5־טער, האָט אָבער געמוזט אוועקפאָהרען און דיא גאַנצע אנגעלעגענהייט האָט ער איבערגעגעבען צו דער קעניגין. דיא אונטער־רעדונג האָט זיך פערצויגען אויף א יאָהר, ביז דעם 26טען יולי 1529; דאַן האָט דיא רעגיערונג ענדליך מיט איהם געשלאָסען אַן אָפּיציעלען קאָנטראַקט. לויט דיזען קאָנטראַקט האָט פיזאררא בעקומען דעם טיטעל גובערנאַטאָר און קאַפּיטאַן־גענעראַל פון נײ־קאַסטיליען (דאָס הייסט פערו) אויפ'ן גאַנצען לעבען.*) זיין שותּף אַלמאַגראָ'ן האָט מען געגעבען דעם טיטעל „קאָמאַנדיר פון דער טומבעזער פעסטונג", און לוק'ען האָט מען געמאכט פאר דעם „הויפּט־גלח פון טומבעז, און גייסטליכען בעשיצער פון דיא אינדיאַנער פון פערו". רואיז האָט בעקומען דעם טיטעל „גרויסער פּילאָט פון דעם דרום אָקעאַן", וועהרען קאַנדיאַ'ן איז געגע־

---

*) קאַסטיליען איז פריהער געווען אַ בעזונדערע קעניגרייך. איצט אָבער איז זיא געווען אַ טייל פון דער פעראייניגטער שפּאַניען. פערו האָט מען אלזאָ אַ נאָמען געגעבען נײ־קאַסטיליען. פּונקט וויא מעקסיקאָ האָט מען גערופען נײ־שפּאַניען.

מיט 20 טעג פריהער, דעם 3טען יולי, האָט קאָרטעס בעקומען דעם טיטול מאַרקיז. אַזאַ טיטול האָט פיזאררא שפּעטער אויך בעקומען, וויא מיר וועלען ווייטער זעהן.

בען געוואָרען דיא קאָמאַנדע איבער דיא פּערואַנישע אַרטילעריע. וואָס אַנבעטרעפט דיא אַנדערע שפּאַניער וועלכע זיינען דאָן אַריבער דעם פּאַס, וואָס פּיזאַראָ האָט געמאַכט אין זאַמד, האָט מען זיי אַלעמען געמאַכט פאַר אַדעליגע. דאָס זעלבע איז נאַטירליך געוועזן מיט פּיזאַררא'ן און אַלמאַגראָ'ן. דיא צוויי אונגעזעצליכע קינדער זיינען איצט געוואָרען נאָבעל־לייט.

דיא גרעסטע טיטלען און דיא הויפּט־מאַכט האָט אַלזאָ בעקומען פּיזאַררא. ער האָט אייגענטליך בעקומען דיא מאַכט פון וויצע־קעניג איבער גאַנץ פּערו, ווערהענד אַלמאַגראָ'ן און לוק'ן האָט מען איינגע־טהיילט גאַנץ אונבעדייטענדע ראָלען.

פּיזאַררא'ן איז שווער געוועזן צו קריעגען דיא געלד וואָס איהם איז נויטיג געוועזן צו זיין רייזע, אָבער קאָרטעס איז איהם געקומען צו הילף. מען דאַרף אויך בעמערקען, אַז מיט דעם גופא, וואָס ער איז איצט געוועזן אין שפּאַניען, האָט קאָרטעס איהם פיעל געהאָלפען. ווען ניט דער גערודער וואָס ער האָט אָנגעמאַכט מיט זיין מעקסיקאָ, וואָלט דער ענטדעקער פון פּערו פּילייכט ניט געקענט צוקומען צום קעניגליכען הויף און מען וואָלט איהם אַזוי גיך ניט אַרויסגעלאָזען פון טורמע. קאַרל דער 5־טער, וויא מיר ווייסען שוין, האָט זיך מיט שפּאַניען און מיט איהרע קאָלאָניעס דאָן איבערהויפּט ווייניג אינטערעסירט. ער איז געוועזן בעשעפטיגט מיט זיין רוימישע אימפּעריע. אחוץ דעם — פון אַמע־ריקאַ האָט מען פריהער געהאַט מעהר צרות וויא נוצען. אַ נייער ענט־דעקער אין יענע לענדער וואָלט דעריבער געצויגען גאַנץ ווייניג אויפ־מערקזאַמקייט. איצט אָבער, ווען עס האָט געקלונגען מיט דיא אוצרות, וואָס קאָרטעס האָט געבראַכט פון מעקסיקאָ, האָט אַמעריקאַ ווידער בעקומען אַ ווערדע, און אפילו קאַרל דער 5־טער האָט זיך פעראינ־טערעסירט.

פון דעסטוועגען, ווען עס איז געקומען צו געלד, איז פּיזאַררא'ן שווער געוועזן צו בעקומען דיא נויטיגע סומע, און ווען ניט קאָרטעס'עס שטיצע וואָלט ער זיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט. ניט גרינגער איז איהם אָנגעקומען, ווען ער האָט זיך געווענדעט נאָך מענשען, וואָס זאָלען אַנטהייל־נעהמען אין זיין עקספּעדיציע. עס האָבען זיך געפונען זעהר ווייניג בעלנים. פאַר וואָס דאָס איז, ווערט דייטליך ניט ערקלעהרט. מען ווייזט אפילו אָן אויף דיא שרעקליכע ליידען, וואָס פּיזאַרר...

מענשען האָבען געהאט אויסצושטעהן אויף זיינע פריהערדיגע רייזעס. אָבער אזעלכע זאכען האָבען דאָך שפּאנישע רייכטהום־זוכער ניט אָבגעשטעלט. וויא דיא מעשה איז, פּיזאַרראָ איז ניט אין שטאנד געווען צוזאמענצונעהמען דיא צאָהל רעקרוטען, וועלכע עס האָט זיך געפאָדערט לויט זיין קאָנטראקט מיט דער רעגיערונג. ער האָט בעדארפט אין פערלויף פון זעקס מאָנאט האָבען א קאָמפּאניע פון צוויי הונדערט און פופציג גוט־בעוואפענטע סאָלדאטען. און ווען דיא זעקס מאָנאט זיינען פאָריבער, האָט ער אזא צאָהל נאָך ניט געהאט. ער האָט אָבער אָבגענארט דיא רעגיערונגס־בעאמטע; זיי געזאָגט, אז ער האָט א געוויסע צאָהל רעקרוטען אויף אַן אנדער שיף און אויף דיעזען ארט איז ער מיט א קליינע ארמיי אוועק נאָך פּאנאמא.

צווישען דיא, וואָס ער האָט איצט מיטגענומען פון שפּאניען, צו זיין רייזע נאָך פּערו, זיינען געווען זיינע פיער ברידער און שטיף־ברידער. דריי פון זיי זיינען געווען אונגעזעצליכע קינדער אזוי וויא ער, און איינער א געזעצליכער. אזוי וויא זייער פאָטער איז געווען אַן אדעליגער, איז דיעזער געזעצליכער זוהן אויך געווען אַן אדעליגער. ער האָט געהייסען הערנאנדאָ. ער איז געווען אזא פּעסטער, אונערשראָקענער, בארמלאָזער און געוויסענלאָזער יונג וויא דער ענט־דעקער פון פּערו, נור שטאָלצער וויא ער. הערנאנדאָ איז געווען עלטער וויא פראנציסקאָ.

ווען פראנציסקאָ פּיזאררא מיט זיינע סאָלדאטען און אָפיציערען זיינען אָנגעקומען אין פּאנאמא, און זיינע צוויי שותפים האָבען זיך דערוואוסט, אז דער טהראָן האָט איהם געגעבען אלע וויכטיגע טיטלען, און זיי אונבעדייטענדע, האָבען זיי זיך אויף איהם ארויפגעוואָרפען מיט פּראָטעסטען און בעשולדיגונגען. ער האָט גע׳טענה׳עט, אז ער האָט געטהאָן אלעס מעגליכעס צו פּועל׳ן ביי דער קעניגין אז מען זאָל אלמאגראָ׳ן מאכען פאר אדעלאנטאדאָ (א מין וויצע־גובערנאטאָר), און אז זיא האָט זיך ענטזאגט אזוי צו טהאָן; זיא וויל, אז דיא מאכט זאָל אין יעדער בעזיגטער מדינה זיך געפינען אין איין האנד, און ניט זיין צוטהיילט, — האָט ער ערקלעהרט. זיי האָבען איהם אָבער ניט געגלויבט, און לוק האָט דערמאָנט אלמאגראָ׳ן וויא ער האָט איהם פריהער געוואָרענט, אז פּיזאררא וועט אין שפּאניען אויפטהאָן עפּעס

אַ שווינדעל. עס איז געוואָרען אַ קריעגעריי, אָבער מען האָט ווידער וויא עס איז שלום געמאַכט. וואָרים דער עיקר פון זייער שותפות איז דאָך יעדענפאַלס געבליבען אונגעשטערט, — נעמליך, אַז דיא איינ־קינפטע פון דער עראָבערטער לאַנד, נאָך אַלע הוצאות, און נאָך דעם וויא מען וועט אראָבנעהמען אַ פינפטעל פאַר דער קרוין און דיא חלקים פון דיא אַנדערע אַנטהייל־נעהמער, — אַז דיא איינקינפטע זאָלען צו־טהיילט ווערען צווישען זיי דרייען גלייך.

מען האָט אָנגעהויבען זיך צוגרייטען צו דער רייזע. אָבער צווישען דיא פאַנאַמער קאָלאָניסטען האָט דיא אונטערנעהמונג ארויסגערופען ניט מעהר בעגייסטערונג וויא אין שפּאַניען. אין סך הכל האָט מען קוים צוזאַמענגענומען — אין שפּאַניען און דאָ — 180 מאַן, מיט 27 פערד. שיפען האָט מען געקויפט דריי — צוויי גרעסערע און איינע אַ קלענערע. מיט דעם האָט פיזאַרראָ זיך בעשלאָסען אָנצופאַנגען זיין רייזע, אין דער האָפנונג אַז אַלמאַגראָ, וועלכער האָט בעדאַרפט בלייבען אין פאַנאַמאַ, וועט צוציהען נאָך אַוואַנטוריסטען.

וויא דער שטייגער איז געווען, האָט מען דיא פאָהנען פון דער עקספּעדיציע פריהער געבענשט אין אַ קירכע; אַ גלח האָט מתפלל געווען צו גאָט אַז ער זאָל מצליח זיין דעם קרייץ־צוג געגען דיא „אפיקורסים” (דאָס הייסט דיא פּערואַנער), און נאָך דיעזע אַלע הייליגע ברכות און הכנות האָט מען זיך אַוועקגעלאָזען אויף אַ רויב און מאָרד עקספּעדיציע דירעקט נאָך טומבעז.

דיא שיפען זיינען אָבגעשוואומען פון פאַנאַמאַ אין יאַנואַר, 1531. דער ווינט האָט אָבער ניט אימער געבלאָזען וויא מען האָט געוועלט, און דעריבער האָט מען זיך געמוזט אָבשטעלען פריהער וויא מען האָט דערגרייכט דעם אָנגעמערקטען ציעל. פיזאַרראָ מיט דיא גרעסערע טהייל פון זיין אַרמיי האָבען זיך אַרויסגעזעצט און ווייטער גערייזט איבער דער יבשה ניט ווייט פון דיא אַנדען־בערג, וועהרענד דיא דריי שיפען זיינען געשוואומען וויא פריהער. אויפ'ן וועג איז דער קאָמאַנדיר בעפאַלען אַ שטעדטעל און צוגענומען יעדע ווערטה־זאַך וואָס ער האָט דאָרטען געפונען — אַ מאַסע גאָלד, זילבער און עמעראַלד שטיינער. שפּעטער איז ער צוגעקומען צו דעם אויבענדערמאָנטען אינזעל פּונאַ, וועלכער געפינט זיך ניט ווייט פון טומבעז. פּערו האָט דיא איינוואוינער פון דיעזען אינזעל ערשט מיט אַ קורצע צייט צוריק

בעזיעגט; צו דיא איינוואוינער פון דער פערואַנישער שטאָדט טומבעז האָבען זיי זיך דעריבער נאָך איצט אויף פערהאַלטען פיינדליך.

פון דיא דאָרטיגע אינדיאַנער האָט פיזאררא געהאַט א היבשע ביי־סעל צרות. צו זיין פרייד האָט ער אָבער פון אַלמאַגראָ'ן באַלד בעקומען צוויי שיפען מיט הונדערט נייע סאָלדאַטען און א געוויסע צאָהל פערד.

דער קאָמאַנדיר איבער דיעזע צוויי שיפען איז געווען א קאַפּיטאַן, וועלכער האָט אין דער עראָבערונג פון פערו א וויכטיגען אַנטהייל גענומען און וועלכער האָט זיך שפּעטער בעריהמט געמאַכט אַלס דער ענטדעקער פון דעם גרויסען טייך פון דיא היינטיגע פעראייניגטע שטאַאַטען, דיא מ י ס ס י ס ס י פ פ י — וויא מיר וועלען דאָס זעהן אין א בעזונדערען קאַפּיטעל. זיין נאָמען איז געווען ה ע ר נ א נ ד אָ ד ע ס אָ ט אָ. אַזוי וויא איהם וועט אויסקומען צו שפּיעלען א בעדייטענדע ראָלע אין אונזער ערצעהלונג, וועלען מיר דאָ זיך אָבשטע־לען, דעם לעזער בעקאַנט צו מאַכען מיט זיין פערגאַנגענהייט.

ער איז געבאָרען געוואָרען אין שפּאַניען, אין דער זעלבער פּראָ־ווינץ (עסטרעמאַדורא), וויא קאָרטעס און פיזאררא. זיינע עלטערען זיינען געווען אַדעליגע, אָבער אָרימע; און פעדראַריאַס, דער וואָס איז דערנאָך געוואָרען גובערנאַטאָר פון דאַריען און פּאַנאַמאַ, האָט זיך צו איהם מתקרב געווען. ער האָט איהם געגעבען שטודירען אין אוניווער־זיטעט. אָבער דע סאָטאָ האָט געהאַט מעהר חשק צו שווערדען און צו פערד, וויא צו ביכער. ער איז געווען א הויכער, שעהנער כוואַטסקער יונג, פלינק, קרעפטיג און אונערשראָקען. אין זיין פּראָווינץ האָט ער זיך א שם געמאַכט אַלס דער בעסטער רייטער און דער קונציגסטער פעכטער. ווען דיא אַריסטאָקראַטישע „ספּאָרטס" פלעגען זיך פערוועטען אין דיעזע זאַכען, פלעגט ער אימער זיין דער ערשטער. צווישען איהם און פעדראַריאַס'עס צווייטע טאָכטער, א י ז א ב ע ל ל א, איז אויסגעוואַקסען א ראָמאַן. ווען פעדראַריאַס האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער אויפגעבראַכט געוואָרען. ער האָט געהאַט אין זינען איהר חתונה צו מאַכען פאַר א רייכען אַריסטאָקראַט, ניט פאַר אַן אָרימאַן, וויא דע סאָטאָ. איזאַבעללאַ איז אָבער אין דעם כוואַטסקען קאַוואַ־לעריסט געווען טיעף פערליעבט; אַלזאָ האָט דער ביטרער, האַרצ־לאָזער, בלוטדורשטיגער פעדראַריאַס געזוכט א מיטעל פאָרלויפיג דעם

שידוך צו פערציהען, דע סאָטאָ'ן אוועקצונעהמען פון שפּאַניען, און איהם צו פערניכטען. אַזוי וויא ער, פּעדראַריאַס, האָט בעקומען דיא שטעלע אַלס גובערנאַטאָר פון דאריען, האָט ער איהם פאָרגעשלאָגען מיט איהם מיטצופאָהרען אַהין. זאָל ער דאָרטען זיך ערווערבען גאָלד און אַ נאָמען, וועט ער איהם געבען איזאַבעללאַ'ס האַנד — אַזוי האָט ער כלומרשט געזאָגט. דע סאָטאָ איז מרוצה געוואָרען, און אַזוי איז ער מיט דעם גובערנאַטאָר אַוועק נאָך דאריען. (לאָמיר דאָ בעמערקען אַז צוזאַמען מיט איהם איז דאַן מיט פּעדראַריאַס'ען נאָך דאריען אויך געפאָהרען אַלמאַגראָ.)

דע סאָטאָ האָט געהאַט מעהר מענשליכע געפיהל אין זיך וויא פיעלע פון דיא אַנדערע אַוואַנטוריסטען, (הגם אין דיא שפּעטערע יאָהרען האָט זיך אין איהם ענטוויקעלט געגוג מערדערליכקייט). ער האָט ניט געקענט צוזעהן דיא ווילדע, דיא וואַהנזיניגע רציחה, מיט וועלכע פּעדראַריאַס פלעגט פערגיסען דיא בלוט פון אונשולדיגע אינדיאַנער, — וויא ער פלעגט זיי לאָזען צוריסען ווערען פון הינט, וויא ער פלעגט זיך איבער זיי איזדעקעווען אויף פערשיעדענע אַרטען, זיי ברענען, בראָטען, שניידען זייער פלייש שטיקער־ווייז. פּעדראַריאַס האָט אַלץ געזוכט אַ וועג פון איהם פּטור צו ווערען, און דעריבער פלעגט ער איהם שיקען אויף דיא געפעהרליכסטע עקספּעדיציעס. דער פלינקער אָפיציער איז אָבער לעבען געבליבען. ניט זעלטען ווען דיא עקספּעדיציע איז געווען אַ בעזאָנדערס אונמענשליכע פלעגט ער זיך ענטזאַגען. איין מאָל ווען ער האָט איהם געשיקט זאָגען, אַז ער זאָל געהן אויף אַ מערדערליכע אטאַקע געגען אונשולדיגע, הילפלאָזע רויט־הויטיגע, האָט ער דעם שליח שאַרף בעליידיגט. פּעדראַריאַס האָט דאַן געבראַכט דערצו, אַז דיא צוויי אָפיציערען זאָלען האָבען אַ דועל. יענער איז געווען אַ בעריהמטער דועליסט, אַלזאָ איז דער גובערנאַטאָר געווען זיכער, אַז דע סאָטאָ וועט פאַלען טוידט. דער דועל האָט זיך אָבער געענדיגט מיט דע סאָטאָ'ס זיעג. אַן אַנדערש מאָל, ווען פּעדראַריאַס האָט געפאַנגען אַ מאַסע אינדיאַנישע פרויען און קינ־דער, האָט דע סאָטאָ איהם געצוואונגען זיי אַרויסצולאָזען. דיא שפּאַ־נישע דראַגונער זיינען אַלע געווען אויף זיין (דע סאָטאָ'ס) זייט, און דער אַלטער מערדער איז געצוואונגען געווען נאָכצוגעבען. ער איז אייגענטליך געווען בעליעבט ביי אַלע קאָלאָניסטען, דע סאָטאָ; ער

האָט צווישען זיי געהאַט אַ שם פאַר דעם בעסטען קאַוואַלעריסט, פאַר דעם פעהיגסטען און פייערדיגסטען דראַגונען־קאָמאַנדיר, און פאַר אַ סימפּאַטישען, טרייען חבר.

ווען פּעדראַריאַס איז אראָפּגעזעצט געוואָרען פון זיין גובערנאַטאָר־שטעלע און ער האָט זיך בעזעצט אין וועראַגואַ און דערנאָך אין ניקעראַגואַ, איז דע סאָטאָ מיט איהם מיטגעגאַנגען. ער האָט איהם געהאַסט, דעם אַלטען שלאַנג. ער האָט זיך אָבער קאָנטראָלירט, און אין סך הכל איז ער איהם געווען טריי — אַלץ צוליעב זיין טאָכטער איזאַבעללאַ. אין ניקעראַגואַ האָט פּעדראַריאַס זיך ווידער גערעכענט פאַר גובערנאַטאָר. דיא פערבאָרגענע שנאה צווישען זיי האָט ענדליך ארויסגעפּלאַצט.

איין מאָל האָט פּעדראַריאַס געטוידט דע סאָטאָ'ס אַ פריינד און געהייסען אַן אָפיציער פאַנגען און טוידטען דע סאָטאָ'ן אַליין אויך; „אַלס פערברעכער געגען דעם גובערנאַטאָר און געגען דעם קעניג", האָט ער איהם געהייסען פּעראַורטהיילען. דער קאַוואַלעריסט האָט אָבער צוהאַקט דעם אָפיציער'ס קאָפּ איידער יענער האָט פּאָספּייעט זיך צו איהם צוצוריהרען. דאַן איז ער אויף זיין פערד דורכגעפלויגען דורך דיא רייהען סאָלדאַטען, גלייך צו פּעדראַריאַס'ען.

— מערדער! פייגלינג! — האָט ער געשריען, אָנשטעלענדיג זיין שווערד אָן פּעדראַריאַס'עס ברוסט. — ווי אַ לומפּיגער מערדער האָסטו אומגעבראַכט דעם עדעל־הערציגען באַלבאָאַ! און איצט ווילסטו טהאָן דאָס זעלבע מיט מיר? באַלבאָאַ איז געווען דער חתן פון דיינע אַ טאָכטער, און איך בין דער חתן פון דיינע אַ טאָכטער.

די סאָלדאַטען האָבען געהאַלטען מיט דעם קאַוואַלעריסט.

— מאַך אַ סוף פון דעם טיראַנישען לומפּ! — האָבען זיי געשאַלט

— מאַך אַ סוף פון איהם!

אָבער בעפלעקען זיינע הענד מיט דיא בלוט פון זיין געליעבטע'ס פאָטער האָט איהם זיין האַרץ ניט געלאָזען.

דיא שפּאַניער פון ניקאַראַגואַ האָבען איהם געמאַכט פאַר זייער פיהרער. זיי האָבען איהם צוגערעדט ארייננצוכאַפּען דיא רעגיערונג אין זיינע הענד. ער האָט זיך אָבער דאַן פּעראינטערעסירט מיט אַן אַנדער זאַך. ער האָט זיך גענומען זוכען אַ וואַסער דורכגאַנג פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן צו דעם שטילען, וויא קאָלומבוס, קאָרטעס און

אַנדערע האָבען געטהאָן. און ער האָט נאַטירליך געהאַט פּונקט אַזוי ווענין ערפאָלג וויא זיי. מיט דיעזע רייזע זיינע האָט ער אָבער אויס־געפּאָרשט זיעבען הונדערט מייל נייעס לאַנד, און זיך אומגעקעהרט פון איהר מיט אַ סך גאָלד.

אויפ'ן וועג, מאַרשירענדיג מיט זיינע אַנהענגער פּאַזע ברעג, האָט ער בעגעגענט אַ שיף, וואָס איז געגאַנגען צו פּאַנאַמאַ, און ער האָט איהר געדונגען. דער קאַפּיטאַן פון דיעזע שיף איז געווען אַ ניכטסווירדיגע, ניעדריגע בעשעפּעניס, אַ האַרצלאָזער יונג מיט'ן נאָמען וואַלענציעלאַ. וואָס דאָס איז פאַר אַ נפש האָט דע סאָטאָ צוערשט קיין בעגריף ניט געהאַט. ער האָט זיך אָבער באַלד דערוואוסט, און קיין גוטעס איז פאַר דעם קאַפּיטאַן דערפון ניט אַרויסגעקומען.

איין מאָל, ווען דיא שיף איז פערבייגעשוואומען פערביי אַ געוויסען אינזעלע, האָט וואַלענציעלאַ פאַר זיינע מיטרייזענדע דער־צעהלט דאָס פאָלגענדע:

— איהר זעהט אָט יענעם אינזעלע? פאַר אַ יאָהרען האָט דאָרטען געטראָפען אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע, כלעבען. מיר איז דאַן דאָ אויסגעקומען פערביי צו שווימען. איהר געדענקט דאָך אודאי קאָדראָ'ן, דעם געלעהרטען מאַן, דעם שטערען־זעהער? נו, איז ער מיט מיר געפאָהרען. פּעדראַריאַס איז אויף איהם געווען בייז עפּעס פאַר אַ בריעף, וואָס ער האָט אימיצען געבראַכט פון שפּאַניען; ווען ער האָט געהערט אַז קאָדראָ קלייבט זיך צו פאָהרען אויף מיין שיף, האָט ער מיר געהייסען דעם חברה־מאַן פּטר'ען. נו, האָב איך געטהאָן וויא מען האָט מיר געהייסען און האָב איהם אַוועקגע'פּטר'ט, דעם חכם. צום מאַסט האָב איך איהם צוגעבונדען און אַזוי האָב איך איהם געהאַלטען אָהן עסען און טרינקען ביז ער איז אויסגעגאַנגען. ער האָט אָבער אָבגעזשיפּעט צעהן טעג, דער בחור! פאַר'ן טויודט איז ער זיך מישב און סטראַשעט מיך מיט שטערען־זעהעריי; אַז אין אַ יאָהר אַרום וועל איך אויך שטאַרבען. איך האָב געלאַכט פון זיין קאָפּ, און באַלד איז ער געשטאָרבען. אָט אויף דעם אינזעל האָבען מיר איהם בעגראָבען.

צווישען דיא, וואָס האָבען צוגעהערט דיא געשיכטע איז געווען דע סאָטאָ. ער האָט זיך קוים קאָנטראָלירט אויסצוהערען ביז'ן סוף.

קאדרא איז געווען זיינער א ווארימער פריינד, און דעם בריעף האט ער דאס געבראכט צו איהם, צו דע סאטא'ן. ווען קאדרא איז געפאהרען נאך שפאניען האט ער אהין מיטגענומען פון איהם א בריעף צו איזאבעללא'ן, און ווען ער איז געפאהרען צוריק, האט זיא איהם געגעבען אן אנטווארט־בריעף — אז זיא ווארט אלץ אויף איהם, אז זיא איז איהם טריי וויא אימער. אט פאר דיעזען בריעף, וועגען וועלכען פעדראריאס האט זיך דערוואוסט, האט דאס דער שטערען־זעהער פערלארען זיין לעבען.

— עס איז שוין באלד א יאהר, און דעם שטערען־זעהער'ס נבואה איז נאך פארלויפיג ניט מקוים געווארען — האט וואלענציעלא געזאגט מיט געלעכטער.

דא איז צוגעשפרונגען דע סאטא; האט ארויסגעכאפט זיין שווערד פון שייד, און אויסרופענדיג: „אייל זיך ניט, דוא ניעדער־טרעכטיגער! דיא נבואה ווערט יא מקוים!“ — האט ער דעם שיפס־קאפיטאן געשטאכטען אין הארצען.*)

אין דער פערהונגערטער, פער'צרה'טער פאנאמא האט דע סאטא זיין גאלד פערלארען און ווען אלמאגרא און פיזארדא האבען זיך געוועגדעט צו איהם ער זאל מיטפאהרען מיט זייער חיל, איז ער מרוצה געווארען. ער איז מיט פיזארדא'ן געווען גוט בעקאנט פון דאריען, און האט צו איהם גאנץ ווייניג רעספעקט געהאט. פיזארדא האט שוין אבער געהאט ערלויבנים פון דער קרוין צו עראבערען דיא גאלד־לאנד; אלזא האט דע סאטא זיך בעשלאסען אנטהייל צו נעהמען אין זיין עקספעדיציע.

ביי דער צייט, וואס דע סאטא איז מיט זיין חיל צוגעשוואומען צום אינזעל פונא, האט פיזארדא פון דיא אינדיאנער פון טומבעז זיך דערוואוסט, אז דיא פערואנישע רעגיערונג איז איצט צוריסען פון דעם וואס צוויי זיהן פון דעם לעצטען „אינקא“ (דעם הויפט־הערשער פון לאנד) **) האבען א צוזאמענשטויס איבער זייער פאטער'ס ירושה.

---

*) עס איז מעגליך, אז דיא מעשה איז צוגעפוצט, אום עס זאל אויס־קומען, אז דיא נבואה איז מקוים געווארען.

**) „אינקא“ האט געהייסען דער גאנצער הערשענדער שבט. און „אינקא“, „דער אינקא“ האט אויך געהייסען זיין עלטסטער.

איין ברודער האָט געהייסען אַטאַהואַלפּאַ און דער אַנדערער — הואַסקאַר. הואַסקאַר האָט געהאַט מעהר רעכט אויף דעם „טהראָן“, נור אַטאַהואַלפּאַ איז געוועזען אַ פעהיגערער און ענערגישערער מענש, און אַ געניטערער קריעגס־מאַן. עס איז אויך געוועזען אַ דריטער ברודער, מאַנקאָ קאַפּאַק, נור וועגען איהם וועט אונז אויס־קומען צו ריידען ערשט שפּעטער. דערווייל האָט ער קיינע פּרעטענזיעס אויף דער הערשאַפט ניט געהאַט. דער קאַמפּף איז געווען בלויז צווישען יענע צוויי ברידער.

ווען פּיזאַררא האָט דערהערט וועגען דיעזע צושפּאַלטונג אין דער פּערואַנער הערשאַפט, האָט ער זיך דערפרעהט. אין מעקסיקאָ זיינען אויך די פעלקער ניט געווען איינינ (הגם דאָרטען איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע לאַגע, גאַנץ אַנדערע אומשטענדען, וויא עס וועט ערקלעהרט ווערען אין קאַפּיטעל 13), און קאָרטעס האָט זיך דאָך מיט דעם בענוצט. אַלזאָ האָט פּיזאַררא געהאָפט אַז דיא יעצטיגע צוטהיילטקייט פון פּערו וועט איהם צוניץ קומען אויף אַן עהנליכען שטייגער.

שפּעטער אביסעל וועלען מיר זעהן וויא פּיזאַררא האָט קאָרטעס'ען נאָכגעמאַכט אין אַן אַנדער וויכטיגען פּונקט אויך. איבערהויפּט דאַרף מען בעמערקען, אַז דער ענטדעקער פון פּערו האָט געהאַט פיעל קלענערע פעהיגקייטען וויא דער ענטדעקער פון מעקסיקאָ. מוטה, ענערגיע, טייפעלשע חוצפּה און אייזערנעם ווילען האָט פּיזאַררא געהאַט ניט ווענינער וויא קאָרטעס. מאַרך האָט דיא נאַטור איהם אָבער געגעבען אין אַ פיעל קלענערע מאָס. ער איז אייגענטליך געוועזען ניט מעהר וויא אַ גראָבער סאָלדאַט, מיט שטאָהלענע נערווען און אַזוי ווענינ שכל וויא האַרץ. ווען ער וואָלט אין וויכטיגע מאָמענטען ניט נאָכגעטהאָן קאָר־טעס'ען, וואָלט זיין אונטערנעהמונג זיך אפשר ארויסגעצייגט ניט נאָך זיינע כחות נאָך. זיין גאַנצע אונטערנעהמונג, אין אַלגעמיין ריידענדיג, איז געווען אַ קאָפּיע פון קאָרטעס'עס. קאָרטעס האָט געגעבען דעם ערשטען ביישפּיעל וויא אַזוי מיט אַ הייפעל סאָלדאַטען אַריינצודרינגען אין אַ מעכטיגע לאַנד מיט אַ גרויסע, גוט־אָרגאַניזירטע אַרמיי. דערצו פּאָדערט זיך גרויסקייט. נאָכצוטהאָן אַ גרויסען, צו זיין דער צווייטער — דאָס איז פיעל גרינגער.

אויף צו שפּרינגען אין פייער איז פּיזאַררא אָבער געוועזען ניט קיין קלענערער בריה וויא קאָרטעס.

ער האָט זיך בעשלאָסען צו פערלאָזען דעם אינזעל און אריבערצו־קלייבען זיך אין טומבעז. מיט זיין יעצטיגער ארמיי איז ער געווען בערייט אָנצופאנגען זיין פּאָכאָד אויף דיא וויכטיגסטע שטעדט פון פּערו.

פאָרלויפיג זיינען דיא פערהעלטניסע צווישען איהם און דיא טומבעזער געווען פריינדליכע — אזוי, ווענינסטענס, האָט זיך דאָס געזעכענט. וויא גרויס איז דעריבער געווען זיין איבערראשונג, ווען איינינע פון זיי זיינען בעפאלען זיינע א „באלזא", אוועקגעשלעפּט דיא דריי שפּאניער, וואָס האָבען איהר געפיהרט, און זיי געטוידט! אנדערע טומבעזער האָבען שוין ארומגערינגעלט א צווייטע באלזא, אויף וועלכע עס האָבען זיך געפונען עטליכע פון פיזאררא'ס מענשען מיט זאכען, נור יענע האָבען געמאכט א גוואלט און זייערע אָנגרייפער האָבען זיך דערשראָקען און זיינען פערשוואונדען.

ווען פיזאררא מיט זיין חיל זיינען אריינגעקומען אין שטאָדט, זיינען זיי נאָך מעהר איבערראשט געוואָרען. קיין לעבעדיגען מענשען האָבען זיי דאָרטען ניט געפונען, און דיא געביידעס זיינען מייסטענס געווען צושמעטערט. פון דיא מאסען גאָלד און זילבער וועלכע האָבען בעציערט דעם טעמפּעל — וויא מאָלינא און קאנדיא האָבען בעריכטעט — איז קיין שפּור ניט געבליבען.

פיזאררא האָט ארויסגעשיקט א קליינע קאָמפּאניע סאָלדאטען זוכען דיא אנטלאָפענע. זיי האָבען קוים געפונען עטליכע, אָבער צווישען זיי איז גראָד געווען דער קוראקא פון שטאָדט. ווען מען האָט איהם געבראכט צו דעם שפּאנישען קאָמאנדיר, האָט ער געזאָגט, אז דעם חורבן האָבען געמאכט דיא אינדיאנער פון פּונא און אז דער אינקא האָט זיי ניט געשטערט, ווייל ער איז פערנומען מיט זיין אייגענעם ברודער־קאמפּף. עס איז מעגליך אז אביסעל איז דאָס געווען אמת, אָבער אין גאנצען געוויס ניט; וואָרים דעם קוראקא'ס ערקלעהרונג וועגען דיא, וואָס זיינען אָנגעפאלען אויף דיא שפּאנישע באלזאס, האָט געקלונגען וויא א תירוץ. זיי זיינען סתם שלעכטע מענשען, האָט ער געזאָגט, און ער וועט זיי זעהן צו כאפּען און דאן וועט ער זיי איבערגעבען צו פיזאררא'ן אין דיא הענד.

מאָלינא'ן מיט דעם צווייטען שפּאניער, וואָס איז פערבליבען אין שטאָדט, ווען פיזאררא איז פון דאָרטען אוועקגעפאָהרען רעם

פאַריגען מאָל, האָט מען אין ערגעץ ניט געקענט געפינען; ווען מען האָט געפרעגט דעם קוראַקאַ מיט דיא אַנדערע אינדיאַנער, האָבען זיי מודה געווען אַז זיי זיינען טוידט. ווענען דעם אָבער וויא אַזוי זיי זיינען געשטאָרבען, האָבען זיי זיך אין זייערע אַנטוואָרטען ווידער־שפּראָכען. איינער האָט געזאָגט, אַז פון אַ מגפה, אַ צווייטער — אַז אין דער מלחמה מיט דעם אינזעל פּונאַ; אַ דריטער — אַז מען האָט זיי גע'הרג'עט אין טומבעז גופא, ווייל זיי האָבען געוועלט שענדען פרויען. דער לעצטער אַנטוואָרט האָט אפילו געקלונגען אמת, וואָרים אַזאַ געשיכטע — אַז אַ שפּאַניער זאָל פערליערען זיין לעבען דורך זיין עקעלהאַפטע בענעהמונג מיט אינדיאַנישע פרויען — איז געווען אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך. אָבער דיא אַטאַקע אויף דיא באַלזאַס האָט געוויזען, אַז דיא טומבעזער בעטראַכטען דיא שפּאַניער שוין ווייט ניט וויא קיין פריינד. פון דיא ערטער, וואו פּיזאַרראָ האָט זיך פריהער אָבגעשטעלט אויף דיעזע רייזע זיינע, האָבען זיי וואַהרשיינליך געהערט וואָס פאַר אַ זאָרט פריינדשאַפט ער האָט דאָ אין זינען.

פּיזאַרראָ'ס מענשען זיינען אָראָבגעפאַלען ביי זיך. דערצו נאָך האָבען זיי אויפגעהערט צו גלויבען אַז אין טומבעז איז גאָר אַמאָל געווען גאָלד. איינער פון דיא אינדיאַנער האָט פּיזאַררא'ן געבראַכט אַ שטיקעל פּאַפּיער, אויף וועלכען עס איז געווען אויפגעשריעבען: „זייט וויסען, אַז דאָ איז פאַראַן אַזוי פיעל גאָלד און זילבער וויא אין שפּאַניען איז דאָ אייזען". דיעזען פּאַפּיערעל האָט ביי דעם אינדיאַנער איבער־געלאָזען דער שפּאַניער, וואָס האָט דאָ געוואוינט צוזאַמען מיט מאָלינאַ'ן — אַזוי האָט פּיזאַררא ערקלעהרט. דיא סאָלדאַטען האָבען זיך אָבער פון דעם פּאַפּיערעל אויסגעלאַכט. זייער קאָמאַנדיר אַליין האָט דאָס אויפגעשריעבען אום זיי זאָלען זייערע האָפנונגען ניט פערליערען — האָבען זיי געזאָגט; און, וויא עס ווייזט אויס האָבען זיי קיין טעות ניט געהאַט. ווען קאָרטעס וואָלט געברויכט אַזאַ זאָרט מיטעל, וואָלט ער אַזאַ אונגעלומפּערטע „שטיקעל אַרבייט" ניט געמאַכט.

אום צו פעראינטערעסירען זיין אַרמיי, אום צו לעשען זייער דורשט נאָך גאָלד, איז פּיזאַררא'ן נויטיג געווען וואָס שנעלער צוצוקו־מען צו אַ רייכע שטאָדט. אָבער וואו געפינט זיך אַזאַ שטאָדט? וויא אַזוי מאַרשירט מען אַהין? פריהער פון אַלץ האָט ער געמוזט וויסען

וואוהין זיך צו פערנעהמען, און דערצו האָט ער צוערשט געמוזט אויס־פּאָרשען אַ היבשע שטיקעל פון דעם אונבעקאַנטען געגענד. אחוץ דעם: אום צו קענען זיך ערנסט נעהמען פאַר זיין מיליטערישע עקספּידיציע, איז וויכטיג געווען אַז ער זאָל האָבען אַ מיליטערישען מיטעלפּונקט — אַ פּלאַץ פון וועלכען ער זאָל קענען אָנפיהרען זיינע מלחמות. אזא מיליטערישע הויפּט־קוואַרטיר האָט קאָרטעס געהאַט (אין וועראַ קרוז) ווען ער האָט מאַרשירט נאָך מעקסיקאָ; און פּיזאַררא האָט נאָך אחוץ דעם געדאַרפט האָבען אַ מיטעלפּונקט פאַר זיינע פערבינדונגען מיט זיינע שותפים, וועלכע האָבען איהם געדאַרפט פון פּאַנאַמאַ צושיקען נייע מענשען. פון קאָרטעס'עס ביישפּיעל האָט ער אויך געוואוסט, אַז מען דאַרף דיא אוואַנטוריסטען געבען עפּעס צו טהאָן, כדי זיי זאָלען פערגעסען אונצופריעדען צו זיין. ווען איינינע פון זיי וועלען בויען אַ שטאָדט און אַנדערע וועלען מאַכען אַ בעאָבאַכטונגס־מאַרש דורך דיא אונבעקאַנטע לאַנד, וועלען זיי אויפהערען צו מורמלען, — אזוי האָט פּיזאַררא זיך געקלעהרט.

איבערלאָזענדיג אַ קליינע טהייל פון זיין אַרמיי אין טומבעז, האָט ער מיט דיא איבעריגע זיך אוועקגעלאָזען אין וועג — אויסזוכען אַ פּאַסענדען פּלאַץ פאַר אַ הויפּט־קוואַרטיר און אויספּאָרשען דעם געגענד אין אַלגעמיין. ער אַליין האָט זיך געהאַלטען ביי דיא גלייכערע פּלעצער, ווערהענד הערנאַנדאָ דע סאָטאָ'ן האָט ער געשיקט אויספּאָרשען דיא בערגעדיגע טהיילען.

אויפ'ן וועג האָבען דיא סאָלדאַטען צו דיא אינדיאַנער זיך געמוזט פערהאַלטען פריינדליך — אזוי איז איצט געווען דעם קאָמאַנ־דיר'ס שטרענגער בעפעהל. איינצורייסען מיט דיא איינוואוינער וואָלט איצט געווען געפעהרליך. פּיזאַררא האָט שוין געהאַט אַ גוטען ביי־שפּיעל אין טומבעז. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז פון דאָרף צו דאָרף האָט זיך פערשפּרייט אַ בעריכט, אַז דיא ווייסע טהוען קיינעם קיין שלעכטס ניט, און מען האָט זיי אומעטום גוט אויפגענומען.

דיעזע בעאָבאַכטונגס־רייזע האָט געדויערט דריי וואָכען; זיא האָט זיך געענדיגט מיט דעם וואָס פּיזאַררא האָט פאַר זיין הויפּט־קוואַרטיר אויסגעקליבען אַ פּלאַץ אין דעם רייכען טאַנגאַראַלאַ טהאָל, נײַנציג מייל צו דרום פון טומבעז. אין דיעזען טהאָל געפינען זיך טייכען, מיט וועלכע מען קען לייכט צוקומען צום אָקעאַן; מען קען

דאָרטען דעריבער האָבען פערקעהר אי מיט פאַנאַמאַ אי מיט דיא ברעגעס פון פערו. פיזאררא האָט געשיקט זאָגען זיינע מענשען אין



הערנאַנדא דע סאָטאָ

טומבעז, אַז זיי זאָלען גלייך אַהער אַריבערקומען מיט דיא שיפען און מיט אַלע זאַכען, און באַלד האָט מען זיך געשטעלט בויען הייזער אויף

צום וואוינען, אַ קירכע, אַ פעסטונג, מאַגאַזינען פאַר דיא פּראָוויאַנט און מיליטערישע זאַכען, און אַ געריכטס־הויז. מען האָט אָרגאַניזירט אַ שטאָדט־רעגיערונג מיט ריכטער, פערוואַלטער און אַנדערע „כלי קודש“. דיא שטעדטעל האָט מען אַ נאָמען געגעבען סענט מיגעל — דער הייליגער מיכעל. זיא עקזיסטירט נאָך עד היום. דאָס איז אַלזאָ דיא עלטסטע שטאָדט, וואָס ווייסע מענשען האָבען געבויט אין פּערו.

פּיזאַררא האָט זיך דערוואוסט, אַז דער קאַמפּף צווישען דיא צוויי אינקאַ ברידער האָט זיך געענדיגט מיט דעם זיעג פון אַטאַהואַלפּאַ, אַז ער האָט הואַסקאַר'ען געפאַנגען און פערשפּאַרט אין אַ פעסטונג, און אַז דער זיעגרייכער אינקאַ געפינט זיך איצט מיט זיין אַרמיי אין לאַגער צעהן אָדער צוועלף טאָג רייזע פון דיא נייע שפּאַנישע שטעדטעל.

דיא הויפּט־שטאָדט פון פּערו, קוזקאָ, איז געלעגען אין אַ גאַנץ אַנדער ווינקעל. דאָרטען האָבען זיך געפונען דיא וויכטיגסטע פּאַלאַצען און טעמפּלען. דאָרטען איז אַטאַהואַלפּאַ נאָך קיינמאָל ניט געוועזען, און ער איז דאָס איצט אַהין געגאַנגען מיט זיין אַרמיי. ער איז דערגאַנגען ביז ניט ווייט פון דער שטאָדט קאַססאַמאַרקאַ, און דאַן האָט ער זיך דערוואוסט דיא מערקווירדיגע נייעס, אַז ווייסע מענשען האָבען זיך בעוויעזען, וואונדערבאַרע מענשען מיט וואונדערבאַרע מעשים. ער איז דערוויל געבליבען אין זיין לאַגער לעבען קאַססאַמאַרקאַ.

פּיזאַררא האָט דאָס אַלץ געוואוסט, הגם ניט דייטליך. ער האָט אויך געטראַכט וועגען דער הויפּט־שטאָדט, קוזקאָ. דאָרטען וואָלט ער געקענט אָנראַבעווען דיא גרעסטע מאַסען גאָלד און זילבער. זיין אַרמיי איז אָבער סיי וויא סיי געוועזען לעכערליך צו קליין. אַראָברעכענענדיג דיא 50 מאַן, וואָס זיינען איבערגעבליבען אין סענט מיגעל, האָט ער איצט מיט זיך געהאַט 127 מאַן און אַז שוין יא מאַכען אַ געוואַגטען שריט, אַז שוין יא אַריינדרינגען אין רעכטען האַרצען פון פּערו מיט אַזאַ קליינע הייפעלע, האָט זיך איהם בעסער געגלוסט צו אַטאַקירען דעם אינקאַ מיט זיין הויפּט־אַרמיי. ווען ער זאָל זיך ספּראַווען מיט איהם, וועט ער האָבען דיא גאַנצע לאַנד אין האַנד. וואָס מעהר ער האָט געטראַכט, אַלץ פעסטער איז געוואָרען זיין בעשלוס אַזוי צו טהאָן — צו מאַרשירען דירעקט צו אַטאַהואַלפּאַ'ס לאַגער. דער פאַקט, אַז קאָר־

טעם האָט אַריינגעדרונגען אין מעקסיקאָ מיט אַ הייפעלע סאָלדאַטען, האָט איהם געדיענט אַלס אַ מוסטער און אַלס מוטה־געבער. אי קאָרטעס האָט דאָך געהאַט פיעל מעהר מענשען וויא ער? אָבער וואָס פּאַר אַ ווערדע האָט דער אונטערשיעד צווישען הונדערט און 400, ווען עס האַנדעלט זיך אום אַטאַקירען אַן אַרמיי פון פיעלע צעהנדליגע טויזענדע, און נאָך וואו? — ביי איהר אין דער היים! דיא איירא־פּעאישע געוועהר און פערד האָבען אימער וואונדערען אויפגעטהאָן אין דיא מלחמות מיט דיא אינדיאַנער.

פיזאַררא, וויא אַלע אַוואַנטוריסטען אַזעלכע, האָט געהאַט דיא האַרץ פון אַ „ספּאָרט“, פון אַ קאָרטען־שפּיעלער. צו געהן אויף איינס, מיט 127 מאַן צו אַטאַקירען אַ מעכטיגען „אינקאַ“ מיט זיין ריעזיגע אַרמיי, איז געווען ספּאָרט; אָט דאָס איז געווען דיא הויפּט־קראַפט, וועלכע האָט איהם געטריעבען; דער אינטערעס וואָס האָט איהם בע־גייסטערט ניט ווענינער וויא דיא אוצרות און דער גרויסער נאָמען, וואָס איהם האָבען ערוואַרטעט.

און מיט זיין חיל איז איצט געווען דאָס זעלבע. זיינע אָפיציערען און סאָלדאַטען זיינען דאָך אויך געווען אַוואַנטוריסטען, אויך ספּאָרטס. אין זיי האָט זיך איצט צוברענט דער זעלבער גייסט פון קאָרטען־שפּיעלעריי, פון ריזיקירען, פון שטעלען אַלעס אין קאָן. און וואָס גרע־סער עס איז געווען דיא געפאַהר, אַלץ מעהר האָט זיא זיי געצויגען צו זיך; וואָס סמיעלער דער שריט, אַלץ שטאַרקער האָט זיך אין זיי צופלאַקערט דיא לוסט צו געהן אויף איינס.

מיט דעם גופא וואָס פיזאַררא האָט זיך בעשלאָסען צו מאַרשירען דירעקט צום אינקאַ׳ס לאַגער, האָט ער זייערע הערצער געוואונען. דיא ווילדע קוראַזש, וואָס ער האָט מיט דעם אַרויסגעצייגט, האָט זיי בעצויבערט. ער האָט מיט זיי איצט געקענט טהאָן וואָס ער האָט געוועלט. עס זיינען געווען אייניגע אויסנאַהמען, אָבער זיי האָבען קיין מוטה ניט געהאַט אַרויסצואווייזען אַז זיי האָבען קיין מוטה ניט.

קורץ, דעם 24־טען סעפּטעמבער, 1532, דאָס הייסט פינף מאָנאַט נאָך דעם וויא ער איז אָנגעקומען קיין טומבעז, האָט פיזאַררא מיט זיין פיצעל אַרמיי זיך אַוועקגעלאָזען נאָך דעם אינקאַ׳ס לאַגער.

אויפ׳ן וועג האָט ער אַלע וויילע געזעהן צייכענס פון דיא מערק־ווירדיגע אַרבייטס־זאַמקייט, מיט וועלכע דיא פּערואַנער האָבען פון

טרוקענע, וויסטע געגענדען געמאַכט געראָטענע פעלדער און סעדער. דיא לאַנד איז געווען בעוואַסערט מיט קאַנאַלען און וואַסער־גראָבענס, וואָס האָבען זיך געצויגען אין אַלערליי זייטען, „פערשפּרייטענדיג פרוכטבארקייט און פּראַכט“, וויא פרעסקאָט דריקט זיך אויס. דיא לופט איז געווען פול מיט דעם זיסען ריח פון בלומען, און וואו דיא אויג האָט זיך נור אַ קעהר געטהאָן, האָט זיא געזעהן קוקורוזע, גרינסען, באַנאַנעס און אַזעלכע פרוכטען, מיט וועלכע דיא ווייסע רייזענדע זיינען נאָך ניט געווען בעקאַנט.

אַזוי וויא זיי האָבען זיך אומעטום אויפגעפיהרט פריינדליך, אום צו קענען וואָס לייכטער צוקומען צו זייער ציעל, האָט מען זיי אומעטום אויך אויפגענומען מיט פריינדליכקייט. אין דאָס רוב שטעדטלעך אָדער אפילו דערפער האָבען זיי געפּוּ׳ען „טאַמבאָס“, דאָס הייסט אָברוהע־פּלעצער, סטאַנציעס. דיעזע טאַמבאָס זיינען געווען צוזעעט איבער׳ן גאַנצען לאַנד, אום דער אינקאַ אָדער זיינע טשינאָווניקעס זאָלען האָבען וואו זיך אָבצושטעלען, ווען זיי רייזען אַרום. זיי זיינען ניט געווען הויך, אָבער פיעלע פון זיי האָבען פערנומען אַ היבשען פּלאַץ; אַלזאָ האָט פיזאַררא׳ס קליינע אַרמייי אין זיי געהאַט וואו זיך אָבצורוהען. לעבען יעדער טאַמבאָ איז געווען אַ שייער, און דאָרטען איז געווען גענוג עסענוואַרג פאַר אַ פיעל גרעסערע מחנה וויא פיזאַררא׳ס, וואָרים דיא טאַמבאָס זיינען מייסטענס אויך געווען מיליטערישע סטאַציאָנען מיט סקלאַדען און שפּייכלערען פאַר דורכגעהענדע חיל, אין דער צייט פון אַ מלחמה.

מען דאַרף בעמערקען, אַז אין דיא דערפער און שטעדטלעך, וואָס זיינען געלעגען אויף פיזאַררא׳ס וועג, איז דיא בעפעלקערונג איצט געווען פיעל קלענער וויא געוועהנליך, וואָרים צוליעב דעם ברודער־קריעג זיינען דאָס רוב פון דיא מענער פון דאָרטען צוגענומען געוואָרען אַלס סאָלדאַטען פיר אַטאַהואַלפּאַ׳ס אַרמייי. אַזוי האָבען ערקלעהרט דיא איינוואוינער.

אויף דעם 5־טען טאָג פון זיין מאַרש האָט פיזאַררא בעמערקט, אַז ניט אַלע זיינע סאָלדאַטען געהען מיט חשק. דאָס האָט איהם געגומען ערגערען. עס האָט איהם געשטערט זיין רוהע, און ער האָט געוועלט ניט־אַנדערש פון דיעזער שטערענים פּטור ווערען. אַלזאָ האָט ער פאַר דער קאָמפּאַניע געהאַלטען אַ רעדע. ער האָט זיי דער־

מאָנט, אַז דער שריט, וואָס זיי געהען איצט טהאָן איז זעהר אַ געפעהר־ליכער און אַז דערצו פאָדערט זיך דיא גרעסטע קוראַזש און ענערגיע. „טאָמער האָט ווער עס איז פון אייך חרטה, קען ער זיך איצט אומ־קעהרען — האָט ער געזאָגט — איך וועל געגען איהם גאָר ניט האָבען. מיט דיא איבעריגע, וואָס זיינען בערייט צו טהיילען מיין שיקזאַל, וועל איך פאָרטזעצען דעם מאַרש, ווען אפילו אַזעלכע בעלנים זאָלען זיין אַ גאַנץ קליינע צאָהל. מיט זיי וועל איך דערגרייכען דעם ציעל. וואָס וועט זיין, וועט זיין."

בלויז ניין האָבען ערקלעהרט, אַז זיי קעהרען זיך אום אין טומבעז. אַלע איבעריגע זיינען געבליבען אונטער דער פאָהן פון זייער קאָמאַנ־דיר; און ער האָט זיך אָהן דיא ניין געפיהלט שטאַרקער וויא מיט זיי.

אויף מאָרגען זיינען דיא שפּאַניער אָנגעקומען אין אַ שטעדטעל מיט'ן נאָמען זאַראַן. דער דאָרטיגער קוראַקא האָט זיי אויפגענומען זעהר גוט און זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט אין אַ „טאַמבאָ", וויא געוועהנליך. דאָרטען האָט פּיזאַררא זיך דערוואוסט, אַז ניט זעהר ווייט פון זאַראַן, צווישען דיא בערג, אין פאַראַן אַ שטאָדט קאַססאַס, וואו איצט געפינט זיך אַ טהייל פון דער פּערואַנער אַרמיי. אַלזאָ האָט ער גלייך אָוועקגעשיקט הערנאַנדאָ דע סאָטאָ'ן אויספאָרשען דעם געגענד און זעהן וואָס דאָרטען איז.

דע סאָטאָ האָט זיך געזאַמט פיעל מעהר, וויא מען האָט ערוואַרט. עטליכע טעג זיינען אַוועק און ער איז אַלץ ניט געקומען. פּיזאַררא איז געוואָרען אונרוהיג. ענדליך אויף'ן אַכטען טאָג האָט ער זיך בעוויעזען, און ניט אַליין, נור מיט אַ שליח פון דעם אינקאַ. דער שליח איז געוועזען אַ וויכטיגער פּערואַנער פון דעם הערשענדען אינקאַ שבט, און ער איז געוועזען בעגלייט מיט אַ סוויטע. עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דיעזען שליח האָט דער אינקאַ נאָך פריהער געשיקט צו דיא שפּאַניער און אַז ער האָט זיך מיט דע סאָטאָ'ן בעגעגענט אין קאַססאַס, ווען דער שפּאַני־שער אָפיציער איז אַהין געקומען. דער שליח האָט פאַר פּיזאַררא'ן געבראַכט אַ פּרעזענט: צוויי וואַסער־פעסער אויסגעהאַקט פון שטיין אין דער פאָרמע פון פּערואַנישע פעסטונגען, און רייכע וואָלענע מאַטע־ריעס, אויסגענעהט מיט גאָלד און זילבער; אחוץ דעם האָט ער פאַר איהם געבראַכט אַ מאַסע געטריקענטע גאַנז־פלייש, צוגעפּערטיגט אויף אַ בעזונדערען אַרט, אַזוי אַז עס האָט געהאַט אין זיך אַן אַנגענעהמען

ריח וויא בשמים (דיא אינקאַס פון פּערו פלעגען פון דעם מאַכען אַזאַ פּודרע, וועלכע זיי האָבען געברויכט אַלס פּאַרפומע).

דער שליח האָט פּיזאַרראָ'ן פון אַטאַהואַלפּאַ'ן אָבגעגעבען אַ גערוס און אַן איינלאַדונג צו בעזוכען זיין לאַגער אין דיא בערג.

פּיזאַררא מיט זיינע אָפיציערען האָבען צווישען זיך בעמערקט, אַז דאָס אַלעס איז מסתמא ניט מעהר וויא אַ כיטרער דיפּלאָמאַטישער אָנשטעל כדי צו בעקוקען דיא שפּאַנישע ארמיי, — צו זעהן וויא גרוים זיא איז און וואָס פאַר אַ געוועהר זיא האָט. זייער חשד האָבען זיי אָבער פאַר דעם שליח ניט אַרויסגעוויזען. זיי האָבען איהם עמפּפאַנגען וויא דעם געזאַנדעטען פון אַ קיסר, איהם פיין מכבד געווען, און איהם געוויזען דיא פערד, דיא ביקסען, דיא שטאָהלענע פייל־און־בויגענס, דיא שווערדען, דיא פּאַנצירס, דיא שילדען, דיא קיווערס א. ז. וו. אויף אַלץ האָט ער געשטעלט פראַגען: צו וואָס מען דאַרף עס, וויא אַזוי עס ווערט געברויכט; און מיט דער הילף פון דיא צוויי דאָלמעטשערס (דעם „קליינעם פיליפּ“ און דעם אַנדערען אינדיאַנער, וועלכען פּיזאַררא האָט מיט אַ געוויסע צייט פריהער מיטגענומען פון טומבעז נאָך פּאַנאַמאַ און נאָכהער נאָך שפּאַניען), האָט מען איהם געענטפערט אויף אַלע זיינע פראַגען. דיעזע צוויי יונגע אינדיאַנער — לאָמיר בעמערקען פערבייגעהענדיג — האָט פּיזאַררא זיך גענומען פיעל מיה צו ערציהען אַלס שפּאַניער, אום פון זיי זאָלען ווערען גוטע און טרייע איבערזעצער פאַר איהם. מען האָט זיי געגעבען ספּעציעלע לעהרער, וועלכע האָבען מיט זיי פערבראַכט פיעל צייט אונטערריכטענדיג זיי אין דער שפּאַנישער שפּראַך און אין דער קאַטוילישער רעליגיאָן.

ווען דעם אינקאַ'ס פאָרשטעהער האָט אויף דיעזען אַרט אַלץ אויסגעקוקט און אויסגעפרעגט, האָט ער זיך גענומען קלייבען צום אָברייזען. פּיזאַררא האָט איהם געבעטען פערבלייבען נאָך עטליכע טעג. ער האָט זיך אָבער ענטזאַגט. עס איז געווען לייכט צו זעהן, אַז ער איילט זיך צו קומען צו אַטאַהואַלפּאַ'ן אום וואָס גיכער איהם צו בעריכטען וואָס ער האָט דאָ אויסגעפונען.

דע סאָטאָ, פון זיין זייט, האָט פּיזאַררא'ן דערצעהלט וואָס ער האָט געזעהן און געהערט אין קאַססאַס. ער האָט דאָרטען געפונען פערוואַנער רעגיערונגס־בעאַמטע, וואָס זיינען געקומען נאָך צינזען. ביין

ברעג דארף זיינען געהאנגען, פאר די פיס, עטליכע טוידטע אינדיאנער, און מען האט איהם ערקלעהרט, אז זיי האבען דיא שטראף בעקומען דערפאר וואס זיי האבען געוועלט שענדען „זון־מיידלעך", דיא הייליגע יונגפרויען פון א דערבייאיגען קלויסטער. וועגען דעם אינקא מיט זיין ארמיי, האט דע סאטא זיך דערוואוסט, אז זיי געפינען זיך אין קאססא־מארקא, א היבשע שטאדט אויף יענער זייט פון דיא אנדען־בערג, וואו אטאהואלפא באדט זיך אין הייסע וואסער־קוועלען.*)

פון קאססאס איז דע סאטא געקומען נאך גוואנקאבאמ־בא — א פיעל גרעסערע און געדיכטער בעפעלקערטע שטאדט. פיעלע הייזער אין דיעזער שטאדט זיינען געוועזען געבויט פון שטיינער און דיא שטיינער זיינען געוועזען אזוי גלאט און סצילנע צוגעפאסט (אהן צעמענט), אז עס איז שווער געוועזען צו דערקענען, אז דיא גאנצע געביידע איז ניט פון איין פעלז. דורך דער שטאדט איז דורכגעגאנגען א טייך, און איבער איהם איז געהאנגען א בריק. דער וועג וואס איז געגאנגען דורך יענע פראווינץ איז געוועזען פיעל בעסער געמאכט וויא דיא וועגען, וואס דיא שפאניער האבען ביז אהער געזעהן אין פערו. ער איז געוועזען אויסגעפלאסטערט מיט פלאכע שטיינער און פון ביידע זייטען אויסגעזעצט מיט בוימער. אין פיעלע פלעצער זיינען אויף דיעזען וועג געשטאנען הייזלעך פאר דיא רעגיערונגס־קוריערען, וואס זיינען אפט געלאפען פון איין פונקט צום אנדערען, וויא אין מעקסיקא. פאזע דיעזע בוימער איז געגאנגען א קאנאל, דורך וועלכען עס האט גע־שטראמט פרישע וואסער פון א ווייטע אזערע, אום דער קוריער אדער רייזענדער זאל קענען האבען א טרונק, ווען ער וועט דורשטיג ווערען. ביים אריינגאנג צו דער שטאדט האט דע סאטא געזעהן א שטיינערנע געביידע; דאס איז געוועזען פאר דיא צינזען־זאמלער צו האלטען דיא פערשיעדענע פראדוקטען, וואס זיי נעהמען צונויף ביי דער בעפעלקערונג.

דאס אלעס האט אויף פיזארא'ן און דיא אנדערע שפאניער געמאכט א טיעפען איינדרוק. וויא עס האט געשיינט, איז דיא לאנד געוועזען נאך העכער ענטוויקעלט וויא זיי האבען זיך פארגעשטעלט.

*) קאססאמארקא אדער קוואקסאמאלקא איז נאך איצט אויך בעריהמט מיט איהרע נאטירליכע הייסע בעדער.

איידער פיזאררא האט פארטגעזעצט זיין מארש, האט ער נאך סענט מיגעל, זיין הויפט־קווארטיר, געשיקט זאגען אויף וואסער מארשרוט ער פערנעהמט זיך. צו דער זעלבער צייט האט ער אהין געשיקט דעם פרעזענט וואס ער האט בעקומען פון דעם אינקא, וויא אויך מוסטערען פון פערשיעדענע פראדוקטען, וועלכע ער האט צוזאמענגעקליעבען אויפ'ן וועג. שפעטער, ווען מען האט דאס אלץ געבראכט נאך שפאניען, איז מעהר פון אלץ בעוואונדערט געווארען דיא וואלענע מאטעריע, וואס דער אינקא האט געשענקט דעם שפאנישען קאמאנדיר. אזא וואלצייג האט מען נאך אין אייראפא פריהער קיין מאל ניט געזעהן. עס איז געווען כמעט אזוי ווייך און דעליקאט וויא זייד.

אין אן אנדער פלאץ, וואוהין פיזאררא איז אנגעקומען עטליכע טעג שפעטער, האט ער געפונען אז דיא איינוואוינער זיינען זיך אלע צולאפען. איינעם פון זיי האבען דיא שפאניער אבער געכאפט און געבראכט צו הערנאנדא פיזאררא, דעם קאמאנדיר'ס ברודער. צוערשט האט ער ניט געענטפערט אויף קיינע פון דיא פראגען, וואס מען האט איהם געשטעלט. הערנאנדא האט איהם אבער געלאזט אנטהאן שרעקליכע יסורים ביז ער האט ניט אויסגעהאלטען און אויסגעזאגט וואס ער האט געהערט צווישען דיא פערואנער, נעמליך, אז דער אינקא האט שוין א בעגריעף וויא קליין דיא שפאנישע ארמיי איז און אז ער קלייבט זיך איהר אריינצונארען אין זאק אריין, אום איהר צו פערניכטען. אזוי וועניגסטענס האט שפעטער בעריכטעט פיזאררא. צו דאס איז געווען אן עהרליכער בעריכט, וויים מען ניט. אז ער האט דאן געהאט אן אינטערעס אזוי צו בעריכטען, דאס וועלען מיר זעהן ווייטער.

שפעטער א ביסעל זיינען דיא אנטלאפענע איינוואוינער ארוים פון זייערע באהעלטעניסען. אימיצער האט זיי געזאגט, אז ווען זיי וועלען זיין פריינדליך צו דיא שפאניער, וועלען יענע זיין פריינדליך צו זיי. זיי האבען זיך ביסלעכווייז אומגעקעהרט אהיים, — און האבען דיא ווייסע געגעבען פיעלע מעלדונגען. דער קוראקא פון שטאדט האט צום ביישפיעל דערצעהלט, אז ער האט פערזענליך בעזוכט דעם אינקא'ס לאגער, אז דיעזער לאגער געפינט זיך אין א שטארק בעפעס־

טיגטע שטאָדט מיט'ן נאָמען גוואַמאַטשוטשאַ, אַ מייל צוואַנ־ציג צו דרום זייט פון קאַססאַמאַרקא און אַז זיין אַרמיי בעשטעהט פון פופציג טויזענד מאַן.

פיזאַרראָ האָט זיך געלאָזען געהן איבער דיא בערג. דער מאַרש איז געווען נאָך שווערער וויא ער האָט ערוואַרטעט. אמת, דיא פערו־אַנער האָבען אַרום דיא געפעהרליכסטע און ווילדעסטע ערטער פון דיא בערג געהאַט אַן אויסגעצייכענטען וועג. דאָס אַלץ איז אָבער געווען גוט בלויז פאַר דיא אינדיאַנער. זיי זיינען געגאַנגען צו פוס און צו אַזעלכע וועגען זיינען זיי צוגעוואוינט געווען וויא אַ פיש צו וואַסער. רייטען אָבער איז איבער אַזעלכע פלעצער אונמעגליך געווען. דיא שפּאַנישע קאַוואַלעריע האָט געמוזט אַראָבקריכען פון דיא פערד און פיהרען זיי ביי דיא צאַמען. דאָס אַליין וואָלט נאָך אפשר געווען אַ האַלבע צרה. אָבער אָפט איז דער וועג געגאַנגען ביי דעם סאַמען ברעג פון אַ שרעקליכען אָבגרונד און האָט זיך געדרעהט אַרום דעם באַרג אין אַ ספּיראַל, וויא אַ פראָפּען־ציהער. אָט איבער אַזאַ געדרעהטען וועג, וועלכער איז געווען קוים גענוג ברייט פאַר אַ פערד, און איז כמעט גע־האַנגען אין דער לופטען, איז אויסגעקומען צו מאַרשירען פיזאַרראָ'ן מיט זיין חיל. ווען מען וואָלט זיך דעם קלענסטען גליטש געטהאָן אָדער פערטשעפּעט אַ פוס, וואָלט מען אַראָפּגעפלויגען טויזענדע פוס אַרונטער צו. אַלע ווײַלע האָבען זיי בעגעגענט נייע תהום'ען, אונ־ענדליך טיעפע, מיט ריעזיגע פעלזען און מיט טויזענד־יעהריגע וועל־דער אין זייערע מיילער. אַמאָל פלעגט פון אַזעלכע טיעפעניסען אַרויסשטראָמען אַ ווילדער וואַסער־גוס; ער האָט געברויזט און גע־קראַכט וואַרפענדיג זיך אַראָפּ־באַרג אום דורך דיא טהאָלען צו דער־גרייכען דעם גרענצלאָזען אָקעאַן.

אין אַ פּאָר פלעצער האָבען זיי אויף אַ הויכען פעלז, ביי דעם ברעג פון אַן אָבגרונד, געפונען אַן אויסגעמויערטע פעסטונג. דיעזע פעסטונגען זיינען אָבער איצט געווען פוסט, און פיזאַרראָ מיט זיינע בעגלייטער האָבען פון דעם געשלאָסען, אַז דער אינקאַ האָט טאַקי ניט אין זינען זיי צו פערצאַמען דעם וועג, — אַז ער וויל טאַקי זיי לאָזען צוקומען צו זיין לאַגער. וואָס זיין ענדליכער צוועק איז געווען — אויב ער וויל בלויז זיי אַרייננאַרען, אום זיי צו פערניכטען, וויא פיזאַרראָ האָט שפּעטער ערקלעהרט, דאָס ווייס מען ניט. אַבי דערווייל האָט

ער זיי ניט געשטערט און זיי זיינען געגאנגען אלץ ווייטער — ווייי־טער און ווייטער ארויף־צו איבער דיא ריעזיגע בערג.

ביסלעכווייז האט זיך געביטען דער קלימאט.

וואס העכער זיי זיינען ארויף, אלץ קעלטער איז געווארען. עס איז געווארען אזוי קאלט, אז דיא מענשען, און דיא פערד, האבען קוים געקענט אויסהאלטען. דיא פערד האבען געליטען נאך מעהר וויא דיא מענשען. דיא ארמיי האט אזא לאנגע צייט פערבראכט אין הייסע לענדער, אין פאנאמא אדער אין דיא נידעריגע געגענדען פון פערו, אז זיי זיינען פון קאלטע וועטערען אבגעוואוינט געווארען.

דער כאראקטער פון דיא פלאנצונגען און פון דיא חיות האט זיך אויך געביטען, ביז ענדליך זיינען אונזערע אוואנטוריסטען געקומען אויף אזעלכע הויכע פלעצער, וואו עס האט זיך קוים געזעהן א לעבע־דיגע בעשעפענים. פון צייט צו צייט האט א „וויקונא“ — א ווילדער מין לאמא — ארונטערגעקוקט פון א הויכען פעלז, אדער א קאנדאר*) האט געשוועבט איבער דיא וואלקענס, שרייענדיג מיט זיינע אומע־דיגע קולות.

ענדליך האבען דיא שפאניער דערגרייכט דעם שפיץ פון דיא אנ־דען. זיי האבען פאר זיך איצט געהאט א גרויסע וויסטע פעלד. דיא איינציגע פלאנצונג, וואס דא איז געוואקסען, איז געווען פאיאנאל — א געלער מין גראז. פון אויבען איז דער בארג געווען בעדעקט מיט שניי און א ביסעל ווייטער צו אונטען צו איז ער געווען ארומגערינ־געלט מיט דיעזע געלע גראז. ווען מען קוקט אויף דעם בארג בשעת דיא זון שיינט, זעהט ער אויס וויא א בליסטשענדע מאסע זילבער איינ־געפאסט אין גאלד.

דא האט דיא ארמיי אויפגעשטעלט איהרע פאלאטקעס, אויפגע־לייגט פייערען און זיך צוגעלייגט ווארימען און רוהען פון דעם שרעק־ליכען מארש.

איידער זיי האבען פארטגעזעצט זייער רייזע, איז צו זיי געקומען א נייער שליח פון דעם אינקא, — דיעזען מאל מיט שפייז. דיעזער שליח (אויך איינער פון דעם אינקא׳ס שבט) האט געזאגט, אז דער אינקא וויל וויסען, ווען פיזארא ערווארט צו בעזוכען קאססאמארקא,

*) א גרויסע מין רויב־פויגעל.

אום מען זאָל קענען אין דער צייט צוגרייטען פאר דער בעקוועמליכ־קייט פון זיין ארמיי. דער אינקא, וועלכער האָט זיך פריהער געפו־נען אין גוואמאטשוטשאָ, מיט זיין חיל, איז איצט, מיט א קליינע טייל פון זיינע זעלנער, געוועזען ניט ווייט פון קאססאמארקא — האָט דיעזער שליח געזאָגט. פיזאררא האָט זיך מיט איהם צורעדט דורך דער הילף פון דעם „קליינעם פיליפ“; עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אז ער איז א מענש מיט שכל און מיט טאָלק. פון איהם איז דער שפּאנישער קאָ־מאנדיר הערגאנגען פיעלע אייזנצעלהייטען וועגען דעם קאמפּף, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען דיא צוויי אינקא ברידער.

אויף מאָרגען אין דער פריה זיינען דיא שפּאניער ווייטער געגאנ־גען. אזוי וויא זיי האָבען שוין דערגרייכט דעם שפּיץ פון דיא אנ־דען, האָבען זיי איצט בעדארפט געהן אראָפּ־בארג, פון דער אנדערער זייט, דאָס הייסט צו מזרח זייט צו. אויפ׳ן דריטען טאָג איז זיי אנ־קעגען געקומען נאָך א שליח פון דעם אינקא — דער זעלבער וואָס האָט פיזאררא׳ס לאגער בעזוכט אין זאראן. איצט איז ער געוועזען ארומגע־רינגעלט מיט א פּאראדנערע סוויטע און איז צוגעקומען מיט מעהר צע־רעמאָניע. וויא ער האָט זיך אזוי דערנעהענטערט צו פיזאררא׳ן, האָ־בען זיינע בעדיענטע איהם דערלאנגט א גאָלדענעם בעכער מיט „ט ש י ט ש א“, דיא משקה, וואָס דיא פּערואנער האָבען געמאכט פון קוקורוזע זאפט.

דער מארש אראָפּ־בארג איז געוועזען ניט פיעל גרינגער וויא דער גאנג ארויף־בארג. ענדליך אויפ׳ן זיעבעטען טאָג נאָך דעם וויא זיי האָבען פערלאָזען דעם שפּיץ פון דיא אנדען, האָבען זיי דערזעהען דעם טהאָל, אין וועלכען קאססאמארקא איז געשטאנען. ער איז געלעגען וויא א פּרעכטיגער פיעל־פארביגער קארפּעט (טעפּיך) — אזוי רייך און אזוי שעהן זיינען געוועזען דיא בעארבייטע פעלדער, וואָס אין איהם האָ־בען זיך געפונען. דער טהאָל האָט אן אָוואלנע, א לענגלעך־קיילעכ־דיגע פאָרמע, און האלט ארום 15 מייל אין דער לענג און ארום ניין אין דער ברייט. דיא אינדיאנער, וואָס האָבען דאָרטען געוואוינט, זיינען געוועזען העכער ענטוויקעלט, וויא דיא, וואָס דיא שפּאניער האָ־בען בעגעגענט אויף יענער זייט פון דיא אנדען. וועגען דעם האָט עדות געזאָגט דער העכערער זאָרט קליידער, וואָס זיי האָבען געטראָ־

גען, וויא אויך דאָס, וואָס זייערע הייזער זיינען געווען ריינערע און בעקוועמערע.

דיא הייזער זיינען געווען ווייסע, און איצט האָט אויף זיי גע־שיינט דיא העלע ווארימע זון, — אויף זיי, אויף דיא ארומיגע פעלדער און אויף דיא דערבייאיגע בערג. אין דיא אויגען פון דיא מידע רייזענדע איז דאָס אלץ געווען א וואהרער צויבער־בילד.

א מייל דריי ווייטער האָבען זיי געזעהען וויא פארע געהט צו דיא וואָלקענס, פון דיא הייסע קוואלען, וואו דער אינקא איז געקומען זיך באָדען. און א ביסעל אָן א זייט, ביי'ן בארג, האָבען זיך געזעהן לאנגע ציילען ווייסע ביידלעך. אויף עטליכע מייל האָבען זיי זיך געצויגען. דאָס איז געווען דעם אינקא'ס לאגער. אזא גוט־צוגעריכטען מיליטער־רישען לאגער האָבען דיא שפאניער ביי אינדיאנער נאָך קיינמאָל ניט געזעהן. דיעזער בילד האָט אויף זיי געמאכט פונקט אזא אונאנגע־נעהמען איינדרוק, וויא דיא שטאָדט האָט אויף זיי געמאכט אַן אנגע־נעהמען. דיא צאָהל פון ביידלעך אין דעם אינקא'ס לאגער איז געווען אזוי גרויס, זיי האָבען פערנומען אזא גרויסען שטח, אז ביי פיעלע פון פיזארראָ'ס מענשען זיינען איינגעפאלען דיא הערצער פון שרעק. אָבער ניט ביי פיזארראָ'ן.

ער האָט אויסגעסטראָיעט זיין קליינע ארמיי אין דריי באטאליאָ־נען, און האָט מיט זיי ארייננעמארשירט אין שטאָדט. קיינער איז איהם ניט ארויס אַנקעגען, און ווען ער האָט געריטען דורך דיא גאסען, מיט זיינע דריי באטאליאָנען הינטער איהם, האָט ער אין ערגעץ ניט געזעהן קיין לעבעדיגען מענשען. דאָס רוב הייזער, דיא אָרימערע, זיינען געווען פון ליים, מיט שטרויענע אָדער הילצערנע דעכער. דיא בעסערע געביידעס זיינען געווען פון געהאקטע שטיינער. אין אייז אָרט איז געשטאנען א זון־טעמפעל, און לעבען איהם א הויז פאר הייליגע „זון־מיידלעך"; אין אַן אנדער אָרט, צו דער זייט, וואו דער לאַ־גער איז געווען, האָט זיך געפונען א דריי־עקיגער סקווער מיט זעהר גרויסע הייזער וויא קאזארמעס פון אלע דריי זייטען. יעדע קאזארמע האָט געהאט א ברייטע טהיר אויפ'ן סקווער. אויף א הויכען פלאץ איבער דער שטאָדט איז געשטאנען א מערקווירדיג־געבויטע פעסטונג.

עס איז שוין געווען שפעטלעך, און עס האָט אָנגעפאנגען צו געהן א רעגען מיט א האָגעל. אָבער פיזארראָ האָט געוועלט וואָס שנעלער

וויסען, וויא אַזוי דער אינקא וועט זיך פערהאַלטען צו זיינע ווייסע בעזוכער. ער האָט דעריבער אויפ'ן שטעל צו איהם אַוועקגעשיקט דע סאָטאָ'ן מיט פופצעהן אַנדערע רייטער. וויא דער לעזער זעהט, איז דע סאָטאָ ביי איהם געווען פעררעכענט פאַר דעם וויכטיגסטען אָפּי־ציער. ער האָט איהם אימער געשיקט אויף דיא בעדייטענדסטע און געפעהרליכסטע שליחות. גלייך וויא ער איז אַוועק מיט דיא פופצעהן קאַוואַלעריסטען, האָט פּיזאַרראָ זיך ארומגעזעהן, אַז עס איז ווענינ. טאָמער האָט דער אינקא ווירקליך אַ פיינדליכען צוועק אין געדאַנקען, — טאָ זאָל ער געגען זיך וועניגסטענס האָבען אַ גרעסערע שפּאַנישע מחנה. ער האָט דעריבער גלייך ארויסגעשיקט נאָך צוואַנציג רייטער, מיט זיין ברודער, הערנאַנדא, אַלס אָפּיציער.

וואָס מיט דיא 35 שפּאַנישע רייטער און מיט זייערע צוויי אָפּי־ציערען האָט פּאַסירט, האָט דערנאָך בעשריעבען הערנאַנדא פּיזאַררא אַליין אין אַ בריעף, וועלכער איז איבערגעדרוקט געווען אין אַ בער־ריהמטע היסטאָריע פון דיא שפּאַנישע ענטדעקונגען און עראָבערונגען. אויך האָט דיא סצענע בעשריעבען איינער פון דיא, וואָס זיינען מיטגע־ריטען מיט איהם און מיט דע סאָטאָ'ן.

צווישען דער שטאָדט און דעם אינקאַ'ס לאַגער איז איבער אַ לאַנקע געגאַנגען אַ געמאַכטער האַרטער וועג. איבער דיעזען וועג האָט דיא שפּאַנישע קאַוואַלעריע גאַלאָפּירט אַזוי האַסטיג וויא מעגליך ביז — צום ענד פון אַ מייל דריי — זיינען זיי צוגעקומען צום לאַגער, וועל־כער איז געווען אויסגעשפּרייט איבער אַ זייט פון באַרג. דיא פּיקעס פון דיא אינדישע זעלנער זיינען געווען אריינגעשטעקט אין דער ערד לעבען זייערע פּאַלאַטקעס, און דיא זעלנער גופא זיינען געשטאַנען אָדער געזעסען דערביי. וויא פערשטיינערטע פון פערוואונדערונג האָ־בען זיי געקוקט אויף דיא משונה'דיגע ווייסע בעשעפעניסען, וואָס האָ־בען זיך דאָ פּלוצלונג פאַרביי זיי פאַרבייגעטראָגען, בראַזגענדיג און קלינגענדיג מיט זייערע געוועהר און פאַנצירען, און שפּיעלענדיג אויף זייערע מעשענע טרומייטען. באַלד האָבען דיא שפּאַניער דערגרייכט אַ ברייטען, אָבער ניט־טיעפען טייך, וועלכער האָט זיך געדרעהט דורך דער לאָנקע. איבער'ן טייך איז געווען אַ הילצערנער בריק. אַזוי וויא אַלע בריקען פון פערו זיינען געווען געמאַכט בלויז פאַר פוס־געהער,

האָבען זיי ניט געוואוסט אויב ער וועט זיין שטארק גענוג פאר א קאָמ־פּאַניע רייטער. אַלזאָ, האָבען זיי דעם טייך בעסער אריבערגעבראַ־דזשעט. אויף יענער זייט בריק איז געשטאַנען א צייל בעוואפענטע אינדיאַנער; זיי האָבען דיא שפּאַניער ניט געטשעפּעט, און דיא שפּאַ־ניער, פון זייער זייט, האָבען פון פּיזארראָ'ן געהאט א שטרענגען בע־פעהל פאָרלויפיג מיט קיינעם ניט איינצורייסען.

איינער פון דיא אינדיאַנער סאָלדאטען האָט דע סאָטאָ'ן אָנגעוויי־זען אויף דעם פּלאַץ, וואו עס האָט זיך געפונען דער אינקא מיט זיין סוויטע. דאָס איז געווען א גרויסער אָפענער הויף מיט א לייכטע הילצערנע הויז אין מיטען. ארום דער הויז איז געגאַנגען א גאַניק און מיט איהר אָפענער זייט איז זיא ארויסגעקומען אין א גאָרטען. דיא ווענט זיינען געווען אויסגעטינקעוועט מיט א בליסטשענדען צעמענט. אויף'ן מיטען הויף איז געשטאַנען א ריעזיגע שטיינערנע וואַנע, אין וועלכער עס איז דורך רעהרען אריינגעקומען הייסע און קאַלטע וואַסער. דער הויף איז געווען פול מיט פערואַנער פון דיא הערשענדע פאַ־מיליען — אַלע אויסגעפּוצט אין העל־קאָלירטע קאָסטיומען. אין מי־טען איז אויף א נידעריגען שטוהל אָדער קיסעלע געזעסען א מאַן, וואָס נאָך זיין אויסזעהן און האַלטען זיך, האָבען דיא שפּאַניער גלייך דער־קענט, אַז דאָס איז דער אינקאַ, דער „ק ניג" פון פּערו, הגם געקליי־דעט איז ער געווען פיעל איינפאַכער וויא דיא איבעריגע. אויפ'ן שטע־רען האָט ער געטראָגען א רויטען פרענזעל, וועלכער האָט דערגרייכט ביז דיא אויגען. וויא דיא שפּאַניער האָבען זיך נאכהער דערוואוסט, איז דאָס געווען זיין „באָרלא", דער ספּעציעלער צייכען פון א רעגיע־רענדען אינקא — א מין קרוין. אטאהואלפּאַ האָט דיעזען רויטען פרענ־זעל אָנגעטהאָן בלויז מיט א קורצע צייט צוריק, ערשט נאָך דעם וויא ער האָט בעזיעגט זיין ברודער הואסקאר און אריינגענומען דיא הער־שאפט איבער'ן גאַנצען לאַנד צו זיך אין דיא הענט.

דיא מיטגליעדער פון זיין סוויטע זיינען געשטאַנען ארום איהם מיט גרויס רעספּעקט און צערעמאָניע, און — וויא עס האָט געשיינט, — נאָך זייערע טשינען נאָך. ער אַליין איז געזעסען און געקוקט אָהן א שום אויסדרוק אויף זיין געזיכט. דיא שפּאַניער האָבען זיך פיעל אָנגעהערט וועגען זיין מערדערליכקייט און ביטרעקייט. אָבער אויף

זיין פנים האָבען זיי ניט געקענט זעהן קיין צייכען פון א הארטען כאַ־ראַקטער אָדער פון געשיקטקייט, אפילו קיין נייגעריגקייט וועגען דיא משונה'דיגע מענשען, וואָס זיינען דאָ צו איהם צוגעפלויגען, האָט ער אויך ניט ארויסגעוויזען, -- ניט דעם קלענסטען שפור פון אינטע־רעס. אזוי וויא דאָס וואָלט ביי איהם געווען א גאַנץ געוועהנליכע ערשיינונג.

אז דיא סצענע, וואָס ער האָט איצט געהאַט פאר זיך, האָט איהם ניט איבערראַשט, איז אונמעגליך זיך פאָרצושטעלען. אמת, מען האָט איהם שוין וועגען דיא שפּאַניער פיעל דערצעהלט, און זיי גענוג געשיל־דערט פאר איהם. דאָך, — זייער יעצטיגער אָנקומען אויף דיא פיער־פיסיגע בעשעפענישען, וועלכע ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן, מיט זייערע בליסטשענדע געוועהר און פאַנצירען און, הויפּטזעכליך, מיט זייערע ווייסע פנים'ער און גרויסע בערד, האָט איהם מסתמא אינערליך שטאַרק צוטרייסעלט. אָבער אינדיאַנער זיינען אייגענטליך אימער אזוי, עס מאַכט ניט אויס, פון וועלכע טיילען אמעריקא זיי זיינען. זייערע געזיכטען שפּיעגלען זעלטען אָפּ דאָס, וואָס ביי זיי טהוט זיך אויפ'ן הארצען. א מין טוידטע גלייכגילטיגקייט, אין וועלכע מען קען קיין זאך ניט לעזען, איז זייער געוועהנליכע מינע, — אָפט אפילו דאַן, ווען אינוועניג קומט ביי זיי פאָר א גייסטיגער שטורעם.

הערנאַנדא דע סאָטאָ און הערנאַנדא פיזאררא, בעגלייט מיט א פּאָר אַנדערע רייטער און מיט דעם „קליינעם פיליפּ“, זיינען צוגערי־טען צו דעם אינקאַ, איבערלאָזענדיג דיא אַנדערע א ביסעל פון הינטען. הערנאַנדא פיזאַררא האָט זיך טיעף געבייגט, זיצענדיג אויף זיין פערד, און האָט ערקלעהרט, אז זיי זיינען שלוחים פון זיין ברודער דעם קאָמאַנ־דיר פון דיא ווייסע מענשען, און אז ער האָט זיי געשיקט אָנזאָגען דעם הערשער פון פערו, אז ער איז אָנגעקומען אין קאססאמארקא. זיי זיי־נען דיא אונטערטהאַנען פון א מעכטיגען הערשער, וועלכער רעגיערט אויף יענער זייט ים — האָט ער ווייטער ערקלעהרט — און זיי זיינען געקומען אהער, ווייל זיי האָבען געהערט וועגען דעם אינקאַ'ס זיעג־רייכע מלחמות, און ווייל זיי ווילען איהם העלפען געגען זיינע פיינד; אויך ווילען זיי איהם בעקאַנט מאַכען מיט זייער אמונה, וועלכע איז דיא איינציגע אמת'ע. צום שלום האָט ער געזאָגט, אז דער קאָמאַנדיר

פון דיא וויסע לאדעט דעם אינקא איין איהם צו בעזוכען אין קאססא־מארקא.*).

אויף דיעזע אלע העפליכע רייד האט דער אינקא ניט געענטפערט קיין איינציגען וואָרט — אזוי ווי א ניט צו איהם וואָלט מען דאס גע־רעדט. „דער קליינער פיליפ" האט איהם אלץ איבער־געזעצט; ער האט אָבער מיט קיין ברעהם קיין קעהר ניט געגעבען. ער איז געזעסען און געקוקט אויף דער ערד, אזוי פריהער, ווי ער וואָלט קיין זאך ניט פערשטאנען, קיין שום קלאנג אפילו ניט געהערט.

בלויז איינער פון דיא נעהענטסטע מיטגליעדער פון זיין סוויטע האט זיך אָבגערופען מיט איין וואָרט. „גוט!" — האט ער געזאָגט צו הערנאנדא פיזאררא'ן און דאן איז ער אויך אנשווייגען געוואָרען.

דיא שפאנישע שלוחים איז געוואָרען זעהר אונאנגענעהם. זיי האָבען ניט געוואוסט וויא דאָ צו טהאָן. זייער קאָמאנדיר האט זיי געשיקט דערגעהן אטאהואלפא'ס געפיהלען, וואָס פאר א זאָרט אויפ־פיהרונג מען קען פון איהם ערוואַרטען; אוועקגעהן מיט לעדיגען, וויא אָבגעשמיסענע, האט זיך זיי ניט געוועלט. רעדענדיג אויף דעם העפ־ליכסטען שטייגער, האט הערנאנדא פיזאררא זיך ווידער געווענדעט צו דעם אינקא און איהם געבעטען ער זאָל זיין אזוי פריינדליך און זיי אליין בעעהרען מיט א פאָר ווערטער, אום זיי זאָלען קענען וויסען, וואָס זיין וואונש איז מכח זיינע וויסע געסט. דאן האט זיך אויף אטאהואלפא'ס אויסדרוקספלאָזע געזיכט בעוויזען א שוואכער שמייכעל, און ער האט געענטפערט:

— זאָגט אייער עלסטען, אז ביי מיר איז איצט א תענית, און אז ער וועט זיך ערשט ענדיגען מאָרגען אין דער פריה. דאן וועל איך איהם בעזוכען מיט מיינע עלסטע. און דערווייל זאָל ער פערנעהמען דיא רעגיערונגס־געביידעס ארום דעם סקווער, אָבער קיינע אנדערע. ווען איך וועל קומען, וועל איך שוין זאָגען, וואָס צו טהאָן.

דע סאָטאָ האט געהאט דעם בעסטען פערד און ער איז אויך געווען דער בעסטער רייטער פון דער גאנצער קאָמפאניע. זעהענדיג, אז דער

---

*) לויט אן אנדער בעריכט האט דיעזע רעדע געהאלטען הערנאנדא דע סאָטאָ. עס איז ניט אונמעגליך, אז דורך פראנציסקאָ פיזאררא'ס איינפלוס איז דאס שפעטער צוגעשריעבען געוואָרען צו זיין ברודער'ס „קרעדיט".

אינקאַ קוקט מיט אינטערעס אויף זיין פערד, האָט ער זיך מיישב גע־
ווען, אז ער וועט איהם ווייזען וואָס אַ ווייסער מלחמה־מענש קען טהאָן.
ער האָט אַוועקגעלאָזען זיין פערד אויף אַ פייערדיגען גאַלאָפּ הין און
צוריק איבער'ן טהאָל, און, ווען ער האָט געהאַלטען אין פליהען וויא אַ
וויכער, שפּרינגענדיג צוואַנציג פוס מיט יעדען שפּרונג, האָט ער איהם
פּלוצלונג אָבגעשטעלט, — אַזוי נאָהענט צום אינקאַ, אז דיא שוים פון
דעם פערד'ס מויל האָט פערשפּריצט זיינע קליידער. אָבער אטאהור־
אַלפּאַ האָט ניט ארויסגעוויזען קיין שום התפּעלות. ער איז געבליבען
אַזוי געלאַסען און גלייכגילטיג וויא פריהער — אַזוי וויא צו זעהן וויא
מען רייט אויף פערד, וויא דע סאָטאָ האָט געריטען, וואָלט אין פּערו
געווען אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך. אייניגע פון דיא אינדיאַנער סאָלדאַ־
טען, פאַרביי וועלכע דע סאָטאָ האָט זיך פערבייגעטראָגען אויף זיין
פערד, האָבען אָבגעשפּרונגען מיט ציטערניס, און דערפאַר וואָס זיי
האָבען אויף דיעזען אַרט ארויסגעוויזען, אַז זיי האָבען זיך דערשראָקען
פאַר דיא ווייסע, האָט זיי דער אינקא דעם זעלבען אָבענד געלאָזען
טוידטען. אַזוי איז בעריכטעט פון געוויסע שפּאַניער, וועלכע זאָגען,
אַז שפּעטער האָט דער אינקא אליין זיי דאָס דערצעהלט.

אטאהואלפּאַ'ס מענשען האָבען דיא ווייסע געוועלט מכבד זיין
מיט אַ מאָהלצייט. דיא ווייסע געסט אָבער האָבען ניט געוועלט
אראָבגעהן פון זייערע פערד, און האָבען זיך ענטזאַגט. בלויז פון
„טשיטשאַ“, וועלכע מען האָט צו זיי צוגעטראָגען אין גרויסע בעכערס,
ריכטיגער געזאָגט, אין וואַזעס, האָבען זיי זיך ניט ענטזאַגט. דיא
וואַזעס זיינען געווען גילדערנע, און צוגעטראָגען האָבען זיי שעהנע
יונגע פרויען פון דעם אינקאַ'ס הארעם.

דיא רייטער האָבען זיך מיט גרויס רעספּעקט געזעגענט און זיי־
נען אַוועקגעריטען צוריק נאָך קאַססאַמארקא.

ווען זיי זיינען געקומען צו זייערע חברים און האָבען זיי דער־
צעהלט וואָס פאַר אַ גרויסע מחנה דער אינקאַ האָט און אין וואָס פאַר
אַ גלאַנץ ער לעבט, איז אַלעמען שווער געוואָרען אויפ'ן הארצען. עס
האָט זיי אויסגעוויזען עפּעס אזוי וויא זייער הייפּעלע סאָלדאַטען וואָל־
טען זיך אונטערנומען צו בעזיעגען דעם קעניג פון פראנקרייך, צום
ביישפּיעל, אין זיין אייגענע לאַנד.

ווען עס איז געוואָרען אבענד, האָט מען אין דעם אינקאַ'ס לאַגער



אינקאַ אַטאהואַלפּאַ

אָנגעצונדען וואַך־פייערען. דער לאַגער איז געווען אַזוי גרויס, און פייערען איז געווען אַזוי פיעל, אַז „פון ווייטען האָבען זיי אויסגע־וויזען וויא דיא שטערען אין הימעל.“ אַזוי שילדערט דאָס אַ שפּאַ־נישער שרייבער, וואָס איז געווען דערביי. ווען דיא הייפּעלע שפּאַ־ניער האָבען געקוקט אויף דיעזע פייערלעך, וויא זיי פינקלען אין דיא שאָטענס פון דער נאַכט אין דער פרעמדער, אונבעקאַנטער לאַנד, איז זיי אויף דיא הערצער נאָך אומעדיגער געוואָרען.

## XII.

## פיזאַרראָ פאַנגט דעם אינקא.

פיזאַרראָ פלאַנעװעט צו טהאָן מיט אטאהואלפּא'ן דאָס װאָס קאָרטעס האָט געטהאָן מיט מאָנטעזומאַ'ן. — דער אינקא קומט בעזוכען פיזאַרראָ'ן. — אַ שטילע בעגעגענים און אַ בלוטיגע בעגריסונג. — װיא אזוי מען האָט געפאַנגען דעם אינקא. — דער געפאַנגענער נעהמט זיך אונטער אָנצופּילען אַ גרויסע הויז מיט גאָלד. — זיין ברודער הואַסקאַר װערט ערמאָרדעט. — װאָס מעהר גאָלד, אַלץ מעהר גאָלד־דורשט. — דיא שפּאַניער פערלירען געדולד. — מען בעשולדיגט אטאהואלפּא'ן אין אַ פערשװערונג. — פיזאַררא'ס ברודער מאַכט אַן אונטערזוכונגס־רײזע. — אַ מערקװירדיגער װעג. — בריקען. — דיא שטאָדט פּאַטשאַקאַמאַק. — דיא שטאָדט קסאוקסא. — דער פּערואַנישער גענעראל כאַלקוטשי־מאַ. — זילבערנע פּאָדקאָװעס. — דעם אינקאַ'ס לעבען אין געפאַנג־שאַפט. — פיזאַררא'ס שלוחים נאָך דער הויפּטשטאָדט קוזקאָ. — זיי רייסען ארום דיא גאָלד פון דיא טעמפּלען און פּאַלאַצען. — אלמאגראָ קומט פון פּאַנאַמאַ מיט 200 מאַן. — מען װיל פּטור װערען פון דעם אינקא. — מען צוטיילט זיך מיט זיין גאָלד. — דער אינקא װערט גע־משפּט. — זיין טוידט.

מיר האָבען דיא שפּאַניער איבערגעלאָזען אין קאַססאַמאַרקא, מיט שװערע הערצער. אויב עס איז צװישען זיי געװען איין אויסנאַהמע, איז דאָס געװיס געװען פראַנציסקא פיזאַררא. ער האָט זיך קיין צייט ניט געגעבען צו זיין אראָפּגעפאַלען ביי זיך. זיין מח איז געװען פּער־נומען מיט אַ געדאַנק, װאָס האָט מיט אַזעלכע געפיהלען קיין שייכות ניט געהאַט. מען דארף פאַנגען דעם אינקאַ! — דאָס איז, נאָך זיין מיינונג, געװען דער איינציגער פּלאַן, און װאָס שנעלער מען װעט איהם פערװירקליכען, אלץ בעסער װעט ער זיך איינגעבען. קאָרטעס האָט געפאַנגען מאָנטעזומא'ן; אַלזאָ, װעט ער, פיזאַררא, פאַנגען אטאהו־אלפּא'ן! אָהן זייער מלחמה־הויפּטמאַן זיינען דיא אַצטעקען, דיא

ערשטע צייט וועניגסטענס, געוועזן וויא אָהן אַ קאָפּ, און קאָרטעס האָט מיט זיין הייפעלע שפּאַניער רעגיערט איבער אַ וויכטיגע לאַנד מיט אַ גרויסע שטאַרקע ארמיי. איבערהויפּט האָבען דיא שפּאַניער געהאַט אַ כלל: ווען מען פאַנגט דעם מלחמה־הויפּטמאַן, צולויפען זיך אינדיאַנער פון שלאַכטפעלד. זיי פערלירען זייער אָרגאַניזאַציאָנס־פעהיגקייט און זייער קאמפּפס־פעהיגקייט. אַזוי האָבען דיא שפּאַניער געזעהן פיעלע מאָל. (זעה אויבען, זייטעל 322). אָט אויף דיעזען כלל האָט קאָרטעס געבויט זיין געוואַגטען שריט — צו פאַנגען מאָנטע־זומאַ'ן — און דאָס זעלבע האָט איצט געהאַט אין זינען פיזאַררא, ווען ער האָט זיך בעשלאָסען קאָרטעס'עס נאָכצוטהאָן אין דעם.

ער האָט דעם פּלאַן פאָרגעלעגט פאַר דע סאָטאָ'ן, קאַנדיאַ'ן, זיין ברודער הערנאַנדא און דיא אנדערע אָפיציערען. ער האָט גע־טענה'עט, אז זיי האָבען סיי וויא סיי ניט וואָס אָנצוואווערען, וואָרים אַטאַהואַלפּאַ קלייבט זיך זיי צו כאַפּען און צו פערניכטען. „צו דיעזען צוועק האָט ער אונז אריינגענאַרט אין זיין נעץ אריין" — האָט ער גע־זאָגט. — „אונז בלייבט איבער איין ברירה: אָנפאַלען אויף איהם פריהער, און וואָס עס וועט זיין, וועט זיין!" ער האָט אויסגעדריקט דיא האָפנונג, אַז זיי וועלען האָבען ערפאָלג, — אַז מיט זייער קאַוואַ־לעריע און אייראָפּעאישע געוועהר וועלען זיי בייקומען דיא פּערואַנישע חיל פונקט וויא קאָרטעס'עס ארמיי האָט בייגעקומען דיא אצטעקישע.

וויא אַזוי נעהמט מען זיך אָבער פאַר דער אַרבייט? אויב מען זאָל איינפאַך אַטאַקירען דעם אינקאַ'ס לאַגער, וועט מען צו איהם אַליין אפשר ניט קענען צוקומען אפילו, ווען מען זאָל האָבען ווער־ווייסט וואָס פאַר אַ זיעג איבער זיין ארמיי. ער וועט זיין ארומגערינגעלט מיט טרייע זעלנער; מען וועט איהם בעשיצען מיט אַלע קרעפטען; ווען ער זאָל האַלטען שמאָל, וועט מען איהם צונעהמען פון געפאַהר. און דער עיקר איז דאָך אַריינצוקריגען זיין פערזאָן! אָהן דעם וועט דער גרעסטער זיעג קיין ממשות ניט האָבען. דיא לאַנד איז אַזוי גרויס, אַזוי צו־וואָרפען איבער בערג און טהאָלען, אַז דיא שפּאַניער וועלען קיינמאָל ניט ווערען קיין בעלי־הבתים איבער איהר כל זמן דער אינקאַ וועט זיין פריי.

צום גליק וועט דער אינקאַ מאָרגען קומען בעזוכען דיא שפּאַניער.

אַלזאָ, איז פּיזאַרראָ'ס פּלאַן געווען דאַן איהם צו בעפאַלען און איהם צו פאַנגען גלייך אויף אָן אָרט!

דיעזער פאָרשלאַג, גראָד ווייל ער איז געווען אַזאַ משונה'דיגער, אַזאַ ווילד־אדוואזשנער, האָט דיא אָפיציערען בעצויבערט. דערנאָך האָט ער דאָס אַלץ איבערגעזאָגט פאר דיא איבעריגע פון זיין ארמיי, מיט אַ ווארימע רעדע אַלס צוגאָב, און דער סוף איז געווען, אז דיא אוואַנטוריסטישע חברה האָט פערגעסען אָן איהר אומעט און פערצווייפּלונג, און איז געוואָרען פול מיט בלוטדורשטיגע ספּאָרט.

אָט אין דיעזען געמיטה זיינען דיא שפּאַניער יענע נאַכט געגאַנגען שלאָפען. צוערשט האָט פּיזאַררא אָבער געזעהן, אז יעדער פּונקט זאָל זיין בעוואַכט, אז אויב דער אינקאַ וועט ווענען איהם אַטאַקירען אין מיטען נאַכט, זאָל דיא שפּאַנישע ארמיי ניט זיין אין אַ הילפלאָזען צושטאַנד. אויף יעדען וויכטיגען פּלאַץ האָט ער אַוועקגעשטעלט סאָלדאַטען. איינער פון דיא וויכטיגסטע פון דיעזע פּלעצער איז געווען דער בערגעל, וואו עס האָט זיך געפונען דיא אויבען־דערמאָנטע פּערואַנישע פעסטונג. פון דאָרטען וואָלטען דיא וועכטער געקענט זעהן אַלץ וואָס עס טהוט זיך אין דעם אינקאַ'ס לאַגער און אָנזאָגען וועגען דער קלענסטער בעוועגונג, וואָס דאָרטען וואָלט געמאַכט געוואָרען.

מאָרגען אין דער פריה אַלזאָ האָט געדארפט פאָרקומען דיא גרויסע פאַסירונג. מאָרגען אין דער פריה האָט דער אינקאַ צוגעזאָגט צו קומען און דאַן — ענטוועדער דיא שפּאַניער ווענען אַלץ געווינען אָדער זיי ווענען אַלץ פערשפּיעלען און צומאַלען ווערען אויף אַש.

דיא נאַכט איז פאָראיבער; עס האָט זיך בעוויזען דיא זון. דאָס איז געווען שבת, דעם 16טען נאָוועמבער, 1532.

מען האָט אַ טרומייטער געטהאָן; דיא סאָלדאַטען האָבען זיך גענומען פאר זייער געוועהר און זיך אויסגעסטראָיעט. דער קאָמאַנדיר האָט זיי ערקלעהרט דיא איינצעלהייטען פון דעם געפּלאַנעוועטען איבערפאַל. מיר האָבען אויבען געזעהן, אז דער גרויסער דריי־עקיגער סקווער פון קאַססאַמאַרקאַ איז פון אַלע דריי זייטען געווען פערבויט מיט גרויסע־גרויסע קאַזאַרמעס, און אז דיעזע קאַזאַרמעס האָבען זיך געעפענט אויפ'ן סקווער. אינוועניג אין דיא קאַזאַרמעס האָט פּיזאַררא אַוועקגעשטעלט זיין קאַוואַלעריע. ער האָט איהר צוטיילט אויף צוויי טייל, איין העלפט אונטער זיין ברודער'ס קאָמאַנדע און דיא אַנדערע

אונטער דע סאָטאָ'ס. דיא פוס־סאָלדאטען האָט ער בעהאַלטען אין א דריטע קאַזאַרמע. דיא צוויי קליינע קאַנאָנען, וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער ארויפגעשיקט מיט עטליכע ארטילעריסטען, אונטער דער קאָמאנדא פון פעדראָ דע קאַנדיאַ, אויבען, אויפ'ן בערגעל, צו דער פעסטונג. פאַר זיך אליין האָט ער איבערגעלאָזען א מאן צוואַנציג, אָבער פון דיא מוטהיגסטע. אלע אבטיילונגען האָבען בעקומען א שטרענגען בעפעהל זיך ניט צו ריהרען פון דיא ערטער ביז דער אינקאַ וועט קורמען, און אפילו ווען ער וועט שוין קומען, זאָלען זיי אויך בלייבען אויף זייערע פערבאָרגענע פלעצער, ביז זיי וועלען בעקומען דעם סיגנאַל; ער, פיזאַררא, וועט א מאַך טהאָן מיט א ווייסען טוך צו דער פעסטונג צו, און דאָרטען וועט מען דאַן אויסשיסען. דאָס וועט זיין דער צייכען. ווען דיא ארמיי וועט דערהערען דעם שאָס, זאָלען אלע מיט אמאָל ארויסשפרינגען פון זייערע בעהעלטעניסע מיט דעם געוועהנליכען שפּאַנישען מלחמה־רוף: „הייליגער יאגאָ! גענומען זיך צו זיי!“ ארויפוואַרפען זיך אויף דיא פערואַנער מיט דיא שווערדען, און אוועקשלעפען דעם אינקאַ.

פיזאַררא האָט זיין בעפעהל איבערגעזאָגט עטליכע מאָל. ער האָט זיינע צוהערער געגעבען צו פערשטעהן וויא וויכטיג עס איז, אז זיי זאָלען בלייבען געלאַסען, און אלץ טהאָן אין אָרדנונג, אלע צוזאַמען וויא איין מאַן, רוהיג און פלינק.

דאַן האָט ער געזעהן אויב דיא געוועהר זיינען וויא עס בעדאַרף צו זיין און צו טראָגט יעדער פערד א גלעקעל, כדי דער ליאַרם און געפילדער זאָל זיין וואָס גרעסער, און זאָל אויף דיא פערואַנער ארויפוואַרפען וואָס מעהר אימה.

ווען מען האָט געענדיגט דיעזע אלע הכנות, האָט מען זיך געשטעלט מתפלל זיין צו גאָט, אז ער זאָל מצליח זיין דעם קאַמפף פאַר דער פערשפּרייטונג פון זיין הייליגען גלויבען. מען איז אזוי בעגייסטערט געוואָרען, אז צוזאַמען מיט דיא פּאַאָר גלחים, וואָס האָבען מיטגערייזט, האָבען אלע מיט התלהבות געזונגען דיא תפלה: „שטעה אויף, אָה, האַרר פון דער וועלט, און משפּט דיין אייגענעם משפּט!“ וועגען דיא גאָלד, וואָס זיי זיינען אהער געקומען ראַבעווען, האָבען זיי איצט ניט דערמאָנט, פונקט וויא בשעת פיזאַררא האָט מיט זיין שווערד געמאַכט יענעם פּאַס אין זאַמד, האָט ער זיך פערגעסען צו דערמאָנען.

אז דער צוועק פון זיין רייזע איז „צו פערשפרייטען דעם הייליגען גלויבען." „קוקענדיג אויף דיעזע קאמפאניע זעלנער וויא זיי זיינען מתפלל צו גאט, אז ער זאל „אויפשטעהן און משפט'ן זיין אייגענעם משפט" — בעמערקט פרעסקאטט — וואלט מען געקענט מיינען, אז דאס זיינען מארטירער, וואס קלייבען זיך צו לעגען זייער לעבען פאר זייער רעליגיאן, און ניט קיין באנדע לומפיגע אוואנטוריסטען, וועלכע פלאנעווען דעם שרעקליכסטען שווינדעל און גוואלט־טהאט אין דער געשיכטע."

פיזארראָ האט זיך געריכט, אז זיין גרויסער גאסט וועט קומען אין דער פריה און ביי איהם איז אלץ געווען פיקס און פארטיג פון א שפראָץ אויף טאָג אָן. עס איז שוין אָבער געוואָרען נאָהענט צו מיטאָג, און דיא וועכטער, וואָס האָבען פון דער פעסטונג אראָבגעקוקט אויף דעם אינקא'ס לאגער, האָבען אלץ בעריכטעט, אז מען מארשירט נאָך פון דאָרטען ניט. דער אמת איז געווען, אז דאָרטען האָט מען געמאכט גרויסע הכנות אום צו קומען צו דיא ווייסע מיט וואָס מעהר פאראד און גלאנץ.

באלד איז פון דעם אינקא צו פיזארראָ'ן געקומען א סטאפעט, אז ער וועט קומען מיט זעלנער אין „פאָלנע פאָרמע" און פאָלשטענדיג בעוואפענט, פונקט וויא פיזארראָ'ס שלוחים זיינען צו איהם געקומען. דאָס האָט נאטירליך דיא שפאניער ניט געשמעקט. ארויסווייזען זייער אונצופריעדענהייט וואָלט אָבער קיין זין ניט געהאט, — האָט פיזארראָ זיך געמאכט אזוי וויא ער וואָלט מיט דער נאכריכט געווען העכסט צופריעדען, און ער האָט געהייסען דעם אינקא זאָגען, אז ער וועט זיין ווילקאָמען אלס א פריינד און א ברודער.

ענדליך האָבען אטאהואלפא מיט זיינע בעגלייטער אָנגעפאנגען זייער פאראד־מארש נאָך קאסאמארקא. עס איז שוין געווען מיטאָג. דיא פראָצעסיע האָט פערנומען א גרויסע שטיק פון דעם וועג, וואָס איז געגאנגען דורך דער לאָנקע, פון דעם לאגער צו דער שטאָדט. צוערשט האָט זיך בעוויזען א מאסע וועג־ראמער. זיי זיינען געגאנגען פאָראויס און צוגענומען יעדען שטיינדעלע, יעדע שטויבעלע. הינטער זיי האָבען מארשירט רייך־געקליידעטע פערואנער, און הויך איבער זייערע קעפ איז געזעסען דער אינקא. מען האָט איהם געטראָגען אויף דיא פלייצעס, אויף אזא מין שטוהל. דיא טרעגער און דיא, וואָס זיינען

געגאנגנען לעבען זיי, זיינען געווען אויסגעפוצט אין אזעלכע מאסען גאָלד, אז זיי האָבען „פראָסט געפלאקערט וויא דיא זון“ — אזוי דריקט זיך אויס א שפאנישער שרייבער, וואָס האָט דאָס אלץ געזעהן. דיא חיל איז געגאנגנען ניט איבער'ן וועג, נאָר איבער דער לאָנקע גופא. זיא האָט פערנומען א גרויסע טייל פון דעם טהאָל, אזוי ווייט וויא דיא אויג האָט געקענט דערגרייכען.

ווען דיעזע פראָצעסיע איז שוין געווען בלויז א האלבען ענגלישען מייל פון קאססאמארקא, האָט זיא זיך פּלוצלונג אָבגעשטעלט; צו זיין גרויס איבערראשונג האָט פיזאררא געזעהן וויא דיא פערואנער פאנ־גען אָן אויפצושטעלען זייערע לאגער־ביידלעך. דאָס האָט אלזאָ גע־הייסען, אז זיין „פריינד און ברודער“ מאכט דאָ זיין מיליטערישען לאגער. וואָס האָט דאָס געקענט בעדייטען?

באלד איז פון דעם אינקא געקומען צולויפען א קוריער מיט דער ערקלעהרונג, אז ער וועט אין דיעזען לאגער פערברענגען דיא נאכט, און אז אין שטאָדט וועט ער אריינקומען ערשט מאָרגען אין דער פריה. פיזאררא האָט ניט געוואוסט וויא דאָס אויסצוטייטשען. יע־דענפאלס איז דאָס איהם געווען א גרויסע שטערונג. ער האָט זיינע שפאניער געהאלטען בעוואפענט און געגרייט צו דער אטאקע פון פאר־טאָג אָן; אלזאָ, האָט ער מורא געהאט, אז זיי זאָלען ניט ווערען נער־ווען פון אָנשטרענגונג. אין בעסטען פאל איז געווען א סכנה, אז ביי זיי זאָל ניט אָבגעקיהלט ווערען זייער קאמפף־חשק, דער געמיטה, אין וועלכען ער האָט זיי אריינגעבראכט מיט זיין פּלאן און מיט זיינע רייד.

— זאָג דעם אינקא, אז מיר פערדריסט זעהר ווארום ער קומט ניט אויפ'ן שטעל, וויא ער האָט צוגעזאָגט. אלץ איז צוגעגרייט איהם צו עמפפאנגען און איך ריכט זיך איהם היינט צו האָבען ביי'ן טיש צו אבענד־ברויט.

דער קוריער איז אוועקגעלאָפען צוריק צום אינקא. פיזאררא האָט געווארט מיט אונגעדולד אויף אַן ענטפער. זיין ארמיי איז אלץ געלעגען בעהאלטען אין דיא קאזארמעס. קיין שום קלאנג האָט זיך פון דיא קאזארמעס ניט געהערט. און אין שטאָדט איז אויך געווען שטיל וויא אין א קבר. נור פון צייט צו צייט האָט פון אויבען, פון דער פעס־טונג, געהילכט דיא שטימע פון דעם וועכטער, וועלכער האָט אָנגעזאָגט וואָס ער זעהט אין דעם אינקא'ס לאגער.

באַלד האָט דיעזער וועכטער אויסגערופען, אַז דיא פּערואַנער צו־נעהמען וויעדער זייערעביידלעך, אַז זיי גרייטען זיך וויעדער אין וועג; אין אייניגע מינוטען ארום איז וויעדער געקומען אַ קוריער, — דיעזען מאָל מיט דער נאַכריכט, אַז דער אינקאַ טהוט וויא פּיזאַררא פערלאַנגט און קומט גלייך. דער קוריער האָט אויך ערקלעהרט, אַז אַטאַהואַלפּאַ לאָזט דאָס רוב פון זיין חיל איבער דאָרטען וואו זיי זיינען, אַז ער קומט בלויז מיט ניט קיין גרויסע ארמיי, אָהן וואַפען, און אַז ער וועט פער־ברענגען דיא נאַכט אין דעם „שלאַנגען־פּאַלאַץ“ (אַ פּאַלאַץ, אויף וועל־כען פון דרויסען איז געווען אויסגעשניצט דיא פיגור פון אַ שלאַנג), אין קאַססאַמאַרקאַ.

פּיזאַררא איז געווען אויף'ן זיעבעטען הימעל. וויא עס האָט אויסגעזעהן, האָט זיך גאָט געלאָזט איינרעדען, אַז דיא גאַנצע געשיכטע איז פון זיין'ט וועגען, און ער האָט דיא שפּאַניער געגעבען נאָך מעהר הצלחה וויא זיי האָבען זיך געוואונשען. דער אינקאַ האָט אליין גע־טהאָן אַלעס מעגליכעס לייכטער צו מאַכען דיא פערווירקליכונג פון זייער פּלאַן.

וואָס אַטאַהואַלפּאַ האָט דאָ געהאַט אין זינען, ווייס מען ניט. עס איז אָבער, דאַכט זיך, ניט שווער צו זעהן, אַז דיא בעשולדיגונג, דאָס ער האָט בלויז געוועלט דיא שפּאַניער אריינגנאַרען אין זאַק אריין, האָט ניט קיין ממשות. ווען דאָס וואָלט געווען זיין צוועק, וואָלט ער ניט געקומען צו זיי אָהן וואַפען. דער אַלגעמיינער איינדרוק, וואָס זיין האַלטען זיך מאַכט, איז אַז ער האָט אַזעלכע ציעלען ניט געהאַט. אינ־דיאַנער זיינען אַזוי ניט געוועהנט געווען צו האַנדלען מיט אייראָפּע־אישע מענשען, אַז ווען זיי פּלעגען זיך מיט זיי טרעפען צום ערשטען מאָל, פּלעגען זיי איינפאַך צוטומעלט ווערען און פערליערען זייער געוועהנליכען בעגריף וועגען דיא פערהעלטניסע וואָס מענשען און זאַכען האָבען צו זיי. ווען עס קרעהט אַ האָהן — אַ פויגעל, וואָס מען זעהט בלויז ביי ווייסע מענשען — איז דאָס געווים אַזאַ מין מענשליכע שפּראַך. אָט מיט אַזאַ זאָרט לאָגיק, מיט אַזאַ זאָרט געפיהל האָט דער אינקאַ מסתמא זיך פערהאַלטען צו זיינע „אוננאַטירליכע“ געסט. צוטו־מעלטקייט און נייגעריגקייט — אָט דאָס איז וואהרשיינליך געווען דער פונדאַמענט פון אַלץ, וואָס ער האָט דאָ געטהאָן.

עס איז שוין געווען ניט פיעל צו זון־אונטערגאַנג, ווען דיא ערשטע

ציילען פון אטאהואלפא'ס פראצעסיע זיינען אריינגעקומען אין קאססא־מארקא. צוערשט זיינען אריין א פאר הונדערט דיענער, און מיט פייערליכע געזאנגען האבען זיי אויפגעראמט דיא גאסען. דאן האבען זיך בעוויזען קליינע קאמפאניעס מענער אין פערשיעדענע רייכע קלייי־דער. איינינע האבען געטראגען מאנטלען וואס זיינען געווען אויסגע־וועבט אין ווייסע און רויטע קעסטעלעך; אנדערע, וועלכע האבען געטראגען זילבערנע אדער קופערנע העמערלעך, זיינען געווען געקליידט דורכאויס אין ווייסען, וועהרענד דיא וועכטער און דיא, וואס זיינען געגאנגען נאהענט צום אינקא, האבען געטראגען העל־בלויע בגדים מיט א סך בליסטשענדע בעפוצונגען און דיא גרויסע גאלדענע אויר־רינגלעך וואס זיינען געווען דער צייכען פון דיא הערשענדע פאמיליעס. דעם אינקא האט מען געטראגען אין דער הויך אויף זיין שטוהל, און איצט, אז ער איז שוין געווען נאהענט, האבען דיא שפאניער געזעהן אז דער שטוהל, אדער „טהראן“, איז א גילדערנער. אויבען, איבער דעם שטוהל איז געווען א חופה פון דיא פעדערען פון פערשיעדענע העל־קאלירטע פויגעלעך, בעשאטען מיט שטיקער גאלד און זילבער. איצט איז אטאהואלפא געווען געקליידט פיעל רייכער וויא דעם פאריגען טאג, ווען דע סאטא און פיזארראַ'ס ברודער האבען איהם בעזוכט אין זיין לאגער.*) ארום האלז האט ער געטראגען א גרויסען קאלנער פון פינקעלדיגע עמעראלד־שטיינער. זיינע קורצע האר איז געווען בעפוצט מיט גאלדענע ציערונגען, און ארום זיין שטערען און שלייפען האט ער

*) עס קען זיין, אז דאן איז ער געווען איינפאַך אנגעטהאן, איינפא־כער וויא זיין סוויטע, צוליעב זיין תענית; דאס וואס ער האט ניט געוואלט מפסיק זיין און קוים געענטפערט אויף הערנאנדא פיזאַררא'ס רייד, קען זיין, אז דאס איז ניט געווען אוים שטאָלץ, נור טאַקי ווייל ער האט געהאַלטען אין פאַסטען. ניט עסען, ניט פוצען זיך און ניט ריידען — דאס אַלץ איז גאַנץ נאַטירליך פאר דעם וואס קומט צו גאט מיט אַן אונטערטהעניגע, צובראָכענע האַרץ. דיא פאַלשקייט און ביטרעקייט, וועלטע דיא אַלטע שפּאַנישע שרייבער בעמערקען אין אטאהואלפא'ס דאמאָלסדיגען ניט מפסיק זיין, האט מסתמא פונקט אזוי וועניג ממשות וויא דאס וואס זיי זיינען זיכער, אַז ער איז גע־קומען בעזוכען פיזאַררא'ן מיט דעם צוועק איהם מיט זיין ארמיי צו פער־ניכטען.

געטראָגען דיא  ב אָ ר ל א.  געזעסען איז ער מיט א וואזשנע רוהיג־קייט, וויא איינער וואָס איז געוועהנט צו הערשען. ער איז דאַן אלט געווען ארום דרייסיג יאָהר און איז געווען שטארק געבויט, — שטארקער וויא דאָס רוב פערואנער. ער האָט געהאט א גרויסע קאָפּ און ווען ניט זיינע רויטליכע אויגען, וואָלט ער געווען זעהר א שעהנער.

ווען דיא פּראָצעסיע איז ארויף אויף דעם גרויסען דריי־קאנטיגען סקוועער, האָבען דיא פאָדערסטע ציילען זיך צוטהיילט אויף צווייען, דער אינקא מיט זיין נעהנטסטע סוויטע זאָל קענען דורכגעהן. אלץ איז געווען געטהאָן מיט דער בעסטער אָרדנונג.

אין גאנצען האָט אטאהואלפּא מיט זיך געהאט ארום זעקס טויזענד בעגלייטער; אזוי אָבער וויא זיי זיינען געווען אָהן וואפען, האָט פיזאררא זיי אלעמען געלאָזען ארויפקומען אויפ'ן סקוועער.

זעהענדיג אז עס איז קיינער ניטאָ, האָט דער אינקא געפרעגט:

— וואו זיינען דאָס דיא אויסלענדער?

באלד האָבען זיך בעוויזען צוויי מענשען, א ווייסער און א רויט־הויטיגער. דער ווייסער איז געווען פיזאררא'ס גלח, וואלווערדע, און דער רויט־הויטיגער — דער „קליינער פיליפּ". האלטענדיג א ביבעל אין איין האנד און א צלם אין דער אנדערער האָט דער גלח זיך געווענדעט צום אינקא מיט שפּאנישע ווערטער, וועלכע זיין דאָלמעטשער האָט גלייך איבערגעזעצט אויף  ק ו י ט ש ו א,  דיא שפּראך פון דעם אינקא שבט.

— דער קאָמאנדיר פון דיא שפּאניער — האָט ער געזאָגט — האָט מיר געשיקט צו דיר בעקאנט צו מאכען מיט דעם אמת'ן גלויבען. צוליעב דעם זיינען דאָס דיא שפּאניער געקומען פון אזוי ווייט.

דאָ האָט ער זיך אוועקגעלאָזען ערקלעהרען וועגען דיא קריסטליכע דריי־איינינגקייט און דיא גאנצע תורה, מיט וועלכע מיר זיינען בעקאנט פון פריהערדיגע קאפּיטלען. ער האָט אָנגעהויבען פון דעם וויא גאָט האָט בעשאפען דעם מענשען; ביסלעכווייז איז ער איבערגעגאנגען צו דעם, וויא יעזוס קריסטוס האָט מיט זיין טוידט געראטעוועט דיא מענשהייט, וויא ער האָט איבערגעלאָזען זיין געטליכע ירושה צו דעם הייליגען פּעטער, וויא דער הייליגער פּעטער האָט דאָס איבערגעגעבען צו דיא פּאפּסטען פון רוים און וויא איינער פון דיא פּאפּסטען האָט דעם שפּאנישען קעניג, דעם מעכטיגסטען פון אלע קעניגע אין דער וועלט,

געגעבען אַ בעפעהל איינצונעהמען אַמעריקאַ און איהר צו בעקעהרען צום קריסטענטהום. אַלזאָ איז דעם שפּאַנישען קעניג׳ס גענעראַל, פּיזאַררא, דאָס איצט געקומען דורכפיהרען דיעזען בעפעהל; און דערי־בער האָפּט ער, וואַלווערד, אַז דער אינקאַ וועט פּיזאַררא׳ן עמפּפאַנגען פריינדליך, אַז ער וועט אַוועקוואַרפען זיינע פאַלשע געטער, אָננעהמען דיא ריכטיגע אמונה און אַנערקענען איבער זיך דיא אויבער־הערשאַפט פון קאַרל דעם 5־טען, דעם קיסר פון שפּאַניען און אַנדערע לענדער, וועלכער וועט איהם דאַן העלפען געגען זיינע שונאים.

פון דער גאַנצער דרשה האָט דער אינקאַ נור פערשטאַנען, אַז מענ־שען האָבען געטוידטעט דעם קריסטליכען גאָט, און אַז איבער איהם, אטאהואלפא׳ן, וויל מען הערשען.

— קיין מענש קען ניט געוועלטיגען איבער מיר! — האָט ער זיך אָבגערופען מיט פלאַמענדע אויגען. — איך בין דער העכסטער הערשער אויף דער וועלט. און מיין גאָט איז דער בעסטער גאָט. וויא אַזוי קען איך אין דעם צווייפלען, ווען דו זאָגסט אַליין, אַז דעם גאָט פון דיא ווייסע האָבען געטויטעט דיא מענשען, וואָס ער אַליין האָט בעשאַפען?! מיין גאָט — האָט ער אויסגערופען, אָנווייזענדיג אויף דיא זון — מיין גאָט קען מען ניט טוידטען. ער לעבט אייביג און גיט אַכטונג אויף זיינע קינדער. אייער קעניג קען זיך זיין אַ גרויסער הערשער און איך בין צופריעדען איהם צו האַלטען פאַר מיינעם אַ ברודער. אָבער אייער פאַפּסט, אָט דער וואָס שענקט אַוועק לענדער, וואָס ער האָט אַליין ניט, ער מוז זיין משוגע.*) ווער האָט דאָס דיר געגעבען דאָס רעכט מיט מיר אַזוי צו ריידען? — האָט ער בייז געפרעגט.

*) ווען מען בעטראַכט דיעזע סצענע, זעהט מען, אַז דעם גלח׳ס ווער־טער האָבען געמוזט אויסניכטערען אטאהואלפא׳ס פערטומעלטען מח. דיא ווייסע האָבען געוואָלט צוויי זאַכען: איהם צווינגען אַנצוערקענען אַ הע־בערען הערשער איבער זיך און איהם צווינגען אַנצוערקענען אַן אַנדער גאָט. דאָס איז פּונקט דאָס זעלבע, וואָס דיא אינקאַס פלעגען טהאָן מיט דיא רויט־הויטיגע פעלקער, וואָס זיי האָבען בעזיעגט. דאָס איז איהם שוין געווען גוט בעקאַנט. דאָ האָט שוין קיין איבערנאַטירליכעס ניט געשטעקט. דיא חוצפּה פון דיא שפּאַניער איז אַלזאָ געווען אַן איינפאַכע מענשליכע חוצפּה, ניט קיין מלאכים׳שע. און וואָס קלעהרער דיעזע חוצפּה איז איהם געוואָ־רען, וואָס שאַרפער ער האָט זיך געפיהלט אָנגעגריפען אין זיינע וויכטיגסטע

דער גלח האָט אָנגעוויזען אויף זיין ביבעל; און דער אינקאַ האָט דעם בוך גענומען אין האַנד, איהם אַ בלעטער געטהאָן און אַ שליידער געטהאָן אָן דער ערד.

— זאָג דיינע חברים, אַז זיי וועלען מיר פאַר דאָס אַלעס אָבגעבען דין וחשבון — האָט דער אינקאַ געזאָגט מיט כעס. — איך וועל פון דאַנען ניט אַוועקגעהן ביז זיי וועלען מיר בעצאָהלען פאַר אַלע סקאַנ־דאַלען וואָס זיי האָבען אָבגעטהאָן.

וואַלווערד האָט זיך איינגעבויגען, אויפגעהויבען דיא ביבעל, און אַריינלויפענדיג צו פּיזאַררא'ן האָט ער געזאָגט:

— מיר פערליערען אומזיסט צייט מיט דיעזען שטאָלצען אינדיאַ־נישען הונד. דערוויילע קלייבען זיך זיינע חיל אויף דער לאָנקע. פאַנג בעסער גלייך אָן.

און פּיזאַררא האָט אָנגעפאַנגען.

ער האָט אַ פאָך געטהאָן מיט אַ ווייסער טוך צו דער פעסטונג צו. דאָרטען אויבען האָט מען גלייך אויסגעשאָסען. אין דעם זעלבען מאָמענט איז פּיזאַררא, מיט זיינע צוואַנציג בעגלייטער, אַרויסגעשפּרונגען אויפ'ן סקווער מיט דעם מלחמה־געשריי:

— הייליגער יאַגא! גענומען זיך צו זיי!

און גלייך האָבען פון דיא קאַזאַרמעס זיך אַ שאָט געטהאָן דיא איבעריגע שפּאַניער, — דיא קאַוואַלעריע און דיא פוס־סאָלדאַטען, — יעדער אָבענטפערענדיג:

— הייליגער יאַגא! גענומען זיך צו זיי!

זיי האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דיא אונבעוואָפענטע פּערו־אַנער מיט דיא פערד און מיט דיא בלויזע שווערדען, מיט זייערע צוויי קאַנאָנען פון אויבען און מיט זייערע ביקסען און שטאָהלענע פייל־און־בויגענס פון אונטען. עס איז געוואָרען אַ שרעקליכער שוועבעלנער רויך און אַ געפּילדער. דיא פערבלענדעטע, פערטויבטע, פערשטיקטע, איבער־ראַשטע פּערואַנער האָבען ניט געוואוסט וואוהין צו לויפען — דיא קאַוואַלעריע האָט געטראָטען איבער מיטגליעדער פון דעם אינקאַ שבט

אינטערעסען, אַלץ מעהר האָבען דיא שפּאַניער איהם אויסגעזעהן וויא גע־פעהרליכע „בשר ודם'ניקעס" און אַלץ וועניגער וויא הימעלישע בעשעפּע־ניסען.

צוזאַמען מיט דיא אַנדערע פּערואַנער, האַקענדיג רעכטס און לינקס אָהן חשבון און אָהן רחמנות. דיא אונגליקליכע אינדיאַנער האָבען איצט צום ערשטען מאָל דערזעהען פערד ביי דער שרעקליכער ארבייט וואָס זיי טהוען אויף אַ שלאַכטפעלד. און דיא שטאָהלענע אייראָפּעאישע שווער־דען, בליסטשענדיג אין דער אָנקומענדער פינסטערניס, האָבען געוויזען וואָס זיי קענען אויפטהאָן. דיא וועניגע רויט־הויטיגע, וואָס האָבען שוין יע געוואוסט אויף וואָסער וועלט זיי זיינען און האָבען געוואָלט לויפען, האָבען אויך ניט געקענט; וואָרים דער אַרויסגאַנג פון דעם סקווער איז באַלד געוואָרען פערשטאָפּט מיט בערג טוידטע קערפּערס פון דיא וואָס האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אהין און זיינען צוקוועטשט געוואָרען אין זייער פערצווייפעלטע שפּאַרענים און שטיקענים. אין אַן אַנדער אָרט האָט אַ מאַסע אינדיאַנער, דריקענדיג זיך וויא דיא וואַהנזיניגע צו אַ וואַנד פון שטיין און ליים, דיא וואַנד דורכגעבראָכען. דורך דער לאָך זיינען פון סקווער אַרויסגעלאָפען פיעלע הונדערטע. אָבער דיא קאַוואַלעריע האָט זיך נאָך זיי נאָכגעיאָגט, און ווייטער געשניטען אין אַלע זייטען.

דיא הויפּט־שחיטה איז פאָרגעקומען אַרום דעם אינקאַ. דיא שפּאַ־ניער האָבען מיט אַלע קרעפטען זיך געריסען צוצוקומען צו איהם, אָבער זיינע טרייע בעגלייטער האָבען זיי ניט צוגעלאָזען. זיי האָבען זיך איינגעטשעפּעט אין דיא רייטער, און זיך אָנגעשטרענגט זיי אַראָבצו־שלעפּען פון זייערע פערד; זיי האָבען זיך אָנגעהאַנגען אָן דיא פערד, געפּרופט זיי פערצאַמען דעם וועג; און ווען איינער פון זיי איז געפאַלען אַ טוידטער אָדער אַ פערוואונדעטער, האָבען אַנדערע זיך גלייך צוגע־שפּאַרט צו פערנעהמען זיין פּלאַץ.

דער גילדערנער שטוהל האָט זיך געוויעגט און געוואָרפען צוזאַמען מיט זיינע טרעגער, וואָס דיא קעמפּפענדע מאַסע האָט געדריקט און געשטופּט אהין און אַהער. דער אינקאַ, וועלכער איז געזעסען אויף דיעזען שטוהל, און געקוקט וויא זיינע טרייע מענער פאַלען אַרום איהם מאַטערענדיג זיך מיט זייערע לייבער צו בעשיצען זיין לייב, האָט אויס־געזעהן וויא אַ צומישטער, — אַזוי וויא ער וואָלט ניט קלאָהר פער־שטאַנען וואָס דאָ קומט פאָר.

אַ פּאָר פון דיא שפּאַניער האָבען פערלאָרען געדולד און האָבען אויסגעשטרעקט זייערע שווערדען איהם צו טוידטען. פּיזאַררא האָט

אָבער צו זיי אויסגעשריען: „דער וואָס האָלט טהייער זיין אייגענעם לעבען זאָל ניט סמייען ארויפצולעגען א האנד אויף דעם אינקא!“ דערביי האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האנד; גלייך האָט ער בעקומען א וואונד פון איינעם פון דיא שפּאַנישע שווערדען. דאָס איז געווען דיא איינציגע וואונד וואָס א ווייסער מענש האָט בעקומען אין דיעזער שרעקליכער הריגה, אין וועלכע דיא אינדיאַנער האָבען ניט גהעאט מיט וואָס זיך צו פערטהיידיגען.

דער קאַמפּף ארום דעם גילדערנעם שטוהל איז געוואָרען אַלץ ברענענדיגער און בלוטיגער. דיא שפּאַניער זיינען צוגעקומען אַלץ נעהנטער, און דער שטוהל האָט זיך אַלץ מעהר געטרייסעלט און געוואָרפען. ענדליך זיינען ניעדערגעשלאָגען געוואָרען עטליכע פון דיא וואָס האָבען איהם צוגעהאַלטען, און ער האָט זיך איבערגעקעהרט. דער אינקא וואָלט אראָבגעפאַלען אויף דער ערד און וואָלט זיך שטארק צוזעצט. אָבער פּיזאררא און נאָך איינער פון דיא שפּאַניער האָבען פּאָספּייעט איהם א כאַפּ צו טהאָן אין זייערע אָרימס. א שפּאַנישער סאָלדאַט איז דאַן גלייך צוגעלאָפען און האָט אראָבגעריסען דיא „באָרלא“ פון דעם אינקא'ס שטערן. דעם געפאַנגענעם האָט מען ארייננעטראָגען אין איינע פון דיא דערבייאיגע געביידעס און אוועקגעשטעלט לעבען איהם א שטארקע וואַך.

דיא אַנדערע פּערואַנער האָבען גלייך אויפגעהערט זיך צו וועהרען, און דיא רויט־הויטיגע חיל, וואָס האָט פערנומען דיא לאָנקע, איז זיך באַלד צולאָפען.

דיא נייעס וועגען דעם אינקא'ס שיקזאַל האָט זיך פערשפּרייט איבער'ן לאַגער, אָבער קיינער האָט אפילו ניט געקלעהרט וועגען געהן אויף דיא ווייסע. יעדער גייסט פון וויעדערשטאַנד איז פערשוואונדען.

דער אינקא איז געווען דער „מלחמה־הויפּטמאַן“ און אָהן א מלחמה־הויפּטמאַן זיינען דיא אינדיאַנער געווען אזוי וויא אָהן א קאָפּ. דאָס וואָס מיר האָבען געזעהן וועגען אגוועבאַנאָ'ס און וועגען מאָנטעזומא'ס געפאַנגענשאַפט, איז אַלזאָ ריכטיג וועגען אטאהואַלפּא'ס אויך. אַלע אַלטע שפּאַנישע שרייבער בעריכטען, אז דורך דעם, וואָס מען האָט צוגענומען ביי דיא פּערואַנער זייער אינקא, האָבען זיי פערלאָרען מוטה און איינינקייט און יעדער האָט נור געקלעהרט וועגען זיך אליין. קיינער האָט ניט געקענט פערנעהמען דעם אינקא'ס פּלאַץ — שרייבען זיי

אונגעפעהר, — אַלזאָ זיינען זיי געבליבען אָהן אַ מלחמה־פיהרער.

מען איז אָבהענגדיג געוואָרען. מען האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. און דער אונגעוועהנליכער פאַקט, אַז אַ הייפעלע מענשען האָבען בעזיעגט דעם אינקאַ מיט אַ גאַנצע ארמיי זיינע, האָט דיא איבערראַשונג און צוטומעלטקייט פיעל פערגרעסערט. דיא אינקאַ גענעראַלען זיינען געוועהנט געוועזען צו קעמפפען מיט געוועהנליכע מענשען, ניט מיט קיין „הימעלשע בעשעפעניסען“.

פיזאַררא האָט געהאַלטען וואָרט וועגען דעם אַבענד־ברויט וואָס ער האָט פערשפּראָכען דעם אינקאַ. דעם מאָהלצייט האָט מען געגעסען אַ פּאָאר שטונדען נאָך דער שחיטה אין איינער פון דיא קאַזאַרמעס. דעם אינקאַ האָט מען אַניעדערגעזעצט לעבען פיזאַררא'ן און דערביי איז אויך געזעסען „דער קליינער פיליפּ“, וועלכער האָט געדיענט אַלס דאָלמעטשער. דער בעזיעגטער האָט זיך געהאַלטען מיט דער זעלבער רוהיגקייט און גלייכגילטיגקייט, מיט וועלכע ער האָט עמפּפאַנגען דע סאָטאָ'ן און הערנאַנדאָ פיזאַררא'ן, ווען זיי האָבען איהם בעזוכט מיט זייער קאַוואַלעריע. ער האָט זיך ניט געקענט אָבוואונדערען פון דיא שפּאַניער'ס פלינקהייט און מוטה, און ער האָט בעמערקט, אַז מלחמה איז ניט מעהר וויא אַ מזל זאַך. אַזוי ווערט בעריכטעט. עס וואָלט געווען נאַטירליכער ווען ער וואָלט פיזאַררא'ן דערמאָנט, אַז ער האָט איהם מיט זיינע בעגלייטער אַטאַקירט ווען זיי זיינען ניט געווען בעוואַפענט און האָבען ניט געקענט זיך פערטהיידיגען. אין דיא בעריכטען איז וועגען דעם יעדענפאַלס ניטאָ קיין וואָרט. אין אייניגע פון דיא בעריכטען ווערט זאָגאַר געמעלדעט, אַז דעם אינקאַ'ס זעלנער האָבען יע געהאַט וואפען מיט זיך, — ניט אָפען, נור פ ע ר ב אָ ר ג ע ן. אַז זיי האָבען דיא וואַפען געברויכט אין דעם צוזאַמענשטויס — דאָס זאָגט קיינער פון דיא שפּאַניער. הייגט צו וואָס האָבען דיא רויט־הויטיגע זייער געוועהר געבראַכט מיט זיך, אויב ניט זיך צו פערטהיי־דיגען? אַטאַהואַלפּאַ האָט געשיקט זאָגען פיזאַררא'ן אַז ער און זיינע בעגלייטער קומען צו איהם אונבעוואַפענט, און פון אַלעם איז דייטליך, אַז אַזוי איז ער ווירקליך געקומען. קיין ביטרעקייט אָדער פאַלשקייט קען מען אין זיין בענעהמען זיך אין דער גאַנצער געשיכטע ניט געפינען. אָבער פאַר פיזאַררא'ן איז וויכטיג געווען זיך ריין־צו־וואַשען פאַר דער וועלט; מיר וועלען זעהן וויא מערדעריליך ער איז זיך מיט אַטאַהו

אַלפאַ'ן בעגאַנגען. איהם איז דעריבער נויטיג געווען איהם צו בעשולדי־גען אין אַלערליי אינטריגען און בלוט־דורשטיגע שווינדלען.

פערשיעדענע היסטאָריקער דריקען אויס צווייפעל אויב „דער קליינער פיליפ" האָט עהרליך איבערזעצט אַטאַהואַלפאַ'ס רייד. ווענען דיא טעות'ן וואָס ער האָט געמאַכט איינפאַך ווייל ער האָט ניט ריכטיג פערשטאַנען שפּאַניש, אָדער ווייל ער איז ניט געווען ענטוויקעלט גענוג, ריידען מיר שוין דאָ ניט. מען איז חושד, אַז ער האָט אייניגע פון אַטאַהואַלפאַ'ס אַנטוואָרטען מיט אַ כיון פאַלש איבערגעגעבען, אום איהם צו שעדיגען. ער האָט געגען דעם געפאַנגענעם אינקאַ געטראָגען אַ פערבאָרגענע שנאה, זאָגט מען. פיליכט איז ער געווען אונטער דעם איינפלוס פון הואַסקאַר'ס פּאַרטיי. אָבער אחוץ דעם איז מעגליך, אַז ער האָט זיינע איבערזעצונגען געמאַכט וויא דיא שפּאַניער האָבען פון איהם פערלאַנגט. אַז זיי האָבען געוועלט אַטאַהואַלפאַ'ן פאָרשטעלען פאַר אַזעלכען, וואָס פערדיענט מען זאָל איהם האַלטען אין געפענגניס, — דאָס האָט ער געוואוסט; און זייענדיג דורכגעדרונגען מיט זייער גייסט, האָט ער אפשר אומישנע איבערגעדרעהט זיינע ווערטער, וויא זיי האָט זיך געלוינט.

וויא דיא מעשה איז, לויט פיליפ'לס איבערזעצונג איז אויסגעקו־מען אַז זיצענדיג מיט דיא שפּאַניער ביין טיש, האָט אַטאַהואַלפאַ אַליין געזאָגט דאָס פאָלגענדע: ער האָט זיי געלאָזען אונגעשטערט אַריבערגעהן דיא בערג, ווייל ער האָט געוואָלט פון זיי אויסקלייבען אַזעלכע, וואָס וואָלטען איהם געקענט צוניץ־קומען אין זיין דיענסט; דיא איבעריגע וואָלט ער געלאָזט טוידטען.

פיזאַררא האָט דעם געפאַנגענעם אינקאַ בעהאַנדעלט מיט דיא העכסטע העפליכקייט. ער האָט איהם געטרייסט; אַזאַ שיקזאַל וויא זיינעם האָט געהאַט יעדער הערשער, וואָס האָט זיך געפּרופט שטעלען געגען דיא ווייסע מענשען, האָט ער איהם פערזיכערט. „מיר זיינען אַהער געקומען פערשפּרייטען דעם גלויבען פון יעזוס קריסטוס" — האָט ער צו איהם געזאָגט — „אין זיין נאָמען קעמפּפען מיר. זיין שילד באַשיצט אונז; היינט וואָס איז דער חדוש, אַז מיר זיעגען? דערפאַר וואָס דו האָסט זיך געשטעלט געגען אונז און בעליידיגט יעזוס קריס־טוס'עס הייליגען בוך, דערפאַר האָט ער דיר בעשטראָפט. זיי אָבער ניט געפאַלען ביי זיך. האָב צוטרוי צו מיר. מיר, שפּאַניער, זיינען אַ

גוט־הערציגעם פאלק; מיר האלטען מלחמה בלויז געגען דיא וואס בעקעמפפען אונז. צו דיא אבער, וואס גיבען זיך אונז אונטער, זיינען מיר טרייע פריינד".

פאר'ן שלאפען געהן האט פיזאררא אויסגעשטעלט סאלדאטען צו בעוואכען דיא פערשיעדענע וויכטיגע פונקטען און בעזארגט א ספעציעל שטארקע וואך ביי דעם אינקא. אויף מארגען אין דער פריה האט ער דיא געפאנגענע פערואנער געהייסען צונעהמען זייערע טוידטע חברים און ברענגען זיי צו אן אנשטענדיגע קבורה נאך זייערע מנהגים נאך. גלייך נאך דעם האט ער אוועקגעשיקט א קאמפאניע פון דרייסיג רייטער אויף דעם פלאץ וואו דיא הייסע בעדער האבען זיך געפונען און וואו אטאהואלפא האט ביז דעם פאריגען טאג געהאט זיין לאגער. דארטען זיינען געוועזען פערשיעדענע גאלדענע און זילבערנע זאכען, דעם אינקא'ס כלים און ציערונגען; דאס אלץ האבען דיא דרייסיג קאוואלע־ריסטען בעדארפט צונעהמען; אויך האבען זיי בעדארפט צוטרייבען אדער פאנגען דיא רויט־הויטיגע חיל, וואס זיי וועלען נאך דארטען געפינען. אין אייניגע שטונדען ארום זיינען זיי געקומען צוריק מיט א מאסע געפאנגענע און פערשיעדענע קאסטבארע זאכען. קיינער האט זיך געגען זיי ניט געשטעלט. דיא טויזענדער פערואנער, וואס דיעזע דרייסיג מאן האבען בעגעגענט, זיינען זיך ענטוועדער צולאפען אדער זיך גלייך אונטערגעגעבען. צווישען דיא, וואס זיי האבען גענומען אין פלען, זיינען געוועזען פיעלע פון אטאהואלפא'ס ווייבער און דיענסטען. דיא גאנצע צאהל פון געפאנגענע, וואס זיי האבען געבראכט, איז געוועזען אזוי גרויס, אז פיזאררא האט ניט געוואוסט וואס מיט זיי צו טהאן. צווישען זיינע ראטה־געבער האבען זיך געפונען אזעלכע וואס האבען פארגעשלאגען זיי אויסצוקוילענען אדער וועניגסטענס ביי זיי אלעמען אבצושניידען דיא הענד, כדי זיי זאלען ניט קענען קעמפפען. פיזאררא האט דיעזען פארשלאג אבער ניט אנגענומען — ניט וועיל זיין הארץ וואלט דאס ניט געקענט פערטראגען, נור איינפאך, ווייל איהם האט זיך ניט געלוינט צו מאכען אן איינדרוק אלס הארט־הערציגער זיעגער. נאך אלעמען זיינען זיינע שפאניער געוועזען א קליינע הייפעלע ארומגע־רינגעלט מיט א רויט־הויטיגע בעפעלקערונג. פאר איהם איז געוועזען וויכטיג דאס דיא אינדיאנער זאלען האבען א כלל, אז דער וואס שטעלט זיך ניט געגען איהם, מיט יענעם בעגעהט ער זיך פריינדליך. פיעלע פון

דיא געפאנגענע האט ער דעריבער בעפרייט. דיא איבעריגע האט ער פערהאלטען אלס דיענער און קנעכט פאר זיך מיט זיינע מענשען. יעדען שפאניער האט ער געגעבען א גאנצע קאמפאניע קנעכט, אזוי אז דער ערימסטער און ניעדריגסטער סאלדאט איז געוועזן ארומגערינגעלט מיט לאקייען וויא אין שפאניען א פירסט.

צווישען דיא זאכען וואס דיא דרייסיג שפאנישע רייטער האבען געפונען ארום דיא הייסע בעדער זיינען געוועזן גרויסע סטאדעס לאמאס, וואס האבען זיך געפיטערט אונטער דער השגחה פון רויט־הויטיגע פאס־טוכער. דיא בהמות זיינען דארטען געוועזן אנגעגרייט פאר דעם אינקא מיט זיין סוויטע אויף פלייש. פיזאררא האט געהייסען ברענגען נאך קאססאמארקא טויזענדע פון דיעזע „פערואנער שעפסען", און ער מיט זיין ארמיי האבען זיך מיט דעם געשפייזט.

דיא מאסען גילדערנע און זילבערנע זאכען און דיא טהייערע שטיינער, וואס דיא דרייסיג קאוואלעריסטען האבען געבראכט פון דעם אינקא'ס בעדער, האבען איבערשטייגט דיא שפאניער'ס זשעד־נעסטע ערווארטונגען. אויך האט מען א סך קאסטבארע זאכען געפונען אויף דיא טוידטע קערפערס פון דיא פערואנער עלסטע, וואס זיינען געפאלען פערטהיידיגענדיג דעם אינקא. דאס אלץ האט מען אוועק־געלעגט אויף א זיכערען פלאץ אום שפעטער זיך מיט דעם צו צוטהיילען. דערצו נאך האבען דיא „ז י ע ג ע ר" (אזוי רופט מען זיי געוועהנליך אין דער געשיכטע פון דיא שפאנישע עראבערונגען) געפונען אוצרות מיט ווערטהפאלע זאכען אין דיא שפייכלערען און מאגאזינען פון קאססאמארקא — אהן א שיעור באוועלנע און וואלענע מאטעריעס פון דיא בעסטע סארטען. דיא שפייכלערען זיינען מיט דעם געוועזן פערפאקט פון פאדלאגע ביז'ן באלקען. דארטען איז געוועזן אזוי פיעל פון דיעזע שטאפען, אז ווען יעדער שפאנישער סאלדאט האט זיך גענומען וויפיעל זיין הארץ האט געגלוסט, איז אפילו ניט קענטיג געוועזן.

פיזאררא האט געוועלט ווייטער מארשירען. נאך ק ו ז ק א, דיא הויפט־שטאדט, האט ער געוועלט געהן; איהם האט זיך אבער פארט ניט געגלוסט דאס צו טהאן מיט אזא קליינע ארמיי. און פיעלע פון זיינע סאלדאטען וואלט ער דאך געמוזט איבערלאזען אין קאססא־מארקא, וואו זיי זיינען נויטיג געוועזן צו בעוואכען דעם געפאנגענעם

אינקאַ. עס איז געווען אַ פּלאַן דעם אינקאַ מיטצונעהמען, צו מאַרשירען מיט איהם ווייטער און ווייטער אין זיין לאַנד. אָבער דאָס וואָלט אפשר געווען געפעהרליך; אַלזאָ האָט פּיזאַררא זיך אויף דעם ניט געקענט בעשליסען.

ער האָט דעריבער מיט אונגעדולד געוואַרט אויף נאָך סאָלדאַטען. ער האָט אַוועקגעשיקט שלוחים נאָך זיין נייער שטאָדט סענט־מיגעל, אום צו זעהן אויב אַהין זיינען ניט אָנגעקומען רעקרוטען פון פּאַנאַמאַ און אויך צו לאָזען וויסען די דאָרטיגע קאָלאָניסטען וואָס ער האָט אויפגעטהאָן. דערווייל האָט ער אין קאַססאַמאַרקאַ אויפגעבויט אַ קאַטוילישע קירכע, און זיין גלח האָט יעדען טאָג געפּראַוועט גאָטעס־דיענסט מיט גרויס צערעמאָניע.

בּיסלעכווייז האָט אַטאַהואַלפּאַ גענומען פערשטעהן, אַז דיעזע אַלע רעליגיעזע צערעמאָניעס מיט די גאַנצע פּרומקייט וואָס די ווייסע מענשען ווייזען אַרויס, זיינען ביי זיי ניט אַזוי וויכטיג וויא גאָלד, — אַז גאָלד איז ביי זיי טהייערער פאַר אַלץ אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. ער האָט זיך דעריבער מישב געווען פּרופען שפּיעלען אויף דיעזער סטרונע פון זייערע הערצער, אפשר וועט ער דורך דעם געווינען זיין פרייהייט.

— אויב איהר וועט מיר בעפרייען — האָט ער געזאָגט — וועל איך אייך אָנפּילען דיעזען צימער ביז דאַנען מיט גאָלד. (דערביי האָט ער זיך געשטעלט אויף די ציפּקעס און האָט אָנגעוויזען מיט'ן האַנד אַזוי הויך וויא ער האָט נור געקענט דערגרייכען).

דער צימער איז געווען אַ גרויסער, איינער פון די גרויסע קאַזאַר־מעס. די שפּאַניער זיינען פון דעם פאָרשלאַג ערשטוינט געוואָרען. אַזאַ מאַסע גאָלד האָבען זיי זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען. פּיזאַררא'ן האָט זיך ניט געגלויבט, אַז אַטאַהואַלפּאַ מיינט עס ערנסט; אַטאַהו־אַלפּאַ האָט אָבער גענומען דערצעהלען וויא די טעמפּלען פון דער הויפּט־שטאָדט זיינען בעהאַנגען מיט סאָלידע ברעטער פון גאָלד, וויא די געזימסען זיינען פון דעם זעלבען מעטאַל. א. ז. וו. פּיזאַררא האָט זיך געטראַכט אַז ער איבערטרייבט מסתמא, אָבער אַז אין גאַנצען פאַלש קענען זיינע ווערטער ניט זיין, אַז יעדענפאַלס לוינט זיך איהם צו הייסען צושטעלען וויפיעל גאָלד ער קען נור. אַלזאָ האָט ער מיט

רויטע קרייד געמאכט א פּאַס ארום דיא וועגט פון דער קאַזאַרמע, אויף דעם אָרט וואו דער אינקא האָט אָנגעוויעזען. פון דער פּאָדלאָגע ביז דאָרטען האָט דער גרויסער צימער בעדאַרפט אָנגעפילט ווערען מיט גאָלד, — דאַן וועט מען דעם אינקא בעפרייען. אזוי האָט מען אָבגעמאכט.

אטאהואלפּא האָט זיך אויך גענומען דעם נעכסטען צימער צוויי מאָל אָנצופילען מיט זילבער. ער האָט נור געפאָדערט צוויי מאָנאַט צייט דאָס אַלץ צו ערפילען.

נאָך קוזקאָ און נאָך אנדערע וויכטיגע שטעדט האָט ער גלייך אוועקגעשיקט שלוחים מיט א בעפעהל אראָבצורייסען דיא גאָלד אין אַלע פּאַלאַצען, טעמפּלען און קהל'שע געביידעס און וואָס גיכער דאָס ברענגען נאָך קאַססאַמאַרקאַ. ער האָט זיך געאיילט, ווייל ער האָט מורא געהאַט טאָמער בענוצען זיך זיינע רויט־הויטיגע פיינד מיט זיין אונגליק צו בעפרייען הואַסקאַר'ען פון דער תפיסה, אין וועלכער ער, אטאהו־אַלפּא, האָט איהם געהאַלטען, און הואַסקאַר ווערט דער אינקא איבער פּערו.

וועהרענד מען האָט געוואַרט אויף דיא גאָלד מיט דיא זילבער, האָט מען אטאהואַלפּאַ'ן בעהאַנדעלט מיט דיא העכסטע רעספּעקט. מען האָט איהם געגעבען דיא בעסטע שפּייז און ערלויבט צו לעבען אזוי פריי, וויא דאָס איז נאָר מעגליך געווען אין זיין לאַגע אַלס געפאַנגענער. מען האָט צו איהם צוגעלאָזען זיינע טרייע מענשען. זיי האָבען איהם אָפט בעזוכט, געבראַכט פּרעזענטען, אָבגעגעבען כבוד, וויא אימער. ווען זיי פלעגען אריינקומען אין דעם צימער, וואו מען האָט איהם געהאַלטען, פלעגען זיי צוערשט אראָבנעהמען דיא שיך און צוגעהן בלומרשט טראָגענדיג א משא אויפ'ן קאַרק — דער פּערואַנישער צייכען פון אונטערטהעניגקייט. דיא שפּאַנישע וועכטער האָבען אויף דיעזע סצענעס געקוקט מיט גרויס נייגעריגקייט; דאָס אַלץ האָט פערגרעסערט זייער איינדרוק, אז דער מאַן, וואָס זיי האַלטען אין געפענגניס, איז א מעכטיגער קעניג.

דער שפּאַנישער גלח האָט מיט אטאהואַלפּאַ'ן אָפט גערעדט וועגען דער קריסטליכער רעליגיאָן און געפּרופט איהם בעקעהרען.

— אויב דיין גאָט וואָלט געהאַט מאכט, וואָלט ער דיר ניט געלאָזען אזוי אריינפּאַלען — איז געווען איינער פון זיינע ארגומענטען.

אטאהואלפא האט א קלעהר געטהאן און צוגעגעבען, אז דער גלח האט רעכט.

* * *

ווען אטאהואלפא'ס ברודער הואסקאר האט זיך דערוואוסט, וואס דא איז פארגעקומען, האט ער פיזאררא'ן געלאזט וויסען, אז ער וועט איהם צושטעלען פיעל מעהר גאלד, וויא אטאהואלפא האט זיך אונטערנומען צוצושטעלען, אויב מען וועט איהם בעפרייען פון זיין תפיסה. אטאהואלפא האט קיין מאל ניט געוואוינט אין קוזקא — האט ער ערקלעהרט — דעריבער וויים ער ניט וויפיעל גאלד דארטען געפינט זיך און וואו דאס ליעגט. ער אבער, הואסקאר, איז א דארטיגער.

ווענען דאס אלעס האט אטאהואלפא זיך דערוואוסט דורך זיינע מענשען, וועלכע האבען הואסקאר'ען בעוואכט. דאס האט איהם שטארק בעאונרוהיגט. נאך ערגער איז איהם געווארען אויפ'ן הארצען, ווען פיזאררא האט איהם געזאגט אז ער וועט הואסקאר'ען הייסען ברענגען נאך קאססאמארקא אויסצוהערען זייערע ביידענס טענות און צו אור־טהיילען ווער פון זיי עס איז דער אמת'ער יורש פון דער אינקא הערשאפט. פיזאררא'ס פלאן איז געווען צו ערקלעהרען אלס אינקא דעם פון דיא צוויי ברידער, וועלכער וועט זיין א בעסערע געצייג אין זיינע הענד. אויף יענעם וועט ער אנטהאן דיא „בארלא“, און דאס גופא וואס ער וועט בעקומען דעם טיטול פון איהם, וועט איהם, פיזאררא'ן, מאכען פאר דעם אמת'ן הערשער איבער פערו.

א קורצע צייט נאך דעם האט אטאהואלפא געשיקט רופען פיזאר־רא'ן און מיט אויסדריקע פון איבערראשונג און גרוים פערדרוס האט ער איהם איבערגעגעבען א נאכריכט, וואס ער האט בעקומען, נעמליך אז הואסקאר'ען האט מען גע'הרג'עט. פיזאררא האט זיך מיט כעס אבגערופען, אז איהם גלויבט זיך עס ניט, און אז ער וועט איהם, אטאהואלפא'ן, האלטען פעראנטווארטליך פאר זיין ברודער'ס טוידט. אטאהואלפא האט איהם דאן ערקלעהרט, אז דעם מארד זיינען בעגאנגען הואסקאר'ס וועכטער, ווייל זיי האבען מורא געהאט טאמער וועט ער זיך בענוצען מיט דער מישענינע וואס פיזאררא'ס זיעג האט געשאפען, און ער וועט אנטלויפען פון זיי; זיי האבען דאס אבער געטהאן אהן זיין (אטאהואלפא'ס) וויסען, און ער בעדויערט זייער טהאט מיט'ן גאנצען הארצען — אזוי האט ער פיזאררא'ן פערזיכערט.

דער שפאנישער קאמאנדיר האט דיא זאך אונטערזוכט, און עס האט זיך ארויסגעצייגט, אז הואסקאר'ען האט מען טאקע געטוידט. אויב אטאהואלפא איז ווירקליך שולדיג געווען אין דעם מארד, ווייס מען ניט. פאר דיא שפאניער האט אבער געלוינט אטאהואלפא'ן ארויס־צושטעלען אין דיא דונקעלסטע פארבען, און אלע שפאנישע שרייבער פון יענע צייטען (אדער אביסעל שפעטער) זיינען איינפערשטאנען, אז דער מארד איז בעגאנגען געווארען אויף זיינעם א געהיימען בעפעהל, הגם וועגען דיא איינצעלהייטען פון דער געשיכטע גיעבען זיי פערשיע־דענע מיינונגען. איינער פון דיא וויכטיגסטע פון דיזע שרייבער, ג א ר צ י ל א ס ס א, איז אליין געווען א האלבער פערואנער פון דער אינקא משפחה. ער האט בעלאנגט צו הואסקאר'ס פאמיליע און ער האט געהאלפען מאלען אטאהואלפא'ן וואס שווארצער.

* * *

דיא גאלד, וואס אטאהואלפא האט זיך אונטערגענומען צוצושטע־לען, האט מען ביסלעכווייז גענומען ברענגען. עס זיינען געווען טעג, ווען עס איז אנגעקומען אזש פאר 700 טויזענד דאלאר אויף היינטיגע אמעריקאנער געלד. צוערשט זיינען דיא שפאניער געווען אזוי וויא צוטומעלט פון גליקליכע איבערראשונג, און זיי האבען שוין פעסט געגלויבט, אז אטאהואלפא'ס אבמאך וועט פערווירקליכט ווערען. אבער דיא גאלד, וואס האט זיי בערוישט וויא וויין, האט אין זיך אויך געהאט דיא אנדערע טבע, מיט וועלכע וויין ווירקט אויף דעם שכור: וואס מעהר זייער דורשט איז נאכגעגעבען געווארען, אלץ שטארקער האט ער אין זיי געברענט; וואס מעהר אוצרות דיא אינדיאנער טרעגער האבען זיי געבראכט, אלץ אונגעדולדיגער זיינען זיי געווארען צו בעקומען נאך מעהר און נאך מעהר.

געשווינד טראגען דיא פעק גאלדענע כלים אדער ציערונגען פון דיא ווייטע פערואנישע שטעדט איז אונמעגליך געווען. דיא קוריערען־פאסט, וועלכע האט גיך געבראכט נאכריכטען, האט דערצו ניט געטויגט. דיא גילדערנע משאות איז געווען שווער צו שלעפען; אחוץ דעם האט מען זיי געמוזט גוט בעוואכען. און אזוי וויא דאס איז געקומען פון דיא פערשיעדענסטע ערטער, דאס רוב פון ווייטע געגענדען, איבער דיא הויכע בערג, איז דאס צוגעאנגען לאנגזאם. פאר דיא גייציגע

אונגעדולדיגע שפּאַניער איז דאָס אַלץ אָבער קיין תירוץ ניט געווען. זיי האָבען געשריען, אַז דיא אינדיאַנער פאָלגען ניט אַטאַהואַלפּאַ'ס בעפעהל, אַז זיי ריהרען זיך קוים. ביסלעכווייז האָבען זיי גענומען חושד זיין אַטאַהואַלפּאַ'ן גופא, — אַז ער אַליין הייסט זיינע מענשען זיך ניט איילען, אַז ער וויל האָבען צייט דורכצופיהרען געהיימע פּלענער. עס האָט זיך פערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דיא פּערואַנער גרייטען זיך צו אַ קאַמפּף געגען דיא ווייסע. אַלזאָ האָבען דיא שפּאַניער אַטאַהואַלפּאַ'ן פערדעכטיגט, אַז ער אָרגאַניזירט דאָס אַלץ דורך דיא רויט־הויטיגע וואָס בעזוכען איהם, און אַז דעריבער איז איהם וויכטיג צו פערציהען דיא צושטעלונג פון דיא גאָלד וואָס לענגער.

עס האָט זיך געלאָזט הערען, אַז דער אויפשטאַנד פערטיגט זיך אין דער שטאָדט ג ו אַ מ אַ ק ו ט ש אָ, און אום צו ערקונדיגען זיך וויא ווייט דיא קלאַנגען זיינען ריכטיג, האָט פּיזאַררראָ אַהין אַוועקגע־שיקט זיין ברודער הערנאַנדאָ מיט צוואַנציג רייטער און מיט אַ קאָמפּאַניע פוס־סאָלדאַטען. גלייך נאָך דעם וויא זיי זיינען אַוועק, האָט דער קאָמאַנדיר געהאַט אַ געשפּרעך מיט אַטאַהואַלפּאַ'ן און איהם אָפען געזאָגט אין וואָס מען איז איהם חושד. דער געפאַנגענער האָט איהם אויסגעהערט מיט איבערראַשונג; ער האָט איהם פערזיכערט אַז ער ווייס ניט פון וואָס צו זאָגען, און אַז דיא גאַנצע געשיכטע איז ניט געשטויגען, ניט געפלויגען. קיינער פון דיא פּערואַנער וואָלט זיך ניט אונטערנומען צו קעמפּפען אָהן דעם אינקאַ'ס בעפעהל, — האָט ער געזאָגט — און ער, דער אינקא, האָט וועגען אַזאַ קאַמפּף דעם קלענ־סטען אָנצוהערענים ניט געגעבען. ער האָט ערקלעהרט וויא שווער עס איז צו ברענגען אַזעלכע פּעק מיט גאָלד, און אַלס בעווייז, אַז ער שפּיעלט דאָ ניט קיין צוויי־זייטיגע ראָלע, האָט ער פאָרגעשלאָגען, אַז פּיזאַררראָ זאָל שיקען שלוחים קיין ק ו ז ק אָ, דיא הויפּטשטאָדט.

„דאַן וועסטו זיך ערקונדיגען, אַז מען מיינט דיינע מענשען ניט צו טהאָן קיין בייז“ — האָט ער געזאָגט.

פּיזאַרראָ האָט דעם ראטה אָנגענומען און אַוועקגעשיקט אַ קאָמ־פּאַניע נאָך ק ו ז ק אָ.

הערנאַנדאָ פּיזאַררראָ איז דערווייל אָנגעקומען קיין גואַמאַקוטשאָ. אָנשטאָט צובריטונגען צו אַן אויפשטאַנד האָט ער דאָרטען געפונען פריינדליכקייט צו איהם און צו דיא שפּאַניער איבערהויפּט. ער האָט

שוין געוואָלט זיך אומקעהרען נאָך קאַססאַמאַרקאַ. זיין ברודער האָט צו איהם אָבער געשיקט שלוחים מיט אַ בעפעהל צו געהן נאָך פּ אַ ט ש אַ־ק אַ מ אַ ק און צונעהמען דיא אוצרות פון דעם דאָרטיגען טעמפּעל. פּאַטשאַקאַמאַק איז געווען אַ הייליגע שטאָדט. דאָרטען האָט זיך געפונען דער טעמפּעל פון דעם „גאָט וואָס האָט בעשאַפען דיא וועלט“, און אַהין פלעגען זיך צוזאַמענקומען פּילגרימען (רעליגיעזע רייזענדע) פון דיא ווייטסטע טהיילען פון פּערו. ווען דיא אינקאַס האָבען דיעזע שטאָדט בעזיעגט, האָבען זיי איהר בעריהמטען טעמפּעל ניט פערוויסט. פערקעהרט, זיי האָבען אַנערקענט זיין הייליגטהום, וויא זייער פּאָליטיק איז אימער געווען אין אַזעלכע פעלע. זיי האָבען דאָרטען בלויז אוועק־געשטעלט זייערען אַ זון־טעמפּעל אויך. דיא פּילגרימען פלעגען אָבער קומען נור צו דעם וועלט־שעפּפער, און איהם פלעגען זיי ברענגען רייכע מתנות. דאָס אַלעס האָט פּיזאַררא זיך דערוואוסט פון אַטאַהואַלפּאַ׳ן גופא. ער האָט דאָס איהם געגעבען דיא עצה צו שיקען אַהין מענשען צוצונעהמען דיא הייליגע אוצרות, אום עס זאָל וואָס גיכער זיך אָנקלייבען דיא מאַסע גאָלד, וואָס ער האָט זיך אונטערנומען צוצושטעלען אַלס אויסלייזונגס־געלד.

פּאַטשאַקאַמאַק האָט זיך געפונען העכער וויא דריי הונדערט מייל פון קאַססאַמאַרקאַ, און דיא רייזע איז געווען זעהר אַ שווערע. עס איז אויסגעקומען צו געהן איבער דיא בערג. צום גליק אָבער האָט זיך איבער אַ טהייל פון דער רייזע געצויגען דער גרויסער געבויטער וועג פון דיא אינקאַס. מיט דיעזען וועג איז הערנאַנדאָ אַזוי ענטציקט געוואָרען, אַז ער האָט נאָכהער געשריעבען: „קיין זאַך אין דער גאַנצער קריסטליכער וועלט קען זיך ניט גלייכען צו דיעזען מערקווירדיגען וועג, וועלכער געהט איבער דיא אַנדען־בערג“.

פון דעסטוועגען, ווען עס איז געקומען צו געהן מיט דיא פערד איבער דיא טרעפּ, וואָס זיינען געווען אויסגעהאַקט אין דיא פעלזען, האָבען דיא שפּאַניער געהאַט גרויסע שוועריגקייטען, — הגם פון ביידע זייטען זיינען דיא טרעפּ געווען בעשיצט מיט דיקע שטיינערנע פּאַרענ־צען אָדער ווענט. נאָך ערגער איז געווען, ווען מען האָט געמוזט אַריבערגעהן איבער אַ בריק פון שטריק אָדער פון צונויפגעדרעהטע ריטער (הושענות). דער בריק האָט זיך אין גאַנצען געוויגט און האָט אויסגעזעהן זעהר לייכט און שוואַך. עס האָט זיך ניט געגלויבט דאָס

ער וואָלט געקענט אויסהאַלטען אַ פּאָר מענשען. ווייט אַרונטער האָט געשטראָמט אַ טיעפער ברייטער, שרעקליכער טייך, און ווען מען האָט אַראָבגעקוקט האָט געגומען שווינדלען אין קאָפּ און עס איז איינגעפאַלען דאָס האַרץ פאַר שרעק. דיא שפּאַניער האָבען זיך אָבער ערקונדיגט, אַז דיעזע הענג־בריקען זיינען פיעל שטאַרקער און זיכערער וויא עס דוכט זיך.

אין פיעלע פּלעצער האָבען דיא רייזענדע געזעהן מאַסען לאַמאַס, פּיטערענדיג זיך אויף דיא בערג. אין אייניגע ערטער האָט מען דיעזע בהמות געהאַלטען אין גרויסע אָבגעצאַמטע לאָנקעס; אין אַנדערע האָבען זיי זיך געפּיטערט פראַנק און פריי. אומעטום האָבען דיא שפּאַניער בעגעגענט דיא קאַנאַלען אָדער וואַסער־גראָבענס פון דער וואונדערליכער בעוואַסערונגס־סיסטעם, מיט וועלכע דיא פּערואַנער האָבען פרוכטבאַר געמאַכט דיא טרוקענסטע געגענדען; אומעטום האָבען זיך געצויגען קוקורוזע־פּעלדער און גערטנער פון פערשיעדענע אַנדערע פּלאַנצונגען.

אַטאַהואַלפּאַ'ס ווערטער זיינען מקוים געוואָרען. הערנאַנדאָ האָט איבעראַל געהאַט דיא פריינדליכסטע אויפנאַהמע. ענדליך איז ער געקומען אין דיא הייליגע שטאָדט. ווען ער האָט געוועלט אַריינגעהן אין דעם טעמפּעל פון דעם „גאָט, וואָס האָט בעשאַפען דיא וועלט“, האָבען גייסטליכע איהם ניט געלאָזען, ניט ווייל זיי זיינען געווען פיינד־ליך צו דיא שפּאַניער, נור ווייל דיא צימערען, וואו ער האָט געוואָלט אַריינגעהן, זיינען געווען דער קדשי קדשים, דער הייליגסטער אָרט. ער איז אָבער אַריין איבער־גוואַלט, האָט גרויסגעשלעפּט אַ גרויסען הילצערנעם געץ מיט דיא קאָפּ פון אַ מענשען, און האָט איהם צובראָכען אויף שטיקלעך. ער האָט דעם טעמפּעל „אָבגערייניגט“ פון דיא געצען־דיענערישע פיגורען און כלים און האָט אין איהם אַוועקגעשטעלט דיא צלמים, פיגורען און כלים פון אַ קריסטליכע קירכע. מיט דיעזע מצוה האָט ער זיך געמוזט בענוגענען אָנשטאָט דיא גאָלד, נאָך וועלכע ער איז געקומען, וואָרים ווען דיא גלחים האָבען זיך דערוואוסט אַז ער קומט, האָבען זיי דיא אוצרות פון זייער טעמפּעל בעגראָבען אין דער ערד. דאָך מיט ליידיגען איז הערנאַנדאָ פון דאַנען ניט אַוועק. ער האָט צוזאַמענגענומען העכער וויא פאַר הונדערט טויזענד דוקאַטען (איבער

זעקס הונדערט טויזענד דאָלאר), אָבער פון אזעלכע סומען האָבען דיא שפּאַניער איצט שוין ניט געקענט בעגייסטערט ווערען.

זייענדיג אין פּאטשאקאמאק האָט הערנאַנדאָ זיך דערוואוסט, אז לעבען דער שטאָדט קסאוקסא געפינט זיך א גרויסע פּערואנישע ארמיי אונטער דער קאָמאנדא פון אטאהואלפּא'ס וויכטיגסטען און פעהיגסטען גענעראל. דער נאָמען פון דיעזען קעמפּפער איז געווען כאללקוטשימא. ער און אן אנדער גענעראל, וועלכער איז איצט געווען אין קוזקאָ, האָבען דאָס געפיהרט דיא מלחמה און געהאט דיא זיעגען איבער אטאהואלפּא'ס ברודער און אטאהואלפּא'ן געמאכט פאר דעם אינקא. הערנאַנדאָ פּיזאררא האָט זיך בעשלאָסען צו געהן קיין קסאוקסא און זעהן צו פאנגען דעם גרויסען גענעראל. הערנאַנדאָ האָט מיט זיך געהאט בלויז צוואנציג רייטער און ניט פיעל מעהר פוס־סאָלדאטען; שפּאַניער זיינען שוין אָבער געווען צוגעוואוינט צום געדאנק, אז זייערע עטליכע מענשען קענען בעזיעגען הונדערטע טויזענדע אינדיאנער, און ער האָט זיך גלייך אוועקגעלאָזען נאָך כאללקוטשימא'ס לאגער.

דער וועג אהין איז נאָך געווען ערגער וויא דער וועג קיין פּאטשא־קאמאק; אחוץ אלע שוועריגקייטען זיינען ביי דיא פערד דיא פּאָדקאָוועס געווען אָבגעריבען און אָבגעניצט, און זיי זיינען איבער דיא ווילדע, שטיינערנע בערג קוים געגאנגען. עס איז נויטיג געווען דיא פערד איבערצושמידען. קיין אייזען איז אָבער ניט געווען וואו צו קריגען, האָט הערנאַנדאָ פּיזאררא, אין פערצווייפלונג, געהייסען אלע פערד שמיעדען אין זילבערנע פּאָדקאָוועס. זילבער און גאָלד האָט ער געהאט גענוג, — פון דיא אוצרות וואָס ער האָט אָנגעראבעוועט אין דער הייליגער שטאָדט. דיא ארבייט האָבען געמאכט פּערואנער זילבער־שמידען, און זייערע זילבערנע פּאָדקאָוועס זיינען געווען אזוי גוט, אז אזוי האָט מען דיא פערד שוין געשמידט ווייטער אויך אויף דער גאנצער רייזע פון דיעזער קאָמפּאניע.

קסאוקסא איז געווען א היבשע שטאָדט מיט עטליכע צעהנדליג טויזענד איינוואוינער, און כאללקוטשימא איז געלעגען מיט עטליכע און דרייסיג טויזענד מאן ניט ווייט פון דאָרטען. ווען הערנאַנדאָ פּיזאררא האָט זיך בעוויזען ביי זיין לאגער און האָט איהם געשיקט

זאָגען, אז ער וויל זיך מיט איהם זעהן, האָט ער קוים נאָכגעגעבען זיין פערלאַנג. דער שפּאַנישער גענעראַל האָט מיט איהם גערעדט זעהר העפליך. ער האָט איהם פאָרגעשלאָגען מיט איהם צו געהן קיין קאַססאַמאַרקאַ, צו דעם אינקאַ, וועלכער הערשט דאָרטען וויא אימער — אַזוי האָט ער דאָס פאָרגעשטעלט.

כאַללקוטשימאַ האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. זינט אטאַהואַלפּאַ איז אריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דיא וואונדערבאַרע ווייסע מענשען, וואָס האָבען איהם בעזיעגט און געפאַנגען אין זיין אייגען לאַנד, אין מיטען פון זיין אַרמיי, איז דיעזער פערוואַנישער הויפּטמאַן געווען וויא אַ צומישטער, ער האָט ניט געקענט פערשטעהן וואָס דאָ טהוט זיך, וואָס פאַר אַ ניסים דאָ קומען פאָר, וואָס פאַר אונגאַטירליכע בעשעפעניסען עס זיינען דאָ אַזוי וויא פון הימעל אראָבגעקומען. ער האָט ניט געוואוסט אויב דער אינקאַ וואָלט גאָר וועלען אַז מען זאָל קעמפּפען פאַר איהם; אַלע בעגריפע זיינען ביי איהם צופּלאָנטערט געוואָרען. ער איז געזעסען אין זיין לאַגער און געוואַרט ניט וויסענדיג אויף וואָס ער וואַרט און איצט, אַז דער ווייסער אָפיציער האָט מיט איהם גערעדט, האָט ער אויף איהם געהאַט אַ ווירקונג וויא אַ מין כשוף. ער האָט געפאָלגט וואָס הערנאַנדאָ פּיזאַררא האָט איהם געהייסען, צי ער האָט געוואָלט צי ניט. כאַלקוטשימאַ האָט גערייזט מיט הערנאַנדאָ'ן; רויטהויטיגע האָבען איהם אומעטום אָבגעגעבען פיעל כבוד. דעם גאַנצען וועג האָט מען איהם געטראָגען אויף דיא פּלייצעס אויף אַזאַ שטוהל אָדער בעט, און דיא איינוואוינער פון דיא שטעדטלעך אָדער דערפער, דורך וועלכע ער איז דורכגעגאַנגען זיינען איהם אַרויס אַנטקעגען און האָבען אויסגעדריקט זייער אונטערטהעניגקייט צו איהם. ווען ער איז אָבער אָנגעקומען אין קאַססאַמאַרקאַ, אויף דעם פּלאַץ, וואו מען האָט געהאַלטען אטאַהואַלפּאַ'ן, האָט ער אויסגעטהאָן דיא שיך און איז צו דעם געפאַנגענעם אינקאַ אריינגעקומען מיט אַ פּאַק אויפ'ן פּלייצע אַלס אַ צייכען פון זיין שקלאַפערישע אונטערטהעניגקייט צו דעם אינקאַ. ווען ער איז צו איהם צוגעקומען נאָהענט, האָט ער אויפגעהויבען דיא הענד אין דער הויך און אויסגערופען: „אַך, ווען איך וואָלט דאָס דאָ געווען! דאָס אַלץ וואָלט דאַן געוויס ניט געטראָפען!“ ער האָט זיך געזעצט אויף דיא קניע, געקושט דעם אינקאַ'ס הענד און פיס און געגאָסען טרעהרען איבער זיי. אטאַהואַלפּאַ אַליין איז געבליבען געלאַסען

און רוהיג, און האָט זיין טרייען גענעראל און ראטהגעבער בעגריסט אזוי וויא אלץ וואָלט געווען וויא געוועהנליך.

דעם געפאנגענעם אינקא האָבען דיא שפאניער אלץ בעהאנדעלט מיט רעספעקט און אויפמערקזאמקייט. זיי האָבען איהם אויסגעלערענט שפּיעלען אין „ווירפעל“ און זאָגאר אין שאכמאט, און ער פלעגט מיט דעם אָפט פערברענגען דיא צייט. ער האָט ביי זיך געהאט זיינע בעליעבטע פרויען און הארעם־מיידלעך; דיא שפאניער האָבען געזעהן אז זיין פריוואט־לעבען זאָל ניט געשטערט ווערען אויף א האָר. אין זיין פאָדערצימער זיינען אימער געשטאנען פערואנישע עלסטע; זיי האָבען אָבער קיין מאָל ניט געוואגט ארייננצוקומען צו איהם סיידען ער האָט זיי גערופען, און יעדען מאָל ווען ער האָט זיי גערופען, פלעגען זיי ארייגנעהן אין זיין צימער אייגגעבויגענערהייט און מיט א משא אויפ'ן קארק. דיא כלים, פון וועלכע ער האָט געגעסען, זיינען געווען פון גאָלד און זילבער. זיינע קליידער זיינען געווען פון דיא דעליקאטסטע וויקונא וואָל אָדער פון דיא פעלכלעך פון פלעדער־מייז, ווייך און גלאנציג וויא סאמעט, און ער האָט זיי זעהר אָפט געביטען. אויפ'ן קאָפּ האָט ער געטראָגען דעם קאפּטור מיט דיא רויטע פרענדז, — דיא „באָרלא“. דיא קליידער, וואָס ער האָט מעהר ניט געוועלט טראָגען, פלעגען פערברענט ווערען, ווארים דיא בגדים פון אַן אינקא האָט קיין אנדערער ניט געטאָרט געברויכען. זיי זיינען בעטראכט געוואָרען וויא א מין הייליג־טהום.

איהם האָבען בעזוכט הויכע פערואנישע טשינאָווניקעס פון אנדערע פלעצער, — און אלע האָבען איהם אָבגעגעבען כבוד און געציטערט פאר איהם אזוי וויא קיין שפאניער וואָלט גאָר ניט געווען אויף דער וועלט. איינער פון דיא העכסטע אינקא מענער, וועלכער האָט איהם בעדיענט און ווען ער האָט ערלויבט צו בעזוכען א געוויסע שטאָדט, האָט זיך אמאָל פערשפּעטיגט אביסעל. ווען ער איז געקומען צוריק און איז אריין צו דעם אינקא, האָבען ביי איהם בוכשטעבליך געציטערט הענט און פיס פון שרעק.

מיר האָבען דערצעהלט וועגען הערנאנדאָ פיזארראָ'ס רייזע נאָך גואמאקוטשא און פאטשאקאמאק און קסאוקסא און צוריק נאָך קאססא־מארקא מיט דעם פערואנישען גענעראל כ א ל ק ו ט ש י מ א. מיט

אַ קורצע צייט פריהער איידער הערנאַנדאָ האָט זיך אומגעקעהרט, זיינען צוריק געקומען דיא שלוחים, וואָס פראַנציסקאָ פיזאַררא האָט געשיקט נאָך ק ו ז ק אָ. זיי האָט מען אויך אומעטום גוט אויפגענומען. פערו־אַנער האָבען זיי געטראָגען אויף דיא פלייצעס אויף שטוהלען. זיי איז אויסגעקומען צו רייזען העכער וויא זעקס הונדערט מייל. און דעם גאַנצען וועג האָט מען זיי בעדיענט און געהאָלפען. זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט אין פיעלע געדיכט בעפעלקערטע שטעדט, און אומעטום האָט מען זיי בעהאַנדעלט אַלס אונגעוועהנליכע, העכערע בעשעפע־נישען. ווען זיי האָבען ענדליך דערגרייכט קוזקאָ, האָט מען זיי דאָרטען מקבל פנים געווען מיט אַ גרויסען פאַראַד און מיט אַ פאָלקס־מאָהלצייט.

אַלץ וואָס זיי האָבען פריהער געהערט וועגען דעם גלאַנץ און דיא אוצרות פון דער פערואַנישער הויפטשטאָדט האָבען זיי דאָרטען ווירק־ליך געפונען. דער גרויסער זון־טעמפעל איז געווען בעדעקט מיט סאָלידע שטיקער גאָלד. דיא באַלזאַמירטע קערפערס פון דיא פערשטאָרבענע אינקאַס זיינען דאָרטען געזעסען אויף גאָלד־געציערטע שטוהלען, און זייערע קליידער זיינען געווען רייך בעפוצט מיט גאָלד און ערדעל־שטיינער. דיעזע שטוהלען און קליידער פון דיא טוידטע האָבען דיא שפּאַניער ניט געטשעפעט; זיי האָבען געטהאָן וויא פראַנציסקאָ פיזאַררא האָט זיי פערזאָגט. אָבער דיא שווערע געשניצטע גילדערנע ברעטער, וואָס האָבען בעדעקט דיא ווענט פון דעם טעמפעל, האָבען זיי געהייסען אַראָברייסען, און דיא פערואַנער פון קוזקאָ האָבען זיי ניט־ווילענדיג געפאָלגט. עס איז זיי געווען שרעקליך צו פערשוועכען זייער „בית המקדש“, אָבער ניט געהאָרכען דיא וואונדערבאַרע ווייסע מענשען, וואָס האָבען בעזיעגט זייער אינקאַ, האָבען זיי ניט געוואַגט. פון דאָרטען זיינען דיא שפּאַניער געגאַנגען אין דיא אַנדערע טעמפלען און פּאַלאַצען, און אומעטום האָט מען פאַר זיי געמוזט אַראָברייסען דיא גילדערנע בעפוצונגען. פון דעם זון־טעמפעל אַליין האָבען זיי צוגענומען זיעבען הונדערט דיקע גילדערנע פּלאַטען אָדער ברעטער, יעדע אַזוי גרויס וויא דער דעק פון אַ גרויסען קופערט. פון דרויסען איז דיעזער טעמפעל געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ גרויסען גילדערנעם געזימס. ער איז אָבער געזעסען אַזוי פעסט אין דיא שטיין פון דער געביידע, אַז מען האָט איהם ניט געקענט אַרויסרייסען.

פיזאררא'ס שלוחים האבען זיך אויפגעפיהרט גראב און ווילד. זייער אונזאטבארע זשעדנעקייט נאך גאלד און אנדערע ווערטהפאלע זאכען איז ניט געווען דאס איינציגע וואס האט אויף דיא פערואנער געמאכט אן עקעלהאפטען איינדרוק. זיי האבען זיך ארייגעריסען אין דיא קלויסטערס וואו עס האבען זיך געפונען דיא זון־פריסטערינס און האבען דארטען נאכגעגעבען זייער הולטאיסטווא. ווען דיא איינוואוינער פון קוזקא האבען דאס דערהערט, זיינען זיי אזוי ערשטוינט און אויפ־געבראכט געווארען, אז זיי וואלטען דיא ווייסע קאמפאניע דערשטיקט און צוריסען; אבער זייער געפאנגענער אינקא האט געלאזט וויסען, אז מען מוז דיא שפאניער אומעטום גוט בעהאנדלען, און דעם ווילען פון אן אינקא האט מען געפאלגט.

דיא שלוחים זיינען געקומען צוריק קיין קאססאמארקא מיט אן אונגעהייערע מאסע גאלד. עס איז נאך אליץ געווען ווייט צו דעם צייכען וואס אטאהואלפא האט אין דעם גרויסען צימער אנגעוויזען און פיזאררא האט אנגעדייטעט מיט רויטע פארב. עס איז אבער געווארען אליץ נעהנטער צו איהם, און אטאהואלפא'ן איז פרעהליכער געווארען אויפ'ן הארצען. באלד, באלד וועט דער צייכען דערגרייכט ווערען און ער וועט צוריק בעקומען זיין פרייהייט — אזוי האט ער זיך געטראכט. אויב זיינע האפנונגען איז בעשערט געווען פערווירקליכט צו ווערען, וועלען מיר באלד זעהן.

ארום דער זעלבער צייט — אביסעל פריהער איידער פיזאררא'ס שלוחים האבען זיך אומגעקעהרט פון קוזקא מיט זייערע אנגערויבטע אוצרות, איז אין קאססאמארקא אנגעקומען אלמאגרא. מיט גרויסע אנשטרענגונגען און נאך פיעלע שוועריגקייטען האט ער וויא עס איז צוזאמענגענומען אן ארמיי פון 150 פוס־סאלדאטען און 50 רייטער. זיין מחנה איז געווען גוט בעזארגט מיט וואפען און מיט פולווער און קוילען. דיא רייזע, אויף דריי שיפען, האט געדויערט פיעל לענגער וויא אלמאגרא האט ערווארטעט. ער האט געהאט צרות ניט נור פון ווינטען, נור אויך פון דעם, וואס ער האט ניט געקענט געפינען דעם פלאץ, וואו זיין שותף, פיזאררא, האט זיך אבגעשטעלט. ענדליך איז ער צוגעקומען צו סענט מיגעל, דיא קאלאניע, וואס פיזאררא האט געגרינ־דעט. ווען ער האט דארטען דערהערט, וואס פיזאררא האט אויפגעטהאן

אין דיא עטליכע מאנאט, איז ער ערשטוינט געווארען. עס האט אויס־
געזעהן אזוי וויא א מין צויבער, ניט וויא קיין ווירקליכקייט. זעהר
אנגענעהם האט דיא נייעס איהם ניט געקענט זיין, ווייל פיזאררא'ס
איבערראשענדער זיעג איבער דעם אינקא און דיא מאסען גאלד וואס ער
האט ארייגעקראגען, האט איהם געמאכט פאר דעם הויפט־העלד פון
זייערביידענ'ס אונטערנעהמונג. דערצו נאך האבען אין סענט מיגעל
זיך געפונען שפאניער, וועלכע האבען אויף אלמאגרא'ן געזוכט צו מאכען
אן איינדרוק, אז פיזאררא איז איהם א שונא. דאך, ווען אלמאגרא איז
געקומען קיין קאססאמארקא (אין פעברואר 1533) האט ער אלץ פער־
געסען און דיא צוויי אוואנטוריסטען האבען זיך בעגעגענט מיט ווארימ־
קייט, וויא אמת'ע פריינד. דיא 200 נייע סאלדאטען און דיא געוועהר
און שונס־מאטעריאל זיינען פאר פיזאררא'ן געווען וויא געוואונשען. ער
האט זיך אמת געפרעהט מיט אלמאגרא'ס קומען און פאר שמחה האט
ער פערגעסען — אויף דערווייליע ווענינסטענס — זיין אלטע פערבאר־
גענע שנאה צו איהם.

מיט א גאנץ אנדערען געפיהל האט דיא נייעס אויפגענומען אטא־
הואלפא. ווען ער האט געהערט, אז עס זיינען אנגעקומען נייע 200
ווייסע מחבלים, איז איהם ביטער געווארען אויפ'ן הארצען. גראד האט
זיך דאן אויפ'ן הימעל בעוויזען א קאמעטע, און א קאמעטע נעהמען
דאך אבערגלויביגע מענשען געוועהנליך אן פאר א סימן אויף אן
אונגליק. „פונקט אזא צייכען האט זיך בעוויזען א קורצע צייט איידער
מיין פאטער איז געשטארבען", — האט ער בעמערקט. פון דעמאלט אן
האט מען אויף איהם זעלטען געזעהן א פרעהליכע מינע.

דיא ענדערונג אין זיין געמיטה איז ניט געווען קיין אומזיסטע.
דאס וואס עס איז געקומען אלמאגרא מיט נייע חיל, האט זיין שיקזאל
קיין גוטעס ניט געטהאן.

דיא ניי־אנגעקומענע אוואנטוריסטען האבען פיזאררא'ן מיט זיינע
מענשען נאטירליך מקנא געווען דיא גאלד, וואס זיי האבען אנגעראבע־
וועט און זייער גלענצענדען זיעג איבער'ן אינקא. זיי האבען געגערט
וואס גיכער ווייטער צו מארשירען; זיי האט זיך געגלוסט וואס שנעלער
צוצוקומען צו קוזקא מיט דיא אוצרות, וואס זיינען דארטען נאך פער־
בליבען, און צו דיא אנדערע רייכע שטעדט פון פערו. ענטזאגען זיי האט
פיזאררא'ן זיך ניט געלוינט, ווארים זיי וואלטען זיך אוועקגעלאזען אויף

דער רייזע אליין, און זיי זיינען דאך געווען אזוי שטארק וויא זיין קאמפאניע. אחוץ דעם האט ער אליין אויך געוועלט וואס שנעלער פארטזעצען זיין עראבערונגס־רייזע דורך פערו. איצט, מיט זיין פער־גרעסערטער ארמיי, האט ער זיך געפיהלט שטארק גענוג בייצושטעהן אלע געפאהרען. ער האט אבער געמוזט ווארטען ביז אטאהואלפא׳ס אבמאך וועט ערפילט ווערען, ביז זיין גאלד וועט דערגרייכען דעם רויטען צייכען. דאס האט איהם געערגערט. ער איז אונגעדולדיג געווארען. אין קוזקא אליין, האט ער זיך געטראכט, וואלט ער געקענט געפינען מעהר גאלד, וויא דער אינקא וועט ווען עס איז קענען צושטעלען. דאס וואס זיינע דריי שלוחים האבען פון דארטען געבראכט, איז נור א טהייל פון דיא אוצרות, וועלכע דיא הויפטשטאדט ענטהאלט, — האט ער געגלויבט — און יעדע שטונדע וואס דיא שפאניער פערלירען דא אין קאססא־מארקא וועלען דיא פערואנער בענוצען אום זייער גאלד צו בעהאלטען. אחוץ דעם, — כל זמן ער וועט ניט צוקומען צו דער הויפט־שטאדט, איז זיין זיעג איבער פערו ניט קיין פאלשטענדיגער. ער האט דעריבער בעשלאסען דיא מאסע גאלד צו צוטהיילען צווישען זיינע שפאניער און זיך אוועקצולאזען ווייטער אין וועג אריין. זאל יעדער אכטונג געבען אויף זיין חלק. אחוץ דעם: זאל יעדער ענדליך זעהן וואס דיא רייזע האט איהם איינגעבראכט, דאס וועט איהם צוגעבען חשק ווייטער טריי צו דיענען זיין קאמאנדיר.

אום צו צוטהיילען דיא בערג גאלד און זילבער, איז נויטיג געווען זיי פריהער צו צושמעלצען. זיי זיינען בעשטאנען פון בעכערס, קריג, טאצען, וואזעס, כלים פון דיא טעמפלען און פון דיא פאלאצען און זיי זיינען געווען זעהר פערשיעדען אין אויסזעהן און גרויס. פיעלע פון דיא כלים האבען געהאט דיא פארמע פון פויגלען, חיות, פלאנצען, משונה׳דיגע פיגורען; און דיא גאלד איז ניט אין אלע דיעזע זאכען געווען פון דער זעלבער פראבע. אום מיט דעם זיך צו צוטהיילען איז נויטיג געווען דאס אלץ צו צושמעלצען און פערוואנדלען אין שטיקלעך גאלד פון דער זעלבער פראבע און געוויכט. פיעלע פון דיא דערמאנטע זאכען האבען געמאכט קינסטלערשע הענד. ווען מען האט שפעטער אייניגע פון זיי געבראכט קיין שפאניען, זיינען זיי דארטען בעוואונדערט געווארען אלס מוסטערען פון דעליקאטע, טאלאנטפולע ארבייט און אן איידעלען געשמאק. אבער פיזארראָ׳ן מיט זיינע מיט־רויבער האט

דאָס ניט אינטערעסירט. זיי האָט אינטערעסירט נור דיא פראַגע וויפיעל גאָלד דאָס ענטהאַלט. מאַסען פערשיעדענע כלים און ציערונגען, אַלערליי קונסט־ווערק זיינען צושמאָלצען געוואָרען. דיא אַרבייט האָבען געמוזט טהאָן פערואַנישע גאָלד־שמידען. פיליכט דיא זעלבע בעלי מלאכות און קינסטלער, וועלכע האָבען פריהער אַוועקגעלעגט זייערע כוחות דיעזע נוצליכע און שעהנע זאַכען צו שאַפען, זיינען איצט געצוואונגען געווען צו האָרעווען אום דיא פרוכט פון זייער קונסט־אַרבייט אַליין צו פערניכ־טען. און געהייסען האָט דאָס, אַז דיא פערואַנער זיינען האַלב־ווילדע מענשען, ווערהענד דיא שפאַניער זיינען אַ ציוויליזירטע פאָלק!

בלויז אַ קליינע טייל פון דיא בעכערס, וואַזעס, גאָלדענע און זיל־בערנע חיות, פלאַנצונגען א. ז. וו. האָט מען ניט צושמאָלצען. דאָס האָט פיזאַררא אָבגעלייגט אָן אַ זייט אַלס אַ טייל פון דעם קעניג'ס חלק, אום דער קעניג זאָל זעהן וואָס פאַר אַ נאַציאָן ער, פיזאַררא, האָט איינ־גענומען.

ווען מען האָט אַלץ צושמאָלצען און אָבגעוואויגען, האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז אין סך הכל האָט דיא גאָלד בעטראָפען נאָהענט פון פ ו פ צ ע ה ן מי ל י אָ ן ד אָ ל א ר, אויף היינטיגע אַמעריקאַנער געלט (דרייסיג מיליאָן רובעל) און דיא זילבער — אויך אַ גרויסע סומע. „דיא גאַנצע מענשליכע געשיכטע" — בעמערקט פרעסקאָטט — „ענט־האַלט ניט קיין צווייטען ביישפיעל אַזעלכען, קיין פאַל, וואו אַזאַ ריע־זיגע רויב, כמעט אין באַרעס געלט, זאָל אַריינפאַלען אין דיא הענט פון אַ באַנדע מיליטערישע אַוואַנטוריסטען, וויא דיא עראָבערער פון פערו.

דיא סאָלדאַטען, וואָס זיינען געקומען מיט אַלמאַגראָ'ן, האָבען אויך געמאָנט אַ חלק, אויף דעם גרונד, אַז זינט זיי זיינען געקומען, האָ־בען זיי געהאָלפען בעוואַכען דעם געפאַנגענעם אינקאַ און דיא אוצרות. זיי זיינען צופריעדען געוואָרען מיט אַ קליינע סומע, און זיי האָבען מיט אַלץ מעהר אונגעדולד געפאָדערט, אַז מען זאָל פאָרטזעצען דיא רייזע.

דיא פראַגע איז אָבער געווען וואָס טהוט מען מיט אטאהואלפאַ'ן? איהם פריי לאָזען האָט פיזאַררא מורא געהאַט. טאָמער קלייבען זיך אַרום איהם צונויף גרויסע מחנות, און דיא הייפעלע שפאַניער וועט נאָך אַלעמען מיט זיי ניט קענען זיך ספראַווען. האַלטען איהם ווייטער אין געפאַנגענשאַפט איז אויך ניט געווען בעקוועם, וויא אויבען איז שוין ערקלעהרט געוואָרען: דערצו וואָלט זיך געפאָדערט אַ היבשער וואַך,

און דיא שפּאַנישע אַרמיי איז אַזוי אויך געווען צו קליין פאַר אַ מיליר־טערישע רייזע דורכ׳ן רעכטען מיטען לאַנד.

אַטאַהואַלפּא האָט איצט געפאָדערט זיין בעפרייאונג. אַ גרויסע טייל פון דיא פערשפּראָכענע גאָלד האָט ער צוגעשטעלט, און ער וואָלט דעם אָבמאַך ערפילט אין גאַנצען, ווען מען זאָל איהם נור געבען צייט — אַזוי האָט ער גע׳טענה׳עט פאַר הערנאַנדאָ דע סאָטאָ׳ן; וועלכער פלעגט מיט איהם אָפט פערברענגען. דע סאָטאָ האָט דאָס אַלעס איי־בערגעגעבען פיזאַרראָ׳ן, אָבער פיזאַררא האָט קיין ענטפער ניט געגע־בען. ער האָט איבערהויפּט אויסגעמידען וועגען דעם צו רעדען. וואָס ביי איהם אין געדאַנקען איז געווען, האָט קיינער ניט געוואוסט.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָט ער געהייסען צופערטיגען אַן אָפּי־ציעלען פּאַפּיער, אַז אַטאַהואַלפּא איז בעפרייט פון דעם אָבמאַך, און אַז וועגען מעהר גאָלד האָט מען צו איהם מעהר קיין פּרעטענזיעס ניט. דיעזען דאָקומענט האָט ער געלאָזען פּאָרלעזען פאַר דעם גאַנצען לאַגער. צו דער זעלבער צייט האָט ער אָבער ערקלעהרט, אַז דיא זיכערהייט פון דיא שפּאַניער פאָדערט, דאָס דער אינקאַ זאָל פערהאַלטען ווערען אין געפאַנגענשאַפט ביז ער, פיזאַררא, וועט בעקומען נאָך חיל.

און דערווייל זיינען בענייעט געוואָרען די קלאַנגען, אַז די פּע־רואַנער אָרגאַניזירען זיך צו אַן אויפשטאַנד געגען דיא שפּאַניער. מען האָט דערצעהלט, אַז אין קוויטאָ, אַטאַהואַלפּא׳ס געבורטס־פּלאַץ, קלייבט זיך אַ ריעזיגע אַרמיי, און אַז אַהין מאַרשירען אויך דרייסיג טויזענד „קאַריבען“ *). פון וואַנען דיעזע קלאַנגען האָבען זיך גענומען, איז ניט געווען לייכט צו דערגעהן. מען קען זיך פאָרשטעלען, אַז דער „קליינער פיליפּ“ האָט אין דעם געהאַט אַ חלק. וואָרים זיין האַס צו אַטאַהואַלפּאַ׳ן איז איצט נאָך שטאַרקער געווען וויא פריהער, הגם גע־ליטען האָט ניט ער פון דעם אינקאַ, נור דער אינקאַ פון איהם. עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען איינע פון אַטאַהואַלפּאַ׳ס קעבס־ווייבער, מיט וועלכע ער האָט געהאַט אַ ראָמאַן. ווען דאָס וואָלט פּאַסירט איידער דיא שפּאַניער זיינען געקומען נאָך פּערו, וואָלט דער דאָלמעטשער בע־

*) די קאַריבען זיינען געווען אינדיאַנער, וועלכע האָבען געוואוינט אין צפון־מערב׳דיגען טהייל פון זיד־אַמעריקאַ, און אויף די קאַריבישע אינזלען (אַרום קובאַ, האַיטי, פּאָרטאָ ריקאָ), זעה אויבען, זייטעל 439־440).

צאָהלט דערפאר ניט בלויז מיט זיין אייגענעם לעבען, נאָר אויך מיט דיא לעבענס פון זיין משפחה. איצט אָבער זיינען דיא אומשטענדען געווען גאַנץ אַנדערע. פּיזאררא האָט אפילו געוועלט שאָנעווען דעם אינקאַ'ס כבוד, אָבער, ווען אטאהואלפא האָט געפאָדערט, אז מען זאָל פיליפ'ען טוידטען, האָט מען זיינע ווערטער אפילו אויף א מינוט ניט בעטראכט. דער דאָלמעטשער איז דיא שפּאַניער געווען צו וויכטיג, אז מען זאָל איהם פערניכטען. אפילו איינרייסען מיט איהם האָט זיך ניט געלוינט. ווען פיליפ האָט זיך דערוואוסט, אז אטאהואלפא פאָדערט זיין טוידט, איז צו זיין שנאה און ראכע־דורשט קיין שיעור ניט געווען. און ער איז ניט געווען דער איינציגער אינדיאנער, וואָס האָט זיך דאן געפונען אין קאססאמארקא און איז דעם אינקא געווען א בלוט־פיינד. דאָרטען זיינען אויך געווען אנהענגער פון זיין ברודער הואס־קאר. מען האָט דעריבער געקענט חושד זיין, אז פון זיי און פון דעם קליינעם פיליפ שטאמט דאָס דער קלאנג, אז אין אטאהואלפא'ס גע־בורטס־פלאץ, אין קוויטאָ, אָרגאַניזירט זיך אַן ארמיי מיט דעם צוועק צו בעפרייען דעם אינקא און צו פערניכטען דיא שפּאַניער; וואָ־רים מיט דיעזען קלאנג איז געווען פערבונדען אַן אָנצוהערענים, אז אטאהואלפא האָט א האנט אין דער פערשווערונג, — אז ער פיהרט איהר אָן.

מען האָט געפרעגט אטאהואלפא'ס הויפט־גענעראל, כאלקוטשי־מא. זיין אנטוואָרט איז געווען, אז אלץ איז א ליגען און א בלבול. דאן האָט פּיזאררא גערעדט מיט דעם אינקא גופא. דער אונגליקליכער איז איבערראשט געוואָרען פון דער בעשולדיגונג און האָט איהר געלייקענט מיט אלע קרעפטען. פון דעסטוועגען האָט מען איהם געשמידט אין קייטען, און אזוי האָט מען איהם געהאלטען. פיעלע פון דיא שפּאַניער, הויפּטזעכליך אלמאגראָ'ס מענשען און אייניגע, וואָס זיינען מיט זיי צוזאמען געקומען פון סענט מיגעל, האָבען געדורשט נאָך דעם אינקאַ'ס בלוט, אום פטור צו ווערען פון דעם „חמץ“, און וואָס שנעלער צו קע־נען פאָרטזעצען דיא רייזע נאָך קוזקאָ. זיי האָבען דעריבער גע־רען געגלויבט, אז ער שפּיעלט א צבוע'צסקע ראָלע, אז ער אָרגאַניזירט טאקי אַן אויפשטאנד.

וויא עס האָט זיך נאכהער ארויסגעצייגט, איז ער געווען אונשול־דיג. אין זיינע רייד מיט פּיזאררא'ן איז געווען פונקט אזוי וועניג

צבוע'צסטוואָ, וויא אין דיא הערצער פון דיא גאָלד־זשעדנע ווייסע רוי־בער איז געווען מענשליכע געפיהל. עס האָט זיך זיי געלוינט, אז ער זאָל ערקלעהרט ווערען שולדיג; אַלזאָ האָבען זיי געשריען, אז ער איז שולדיג און געפאָדערט מען זאָל איהם וואָס גיכער טוידטען. זיי האָבען געליארעמט, אז דיא פערואנישע ארמיי, וועלכע ער האָט געהייסען צו־זאמענרופען, געפינט זיך שוין אין גוואמאקוטשאָ (וועניגער ווי הונ־דערט מייל פון קאססאמארקא) און מען קען יעדע מינוט ערווארטען איהר אָנפאל; דיא מאסע גאָלד, וואָס דיא שפּאניער האָבען אין זייערע הענט, איז אין געפאהר, האָבען זיי געשריען, און בלויז אטאהואלפּא'ס טוידט וועט אלעס און אלעמען ראַטעווען.

פּיזאררא האָט זיך בעשלאָסען אוועקצושיקען א קאָמפּאַניע רייטער נאָך גוואמאקוטשא צו זעהן וויא וויט דיא קלאַנגען זיינען אמת. אלס קאָמאַנדיר איבער דיעזער קאָמפּאַניע האָט ער געשטעלט דע־סאָטאָ'ן. מען וואָלט געקענט מיינען, אז דאָס וועט דיא אַנדערע שפּאַ־ניער בערוהיגען, — אז זיי וועלען ווארטען ביז דע סאָטאָ וועט זיך אומ־קעהרען מיט זיין בעריכט. עס איז אָבער געווען פונקט פערקעהרט. דיא, וואָס האָבען געוועלט וואָס גיכער פּטור ווערען פון דעם אינקא, האָבען איינפאך מורא געהאט טאָמער קומט דע סאָטאָ צוריק מיט א נאכריכט, אז עס איז ניטאָ קיין שום אויפשטאנד, און אז אטאהואלפּא איז אונשולדיג. ווען ער מיט זיין קאָמפּאַניע זיינען אוועק אויף זייער פאָרשונגס־רייזע, איז דיא דורשט נאָך אטאהואלפּא'ס לעבען דעריבער פיעל פערגרעסערט געוואָרען. מען האָט געפאָדערט, אז מען זאָל איהם טוידטען אויפ'ן שטעל, און פּיזאררא האָט נאָכגעגעבען — אויב ווילענ־דיג אָדער ניט ווילענדיג, ווייס מען ניט — און מען האָט גלייך אָרגאַ־ניזירט א געריכט, מיט דיא צוויי קאָמאַנדירען, פּיזאררא און אלמאגראָ, אלס פּאָרזיצענדע.*)

*) עס איז פאראַן אַ מיינונג, אז פּיזאררא האָט דע סאָטאָ'ן אַוועקגע־שיקט מיט אַ כיוון. דע סאָטאָ איז געווען זעהר פריינדליך צו דעם געפאַנגע־נעם, און ווען ער וואָלט געווען דערביי, וואָלט ער איהם בעשיצט. דער אונ־גליקליכער אטאהואלפּא האָט דאָס געפיהלט. „וואו איז מיין פריינד, דע סאָטאָ?" — האָט ער געפרעגט — „אָהן איהם וועלען זיי מיר ערמאָרדען, דיא שלעכטע מענשען."

דער אָפּיציעלער „בעשולדיגונגס אַקט“ איז בעשטאַנען אין דעם 1) דאָס אטאהואלפּא האָט אונגעזעצליך ארייננעכאַפּט דיא הערשאַפט איבער פּערו און געלאָזען טוידטען דעם געזעצליכען יורש, הואסקאַר׳ן, 2) אַז זינט דיא שפּאַניער זיינען געוואָרען דיא בעלי־הבתים פון לאַנד האָט ער אויסגעגעבען גרויסע קהל׳שע סומען אויף זיינע קרובים און טרייע אנהענגער, 3) אַז ער האָט געדיענט געצען און געהאַט מעהר וויא איין פרוי, און 4) אַז ער האָט געפּרופט אויפהעצען דיא פּערואַנער צו אַן אויפשטאַנד געגען דיא שפּאַניער. עס זיינען געווען נאָך אייניגע פּונקטען, אָבער דיא, וואָס מיר האָבען דאָ אויסגערעכענט, זיינען געווען דיא וויכטיגסטע. עס איז גענוג דאָ איבערצולעזען דעם פּערברעכען נומער 3, אום צו זעהן וויא אונפערשעהמט עס זיינען געווען דיא פערפאַסער פון דיעזען אַקט. זיי האָבען אַטאַהואַלפּאַ׳ן נעמליך גע׳משפּט דערפאַר, וואָס ער האָט געלעבט נאָך דיא בעגריעפע, רעליגיאָן און נאָך דיא מנהגים, וואָס זיי, דיא שפּאַניער, אַליין האָבען איהם געגעבען דיא מעגליכקייט צו היטען אין זיין געפאַנגענשאַפט. מען האָט אָבער בעדאַרפט האָבען אַ תירוץ; דיא פּוסטע געריכטס־צערעמאָניע איז נויטיג געווען אום דער מאָרד זאָל האָבען אַ געזעצליכע פאָרמע. קורץ, מען האָט אטאהואלפּאַ׳ן פאָרגעבראַכט פאַר׳ן געריכט און גאַנץ ערנסט פאַר איהם פאָרגעלעזען דיעזע אַלע „בעשולדיגונגען“.

מען האָט אויך אויסגעהערט עדות; און דער דאָלמעטשער אין דער גאַנצער צערעמאָניע איז געווען דעם בעשולדיגטען׳ס בלוט־פיינד, „דער קליינער פיליפּ“; אַלע עדות־זאָגונגען האָט ער איבערזעצט וויא זיין הארץ האָט זיך געגלוסט, — וויא עס האָט זיך געלוינט פאַר איהם און פאַר דיא אונגעדולדיגע אַוואַנטוריסטען.

עס איז איבעריג צו בעמערקען, אַז דער גע׳משפּט׳ער איז „געפונען געוואָרען“ שולדיג, און אַז מען האָט איהם פעראורטהיילט צום טוידט.

צווישען דיא שפּאַניער זיינען געווען עטליכע מענשען מיט מענשליכע הערצער, וועלכע האָבען פּראָטעסטירט. זיי זיינען אָבער געווען אַ גאַנץ קליינער מינאָריטעט. זיי האָבען ערקלעהרט, אַז צו טוידטען אטאהואלפּא׳ן איז אַ מערדערליכע אונרעכט; עס איז געוואָרען אַ היציגע קריעגעריי. אָבער דער מאַיאָריטעט איז געבליבען ביי דאָס זייניגע, און דעם פעראורטהיילטען האָט מען געפיהרט צו זיין טוידט.

ווען מען האָט איהם געלאָזט וויסען, וואָס איהם ערוואַרט, איז ער צו־ערשט געווען זעהר נידערגעשלאָגען, און האָט אָנגעפאַנגען צו טענה'ען, צו בעטען זיך. אָבער זעהענדיג, אז פאר איהם איז קיין האָפנונג ניטאָ, האָט ער זיך בערוהיגט. ער איז צו זיין טוידט געגאַנגען מיט דיא גע־לאַסענהייט און פעסטקייט, וועלכע ער האָט געוועהנליך ארויסגעוויזען.

מיט א טרומייט האָט מען געלאָזט וויסען דיא שטונדע, ווען דער הערשער פון פערו וועט הינגעריכטעט ווערען אויף דעם גרויסען סקווער פון קאססאמארקא. דאָס איז געווען דעם 29טען אויגוסט, 1533. צוויי שטונדען נאָך זונן־אונטערגאַנג האָבען זיך אויפ'ן סקווער אויסגע־שטעלט דיא שפּאַנישע סאָלדאַטען, מיט פאַקעלען אין דיא הענט. דעם געפאַנגענעם האָט מען ארויסגעפיהרט א געשמידטען הענט און פיס, (אזוי האָט מען איהם געהאַלטען זינט עס האָט זיך פערשפּרייט דער קלאַנג וועגען אַן אויפשטאַנד), וואלווערדע, פיזאררא'ס גלח, האָט איהם צוגערעדט אויפצוגעבען זיין רעליגיאָן און אָנצונעהמען דיא „אמת'ע אמונה“, דיא אמונה פון דיא קריסטען: דאָס וועט ראַטעווען זיין נשמה, האָט ער איהם פערזיכערט. א חוץ דעם: אויב ער וועט זיך איצט ערקלעהרען פאַר א קריסט, וועט מען איהם טוידטען דורך דיא „גאַראָטע“ (אַן אינסטרומענט צו דערווערגען); אויב אָבער ניט, וועט מען איהם פערברענען, וויא מען טהוט מיט אַלע אפּיקורסים. אין דיא בעריכטען שטעהט, אז דער אונגליקליכער אינקא איז מרוצה גע־וואָרען אָנצונעהמען דעם קריסטענטהום. עס איז אָבער פאַראַן א מיי־נונג, אז ער האָט גאָר ניט געענטפערט, אז ער האָט נור אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ און דיא דערביי־שטעהענדע שפּאַניער האָבען דאָס אויסגע־טייטשט אַלס „יאָ“. יעדענפאַלס האָט וואלווערד מיט „פרומע בע־גייסטערונג“ אויסגעשריען, אז דעם אינקא'ס נשמה איז געראַטעוועט. ער האָט איהם א נאָמען געגעבען יואַן אטאהואלפּא, נאָך יואַן אָדער יאָהאַן, וועלכער איז נאָכ'ן קריסטליכען לוח געווען דער הייליגער פון יענעם טאָג. און דאַן האָט מען איהם אָנגעטהאָן דיא גאַראָטע און דערוואָרגען. וועהרענד דאָס איז פאָרגעקומען, האָבען דיא שפּאַניער, וואָס האָבען דיעזע הינריכטונג געפאָדערט, מתפלל געווען פאַר זייער קרבן'ס נשמה.

דיא לויה איז געווען א קריסטליכע. דעם געשטאָרבענעם'ס פרויען און שוועסטער זיינען צוגעפאַלען מיט א יאָמער. זיי האָבען זיך געבעטען מען זאָל זיי לאָזען זייער אינקא בעוויינען און בעגראָבען

נאָך זייער רעליגיאָן נאָך און אז מען זאָל זיי בעגראָבען מיט איהם צו־זאַמען; ווען מען האָט זיי אַוועקגעטריעבען, האָבען אייניגע פון זיי אָבגעוואַרט ביז מען האָט איהם מקבר געווען, און דאַן זיינען זיי בע־גאַנגען זעלבסטמאָרד אויף זיין קבר — אַזוי, וועניגסטענס, לויטעט אַ בעריכט.

ווען דע סאָטאָ האָט זיך אומגעקעהרט פון זיין אונטערזוכונגס־עקספּעדיציע און דערהערט וואָס דאָ האָט פּאַסירט, איז ער ערשטוינט געוואָרען. ער האָט ניט געפונען קיין שפּור פון אַן אויפשטאַנד. דער אינקאַ איז געווען אבסאָלוט אונשולדיג. ער איז אויפגעבראַכט געוואָ־רען און איז אויף פיזאַררא'ן אָנגעפאַלען מיט שימפּף־ווערטער. עס איז זאָגאַר פאַראַן אַ בעריכט, אַז פאַר כעס האָט ער מיט זיין שווערד אויפ־געהויבען דיא היטעל פון פיזאַררא'ס קאָפּ. פיזאַררא'ן האָט זיך אָבער ניט געלוינט מיט דיעזען כוואַטסקען און איינפלוסרייכען קאַוואַלעריסט איינצורייסען.

פיזאַררא'ס ברודער, הערנאַנדאָ, האָט דיעזע אַלע פּאַסירונגען ניט בייגעוואוינט. ער איז איצט געווען אין שפּאַניען, וואוהין דער קאָ־מאַנדיר האָט איהם געשיקט מיט אַ בעריכט און מיט דעם קעניג'ס חלק גאָלד.

## XIII.

# דאָס לעבען אין פּערו, ווען פּיזאַררא איז אהין געקומען.

מיספערשטענדניסע וועגען דעם לעבען אין אַלט־פּערו. — אונטערשיעד צווישען דיא הערשאַפט פון דיא אַצטעקען און דיא הערשאַפט פון דיא אינקאַס. — וויא אַזוי הערבערט ספּענסער שילדערט פּערו. — איז פּערו אַ בעווייז, אז דער סאָציאליזמוס מוז זיין אַ דעספּאָטיזמוס? — דיא רוסישע דאָרף־געמיינדע. — אגראר־קאמוניזמוס. — היינריך קונאָוו. — גארצילאזאָ. — פּרעסקאָטט. — וויכטיגע בעריכטען. — „הונדערטשאַפטען". — „מאַרק" און „מאַרקאַ" — „צעהנטויזענדשאַפטען". — „טויזענדשאַפטען". — „צעהנשאַפטען". — „קוראקאַס". „טוכריקוקס". — קאָמוניזמוס. — דיא אינקאַס האָבען קיין נייע געזעלשאַפטליכע סיסטעם ניט געשאַפען. — קונאָוו מאַכט אַן איבערקעהרעניס אין דיא אַלטע מיינונגען. — דיא אייזערנע הערשאַפט פון דיא אינקאס. — דער הויפּט־אינקא. — זיין לוקסוס. — זיין „געזעצליכע" פרוי. — איבער־געוואנדערטע פּערואַנער. — דיא לאַפּער־פּאָסט. — אינקאַ־פעלדער און טעמפּעל־פעלדער. — לאמא צינזען. — סאָלדאַטען און „יאנאקונא". — טעמפּעל־מיידלעך און קעבס־ווייבער. — פאָלקס־צעהלונג. — פערברעכען און שטראָפען. — געמיינשאַפטליכע פעראַנטוואָרטליכקייט. — קיין שטאַאַט. — פאַר וואָס האָבען דיא שפּאַניער אַזי לייכט בעזיעגט פּערו? — מויערען וואָס זיינען עלטער וויא דיא אינקא־הערשאַפט. — האָבען אין פּערו און מעקסיקאָ אַ מאָל געוואוינט ווייסע מענשען? — וועגען. — בריקען. — וואַסער גראָבענס. — בערג, פעלזען און זאַמד פערוואַנדעלט אין פרוכטבאַרע פעלדער. — פויגעל־מיסט. — קאַרטאָפעל. — לאַמאַס. — וויקונאַס. — גילדערנע און זילבערנע כלים און ציערונג. — ארכיטעקטור. — פייער. — קניפעל־„שריפטען". — אַסטראָנאָמיע. — רעליגיאָן. — דער גרויסער זונן־טעמפּעל פון קוזקא. — דער „הואַראַטשיקו" יום טוב. — „בר־מצוה". — זונן־מיידלעך. — „תשליך". — האָבען די פּערואַנער מקריב געווען מענשליכע קרבנות? — דער מנהג צו טוידטען קעבס־ווייבער אויפ'ן קבר פון אַ געשטאָרבענעם אינקאַ.

אויף די אַלטע פּערו צייגט מען היינט אָן אַלס אויף אַ ביישפּיעל, ווי שלעכט דער סאָציאַליזמוס וואָלט געווען. די דאָרטיגע פיהרונגען ווערען פאַרגעשטעלט אַלס קאָמוניסטישע און מען טייטעלט אויף זיי וויא אויף אַ בעוויין, אַז אַ קאָמוניסטישע געזעלשאַפט מוז זיין אַ דעספּאָטישע געזעלשאַפט. וואָס פאַר אַ גרונד דיעזע טענה האָט, וועלען מיר זעהן. מערקווירדיג איז דער אַלט־פּערואַנישער לעבען אָבער יעדענפאַלס. אויב דיא לאַנד, וואָס קאָרטעס האָט איינגענומען איז אינטערעסאַנט, איז דיא לאַנד, וועלכע איז אין היסטאָריע פערבונדען מיט פּיזאַרראָ'ס נאָמען, נאָך אינטערעסאַנטער.

דער כלל, וואָס לואיס מאָרגאַן גיט אויף דיא אַלטע בעריכטען וועגען אַמעריקאַנישע לענדער געהט אויך אויף אַלט־פּערו. דיא אַלטע בעשרייבונגען קען מען טרויען וועגען זאַכען, אין וועלכע דיא שפּאַניער פון פּיזאַרראָ'ס צייטען האָבען ניט געקענט האָבען קיין טעות, וויא, צום ביישפּיעל: געוועהר, געצייג, שפּייז, קליידער, ציערונג, געביידעס, וועגען, בריקען, קאַנאַלען, פעלדער א. ז. וו. ווען עס האַנדעלט זיך אָבער וועגען דיא אַלט־פּערואַנישע געזעלשאַפט, איהר רעגיערונג, דיא פערהעלטניסע צווישען איהרע שבטים, דאַן קען מען זיך אויף דיא אַלטע היסטאָריעס ניט פערלאָזען. געוויסע זאַכען האָבען זיי, דיא שרייבערס פון פּיזאַרראָ'ס דור, פאַלש אויסגעטייטשט. מען דאַרף אָבער בעמערקען, אַז אין אונזערע צייטען האָט מען צו זייערע מיס־פערשטענדניסע צוגעלעגט נייע פאַלשע פּשט'לעך, פון וועלכע דיא אַלטע שפּאַנישע היסטאָריקער האָבען ניט געקענט האָבען קיין בעגריף. דיא ערקלעהרונג, צום ביישפּיעל, אַז פּערו האָט געהאַט אַ „סאָציאַליסטישען שטאַאט“ איז אַן „ערפינדונג“ פון דיא לעצטע יאָהרען. מיט דריי־פיער הונדערט יאָהר צוריק האָט מען פון אַזעלכע זאַכען נאָך ניט געוואוסט, און אין בעווייזע, אַז דער סאָציאַליזמוס וואָלט געווען אַן אונגליק, האָט זיך נאָך קיינער ניט גענויטיגט.

וואָס אַנבעטרעפט לואיס מאָרגאַן'ען, האָט ער מיט פּערו זיך ליידער ניט בעשעפטיגט. ער דערמאָנט איהר בלויז מיט אַ פּאָר ווערטער, ברענגענדיג דיא ווערטער פון אַן אַלטען היסטאָריקער, וועל־כער זאָגט דייטליך אַז דיא פּערואַנער זיינען געווען צוטהיילט אויף משפּחה־גרופּען אָדער ג ע נ ט ע ן.

אויבען איז אונז אָפט אויסגעקומען צו דערמאָנען דעם אינקאַ

שבט אַלס דעם הערשענדען שבט. לאָמיר דאָ פריהער פון אַלץ בעמער־קען אז ער האָט ביסלעכווייז אַריינגעדרונגען אין פערשיעדענע געגענ־דען און איינגענומען דיא דאָרטיגע שבטים. דיא פערהעלטניסע צווישען איהם און דיא שבטים, וואָס ער האָט בעזיעגט, זיינען אָבער געווען ניט דיא זעלבע, וויא צווישען דיא אַצטעקען און זייערע אונטערטהע־ניגע. דער הערשענדער דרייפאַכער מיליטערישער פערבאַנד פון מעק־סיקאָ האָט אין יעדער מלחמה, וואו ער איז געווען דער זיעגער, ביי דעם שונא געפאַנגען מענשען אויף קרבנות אָדער אויף קנעכט, און דערנאָך, אין פריעדליכע צייטען, פלעגט ער ביי איהם זאַמלען צינזען. ווייטער האָט ער אין זיין לעבען זיך ניט געמישט. זיין לאַנד האָט ער ניט פ ע ר נ ו מ ע ן. ער האָט איהם געלאָזען צורוה. יעדער אונטער־טהעניגער שבט איז זיך געבליבען אַ פאָלשטענדיגער בעל הבית איבער זיין היים. ער האָט געלעבט און זיך רעגיערט וויא פריהער. נור ערגעץ־וואו אויף אַן אַנדער שטיקעל לאַנד, האָט זיך געפונען אַ בייזער, בלוט־צאַפּענדער פיינד וואָס פלעגט פון צייט צו צייט צושיקען זיינע אַגענטען נאָך קוקורוזע, באַוועל א. ז. וו. — אזוי וויא אַ מין היישעריק, וואָס פאַלט אָן אויף דיא פעלדער און פרעסט אויף אַ טהייל פון דיא פּראָדוקטען. דאָס איז נאַטירליך געווען אַן אונגליק, אָבער אַן אויסער־ליכער אונגליק. מיט דעם אינערליכען לעבען פון דעם איינגענומע־נעם שבט האָט דאָס אָבער ניט געהאַט צו טהאָן.

דיא אינקאַס, ווידער, פלעגען דיא לענדער, וואָס זיי האָבען בעזיעגט, פ ע ר נ ע ה מ ע ן. זיי פלעגען דאָרטען האַלטען מיליטער און אָרגאַניזירען זייער הערשאַפט. זיי האָבען זיך פיעל מעהר געמישט אין דעם לעבען פון זייערע אונטערטהעניגע, קאָנטראָלירט דיא פרוכט פון זייער אַרבייט און זייער רעגיערונג. יעדען נייעם שבט, וואָס זיי האָבען איינגענומען, האָבען זיי עקספּלואַטירט, בערויבט רעגעלמעסיג און סיסטעמאַטיש; רעגעלמעסיג און סיסטעמאַטיש האָבען זיי איבער איהם געוועלטיגט.

פון דיעזע פערהעלטניסע צווישען דיא אינקאַס און זייערע אונטערטהאַנען זיינען אַרויסגעקומען וויכטיגע אומשטענדען, פון וועלכע מען האָט אין מעקסיקאָ ניט געוואוסט. אום צו קענען בעשפּרע־כען דעם פּערואַנישען לעבען, מוז מען דעריבער צוערשט וויסען וואָס פאַר אַ ראָלע עס האָט געשפּיעלט דער אינקאָ שבט.

מיר האָבען דאָ געזאָגט, אַז דיא אינקאַס האָבען זיך „פיעל מעהר געמישט“ אין דעם אינערליכען לעבען פון זייערע בעזיעגטע. דאָס הייסט פיעל מעהר וויא דיא אַצטעקען האָבען זיך געמישט אין דעם אינערליכען לעבען פון זייערע בעזיעגטע. דיעזער פּונקט ווערט אָבער שטאַרק איבערטריבען און דאָ ליעגען דאָס דיא ספּעציעלע מיספּער־שטענדניסע, וואָס זיינען אויפגעוואקסען, אָדער אויפגעבויט געוואָרען אין דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט.

אום דעם לעזער צו ווייזען וויא אַזוי דיא געזעלשאַפטליכע אָרדנונג פון אַלט־פּערו ווערט געוועהנליך געשילדערט, ווילען מיר דאָ געבען דעם בילד וואָס דער בעריהמטער ענגלישער פילאָזאָף, הערבערט ספּענ־סער מאַלט אין זיין „פּרינסיפּלס אָוו סאָשיאָלאָדזשי“ (צווייטער באַנד, זייטלעך 580, 581 און 582), וואו ער ברענגט פּערו אַלס איינעם פון אַ רייהע ביישפּיעלע ועגען געזעלשאַפטען, וואָס האָבען אַ מיליטאַנטישע אָרגאַניזאַציאָן. דער קוואַל פון וואַנען ספּענסער שעפּט זיינע בעהויפּ־טונגען איז דיא געשיכטע פון אַן אַלטען היסטאָריקער, וועלכער איז געווען האַלב־שפּאַניער און האַלב־אינקאַ, איינער מיט׳ן נאָמען ג אַ ר־צ י ל אַ ז אָ. ספּענסער שרייבט:

„איצט לאָמיר נעהמען אַלס ביישפּיעל דיא אימפּעריע פון דער פּאַרצייטיגער פּערו, וואָס איז ביסלעכווייז געווען געגרינדעט פון דיא זיעגרייכע אינקאַס. דער הערשער, וועלכער האָט געשטאַמט פון געטער און איז געווען אבסאָלוט הייליג, דיעזער הערשער איז געווען דער מיטעלפּונקט פון אַ סיסטעם, וואָס האָט קאָנטראָלירט דאָס לעבען אין יעדער איינצעלהייט. זיין הערשאַפט איז געווען אי אַ מיליטערישע אי אַ רעליגיעזע אי אַ געריכטליכע; און דיא גאַנצע נאַציאָן איז בעשטאַנען פון מענשען, וואָס זיינען ביי איהם געווען שקלאַפען אַלס סאָלדאַטען, אַלס ארבייטער און אַלס רעגיערונגס־בעאַמטע. מיליטער־דיענסט איז געווען אַ פפליכט פאַר אַלע אינדיאַנער, וואָס האָבען נור געקענט טראָגען וואַפען; און דיא, וואָס האָבען שוין אויסגעדיענט זייער טערמין אין מיליטער און האָבען געבילדעט אַ רעזערוו־אַרמיי, האָבען געמוזט אַרבייטען אונטער דער השגחה פון דער רעגיערונג. דיא אַרמיי האָט געהאַט עלסטע איבער גרופּען פון צעהן, פופציג, הונדערט, פינף־הונדערט, טויזענד און צעהן־טויזענד; און אַ חוץ דיעזע האָט זיא געהאַט העכערע קאָמאַנדירען פון דעם אינקאַ שבט; און דיא געזעל־

שאַפט אין אַלגעמיין איז געווען איינגעטהיילט און אָרגאַניזירט אויף דעם זעלבען מיליטערישען שטייגער: דיא איינוואוינער זיינען פער־שריעבען געווען אין גרופּען, און האָבען זיך געפונען אונטער דעם קאָנטראָל פון בעאַמטע, פון אויפזעהער, — אַ קלענערער אויפזעהער איבער צעהן איינוואוינער, אַ העכערער איבער 50, נאָך אַ העכערער איבער 100, נאָך אַ העכערער איבער 500, איבער 1,000, איבער 10.000, און דורך דיעזע פערשיעדענע צענטערס פון פערשיעדענע גראַדען, זיינען אָבגעגעבען געוואָרען בעריכטען (פון דעם צעהנדליג־מאַן צום פופציג־מאַן, פון פופציג־מאַן צום הונדערט־מאַן א. ז. וו.) ביז עס האָט דערגרייכט דעם אינקא־גובערנאַטאָר פון יענעם געגענד; און פון דיא אַלע גובערנאַטאָרען איז דאָס איבערגעגעבען געוואָרען צום אינקא *); און פערקעהרט, דעם אינקאַס בעפעהלע זיינען געגאַנגען פון שטאַפּעל צו שטאַפּעל אַרונטער־צו, ביז זיי האָבען דערגרייכט דעם ניעדריגסטען שטאַפּעל. אַן עהנליכע אָרגאַניזאַציאָן איז אויך געווען ביי דיא גלחים, וועלכע האָבען געהאַט פינף קלאַסען פון נביאים אָדער „טרעפער“. אויך איז געווען אַן אָרגאַניזאַציאָן פון שפּיאָנען צו אונ־טערזוכען וואָס דיא בעאַמטע טהוען.

„אַלץ איז געווען אונטער דער בעאָבאַכטונג פון דער רעגיערונג. עס זיינען געווען דאָרף־בעאַמטע, וואָס האָבען אַכטונג געגעבען וויא אַזוי עס ווערט געאַקערט, געזייהט, אָראָבגענומען פון דיא פעלדער. ווען עס איז ניט געווען גענוג רעגען, פלעגט דיא רעגיערונג יעדען געבען אַ בעשטימטע מאָס וואַסער צו בעוואַסערן זיין פעלד. אַלע דיא, וואָס האָבען געררייזט אָהן ערלויבניס, האָט מען בעשטראָפט אַלס בראָדיאַגעס (טרעמפּס). פאַר דיא אָבער, וואָס זיינען ארומגעפאָהרען אַלס רעגיערונגס־בעאַמטע, האָט מען געהאַט ספּעציעלע הייזער וואו זיי האָבען געפונען נאַכטלעגער און אַלעם נויטיגעס.

„עס איז געווען די פּפליכט פון דיא אויפזעהער אַכטונג צו געבען, אַז דער עולם זאָל זיין געקליידט; און פאַר דיא פערשיעדענע קלאַסען

*) זאָל דער לעזער געדענקען, אַז „אינקאַ“ הייסט אי דער גאַנצער הערשענדער שבט אי זיין הויפּטמאַן, — „דער קייזער“, ווי היסטאָריקער רו־פען איהם געוועהנליך. ווען מען זאָגט „ד ע ר א י נ ק אַ“, הייסט דאָס דיע־זער הויפּטמאַן פון דיא אינקאַס.

מענשען זיינען בעשטימט געוואָרען וואָסערע קליידער זיי זאָלען טראָ־גען, וואָסערע צירונג, וואָסערע מעדאַלען א. ז. וו. א חוץ דעם וואָס מען האָט רעגולירט דעם אויסערליכען לעבען פון די איינוואוינער, האָט מען רעגולירט זייער הויז־לעבען אויך. ווען מען האָט געגעבען מיטאג אָדער אבענד־ברויט, האָט געמוזט זיין אָפען די טהיר, כדי דיא אויפזעהער זאָלען קענען לייכט אַריינקומען; און דיעזע אויפ־זעהער האָבען געדאַרפט זעהן, אַז דיא וואָהנונג, דיא קליידער און דיא מעבעל זאָלען זיין ריין און אין אָרדנונג, און אז דיא קינדער זאָלען ער־צויגען ווערען מיט א ריכטיגע שטרענגקייט. אויב אימיצער האָט שלעכט געפיהרט זיין הויז, האָט מען איהם בעשטראָפט מיט שמיץ.

„אונטער דיעזען קאָנטראָל אין יעדער ברעקעל פון זייער לעבען, האָבען דיא מאַסען געמוזט האָרעווען אויפצוהאַלטען דיעזע פיעלפאַכע מלוכה־אָרגאַניזאַציאָן. דיא פּאָליטישע, רעליגיעזע און מיליטערישע קלאַסען זיינען געווען פריי פון צינזען. דיא ארבייטענדע קלאַסען אָבער, אין דער צייט וואָס זיי האָבען ניט געדיענט אין דער ארמיי, האָבען געמוזט אוועקגעבען אַלץ וואָס זיי האָבען אויסגעאַרבייט מיט זייער פּראַצע אויסער דאָס וואָס איז נויטיג געווען פאַר זייער איינ־פאַכסטע חיונה. פון דער גאַנצער אימפּעריע האָט א דריטעל פון דיא פּראָדוקטען געהערט צו דער רעגיערונג, א דריטעל צו דעם גלחים־קלאַס און דיא איבערגעבליעבענע דריטעל האָט געשפּייזט דיא אַרבייטער. אויסער דיא צינזען וואָס זיי האָבען געצאָהלט מיט דעם וואָס זיי האָבען בעאַרבייט דיא זון׳ס (דאָס הייסט גאָט׳ס, דיא גלחים׳ס) לאַנד און דעם קעניג׳ס לאַנד, האָבען דיא אַרבייטער נאָך געמוזט בעאַרבייטען דיא ערד פון דיא סאָלדאַטען וואָס זיינען געווען אין דיענסט, און אויך דיא ערד פון אַלטע, שוואַכע אָדער קראַנקע איינוואוינער. אויך האָבען זיי געמוזט צאָהלען צינזען מיט קליידער, שיך און געוועהר.

„דיא שטיק לאַנד, מיט וועלכע דיא איינוואוינער פון א געוויסען פּלאַץ האָבען זיך בעדאַרפט נעהרען, פלעגט איינגעטהיילט ווערען צווישען זיי, צו יעדען מענשען לויט דער גרויס פון זיין פאַמיליע. עהנליכעס איז געווען מיט דיא פּראָדוקטען פון דיא סטאַדעס: דיא לאַמאַס וואָס דיא רעגיערונג האָט ניט צוגענומען פאַר זיך, פלעגט מען אין געוויסע צייטען שעהרען און דיא וואָלל פלעגען בעאַמטע צוטהיילען צווישען דיא איינוואוינער פון דעם אָדער יענעם קוואַרטאַל. דיעזע

פיהרונגען זיינען געווען געגרינדעט אויף דעם פּרינציפּ, אַז דאָס ביסעלע פּריוואַט־אייגענטהום וואָס יעדער מענש האָט געהאַט, האָט ער אויך געהאַט אַלס אַ טובה, אַ מתנה פון דעם אינקא, און לויט דיא אינקא־געזעצע האָט ער קיין אַנדער רעכט אויף דעם ניט געהאַט.

„דער שטאַאַט, דיא רעגיערונג, איז אַלזאָ געווען דער פּאַלשטענ־דיגסטער בעל־הבית איבער יעדען מענשען, — איבער זיין פּערזאָן, איבער זיין אייגענטהום און איבער זיין ארבייט. מען האָט איהם איבערגעשיקט און בעזעצט פון איין געגענד אויף אַן אַנדערען, וואו דער אינקא האָט נור געהייסען. ווען ער האָט ניט געדיענט אַלס סאָלדאַט האָט ער אַלץ געלעבט אונטער דער זעלבער דיסציפּלין וויא אין דער אַרמיי. יעדער איינוואוינער איז געווען אַ טהייל פון אַ מאַשין, וועלכע האָט איהם בעוועגט דורכ'ן לעבען אזוי ווייט וויא נור מעגליך לויט דעם אינקאַ'ס ווילען, און אַזוי וועניג וויא נור מעגליך לויט זיין אייגענעם ווילען. און עס פערשטעהט זיך אַז אזוי ווי דיא מיליטערישע אָרגאַניזאַציאָן איז דערגאַנגען ביז איהר העכסטען פּונקט, איז קיין אַנדער זאָרט געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן כמעט ניט געווען. דיא פּערואַנער האָבען קיין געלד ניט געהאַט. זיי האָבען ניט פערקויפט ניט קיין קליידער, ניט קיין הייזער, ניט קיין מאַיאָנט־קעס. זיי פלעגען זיך נור בייטען מיט געוויסע מינים שפּייז; דאָס איז געווען דער איינציגער זאָרט האַנדעל, פון וועלכען זיי האָבען געוואוסט."

אָט דאָס איז דיא שילדערונג, וואָס הערבערט ספּענסער גיט פון דעם לעבען אין פּערו, וויא דיא שפּאַניער האָבען איהר געפונען, און דעם זעלבען זאָרט שילדערונג געפינט איהר אין אַלע היינטיגע היסטאָ־ריעס, צי אין ביכלעך פאַר שול־קינדער, צי אין גרעסערע ווערק, צי ביי אַזעלכע בעריהמטע פּערפאַסער וויא פּרעסקאָט אָדער ראָבערטסאָן, צי ביי שרייבער, וואָס האָבען קיין נעמען ניט.

ווייטער אין דעם זעלבען ווערק קומט ספּענסער ווידער צו דעם מיליטערישען כאַראַקטער פון דעם פּערואַנישען לעבען, און פאַרביי־געהענדיג זאָגט ער דאָרטען, אַז אַן עהנליכען לעבען וואָלט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער סאָציאַליזמוס אָדער קאָמוניזמוס. דעם זעלבען ענין ריהרט ער אויך אָן אין אַן אנדער באַנד פון זיינע ווערק. אין „עססיי" אָדער אַרטיקעל, וועלכער איז דירעקט געריכטעט געגען דעם

סאָציאַליזמוס און וועלכען ער רופט אָן „פון פרייהייט צו שקלאַפעריי“, (אין דעם דריטען באַנד פון זיינע עססיים) ענדיגט ער מיט דיא פאָל־גענדע ווערטער:

„אונטער דיא געצוואונגענע קאָאָפּעראַציאָן, וועלכע דער סאָציאַ־ליזמוס וואָלט נויטווענדיג געמאַכט... מוז דער ענדליכער רעזולטאַט זיין א געזעלשאַפט אזוי וויא אין דער פּאַרצייטיגער פּערו, א געזעלשאַפט, וועגען וועלכע עס איז פּראָסט שרעקליך א טראַכט צו טהאָן — א געזעלשאַפט, וואו דיא פאָלקסמאַסען זיינען אָרגאַניזירט וויא אַן ארמיי אין גרופּען פון 10, 50, 100, 1,000 און 10,000 און ווערען רעגיערט פון בעאַמטע פון פערשיעדענע גראַדען און זיינען צוגעבונדען צו זייערע קוואַרטאַלען, וואו זיי ווערען קאָנטראָלירט אין זייער פּריוואַט־לעבען פּונקט וויא אין זייער אַרבייט, און פּראַצעווען אָהן שום האָפנונג פאַר זיך, פּראַצעווען אויפצוהאַלטען דיא רעגיערונגס־אָרגאַניזאַציאָן.“

דאָס זעלבע, בלויז אויף פערשיעדענע אַרטען זאָגען צעהנדליגע אַנדערע שרייבער, בעקאַנטע און ניט־בעקאַנטע, גרעסערע און קלענערע. איינער א דייטשער געלעהרטער בעמערקט, צום ביישפּיעל, אז דער סאָציאַליסטישער אידעאַל איז שוין אמאָל אין דער מענשליכער געשיכטע פערווירקליכט געוואָרען, נעמליך אין אַלט־פּערו, אַלזאָ האָט מען שוין געזעהן וואָס פאַר א דעספּאָטיזמוס דאָס איז. אָדער לאָמיר נעהמען דעם אַמעריקאַנער היסטאָריקער דזשאָהן פיסק, מיט וועמעס ווערק מיר בענוצען זיך אָפט. נאָך דעם וויא ער שטעלט פאָר דיא געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציאָן פון פּערו אויף דעם געוועהנליכען אַרט, זאָגט ער, אין זיין „ענטדעקונג פון אַמעריקא“, צווייטער באַנד, זייטע 355:

„אין סך־הכל איז דאָס געווען דער פאָלשטענדיגסטער ביישפּיעל פון רעגיערונגס־ סאָציאַליזמוס וואָס דער היסטאָריקער קען ענטדעקען אין דער פערגאַנגענהייט.“ *)

*) אין זיין געגנערשאַפט צום סאָציאַליזמוס ברויכט דיעזער ערנסטער געלעהרטער אַ מאָל אַ זאָרט הומאָר, וועלכער וואָלט געפּאַסט פאַר אַ פּאָליס־מאַן. אין אַן אַנדער ווערק זיינע זאָגט ער, צום ביישפּיעל, אז קאָמוניסטען זיינען מענשען, וואָס האָבען ליעב צו לעבען אויף יענעם׳ס חשבון און אַז דאָס רוב קען מען זיי געפינען אין אַ דייטשען שיינק, פילאָזאָפירענדיג ביי אַ גלאָז ביער, וויא אַזוי דיא וועלט איבערצומאַכען.

דאָס ערשטע וואָס עס ווילט זיך בעמערקען איז, אַז דיא, וואָס רופען דאָס פּערואַנישע „סיסטעם“, וויא זיא ווערט געוועהנליך געשילדערט, אַ סאָציאַליסטישע סיסטעם, ווייסען ניט אָדער מאַכען זיך ניט ווייסענדיג אין וואָס עס בעשטעהט דער גרונד־פּרינציפּ פון דעם היינטיגען סאָציאַליזמוס. דיעזער גרונד־פּרינציפּ זיינער פאָדערט, אַז עס זאָל ניט זיין קיין שום שפּור פון אַ הערשענדען קלאַס. אַ לאַנד, וואו איבער דיא פאָלקס־מאַסען געוועלטיגט אַ געוויסער שבט, האָט אַזוי פיעל צו טהאָן מיט׳ן סאָציאַליזמוס, טאַקע וויפיעל אַ קאַזאַרמע האָט מיט איהם צו טהאָן. לאָמיר אָבער דעם סאָציאַליזמוס פון דיא בעזיעגטע פּערואַנישע שבטים בעטראַכטען בעזונדער. לאָמיר אויף אַ ווײַלע פערגעסען, אַז איבער זיי האָט געהערשט דער אינקא שבט.

„דיא שטיק לאַנד“ — זאָגט ספּענסער — „מיט וועלכע דיא איינוואוינער פון אַ געוויסען פּלאַץ האָבען זיך בעדאַרפט ערנעהרען, פלעגט איינגעטהיילט ווערען צווישען זיי, צו יעדען מענשען לויט דער גרויס פון זיין פאַמיליע.“

ספּענסער גיט דאָס איבער זעהר קורץ. וואָרים פאַר דיא גאַנצע סקיצצע פון דעם אַלט־פּערואַנישען לעבען האָט ער ניט מעהר וויא אַ פּאָר זייטלעך. אָבער פון דיעזע פּאָר שורות, וואָס מיר ברענגען דאָ, איז דייטליך געזעהן, אַז פון צייט צו צייט פלעגט מען די ערד איבערטהיילען; און אַזוי ווערט דאָס טאַקע געזאָגט ביי גאַרצילאַזאָ׳ן, ביי וועמען ספּענסער נעהמט זיין מאַטעריאַל, און ביי אַלע היסטאָריקער פון אַלט־פּערו, וועלכע בעשרייבען דיא זאַך מיט איינצעלהייטען.

אַזוי וויא אַ בעפעלקערונג האַלט שטענדיג אין ענדערן זיך — ערקלערען זיי — דורך דעם וואָס אייניגע שטאַרבען און נייע ווערען געבאָרען, פלעגט מען דיא ערד אָפט איבערטהיילען. ווען אַ פּערואַנער האָט חתונה געהאַט, פלעגט מען איהם געבען אַ בעשטימטע מאָס ערד, וואָס האָט זיך גערעכענט גענוג צו שפּייזען אַ פּאָר פאָלק. ווען ער האָט געהאַט קינדער, פלעגט מען איהם צולעגען נאָך ערד. ווען אימיצער פלעגט אויף אימער פערלאָזען דעם פּלאַץ, פלעגט ער דאָרטען פערליערען זיין חלק לאַנד, וואָרים דיעזער חלק האָט ניט בעלאַנגט צו איהם, נור צו אַלע מענשען, וואָס האָבען דאָרטען געוואוינט. אַ געוויסע טהייל לאַנד פלעגט מען ניט צוטהיילען, נור זיא איז אימער געוועזען פריי פאַר אַלע איינוואוינער פון יענעם פּלאַץ.

אָט דיעזע אָרדנונג צוזאַמען מיט דיא גרופּען פון 10, 50, 100, 1,000 און 10,000, האָבען אויסגעקלערט און איינגעפיהרט דיא אינקאַס; דאָס איז געוועזן זייער אָריגינעלע סיסטעם — אזוי דערצעהלט מען אונז. און דאָך, ווען דער, וואָס לעזט וועגען דיעזע פּערואַנישע טהיילונג און איבערטהיילונג פון דער געמיינשאַפט־ליכער ערד, איז פיעל־ווינציג בעקאַנט מיט רוסלאַנד, קלינגט דאָס איהם וויא עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז איהם גוט בעקאַנט פון העֶר היים, וואו דאָס האָט פון אייביג אָן עקזיסטירט אין דעם רוסישען דאָרף. „פּאָזעמעלנאַיאַ אָבשטשינאַ" (לאַנד־קאָמונע) רופט מען דאָס אויף רוסיש (אַגראַר־קאָמוניזמוס אויף אַלע שפּראַכען*); דיעזע אָבשטשי־נאַ האַלט שוין אין צופאַלען; פון דעסטוועגען קען מען אויף איהר נאָך היינט זעהן וויא עהנליך זיא איז צו דיא פיהרונגען פון אַלט־פּערו. אזוי וויט וויא דיעזער אַלטער רוסישער אַגראַר־קאָמוניזמוס לעבט נאָך, בעשטעהט ער אין פאָלגענדען:

1) דיא לאַנד פון דער דאָרף־געמיינדע בעלאַנגט צו דער גאַנצער געמיינדע, און קיינער פון דיא פויערים קען אין דעם ניט האָבען קיין חלק אַלס פּריוואַט־אייגענטהום, וואָס ער זאָל קענען אַוועקשענקען אָדער פערקויפען. 2) דיעזע געמיינשאַפטליכע לאַנד ווערט צוטהיילט צווי־שען די פויער־פאַמיליען נאָך זייערע בעדירפניסע, און פון צייט צו צייט ווערען געמאַכט פּערעדיעלען (איבערטהיילונגען). 3) ווען אַ פאַמיליע פערלאָזט דעם דאָרף אויף אימער, ווען זיא געהט למשל איבער פון דעם פויער־קלאַס אין דעם סוחר־קלאַס, קען זיא איהר שטיקעל לאַנד ניט פערקויפען; דאָס בעלאַנגט צו דער אָבשטשינאַ און בלייבט ביי דער אָבשטשינאַ. 4) אַ געוויסער טהייל פון דער אָבשטשי־נאַ'ס לאַנד, וואַלד צום ביישפּיעל, ווערט ניט פערטהיילט, נור בלייבט פריי פאַר אַלע פויערים פון דער אָבשטשינאַ, און בלויז פאַר זיי.**)

---

*) „אַגער" הייסט אויף לאַטיין אַ פעלד. פון דיעזען וואָרט שטאַמט דאָס דער וואָרט „אַגריקולטור", דאָס הייסט פעלד־אַרבייט. אַגראַר געהט אויף אַלץ וואָס איז שייך צו פעלד, לאַנד.

**) אָבטהיילען זיך פון דער אָבשטשינאַ האָט דער רוסישער פויער אַלזאָ ניט געקענט, סיידען ער זאָל פערלירען זיין חלק לאַנד. מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק האָט דער הויפּט־מיניסטער סטאָליפּין אָבער דורכגעפיהרט אַ געזעץ,

עס איז אַלזאָ אַבסאָלוט דאָס זעלבע וויא אין דער פּאַרצייטיגער פּערו. און אין רוסלאַנד שטאַמט דיעזע אָבשטשינאַ פון דיא פּאַר־צייטיגסטע יאָהרען, פון וועלכע מען האָט נור א היסטאָרישען שפּור. זיא איז פיעל עלטער וויא דיא הערשאַפט פון דיא אינקאַס איבער פּערו — א הערשאַפט וואָס האָט זיך דאָרטען אָנגעפאַנגען אונגעפעהר מיט 500 יאהר איידער דיא שפּאַניער זיינען אהין געקומען.

און דיא רוסישע אָבשטשינאַ איז ווייט ניט דער איינציגער ביישפּיעל פון אזאַ אָרדנונג. דיא גערמאַנישע פעלקער (דייטשען, האָלענדער, שווייצאַרען, שוועדען, דענען, נאָרוועגען, ענגלענדער) האָבען אַמאָל געהאַט דיא זעלבע אַגראַר־קאָמוניסטישע סיסטעם. דאָס וואָס אין רוסלאַנד הייסט „אָבשטשינאַ“, פּלעגט מען דאָרטען רופען „מאַרק“. אויך זיינען דיא אָבשטשינאַ און דער מאַרק ניט דיא איינצעלנע פעלע פון לאַנד־קאָמוניזמוס. אין זיין בעריהמטע ווערק, וועלכע הייסט

אַז יעדער פּויער קען זיך אָבטהיילען און בלייבען ביי זיין חלק לאַנד אַלס פּריוואַט־אייגענטהום. דאָס איז אַ טוידט־קלאַפּ פאַר דער אָבשטשינאַ סיסטעם, אָבער דיעזער סיסטעם איז סיי וויא סיי ניט בעשערט געווען לאַנג צו לע־בען. דער קאַפּיטאַליזמוס האָט איהר ביסלעכווייז געבראָכען, און ער וואָלט איהר ענדליך אין גאַנצען פערניכטעט, וויא ער האָט פערניכטעט דיא אב־שטשינאַ סיסטעם אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער. סטאָליפּין'ס געזעץ גופא איז אויך אַ קינד פון דעם וואַקסענדען רוסישען קאַפּיטאַליזמוס. נאָך גאָר ניט לאַנג פּלעגט צווישען רוסישע סאָציאַליסטען אָנגעהן אַ העפטיגע דע־באַטע: איין צד האָט גע'טענה'עט אז אין רוסלאַנד וועט דער אַגראַר קאָ־מוניזמוס בלייבען און אז אויף איהם קען געבויט ווערען אַ סאָציאַליסטישע סיסטעם; דער אַנדערער צד, ווידער, — נעמליך, דיא סאָציאַל־דעמאָקראַטען — האָט גע'טענה'עט, אַז רוסלאַנד איז קיין אויסנאַהמע ניט, אז זיא מוז אויך דורכמאַכען דיא קאַפּיטאַליסטישע „פּאָקען און מאָזלען“, אז דיעזער קאַפּיטאַליזמוס טוידטעט דיא אָבשטשינאַ און אַז דער סאָציאַליזמוס מוז דאָרטען ארויסוואַקסען פּונקט אויף דעם זעלבען אַרט וויא אין אַנדערע לענ־דער, דאָס הייסט, פון דעם קאַפּיטאַליזמוס. הונדערטע ארטיקלען און גאַנ־צע ביכער זיינען מיט דיעזער דעבאַטע פערנומען געווען. דיא ווירקליכ־קייט האָט אָבער שוין בעוויעזען, אז דיא סאָציאַל־דעמאָקראַטען האָבען רעכט.

„ווילליידזש קאָממיוניטיעס“ (דאָרף־געמיינדעס, דאָרף־קאָמונען) האָט דער ענגלישער געלעהרטער הענרי ס. מיין שוין לאַנג בעוויעזען, אַז אין דיא היינטיגע אינדיען (אַזיען) עקזיסטירען דיא זעלבע אַגראַר־קאָמונ־ניסטישע דאָרף־געמיינדען וויא אין רוסלאַנד אָדער, אין אַמאָליגע יאָהרען, אין דייטשלאַנד. און זינט מען האָט געשריעבען דיעזען בוך, האָבען זיך אַנגעקליבען בעווייזע אַז דיא זעלבע סיסטעם פּלעגט עקזי־סטירען אָדער עקזיסטירט נאָך היינט אין דיא פערשיעדענע טהיילען פון דער וועלט.

היינט וואו איז דאָ דיא אָריגינאַליטעט פון דיא אינקאַס?

אויבען, אין קאַפּיטעל 7, האָבען מיר גערעדט וועגען דעם קאָמוני־סטישען לעבען פון דיא גענטען. אָט דיעזע גענטען־קאָמונעס זיינען דאָס דיא אַלטע דאָרף־קאָמונעס. דיא היינטיגע רוסישע „אָבשטשי־נאַ“ טראָגט אין זיך דיא קערנער פון דיעזע אַמאָליגע גענט־קאָמוני־סטישע סיסטעם. ווען איהר לעזט וועגען דעם קאָמוניזמוס, וואָס „דיא אינקאַס האָבען איינגעפלאַנצט“ אין די פּערואַנישע שבטים, קומט אייך דעריבער ניט־ווילענדיג אויפ'ן זין אַרויף אַ פראַגע: אפשר איז דאָס גאָר ניט געווען זייער „פלאַנצונג“? אפשר איז דאָס אַלץ בלויז דער נאַטירליכער, אוראַלטער דאָרף־קאָמוניזמוס וואָס דיא פּערואַנישע גענטען האָבען געהאַט פון זיך אַליין, וויא אַלע אוראַלטע, אונענט־וויקעלטע פעלקער?

דיא גרינדליכסטע און לאָגישסטע ערקלערונג וועגען דעם געזעל־שאַפטליכען לעבען אין אַלט־פּערו האָבען מיר פון דעם דייטשען געלעהרטען היינריך קונאָוו. זיין „סאָציאַלע אָרגאַניזאַציאָן פון דער אינקאַ־מדינה — אַ אונטערזוכונג וועגען דעם אַלט־פּערואַנישען אַגראַר־קאָמוניזמוס“, איז דיא וויכטיגסטע ווערק וואָס איז געשריעבען געוואָ־רען איבער דעם ענין, און וויא מיר וועלען זעהען, האָט זיא אין דיא לעצטע פּאָר יאָהר געמאַכט אַן איבערקעהרעניס אין דער גאַנצער וויסענשאַפט וואָס בעשעפטיגט זיך מיט דעם לעבען אין אַלט־פּערו. עס וועט אָבער מסתמא נאָך נעהמען אַ היבשע צייט איידער דער אַלגעמיינער לעזע־פּובליקום וועט מיט דעם בעקאַנט ווערען; דערוויל ווערען געלעזען דיא עקזיסטירענדע היסטאָריעס פון פּערו, מיט אַלע זייערע פאַלשע פּשטים, און פּערו ווערט נאָך אַלץ געבראַכט אַלס אַ בעווייז, אַז אַ סאָציאַליסטישער שטאַאַט איז אַ דעספּאָטישער שטאַאַט.

איידער מיר ווע̇לען איבערגעבען דעם עיקר פון קונאָוו'ס ווערק, וועלען מיר זאָגען אַ פּאָר ווערטער וועגען דיא קוועלען פון וועלכע מען נעהמט געוועהנליך מאַטעריאַל פאַר אַ בעשרייבונג פון אַלט-פּערו. מיר האָבען אויבען דערמאָנט דעם שרייבער גאַרציל אַזאָ, דעם האַלב-שפּאַניער, האַלב-אינקאַ. זיין היסטאָריע איז געוועהנליך אנערקענט פאַר דיא וויכטיגסטע פון אַלע אַלטע ווערק איבער פּערו; און זיין פּערזאָן האָט אַ ספּעציעלען אינטערעס צוליעב דעם פאַקט, דאָס זיין מוטער איז געוועזען אַן אייניקעל פון אַ הערשענדען אינקאַ. זיא איז געוועזען שעהן, און גאַרצילאַזאָ'ס פאָטער, וועלכער איז געוועזען אַ קאַפּי-טאַן אין פּיזאַראָ'ס אַרמיי, האָט זיך אין איהר פערליעבט, געלאָזען איהר טויפען און מיט איהר דאַן געהייראַטה. דיא פּאָר פאָלק האָט געוואוינט אין דער ערָאָבערטער הויפּשטאַדט פון פּערו, אין קוזקאַ, און צו זיי אין שטוב פלעגען אריינקומען אי שפּאַנישע אַריסטאָקראַטען אי אינקאַ יחסנים. פון דיעזע געמישטע פּאָר פאָלק איז דאָס אַלזאָ געבאָרען געוואָרען דער היסטאָריקער. ער האָט פון קינדווייז אָן געערעדט אי שפּאַניש אי קוויטשואַ (דיא הויפּט-שפּראַך פון פּערו). פון זיין מוטער און איהרע קרובים האָט ער זיך פיעל אָנגעהערט וועגען דיא אינקאַס און וועגען דער לאַנד אין אַלגעמיין. ווען ער איז אַלט געוועזען צוואַנציג יאהר האָט ער זיך בעזעצט אין שפּאַניען, און ערשט אין פיערציג יאָהר ארום האָט ער גענומען שרייבען די געשיכטע פון זיין געבורטס-לאַנד *). אין דיעזער געשיכטע האָט ער זיך בענוצט מיט דעם, וואָס אַנדערע שפּאַניער האָבען פאַר איהם געשריעבען וועגען דעם זעלבען ענין, וויא אויך מיט דיא ערצעהלונגען, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט פון זיין מוטער און קרובים. אין סך-הכל איז זיין היסטאָריע זעהר אַן אויספיהרליכע און איז פול מיט איינצעלהייטען, וועלכע ביי דיא אַנדערע פערפאַסער פון יענע צייטען געפינט מען ניט.

*) זיין ערשטע ליטערארישע ארבייט איז געוועזען אַ שפּאַנישע איבער-זעצונג פון אַ ליטערארישע ווערק פון אַן איטאַליענישען אידען מיט'ן נאָ-מען אברבנאל, פון דער משפּחה פון דעם בעריהמטען שפּאַנישען אברבנאל, וועלכער האָט זיך נאָך דעם שפּאַנישען גלות בעזעצט אין איטאַליען. דיעזע איבערזעצונג האָט גארצילאזאָ געווידמעט צום שפּאַנישען קעניג. אַלס פאָר-רעדע גיט ער דאָרטען זיין גאַנצען יחוס-בריעף אַלס אינקאַ.

זיא ליידט אָבער פון גרויסע חסרונות. ערשטענס, האָבען דיא ערצעהלונגען וואָס ער האָט געהערט אינגעלווייז ענטהאַלטען פיעלע „באָבע־מעשיות“, א סך שטאָף, וואָס קען קיין היסטאָרישען ווערטה ניט האָבען; צווייטענס האָט אין דיא פערציג יאָהר ביי איהם אין געדאנקען זיך פיעלעס צופלאָנטערט; דריטענס, איז זיין געשיכטע דורכגעדרונגען מיט פּארטיילליכקייט. מיט זיין אינקא יחוס איז ער געווען זעהר שטאָלץ און מיט דיעזען אינקא „פּאטריאָטיזמוס“ זיינעם איז ביי איהם בעפארבט זיין גאנצע ווערק. דיא אינקאס זיינען ביי איהם אימער דיא בעסטע, דיא קליגסטע, דיא ריינסטע און דיא מערק־ווירדיגסטע מענשען אין דער וועלט. אלץ האָבען זיי געשאפען. פאר זיי זיינען דיא אנדערע פּערואַנישע פעלקער געווען ווילדע חיות. זיי, דיא אינקאס, זיינען געקומען און פון זיי מענשען געמאכט, א וואונדער־בארע ציוויליזאציאָן ביי זיי איינגעפלאנצט, א שפּאָגעל־נייע מענשליכע וועלט אויסגעבויט.

אחוץ דעם האָט גארצילאזא ליעב געהאַט, דאָ וואו איהם האָט געפעהלט מאטעריאל, צו פערלאָטען מיט זיין אייגענע פאנטאזיע. אז דער אמת איז ביי איהם ניט געווען קיין גרויסער תקיף, קען מען, צום ביישפּיעל, זעהן פון דעם פאָלגענדען פאקט. אויף א געוויסע ניט־געדרוקטע היסטאָריע פון פּערו, מיט וועלכע ער האָט זיך בענוצט, האָט ער געזאָגט אז ער האָט בעקומען בלויז א העלפט פון דעם שריפט, ווערהענד דיא אנדערע העלפט איז פערברענט געוואָרען. עס זיינען אָבער פאראן בעווייזע, אז דעם שריפט האָט ער בעקומען אין גאנצען, און אז ער האָט פיעלעס פון דאָרטען גענומען, זאָגענדיג אז ער האָט דיא פאקטען אליין בעקומען. איבערהויפּט האָט ער ליעב געהאַט אז אלץ זאָל אויסקומען סימעטריש, „קיילעכדיג“ און גלאַט, און שעהן, און ניט זעלטען האָט ער צוגעהובעלט און צוגעפוצט.

זיין ווערק האָט נאַטירליך נאָך אלעמען א גרויסען ווערטה. דאָס איז אָבער געדעט ווען מען זאָל זיך צו איהר פערהאַלטען זעהר קריטיש מיט דער הילף פון אנדערע קוועלען און פון דער היינטיגער פעלקער־וויסענשאפט און ענטוויקלונגס־וויסענשאפט. הערבערט ספּענסער, למשל, האָט אָבער אזוי ניט געטהאָן.

די פאָלשטענדיגסטע און בעריהמטעסטע היסטאָריע פון אַלט־פּערו, וואָס איז געשריעבען געוואָרען אין דעם 19־טען יאָהרהונדערט, איז פון

דעם אַמעריקאַנישען היסטאָריקער פּרעסקאָטט. אַזוי ווי זיין „עראָבערונג פון מעקסיקאָ“ און וואַשינגטאָן אירווינג׳ס „קאָלומבוס“, רעכענט זיך דאָס צווישען די מערקווירדיגע ווערק אין דער שעהנער אַמעריקאַנער ליטעראַטור. פּרעסקאָטט האָט פערשטאַנען גאַרצילאַזאָ׳ס פעהלערען, הגם אין זיין צייט האָט דיא וויסענשאַפט וועגען אונענטוויקעלטע פעלקער נאָך כמעט ניט עקזיסטירט. זיין היסטאָריע איז נאָך אַלץ דיא קלאַסישע ווערק איבער דעם געגענשטאַנד און איז איינער פון דיא ביכער, וואָס כמעט יעדער געבילדעטער מענש פון יעדער לאַנד האָט געלעזען. זיא איז אָבער דאָך שטאַרק פערעלטערט, פול מיט טעות׳ן. זיא איז געגרינדעט אויף גאַרצילאַזאָ׳ן און אויף פריהערדיגע היסטאָריקער, וועלכע גאַרצילאַזאָ ברענגט אויך, און אויף אַנדערע. עס איז אָבער געוועזען אַ מאַסע וויכטיגע מאַטעריאַל פון וועלכע פּרעסקאָטט האָט ניט געוואוסט אָדער צו וועלכע ער האָט ניט געקענט צוקומען. דאָס זיינען פערשיעדענע בעשרייבונגען, היסטאָרישע ווערק, און הויפּט־זעכליך פערשיעדענע שפּאַנישע רעגיערונגס־דאָקומענטען. שפּאַנישע בעאַמטע פון דיא ערשטע יאָהרען נאָך פּיזאַררא׳ס עראָבערונג האָבען אָבגעגעבען אָפיציעלע בעריכטען וועגען דיא פּערואַנישע אינדיאַנער און אין דיעזע בעריכטען געפינען זיך מאַסען שאַצבאַרע פאַקטען. איין שפּאַנישער וויצע־קעניג פון פּערו, אַן ערנסטער, פעהיגער בעאַמטער, האָט זאָגאַר געהייסען מאַכען אַ ספּעציעלע פאָרשונג וועגען דעם לעבען פון דיא שבטים אונטער דיא אינקאַס. פון יעדען שבט האָט ער געהייסען אויסקלייבען דיא גאַנץ אַלטע לייט, און זיי זאָלען דערצעהלען וואָס זיי געדענקען אַליין און וואָס זיי האָבען געהערט פון זייערע טאַטעס און זיידעס, — אַלץ וואָס איז איבערגעגעבען געוואָרען פון דור צו דור פון פאַרצייטען אָן. דאָס אַלץ האָט מען פערשריעבען. אויף איין איינציגען בעריכט אַזעלכען וואָלט מען זיך ניט געקענט פערלאָזען, אָבער פערגלייכענדיג אַלע דיעזע פערשיעדענע ערצעהלונגען, בעקומט מען אַן אוצר פון דיא טהייערסטע היסטאָרישע מאַטעריאַל. ספּעציעלע שטודיען זיינען אין יענע יאָהרען, דאָס הייסט אַ קורצע צייט נאָך פּיזאַררא׳ס זיעג, געמאַכט געוואָרען פון געלעהרטע שפּאַנישע גלחים, וואָס האָבען זיך אינטערעסירט מיט דער אָבשטאַמונג פון פערשיעדענע ווערטער אין דיא פּערואַנישע שפּראַכען; אַנדערע וויעדער האָבען שטודירט דיא רעליגיעזע מנהגים א. ז. וו.

דאָס רוב פון דיעזע כתב יד'ן, — ניט־געדרוקטע ווערק פון געלעהרטע אָדער בעריכטען פון רעגיערונגס־בעאַמטע — האָבען אַרום דריי הונדערט יאָהר געשימעלט אויף דיא פּאָליצעס פון אַרכיוועןאָדער אין דיא קעלערען פון ביבליאָטהעקען, אָדער פון אַלטע קלויסטערס. אין אונזער צייט האָט מען דאָס ענדליך אָבגעדרוקט, און פיעלע אוצרות אַזעלכע ליעגען נאָך מסתמא פערוואָרפען ערגעץ וואו. דאָך איז גאַרצילאַזאָ'ס ווערק און דיא עטליכע אַנדערע וואָס זיינען שוין פון לאַנג בעקאַנט, פאָרלויפיג נאָך אַלץ דער הויפּט־קוואַל פאַר דיא וואָס שרייבען דיא היסטאָריע פון פּערו פאַר דעם גרויסען עולם.

קונאָוו'ס „דיא סאָציאַלע אָרגאַניזאַציאָן פון דער אינקאַ מדינה" איז אַ ביכעל פון בלויז 118 זייטלעך. אָבער וויא עס שיינט, ענטהאַלט דיעזער ביכעל אין זיך דיא פרוכט פון עטליכע יאָהר אַרבייט. איהר זעהט אַז דער פּערפאַסער האָט געלעזען און גרונטיג געשטודירט כמעט יעדען אָריגינעלען בוך, בראָשורע אָדער רעגיערונגס־בעריכט וואָס איז נור ווען עס איז ערשיענען וועגען דעם ענין — דיא שריפטען, וואָס זיינען ניט לאַנג געדרוקט געוואָרען אַזוי גוט וויא דיא פריהערדיגע. אויך האָט ער ספּעציעל שטודירט דיא אַלטע קוויטשואַ שפּראַך. אחוץ דעם: ער איז אַן אָנגעזעהענער עטהנאָלאָג, אַ קענער פון פעלקער־וויסענשאַפט און ענטוויקלונגס־געשיכטע (זיינע אַ ווערק איבער דיא שבטים פון אויסטראַליען האָט איהם פערשאַפט אַן אַנערקענטען פּלאַץ אין דער וויסענשאַפט). דער רעזולטאַט איז אַז זיין בעטראַכטונג וועגען דעם לעבען אין אַלט־פּערו שטעהט אויף אַ פעסטען וויסענשאַפטליכען פונדאַמענט. לאָמיר אַלזאָ פּרופען איבערגעבען בקיצור דיא הויפּט־געדאַנקען פון דיעזער בעטראַכטונג.

מיר האָבען געזעהן, אַז לויט דיא אַלטע היסטאָריקער האָבען דיא אינקאַס דיא גאַנצע פּערואַנישע בעפעלקערונג „רעגימענטירט", אָרגאַניזירט אויף אַ מיליטערישען אופן, אין גרופּען פון פערשיעדענע גראַדען: יעדע צעהן פאַמיליען זיינען געווען פערצייכענט אַלס איין גרופּע; פינף אַזעלכע גרופּען זיינען געווען אָרגאַניזירט אַלס אַ „פופציגשאַפט"; צוויי פופציגשאַפטען אַלס אַ „הונדערטשאַפט" א. ז. וו. אייניגע שריי־בער היפּען איבער דיא „פופציגשאַפטען" מיט דיא „פינף־הונדערט־שאַפטען". פּיסק, צום ביישפּיעל, רעדט מיט גרויס בעוואונדערונג פון

דיא „דעצימאַלע סיסטעם“*) אויף וועלכע דיא אינקאַס האָבען אָרגאַ־ניזירט אַלע איינוואוינער פון פּערו. יעדע צעהן פאַמיליען אין איינעם האָבען געהייסען אַ „טשונקאַ“ (אַ צעהנדליג); צעהן „טשונקאַס“ האָבען געבילדעט אַ „פּאַטשאַקאַ“; צעהן פּאַטשאַקאַס — אַ „הוּאַ־ראַנקאַ“; צעהן הואַראַנקאַס — אַ „הונו“.

און איבער יעדען פון דיעזע גראַדען איז געשטאַנען אַ בעאַמטער, וועלכער האָט זיך געפונען אונטער דעם בעאַמטען פון דעם נעכסטען העכערען גראַד: דער „טשונקאַ“־אויפזעהער איז געווען פעראַנטוואָרט־ליך צום „פּאַטשאַקאַ“־אויפזעהער; דער פּאַטשאַקאַ“־אויפזעהער צום „הואַראַנקאַ“־אויפזעהער א. ז. וו. ביז עס האָט דערגרייכט צום רעגיע־רענדען אינקאַ.

קונאָוו פאַנגט זיין אונטערזוכונג אָן פון דער „פּאַטשאַקאַ“, דאָס הייסט פון דער הונדערטשאַפט. ער בעווייזט, אַז דיעזע „הונדערט־שאַפטען“ האָבען ביי די אונטערטהעניגע פּערואַנישע שבטים עקזיס־טירט נאָך איידער דיא אינקאַס האָבען זיי איינגענומען. אַז דיעזע שבטים זיינען געווען צוטהיילט אויף גענטען, אַזוי וויא דיא רויט־הויטיגע פון גאַנץ אַמעריקאַ — וועגען דעם איז קיין פראַגע ניט. דאָס זעהט מען אין פיעלע פון דיא אַלטע בעריכטען. דער פּערואַנישער גענט האָט געהייסען „א י ל ל ו“. און דיא שפּאַניער האָבען דעם וואָרט איבערזעצט „אָבשטאַמונג“, פערוואַנדטשאַפטס־גרופּע אָדער פאַמיליען־גרופּע, דאָס הייסט גענט. נו, ברענגט קונאָוו בעווייזע, אַז דעם „איללו“ פלעגט מען אויך רופען „פּאַטשאַקאַ“, הונדערטשאַפט. דיא אורזאַכע דערפון איז געווען, ווייל געוועהנליך פלעגט אַ „איללו“ ענט־האַלטען א ו נ ג ע פ ע ה ר הונדערט פערהייראַטהע מלחמה־פעהיגע מענער, אַזעלכע וואָס זיינען אַלט געווען פון 25 ביז 50 יאָהר. מיר זאָגען „אונגעפעהר“, ווייל קיין פּינקטליכקייט איז דערביי ניט געווען. איינינע „איללוס“ האָבען געהאַט מעהר זעלנער, איינינע ווע‌ני־גער. דורכשניטליך האָבען זיי געהאַט ארום 100 מאַן. דעריבער פלעגט

* דאָס הייסט אַ צעהנדליג סיסטעם, וויא מיר שרייבען צאָהלען: אויפ׳ן ערשטען פּלאַץ שטעלען מיר איינציגע, אויפ׳ן צווייטען צעהנדליגע, אויפ׳ן דריטען הונדערטע (דאָס הייסט צעהן מאָל צעהן) אויפ׳ן פיערטען טויזענדע (צעהן מאָל צעהן מאָל צעהן) א. ז. וו.

מען זיי רופען הונדערטשאַפטען. ווייטער: מיט דער צייט זיינען איינינע „אַיללוס" שטאַרק אויסגעוואַקסען, פערדאָפּעלט אָדער זאָגאַר פערדרייפאַכט געוואָרען; אַנדערע, ווידער, זיינען דורך מלחמות פיעל פערקלענערט געוואָרען. דער אַלטער נאָמען פאַטשאַקאַ איז אָבער אַלץ פערבליבען, וויא פיעלע ווערטער פערבלייבען אין אַ שפּראַך נאָך דעם וויא זייער אמת'ע בעדייטונג הערט אויף צו פּאַסען.

דאָס אַלץ איז געווען נאָך איידער דיא אינקאַס האָבען דיא אַנדערע שבטים אַריינגענומען אין זייערע אייזערנע הענד. זיי האָבען דיא אַיללוס געפונען, און זיי האָבען זיי איבערגעלאָזען וויא זיי האָבען זיי געפונען מיט זייער נאָמען הונדערטשאַפט מיט זייערע פריהערדיגע עלסטע מיט אַלעמען.

קונאָוו ווייזט אָן אויף דיא אַלטע גערמאַנישע פעלקער, אַז ביי זיי האָט דער געגנט אויך געהייסען הונדערטשאַפט, און אַז מיט דיעזען וואָרט איז אויך געווען דאָס זעלבע: פריהער האָט יעדער דייטשער געגנט געהאַט אונגעפעהר 100 קאַמפף־פעהיגע מענער. דער נאָמען איז אָבער פערבליבען לאַנג נאָך דעם, וויא פיעלע געגנטען זיינען שטאַרק פערמעהרט געוואָרען. ער דערמאָנט אויך אַז דאָס זעלבע זעהען מיר ביי דיא ענגלענדער, וועלכע שטאַמען דאָך אויך פון דייטשלאַנד. דער וואָרט „אַ הונדערט" פלעגט דאָרטען געהן אויף אַ דאָרף־געמיינדע, אָדער „מאַרק", דאָס הייסט אויף דיא קינדס־קינדער פון אַ געגנט, און דער נאָמען שטאַמט דאָרטען אויך פון דעם, וואָס אַזאַ געמיינדע פלעגט ענטהאַלטען אונגעפעהר הונדערט קעמפּפער. דיעזע „הונדערטשאַפטען" זיינען ביי דיא גערמאַנישע פעלקער זעהר אַלט. נאָך דיא אַלטע רוימער האָבען דאָס דערמאָנט ריידענדיג וועגען זיי,*) (דאָס הייסט מיט העכער

*) ווען דיא ענגלענדער האָבען געגרינדעט זייערע ערשטע קאָלאָניעס אין אַמעריקאַ, האָבען זיי אַהין אַריינגעבראַכט דיעזען פּאַרציוויטיגען ענג־לישען נאָמען. מערילענד, צם ביישפּיעל, איז צערשט צוטיילט געוואָרען אויף „ה אָ נ ד ר ע ד ס" (הונדערטשאַפטען), און אין ווירגיניאַ האָבען איי־ניגע דאָרף־געמיינדעס אויך אַזוי געהייסען. מיט דעם וואָרט האָנדרעד האָט מען געמיינט אַ בעשטימטען געגענד, אַ בעשטימטע שטיקעל לאַנד. נאַ־טירליך, דיא געגנטען־סיסטעם איז שוין לאַנג געווען צובראָכען. דיא פער־זענליכע אָרגאַניזאַציאָן האָט שוין לאַנג אָבגעטראָטען איהר פּלאַץ דער

וויא דריי טויזענד יאָהר פאר דעם, וויא דיא אינקאס זיינען געוואָרען דיא בעלי בתים איבער פערו).

דאָס מערקווירדיגסטע איז אז דער וואָרט מארק האָט אויך עקזיס־טירט ביי דיא אַלטע פערואַנער און אז ער האָט דאָרטען געהאט פונקט דיא זעלבע בעדייטונג וויא ביי דיא אַלטע דייטשען. בלויז אָנשטאָט „מארק" האָט דאָס דאָרטען געהייסען „מארקא". „מארקא" איז אַלזאָ געווען דיא פערואַנישע אָבשטשינא, קאָמוניסטישע דאָרף־געמיינדע. דער וואָרט איז געגאַנגען אי אויף דיא „הונדערטשאפט" אי אויף דיא שטיקעל לאַנד, וואָס זיא האָט פערנומען. פונקט אזוי איז אין דייטש־לאַנד געברויכט דער וואָרט „מארק". דיעזע ווערטער־עהנליכקייט איז אָבער ניט מעהר וויא א צופאַל.

דער נאָמען קאסאמארקא פון דער שטאָדט, וואו דיא שפּאניער האָבען געפאַנגען דעם אינקא, האָט געשטאַמט פון דיעזען וואָרט מארקא. אין פערו זיינען געווען פיעלע פלעצער וואָס זייערע נעמען האָבען זיך געענדיגט מיט „מארקא", וויא צום ביישפּיעל מאיאָמארקא, צירקאמארקא, פאַקאָמארקא, באַמבאַמארקא א. ז. וו.

וועגען דיא „צעהנטויזענדשאַפטען" בעווייזט קונאָוו, אז דאָס זיינען געווען דיא אַלטע פערואַנישע שבטים. א שבט האָט געוועהנליך ענטהאַלטען ארום צעהן טויזענד קאַמפּף־פעהיגע מענער, דאָס הייסט אונגעפעהר צעהן טויזענד פאמיליען, דורכשניטליך איין זעלנער פון א פאמיליע. אַלזאָ האָבען דיא אינקאָס, איינגעהמענדיג א שבט, איהם פער־רעכענט פאר א „הונו" (צעהן־טויזענדשאפט). אין דעם האָבען זיי נאָכ־געמאַכט דעם אַלטען מנהג צו רופען א געגנט הונדערטשאַפט. קונאָוו רעכענט אויס א לאַנגען צעטעל פערואַנישע שבטים, יעדער פון וועלכע

---

פּאָליטישער אָרגאַניזאַציאָן, דעם שטאַאַט (זעה אויבען, זייטעל 300). אין א „האָנדרעד" האָבען (אין ענגלאַנד אָדער מערילענד) דאַן געוואוינט גע־מישטע, ניט גראָד פערוואַנדטע ווייסע פאמיליען. מיט דעם וואָרט האָנד־רעד האָט מען אַלזאָ שוין דאַן געמיינט בלויז דיא בעשטימטע שטיקעל לאַנד. עס קומט אויס קאָמיש צו לעזען, אז אין אזא און אזא „הונדערט" האָט זיך געפונען אַרום טויזענד איינוואוינער. אָבער עהנליכעס איז געווען אין דיא פּאַרצייטיגע דייטשלאַנד אָדער אין פערו, וואו עס האָט נאָך עקזיסטירט דיא געגנטען־סיסטעם.

האָט ביי דיא אינקאַס געהייסען הונו. יעדער שבט וואָס ווערט נור רער־מאָנט ערגעץ־וואו האָט ביי דיא אינקאַס זיך גערופען „הונו“. אזעלכע „הונוס“, וואָס זאָלען זיין קלענער אָדער גרעסער וויא שבטים ווערען אבסאָלוט אין ערגעץ ניט דערמאָנט. „פיליכט“ — זאָגט ער — „האָבען דיא אינקאַס אין איינצעלנע פעלע, ווען דער בעזיעגטער שבט איז שוין געווען גאָר צו קליין, צוויי אָדער דריי שבטים פעררעכענט אלס א הונו. דאָס האָט אָבער געקענט טרעפען זעהר זעלטען, און קיין בעווייז אַז זיי פלעגען דאָס ווען עס איז טהאָן, איז אויך אין ערגעץ ניטאָ. געוועהנ־ליך האָבען דיא אינקאַס דיא ניי־ערְאָבערטע שבטים צוגערעכענט אלס „הונוס“, פונקט וויא שפּעטער האָט דיא שפּאַנישע רעגיערונג דיעזע הונוס מייסטענס פעררעכענט פאַר קאָררעדזשימענטען. יעדער פּערוא־נישער שבט איז ביי איהר געוואָרען א קאָררעדזשימענט.“

דיא „צעהנטויזענדשאַפטען“ זיינען אַלזאָ אויך ניט געווען קיין נייעס פון דיא אינקאַס. דאָס זיינען געווען דיא אַלטע, פון אייביג־עקזיסטירענדע שבטים.

דער שבט און דער גענט זיינען דיא וויכטיגסטע צוויי אָבטהיילונ־גען אין יעדען אוראַלטען פאָלק. דער גענט איז נאָך פיעל וויכטיגער וויא דער שבט; ער איז דער פונדאַמענט פון דעם גאַנצען געזעלשאַפטליכען לעבען. מענער און פרויען פון איין גענט טאָרען ניט הייראַטהען; אויב עס איז פאַראַן עפּעס ירושה געהערט דאָס צום גענט. דער גענט איז אזוי וויא איין פאַמיליע. יעדער גענט האָט זיך זיין „זיידע־גאָט“ פון וועלכען ער שטאַמט, און צו וועמען ער דיענט מיט געוויסע רעליגיעזע צערעמאָניעס.

פון קאַפּיטעל 7 ווייסען מיר שוין אַז צווישען דעם גענט און דעם שבט קומט דיא פּ ר אַ ט ר י ע, דאָס הייסט עטליכע פערוואַנדטע גענטען, וואָס פעראייניגען זיך צו א געוויסען צוועק. דיא פּראַטריע איז ניט אזא וויכטיגער פערבאַנד וויא דער שבט און אזא בעדייטונג וויא דער גענט האָט זיא אודאי ניט. ביי איניגע פּערוּאַנישע שבטים איז זי אין גאַנצען איבערגעהיפּט געוואָרען.

נו, בעווייזט קונאָוו אַז דיא הואַראַנגאַ (דיא „טויזענדשאַפט“) איז ניט געווען קיין אַנדער זאַך וויא א פּראַטריע. ביי דיא פּערוּאַנישע פעלקער, זאָגט ער, האָט זיא ענטהאַלטען אונגעפעהר פון אכט ביז צוועלף גענטען, אַלזאָ האָבען דיא אינקאַס איהר מייסטענס איבערגע־

לאָזען פונקט וויא זיא איז געווען, און איהר פערצייכענט אונטער דעם נאָמען טויזענדשאַפט (הגם זיא האָט ענטהאַלטען אפשר מיט א פּאָר הונדערט מעהר אָדער מיט א פּאָר הונדערט וועניגער).*) ווען דיא פראַטריע איז שוין געווען גאָר צו קליין, פלעגען זיי איהר אמאָל צורעכענען צו אַן אַנדער פראַטריע, אָדער, אויב זיא איז געווען צו גרויס — איהר צוטהיילען. און דאָרטען, וואו עס איז קיין פראַטריע ניט געווען, האָבען דיא אינקאַס איהר אויך איבערגעהיפּט.

אומעטום דאָס זעלבע איינצופיהרען וואָלט איבערהויפּט אונ־מעגליך געווען. פיעלעס האָט זיך דאָך געווענדעט אָן דיא אומשטענדען פון דעם געגענד. דיא אַלע רייד וועגען וואונדערליכע „דעצימאַלע" פינקטליכקייט האָט קיין זין ניט. „אזוי וויא אין דער קוויטשואַ שפּראַך — בעמערקט קונאָוו — הייסט „פּאַטשאַקאַ" הונדערט און „הואַראַנגאַ" טויזענד, מאַכען דיא היסטאָריקער קיין שאלות ניט און שליסען אז דיא „פּאַטשאַקאַ" האָט אימער געהאַט הונדערט מאַן און דיא „הואַראַנ־גאַ" אימער טויזענד. פּונקט דעם זעלבען טעות האָט מען דאָך אמאָל טאַקע געמאַכט מיט דעם אַלט־הויך־דייטשען וואָרט „הונטאַרי" און מיט דעם אַנגלאָ־זאַקסישען (ענגלישען) וואָרט הונדערט, און מען האָט געמיינט אז דאָס זיינען פערבאַנדען וועלכע ענטהאַלטען נור צו הונדערט פאַמיליען".

וועגען דיא צעהנשאַפטען זאָגט קונאָוו דאָס פאָלגענדע: „אין דעם צפון־געגענד פלעגט ניט יעדער בעזונדער בעאַרבייטען זיין שטיקעל פעלד, נור דאָס רוב פלעגט דיא אַרבייט געטהאָן ווערען צעהנדליג־וויין. אזא „טשונקאַ" (צעהן) פלעגט געוועהנליך בעשטעהן פון צעהן אַרבייטס־

*) אין אַן אַנדער פּלאַץ צייגט קונאָוו אָן אז דיא צוויי שבטים, פון וועלכע עס האָבען געשטאַמט דיא אלטע רוימער, האָבען אויך געהאַט צו צעהן פראַטריען („קוריא" האָט דאָס ביי זיי געהייסען) און יעדע פראַטריע האָט ביי זיי אויך ענטהאַלטען צו צעהן געגנטען, און אז דאָס איז מסתמא אויך געווען בלויז אונגעפעהר. אויך ווייזט ער אָן, אַז געוויסע גערמאַנישע פעלקער, וויא דיא גהאָטען און דיא וואַנדאַלען, האָבען אויך דיא פראַטריעס גערופען טויזענדשאַפטען, פונקט וויא דיא געגנטען האָבען ביי זיי געהייסען הונדערטשאפטען, הגם וועגען פּינקטליכע טויזענד אָדער הונדערט האָט קיין רייד ניט געקענט זיין.

מענער מיט אַ פאַרמאַן, און דיעזער פאַרמאַן האָט אויך געהאַט אַכטונג־צו־געבען אויף דיא מאָראַלישע אויפפיהרונג פון זיין צעהנשאַפט און זייערע פאַמיליען. דיא צעהנשאַפט האָט אָבגעטהאָן דיא אַרבייט פון אַלע איהרע צעהן פאַמיליען איינע נאָך דער אַנדערער. אויך פלעגען זיי בעאַרבייטען דיא שטיקלעך פעלד פון דיא, וואָס זיינען געוועזען אין מיליטער אָדער וואָס האָבען אַנדערש געדיענט ביי דעם אינקאַ..."

אויב דאָס איז געוועזען איינגעפיהרט אונטער דער אינקאַרישער הערשאַפט אָדער דער מנהג האָט געשטאַמט פון פריהער, — דאָס זאָגט קונאָוו ניט. עס איז אָבער מעהר וויא וואַהרשיינליך, אַז דער מנהג איז געוועזען אַ גאַנץ פאַרצייטיגער, וואָרים אַן עהנליכען מנהג געפינט מען נאָך אפילו היינט אין מאַסען ערטער אין רוסלאַנד און אין פיעלע אַנדערע לענדער, וויא דאָס איז צו זעהן פון ל. זיבער׳ס „אוראַלטע עקאָנאָמישע קולטור", וועלכער איז פול מיט אַזעלכע ביישפּיעלע. צווישען דיא פעלקער וואָס זיבער דערמאָנט געפינען זיך טאַקע דיא אוראַלטע פּערואַנער. ער רעדט וועגען דעם וויא זיי פלעגען געמיינשאַפטליך בעוואַסערען זייערע פעלדער. מיר ריידען דאָ ניט וועגען דיא גרופּען פון צעהן. נור וועגען דעם מנהג, צו אַרבייטען גרופּען־ווייז, היינט ביי דעם, מאָרגען ביי יענעם א. ז. וו. עס קען קיין פראַגע ניט זיין אַז פון דיעזע אַלטע קאָאָפּעראַטיווע אַרבייטס־גרופּען האָבען דיא אינקאַס גענומען זייערע „טשונקאַס".

איידער מיר וועלען איבערגעהן צו דער פראַגע וועגען דיא בעאַמטע, לאָמיר זיך וויעדער אויף אַ ווײַלע אָבשטעלען אויף דער „פאַטשאַקאַ" (הונדערטשאַפט). מיר האָבען פריהער בעמערקט, אַז איהר האָבען דיא אינקאַס אַבסאָלוט ניט אָנגעריהרט. דיא פראַטריעס, וועלכע זיינען געוועזען אַם ווענינגסטען וויכטיג, האָבען זיי אַמאָל נאָך געטשעפּעט; וועגען דיא שבטים קען זיין אַז אַמאָל, זעהר זעלטען יאָ, הגם פון קיינע בעריכטען זעהט מען דאָס אויך ניט. דיא הונדערטשאַפט האָבען זיי אָבער געוויס ניט אַרומגעשאָרען אָדער פערגרעסערט. וואָרום? ווייל דיא הונדערטשאַפט איז דער גענט און דער גענט איז דער פונדאַמענט פון אַלץ. פון דער הונדערטשאַפט האָבען דיא אינקאַס געצויגען זייערע צינזען. דיא הונדערטשאַפט איז געוועזען אין אַלץ פעראַנטוואָרטליך, ניט אַלס איינצעלנע מענשען, נור אַלס אַ געמיינדע, אַ כלל. איהר שטיק לאַנד איז געוועזען איהר געמיינשאַפטליכע אייגענטהום (אַז אַ

גאַנצער שבט אָדער זאָגאַר אַ פּראַטריע זאָל האָבען צוזאַמען אַגראַר־קאָמוניזמוס — דאָס האָט זיך ניט געפיהרט). היינט ווען דיא אינקאַס זאָלען אפילו וועלען רעכענען פּונקט הונדערט, דאָס הייסט איבערטאַשען דיא געגנטען, וואָלט זיך דאָס זיי אויך ניט געלוינט. אין זייערע אייגענע אינטערעסען, איז זיי וויכטיג געוועזען אויפצוהאַלטען דיא נאַטירליכע, פון אייביג אָן איינגעוואָרצעלטע פאַמיליען־גרופּע און איהר אין איינעם, אַלס אַ גאַנצע וועלטעלע, האַלטען פעראַנטוואָרטליך פאַר איהרע פפליכטען.*)

וווייטער: אַמאָל האָט דער געגנט פערנומען טאַקע איין דאָרף, און אַמאָל, ווידער, צוויי אָדער זאָגאַר עטליכע דערבייאיגע דערפער. עס האָט זיך געווענדעט אָן דעם כאַראַקטער פון דער לאַנד. אויף פעטערע ערד האָט דער גאַנצער געגנט געקענט וואוינען אין איינעם. אין בערגיגע, קעלטערע און מאָגערערע געגענדען, האָט ער געמוזט פערנעהמען מעהר פּלאַץ, אָבער דער געגנט האָט זיך אַלץ געהאַלטען אין איינעם און אין איינעם האָט ער זיך גערופען הונדערטשאַפט, און אין איינעם האָט ער אויך געהאַט זיין געגנט־הויפּטמאַן, אָדער הונדערטשאַפטס־פאָרשטעהער. אַזוי איז געווען פאַר דיא אינקאַס און אַזוי איז געווען אונטער זייער הערשאַפט. דאָס ברענגט אונז צו דער פראַגע וועגען דיא בעאַמטע אָדער טשינאָווניקעס מיט זייערע גראַדען אָדער „טשינען“ (ראַנגען).

גאַרצילאַזאָ און אַלע אַנדערע אַלטע שרייבער זאָגען, אַז דיא קלענערע בעאַמטע זיינען געווען „פון פאָלק“, און אַז בלויז דיא הויכע זיינען געווען מיטגליעדער פון דעם אינקאַ שבט. דיעזע „קלענערע

*) און דאָ קומען מיר צו צו נאָך אַ וויכטיגען שטריך אין דער רו־סישער „אָבשטשינאַ“ — „קרוגאָוואַיאַ פּאָרוקאַ“, דאָס הייסט, אַז דיא גאַנצע געמיינדע איז ערוב פאַר יעדערען פון איהרע מיטגליעדער. ניט דער איינציגער פויער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר דיא צינזען, נור דער גאַנצער „מיר“, דיא גאַנצע דאָרף־געמיינדע. ווארום האָט דיא רו־סישע רעגיערונג אַזוי לאַנג אויפגעהאַלטען דעם אגראַר־קאָמוניזמוס, פון וועלכען סאָציאַליסטען פלעגען ערווארטען, אַז עס וועט ארויסקומען אַ פאָל־שטענדיגע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט? איינפאַך ווייל דיא אָבשטשינאַ איז געווען דער פונדאַמענט פון אלץ וואָס דיא רעגיערונג האָט פון דעם פויער בעקומען. פּונקט דאָס זעלבע איז געוועזן אין פּערו.

בעאַמטע" זיינען געווען דיא זעלבע הויפּטליט, וואָס דיא בעזיעגטע אליין פלעגען ביי זיך פון אייביג אָן האָבען לויט דיא מנהגים פון דעם אָדער יענעם שבט. ווען דיא אינקאַס האָבען איינגענומען א נייעם שבט, און ער האָט זיך געהאַט זיין מלחמה־הויפּטמאַן, האָבען זיי איהם איבערגעלאָזען אויף זיין שטעלע. דאָס זעלבע איז געווען מיט דיא עלסטע פון דיא פּראַטריען און מיט דיא עלסטע פון דיא גענטען. בלויז ווען דער הויפּטמאַן אָדער עלסטער האָט אַרויסגעוויזען א פערביסענע פיינדליכקייט צו דיא זיעגער, פלעגט מען אויף זיין פּלאַץ בעשטימען אַן אַנדערען, — אי דאָס ניט אַבי וועמען, נור זיינעם א ברודער אָדער פּלעמעניק אָדער אַ זוהן, קורץ אַזאַ, וועלכער וואָלט געקענט אין דעם גענט גופא (אָדער פּראַטריע אָדער שבט) אויסערוועהלט ווערען אַלס עלסטער אָדער הויפּטמאַן, אַלץ לויט דיא איינגעוואָרצעלטע אַלטע פיהרונגען פון יענעם שבט. קיין ווילד־פרעמדען האָבען דיא אינקאַס קיין מאָל אַלס אויפזעהער ניט געשטעלט.

וועגען דעם אַרט, וויא אַזוי דער אמט פון הויפּטמאַן פלעגט איבערגעהן צו דעם נעכסטען, איז קיין כלל פאַר גאַנץ פּערו ניט געווען. פערשיעדענע שבטים האָבען זיך געהאַט פערשיעדענע מנהגים וועגען דעם; מייסטענס פלעגט דאָס אָבער איבערגעהן צו א ברודער, אין אייניגע שבטים דורך וואַהלען, אין אַנדערע אָהן וואַהלען (זעה אויבען זייטלעך 307־311); אָבער יעדענפאַלס האָבען דיא אינקאַס אומעטום איבערגעלאָזען דעם מנהג, וואָס זיי האָבען געפונען. ריידענדיג וועגען דיא עלסטע פון דער „הואַראַנגאַ" (טויזענדשאַפט), בעמערקט קונאָוו, אַז דאָס, וואָס עס זיינען געווען פערשיעדענע אַרטען וויא אַזוי צו בעשטימען דעם נעכסטען טויזענדשאַפט־מאַן, — אַז דאָס גופא איז שוין א בעווייז, אַז דיא אינקאַס האָבען דאָ אָבגעהיט אַן אַלטע זאַך, וואָס זיי האָבען שוין געפונען פון פריהער, דאָס הייסט אַז דיא הואַראַנגאַ איז געווען דיא אַלטע פּראַטריע. „ווען זיא וואָלט געווען עפּעס גאַנץ נייעס" — זאָגט ער — „ווען דיא אינקאַס וואָלטען דיא הואַראַנגאַ אליין בעשאַפען, וואָלטען וועגען איהר איבעראַל געדיענט דיא זעלבע כללים (וויא דיא געזעצע וועגען דיא רעגימענטען, למשל, זיינען דיא זעלבע פאַר דער אַרמיי פון א לאַנד.*)

*) וויעדער דערמאָנט עס אונז אָן דעם רוסישען דאָרף. ווען אַן אָב־

א געוויסער אינקאַ האָט איינגעפיהרט דיא מאָדע, אַז יעדעס מאָל וואָס מען בעזיעגט אַ נייעם שבט, זאָל מען אין איהם האָבען צוויי פאָרשטעהער, איינעם אויף איין האַלבען שבט, און דעם אַנדערען אויף דעם צווייטען האַלבען שבט. קונאָוו גלויבט, אַז דאָס האָבען דיא אינקאַס געטהאָן אום דורך דיא קאָנקורענץ צווישען זיך זאָלען דיא צוויי עלטסטע זיין שפּיאָנען איינער געגען דעם אַנדערען (פון דעם כלל: „צוטהייל און הערש" האָבען זיי אַלזאָ שוין אויך געוואוסט). צעהנ־טויזענד־מאַן האָט אָבער פאָרט געהייסען בלויז איינער פון דיעזע צוויי — דער, וועמען דער אמט האָט געקומט לויט דיא מנהגים פון זיין שבט, און דיעזער צעהנטויזענד־מאַן איז טאַקע געווען איבער יענעם עלטסטען.

דער סך הכל איז, אַלזאָ, אַז ווען מען רעדט וועגען אינקאַ־בעאַמטע איבער גרופּען פון צעהן, פופציג, הונדערט, טויזענד, צעהנטויזענד, הייסט דאָס ניט מעהר און ניט וועניגער וויא דיא אוראַלטע נאַטירליכע עלטסטע פון דיא געגנטען, פראַטריעס און שבטים.*)

שטשינא איז זיך פונאַנדערגעוואַקסען און זיא האָט פערנומען עטליכע דערפער, פלעגט דיא געמיינדע נאָך אַלץ בלייבען אין איינעם. (פונקט וויא אין פּערו האָט דיא אַיללו אָדער הונדערטשאַפט אָפט ענטהאַלטען עטליכע דערפער אין איינעם). אויף דיעזען אופן איז אין רוסלאַנד ארויסגעקומען דער „וואָלאָסט". אינטערעסאַנט איז, אַז זיא פלעגט אויסערוועהלען אַ „דעסיאַטסקי" (צעהנדליג־מאַן), אַ „סאָטסקי" (הונדערט־מאַן) און אַ סטאַראסטא (עלטסטען), וויא דאָס פיהרט זיך נאָך היינט. אָנשטאָט דיעזע אָרדנונגען צו צושטערען, האָבען דיא אַלטע רוסישע קניאַזען זיך מיט דעם בעסער בענוצט, אום דיעזע בעאַמטע פון דער אָבשטשינאַ זאָלען דיענען אַלס פערבינדונגס־קייטלעך צווישען דער רעגיערונג און דיא פּויערים. דיא זעלבסט־הערשאַפט פון דעם וואָלאָסט האָבען זיי דעריבער איבערגעלאָזען. פונקט דאָס זעלבע האָבען געטהאָן דיא אינקאַס אין פּערו.

*) אין דיעזער בעציהונג איז מערקווירדיג דיא פאָלגענדע שטעלע אין חומש (דברים, קאַפּיטעל 1, פּסוק 15): „און איך וועל נעהמען דיא עלטסטע פון אייערע שבטים, קלוגע און בעוואוסטע לייט — זאָגט משה צו דיא אידען — און איך וועל זיי מאַכען פאַר האַררען איבער אייך, האַררען איבער טויזענדע, האַררען איבער הונדערטע, האַררען איבער פופציגער און האַררען איבער צעהנדליגע און פערוואַלטער פאַר אייערע שבטים". (אַן עהנ־

וואָס אנבעטרעפט דיא העכערע בעאַמטע פון דעם אינקא שבט, זיינען דאָס געוועזען אַגענטען, דעלעגאַטען, וועלכע פלעגען אכטונג געבען, אַז דעם אינקא׳ס אינטערעסען זאָלען ניט ליידען. אַזא אינקא דעלעגאַט פלעגט הייסען „ט ו כ ר י ק ו ק״, וועהרענד דיא עלסטע פון דיא בעזיעגטע שבטים גופא האָבען געהייסען „קוראַקאַס״: פּאַטשאַקא־קוראַקא (הונדערט־מאַן), הואראַנגא־קוראַקא (טויזענד־מאַן), הונו־קוראַקא (צעהנטויזענד־מאַן).

געוועהנליך איז איין „טוכריקוק״ געוועזען איבער פיער שבטים, אָבער אַמאָל איבער דריי אָדער פינף — עס האָט זיך געווענדעט וויא גרויס דער קרייז פון דיא בעטרעפענדע שבטים איז געוועזען.

איבער עטליכע טובריקוקס איז געשטאַנען אַ „קאַפּאַק״. דיא גאַנצע לאַנד איז געוועזען צוטהיילט אויף פיער פּראָווינצען און איבער יעדע פּראָווינץ איז געוועזען אַ בעזונדערער „קאַפּאַק״.

דיא פעלד־פערטהיילונגען זיינען ניט געמאַכט געוואָרען פון דעם אינקא, אָדער לויט זיין בעפעהל, נור יעדע הונדערטשאַפט, דאָס הייסט יעדער געגנט, האָט דאָס געטהאָן פאַר זיך. דער קאָמוניזמוס האָט זיך געפיהרט אין פערשיעדענע ערטער פערשיעדען. אין אייניגע ערטער זיינען דיא הייזער געוועזען קליינע, פאַר יעדער איינצעלנער פאַמיליע אַ

ליבע שטעלע געפינט זיך אויך אין יתרו). ווען מען האָט אין זינען, אַז אַלטע רוימישע און גערמאַנישע שבטים האָבען געהאַט „הונדערטשאַפטען״ און טויזענדשאַפטען, אַזוי וויא דיא פּערואַנישע שבטים, און דערבּיי דערמאָנט מען זיך אויך אָן די אוראַלטע רוסישע צעהנדליג־לייט און הונדערט־לייט („דעסיאַטסקיע״ און „סאָטסקיע״), קלינגט דיעזער פסוק וויא אַן אָנצוהערענים, אַז דיא געגנטען און פראַטריעס פון דיא אידישע שבטים זיינען אויך געוועזען בעקאַנט אַלס הונדערטשאַפטען און טויזענדשאַפטען, און אַז אָר־גאַניזירענדיג דיא אידען האָט משה געטהאָן פּונקט וויא דיא אינקאַס: זיך בענוצט מיט דיא נאַטירליכע אוראַלטע איינטהיילונגען פון זיין פאָלק (זעה אויבען דעם נאָטיץ אונטער זייטעל 305). ווען מען לעזט דיעזען פסוק, ווערט נאָך דייטליכער וויא וועניג האַפט עס האָט דיא מיינונג, אַז דיא פּערואַנישע צעהנדליגשאַפטען, הונדערטשאַפטען, טויזענדשאַפטען א. ז. וו. זיינען געוועזען דיא איינציגע סיסטעם אַזעלכע וואָס איז ווען עס איז געוועזען אויף דער וועלט.

בעזונדער הייזעל, בלויז דיא לאַנד איז געווען אַ געמיינשאַפטליכע; אין אַנדערע ערטער אָבער זיינען געשטאַנען גרויסע קאָמוניסטישע וואוינונגען פאַר הונדערט פערזאָן מיט אַמאָל, און אין דיא גרויסע שטעדט זיינען דיא וואוינונגען אָפט זאָגאַר געווען פאַר צוויי אָדער דריי טויזענד פערזאָן יעדע. אַזוי וויא אין מעקסיקאָ; און געבויט זיינען זיי אויך געווען כמעט אויף דעם זעלבען שטייגער וויא דיא קאָמוניסטישע וואוינונגען פון טענאַכטיטלאַן, מעקסיקאָ (מיט אַ גרויסען פיערקאַנטיגען הויף און מיט קלענערע הייזער אין מיטען).

דיא אינקאַס האָבען אַלזאָ ניט אויסגעקלעהרט און ניט געשאַפען קיין אָריגינעלע געזעלשאַפטליכע אָרדנונג. זיי האָבען דיא בעזיעגטע בעפעלקערונג ניט צוטהיילט און ניט אָרגאַניזירט אויף קיין נייעם שטייגער, ניט איינגעאָרדענט אויף קיין מיליטערישען אופן; זיי האָבען איבערגעלאָזען דיא אָרדנונג און דיא צוטהיילונגען, וועלכע זיי האָבען געפונען, און מיט דיעזע אַלטע איינטהיילונגען האָבען זיי זיך בענוצט צו זייערע צוועקען.

דער פאָלגענדער משל וועט אפשר זיין ניט איבעריג. ווען איהר נעהמט פונאַנדער אַ צונויפגעלעגטען בויגען פאַפיער און איהר לעגט איהם וויעדער צונויף, איז אייך פיעל לייכטער דאָס צו טהאָן נאָך זיינע פריהערדיגע קנייטשען, איידער איהם פון דאָס ניי איבערצוקנייטשען. אַלע פריהערדיגע שרייבער האָבען געמיינט, אַז דיא אינקאַס האָבען דיא גאַנצע פערואַנישע בעפעלקערונג איבערגעקנייטשט אויף אַ נייעם פלאַן. קונאָוו בעווייזט, אַז זיי האָבען איהר געלאָזען ליגען מיט דיא אַלטע קנייטשען.

און פונקט וויא זיי האָבען ניט צושטערט דיא אַלטע גענטען, פראַטריען און שבטים אַזוי האָבען זיי ניט איינגעפיהרט קיין נייע געזעלשאַפטליכע סיסטעם, קיין סאָציאַליזמוס.

זיי האָבען געפונען אַן אַגראַר־קאָמוניזמוס, און זיי האָבען איהם איבערגעלאָזען און זיך מיט איהם בענוצט זייערע אונטערטהעניגע צו בערויבען, ביי זיי דיא שוויים און בלוט אויסצוזאַפען.

נייע געזעלשאַפטליכע אָרדנונגען ווערען פון העלער־הויט ניט געמאַכט. איהר קענט גיכער בעשאַפען אַ טעלעפאָן אָדער אַ פליה־מאַשין איידער דיא איינפאַכסטע גרעזעלע. און פונקט וויא עס איז אונמעגליך

קינסטליך צו מאַכען אַ גראָז אָדער אַ בוים, אַזוי איז אונמעגליך קינסט־ליך צו שאַפען אַ נייע געזעלשאַפטליכע סיסטעם. דעם קאָמוניזמוס פון דיא פּערואַנער האָבען דיא אינקאַס ניט בעשאַפען און ניט צושטערט. זיי האָבען איהם געפונען און זיי האָבען זיך מיט איהם בענוצט. דאָס איז דער אוראַלטער קאָמוניזמוס פון אַלע פעלקער. מיט דעם סאָציאַליז־מוס, וועלכער דארף קומען איצט, אין אונזער צייט, האָט דאָס אַזוי פיעל צו טהאָן וויא דיא שטריקלעך, אויף וועלכע דיא פּערואַנער פלעגען מיט קניפּלעך פערצייכענען געדאַנקען, האָבען צו טהאָן מיט אונזער היינטיגער בוך־דרוקעריי.

מיר האָבען דאָ איבערגעגעבען דעם עיקר פון קונאָוו'ס ערקלערה־רונג. מיר האָבען דאָס געטהאָן אין אַלגעמיינע שטריכען. צו אייניגע פון דיא איינצעלהייטען, וואָס זיא ענטהאַלט, וועלען מיר נאָך קומען. אָבער איידער מיר געהען ווייטער — אַ פּאָר ווערטער וועגען דעם איינדרוק וואָס זיא האָט געמאַכט אויף דער וויסענשאַפט.

איינער פון דיא בעריהמטעסטע ספּעציאַליסטען וועגען אַלט־פּערו איז קלעמענטס מאַרקהאַם, אַן 80־יאָהריגער גרייז, וועלכער בעשעפטיגט זיך מיט דיעזען ענין שוין זעכציג יאָהר, און וועמעס ווערק מיר געברוי־כען צו דיעזען באַנד. זיין לעצטער בוך איז ערשיענען פאַר אַ יאָהרען. ער איז גיכער אַ זאַמלונג פון זאַכען (אייגענע און איבערזעצטע פון דער קוויטשואַ־שפּראַך), וואָס ער האָט שוין פריהער פערעפענטליכט, איידער אַ נייע אויפטהואונג. ניי און וויכטיג איז ביי איהם אָבער דאָס פּאָק־גענדע: ער ערקלעהרט זיך פּאָלשטענדיג בעקעהרט צו קונאָוו'ס מיינונג.

וויקטאָר אַנדרעס בעלאַונדע, אַ געלעהרטער פון לימאַ (דיא היינ־טיגע הויפּט־שטאָדט פון פּערו, וועלכע פּיזאַררא האָט געגרינדעט), האָט מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק געדרוקט אַ ווערק, אין שפּאַניש, מיט'ן נאָמען „דיא פּאַרצייטיגע פּערו און דיא היינטיגע סאָציאַלאָגען". אין דיעזען ווערק פּאַנגט ער אָן פון קונאָוו'ס אַרגומענטען און זאָגט, אַז דיעזע אַרגומענטען האָבען געמאַכט אַ רעוואָלוציאָן אין דעם אַרט וויא אַזוי מען בעטראַכט דיא הערשאַפט פון דיא אינקאַס. דער בעלגישער סאָציאָ־לאָג גרעעף נעהמט אויך אָן קונאָוו'ס געדאַנקען. בעלאַונדע בעשפּרעכט דיא ווערק פון אַ געלעהרטען פון ב אָ ל י ו י אַ (אַ טהייל פון דיא אַמאָליגע פּערו פון דיא אינקאַס), וועלכער איז אויך איבערצייגט, אַז

די „אילָלוּם“ זיינען געווען קאָמוניסטישע דאָרף־געמיינדעס נאָך פּאַר דער אינקאַ הערשאַפט. ער בעטראַכט אויך אַנדערע בעריהמטע שרייבער, צווישען זיי אויך הערבערט ספּענסער׳ען, און ער ערקלעהרט, אַז זיי האָבען קיינער ניט געפּרופט אונטערזוכען דעם אַרט לעבען אין פּערו איידער דיא אינקאַס זיינען אַריינגעדרונגען, וויא קונאָוו האָט דאָס געטהאָן, און אַז דעריבער האָבען זיי דיא פראַגע ניט געקענט ריכטיג פערשטעהן. ווענען ספּענסער׳ען זאָגט ער, אַז זיין טהעאָריע אין בעצוג אויף פּערו איז געגרינדעט אויף פאַלשע בעגריפע און פאַלשע מעלדונגען.*)

דאָס אַלץ ברענגט מאַרקהאַם אין זיין נייעסטען בוך, און ער בעמערקט, אַז ער אַליין האָט דיא לעצטע צייט אויך גענומען פיהלען אַז דיא אַלגעמיין אָנגענומענע געדאַנקען זיינען פאַלש, און אַז ער איז אייגענטליך געקומען צו דיא זעלבע שליסע וויא קונאָוו. דאָס אַלץ האָט אַ בעזונדערען אינטערעס צוליעב דעם, וואָס קונאָוו איז איינער פון דיא

---

*) דער גאַנצער בילד, וואָס ספּענסער מאָלט פון פּערו, איז פאַלש. אין איהם איז אָבער פאראַן איין פּונקט, וועלכער איז ספּעציעל כאַראַקטעריסטיש. ער שטעלט פאָר, אַז דיא אינקאַס האָבען אָרגאַניזירט זייער ארמיי אין צעהנדליגשאַפטען, פופציגשאַפטען, הונדערטשאַפטען א. ז. וו. און אַז פּונקט אַזוי האָבען זיי אָרגאַניזירט דיא בעפעלקערונג אין זייער פּריוואַט־לעבען. עס איז פּונקט פערקעהרט. אין קאַפּיטעל 7, וואו עס האָט זיך ניט געהאַנדעלט אום אזא „אָריגינעלע“ סיסטעם, וויא דיא אינקאַרישע, האָבען מיר געזעהן לואיס מאָרגאַן׳ס ערקלעהרונג, אַז אלע אוראַלטע פעלקער געהען אין מלחמה פּונקט וויא זיי זיינען פערטיילט אין לעבען, נעמליך נאָך שבטים, פראַטריעס און געַנטען. אזוי איז געווען ביי דיא אַלטע גריכען, רוימער און דאָס זעלבע זעהען מיר אין חומש וועגען דיא פאַרצייטיגע אידען (אויבען, זייטעל 305). דאָס זעלבע איז אויך געווען אין פּערו נאָך איידער דיא אינקאַס זיינען אָנגעקומען. מען פלעגט געהן אין מלחמה אלס צעהנטויזענדשאפטען (דאָס הייסט שבטים), טויזענדשאַפטען (פראַטריען) און הונדערטשאַפטען (געַנטען). ווען מען מיינט, אַז דיא אינקאַס האָבען אַלץ איינגעפיהרט וויא אין אַ קאַזאַרמע, מיינט מען שוין אויך, אַז זיי האָבען דעם מוסטער אראָבגענומען פון אַן ארמיי. עס האַנדעלט זיך אָבער ניט אום מוסטערס, נור אום אַ נאַטירליכען, פון אימער איינגעפונדעוועטען אַרט לעבען.

אַנגעזעהענסטע מענער אין דער סאָציאַליסטישער וועלט פון דייטש־לאַנד, וועהרענד מאַרקהאַם איז אַ געגנער פון סאָציאַליזמוס.

מיר וואָלטען געקענט גלייך בעשרייבען דעם פּערואַנישען לעבען נאָך קונאָוו'ען און ניט פערגעהמען קיין פּלאַץ מיט דיא פאַלשע שילדערונגען, וואָס האָבען געהערשט ביז אהער. נור, וויא שוין געזאָגט: דיזע פאַלשע בעגריפע וועלען נאָך אַזוי גיך מסתמא ניט בעזייטיגט ווערען. דער וויסענשאַפטליכער אמת וועט אַזוי שנעל צווישען דיא אַלגעמיינע לעזער ניט פערשפּרייט ווערען. הונדערט פאַלשקייטען ווערען גיכער איינגעוואָרצעלט איידער איין פאַלשקייט ווערט אויסגעוואָר־צעלט. ערשט מיט אַ פּאָר מאָנאַטען צוריק, האָט אַ צייטונג אין אַ לייט־אַרטיקעל אָנגעוויזען אויף פּערו אַלס אַ בעוויז, אַז דער סאָציאַליזמוס מוז זיין אַ דעספּאָטיזמוס.

וואָס אָנבעטרעפט פּיסק'ען, האָט ער אויך געזעהן אַז דיא „איללוס" זיינען געווען קאָמוניסטישע גענטען פאַר דעם אָנקומען פון דיא אינקאַס. ער דערמאָנט זאָגאַר דעם אַגראַר־סאָציאַליזמוס פון דעם רוסישען דאָרף. ער איז אָבער מיט דעם געגענשטאַנד ניט געווען גרינדליך געגוג בעקאַנט, און אין זיין ספּענסעריאַנישען אַנטי־סאָציאַ־ליסטישען שטאַנדפּונקט האָט ער זיך פערפּלאָנטערט אין קאָמישע ווידערשפּריכע. ער בעוואונדערט דיא „זעהר אָריגינעלע און קינסטליכע סיסטעם" וואָס דיא אינקאַס האָבען בעשאַפען און זאָגט אויך אַז דאָס איז אַ ביישפּיעל פון סאָציאַליזמוס.

אגב אורחא, פּיסק בעדויערט וואָס לואיס מאָרגאַן האָט ניט בעהאַנדעלט פּערו. אָבער דיא שליסע, צו וועלכע קונאָוו איז געקומען מיט זיין פאָרשונג, בעשטעטיגען לואיס מאָרגאַן'ס געדאַנקען אויף אַ מערקווירדיגען אופן. ווען מאָרגאַן וואָלט היינט געלעבט, וואָלט ער קונאָוו'ס ביכעל אויפגענומען מיט גרויס פרייד.

אין דער קונסט פון אַריינגעהמען פרעמדע שבטים אין דיא הענד זיינען דיא אינקאַס געווים אַוועק פיעל ווייטער וויא דיא אַצטעקען. זייער הערשאַפט איז געווען פיעל העכער ענטוויקעלט. אחוץ דעם דאַרף מען האָבען אין זינען אַז זיי האָבען געוועלטיגט איבער אַ פיעל גרעסערע לאַנד וויא דיא אַצטעקען. אין דער ברייט האָט פּערו געהאַלטען ניט פיעל, אָבער אין דער לייגג האָט זיא זיך געצויגען אַזש אויף 27000

ענגלישע מייל. אין סך הכל איז דאס געווען א שטח אזוי גרויס וויא עסטרייך, דייטשלאנד, פראנקרייך און שפאניען אין איינעם. דיא לאנד, וואס הייסט היינט פערו, איז בלויז א טהייל פון דעם. דיא אלטע פערו האט אחוץ דעם פערנומען דיא היינטיגע לענדער: באליוויא, עקוואדאר און טשילי, וועהרענד דיא הערשאפט פון דיא אצטעקען איז געווען פערשפרייט אויף אזא שטח וויא א מיטעלמעסיגע רוסישע גובערניע אדער אמעריקאנער שטאאט, ניט מעהר.

און דיעזע ריעזיגע שטיק לאנד, וועלכע איז פול מיט דיא העכסטע בערג פון אמעריקא, האבען דיא אינקאס שטענדיג געהאלטען אונטער זייער אויג. יעדער „טוכריקוק" זייערער האט שוין געזעהן, אז דיא פיער שבטים, איבער וועלכע ער איז געווען געשטעלט, זאלען טהאן זייערע פפליכטען — געבען דיא צאהל סאלדאטען, וואס מען פאדערט פון זיי, צאהלען דיא פערשיעדענע צינזען, פעררכטען דיא וועגען און בריקען, בויען נייע א. ז. וו. אויך האט ער אכטונג געגעבען אויף דיא קלאגען און שטראפען, קורץ, אויף אלץ וואס איז געווען שייך צו זיין קרייז. אויפגעהאלטען זיך האט ער אין א גרויסע שטאדט אין דעם געגענד וועלכען ער האט פערוואלטעט. זיין היים איז אבער געווען אין דער הויפטשטאדט קוזקא, און איין מאל אין יאהר, פאר דעם גרויסען זון־יום־טוב פלעגט ער אהין קומען און אבגעבען זיין בעריכט. דער טוכריקוק האט זיך הויפטזעכליך געזארגט, אז דיא שבטים זאלען בלייבען אונטערטהעניג און טהאן וואס דער הערשענדער שבט פאדערט פון זיי. ווייטער אבער האט ער דיא הויפטלייט פון דיא געגנטען, פראַ־טריען און שבטים געלאזען רעגיערען נאך זייערע אלטע מנהגים נאך; ער האט נור געזעהן צו ווירקען אז דאס אלץ זאל געהן אזוי וויא פאר דיא אינקאס לוינט זיך בעסער.

מיר האבען שוין אויבען געזאגט אז דיא גאנצע לאנד איז געווען צוטהיילט אויף פיער גרויסע טהייל און אז איבער יעדע טהייל איז געשטאנען א „קאפאק", א הויכער בעאמטער, אויך פון דעם אינקא שבט. דיא פיער קאפאקס האבען שוין אימער געוואוינט אין קוזקא, און דארטען פלעגען זיי בעקומען דיא בעריכטען יעדער פון זיינע „טוכרי־קוקס". קונאוו גלויבט אז דיעזע קאפאקס זיינען געווען פארשטעהער פון דיא פיער הויפט־געגנטען פון דעם אינקא שבט.

איבער דיא פיער קאַפּאַקס איז שוין געשטאַנען דער אינקאַ אַליין. דאָס איז געווען דער הויפּטמאַן פון דעם אינקאַ שבט. איהם שילדערט מען אין נייערע ווערק אַלס אַן „אונבעשרענקטען קיסר". קונאָוו רעדט וועגען דעם מיט אַ שמייכעל. דיא עלטערע בעריכטען ענטהאַלטען פיעלע בעווייזע, אַז ווען ער פלעגט וועלען עפּעס טהאָן, וואָס דיא אַנדערע מיטגליעדער פון דעם אינקאַ שבט האָט זיך ניט געלוינט, פלעגען זיי איהם ניט לאָזען. דער הויפּט־גלח האָט אויך געהאַט אַ גרויסע דעה, און דיא אַלטע היסטאָריעס, אפילו גאַרצילאַזאָ'ס, רעדען דייטליך פון אַ „ראַטה", אַ קאָמיטעט פון אַנדערע אינקאַס, מיט וועלכע דער הויפּט־אינקאַ פלעגט זיך מוזען בעראַטהען וועגען יעדע וויכטיגע זאַך, אַזוי וויא דער מלחמה־האַרר פון דיא אַצטעקען און פון ווילדערע אינדיאַנער.

כבוד האָט מען דעם אינקאַ יעדענפאַלס אָבגעגעבען וויא אַ קיסר, און געלעבט האָט ער אין דעם גרעסטען גלאַנץ און לוקסוס פון וועלכען פּערו האָט נור געוואוסט. זיין פּאַלאַץ איז געווען פול מיט גאָלד, זילבער און עדעלשטיינער און ער איז אין איהם געווען אַרומגערינגעלט מיט טרייע „יאַנאַקונאַ". זיינע וואַנעס זיינען געווען פון גאָלד און דיא רעהרען, דורך וועלכע דיא וואַסער איז אַהין געפלאָסען אונטער דער ערד, זיינען געווען פון זילבער. אויפ'ן האַרצען האָט ער געטראָגען אַ גרויסען גילדערנעם קייקעל מיט דיא צייכענס פון דיא צוועלף מאָנאַטען, און אויפ'ן קאָפּ האָט ער געהאַט אַ ספּעציעלען זאָרט מיץ מיט קאָלירטע פאַלדען, מיט דער רויטער „באָרלאַ", און מיט צוויי גרויסע פעדערען פון אַ זעלטענע פויגעל. דיא פויגעל האָט מען בלויז געקענט געפינען אין אַ געוויסען וויסטען געגענד צווישען דיא בערג. הרג'ענען איהר איז געווען אַ גרויסער פערברעכען. גאָט האָט איהר געשאַפען צוצושטעלען צוויי פעדערען פאַר דעם אינקאַ, און קיינער האָט ניט געטאָרט איהר שטערען צו עקזיסטירען צו דיעזען צוועק.

דעם אינקאַ'ס געזעצליכע פרוי, זיין „קאָיאַ", האָט געמוזט זיין זיינע אַ לייבליכע שוועסטער. בלויז אַ זוהן וואָס דיא „קאָיאַ" האָט פון איהם געהאַט האָט געקענט ירשה'נען דיא הערשאַפט. דאָס האָט געהייסען, אַז דער יורש איז פון ריינע געטליכע בלוט, אַן אמת'ער קינד פון דער זון.*)

*) דאָס זעלבע איז אַמאָל געווען אין עגיפּטען.

דאָס איז געווען דעם אינקאַ'ס „געזעצליכע" פרוי. קעבס־ווייבער האָט ער געהאַט אַ גאַנצע אַרמיי.

ווען די בעפעלקערונג פון אַ געוויסען געגענד האָט אַרויסגע־וויזען פיינדשאַפט צו די אינקאַס, פלעגט מען צום „טוכריקוק" צוגע־בען נאָך איינעם אָדער צוויי אינקאַ־דעלעגאַטען; אַמאָל פלעגט מען ביי יעדען שבט אַוועקזעצען אַ ספּעציעלען דעלעגאַט אַזעלכען. אום די אונטערטהעניגע זאָלען מוזען פאָלגען, האָט מען אין די פערשיעדענע געגענדען געהאַלטען חיל, און די חיל איז אימער געווען פון אַנדערע געגענדען, — פון אַזעלכע, וואָס זיינען דעם אינקאַ געווען טריי. דאָס רוב פלעגט מען זעהן אַז די סאָלדאַטען זאָלען קומען פון אַזעלכע ערטער, וואו די מענשען האָבען גאַנץ אַנדערע געוואוינהייטען, נייגונ־גען און אַ גאַנץ אַנדערען אַרט דענקען, וויא די בעפעלקערונג פון דעם אָרט, וואוהין מען האָט זיי געשיקט. זיי וואָלטען אַלזאָ אַזוי גיך זיך ניט געקענט פערברידערען מיט די אונצופריעדענע. די עלסטע איבער די חיל זיינען געווען פון דעם אינקאַ שבט.

אום צו האַלטען די לאַנד אין צוואַנג האָבען די אינקאַס געהאַט נאָך אַ מיטעל: ווען זיי האָבען איינגענומען אַ נייעם שבט, פלעגען זיי אָבטהיילען שטיקער פון די גרעסערע פרוכטבאַרע פעלדער, און דאָר־טען בעזעצען געגנטען פון אַנדערע, ווענעגער פרוכטבאַרע ערטער. מיט דעם פלעגען זיי אויפטהאָן צוויי זאַכען מיט אַמאָל: ערשטענס, האָבען זיי פערקלענערט די בעפעלקערונג אין די מאַגערע, ניט־פרוכטבאַרע געגענדען, און צווייטענס, האָבען די אימיגראַנטען זיי געהאָלפען האַל־טען דעם געגענד אין צוואַנג. מיט דעם שבט וואָס וואוינט דאָרטען פון אימער האָבען זיי זיך ניט צוזאַמענגעמישט, ווייל זיי האָבען ניט בעלאַנגט צו זייער בלוט. די עלסטע פון דיעזען שבט אָדער פראַטריע האָבען איבער זיי קיין קאָנטראָל ניט געהאַט. די אימיגראַנטען זיינען געבליבען פרעמדע, וויא אויסלענדער. זיי האָבען זיך געפיהרט זייער בעזונדערען געגנט־לעבען. די אינקאַס פלעגען זיי געבען ספּעציעלע רעכטע, און דאָס האָט פערגרעסערט די אָבגעפרעמדקייט צווישען די צוויי־ערליי איינוואוינער. די איינגעזעסענע פלעגען אויף די אימיג־ראַנטען קוקען קרום, און די אימיגראַנטען פלעגען דיענען וויא שפּיאָנען געגען זיי.

די אינקאַס האָבען געהאַט אַ גוט אויסגעאַרבייטע קוריער־

סיסטעם, מיט וועלכע זיי האָבען געקענט אימער וויסען וואָס עס טהוט זיך אין דיא פערשיעדענע ווינקעלעך פון זייער לאַנד. קוריערען אָדער לאַפּערס האָבען געהאַט דיא מעקסיקאַנער אויך; ביי דיא אינקאַס איז דאָס אָבער געווען העכער ענטוויקעלט און בעסער אָרגאַני־זירט. אויף געוויסע פּונקטען, אַלע דריי מייל אונגעפעהר, זיינען אויף דיא מיליטערישע וועגען געשטאַנען קליינע הייזעלעך; אין יעדער הייזעל אַזעלכער האָט זיך אימער געפונען פון צוויי ביז דריי „טשאַס־קיס“ (לאַפּערס). ווען אַ טוכריקוק האָט געהאַט עפּעס וויכטיגעס צו מעלדען זיין קאַפּאַק אין קוזקאָ אָדער אַן אַנדער טוכריקוק, פלעגט ער וועגען דעם מאַכען צייכענס אויף דער קניפּעל־שנור,*) און דיא שנור מיט דיא קניפּלעך שיקען דורך „טשאַסקיס“. יעדער „טשאַסקי“ האָט נור געהאַט צו לויפען פון איין סטאַנציע ביז דער נעכסטער. דאָרטען פלעגט ער דיא קניפּעל־שנור איבערגעבען דעם נעכסטען קוריער. אויף דיעזען אָרט פלעגט מען אין אַ גאַנץ קורצער צייט דערגרייכען דיא וויטסטע פּונקטען. דורך דיעזע טשאַסקיס פלעגט דער אינקאַ בעקומען אַלע טאָג פרישע פיש פון ים, הגם דאָס איז געווען אַ גרויסע שטרעקע פון קוזקאָ. עהנליכע קוריער־פּאָסטען האָבען געהאַט דיא פּאַרצייטיגע עגיפּטער, פּערסיער און כינעזער.

איצט אַ פּאָר ווערטער וועגען דיא צינזען, וואָס דיא בעזיעגטע האָבען געמוזט צושטעלען דעם אינקאַ. דיעזע צינזען זיינען געווען אין פערשיעדענע פאָרמען: 1) אַרבייט אויף דעם אינקאַ׳ס און אויף דיא גלחים׳שע פעלדער אָדער בהמות; 2) אַנדערע אַרבייט פאַר דיא אינקאַס; 3) סאָלדאַטען פאַר דער אַרמיי; 4) דיענער פאַר דיא אינקאַס; 5) יונגע מיידלעך פאַר דיא טעמפּלען, און פאַר דיא אינקאַס.

ווען דיא אינקאַס פלעגען איינגעהמען אַ נייעם געגענד, פלעגען זיי פריהער פון אַלץ אַ טהייל פון דיא פעלדער בעשטימען אַלס צינזען־לאַנד, וועלכע דיא בעזיעגטע פלעגען יעדען יאָהר מוזען בעאַרבייטען ניט פאַר זיך נור פאַר דעם אינקאַ און פאַר דעם גלחים־קלאַס. מען פלעגט אָבצייכענען דיא אינקאַ־פעלדער בעזונדער און דיא טעמפּעל־פעלדער בעזונדער.

*) וועגען דיעזע קניפּעל־שפּראַך וועט ערקלעהרט ווערען ווייטער.

דיא תבואה, פרוכטען און גרינסען, וואס מען האט אראבגענומען פון דער אינקא־פעלד, איז געגאנגען אויף אויפצוהאלטען דעם אינקא׳ס הויז־געזינד, אלע זיינע בעדיענטע, דיא גאנצע מיליטער, דיא מיליטער־סטאציאנען א. ז. וו. א טהייל פון דיעזע תבואה און פרוכט פלעגט בלייבען אין אזעלכע גרויסע סקלאדען, וואס האבען זיך געפונען אין יעדען קרייז; א טהייל אבער פלעגט מען אוועקפיהרען נאך קוזקא. דיא תבואה וויעדער אדער פרוכטען פון דיא גלחים׳שע פעלדער פלעגט געהן צו שפייזען דיא מאסען גלחים, זייערע דיענער און דיא הייליגע מיידלעך. אויך פלעגען פון דעם גענומען ווערען דיא פערשיעדענע תבואה־אפפער צו דיא גרויסע ימים־טובים.

דיא ארבייט אויף דיא אינקא־פעלדער און טעמפעל־פעלדער איז געטהאן געווארען פון דער גאנצער דארף־געמיינדע, מענער, פרויען און קינדער צוזאמען. יעדער האט געמוזט ארבייטען אבצו׳פטר׳ען דיעזע צינזען. אבער בשעת מען האט געארבייט אויף דיעזע פעלדער האט מען געגעסען און געטרונקען אויף דיא קאסטען פון דעם אינקא אדער פון דער רעליגיאן.

אין דיא בערג, וואו עס איז לייכטער געווען צו האדעווען לאמאס וויא ארויסצוברענגען תבואה, פלעגען דיא אינקאס זייערע צינזען נעהמען מיט בהמות. דערביי פלעגען זיי טהאן אזוי וויא דארטען מיט דיא פעלדער: ווען זיי האבען איינגענומען אזא שבט, פלעגען זיי אבזונדערען א געוויסע צאהל פון זיינע בעסטע לאמאס און זיי צוטהיי־לען אויף צוויי טהייל: דיא גרעסערע טהייל פאר זיך און דיא קלענערע פאר דיא גלחים. דאן פלעגט מען דיא בהמות שטעמפלען אלס אינקא־לאמאס און אלס טעמפעל־לאמאס און זיי איבערגעבען צו דיא פער־שיעדענע דארף־געמיינדעס, אז זיי זאלען זיי פיטערען אונטער דער קאנטראל פון דעם טוכריקוק, וועלכער האט דערצו געהאט ספעציעלע אויפזעהערס. פון דעם אינקא׳ס לאמאס האט מען א בעשטימטע צאהל אימער געשיקט נאך קוזקא; אנדערע האט מען צושיקט צו דיא פער־שיעדענע מיליטערישע סטאציאנען. פון דיא וואל האבען דארף־פרויען געמוזט אויסוועבען מאטעריעס — פון דיא בעסערע וואל פאר דיא אינקאס, פון דיא גרעבערע — פאר דער מיליטער. ווען דיא שפאניער זיינען אנגעקומען נאך פערו האבען זיי דארטען געפונען ריעזיגע מאגא־זינען פערפאקט מיט בערג וואלצייג.

אחוץ דעם האָבען דיא דאָרף־געמיינדעס געמוזט דעם אינקאַ צושטעלען ערדעלשטיינער, פאַרב־האָלץ, קאָלירטע פעדערען, אַרבייטען אין זיינע מינען, בויען און פעררינכטען דיא פעסטונגען, דיא קאַנאַלען און דיא וועגען. אלץ איז געגאַנגען מיט אַ בעשטימטע אָרדנונג, נאָך דער רייהע נאָך. דאָס זעלבע איז געוועזען מיט מיליטער־דיענסט.

אחוץ סאָלדאַטען האָבען דיא אינקאַס געפאָדערט אַ געוויסע צאָהל קרעפטיגע, שעהנע יונגע לייט צו דיענען אין דיא פּאַלאַצען אָדער ביי דיא פערשיעדענע אינקאַ־בעאַמטע. מען פלעגט זיי נעהמען בלויז ביי געוויסע שבטים, וועלכע זיינען געוועזען גוט בעקאַנט מיט זייער טרייהייט. דיעזע דיענער האָבען געהייסען „י אַ נ אַ ק ו נ אַ“. אום מען זאָל אין זיי גאָר זיין זיכער, פלעגט מען זיי אין גאַנצען אָבזונדערען פון זייערע געגנטען. זיי זיינען געוואָרען אייביגע לאַקייען פון דעם אינקאַ־קלאַס. זיי האָט זיך געלעבט פיעל בעסער וויא דיא אַנדערע פּערואַנער און מיט דעם האָט מען געהאָלפען אין זיי ענטוויקלען דעם לאַקייאישען גייסט.

ביי יעדען שבט האָט דער טוכריקוק געהאַט אַ בעזונדערען בעאַמטען, וועמעס פּפליכט עס איז געוועזען אויסצוקלייבען דיא שעהנסטע יונגע מיידלעך (פון 8 ביז 12 יאָהר) און זיי איבערצוגעבען פאַר'ן אינקאַ. דיעזע מיידלעך פלעגט מען פערשפּאַרען אין „הייזער פאַר אויסערוועהלטע“, וואו זיי האָבען זיך געהאָדעוועט אונטער דער השגחה פון אַ „מאַמאַקונאַ“ (מוטער, אויפזעהערין). אַזעלכע הייזער זיינען געוועזען דרייערליי: אין איינע האָט מען געהאָדעוועט דיא הייליגע „זון־מיידלעך“, זיי האָבען בעדאַרפט צופערטיגען הייליגע געטראַנק און געבעק צו דיא רעליגיעזע צערעמאָניעס, וועבען פּרוכת'ן פאַר דיא טעמפּלען, קליידער פאַר'ן אינקאַ א. ז. וו. זיי זיינען געוועזען נאָנען, אָבגעשניטען פון דער גאַנצער וועלט, און דיא קאָנוועגטען, וואו מען האָט זיי געהאַלטען, זיינען געוועזען אַרומגעצאַמט מיט דיקע שטיינערנע ווענט. בלויז דער אינקאַ און זיין „קאָיאַ“ האָבען געהאַט אַ רעכט אַריינצוקומען אין זייערע הייליגע געצעלטען. דיא מאַמאַקונאַ האָט שטרענג אַכטונג געגעבען, אַז זייער מאָראַל זאָל בלייבען אונבעפלעקט; און ווען איינע פון זיי איז אַריינגעפאַלען אין געהיימע פערהעלטניסע מיט אַ מאַנסביל, פלעגט מען איהר בעגראָבען לעבעדיגערהייד און איהם — דערוואָרגען. דיעזע זון־מיידלעך האָבען זיך גערעכענט פאַר

דעם אינקא'ס כלות. ער האָט געקענט פון זיי נעהמען צו זיך אין הארעם וויפיעל ער האָט נור געוועלט.

אין א צווייטען זאָרט „הייזער פאר אויסערוועהלטע" האָט מען געהאָדעוועט קעבס־פרויען פאר דיא אנדערע אינקאס, וויא אויך פאר דעם הויפּט־אינקא, און אין א דריטען זאָרט פלעגט מען האָדעווען קעבס־ווייבער פאר קוראקאס און פאר דיא „יאנאקונא".

אין סך הכל פלעגט מען פון דעם פאָלק ארויסרייסען א גרויסע צאָהל מיידלעך אזעלכע. עס איז אויף דעם אייגענטליך קיין שיעור ניט געווען. וואו דעם טוכריקוק'ס אגענט האָט נור דערזעהן א שעהנע מיידעל, האָט ער איהר צוגענומען. גארצילאזאָ זאָגט אז דיא פּערואנער פלעגען זיך שעצען גליקליך, ווען דער אינקא פלעגט זייערע א טאָכטער צונעהמען פאר א קעבס־ווייב. קונאָוו ברענגט אָבער בעריכטען, אז דאָס פלעגט דיא עלטערען פערשאפען דיא גרעסטע שמערצען.

דעם דייטליכסטען בעגריף וויא ווייט דיא אינקאס זיינען געווען ענטוויקעלט אין האלטען דיא בעפעלקערונג אונטער זייער יאָך, גיט אונז דער פאקט דאָס זיי האָבען געהאט א צענזוס אָדער פאָלקס־צעהלונג. אלע דריי יאָהר פלעגען צו דיעזען צוועק פון קוזקאָ איבער'ן לאנד ארומרייזען ספּעציעלע אינקא־בעאמטע. זיי פלעגען געהן פון געגענט צו געגענט, און אומעטום דורך דעם געגענט־קוראקא אָדער הונדערט־מאן הייסען צוזאמענרופען דיא גאנצע געמיינדע און איהר איבער־צעהלען. דאן פלעגען זיי בעשטימען וויא פיעל מענשען עס זיינען נויטיג אויף צו שפּייזען דיא געמיינדע, און וויא פיעל דער אינקא קען פאָדערען צו דער מיליטער אָדער צו דיא פערשיעדענע רעגיערונגס־ארבייטען. דאָס אלץ פלעגען זיי לאָזען פערצייכענען אויף דיא קניפּעל־שניר. דערביי פלעגען דיא קוראקאס ניט זעלטען אייניגע פון דיא איינוואוינער זיך הייסען בעהאלטען אין הייהלען, אום דיא צאָהל זאָל אויסקומען קלענער, הגם ווען מען פלעגט דאָס כאפּען פלעגט מען בעשטראָפען.

דיא אינקאס האָבען דיא לאנד געהאלטען אין אן אייזערנעם פויסט; און דאָך, וויא ווייט עס האָט ניט אָנגעריהרט דיא אינטערעסען פון דעם אינקא שבט, האָבען זיי דיא זעלבסטרעגיערונג פון זייערע אונטערטהעניגע ניט געשטערט. ווען איינער האָט געבונטעוועט געגען זייער הערשאפט, זיי געשימפּפט, אָדער געפאלשעוועט אין דיא צינזען,

פלעגט דעם געריכטס פּראָצעס פיהרען אַ פאָרשטעהער פון דעם אינקאַ, וועלכער פלעגט אַרומרייזען מיט עטליכע געזונטע יאַנאַקונאַ. ווען מען פלעגט אימיצען געפינען שולדיג, פלעגען דיעזע געזונטע אינקאַ־לאַקייעס דורכפיהרען דיא שטראָף. קיין בעשטימטע שטראָפען זיינען ניט געווען. דער ריכטער האָט געטהאָן לויט זיין פערשטאַנד אָדער געשמאַק. לייכט זיינען דיא בעשטראָפונגען יעדענפאַלס ניט געווען. פאַר ניט פאָלגען דעם קלענסטען אינקאַ בעפעהל, פלעגט מען טוידטען. און ניט נור פלעגט מען בעשטראָפען דעם פערברעכער פערזענליך, נור אויך זיינע קרובים — אמאָל זאָגאַר זיין גאַנצען גענט.

ווען דער פערברעכען איז אָבער בעגאַנגען געוואָרען ניט געגען אַן אינקאַ נור געגען אַ געוועהנליכען פערזאָנער, דאַן פלעגט דעם משפט פיהרען דער הויפּטמאַן פון דעם פערברעכער'ס גענט; אין וויכ־טיגערע זאַכען (אָדער ווען עס איז געווען אַ סכסוך צווישען צוויי גענטען) פלעגט דער שבט־הויפּטמאַן זיין דער ריכטער, און אַלץ פלעגט געהן נאָך דיא אַלטע, פאַרצייטיגע מנהגים פון דעם שבט. דער לעזער וויים שוין, אַז דיעזע הויפּטלייט האָבען זייער אמט אויך בעקומען נאָך דיא פאַרצייטיגע פיהרונגען פון דעם אָדער יענעם שבט און זיינע גענטען. נו, פלעגען נאָך דיא זעלבע אַלטע מנהגים דיא עלסטע זיין דיא ריכטער. דיא אינקאַ רעגיערונג האָט זיך ניט געמישט. אויך דיעזע געריכטען זיינען דיא שטראָפען מיים־טענס ניט געווען קיין שטרענגע. זעהר אָפט פלעגט דיא שטראָף בעשטעהן אין פערשעהמען דעם פערברעכער, אין צווינגען איהם צו געהן דורכ'ן דאָרף מיט אַ משא, צום ביישפּיעל. זעלטען ווען מען פלעגט שמייסען. אַלץ איז געגאַנגען אויף אַ פאַמיליען־שטייגער; דער גענט איז דאָך טאַקע געווען איין גרויסע פאַמיליע. ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ גרויסער פערברעכען, פלעגט דער משפט איבערגעגעבען ווערען צו דעם שבט־געריכט. בלויז ער האָט געקענט פעראורטהיילען צום טוידט.

וויא ווייט דער גענט און דער שבט זיינען געבליבען ביי זייער אַלטע מאַכט, ווייזט דאָס פאָלגענדע: ווען אַ פערזאָנער איז בעגאַנגען אַ פערברעכען (ניט געגען אינקאַ) אין דער צייט ווען ער האָט געאַר־בייט פאַר דעם אינקאַ אין אַ גאַנץ אַנדער געגענד, האָט איהם ניט געקענט משפט'ן דער הויפּטמאַן פון יענעם גענט, נור אַלץ דער הויפּט־מאַן פון זיין אייגענעם גענט. היינט, צום ביישפּיעל, בעלאַנגט דער

פערברעכער צו דעם געריכט פון דעם אָ ר ט, וואו ער האָט געטהאָן זיין פערברעכען, דאָס הייסט, מיר לעבען אין פּאָליטישע געזעלשאַפטען, וועלכע זיינען אָרגאַניזירט נאָך טעריטאָריען. דיא אוראַלטע געזעלשאַפטען זיינען אָבער געוועז אָרגאַניזירט נאָך גענטען. דאָס זיינען געווען גענט־געזעלשאַפטען (זעה אויבען זייטעל 300). אין פּערו איז אַלזאָ דיא גענט־געזעלשאַפט געבליבען אונגעשטערט. ביי קיין פּאָליטישע געזעלשאַפט האָט נאָך דאָרטען ניט געהאַלטען.

אפילו, ווען דיא אינקאַס האָבען בעשטראָפט אַן אונטערטהעניגען פאַר זייערע אַ „קריוודע", פלעגען זיי זיך אויך פיהרען וויא מען פיהרט זיך אין גענט־געזעלשאַפטען. זיי פלעגען בעשטראָפען ניט נור איהם, נור אויך זיינע נאָהענטע קרובים, און אמאָל זאָגאר זיין גאַנצען גענט, דאָס הייסט זיין גאַנצע פאַמיליען־גרופּע. דיעזע געמיינשאַפטליכע פערראַנטוואָרטליכקייט, דיעזע פאַמיליען־פעראַנטוואָרטליכקייט הייסט עס, עקזיסטירט איבעראַל, ביי אַלע אונענטוויקעלטע פעלקער (זעה וועגען דיא „קרוגאָוואַיאַ פּאָרוקאַ" ביי דיא רוסישע פּויערים אין דעם נאָטיץ אונטער זייטעל 561).

דיא אינקאַס האָבען אַלזאָ ניט געשאַפען קיין פּאָליטישע אָרגאַניזאַציאָן. ק י י ן ש ט אַ אַ ט. אין אַ שטאַאט איז דיא גאַנצע בעפעלקערונג אָרגאַניזירט אַלס איין נ אַ צ י אָ ן, זיא ווערט רעגיערט ניט לויט שבטים, פאַמיליען־גרופּען, נור נאָך קווארטאַלען, קרייזען, בעשטימטע שטיקער לאַנד. דיא בעפעלקערונג פון פּערו איז געווען רעגיערט לויט שבטים און גענטען. יעדער שבט איז געווען פאַר זיך, אַן אָבגעזונדערטע נאַציאָן. דיא אינקאַס גופא זיינען אויך געווען אַ בעזונדער שבט, — צוטהיילט אויף גענטען.

דיא וואָס זאָגען אז פּערו איז געווען אַ „סאָציאַליסטישער שטאַאט", ווייזען אויף דעם אָן אַלס דיא אורזאכע וואַרום דיא שפּאַניער האָבען איהר אזוי גיך בעזיעגט (אַ סאָציאַליסטישער שטאַאט גיט דעם מענשען ניט קיין זעלבסטשטענדיגקייט, אַלזאָ לאָזט ער איהם ניט ענטוויקלען זיינע קרעפטען, זיין ענערגיע,—אזוי טענה'ן זיי). פּערו איז אָבער געווען פּונקט אזוי וועניג שטאַאט וויא זיא איז געווען אַ סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. פאַר וואָס האָבען דיא אינקאַס איהר אזוי לייכט איינגענומען? ווייל זיא איז בעשטאַנען פון בעזונדערע שבטים, און יעדער שבט האָט געקעמפּפט פאַר זיך, אָפט — איינער געגען דעם

אַנדערען. דאָס זעלבע איז געווען ווען דיא שפּאַניער זיינען געקומען. דיא אינקאַס האָבען דיא שבטים אינערליך אין איין געזעלשאַפט ניט פעראייניגט. בלויז אויסערליך האָבען זיי זיי צוזאַמענגעהאַלטען, מיט זייער יאָך. אַזוי גיך, וויא דיעזע אויסערליכע האַנד איז פערניכטעט געוואָרען, איז אַלעס צופאַלען געוואָרען.

אין מעקסיקאָ זיינען אויך אָבגעפאַלען דיא אונטערטהעניגע שבטים, ווען דיא אַצטעקישע מאַכט האָט איהר בעדייטונג פערלאָרען. דאָרטען זיינען אָבער דיא אַצטעקען אַליין געווען דיא קעמפּפער געגען קאָרטעס'ען. ווערהענד דיא אינקאַס זיינען צוגעוועהנט געווען צו קעמפּפען מיט פרעמדע הענד.

מיר קענען איצט איבערגעהן צו אַנדערע פּונקטען אין דעם לעבען פון פּערו. צווישען דיא מערקווירדיגסטע זאַכען, וואָס דיא ווייסע מענשען האָבען ביי זיי געפונען, זיינען געווען זייערע וועגען, זייערע וואַסער־גראָבענס און געוויסע געביידעס. גאַרצילאַזאָ וויל האָבען, אַז דאָס אַלץ האָבען איינגעפיהרט זיינע זיידעס, דיא אינקאַס; און אַזוי איז טאַקע געווען דער אַלגעמיינער איינדרוק. עס איז אָבער בעוויזען געוואָרען (ניט דוקא פון קונאָוו'ן נור נאָך איידער עס איז ערשיענען זיין ווערק וועגען פּערו), אַז דאָס איז ווייט ניט ריכטיג. איניגע פון דיא שבטים, וואָס זיי האָבען בעזיעגט, זיינען געשטאַנען העכער וויא זיי אין אַגריקולטור (דיא קונסט צו בעאַרבייטען דיא ערד), צום ביישפּיעל, אין דיא ערטער וואו עס געהט ווייניג רעגען, האָבען זיי צו דיא פעלדער געצויגען וואַסער פון טייכען און אָזערעס; און אויך דיעזען אָרט האָבען זיי זיך אויסגעלערענט מאַכען קונציגע גראָבענס. ווען דיא אינקאַס האָבען פערשפּרייט זייער הערשאַפט, האָבען זיי געזעהן אַז דיא ווייניגער ענטוויקעלטע שבטים זאָלען דיעזע קונסט איבערנעהמען ביי דיא מעהר ענטוויקעלטע, און אין זייער צייט איז דיעזע קונסט נאָך ווייטער געוואַקסען. אָבער ניט זיי האָבען איהר איינ־געפיהרט. דאָס זעלבע איז מיט דיא געביידעס. אין פּערו זיינען פאַראַן מערקווירדיגע מויערען, וועלכע זיינען געבויט געוואָרען פיעלע הונ־דערטע, פיליכט טויזענדע יאָהרען איידער דיא אינקאַס האָבען זיך אין יענע ערטער בעוויזען. מען האָט געפונען ריעזיגע מויערען, און סמנים פון אַ גאַנצע שטאָדט. דיא אינקאַס האָבען זאָגאַר ניט געוואוסט

וואָס פאַר אַ זאָרט מענשען עס זיינען געווען דיא, וואָס האָבען דיעזע געביידעס אויפגעשטעלט. פון דיא מויערען, פון זייערע בעפּוצונגען און פון פערשיעדענע זאכען וואָס מען געפינט אין זיי און ארום זיי, קען מען זעהן, אז יענע מענשען האָבען דערגרייכט אַ הויכע ענטוויקלונגס־שטופע. אין אַן אנדער געגענד האָבען דיא אינקאַס איינגענומען אַ לעבעדיגען פאָלק מיט מערקווירדיגע מויערען, וואסער־גראָבענס, וועגען, קונציגע ציערונג פון גאָלד, פיגורען אויסגעוועבט אין מאַטעריעס א. ז. וו. דיא בעסטע בעלי מלאכות פון דיעזע שבטים האָבען דיא אינקאַס דאַן אַריבערגעבראַכט נאָך קוזקאָ, וואו אַנדערע האָבען זיך ביי זיי געלערענט זייער קונסט.

אויף דיעזען אַרט איז דיא ציוויליזאַציאָן פון פּערו אונטער דיא אינקאַס פערשפּרייט געוואָרען. אָבער ניט זיי האָבען איהר געשאַפען.

דאָס ברענגט אונז צו אַן אינטערעסאַנטען פּונקט.

אייניגע פון דיא וואַזעס, טעפּ אָדער געשניצטע שטיינערנע פיגורען, וואָס מען געפינט אין דיא גאַנץ פּאַרצייטיגע קברים אָדער געביידעס פון פּערו, שטעלען מיט זיך פאָר דיא געזיכטען פון ווייסע מענשען.



וואַזעס מיט געזיכטען פון ווייסע מענשען, וועלכע מען האָט געפונען אין צענטראַל־אַמעריקאַ

דיא פראַגע איז אַלזאָ פון וואַנען האָבען זיי זיך דאָרטען גענומען? וויא אַזוי האָט מען אין אַמעריקאַ געקענט האָבען אַ בעגריף פון אייראָ־

פּעאישע געשטאַלטען איידער דיא שפּאַניער זיינען אהין געקומען? דאָס, וויעדער, דערמאָנט אונז אָן אַן אנדער פראגע: פון וואַנען האָבען דיא מעקסיקאַנער געוואוסט פּאָרצושטעלען א גאָט מיט אַן אייראָפּעאישע געזיכט, דאָס הייסט מיט א ווייסע געזיכט און בלאָנדע האָר? וויא דער לעזער געדענקט, זיינען זיי געוועזען איינגעגלויבט, אַז אזא גאָט איז ביי זיי אמאָל געוועזען, נור ער איז אוועק איבער'ן ים, און האָט צוגעזאָגט צוריק צו קומען; ווען מאָנטעזומא האָט דערהערט, אַז עס זיינען געקומען דיא שפּאַניער — מענשען מיט ווייסע געזיכטען און אייניגע מיט בלאָנדע האָר — האָט ער זיך דעריבער געשראָקען. ער האָט געמיינט אַז דאָס איז יענער גאָט. וויא קומט אַלזאָ אזא געדאַנק אין אַן אָבגעזונדערטע וועלט־טהייל, וואו עס זיינען ניט געוועזען קיין אַנדערע מענשען וויא רויט־פאַרביגע און שווארץ־האָריגע?

געוויסע פאָרשער, פון דיא וואָס גלויבען, אַז דיא אַצטעקען און דיא פאַרצייטיגע פּערואַנער האָבען זייער האַלב־ציוויליזאַציאָן בעקומען פון דעם מזרח־קאָנטינענט (אזיען, אייראָפּאַ, אפריקאַ), (זעה אויבען זייטלעך 172־173 און זייטעל 286), ערקלעהרען, אַז אי אין פּערו, אי אין מעקסיקאָ, אי אין דיא לענדער פון צענטראַל־אמעריקאַ — יוקאַטאַן, האָנדוראַס, גוואַטעמאַלאַ, פּאַנאַמאַ א. ז. וו. האָבען טאַקע גאָר פאַרציי־טען געוואוינט מענשען מיט אַזיאַטישע אָדער אייראָפּעאישע פּנים'ער, און אַז זיי האָבען דאָרטען דאָס איינגעפּלאַנצט דיא קונסט פון בויען ריעזיגע שטיינערנע הייזער, מאַכען קונציגע וואַזעס, וועבען א. ז. וו. איין מיינונג איז פאַראַן אַז דיעזע מענשען זיינען נאָך אמעריקאַ געקו־מען פון פּ אָ ל י נ ע ז י ע ן, — דיא מאַסע קליינע אינזלען, וואָס זיינען צואַוואָרפען איבער'ן שטילען אָקעאַן צווישען אויסטראַליען און זיד־אַמעריקאַ, (דיא האַוואַי אינזלען, וועלכע בעלאַנגען איצט צו דיא פעראייניגטע שטאַאַטען זיינען א טהייל פון דיעזע אינזלען). מען איז היינט איבערצייגט, אַז דיא פּאָלינעזיער שטאַמען פון דער קאַווקאַזישער ראַסע, צו וועלכע עס בעלאַנגען אַלע אייראָפּעאישע און א טהייל פון דיא אַזיאַטישע פעלקער. מען גלויבט, אַז זיי האָבען אהין עמיגרירט פון דער אַזיאַטישער הויפּט־לאַנד.*)

*) פיעלע פּאָלינעזישע פאַמיליען האָבען רויטע אָדער בלאָנדע האָר, און שעהנע אייראָפּעאישע געזיכטען בעגעגענט מען צווישען זיי מאַסענווייז.

אזוי וויא פיעלע פון דיא פּאָלינעזיישע אינזלען זיינען איינגעזונקען און פערשוואונדען געוואָרען — זאָגט דר. בראון — האָבען זייערע איינוואוינער געמוזט אוועקשווימען אנדערשוואו, זוכען א נייע היים. און אויף צו בויען שיפען און פאָהרען איבער'ן ים פלעגען זיי אמאָל זיין גרויסע בריות. אויף דיעזען ארט, שווימענדיג איבער'ן שטילען אָקעאן, זיינען זיי געקומען נאָך פּערו, און זיי האָבען עס דאָרטען, ניט ווייט פון ברעג, געבויט דיא מערקווירדיגע געביידעס וואָס מען האָט דאָרטען געפונען, און אויסגעלערענט דיא אינדיאַנער בויען, מאַכען טעפּ, וועבען, שניצען א. ז. וו. אזוי אָבער וויא דאָרטען געהט ווייניג רעגען, זיינען זיי שפּעטער אוועק צו צפון צו, נאָך צענטראַל אמעריקא און דערנאָך נאָך מעקסיקאָ. דר. בראון ערקלעהרט, אז פיעלע פון דיא וואזעס וואָס מען געפינט לעבען אוראַלטע חורבות פון צענטראַל אמעריקא האָבען אויף זיך דיא זעלבע פיגורען וויא דיא זאכען וואָס מען געפינט אין פּערו. אחוץ דעם: אויף אוראַלטע וואזעס פון יוקאטאן און אויף א פויק פון דיא פּאַרצייטיגע טלאַסקאַלאַ האָט דר. בראון געזעהן דיא פיגור פון א לאַמאַ. אזוי וויא דאָרטען איז דיעזע בהמה ניטאָ און קען ניט לעבען, דרינגט ער דעריבער אז דיא געמאָלענע אָדער אויסגע־קנאָטענע פיגורען זיינען דאָרטען אמאָל פערשפּרייט געוואָרען פון פּאָלינעזיער וואָס האָבען אהין עמיגרירט פון פּערו.

צווישען דיא פיגורען געפינען זיך ניט בלויז מענשען מיט אייראָפּע־אישע געשטאַלטען, נור אויך בילדער פון גאָר־פּאַרצייטיגע רעליגיעזע מעשות פון אייראָפּעאישע פעלקער. אָבער דאָס אלץ געפינט מען בלויז אין דיא אמעריקאנישע לענדער וואָס ליגען לעבען דעם שטילען אָקעאן און אויף א גלייכען וועג פון דיא פּאָלינעזישע אינזלען, דאָס הייסט אין מעקסיקאָ, צענטראַל אמעריקא און פּערו. און דיעזע לענדער זיינען טאַקע דיא איינציגע אמעריקאנישע געגענדען, וועלכע האָבען דער־גרייכט דיא מדרגה פון האלב־ציוויליזאציאָן (דעם מיטעלסטען בארבא־

---

דיא אנדערע אינזלען, וואָס געפינען זיך אין דעם שטילען אָקעאן, זיינען בעוואוינט מיט מענשען פון דער מאַלאַאישער אָדער מאָנגאָלישער ראַסע. דער קאָליר און דיא פאָרמע פון דיא געזיכטען זיינען אָבער ניט דער איינציגער בעוויז, אז דיא פּאָלינעזיער שטאַמען פון קאַווקאַזער מענשען. עס זיינען פאַראַן וויכטיגע אַנדערע בעווייזע אויך.

רישען שטאַפּעל). אַלזאָ איז דר. בראַון איבערצייגט אַז דאָס האָבען דאָרטען פערשפּרייט מענשען מיט ווייסע פּנים'ער, וואָס זיינען אהין געקומען פון דיא פּאָלינעזישע אינזלען. נור דיא אַצטעקען האָבען זיי ענדליך בעזיעגט און פערטריבען. דאָס אַלץ איז געווען פיעלע יאָהר־הונדערטע פאַר דעם וויא דיא אינקאַס האָבען איינגענומען פּערו. אַזוי ווייט פאַרצייטען איז דאָס געווען, אַז אייראָפּאַ האָט נאָך דאַן ניט געוואוסט פון קיין אייזען.

דיא ערקלערונג איז אָבער פאָרלויפיג ניט מעהר וויא אַ אינטערע־סאַנטע סברא. קיין פעסטען וויסענשאַפטליכען פונדאַמענט האָט זיא ניט. דער בעריהמטער געלעהרטער הומבאָלדט האָט צוזאַמענגעקליבען בערג מיט מערקווירדיגע ארגומענטען, אַז דיא אמעריקאַנישע האַלב־ציוויליזיאַציאָן שטאַמט פון דיא אַלטע אַזיאַטישע פעלקער, (דר. בראַון זאָגט אויסדריקליך אַז ניט), און זיינע ערקלערונגען זיינען אויך געבליעבען סברות. צי מען וועט אין דעם ענין ווען־עס־איז צוקומען צו וויסענשאַפטליכע בעשטימטקייט, קען מען נאַטירליך ניט פאָראויס־זאָגען. פאָרלויפיג אָבער איז מען מעהר געניינט צו גלויבען, אַז פריהער פאַר דיא שפּאַניער זיינען אין אמעריקא קיין ווייסע מענשען קיין מאָל ניט געווען, און אַז דיא אמעריקאַנישע האַלב־ציוויליזאַציאָן האָט זיך ענטוויקעלט זעלבסט־שטענדיג. אי זי איז אין פיעלעם עהנליך צו דיא אַלטע ציוויליזאַציאָן פון אשור, בבל, מצרים, אינדיען, כינאַ, יאַפּאַן? איז דער געוועהנליכער אַנטוואָרט אויף דעם, אַז „עהנליכע אומשטענדען שאַפען עהנליכע רעזולטאַטען".

וואָס אַנבעטרעפט דיא פראַגע צי האָט פּערו געהאַט אַ שייכות מיט מעקסיקאָ אָדער צענטראַל אמעריקאַ, איז איין זאַך זיכער, נעמליך, אַז אויב אַזאַ שייכות האָט אפילו אמאָל עקזיסטירט, האָט עס אויך אויפ־געהערט פיעלע הונדערט יאָהר איידער דיא שפּאַניער זיינען געקומען. דיא קונסט פון שרייבען מיט בילדער און פון מאַכען פּאַפּיער האָט זיך אין מעקסיקאָ אָדער יוקאַטאַן אין איין יאָהרהונדערט ניט ענטוויקעלט, און דאָך האָט פּערו פון דעם קיין בעגריעף ניט געהאַט. אַגאַווע, פון וואָס דיא מעקסיקאַנער האָבען געמאַכט זייער פּאַפּיער, האָבען דיא פּערואַנער אויך געהאַט. פון פּאַפּיער אָבער האָבען זיי ניט געוואוסט.

אין דער צייט ווען דיא שפּאַניער זיינען געקומען, האָבען דיא פּערואַנער גיט געוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אַ מעקסיקאָ אויף דער

וועלט; און זייערע חכמים, וועלכע האָבען איבערגענומען דיא מעלדונ־גען פון פיעלע פריהערדיגע דורות, האָבען אויך וועגען דעם קיין וואָרט ניט געהערט.

אויבען האָבען מיר געזעהן, אַז אַ אינדיאַנער פון פּאַנאַמאַ האָט פאַר באַלבאָאַ'ן אויסגעקנאָטען דיא פיגור פון אַ לאַמאַ און איהם געזאָגט וועגען דיא גאָלד־לאַנד פון דרום. דאָס בעווייזט אַלזאָ, אַז אין צענטראַל־אַמעריקא האָט מען וועגען פּערו יא געוואוסט. דאָס גיט אָן ענטפער אויף דער פראגע פון וואַנען האָבען זיך גענומען דיא לאַמאַ־פיגורען וואָס דר. בראַון האָט דאָרטען געזעהן. דאָס ווייזט, אַז מענשען פון צענטראַל אמעריקא האָבען בעזוכט פּערו ארום באַלבאָאַ'ס צייטען. דאָס איז אָבער מסתמא געווען ניט מעהר וויא אַ צופאַל. אין אייניגע פּלעצער פון פּאַנאַמאַ האָט מען געהערט פון פּערו, אָבער דאָס איז געווען ניט מעהר וויא אַן אונדייטליכער קלאַנג; אין פּערו, ווידער, האָט מען וועגען מעקסיקאָ אפילו אַזא קלאַנג אויך ניט בעקומען.

דיא וועגען, וועלכע האָבען פעראייניגט דיא פערשיעדענע טהיילען פון פּערו מיט דער הויפּט־שטאדט, קען מען נאָך עד היום זעהן, הגם זיי זיינען שוין מייסטענס פערוואקסען אָדער צושטערט, און עד היום איבערראַשען זיי דעם בעאָבאַכטער מיט דער ריעזיגער, אָפּט אונ־בעגרייפליכער אַרבייט, וואָס זיי ענטהאַלטען אין זיך. איין וועג אַזעלכער איז געגאַנגען איבער דיא בערג. אין אייניגע ערטער איז ער אויף עטליכע מייל נאָכאַנאַנד אויסגעהאַקט אין ווילדע פעלזען; אין פיעלע אַנדערע ערטער געהט ער אויף הענג־בריקען הויך איבער האַסטיג־שטראָמענדע טייכען, אָדער איבער טרעפּ אין דיא פעלזען איבער טיעפע אָבגרונטען. אַנדערע אָבגרונטען זיינען איינפאַך אָנגעפילט געוואָרען מיט צעמענט. דיעזער וועג, פון וועלכען עס זיינען איצט איבערגעבליעבען בלויז בעזונדערע שטיקלעך, האָט געהאַלטען אַרום צוויי־טויזענד מייל. ער איז געווען צוטהיילט אויף גלייכע שטרעקעס פון עטוואָס מעהר וויא דריי מייל אַ שטרעקע, און ביי דעם אָנהויב פון יעדער שטרעקע איז געשטאַנען אַ שטיינערנער סלופּ צו בעצייכענען וויא ווייט אַ געוויסער פּלאַץ געפינט זיך פון אַן אַנדער פּלאַץ. דער וועג איז געווען אויסגעפּלאַסטערט מיט פּלאַכע שטיינער. וויא שטאַרק דיא אַרבייט איז, קען מען זיך פאָרשטעלען פון דעם פאַל־

גענדען פאקט: אין אייניגע פון דיא ערטער, וואו אנשטאט צו בויען בריקען האָט מען אַן אבגרונט אָנגעפילט מיט צעמענט, האָט דאָס וואסער, שטראָמענדיג פון דיא בערג, אין פערלויף פון פיעלע דורות, דורכגעריסען דיא אונטערסטע טהייל פון דעם צעמענט ביז עס זיינען דאָרטען פון זיך אליין געוואָרען טונעלען מיט קאנאלען. אויבען איז אָבער דער צעמענט געבליבען פעסט וויא אייזען און ער בעהעפטביידע זייטען פון דעם אָבגרונט וויא א ריעזיגער טהויער.

אזעלכע גרויסע וועגען האָבען דיא אינקאַס געהאַט צוויי. קלענערע האָבען זיי געהאַט אָהן א צאָהל.

דיא הענג־בריקען זיינען געמאַכט געוואָרען פון דיא פעדים פון אגאַווע — דיא זעלבע פלאנצונג, פון וועלכע דיא אצטעקען האָבען געמאַכט פאַפּיער, שטריק און פערשיעדענע אנדערע זאכען — אָדער פון אזא זאָרט „הושענות“, וועלכע זיינען געוועזען מערקווירדיג ווייך, בויגיג און שטאַרק. דיעזע פעדים אָדער צווייגלעך פלעגען דיא פּערו־אנער צוזאַמענפלעכטען ביז עס איז ארויסגעקומען א שטריק אזוי דיק וויא א מענש און אזוי לאַנג וויא עס האָט זיך נור געפאָדערט. ווען זיי האָבען געוואָלט בויען א בריק, האָבען זיי פון ביידע זייטען טייך אויפגעשטעלט גרויסע שטיינערנע טורעמס, דאַן אין זיי אויבען אויס־געהאַקט לעכער און דורכגעצויגען עטליכע שטריק פון דעם דערמאָנטען סאָרט. דיעזע שטריק האָט מען דערנאָך צוזאַמענגעבונדען און אויבען צו זיי צוגעפעסטיגט ברעטער מיט פארענצען. אָפט זיינען דיעזע הענג־בריקען געווען מעהר וויא צוויי־הונדערט פוס דיא לענג, און ווען מען פלעגט איבער זיי געהען פלעגען זיי זיך ארומוויעגען און טיעף אראָבלאָזען פון דער משא. ווען דיא שפּאַניער האָבען צוערשט געפּרופט געהן איבער זיי, האָט זיי אזוי געשווינדעלט דיא קעפּ קוקענ־דיג אויף דעם טיעפען וואסער פון אונטען, אז זיי האָבען קיין מוטה ניט געהאַט ווייטער צו געהן. זיי האָבען זיך אָבער באַלד צוגעוואוינט, און זיך ערקונדיגט אז דיעזע בריקען זיינען שטאַרקער און זיכערער וויא פיעלע אייראָפּעאישע.

איבער שטילערע טייכען פלעגען דיא פּערואנער אריבערגעהן אויף באלזאס, — דיא אויבענדערמאָנטע פליטען מיט דיא זעגלען. דאָס איז געווען דער העכסטער זאָרט שיפען וואָס אייראָפּעער האָבען געפונען

אין אמעריקא. ווארים דיא אצטעקען האבען פון קיין זעגלען ניט געוואוסט.

מיר האבען בקיצור בעשריבען דעם גרויסען וועג וואס האט זיך געצויגען אויף א פאר טויזענד מייל איבער דיא בערג. דער צווייטער גרויסער וועג איז געגאנגען אין דיא ניעדריגערע ערטער, צווישען דיא אנדען־בערג און דעם אקעאן. דארטען האט מען אנשטאט ריעזיגע פעלזען מיט אבגרונטען געהאט פערקעהרטע שוויעריגקייטען: דיא ערד איז דארטען אפט געווען צו נידעריג און זאמדיג. אין אזעלכע פעללע האט מען איינפאך אין דיא זאמד אנגעשאטען „וואללען", לאנגע בערג פון פעסטע ערד, און פון ביידע זייטען האט מען געבויט ליימענע ווענט און פערפלאנצט שמעקעדיגע ביימער.

במעט מיט דיא הילע הענד און כמעט אהן דיא הילף פון א בהמה זיינען דארטען געבויט געווארען דיעזע וועגען וויא אויך ריעזיגע טעמפלען און פעסטונגען. דיא שטיינער, פון וועלכע דיעזע פעסטונגען זיינען געבויט, זיינען אפט אזוי גרויס וויא אונזערער א פיער־עטאזשיגער מויער. און דאס רוב געפינען זיך דיעזע פעסטונגען אויף א שפיץ בארג. וויא אזוי מען האט דיעזע פעלזען אהין ארויפגעשלעפט און וויא אזוי מען האט זיי געבראכט פון דיא פעלזען־בערג, וועלכע האבען זיך אפט געפונען גאנץ ווייט פון דארטען — איז ניט לייכט צו ערקלערען.

אין דער קונסט פון צוזאמענפאסען שטיינער אין א מויער וואלטען דיא פערואנער ביי דיא שפאניער זיך ניט געהאט וואס צו לערנען.

מיר האבען דא געזאגט, אז דיא פערואנער האבען דיעזע ארבייט געטהאן כמעט אהן דיא הילף פון א בהמה. מיר ווייסען דאך אבער אז זיי האבען יא געהאט בהמות וואס האבען זיי געהאלפען שלעפען משא: דיא לאמאס. קיין גרויסע בעדייטונג האבען דיעזע בעשעפע־ניסען אבער ניט געהאט; טראגען אזעלכע משאות, וויא א פערד, קעמעל אדער אקס האבען זיי ניט געקענט. אפילו רייטען אויף זיי איז אויך געווען אונמעגליך.*)

*) ווען מען פרובט אויף א לאמא רייטען, קעהרט זיא אום דעם פנים צום רייטער און פערשפריצט איהם מיט אזא שפייעכץ, וואס האט אן עקעל־האפטען גערוך.

אַלע צעהן אָדער צוועלף מייל איז אויפ'ן וועג געווען אויסגעבויט א „ט אַ מ ב אָ“ — א סטאַציאָן, אָדער אַברוה פּלאַץ. אַזעלכע טאַמבאָס זיינען הויפּטזעכליך געווען צוגעריכט פאַר דעם אינקאַ און פאַר זיינע אַרומרייזענדע בעאַמטע. אין אייניגע פּלעצער זיינען די טאַמבאָס געווען מיליטערישע סטאַציאָנען. לעבען זיי זיינען געווען אויסגעבויט קאַזאַרמעס מיט פעסטונגען.

די וועגען האָבען געמוזט זיין אין דער בעסטער אָרדנונג. טאָמער איז עפּעס צובראָכען געוואָרען, פערטראָגען געוואָרען מיט שנעע אָדער זאַמד, אָדער פערפלייצט געוואָרען מיט וואַסער, האָבען די אונטער־טהעניגע איינוואוינער דאָס געמוזט גלייך פעררירכטען.

אַגריקולטור, ערד־אַרבייט איז געווען די הויפּט־בעשעפטיגונג פון לאַנד, און אין קיין אַנדער טהייל פון אַמעריקאַ איז זיא ניט געבראַכט געוואָרען צו אַזאַ וואונדערבאַר הויכע שטופע וויא אין פּערו. און ניט נור אין אַמעריקאַ, נור אפילו אין איירָאָפּאַ אויך. דאָס עראַי־נערט אונז אָן דעם פאַקט, אַז פון פּערו האָט דאָס איירָאָפּאַ בעקומען איהרע ערשטע קאַרטאָפעל. פריהער האָט מען דאָרטען אפילו ניט געוואוסט, אַז אַזאַ פּלאַנצונג איז גאָר פאַראַן אויף דער וועלט.

פון יעדער ברעקעל ערד פלעגט מען אין פּערו ציהען שפּייז. טוידטע פעלזען פלעגען ניט זעלטען פערוואַנדעלט ווערען אין ברויט־געבענדע פעלדער. מיר האָבען שוין געזאָגט, אַז די לאַנד איז דאָרטען דאָס רוב אָרים אין רעגען. פיעלע טהיילען איהרע בעשטעהען פון שטיינער און זאַמד. די נאַטור האָט ווייניג געטהאָן פאַר די דאָרטיגע מענשען. אַלזאָ זיינען זיי געצוואונגען געווען זיך צו העלפען מיט קינסטליכע מיטלען. דאָס וויכטיגסטע איז געווען די טרוקענע ערד פייכט צו מאַכען, איבער־גוואַלד אַרויסצורופען פרוכטבאַרקייט פון ערטער, אויף וועלכע מען האָט קיינמאָל ניט געזעהן קיין גרעזעלע; און דאָס האָבען די פּערואַנער געטהאָן אַזוי אַז עס רופט אַרויס נאָך מעהר ערשטוינונג וויא זייערע ריעזיגע פערקעהרס־מיטלען.

זיי האָבען געבויט אָפענע קאַנאַלען און אונטערערדישע גראָבענס, דורך וועלכע די וואַסער איז געגאַנגען פון אָזערעס צו די טרוקענע געגענדען. אַזעלכע וואַסער־וועגען האָבען זיי געהאַט א סך און פיעלע פון זיי זיינען געווען אונגעהייער לאַנג. איין אונטערערדישער גראָבען האָט, צום ביישפּיעל, געהאַלטען אַרום פינף־הונדערט מייל. ער איז

געווען אזוי טיעף, אז א מענש וואָלט אין איהם געקענט שטעהן. דיעזע אַלע וואסער־לייטונגען זיינען געווען געבויט פון גרויסע פלאַטשיגע שטיינער. פון אַן אַזערע, וואָס געפינט זיך טויזענדער פוס הויך אויף דיא ריעזיגע בערג, פלעגען זיי אזא אונטערערדישען גראָבען פיהרען אראָב בארג צו דיא ניעדריגע פערטריקענטע פלעצער. אויפ'ן וועג האָבען זיך געפונען פערשיעדענע שטערונגען; זיי זיינען זיי אָבער אַלע בייגעקומען. טאָמער האָט מען בעגעגענט א פעלז, האָט מען דורך איהם דורכגעהאקט א לאָך און דורך דיא לאָך פאָרטגעזעצט דעם וואסער־וועג; טאָמער האָט מען זיך אָנגעשטויסען אָן א בארג, וועלכער איז געווען צו גרויס, אז מען זאָל דורך איהם קענען דורכגראָבען א טונעל, האָט מען דעם וואסער־וועג געפיהרט ארום און ארום.

דיא רעגיערונג האָט שטרענג אכטונג געגעבען, אז יעדער פערואנער זאָל בעקומען זיין חלק וואסער פאר זיין פעלד. ווען איינער פלעגט בשתיקה צופיהרען א ספּעציעלען גראָבען צו זיין ערד, אום פון דעם אַלגעמיינעם גראָבען צו בעקומען מעהר וואסער וויא איהם האָט געקומט, פלעגט דאָס גערעכענט ווערען פאר איינעם פון דיא גרעסטע פערברעכענס און פלעגט בעשטראָפט ווערען מיט טוידט.

היינט זיינען דיעזע וואונדערבארע וואסער־גראָבענס שוין דאָס רוב פערוואקסען, פערשאָטען, פערניכטעט; וואָרים דיא שפּאניער האָבען זיך מיט אזעלכע זאכען ווענינ אינטערעסירט. אָבער אין פיעלע פּלעצער זיינען זיי נאָך דאָ עד היום. דיא וואסער פליסט נאָך דאָרטען און צוליעב דעם זעהט מען פרוכטבארע שטיקער ערד אין טרוקענע וויסטע געגענדען.

מיר האָבען דאָ אַלץ גערעדט וועגען ערטער, וואו עס געהט צו ווענינ רעגען. אין דיא ערטער וואו עס געהט גענוג רעגען און וואו תבואה וואָלט געוואקסען לייכט, האָבען דיא פערואנער אָפט געהאַט אנדערע שטערונגען. דיא פרוכטבארע ערד ליגט, צום ביישפּיעל, אויף דער זייט פון א גלייך־שטעהענדען בארג; עס איז שווער צו איהר צוצוקומען. אוועקוואַרפען אזעלכע ערד איז אָבער ניט געווען אין דער נאַטור פון דיא פערואנער. זיי האָבען זיך שוין אַן עצה געגעבען וויא דעם בארג צו בעארבייטען און פון איהם צו ציהען שפּייז. זיי פלעגען זיינע זייטען צושניידען אויף ריעזיגע טרעפּ אָדער טערראסען און

יעדען „טרעפּ“ פּלעגען זיי אַקערען און פּערזעען. דער פּראַנט פון יעדען „טרעפּ“ פּלעגט ביי זיי זיין אויסגעמויערט, אַזוי אַז אין סך הכל פּלעגט דער באַרג אויסזעהן וויא אַ מין טהורעם פון ריעזיגע טערראַסען, איינע איבער דיא אַנדערע.

ניט זעלטען פּלעגט זיך טרעפען, אַז נאָך דעם וויא מען האָט אויף אַזאַ באַרג אַוועקגעלעגט ריעזיגע כחות, און איהם צושניטען אויף טערראַסען, האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז דיא פּרוכטבאַרע ערד איז ניט מעהר וויא אַ דינער צודעק איבער אַ פעלזען־מאַסע. אין אַזאַ פאַל פּלעגען דיא פּערואַנער אויפ׳ן באַרג ברענגען פּרוכטבאַרע ערד פון דיא אַרומיגע פּלעצער, און צודעקען מיט איהר דיא האַרטע שטיין ביז עס איז געוואָרען אַ פּרוכטבאַרע פעלד.

אין אַנדערע ערטער, וואו דיא לאַנד איז פון אויבען געווען זאַמדיג, טרוקען און וויסט, פּלעגען זיי אין איהר גראָבען אום צו זעהן טאָמער געפינט זיך פון אונטען אַ פייכטערער און פּרוכטבאַרערער פּאָך ערד. אָפט פּלעגען זיי געפינען וואָס זיי האָבען געזוכט; דאַן פּלעגען זיי אַראָבגראָבען דיא זאַמד און דעם פּרוכטבאַרען גרונד בעאַרבייטען. דיעזע גריבער האָבען אָפט פערנומען אַ היבשען שטח, און געהאַלטען פופצעהן אָדער זאָגאַר צוואַנציג פוס דיא טיעף. אַזאַ גרוב־פעלד פּלעגען זיי אַרומצאַמען מיט ווענט פון ציעגעל, אום עס זאָל אהין זיך ניט קענען אַרויפשיטען דיא וויסטע ערד פון אויבען. דעם גרונד פון אַזאַ גרוב־פעלד פּלעגען זיי גוט דורכמיסטיגען מיט סאַרדינס, וועלכע דער ים פּלעגט אַרויסוואַרפען גרויסע מאַסען־ווייז אויפ׳ן ברעג.

זיי האָבען אויך געהאַט פערשיעדענע אַנדערע זאַכען אייף צו מיסטיגען דיא פעלדער. זעהר פיעל פּלעגען זיי צו דיעזען צוועק געברויכען „גואַנאָ“, — אַזאַ מין פויגעל־מיסט, וועלכע ווערט היינט פון פּערו אימפּאָרטירט אין פערשיעדענע לענדער איבער דער גאַנצער וועלט (זעה ערשטען באַנד, נאָטיץ אויף זייטעל 439). אויף דיא קליינע פּערואַנישע אינזלען ביים ברעג פון שטילען אָקעאַן האָט זיך דיעזע פויגעל־מיסט אָנגעזאַמעלט אין פערלויף פון פיעלע יאָהר־הונדערטע. גאַנצע בערג האָט זיך פון דעם אָנגעקליבען — בערג וועלכע וויזען פון ווייטען אויס אַזוי וויא בעדעקט מיט שניי. דיא פויגעל, וואָס גיט דיעזען טהייערען מיסט, האָט מען אין פּערו געוואוסט וויא

צו שעצען. אין דער צייט ווען זיא לעגט איהרע אייער און האָרעוועט איהרע קינדער, האָט קיינער דיא דערמאָנטע אינזלען ניט געטאָרט בעזוכען.

דורך דיא אַלע מיטלען, וואָס זיינען דאָ בקיצור דערמאָנט געוואָרען, פלעגען דיא פּערואַנער בעקומען פערשיעדענע פּראָדוקטען, ווערליג דעם קלימאַט פון דעם פּלאַץ. אין דיא ניעדריגערע, ווארימערע געגענדען האָבען זיי געהאַט קאַססאַוואַ אויף ברויט, און באַנאַנאַס; אויף דיא העכערע פּלעצער האָבען זיי געהאַט פעלדער מיט קוקורוזע. פון דיא שטענגלעך פון דיעזע תבואה האָבען זיי געצויגען אַזאַ מין האָניג וויא אויך דעם זעלבען זאָרט ביער וואָס דיא אַצטעקען האָבען געמאַכט. קאַרטאָפּעל האָבען מיר שוין דערמאָנט. דיא פּערואַנער האָבען אויך געהאַט אַ מין רייז און אַנדערע שפּייזען. טאַבאַק האָבען זיי אויך געהאַט. זיי האָבען דאָס אָבער בלויז געברויכט אויף רפואות.

מיר האָבען עטליכע מאָל דערמאָנט דיא לאַמאַ, דיא פיער־פיסיגע בעשעפענים, וואָס ווייזט אויס אַביסעל וויא אַ שעפּס און אַביסעל וויא אַ קעמעל. דער לעזער קען דיעזע בהמה זעהן אין דיא טהיער־גאַרטענס פון דיא גרויסע שטעדט. יעדע לאַמאַ קען טראָגען הונדערט פונט, און מיט דיעזע ניט־גרויסע משא קען זיא איינגעהן אַרום צעהן מייל אַ טאָג — ניט מעהר. דאָס האָט נאַטירליך ניט קיין גרויסע בעדייטונג. דערפאַר אָבער פאָדערט זיא גאַנץ ווייניג קאָסטען, קען פערטראָגען דיא גרעסטע קעלטען און קען קלעטערען איבער דיא גלייכסטע בערג, איבער דיא גליטשיגסטע אייז און איבער דיא שאַרפסטע פעלזען. זיא קען זיך קאָרמענען מיט דיא צרה׳דיגע מאָך, וואָס וואַקסט אין דיא קאַלטע באַרג־געגענדען, און קען, וויא אַ קעמעל, אויסקומען גאַנצע מאָנאַטען אָהן וואַסער. איהר קאַפּיטע, וויעדער, איז אַזוי געבויט, אַז זיא קען פעסט זיך איינטשעפּען אין אייז.

דיא היינטיגע איינוואוינער פון פּערו, ווייסע, רויט־הויטיגע אָדער געמישטע, בענוצען זיך מיט דיא לאַמאַס דעריבער אויף צו פיהרען סחורה. זיי לאָדען אָן עטליכע הונדערט בהמות אַזעלכע מיט אַמאָל און טרייבען זיי ביסלעכווייז הונדערטע מיילען איבער אַזעלכע פּלעצער, וואו מיט פערד וואָלט געווען אונמעגליך צו פאָהרען. און דיא גוט־מוטהיגע, געדולדיגע בהמות געהען וואוהין מען טרייבט זיי, — מען דאַרף זיי נור ניט אָנלאָדען איבער׳ן מאָס. קוים לעגט מען אויף איינע

פון זיי אַרויף איין פונט מעהר וויא זיא קען לייכט טראָגען, ריהרט זיא זיך שוין ניט פון אָרט, מען זאָל איהר אפילו פערשמייסען צום טוידט.

דיא פאַרצייטיגע פּערואַנער, דאָס הייסט דיא, וואָס פּיזאַררא האָט געפונען, האָבען מיט דער לאַמאַ אַלס משא־בהמה זיך בענוצט פיעל ווענינער וויא דיא שפּאַניער האָבען דאָס נאָכהער געטהאָן. זיי האָבען אַ סך מעהר נוץ געהאַט פון איהר וואָל און פון איהר פלייש. משא האָבען זיי אָבער אויף איהר אויך אַביסעל געפיהרט. יעדער פּערואַנער פון דיא בערג האָט זיך געהאַט עטליכע לאַמאַס. קיין בעשטימטע צאָהל איז ניט געוועזען. אחוץ דעם האָט יעדע „הונדערטשאַפט“ אויך געהאַט אַ געוויסע צאָהל קאָמוניסטישע לאַמאַס. דיא וואָל פון דיעזע „שאָף“ פלעגט צוטהיילט ווערען וועדליג דיא גרויס פון דיא פערשיעדענע פאַמיליען. אין בעשטימטע צייטען פלעגט מען אַ טהייל פון דיא געמיינשאַפטליכע לאַמאַס קוילען און דיא פלייש פערטהיילען. אָבער בלויז אַ קליינע טהייל דערפון פלעגט מען עסען פרישערהייט. דיא גרעסערע טהייל פלעגט צושניטען ווערען אויף דינע פּענעצען און געטריקענט ווערען. דיא נקבה־לאַמאַס, וואָס האָבען זיך נאָך געקענט פלאָדען, פלעגט מען קיין מאָל ניט קוילען. אחוץ לאַמאַס האָבען דיא פּערואַנער געהאַט אַ געוויסען זאָרט הינט און אַ קליינעם מין חזרים — ביזאַם־שוויינען (פּעקאַררי אויף ענגליש), און זייער פלייש פלעגען זיי אויך עסען.

דיא לאַמאַ האָבען דיא פּערואַנער אין פערלויף פון פיעלע יאָהר־הונדערטע געמאַכט פאַר אַ היימישע בהמה. עס זיינען אָבער געוועזען צוויי מינים פון דער זעלבער בעשעפענים, וועלכע זיינען געבליבען ווילד. דאָס זיינען דיא הואַנקאַס און וויקונאַס, וועלכע האָבען געלעבט אויף דער ווילדער פערפראָרענער נאַטור פון דיא בערג. דיא וויקונאַ גיט דיא בעסטע, איידעלסטע וואָל. זיא פלעגט מען כאַפּען איין מאָל אין פיער יאָהר, אָבשערען און צוריק אַוועקלאָזען אום עס זאָל ווידער אָבוואַקסען דיא וואָל. דער, וואָס האָט ניט בעלאַנגט צו דעם אינקאַ שבט האָט קיין וויקונאַ וואָל קיין רעכט ניט געהאַט צו טראָגען.

פון דיעזע וואָל האָבען דיא פּערואַנער אויסגעוועבט מאַנטלען, שאַלען, קאָווּיאָרען, פאָרהאַנגען. דיא מאַטעריע איז געוועזען כמעט אַזוי דעליקאַט וויא זייד. זיי האָבען אויך אויסגעוועבט שעהנע זאַכען פון

פערשיעדענע פעדערען, אָבער דיעזע ארבייט האָט ביי זיי ניט געשפּיעלט אזא ראָלע וויא ביי דיא אצטעקען, — איינפאך וויל דיא



אַ געוועבטע אַלט־פּערואַנישע מאַטעריע (דיא קאָלירען זיינען ברוינע און געלבליך־ווייסע)

אצטעקען האָבען ניט געהאַט קיין וואָל, און ניט געוואוסט פון אַזעלכע פּרעכטיגע געוועבען וויא דיא פּערואַנער וויקונאַ שטאָפען.

אַ פּערטער מין לאַמאַ האָט געהייסען אַ ל פּ אַ ק אַ. פון דיעזער פּערואַנישער בהמה ווערט דאָס היינט געמאַכט „אַלפּאַקאַ“ — דיא לייכטע גלאַנציגע ווייכע מאַטעריע, וועלכע ווערט אומעטום געברויכט אויף קליידער.

דיא לוקסוס־זאַכען וואָס מען האָט געמאַכט פאַר דעם הויפּט־אינקאַ מיט זיינע צאָהלרייכע קעבס־ווייבער, אָדער פאַר דיא גלחים און



אַ גאָלדענער אַלט־פּערואַנישער בעכער

אַנדערע מיטגליעדער פון דעם הערשענדען שבט, האָט מען מייסטענס געהאַלטען אין דיא פּאַלאַצען און טעמפּלען פון דער הויפּט־שטאָדט. און ווען אַ אינקאַ איז געשטאָרבען האָט מען מאַסען פון דיעזע קאָסט־באַרע אַרטיקלען בעגראָבען מיט איהם צוזאַמען — אַ מנהג וועלכען מיר געפינען ביי אַלע אינדיאַנער און ביי דיא אונענטוויקעלטע פעלקער פון דער גאַנצער וועלט.

אין דיא קברים פון דיא אינקאס האבען אייראפּעער, נאך דעם וויא דיא שפּאניער האבען עראבערט פּערו, געפונען מערקווירדיגע גאלדערנע און זילבערנע וואזעס, בראסלעטען, קראגענס און פיעלע אנדערע ציערונגען; פערשיעדענע געצייג פון קופּער אדער פון אזא ליים, שפּיגלען פון פּאלירטע זילבער אדער פון געשליפענע שטיין. וויא אזוי זיי האבען דאס אלעס געמאכט אהן אייזערנע אינסטרומענטען איז



אן אלט־פּערואנישער מעסער

א רעטעניש, מיט וועלכען מיר האבען זיך שוין געטראפען ווען מיר האבען געהאלטען ביי מעקסיקא. זיי האבען אויך געשניטען אזא הארטען שטיין וויא עמעראלד. אדער נעהמט אזא ביישפּיעל: צווישען דיא געשניצטע שטיינערנע פיגורען, וואס זיינען פון זיי איבערגע־בליבען, געפינט מען חיות מיט רינגען אין דיא נעזער: דיא רינגען רוקען זיך פריי ארום און אלץ איז אויסגעשניטען אויף דעם דעליקאט־

סטען שטייגער פון איין שטיין. אין פּערו, אַזוי וויא אין מעקסיקאָ, האָט זיך געפונען אַ מאַסע אייזען־ערד, און, אַזוי וויא דיא אַצטעקען, האָבען דיא אינקאַס ניט געוואוסט וואָס דאָס איז אַזוינס און וויא אַזוי זיך דערמיט צו בענוצען. ביידע פעלקער האָבען אָבער געפונען אַ מיטעל צו שאַפען אַ געוויסען מעטאַל (פון קופּער מיט צין, גלויבט מען), וועלכער האָט זיי געדיענט אַזוי וויא אונז דיענט שטאָהל. וויא אַזוי זיי האָבען דיעזען מעטאַל צוגעפערטיגט, אַז ער זאָל האָבען אַזאַ שטאַרקייט און זאָל קענען אויף אַ געוויסע צייט איינהאַלטען אַ שאַרף, איז אַ סעקרעט, וועלכען מען קען היינט ניט ענטדעקען. מערקווירדיג איז, אַז פונקט דאָס זעלבע געפינען מיר ביי דיא פּאַרצייטיגע עגיפּטער. זיי האָבען אויך ניט געוואוסט וויא אַזוי צו בעאַרבייטען אייזען, און זיי האָבען אויך צוגעפערטיגט האַרטע שאַרפע אינסטרומענטען פון אַן אַנדער מעטאַל, וואָס זיין כאַראַקטער איז איצט אונבעקאַנט.

אין אַרכיטעקטור, אַלס אַ שעהנע קונסט, זיינען זיי וויים ניט דערגאַנגען. זייערע געביידעס זיינען אַלע פון דעם זעלבען זאָרט, אַזוי וויא „איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט" — איינפאַכע הייזער פון דיא קלענסטע ביידעל ביז דעם ריעזיגסטען פּאַלאַץ אָדער טעמפּעל, אָהן שום זיילען אָדער טהויערלעך; בלויז אין אייניגע געביידעס זיינען דיא שטיינער אויסגעהייהלט, אויסגעבויגען אויף אַן עכט קיילעכדיגען שטייגער. און מערקווירדיג: וועהרענד זיי האָבען אַרויסגעוויזען אַ זעלטענע בריות'קייט אין צוזאַמענשטעלען ריעזיגע שטיינער אַזוי אַז צווישען זיי האָט זיך ניט געזעהן דער קלענסטער שפּעלטעלע, האָבען זיי ניט געוואוסט פון קיין אַנדער מיטעל צוגויפצופעסטיגען קלעצער, וויא מיט שטריק. אויסהאַקען „צאַפּענס" אַזוי, אַז דיא ברעגעס פון צוויי קלעצער זאָלען זיך צוזאַמענשליסען וויא פינגער, אויף דעם שכל זיינען זיי ניט געפאַלען. פון קיין פענסטער האָבען זיי אויך ניט געוואוסט. זייערע הייזער פלעגען בעלויכטען ווערען בלויז דורך דיא שיין, וואָס פלעגט אין זיי אַריינקומען דורך דער טהיר. זייערע טהירען זיינען געווען אונטען פיעל שמעלער וויא אויבען; און דאָס אינטערע־סאַנטסטע דערביי איז, פיליכט, דער פאַקט אַז ביי דיא פּאַרצייטיגע עגיפּטער זיינען דיא טהירען אויך געווען אַזעלכע.

פון קיין העכערע געביידעס וויא איין עטאַזשיגע האָבען זיי אויך ניט געוואוסט. דיא פּאַלאַצען פון דיא אינקאַס האָבען פערנומען אַ סך

פלאַץ אין דער לײנג און אין דער ברייט; זיי זיינען אָבער אַלע געווען איין־עטאַזשיגע. דיא דעכער זיינען מייסטענס געווען פון שטרוי אָדער פון האָלץ — אפילו אויף דיא פּאַלאַצען.

און דיא צימערען פון דיעזע געביידעס אָהן פענסטער, זיינען אָפט אינוויינינג געווען בעפוצט מיט גאָלד און זילבער!

פייער פלעגען דיא פערואַנער מאַכען ענטוועדער מיט ברען־שפּיגלען,*) אָדער מיט אַ פייער־דריל.

פון וואָג האָבען זיי געוואוסט, און אין דעם זיינען זיי אוועק ווייטער וויא דיא אַצטעקען.

אין סקולפּטור, טעפּעריי, און וואַזע־אַרבייט זיינען זיי אפשר



אַן אַלט־פּערואַנישע כלי אין דער פאָרמע פון אַ קאָפּ (דיא געזיכט איז געווען ניט סתם אַ געשטאַלט, נור דער פּאָרטרעט פון אַ געוויסע פּערזאָן)

*) דער לעזער האָט מסתמא געזעהן, וויא אזוי מען פערברויכערט אַ פּאַפּיראָס מיט אַ פערגרעסער גלעזעל. דיא אויסגעבויגענע בולט'ע גלעזעל

געשטאַנען ניט פיעל העכער וויא דיא מעקסיקאַנער. זיי האָבען אָבער געהאַט אַ פיעל גרעסערע פערשיעדענהייט פון פיגורען, פאַסאָנען און פאַרבען. געוועהר האָבען זיי געהאַט בעסערע וויא דיא מעקסיקאַנער.



אַן אַלט־פּערואַנישע ליימענע פלאַש מיט איינגעדריקטע פיגורען

זאמעלט דיא שטראהלען אין איין פונקט (אין אַ „פאָקוס“, וויא מען רופט עס) און ווען מען האַלט ביי דיעזען ברען־פונקט דעם פּאַפּיראָס צינדט ער זיך אָן. דיא פּערואנער פלעגען ביי דעם ברען־פונקט האַלטען אַ בינטעל פּעדים אָדער העלצלעך.

אין וויסענשאַפט זיינען זיי געשטאַנען ניעדריגער וויא דיא אצטעקען. ערשטענס האָבען זיי ניט „געשריעבען“ מיט בילדער נור מיט קניפּלעך. מיר האָבען שוין דאָס אויבען דערמאָנט, דאָ אָבער וועלען



אַן אַלט־פּערואַנישע וואַזע, אין וועלכע דיא געוויכט איז געוועזן אזוי אויס־גערעכענט, אז זיא זאָל שטעהן אויף איהר שפּיציגען „דנאָ“

מיר בקיצור ערקלעהרען אין וואָס דיעזער זאָרט „שרייבען“ איז בעשטאַנען.

ווער פון אונז האָט דאָס ניט אמאָל זיך געמאַכט א קניפּעל אויף דער פאַטשיילקע פאַר א סימן אום עפּעס ניט צו פערגעסען. דאָס איז

דער פונדאַמענט פון דער קניפּעל־שפּראַך, וועלכע די פּערואַנער האָבען ענטוויקעלט.

דיא קניפּלעך פלעגען זיי מאַכען אויף פעדים וואָס זיינען אראָב־געהאַנגען פון אַ קאָלירטע שטריק ארום צוויי פוס דיא לייִנג — אַ מין דיקער שנור מיט לאַנגע פרענדז. דיא פעדים זיינען געווען פון פערשיע־



אַ בעריכט אויף דער קניפּעל־שפּראַך

דענע קאָלירען, און דיא קניפּלעך פלעגט מען אויך מאַכען פערשיעדענע. יעדער קאָליר און יעדער זאָרט קניפּעל האָט געהאַט אַ בעזונדערע בעדייטונג. אַ ווייסער פאָדים האָט געהייסען זילבער, צום ביישפּיעל, אַ געלער — גאָלד; אַ גרינער — קוקורוזע; אַ רויטער — סאָלדאַטען, א. ז. וו.... אויב אויף אַ געלען פאָדים איז געווען אַ קניפּעל, וועלכער

האָט בעדייט „דריי“ למשל, האָט מען געוואוסט, אַז עס האַנדעלט זיך אום דריי מאָס גאָלד.

מיט פערשיעדענע קניפּלעך האָבען דיא פּערואַנער פאַרגעשטעלט דיא פערשיעדענסטע צאָהלען. אַן איינפאַכער קניפּעל האָט געהייסען צעהן; אַ דאָפּעלטער — הונדערט; אַ דרייפאַכער — טויזענד. צוויי איינפאַכע קניפּלעך איינער לעבען אַנדערען האָבען געהייסען 20; צוויי דאָפּעלטע — 200 א. ז. וו. דיא ווייטקייט פון דעם קניפּעל פון דער שטריק האָט געהאַט אַ בעשטימטע בעדייטונג. אויך האָט זיך געווענדעט אויפ'ן וויפיעלטען פּאָדים דער קניפּעל האָט זיך געפונען.

דער שנור מיט דיא פּעדים מיט דיא קניפּלען האָט געהייסען „קוויפּו“. עס זיינען געווען ספּעציעלע „קוויפּו־קאַמאַיוס“, דאָס הייסט קניפּעל־האַלטער, — מענשען וואָס זיינען געווען געניט אין מאַכען דיא קניפּלעך און אויסטייטשען זיי. דורך דיעזע קניפּעל־שפּראַך האָבען דיא אינקאַס דאָס געפיהרט זייערע רעגיערונגס רעכנונגען און קאָנטראָלירט דיא לאַנד.

אַחוץ די געוועהנליכע קניפּעל־לומדים זיינען אויך געווען „חכמים“, וואָס האָבען געהאַלטען אין זכרון דיא פריהערדיגע און נייע פּאַסירונגען. זייער תורה איז אין גאַנצען געווען „בעל פה“, זיי האָבען אַלץ געלערענט אויף אויסוועניג, און אַזוי דאָס איבערגעגעבען פון דור צו דור. קוויפּוס פלעגען זיי אָבער דיענען אַלס סמנים, אַלס אויסהעלפער צו זייער זכרון. דיא שפּאַניער האָבען זיך ניט געקענט אָבוואונדערען זעהענדיג וויפיעל פערשיעדענע געדאַנקען דיא פּערואַנער קענען פערצייכנען און לעזען — אויף זייערע קוויפּוס.

פון אַסטראָנאָמיע האָבען זיי געוואוסט וועניגער וויא דיא אַצטעקען. ליקוי חמה און ליקוי לבנה, למשל, וועגען וועלכע דיא מעקסיקאַנער האָבען געהאַט אַ ריכטיגען בעגריף, האָבען זיי פערשטאַנען ניט בעסער וויא דיא ווילדעסטע אינדיאַנער. ווען דאָס פלעגט טרעפען, פלעגען זיי מיינען, אַז דיא לבנה, צום ביישפּיעל, איז קראַנק און פערשלאָפען און זיי פלעגען טרומייטערען און מאַכען גוואַלדען איהר אויפצואַוועקען. דיא בעוועגונגען פון דער זון פלעגען זיי אָבער בעאָבאַכטען מיט פערשטאַנד און זיי האָבען געהאַט אַ קלאָהרען בעגריף וועגען דיא צייטען, ווען זיא דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט אויפ'ן הימעל, ווען דער טאָג און דיא נאַכט קומען אויס גלייך, וואו

דיא זון געפינט זיך אין פריהלינג, אין הערבסט א. ז. וו. געשטאַמט האָט דיעזע קענטניס זייערע פון דעם, וואָס זיי האָבען זייער הויפּט־חיונה געצויגען פון ערד־אַרבייט. דיא פערשיעדענע צייטען פון יאָהר — ווען מען דאַרף אַקערען, זייהען, שניידען א. ז. וו. — האָבען געשפּיעלט דיא וויכטיגסטע ראָלע אין זייער לעבען. אויף דעם איז אויך געווען געבויט דיא וויכטיגסטע טהייל פון זייער רעליגיאָן, און זייערע גרעסטע ימים־טובים.

אויף נאָכצוקוקען דיא בעוועגונגען פון דער זון האָבען זיי אין דער שטאָדט קוזקאָ געהאַט מעהרערע געמויערטע זיילען. אַרום דיעזע זיילען איז דיא ערד געווען גלאַט אויסגעפּלאַסטערט מיט פּאַסען, און פון אויבען האָבען זיך געפונען קייקלען מיט לעכער, דורך וועלכע דיא שטראַהלען זאָלען דורכגעהן. קוקענדיג דאָ אויף דיא שיין מיט דיא שאָטענס פּלעגען דיא פּערואַנער בעשטימען וואו דיא זון האַלט אין איהרע בעוועגונגען.*)

דער פּערואַנישער יאָהר איז בעשטאַנען פון צוועלף מאָנאַטען, צו 30 טעג אין אַ מאָנאַט. צום ענדע יאָהר פלעגט צוגעלעגט ווערען פינף טעג, וויא ביי דיא אַצטעקען, און אַלע פיער יאָהר פלעגט צוגעלעגט ווערען נאָך אַ טאָג.

דיא פּערואַנער האָבען געגלויבט אין אַ הויכען, אַלמעכ־טיגען גייסט, וואָס שאַפט אַלץ און שטעהט העכער וויא אַלע אַנדערע געטער. פון דיא אינקאַס זיינען איבערגעבליבען עטליכע אינטערעסאַנטע תפילות צו דיעזע געהיימניספולע קראַפט פון אַלע קרעפטע, און עס איז פאַראַן אַ בעריכט אז איהר געשטאַלט האָט פערנומען אַ וויכטיגען פּלאַץ אין זייער גרויסען זון־טעמפּעל. קיין דייטליכען בעגריף האָבען זיי אָבער וועגען דעם ניט געהאַט. הויפּטזעכליך האָט מען געדיענט צו זיידע־געטער, דאָס הייסט דיא מיטגליעדער פון יעדער אייללו (געגנט) האָבען זיך געהאַט זייער בעזונדערען שעפּפער, פון וועלכען עס האָט געשטאַמט זייער „אייללו". דער זיידע גאָט פון דעם אינקאַ שבט איז געווען דיא זון און דיא אַנערקענונג פון איהר געטליכקייט איז פערשפּרייט געוואָ־רען צווישען דיא בעזיעגטע שבטים אויך. אַזאַ רעליגיעזען געפיהל איז

*) אז עס איז פערקעהרט, דאָס הייסט, אז דאָס בעוועגט זיך גאָר דיא ערד ארום דער זונן, האָבען זיי, נאַטירליך, ניט געוואוסט.

געווען ליכט צו פערשפרייטען, ווייל דיא זון, אַלס אַ קוואַל פון ליכט און וואַרימקייט און לעבען פאַר לעבעדיגע זאַכען און פלאַנצונגען, האָבען זיי אייגענטליך אַלע פערגעטערט.

צוזאַמען מיט דער זון האָבען דיא אינקאַס אַנערקענט אַלס געטער איהר שוועסטער און פרוי (דיא לבנה), איהר סוויטע (דיא שטערען); אויך האָבען זיי געבויט טעמפּלען צו דעם דונער און בליץ, אַלס דיא זון'ס בייזע שלוחים, און צו דעם רעגען־בויגען, אַלס דיא אָבשפּיגלונג פון איהר פּראַכט.

יעדע פאַמיליען־גרופּע האָט זיך אַלזאָ געהאַט איהר זיידע־גאָט. אחוץ דעם זיינען געווען פערשיעדענע קליינע געטער, וואָס האָבען פאָר־געשטעלט דעם גייסט פון פערשיעדענע זאַכען. צום ביישפּיעל, יעדע הויז האָט געהאַט אַ וואַזע, מיט דיא פיגורען פון קוקורוזע. דאָס איז געווען דער געץ פון דעם קוקורוזע־גאָט, פון דעם גאָט פון שפּייז; צו איהם פלעגט מען מתפּלל זיין און מקריב זיין שפּייז. אויך האָט כמעט יעדע הויז געהאַט אַ לאַמאַ־גאָט, אויך אַ גאָט פון דער ערד א. ז. וו.

דיא וויכטיגסטע רעליגיעזע געביידע פון דיא אינקאַס איז געווען זייער זון־טעמפּעל, וועלכער האָט זיך געפונען אין קוזקאָ, אין רעכטען מיטען שטאָדט. ער איז בעשטאַנען פון איין הויפּט־געביידע און פון פיעלע קלענערע געביידעס. דאָס אַלץ איז געווען געבויט פון ריעזיגע שטיינער און איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ וואַנט — אויך פון שטיין. ציעזאַ דע לעאָן, איינער פון דיא וויכטיגסטע און פּינקטליכ־סטע פון דיא אַלטע שפּאַנישע היסטאָריקער פון פּערו, האָט דעם טעמפּעל געזעהן, ווען דיא געביידע איז נאָך געווען כמעט גאַנץ, און ער זאָגט, אַז אין שפּאַניען (פון זיין צייט) געפינען זיך בלויז צוויי געביידעס וואָס קענען זיך פערגלייכען צו איהם אין שעהנ־קייט, גרויס און דיא קונציגקייט מיט וועלכע ער איז געבויט געוואָרען.

דיא מערב־וואַנט פון דעם הויפּט־מויער האָט אויף זיך געהאַט אַ גאָלדענע פיגור: אַ מענשליכען פּנים, אַרומגערינגעלט מיט זונען־שטראַהלען. דאָס אַלעס איז געווען אויסגעקריצט אויף אַ ריעזיגע ברעט פון גאָלד, אויסגעזעצט מיט עדעלשטיינער. פּונקט אנקעגען, אין דער מזרח־וואַנט, איז געווען אַן אָפענער טהויער, אַזוי אַז אין דער פריה פלעגט דיא שיין פון דער זון פאַלען אויף דיעזע פיגור און דער

גאַנצער טעמפּעל פלעגט פערפלייצט ווערען מיט דעם גאָלדענעם אָבגלאַנץ פון דער געטליכער געשטאַלט. דיעזע בלענדענדע שיין, ווידער, פלעגט פאַלען אויפ'ן באַלקען און אויף דיא אַנדערע ווענט און פלעגט זיך אָבשפּיגלען אין דיא פּאָלירטע מאַסען גאָלד, מיט



אַ לייםענע כלי אין דער פאָרמע פון אַ קוקורוזע מיט קוקורוזע־פיגורען אַלס בעפּוצונגען (דאָס איז געווען דער גייסט פון דעם קוקורוזע גאָט, איינער פון דיא הויז־געטער אין אַלט־פּערו)

וועלכע דאָס אַלץ איז געווען בעדעקט. יעדער ווינקעלע איז געווען פון גאָלד, און יעדער ווינקעלע האָט געבליסטשעט און געבלאַנקט מיט „דיא זון'ס טרעהרען", וויא דיא פּערואַנער פלעגען דאָס רופען.

אַלע קאָרניזען פון דיעזען בית המקדש זיינען געווען פון סאָלידע גאָלד, און אַ מין ריעזיגער גאָרטעל, וואָס האָט בעציערט דעם טעמפּעל פון דרויסען און האָט זיך געצויגען אַרום און אַרום דער אונגעהייערער געביידע, איז אויך געווען פון דיעזען מעטאַל.

קלענערע געביידעס זיינען געווען געווידמעט צו דער לבנה, צו דיא שטערען, צום דונער און בליץ, און צום רעגען־בויגען. דיא אַנדערע געביידעס זיינען געווען פאַר דיא פיער טויזענד כהנים, וואָס האָבען אין דיא טעמפּלען געפיהרט דיא צערעמאָניעס.

דיא הייליגע כלים זיינען אַלע געווען פון גאָלד אָדער פון זילבער. אויף דער פּאָדלאָגע פון דעם גרויסען זון־טעמפּעל זיינען, צום ביישפּיעל, געשטאַנען צוועלף ריעזיגע זילבערנע וואזעס מיט קוקורוזע קערנער. קריג פאַר דיא הייליגע וואַסער, וויירויך־בעקענס, רערען, דורך וועלכע דיא וואַסער איז צוגעקומען פון אונטער דער ערד, דער רעזערוואָאַר, אין וועלכען זיא איז אַריינגעפלאָסען, און אפילו דיא רידלען און אַנדערע געצייג מיט וועלכע מען האָט בעאַרבייט דיא גערטנער פון דעם טעמפּעל — אַלץ איז געווען פון גאָלד אָדער פון זילבער. דיא גאָרטענס גופא האָבען אויך ענטהאַלטען מאַסען פון דיא טהייערע מעטאַלען — גאָלדענע און זילבערנע פיגורען פון לאַמאַס, פון פויגלען, פון בלומען.

דער הויפּט־פּריעסטער אָדער כהן גדול איבער אַלע טעמפּלען פון לאַנד — דער ווילאַק ומי, וויא ער האָט געהייסען — איז געווען נעכסט צו דעם אינקאַ אין וויכטיגקייט. ער איז געווען דעם אינקאַ'ס אַ ברודער אָדער, ווענינסטענס, אַ נאָהענטער קרוב.

דיא הויפּט־גלחים פון דיא פּראָווינצען האָבען אויך געמוזט האָבען אינקאַ־בלוט אין זייערע אָדערען, אָבער דיא בעזיעגטע שבטים האָבען זיך געהאַט זייערע אייגענע פּריעסטער.

דער גרעסטער יום־טוב איז געווען „הוראַטשיקו“. ער האָט זיך אָנגעהויבען אין זייער זומערדיגער „זאָננע־ווענדע“, ד. ה., ווען דיא זונן דערגרייכט איהר וויטעסטען פונקט צו דרום צו. דיא אינקאַס האָבען זיך געפרעהט וואָס זיא פערנעהמט זיך ווידער צו געהן איבער איהר וועג, וואָס זיא וועט ווידער לייכטען, וואַרימען און קוויקען איהרע קינדער, דעם אינקאַ שבט. דאַן פלעגען זיך אין קוזקאָ צוזאַמענקומען אינקאַס פון גאַנצען לאַנד. דריי טעג האָט מען געפאַסט, און אין קיין הויז קיין פייער ניט אָנגעצונדען. דער יום־טוב האָט זיך

אָנגעהויבען אויפ'ן פיערטען טאָג. בעגינען האָט דער הויפּט־אינקא מיט זיין סוויטע, מיט זיין גאַנצען שבט אָנגעפּאַנגען א פּראָצעסיע און נאָך זיי האָט נאָכגעמאַרשירט כמעט דיא גאַנצע שטאָדט. מען איז גע־גאַנגען צום גרויסען סקווער, און דאָרטען האָט מען געוואַרט אויף דעם אויפגאַנג פון דער זונן אום איהר צו בעגריסען. דער עולם איז געוועזן אויסגעפּוצט יום־טוב'דיג. דיא אינקאַס האָבען געטראָגען זייערע רייכסטע שעהנסטע בגדים און ציערונגען. וועהרענד פון אויבען אי־בער זיי האָבען דיענער געטראָגען חופּות פון אַלערליי פעדערען און פון קאָסטבאַרע וויקונאַ־שטאָפען. דער ריעזיגער סקווער האָט געבלים־טשעט און געפלאַמט פון עדעלשטיינער, גאָלד און קאָלירטע מאַטעריעס. אויפ'ן סקווער פלעגען זיי שטעהן מיט דיא אויגען פעררים עצען צו מזרח־זייט, אונגעדולדיג וואַרטענדיג אויף זייער גאָט — דיא זון. ענדליך, ווען דער ערשטער בלאַסק שיין פלעגט זיך בעוויזען אויף דיא שפּיצען פון דיא טורעמס, פלעגט ארויסזעצען א יובעל־געשריי, בעגלייט מיט געזאַנג און מוזיק; און וועהרענד דיא זונן האָט ביסלעכווייז ארויסגע־שוועבט פון הינטער דיא בערג, פלעגט דער געפּילדער ווערען אלץ הע־כער און בעגייסטערטער. נאָך געוויסע צערעמאָניעס פלעגט דער אינקא נעהמען א גילדערנעם קרוג מיט משקה (ביער פון קוקורוזע אָדער אַגאַווע), אויסגיסען א ביסעל צו דער זון און דאַן נעהמען צו־ערשט אליין א זופּ און דערנאָך געבען זיין סוויטע צו ביסלעך.

פון סקווער איז מען דאַן געגאַנגען צום גרויסען זונן־טעמפּעל. ווען מען איז ארייגעקומען אין דער גאַס, וואו דיא הייליגע געביידע איז געשטאַנען, האָבען אלע אויסגעטהאָן דיא שיך, — אלע אויסער דער אינקא און זיינע נעהנטסטע, וועלכע האָבען זייערע שיך געטראָגען ביז זיי האָבען דערגרייכט דעם טעמפּעל גופא. אהין האָבען קיין אַנ־דערע ווי זיי דאַן ניט געטאָרט אריינגעהן. נאָך דעם וויא זיי האָבען אינווענדיג פערבראַכט א היבשע צייט און מתפּלל געוועזן צו זייער אור־פאָטער, דיא זונן, האָבען זיי זיך בעוויעזען פאַר'ן עולם. דאַן האָבען זיי מקריב געוועזן קרבנות פון בהמות, תבואה, בלומען און בשמים.

נאָך דעם וויא מען האָט געקוילעט דעם ערשטען קרבן, פלעגט מען אָנצינדען א הייליגען פייער. אויב דיא זון האָט געשיינט, פלעגט מען דאָס טהאָן מיט א ברען־שפּיעגעל; אויב עס איז געוועזן פערוואָל־קענט — מיט א פייער־דריל. דיים הייליגען פלאַם פלייגט מען איבער־

געבען צו דיא זונן־מיידלעך און זיי פלעגען זעהן, אז ער זאל ברענען א גאנץ יאהר. אויב עס האט געטראפען, אז דער פייער איז פערלאשען געווארען אין מיטען יאהר, האט מען דאס גערעכענט פאר א סימן אויף א גרויסען אונגליק.*)

גלייך וויא דער הייליגער פייער האט זיך פאנאנדערגעברענט האט מען אויפ׳ן מזבח מקריב געווען דעם געקוילעטען קרבן; נאך דעם האט מען געקוילעט פיעלע אנדערע קרבנות. א מאסע לאמאס פלעגט מען אין דיעזען יום־טוב אזוי אויסשעכטען. מען האט זיי אבער ניט פערברענט, נור בלויז געבראטען צו דער סעודה, אין וועלכער עס האט אנטהייל גענומען דער גאנצער עולם.

דיא „זון־מיידלעך“ פלעגען אויף יענעם טאג אויסבאקען אזא מין הייליגען טארט פון קוקורוזע. מיט דעם פלעגט מען פערבייסען דיא משקה וואס מען האט געטרונקען לכבוד דער זונן. און דיא משקה האט פריי געפלאסען עטליכע טאג נאכאנאנד. דיא מאסען האבען געטרונקען, געטאנצט, געזונגען און דאס אלץ האט געהאלפען זיי צוצוביגען צו דער זון מיט „דיא זון׳ס זיהן“, דאס הייסט צו דיא אינקאס.

אין דיעזען יום־טוב פלעגען דיא בחורים, וואס זיינען געווען אלט גענוג, בעקומען געוועהר, און דיא ערלויבנים צו טראגען הויזען — אנערקענט ווערען פאר „בר מצוה“, פאר פאלשטענדיגע מענשען. אין פערלויף פון דיא פריהערדיגע אכט טעג פלעגען זייערע מוטערס, שוועסטער, קרובים זיין פערנומען מיט צוגרייטען ספעציעלע קליידער פאר זיי — אויסוועבען הויזען פון דיא אדערען פון לאמאס, געלע וויקונע העמדער, מיט שווארצע ברעגעס, ווייסע מאנטלען מיט רויטע קורטאסען און שיך פון א געוויסען מין געלע שטעקלעך. פאר זיך אליין פלעגען דיא עלטערען און קרובים פון דעם „בר מצוה“ צופערטיגען געלע מאנטלען מיט שווארצע פעדער־פוצונגען.

אין דער צערעמאניע האט אנטהייל גענומען דער הויפט־אינקא. יעדער בחור׳ל פלעגט קומען מיט א לאמא פאר א קרבן, און אלע

*) פונקט אזעלכע הייליגע פייער־מיידלעך פלעגען זיין ביי דיא אור־אלטע רוימער. „וועסטאלקעס“ פלעגט מען זיי ביי זיי רופען. אויך פלעגען דיא אוראלטע רוימער האבען דיא צערעמאניע פון אנצינדען דעם הייליגען פייער מיט א ברען־שפיגעל.

צוזאַמען פלעגען זיי זיך אַוועקלאָזען צו אַ היילינען באַרג. אויפ'ן וועג פלעגען זיי זיך אָבשטעלען אין אַ געוויסען פּלאַץ, וואו מען האָט זיי אַלעמען געשמיסען מיט פייערדיגע שמיץ, אום צו זעהן אויב זיי קענען אויסהאַלטען ווענהטאָג ניט מאַכענדיג קיין קרומע אַוואיע דערביי.*) נאָכ'ן שמייסען האָבען זיי געזונגען אַ געוויסע ליעד.

אַ טהייל פון דיא צערעמאָניעס איז בעשטאַנען אין אַ „רייס" — צו זעהן ווער עס קען בעסער לויפען. (דיא פּערואַנער זיינען פיליכט געוועזען דיא געשווינדסטע לאַפערס אין אַמעריקא, און צו דיעזע רייסעס האָבען דיא אינקאַס געשאָנקען פיעל אויפמערקזאַמקייט). מען איז געלאָפען עטליכע ענגלישע מייל, ביז דעם סאַמע היילינען באַרג. דאָרטען האָבען געוואַרט מיידלעך פון דעם אינקאַ שבט פון 11 ביז 14 יאָהר, זיי זיינען געשטאַנען מיט וואַזעס קוקורוזע ביער און געזונגען: „גיכער, גיכער, יונגע לייט! מיר וואַרטען, מיר וואַרטען יונגע לייט! קוקט זשע, קומט זשע, קומט זשע גיכער!" געוועהנליך פלעגען אין דער „רייס" אַנטהייל נעהמען 800 בחורים, און דיא סצענע פלעגט אין דעם עולם אַרויסרופען דעם ווילדעסטען אינטערעס. דער, וואָס האָט דער ערשטער בעקומען אַ טרונק ביער, האָט בעקומען אַ בעזונדערע מתנה פון דעם אינקאַ.

דאָס אַלץ איז געוועזען דער אָנהויב פון אַ סעריע צערעמאָניעס וועלכע האָבען זיך געצויגען פיער וואָכען. דער שלום איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט דיא יונגע קאַנדידאַטען דורכגעלעכערט דיא אויערען און אָנגעטהאָן לאַנגע אויערראַנגלעך. מיט דעם זיינען זיי געוואָרען פאָלשטענדיגע אינקאַ־פּריצים.

אינטערעסאַנט זיינען אויך דיא בעשרייבונגען פון דעם יום־טוב „אונטיפּריימי", וועלכער פלעגט אויסקומען גלייך נאָך דעם, וויא מען האָט אַראָבגענומען דיא תבואה פון דיא פעלדער. דער אינקאַ און זיין „קאָיאַ", זיין געזעצליכע פרוי,ביידע אויסגעפּוצט אין העלע קליידער פון וויקונאַ וואָל, אין העל־קאָלירטע פעדערען, גאָלד און עדעלשטיינער, האָבען פערנומען דעם אויבענאָן אויף אַ מאַהלצייט, וועלכער איז געגעבען געוואָרען אויף אַ סקווער. דיא שפּייז און דיא געטראַנק

*) פּונקט אַזאַ מנהג איז געוועזען ביי דיא איינוואוינער פון ספּאַרטאַ, אַלט־גריכענלאַנד.

האָבען דערלאַנגט זון־מיידלעך. געקליידעט אין ווייסען און מיט גילדערנע קרוינדעלעך אויף דיא קעפּ, האָבען זיי ווידער געטהיילט משקה און הייליגע טאָרט; און נאָך דער סעודה האָבען זיי אַרויסגע־בראַכט פּעק מיט וואָלצייג, וואָס זיי האָבען אַליין אויסגעוועבט. דיא שענסטע און מערקווירדיגסטע מאַטעריעס האָבען זיי אַוועקגעלעגט פאַר׳ן אינקאַ מיט זיין „קאָיאַ“ און דיא אַנדערע אינקאַס; וועהרענד דער עולם האָט בעקומען טוך פון פּראָסטערע וואָל אָדער באַוועל. אויך האָבען זיי געטהיילט בלומען־קראַנצען, פּאַרטיגע קליידער, און פערשיע־דענע אַנדערע מתנות.

אַ דריטער יום טוב מיט׳ן נאָמען „סיטואַ“ איז געווען אַ מין „תשליך“. מען האָט אָבגעטרייסעלט פון זיך אַלע קראַנקהייטען און צרות. דיא צערעמאָניע פלעגט זיך אָנפאַנגען אויף׳ן סקווער לעבען דעם זון־טעמפּעל, וואו עס פלעגען זיך פערזאַמלען פיער הונדערט בעוואַפּענטע מענער, אַזוי וויא געגרייט צו מלחמה. מען האָט זיי אויסגעקליבען פון דיא פערשיעדענע איללוס פון דעם הערשענדען שבט — פון 20 ביז 25 פון אַ איללו. דער כהן גדול פלעגט אויסרופען אַז עס איז „סיטואַ“, און דאַן פלעגען דיא פיער הונדערט אָנפאַנגען צו שרייען: „אָה, איהר קראַנקהייטען, חולאַת׳ען, צרות און אונגליקען! פערלאָזט אונזער לאַנד! פערלאָזט אונזער לאַנד!“

דערנאָך פלעגען זיי זיך אויסשטעלען מיט דיא געזיכטען צו דיא פיער זייטען — הונדערט צו מזרח, הונדערט צו מערב, הונדערט צו צפון און הונדערט צו דרום. „אַוועק אַלע צרות, אַוועק!“ פלעגען זיי דאַן ווידער אויסשרייען, און זיך אַוועקלאָזען לויפען מיט אַלע כחות. יעדע הונדערט־קעפּיגע מחנה איז געלאָפען אין איהר זייט ביז זיא איז צוגעקומען צו אַ טייך, און דאָרטען האָט זיא זיך אָבגעבאָדען. צו עטליכע מייל איז זיי אויסגעקומען צו לויפען. און יעדע מחנה האָט דערגרייכט אַ בעזונדערען טייך. מיט׳ן באָדען זיך האָבען זיי דיא אונגליקען איבערגעגעבען צו דיא טייכען, וועלכע האָבען זיי אַוועקגעטראָגען אין ים אריין — אַזוי האָט עס געהייסען.

ווען דיא פיער הונדערט האָבען אָנגעהויבען צו לויפען, איז דער עולם געשטאַנען לעבען דיא טהירען פון דיא הייזער, געטרייסעלט דיא פּאָלעס און געשריען: „אָה, זאָלען פערשווינדען אַלע אונגליקען! אָה, שעפּפער, לאָז אונז דערלעבען איבער אַ יאָהר אין דער צייט!“ מיט

דעם האָט מען אָבגעטרייסעלט דיא צרות. א גאַנצע נאַכט האָט מען דאַן געטאַנצט; דער אינקאַ אַליין אויך. בעגינען זיינען אַלע זיך געגאַנגען באָדען. יעדער האָט אָנגעצונדען א גרויסען בונט שטרוי, זיך געשפּיעלט מיט דעם און איבערגעגעבען פון איינעם צום אַנדערען. יעדע הויז האָט צו דיעזען יום טוב צוגעגרייט א פּודינג, מיט וועלכען מען האָט זיך געריבען דיא געזיכטען און דיא זייטען פון דיא טהירען.

דאָס איז געווען א יום טוב פון פריעדען און ליעבע. קיינער האָט קיינעם ניט געזידעלט. קיינער אויף קיינעם קיין כעס ניט אַרויס־געוויזען.

דעם נעכסטען טאָג האָט מען מקריב געווען פערשיעדענע קרבנות און עס זיינען פאָרגעקומען נייע צערעמאָניעס.

פלעגען דיא פּערואַנער מקריב זיין מענשליכע קרבנות? וועגען דעם שטימען דיא אַלטע בעריכטען ניט איין. אייניגע זאָגען אַז יע, אַנדערע זאָגען, אַז ניט; וויעדער אַנדערע גלויבען, אַז דאָס פלעגט טאַקע פּאָרקומען, אָבער זעלטען. דער אויבען דערמאָנטער ציעזאַ דע לעאָן בעשטרייטעט, אַז מען פלעגט מקריב זיין א סך מענשען; אָבער אַז קליינע צאָהלען פלעגען יא געאָפּפערט ווערען, ערקלעהרט ער אויסדריקליך. אויך שטימען וועגען דעם איין דיא בעריכטען פון דעם אויבען דערמאָנטען וויצע־קעניג, וואָס האָט געלאָזט אויספרעגען פער־שיעדענע אינדיאַנער וועגען דער פערגאַנגענהייט.

אָן אַנדער וויכטיגער אַלטער שפּאַנישער שרייבער מעלדעט, אַז דיא אינקאַס האָבען מענשליכע קרבנות פערבאָטען דורך א ספּעציעלען געזעץ.

ציעזאַ דע לעאָן גיט א בעשרייבונג, וויא אַזוי דיא צערעמאָניע פלעגט צוגעהן: דיא מענשען־אָפּפער פלעגען קומען אויסגעפּוצט; א גלח האָט אין א דרשה פאָרגעשטעלט וויא זיי וועלען געהן גלייך אין גן ערן אַריין, אַלס הייליגע; מען האָט וועגען דעם געזונגען ליעדער בעגלייט מיט טענץ; פון גילדערנע בעכערס האָט מען דיא קרבנות געגעבען צו טרינקען א סך „טשיקאַ“ און דאַן האָבען דיא גלחים זיי דערוואָרגען. ווען זיי זיינען שוין געווען טוידט, האָט מען זיי אין דיא הענד אַריינגעלעגט קליינע גילדערנע וואַזעס און בעגראָבען לעבען דעם געץ, צו וועלכען זיי זיינען געאָפּפערט געוואָרען.

אָבער ציעזאַ דע לעאָן רעדט דאָ פון „פ אַ ר צ י י ט ע ן“. קיין

שילדערונג פון אַן עהנליכע צערעמאָניע וואָס זאָל פּאָרקומען אַרום דער צייט, וואָס דיא שפּאַניער זיינען געקומען נאָך אַמעריקאַ, איז ניטאָ.

בעטראַכטענדיג אַלץ, וואָס מיר האָבען געלעזען וועגען דעם ענין, בעקומען מיר דעם איינדרוק, אַז אַמאָל זיינען ביי דיא פּערואַנער ווירקליך געאָפּפערט געוואָרען מענשען, אָבער אַז ביי דיא נייע עקאָנאָמישע אומשטענדען, וואָס זיינען ענטוויקעלט געוואָרען אונטער דער הערשאַפט פון דיא אינקאַס, איז דער מנהג בּיסלעכווייז אָבגעשאַפט געוואָרען. ווען ער וואָלט עקזיסטירט אין אַטאַהואַלפּאַ'ס צייטען, וואָלטען געוועזען בעשרייבונגען מיט אייני נצעלהייטען פון אַזעלכע סצענעס, וועלכע שפּאַניער אָדער אינדיאַנער פון זייער צייט האָבען פּערזענליך געזעהן, פּונקט וויא מיר האָבען אַזעלכע בעשרייבונגען פון אַלט־מעקסיקאָ.

זיי האָבען אַזוי הויך ענטוויקעלט זייער סיסטעם פון עקספּלואַטירען זייערע בעזיעגטע, אַז זיי האָט זיך איינפאַך ניט געלוינט זיי אַוועקצוגעבען צו דיא געטער. זיי האָבען זיי אַליין בעדאַרפט האָבען; זיי איז נויטיג געוועזען זייער אַרבייט. ווען מען האָט מקריב געוועזען אַ לאַמאַ, האָט מען דיא פלייש פון דעם קרבן אויפגעגעסען. מענשען־פלייש אַלס שפּייז איז אָבער געוועזען אַ צו טהייערער ביסען. אויף דיעזען אַרט האָבען זיי מסתמא ביסלעכווייז פון דיא רעליגיעזע מענשען־שחיטות זיך אָבגעוועהנט. גאַנץ אַנדערש איז געוועזען אין מעקסיקאָ, וואו לאַנד איז געוועזען וועניג, און ענטוויקלען אַזאַ עקספּלואַטאַציאָנס־סיסטעם וויא אין פּערו איז געוועזען אונמעגליך. דעריבער איז פּערבליבען דיא אַלטע מאָדע, מאַסען פון דיא בעזיעגטע צו שעכטען אויף די מזבחות.

ווען עס פלעגט שטאַרבען אַ אינקאַ, פלעגט מען איהם אויף יענער וועלט מיטגעבען זיינע ציערונג און גאָלדענע און זילבערנע כלים, וואָס ער פלעגט געברויכען. אויך פלעגט מען מיט איהם צוזאַמען בעגראָבען זיינע בעליעבטע קעבס־ווייבער. דיעזער מנהג האָט מסתמא עקזיסטירט אין פּיזאַררא'ס צייט אויך. וויא מיר האָבען שוין געזעהן, ווערט ער דערמאָנט אין דיא בעריכטען פון אַטאַהואַלפּאַ'ס טוידט. ביי ווילדע פעלקער איז דאָס אַן אַלגעמיינער מנהג. מיר געפינען איהם ביי דער אונענטוויקעלטער מענשהייט איבער דער גאַנצער וועלט. ווען דער בעגריף פון פּריוואַט אייגענטהום איז נאָך זעהר יונג, איז ער בעשרענקט

אויף זאַכען, וואָס דער מענש געברויכט פּערזענליך: אויף זיינע געוועהר, געצייג, קליידער, ציערונג, פּרויען. דאָס אַלץ גיט מען איהם מיט אין קבר, ווייל מען גלויבט אַז ער וועט דאָס אַלץ דאַרפען האָבען אויף יענער וועלט. דעריבער האָט מען דיא טוידטע אינקאַס געלעגט אין פּאַלאַצען פול מיט אוצרות (און אום דער קערפּער זאָל זיך האַלטען און קענען געניסען פון יענער־וועלטיגען לעבען פלעגט מען זיי באַלזאַמירען, וויא דיא עגיפּטער פלעגען טהאָן). נו, און אַזוי וויא אַ קעבס־ווייב איז ניט קיין אַרבייטער, און איז דיא פּערזענליכע אייגענטהום פון דעם געשטאָרבענעם, איז דער מנהג פון טוידטען זיי אויף זיין קבר מסתמא פערבליבען פיעל לענגער וויא דער מנהג פון מקריב זיין מענשען־אָפּפער.

## XIV.

## בלוטיגע צאַנקערייען צווישען דיא שפּאַניער.

דיא שפּאַניער אין קוזקאָ. — זיי ראַבעווען אוצרות און זוכען מעהר אוצרות. — „פערשפּיעלען דיא זון איידער זיא געהט אויף“. — פּיזאַררא „קרווינט“ כלומרשט אַ נייעם אינקאַ. — פּעדראָ אַלוואַראַדאָ קומט נאָך פּערו און פאָהרט צוריק. — פּיזאַררא בויט דיא שטאָדט לימאַ. — הערנאַנדאָ'ס וויזיט נאָך שפּאַניען. — פראַנציסקאָ פּיזאַררא בעקומט דעם טיטעל „מארקיז“. — אַ פראַגע וועגען אַ גרענעץ. — דער אינקאַ אַנטלויפט. — מלחמות מיט אינדיאַנער. — אַלמאַגראָ'ס שרעקליכע רייזע נאָך טשילי. — שלאַכט צווישען אַלמאַגראָ'ן און הערנאַנדאָ'ן. — שלום. — ווידער אַ בלוטיגע שלאַכט. — אַלמאַגראָ שטאַרבט אויף'ן עשאַפאָט. — הערנאַנדאָ פאָהרט ווידער נאָך שפּאַניען און פוילט אָב צוואַנציג יאָהר אין געפענגניס. — אַלמאַגראָ'ס זוהן דיעגאָ און זיינע פריינד. — אַ פערשווערונג געגען פראַנציסקאָ פּיזאַררא'ן. — זיין טוידט.

איצט, אַז דיא אינקא מאַכט איז פערניכטעט געוואָרען, האָבען דיא פּערואַנער פון פערשיעדענע ערטער אָנגעפאַנגען צו בעראַבעווען און ברענען סקלאַדען, שפּייכלערען, טעמפּלען. דיא גאָלד און זילבער וואָס זיי האָבען דאָרטען געפונען האָבען זיי בעגראָבען אין דער ערד. ווען דיא שפּאַניער האָבען זיך דערוואוסט דערפון, האָבען זיי אַוועק־געלעגט פיעל כחות דיא אוצרות אויפצוזוכען. זיי האָבען אָבער געהאַט וועניג ערפאָלג.

דיא יעצטיגע לאַגע, וועלכע זיי האָבען אַליין געשאַפען, האָט זיך זיי איבערהויפּט ניט געלוינט. פּיזאַררא'ס ערשטער שריט איז דעריבער געווען צו ערקלעהרען אַ נאָכפאָלגער נאָך אַטאַהואַלפּאַ'ן, אום אין זיין נאָמען צו הערשען איבער פּערו, אַזוי וויא קאָרטעס האָט געהערשט איבער מעקסיקאָ אין מאָנטעזומאַ'ס נאָמען. דער אמת'ער יורש פון דער אינקאַ הערשאַפט האָט בעדאַרפט זיין מאַנקאָ, הואַסקאַר'ס לייב־

ליכער ברודער. פּיזאַררראָ האָט אָבער ניט געוואוסט וואָס פאַר אַ זאָרט מענש ער איז און אויב ער קען איהם טרויען. אַלזאָ האָט ער אַלס אינקאַ ערקלעהרט אַטאַהואַלפּאַ'ס לייבליכען ברודער, אַ אינגעל מיט'ן נאָמען ט אַ פּ אַ ר ק אַ. דיעזען אינגעל האָט ער מיט גרויס פּאַראַד און כלומרשט מיט פיעל כבוד געפיהרט נאָך קוזקאָ. ער האָט אויך מיט־געפיהרט דעם פּערואַנישען גענעראַל כאַלקוטשימאַ. טאַפּאַרקאַ איז געשטאָרבען אויפ'ן וועג.

אין איינינע ערטער האָבען געגען די שפּאַניער ארויסגעטראָטען פּערואַנישע מחנות. זיי האָבען אָבער געקעמפּפט אָהן מוטה און דע סאָטאָ, וועלכער האָט מאַרשירט פּאָראויס, האָט זיי לייכט בעזיעגט. דאַן האָט כאַלקוטשימאַ געהאַט אַטאַהואַלפּאַ'ס שיקזאַל: פּיזאַררראָ האָט איהם בעשולדיגט, אַז ער העצט דאָס אויף די פּערואַנער צו אַן אויפשטאַנד. ער האָט געלייקענט. מען האָט איהם אָבער פעראורטהיילט און פערברענט. צו בייטען זיין רעליגיאָן האָט ער זיך ענטזאַגט, און שטעהענדיג אין די פלאַמען, האָט ער מיט'ן לעצטען אָטהעם אויסגע־רופען דעם נאָמען פון פּ אַ ט ש אַ ק אַ מ אַ ק, דעם פּערואַנישען גאָט, וואָס האָט בעשאַפען די וועלט.

די שפּאַניער זיינען צוגעקומען צו קוזקאָ שפּעט נאָך מיטאָג. די זון האָט געהאַלטען אין אונטערגעהן און די שטאָדט, וואו עס איז געשטאַנען איהר גרויסער טעמפּעל, איז געוואָרען אָנגעפילט מיט איהר בלענדענדער, רויטער פּאַרנאַכטיגער שיין. פּיזאַררראָ האָט ניט געוועלט ריזיקירען אַריינצומאַרשירען אַזוי שפּעט. ער האָט דאָס אָבגעלעגט אויף מאָרגען. זיין אַרמיי, וועלכע איז בעשטאַנען פון 480 מאַן, האָט די נאַכט פערבראַכט אויף אַ פעלד. די סאָלדאַטען האָבען געשלאָפען אין זייערע געוועהר, און אַ שטאַרקע וואַך האָט געהיט יעדען וועג אָדער שטעג, וואָס האָט געפיהרט פון שטאָדט צום לאַגער. קיינער האָט זיי אָבער ניט געטשעפּעט.

אויף מאָרגען, דעם 15־טען נאָוועמבער, 1533, האָט פּיזאַררראָ זיין אַרמיי צוטהיילט אויף דריי טהייל און זיך צוגעגרייט צו אַ שלאַכט. דאָס איז אָבער ניט געווען נויטיג. די איינוואוינער פון קוזקאָ האָבען אפילו אין זין ניט געהאַט זיך צו שטעלען געגען די שפּאַניער. טויזענדערווייז זיינען זיי זיך צונויפגעקומען אין די אַרומיגע דערפלעך

זעהן דיא וואונדערבארע, אלמעכטיגע ווייסע מענשען. ווען דיא שפאניער האבען גענומען טרומייטערען צום מארש, זיינען זיי צוציטערט געווארען, און מיט דיא טיעפסטע עהרע־פורכט, אזוי וויא דאס וואלט געווען אן ארמיי פון מלאכים, האבען זיי געקוקט וויא דיא 480 אונגעוועהנליכע מענשען מארשירען מיט זייערע גרויסע פיער פיסיגע בעשעפעניסען, מיט זייערע בליסטשענדע קיווערס, פאנצירען, שווערדען, שפיזען.

דיא גאסען פון קוזקא זיינען געווען שמאלע, זעהר לאנגע און זיי האבען זיך איבערגעקרייצט רעגעלמעסיג, מיט גלייכע ווינקלען. פון דעם גרויסען סקווער אין מיטען שטאדט זיינען זיך פונאנדערגעגאנגען דיא פיער הויפט־גאסען, — דער אנהויב פון פיער וועגען, וואס האבען זיך געצויגען איבער'ן גאנצען לאנד. דער סקוועער און פיעלע אנדערע טהיילען פון שטאדט זיינען געווען אויסגעפלאסטערט מיט קליינע שטיינדלעך. דורכ'ן מיטען שטאדט איז געגאנגען א טייך אדער קאנאל פון ריינע וואסער. איבער דיעזען טייך, וועלכער איז ביי 60 מייל ביי דיא ברעגעס געווען אויסגעלעגט מיט שטיינערנע פליטעס, זיינען געגאנגען שיפלעך און אויף דיעזען ארט האבען דיא פערשיעדענע טהיילען פון קוזקא געהאט פערקעהר צווישען זיך.

אייפ'ן סקווער איז געשטאנען דער זון־טעמפעל. דיא מאסען גאלד, וואס האבען איהם בעציערט פון אינוויינינג, האבען דאך שוין אראב־געריסען דיא אויבענדערמאנטע דריי שפאנישע סאלדאטען. אבער פון דרויסען איז נאך געבליבען א גרויסער גאלדענער געזימס און אין דיא פיעלע פאלאצען פון קוזקא האבען זיך געפונען בערג מיט גאלד און זילבער, וועלכע יענע דריי רויבער־שלוחים האבען ניט אנגעריהרט. אויף דאס אלעס האבען דיא שפאניער זיך איצט ארויפגעווארפען מיט א ווילדע זשעדנעקייט. זיי האבען אראבגעריסען און אראבגעבראכען אלץ וואס האט נור געהאט א ווערטה. אין איין טעמפעל האבען זיך געפונען רייך־בעציערטע באלזאמירטע קערפערס פון טוידטע אינקאס און זייערע פאמיליען, האבען זיי פון זיי אראבגעריסען דיא גאלד און דיא עדעלשטיינער. דאס איז אבער פאר זיי אויך ניט גענוג געווען. זיי האבען חושד געווען דיא איינוואוינער, אז זיי האבען בעהאלטען גרויסע אוצרות, האבען זיי זיי געפייניגט אום זיי צו צווינגען אויסצו־זאגען וואו דאס איז. זיי האבען בעראבעוועט דיא קברים, צושטערט

און צופליקט פיעלע היילינע ערטער. ניט אימער האָבען זיי געפונען וואָס זיי האָבען געזוכט, אָבער אין איינינע פעלע האָבען זיי ווירקליך ענטדעקט גאַנצע אייגענסען. אין אַ הייהל הינטער'ן שטאָדט האָבען זיי געפונען פיעלע גרויסע וואזעס פון ריינע גאָלד, מיט רייכע בולט'ע פיגורען פון שלאַנגען, היישעריקען, פלאַנצונגען. צווישען דיא אוצרות, וואָס זיי האָבען צוגענומען, האָבען זיך געפונען צוויי גרויסע גאָלדענע לאַמאַס און צעהן סטאַטועז פון פרויען, איינינע פון גאָלד און אַנדערע פון זילבער, אָבער אַלע אזוי גרויס וויא נאַטירליכע פרויען. אין דיא סקלאַדען האָבען זיי געפונען טהייערע, רייך קאָלירטע קליידער, גאָלדענע שיך, קליידער וואָס זיינען אין גאַנצען בעשטאַנען פון גאָלדענע פּאַטשערקעס.

און אויפ'ן וועג, אויף זייער ווייטערע רייזע, שפּעטער, האָבען זיי געפונען נאָך אוצרות. אין איין פּלאַץ, צום ביישפּיעל, האָבען זיי אוועקגערויבט צעהן שטאַבעס אָדער ברעטער דורכאויס פון זילבער, יעדע פון וועלכע האָט געהאַלטען צוואַנציג פוס דיא לייננ, איין פוס דיא ברייט און צוויי אָדער דריי אינטשעס דיא דיק. מען האָט זיי געהאַט אָנגעגרייט צו אַ פּאַלאַץ. איצט האָבען דיא שפּאַניער דאָס צוגענומען.

דיא אונגעהייערע עשירות וואָס דיא אַוואַנטוריסטען האָבען אָנגעכאַפּט אין פּערו, האָבען ביי פיעלע פון זיי זיך לאַנג ניט געהאַלטען. דאָס רוב פון זיי זיינען גרויסע קאָרטעוויניקעס פון דער היים, און דיא אוצרות האָבען אין זיי דיעזע ליידענשאַפט נאָך שטאַרקער צוברענט. אין קוזקאָ האָבען זיי געשפּיעלט אָהן אַ שיעור, און אין איין נאַכט האָבען זיי אָפּט פערלאָרען אָדער געוואונען גאַנצע אייגענסען. אין דער שפּאַנישער שפּראַך איז פון דיעזע קאָרטעוויניקעס פּער־בליבען אַן אינטערעסאַנטער שפּריכוואָרט. דער לעזער געדענקט דיא גרויסע גאָלדענע ברעט, וואָס האָט פאָרגעשטעלט דיא זון מיט איהרע שטראַהלען אויף דער הויפּט־וואַנט פון דעם גרויסען זון־טעמפּעל. זיא איז געווען אַזוי שעהן און דעליקאַט אויסגעאַרבייט, אַז מען האָט געזשאַלעוועט איהר צו צושמעלצען. ביים צוטהיילען זיך מיט דיא רויב, איז זיא אָנגעקומען אַ קאַוואַלעריסט מיט'ן נאָמען לעגוויזאַנאָ. און ער האָט דאָס פערשפּיעלט אין איין נאַכט. פון דעם איז ביי פּיזאַרראָ'ס און אַלמאַגראָ'ס מענשען געוואָרען אַ ווערטעל: „פערשפּיעלען דיא זון

איידער דיא זון געהט אויף", וועלכער איז איבערגעגאַנגען אין שפּאַניען און איז פערבליבען אין דער שפּראַך עד היום.

צוליעב דעם וואָס מען האָט זיך אַזוי געוואָרפען מיט גאָלד, זיינען דיא פּרייזען אויף היימישע זאַכען אַזוי געשטיגען אַז אַ פלאַש וויין, צום ביישפּיעל, האָט געקאָסט 70 דאָלאַר (אויף היינטיגע אַמעריקאַנער געלד); אַ מאַנטעל 13 הונדערט דאָלאַר; אַ פּאָר שיך — אַרום 400 דאָלאַר א. ז. וו. וואָס ביליגער עס איז געוואָרען גאָלד און זילבער, אַלץ העכער זיינען נאַטירליך געוואָרען דיא פּרייזען.

גלייך נאָך דעם וויא מען האָט זיך אין קוזקאָ צוטהיילט מיט דיא רויב האָט פּיזאַררא „געקרוינט" מאַנקאָ'ן אַלס אינקאַ. דיא צערעמאָניע איז געפּראַוועט געוואָרען מיט אַלע קליפּערלעך. און דעם עולם איז געווען גאַנץ איינס: צי שפּאַנישע הערשער, צי אינקאַ הערשער. מען האָט געגעסען און געטרונקען, געטאַנצט און דורכגעמאַכט אַלע צערעמאָניעס. איינע פון דיא צערעמאָניעס, וואָס מען פלעגט פּראַווען, ווען אַ נייער אינקאַ איז אריין אין זיין ראָלע, אין געווען אַ מאַרש מיט מומיעס (באַלזאַמירטע טוידטע קערפּערס) פון אינקאַס. יעדען מת פלעגט מען דערביי בעדיענען אַזוי וויא אַ לעבעדיגען יחסן. ער איז געווען אַרומגערינגעלט מיט אַ סוויטע; מען האָט איהם אָבגעגעבען כבוד, געפּאַדעט אַרום איהם. אפילו ביי דיא מאָהלצייטען פלעגט מען אויף דיא מומיעס אַוועקזעצען, — אַוועקזעצען און טרינקען „לחיים" צו זיי. דאָס אַלץ האָט מען אויך איצט געטהאָן. עס איז אָבער געווען אַן אונטערשיעד. געוועהנליך פלעגען דיא מומיעס פון דיא אינקאַס זיין אויסגעפּוצט אין גאָלד און אין עדעלשטיינער. איצט האָבען דיא שפּאַניער דאָס אַלץ פון זיי אַראָבגעריסען.

דאַן האָט פּיזאַררא אין קוזקאָ אָרגאַניזירט אַ שטאָדט־רעגיערונג אויף'ן שפּאַנישען שטייגער. מען האָט אויפגעבויט אַ קאַטוילישע קירכע; דיא הייליגע געביידעס פון דער זון און פון דיא פערשיעדענע אַנדערע פּערואַנישע געטער זיינען ביסלעכווייז פערוואַנדעלט געוואָרען אין קאַטוילישע קלויסטערס, הייזער פאַר שפּאַנישע גלחים, מאָנאַכען, א. ז. וו. פון אַ הויז, צום ביישפּיעל, וואו מען האָט געהאַלטען דיא הייליגע זון־מיידלעך, איז שפּעטער אַביסעל געוואָרען אַ קאָנווענט פאַר שפּאַנישע נאָנען. פיעלעס האָט מען איבערגעבויט, און ביין בויען

האָט מען צואוואָרפען אינטערעסאנטע טעמפּלען, הייזער אום צו געברויכען דיא שטיינער.

ק ו ו י ז ק ו ו י ז, איינער פון אטאהואלפא׳ס גענעראלען האָט צוזאַמענגעקליבען א גרויסע ארמיי, אָבער מיט איהם האָט אלמאגראָ, וועלכען פיזאררא האָט געשיקט מיט מאנקאָ׳ן, זיך לייכט ספּראַוועט. שפּעטער איז קוויזקוויז ערמאָרדעט געוואָרען פון זיינע אייגענע סאָל־דאטען.

ארום דער זעלבער צייט האָט פיזאררא בעקומען א נאכריכט אז אין פּערו איז אָנגעקומען פּ ע ד ר אָ ד ע א ל ו ו א ר א ד אָ, דער מוטהיגער שעהנער קאפּיטאן פון קאָרטעס׳עס ארמיי. ער איז שוין געוועזען אין שפּאניען און איז צוריקגעקומען נאך אמעריקא. דיעזען מאָל האָט ער זיך בעזעצט אין גוואטעמאלא (צענטראל אמעריקא), אלס גובערנאטאָר פון דער פּראָווינץ. ער האָט אָבער דאָרטען ניט געקענט איינזיצען. דיא בעריכטען וועגען דעם ים גאָלד, וואָס פיזאררא און זיינע בעגלייטער האָבען געפונען אין פּערו, האָבען איהם ניט געלאָזט רוהען. אזוי וויא ער האָט געהערט, אז דיא לענדער פון קוויטאָ, אטא־הואלפא׳ס געבורטס־פּלאַץ און וואוינונג, האָט פיזאררא ניט בעזוכט, האָט ער זיך בעשלאָסען אהין זיך אוועקצולאָזען מיט א פלאָטע און צו ערקלעהרען דיעזע לענדער אלס זיינע, אויף דעם גרונד דאָס זיי געפינען זיך ניט אין דעם קרייז פון פיזאררא׳ס עראָבערונגען.

ער איז צוגעשוואומען צו דעם ברעג פון פּערו אין מערץ, מיט פיעלע שיפען און מיט 500 מאן. דיא שיפען האָט ער אייגענטליך צוגעגרייט פאר אזא רייזע וויא מאגעלאן׳ס — ארום זיד־אמעריקא צו דיא געווירץ־אינזלען פון אזיען. פּערו האָט אָבער פערשפּראָכען גרעסערע אוצרות, האָט ער זיך אוועקגעלאָזען אהין. ער האָט געהאַט א גרעסערע פלאָטע און אויך א גרעסערע ארמיי וויא פ י ז א ר ר אָ. ווען עס איז אָבער געקומען צום אריבערגעהן דיא ריעזיגע אנדען בערג, האָט ער פיעלע מענשען פערלאָרען. זיינע שפאניער און דיא עטליכע טויזענד אינדיאנער, וואָס האָבען זיי בעגלייט, זיינען ניט געוועזען צוגעגרייט צו דיא קעלטען פון דיא הויכע ערטער, און פיעלע פון זיי זיינען פערפראָרען געוואָרען זיצענדיג אויף דיא פערד אָדער אליין קלעטערענדיג דורכ׳ן שנעע. און

שפייז איז געווען אזוי ווענינ, אז מען האט געגעסען דיא טוידטע קערפערס פון דיא פערפראָרענע פערד. דיא אינדיאַנער וועלכע האבען בעלאַנגט צו וואַרימערע געגענדען וויא דיא שפּאַניער, און זיינען געווען שוואַכער וויא זיי, זיינען געפאַלען וויא דיא פליעגען. אָבער פון דיא שפּאַניער איז אויך אויסגעשטאָרבען ניט קיין קליינע צאָהל. איינינע זיינען געפאַלען טוידט אויף אַן אָרט. אַנדערע זיינען געבליבען ליגען אויפ'ן וועג לעבעדיגערהייט, פערגליווערטע פון קעלט און פערשמאַכטע פון הונגער, ביז דער טוידט האט זיך אויף זיי דערבאַרעמט. און אויבען אין דער הויך האבען אַרומגעשוועבט גרויזאַמע קאָנדאָר־פויגלעך, וועלכע האבען נור געוואַרט אז דיא אונגליקליכע זאָלען אַרויסלאָזען זייער לעצטען אָטהעם אום אויף זיי אַרויפצופאַלען און זיי אויפ־צועסען....

אלס צוגאָב צו דיעזע אַלע גרוילען איז דיא לופט עטליכע טעג נאָכאַנאַנד געווען פול מיט אַש פון דיא דערבייאיגע וואולקאַנען. עס איז שווער געווען צו אָטהעמען און צו זעהן. דיא שפּאַניער האבען אַזעלכעס נאָך קיין מאָל ניט מיטגעמאַכט, און זיי האבען געמיינט, אַז עס קומט אַ סוף צו דער וועלט.

פון אַלוואַראַדאָ'ס ווייסע אַרמיי איז אויפ'ן וועג אויסגעפאַלען אַ פערטעל, און פון זיינע אינדיאַנער אַרום צוויי טויזענד מאַן.

דאָך, ווען פיזאַררא האט דערהערט פון זייער קומען, האט ער זיך אַזוי דערשראָקען, אַז ער האט איהם פאָרגעשלאָגען אַ סומע געלד ער זאָל זיך גלייך אומקעהרען און איהם ניט שטערען. מען איז מושוה געוואָרען אויף הונדערט פופציג טויזענד דוקאַטען (אונגעפעהר 12 הונדערט טויזענד דאָלאַר), און מיט דיעזער סומע איז דער שעהנער אַוואַנטוריסט אַוועק צוריק נאָך גוואַטעמאַלאַ, איבערלאָזענדיג פיזאַר־ראָ'ן זיינע שיפען און זיינע סאָלדאַטען.

פיזאַררא האט אַלזאָ איצט געהאַט אַ גרעסערע אַרמיי וויא פריהער און איז בעפרייט געוואָרען פוןביידע געפאַהרען וועלכע האבען איהם געסטראַשעט: פון קוויזקוויז'ען און פון אַלוואַראַדאָ'ן. ער האט גענומען אָרגאַניזירען דיא שפּאַנישע הערשאַפט איבער'ן גאַנצען לאַנד, און דאָס ערשטע וואָס ער האט וועגען דעם געטהאָן, איז געווען צו בעשטימען אַ פלאַץ פאַר זיין הויפט־שטאָדט. קוזקאָ איז געווען צו

ווייט פּעררוקט אין דיא בערג, צו ווייט פון ים; און ער האָט געוועלט אַז זיין הויפּט־שטאָדט זאָל זיין אַ האַפען־שטאָדט פון וועלכע מען זאָל, אויף שיפען, קענען צוקומען צו פערשיעדענע טהיילען פון דער וועלט. דיא קליינע קאָלאָניע ס ע נ ט מ י ג ע ל, וואָס ער האָט געגרינדעט איידער ער איז צוגעקומען צו קאַססאַמאַרקאַ, איז געווען ביין ים, אָבער צו ווייט צו צפון צו, און ער האָט געוועלט אַז זיין הויפּט־שטאָדט זאָל זיך געפינען ביי אַ מיטעלפּונקט. ער האָט ענדליך אויסגעקליבען אַ פּלאַץ אין דעם טהאָל ר י מ אַ ק, ביי אַ גרויסען טייך. ער האָט דיא נייע שטאָדט אַ נאָמען געגעבען „דיא שטאָדט פון קעניגע“, נאָך דעם נאָמען פון אַ קאַטוילישען יום טוב. דיעזער נאָמען האָט זיך אָבער ניט צוגעקלעפּט. מען האָט דיא נייע שטאָדט פּיעל עפּטער גערופען „לימאַ“ (אַזוי האָבען דיא שפּאַניער זיך איינגעוועהנט אויסצושפּרעכען דעם אינדיאַנישען נאָמען „רימאַק“), און אַזוי איז דאָס פּערבליבען.

ל י מ אַ איז עד היום דיא הויפּט־שטאָדט פון פּערו.

וועהרענד פּיזאַררא אַליין האָט זיך בעשעפּטיגט מיט בויען און ענטוויקלען דיא נייע הויפּטשטאָדט, האָט ער אַלמאַגראָ'ן געשיקט נאָך דער אַלטער הויפּטשטאָדט, — נאָך קוזקאָ, איבער וועלכע ער האָט איהם געמאַכט פאַר גובערנאַטאָר. אויך האָט ער איהם געהייסען איינ־נעהמען דיא לענדער, וואָס זיינען געלעגען צו דרום פון דאָרטען — דיא היינטיגע רעפּובליק ט ש י ל י און געוויסע אַרומיגע געגענדען.*) באַלד איז פון פּאַנאַמאַ ערהאַלטען געוואָרען אַ נאַכריכט אַז אַהין איז אָנגעקומען פּיזאַררא'ס ברודער, הערנאַנדאָ, פּאָהרענדיג צוריק פון שפּאַניען, און אַז ער פיהרט מיט דיא פאָלגענדע פּאַפּיערען פון שפּאַני־שען קעניג: 1) בריעף מיט קאָמפּלימענטען צו פּיזאַררא'ן און אַלמאַגראָ'ן פאַר זייער טרייע דיענסט און פאַר דעם ערפּאָלג וואָס זיי האָבען געהאַט. 2) אַ דאָקומענט, וואו עס ווערט בעשטעטיגט פּיזאַררא'ס הערשאַפט איבער דיא איינגענומענע לאַנד. 3) אַ דאָקו־מענט, אין וועלכען אַלמאַגראָ ווערט בעפּאָלמעכטיגט איינצונעהמען לענדער אויף אַ שטרעקע פון 600 מייל צו דרום־צו פון פּיזאַררא'ס גרענעץ.

*) דיא היינטיגע רעפּובליק אַרגענטיניען.

דיעזע פּאַפּיערען האָבען שפּעטער צווישען דיא אַוואַנטוריסטען געבראַכט צו אַ בלוטיגע „ברודער־קריעג“, אין וועלכע פּיזאַרראָ און אַלמאַגראָ האָבען זייערע לעבענס פערלאָרען.

נור צוערשט אַ פּאָר ווערטער וועגען הערנאַנדאָ׳ס וויזיט אין שפּאַניען און נאָך אַ פּאָר ענינים. אַחוץ דעם קעניג׳ס חלק (אַ פינפטעל) פון דיא אָנגערויבטע פּערואַנער גאָלד, האָט ער אַהין געבראַכט אַ מאַסע אַנדערע גאָלד און זילבער, דאָס אייגענטהום פון אַוואַנטוריסטען, וועלכע זיינען מיט איהם צוזאַמען געפאָהרען פון פּערו נאָך שפּאַניען. דאָס גאָלד אַליין פון דיעזע צוריקפאָהרענדע עמיגראַנטען האָט בעטראָפען ביז זעקס מיליאָן דאָלאַר, אויף היינטיגע געלד. מען האָט פון שיף אַראָבגעטראָגען גאַנצע בערג מיט שטיקער גאָלד, גילדערנע וואַזעס, גילדערנע בלומען, פיגורען א. ז. וו. דאָס אַלעס האָט געמאַכט דיא גרעסטע סענזאַציע. קאָרטעס׳עס עראָבערונג האָט ארויסגערופען בעוואונדערונג; אָבער אַזוי פיעל גאָלד וויא הערנאַנדאָ פּיזאַררא האָט איצט מיט זיך געבראַכט, האָט מען פון מעקסיקאָ ניט געזעהן. וועגען קאָלומבוס׳ען איז שוין גאָר ניטאָ וואָס צו ריידען. פון איהם האָט מען בעקומען בלויז פערשפּרעכונגען, אַז מען וועט האָבען גאָלד. דער ערשטער וועלכער האָט אין אמת׳ן פערווירקליכט דיעזע גאָלדענע טרוימען וועגען אַמעריקאַ איז געווען פּיזאַררא, דער עראָבערער פון פּערו. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז פון אַלע ווינקעלעך פון שפּאַניען האָט מען זיך גענומען רייסען נאָך דיא לאַנד פון גאָלד. פריהער פלעגט מען אַלץ שטרעבען צו דעם וויטען מזרח, צו דיא אַזיאַטישע לענדער, אינדיען און דיא געווירץ־אינזלען, אַלס דיא געגענדען פון עשירות. איצט זיינען דיא אויגען געריכטעט געוואָרען נאָך דעם וויטען מערב, נאָך זיד־אַמעריקאַ.

אין דעם קעניגליכען דאָקומענט וועגען פּיזאַררא׳ן איז געשטאַנען אַז עס ווערט בעשטעטיגט זיין הערשאַפט ניט בלויז איבער דיא געגענדען וואָס ער האָט שוין איינגענומען, נור אויף 210 מייל וויטער, צו דרום צו, אויך. אַלמאַגראָ׳ס 600 מייל האָבען זיך אַלזאָ בעדאַרפט אָנהויבען ערשט דאָרטען. אָבער פון דיעזען פּונקט האָט דערווייל ניט געוואוסט ניט אַלמאַגראָ, ניט פּיזאַררא, וואָרים הערנאַנדאָ איז מיט דיא דאָקומענטען נאָך געוועזן אין פּאַנאַמאַ. זיי האָבען בלויז בעקומען

אַ קורצע קאַפּיע, וואו דאָס איז געווען איבערגעהיפּט. דיא פראַגע איז דעריבער געווען: וואו געהערט קוזקאָ — צו פּיזאַררא׳ס לענדער אָדער צו אַלמאַגראָ׳ס 600 מייל? אַלמאַגראָ און זיינע פריינד האָבען געזאָגט אז דיא אַלטע פּערואַנישע הויפּטשטאָדט איז זיינע; דאָס הייסט אז ער האַלט זיין גובערנאַטאָר־שטעלע איבער קוזקאָ ניט פון פּיזאַררא׳ן נור פון דעם קעניג אַליין, — אז ער האָט דאָרטען פּונקט אזא זעלבסט־שטענדיגע מאכט, וויא פּיזאַררא האָט ווייטער צו צפון־צו. און פּיזאַררא האָט מורא געהאט אז אזוי קומט טאַקע אויס נאָך דעם קעניגליכען פּאַפּיער נאָך. האָבען אזא געוואַגטען און שטאַרקען קאָנקורענט וויא אַלמאַגראָ אין פּערו גופא, אין אזא וויכטיגען צענטער וויא קוזקאָ, איז פאַר איהם געווען א סכנה. ער האָט זיך דעריבער בעשלאָסען זיך אומ־צוקעהרען נאָך קוזקאָ. וואָס שפּעטער וועט זיין, וועט מען דאן זעהן, האָט ער זיך געטראַכט אויף זיין אוואַנטוריסטישען שטייגער; דערוויילע מוז ער אַרויס׳פּטר׳ן אַלמאַגראָ׳ן פון קוזקאָ. צו דיעזען צוועק האָט ער גענומען פּאָדערען, אז אַלמאַגראָ זאָל גלייך אָנפאַנגען זיין ענטדעקונגס און עראָבערונגס־רייזע אין טשילי. מיט געמאַכטע פריינדליכקייט האָט ער דאָס געפּאָדערט; און הגם עס איז צווישען זיי אַרויסגעקומען א צוזאַמענשטויס, האָט אַלמאַגראָ נאָכגעגעבען, און דיא צוויי שותפים האָבען ווידער געשוואָרען ברודערשאַפט. דיעזער אַלמאַגראָ, וויא מיר האָבען שוין אויבען בעמערקט, איז געווען א וואַרימער מענש. אויף איהם איז געווען לייכט צו ווירקען מיט גוטע רייד, און פּיזאַררא, וועלכער איז געווען א האַרטער, כיטרער און פאַלשער, האָט אימער געוואוסט וויא צוצוקומען צו זיין האַרצען. אזוי איז געווען דיעזען מאָל אויך.

אמת, דיעזער שלום צווישען זיי איז ניט געווען אויף לאַנג; אָבער דערוויילע איז דאָס געווען א פאָלשטענדיגער שלום. פּיזאַררא האָט מיט זיין „שותף" געמאַכט וואָס ער האָט געוועלט. ווען ער האָט געפּאָדערט אז ער זאָל אָרגאַניזירען אַן ארמיי און זיך אוועקלאָזען אין דרום זייט נאָך טשילי, האָט ער געפאָלגט. קוזקאָ איז אַלזאָ געבליבען פריי פון אַלמאַגראָ׳ס הערשאַפט, און פּיזאַררא האָט איבער דער שטאָדט געשטעלט זיינע אייגענע צוויי ברידער, יואַן פּיזאַררא און גאָנזאַלאָ פּיזאַררא, ווערהענד ער אַליין האָט זיך אומגעקעהרט קיין לימא און האָט פאָרטגעזעצט זיין אַרבייט — אויפצובויען דיא נייע

שטאָדט און צו לעגען דעם פונדאַמענט פון אַנדערע שטעדט אויף דעם ברעג פון ים. דאָס האָט איהם אינטערעסירט מעהר פון אַלץ.

באַלד איז צו איהם געקומען זיין ברודער הערנאַנדאָ מיט דיא קעניגליכע דאָקומענטען. אַחוץ דיא אויבענדערמאָנטע פאַפּיערען האָט ער געהאַט אַ פאַפּיער מיט וועלכען דער קעניג האָט פראַנציסקאָ פיזאַררא׳ן געגעבען דעם טיטול מ אַ ר ק י ז. דער „מאַרקיז“ האָט אפילו ניט געקענט איבערלעזען דעם שריפט. הערנאַנדאָ האָט דאָס איהם געמוזט איבערלעזען. הערנאַנדאָ האָט איהם אָבער שוין אויך איבערגעלעזען דעם אויבענדערמאָנטען פונקט וועגען דיא 210 מייל און איהם פערזיכערט אַז קוזקאָ בעלאַנגט ניט צו אַלמאַגראָ׳ס קרייז, נור צו זיינעם, פראַנציסקאָ פיזאַררא׳ס. דאָס האָט איהם נאַטירליך דערפרעהט, און ער האָט גלייך אַלס גובערנאַטאָר אַהין געשיקט הערנאַנדאָ׳ן.

ווען הערנאַנדאָ איז געקומען נאָך קוזקאָ, און אַריינגענומען דיא רעגיערונג פון דער שטאָדט אין זיינע הענד, האָט מאַנקאָ, דער אינקאַ, געוואונען זיין צוטרויען און פריינדליכקייט מיט דעם וואָס ער האָט איהם אָנגעוויזען אויף בעהאַלטענע אוצרות. הערנאַנדאָ האָט מיט איהם אָפט פערבראַכט און שוואַכער געמאַכט דיא וואַך אַרום איהם.

מעהר וויא דאָס האָט מאַנקאָ ניט בעדאַרפט.

ער האָט קיין מאָל זיך ניט צופריעדען־געשטעלט מיט זיין צרה׳־דיגע ראָלע. ער האָט זיך קיין מאָל ניט בערוהיגט. אין דיא לעצטע צייטען זיינען פאָרגעקומען פאַסירונגען, וועלכע האָבען איהם צוגעגעבען מוטה. דיא שפּאַניער האָבען אַרויסגעטריבען דיא הייליגע זון־מיידלעך פון זייערע קאָנווענטען, זיי געשענדעט און געהאַלטען אין אַ זומפּ פון הולטאַיסטוואָ. דאָס זעלבע האָבען זיי געטהאָן מיט דיא געליעבטסטע פרויען פון דעם אינקאַ. ווען פראַנציסקאָ פיזאַררא איז געוועזען אין קוזקאָ האָט ער וועניגסטענס פערשטאַנען, אַז מיט דיא פאָלקס־מאַסען דאַרף מען ניט איינרייסען. ער האָט דעריבער פערבאָטען אָנצוריהרען דיא הייזער אָדער דיא פרויען פון דיא אָרימערע איינוואוינער. איצט האָט מען געראַבעוועט און בעליידיגט פון קליין ביז גרויס. מען האָט געשענדעט יעדע פרוי וואָס איז נור געפעלען געוואָרען. דיא רויט־הויטיגע פון דעם אינקאַ־שבט האָבען דאַן לייכט אויפגעוועקט דיא מאַסען צו אַן אויפשטאַנד. נור איין זאַך האָט געפעהלט: אַז מאַנקאָ

זאָל זיך בעווייזען אַלס מלחמה־האַרר און אָנפיהרער פון דעם אויפ־שטאַנד.

פון דאָס אַלעס האָט הערנאַנדאָ פיזאַררא קיין בעגריף ניט געהאַט. זינט דער יונגער אינקאַ האָט איהם אויסגעזאָגט וואו עס געפינען זיך געוויסע אוצרות, וועלכע דיא פּערואַנער האָבען בעהאַלטען, איז ער זיכער געווען, אַז ער איז איהם טריי און איבערגעבען. אַלזאָ האָט דער כיטרער אינקאַ איהם איצט איינגעראַמט אַ סוד אַז אין אַ געוויסע הייהל אין דיא אַרומיגע בערג געפינט זיך אַ גרויסע סטאַטוע פון זיין (מאַנקאָ'ס) פאָטער, דורכאויס פון גאָלד. ער האָט זיך אויסגערופען איהר צו ברענגען, און דער גאָלד־הונגעריגער הערנאַנדאָ האָט דעם פאָרשלאַג אָנגענומען מיט פרייד. ער האָט איהם מיטגעגעבען צוויי שפּאַנישע סאָלדאַטען — ניט איהם צו בעוואַכען, נור איינפאַך צו ברענגען דיא סטאַטוע.

עס איז אַוועק אַ וואָך, און עס איז ניט געקומען ניט דער אינקאַ און ניט זיינע צוויי בעגלייטער. דאַן האָט הערנאַנדאָ זיך אַרומגעזעהן אַז ער איז דאָ בעגאַנגען אַ פעהלער, און ער האָט אַוועקגעשיקט זיין ברודער יואַן, מיט זעכציג רייטער, אויפזוזוכען און כאַפּען מאַנקאָ'ן. יואַן איז דורכגעגאַנגען אַכצעהן מייל, און האָט קיינעם ניט בעגעגענט. דיא דערפער זיינען געווען פוסט. באַלד האָט ער זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט דיא אויבענדערמאָנטע צוויי סאָלדאַטען, און זיי האָבען איהם דערצעהלט, אַז דיא גאַנצע לאַנד איז געגרייט צו אַן אויפשטאַנד, מיט דעם אינקאַ אַלס אָנפיהרער. דאָך זיינע צוויי ווייסע בעגלייטער האָט מאַנקאָ ניט געטשעפעט. ער האָט זיי געלאָזט געהן צוריק צו זייער קאָמאַנדיר. מלחמה איז מלחמה, הייסט עס ; זיך נוקם זיין אָבער אָן אַ פּאָר הילפלאָזע סאָלדאַטען, האָט דער באַרבאַרישער אינקאַ ניט געוועלט — אַן עדעל־האַרציגקייט, אויף וועלכע זיינע ציוויליזירטע פיינד זיינען קוים פעהיג געווען.

יואַן האָט זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט אַ טהייל פון דעם אינקאַ'ס חיל. פון אָנהויב האָט ער געהאַט אַ זיעג, אָבער אויף מאָרגען האָבען דיא פּערואַנער איהם ווידער אַטאַקירט און זיין הייפעלע מענשען און פערד זיינען געווען אַזוי פערוואונדעט און אויסגעמאַטערט, אַז ער איז געווען אין פערצווייפלונג. באַלד איז אָנגעקומען אַ שליח פון זיין ברודער הערנאַנדאָ, מיט דער נאַכריכט, אַז דיא פּערואַנער בעלאַגערען

קוזקאָ, און מיט אַ בעפעהל, אַז ער, יואַן, זאָל אויפ'ן שטעל זיך אומ־קעהרען. ער האָט געפאָלגט. ווען ער איז צוגעגאַנגען נעהנטער צו דער הויפּטשטאָדט, האָט ער דערזעהן אַז דער גאַנצער אַרומיגער געגענד איז פערנומען מיט רויט־הויטיגע זעלנער. דיא מחנה האָט זיך געצויגען אַזוי ווייט וויא דיא אויג האָט נור געקענט דערגרייכען. צווישען יואַן'ס מענשען זיינען געווען עטליכע, וואָס האָבען אַנטהייל גענומען אין קאָרטעס'עס מלחמות און זיי האָט דיא פערואַנישע אַרמיי פון ווייטען אויסגעזעהן עהנליך צו דיא אַצטעקישע. עס האָבען געבליסטשעט גאַנצע וועלדער פון לאַנגע פּיקעס און העק מיט קופערנע שאַרפען; העל־קאָלירטע פאָנעס, פאַנצירען פון פעדערען. פיעלע פערואַנער זיינען אָבער געווען בעוואַפענט כמעט אויף אַן אייראָפּעאישען שטייגער, וועלכען זיי האָבען זיך אָבגעלערענט ביי דיא שפּאַניער; זיי האָבען זאָגאַר געהאַט עטליכע שטאָהלענע שווערדען און עטליכע פערד, וואָס זיי האָבען צוגענומען ביי דעם שונא, און זיי האָבען געוואוסט וויא זיי צו געברויכען אויך. דער יונגער אינקאַ, צום ביישפּיעל, האָט גוט געריטען אויף אַ פערד, און איז געווען אָנגעטהאָן וויא אַ שפּאַנישער קאַוואַ־לעריסט. אין דעם האָבען דיא פערואַנער אַרויסגעוויזען אַ העכערע מדרגה פון ענטוויקלונג וויא דיא אַצטעקען און מעהר פעהיגקייט אין צופּאַסען זיך צו אייראָפּעער און איבערנעהמען זייערע פיהרונגען.

וויא גרויס מאַנקאָ'ס אַרמיי איז געווען קען מען בעשטימט ניט זאָגען. איינינגע שרייבער שאַצען איהר אַרום צוויי הונדערט טויזענד, אָבער דאָס איז מסתמא איבערטריבען. יעדענפאַלס איז דאָס געווען דיא גרעסטע רויט־הויטיגע אַרמיי, וואָס דיא שפּאַניער האָבען ווען עס איז געזעהן אין פערו, און דאָס ערשטע מאָל וואָס זיי איז אויסגע־קומען צו האָבען אַן ערנסטען צוזאַמענשטויס מיט אַ פערואַנישען שונא. פון פערצווייפלונג איז יואַן מיט זיין קאָמפּאַניע געגאַנגען אויף איינס. זיי האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן מיט זייערע פערד דורך דיא ריעזיגע פיינדליכע מחנה. דער רעזולטאַט איז געווען דער זעלבער וויא איינינגע מאָל איז געווען אין מעקסיקאָ: דיא רויט־הויטיגע זיינען אַזוי איבערראַשט און דערשראָקען געוואָרען פון דעם, וויא דיא אייראָפּעער מיט זייערע פערד האָבען זיך פּלוצלינג אַ טראָג געטהאָן דורך זיי וויא אַ וויכער, אַז איידער זיי זיינען צו זיך געקומען, זיינען שוין יענע געווען אין דעם שפּאַנישען לאַגער.

דיא גאַנצע שפּאַנישע אַרמיי — הערנאַנדאָ'ס מענשען מיט יואַן'ס צוזאַמען — איז געוועזען זעהר קליין, ניט מעהר וויא 200 מאַן; זיי האָבען צו זיך אפילו געהאַט ביי אַ טויזענד אינדיאַנער, וועלכע זיינען זיי געבליבען טריי. אָבער וואָס פאַר אַ פערגלייך איז דאָס געוועזען מיט דיא ריעזיגע מחנה פון דעם יונגען אינקאַ? וויא גרויס דיעזע מחנה איז, האָט זיך אָם דייטליכסטען געלאָזט מערקען אין אבענד, ווען איהרע לאַגער־פייערען האָבען זיך געזעהן וויט־וויט אין טהאָל און איבער דיא אַרומיגע בערג, „אַזוי וויא דיא שטערען אין הימעל אין אַ קלאָהרע זומער נאַכט“, וויא איינער פון דיא אַלטע שפּאַנישע שרייבער, פּיזאַררא'ס אַ קרוב, דריקט זיך אויס.

דיעזע פייערען זיינען נאָך ניט אויסגעלאָשען געוואָרען, עס האָט אָקאָרשט אָנגעהויבען צו טאָגען, וויא פּלוצלינג האָט אַרויסגעזעצט אַ ווילדער רעש פון אינדיאַנישע מלחמה־געשרייען, און דער געפּילדער פון פּויקען, שופרות און קלינג־טאַצען. צו דער זעלבער צייט האָט גענומען רעגענען מיט שטיינער און אַנדערע זאַכען. דאָס רוב האָט דאָס קיין שאָדען ניט געטהאָן, אָבער ניט אַלץ. דיא פּערואַנער האָבען, צום ביישפּיעל, אַריינגעוואָרפען אין שטאָדט שטיינער, איינגעוויקעלט אין באַוועל, וועלכע איז געוועזען איינגעטונקט אין ברען־מאַטעריאַל. אויך האָבען זיי אַהין אַריינגעשאָסען ברענענדע פייל'ען. דאָס אַלעס איז געפאַלען אויף דיא שטרויענע דעכער פון דיא הייזער און אין איניגע מינוטען איז דיא שטאָדט געוואָרען פול מיט פלאַמען, וועלכע האָבען זיך פערשפּרייט פון פערשיעדענע ווינקעלעך. דיא פלאַמען האָט דער ווינט צובלאָזען אין אַ שרעקליכען פלאַקער, וועלכער האָט אויפגעגעסען טויזענדע הייזער און האָט אָנגעפילט דיא שטאָדט מיט אַ שטיקענדען פערבלענדענדען רויך. עטליכע טעג האָט דער פייער געברענט, ביז דיא גאַנצע שטאָדט מיט דאָס רוב פון איהרע פּאַלאַצען און טעמפּלען זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין בערג פון אַש מיט שטיינער.

לעשען איז געוועזען אונמעגליך. דיא שפּאַניער האָבען זיך געפּרעהט ווען זיי האָבען זיך געקענט ראַטעווען מיט'ן לעבען פון דיא ברענענדע שטיקער האָלץ און דעם האָגעל פון פּונקען. פון דעסטוועגען זיינען זיי אַלע אַרויסגעקומען און האָבען אַטאַקירט דעם שונא. זיי האָבען אויסגעה'רג'עט פיעלע פּערואַנער, אבער דאָס האָט ביי דיא רויט־

הויטיגע קעמפפער ניט אוועקגענומען דעם מוטה. זיי האָבען אָנגעהאַל־טען דעם שטרייט מיט זייערע וואָרף־העלצער און פיילען־בויגענס און מיט זייער לאַססאָ*), האָבען זיי אריינגעכאַפּט אַ היבשע ביסעל שפּאַניער.

אַ געוויסע צייט האָבען דיא שפּאַניער זיך געפיהלט כמעט וויא בעזיעגט. זיי האָבען זיך אָבער אַ וואָרף געטהאָן אויפ׳ן שונא, און עס איז פאָרגעקומען אַ שרעקליכע שחיטה. דיא פּערואַנער האָבען געקעמפּפט וויא אמת׳ע העלדען, אָבער געגען דיא אייראָפּעאישע געוועהר און מלחמה־פערד האָבען זיי דאָך זיך ניט געקענט לאַנג האַלטען.

אין דיעזער שלאַכט איז געפאַלען יואַן פּיזאַררא, וועהרענד ער האָט אַטאַקירט דיא צוויי פעסטונגען וועלכע זיינען געשטאַנען אויף אַ הויכען פּלאַץ איבער׳ן שטאָדט. הערנאַנדאָ האָט גלייך פערנומען זיין פּלאַץ. איין פעסטונג האָט זיך גלייך אונטערגעגעבען. דיא אנדערע, וויעדער, האָט פערטהיידיגט אַ העלדישער אינקא, — אַ ריעז און אַ גבור, וועלכער איז געשטאַנען אויבען אין אַ שפּאַנישען קיווער און אַ שפּאַנישען שילד, און מיט אַ גרויסען פּערואַנישען מלחמה־האַק אין האַנד. הערנאַנדאָ האָט געהייסען אוועקשטעלען לייטערס, און זיינע שפּאַניער האָבען גענומען אַרויפקלעטערען. אַזוי גיך וויא איינער פון זיי האָט דערגרייכט דעם שפּיץ, האָט דער פּערואַנער קאָמאַנדיר איהם מכבד געוועזען מיט זיין האַק און איהם אַראָבגעשליידערט אויף דער ערד. אייניגע פון דיא פּערואַנער, וואָס האָבען געהאָלפען בעשיצען דיא פעסטונג, האָבען דעם ריעז געראַטהען זיך אונטערגעבען, אָבער אָנשטאָט זיי צו פאָלגען, האָט ער זיי געטוידטעט אויפ׳ן אָרט. דיא שפּאַניער האָבען אָבער אַנידערגעשטעלט עטליכע לייטערס און זיינען אַרויפ־

*) „לאַססאָ“ איז אַ לאַנגע שטריק מיט אַ פּעטלע ביין ברעג. דיא פּערואַנער פלעגען דיעזע שטריק אַ וואָרף טהאָן אויף אַ רייטער, אָדער איבער דיא פיס פון זיין פערד, און פון ווייטען זיי ביידען פלינק פערפּלאָנטערען און אַנידערוואַרפען. דיעזע לאַססאָ ווערט היינט פיעל גענוצט אין מעקסיקאָ, און פון דאָרטען האָבען דאָס איבערגענומען דיא אַמעריקאַנער פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, וועלכע ברויכען דאָס צו כאַפּען בהמות אין דיא „רענטשעס“ פון דיא מערב שטאַאַטען.

געקלעטערט פון עטליכע זייטען מיט א מאָל. מיט אַלעמען זיך ספּראַ־ ווען איז דעם אינקאַ אונמעגליך געווען. דאַן, זעהענדיג, אז אַלץ איז פערפאַלען, האָט ער אַוועקגעוואָרפען זיין האַק, זיך איינגעוויקעלט אין זיין מאַנטעל און זיך אַראָבגעוואָרפען פון שפּיץ פעסטונג.

דיא בעלאַגערונג איז פון דעסטוועגען פאָרטגעזעצט געוואָרען, און דער הונגער האָט זיך ביי דיא שפּאַניער גענומען פיהלען זעהר שטאַרק, וואָרים דיא גרויסע שפּייכלערם מיט דיא תבואה, וואָס דיא שטאָדט האָט ענטהאַלטען, זיינען פערברענט געוואָרען אין דער שרעקליכער שרפה, און אנדערע שפּייז איז געווען ווייניג. אָבער דיא זעלבע אור־ זאַכע האָט באַלד דיא פּערואַנער געצוואונגען זיך צוריקצוציהען. זיי האָבען אויך ניט געהאַט וואָס צו עסען און מאַנקאָ האָט געמוזט זיי לאָזען געהן בעאַרבייטען זייערע פעלדער; אז ניט, וואָלט נעכסטען יאהר געווען אַן אַלגעמיינער הונגער אין לאַנד. ער אַליין, מיט אַ קליינע אַרמיי, האָט זיך בעזעצט אין אַ שטאַרק בעפעסטיגטע „טאַמבאָ“ ניט זעהר ווייט פון קוזקאָ. דיא שפּאַניער זיינען גלייך אַרוים פון שטאָדט און האָבען געכאַפּט שפּייז — קוקורוזע און צוויי טויזענד לאַמאַס. שפּעטער האָט הערנאַנדאָ אַטאַקירט דיא „טאַמבאָ“, — און האָט געהאַט אַ ניעדערלאַגע. דאָס איז אָבער געווען מאַנקאָ׳ס לעצטער זיעג. שפּעטער איז זיין אַרמיי צוקלאַפּט געוואָרען פון אַלמאַגראָ׳ס חיל, און ער האָט געמוזט אַנטלויפען און בעהאַלטען זיך אין דיא בערג, אָהן שום זעלנער אָדער אַ סוויטע, מיט איינע פון זיינע קעבס־ווייבער אַלס זיין איינציגע בעגלייטערין.

דאָס ברענגט אונז צו פּאַסירונגען, אין וועלכע אַלמאַגראָ איז געווען דיא הויפּט־פיגור. זיין רייזע נאָך טשילי האָט ניט געהאַט קיין ערפאָלגרייכען ענד. דיא קעלט אויף דיא הויכע בערג איז געווען אַזוי גרויס אַז ביי פיעלע פון זיינע מענשען זיינען אָבגעקראָכען דיא נעגעל פון דיא פינגער, און ביי אַנדערע זיינען אָבגעפראָרען דיא פינגער גופא, דיא הענד, אָדער דיא פיס. וויעדער אַנדערע זיינען בלינד געוואָ־ רען פון דיא שניידענדע שיין פון דיא גרענצלאָזע שנעע־פעלדער. אין דיעזע הויכע געגענדען איז דיא לופט זעהר ריין; דיא זון־שטראַהלען לייכטען דעריבער אין דיא ווייסע שנעע מיט אַ בעזונדערע העלקייט און גלאַנץ. דיא שפּאַניער זיינען צו אַזאַ שטאַרקע ליכט ניט צוגעוועהנט

געוועןאון באלד זיינען דיא רייזענדע בעקאנט געווארען מיט הונגער אויך, ווארים אין דיעזער וועלט פון פראסט און שנעע האט דיא נאטור פאר דעם מענשען קיין שפייז ניט אנגעגרייט. פלאנצונגען זיינען דא איבערהויפט געווען וועניג, און פון לעבעדיגע בעשעפעניסען, האבען זיך ניט געזעהן קיין אנדערע וויא דיא אויבענדערמאנטע קאנדאר־פויגלעך, וועלכע האבען ארומגעשוועבט הויך איבער דיא פערפרארענע פערהונגערטע סאלדאטען, ווארטענדיג אז זיי זאלען פאלען טוידט און ווערען שפייז פאר זיי. זיי האבען אבער אומזיסט געווארט. טוידטע זיינען טאקע פון אלמאגרא'ס ארמיי געפאלען ניט וועניג; דאס זיינען אבער מייסטענס געווען אינדיאנער (ווארים צוזאמען מיט שפאניער האט אין אלמאגרא'ס עקספעדיציע אנטהייל גענומען א היבשע צאהל פערואנער), און דער הונגער פון דיא לעבעדיג־געבליבענע רויט־הויטיגע איז געווען אזוי גרויס, אז זיי האבען אליין אויפגעגעסען דיא קערפערס פון זייערע געשטארבענע ברידער. דיא שפאניער האבען דאס ניט געטהאן; מיט דיא פלייש פון דיא פערד, וואס זיינען אויפ'ן וועג פערפרארען געווארען צום טוידט, האבען זיי אבער אויך ניט בראקירט.

פאר דיא צרות וואס זיי זיינען אויסגעשטאנען פון דער נאטור האבען אלמאגרא'ס שפאניער זיך נוקם געווען אן דיא מענשען, וואס זיי האבען בעגעגענט אויפ'ן וועג. וואו נור זיי האבען געפונען א דארף האבען זיי איהם בעראבעוועט, פערברענט און זיינע איינוואוינער, וועלכע זיינען צוגעוועהנט געווען צו דיא הויכע בערג מיט זייער קאלטען קלימאט, האבען זיי געצוואונגען צו שלעפען זייערע משאות. זיי האבען זיי צוזאמענגעשמידט אין קייטען צו צעהן אדער צוועלף אין איינעם. דער אונגליקליכער האט געמעגט זיין קראנק אדער א קאליקע, האט דאס זיי ניט געארט. פיעלע פון זיי זיינען געפאלען אויפ'ן וועג אין זייערע קייטען — האט מען זיי אבגעזונדערט און געלאזען ליגען. און דיא איבעריגע געטריבען ווייטער. און ווען דיא איינוואוינער פון א געוויסען דארף האבען זיך אבגערעכענט מיט דריי שפאניער פאר דיא מערדערייען און הולטייסקע סקאנדאלען וואס זיי האבען אבגעטהאן צווישען דיא רויט־הויטיגע פרויען, האט אלמאגרא זיי אבגעצאהלט מיט דעם וואס ער האט דרייסיג פון זיי פערברענט. און דיעזער אלמאגרא איז אין פערגלייך מיט אנדערע אוואנטוריסטען נאך געווען א גוטער, סימפאטישער מענש!

ענדליך איז אַלמאַגראָ געצוואונגען געווען זיך אומצוקעהרען. אויף דיעזע רייזע צוריק נאָך קוזקאָ האָט ער דאָס געהאַט אַ פּאָר שלאַכטען מיט מאַנקאָ'ן, איהם בעזיעגט און פערטריבען.

ווען הערנאַנדאָ האָט זיך דערוואוסט, אַז אַלמאַגראָ קומט צוריק און וויל ניט אַנדערש זיין גובערנאַטאָר פון קוזקאָ, האָט ער זיך צוגעגרייט זיך צו שטעלען געגען איהם. פון דעם קעניגליכען דאָקומענט האָט מען אייגענטליך אויף זיכער ניט געקענט זאָגען צו וועמען קוזקאָ געהערט צו פּיזאַרראָ'ן אָדער צו אַלמאַגראָ'ן. בלויז אָבמעסטענדיג אויף אַ וויסענשאַפטליכען אופן וואָלט מען ריכטיג אויסגעפונען וואו דער גרענעץ ליעגט. דערווייל אָבער האָט יעדער צד געטענה'ט אַז קוזקאָ בעלאַנגט צו איהם.

אַלמאַגראָ האָט שטילערהייט אריינגעמאַרשירט אין קוזקאָ אין אַ פינסטערע נאַכט (דעם 8טען אַפּריל, 1537). דיא צוויי פּיזאַרראָ'ס ברידער, הערנאַנדאָ און גאָנזאַלאָ, זיינען געווען בעפעסטיגט אין איינעם פון דיא גרויסע געמויערטע הייזער, וואָס זיינען ניט געשעדיגט געוואָרען פון דער שריפה. אַלמאַגראָ'ס וויכטיגסטער אָפיציער, אָ ר ג אָ נ ע ז, האָט אַטאַקירט דיא טהויערען. עס איז פאָרגעקומען אַ בלוטיגער געשלעג, און דער סוף איז געווען אַז אַלמאַגראָ האָט געהאַט אַ פאָלשטענדיגען זיעג. ער איז געוואָרען דער בעל הבית פון קוזקאָ. הערנאַנדאָ'ן, גאָנזאַלאָ'ן און פופצעהן אַנדערע אָפיציערען האָט ער געלאָזען אַרעסטירען און האַלטען אונטער אַ שטאַרקע וואַך. אָרגאָנעז האָט איהם געראַטהען ביי דיא פּיזאַרראָ ברידער אָבצושניידען דיא קעפּ. „כל זמן זיי וועלען לעבען וועט דיין לעבען ניט זיין זיכער. געדענק דעם שפּריכוואָרט, אַז בלויז טוידטע קענען ניט בייסען“ — האָט ער ערקלעהרט. אָבער אַלמאַגראָ האָט איהם ניט געפאָלגט. דיעזע עצה האָט אָרגאָנעז וויעדערהאָלט אָפט. ער האָט אויך אַלמאַגראָ'ן געראַטהען געהן אויף דיא נייע שטאָדט לימאַ און פּטור ווערען פון פראַנציסקאָ פּיזאַרראָ'ן אויך. „אַ פּיזאַרראָ פערגעסט קיין מאָל ניט“ — האָט ער געזאָגט — „דאָס וואָס ער האָט שוין געהאַט פון דיר וועט ער קיין מאָל ניט פערצייהען“. אָבער אַלמאַגראָ האָט דאָס אַלץ ניט געהערט.

מען האָט אָנגעפאַנגען צו אונטערהאַנדלען וועגען אַ פּשרה, ביז ענדליך איז געבליבען, אַז מען זאָל וואַרטען ביז פון שפּאַניען, פון דער

רעגיערונג, וועט אָנקומען אַ בעשטימטע ענטשיידונג וועגען דעם גרענעץ, אַז פּאָרלויפיג זאָל אַלמאַגראָ אונגעשטערט זיין דער בעל הבית איבער קוזקאָ, און אַז הערנאַנדאָ, גאָנזאַלאָ און דיא איבעריגע געפאַנ־גענע זאָלען בעפרייט ווערען. דער וואָרים־הערציגער אַלמאַגראָ איז אזוי בעגייסטערט געוואָרען, אַז ער האָט הערנאַנדאָ׳ן פּערזענליך בעזוכט אין זיין געפענגנים און איהם ערקלעהרט אַז ער איז פריי. „איך האָף, אַז אַלע מיספערשטענדניסע צווישען אונז וועלען פערגעסען ווערען" — האָט ער צו איהם געזאָגט — „און אַז פון היינט אָן וועלען מיר גערענקען בלויז דיא אַלטע פריינדשאַפט צווישען מיר מיט דיין ברודער". ער האָט הערנאַנדאָ׳ן איינגעלאַדען צו זיך אין הויז, איהם פיין מכבד געווען, און דערנאָך האָט ער איהם בעגלייט ביז דער שטאָדט מאַלאַ, וואו פראַנציסקאָ פּיזאַרראָ האָט איצט געהאַט זיין לאַגער.

אַלמאַגראָ האָט נור וואָס זיך געזעגענט מיט דיא פּיזאַרראָ׳ס און זיך צוריקגעקעהרט נאָך קוזקאָ, וויא פראַנציסקאָ פּיזאַרראָ האָט צוזאַ־מענגערופען זיינע אָפיציערען און סאָלדאַטען און זיי גענומען בעווייזען אַז פון אַלמאַגראָ׳ן מוז מען נעהמען נקמה. זיי צו איבערצייגען איז איהם ניט געווען שווער. דיעזע לייכטזיניגע אַוואַנטוריסטישע מענשען, וועלכע האָבען שטענדיג געדורשט נאָך נייע סענזאַציאָנען, איז איבער־הויפּט געווען לייכט איבערצוריידען צו פערגיסען פרישע בלוט. צוויי־טענס האָט פראַנציסקאָ פּיזאַרראָ פון דער נאַטור געהאַט אַ הערשענדען כאַראַקטער, פאַר וועלכען מענשען פלעגען זיך ניט ווילענדיג בויגען.

אין צאָהל איז זיין אַרמייע איצט געווען אַ היבשע ביסעל שטאַרקער וויא אַלמאַגראָ׳ס, וואָרום אַ חוץ דיא סאָלדאַטען, וואָס ער האָט געהאַט פון פריהער זיינען איהם דיא לעצטע צייט צוגעקומען אַ פּאָר אַנדערע קאָמפּאַניעס פון פּאַנאַמאַ און פון שפּאַניען און אַ טהייל פון אַלוואַראַדאָ׳ס בעגלייטער.

גלייך האָט ער געלאָזט וויסען אַלמאַגראָ׳ן, אַז דער אָבמאַך איז קיין אָבמאַך ניט, און אַז ער פּאָדערט דאָס ער זאָל אויפ׳ן שטעל פער־לאָזען קוזקאָ און אַריבערגעהן ווייטער צו דרום־צו. אַז אַלמאַגראָ וועט ניט נאָכגעבען אָהן אַ ביטערען קאַמפּף איז געווען זעלבסטפערשטענד־ליך. אַלזאָ האָט פראַנציסקאָ פּיזאַרראָ, אָדער דער גובערנאַטאָר, וויא מען רופט איהם געוועהנליך, זיך געהייסען גרייטען צו אַ מלחמה, און

אלס הויפט־קאמאנדיר האט ער געשטעלט זיין ברודער הערנאנדא, ערקלעהרענדיג אז ער אליין איז שוין צו אלט. אלמאגרא איז דאן געווען קראנק, און ער האט דיא קאמאנדע אויף איבערגעגעבען אן אנדערען — זיין טרייען, כוואטסקען ארגאנעז׳ען.

דיא צוויי שפאנישע מחנות האבען זיך בעגעגענט לעבען קוזקא דעם 26טען אפריל 1538. דער שלאכט איז געווען א שרעקליכער.ביידע צדדים זיינען געווען פול מיט גיפט און בלוט־דורשט; זיי זיינען געווען בערייט זיך איינע דיא אנדערע צו פערניכטען ביז איין מאן. איין צד האט געשריען: „דער קעניג און אלמאגרא!“ און דער אנדער צד — „דער קעניג און פיזאררא!“ ארגאנעז האט געקעמפפט וויא א טייוועל. ער איז געפלויגען אויף זיין פערד אין רעכטען מיטען פון דעם שונא׳ס רייהען און האט געשטאכען און געשניטען איין אפיציער נאך דעם אנדערען. אויף איינעם האט ער א טעות געהאט. אין דעם קאך פון קאמפף האט זיך איהם געדוכט אז דאס איז הערנאנדא אליין, און ער האט מיט טריאומף אויסגעשריען „זיעג!“ אבער אין דעם זעלבען מאמענט האט מען איהם דורכגעבראכען זיין קיווער. אויף א מינוט האט ער פערלארען זיין בעוואוסטזיין. צו דער זעלבער צייט איז אונטער איהם געה׳רג׳עט געווארען זיין פערד. ער האט זיך געפונען ארומגערינגעלט פון דעם שונא. ווען מען האט ביי איהם געפאדערט ער זאל אבגעבען זיין שווערד, האט ער געענטפערט: „אויב צווישען אייך געפינט זיך א שפאנישער אדעליגער, זאל ער צוקומען, וועל איך איהם אבגעבען מיין שווערד“. פיזאררא׳ס א דיענער, פערשטעלט אלס אן אדעליגער, איז צוגעגאנגען, האט צוגענומען ביי איהם דעם שווערד און דאן דעם אונבעוואפענטען געפאנגענעם אריינגעשטאכען א שפיעז אין הארצען. ארגאנעז׳עס הארץ האט מען שפעטער ארויסגעשטעלט אין קוזקא אויפ׳ן סקווער. בלייבענדיג אהן ארגאנעז׳ען, האבען פיעלע פון אלמאגרא׳ס מענשען פערלארען זייער מוטה, און הגם אייניגע פון זיי האבען געקעמפפט ביז דעם לעצטען טראפען בלוט, האט לאנג ניט געדויערט ביז דיא מחנה איז זיך צולאפען.

דער קראנקער אלמאגרא האט אויף דעם שלאכט געקוקט פון וויטען. זיצען אויף א פערד איז ער געווען צו שוואך. מען האט איהם אבער ארויסגעטראגען אויף א בעטעל. ווען ער האט געזעהן, אז זיין חיל איז צושלאגען און אלץ איז פערפאלען, האט ער מיט זיינע לעצטע

בחות זיך אַרויפגעזעצט אויף אַ פערד און איז אַוועקגעשפּרונגען נאָך דער פעסטונג פון קוזקאָ, אין דער האָפנונג, אַז פון דאָרטען וועט ער וויא עס איז זיך רעטען. אָבער הערנאַנדאָ'ס מענשען האָבען זיך נאָך איהם גליייך נאָכגעיאָגט, און אַ קראַנקען, אַ צובראָכענעם אין קערפּער און אין גייסט, איהם אַוועקגעפיהרט און געזעצט אין געפענגניס אין דעם זעלבען צימער, וואו מיט אַ קורצע צייט צוריק האָט ער געהאַלטען הערנאַנדאָ'ן מיט זיין ברודער גאָנזאַלאָ'ן.

אַלמאַגראָ איז ניט געווען דער איינציגער וואָס האָט געקוקט אויף דעם בלוטיגען שלאַכט. אויף דיא אַרומיגע בערג האָבען זיך פערזאַמעלט מאַסען פּערואַנער, וועלכע האָבען מיט פרייד און נקמה־געפיהל געזעהן וויא זייערע מערדער מערדערען זיך איינע דיא אַנדערע. און ווען דער קאַמפּף איז געווען פאָראיבער און אויפ'ן שלאַכטפעלד האָבען זיך בלויז געפונען דיא טוידטע, זיינען דיא רויט־הויטיגע אַהין צוגעלאָפען און מיט זשעדנעקייט פון דיא מתים אַראָבגענומען זייערע קליידער און יעדע אַנדערע זאַך וואָס זיי האָבען אויף זיי געפונען.

הערנאַנדאָ האָט אַלמאַגראָ'ן בעזוכט אין זיין געפענגניס, און איהם פערזיכערט אַז ער וועט איהם בעפרייען — אַז ער וואַרט נור אויף זיין ברודער, דעם גובערנאַטאָר. ער האָט זאָגאַר געפרעגט אין וואָס פאַר אַ זאָרט קאַרעטע איהם וועט זיין בעקוועמער צו פאָהרען. דערנאָך האָט ער איהם אַלע טאָג געשיקט דיא בעסטע מאכלים פון זיין אייגענעם טיש. דאָס האָט אויף אַלמאַגראָ'ן גוט געווירקט, און ער איז גיך געזונד געוואָרען.

ווערענד הערנאַנדאָ האָט אויף דיעזען אַרט געוויזען פריינדשאַפט צו זיין געפאַנגענעם און איהם פערזיכערט אַז ער וועט זיין פריי, האָט ער צווישען דיא שפּאַניער אויסגערופען, אַז יעדער וואָס האָט עפּעס אַ קלאַגע געגען אַלמאַגראָ'ן זאָל דאָס אָנגעבען. אויף אַזעלכע זאַכען געפינען זיך שטענדיג בעלנים. עס האָט פיעל ניט געדויערט און פיער הונדערט בויגען פּאַפּיער זיינען פערשריעבען געוואָרען מיט אַלמאַגראָ'ס פערברעכענס. דאַן האָט מען צוזאַמענגעשטעלט אַן אָפּיציעלען בעשולדיגונגס־אַקט, און אַלמאַגראָ'ן האָט מען איבערגעגעבען צום געריכט. דיא הויפּט־קלאַגעס געגען איהם זיינען געווען: אַז ער האָט געפיהרט מלחמה געגען דער שפּאַנישער קרוין און דורך דעם געטויט־טעט פיעלע פון דעם קעניג'ס אונטערטהאַנען; אַז ער האָט

געהאַט אַ געהיימען בונד מיט מאַנקאָ'ן דעם אינקאַ, און אַז ער האָט ביי דעם קעניגליכען גובערנאַטאָר פון קוזקאָ צוגענומען זיין שטאָדט. דיא ריכטער זיינען נאַטירליך געווען הערנאַנדאָ'ס מענשען, און דער אָנגעקלאָגטער איז געפונען געוואָרען שולדיג. מען האָט איהם פערורטהיילט צום טוידט. ער האָט זיך ביי הערנאַנדאָ'ן געבעטען ער זאָל רחמנות האָבען אויף זיינע אַלטע יאָהרען. „איך האָב סיי וויא סיי שוין ניט לאַנג צו לעבען" — האָט ער גע'טענה'ט — „און קיין געפאַהר קען איך שוין פאַר קיינעם מעהר ניט זיין". אויף דעם האָט הערנאַנדאָ געענטפערט: „אַ בראַווער קעמפּפער וויא איהר זאָל זיך אַזוי ערניעדריגען, אַרויסווייזען אַזוי ווייניג מוטה! דאָס בעסטע וואָס איהר קענט טהאָן איז צו געברויכען אייערע לעצטע מינוטען תשובה צו טהאָן צו גאָט."

אַלמאַגראָ האָט איהם דערמאָנט וויא ער האָט איהם געלאָזט לעבען, ווען ער האָט איהם געהאַט אין געפאַנגענשאַפט. אָבער הערנאַנדאָ האָט איהם אונטערבראָכען מיט דיא ווערטער: „אייער שיקזאַל איז פערזיעגעלט. פערטיגט זיך צו."

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען איהם דערוואָרגען מיט דער „גאַראָטע".

פראַנציסקאָ פּיזאַרראָ האָט געוואוסט אַז זיין ברודער הערנאַנדאָ קלייבט זיך צו טוידטען אַלמאַגראָ'ן; ער האָט זיך אָבער געמאַכט ניט וויסענדיג. איינינע פון זיינע אייגענע אָפיציערען האָבען איהם געבעטען ער זאָל ניט צולאָזען, אַז זיין געוועזענעם'ס שותף'ס בלוט זאָל פערגאָסען ווערען, און ער האָט זיי פערזיכערט, אַז זיי מעגען וועגען דעם זיין רוהיג. ער האָט אָבער גאָר ניט געטהאָן צו רעטען אַלמאַגראָ'ס לעבען; פערקעהרט, — ער האָט זיין ברודער הערנאַנדאָ'ן דורך אַ שליח געגעבען אָן אָנצוהערענים, אַז פון אַלמאַגראָ'ן מוז מען איין מאָל פאַר אַלע מאָל פטור ווערען. דיעזע צבוע'צקע ראָלע האָט ער אויך געשפּיעלט פאַר אַלמאַגראָ'ס יונגען זוהן, דיעגאָ אַלמאַגראָ, וועלכער האָט זיך איצט געפונען אין לימאַ. דיעזער דיעגאָ איז געווען האַלב־שפּאַניער און האַלב־אינדיאַנער; ער איז געבאָרען געוואָרען פון אַלמאַגראָ'ס אַ רויט־הויטיגע קעבס־ווייב, אַ אינדיאַנערקע פון פּאַנאַמאַ. ער האָט זיך אָבער געהאָדעוועט אין מיליטערישע לאַגערען, אונטער זיין פּאָטער'ס פּערזענליכער השגחה. פון איהם איז אויסגעוואַקסען אַ פערהאַרטע־

וועטער שפּאַנישער סאָלדאַט און פלינקער אַוואַנטוריסט און דער אַלטער אַלמאַגראָ איז צו איהם געווען צערטליך צוגעבונדען. ווען אַלמאַגראָ איז ענדליך אַריינגעפאַלען אין געפענגניס, האָט הערנאַנדאָ דיעגאָ׳ן מיט אַ וואָך שפּעטער אַוועקגעשיקט צו דעם מאַרשאַל קיין לימאַ. דער מאַרשאַל האָט דעם יונגען מאַן עמפּפאַנגען וויא דעם זוהן פון אַ פריינד און איהם געהאַלטען ביי זיך אין שטוב. ער האָט איהם פערזיכערט אַז זיין פאָטער וועט קיין בייז ניט געשעהן און אַז ער, פראַנציסקאָ פּיזאַרראָ, האָפּט דאָס זייער אַלטע פריינדשאַפט וועט בעגייעט ווערען. צו דער זעלבער צייט, ווען הערנאַנדאָ האָט געשיקט פּרעגען וואָס ער זאָל טהאָן מיט דעם געפאַנגענעם אַלמאַגראָ׳ן, האָט ער איהם געענטפערט: „טהו מיט איהם אַזוי, אַז מיר זאָלען פון איהם מעהר קיין צרות ניט האָבען."

נאָך דעם וויא אַלמאַגראָ איז הינגעריכטעט געוואָרען, איז דער מאַרקיז געקומען נאָך קוזקאָ. ער איז אַריינגעקומען אין שטאָדט מיט גרויס פּאַראַד. אויסגעפּוצט אין אַ רייכען קאָסטיום פון העל־קאָלירטע זייד־וואַרג, וועלכען ער האָט מיט אַ געוויסע צייט צוריק ערהאַלטען אַלס מתנה פון קאָרטעס׳ען, דעם עראָבערער פון מעקסיקאָ. ווען מען האָט מיט איהם גענומען ריידען וועגען דיעגאָ׳ס ירושה, וואָרים צו זיין פאָטער האָט דאָך יעדענפאַלס געהערט דיא גובערנאַטאָרשאַפט איבער טשילי און אַנדערע לענדער צו דרום זייט פון פּיזאַררא׳ס גרענעץ, האָט ער געענטפערט: „מיט זיין אויפפיהרונג האָט זיין פאָטער פערלאָרען יעדע רעכט צו זיין אַ רעגיערער. עס איז פון איהם קיין ירושה ניט געבליבען." ביי דיא אַנדערע אַנהענגער פון דעם אונגליקליכען אַלמאַגראָ האָט ער אויך צוגענומען זייערע גיטער און אַלץ וואָס זיי האָבען געהאַט. פיעלע פון זיי, שטאָלצע אַדעליגע פון דער היים, זיינען געבליבען אַזוי אָרים, אַז זיי האָבען זיך געשעהמט צו ווייזען אין דיא גאַסען פון קוזקאָ און האָבען זיך צוזעעט איבער דיא אַרומיגע בערג, מיט פערשטיקטע ראַכע־דורשט אין זייערע הערצער. דיעזע פעראָרימטע „חברה פון טשילי", וויא פּיזאַררא׳ס מענשען פלעגען זיי רופען, האָבען זיך שפּעטער געלאָזט פיהלען. קיין גוטעס איז פּיזאַררא׳ן פון זיי ניט אַרויסגעקומען. אָבער דערווייל איז ער געווען דער זיעגער. דערווייל האָט ער געהערשט מיט אַן אייזערנע האַנד.

ער האָט זיך גענומען בעאַרבייטען דיא מינען און ענטוויקלען

ערד־ארבייט און מסחור. פון שפאניען האט ער אויסגעשריעבען פער־שיעדענע אייראפעאישע זריעות, אום זיי צו פערזעען און פערשפריי־טען אין פערו. ער האט פלייסיג פארטגעזעצט זיין ארבייט אין אויפ־בויען לימא. פון דיא זילבער־מינען און גאלד־מינען האט מען בעקומען מאסען מעטאל, וועלכע מען האט געשיקט נאך שפאניען.

אונגעפעהר א יאהר נאך אלמאגרא'ס טוידט איז נאך שפאניען אוועקגעפאהרען הערנאנדא פיזארא. ער איז אהין געפאהרען מיט א נייעם אוצר. מיט דעם האט ער ערווארטעט וויעדער אונטערצוקויפען דעם קעניג און צו ווירקען געגען דיא טענות פון אלמאגרא'ס פריינד, וועלכע האבען זיך איצט געפונען אין דעם קעניגליכען הויף און האבען געבעטען גערעכטיגקייט פאר דעם געשטארבענעם'ס יונגען זוהן. פאר'ן אוועקפאהרען האט הערנאנדא געבעטען זיין ברודער פראנציסקא אז ער זאל דיא „טשיליאנער חברה" ניט לאזען זיך צוזאמענטרעפען אין איינעם. דער מארקיז האט זיך אויסגעלאכט פון דעם. וויא מיר וועלען זעהן איז זיין זארגלאזיגקייט געווען א טעות פון זיין זייט. אבער הערנאנדא האט אן עהנליכען טעות געהאט וועגען זיין זיכערהייט אין שפאניען. ער איז אנגעקומען אין וואלאדאליד, וואו דער שפאנישער קעניג האט זיך דאן געפונען. מיט רעש און מיט גלאנץ איז ער אנגע־קומען, ווייזענדיג זיינע נייע אמעריקאנישע אוצרות. מען האט איהם אבער אויפגענומען קאלט, און אביסעל שפעטער האט מען איהם ארייג־געזעצט אין א טורמע, פון וועלכע ער איז שוין אזוי גיך ניט ארויס. צוואנציג יאהר האט ער אבגעפוילט אין געפענגניס. ווען מען האט איהם ענדליך בעפרייט, איז ער שוין געווען אן אלטער מאן, און אלע זיינע ברידער זיינען שוין געווען לאנג טוידט.

ווען הערנאנדא'ן האט מען ארעסטירט, האט דיא רעגיערונג געשיקט נאך פערו א בעאמטען, אן אנגעזעהענעם ריכטער מיט'ן נאמען וואקא דע קאסטרא. מיט פראנציסקא פיזארא'ס אונטער־טהעניגקייט צו דעם שפאנישען טהראן איז דיא רעגיערונג ניט געווען זיכער. אבער פערו איז געווען אזוי ווייט פון דיא אנדערע שפאנישע קאלאניעס אין אמעריקא; און דיא לאנד איז אזוי פול מיט ריעזיגע בערג. היינט ווער ווייסט אויב דיא רעגיערונג וועט מיט דעם נייעם

מאַרקיז זיך קענען ספּראַווען? וואַקאַ דע קאַסטראָ האָט דעריבער געדאַרפט זיין פּאָרזיכטיג, ניט צו ערוועקען פּיזאַרראָ'ס צאָרן. מיט גוטען, בלויז אַלס ריכטער און רעגיערונגס־פּאָרשער האָט ער געדאַרפט בעקאַנט ווערען מיט דיא דאָרטיגע אומשטענדען און נור נאָך פראַנ־ציסקאָ פּיזאַרראָ'ס טוידט האָט ער געזאָלט ווייזען דעם אָפּיציעלען דאָקומענט, וועלכען דער קעניג האָט איהם געגעבען, אַז ער איז דער גובערנאַטאָר פון פּערו.

נאָך פּערו האָבען דערווייל זיך אַוועקגעלאָזען קאָמפּאַניעס נייע עמיגראַנטען אי פון דיא קאָלאָניעס אי פון שפּאַניען גופא. דיא נייע מאַסען גאָלד, און הויפּטזעכליך זילבער, וואָס מען האָט גענומען ברענגען פון דיא דאָרטיגע מינען האָבען געצויגען צו זיך מאַסען נייע אַוואַנטור־ריסטען. פראַנציסקאָ פּיזאַרראָ, דער מאַרקיז, האָט זיך דעריבער געפיהלט שטאַרקער וויא פריהער, און פאַר זיינע שונאים „דיא טשילי־אַנער חברה" האָט ער נאָך ווייניגער מורא געהאַט וויא פריהער. וואָס אַנבעטרעפט מאַנקאָ, האָט ער פּיזאַרראָ'ן אפילו פערשאַפט אַביסעל דאגה, אָבער קיין גרויסע בעדייטונג האָט דאָס ניט געהאַט. דער בעזיעגטער, אַנטלאָפענער אינקאַ האָט בעמערקט, אַז צוליעב דיא „ברודער־קריעג" צווישען דיא ווייסע, פיהלען זיך דיא רויט־הויטיגע פרייער און מוטהיגער. ער איז דעריבער אַרויסגעקומען פון זיין בעהעלטענים אין דיא בערג און האָט אַרום זיך אַרומגעזאַמעלט אַ היבשע אַרמיי, מיט וועלכע ער איז בעפאַלען אויף קליינע גרופּען שפּאַניער, און זיי געטוידטעט. גרעסערע קאָמפּאַניעס פלעגט ער אויס־מיידען. איין מאָל האָט ער אָבער אַריינגעכאַפּט דרייסיג רייטער, וועלכע זיינען אָבגעשטאַנען פון אַ גרעסערע קאָמפּאַניע. פּיזאַרראָ האָט געגען איהם אַרויסגעשיקט חיל אונטער דער קאָמאַנדע פון זיין ברודער גאָנזאַלאָ, און עס זיינען פאָרגעקומען עטליכע קליינע שלאַכטען. מאַנקאָ האָט יעדעס מאָל געהאַט אַ ניעדערלאַגע. ער אַליין האָט זיך אָבער אַלץ גערעטעט. אום צו וואַכען געגען זיינע אַטאַקען האָט פּיזאַרראָ אין פערשיעדענע פּונקטען געלאָזען בויען מיליטערישע סטאַציאָנען אָדער דערפלעך. פון אייניגע פון דיעזע דערפער זיינען דערנאָך אַרויס־געקומען היבשע שטעדט.

פּיזאַרראָ האָט זיך אויך בעשעפטיגט מיט דיא אַנדערע טהיילען פון זיד־אַמעריקאַ. איין אָפיציער האָט ער מיט אַן אַרמיי געשיקט

אויספּאָרשען און איינגעהמען טשילי, וועהרענד זיין ברודער גאָנזאַלאָ האָט ער געמאַכט פאַר דעם גובערנאַטאָר פון קוויטאָ און האָט איהם געהייסען פון דאָרטען זיך אוועקלאָזען צו מזרח זייט, ווייל עס האָט זיך געלאָזט הערען אַז אין יענע געגענדען וואַקסען פיעל צימרינג־בוימער. אַליין האָט ער זיך אומגעקעהרט נאָך זיין בעליעבטע נייע הויפּט־שטאָדט לימאַ, וועלכע ער האָט פּאָרטגעזעצט צו ענטוויקלען און בױען וועלכע ער האָט געהיט זיינע אינטערעסען איבער'ן גאַנצען לאַנד. דאָרטען האָט ער געוואוינט מיט זיין רויט־הויטיגע פרוי, אַטאַהואַלפּאַ'ס טאָכטער, און מיט זייערע קינדער.

אַלמאַגראָ'ס זוהן, דער האַלב־אינדיאַנער דיעגאָ, האָט אַלץ געוואוינט אין לימאַ. אין לימאַ האָבען זיך אויך געפונען פיעלע פון זיין פאָטער'ס אָפיציערען און סאָלדאַטען, און זיי זיינען צו דעם יונגען מאַן געווען צוגעבונדען. דאָס רוב פון זיי האָבען איהם געקענט פון קינדהייט אויף. ער איז איצט כמעט געווען אַזוי אָרים וויא זיי. ער און זיי האָבען געהאַט דיא זעלבע אורזאַכע אויף דעם מאַרקיז צו טראָגען אַ בלוטיגע שנאה. אָבער, וויא שוין געזאָגט, פּיזאַררא האָט זיך געפיהלט אַזוי מעכטיג, אַז ער האָט זיי קיין אויפמערקזאַמקייט ניט געשאָנקען. ווען דיעגאָ אַלמאַגראָ'ס הויז איז געוואָרען דער מיטעלפּונקט פון דיעזע פעראָרימטע „טשיליאַנער חברה“, האָט דאָס אויף פּיזאַררא'ן קיין איינדרוק ניט געמאַכט. אַז זיי וועלען סמייען אַפילו צו דענקען וועגען אַן אויפשטאַנד איז איהם אויפ'ן זין ניט אַרויפגעקומען. וויא ווייניג ער האָט וועגען דעם געקלעהרט קען מען זעהן פון דעם, דאָס ער פלעגט אַרומרייטען אין דיא פערוואָרפענסטע ווינקעלעך פון שטאָדט אָהן בעגלייטער. אָפט, ווען ער פלעגט בעגעגענען אַן אַדעליגען פון אַלמאַגראָ'ס פּאַרטיי, פלעגט יענער שטאָלץ פערבייגעהן, ניט אַראָבנעהמענדיג דיא היטעל.אָבער פון דעם האָט פּיזאַררא זיך אויך אויסגעלאַכט. „זיי זיינען נעבעך אויף צרות, דיא אָרימע קערלען“, פלעגט ער זאָגען מיט אַ שמייכעל.

ווען דיעגאָ'ס פריינד האָבען דערהערט, אַז פון שפּאַניען קומט דער קעניגליכער ריכטער, וואַקאַ דע קאַסטראָ, האָבען זיי זיך דערפרעהט. זיי האָבען געהאָפט, אַז ער וועט נעהמען אַן אינטערעס אין זיי, און זיי אומקעהרען דיא גיטער, וואָס פּיזאַררא האָט ביי זיי אוועקגענומען; אָבער צוליעב אַן אונגליקליכע ים־רייזע איז ער פערהאַלטען

געוואָרען אויף אַן אינזעל, און דיא אַלמאַגריסטען האָבען פערלאָרען זייער געדולד.

איין מאָל האָט מען אויף דער שטאָדט־תליה געפונען דריי שטריק מיט דיא נעמען פון פיזאררא, זיין ריכטער וועלאסקעץ און זיין פריוואַט־סעקרעטער פּיקאדאָ. אָבער פיזאררא האָט פון דעם זיך אויך אויסגעלאַכט. ער האָט זיך מיט דיא „טשיליאַנער" בלויז גערייצט. ער פלעגט אַרויסקומען אויפ'ן גאַס אין גאָלד און אין זילבער און מיט דיא ווערטער „פאַר דיא הערען פון טשילי" אויפ'ן הוט (אַ שפּאַס־אָנצוהערענים אַז זיי סטראַשען איהם צו הענגען), און אַזוי פלעגט ער אומישנע פערבייגייטען פערביי דיעגאָ'ס הויז.

דאָס אַלץ האָט צוגעגאָסען אויל צו דעם נקמה־פייער, וועלכער האָט געברענט אין זייערע הערצער. ענדליך, זעהענדיג, אַז דער קעניגליכער ריכטער קומט ניט, האָבען דיא אַלמאַגריסטען זיך בעשלאָסען צו ספּראַווען זיך מיט פיזאררא'ן אויף זייער אייגענעם שטייגער. מען האָט אָבגעמאַכט איהם צו טוידטען און אַז דער פּלאַן זאָל אויסגעפיהרט ווערען זונטאָג דעם 26־טען יוני, 1541. אין דער פערשווערונג האָבען אַנטהייל גענומען ביי צוואַנציג מאַן. אין דעם דערמאָנטען טאָג האָבען זיי בעדאַרפט זיך פערזאַמלען אין דיעגאָ אַלמאַגראָ'ס הויז, וועלכע האָט זיך געפונען גלייך לעבען דער הויפּט־קירכע אויפ'ן גרויסען סקווער פון שטאָדט. אין דער פריה, ווען פיזאררא וועט געהן פון דער קירכע, האָבען זיי געזאָלט אויף איהם אָנפאַלען. דער אָנפיהרער פון דיעזער קאָנספּי־ראַציע איז געווען אַ שפּאַנישער אַדעליגער מיט'ן נאָמען יואַן הערראַדאַ, אָדער ראַדאַ, וויא מען פלעגט איהם געוועהנליך רופען. ווען פיזאררא האָט זיך געטראָפען מיט קאָרטעס'ען אין שפּאַניען, איז דיעזער ראַדאַ געווען אַ מיטגליעד פון קאָרטעס'עס סוויטע, און פיזאררא איז מיט איהם דאַן בעקאַנט געוואָרען.

ווען עס איז אָנגעקומען דער בעשטימטער זונטאָג, האָבען דיא קאָנספּיראַטאָרס זיך פערזאַמעלט אין אַלמאַגראָ'ס הויז, און האָבען געוואַרט ביז פיזאררא וועט אַרויסקומען פון דער קירכע. זיי האָבען זיך אָבער דערוואוסט, אַז ער איז דאָרטען גאָר ניטאָ. דאָס האָט זיי דער־שראָקען. זיי זיינען געווען זיכער, אַז פיזאררא האָט זיך דערוואוסט פון זייער פערשווערונג; און זיי האָבען טאַקע קיין טעות ניט געהאַט. איינער פון זיי האָט וועגען זייער פּלאַן אויסגעזאָגט דעם גלח, ווען ער

האָט זיך פאַר איהם מתודה געווען. דער גלח האָט דאָס איבערגעגעבען פּיקאַדאָ'ן און פּיקאַדאָ פּיזאַררא'ן. דער בעריכט האָט אויפ'ן מאַרקיז אַלץ קיין איינדרוק ניט געמאַכט. ער האָט געגלויבט, אַז דאָס איז ניט מעהר וויא אַ פּלאָטקע פון דעם גלח, וועלכער וויל אַרויסווייזען זיין טרייהייט, אום צו בעקומען אַ העכערען טיטול. דיעזער זאָרט קינדערשע זאָרגלאָזיגקייט איז פאַר אַ מענשען פון פּיזאַררא'ס טיפּ זעהר כאַראַקטעריסטיש. זיא שטאַמט פון דעם זעלבען קוואַל וויא דאָס, וואָס אַזאַ אַוואַנטוריסט פערשפּיעלט זיין גאַנצען אייגענס אין קאָרטען, אָדער וואָס ער שטעלט זיך מיט אַ הייפעלע סאָלדאַטען געגען מחנות פון הונדערטע טויזענדע. מענשען פון דיעזען קלאַס ווייסען בלויז פון דעם יעצטיגען מאָמענט. וואָס ווייטער וועט זיין, — זאָל דער טייוועל זאָרגען. וועלאַסקעז, דער ריכטער פון לימאַ, האָט אויך געגלויבט, אַז עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען. דאָך האָט מען ביי דעם מאַרקיז גע'פּועל'ט, אַז דעם דערמאָנטען זונטאָג זאָל ער אין דער קירכע ניט געהן.

דיא קאָנספּיראַטאָרס זיינען אַלזאָ געווען אין פערצווייפלונג, און איניגע פון זיי זיינען געווען דאַפיר אַז מען זאָל זיך צוגעהן; אבער דיא מאַיאָריטעט האָט ניט אַנדערש געוואָלט אַז מען זאָל פּיזאַררא'ן טוידטען אין זיין הויז. עס איז פאָרגעקומען אַ דעבאַטע, ביז איינער פון דער מאַיאָריטעט איז אויפגעשפּרונגען און ערקלערט, אַז זייער איינציגע רעטונג איז גלייך צו טוידטען פּיזאַררא'ן — אַז ניט וועלען זיי פערלירען זייערע קעפּ. מיט דיעזע ווערטער האָט ער אויפגעעפענט דיא טהיר. „קומט בעסער מיט און לאָמיר מאַכען אַ סוף פון איהם, אַז ניט וועל איך אויסזאָגען דעם צוועק פון דיעזער פערזאַמלונג."

דיא אַנדערע קאָנספּיראַטאָרס האָבען קיין ברירה ניט געהאַט. זיי זיינען אַרויס נאָך איהם, מיט ראַדאַ'ן אַלס אָנפיהרער. געהענדיג איבער'ן סקווער האָבען זיי געשריען: „עס לעבע דער קעניג! אַ טוידט דעם טיראַן!"

דאָס איז געווען דיא מיטאַג־שטונדע. דער עולם איז געווען ביי זיך אין דער היים. דערהערענדיג דיעזע קולות זיינען פיעל אַרויסגעלאָפען אויפ'ן גאַס. קיינער האָט זיך אָבער ניט געמישט.

בשעת דיא קאָנספּיראַטאָרס זיינען אַזוי געגאַנגען איבער'ן סקווער צו פּיזאַררא'ס פּאַלאַץ צו, האָט איינער פון זיי אויסגעמידע' אַ

לוזשע. ווען ראַדאַ האָט דאָס בעמערקט, האָט ער מיט פעראַכטונג אויסגעשריען: „מיר וועלען באַלד בראָדזשען ביז דיא קניע אין בלוט און דו האָסט מורא איינצונעצען דיא פיס?“

אַריינקומענדיג אין פיזאַררא'ס הויז, האָבען זיי בעגעגענט צוויי פון זיינע דיענער. איינעם האָבען זיי גלייך געטוידט. דער אַנדערער איז געלאָפען צום הויז רופענדיג נאָך הילף.

פיזאַררא איז דאַן געזעסען ביים טיש צו מיטאג צוזאַמען מיט וועלאַסקעז'ען און אַנדערע געסט. ווען פיזאַררא האָט זיך דערוואוסט וואָס דאָ איז, האָט ער אויסגעשריען צו אַן אָפיציער, אַז ער זאָל פערשפאַרען דיא טהיר פון דעם נעכסטען צימער, וועלכער איז אַרויסגעקומען אויף דיא טרעפ. אָבער אָנשטאָט פאָלגען האָט דער אָפיציער דיא טהיר אַביסעל אויפגעעפענט אום מיט דיא קאָנספיראַטאָרס צו טענה'ן, וואָרים זיי זיינען שוין איצט געווען אויבען ביי דער טהיר. זייער אַנטוואָרט איז בעשטאַנען אין דעם וואָס זיי האָבען איהם געשטאָכען און זיין קערפער אַריבערגעוואָרפען איבער'ן פאַרענץ. עטליכע דיענער האָבען פרובירט בעשיצען דיא טהיר פון דרויסען, אבער זיי זיינען אויך באַלד געלעגען טוידט און דיא „טשיליאַנער“ זיינען אריין אין דעם ערשטען צימער, שרייענדיג: „וואו איז ער, דער מארקיז? אַ טוידט דעם טיראַן!“

פיזאַררא איז געווען אין דעם צווייטען צימער, וואו אַן אנדער אָפיציער האָט איהם געהאָלפען אָנטהאָן זיין פאַנציר. זעהענדיג, אַז דיא קאָנספיראַטאָרס געפינען זיך שוין אין דעם פאָדערצימער, איז דיעזער אָפיציער אַהין ארויסגעלאָפען צוזאמען מיט אַנדערע מיטגליעדער פון פיזאַררא'ס סוויטע. עס איז פאָרגעקומען אַ פערצווייפעלטער געשלעג. צוויי פון דיא קאָנספיראַטאָרס זיינען געפאַלען טוידט, און פיזאַררא'ס אנהענגער האָבען בעקומען פיעלע וואונדען. ענדליך האָט זיך בעוויזען פיזאַררא. ניט האָבענדיג קיין צייט צו פערבינדען דעם קיווער אויפ'ן קאָפ, האָט ער איהם גאָר אַראָבגעוואָרפען פון זיך, און איז אַרויסגעלאָפען. איין האַנד איז ביי איהם געווען איינגעוויקעלט אין זיין מאַנטעל און אין דער אַנדערער האָט ער געהאַלטען אַ שווערד. „איהר זייט געקומען מיך טוידטען ביי מיר אין הויז, פעררעטהער וואָס איהר זייט?“ — האָט ער אויסגעשריען, אַ שפרונג טהוענדיג אויף זיינע פיינד.

אויף א מינוט זיינען דיא קאָנספּיראַטאָרס ביי זיך אָבגעשוואַכט געוואָרען; זיי האָבען אָבער באַלד בעקומען זייער פריהערדיגע מוטה. דער קאַמפּף האָט געדויערט עטליכע מינוטען. פּיזאַררא'ס אנהענגער זיינען געפאַלען איינער נאָך דעם אנדערען. ענדליך האָט ראדא אויס־געררופען: „וואָרום פערליערען מיר אַזוי פיעל צייט? ניעדער מיט'ן טיראַן!“ איינער פון דיא אלמאַגריסטען איז אויף פּיזאַררא'ן ארויפ־געפאַלען. פּיזאַררא האָט איהם דערשטאָכען. אָבער אין דעם זעלבען מאָמענט האָט אַן אנדערער אַלמאַגריסט איהם איינגעשטאָכען אין האַלז. ער האָט גענומען פאַלען פון דיא פיס. ער האָט זיך אראָבגעלאָזען אויף דער ערד. ראדא און עטליכע קאָנספּיראַטאָרס האָבען אין איהם גלייך אריינגעשטעקט זייערע שווערדען. דער מאַרקיז האָט אויס־געשריען „יעזוס“, האָט מיט זיין אייגענעם בלוט געמאַכט א צלם אויף דער פּאָדלאָגע, און האָט זיך אריבערגעבויגען אום דעם צלם א קוש צו טהאָן. אָבער אין דיעזער סעקונדע האָט ער בעקומען נאָך א האַק מיט א שווערד, און איז געבליבען טויטט.

ראדא און זיינע חברים זיינען ארויסגעלאָפען אויפ'ן גאַס, שרייענ־דיג מיט טריאומפירענדע שטימען: „דער טיראַן איז טויטט! דיא געזעצע זיינען וויעדער אין מאַכט! עס לעבע אונזער הארר, דער קיסר, און דיעגאָ אַלמאַגראָ זיין גובערנאַטאָר!“ צו זיי זיינען צו־געשטאַנען אנדערע „טשיליאַנער“. פון אַלע זייטען האָבען זיך בעוויזען מענשען וואָס האָבען בשתיקה אימער בעלאַנגט צו אַלמאַגראָ'ס פּאַרטיי, ביז ראדא האָט געהאַט א מחנה פון דריי הונדערט מאַן. פּיזאַררא'ס הויז האָבען זיי בעראַבעוועט און פון דאָרטען אוועקגעשלעפּט א גרויסע מאַסע גאָלד און זילבער. דיא הייזער פון דעם מאַרקיז'ס וויכטיגסטע אנהענגער האָבען זיי בעוואַכט, און דיא שטאַדט־רעגיערונג האָבען זיי געצוואונגען אנצוערקענען דיעגאָ אַלמאַגראָ'ס הערשאַפט. דער יונגער מאַן האָט געריטען דורך דיא גאַסען מיט א סוויטע פון בעוואַפענטע אָפיציערען; מיט טרומייטען האָט מען איהם פּראָקלאַמירט אַלס גובערנאַטאָר און קאַפּיטאַן־גענעראַל פון פּערו.

XV.

## די ערשטע רייזע איבער דעם גרעסטען טייך אין דער וועלט.

גאָנזאַלאָ פּיזאַררא לאָזט זיך אַוועק זוכען צימרינג־לענדער. — ער זוכט אַ לאַנד מיט גאָלד. — הונגער. — דער נאַפּא טייך. — מען בויט אַ שיף מיט דיא הילפע הענד און מיט דיא לעצטע כחות. — ארעללאַנאָ פאָהרט אַוועק מיט דער שיף און קומט ניט צוריק. — גאָנזאַלאָ מיט זיינע אויסגעהונגערטע בעגלייטער דערגעהען ביז דעם אַמאַזאָן־טייך. — ארעללאַנאָ'ס פערלאָזענער מיטרייזענדער. — ארעללאנאָ'ס רייזע. — פאַר וואָס מען רופט דעם גרויסען טייך אַמאַזאָן. — גאָנזאַלאָ'ס רייזע צוריק. — פיעלע שטאַרבען אויס פון הונגער. — קאַסטראָ. — געזעצע געגען שקלאַפעריי. — לאס קאַסאַס. — אונצופריעדענהייט. — גאָנזאַלאָ'ס אויפשטאַנד. — זיין מאַכט. — מען ראַטה איהם צו ווערען אַ קעניג. — גאַסקאַ און זיין זיעגרייכער צוג. — אַ בלוטדורשטיגער ווילצינג. — גאָנזאַלאָ'ס טוידט.

פּיזאַררא'ס ברודער גאָנזאַלאָ'ן האָבען מיר איבערגעלאָזען, ווען ער איז אַוועק נאָך קוויטאָ, אום פון דאָרטען אויסצופאָרשען דיא צימרינג־לענדער צו מזרח זייט צו. געווירצען האָט מען אין יענע יאָהרען נאָך אַלץ געהאַלטען פאַר דיא וויכטיגסטע סחורה. דער געדאַנק צו ענטדעקען און איינצונעהמען אַ געגענד פון צימרינג־בוימער האָט גאָנזאַלאָ'ן דעריבער שטאַרק פעראינטערעסירט, און ווען ער האָט גענומען צוזאַמענשטעלען אַן ארמיי, איז איהם לייכט געווען צו געפינען בעלנים. אין אַ קורצע צייט האָט ער געהאַט אַ מחנה פון 350 שפּאַניער, 150 פון וועלכע זיינען געווען רייטער. אַ חוץ זיי האָט ער געהאַט פיער טויזענד אינדיאַנער. אויסער דיא 150 פערד האָבען דיא שפּאַניער מיטגענומען ביי טויזענד גרויסע בלוט־הינד. מיט פּראָוויאַנט זיינען זיי אויך געווען גוט בעזאָרגט; זיי האָבען מיט זיך געפיהרט מאַסען שפּייז און דערצו נאָך אַן אונגעהויערע סטאַדע שוויינען. דאָס אַלץ האָט זיי אָבער ניט געקענט אויסהיטען ניט פון הונגער, ניט פון

אנדערע צרות. וואָס אנגעטרעפט צרות און אַלערליי אָבקומעניסען, איז דאָס איינע פון דיא מערקווירדיגסטע רייזעס, דורך וועלכע דיא ציוויליזירטע מענשהייט איז ביסלעכווייז בעקאַנט געוואָרען מיט דעם ערד־קוגעל.

פון אָנפאַנג איז אַלץ געגאַנגען כשורה. ווען גאָנזאַלאָ און זיינע מיטרייזענדע זיינען אָבער אַרויס פון רער אינקא־לאַנד און זיינען אריינגעקומען אין דער געגענד פון דיא קוויקסאָ אינדיאַנער, האָבען זיך אָנגעהויבען אַלערליי שוועריגקייטען. אי דיא נאַטור אי דיא איינ־וואוינער דאָרט זיינען געווען פיעל ווילדער. דיא אַנדען בערג זיינען דאָ געווען אונגעהייער הויך און שווער אריבערצוגעהן. דיא קעלט אויבען אויף דיא בערג איז געווען אַ שרעקליכע. עס האָט געבלאָזען אַן אייז־ווינד, פון וועלכען פיעלע פון דיא אינדיאַנער פון קוויטאָ זיינען פערפראָרען געוואָרען צום טוידט. באַלד האָט דאָ נאָך געטראָפען אַן ערד־ציטערנים. אין דיזע ערטער איז דאָס אַ גאַנץ אָפטע זאַך; אָבער דיא שפּאַניער זיינען צו דעם ניט געוואוינט געוואָרען, און ווען זיי איז אויסגעקומען צו זעהן וויא אין אַ געוויסען פּלאַץ ווערט צושפּאָלטען דיא ערד, וויא פון איהר קומען אַרויס וואָלקענס מיט שוועבעלגע פּאַרע, און וויא דער תהום שלינגט איין אַ גאַנצען דאָרף, איז זייער אימה געווען אונבעשרייבליך. ענדליך האָבען זיי דערגרייכט דעם שפּיץ פון דיא דאָרטיגע בערג, און גענומען געהן איבער זייער מזרח־זייט. ווען זיי זיינען אַראָבגעקומען ניעדריגער, איז דיא קעלט געוואָרען אַלץ קלענער און קלענער, ביז ביסלעכווייז איז געוואָרען הייס און דושנע. עס האָבען זיך אָנגעהויבען דיא טראָפּישע רעגענס, בעגלייט מיט מורא'דיגע דונערען און בליצען. עס האָט אויף זיי געגאָסען טאָג און נאַכט. זעקס וואָכען האָט דער מבול אָנגעהאַלטען. גאָנזאַלאָ און זיין קאָמפּאַניע זיינען געווען אַזוי דורכגעווייקט און אויסגעמוטשעט פון שטענדיגע מאַטער־נים, אַז זיי האָבען קוים געקענט שלעפּען דיא פיס איבער דיא נאַסע, אָנגעטרונקענע, צוריסענע ערד. ווען דער רעגען האָט אויפגעהערט איז געווען ניט פיעל בעסער. מען האָט זיך געמוזט שלעפּען דורך זומפּען, איבער טייכען און דורך געדיכטע פערפלאָנטערטע וועלדער.

עטליכע מאָנאַטען האָבען זיי זיך אַזוי געשלעפּט און געמאַטערט ביז זיי זיינען ענדליך געקומען אין דיא „צימרינג לאַנד“, וויא דיא שפּאַניער האָבען דאָס אַ נאָמען געגעבען. זיי האָבען געפונען דאָס,

וואָס זיי האָבען געזוכט: בוימער מיט צימרינג־קאָרע, — גאַנצע וועלדער פון אַזעלכע בוימער. אָבער וואָס פאַר אַ נוץ האָבען זיי פון דעם געקענט האָבען? ווען מען וואָלט בערג פון דיעזע קאָרע געבראַכט נאָך שפּאַניען, וואָלט דאָסווירקליך געווען אַ גוטע סחורה. וויא ברענגט מען אָבער אַזעלכע משאות אהין? וויא פיהרט מען זיי אריבער איבער דעם שרעקליכען וועג, וועלכען דיא רייזענדע האָבען דורכ־געמאַכט קומענדיג אהער?

זיי וואָלטען זיך גלייך אומגעקעהרט צוריק. אבער פון געוויסע אינדיאַנער, וועלכע זיי האָבען בעגעגענט אויפ'ן וועג, האָבען זיי געהערט, אַז צעהן טאָג רייזע ווייטער געפינט זיך אַ פרוכטבארער געדיכט בעוואוינטער געגענד, וואָס איז רייך אין גאָלד. גאָנזאַלאָ האָט זיך דעריבער בעשלאָסען פאָרטצוזעצען זיין רייזע.

דיא קאָמפּאַניע איז אָנגעקומען אין אַ קרייז פון ריעזיגע לאָנקעס, וועלכע האָבען זיך געגרענצט מיט וועלדער. זיי האָבען פאַר זיך געזעהן בוימער אַזעלכע הויכע און דיקע, אַז זיי זיינען ערשטוינט געוואָרען. אייניגע זיינען געווען אַזוי גרויס, אַז 16 מענשען האָבען זיי ניט געקענט אַרומנעהמען. און פון דיעזע בוימער־ריעזען זיינען אראָבגעהאַנגען אַלערליי העל־קאָלירטע פלאַנצונגען, וועלכע האָבען זיך צוזאַמענ־געפלאָכטען איינאיינעם. פון דעם האָט דער וואַלד אויסגעזעהען אַזוי וויא בעוועבט מיט אַ שעהנעם נעץ. דורכגעהן דורך דיעזען נעץ איז אָבער געווען זעהר שווער. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דיא אַלטע געשיכטע: אויף טריט און שריט האָט מען געמוזט זיך דורכהאַקען אַ וועג מיט העק. דיא קליידער פון דיא רייזענדע זיינען געווען אַזוי צופוילט פון שטענדיגע דורכגעווייקטקייט, אַז איצט, ווען זיי האָבען זיך פערטשעפּעט אָן דיא פערפלאָנטערטע צווייגען און קריך־פלאַנצונ־גען, האָבען זיך פון זיי אַראָבגעריסען גאַנצע שטיקער, וועלכע זיינען געבליבען הענגען אויף קוסטעם אָדער דערנער. וואָס אַנבעלאַנגט זייער שפּייז, איז זיא שוין לאַנג צונעצט און פער־שימעלט געוואָרען, און דיא חזירים, וואָס זיי האָבען מיטגענומען, זיינען זיך צולאָפען.

דיא טויזענד הינט זיינען אבער מיטגעגאַנגען; און איצט האָבען דיא שפּאַניער קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט וויא פאַר דיעזע טרייהייט זיי אָבצאָהלען מיט דעם וואָס זיי האָבען זיי אַלעמען אויפגעגעסען. דיא פערד זיינען זיי נאַטירליך געווען נאָך טהייערער וויא דיא הינט;

א חוץ דעם, וואס זיי האבען געשלעפט זייער משא, וואלט אהן זיי געווען אונמעגליך ארויסצוטרעטען געגען גרויסע מחנות פיינדליכע אינדיאנער. אבער דער הונגער האט זיי געטריבען אויפצועסען א היבשע צאהל פון דיא פערד אויך, ביז ענדליך איז זיי אויסגעקומען זיך צו קארמען מיט דיא קרייטיכער און ווארצלען, וואס זיי האבען אויפגעקליבען אין וואלד און פיעלע פון זיי זיינען געווען שעדליך.

דורך דיא וועלדער זיינען זיי ביסלעכווייז ארויסגעקומען אויף א ברעג פון א ברייטען וואסער. דאס איז געווען דער נ א פ א — איינער פון דיא טייכען וואס פאלען אריין אין דעם ריעזיגען א מ א ז א ן טייך. אין אמעריקא האט דער נאפא קיין גרויסע בעדייטונג ניט; אין איירָאפא אבער וואלט ער געווען איינער פון דיא גרעסטע טייכען. דיא רייזענדע האבען זיך דעריבער דערפרעהט: אויף דיא ברעגעס פון א גרויסען טייך האבען זיי געקענט ערווארטען, אז זיי וועט זיין לייכטער צו מארשירען. שפעטער, געהענדיג פאזע טייך, האבען זיי דערהערט א גערויש אזוי וויא עס וואלט געדונערט אונטער דער ערד. וואס ווייטער זיי זיינען געגאנגען, אלץ העכער האט עס געפילדערט און געקראכט. און דער טייך האט זיך געווארפען אלץ בייזער און ווילדער פאראוים. ענדליך האבען זיי דערזעהן וויא א ריעזיגע מאסע שוים שליידערט זיך ארונטער אין א טיעפען תהום אריין. וויא גרוים דער וואסערפאל איז געוועזן, קען מען זיך פארשטעלען פון דעם, דאס דער גערויש האט זיך געהערט פאר אכטצעהן מייל. דער פערטויבענדער ליארם פון דיא וואסער, ארומגערינגעלט מיט דיא טוידטע שטילקייט פון דעם געגענד, וואו עס האט זיך ניט געזעהן קיין אנדער לעבעדיגע זאך וויא באא־שלאנגען און אליגאטארען, האט אויף דיא שפאניער ארויפגעווארפען אן אימה.

א ביסעל ווייטער, אויף יענער זייט פון דעם וואסער־פאל, איז דער טייך געווארען פיעל שמעלער. דיא אויסגעהונגערטע קאמפאניע האט גערעכענט אז אויף יענער זייט וועלען זיי אפשר געפינען עסענוואַרג, אלזא האבען זיי אנידערגעווארפען עטליכע ריעזיגע בוימער און איבער זיי זיינען זיי זוי־עס־איז אריבער מיט זייערע פערד צום אנדערען ברעג. אזוי אריבערקריכענדיג, איז איינער פון זיי אראבגעפאלען אין דעם רעש'דיגען וואסער און דערטרונקען געווארען.

געוואונען האבען זיי פון דער ענדערונג גאר ניט. קיין שפייז

האָבען זיי אַליץ ניט געפונען און דער ברעג איז געווען פערוואַקסען מיט דיא זעלבע ריעזיגע, געדיכטע, צוזאַמענגעפּלאָנטערטע בוימער, וויא דאָרטען. אַלס צוגאָב זיינען דיא אינדיאַנער, וועלכע זיי האָבען בעגעגענט אין דיעזער ווילדער נאַטור, בייזע יונגען, און אונזערע רייזענדע האָבען געהאַט שטענדיגע מלחמות מיט זיי. איין נוץ האָבען זיי פון זיי געהאַט: זיי האָבען פון זיי געהערט, אַז עטליכע טאָג רייזע ווייטער, געפינט זיך דיא פרוכטבאַרע לאַנד, וואָס זיי זוכען. דיא שפּאַניער האָבען שוין קיין כחות ניט געהאַט; אָבער האָפענדיג אַז אָט־אָט ווערט זייער טרוים פערווירקליכט, האָבען זיי זיך מיט דיא לעצטע קרעפטען ווייטער געשלעפּט. ענדליך האָט גאָנזאַלאָ זיך מישב געווען אַז ער וועט בויען אַ שיפעל אום אויף איהר צו פיהרען איבער'ן טייך דיא באַגאַזש מיט דיא שוואַכע און קראַנקע סאָלדאַטען, ווערהענד דיא שטאַרקערע וועלען געהן פאַזע ברעג. מען האָט אויסגעהאַקט בוימער און זיך גענומען צו דער ארבייט. פון דיא פּאָדקאָוועס פון דיא געפאַלענע פערד האָט מען אויסגעשמידט טשוועקעס; אנשטאַט סמאָלע האָט מען געברויכט דיא קלעפּיקע זאַפט פון געוויסע בוימער און אָנשטאָט פּעקע צו פערשטאָפּען דיא שפּאַלטען, האָבען געדיענט דיא שטיקער טראַנטעס וואָס זיינען געבליבען ביי דיא סאָלדאַטען. פון הונגער און אָבגעצערטקייט האָט מען קיין כח ניט געהאַט דיא הענד צו בעוועגען. מען האָט אָבער וויא־עס־איז געאַרבייט און אין פערלויף פון צוויי מאָנאַט איז דיא שיף פאַרטיג געוואָרען. דאָס איז געווען דיא ערשטע אייראָפּעאישע שיף, וואָס האָט ווען־עס־איז געשוואומען אויף אַן אינלענדישען טייך פון אמעריקא. קיין קינסטלערישע שטיקעל אַרבייט איז נאַטירליך ניט אַרויסגעקומען. שטאַרק איז דיא שיף אָבער געווען, און אויף איהר האָט געקענט אַרויפגעהן אַ העלפט פון דער גאַנצער קאָמפּאַניע. אַלס שיפס־קאַפּיטאַן האָט גאָנזאַלאָ געשטעלט אַן אַדעליגען מיט'ן נאָמען פ ר א נ צ י ס ק אָ אָ ר ע ל אַ נ אַ.

מיט דער הילף פון דער שיף האָט מען אַלזאָ פאָרטגעזעצט דיא רייזע. דיא וואָס האָבען געקענט געהן צופוס זיינען געגאַנגען, דיא קראַנקע און דיא שוואַכע האָט מען געפיהרט איבער'ן טייך.

עס זיינען ווייטער אַוועק וואָכען און וואָכען. מען האָט שוין אויפגעגעסען דעם לעצטען פערד. מען האָט שיער ניט געגעסען דיא לעדער פון דיא זאָטלען און פון דיא גאַרטלען. קרייטעכער וואָס זאָלען

טויגען צום עסען, איז שווער געווען צו געפינען — האָט מען קיין אנדער ברירה ניט געהאַט וויא זיך צו שפּייזען מיט זשאַבעס, שלאַנגען און אַנדערע אַזעלכע בעשעפּעניסען.

פון דיא אינדיאַנער, וועלכע זיי האָבען דאָ איצט בעגעגענט, האָבען זיי געהערט, אַז ארום דעם אָרט, וואו דער נאַפּאָ פאַלט אריין אין זיין מוטער־טייך געפינט זיך אַ רייכער געגענד מיט אַ גרויסע בעפעלקערונג, אַז דיעזער מוטער־טייך איז פיעל גרעסער וויא דער נאַפּאָ און אַז ער פליסט ווייטער צו מזרח צו. גאָנזאַלאָ האָט זיך בעשלאָסען אַהין צו שיקען אָרעללאַנאַ'ן מיט דער שיף. דער פּלאַן איז געווען אַזוי: גאָנזאַלאָ מיט דער גרעסער טהייל פון דער קאָמפּאַניע וועלען זיך דאָ אָבשטעלען און וואַרטען ביז אָרעללאַנאַ וועט זיך אומקעהרען מיט שפּייז. דאַן וועלען אַלע האָבען כח פאָרטצוזעצען דיא רייזע צו דער רייכער לאַנד.

אַזוי האָט מען טאַקע געטהאָן: אָרעללאַנאַ איז אַוועקגעשוואומען מיט פופציג מאַן.

עס געהט אַוועק איין וואָך, אַ צווייטע, אַ דריטע — און דיא שיף קומט אַלץ ניט. גאָנזאַלאָ האָט ארויסגעשיקט מענשען איהר זוכען. זיי האָבען זיך אָבער אָבגעזאַמט עטליכע טעג און געקומען צוריק מיט לעדיגען. ענדליך האָט ער זיך בעשלאָסען פאָרטצוזעצען דיא רייזע ביז דער „מויל" פון טייך. דיא שטרעקע האָט געהאַלטען ניט מעהר וויא אַ מייל 600. דאָך האָט דאָס געדויערט צוויי מאָנאַט, און פיעלע פון דיא רייזענדע זיינען אויסגעשטאָרבען אויפ'ן וועג.

גאָנזאַלאָ איז אַלזאָ ענדליך צוגעקומען צו דעם אָרט וואו דער נ אַ פּ אָ פאַלט אריין אין דעם אַ מ אַ ז אָ ן, אין דעם מעכטיגען טייך, וועלכער געהט פיער טויזענד ענגלישע מייל איבער דער ברייט פון זיד־אַמעריקא, אריינגעהמענדיג אין זיך אויפ'ן וועג ביי אַ טויזענד קלענערע טייכען, ביז ער ווערט אַזוי ברייט וויא אַ ים און גיסט זיך אַריין אין אַטלאַנטישען אָקעאַן.

דאָס איז דער גרעסטער טייך אין דער גאַנצער וועלט.

פון אָרעללאַנאַ'ן מיט זיין שיף האָט גאָנזאַלאָ קיין סליאַד ניט געפונען. דיא דאָרטיגע אינדיאַנער האָבען פון קיין שיף מיט ווייסע מענשען אפילו ניט געהערט. רויט־הויטיגע האָבען דאָרטען געוואוינט מעהר וויא אויף דעם פּלאַץ, פון וועלכען זיי זיינען אַהין געקומען;

זיי זיינען אָבער געווען נאָך ווילדער און בייזער וויא יענע און מיט קיין בעזונדערע פּרוכטבאַרקייט האָט דיא לאַנד דאָ אויך זיך ניט אויס־געצייכענט. גאָנזאַלאָ האָט גערעכענט, אַז אָרעללאַנאַ און זיינע פופציג בעגלייטער זיינען געטויידטעט געוואָרען פון דיא רויט־הויטיגע אָדער אומגעקומען פון הונגער אויף'ן וועג.

באַלד האָבען דיא שפּאַניער בעגעגענט אַ נאַקעטען שרעקליך אויס־געמאָגערטען מענשען, און האָבען איהם דערקענט אַלס איינעם פון אָרעללאַנאַ'ס פופציג מיטרייזענדע, אַן אַדעליגער מיט'ן נאָמען דע־וואַרגאַסי, צו וועלכען דיא גאַנצע קאָמפּאַניע האָט געהאַט רעספּעקט. ער האָט דערצעהלט דאָס פאָלגענדע:

ווען דיא שיף מיט דיא פופציג שפּאַניער האָט זיך אַוועקגעלאָזען אין מיטען טייך, האָט דער שטראָם איהר אַוועקגעטראָגען אַזוי האַסטיג, אַז דיא רייזע, וועלכע האָט ביי גאָנזאַלאָ'ן און דיא איבריגע פוס־געהער איצט געדויערט צוויי מאָנאַט, האָט מיט'ן וואַסער גענומען ווענינער וויא דריי טעג. ווען אָרעללאַנאַ איז אויף דיעזען אַרט אָנגעקומען אויף דעם פּלאַץ, וואו דער נאַפּאָ פאַלט אַריין אין דעם אַמאַזאָן, האָט ער געפונען אַז דיא פרוכטבאַרע לאַנד, וועלכע ער האָט דאָ ערוואַרט, איז ניט מעהר וויא אַ פוסטער חלום. ער האָט קוים געקענט קריגען שפּייז. וועגען ברענגען פּראָוויאַנט פאַר דיא חברים, וואָס זיינען געבליעבען וואַרטען, האָט קיין רייד ניט געקענט זיין. שווימען צוריק געגען דעם שטראָם איז אונמעגליך געווען, און געהען וואָלטען זיי קיין כח ניט געהאַט, האָט אָרעללאַנאַ זיך בעשלאָסען אַזוי צו טהאָן: אָן גאָנזאַללאָ'ן מיט דיא אַנדערע שפּאַניער וועט ער פערגעסען און מיט זיין שיף וועט ער זיך אַוועקלאָזען ווייטער איבער דעם אַמאַזאָן צו דעם אָרט וואו דער גרויסער טייך גיסט זיך אַריין אין דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן. דאָרטען, האָט ער געהערט, וואוינען רייכע נאַציאָנען, אַזעלכע וויא דיא פּערואַנער אָדער מעקסיקאַנער אונגעפעהר. דאַן וועט ער איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן פאָהרען נאָך שפּאַניען, קומען צום קעניג און זיך ערקלערען אַלס ענטדעקער. דער פּלאַן איז געפעלען געוואָרען אַלע זיינע מיטרייזענדע אויסער וואַרגאַס'ען, וועלכער האָט געגען דעם פּראָטעסטירט און געפאָדערט מען זאָל ניט פערר־לאָזען דיא וואָס האָבען מיט זייערע לעצטע כחות געהאָלפען בויען דיא שיף. אָבער אָרעללאַנאַ און דיא אַנדערע 49 האָבען זיך ניט געקימערט.

דיא אויסזיכטען פון א נייע ווילדע רייזע איבער'ן ברייטען אָקעאן און דיא האָפנונג צו עררייכען שפּאניען און צו מאכען זיך א נאָמען אלס ענטדעקער, האָט אָנגעצונדען א נייעם פלאַם פון לעבען אין זייערע אוואַנטוריסטישע הערצער. זיי זיינען אוועקגעשוואומען, און וואר־גאס'ען, דערפאר וואָס ער האָט פּראָטעסטירט, האָבען זיי מערדערליך איבערגעלאָזען אליין. אזוי אלזאָ האָט דערצעהלט ווארגאס. און זיינע ווערטער האָט שפּעטער אָרעללאַנא אליין בעשטעטיגט.

אָרעללאַנא'ס רייזע איבער דעם אמאזאָן טייך און דערנאָך איבער'ן אטלאַנטישען אָקעאן רעכענט זיך פאר איינע פון דיא וואונדערבארסטע אין דער געשיכטע פון רייזעס. זיין שיף איז געווען געמאכט פון רויהע ברעטער אָהן דיא ריכטיגע געצייג און אָהן דיא ריכטיגע מאטעריאַלען, און דיא וואָס האָבען איהר געבויט, זיינען מיט דיעזען פאַך געווען גאנץ ווייניג בעקאנט; אויף דער שיף גופא האָבען געפעהלט פיעלע נויטיגע זאכען. אָרעללאַנא האָט זאָגאר ניט געהאט קיין קאָמפּאַס, אָהן וועלכען קיין שיף וואָלט זיך ניט וואגען אוועקצולאָזען איבער'ן אָקעאן ווייט פון ברעג. און דאָך האָט ער עררייכט זיין ציעל: ער איז געקומען נאָך שפּאניען.

אבער דיא רייזע איבער'ן אמאזאָן־טייך איז געווען ניט לייכטער און ניט ווענינער געפעהרליך וויא איבער'ן אטלאַנטישען אָקעאן. דער האַסטיגער שטראָם האָט דיא שיף געשליידערט אָן פעלזען און עטליכע מאָל איהר שיער אויף שטיקלעך ניט צושמעטערט. צו דערזעלבער צייט איז דער לעבען פון דיא רייזענדע געווען אין שטענדיגע סכנה פון דיא אינדיאַנישע פעלקער, וואָס האָבען געוואוינט אויף דיא ברעגעס פון דעם גרויסען טייך. ווען נור דיא ווייסע קאָמפּאַניע האָט געפּרופט ארויסזעצען זיך אויפ'ן ברעג, זיינען זיי אויף איהר אָנגעפאלען, און עס איז געקומען צו בלוטיגע געשלעג. אין אייניגע פעלצער האָבען דיא רויט־הויטיגע פרויען מיטגעקעמפפט מיט דיא מענער. ווען דיא שיף איז געשוואומען, זיינען דיא אינדיאַנער איהר נאָכגעשוואומען אויף זייערע קאנאָס פיעלע מיילען נאָכאנאנד.

קיין ענטוויקעלטע פעלקער האָט אָרעללאַנא ביי דעם מויל פון דעם טייך אויך ניט געפונען. פון דאָרטען איז ער אריבערגעשוואומען אויף דער אינזעל קובאַגוואַ און פון דעם אינזעל זיך פערנומען גלייך איבער דער ברייט פון דעם אטלאַנטישען אָקעאן נאָך שפּאניען. דיא

מויל פון דעם אמאזאָן האָט שוין ענטדעקט פינזאָן (קאָלומבוס'עס מיטרייזענדער) מיט 40 יאָהר פריהער. אָרעללאַנאַ איז אָבער געווען דער ערשטער וואָס האָט איבער דיעזען טייך געמאַכט אזא לאַנגע רייזע.

קומענדיג נאָך שפּאַניען האָט אָרעללאַנאַ בעזוכט דעם קעניג און איהם בעריכטעט וועגען זיין מערקווירדיגע רייזע. אזוי וויא ער האָט דערצעהלט, אז ביי דעם גרויסען זיד־אַמעריקאַנישען טייך האָט ער זיך געטראָפען מיט פרויען וועלכע האָבען געקעמפּפט אזוי גוט וויא די מענער, האָט מען יענעם טייך אַ נאָמען געגעבען אַמאַזאָן נאָך די „אַמאַזאָנען", די העלדישע פרויען, וועגען וועלכע עס ווערט דער־צעהלט אין אַן אַלט־גריכישע מעשה. אָרעללאַנאַ האָט אויך בעריכטעט, אז וויא ער האָט געהערט פון די דאָרטיגע אינדיאַנער, איז זייער געגענד ניט ווייט פון אַ לאַנד פון אוצרות און אַלערליי וואונדער. אויף אַמעריקא האָט מען דאַן געגלויבט אַלע נסים. די גאָלד פון מעקסיקאָ און פּערו האָט געוויזען אז אזעלכע מעשיות זיינען ניט קיין פּוסטע פאַנטאַזיעס. זיין פערלאַנג צו פיהרען אַן עקספּעדיציע נאָך דעם „אַמאַזאָנען־געגענד" איז דעריבער גלייך בעוויליגט געוואָרען, און ער איז אהין אַוועק מיט אַן ארמיי פון 500 מאַן. די אונטערנעהמונג האָט זיך אָבער געענדיגט מיט גאָרניט. ערשטענס איז אָרעללאַנאַ געשטאָרבען אויפ'ן וועג. צווייטענס, האָט פּאָרטוגאַל שפּאַניען ניט ערלויבט אין יענע געגענדען צו מאַכען עראָבערונגען, אויף דעם גרונד, דאָס לויט דעם אויבענדערמאָנטען גרענעץ, וועלכען דער פּאַפּסט אַלעקסאַנדער דער 6טער האָט בעשטימט צווישען די ענטדעקונגס־רייזעס פון די צוויי מלוכות, געפינען זיך דיעזע לענדער אויף דער פּאָרטוגעזישער זייט.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען די פערצווייפלונג, מיט וועלכע גאָנזאַלאָ און זיינע בעגלייטער האָבען אויסגעהערט וואַרגאַס'עס געשיכ־טע. איצט זיינען זיי אַלזאָ געבליבען אָהן אַ שיף אויף — אָהן דער שיף, אויף וועלכער זיי האָבען אַוועקגעלעגט אזוי פיעל קרעפטען! וואָס זאָלען זיי איצט טהאָן? געהן ווייטער האָט קיין זין ניט געהאַט. בלייבען אויף אַן אָרט — וואָלטען זיי סאַי ווי סאַי אויסגעשטאָרבען פון הונגער אָדער פון די געפעהרליכע ארומיגע אינדיאַנער. עס איז

קיין אַנדער ברירה ניט געווען וויא צו פּרובּען געהן צוריק נאָך קוויטאָ. פון קוויטאָ זיינען זיי אבער איצט געווען ביי איבער צוועלף הונדערט מייל; היינט וויא אַזוי וועלען זיי דיעזען שרעקליכען מהלך רייזען אין זייער איצטיגען צושטאַנד, אויסגעהונגערטע שוין פון עטליכע מאָנאַט אָהן אַ ברעקעל מענשליכע שפּייז און אָהן אויסזיכט אויף שפּייז כמעט אויף דעם גאַנצען וועג צוריק.

דאָ האָט זיך אַרויסגעצייגט וואָס פאַר אַן אייזערנעם כאַראַקטער גאָנזאַלאָ פּיזאַרראָ האָט געהאַט. ניט בלויז איז ער אַליין ביי זיך ניט אַראָבגעפאַלען, נור ער האָט מיט זיינע רייד אַריינגעגעבען חשק און ענערגיע אין זיינע בעגלייטער אויך; און פיהרענדיג זיי דורך דיא גרעסטע געפאַהרען, דורך אונענדליכען הונגער און אָבקומעניסען, האָט ער אין זיי אימער אויפגעהאַלטען אָדער זיך געסטאַרעט אויפצוהאַלטען זייער קוראַזש. זיי האָבען זיך געשפּייזט מיט קרייטעכער, זשאַבעס, שלאַנגען, און — אמאָל — מיט דיא עסענוואַרג וואָס זיי האָבען געפונען אין אַן אַוועקגעוואָרפענעם אינדישען דאָרף, אָדער וואָס זיי האָבען מיט געוואַלט אַוועקגענומען ביי אינדיאַנער. פּיעלע פון זיי האָבען פראָסט קיין כח ניט געהאַט שוין ווייטער צו געהן, און זיינען געבליבען אין וואַלד, אויפגעגעסען צו ווערען פוןווילדע חיות. דיא קאָמפּאַניע איז געוואָרען אַלץ קלענער.

ענדליך האָבען זיי דערגרייכט דעם ענד פון זייער רייזע — קוויטאָ. זיי זיינען אַהין אָנגעקומען אין יולי 1542, צוויי און אַ האַלב יאהר נאָכדעם וויא זיי זיינען פון דאָרטען אַוועק. זיי זיינען געקומען אָהן פערד, מיט פעררּאָסטעטע, צובראָכענע געוועהר, נאַקעטע, מיט לאַנגע האָר און לאַנגע בערד, האַלב טויטע פון הונגער און אויס־געמאַטערטקייט. פון דיא 350 שפּאַניער, וואָס גאָנזאַלאָ האָט גענומען מיט זיך, זיינען צוריקגעקומען בלויז 80 און פון דיא פיער טויזענד פּערואַנער — ניט מעהר וויא צוויי טויזענד.

דאַן האָט גאָנזאַלאָ זיך דערוואוסט אַז זיין ברודער איז טויד..

דערווייל איז געקומען וואַקאָ דע קאַסטראָ און זיך ערקלערט גובערנאַטאָר פון פּערו, לויט דעם קעניגליכען דאָקומענט, וואָס ער האָט געהאַט. דיא אַלמאַגריסטען האָבען זיך ענטזאָגט איהם אַנצו־ערקענען. ביי זיי איז דער יונגער דיעגאָ אַלמאַגראָ געווען דער גובער־נאַטאָר. פראַנציסקאָ פּיזאַררא'ס וויכטיגסטע אָפיציערען זיינען

געווען אויף דע קאַסטראָ'ס זייט. עס איז געקומען צו אַ בלוטיגע שלאַכט, (דעם 16טען סעפּטעמבער 1542). דיא אַלמאַגריסטען האָבען געהאַט אַ ניעדערלאַגע. דיעגאָ אַלמאַגראָ אַליין איז אַריינגעפאַלען אין געפאַנגענשאַפט און האָט געענדיגט זיין יונגען לעבען אויפ'ן עשאַפאָט, אויפ'ן גרויסען סקווער פון קוזקאָ.

גאָנזאַלאָ פּיזאַררא האָט צוערשט אויך אַנערקענט דע קאַסטראָ'ן, באַלד אָבער האָבען זיך אָנגעפאַנגען נייע צאַנקערייען. און ער איז געוואָרען דער אָנפיהרער פון אַ נייעם אויפשטאַנד. דיעזען מאָל איז דיא אונצופריעדענהייט אַרויסגעקומען פון דעם, וואָס מען האָט קאָלאָניסטען געשטערט צו געברויכען דיא פּערואַנער אַלס שקלאַפען.

דער מאַן, וועלכער האָט געאַרבייט אין דיא אינטערעסען פון דיא אונגליקליכע אינדיאַנער, און פאַר דער אָבשאַפונג פון זייער שקלאַפעריי, איז געווען אַ שפּאַנישער גייסטליכער מיט'ן נאָמען לאַס קאַסאַס. ער ווערט דערמאָנט אין דעם ערשטען באַנד פון דיעזער סעריע. דאָס איז דיא נאָבעלסטע פּערזענליכקייט אין דער גאַנצער געשיכטע פון דיא שפּאַנישע ענטדעקונגען און עראָבערונגען אין דער נייער וועלט. דיעזער איידעלער, דענקענדער, אמת מענשען־ליע־בענדער מענש האָט ניט גערוהט ביז ער האָט גע'פועל'ט ביי קאַרל דעם 5טען, דעם קעניג פון שפּאַניען, אַז ער זאָל אַרויסלאָזען אַ געזעץ וועלכער האָט דיא אינדיאַנער־שקלאַפעריי פערבאָטען. וויא דער אויבענדערמאָנטער געלעהרטער באַנדעליער בעמערקט, האָט דער נייער געזעץ פאַר דער רעגיערונג זיך איינפאַך געלוינט. מיר האָבען שוין פריהער געזעהן, אַז דיא שפּאַנישע קרוין איז ניט אימער געווען זיכער מיט דער טרייהייט פון איהרע קאָלאָניסטען אין דיא ווייטע אַמעריקאַנישע לענדער, צו וועלכע עס איז שווער געווען צוצוקומען. און וואָס מעהר מאַכט דיעזע קאָלאָניסטען וואָלטען געהאַט, אַלץ וועניגער וואָלטען זיי געפיהלט זייער אבהענגיגקייט פון דעם שפּאַנישען טהראָן. עס איז אימער געווען אַ געפאַהר, אַז זיי זאָלען זיך גאָר אָבזונדערען פון זייער פאַטערלאַנד. קאַרל דער 5טער האָט דעריבער איינגעזעהן, אַז מיט דער אָבשאַפונג פון אינדיאַנער־שקלאַפעריי וועט מען פערקלענערען דיא געפעהרליכע מאַכט פון דיא קאָלאָניסטען.

דיא נייע געזעצע זיינען אַלזאָ ערקלערט געוואָרען. ווען דיא שפּאַנישע אימיגראַנטען פון פּערו האָבען דאָס דערהערט, האָבען זיי

זיך צובונטעוועט. „מיר האָבען אונזער לאַנד מיט אונזערע שקלאַפען בעקומען מיט אונזערע עהרליכע שווערדען,“ האָבען זיי גע'טענה'ט. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נייער קאַפּיטעל פון אטאַקען, פון שחיטות. גאָנזאַלאָ איז געווען דער אָנפיהרער פון דיעזען אויפשטאַנד. עס איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט צווישען זיינע אַנהענגער און דיא אַרמיי פון דעם שפּאַנישען וויצע־קעניג, וואָס איז געקומען דורכפיהרען דיא נייע געזעצע. גאַנזאַלאַ איז געווען דער זיעגער און איז געוואָרען דער פּאָל־שטענדיגער הערשער פון פּערו,—מיט נאָך מעהר מאַכט וויא זיין ברודער פראַנציסקאָ האָט געהאַט. ווען ער איז געקומען נאָך לימאַ, האָט מען איהם עמפּפאַנגען וויא אַ קיסר. „זיעגרייכער פּרינץ“ — האָבען דיא שקלאַפען־טרייבער איהם גערופען — „אונזער בעפרייער, בעשיצער פון פאָלק“. דיא גאַסען זיינען געווען אויסגעשאָטען מיט גרינסען, דיא ווענט זיינען געווען בעהאַנגען מיט העל־קאָלירטע טעפּיכען. דיא באַלקאָנען און דיא דעכער זיינען געווען געפּאַקט מיט הורראַ־שרייענדע מענשען; דיא גלאָקען האָבען געקלונגען; עס האָט געשפּיעלט אַן אָרקעסטער; מען האָט געזונגען און געשאַלט; און דורך דיעזע יובעל־געפילדער איז גאָנזאַלאָ פיזאַררא צוגעריטען צו דעם פּאַלאַץ אין וועלכען דיא אַלמאַגריסטען האָבען געטוידטעט זיין ברודער. פון אַנדערע שטעדט זיינען געקומען דעלעגאַציעס און האָבען איהם בעגריסט, גראַטולירט און צוגעוואונשען גליק אַלס הערשער פון פּערו.

ער האָט זיך גענומען פיהרען וויא אַ קעניג. ער איז אימער געווען ארומגערינגעלט מיט אַ לייב־גוואַרדיע פון אַכציג מאַן; זיין יעדער מיטאָג איז געווען אַ פּאַראַדנער מאָהלצייט, און ער איז קיין מאָל ניט געגאַנגען צום טיש מיט ווייניגער וויא הונדערט געסט.

אחוץ זיין הערשאַפט איבער פּערו האָט גאָנזאַלאָ מיט דער הילף פון זיינע קריעגס־שיפען פערשפּרייט זיין מאַכט איבער פּאַנאַמאַ און אריינגענומען אין זיינע הענד דעם שליסעל צו אַלע פערבינדונגען מיט אייראָפּאַ. זיין נעהנטסטער אָפיציער, אַ 85־יעהריגער מאַן מיט'ן נאָמען קאַרבאַיאַל, האָט איהם געראַטהען אָנצוטהאָן אַ קרוין און ערקלעהרען זיך זעלבסטשטענדיגער קעניג. ער האָט אָבער פון דעם ניט געוואָלט הערען. ער האָט זיך געקליבען צו שיקען שלוחים צום שפּאַנישען קעניג, אָבגעבען אַן ערקלעהרונג וועגען אַלץ און פערזיכערען אַז ער וועט זיין געטריי דעם שפּאַנישען טהראָן. ער האָט געהאָפט, אַז דער קעניג וועט

איינזעהן אַז ער האָט ריכטיג געהאַנדעלט און איהם לאָזען בלייבען גובערנאַטאָר אַלס זיין ברודער'ס יורש.

דערווייל האָט דיא שפּאַנישע רעגיערונג ארויסגעשיקט אַ כיטרען בעאַמטען, אַ גלח מיט'ן נאָמען גאַסקאַ, צו זעהן איינשטילען דיא אונצופריעדענע קאָלאָניסטען. מיט דיא געזעצע געגען שקלאַפעריי האָט דער קעניג געאָפּפערט, אַלזאָ איז גאַסקאַ'ן לייכטער געווען מיט דיא אונצופריעדענע צו ריידען. ער איז געווען בעריהמט מיט זיין גלאַטען געשייטען צונג, און מיט דיעזען צונג האָט ער אין פּאַנאַמאַ איבערגערעדט דיא קאַפּיטאַנען מיט דיא מאַטראָזען פון גאָנזאַלאָ'ס שיפען. דאַן איז ער אַריבערגעשוואומען אין. דער שטאָדט טומבעז, און דאָרטען האָט ער איבערגערעדט פיעל אַנדערע שפּאַניער.

עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נייער קאַמפּף. פּיזאַררא האָט אויף זיין זייט צוערשט געהאַט אַ פיעל גרעסערע ארמיי; אָבער גאַסקאַ'ס צונג איז אומעטום געווען מעכטיגער וויא אַלע שווערדען. שפּאַניער זיינען איבערגעגאַנגען צו איהם איינער נאָך'ן אַנדערען. און וואָס מעהר עס האָט זיך געפיהלט, אַז דיא קרוין וועט אויספיהרען, אַלץ מעהר בעלנים האָבען זיך געפונען צו פערלאָזען גאָנזאַלאָ פּיזאַררא'ס פאָהן. ווען ענדליך (דעם 9-טען אפּריל, 1548) האָבען זיך דיא צוויי שונאים — גאַסקאַ און פּיזאַררא — בעגעגענט אויפ'ן שלאַכט-פעלד, זיינען פּיזאַררא'ס סאָלדאַטען גאַנצע קאָמפּאַניעס-ווייז אַריבערגעלאָפען אין גאַסקאַ'ס לאַגער.

קאַרבאַיאַל האָט דאָס אַלץ צוגעקוקט, זינגענדיג אַ וויציגע ליעד. ער איז געווען אַ מערקווירדיגער יונג, דיעזער 85-יעהריגער אָפיציער, — איינער פון די מערדערליכסטע און אינטערעסאַנטסטע טיפּען פון דיעזער בלוטיגער צייט. דעם גאַנצען לעבען האָט ער פערבראַכט אין מלחמות, אין אייראָפּאַ און אין אַמעריקאַ. דאָס לעבען פון אַ מענשען האָט ביי איהם ניט געהאַט מעהר ווערטה וויא ביי אַ קצב האָט דאָס לעבען פון אַ הוהן. אין גאָנזאַלאָ'ס אויפשטאַנד האָט ער געהאַקט און געוואָרגען מענשען אָהן אַ חשבון. און דאָס אַלץ האָט ער בעגלייט מיט שפּאַס און מיט וויצען. ווען ער האָט געהאַלטען ביים הענגען עטליכע אַדעליגע, האָט ער געזאָגט צו איינעם פון זיי, אַז אַזוי וויא ער בעלאַנגט צו אַ פיינע פאַמיליע, גיט ער איהם דאָס רעכט אויסצוקלייבען דעם צווייג, אויף וועלכען מען זאָל איהם אויפהענגען. ער איז געווען צו קלוג

צו מיינען, אז דיא טרייהייט פון פיזארראָ'ס אנהענגער וועלען לאנג אָנהאלטען. איין מאָל, למשל, ווען איינינע פון זיי האָבען געשוואָרען אז זיי וועלען זייער קאָמאנדיר בלייבען טריי, האָט ער זיך אָבגערופען צו פיזארראָ'ן: „איך האָב מורא אז דער ערשטער ווינט וואָס וועט קומען פון ים, וועט דיעזע שבועות צובלאָזען". וועגען זיך אליין פלעגט ער זאָגען, אז זיין האלז פאסט זיך פאר דער תליה ניט ווענינער וויא אנדערע העלזער און אז ער האָט סיי וויא סיי שוין ניט לאנג צו לעבען. דיא גאנצע בלוטיגע געשיכטע איז ביי איהם געווען א מין אוואנטור־ריסטישער שפאס.

ביי פיזארראָ'ן איז דיא הארץ איינגעפאלען זעהענדיג וויא ער בלייבט אָהן אן ארמיי. „וואָס זאָלען מיר יעצט טהאָן?" האָט ער געפרעגט ביי איינעם פון דיא אָפיציערען וואָס זיינען נאָך איהם געבליבען טריי. „לאָמיר זיך ארויפווארפען אויף'ן שונא און שטארבען וויא רוימער!" האָט יענער געענטפערט — „מיר האָבען ניט וואָס צו פערלירען". „ניין, לאָמיר בעסער שטארבען וויא פרומע קריסטען, אין אונטערטהעניגקייט", — האָט זיך אָבגערופען פיזארראָ; און לאנגזאם א קערעווע טהאָנדיג זיין פערד, איז ער אוועקגעריטען זיך איבערגעבען צום שונא. קארבאיאל האָט געפרופט אנטלויפען. זיינע אייגענע סאָלדא־טען האָבען איהם אָבער געכאפט און געבראכט אין גאסקא'ס לאגער. דאָרטען איז צו איהם צוגעגאנגען גאסקא'ס אן אָפיצער. ער איז געווען קארבאיאל'ס אן אלטער בעקאנטער, אָבער מיט א קורצע צייט צוריק האָט קארבאיאל געגען איהם געקעמפפט און געצוואונגען צו אנטלויפען פון שלאכטפעלד. איצט האָט קארבאיאל זיך געמאכט אז ער קען איהם ניט. „סטייטש דו דערקענסט ניט דיין אלטען פריינד, דיעגאָ סענטענאָן?" — האָט יענער געפרעגט. „אָה, ענטשולדיג מיר" — האָט דער אלטער וויצלינג געענטפערט — „דיא לעצטע צייט זעה איך בלויז דיין פאטילניצע. איך האָב שוין פערגעסען וויא דיין פנים ווייזט אויס".

דיא פאָר טעג, וואָס ער האָט פערבראכט אין געפענגניס, האָט ער ניט אויפגעהערט צו זאָגען גיפטיגע וויצען. ער האָט געמאכט שפאס, ווען מען האָט איהם געפיהרט צום עשאפאָט, און א מינוט פאר'ן טוידט האָט ער אויך געזאָגט א וויץ.

איהם האָט מען געהאנגען און געפערטעלט און גאָנזאלאָ פיזארראָ'ן האָט מען געקעפט.


זיד אמעריקא
מיט איהרע
לענדער
ווי זיי זיינען היינט
בראזיליען
לימא
קוזקא
פאראגוואי
אורוגוואי
בוענאס איירעס
אטלאנטישער אקעאן

XVI.

## ענטדעקונג פון דער מיססיססיפפי און דיא ערשטע ווייטע רייזע דורך דיא היינטיגע פעראייניגטע שטאַאטען.

פינעדאַ. — נאַרוואַעז'עס עקספעדיציע נאָך פלאָרידאַ. — אונגליקען אין קובאַ. — מיט 300 מאַן אין פלאָרידאַ. — מען שיקט זיי זובען. — אינדיאַנער פאַנגען צוויי ווייסע. — אַכט יאָהר שפּעטער קומען פיער פון דיא 300. — קאַבעזאַ־דע־וואַקאַ, און זיין בעשרייבונג. — אַפּאַ־לאַטשען. — שווערע רייזעס. — צרות פון דיא אינדיאַנער. — פיעלע שפּאַניער ווערען קראַנק. — דיא רייזענדע בויען וויא עס איז אויס שיפלעך. — ביי דער מויל פון דער מיססיססיפפי. — דע וואַקאַ בלייבט נאַקעט. — שפּאַניער שטאַרבען פון קעלט און הונגער. — פינף עסען זיך אויף איינע דיא אַנדערע. — אינדיאַנער צווינגען דע וואַקאַ'ן צו ווערען אַ כשוף־דאָקטאָר. — זיינע צרות אין געפאַנגענשאַפט. — ער ווערט אַ הענדלער. — ער און נאָך אַ שפּאַניער אַנטלויפען, אָבער יענער קעהרט זיך אום. — ער בעגעגענט זיך מיט אַנדערע דריי פון זיינע חברים. — ער דערוויסט זיך נאַרוואַעז'עס שיקזאַל. — שפּאַניער עסען מתים. — דיא פיער חברים. — ביזאָנען אָדער בופפעל־אָקסען. — דע וואַקאַ פערבלאָנדזשעט. — הונגערענדע אינדיאַנער. — דער נאָמען פון דיא פיער חברים פערשפּרייט זיך. — מען קומט צו זיי וויא צו אַ „גוטען אידען". — סליאַדען פון ווייסע מענשען. — פיער שפּאַניער. — נונעז גוזמאַן. — צוריק אין שפּאַניען. — דע וואַקאַ זעהט זיך מיט דע סאָטאָ'ן. — דע סאָטאָ'ס היוראַטה. — דע סאָטאָ'ס עקספעדיציע נאָך פלאָרידאַ. — ער געפינט איינעם פון דיא צוויי שפּאַניער, וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרען מיט 10 יאָהר צוריק. — ער לאָזט פּעדראָ קאַלדעראָן'ען איבער מיט צוויי שיפען אין טאַמפּאַ. — זיין שווערער קאַמפּף מיט דיא אינדיאַנער. — אַ בעריהמטער הונט. — וויטאַשוקאָ. — דיא ביטערע יונגען פון אַפּאַלאַטשען. — דע סאָטאָ שיקט אַנאַסקאָ'ן נאָך טאַמפּאַ. — דער האַפען פּענסאַקאָלאַ. — אַ פּאָר ביישפּיעלען וועגען דיא ערפאַהרונגען מיט דיא אַפּאַלאַטשענער. — דע סאָטאָ ווערט נערוועז.

— סיקקאָראָ. — אַ שעהנע „פּרינצעסין“. — פּעריל. — דיא שפּאַניער בעראַבעוען קברים.— דע סאָטאָ מאַרשירט ווייטער מיט דער „פּרינצעסין“ אַלס געפאַנגענע. — זיא אַנטלויפט מיט דיא בעסטע פּעריל. — דער ריעזיגער טוסקאַלוזאַ. — בלוטיגער שלאַכט אין מאָווילאַ. — דע סאָטאָ'ס פערצווייפלונג און פערביסענהייט. — וויעדער געפאַהרען, וויעדער בלוטיגע מלחמות. — דע סאָטאָ געהט אַריבער דיא מיססיס־סיפּפּי. — דע סאָטאָ'ס טוידט. — מאַסקאָסאָ פיהרט דיא אַרמיי איבער'ן גרויסען טייך צוריק נאָך קובאַ. — איזאַבעללאַ'ס פערצווייפלונג און טוידט. — פראַנצויזישע פאָרשער אויף דער מיססיססיפּפּי. — זשאָליע, מאַרקעטט, לאַ סאַלל. — עטליכע ציפער וועגען דעם טייך.

אין דיעזען קאַפּיטעל וועלען מיר דערצעהלען וועגען דער ענט־דעקונג פון דער מיססיססיפּפּי, דעם גרעסטען און וויכטיג־סטען טייך אין דיא היינטיגע פעראייניגטע שטאַאטען, און וועגען דיא ערשטע רייזעס וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אין דיא טיעפעניסען פון דיעזער לאַנד. פאַר דעם ענטדעקער פון דער מיססיססיפּפּי רעכענט מען געוועהנליך אונזער בעקאַנטען אָפיציער פון פּיזאַררא'ס אַרמיי, הערנאַנדאָ דע סאָטאָ. וועגען זיין בעריהמטע רייזע וועלען מיר דערצעהלען אַביסעל ווייטער אין דיעזען קאַפּיטעל; ער איז אָבער אין אמת'ן ניט געוועזען דער ערשטער ווייסער מענש וואָס האָט דעם גרויסען טייך געזעהן. איינער אַלוואַרעז פּינעדאַ איז דאָרטען געוועזען מיט 23 יאָהר פריהער, און ניין יאָהר נאָך פּינעדא'ן האָבען דעם זעלבען וואַסער געזעהן און געטרונקען אַנדערע שפּאַניער. פּינעדאַ האָט בעריכטעט אַז אין יענעם געגענד האָט ער געפונען גאָלדענע ציערונג. אַלזאָ האָט מען זיך פעראינטערעסירט; און שפּעטער, ווען עס האָט געקאָכט מיט די מאַסען גאָלד, וואָס מען האָט אָנגעראַ־בעוועט אין פּערו, איז דער אינטערעס נאָך שטאַרקער געוואָרען. וויבאַלד אַז אין מעקסיקאָ און פּערו זיינען דאָ אוצרות, היינט פאַר וואָס זאָל מען ניט ערוואַרטען צו געפינען דאָס זעלבע אין דער אַנדערער זייט פון אַמעריקאַ, צו צפון צו? פאַר דעם פּלאַן צו מאַכען אַן עקספּידיציע אין די לענדער, וואָס פּינעדאַ האָט בעזוכט, האָט זיך גענומען אַ צוויי־טער בעקאַנטער אונזערער: נאַרוואַעז, דער אָפיציער, וועלכען דיעגאָ וועלאַסקעז, דער גובערנאַטאָר פון קובאַ, האָט געשיקט נאָך

מעקסיקא פאנגען קארטעס'ען און וועלכער האט ביי קארטעס'ען געהאט א ביטערע מפלה.

אין 1527 האט נארוואעז פון דעם שפאנישען קעניג בעקומען ערלויבניס איינצונעהמען דעם צפון־ברעג פון דעם מעקסיקאנער ים־בוזים (דיא היינטיגע שטאאטען פלארידא, אלאבאמא, מיססיססיפפי, לואיזיאנא און טעקסאס) און דעם טיטעל גובערנאטאר איבער דיעזען גאנצען געגענד. ער איז אבגעפאהרען פון שפאניען מיט פינף שיפען און 600 מאן.

דאס איז געוועזן דיא אונגליקליכסטע פון אלע ענטדעקונגס־עקספעדיציעס וואס דיא שפאניער האבען אונטערנומען אין אמעריקא.

דיא אונגליקען האבען זיך אנגעפאנגען, ווען נארוואעז איז נאך געוועזן ביי דעם ברעג פון קובא, וואו ער האט זיך אבגעשטעלט אנגעהמען פראוויאנט. א שרעקליכער שטורם האט אויסגעבראכען, פון וועלכען עס זיינען אומגעקומען 60 פון זיינע מענשען און 20 פערד. דערצו נאך האבען 140 פון זיינע מיטרייזענדע איהם פערלאזען. אלזא, ווען ער איז ענדליך אבגעפאהרען, האט ער געהאט ניט מעהר וויא 400 מאן (צעהן פון זיי זיינען געוועזן בעגלייט פון זייערע פרויען). דאס איז געוועזן אין מערץ, 1528.

ער איז צוגעפאהרען צו דעם מערב ברעג פון פלארידא און האט זיך ארויסגעזעצט מיט 300 מאן, מיט פערד און הינט. דיא איבעריגע 100 מאן מיט דיא צעהן פרויען זיינען געבליעבען אויף דיא שיפען. זיי האבען געזאלט שווימען פאזע ברעג צו מזרח צו ביז זיי וועלען געפינען א גרויסען האפען, און דארטען ווארטען. איינע פון דיא פרויען האט נארוואעז'ען געווארענט, אז דיא עקספעדיציע וועט זיין אן אונגליק־ליכע. זיין אנטווארט איז געוועזן: „מיר געהען אויף איינס. פיעלע פון אונז וועלען מסתמא פערליערען זייער לעבען. אבער דאס איז א לאנד פון גאלד און דיא וואס וועלען לעבען בלייבען, וועלען האבען אוצרות".

נארוואעז מיט זיינע 300 זיינען אוועק. מעהר האט מען זיי ניט געזעהן. דיא הונדערט מאן מיט דיא צעהן פרויען האבען דעם האפען קוים געפונען, ווארים ער איז געלעגען ניט צו מזרח נור צו מערב. זיי האבען געמוזט שווימען א היבשע שטיק צוריק איידער זיי האבען איהם דערגרייכט. דאס איז ווירקליך געוועזן אן אויסגעצייכענטער

האַפען, אַ גרויסע, ברייטע ביי מיט אָהן אַ שיעור פלאַץ פאַר שיפען. נאַרוואַעז מיט זיינע 300 מאַן זיינען אָבער אהין קיין מאָל ניט געקומען. דיא הונדערט זיינען אַרומגעשוואומען אהין און אַהער זיי זוכענדיג, ביז ענדליך, ווען אַ יאָהר איז פאָראיבער האָבען זיי זיך אומגעקעהרט נאָך האַוואַנאַ, קובאַ. שפּעטער איז בעריכטעט געוואָרען, אַז דיא פרוי וואָס האָט געוואַרענט נאַרוואַעז'ען, האָט פערזיכערט דיא אַנדערע ניין פרויען, אַז זיא האָט געהערט נביאות פון אַן אַראַבישע פרוי, אַז דיא רייזענדע וועלען אַלע אויסגע'הרג'עט ווערען. זיא האָט זיך און זיי דעריבער ערקלעהרט פאַר אלמנות און אַלע האָבען זיי אויף דיא שיפען געהייראַטה מיט מענער פון דיא הונדערט.

נאַרוואַעז'עס פרוי האָט זיך דיזן געפונען אין ה אַ ו ו אַ נ אַ, קובאַ. זיא איז אַהין געקומען מיט איהר מאַן און זיא האָט דאָרטען געוואַרט אויף איהם. דער בעריכט פון דיא הונדערט האָט איהר שטאַרק בעאונרוהיגט און זיא האָט אַרויסגעשיקט אַ שיפעל מיט צוואַנציג מאַן זוכען איהר מאַן און זיינע בעגלייטער.

דיא שיפעל איז צוגעקומען צו דעם אויבענדערמאָנטען גרויסען האַפען, וואו דיא הונדערט האָבען זיך פריהער אָבגעשטעלט. אין דעם זאַמד פון ברעג איז געשטאַנען אַן איינגעשפּאָלטענער שטעקעל, אין וועלכען עס האָט געשטעקט אַ צונייפגעלעגטער פּאַפּיער. דיא צוואַנציג שפּאַניער האָבען דאָס דערזעהן, פערביי־שווימענדיג נאָהענט פון יענעם אָרט, און זיי זיינען געווען זיכער, אַז דאָס האָט נאַרוואַעז איבערגעלאָזען אַ בריעף, אום צו לאָזען וויסען וועגען זיך. מען האָט אַרויסגעלאָזען אַ לאָדקע מיט צוויי מענשען, זיי זאָלען ברענגען דעם בריעף. דיא לאָדקע האָט אָבער קוים אָנגעריהרט דעם ברעג, וויא עס האָט זיך בעוויזען אַ מאַסע אינדיאַנער — אזוי וויא פון אונטער דער ערד וואָלטען זיי אַרויסגעשפּרונגען. זיי האָבען דיא צוויי ווייסע אוועקגעשלעפּט אין זייער דאָרף אַריין. און דיא אַנדערע אכצעהן ווייסע האָבען אפילו ניט געפּרופּט זיי ראַטעווען. זיי זיינען אַנטלאָפען אזוי שנעל וויא זייערע וויאָסלעס האָבען געקענט טרייבען דיא שיפעל, איבערלאָזענדיג זייערע צוויי חברים צו זייער שיקזאַל.

וואָס מיט דיעזע צוויי איז געוואָרען האָט מען קיין בעגריעף ניט געהאַט.

עס זיינען אַוועק נאָך מאָנאַטען; עס זיינען אַוועק יאָהרען און פון

נאַרוואַעז'עס עקספעדיציע איז אַלץ קיין שפור ניט געוועז. ענדליך אין מאי 1536 זיינען אין  ק ו ל י א ק א ן,  דיא וויטסטע פּראָווינץ אין ניי־שפּאַניען (מעקסיקאָ), אָנגעקומען פיער פון דיא 300 פערשוואונדענע. זיי האָבען דערצעהלט אַז אַלע איבעריגע זיינען שוין לאַנג אויף דער וועלט ניטאָ, — אַז זיי זיינען אומגעקומען פון הונגער, דערטרונקען געוואָרען אָדער ערמאָרדעט געוואָרען פון אינדיאַנער.

דיא פיער וואָס זיינען לעבען געבליבען זיינען געוועז  א ל ו ו א ר ק א ב ע ז א ־ ד ע ־ ו ו א ק א  (דער שאַץ־מייסטער פון דער עקספּע־דיציע), אַן אַראַבישער נעגער (פיליכט אַ מורין) מיט'ן נאָמען  ע ס ־ ט ע ו ו א ן,  און נאָך צוויי. זיי זיינען לעבען־געבליבען דורך דעם, וואָס צווישען דיא אינדיאַנער האָט זיך פערשפּרייט אַ קלאַנג, אַז זיי זיינען געטליכע דאָקטוירים, און פון אַלע זייטען איז מען צו זיי געקומען זיך קורירען און זיי געבראַכט מתנות.

קאַבעזאַ־דע־וואַקאַ האָט בעשריעבען אַלץ וואָס מיט זיי איז פאָרגעקומען אין דיא אַכט יאָהר. דיא פּאַסירונגען, וואָס ער שילדערט, ווערען גערעכענט צווישען דיא מערקווירדיגסטע אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער רייזעס. אַז אַלץ וואָס ער דערצעהלט איז אמת, פיהלט זיך פון דעם כאַראַקטער פון דיא איינצעלהייטען, וואָס ער גיט אָן. זיין בוך, וועלכען מיר האָבען געלעזען אין אַן ענגלישע איבערזעצונג, טראָגט דעם זיעגעל פון אויפריכטיגקייט אין יעדער שורה.

אָנשטאָט אוצרות האָט נאַרוואַעז געפונען הונגער, קראַנקהייט און געפאַהר. דיא ערשטע אינדיאַנער וואָס ער האָט בעגעגענט, זיינען געוועזען הויכע, דאַרע, מערקווירדיג שטאַרקע און פלינקע, זייערע בויגענס זיינען געוועזען גרויסע, דיק וויא אַ האַנד; זיי האָבען מיט זיי געשאָסען זעהר וויט און מיט אַזאַ קראַפט, אַז דיא פיילען פלעגען דורכשיסען אַ האַלבען בוים. פון ניט טרעפען אין ציעל האָבען זיי כמעט ניט געוואוסט. דאָס זיינען געוועזען אינדיאַנער פון דעם זעלבען זאָרט, פון וועלכען  פ אָ נ ס ע  ד ע  ל ע אָ ן  האָט געהאַט אַזוי פיעל צרות. נאַרוואַעז האָט פון זיי געהאַט ניט קיין בעסערען ברוך הבא. זיי זיינען אויף זיינע מענשען בעפאַלען אָפען און פון בעהעלטעניסען, פון צווי־שען בוימער און פון טייכען.

דיא ערשטע אינדיאַנער, וואָס נאַרוואַעז האָט בעגעגענט זיינען נאָך ניט געוועזען אַזוי געפעהרליך. אָבער פון דיעזע האָט ער אַלץ

געהערט אַז אין אַ פּלאַץ וואָס הייסט אַ פּ אַ ל אַ ט ש ע ן וועט ער געפינען אַ סך שפּייז און גאָלד, און וואָס נעהנטער ער איז צוגעקומען צו יענעם אָרט, אַלץ ביטערערע יונגען האָט ער בעגעגענט.

ווען דיא ווייסע האָבען ענדליך דערגרייכט אַפּאַלאַטשען, האָבען זיי דאָרטען געפונען בלויז פרויען און קינדער. באַלד זיינען אָבער אָנגעקומען דיא מענער און האָבען גלייך אָנגעהויבען צו שיסען. ווען זיי האָבען געטוידטעט אַ פערד, זיינען זיי אַנטלאָפען.

דער דאָרף איז בעשטאַנען פון פערציג שטרויענע הייזלעך. דיא וואַנדערער האָבען דאָרטען געפונען אַ סך קוקורוזע און הירשען־פעלכלעך און אַ געוויסען זאָרט באַוועלנע ליילעכלעך, וועלכע דיא דאָרטיגע פרויען האָבען געטראָגען אַרום דעם מיטען פון זייערע קערפּערס. אויך האָבען זיי דאָרטען געזעהן שטיינערנע שיסלען אויף צו מאָלען קוקורוזע. אָבער קיין גאָלד איז ניט געווען.

שפּעטער זיינען דיא אינדיאַנער צוריק־געקומען און שלום געמאַכט מיט דיא ווייסע. זיי זיינען זיי אָבער באַלד ווידער בעפאַלען, און פערשוואונדען אַזוי פלוצלינג און פלינק, אַז דיא ווייסע האָבען זיי ניט געקענט טרעפען ניט מיט זייערע שווערדען, ניט מיט זייערע שוס־געוועהר. און אויף מאָרגען איז געווען דאָס זעלבע. אַחוץ דעם פלעגען זיי בעפאַלען דיא איינצעלנע שפּאַניער, וואָס זיי האָבען געכאַפּט. עס איז ניט געווען אַ טאָג וואָס זיי האָבען ווען עס איז ניט געוואונדעט.

פון דעסטוועגען זיינען דיא רייזענדע אין אַ פּ אַ ל אַ ט ש ע ן אָבגעשטאַנען פינף און צוואַנציג טעג. דיא צייט האָבען זיי פערבראַכט אין אונטערזוכונגס־מאַרשען איבער דיא אַרומיגע פּלעצער און אין נאָכפרעגען זיך וועגען דיא ווייטערע געגענדען. קיין גוטע נאַכריכטען האָבען זיי ניט בעקומען. אומעטום האָבען זיי געהערט, אַז ווייטער איז דיא לאַנד פיעל אָרעמער, אַז דאָרטען איז פאַראַן וועניגער מענשען, אַז דיעזע מענשען האָבען קוים וואָס צו עסען, און אַז אויף גרויסע שטרעקעס ציהען זיך וויסטענעסען, געדיכטע וועלדער אָדער גרויסע אָזערעס. אַ פּ אַ ל אַ ט ש ע ן איז שוין געווען דיא גרעסטע שטאָדט אין יענעם קרייז. אַ נישקשה׳דיגען בעריכט האָבען דיא נאָכפרעגער בעקומען וועגען אַ דאָרף מיט׳ן נאָמען אַ ו ט ע, וועלכער איז געלעגען ניין טאָג רייזע צו דרום פון אַפּאַלאַטשען, צום

ים צו. מען האָט געזאָגט, אַז דאָרטען איז דאָ אַ סך קוקורוזע, באָב און קאַוועגעס און אַז אַזוי וויא דער דאָרף איז שוין ניט ווייט פון ים, האָט מען דאָרטען פיש אויך. דיא קאָמפּאַניע האָט זיך בעשלאָסען צו געהן אין יענעם דאָרף, און פון דאָרטען צום ברעג ים.

עס איז אויסגעקומען צו בראָדזשען דורך פיעלע לאַגונען (ניט קיין טיעפע אָזערעס). דעם ערשטען טאָג איז נאָך געווען צו דערליידען. דיא לאַגונען האָט מען געקענט לייכט אַריבערגעהן און קיין אינדיאַנער האָט מען ניט בעגעגענט. אויפ׳ן צווייטען טאָג אָבער האָט מען געהאַט גרויסע צרות. מען איז צוגעקומען צו אַ לאַגון, וועלכען עס איז געווען שווער דורכצובראָדזשען. דיא וואַסער האָט דערגרייכט ביז׳ן ברוסט און איז געווען פול מיט געפאַלענע ביימער. ווען דיא שפּאַניער האָבען וויא עס איז דערגרייכט דיא מיטעלסטע טהייל פון דער אָזערע, האָבען זיך פּלוצלינג בעוויזען אינדיאַנער, און גענומען אויף זיי שיסען פון דיא געפאַלענע ביימער אָדער פון הינטער דיא שטעהענדע ביימער פון ברעג. פיעלע פון דיא ווייסע און פון זייערע פערד זיינען שווער פערוואונדעט געוואָרען. אויף מאָרגען איז געווען אַן עהנליכע געשיכטע.

דיא נעכסטע אַכט טעג האָבען דיא וואַנדערער קיין אינדיאַנער ניט בעגעגענט. דערנאָך, ווען זיי זיינען שוין געווען ניט ווייט פון אַ ו ט ע זיינען אויף זיי פון הינטען אָנגעפאַלען נייע רויט־הויטיגע שונאים. איין יונגען שפּאַניער האָבען זיי אַריינגעשאָסען אַ פייל צווישען זיין קיווער און פּאַנציר פונקט אין האַלז אַריין. ער איז געפאַלען טויט אויף אַן אָרט, און ווען מען האָט איהם אויפגעהויבען האָט מען געפונען אַז דיא האַלז איז ביי איהם דורכגעשאָסען כמעט דורך און דורך.

דיא איינוואוינער פון אַ ו ט ע האָבען געוואוסט, אַז דיא שפּאַניער קומען. זיי האָבען דעריבער פערברענט זייערע הייזלעך און פערלאָזען דעם דאָרף. עסענוואַרג האָבען דיא וואַנדערער דאָרטען אָבער געפונען גענוג.

מען האָט זיך אָבגערוהט און אַ קאָמפּאַניע פון פערציג מאַן האָט זיך אַוועקגעלאָזען זוכען דעם ברעג פון ים. מען האָט געפונען ים־בוזימלעך (ביים), וועלכע האָבען זיך אַריינגעגאָסען ווייט אין דער יבשה אַריין, און האָבען פערצאַמט דעם וועג צו דעם הויפּט־ברעג. דער הויפּט־ברעג איז געווען זעהר ווייט פון דאָרטען. אַחוץ דעם האָט מען איבער דיא ים־בוזימלעך ניט געקענט מאַרשירען און פאָרשען דעם

געגענד אום צו זעהן, פיליכט ליגט דאָרטען פאָרט א לאַנד פון רייכע שטעדט אָדער פון רויהע גאָלד־מינען, וועניגסטענס.

ווען דיא אונטערזוכונגס־פּאַרטיע האָט זיך אומגעקעהרט, האָט זיא געפונען, אַז נאַרוואַעז און פיעלע אַנדערע זיינען קראַנק און אַז דיא אינדיאַנער האָבען דיא גאַנצע קאָמפּאַניע ווידער אַטאַקירט.

קאַבעזאַ־דע־וואַקאַ דערצעהלט אַלץ וועגען דיא צרות וואָס דיא רויט־הויטיגע האָבען איינגעטהיילט דיא שפּאַניער. וועגען דעם וואָס דיא שפּאַניער האָבען געטהאָן דיא רויט־הויטיגע, דערמאָנט ער נור דאָס, וואָס זיי האָבען אַמאָל אַ פּאָר פון זיי געשאָסען אין דיא צוזאַ־מענשטויסען. מיט עלף יאָהר שפּעטער האָבען אָבער אַנדערע שפּאַניער פון אינדיאַנער פון פלאָרידאַ געהערט, אַז נאַרוואַעז האָט זייערען אַן עלסטען אָבגעשניטען דעם נאָז און זיין מוטער געלאָזען צוריסען ווערען פון הינט.

וויא דיא מעשה איז, נאַרוואַעז מיט זיינע מענשען האָבען זיך אַזוי פיעל אָנגעליטען, אַז אַ גרויסע טהייל פון זיי זיינען געוואָרען געפעהרליך קראַנק. גענוג פערד צו טראָגען דיא קראַנקע איז ניט געווען, און דיא וואָס זיינען שוין יא געווען, האָבען קוים כחות געהאַט זיך אַליין צו שלעפּען. און צום הויפּט־ברעג, וואו מען וואָלט געקענט געפינען דיא שיפען איז געווען צו ווייט. נאָהענט זיינען געווען בלויז דיא דערמאָנטע ים־בוזימלעך.

דאָס איינציגע וואָס וואָלט זיי איצט געקענט העלפען, איז שיפען וואָס זאָלען זיי אַרויספיהרען פון דאַנען צום הויפּט־ברעג. מיט וואָס בויט מען דאָס אָבער? זיי האָבען ניט געהאַט ניט קיין טשוועקעס, ניט קיין געצייג, ניט קיין לייוועגט אויף זעגלען, ניט קיין בעל מלאכה וואָס זאָל האָבען אַ בעגריעף וועגען אַזעלכע ארבייט. אין דיעזער בעציהונג זיינען זיי נאָך געווען אין אַן ערגערע לאַגע וויא דיא שפּאַניער פון גאָנזאַלאָ פּיזאַררא׳ס עקספּעדיציע, וואָס האָבען געבויט אַ שיף אויף דעם טייך נאַפּאָ. יענע האָבען געקענט אויסקומען מיט איין שיפעל פאַר דיא קראַנקע און דיא זאַכען. זייערע אַנדערע מענשען האָבען געקענט געהן פּאַזע טייך. דאָ אָבער איז נויטיג געווען אַלע דריי הונדערט מאַן אַוועקצופיהרען פון דאַנען אין ים אַריין. מען האָט געמוזט האָבען ניט איין שיף, נור פינף. אַחוץ דעם: גאָנזאַלאָ׳ס

מענשען האָבען ביי זיך געהאט אלץ וואָס זיי האָבען מיטגענומען אויף דער רייזע. אלזאָ האָבען זיי געהאט כאָטש איינינע העק, האמערס, זעגען. נארוואעז'עס קאָמפּאניע אָבער האָט פיעלע זאכען איבערגעלאָזען אויף זייערע שיפען, און זיי האָבען ביי זיך ניט געהאט קיין שום געצייג. אָבער פערצווייפלונג מאכט דאָס אונמעגליכע מעגליך. פון הירשענע פעלכלעך האָט מען געמאכט א בלאָז־זאק און מען האָט וויא עס איז צוגעריכט א קוזנע. דאן האָט מען צוזאמענגענומען דיא שפּאָ־רעס פון דיא רייטערס, דיא שטאָהלענע פייל־און־בויגענס, ספּראָנ־רזשינקעס און אנדערע אייזערנע זאכען און מען האָט פון דעם אויס־געשמידט טשוועקעס, וויא אויך זעגען און העק. אום צו האָבען וואָס צו עסען אין דער צייט וואָס דיא ארבייט וועט אָנגעהן, איז מען עטליכע מאָל בעפאלען אינדיאנער און ביי זיי צוגענומען זייער קוקורוזע. דיא רויט־הויטיגע האָבען אָבער אויך ניט געשוויגען. צוויי מאָל זיינען זיי אָנגעפאלען אויף דיא רויבער און צעהן פון זיי האָבען זיי געשאָסען טוידט.

דיא שפּאניער האָבען בּיסלעכווייז געקוילעט זייערע פערד, אָבער דיא פלייש האָט מען געגעבען בלויז דיא וואָס האָבען געהאָלפען בויען דיא שיפען.

סמאָלע צו דער ארבייט האָט מען גענומען פון סאָסנע בוימער, און דיא שפּאלטען האָט מען פערשטאָפּט מיט דעם שאָלעכין פון א געוויסע פלאנצונג. פון דעם זעלבען שאָלעכיז, וויא אויך פון דיא האָר. פון פערדישע עקען, האָט מען צוזאמענגעדרעהט שטריק, און פון העמדער האָט מען צוזאמענגענעהט זעגלען. ערגער פון אלץ איז געווען מיט שטיינער, וועלכע מען האָט געדארפט האָבען אלס באלאסט און אלס אנקערס. אין יענעם געגענד איז א שטיין געווען זעהר שווער צו געפינען. מען האָט אָבער דאָס אויך וויא עס איז געקראָגען און דיא פינף שיפלעך זיינען וויא עס איז פארטיג געוואָרען. פאָהרען אין זיי האָבען אָבער שוין ניט געדארפט 300 מאָן, נור בלויז 250, וואָרים אחוץ דיא צעהן, וואָס זיינען געטוידטעט געוואָרען פון פיילען, זיינען פערציג געשטאָרבען פון קראנקהייט אָדער איינפאך פון הונגער. דיא שיפלעך זיינען אָבער געווען קליין און זיי זיינען געווען אזוי אָנגעפילט מיט מענשען, אז מען האָט זיך קוים געקענט א קעהר טהאָן, און אחוץ דעם זיינען זיי פון דער משא געזעסען צו טיעף אין וואסער. עס איז

געווען אַ סכנה יעדע מינוט דערטרונקען צו ווערען. מען האָט אָבער ניט געקוקט אויף דעם און מען איז אָבגעפאָהרען.

עס האָט געפעהלט שפּייז און וואַסער. דיא דורשט איז געוואַקסען און געוואַקסען ביז איניגע פון דיא רייזענדע האָבען זיך אַזוי אָנגע־טרונקען מיט ים־וואַסער, אַז פינף פון זיי זיינען פון דעם געשטאָרבען.

עטליכע וואָכען זיינען זיי אַזוי געשוואומען איבער דיא „ים־בוזימלעך“, אַלץ ניט ביים הויפּט־ברעג. אין איין פּלאַץ, וואו זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט ביי אַ ברעג, האָבען אינדיאַנער צובלוטיגט נאַרוואַעז׳ען און פיעלע פון זיינע בעגלייטער. עס איז געקומען צו אַן אַלגעמיינע געשלעג און דיא ווייסע האָבען געהאַט אַ ניעדערלאַגע.

שפּעטער זיינען דיא שיפלעך צוגעקומען צו אַן אָרט, וואו אין ים האָט זיך אַריינגעגאָסען אַזאַ גרויסער און האַסטיגער טייך, אַז פון זיינע זיסע וואַסער איז די וואַסער פון ים גוט געווען צום טרינקען אַ היבשע שטרעקע אַרום דעם ברעג.

דאָס איז געווען דיא מויל פון דער מ י ס ס י ס ס י פּ פּ י.

דיא רייזענדע האָבען דאָ אָנגענומען וואַסער. זיי האָבען געוועלט געהן צום טייך גופא, אַ מייל דריי פון דאָרטען, אום צו קריגען האָלץ אויף פייער, וואָרים דיא לעצטע עטליכע טעג האָבען זיי זייער קוקו־רוזע געמוזט עסען רויהער־הייט. דער שטראָם פון דעם טייך׳ס מויל איז אָבער געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט דיא שיפלעך אָבגעשטויסען נאָך ווייטער פון ברעג.

ביינאַכט זיינען דיא פינף שיפלעך אָבגעטהיילט געוואָרען. שפּע־טער האָט קאַבעזאַ־דע־וואַקאַ וויעדער דערזעהן צוויי שיפלעך (אַחוץ זיין אייגענע): נאַרוואַעז׳עס און אַ שיפעל איבער וועלכע עס האָט קאָמאַנ־דירעט אַ קאַפּיטאַן מיט׳ן נאָמען פּ ע נ ע ל אָ ז אַ. מען האָט זיך געמוזט אָנשטרענגען וויא עס איז צוצוקומען צו אַ פּלאַץ וואו מען זאָל קענען אַרויס אויף׳ן ברעג, אַז ניט וואָלטען זיי פערטראָגען ווערען אויף׳ן פרייען ים, און שפּייז האָבען זיי שוין כמעט ניט געהאַט. אויף נאַרוואַעז׳עס שיפעל האָבען זיך געפונען דיא שטאַרקסטע מענשען און זיי האָבען מיט דיא ווייָסלעס געאַרבייט אַזוי קרעפטיג, אַז דיא אַנדערע צוויי שיפלעך זיינען ווייט אָבגעשטאַנען פון זיי.

קאַבעזאַ און פּענעלאָזאַ זיינען אַלזאָ געשוואומען צוזאַמען. אַ האַלבינער הויפען רויהע קוקורוזע איז געווען דיא טעגליכע פּאָרציע.

וואָס מען האָט געהאַט צו צוטהיילען צווישען דיא צוויי קאָמפּאַניעס.

אויפ'ן פינפטען טאָג איז אָנגעקומען אַ שטורם און פּענעלאָזאַ'ס שיפעל איז דערטרונקען געוואָרען.

פון קעלט, הונגער און מאַטערניס זיינען כמעט אַלע מיטגליעדער פון קאַבעזאַ'ס שיף געווען קראַנק. בלויז פינף האָבען געקענט שטעהן אויף דיא פיס. דיא איבעריגע זיינען דאָס רוב געלעגען אין אַ הינהער־פּלעט. ענדליך האָט אַ כוואַליע דיא שיפעל אַרויפגעשטויסען אויף דעם זאַמדיגען ברעג פון אַן אינזעל. דער שטויס האָט דיא קראַנקע אויפ־געוועקט פון זייער אונמאַכט. זיי זיינען אַרויסגעקראָכען אויף אַלע פיער, און צוגעקראָכען צו פעלזען, וואו דער ווינט האָט ניט געבלאָזען אזוי שטאַרק. דאָרטען האָט מען געמאַכט פייער, אָבגעבאַקען דיא קוקורוזע, וואָס איז נאָך געבליבען און ביסלעכווייז איז דער עולם געקומען צו זיך.

דיא דאָרטיגע אינדיאַנער זיינען צו זיי געווען גאַסט־פריינדליך. זיי האָבען זיי געבראַכט פיש און אַזאַ מין וואָרצלען, וועלכע האָבען דעם טעם פון ניס. אויף מאָרגען האָבען דיא ווייסע זייער שיפעל צוריק אַריינגעשלעפּט אין וואַסער אום ווייטער צו פאָהרען. דערביי האָבען זיי זיך אויסגעטהאָן נאַקעט, וואָרים אין זייער אָבגעשוואַכטען צושטאַנד איז זיי ביי אַזאַ אָנשטרענגונג שווער געווען צו טראָגען דעם לייכט־סטען בגד אויף זיך. מען האָט קוים פּאָספּייעט דיא שיפעל אַרויפצו־לאָזען אויפ'ן וואַסער און אַרויפצוכאַפּען זיך אויף איהר, וויא עס האָט אַ גאָס געטהאָן אַ ריעזיגע כוואַליע און האָט דיא שיפעל איבערגע־קעהרט. דריי פון דיא רייזענדע האָבען זיך אָן איהר פעסט אָנגעהאַלטען אום זיך צו רעטען. מיט דעם האָבען זיי אָבער בלויז ערגער געמאַכט. דיא שיפעל איז דערטרונקען געוואָרען צוזאַמען מיט זיי און מיט דיא זאַכען. דיא איבעריגע, וויעדער, האָט אַ כוואַליע אויפ'ן ברעג אַרויפ־געטראָגען. זיי זיינען אַלזאָ געבליבען נאַקעט.

ווען דיא אינדיאַנער האָבען געזעהן זייער אונגליק, האָבען זיי אַלע גענומען וויינען אויפ'ן קול און אַזוי אָבגעוויינט ביי אַ האַלב שטונדע. דאָס איז געווען זייער מנהג ווען זיי האָבען געוועלט אויס־דריקען מיטלייד. קאַבעזאַ־דע־וואַקאַ זאָגט אָבער, אַז דיא טרעהרען זיינען ניט געווען קיין געמאַכטע. דיא אינדיאַנער האָבען דיא ווייסע גענומען צו זייערע וואוינונגען. אויף דיא פּלייצעס האָבען זיי זיי

געטראָגען און אום זיי זאָלען ניט פערפראָרען ווערען פון נאַקעטקייט האָבען זיי אויפ׳ן וועג געשיקט אַנגרייטען עטליכע גרויסע פלאַקערען, זיי אָנצואוואַרעמען. ווען זיי זיינען אַלע אָנגעקומען אין דאָרף האָבען דיא אינדיאַנער אַ גאַנצע נאַכט געטאַנצט אַ רעליגיעזען טאַנץ פון גאַסטפריינדליכקייט. באַלד האָט זיך דיעזע ווייסע קאָמפּאַניע בעגעגענט מיט עטליכע און פערציג חברים, וועמעס שיפעל איז אַרויף אויף אַ ברעג. דיעזע שיפעל האָט מען פעררעכט; זיא האָט אָבער ניט געטויגט און איז דערטרונקען געוואָרען גלייך וויא מען האָט איהר צוריק אָוועקגעלאָזען אויפ׳ן וואַסער.

מען איז געבליבען אָהן שיפלעך און דאָס רוב אויך אָהן קליידער, און דאָ האָט זיך אָנגערוקט דער ווינטער, ווען צו שווימען אָדער בראָדזשען איבער טייכען און זומפען וואָלט אונמעגליך געווען, הויפּטזעכליך פאַר דיא נאַקעטע. מען האָט אַלזאָ קיין ברירה ניט געהאַט וויא איבערצואוואַרטען דאָ דעם ווינטער. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שרעקליכער הונגער, און דיא אַרומיגע אינדיאַנער האָבען שוין אויך גיט געהאַט וואָס צו געבען, וואָרים דער געגענד איז זעהר אַן אָרימער, און ווינטער, ווען עס איז שווער צו רייסען וואָרצלען און פאַנגען פיש, לעבען זיי אליין קוים דורך.

דיא ווייסע האָבען אָנגעהויבען צו שטאַרבען פון קעלט אָדער פון הונגער. פינף פון זיי, וועלכע האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין אַ געוויסען פלאַץ ביים ברעג, האָבען פאַר הונגער געטוידט און אויפגעגעסען איינער דעם אַנדערען, ביז בלויז איינער איז געבליבען. (קאַבעזאַ־דע־וואַקאַ גיט אָן די פינף נעמען). אין אַ קורצע צייט איז פון דיא צוויי קאָמפּאַניעס (צוזאַמען אַכציג מאַן) איבערגעבליבען ניט מעהר וויא פופצעהן. פיעלע פון דיא אינדיאַנער זיינען דאַמאָלס קראַנק געוואָרען פון שעדליכע שפייז, וואָס זיי זיינען געצוואונגען געווען צו עסען, און אַ העלפט פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבען. זייערע קרובים האָבען דאַן בעשולדיגט דיא ווייסע אין פערגיפטונג און האָבען זיי שיער אַלעמען ניט אויסגע׳הרג׳עט.

דעם אינזעל האָבען דיא ווייסע אַ נאָמען געגעבען „אינזעל פון פינסטערען מזל“.

דיא לאַנד אין דעם גאַנצען געגענד איז זעהר אַן אָרימע. דיא אינדיאַנער האָבען דאָרטען אין ערגעץ ניט געהאַט קיין שטענדיגע

קוואַרטירען. זיי האָבען געביטען זייערע וואוינונגען נאָך דיא צייטען פון יאָהר, און אַריבערקלייבענדיג זיך אין אַ נייעם פּלאַץ, פלעגען זיי מיטנעהמען זייערע ביידלעך. אַזוי לאַנג וויא מען האָט זיך געקענט שפּייזען מיט געוויסע וואָרצלען ביין ברעג, זיינען זיי דאָרטען געבליבען. דערנאָך, ווען אויף אַ געוויסען אָרט אויף דער הויפּט־לאַנד, פלעגען אויסוואַקסען יאַגדעס, פלעגען זיי זיך אַריבערקלייבען אַהין אויף זייערע קאַנאָס. שפּעטער פלעגען זיי זיך אַריבערקלייבען ווייעדער אַנדערסוואו, אָפּט פאַר צעהנדליגע מייל, וואו מען האָט דאָן געקענט געפינען עפּעס אַן אַנדער זאָרט שפּייז, א. ז. וו.

דיא מענער פון דיעזע אינדיאַנער זיינען געגאַנגען אַבסאָלוט נאַקעט, נור דיא פרויען פלעגען צודעקען אַ טהייל פון קערפּער, און דיא מיידלעך האָבען געטראָגען העמדלעך פון הירשען־פעל. ביי דיא מענער זיינען געוועזן דורכגעלעכערט דיא בריסט און דיא אונטערשטע ליפּ. דורך דיא לעכער פלעגען זיי דורכשטעקען שטעקלעך. דאָס איז געוועזן אַ ציערונג ביי זיי. „זיי זיינען זעהר גוט איינער צום אַנדערען“ — שרייבט קאַבעזאַ דע וואַקאַ וועגען דיעזען שבט — „און טהיילען זיך מיט אַלץ וואָס זיי האָבען. קיין הערשער האָבען זיי איבער זיך ניט. אַלע וואָס שטאַמען אַרוים פון דיא זעלבע אורעלטערען, וואוינען צוזאַמען“. (דאָס הייסט, אַז זיי האָבען געלעבט געגנטען־ווייז און קאָמו־ניסטיש. אין אַ ווייטערע שטעלע זאָגט קאַבעזאַ אַז דיא מענער פון איין פאַמיליען־גרופּע אַזעלכע פלעגען בשום אופן ניט הייראַטהען קיין פרויען פון דער זעלבער גרופּע. דאָס שטימט ווייעדער מיט דעם כאַראַקטער פון אַ גענט).

וואו זיי זיינען געגאַנגען, האָבען זיי מיטגענומען דיא ווייסע, יעדער גענט דיא עטליכע ווייסע, וואָס ער האָט גערעכענט פאַר זיינע קנעכט. ווען אייניגע אינדיאַנער זיינען אַוועק צו אַ פּלאַץ וואו עס איז געוועזן אַ סך איסטערס (אויסטערען) און אַנדערע זיינען אַוועק נאָך אַנדערע שפּייז, זיינען דיא ווייסע ניט ווילענדיג צוטהיילט געוואָרען.

איין מאָל האָבען דיא וואָס האָבען געהאַלטען קאַבעזאַ דע וואַקאַ'ן און נאָך אַ פּאָר פון זיינע חברים, גענומען פאָדערען אַז זיי זאָלען היילען קראַנקע. ווען זיי האָבען מיט געלעכטער געענטפערט, אַז זיי ווייסען ניט וויא מען טהוט דאָס, האָט מען זיי ניט געגעבען עסען. „דו ווייסט ניט וואָס דו רעדסט“ — האָט צו קאַבעזאַ'ן געזאָגט

איינער פון דיא אינדיאַנער — „יעדע זאַך האָט איהר כשוף־קראַפט. אָט נעהמט מען אַ הייסען שטיין און מען לעגט איהם צו צו אַ קראַנקען בויך, און ער פערטרייבט דעם וועהטאָג. מיר, געוועהנליכע מענשען, ווייסען דאָס; היינט וויפיעל דאַרפט איהר שוין ווייסען, וואָס איהר זייט דאָך פיעל קליגער פאַר אונז“.

מען האָט דיא ווייסע איינפאַך ניט געגלויבט, אַז זיי קענען ניט היילען און זיי זיינען געווען אין געפאַהר. אַלזאָ זיינען זיי געצוואונגען געווען צו פרופען „היילען“. זיי האָבען אויף דיא קראַנקע געבלאָזען, וויא דיא רויט־הויטיגע „הייל־מכשפים“ פלעגען טהאָן; זיי האָבען זיי געגעבען דיא קרייטיכער, וואָס יענע פלעגען איינגעבען; און אחוץ דעם האָבען זיי געברויכט בעקאַנטע מיטלען פון דער היים. דערביי האָבען זיי דעם קראַנקען גע׳צלם׳ט, און מתפלל געווען צו גאָט, אַז ער זאָל איהם געזונד מאַכען אויס רחמנות צו דיא ווייסע. און ווען דער חולה איז געזונד געוואָרען (געוועהנליך פון זיך אַליין מסתמא) האָבען דיא אַבערגלויביגע קריסטען געגלויבט, אַז גאָט האָט געהערט זייער תפילה, וועהרענד דיא אינדיאַנער האָבען געגלויבט, אַז דיא ווייסע זיינען וואונדערבאַרע הייל־מכשפים.

צוערשט איז דיא לאַגע פון דיא ווייסע דורך דעם ניט בעסער געוואָרען. זיי האָבען ביי דיא אינדיאַנער געמוזט שווער אַרבייטען און אָפט האָבען זיי בעקומען קלעפּ דערצו אויך.

קאַבעזאַ־דע־וואַקאַ אַליין איז שטאַרק קראַנק געוואָרען און ער האָט געמוזט פערבלייבען אויפ׳ן אינזעל איבער אַ יאָהר, וועהרענד אַלע אַנדערע חברים זיינע האָט מען אַוועקגעפיהרט אין אַנדערע ערטער. קאַבעזאַ האָט געמוזט רייסען וואָרצלען צווישען זומפּ־שטעקלעך. פון דעם זיינען ביי איהם דיא פינגער געווען שטענדיג צוריסען און צובלוטיגט. פיעלע פון דיא שטעקלעך זיינען געווען צובראָכען און דאָס האָט געשטאָכען און געגראַבעלט זיין נאַקעטען לייב. ער איז געווען אין גאַנצען אין וואונדען. איין מאָל האָט ער זיך אָבגע׳גנב׳עט אין אַ קאַנאָ און איז אַוועק צו אַן אַנדער שבט, אויף דער הויפּט־לאַנד.

ביי יענע רויט־הויטיגע איז ער געוואָרען אַ מין הענדלער אָדער פּעדלער. אַזוי וויא דיא פערשיעדענע שבטים האָבען צווישען זיך שטענדיג געפיהרט מלחמות, איז צווישען זיי ניט פאָרגעקומען קיין

שום האַנדעלס־פערקעהר. קאַבעזאַ האָט געקענט זיך בעווייזען אומעטום; אַלזאָ האָט מען איהם געמאַכט פאַר דעם „סוחר“. אין איין אָרט פלעגט ער בעקומען פאַרב פאַר דיא לייבער און פּנים'ער, אין אַ צווייטען קרעמען־שטיין אויף פיילען־שפּיצען, אין אַ דריטען — פעלכלעך פון הירשען, פרענזלעך פון הירשען־האָר, אָדער אַזאַ מין קליי. דאָס אַלץ פלעגט ער טראָגען פון פּלאַץ צו פּלאַץ אויסבייטענדיג איין סחורה אויף דיא אַנדערע. אומעטום האָט מען איהם ערוואַרט מיט אונגעדולד; אומעטום האָט מען איהם אויפגענומען מיט פרייד. „דיעזער האַנדעל איז פאַר מיר געווען וויא געוואונשען“ — שרייבט קאַבעזאַ־דע־וואַקאַ — „ער האָט מיר געגעבען פרייהייט. איך בין מעהר ניט געווען קיין קנעכט“. פון יסורים, הונגער און געפאַהרען האָט דאָס איהם אָבער ניט אויסגעהיט. אָפט האָט איהם געכאַפּט אַ שטורם, ווען ער איז געווען איינער אַליין אין אַן אָפענע פלאַכע פעלד, און עס איז ניט געווען אפילו אָן וואָס זיך אָנצוהאַלטען. ניט איין מאָל האָט ער שיער דעם לעבען ניט פערלאָרען. ווינטער פלעגט ער דעריבער גאָר ניט האַנדלען. דאַן פלעגען אפילו דיא אינדיאַנער ניט אָפט וואַגען צו פערלאָזען זייערע וואוינונגען. אין דיעזע מאָנאַטען פלעגען זיי זיך אָנליידען ניט ווייניג הונגער און קאַבעזאַ איז אין דעם קיין אויסנאַהם ניט געווען.

אויפ'ן אינזעל האָט זיך געפונען זיינער אַ פריינד, אַ שפּאַניער מיט'ן נאָמען אָ ו ו י ע ד אָ (פריהער איז דאָרטען געווען נאָך אַ ווייסער; יענער איז שוין אָבער געשטאָרבען). פון צייט צו צייט פלעגט קאַבעזאַ מיט איהם זיך דאָרטען זעהן. ער האָט איהם אימער צוגערעדט מיט איהם ווייטער צו רייזען; אָוויעדאַ האָט אָבער אַלץ אָבגעלעגט און אָבגעלעגט. ער האָט מורא געהאַט אַז רייזענדיג איבער דיא ווילדע געגענדען בלויז זאַלבענאַנד, נאַקעטע, הילפלאָזע, וועלען זיי אומקומען, וועהרענד דאָ האָט ער כאָטש וויא עס איז געלעבט.

עס איז אַוועק אַ יאָהר נאָך אַ יאָהר, ביז זעקס שרעקליכע יאָהרען זיינען פערבייגעקראָכען. ענדליך האָט אָוויעדאָ זיך געמאַכט האַרץ און זיי זיינען אַוועק. אַזוי וויא שווימען האָט אָוויעדאַ ניט געקענט, האָט קאַבעזאַ, שווימענדיג, איהם געמוזט האַלטען אויף זיך. און אַזוי זיינען זיי אַריבער פיער טייכען. דאַן זיינען צו זיי צוגעשטאַנען עטליכע אינדיאַנער. פון זיי האָבען זיי געהערט וועגען אייניגע פון זייערע

חברים, אַז עטליכע האָבען אינדיאַנער ערמאָרדעט און אַז דיא אַנדערע בעהאַנדעלט מען שלעכט: אַז קינדער און ערוואַקסענע מענער שלאָגען זיי, וואַרפען אויף זיי שטיינער, רייסען זיי פאַר דיא בערד. דערנאָך האָבען דיעזע אינדיאַנער גופא גענומען טהאָן פונקט דאָס זעלבע מיט קאַבעזאַ'ן און אָוויעדאָ'ן. זיי האָבען זיי געשלאָגען, אָפט צוגעלעגט פיילען צו זייערע הערצער און געסטראַשעט זיי צו טוידטען. אָוויעדאָ איז דאַן אַוועק צוריק צום אינזעל, צוזאַמען מיט אַ קאָמפּאַניע אינדיאַנישע פרויען וואָס זיינען אַהין געגאַנגען. צו דיא דאָרטיגע צרות איז ער שוין צוגעוועהנט געווען, און נייע געפאַהרען און אַנגסטען אויסצושטעהן האָט ער קיין מוטה ניט געהאַט.

קאַבעזאַ איז מיט די אינדיאַנער ווייטער געגאַנגען.

שפּעטער האָט ער זיך געטראָפען מיט דעם אויבעג־דערמאָנטען נעגער אָדער מורין עסטעוואַן, און מיט צוויי שפּאַניער, איינער מיט'ן נאָמען דאָראַנטע, און דער אַנדערער מיט'ן נאָמען קאַסטיללאָ. דיעזע דריי זיינען אויך געווען מיטגליעדער פון נאַרוואַעז'עס עקספּעדיציע, און מיט זיי איז קאַבעזאַ פון איצט אָן מייסטענס געווען צוזאַמען, ביז'ן סוף פון זייער שרעקליכע וואַנדערנייש. פון דאָראַנטע'ן האָט קאַבעזאַ בעקומען דעם פאָלגענדען בעריכט וועגען נאַרוואַעז'עס שיקזאַל און וועגען דעם שיקזאַל פון אונגעפעהר הונדערט אַנדערע חברים זייערע:

אויף אַ געוויסען ברעג האָט אַ שטורם אַרויפגעטראָגען איינע פון דיא צרה'דיגע שיפלעך, אָבער איהרע רייזענדע האָבען זיך געראַטעט. דערנאָך איז אַהין גראָד צוגעשוואומען נאַרוואַעז מיט זיין שיפעל. אַלזאָ האָבען זיך צוויי קאָמפּאַניעס דאָרטען צוזאַמענגעטראָפען. נאַרוואַעז מיט נאָך צוויי האָבען גענעכטיגט אויף זיין שיפעל, וועהרענד אַלע איבעריגע זיינען געבליבען אויפ'ן ברעג. אין מיטען נאַכט האָט אויס־געבראָכען אַ שטורם וועלכער האָט נאַרוואַעז'עס שיפעל מיט דיא דריי רייזענדע פערטראָגען אין דעם פרייען ים, און מעהר האָט מען פון זיי ניט געהערט. שפּייז האָבען זיי ניט געהאַט ביי זיך קיין ברעקעל; וואַסער צום טרינקען קיין טראָפּען, און דיא שיפעל איז געווען אַזוי לייכט, אַז זיא האָט זיך אויף דיא כוואַליעס ניט געקענט האַלטען. אַזוי איז אומגעקומען נאַרוואַעז מיט זיינע צוויי בעגלייטער. אָבער פון דיא, וואָס זיינען געבליבען אויפ'ן ברעג, האָבען דאָס רוב ניט געלעבט

פיעל לענגער. זיי האָבען באַלד אָנגעהויבען אויסצושטאַרבען פון הונגער און קעלט. דיא לעבעדיגע האָבען דיא טוידטע צושניטען און געגעסען זייער פלייש. ביסלעכווייז זיינען אַזוי אַלע אויס־געשטאָרבען. עס איז געבליבען בלויז איינער מיט'ן נאָמען עסקי־וועל, וועלכער האָט זיך מיט דעם לעצטען מת שפּאָרעוודיג געשפּייזט ביז אינדיאַנער האָבען איהם צוגענומען צו זיך. דיא גאַנצע געשיכטע האָט דערנאָך עסקיוועל דערצעהלט דאָראַנטע'ן, וועלכער האָט דאָס איצט איבערדערצעהלט קאַבעזאַ'ן. שפּעטער האָבען אינדיאַנער דיעזען עסקיוועל'ען ערמאָרדעט, ווייל זייערע אַ פרוי האָט געזעהן אין אַ חלום, אַז ער וויל טוידטען איהר זוהן.

דיא פיער חברים: קאַבעזאַ־דע־וואַקאַ, דאָראַנטע, קאַסטיללאָ און עסטיוואַן זיינען געוועזען קנעכט ביי אינדיאַנער. איצט פּרופען אַנטלויפען איז געוועזען אַ געפאַהר. מען האָט געמוזט אָבוואַרטען אַ האַלב יאָהר. דאַן פלעגען דיא דאָרטיגע אינדיאַנער געהן ניינציג מייל ווייטער אין אַ געגענד, וואו עס וואַקסען דאָן אַ סך פייגענדיסטלען (אַזאַ פרוכט). דריי מאָנאַט פלעגען זיי זיך שפּייזען מיט דיעזען פרוכט, און איידער זיי פלעגען זיך אַוועקלאָזען אויף יענעם פּלאַץ, פלעגען צו זיי קומען פערשיעדענע אַנדערע אינדיאַנער בייטען זיך מיט זאַכען. אַלזאָ האָבען דיא פיער חברים געהאָפּט דאַן צו האָבען אַ געלעגענהייט צו אַנטלויפען און צושטעהן צו אַ רויט־הויטיגע קאָמפּאַניע וואָס וועט געהן ווייטער צו מערב צו.

אויף דיעזען אַרט האָבען זיי געהאָפּט מיט דער צייט צו דערגריי־כען דעם מערב ברעג פון מעקסיקאָ, וואו זיי וועלען געפינען שפּאַנישע קאָלאָניעס. צו דעם איז געוועזען זייער שטרעבונג. אויף דעם איז געוועזען זייער גאַנצע האָפנונג.

ענדליך האָבען זיי דערלעבט דעם סוף פון דיא זעקס מאָנאַט, אָבער ווען זיי האָבען זיך געקליבען צו אַנטלויפען, האָבען זיך זייערע אינדיאַנער צושלאָגען איבער אַ פרוי און זיך צושיידט, און יעדער גרופּע האָט זיך מיטגענומען זיין ווייסען קנעכט. דיא פיער פריינד־זיינען אַלזאָ ווידער צושיידט געוואָרען. אין דיעזע מאָנאַטען האָט קאַבעזאַ זיך אָנגעליטען פיעל הונגער און קלעפּ. דאָרטען איז אַזוי זעלטען געוועזען וואָס צו עסען, אַז אַ גאַנץ יאָהר האָט מען הויפּטזעכליך געלעבט מיט דער האָפנונג אויף דיא פּאָר מאָנאַט ווען עס וועלען

זיין דיא פייגענדיסטלען. דיא איבעריגע צייט פלעגען דיא אינדיאַנער מייסטענס הונגערען. אַמאָל פלעגט זיך מאַכען אַ הירש, אַמאָל אפשר אַ פיש. ווייטער פלעגען זיי עסען שפּינען, ווערים, יאַסטשערקעס, שלאַנגען. „זיי שלינגען אפילו ערד און האָלץ" — זאָגט קאַבעזאַ — „און דיא מיסט פון הירשען. ווען דאָרטען וואָלטען געווען שטיינער, וואָלטען זיי דאַכט זיך זיי אויך געביסען. דיא ביינער פון דיא שלאַנגען און דיא פיש וואָס זיי עסען, קענען זיי זיך אויך ניט פערגינען אוועקצוּוואַרפען. זיי צומאָלען זיי און עסען דאָס אויף".

ווען מען פלעגט שוין דערלעבען דיא צייט פון דיא פייגענדיסטלען, און מען האָט געהאַט זאַט צו עסען, פלעגט דער לעבען פערביטערט ווערען פון גאַנצע וואָלקענס מיט בייזע מאָסקיטאָס (קאָמאַרעס). יעדער איז שטענדיג געווען אין גאַנצען בעדעקט מיט וואונדען פון זיי. אום צו קענען שלאָפען פלעגט מען ביינאַכט מוזען ברענען פייערען פון רויכיגע האָלץ, און דאַן פלעגט קאַבעזאַ שיער ניט בלינד ווערען און דערשטיקט ווערען פון רויך. און ווען עס פלעגט זיך שוין מאַכען אַז ער פלעגט פון אויסגעמאַטערטקייט דאָך אַנשלאָפען ווערען, פלעגט מען איהם מיט געשלעג אויפוועקען, ער זאָל געהן פערריכטען דעם פייער.

שפּעטער זיינען זיך דיא פיער פריינד ווידער צוזאַמענגעקומען. אויפ'ן וועג האָבען זיי בעקומען אַ גרוס וועגען נאָך איינע פון זייערע אייגען־געמאַכטע שיפלעך, — אַז איהרע רייזענדע האָבען זיך גערעטעט אויף אַ ברעג, אָבער אַז דאָרטען האָבען אינדיאַנער זיי אַלעמען אויס־געה'רג'עט. מען האָט זיי זאָגאַר געוויזען זייערע קליידער און געוועהר.

דיא געגענדען, דורך וועלכע אונזערע וואַנדערער זיינען איצט געגאַנגען, געפינען זיך אין דעם היינטיגען שטאַאַט טעקסאַס, וועלכער איז גרעסער וויא גאַנץ פראַנקרייך. קאַבעזאַ האָט דאָרטען בעגעגענט ביזאָנען אָדער בופפעל־אָקסען (באָפפאַלאָס), וויא מען רופט זיי געוועהנליך. „זיי קומען פון צפון" — שרייבט ער — „און זיי געהען ווייטער צו דעם ברעג פון פלאָרידאַ. מען געפינט זיי אומעטום איבער אַ שטרעקע פון העכער וויא צוועלף הונדערט מייל, און דיא אינדיאַנער פון דיא טהאָלען, דורך וועלכע זיי געהען, שפּייזען זיך מיט זייער פלייש.

קאבעזא איז געווען דער ערשטער ווייסער מענש, וואָס האָט דעם אַמעריקאַנער ביזאָן דערמאָנט אין אַ שריפט *).

איין מאָל האָט קאבעזא דורך אַ סיבה פערלאָרען דאַראַנטע'ן, קאַסטיללאָ'ן און עסטיעוואַן'ען, און פערבלאָנדזשעט. עס איז געווען אַ קאַלטע נאַכט, און זייענדיג נאַקעט וויא דיא מאַמע האָט איהם געהאַט, איז ער שיער ניט פערפראָהרען געוואָרען. צום גליק האָט ער געפונען אַ ברענענדיגען בוים. דאָרטען האָט ער פערבראַכט דיא נאַכט. אויף מאָרגען האָט ער אַרויפגעלעגט אַ באַרג האָלץ אויף זיין נאַקעטע פּלייצע, מיטגענומען אַ פּאָר ברענענדיגע צווייגען און זיך אַוועקגעלאָזען אין וועג. אָבגעשטעלט האָט ער זיך נור אין אַזעלכע ערטער וואו עס איז געווען האָלץ. און ווען ער פלעגט ווייטער געהן, פלעגט ער ווידער מיטנעהמען אַ באַרג האָלץ מיט אַ פּאָר ברענענדע שטעקענס — טאָמער קומט ער צו אַ פּלאַץ וואו עס איז קיין האָלץ ניטאָ, וואָרים דאָרטען איז דאָס געווען אַ געוועהנליכע זאַך. ביי נאַכט פלעגט ער אויסגראָבען אַ גרוב און אַרום דער גרוב פלעגט ער אויפלעגען פיער פייערען. פון גראָז פלעגט ער מאַכען עטליכע פּעקלעך זיך צוצודעקען ליגענדיג אין דער גרוב. אַזוי פלעגט ער שלאָפען. איין מאָל איז אַרויפגעפאַלען אַ פונק אין זיין צודעק האָט זיך אָנגעצונדען. ער האָט זיך געראַטעוועט; ער איז אָבער גוט צוברענט געוואָרען. פינף מעת־לעת האָט ער זיך אַזוי אַרומגעשלעפּט, ביז ענדליך האָט ער געפונען זיינע חברים מיט זייערע רויט־הויטיגע „בעלי בתים“.

זיין בעשעפטיגונג איז דאָן בעשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט פאַר דיא אינדיאַנער געמאַכט נעצען, בויגענס, און געסקראָבעט הירשען־פעל. דאָס לעצטע איז איהם אַם ליעבסטען געווען, — שרייבט ער, — וואָרים דיא אָבגעסקראָבעטע שטיקלעך פלייש האָט ער דערנאָך געגעסען, — אויב מען האָט דאָס ביי איהם נור ניט צוגעכאַפּט. וואָרים הונגער איז

*) אין איירָאָפּאַ פלעגען אַמאָל אויך זיין מאַסען באָפּפּעלען אָדער ביזאָנען. זיי זיינען אָבער שוין כמעט ניטאָ. אַ קליינע צאָהל זייערע האַלט זיך נאָך אין דעם ביעלאָוועזשער וואַלד אין גראָדנער גובערניע, וואו זיי ווערען געהיט אַלס קייזערליכע אייגענטהום. דאָרטען ווערען זיי אָבער אויך אַלץ קלענער און קלענער אין צאָהל. אין אַמעריקאַ געהען זיי אויך שנעל אויס. דער איירָאָפּעאישער ביזאָן איז פערשיעדען פון דעם אַמעריקאַנישען.

דאָ געווען אַזאַ אָפּטע זאַך, אַז מען פלעגט פּראָסט רייסען שפּייז פון דיא הענט.

מוטערס פלעגען זייערע קינדער דאָ זויגען ביז 12 יאָהר, דאָס הייסט ביז זיי וועלען קענען לויפען זוכען שפּייז. אומצוגעהן דריי־פיער טעג אָהן עסען איז פאַר דיא רויט־הויטיגע געווען אַ געוועהנליכע זאַך און דיא דריי שפּאַניער מיט דעם נעגער האָבען זיך ביסלעכווייז אויך צוגעוועהנט צו פערטראָגען הונגער עטליכע טעג מיט אַמאָל.

„אין דער צייט וואָס איך בין געווען ביי דיעזע אינדיאַנער“ — שרייבט קאַבעזאַ־דע־וואַקאַ — „האָב איך געזעהן אַ העסליכע זאַך: מענער וואָס זיינען געווען פערהייראַטה צו מענער. דיעזע צרה’דיגע בעשעפּעניסען, וועלכע געהען אָנגעטהאָן וויא פרויען, שיסען אָבער מיט פייל־און־בויגענס און טראָגען גרויסע משאות. צווישען דיעזע אינדיאַנער האָבען מיר געזעהן אַ סך אַזעלכע. זיי זיינען שטאַרקער וויא דיא אַנדערע מענער און קענען טראָגען אַ שווערע משא“.

וויא מיר וועלען זעהן אין דעם נעכסטען קאַפּיטעל, שרייבט אַן אַנדער רייזענדער דאָס זעלבע וועגען פערשיעדענע שבטים פון אַנדערע געגענדען ווייטער צו מערב צו.

ביסלעכווייז האָט זיך דער נאָמען פון דיא פיער חברים פערשפּרייט פון שבט צו שבט, פון געגענד צו געגענד. זיי זיינען בעריהמט געוואָרען אַלס וואונדערבאַרע רופאים אָדער קורירענדע מכשפים („מעדיסין מען“ אויף ענגליש). דאָ איז מסתמא פאָרגעקומען דיא זעלביגע געשיכטע וויא מיט דיא וואונדערבאַרע היילונגען פון „גוטע אידען“ אָדער פון דער הייליגער מאַריאַ פון געוויסע בעריהמטע קלויסטערס. נערוועזן־קראַנקע מענשען דוכט זיך אַמאָל אָהן אַן אורזאַכע, אַז זיי האָבען וועהטאָג, און אונטער געוויסע אומשטענדען דוכט זיך זיי אַז זיי זיינען פון זייערע יסורים בעפרייט געוואָרען. אָט מיט פּאַציענטען פון דיעזען זאָרט טרעפען זיך פיעלע פון דיא דערמאָנטע נסים. ווען מען האָט אַן אמת’ע קראַנקהייט און מען ווערט אויסגעהיילט אויף אַ נאַטירליכען אופן, מיינט מען אַז דאָס איז אויך אַ נס. און דיא טבע פון גלויביגע איז דיעזע „נסים“ פונאַנדערצובלאָזען, צו איבערטרייבען. פאַר ליגנער איז דאָ אַ געלעגענהייט אויסצואוועבען דיא ווילדעסטע וואונדערען. ביסלעכווייז ווערט אַ מאָדע מיט אַזעלכע „איבערנאַטיר־ליכע“ רפואות זיך צו בעריהמען; צי מען ווערט געהאָלפען צי ניט, מען

זאָגט אַז מען איז געהאָלפען. טהיילווייז רעדט מען זיך איין און טהיילווייז זאָגט מען איינפאַך אַ ליגען, — אום צו ציהען אויפמערקזאַמקייט, אָדער כדי צו זיין מיט לייטען צו גלייך.

קאַבעזאַ־דע־וואַקאַ אַליין דערצעהלט, אַז דיא אינדיאַנער האָבען אָנגעזאָגט בערג מיט ליגענס וועגען דיא נסים פון דיא פיער חברים; אַז זיי האָבען איבערטריבען זייער קראַפט. אחוץ אַלעם האָבען דיא אינדיאַנער געהאַט אַ מאַטעריעלען אינטערעס דערביי.

ביי דיא אינדיאַנער איז געווען אַ מנהג אַז ווען אַ רופא אָדער מכשף (ביי זיי איז דאָס אייגענטליך געווען אַלץ איינס) פלעגט קומען קורירען, פלעגט מען איהם אָבגעבען אַלץ וואָס מען האָט געהאַט, ער האָט געמעגט צונעהמען יעדע זאַך וואָס דיא הויז אָדער דער דאָרף האָט פערמאָגט. דיא גאַסטפריינדליכקייט האָט געפאָדערט אַז יעדען בעזוכער זאָל מען געבען אַלץ וואָס ער וויל, היינט אַ פשיטא שוין ווען דאָס איז געווען אַ הייליגער דאָקטאָר. נו, פלעגען די רויט־הויטיגע בעגלייטער פון אונזערע פיער וואַנדערער אַלץ צונעהמען אין דעם נאָמען פון דיא ווייסע דאָקטוירים. זיי זיינען איינפאַך געגאַנגען פון פלאַץ צו פלאַץ און אַלעמען בעראַבעוועט; און דיא בעראַבעוועטע האָבען ניט געסמייעט צו פראָטעסטירען, זיי זאָלען ניט בעשטראָפט ווערען פון גאָט. און טאָמער בעהאַלט ווער עס איז עפּעס אַ זאַך, וואָס האָט אַ ווערטה, האָט דיא רויבער־קאָמפּאַניע אַלעמען געוואַרענט, אַז פאַר דיא ווייסע דאָקטוירים איז קיין סעקרעטען ניטאָ, און אַז מען פערבאָרגט עפּעס פון זיי, שטאַרבט מען. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אומעטום איז דער עולם געווען אין הוילע ציטערנים און האָט טאַקע אָבגעגעבען אַלץ וואָס ער האָט געהאַט.

אָבער דיא רויבער אַליין האָבען טאַקע אויך געגלויבט אין דיא געטליכע מאַכט פון דיא ווייסע.

איין מאָל האָט קאַבעזאַ־דע־וואַקאַ געמאַכט אַן אָפּעראַציע אויף אַ געוואונדעטען אינדיאַנער. ער האָט אויפגעשניטען דיא וואונד, אַרויסגענומען דעם פייל, פערנעהט דיא וואונד מיט אַ שפּיציגען ביינדעל און מיט אַן אָדער פון אַ הירש, און שפּעטער דעם נאָט אַרויסגעצויגען. דיא וואונד איז פערהיילט געוואָרען, און דאָס האָט דעם רופא'ס נאָמען אַזוי גרויס געמאַכט, אַז עס האָט פּשוט געקאָכט מיט איהם און מיט זיינע חברים. דאַן האָט מען גענומען קומען צו זיי טאַקע

וויא צו אַ „גוטען אידען". מען האָט זיי איינפאַך פערמאַטערט. מאַסען מענשען זיינען זיי נאָכגעגאַנגען צעהנדליגע מיילען־ווייז און נייע זיינען אָנגעקומען פון פערשיעדענע פּונקטען. יעדער האָט געוועלט אָנריהרען דיא הייליגע מענשען; מוטערס האָבען זיך געבעטען אז זיי זאָלען אַ בלאָז טהאָן אויף זייערע קינדער, זיי איבער'צלם'ען. איצט האָט יעדער זיי שוין געפאָלגט, און געציטערט פאַר זייער קוק. אָהן זייער ערלויבנים האָט דיא רויט־הויטיגע מאַסע ניט געסמייעט אַ טרונק צו טהאָן. איידער זיי האָבען אַ בלאָז געטהאָן אויף אַ שטיקעל שפּייז האָט מען ניט געגעסען. אָפּט האָבען זיך אַרום זיי אַרומגעקליבען ביז דריי טויזענד פּערזאָן און יעדער האָט געפּאָדערט מען זאָל בלאָזען אויף זיין עסענ־וואַרג. טאָמער האָט אימיצער געפונען אַ שפּין, אַ פּאָר ווערים, אַ פייגענ־דיסטעל, און ער האָט זיך געקליבען דאָס אויפצועסען, האָט ער עס פריהער געטראָגען צו דיא פיער הייליגע זיי זאָלען אויף דעם אַ בלאָז טהאָן, אָדער מאַכען אַ צלם.

איצט האָבען דיא פיער חברים שוין געקענט אויספיהרען וואָס זיי האָבען געוועלט. אַלזאָ זיינען זיי געגען דעם ווילען פון זייערע רויט־הויטיגע בעגלייטער אַלץ געגאַנגען צו מערב־צו, און יענע האָבען געמוזט מיטגעהן, ביז זיי האָבען זיי איבערגעגעבען צו אַן אַנדער קאָמפּאַניע.

עס האָט זיך געענדיגט דיא ריעזיגע פלאַך־לאַנד. עס האָבען זיך בעוויזען בערג. מען האָט גענומען בעגעגענען שטענדיגע וואוינונגען, שטענדיגע דערפער, קוקורוזע פעלדער, פעלדער פון בעבלעך, מאַסען הירשען־פלייש (אין איין פּלאַץ האָט מען זיי מכבד געווען מיט זעקס הונדערט געטריקענטע הירשען־הערצער). עס האָט זיך געענדערט דער כאַראַקטער פון דער נאַטור און פון דיא מענשען, אָבער דער נאָמען פון דיא פיער הימעל־דאָקטוירים האָט זיך אַלץ פערשפּרייט פאָראויס, אַ סך שנעלער וויא זיי זיינען געגאַנגען. מען האָט זיי אומעטום געגעבען דיא בעסטע שפּייז, באַוועלנע קאָלדרעס, פּאַטשערקעס פון קאַרעלען, וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרען אין דעם שטילען אָקעאַן. דיא פיער וואַנדערער זיינען שוין געוועזן ניט ווייט פון דעם מערב־ברעג פון מעקסיקאָ.

באַלד האָבען זיי געהאַט אַ פרעהליכע איבערראַשונג: ביי אַן אינדיאַנער אויפ'ן האַלז האָבען זיי בעמערקט אַ שטאָהלענע ספּראָנזשקע

פון דעם רימען פון א שווערד. דער אינדיאנער האָט געזאָגט, אז דאָס איז אראָבגעקומען פון הימעל, און ער האָט ערקלעהרט, אז פון דאָרטען האָבען דאָס געבראכט ווייסע הימעל־מענשען מיט בערד, וועלכע האָבען געריטען אויף גרויסע פיער פיסיגע בעשעפעניסען; אז זיי זיינען געקומען איבער'ן וואסער און צוריק אוועק איבער'ן וואַסער, צו מערב צו.

וואָס ווייטער דיא פיער וואנדערער זיינען געגאנגען, אלץ דייטליכערע סליאדען פון שפאניער האָבען זיי געפונען.

דיעזע שפאניער האָבען געפאנגען אינדיאנער אלס קנעכט, און פערשפרייט ארום זיך רויב, מאָרד און וויסטעניס. זיי האָבען ארויפגעוואָרפען אזא אימה אויף דעם גאנצען געגענד, אז דיא בעפעלקערונג איז זיך צולאָפען אין דיא וועלדער און אויף דיא בערג. מען האָט אוועקגעוואָרפען פרוכטבארע פעלדער און בליהענדע דערפער אום זיך צו ראטעווען פון דיא בארמלאָזע בלוטדורשטיגע ווייסע מענשען. קאבעזא דע וואקא און זיינע דריי מיט־וואנדערער האָבען מורא געהאט אז מען וועט זיי אויפנעהמען אלס שונאים, אלס מערדער. זיי האָבען אָבער אומזיסט זיך געשראָקען. זייער נאָמען האָט דאָ אויך דערגרייכט. דיא קליינע צאָהל אינדיאנער, וואָס זיי האָבען געטראָפען האָבען גלייך דערקענט אז דאָס זיינען דיא גוטע ווייסע הימעל מענשען, וואָס קורירען, וואָס טהוען אויף וואונדער צו העלפען קראנקע, און אומעטום האָט מען זיי אויפגענומען מיט פרייד און מיט כבוד. אָבער דער עולם האָט דאָ איצט געליטען הונגער, ווארים דיא שפאניער האָבען פערברענט אָדער צוגענומען דיא תבואה. דער הונגער איז געווען אזוי גרויס, אז אין דיעזע פעטע לאנד האָט מען געגעסען דיא קאָרע פון בוימער. עס איז ניט געווען מיט וואָס דיא געסט מכבד צו זיין און זיי האָבען זיך אויך אָנגעליטען גענוג הונגער. אין איין פלאץ אָבער האָבען זיי געפונען א סך שפייז, און מען האָט זיי געגעבען וויא פיעל זיי האָבען נור געקענט מיטנעהמען.

ענדליך איז דיא האָפנונג מיט וועלכע דיא פיער וואנדערער האָבען זיך געקוויקט דיא גאנצע אכט יאָהר, דער טרוים, וועלכער האָט זיי געגעבען קרעפטען אויסצוהאלטען דיא שרעקליכע ווירקליכקייטען פון דיעזער צייט — מקוים געוואָרען: זיי האָבען בעגעגענט פיער שפאנישע רייטער — א טהייל פון א קאָמפאניע, וועלכע האָט דאָ געזוכט צו פאנגען קנעכט. ווען דיא קאוואלעריסטען האָבען דערזעהן דיא פיער

נאקעטע, פערוואקסענע ווייסע מענשען זיינען זיי אזוי ערשטוינט געוואָרען אַז דיא ערשטע מינוט האָבען זיי ניט געקענט ריידען. קאַבעזאַ־דע־וואקאַ און זיינע מיטרייזענדע האָבען זיי אַלץ ערקלעהרט און יענע האָבען זיי מיטגענומען. ווען מען האָט דיא אינדיאַנער געזאָגט, אַז זיי זיינען אַלע שפּאַניער, אַלע דיא זעלבע מענשען, האָבען זיי בשום אופן ניט געגלויבט: „וויא אזוי קענט איהר זיין דיא זעלבע מענשען?“ — האָבען זיי געזאָגט צו דיא רייטער — „אַז איהר טראָגט קליידער מיט געוועהר און רייט אויף פערד, און זיי געהען נאַקעט און אונבעוואַפענט; איהר קומט פון מערב און זיי פון מזרח; איהר קוילעט מענשען און זיי היילען זיי און מאַכען זיי געזונד“.

אין עטליכע טעג אַרום זיינען דיא פיער וואַנדערער געווען לעבען קוליאַקאַן, אַ שטעדטעל, וועלכע דיא שפּאַניער פון מעקסיקאָ האָבען געגרינדעט. דאָרטען האָט געוואוינט דער שפּאַנישער גובער־נאַטאָר פון דער פּראָווינץ, נונעז דע גוזמאַן.*) דער גוברנאַטאָר האָט זיי אויפגענומען פריינדליך און זיי געגעבען קליידער. אָבער דיא ערשטע עטליכע טעג איז זיי שווער געווען דיא קליידער צו טראָגען. אויך האָבען זיי געמוזט שלאָפען אויף דער ערד — אזוי אָבגעוועהנט זיינען זיי געווען פון בעטען און בעטגעוואַנד.

דיא פיער וואַנדערער זיינען דורכגעגאַנגען דיא גאַנצע ברייט פון נאָרד־אַמעריקאַ אין דעם אָרט וואו עס געפינט זיך דיא דרום'סטע טהייל פון דיא היינטיגע פעראייניגטע שטאַאטען. דאָס איז דיא ערשטע רייזע וואָס איז ווען עס איז געמאַכט געוואָרען איבער דעם שטח פון דיא היינטיגע פעראייניגטע שטאַאטען.

פון קוליאַקאַן זיינען זיי אין צוועלף טעג געקומען נאָך דער שטאָדט מעקסיקאָ, וואו זיי האָבען בעזוכט קאָרטעס'ען און דעם וויצע־קעניג אַנטאָניאָ דע מענדאָזאַ.**)

* * *

ווען קאַבעזאַ דע וואקאַ איז פון מעקסיקאָ געקומען צוריק נאָך

*) דיעזער גוזמאַן איז געווען קאָרטעס'עס אַ דם שונא. ער האָט דאָס אין שפּאַניען אָנגעפיהרט דעם פּראָצעס געגען איהם אויף דער בעשולדיגונג אַז ער האָט פערגיפטעט זיין פרוי.

**) קאָרטעס האָט געטראָגען דעם טיטול מאַרקיז, אָבער קיין דעה האָט

שפאניען, האָט ער דאָרטען געפונען ה ע ר נ א נ ד אָ ד ע ס אָ ט אָ'ן, און זיי האָבען פיעל גערעדט וועגען קאָבעזא'ס וואנדערונגען. פאר דע סאָטאָ'ן האָט דאָס איצט געהאַט אַ בעזונדערען אינטערעס. עס האָט געהאַט אַ שייכות צו זיינע יעצטיגע פּלענער.

אין דער ערָאָבערונג פון פערו איז דע סאָטאָ מיט פּיזאַררא'ס אַרמיי דערגאַנגען ביז'ן סוף. ער האָט דער ערשטער אַריינגעמאַרשירט אין קוזקאָ, דיא הויפּטשטאָדט. פון דיא אוצרות, וואָס דיא שפּאַניער האָבען אָנגעראַבעוועט דאָרטען און אין אַנדערע ערטער אין פּערו, איז אויף זיין חלק אויסגעקומען אַ גרויסער אייגענס. דאַן האָט ער זיך אומגעקעהרט נאָך שפּאַניען. איזאַבעללאַ, זיין געליעבטע, האָט אויף איהם אַלץ געוואַרט, און דערפאר האָט איהר פאָטער, פּעדראַריאַס, איהר אויסגעשלאָסען פון זיין ירושה. דער אַלטער מערדער האָט איבער־געלאָזען אַ פרומע צואה: זיין גרויסען פערמעגען האָט ער אין גאַנצען איבערגעלאָזען איזאַבעללא'ס עלטערע שוועסטער מ א ר י אַ, וועלכע איז געוועזען פער'קנס'ט צו באַלבאָא'ן, אָבער מיט דעם תנאי אַז זיא זאָל גרינדען אַ גרויסען קאָנווענט און אַליין זיין דיא הויפּט מאָנאַשקע. דע סאָטאָ און איזאַבעללאַ האָבען געהייראַטה און זיי האָבען גענומען לעבען אויף אַ גלענצענדען פּריצישען שטייגער, מיט אַ גאַנצע אַרמיי בעדיענטע, מיט רייכע בעלער. ער האָט געלעבט אַזוי ברייט, אַז אין אַ פּאָר יאָהר איז פון זיין אייגענס געבליבען ווייניגער וויא אַ העלפט.

ער האָט אָנגעהויבען צו דורשטען נאָך נייע אוצרות. אגב האָט דער פריעדליכער לעבען איהם גענומען לאַנגווייליגען. עס האָט זיך אָבגע־רופען אין איהם דער אַלטער אַוואַנטוריסט. עס האָט איהם געצויגען צו אונטערנעהמונגען, וועלכע פערשפּרעכען אַ גרויסען נאָמען מיט גרויסע רייכטהימער. קורץ, ער האָט זיך בעשלאָסען צו מאַכען אַ וויכטיגע ענטדעקונגס־עקספּעדיציע, און זיין אויפמערקזאַמקייט האָט זיך אָבגע־שטעלט אויף פלאָרידאַ. וואָס פאר אַ לאַנד דאָס איז, וויא גרויס זיא איז, וואו זיא ציהט זיך, האָט קיינער ניט געוואוסט. מען האָט אָבער

ער אין דער רעגיערונג פון נייז־שפּאַניען (מעקסיקאָ) דאַן ניט געהאַט. מענדאָזאַ האָט זיין פּלאַץ פערנומען (שפּעטער איז מענדאָזאַ געוואָרען וויצע־קעניג פון פערו).

געזאָגט אַז דאָרטען איז פאַראַן אַ סך גאָלד, און דאָס האָט זיך איצט געלאָזט גלויבען. אויף פּערו האָט מען אויך געזאָגט אַז דאָרטען זיינען פאַראַן אוצרות, און עס האָט זיך דאָך ניט אַרויסגעצייגט פאַר קיין ליגען.

ד ע ס אָ ט אָ האָט זיך אַלזאָ בעשלאָסען נאָך אַמאָל צו מאַכען דיא פּראָבע וואָס נאַרוואַעז האָט געמאַכט. דער טראַגישער סוף פון יענער עקספּעדיציע האָט איהם ניט צוריקגעהאַלטען, ער האָט געהאָפט צו האָבען מעהר מזל וויא דער שלימזלדיגער נאַרוואַעז.

ער האָט אָהן שוועריגקייטען פּעראינטערעסירט דעם קעניג און בעקומען דעם טיטעל גובערנאַטאָר איבער פלאָרידאַ און אַלס צוגאָב דעם טיטעל גובערנאַטאָר איבער דעם אינזעל קובאַ, וועלכער איז ניט ווייט פון דעם פלאָרידער ברעג.

קאַבעזאַ דע וואַקאַ האָט איהם דערצעהלט וועגען זיינע שרעקליכע ערפאַהרונגען אין דיא דערמאָנטע אַכט יאָהר, אָבער דיעזע ערפאַהרונגען האָבען אין קאַבעזאַ'ן גופא ניט אָבגעקיהלט דעם חשק צו נייע רייזעס מיט נייע געפאַהרען. ער האָט נאָך ניט פאָספּייעט זיך אָבצורוהען פון זיינע אַכט־יאָהריגע אָבקומעניסען, וויא ער איז שוין געוועזען בערייט אויף אַ נייע עקספּעדיציע. אויף זיינע וואַנדערונגען האָט ער געהערט, אַז ווייטער ערגעץ וואו זיינען פאַראַן רייכע שטעדט מיט גרויסע מויערען, אַ צווייטע פּערו. אָבער דעם טיטעל אויף דיעזע לענדער האָט שוין איצט געהאַט דע סאָטאָ. דע סאָטאָ האָט איהם פאָרגעשלאָגען אַ הויכע שטעלע אין זיין עקספּעדיציע; ער האָט אָבער געוועלט אַליין זיין גובערנאַטאָר, און אַלס בעפריעדיגונג פאַר זיינע לאַנגע צרות האָט דער קעניג איהם געשיקט רעגיערען איבער אַ ר ג ע נ ט י נ י ע ן.

דע סאָטאָ איז אָבגעפאָהרען אין אַפּריל, 1538, מיט אַ גרויסע קאָמפּאַניע און מיט אַ סך פערד. צווישען זיינע אָפיציערען זיינען געווען זיהן פון דער אַריסטאָקראַטיע. איינינע פון זיי האָבען פריהער אַנטהייל גענומען אין דער עראָבערונג פון מעקסיקאָ אָדער פּערו. דע סאָטאָ'ס פרוי איז אויך מיטגעפאָהרען (אַזוי וויא מיט צעהן יאָהר פריהער איז מיט נאַרוואַעז'ען מיטגעפאָהרען זיין פרוי). זיא האָט זיך אָבער אָבגעשטעלט אין קובאַ, וואו דע סאָטאָ מיט זיינע מענשען זיינען פערבליעבען מעהר וויא אַ יאָהר. זיא האָט זיך געבעטען

ער זאָל איהר מיטנעהמען ווייטער אויך. אין דעם האָט ער איהר אָבער ענטזאגט.

האָבענדיג אין זינען נארוואעז'ס טרויעריגען ביישפּיעל, האָט ער פריהער פון אַלץ אַוועקגעשיקט א שיף אויסזוכען א זיכערען און גראַמען האפען אויף דעם פלאָרידער ברעג, אום צו האָבען א הויפּט־פּונקט פאר זיינע שיפען בשעת ער וועט זיך אַוועקלאָזען אויף זיין מאַרש. אזא האפען האָט דיא שיף געפונען אין א ים בוזים אָדער בעי, וועלכען דע סאָטאָ האָט א נאָמען געגעבען עספּיריטו סאנטאָ (היילי־גער גייסט), און דאָס איז טאַקי געוועזען דער זעלבער האפען, וואו דיא אויבען דערמאָנטע הונדערט פון נארוואעז'ס עקספּעדיציע האָבען גע־וואַרט אויף זייערע דריי הונדערט חברים.*) אין מאַי, 1539, האָט דע סאָטאָ דאָרטען זיך ארויפגעזעצט מיט 570 מאַן, 223 פערד און 300 חזרים. שיפען האָט ער געהאַט פינף.

גלייך זיינען איהם בעפאַלען דיא פלינקע, מוטהיגע חברה פון יענעם געגענד. ער האָט זיך אָבער מיט זיי לייכט ספּראַוועט. פון אַן אינדיאַנער, וועלכען ער האָט געפאַנגען, האָט ער געהערט, אז ניט ווייט פון דאָרטען געפינט זיך א ווייסער יונגער מאַן אין געפאַנגענשאַפט און אז מען האַלט איהם שוין אַ יאָהר צעהן. עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אַז דאָס איז איינער פון דיא צוויי שפּאַניער, וואָס מען האָט אַוועקגע־שלעפּט, ווען זיי זיינען ארויף אויפ'ן ברעג נאָך דיא שטיקעל פּאַפּיער. (מען האָט זיך אויך ערקונדיגט, אַז דעם שטעקעל מיט דיא פּאַפּיער האָבען אַרויסגעשטעלט אינדיאַנער, אום אַריינצונאַרען ווייסע. דיא שטיקעל פּאַפּיער האָבען דיעזע אינדיאַנער געפונען אויף אַן אָרט, וועל־כען אַנדערע שפּאַניער האָבען אַמאָל בעזוכט, און זיי האָבען שוין גע־האַט בעמערקט, אַז דורך פּאַפּיער ריידען זיך ווייסע צונויף). איינער פון דיא צוויי שפּאַניער איז דאַן גלייך געטוידטעט געוואָרען ראַנגלענ־דיג זיך. דעם צווייטען, וויעדער, האָט מען געבונדען און ארויפגע־לייגט אויף פיער שטיינערנע שטיינגלעך צווישען וועלכע עס האָט גע־

*) היינט רופט מען דאָס טאַמפּאַ בעי. רייכע אַמעריקאַנער ליעבען דאָרטען צו פערברענגען דיא ווינטער־מאָנאַטען. פון דאָרטען געהען אָפּטע דאַמפּפער נאָך האַוואַנאַ און דיא רייזע געדויערט בלויז עטליכע שטונ־דען. אין דע סאָטאָ'ס צייטען האָט דאָס געדאַרפט נעהמען אַ וואָך.

גליהט אַ באַרג קוילען. אַזוי ליגענדיג אין דער לופטען האָט ער זיך לאַנגזאַם געבראָטען. אָבער זיינע געשרייען האָבען געריהרט דיא האַרץ פון דעם האָרטיגען עלסטען'ס טאָכטער, און מיט איהר געבעט האָט זיא גע'פועל'ט ביי איהר פאָטער, אז ער זאָל איהם לאָזען לעבען. ווען ביי דעם יונגען שפּאַניער (ער איז דאַן אַלט געווען בלויז 18 יאָהר) זיינען פערהיילט געוואָרען דיא וואונדען, האָט דער עלסטער איהם גע־שיקט היטען קברים, — אז חיות זאָלען ניט אַוועקשלעפּען די מתים. מיט זיין פייל־און־בויגען האָט ער אַמאָל ביי־נאַכט געשאָסען א וואָלף, וואָס האָט אָקאָרשט געכאַפּט אַ טויטען קינד. דאָס האָט איהם בע־ליעבט געמאַכט אַלס אַ כוואַטסקען יונג. אָבער א ו ס י ט אַ, דער עלסטער, האָט אין האַרצען געטראָגען אַ ברענענדיגען האַס געגען אַלע ווייסע, און ער האָט זיך איהם געקליבען צו טוידטען. אוסיטאַ'ס טאָכ־טער האָט דעם יונגען שפּאַניער געוואַרענט וועגען דעם און זיא האָט איהם געראַטהען צו אַנטלויפען אין אַן אַנדער דאָרף, וואו איינער מ אָ ק אָ ס אָ איז געווען דער עלסטער. מאָקאָסאָ האָט זיך צו איהר גע'שדכן'ט, און זיא האָט געוואוסט, אז ער אינטערעסירט זיך מיט דעם כוואַטסקען שפּאַניער. דער יונגער מאַן האָט געטהאָן וויא זיא האָט איהם געראַטהען, און פון יעמאָלט אָן איז ער געווען אונטער מאָ־קאָסאָ'ס שוץ. איצט, ווען עס זיינען אַוועק ביי צעהן יאָהר און ער האָט זיך דערוואוסט, אז עס זיינען אָנגעקומען זיינע לאַנדסלייט, האָט ער גע'פועל'ט ביי זיין רויט־הויטיגען האַרר, אז ער זאָל איהם לאָזען געהן זיך זעהן מיט זיי. דע סאָטאָ וויעדער האָט ארויסגעשיקט אַ קאָמ־פּאַניע איהם אויפזוכען און בעפרייען.

דאַן איז פאָרגעקומען אזא סצענע, וויא דיא וואָס האָט שטאַטגע־פונען צווישען י ע ר אָ נ י מ א אַ ג ו ו י ל אַ ר און עטליכע פון קאָרטעס'עס סאָלדאַטען. אַרומבלאָנדזשענדיג איבער אונבעקאַנטע פעל־צער, האָבען דע סאָטאָ'ס שלוחים זיך בעגעגענט מיט א גרופּע אינדיאַ־נער. זיי האָבען אויסגעשטעלט געגען זיי זייערע שפּיזען. דיא אינדיאַנער זיינען זיך צולאָפען, נור איינער פון זייער גרופּע איז גע־בליבען. ער האָט געשריען „סעווילאַ!“ „סעווילאַ!“ און האָט זיך גע'צלם'ט.

דאָס איז געווען דער ווייסער וואָס איז צעהן יאָהר אָבגעלעגען ביי דיא אינדיאַנער אין געפאַנגענשאַפט. ער איז געווען נאַקעט און האָט

אויסגעוויזען פערווילדעט. ער האָט פערגעסען זיין מוטער־שפּראַך און פון אויפרעגונג האָט ער דיא ערשטע מינוט זיך געקענט דערמאָנען בלויז דעם נאָמען פון זיין געבורט־שטאָדט, סעוויללע. זיין נאָמען איז געווען יואן אָרטיז.

אין איניגע טעג ארום האָט ער גערעדט שפּאַניש וויא אלע זיינע לאַנדסלייט, און ער האָט אין דע סאָטאָ'ס עקספּעדיציע גענומען שפּיע־לען דיא זעלבע וויכטיגע ראָלע, אלס דאָלמעטשער, וואָס יעראַנימאָ האָט געשפּיעלט ביי קאָרטעס'ען.

פון אינדיאנער האָבען דע סאָטאָ'ס אָפיציערען געהערט, אז ווייטער ליגט א שטאָדט מיט'ן נאָמען אָקאַלאַ, וואו עס איז פאַראַן א סך גאָלד, זילבער און פּערל און דיא איינוואוינער קענען פיעלע מלאכות און האַלטען הירשען אזוי וויא קיה און ציעגען. דע סאָטאָ האָט פערשטאַנען, אז אויף דיא בעריכטען פון דיא רויט־הויטיגע איז זיך ניטאָ וואָס צו פערלאָזען. וואָס אָנבעטרעפט אָרטיז'ן, האָט ער געוואוסט, אז אין ווייטערע געגענדען געפינען זיך פּערל, אָבער פון גאָלד האָט ער ניט געהערט. פּערל איז נאַטירליך אויך געווען גוט פאַר דע סאָטאָ'ן. ער האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו האָפען אויף א לאַנד פון גאָלד, אויף א לאַנד וויא פּערו. אלזאָ האָט ער דיא צוויי גרויסע שיפען אוועקגעשיקט צוריק נאָך האַוואַנאַ, אום זיינע מענשען זאָלען ניט האָבען קיין האָפנונג אין קורצען זיך אומצוקעהרען אהיים. דיא דריי קלענערע שיפען, וועלכע ער האָט בעדארפט האָבען אויף צו שווימען און פאָרשען פאַזע דיא ברעגעס, האָט ער איבערגעלאָזען אין דעם האַפען טאַמפּאַ (עספּיריטו סאַנטאָ) מיט דרייסיג קאַוואַלעריסטען און זיעבציג פוס־סאָלדאַטען אונטער דער קאָמאַנדע פון איינעם פּעדראָ קאַלדעראָן, און אליין האָט ער מיט דיא איבעריגע חיל זיך אוועק־געלאָזען איבער'ן לאַנד. דיא דריי הונדערט הזרים האָט ער אויך מיט־גענומען מיט זיך אונטער דער השגחה פון ספּעציעלע פאַסטוכער.

דיא אינדיאנער זיינען געווען זעהר אונפריינדליך. זיי האָבען אויף דיא ארמיי געשאָסען פון אלערליי בעהעלטעניסען. עטליכע פון זיי האָבען דיא שפּאַניער געכאַפּט, אָבער ווען מען האָט זיי געפּרופט מאַכען פאַר וועג־ווייזער, האָבען זיי דיא ווייסע אומישנע פערשלעפּט אין געפעהרליכע ערטער. דאַן האָט דע סאָטאָ אויף זיי אָנגערייצט זיינע בלוט־הינד און זיי זיינען צוריסען געוואָרען.

אין איין אָרט האָט דיא ארמיי אויף א טייך געפונען א צרה'דיגען בריק, וועלכען נארוואעז האָט געמאַכט. פוןביידע ברעגעס זיינען געלעגען אנידערגעוואָרפענע ביימער און דיא ביימער זיינען געווען פער־אייניגט מיט צוזאמענגעבונדענע קלעצער. דע סאָטאָ האָט ארויסגע־שיקט גוטע שווימער מיט העק און טשוועקעס דעם בריק צו פערריכ־טען. ווען זיי האָבען געהאַלטען ביי דער ארבייט, האָבען זיך בעוויזען קאַנאָס מיט אינדיאנער, וועלכע האָבען צוויי פון זיי געפעהרליך פער־וואונדעט.

אין אַן אַנדער פּלאַץ, וואו דע סאָטאָ האָט געלאָזט וויסען אַן עלס־טען, אז ער וויל מיט איהם שליסען א פריינדליכע בעקאַנטשאַפט, האָט יענער איהם געהייסען ענטפערען, אז דיא ווייסע שלעפּען זיך ארום איבער פרעמדע לענדער אַלס באַנדיטען און מערדער און אַז דער איינ־ציגער זאָרט בעקאַנטשאַפט, וואָס ער וועט מיט איהם שליסען איז דורך בלוטיגע מלחמות. און ער האָט געהאַלטען וואָרט אויך. זיינע אינדיא־נער האָבען דיא מאַרשירענדע שפּאַניער ניט געלאָזען צורוה. ווען זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף נאכטלעגער, פלעגען דיא רויט־הויטיגע לויערען אַרום דעם לאַגער, און וויא נור זיי האָבען אימיצען גע־כאַפּט אָן א זייט, האָבען זיי איהם אַוועקגעשלעפּט און געקעפּט. דער־נאָך האָבען זיי דעם קערפּער אויפגעהאַנגען אויף א בוים, און דיא קאָפּ האָבען זיי ארומגעטראָגען אויף שטעקענס. דאָס איז געווען א גאַנץ אָפּטע זאַך.

ווען דיא אַרמיי איז ענדליך צוגעקומען צו אָקאַלאַ, האָבען זיי גע־פונען, אַז דאָס איז אַ דאָרף וויא אַלע אינדיאַנישע דערפער פון יענע געגענדען, מעהר ניט וואָס דאָרטען איז געווען א סך קוקורוזע. דער דאָרף איז געווען פּוסט; דיא איינוואוינער זיינען זיך צולאָפען מיט וואָס זיי האָבען געקענט מיטנעהמען. אָבער אַלץ מיטנעהמען האָבען זיי ניט געקענט — האָבען דיא שפּאַניער דאָ עטליכע טעג געהאַט וואָס צו עסען.

מאַרשירענדיג ווייטער, האָט דע סאָטאָ געהאַט עהנליכע ערפאַה־רונגען. דער פערהעלטניסמעסיג גוטער דע סאָטאָ איז אויף דיעזער רייזע געוואָרען אזא מערדער וויא פּיזאַררא, וועלכען ער האָט געהאַסט. זיינע בלוט־הינט זיינען געפלויגען נאָך אינדיאַנער וויא נאָך מייז. זיי האָבען געכאַפּט דיא אנטלויפענדע און זיי ענטוועדער צוריסען אויף אַן

אָרט אָדער צוגעהאַלטען ביז שפּאַניער וועלען אונטערקומען און זיי געבען א לאַנגזאַמען טוידט.

איינער פון דיעזע הינט איז געווען אזא כוואַט און אַזאַ „בעגייס־טערטער" מיטקעמפּפער פון זיינע בעלי הבתים ווייא בערעזיללאָ, דער פיער־פיסיגער העלד, וואָס האָט זיך „אונשטערבליך" געמאַכט ביי פּאָנסע דע לעאָן'ן אין פּאָרטאָ ריקאָ. אַפילו ווען אַן אינדיאַנער פלעגט אין איהם ארייגשיסען אַ פייל, און פון איהם פלעגט זיך גיסען בלוט, פלעגט ער אויך ארויפשפּרינגען אויף זיין קרבן און איהם צוהאַלטען ביז שפּאַניער זיינען צוגעקומען. איין מאָל, ווען אַ רויט־הויטיגע קאָמפּאַניע האָט אויסגעשאָסען פון יענעם זייט טייך, איז ער ארייגעשפּרונגען און זיך געלאָזען שווימען צו זיי. זיי האָבען אין איהם פון וויטען ארייגגעלאָזען פייל נאָך פייל. דיא בלוט האָט זיך פון איהם געגאָסען פון אַלע זייטען, און דיא פיילען האָבען אין איהם געסטאַרטשעט וויא שפּילקעס אין א שפּילקע־קישעלע. ער איז אָבער אַליין געשוואומען ווייטער ביז ער האָט דערגרייכט דעם ברעג. דאַן איז ער געפאַלען טוידט, און דיא אינדיאַנער האָבען זיך מיט זיין קערפּער געפרעהט מעהר וויא מיט דיא קערפּערס פון עטליכע ווייסע.

אין איין פּלאַץ האָט דע סאָטאָ'ן אַן עלטסטער מיט'ן נאָמען וויטאַטשוקאָ אויפגענומען זעהר פריינדליך. אַ גאַנצע וואָך האָט מען פערבראכט אין פרעהליכע מאָהלצייטען; דיא אינדיאנער האָבען געטאַנצט לכבוד זייערע ווייסע געסט, געזונגען, אָנגעפיהרט זייערע אינדיאַנישע שפּיעלען. אָרטיז האָט זיך אָבער דערוואוסט, אַז דאָס איז ניט מעהר וויא אַן אָנשטעל, און אז וויטאַטשוקא זאמעלט צעהן מאָל אַזאַ גרויסע מחנה וויא דיא שפּאַניער. דע סאָטאָ'ן האָט וויטאַטשוקא געזאָגט, אז ער וויל איהם וויזען אַ גרויסען אינדיאַנישען פּאַראַד און אַז זיין מחנה וועט צו דעם פּאַראַד קומען אָהן געוועהר. אָרטיז האָט אָבער געוואוסט, אז דיא געוועהר וועט ליגען בעהאַלטען אין דיא ארומיגע וועלדלעך. דע סאָטאָ האָט זיך דאָס אין אכט גענומען. ווען עס איז געקומען דער בעשטימטער טאָג און שטונדע און עס האָט זיך בעוויזען דיא רויט־הויטיגע מאסע, האָבען דיא שפּאַנישע אָפיציערען אַ געשריי געטהאָן: „סאַנטיאַגאָ! גענומען זיך צו זיי!" און עס איז געוואָרען אַ מענשען־יאַטקע. דע סאָטאָ'ס פערד איז געפאַלען טוידט אונטער איהם פון פיער אינדיאַנישע פיילען. מען האָט איהם אָבער

גליך געבראַכט אַן אַנדערען און ער האָט זיך מיט זיין קאַוואַלעריע אַ לאָז געטהאָן אויפ'ן שונא און געשניטען און געטראָטען אינדיאַנער צעהנדליגעוויז. עטליכע הונדערט רויט־הויטיגע זיינען אריינגעשפרונ־גען אין אַ דערבייאיגע אָזערע. זיי זיינען געשוואומען צו פינף אין איינעם און יעדע גרופפע אזעלכע האָט אויף זיך געהאַלטען אַ זעקסטען, וועלכער האָט פון זייערע פּלייצעס געשאָסען מיט פייל־און־בויגען אויפ'ן ברעג. דיעזע פיילען זיינען געפלויגען ווייט און מיט גרויס קראַפט; געגען דיא פּאַנצירען פון דיא שפּאַניער האָבען זיי אָבער קיין מאַכט ניט געהאַט. פיעלע פון דיא אינדיאַנער זיינען דערטרונקען גע־וואָרען אָדער געטוידטעט געוואָרען פון דיא שפּאַנישע געוועהר. דאָס רוב פון דיא איבעריגע האָבען זיך אונטערגעגעבען. צוועלף פון דיא עלטסטע האָבען בעסער געוועלט פערלירען זייערע לעבענס אין דער אָזערע איידער זיין שקלאַפען. מען האָט זיי אָבער ארויסגעשלעפּט פון וואַסער און געשמידט אין קייטען. וויטאַטשוקאַ איז אויך אריינגעפאַ־לען אין פלען. דע סאָטאָ האָט אָבער געוועלט געווינען זיין פריינד־שאַפט און שטיצע. אַלזאָ, האָט ער פון איהם אויסגעטהאָן דיא קיי־טען און ביי'ן טיש געזעצט לעבען זיך, וויא אַן עהרען־גאַסט. וויא ער איז אזוי געזעסען און געגעסען, האָט ער פּלוצלונג אַ שפּרונג געטהאָן און דעם שפּאַנישען קאָמאַנדיר אזא זעץ געטהאָן אין געזיכט, אז ער האָט איהם אויסגעזעצט עטליכע ציין. דיא בלוט האָט ביי דע סאָטאָ'ן אַ גאָס געטהאָן פון מויל און פון נאָז, און ער איז אַנידערגעפאַלען. וויטאַטשוקא איז אויף איהם ארויפגעשפּרונגען און זיך געקליבען צו מאַכען א סוף פון איהם. דאָס אלעס איז פּאָרגעקומען כמעט אין איין סעקונדע. דיא אָפיציערען, וואָס זיינען געזעסען דערביי, האָבען אָבער פּאָספּייעט צו קומען צו זיך און זיי האָבען דעם נקמה־דורשטיגען אונ־ערשראָקענעם אינדיאַנער אריינגעשטאָכען עטליכע שפּיזען מיט אמאָל. ער איז געפאַלען טוידט.

דיא אַנדערע געפאַנגענע אינדיאַנער האָבען אויך געקעמפּפט מיט דיא לעצטע קרעפטען. זיי האָבען געכאַפּט שפּאַנישע שווערדען אָדער שפּיזען, אַטאַקירט זייערע ווייסע הארען און געפאָכטען, ביז מען האָט זיי אַוועקגעלייגט אויף אָן אָרט.

פון וויטאַטשוקאַ'ס זעץ איז דע סאָטאָ אָבגעלעגען קראַנק אַ פּאָר וואָכען.

דיא שפּאַניער האָבען ווייטער מאַרשירט, און ווייטער האָבען זיי אומעטום געהאַט זיך צו היטען פאר אונערוואַרטעטע אַטאַקען. אויף אַ טייך, וואו זיי האָבען געוועלט לייגען אַ בריק, האָבען דיא אינדיאַנער זיי אַזוי געשטערט, אַז זיי האָבען געמוזט אַוועקוואַרפען דעם פּלאַן און אריבערגעהן אויף פּליטען. אָבער דערביי זיינען ווידער אָנגעפאַלען אינדיאַנער וויא דיא היישעריקען און פיעלע פון דיא ווייסע זיינען פערוואונדעט געוואָרען. דע סאָטאָ האָט געפאַנגען פרישע קנעכט אויף צו בעדיענען דיא אַרמיי און צו טראָגען דיא פּעק. פיהרענדיג אַזעלכע קנעכט איז מען אָבער ניט זיכער געוועזען מיט'ן לעבען. אָפט, ווען אַ שפּאַניער איז מיט זיין קנעכט געגאַנגען נאָך קוקורוזע אָדער נאָך האָלץ, האָט יענער איהם ערמאָרדעט און אַנטלאָפען מיט זיינע קייטען מיט אַלעמען.

ווענען אַפּאַלאַטשען האָבען דיא אינדיאַנער געזאָגט, אַז דאָרטען איז פאַראַן פון כל טוב; אַלזאָ האָט דע סאָטאָ זיך פערנומען אַהינצו. וויא עס שיינט, האָט קאַבעזאַ דע וואַקאַ איהם ניט דערצעהלט וואָס ער האָט געוואוסט פון דיעזען דאָרף, וואָרים דע סאָטאָ האָט ערוואַרטעט דאָרטען צו געפינען אַ גרויסע שטאָדט, אַ שטאָדט מיט אוצרות. אום צו קומען אַהין, האָט ער געמוזט לאַנג געהן דורך געדיכטע וועלדער און בראָדזשען דורך זומפּען. און דערביי איז נאָך אַלע ווייל אויסגעקומען צו קעמפּפען מיט אינדיאַנער. ווען דיא שפּאַניער האָבען ענדליך דערגרייכט דעם אַפּאַלאַטשענישען געגענד, האָבען זיי גע־האַט טאָג און נאַכט צו פיהרען מלחמות. מען האָט זיי פערצאַמט דעם וועג מיט אַלערליי שטרויכלונגען. מען איז זיי בעפאַלען פון אונטער זייערע פערד. מיט העק האָט מען פון אונטען געהאַקט אין דיא בהמות און זייערע רייטערס, און אָפט זיינעןביידע געפאַלען. דיא אינדיאַנער האָבען זייער שונא ניט געלאָזען אָפּציהען דעם אָטהעם. וועגען שלאָ־פען איז גאָר קיין רייד ניט געוועזען.

ענדליך איז דיא ווייסע אַרמיי אריינגעקומען אין דער הויפּט־שטאָדט פון דעם קרייז, אין אַ פּ אַ לַ אַ ט ש ע ן. זינט נאַרוואַעז איז דאָרטען געוועזען, איז דיא שטעדטעל מסתמא אויפגעוואַקסען, וואָרים אין דיא בעריכטען פון דע סאָטאָ'ס עקספּעדיציע ווערט געזאָגט, אַז אַפּאַלאַטשען איז בעשטאַנען פון 200 שטרויענע הייזלעך. אָבער ניט

אויף דעם האָט דע סאָטאָ זיך געריכט! זיין ענטוישונג איז איבע־ריג צו שילדערען.

דיא שפּאַניער האָבען ווייטער מאַרשירט. וויעדער צרות פון אינדיאנער, וויעדער שוויריגקייטען און אָבקומענעסען. ווען זיי האָבען מיטגעשלעפּט אַן אינדיאנער אַלס וועג־ווייזער, האָט ער דאָס רוב זיי אומישנע אַראָבגעפיהרט פון וועג. איין מאָל האָבען זיי זיך פערפּלאָנ־טערט אין א וויסטענעס, וואו זיי האָבען אָבגעבלאָנדזשעט גאַנצע פופ־צעהן טעג און זיינען שיער אלע ניט אויסגעשטאָרבען פון הונגער. ענדליך זיינען זיי צוגעקומען צו אַ ים־בוזימעל, וואו זיי האָבען געפונען אַ סך גוטע פיש. דערנאָך האָבען זיי דאָרטען דערזעהן שאַרבענס פון פערד און פעררױסטע געצייג פון א קוזנע. עס האָט זיך ארויסגעצייגט, אז דאָ האָבען דאָס נארוואעז'ס דריי־הונדערט מיטרייזענדע געבויט זייערע צרה'דיגע שיפלעך. דיא שאַרבענס זיינען געווען פון דיא פערד וואָס זיי האָבען אויפגעגעסען בשעת זיי האָבען געארבייט. קורץ, דע סאָטאָ איז איצט געווען אין אַ ו ט ע. פון דאָרטען האָט ער געשיקט א שליח נאָך ט אַ מ פּ אַ, וואו קאלדעראָן האָט געוואַרט מיט דיא דריי שיפען. דער שליח איז געווען דע סאָטאָ'ס אַ טרייער אָפיציער מיט'ן נאָמען אַ נ אָ ס ק אַ, (וועלכער האָט מיט איהם צוזאמען געדיענט אין פּערו), און ער איז געווען בעגלייט פון דרייסיג סאָלדאַטען. אנאסקא האָט געהאַט איבערצושיקען דע סאָטאָ'ס אַ בריעף צו זיין פרוי אין האַ־וואַנאַ; ווייטער האָט ער בעדארפט קאלדעראָן'ען מיט זיין קאָמפּאַניע הייסען מאַרשירען איבער דער יבשה, וועהרענד ער, אנאסקא, האָט גע־זאָלט שווימען פּאַזע ברעג און ביידע האָבען זיך בעדארפט בעגעגענען מיט דער הויפּט־ארמיי. דאָס אלעס איז ערפילט געוואָרען.

איזאַבעללא האָט געשיקט צו איהר מאַן אַן אַנטוואָרט, אין וועל־כען זיא האָט זיך ביי איהם געבעטען ער זאָל אויפגעבען זיין האָפנונגס־לאָזע זוכענעס נאָך גאָלד און מעהר ניט שטעלען זיין לעבען אין גע־פאַהר. דאָס האָט אָבער אויף איהם געווירקט פונקט פערקעהרט. אויפ־געבען? מודה זיין, אז ער האָט ניט קיין ערפאָלג? דע סאָטאָ וואָלט בעסער צעהן מאָל זיין לעבען פערלאָרען.

אנאסקאָ און קאלדעראָן זיינען זיך צוזאמענגעקומען מיט זייער הויפּט־קאָמאַנדיר, וויא מען האָט אָבגעמאַכט. אַזוי וויא א פּאָר־הונ־דערט מייל צו מערב פון אוטע האָט מען געפונען אַן אויסגעצייכענטען

האפען, אין וועלכען עס וואלטען געקענט זיך אבשטעלען אלע שיפען פון דער וועלט, איז ביי דע סאטא׳ן געבליבען א פלאן ביי דיעזען האפען (היינט הייסט דער פלאץ פענסאקאלא) צו מאכען דעם אנפאנג פון א גרויסע רייכע קאלאניע, וועלכע ער האט געהאפט צו גרינדען אין פלא־רידא. מיט דיעזען צוועק האט ער אוועקגעשיקט קיין האוואנא א בע־פעהל איהם צו שיקען א פלאטע פול מיט פראוויאנט און אלע אנדערע נויטיגע זאכען.

דער גובערנאטאר פון קובא און פלארידא האט פערנומען דעם נייעם האפען, וויא אויך אוטע און אפאלאטשען, און זיך געגרייט צו מאכען גרויסע און גרינדליכע פארשונגען ווייטער אין לאנד. דיא אפאלאטשענישע אינדיאנער האבען זיך אליץ ניט בערוהיגט. מען האט זיי געפאנגען און ביי איניגע פון זיי אבגעשניטען די נעזער און דיא הענט; אנדערע האט מען פערמאטערט צום טוידט מיט דיא משאות, וואס זיי האבען געמוזט טראגען אויף זייערע נאקעטע קערפערס; זיי זיינען אבער אליץ געבליבען פול מיט פייער, פול מיט נקמה־גיפט. דיא פאלגענדע צוויי סצענעס גיבען א גוטען בילד פון דעם סארט מענשען, מיט וועלכע דיא שפאניער האבען דא געהאט צו טהאן.

צוויי יונגע אפיציערען, דע סאטא׳ס א־פלעמעניק און נאך איינער, רייטען ארום צו בעוואכען א געוויסען וועג. באלד דערזעהען זיי אן אינדיאנער, און זיי גיבען זיך א לאז צו איהם. דער רויט־הויטיגער פרופט לויפען אין וואלד אריין; דיא אפיציערען זיינען אבער צו נאה־הענט; שטעלט ער זיך מיט׳ן רוקען צו א בוים, ציהט אן א פייל אן זיין בויגען, און שטעהט קאלטבלוטיג און וואַרט. דע סאטא׳ס פלעמע־ניק קומט צו און שטרעקט אוים זיין שפיעז; דער פאלאטשענער דרעהט זיך אבער ארוים, און אין דער זעלבער מינוט שיסט ער זיין פייל אריין אין דעם פערד׳ס בויך. און דער פערד הויבט אן צו פאלען פון דיא פיס ביז ער פאלט ענדליך טוידט. דער צווייטער אפיציער רייט צו, און עס קומט פאר פונקט דיא זעלבע געשיכטע. דאן לויפען צו איהם צוביידע אפיציערען, ביידע מיט אויסגעשטעלטע שפיעזען. זיי זיינען שוין אבער אהן פערד, און אויף דיא אייגענע פים איז ער מעהר בריה וויא זיי. ער אנטלויפט אין וואלד און לויפענדיג קוקט ער אויף הינ־טער, לאכט און קרימט זיי איבער. אין אן אנדער פלאץ האבען אנ־דערע צוויי יונגע שפאניער צוגעבונדען זייערע פערד צו א בוים און

אליין זיינען זיי ארויפגעקראָכען אויפ'ן בוים נאָך ווילדע וויינטרויבען. גלייך האָבען זיך בעוויזען אינדיאנער, וועלכע האָבען דיא צוויי יונגע לייט געשאָסען צום טוידט. דיא צוויי קערפּערס זיינען אראָבגעפאלען, און דיא פערד האָבען זיך דערפון אזוי דערשראָקען, אז זיי האָבען זיך אָבגעריסען און אנטלאָפען אין לאגער אריין. אויף מאָרגען איז איינער פון זיי, וועלכער האָט געהאט א פּאָר טראָפּענס בלוט אויפ'ן זייט, גע־פאלען טוידט. ווען מען האָט איהם אויפגעשניטען, האָט מען אין זיינע אינגעווייט געפונען א פייל, וואָס ער האָט בעקומען לויפענדיג.

אומעטום וואו דיא ארמיי האָט זיך אָבגעשטעלט, האָט דע סאָטאָ זיך געסטארעט אריינצונארען דעם עלסטען, איהם צו האלטען אלס משכן און מיטפיהרען ביז דעם געגענד פון דעם נעכסטען שבט. אויך האָט ער אומעטום געפאנגען פרישע קנעכט צו טראָגען דיא פּעק. זיי פלעגען דאָך אויספאלען אויפ'ן וועג פון דער שווערער משא, צו וועלכע זיי זיינען ניט געוואוינט געווען און פון דיא קייטען, וואָס האָבען געריי־בען זייערע נאקעטע לייבער, — האָט ער רק גענארפט האָבען נייע.

דע סאָטאָ האָט געהערט, אז צו צפון־מזרח זייט צו ליגט א פּלאַץ מיט'ן נאָמען קאפאטשיקווי, וואו עס געפינען זיך גאָלד־מינען; אלזאָ, האָט ער זיך פערקערעוועט צו צפון־מזרח צו. עס איז אויסגעקומען צו געהן דורך גרויסע וויסטענעסען און געדיכטע וועלדער. פון מאטערנעס, ענטוישונגען, הונגער און אלערליי אנדערע צרות איז דע סאָטאָ געוואָ־רען אזוי נערוועז, אז פאר דיא קלענסטע זאך פלעגט ער ווערען אויפ־געבראכט. איינמאָל, האָט ער א סאָלדאט פעראורטהיילט צום טוידט דערפאר וואָס ער האָט פערלאָרען זיין שווערד. מילא דעם שפאנישען סאָלדאט האָט מען אָבגעבעטען. צו דער זעלבער צייט האָט ער געהיי־סען פערברענען א געפאנגענעם אינדיאנער דערפאר, וואָס ער האָט ניט געוועלט אָנווייזען דעם וועג קיין קאפאטשיקווי און פאר דעם אינדיא־נער האָט אפילו ניט געבעטען דער רויט־הויטיגער עלסטער, וועלכער האָט איצט מיט דע סאָטאָ'ן מיטמארשירט. אדרבא, ער האָט דע סאָ־טאָ'ן געפּרופט איבערשטייגען אין שטרענגקייט. ווען איינער פון דיא אינדיאנער פון דיעזען עלסטען האָט זיך געוועלט אומקעהרען אהיים, האָט ער איהם בעשטראָפט אויפ'ן פאָלגענדען אופן: ער האָט איהם געלאָזען אויסטהאָן נאקעט און אוועקלייגען ביין ברעג פון א טייכעל מיט'ן מויל אין וואסער. דאן זיינען צוויי אנדערע אינדיאנער געשטא־

נען איבער דעם אונגליקליכען מיט שטעקענס און געשריען צו איהם, אז ער מוז אויסטרינקען דעם גאַנצען טייכעל. דער פּעראורטהיילטער האָט געזופּט דיא וואסער מיט אַלע כחות, אָבער אַזוי וויא דער טייכעל האָט אַלץ געפלאָסען וויא פריהער, האָבען דיא צוויי איהם מערדערליך געשלאָגען, ער זאָל ווייטער טרינקען. דעם עלסטען'ס פּסק איז געווען, אַז ער מוז ענטוועדער אויסטרינקען דעם גאַנצען טייכעל אָדער פּלאַצען טרינקענדיג, און דער אורטהייל וואָלט אויסגעפיהרט געוואָרען, נור אויף דע סאָטאָ'ס ביטע האָט מען איהם געלאָזען אויפשטעהן.

דער גובערנאַטאָר האָט זיך אָבגעשטעלט אין א סאָסנע־וואַלד, ביי דעם ברעג פון אַ טייך, און האָט ארויסגעשיקט פיער אָפיציערען מיט קאָמפּאַניעס זוכען אַ שטאָדט אָדער א שטעדטעל, אָדער א דאָרף וועניגסטענס. דיא שפּייז איז שוין אין גאַנצען אויסגעגאַנגען. עס איז ניט געבליבען קיין קערענדעל קוקורוזע, קיין איינציגער נוס, קיין איין ווייגטרויב, אָדער וואָרצעל אפילו. מען איז געצוואונגען געווען צו קוילען א געוויסע צאָהל פון דיא חזרים, אָבער דאָס איז ניט געווען גענוג. דיא רייזענדע זיינען געווען אַזוי אויסגעהונגערט, אַז זיי האָבען קוים געהאַט כחות צו ריידען.

ענדליך איז געקומען פרעהליכע נייעס. דריי מעת־לעת רייזע פון דעם דערמאָנטען סאָסנע וואַלד האָט אנאסקאָ געפונען א דאָרף פול מיט קוקורוזע און קוקורוזע־מעל. ער האָט זיך דאָרטען אָבגעשטעלט מיט זיין קאָמפּאַניע און האָט צוזאמען מיט דער נאַכריכט דעם גובערנאַטאָר צוגעשיקט עסענווארג פאר דער ארמיי. אין דריי־פיער טעג ארום איז אהין אָנגעקומען דע סאָטאָ מיט דיא חיל. אום דיא אַנדערע פאָרשונגס־קאָמפּאַניעס זאָלען וויסען וואוהין צו קומען, האָט דער גובערנאַטאָר אונטער א בוים בעגראָבען אַ בריעף, און אויפ'ן בוים אויסגעשניטען דיא ווערטער: „גראָבט ביי דיא וואָרצלען, וועט איהר געפינען אַ בריעף.“

דעם דאָרף האָבען דיא שפּאַניער א נאָמען געגעבען ס אָ ק ק אָ ר אָ, דאָס הייסט „רעטונג“, „הילף“. ביסלעכווייז זיינען אהין געקומען דיא אַנדערע קאָמפּאַניעס. זיי האָבען קיין מענשליכע וואוינונגען ניט ענטדעקט. דאָך האָט איינער פון דיא אָפיציערען געבראַכט אַ אינטערעסאַנטע זאַך מיט זיך: דעם שאַרבען מיט דיא הערנער פון אַן אָקס. דאָס האָט ארויסגערופען פיעל נייגעריגקייט און פרייד. אונזערע וואַנ־

דערער האָבען געהערט וועגען אינדיאַנער, וואָס האָבען גרויסע סטאַדעס אָקסען. זיי האָבען אָבער ניט געקענט דערגעהן וואו דאָס איז. דיא אָקסן זיינען געווען דיא אויבען־דערמאָנטע בופפעל־אָקסען אָדער בי־זאָנען, וועלכע קאַבעזאַ דע וואקא האָט בעשריעבען. אין יענע צייטען האָבען זיך דיעזע בעשעפּעניסען נאָך ארומגעשלעפּט איבער דיא לאַנקע־לענדער פון דעם געגענד, וואו דע סאָטאָ האָט איצט גערייזט. היינט איז דאָרטען פון זיי שוין לאַנג קיין שריד ופליט ניטאָ.

אַרום סאָקקאָראָ האָבען דיא שפּאַניער געפאַנגען פיער אינדיאַנער און זיי געפרעגט וואו עס געפינט זיך נאָך אַ דאָרף. זיי האָבען אַלע געענטפערט, אַז זיי ווייסען ניט. ערשט ווען מען האָט איינעם פון זיי פערברענט לעבעדיגערהייט, האָט איינער פון דיא אַנדערע דריי אויסגע־זאָגט, אַז צוויי טעג רייזע פון סאקקאָראָ געפינט זיך קאַפּאַטשיקווי.

ווען מען איז ענדליך געקומען נאָך קאַפּאַטשיקווי, האָט דע סאָטאָ'ן בעגעגענט אַן אַלטער אינדיאַנער. „קומסט אויף מלחמה אָדער אויף שלום ?" האָט דער זקן געפרעגט. „אויף שלום !" האָט געענטפערט דער גובערנאַטאָר. „גוט, איך וועל לאָזען וויסען אונזערע עלסטע." מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיך געבייגט איין מאָל צו מזרח, איין מאָל צו מערב און איין מאָל צו דע סאָטאָ'ן, און איז פערשוואונדען.

שפּעטער אַ ביסעל איז ערשיענען אַ מאַסע אויסגעפּוצטע און אויסגעפּארבטע אינדיאַנער, וועלכע האָבען מיט פּאַראַד אויף אַ נאַ־סילקע געטראָגען אַ שעהנע יונגע אינדיאַנער מיידעל. דאָס איז געווען זייער עלסטע. דע סאָטאָ האָט איהר אויך בעגעגענט מיט פיעל צע־רעמאָניע. ער איז געזעסען אויף אַ בעגולדעטען שטוהל, אין העל־קאָ־לירטע קליידער מיט בליסטשענדע בעפּוצונגען, און ארום איהם איז גע־שטאַנען אַן אויסגעפּוצטע סוויטע. דיא עלסטע האָט גערעדט פריינד־ליך, און דע סאָטאָ האָט איהר אָבגעגעבען „דאַמען־רעכט", כלומרשט אזוי וויא זיא וואָלט געווען אַ פּרינצעסין. רעדענדיג, האָט זיא זיך גע־שפּיעלט מיט אַ שנור פּעריל, וועלכער איז געווען דריי מאָל ארומגעוויי־קעלט ארום איהר האַלז און איז אראָבגעהאַנגען איבער איהר ברוסט. דערנאָך האָט זיא דאָס אראָבגענומען פון זיך און דערלאַנגט אָ ר ט י ז'ן, דעם דאָלמעטשער, אז ער זאָל דאָס געבען דע סאָטאָ'ן. דע סאָטאָ האָט איהר געהייסען זאָגען, אז ער וואָלט וועלען האָבען דיא עהרע דיא מתנה צו ערהאַלטען פון איהרע הענט. זיא האָט שעמעוודיג געענטפערט,

אז דאָס פּאַסט ניט, אָבער ווען דע סאָטאָ איז צוגעשטאַנען, האָט זיא דעם שנור פּעריל איהם ארויסגעוואָרפען אויפ׳ן האַלז און דערביי זיך צולאַכט; און ער האָט זיך גענייגט וויא אַ קאַוואַליער און איהר אָנגע־טהאָן אַ גילדערנעם פינגערעל אויף א פינגער.

דער געגענד איז געווען זעהר אַ גוטער, מיט פרוכטבאַרע פעלדער, מיט פעטע לאָנקעס, מיט מאַסען פּעריל אין דיא טייכען, מיט אַלער־ליי ניס, און פוטער־טראָגענדע חיות אין דיא וועלדער. אָבער קיין גאָלד־מינען זיינען דאָרטען ניט געווען. מען האָט געבראַכט אַ געלען מעטאַל פון ערגעץ־וואו ניט ווייט פון דאָרטען; דאָס איז אָבער געווען קופּער.

דער פּלאַץ איז געווען וויא געבאָרען פאַר אַ קאָלאָניע; פיעלע פון דיא אויסגעמוטשעטע וואנדערער האָבען דאָ טאַקי געוועלט זיך בעזעצען, זיך אויסקלייבען שעהנע אינדיאַנישע מיידלעך אַלס פרויען, און גרינדען זיך דאָ אַ היים. אָבער דע סאָטאָ האָט ניט געוועלט הערען דערפון. ער האָט זיך אריינגענומען אין קאָפּ, אַז ער מוז געפינען גאָלד, אַז ער מוז זיך פערגלייכען אין ערפאָלג מיט פיזאררא׳ן, און קיין זאך אין דער וועלט איז ניט אין שטאַנד געווען איהם צו בויגען.

דיא „פּרינצעססין“, וויא ער האָט גערופען דיא שעהנע אינדיאַ־נערקע, האָט אַלץ ארויסגעוויזען דיא גרעסטע גאַסט־פריינדליכקייט צו איהם. זיא האָט איהם געגעבען הייזער צו וואוינען, געלאָזט אויפשטע־לען פּאַלאַטקעס פאר זיינע סאָלדאַטען, געטהאָן אַלץ וואָס ער האָט גע־וואונשען. זיא האָט איהם זאָגאַר ערלויבט צו פערשוועכען דיא קברים־הייזער, אראָבצונעהמען דיא מאַסען פּעריל און פוטערנע בע־פוצונגען פון דיא טוידטע קערפּערס. און זיינע שפּאַניער האָבען דורכ־געזוכט יעדען קבר און בעראַבעוועט יעדען מת. אָבער דאָס אַלץ האָט איהם ניט צופריעדען געשטעלט. ער האָט זיך צוגעגרייט צו מאַרשירען ווייטער — ווייטער צו זוכען אַ צווייטע פּערו.

דערביי האָט ער דיא „פּרינצעססין“ פאַר איהר גאַסט־פריינדליכ־קייט אָבגעצאָהלט מיט דעם, וואָס ער האָט איהר מיטגענומען אַלס גע־פאַנגענע. ער האָט געהאַט זיין כלל: אומעטום מיטצונעהמען דעם עלסטען אַלס אַ גאַראַנטיע, אז אויפ׳ן וועג וועלען דיא אינדיאַנער פון זיין שבט דיא שפּאַניער קיין שלעכטס ניט טהאָן. דאָ האָט ער אָבער ניט אויפגעהערט צו שפּיעלען זיין קאָמעדיע מיט דער יונגער אינדיאַ־

נערקע. ער האָט איהר אַלץ אָבגעגעבען „קעניגליכע דאַמען־רעכט“ ; ער האָט איהר געהייסען טראָגען טראַגען אויף אַן אויסגעפוצטע נאַסילקע ; ער האָט איהר ארומגערינגעלט מיט איהרע „קאַמער־פריילינס“. אין איהר האָט דאָס אָבער ניט פערטויבט דעם פאַקט, אז זיא איז א געפאַנגענע, און זיא האָט זיך אין גאַנצען געענדערט. אַן אָנגעכמורעטע, אַ פער־צרה'טע, אַ בייזע איז זיא געזעסען אויף איהר נאַסילקע און כמעט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט.

מען האָט איהר שטרענג בעוואַכט, פון איהר דיא אויגען ניט אראָבגעלאָזען. אָפט איז אויסגעקומען איהר דערביי צו פערשעהמען. דאָס האָט אָבער דיא וועכטער ניט אָבגעהאַלטען.

דריי הונדערט מייל האָט מען אַזוי אָבגעמאַרשירט. דע סאָטאָ האָט געשטרעבט אין צפון־זייט, און דערנאָך אין צפון־מערב זייט דורך דעם היינטיגען שטאַאט ד ז ש אָ ר ד ז ש י א. ער האָט אַליין ניט געוואוסט וואוהין ער געהט. ער האָט נור געוואוסט, אז ער זוכט אַ לאַנד פון אוצרות. ער האָט איינפאַך קיין מוטה ניט געהאַט אויפצוגעבען דיא אונטערנעהמונג. פון זיין וואונש איז געוואָרען אַ בייזער קאַפּריז.

איין מאָל, ווען דיא ארמיי איז דורכגעגאַנגען דורך אַ געדיכטען וואַלד, האָט דיא „פרינצעססין“ פלוצלונג אַ שפרונג געטהאָן פון איהר „קעניגליכען שטוהל“ און איז פערשוואונדען געוואָרען צווישען דיא בוימער, און איהרע רויט־הויטיגע „קאַמער־פריילינס“ — מיט איהר צו־זאַמען.

עס איז געוואָרען אַ ליאַרם, אַ געפּילדער, אַ זוכעריי. אָבער מען האָט דאָ געהאַט צו טהאָן מיט א פרינצעססין פון אַזאַ זאָרט, וואָס פיהלט זיך אין אַ וואַלד וויא אַ פיש אין וואַסער. עס איז געווען אַן עבירה דיא ארבייט. מען האָט איהר ניט געפונען. מען האָט געמוזט געהן ווייטער אָהן איהר. דע סאָטאָ'ן האָט דאָס שטאַרק פערדראָסען, אָבער נאָך שטאַרקער פערדראָסען האָט איהם דאָס וואָס אַנטלויפענדיג האָט זיא מיטגענומען אַ קעסטעלע מיט דיא שעהנסטע און בעסטע פער־ריל — דיא איינציגע פעריל, וואָס זיינען ניט געווען מעהר אָדער ווע־ניגער פערדאָרבען.

ער איז דאַן געגאַנגען דורך דעם היינטיגען שטאַאט אַלאַבאַמאַ. ער איז געגאַנגען צו דרום־מערב צו אום צוצוקומען צו דעם פענאסקאָלאַ האַפען, וואו אויף איהם האָבען געוואַרט זיינע שיפען. אויפ'ן וועג האָט ער

בעגעגענט פערשיעדענע שבטים פון דיא זאַ־געגאַנטע טשאַקטאַ אינדיאַנער. ער האָט זיך געפּרופט צו׳חנפ׳ענען צו איינעם פון זייערע עלסטע, — צו אַ הויכען, ריעזיגען שטאַלצען יונג מיט׳ן נאָמען טוס־קאַלוזאַ, וועלכער האָט אין יענע געגענדען געהאַט אַ שם פאר א גע־פעהרליכען מלחמה־מענשען. דער גובערנאַטאָר האָט איהם אָנגעטהאָן אַ לאַנגען העלל־רויטען מאַנטעל און איהם ארויפגעזעצט רייטענדיג אויף אַ פערד. דאָס איז דעם שטאָלצען אינדיאַנער זעהר געפעלען גע־וואָרען, און ער איז מיטגעריטען מיט דיא שפּאַניער מיט פראַנטאָווסקע וואזשנעקייט. מיר זאָגען, אז דע סאָטאָ האָט געפּרופט זיך צו־חנפ׳ענען צו איהם. איינגעגעבען האָט זיך דאָס איהם ניט. דיא שטאָלץ און קאָקעטסטוואָ, מיט וועלכע דער האַלב־ווילדער ריעז האָט זיך גע־טוליעט אין דעם שפּאַנישען רויטען מאַנטעל און איז געזעסען אויף דעם שפּאַנישען פערד, האָט איהם ניט געשטערט צו בויען פּלענער, וויא אַזוי דיא ווייסע אריינצושלעפען אין אַ פּאַסטקע, זיי אומצוברענגען און צוצונעהמען אַלע זייערע פערד מיט אַלע זייערע שעהנע מאַנטלען. דע סאָטאָ האָט געמיינט, אַז דער רויט־הויטיגער גבור איז זיין געפאַנגע־נער, און דער רויט־הויטיגער גבור האָט געמיינט, אז ער פיהרט דעם ווייסען קאָמאַנדיר אין געפאַנגענשאַפט.

עטליכע טעג האָבען זיי אַזוי געריטען, יעדער מיט זיינע געדאַנקען. דער געגענד איז געוועזען געדיכט בעפעלקערט, מיט פיעלע דערפער און שטעדטלעך. וועהרענד טוסקאַלוזאַ האָט אַזוי פריינדליך מיטגערייזט מיט דע סאָטאָ׳ן, האָבען זיך זיינע רויט־הויטיגע קעמפפער פון אַלע זיי־טען געקליבען אין איין פונקט — אין דער שטעדטעל מאָווילאַ, דיא היינטיגע מאָביל (אַלאַבאַמאַ), ביי דעם ברעג פון דעם מאָביל בעי, וועלכער איז אַ טייל פון דעם מעקסיקאַנישען ים־בוזים. פון דאָרטען ביז דעם פענסאקאָלאַ האפען איז ווענינער וויא 100 מייל, און דיא שפּאַניער האָבען זיך געריכט, אז באלד וועלען זיי האָבען גרוסען פון קובאַ, שפּאַנישע שפּייז און שפּאַנישע ווײן. זיי האָבען אָבער אַ טעות געהאַט.

מאָווילאַ האָט ענטהאַלטען ביי אַכציג גרויסע, קאָמוניסטישע הייזער, אין יעדע פון וועלכע עס איז געוועזען פּלאַץ גענוג פאר עטליכע הונדערט מאַן, און אַלע צוזאַמען זיינען זיי געוועזען ארומגערינגעלט מיט אַ דיקען, הויכען פּארקען פון קלעצער. אין יעדער פון ריעזע הייזער

זיינען איצט געווען פערבאָרגען אזוי פיעל זעלנער וויפיל עס האָבען אין זיי נור געקענט אריינגעהן.

ווען דע סאָטאָ איז מיט טוסקאַלוזאַ'ן צוגעקומען צום דאָרף, האָט דער ריעז פלוצלונג אראָבגעוואָרפען פון זיך דיא מאַסקע. מיט גאוה וויקלענדיג ארום זיך דעם רויטען מאַנטעל, האָט ער צו דע סאָטאָ'ן געזאָגט: „איך וויל פון דיר מעהר ניט וויסען", און איז אריין אין איינע פון דיא בעפעסטיגטע הייזער.

ער האָט געגעבען דעם סיגנאַל, און מיט אַ גרילצענדען, פערטוי־בענדען געשריי זיינען וויא דיא היישעריקען ארויסגעפלויגען טויזענ־דער קעמפפער. עס איז פאָרגעקומען איינע פון דיא בלוטיגסטע שלאַכ־טען, וואָס שפּאַניער האָבען ווען עס איז בעקומען פון אינדיאַנער. דיא קאַוואַלעריע האָט נאָך ניט פּאָספּייעט צוצוקומען, און קיין הארמאַטען האָט דע סאָטאָ איצט ניט געהאַט. פון דער אנדערער זייט ,האָבען זיך דיא אינדיאַנער אויסגעלערענט צו שיסען מיט זייערע פיילען אין אזעל־כע ערטער, וועלכע זיינען ניט געווען בעפּאַנצערט. אַכציג שפּאַניער זיי־נען געפאַלען טוידט און אַ פיעל גרעסערע צאָהל איז פערוואונדעט גע־וואָרען. פערד האָט דיא ארמיי דאָ פערלאָרען פערציג. צווישען דיא טוידטע זיינען געווען דע סאָטאָ'ס צוויי פּלעמעניקעס, — דער אויבענ־דערמאָנטער און נאָך איינער. דע סאָטאָ אַליין האָט בעקומען אַ וואונד אין פוס; אָבער דאָס האָט איהם ניט צוריקגעהאַלטען פון שלאַכט, און ענדליך האָט ער מיט זיין אייראָפּעאיש בעוואַפענטע און בעפּאַנצערטע חיל פּאָרט געהאַט אַ זיעג. דיא אינדיאַנער האָבען זיך געכאַפּט בעשיי־צען הינטער זייער דיקע וואַנט. דיא ווייסע האָבען זיך אָבער אריינגע־בראָכען און מיט זייערע שווערדען און שפּיזען האָבען זיי באַלד אָנ־געלייגט בערג מיט טוידטע אָדער האַלב־טוידטע. דערנאָך האָבען זיי אָנגעצונדען דיא גרויסע הייזער, און פיעלע הונדערטע זיינען פערברענט געוואָרען אָדער דערשטיקט געוואָרען פון רויך.

דער זיעג האָט דע סאָטאָ'ן אָבער געקאָסט אזוי טהייער, אַז ער איז ביי זיך אין גאַנצען אראָבגעפאַלען, און פאַר פערצווייפלונג איז ער נאָך קאַפּריזנער געוואָרען. דיא אַרמיי האָט פערלאָרען איהר געדולד. מען האָט זיך גענומען איילען צו דערגרייכען פענסאַקאָלאַ און זיך אומצו־קעהרען נאָך קובאַ; און דאָס האָט איהם אזוי דערצאָרענט, אַז פאַר

כעס האָט ער געענדערט זיין מאַרשרוט און זיך וויעדער אוועקגעלאָזען צו צפון צו, דאָס הייסט אַלץ ווייטער אוועק פון ברעג און פון דיא האַפענס, אַלץ ווייטער אוועק פון קובאַ. וואוהין ער מאַרשירט, האָט ער נאַטירליך אַלץ ניט געוואוסט; ער האָט מאַרשירט פון סטירדעס, אויף להכעיס זיין אַרמיי און זיך אַליין. צווייטענס, וואָלט ער בעסער פערלירען זיין לעבען אין דער וויסטענים איידער קומען צוריק מיט ליידיגע הענד.

ווען ער האָט זיך אָבגעשטעלט אין אַ דאָרף אויף ווינטער, זיינען אָנגעפאַלען דיא דאָרפסלייט. זיי האָבען גענומען שיסען, שלאָגען מיט זייערע שטיינערנע העק, און אַחוץ דעם האָבען זיי אָנגעצונדען דיא הייזער, אין וועלכע דיא שפּאַניער האָבען געוואוינט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז עס זיינען אומגעקומען נאָך פופציג שפּאַניער מיט נאָך פופציג פערד. דערצו נאָך האָט דער פייער דיא אַרמיי איבערגעלאָזען אָהן קוואַרטירען און כמעט אָהן קליידער און אָהן שפּייז. מען איז שיער ניט פערפראָהרען געוואָרען און שיער פון הונגער ניט אויס־געשטאָרבען.

און דיא אינדיאַנער האָבען זיי אַלץ ניט געלאָזען צו רוה.

פון אַ געוויסען גראָז האָבען דיא וואַנדערער אויסגעפלאָכטען קאָלדרעס, וויא עס איז דורכגעלעבט ביז פריהלינג, און דאַן כמעט נאַקעטערהייט האָבען זיי פאָרטגעזעצט זייער ציעללאָזע, זינלאָזע רייזע.

אויף דעם טייך י אַ ז ו, וועלכער פאַלט אַריין אין דער מיססיססיפּפּי, האָט דע סאָטאָ וויעדער געהאַט אַ שלאַכט מיט אינדיאַ־נער. פון דאָרטען איז ער געגאַנגען ווייטער, אַלץ צו צפון צו. נאָך אַכט טעג רייזע איז ער צוגעקומען צו אַ גרויסען טייך, וואָס האָט געהאַלטען נאָהענט פון אָנדערהאַלבען מייל אין דער ברייט. זיין שטראָם איז געלאָפען מיט אַ ווילדע רוישענדע האַסט און ער האָט אויף זיך געטראָגען גרויסע אויסגעריסענע בוימער און מאַסען אַנדערע געהילץ. דאָס אַלץ האָט עדות געזאָגט וועגען דיא אונגעהייערע קראַפט פון זיין אימפּעט און וועגען דיא ווייטקייט פון וועלכע ער האָט זיך געצויגען. דיא דאָרטיגע אינדיאַנער (דיא „טשיסקאָס"), האָבען דיעזען טייך גערופען ט ש ו ק אַ ג י אַ. דע סאָטאָ האָט איהם אָבער אַ נאָמען געגעבען ר י אָ ג ר אַ נ ד אַ (גרויסער טייך). מיססיססיפּפּי (דער פאָטער פון

טייכען) האָבען איהם גערופען דיא אינדיאַנער פון אַנדערע געגענדען.*)

אויף מאָרגען, וועהרענד דיא וואַנדערער האָבען גערוהט ביין ברעג, זיינען איבער'ן טייך צו זיי צוגעשוואומען צוויי הונדערט קאַנאָס מיט בעוואַפענטע אינדיאַנער. דיא געזיכטען און לייבער זיינען ביי זיי געווען געפאַרבט און זיי האָבען געטראָגען גרויסע פיעל־קאָלירטע בינטלעך פעדערען. אויך האָבען זיי געטראָגען פעדערנע שילדען, וועלכע זיי האָבען געהאַלטען איבער דיא, וואָס האָבען געאַרבייט ביי דיא וויאָסלעס. זיי האָבען דיא ווייסע געבראַכט אַ סך פיש און אַנדערע שפייז, אָבער ווען דע סאָטאָ האָט זייער עלסטען איינגעלאַדען צו זיך, האָט ער זיך ענטזאַגט און איז מיט זיינע קאַנאָס אָבגעשוואומען צוריק. עטליכע שפּאַניער האָבען דאַן אויסגעשאָסען און גע'הרג'עט פינף פון דיא אינדיאַנער. דיא איבעריגע זיינען אָבער געבליבען רוהיג און זיינען אוועקגעשוואומען אין דער בעסטער אָרדנונג.

דיא שפּאַניער האָבען אויפגעבויט פיער שיפלעך און אין אַ פּאָר טעג אַרום זיינען זיי אַלע אַריבערגעשוואומען אויף יענער זייט טייך. דאָס איז געווען אין מאַי 1541. דאָרטען זיינען געשטאַנען עטליכע טויזענד געזונטע הויכע אינדיאַנער, מיט שילדען פון בופפעל־אָקסענע פעל. זיי האָבען געשריען און געשאָסען מיט אַלע כחות. זעהענדיג אָבער, אַז דיא שיפלעך שטעלען זיך ניט אָב, האָבען זיי ענדליך זיך צוריקגעצויגען.

ווען דיא ווייסע האָבען דערגרייכט יענעם ברעג (דעם מערב ברעג) פון דער מיכסיססיפּפּי, האָבען זיי דיא שיפלעך צובראָכען און דיא טשוועקעס מיט דיא ריגלען בעהאַלטען אויף אַן אַנדערס מאָל.

דער געגענד איז געווען אַ פרוכטבאַרער, מיט פיעלע דערפער, און מען האָט זיי דאָ גוט אויפגענומען. דער דאָרטיגער עלסטער האָט דע סאָטאָ'ן געבעטען מתפּלל זיין צו זיין גאָט וועגען רעגען, — האָט דער גובערנאַטאָר געהייסען אויפשטעלען אַ גרויסען צלם. ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען, האָט דיא גאַנצע אַרמיי זיך געשטעלט אויף דיא

---

*) פינעדא (זעה אויבען זייטעל 657) האָט איהם גערופען עספּיריטו סאַנטאָ — דעם זעלבען נאָמען וועלכען דע סאָטאָ האָט געגעבען דעם טאַמפּאַ האַפען. היינט רופט מען דיא גראַנדע אַן אַנדער טייך, וועלכער איז דער גרעניץ צווישען היינטיגע יונייטעד סטייטס און מעקסיקאָ.

קניע און גענומען זינגען א קאטוילישע תפילה; ארום און ארום זיינען געשטאנען מאסען אינדיאנער וויא דיא בעצויבערטע און געקוקט וויא דיא וואונדערבארע בעשעפעניסען בעטען צו זייער גאָט.

דע סאָטאָ האָט זיין ארמיי ווייטער געשלעפּט. אין א פלאץ מיט'ן נאָמען ט ו ל א האָט ער ווידער געהאט צו קעמפּפען. ווידער איז געפאלען א היבשע צאָהל שפּאניער. דער גובערנאטאָר האָט געפאנגען זעקס אינדיאנער און זיי אוועקגעלאָזען מיט אָבגעשניטענע נעזער און אָבגעשניטענע רעכטע הענד. אין דריי טעג ארום זיינען צו איהם געקומען שלוחים, איהם געפאלען צו דיא פיס מיט מתנות, געוויינט און געיאָמערט און געבעטען פערצייהונג.

אכציג מייל פון טולא האָט דיא ארמיי זיך אָבגעשטעלט אויף ווינטער. דאָרטען איז געשטאָרבען י ו א ן אָ ר ט י ז, און דע סאָטאָ איז געבליבען אָהן א דאָלמעטשער. פון דעם איז ער נאָך מעהר אראָבגע־פאלען ביי זיך. מען האָט זיך קוים מיט דיא אינדיאנער צוזאמענ־גערעדט.

מען האָט זיך דערשלעפּט צו א פלאץ אויף דעם טייך מיססיס־סיפּפּי, א מייל דריי הונדערט פון דער היינטיגער שטאָדט סט. לואיס. ווען דע סאָטאָ האָט געשיקט זאָגען דעם דאָרטיגען עלסטען, אז ער איז א קינד פון דער זון און אז ער לאדעט איהם איין צו זיך, איז יענעם'ס אנטוואָרט געווען: „זאָל ער ווייזען אז ער קען פועל'ן ביי דער זון אז זי זאָל אויסטריקענען דעם טייך; דאן וועל איך גלויבען, אז דיא זון איז זיין פאָטער“.

דעם אנטוואָרט האָט דע סאָטאָ שוין ניט געקענט ערהאלטען. ווען דיא שלוחים זיינען געקומען צוריק, איז ער געלעגען שטארק קראנק פון מאלאריא פיבער.

אויף מאָרגען (דעם 21טען מאי 1542) איז ער געשטאָרבען.

זיין קערפּער האָט מען צוערשט בעגראָבען. מען האָט אָבער מורא געהאט טאָמער גראָבען דיא אינדיאנער אויף דעם קבר, און דערזעהען, אז דער גובערנאטאָר איז ניט אונשטערבליך. דאן וואָלטען דיא שפּאניער אראָבגעפאלען אין זייערע אויגען און זיי וואָלטען געווען אין געפאהר. אלזאָ האָבען דיא שפּאניער אליין אויסגעגראָבען דעם מת און ביינאכט האָבען זיי איהם אויף א לאָדקע ארויסגעפיהרט אויפ'ן מיטען טייך און אראָבגעלאָזען מיט א משא צום גרונט.

ווען דיא אינדיאַנער האָבען געפרעגט, וואו דער גובערנאַטאָר איז, האָט מען זיי געענטפערט, אַז ער איז אַרויף אויפ'ן הימעל. זיי האָבען אָבער ניט אין גאַנצען געגלויבט.

דעם ווינטער האָבען דיא שפּאַניער דאָ פערבראַכט ניט שלעכט, וואָרים דיא אינדיאַנער האָבען געוואוסט, אַז באַלד וועלען זיי פון זיי פּטור ווערען. ווען עס איז געוואָרען פריהלינג, האָט דיא אַרמיי זיך גענומען גרייטען צום אָבפאָהרען. איצט האָט זיך ניט געהאַנדעלט בלויז אום אַריבערשיפען זיך איבער דער ברייט פון דער מיססיססיפּפּי; מען האָט בעדאַרפט פאָהרען ביי פיער הונדערט מייל איבער'ן טייך און דערנאָך איבער'ן ים. עס האָבען זיך געפאָדערט פיעל גרעסערע און שטאַרקערע שיפען. מען האָט זיך אַלזאָ גענייטיגט אין פיעל מעהר טשוועקעס, ריגלען א. ז. וו., וויא מען האָט געהאַט. אַלזאָ האָט זיך דאָ וויעדערהאָלט דיא געשיכטע וואָס מיר האָבען שוין אַ פּאָר מאָל געזעהן: פון דיא צוימען פון פערד, פון דיא שפּאָרעס פון דיא רייטער, פון דיא צוסטשערבעטע שווערדען, פון אַלטע ביקסען האָט מען אויסגעשמידט דיא פערשיעדענע זאַכען וואָס מען האָט געדאַרפט האָבען צו דער אַרבייט. דיא רויט־הויטיגע קנעכט וועלכע מען האָט מיטגעפיהרט אַלס דיענער און טרעגער, האָט מען איצט געמוזט אַוועקלאָזען, איינפאַך אום מען זאָל צוליעב זיי ניט דאַרפען בויען מעהר שיפען און ניט זיין געצוואונגען זיי קאָרמענען אויף דיא שיפען. אַלזאָ האָט מען געהאַט נאָך אייזען אויף טשוועקעס און אויף ריגלען — דיא קייטען וואָס מען האָט פון זיי אָראָבגענומען.

דיא שיפען זיינען אָבגעפאָהרען דעם 2טען יולי 1543.

מאָסקאָסאָ, דער נייער שפּאַנישער קאָמאַנדיר, האָט פאַר'ן אַוועקשווימען ערוועקט דיא ראַכע־דורשט פון דיא אינדיאַנער מיט דיא פאָלגענדע מערדעריי: כאַפּענדיג ביי זיך אין לאַגער דרייסיג רויט־הויטיגע שפּיאָנען, האָט ער זיי אַלעמען אָבגעשניטען דיא הענד. ווען דיא שפּאַניער זיינען איצט געשוואומען איבער'ן גרויסען טייך, זיינען דעריבער אויף זיי אָנגעפאַלען מאַסען קאַנאָס. עס איז פאָרגעקומען אַ שרעקליכע שחיטה, אין וועלכע אַכט און פערציג שפּאַניער זיינען געטוידטעט געוואָרען פון שפּיעזען און פיילען אָדער דערטרונקען

געוואָרען, און כמעט יעדער פון די איבעריגע איז פערוואונדעט געוואָרען.

עטליכע טעג שפעטער, ווען דיא ווייסע האָבען זיך אָבגעשטעלט פאַשען דיא פערד ביין ברעג, איז אָנגעפאַלען א נייע מחנה. דיא שפאַניער אַליין האָבען זיך וויא עס איז געראַטעוועט, אַנטלויפענדיג אין זייערע שיפען. אָבער פון דיא שיפען האָבען זיי געמוזט צוקוקען וויא מען הרג'עט אויס אַלע זייערע פערד, אָהן וועלכע זיי זיינען אויף דער יבשה געוועזען הילפלאָז. ווען זיי וואָלטען געהאַט פולווער, וואָלטען זיי געשאָסען פון וויטען. אָבער יעדער ברעקעל פולווער איז פערברענט געוואָרען אין מאָווילא. און זייערע שווערדען זיינען אויך געווען קאַליע. קורץ זיי האָבען כמעט ניט געהאַט קיין בעסערע געוועהר וויא דיא אינדיאַנער, און ווען יענע האָבען זיי ווידער אַטאַקירט, זיינען ווידער געפאַלען עטליכע צעהנדליג ווייסע.

ווען זיי האָבען ענדליך דערגרייכט דעם ים, האָט א שטורם צוטהיילט דיא שיפען און שיער זיי ניט דערטרונקען. צוויי מאָנאַט האָט געדויערט איידער זיי זיינען צוגעקומען צו אַ מעקסיקאַנישען האַפען. דיא דאָרטיגע שפאַניער זיינען ערשטוינט געוואָרען קוקענדיג אויף זיי. פון דיא גרויסע, גלענצענדע אַרמיי איז געבליבען וועניגער וויא אַ העלפט — צרה'דיגע פערוואַקסענע מענשען געקליידט אין דיא פעל פון חיות. (וויא דער לעזער געדענקט, האָבען אין אַן ענגליכען צו־שטאַנד מיט אַ יאָהר פריהער זיך אומגעקעהרט פון דעם אַמאַזאָן־טייך נאָך קוויטאָ גאָנזאַלאָ פיזאַררא און זיין קאָמפּאַניע).

איזאַבעללאַ, דע סאָטאָ'ס פרוי, האָט נאָך אַלץ ניט געוואוסט אַז איהר מאַן איז טוידט. זיא האָט שוין דריי עקספּעדיציעס אַרויסגעשיקט איהם זוכען, און דיא דריטע איז נאָך צוריק ניט געקומען. זיא האָט זיך אָבער באַלד דערוואוסט, און פון האַרץ־קלעמענים איז זיא קראַנק געוואָרען און אין קורצען געשטאָרבען.

מיר האָבען שוין געזאָגט אַז דע סאָטאָ'ן רופט מען געוועהנליך ענטדעקער פון דער מיססיססיפּפּי, הגם פינעדאַ האָט דעם טייך בעזוכט מיט 23 יאָהר פריהער. יעדענפאַלס איז דע סאָטאָ געווען דער ערשטער, וועמעס שווימען איבער דער מיססיססיפּפּי איז פערצייכענט געוואָרען אַלס אַ היסטאָרישער פאַקט מיט דייטליכע איינצעלהייטען, און פון דריי פון זיינע מיטרייזענדע זיינען געבליבען בעשרייבונגען וועגען דעם

וואָס מיט זיין אַרמיי איז דאָרטען פאָרגעקומען, פון זיינע לעצטע טעג דאָרטען און פון זייער שווימען איבער דער מיססיססיפפּי ביז'ן ים. דאָס וואָס דיא מיססיססיפפי איז געוואָרען זיין קבר, האָט נאָך טיעפער געמאַכט דעם איינדרוק, האָט נאָך ענגער פערבונדען זיין נאָמען מיט דעם נאָמען פון דעם גרויסען אַמעריקאַנער טייך.*)

*) דע סאָטאָ איז געשטאָרבען ניט ווייט פון דער היינטיגער שטאָדט מ ע מ־פ י ס, טעננעססי. זיינע מיטרייזענדע זיינען פון דאָרטען געשוואומען מיט'ן שטראָם, דאָס הייסט צו דרום צו, ביז'ן ים, וואו היינט געפינט זיך דיא שטאָדט נ י ו־אָ ר ל י ע נ ס. פון וואַנען דער טייך ציהט זיך און וויא לאַנג ער איז, האָט מען א לאנגע צייט קיין בעגריעף ניט געהאט. אין 1673, דאס הייסט 131 יאָהר נאָך דע סאָטאָ'ס טוידט, האָבען צוויי פראַנצויזישע רייזענדע, ד ז ש אָ־ל ע ט (זשאָליע) און מ אַ ר ק ע ט ט אָנגעהויבען צו פאָרשען דעם זעלבען טייך פון דער אַנדערער זייט, פון צפון זייט. זיי האָבען דאָרטען ניט געוואוסט וויא ווייט ער געהט אין דרום (אין דיא סויטה). זיי האָבען אפילו ניט געוואוסט דייטליך אַז דאָס איז דער זעלבער טייך, וואָס דע סאָטאָ האָט ענטדעקט. זיי זיינען איבער איהם געשוואומען צו דער סויטה (מיט'ן שטראָם) ביז זיי האָבען דערגרייכט דעם אָרט, וואו אין איהם פאַלט אַריין דער טייך אַ ר ק אַ נ ז אַ ס, דאָס הייסט אַז זיי זיינען דורכגעגאַנגען דעם אָרט, וואו דע סאָטאָ איז געשטאָרבען, און זיינען געשוואומען אַ שטיקעל ווייטער. ניין יאָהר שפּעטער איז אַן אַנדער פראנצויז, לאַ סאַלל, איינער פון דיא מוטהיגסטע פאָרשונגס־רייזענדע אין דער געשיכטע פון אַמעריקא, גע־שוואומען איבער דער מיססיססיפּפּי ביז איהר סאַמע מויל. דיא פראנצויזען זיינען דאַן געווען טהעטיג אין גרינדען קאָלאָניעס אין אַמעריקא (קאַנאַדאַ, וועלכע זיי האָבען קאָלאָניזירט, האָט דאַן בעלאַנגט צו זיי); אַלזאָ האָט דאָס, וואָס זיי האָבען אויסגעפאָרשט דיא מיססיססיפּפּי, זיי געמאַכט פאר דיא בעלי־בתים איבער דעם גאַנצען געגענד ארום דעם טייך, און דאָס הייסט איבער אַ גרויסע טהייל פון דיא היינטיגע פעראייניגטע שטאַאטען, וואָרים דיא מיס־סיסיפּפּי געהט דורך כמעט דיא גאַנצע ברייט פון דיא פעראייניגטע שטאַאַ־טען פון צפון צו דרום (פון צפון מיננעסאָטאַ ביז דעם דרום ברעג פון לואיזיאַנאַ).

לאַ סאַלל האָט דאָס געגרינדעט לואיזיאַנאַ. ער האָט איהר אַ נאָמען גע־געבען נאָך דעם דאמאָלסדיגען קעניג לואי (לואיז) דעם 14־טען. דער נאָמען

איז אָבער דאַן געגאַנגען אויף אַ פיעל גרעסערען שטח וויא דער היינטיגער שטאַאַט לואיזיאַנאַ.

ווען דיא ענגלישע קאָלאָניעס זיינען שוין געווען אַ רעפּובליק, דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, איז דיא מיססיססיפפי ביז 1803 אַלץ געווען איהר מערב גרענעץ. היינט בעלאַנגט צו דיא פעראייניגטע שטאַאַטען דיא גאַנצע לאַנד פון ביידע זייטען, ביז דעם שטילען אָקעאַן צו מערב און ביז'ן אַטלאַנטישען צו מזרח.

אין דער מיססיססיפפי פאַלען אַריין פיעלע וויכטיגע טייכען, וויא דיא מיזורי, דער אַרקאַנזאַס, דער רעד ריווער, דער וויסקאָנסין, דער איללינאָי, דער אָהייאָ און אַנדערע. דער טייך מיזורי איז אַזוי לאַנג, אַז ווען מען זאָל איהם רעכענען פאַר דיא פאָרטזעצונג פון דער מיססיססיפפי, וואָלט דאָס צוזאַמען געווען דער לענגסטער טייך אין דער וועלט. אַזוי איז דער אַמאַזאָן פון זיד אַמעריקאַ דער לענגסטער. דיא מיססיססיפפי האַלט 2553 מייל. ווען מען זאָל אָבער אַלס איהר אָנהויב רעכענען דעם אָנהויב פון דער מיזורי (און געלעהרטע גלויבען, אַז אַזוי איז ריכטיגער), האַלט זיא 4221 מייל דיא לענג.

אויף דער מיססיססיפפי שטעהען היינט דיא שטעדט סט. פּאול, מיננעאַפּאָליס, סט. לואיס, מעמפיס, וויקסבורג, ניו אָרלינס און פיעלע קלענערע.

דיא מיססיססיפפי און דיא טייכען, וואָס פאַלען אין איהר אַריין ענטהאַלטען אין איינעם איבער 15 טויזענד מייל וואַסער, איבער וועלכע עס קענען געהן שיפען. זיי בעוואַסערען אַ מיליאָן מיט אַ פערטעל קוואַדראַטמייל, מעהר וויא אַ העלפט פון דעם גאַנצען שטח פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, ניט רעכענענדיג דיא בערג.



שיקאגא
טייך
אהייא
טעננעססי
אלאבאמא
דזשארדזשיא
ניו ארליענס
ניו יארק
מעקסיקאנישע
ים בוזים
L.L. POATES ENG. CO., N.Y.




דער טייך מיססיססיפפי

דיא ערשטע רייזעס דורך דיא היינטיגע פעראייניגטע שטאאטען (זיד און וועסט)

דע וואקא'ס רייזע
דע סאָטאָ'ס "
קאָראָנאַדאָ'ס "

XVII.

## דיא ערשטע רייזע אין דער וועסט פון דיא היינטיגע פעראייניגטע שטאַאטען.

זיעבען געהיימניספולע שטעדט. — פריי מאַרקאָס און דער נעגער עסטיוואַן געהען זיי זוכען. — עסטיוואַן'ס טוידט. — מענדאָזאָ שיקט קאָראָנאַדאָ'ן מיט אַן אַרמיי. — קאסטאנעדא'ס בעשרייבונג. — דיא אינדיאנער, וואָס קאָראָנאַדאָ האָט בעגעגענט אויף'ן וועג. — סיבאָלאָ. — מען שילט פריי מאַרקאָס'ען. — אַ בעפעסטיגטער מויער. — קאראנאדא ווערט פערוואונדעט; ער האָט אָבער אַ לייכטען זיעג. — זיין בעריכט צו מענדאָזא'ן. — דאָס לעבען אין סיבאָלאָ. — פּועבלאָ מויערען פאַר פיערהונדערט יאָהרען און היינט. — ז ו נ י. — דיא פּועבלאָ אינדיאנער און דיא אַצטעקען. — „דער טערק" דערצעהלט קאָראָנאַדאָ'ן וועגען אַ לאַנד פון גאָלד. — טיגוע. — דער דאָרטיגער לעבען. — הייראַטה. — קאָמוניסטישער לעבען. — דיא שפּאַניער מאַכען שלום און ברענגען מענשען. — דיא אינדיאנער פערלירען צוטרוי צו דעם וואָרט פון אַ ווייסען. — בעלאַגערונג. — קאָראנאדאָ'ס זיעג. — „באָפּאלאָ פּליינס". — דיא אַפּאַטשעס. — זייער לעבען. — זייערע לאַסט־הינט. — קוויווירא. — קאָראנאדאָ קעהרט זיך אום אין מעקסיקאָ מיט ליידיגען.

דער אויבּען־דערמאָנטער נונעז גוזמאַן, וועלכער האָט פריהער פערפּאָלגט קאָרטעס'ען (זעה אויבען, נאָטיץ אונטער זייטעל 679), האָט פון אַן אינדיאַנער געהערט וועגען זיעבען גרויסע רייכע שטעדט וואָס ליגען פערציג טאָג רייזע צו צפון צו פון מעקסיקאָ. ווען דער אינדיאַנער איז געוועזען אַ אינגעל — האָט ער דערצעהלט — פלעגט דאָרטען זיין פאָטער האנדלען מיט קאָלירטע פעדערען און ער פלעגט פון יענע שטעדט ברענגען מאַסען גאָלד און זילבער. דיא געשיכטע האָט אויף גוזמאַן'ען געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק.

ביי דיא אינדיאַנער פון מעקסיקאָ איז געוועזען אַ גלויבען אַז זיי שטאַמען פון זיעבען הייהלען. ביי דיא שפּאַניער און פּאָרטוגעזען

ווידער איז געווען אַ מעשה וועגען זיבען הייליגע שטעדט וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרען אויף אינזלען אויפ'ן אַטלאַנטישען אָקעאַן. אין דעם 8־טען יאהרהונדערט, ווען דיא אַראַבער האָבען איינגענומען דעם פירענעאישען האַלב־אינזעל, אויף וועלכען עס וואוינען דיא שפּאַניער מיט דיא פּאָרטוגעזען, איז אַ פּאָרטוגעזישער גלח מיט אַ קאָמפּאַניע אַנדערע קריסטען אַנטלאָפען אויף אַן אינזעל אָדער אויף עטליכע אינזלען, און דאָרטען האָבען זיי געגרינדעט זיבען שטעדט. אַזוי איז געווען דיא לעגענדע.*) אַזוי וויא מיט דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן איז מען שוין אין גוזמאַן'ס צייטען געווען גוט בעקאַנט און מען האָט געוואוסט, אַז דיא דערמאָנטע אינזלען זיינען דאָרטען ניטאָ, האָט מען דיא מעשה מיט דיא זיבען שטעדט צונויפגעמישט מיט דיא מעקסיקאַנישע מעשה וועגען דיא זיבען הייהלען; און איצט האָט מען גענומען טראַכטען, אַז אפשר זיינען דאָס גאָר דיא זיבען רייכע שטעדט, וועגען וועלכע דער אינדיאַנער האָט דערצעהלט.

גוזמאַן האָט זיך בעשלאָסען צו מאַכען אַן עקספּעדיציע אום דיא זיבען שטעדט אויפצוזוכען. (דאָס אַליץ איז געווען איידער קאַבעזאַ דע וואַקאַ איז געקומען פון זיין אַכט־יעהריגע נסיעה).

באַלד האָט זיך אָבער פון שפּאַניען אומגעקעהרט קאָרטעס, דער מאַן, וועמען גוזמאַן האָט פערפאָלגט און פיעל שאָדען געטהאָן, און דער פּלאַן איז איהם, גוזמאַן'ען, שוין מעהר אין זינען ניט געלעגען. קאָרטעס איז איצט געקומען מיט זיין טיטול מאַרקיז, אַלזאָ האָט גוזמאַן מורא געהאַט, אַז אוים ראַכע וועט ער איהם פיעל שעדיגען אין זיינע גיטער און אין אַנדערע אינטערעסען.

דערנאָך איז קאַבעזאַ דע וואַקאַ געקומען פון זיין וואַנדערונג און דערצעהלט, אַז אויפ'ן וועג האָט ער געהערט וועגען זיבען שטעדט מיט פינף־עטאַזשנע מויערען. ער האָט דאָס דערצעהלט מ ע נ ד אָ ז אַ'ן,

---

*) אין אונזער ערשטען באַנד, אויף זייטעל 242, ווערט גערעדט וועגען אַ ניט־געשטויגענעם־ניט־געפלויגענעם אינזעל, וואו אַ הייליגער גלח מיט'ן נאָמען ב ר א נ ד אָ ן האָט כלומר'שט פערבראַכט זיבען יאָהר. ווייטער אַ ביסעל אויף דער זעלבער זייטעל שטעהט: „אויך זיינען געווען איינרעדענישען וועגען אַנדערע אינזלען, ווייטער אויף דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן. איינער פון דיעזע אינזלען איז דאָס געווען „דער אינזעל פון זיבען שטעדט.“

דעם וויצע־קעניג פון מעקסיקאָ, און מענדאָזאַ האָט זיך שטאַרק פעראינטערעסירט. די געשיכטע מיט די זיעבען שטעדט איז אַלזאָ בעשטעטיגט געוואָרען — אַזוי האָט דאָס אויסגעזעהן.

אין מעקסיקאָ איז דאַן געווען אַ געבילדעטער, פעהיגער גלח, פ ר י י*) מ אַ ר ק אָ ס, וועלכער האָט אַנטהייל גענומען אין פיזאַרראָ'ס רייזע אין פּערו, — האָט ער זיך איצט אונטערגענומען צו געהן זוכען די זיעבען שטעדט. אַלס איינעם פון זיינע בעגלייטער האָט ער מיטגענומען אונזער בעקאַנטען אַראַבישען נעגער, אָדער מורין, ע ס ט ע װ אַ ן'ען, וועלכער האָט אַרומגעוואַנדערט צוזאַמען מיט קאַבעזאַ דע וואַקאַ'ן.

אויפ'ן וועג האָבען אינדיאַנער עסטעוואַן'ען דערקענט אַלס איינעם פון די פיער וואונדער־דאָקטוירים און צוליעב איהם האָט מען די קאָמפּאַניע אומעטום גוט אויפגענומען. אין איינינע פּלעצער האָט מען איהם געגעבען אַלס מתנה שעהנע רויט־הויטיגע מיידלעך. זיינע אויפפיהרונגען האָבען דעם גלח געעקעלט. ער האָט אָבער אָהן איהם ניט געקענט אויסקומען.

פריי מאַרקאָס האָט באַלד גענומען הערען בעשטימטע נאַכריכטען וועגען זיעבען שטעדט מיט הויכע רייך־בעציערטע מויערען, און פיין־געקליידעטע איינוואוינער. די ערשטע פון דיעזע שטעדט האָט געהייסען ס י ב אָ ל אַ. אַזוי האָט ער געהערט פון אינדיאַנער.

אין דיעזען געגענד אין פּאַראַן אַ סך טירקיזען**), און די אינדיאַנער האָבען עסטעוואַן'ען אַזעלכע עדעלשטיינער געשאָנקען מיט'ן פולען האַנד. פיעלע רויט־הויטיגע זיינען זאָגאַר צוגעשטאַנען צו איהם און מיטגערייזט מיט זיין קאָמפּאַניע. זיי האָבען געגלויבט אַז אונטער דער שוץ פון זיין געטליכע קראַפט וועלען זיי זיין אויסגעהיט פון קריינק און געפאַהר.

אויפ'ן וועג האָבען זיך אַלץ מעהר און מעהר געלאָזט הערען די עשירות און גלאַנץ פון די זיעבען שטעדט.

פריי מאַרקאָס האָט דעם נעגער געלאָזט געהן אַ פּאָר טאָג רייזע

---

*) „פריי" הייסט אַ מאָנאַך, אַ פרוש־גלח.

**) בלאָיע אָדער גרינליך־בלאָיע עדעלשטיינער, וועלכע ווערען געברויכט צו רינגען און אַנדערע ציערונג.

פאַראויס, כדי ער זאָל אומעטום צופערטיגען דיא איינוואוינער צו פריינדליכע פערהעלטניסע מיט ווייסע מענשען. דער נעגער האָט דעריבער דער ערשטער דערגרייכט ס י ב אָ ל אַ. ער האָט ווירקליך געפונען אַ גרויסען מויער פון עטליכע עטאַזש מיט מאַסען וואוינונגען. וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ געביידע, און וואָס אין איהר האָט זיך געטהאָן, האָט ער אָבער קיין מעגליכקייט ניט געהאַט צו זעהן, וואָרים מען האָט איהם אינוויינניג ניט אריינגעלאָזען. מען האָט איהם געהאַלטען אין אַ פּאַלאַטקע פון דרויסען.

דיא איינוואוינער פון דיעזען ריעזיגען מויער זיינען געווען העכער ענטוויקעלט וויא דיא אינדיאַנער וואָס האָבען זיך מיט עסטעוואַן'ען מיטגעשלעפּט. זיי האָבען אין זיין געטליכע מאַכט זיך ניט געאיילט צו גלויבען. זיי איז זיין גאַנצער וויזיט אויסגעקומען קשה. האַלטענדיג איהם אין דער פּאַלאַטקע, האָבען זייערע עלסטע איהם דריי טעג נאָך אַנאַנד אויסגעפרעגט און זיך בעראַטהען וועגען איהם. ער האָט ערקלעהרט, אַז ער קומט פון אַ ווייסען הערשער, וועלכער געוועלטיגט איבער אַ לאַנד פון ווייסע מענשען אויף יענער זייט הימעל, און אַז באַלד וועט קומען אַ ווייסער מאַן דיעזע אינדיאַנער לערנען וועגען דעם, וואָס עס קומט פאָר אין הימעל, — וועגען דעם שעפּפער און הערשער פון דער וועלט. דאָס האָט זיך דיא איינוואוינער פון סיבאָלאַ ניט געגלויבט. זיי האָט זיך עפּעס ניט געלעגט אויפ'ן שכל אַז אַ שוואַרצער זאָל זיין דער פאָרשטעהער פון ווייסע. דערצו נאָך האָט ער אויף זיי געמאַכט אַ מיאוס'ען איינדרוק מיט דעם וואָס ער האָט ביי זיי אויך געבעטען שעהנע פרויען און טירקיזען. וועהרענד זיי האָבען זיך אַן עצה געהאַלטען צו זאָלען זיי איהם אויפנעהמען אַלס אַ מכשף אָדער טוידטען אַלס אַ שפּיאָן, האָט ער געפּרופט אַנטלויפען; און מיט דעם האָט ער זיך אין גאַנצען קאַליע געמאַכט. מכשפים דאַרפען ניט לויפען. עס איז געוואָרען אַ גערעג, אַ געשריי, און מען האָט איהם געשאָסען.

זיינע רויט־הויטיגע אַנהענגער האָט מען געלאָזט געהן (אויסער אַ פּאָר, וועלכע מען האָט פערהאַלטען). ווען פריי מאַרקוס האָט פון זיי זיך דערוואוסט וועגען עסטעוואַן'ס שיקזאַל, האָט ער גלייך גענומען געהן צוריק. אויף סיבאָלאַ האָט ער נור פּאַספּייעט אַ קוק צו טהאָן פון ווייטען פון דעם שפּיץ פון אַ באַרג.

ער איז געקומען צוריק אין קוליאַקאַן אין אויגוסט, 1539 (אין

אלעמען האט ער זיך אבגעזאמט פינף מאנאט). ער האט דערצעהלט וועגען דיא גרויסע שטעדט און וועגען זייערע עשירות.

דעם נעכסטען יאהר האט מענדאזא נאך סיבאלא ארויסגעשיקט אן עקספעדיציע מיט א גאנצע ארמיי (300 שפאנישע רייטער און פוס־סאלדאטען און 800 מעקסיקאנישע אינדיאנער). אלס קאמאנדיר האט ער געשטעלט זיין פריינד פ ר א נ צ י ס ק א ד ע ק א ר א־נ א ד א, וועלכער איז דאן געווען דער גובערנאטאר פון דער וויים־סטער פראווינץ פון מעקסיקא. פריי מארקאס איז אויך מיטגעגאנגען.

דיא ארמיי האט זיך פערזאמעלט אין דער שפאניש־מעקסיקא־נישער שטעדטעל ק א מ פ א ס ט ע ל א. זי האט אוועקמארשירט נאך ק ו ל י א ק א ן, וועלכע איז דאן געווען דיא ווייטסטע שפאנישע קאלאניע אין דעם מעקסיקאנער געגענד, און פון קוליאקאן האט זיא זיך אוועקגעלאזען צו צפון־מערב צו. וועגען דיא ט א ה ו־אינדיאנער וואס זיי האבען דא בעגעגענט שרייבט ק א ס ט א נ ע ד א, איינער פון קאראנאדא׳ס מיטרייזענדע,*) דאס פאלגענדע:

„זיי דיענען געצען און זיינען צו זיי מקריב טוך און טירקיזען. קיין מענשען־פלייש עסען זיי ניט. זיי האלטען ביי זיך זעהר גרויסע שלאנגען, וועלכע זיי דיענען אלס געטליכע בעשעפעניסען. צווישען זיי געפינען זיך מענער, וואס געהען געקליידעט וויא פרויען און וואס הייראטהען אנדערע מענער. אין א געוויסען יום טוב זייערען זיינען זיי „מקדש" דיא פרויען, וואס ווילען בלייבען אונפערהייראטה (דאס הייסט אונפערהייראטה צו א בעשטימטען מאן, און פערהייראטה צו אלע מענער בכלל). אויף דיעזער צערעמאניע זינגט מען און מען טאנצט נאקעטערהייט, און נאך דעם וויא יעדער מאנספארשוין האט געטאנצט מיט דער כלה, פוצען איהר דיא עלסטע אויס מיט באוועלנע קליידער און מיט טירקיזענע בראסלעטען און מען פיהרט איהר אריין אין א פיין בעציערטע פאלאטקע. דארטען בעזוכען איהר דיא עלסטע

*) וועגען דיעזער רייזע זיינען געבליבען א פאר בעריכטען פון קאראנאדא׳ן גופא און אויך בריעף און אזוי בעשרייבונגען פון עטליכע פון זיינע מיטרייזענדע. שרייבענדיג דיעזען קאפיטעל בענוצען מיר זיך מיט זיי אלע. קאסטאנעדא׳ס ערצעהלונג איז דיא אויספיהרליכסטע פון זיי.

און דיא אַנדערע מענער, איינער נאָך דעם אַנדערען. פון דאַן אָן איז זיא יעדענ׳ס פרוי. זיי מוזען איהר אָבער צאָהלען. אפילו, ווען זיא בעזעצט זיך נאָכהער מיט אַ בעשטימטען מאַן, האָט זיא אויך קיין רעכט ניט צוריקצואווייזען אַנדערע מענער. דיא גרעסטע ימים־טובים קומען פאָר אין מארק־טעג. דער מנהג איז, אַז דער מאַן זאָל קויפען דיא פרוי, וועלכע ער וויל הייראַטהען. ער קויפט איהר ביי איהר פאָטער און קרובים·און דאַן נעהמט ער איהר צו אַ הויפטמאַן, וועלכער רעכענט זיך פאַר אַ גלח אויך. צו איהם געהערט זיא אויף איין מעת לעת און ער בעריכטעט אויב זיא איז געוועזן אָרענטליך. אויב ניט, מוז מען דעם חתן אומקעהרען דיא נדן, און ער האָט דאַן דיא ברירה: מיט איהר צו לעבען אָדער ניט, אָדער איהר לאָזען מקדש זיין אַלס אונפערהייראַטהע. ביי אַזעלכע פאַסירונגען שכור׳ען זיך אַלע אָן...

„דיא וואָס וואוינען ווייטער צווישען דיא פלאַכ־לענדער און דיא בערג, זיינען ווילדערע מענשען וויא דיא טאַהוס. אייניגע פון דיא, וואָס וואוינען לעבען דיא בערג עסען מענשען־פלייש. זיי זיינען גרויסע סאָדאָמיטען (מענשען וואָס בעגעהען דיא זעלבע אונאַנשטענדיגקייטען וויא דיא איינוואוינער פון סדום), און לעבען מיט פיעלע פרויען, אפילו מיט שוועסטער. זיי דיענען געשניצטע און געמאָלענע שטיינער און האַלטען שטאַרק פון כשוף... אַ דריטעס פאָלק, וועלכעס וואוינט אויף די בערג און אַרום דיא בערג, געהט אויף געיעג נאָך מענשען פונקט וויא נאָך חיות. אַלע עסען זיי מענשען־פלייש, און וואָס מעהר מענשליכע ביינער און שאַרבענס איינער האָט, אַלץ מעהר רעספּעקט האָט מען פאַר איהם... אין דיעזען געגענד האָט מען געפונען פיעלע זילבער־מינען. זיי זיינען אָבער ניט קיין טיעפע, און ווערען גיך אויסגעשעפּט... דער ים־בוזים (דער גאָלף פון קאַליפאָרניאַ) פאַנגט זיך אָן ביין ברעג... דיעזער געגענד ליגט ביי דער מזרח זייט פון דעם ים־בוזים, און קאַליפאָרניאַ ליגט פון זיין מערב זייט... אויפ׳ן ברעג וואוינען טהירישע, ווילדע, נאַקעטע מענשען, וועלכע פיהרען זיך מיט זייערע פרויען וויא חיות.“

---

*) מען מיינט דאָ ניעדריגערע קאַליפאָרניאַ (לאָוער קאַליפאָרניא), דעם שמאָלען פאַס לאַנד, וועלכער ציהט זיך פון קאַליפאָרניא. קאַליפאָרניא איז היינט אַ שטאַאַט אין דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, און דיא ניעדריגע קאַליפאָרניא בעלאַנגט צו מעקסיקאָ.

פון דעם קוליאקאן געגענד איז דיא ארמיי אריבער אין פ ע ט א ט ל א ן. וועגען דיא דאָרטיגע איינוואוינער זאָגט קאסטאַ־נעדאַ, אז זיי זיינען אויך גרויסע סאָדאָמיטען. דערנאָך האָט דיא ארמיי זיך אָבגעשטעלט אויף דעם פּלאַץ, וואו מען האָט קאבעזאַ דע וואקאַ'ן געשאָנקען דיא הירשען־הערצער, און וועלכען ער האָט דעריבער א נאָמען געגעבען ק אָ ר א ז אָ נ ע ס (הערצער). פון דאָרטען זיינען דיא רייזענדע אריבער אין א טהאָל, וועלכען זיי האָבען א נאָמען געגעבען ס אָ נ אָ ר א (א שטאַאַט אין דער היינטיגער מעקסיקאָ, ביי איהר צפון־מערב עק. ער גרענעצט זיך מיט דיא פעראייניגטע שטאַאַ־טען). „דיא פרויען (פון סאָנאָראַ)" — זאָגט קאסטאַנעדאַ — „טראָגען הירשען־פעלענע ספּאָדניצעס און קליינע היטעלעך, וועלכע הענגען ביי זיי אַרונטער פון הינטען ביז דער טאַליע. דיא עלסטע פון דיא דערפער געהען ארויף אויף בערגלעך, וואָס זיינען אומישנע געמאַכט דערצו, און פון דאָרטען רופען זיי אויס וועגען דיא קהל'שע אַנגעלעגענהייטען... דיא בעפעלקערונג איז דאָ א גרויסע.... 160 מייל פון סאָנאָראַ געפינט זיך דער ס ו י א טהאָל.... דיא מענשען זיינען דאָרט דיא זעלבע וויא אין סאָנאָראַ. זיי געהען אַזוי געקליידעט וויא זיי, ריידען דיא זעלבע שפּראַך און האָבען דיא זעלבע מנהגים. זיי זיינען גרויסע סאָדאָ־מיטען און זיי טרינקען א מין וויין, וואָס זיי מאַכען פון אַזאַ פרוכט.... אין דיעזער לאַנד האָדעוועט מען אָדלערען, וועלכע דיא עלטסטע האַלטען זעהר טהייער (אַלס הייליגע פויגלעך)".

פון סויאַ זיינען דיא רייזענדע געקומען נאָך ט ש י ט ש י ל־ט א ק י ל א, א פּלאַץ, וואו עס האָבען זיך פריהער בעזעצט רויט־הויטיגע אימיגראַנטען פון סיבאָלאַ. דיא ווילדע שבטים פון דעם געגענד האָבען זיי אָבער בעזיעגט. איצט האָבען דיא שפּאַניער דאָ געפונען דיא חורבה פון זייער געמויערטע געביידע, וועלכע דיא אַנדערע אינדיאַ־נער האָבען צוּוואָרפען. דיעזע איינוואוינער בעשרייבט קאסטאַנעדאַ אַלס דיא ווילדעסטע וואָס ער האָט בעגעגנט. ווייטער האָבען זיך געצויגען געדיכטע וועלדער און וויסטעניסען. אונזערע רייזענדע זיינען דאָ אַלץ געגאַנגען אַרויף בארג.

ענדליך האָבען זיי דערגרייכט ס י ב אָ ל א.

עס האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז דיא שילדערונגען, וואָס פריי מארקאָס האָט זיך אָנגעהערט פון אינדיאַנער וועגען סיבאָלאַ, זיינען

געוועזן שטאַרק צוגעפּאַרבט. זיין בעריכט איז געוועזן דורכאויס איבער־טריבען, הגם ער איז אין דעם ניט שולדיג געוועזן.

גרויסע מויערען האָט קאָראָנאַדאָ דאָרטען טאַקע געפונען. דיא חורבות פון אייניגע פון זיי שטעהען נאָך היינט און ווערען פון וויסענ־שאַפטס־מענער פעררעכענט צווישען דיא אינטערעסאַנטעסטע געביידעס אין דער וועלט. אָבער קאָראָנאַדאָ און זיין אַרמיי זיינען געקומען ניט נאָך וויסענשאַפטליכע אוצרות, נור נאָך אוצרות וואָס האָבען מעהר „ממשות". נאָך גאָלד און זילבער זיינען זיי געקומען, אָדער וועניג־סטענס איינצונעהמען אַ גרויסע מעכטיגע שטאָדט; און אין דעם זיינען זיי ביטער ענטטוישט געוואָרען. „ווען מען האָט דערזעהן דעם ערשטען דאָרף, וועלכער הייסט סיבאָלאַ" — שרייבט קאַסטענאַדאַ — „האָבען אייניגע פריי מאַרקאָס'ען געשאָלטען מיט אַזעלכע קללות, אַז איך בעט גאָט ער זאָל איהם אויסהיטען פון זיי". אין דעם בעריכט וואָס קאָראָ־נאַדאָ אַליין האָט געשיקט צו וויצע־קעניג מענדאָזאַ, געפינען מיר דיא פאָלגענדע ווערטער: „בקצור קען איך אייך פערזיכערען, אַז אין דער ווירקליכקייט האָט פריי מאַרקאָס ניט געזאָגט דעם אמת אין קיין איינציגע זאַך וואָס ער האָט בעריכטעט. אַלץ איז פונקט פערקעהרט, אחוץ דעם נאָמען פון דער שטאָדט און דיא גרויסע געמויערטע הייזער; וואָרים הגם זיי זיינען ניט בעפוצט מיט עדעלשטיינער, און זיינען ניט געמאַכטע פון וואַפנע מיט גוטע ציגעל, זיינען זיי פון דעסטוועגען גוטע הייזער, פון דריי און פון פיער עטאַזשען".

דיא אינדיאַנער זיינען דיא ווייסע אַרויסגעקומען אַנטקעגען, אָבער ניט וויא פריינד. זיי זיינען געשטאַנען געגרייט צו בעשיצען זייער שטאָדט. און ווען קאָראָנאַדאָ האָט זיי געשיקט זאָגען, אַז ער קומט זיי מאַכען אַ פריעדליכען בעזוך, האָבען זיי בעקומען נאָך מעהר קוראַזש און האָבען מיט נאָך מעהר מוטה זיך גענומען פערטיגען צו אַ קאַמפף. דיא פערד פון דיא שפּאַניער קאַוואַלעריע האָט זיי ניט געשראָקען (אפשר דערפאַר וואָס זיי זיינען צוגעוועהנט געוועזן צו אַנדערע גרויסע בהמות — צו דיא ווילדע אָקסען, וועלכע האָבען ניט ווייט פון יענע געגענדען זיך געזעהן טויזענדער־ווייז). זיי זיינען צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט צו זיי. ווען דיא שפּאַניער האָבען אָבער זיך אויף זיי אַ לאָז געטהאָן מיט זייערע אייראָפּעאישע געוועהר, זיינען זיי אַנטלאָפען. דאָס רוב זיינען זיי אַריינגעלאָפען אין זייער גרויסען מויער. אין דיעזען

מויער האָבען זיי אַלע געוואוינט. ער איז אָבער צו דער זעלבער צייט אויך געווען אַ פעסטונג (אַזוי וויא דיא מויערען פון מעקסיקאָ). באַלד האָבען דיא אינדיאַנער זיך בעוויזען אויפ'ן דאַך און פון דאָרטען האָבען זיי גענומען וואַרפען שטיינער און שיסען מיט פייל־און־בויגענס. דיא שפּאַניער זיינען געווען אַזוי אויסגעהונגערט, אַז זיי האָבען קיין כח ניט געהאַט צו שיסען מיט זייערע שווערע ביקסען. שעדיגען דיא רויט־הויטיגע פון אונטען האָבען זיי אַלזאָ ניט געקענט.

אין דער גרעסטער געפאהר איז געווען קאָראָנאַדאָ אַליין: לויט זיין בליסטשענדען, בעגולדטען פּאַנציר האָבען דיא אינדיאַנער פערשטאַנען אַז ער איז דער עלסטער, — האָבען זיי אין איהם געציעלט מעהר וויא אין דיא אַנדערע. צוויי מאָל האָט מען אין איהם געטראָפען מיט גרויסע שווערע שטיינער. מען האָט איהם פערוואונדעט און אַנידערגעוואָרפען. ווען אַן אַנדער שפּאַניער וואָלט איהם ניט געראַטעוועט, וואָלט מען איהם באַלד צום טוידט דערשלאָגען. עטליכע פון זיינע סאָלדאַטען זיינען שווער פערוואונדעט געוואָרען און עטליכע פערד זיינען טוידט געפאַלען. ווייטער האָבען דיא פיילען מיט דיא שטיינער דיא בעפּאַנצערטע, בעקיווערטע שפּאַניער קיין וויכטיגען שאָדען ניט געקענט טהאָן. ווען קאָראָנאַדאָ'ס מענשען האָבען צוזאַמענגענומען דיא לעצטע כחות און געשטורעמט דעם בעפעסטיגטען גרויסען מויער, האָט לאַנג ניט געדויערט ביז זיי האָבען אויף לייטערס אַרויפגעקלעטערט אויף דיא דעכער און אַריינגעדרונגען אינווייניג אין דעם גרויסען הויף. דאָרטען האָבען זיי געפונען מאַססען שפּייז. זיי האָבען זיך אָנגעגעסען און אויסגערוהט, און זיינען אַריבער אין דיא נעכסטע דערפער (אין אַלעמען זיינען אין יענעם געגענד ווירקליך געווען זיעבען אַזוינע דערפער). דאָרטען האָבען דיא אינדיאַנער זיך געגען זיי שוין ניט געשטעלט.

ווען קאָראָנאַדא האָט אָוועקגעשיקט שלוחים נאָך נייע־שפּאַניען (מעקסיקאָ) מיט דעם אויבען דערמאָנטען בעריכט צו דעם וויצע־קעניג, איז פריי מארקאָס מיט זיי מיטגעגאַנגען. ער האָט פשוט מורא געהאַט צו בלייבען ביי דער אַרמיי — אַזוי אויפגעבראַכט זיינען אַלע אויף איהם געווען פאַר וואָס מען האָט אין דיעזע געמויערטע דערפער ניט געפונען קיין אוצרות.

פון קאָראָנאַדאָ'ס בעריכט וועלען מיר א חוץ דיא אויבען געבראַכטע ווערטער, דאָ איבערגעבען דיא פאָלגענדע שורות:

„דיא וואוינונגען זיינען זעהר גוטע, מיט גוטע צימערען און קאָרידאָרען, און מיט אייניגע זעהר גוטע אויסגעפלאַסטערטע צימערען אונטער דער ערד, וועלכע זיינען זעהר ווארים. אלע לייטערס וואָס זיי האָבען צו דיא הייזער, קען מען איבערטראָגען; מען קען זיי אַוועקשטעלען וואו מען וויל. זיי זיינען געמאַכט פונקט וויא אונזערע לייטערס. דיא זיעבען שטעדט זיינען זיעבען קליינע דערפער, און אלע האָבען זיי דעם זאָרט הייזער, וועלכע איך האָב דאָ בעשריעבען. אלע געפינען זיי זיך אויף א שטח פון 15 מייל. יעדער דאָרף האָט זיך א בעזונדערען נאָמען, נור אַלע צוזאמען הייסען ס י ב אָ ל א. דיעזען דאָרף, וועלכען איך רוף שטאָדט, האָב איך אַ נאָמען געגעבען ג ר א־נ א ד א , אי וויי‍ל עס איז אַ ביסעל עהנליך צו גראַנאַדאַ *), אי אויס רעספעקט צו אייער עדעלקייט. אין דיעזען פּלאַץ, וואו איך שטעה איצט, געפינען זיך ביי צוויי הונדערט הייזער. אַלע זיינען זיי אַרומגערינגעלט מיט אַ וואַנט, צוזאַמען זיינען דאָ פאַראַן ביי 500 פאַמיליען, גלויב איך. ניט וויים פון דאַנען איז פאַראַן נאָך אַ שטאָדט, וועלכע איז אויך אייגע פון דיא זיעבען; זיא איז אָבער אַ ביסעל גרעסער פאַר דיעזע. דיא נעכסטע איז אזוי גרויס וויא דיעזע און דיא אנדערע פיער זיינען אביסעל קלענער.

„דיא איינוואָהנער פון דיעזע שטעדט האָבען פערשטאַנד. איך גלויב אָבער ניט, אַז זיי האָבען דעם פערשטאַנד און שכל, וועלכער פאָדערט זיך צו בויען אַזעלכע הייזער, ווארים דאָס רוב געהען דיעזע מענשען ארום אין גאַנצען נאַקעט, א חוץ דיא אונאַנשטענדיגע טיילען פון קערפער. זיי האָבען אָבער בעפארבטע מאַנטלען אזעלכע וויא דער, וואָס איך שיק אייער עדעלקייט**). זיי בעאַרבייטען ניט קיין פלאַקס,

*) דיא שעהנע מעכטיגע שטאָדט, וועלכע דיא אַראַבער האָבען געהאַט אין שפּאַניען, און וועלכע דיא שפּאַניער האָבען איינגענומען אין דער צייט, ווען קאָלומבוס איז געקומען פאָרלייגען זיין פּלאַן פאר דעם קעניג און קעניגין פון שפּאַניען. דער וויצע־קעניג מענדאָזא איז דאָרטען געבאָרען געוואָרען.

**) וועגען דיא קליידער פון דיא סיבאלא אינדיאנער געפינען מיר נאָך

ווייל ביי זיי איז זעהר קאַלט. אָבער אַביסעל באַוועל האָבען מיר אין זייערע הייזער דאָך געפונען. זיי האָבען אלע גוטע פיגורען. איך רע־כען, אַז זיי מוזען האָבען אַ סך טירקיזען. נור, ווען זיי האָבען געהערט אַז מיר קומען, האָבען זיי דאָס צוגענומען פון דאַנען צוזאַמען מיט אַנדערע זאַכען. בלויז דיא קוקורוזע האָבען זיי איבערגעלאָזען. איך האָב דאָ ניט געפונען קיינע פרויען און קיינע מענער וואָס זיינען איג־גער וויא פופצעהן יאָהר אָדער עלטער וויא 60, אויסער דריי אַלטע לייט, וואָס זיינען געבליעבען אַלס קאָמאַנדירען איבער זייערע זעל־נער... עופות (אינדיקעס) האָבען מיר געפונען, אָבער ניט פיעל. דיא אינדיאַנער זאָגען, אַז קיין עופות עסט מען אין דיא זיעבען שטעדט ניט, און אַז מען האַלט זיי בלויז צוליעב זייערע פעדערען... זיי האָבען דאָ אַ מאַססע קוקורוזע, באָב און הירשען־פלייש. זיי זאָגען, אַז קיין הירשען־פלייש עסען זיי ניט. אָבער מיר האָבען דאָ געפונען אַ סך פעל פון היר־שען, האָזען און קראָליקעס. זיי מאַכען דיא בעסטע קוקורוזענע געבעק, וואָס איך האָב וואו עס איז בעגעגענט, און דאָס איז דאָ דיא הויפט שפייז. זיי האָבען דיא בעסטע צוריכטונגען און געצייג צום מאָלען, וואָס איך האָב ווען עס איז געזעהן. איינע פון דיא היגע פרויען קען מאָלען פיער מאָל אַזוי פיעל וויא אַ אינדיאַנערקע פון מעקסיקאָ... איך שיק אייך צוועלף קליינע מאַנטלען פון דיא וואָס דיא היגע מענשען טראָגען געוועהנליך, און נאָך אַ בגד, וועלכער איז, לויט מיין מיינונג, זעהר גוט געמאַכט. איך האָב איהם בעהאַלטען, ווייל מיר דוכט, אַז דיא אַרבייט איז זעהר אַ גוטע און ווייל איך גלויב ניט, אַז אימיצער

---

אייגענטהיטען, ביי איינעם פון קאָראָנאַדאָ'ס מיטרייזענדע, אַ שפּאַניער, וועמעס נאָמען מען ווייס ניט. „אייניגע פון דיעזע מענשען" — זאָגט ער אין זיין נאָמענלאָזען שריפט — „טראָגען מאַנטלען פון באַוועל אָדער פון אַגאַווע און פון בעארבייטע הירשען־פעל. אויך טראָגען זיי הירשען־פעלענע שיך, וועלכע דערגרייכען ביז דיא קניע. (אַנדערע רייזענדע האָבען דיא שיך זעהר געלויבט). זיי מאַכען אויך מאַנטלען פון דיא פעל פון האָזען און פון קראָליקעס. דיא פרויען טראָגען אגאַווענע מאַנטלען, וואָס דערגרייכען ביז דיא פיס, מיט גאַרטלען. דיא האָר טראָגען זיי ארומגעוויקעלט ארום דיא אויערען, אזוי וויא רעדלעך."

האָט אין דיעזע אינדיען (דאָס הייסט אין אַמעריקאַ) ווען עס איז גע־זעהן אַרבייט, וואָס איז געטהאָן געוואָרען מיט אַ נאָדעל... איך שיק אייך אויך צוויי שטיקער טוך מיט געמעלעכצען פון דיא היגע חיות. דיא אַרבייט איז ניט קיין גוטע, ווייל דער מאַלער האָט דאָס געמאַכט אין איין טאָג. אויף דיא ווענט האָב איך דאָ געזעהן בילדער, וועלכע זיינען געמאַכט מיט אַ בעסערע פּראָפּאָרציע און איבערהויפּט בעסער. איך שיק אייך דיא פעלל פון אַ קוה (פון אַ בופפעל־אָקס), אייניגע טירקיז שטיינער, צוויי טירקיזענע אויער־רינגלעך און פופצעהן אינדיאַ־נער קעמעלעך (צום וועבען), אייניגע טעלער בעצירט מיט טירקיזען און צוויי קערב. אַזעלכע קערב זיינען דאָ פאַראַן מאַסען. אויך שיק איך אייך צוויי קישעלעך פון דיא, וואָס דיא היגע פרויען לייגען ארויף אויפ׳ן קאָפּ ווען זיי טראָגען וואַסער, פּונקט וויא מען טהוט דאָס אין שפּאַניען. מיט אַזאַ קישעלע טראָגט אַ היגע פרוי אויפ׳ן קאָפּ אַ קרוג וואַסער אויף אַ לייטער, ניט אָנריהרענדיג זיך צום קרוג מיט׳ן האַנד...“

איידער מיר וועלען דערצעהלען וואָס איז געווען מיט קאָראָנאַ־דאָ׳ס עקספּעדיציע, וועלען מיר פאַרנעהמען עטליכע שורות מיט אַן ערקלעהרונג וועגען דיא שטעדטלעך, וועגען וועלכע דאָ ווערט גערעדט.

דיא הייזער זיינען אין גאַנצען געבויט פון אַדאָבע און שטיינער אָדער אין גאַנצען פון שטיין. זיי זיינען געבויט אַזוי ענג צו זאַמען, אַז דיא דעכער קומען זיך צונויף, און אַלע צוזאַמען זיינען אייגענטליך איין הויז מיט איין הויף. שטעלט אייך פאָר אַ ניו יאָרקער בלאָק פון טענעמענט־הייזער וואָס זאָלען אַלע האָבען איין הויף. אַזוי אונגעפעהר האָט אויסגעזעהען יעדער דאָרף אָדער שטעדטעל. דאָס איז געווען אַ איין הויז אַ איז אַ גאַנצע שטאָדט. אין אייניגע שטעדטלעך אַזעלכע פלעגען וואוינען צו עטליכע הונדערט, אַ מאָל אַ פּאָר טויזענד, פּערזאָן.

אַזעלכע פּעראייניגטע מויערען רופט מען היינט „פּועבלאָס“, פון דעם שפּאַנישען וואָרט פּועבלאָ — אַ דאָרף, אַ שטעדטעל. פיעל פּועב־לאָס אַזעלכע זיינען נאָך דאָ. פון אייניגע זיינען איבערגעבליעבען בלויז חורבות. אבער אין אנדערע וואוינען נאָך עד היום אינדיאַנער. און דאָס רוב פיהרען זיי נאָך דעם זעלבען זאָרט לעבען וויא דיא רויט־הויטיגע פון קאָראָנאַדאָ׳ס צייטען. אין דיא פּעראייניגטע

שטאאטען געפינען זיך פועבלאָס אין ניו מעקסיקאָ און אריזאָנא *). דיא זיעבען שטעדט פון סיבאָלאָ זיינען געלעגען אין דער היינטיגער ניו מעקסיקאָ. אויף יענעם פּלאַץ שטעהט היינט דיא בעריהמטע זוני פּועבלאָ, אין וועלכע עס וואוינען איצט העכער וויא פופצעהן הונדערט אינדיאַנער (עס איז געווען אַ צייט, ווען דאָרטען האָבען געוואוינט ביז פינף טויזענד). אנדערע בעוואוינטע פּועבלאָס געפינען זיך אנדערסוואו אין דעם זעלבען געגענד.

דיא וואַשינגטאָנער רעגיערונג וויא אויך וויסענשאַפטליכע פּריוואַט־געזעלשאַפטען האָבען זיך געלאָזט קאָסטען גרויסע סומען דיעזע פּועבלאָס אויסצושטודירען. זיי האָבען געשיקט געלעהרטע, וועלכע האָבען זיך אין זיי בעזעצט, נאָכגעקוקט זייערע היינטיגע פיה־רונגען און אויסגעפאָרשט זייער לעבען אין קאָראָנאַדאָ׳ס צייטען און נאָך פריהער. פאַר אַמעריקאַנער עטהנאָלאָגיע (פעלקער־וויסענשאַפט) און אַרכעאָלאָגיע (דיא וויסענשאַפט וועגען זאַכען פון פאַרצייטען) זיינען דיעזע פּועבלאָס דיא וויכטיגסטע און אינטערעסאַנטעסטע געביידעס. פון זיי קען מען אַ סך לערנען וועגען דעם לעבען אין אַמעריקא איידער דיא ערשטע ווייסע מענשען האָבען זיך דאָ בעוויעזען. צווישען דיא געלעהרטע, וואָס זיינען בעקאַנט מיט זייער שטודיום אין דיא פּועבלאָס, זיינען: דער אויבענדערמאָנטער אַדאָלף באַנדעליער, קושינג, פיוקס און מינדעלעף. זייערע אונטערזוכונגען בעשטעטיגען מאָרגאַן׳ס טהעאָריע. (מאָרגאַן אַליין האָט אָבער אויך געשריעבען וועגען די פּועבלאָס).

די זוני אינדיאַנער זיינען פערטהיילט אין גענטען און דיא אָבשטאַ־מונג רעכענט זיך נאָך דער מוטער נאָך. זיי לעבען נאָך עד היום קאָמו־ניסטיש, נור זאַכען וואָס דער מענש געברויכט פערזענליך און קען ארומ־טראָגען איז זיין פּריוואַט־אייגענטהום, און דיא צאָהל פון אזעלכע זאַכען איז ביי דיא פּועבלאָ אינדיאַנער היינט נאַטירליך גרעסער וויא אין קאָראָנאַדאָ׳ס צייטען — צוליעב דעם וואָס זיי קומען אין בעריהרונג מיט ווייסע שכנים. רעגיערט צווישען זיך ווערען זיי עד היום פון אַ הויפּטלייט־קאָמיטע מיט איין אויבער־הויפּטמאַן. ווען אַ יונגער

*) ניו מעקסיקאָ גרענעצט זיך מיט קאָלאָראַדאָ; אריזאָנאַ ליגט ווייטער צו וועסט צווישען ניו מעקסיקאָ און קאַליפאָרניאַ.

מאַן האָט חתונה בעזעצט ער זיך אין דעם גענט פון זיין פרוי, און זיא קען איהם גט'ן און אַוועקשיקען ווען זיא וויל.

דאָס אַלץ געהט אויך אויף דיא אינדיאַנער פון אנדערע פועבלאָס.

דיא אַרכיטעקטור פון יעדער פועבלאָ איז פערבונדען מיט דעם קאָמוניסטישען כאַראַקטער פון דעם לעבען וואָס איהרע איינוואוינער פיהרען. מיר האָבען געזעהן, אז דיא איראָקעזישע אינדיאַנער וואוינען אין קאָמוניסטישע לאַנגע הייזער (זעה אויבען, זייטעל 302-303). דיא פועבלאָ אינדיאַנער זיינען העכער ענטוויקעלט. אַלזאָ בעלאַנגען זייערע געביידעס אויך צו אַ העכערען זאָרט אַרכיטעקטור. דער קאָמוניסטישער עיקר איז אָבער דערזעלבער.

דאָס רוב איז דיא פועבלאָ געבויט אַזוי: ווען מען זאָל איהר בעקוקען פון הויף, וועט פריהער געהן אַ צייל איין־עטאַזשיגע מויערען; הינטער איהם וועט געהן אַ צייל צוויי־עטאַזשיגע, און הינטער דיא צוויי־עטאַזשיגע אַ צייל דריי־עטאַזשיגע. אַ מאָל דערגעהט דאָס אַזוי ביז זעקס עטאַזש. אַלע דעכער זיינען פלאַך, וויא דיא דעכער פון היינטיגע אַמעריקאַנער געביידעס. דיא פערשיעדענע דעכער געהען אַלזאָ וויא טרעפּ. דיא העכסטע מויערען געפינען זיך פון דרויסען, און דיא ניעדריגסטע אינוועניג אויפ'ן הויף.

אויף דיעזען אַרט זיינען פערבויט דריי זייטען. דיא פיערטע זייט בעשטעהט פון איין עטאַזש, און אין דיעזער ניעדריגער וואַנט געפינען זיך צוויי שמאָלע געדרעהטע אריינגאַנגען, וועלכע זיינען בעוואַכט פון אינוועניג. קיין טהירען אין דיא וואוינונגען איז ניטאָ. מען קומט אין זיי אַריין דורך עפנונגען אין דיא דעכער מיט דער הילף פון לייטערס (דאָס זיינען דאָס דיא לייטערס, וועלכע קאָראָנאַדאָ האָט דערמאָנט אין זיין בעריכט). אויף לייטערס געהט מען אויך אַרויף פון הויף אויפ'ן ערשטען עטאַזש, פון ערשטען עטאַזש אויפ'ן צווייטען, פון צווייטען אויפ'ן דריטען א. ז. וו. (איבער דיעזע לייטערס האָבען דאָס דיא פועבלאָ פרויען געטראָגען אַ קרוג וואַסער אויפ'ן קאָפּ ניט אָנריהרענדיג זיך אָן איהם מיט דיא הענד).

אַ מאָל פלעגט דער דאָרף זיין צוטהיילט אויף צוויי אָדער דריי טהיילען, מיט צוויי אָדער דריי בעזונדערע הויפען. אבער דאָס רוב זיינען אַלע געווען צוזאַמען מיט איין הויף. אויף יעדען הויף איז אַרום

דעם מויער געגאַנגגען, אַרום און אַרום, אַ גאַניק; אויף יעדען עטאַזש אַ בעזונדערער גאַניק.

אין יעדער פּועבלאַ איז פאַראַן אַן „עסטופאַ“ — אַ גרויסער צימער, דאָס רוב אַ קעלער־שטוב, וואו דער קאָמיטעט פון די עלסטע האַלט אָב זיינע מיטינגען, און וואו עס ווערען געפּראַוועט געוויסע רעליגיעזע צערעמאָניעס. אין קאָראָנאַדאָ'ס צייטען האָבען אין דיא עסטופאַס געוואוינט דיא מענער, אפילו דיא פערהייראַטהע, ווערהענד דיא פרויען מיט דיא קינדער האָבען געוואוינט אין דיא געוועהנליכע צימערען. אָפט זיינען אין דער פּועבלאָ פאַראַן צוויי אָדער מעהר „עסטופאַס“ — פאַר יעדען גענס אַ בעזונדערע „עסטופאַ“.

מען גלויבט, אַז דיא גרויסע אַצטעקישע שטאָדט טענאָכטיטלאַן, דיא הויפּטשטאָדט פון מעקסיקאָ, וויא אויך טלאַסקאַלאַ און טשאָלולאַ זיינען בעשטאַנען פון אַזעלכע מויערען וויא דיא פּועבלאָס פון ניו מעקסיקאָ און אַריזאָנאַ. בלויז זיי זיינען געוועזען פיעל בעסער געבויט און פיעל רייכער אינוועניג. אַזוי שיינט עס פון דיא אַלטע בעשרייבונגען וועגען דיא מויערען וואָס קאָרטעס האָט פערניכטעט אָדער איינגענומען; וואָרים זיי ווערען אויך פאָרגעשטעלט אַלס פעסטונגען און אויך מיט פלאַכע דעכער, וואָס געהען וויא טערראַסען אָדער טרעפּ (זעה אויבען זייטעל 303). מיר האָבען געזעהן אַז קאָראָנאַדאָ'ן האָט סיבאָלאַ אויסגעזעהן עהנליך צו דער אַראַביש־שפּאַנישער שטאָדט גראַנאַדאַ, און קאָרטעס האָט צו גראַנאַדאַ פערגליכען טלאַסקאַלאַ (אין זיין בריעף צו קאַרל דעם 5טען).

קאַסטאַנעדאַ'ס בעשרייבונג פון סיבאָלאַ ענטהאַלט, אַחוץ דאָס וואָס מיר ווייסען שוין פון קאָראָנאַדאָ'ס בעריכט, דאָס פאָלגענדע:

„זיי (דיא איינוואוינער פון סיבאָלאַ) האָבען גלחים, וועלכע פּרעדיגען פאַר זיי. אַ גלח הייסט ביי זיי אַ פּאַפּאַ. בעגינען געהען דיא פּאַפּאַס אַרויף אויף דיא העכסטע דעכער און בשעת דיא זון הויבט אָן אויפצוגעהן האַלטען זיי פון דאָרטען אַ דרשה פאַר'ן עולם. אַלע איינוואוינער פון דאָרף זיצען דאַן אויף דיא באַלקאָנען און הערען זיך צו. קיין שכורים איז דאָרטען ניטאָ, קיין סאָדאָמיטען אויך ניט. אויך עסט מען דאָרטען ניט קיין מענשען־פלייש. זיי זיינען אַן אַרבייטסזאַמעס פאָלק. דיא עסטופאַס בעלאַנגען צו דעם גאַנצען דאָרף... זייערע טויטע פערברענען זיי און צוזאַמען מיט דעם קערפּער

ווארפען זיי אין פייער אריין דיא געצייג און כלים וועלכע ער האט געברויכט אין לעבען."

אין דיא אלטע קברים פון זוני געפינט מען איצט דיא וואזעס מיט דיא אש פון דיא פערברענטע קערפערס; לעבען יעדער וואזע ליעגען דיא שערבלעך פון צובראכענע כלים. אויך געפינט מען דארטען געוועהנליכע קברים, און אין זיי, לעבען דיא סקעלעטען — מאסען פערשיעדענע וואזעס, טעפ, שיסלען, קריג. אין דיא קברים פון גלחים געפינט מען זייערע רעליגיעזע געצייג: הייליגע לולקעס, פאטשערקעס, און אזוי ווייטער.

באנדעליער זאגט (אין זיין „ענדליכען בעריכט" צו דעם אמעריקא־נישען ארכעאלאגישען אינסטיטוט), אז דיא היינטיגע פועבלא אינדיא־נער קענען ניט מאכען אזעלכע גוטע כלים וויא זייערע עלטער־עלטער זיידעס. יענע האבען זייערע טעפ אדער וואזעס בעדעקט מיט אזא גלאנץ, און וויא אזוי זיי האבען דאס געמאכט, ווייס מען שוין היינט ניט. אויך האבען זיי זייערע וואזעס געפארבט אין שעהנערע פארבען וויא דיא היינטיגע אינדיאנער. דיא פאסאנען פון דיא היינטיגע כלים זיינען אבער עהנליך צו דיא פאסאנען פון דעם 16טען יאהרהונדערט און דיא רעליגיעזע פיגורען אויף דיא כלים זיינען פונקט דיא זעלבע וויא דאן.

פעדער־מאטעריעס האבען דיא אינדיאנער פון סיבאלא אויך געקענט מאכען. זיי פלעגען מאכען מאנטלען פון דעם. אויך פלעגען זיי מאכען מאנטלען פון דיא האר פון האזען אדער קראליקעס. וועבען פערערען צוזאמען מיט האזען־האר אזוי וויא דיא אצטעקען, האבען זיי ניט געקענט. בילדער־שריפטען האבען זיי אויך געהאט. נור זיי זיינען ביי זיי ניט געוועזען אזוי ווייט ענטוויקעלט וויא ביי דיא אצטעקען. זייער גאנצע ציוויליזאציאן איז געוועזען פון דעם זעלבען זארט וויא דיא אצטעקישע — צייגט אן באנדעליער, — נור דיא אצטעקען האבען אין אלץ דערגרייכט א העכערע מדרגה: דערזעלבער מין מויערען, נור בעסערע, דיא זעלבע פעדער־ארבייט, נור קונציגערע, דיא זעלבע יערא־גליפען, נור ענטוויקעלטערע א. ז. וו.

לאמיר איצט מיט קאראנאדא׳ס ארמיי געהען ווייטער. א מייל פופציג פון סיבאלא איז זיא געקומען צו א פלאץ, וואו דיא איינוואוינער

זיינען געווען זעהר הויכע און שטארקע. איין דארטיגער אינדיאנער האט געקענט טראגען א משא, צו וועלכע ביי דיא שפאניער האט זיך געפאדערט צוויי אדער דריי מענשען *). זיי האבען געוואוינט אין גרויסע שטרויענע הייזער, מעהר וויא 100 פערזאן אין א שטוב, דאס הייסט, אז זיי האבען געוואוינט קאמוניסטיש אין געמטען. דיא הייזער זיינען געווען אונטער דער ערד. בלויז זייערע דעכער זיינען געווען פון דרויסען אויף דער ערד.

אין א ווייטערען געגענד האבען דיא שפאניער בעגעגענט א אינ־דיאנער, וועלכער האט זיי געזאגט, אז ער קומט פון א לאנד, וואו עס איז פאראן א סך גאלד. ער האט געהאט א פנים פון א טערק, דיעזער אינדיאנער, האבען זיי איהם אזוי א נאמען געגעבען: „דער טערק". ער האט זיי דערצעהלט, אז אין זיין געבורטס־פלאץ זיינען ביי אלעמען דיא געוועהנליכע קריג און שיסלען פון גאלד. ווען דער דארטיגער עלסטער וויל זיך צולעגען דרעמלען — האט ער געזאגט — לעגט ער זיך אונטער א גרויסען בוים, וועלכער איז געדיכט פערהאנגען מיט גאלדענע גלאקען. דיא גלאקען קלינגען און אזוי פערשלעפערען זיי איהם.

אום זיך צו ערקונדיגען אויב ער פערשטעהט וואס גאלד איז, האבען זיי איהם געוויזען פערשיעדענע מעטאלען. מען האט איהם אבער ניט געקענט נארען. אלזא האבען זיי איהם געגלויבט. באלד האבען זיי איהם אבער גענומען כאפען ביי ליגענס. וועגען א געוויסען דארף האט ער, צום ביישפיעל, געזאגט, אז בשעת ער איז דארטען געווען געפאנגען, האט מען ביי איהם צוגענומען גאלדענע בראסלעטען. עס האט זיך אבער ארויסגעצייגט, אז דיא מעשה איז ניט געשטויגען, ניט געפלויגען. דער נאמען פון דיעזען דארף איז סיקיי (אויף א געמויערטע פועבלא).

אויפ'ן וועג האט קאראנאדא געזעהן א פועבלא, וואס איז געשטאנען אויף א הויכען גרויסען פעלז, וועלכער איז געשטאנען גלייך וויא א וואנד.

*) מיט הונדערט יאהר שפעטער האט דער בעריהמטער ענגלישער רייזענדער דרייק פונקט אזוי בעשריעבען דיא אינדיאנער, וואס ער האט געזעהען ביי דעם קאליפארניער ברעג פון דעם שטילען אקעאן, דאס הייסט, א ביסעל ווייטער צו מערב צו.

פון דאָרטען זיינען דיא שפּאַניער געקומען נאָך אַ גרופּע פּועבלאָס מיט'ן נאָמען טיגוע. דיעזער פּלאַץ איז געווען 180 מייל פון סיבאָלאַ. אין דעם זעלבען געגענד זיינען געשטאַנען נאָך עהנליכע פּועבלאָס, צוזאַמען פון 66 ביז 70. דיא בעפעלקערונג פון אַלע דיעזע דערפער צוזאַמענגענומען איז געווען אַרום פינף־און־צוואַנציג אָדער דרייסיג־טויזענד. אייניגע שטעלען אַ פיעל העכערע ציפער.

דיא אינדיאַנער פון טיגוע האָבען דיא שפּאַניער גוט אויפגענומען, און דיא שפּאַניער האָבען זיי אָבגעצאָהלט אויף דעם געוועהנליכען שטייגער פון שפּאַנישע אַוואַנטוריסטען. זיי האָבען פון זיי אויס־געטהאָן זייערע מאַנטלען און אָנגעטהאָן אויף זיך. אַ חוץ דעם האָט געטראָפען אַזאַ געשיכטע: אַ שפּאַניער האָט פון ווייטען אין דעם מויער פון דעם ערשטען טיגוע דאָרף דערזעהן אַ שעהנע פרוי מיט איהר מאַן, און ער האָט צום מאַן געגעבען אַ וואונק, אז ער זאָל אַראָבקומען צו־האַלטען זיין פערד. דער אינדיאַנער האָט געפאָלגט. בשעת ער האָט צוגעהאַלטען דעם פערד, איז דער שפּאַניער אַרויף אין זיין וואוינונג און געשענדעט זיין פרוי. שפּעטער, ווען דער בעליידיגטער מאַן האָט זיך בעקלאָגט, האָט קאָראָנאַדאָ איהם געהייסען אָנווייזען אויף דעם שולדיגען. דעם שפּאַניער האָט ער ניט דערקענט; ער האָט אָבער דערקענט זיין פערד. דאָך איז יענער געבליבען אונבעשטראָפט.

קאַסטאַנעדאַ שרייבט וועגען דיא איינוואוינער פון טיגוע דאָס פאָלגענדע: *)

„דיא אונפערהייראַטהע יונגע לייט דיענען דעם גאַנצען דאָרף. זיי טראָגען האָלץ פאַר אַלעמען. זיי לעגען דאָס אָן אויפ'ן הויף און דאָרטען נעהמען דאָס אַלע פרויען פאַר זייערע פערשיעדענע וואוינונ־גען**). דיא יונגע לייט וואוינען אין דיא עסטופאַס. אייניגע עסטופאַס

*) מען דאַרף בעמערקען, אז דאָס רוב פון דעם, וואָס ער זאָגט דאָ וועגען טיגוע, געהט אויף אַלע אַנדערע פּועבלאָס אויך. זיין ווערק איז איבער־הויפּט געשריעבען אָהן אַן אָרדנונג.

**) דאָס איז אויגענטליך בלויז אַ ביישפּיעל. זיי האָבען אויך געטהאָן אַנדערע אַרבייט פאַר דער גאַנצער קאָמונע. צום ביישפּיעל, זיי פלעגען צוזאַמען מיט דיא פערהייראַטהע מענער געהן אויף געיעג (נאָך הירשען, האָ־

זיינען קיילעכדיג, אַנדערע פיער־קאַנטיג, עס זיינען פאַראַן אַזעלכע גרויסע עסטופאַס, אַז זיי האָבען צו צוועלף זיילען ביי דיא זייטען און צו פיער אין מיטען, און יעדער זייל איז אַזוי דיק וויא דיא לענג פון צוויי מענשען. דיא פּאָדלאָגע בעשטעהט פון גרויסע גלאַטע שטיינער, אַזוי וויא אין אייראָפּאַ אַ באָד... דיא אינדיאַנער קענען דאָרטען זיין ווען עס ווערט אָנגעהייצט טאַקע וויא אין אַ באָד. דער סופיט קומט אויס גלייך מיט דער ערד פון דרויסען.

„ווען אַ יונגערמאַן וויל חתונה האָבען, ווערט דאָס אַלץ בעשטימט פון דיא עלסטע. דער חתן דאַרף אויסשפּינען און אויסוועבען אַ קאָלדרע און דאָס צוטראָגען דער כלה. ווען זיא דעקט זיך דערמיט צו, ווערט זיא זיין פרוי. דיא אויבערשטע צימערען בעלאַנגען צו דיא פרויען, און דיא עסטופאַס צו דיא מענער. פרויען טאָרען ניט שלאָפען אין דיא עסטופאַס. און אפילו בלויז אַריינגעהן אַהין איז זיי אויך ערלויבט נור דאַן, ווען זיי דאַרפען ברענגען עסען זייערע זיהן אָדער מענער. דיא מענער שפּינען און וועבען. דיא פרויען האָדעווען דיא קינדער און פערטיגען צו דיא עסענוואַרג. דיא לאַנד איז אַזוי פרוכט־באַר, אַז זיי דאַרפען אפילו ניט אַקערען. זיי דאַרפען נור פערזעען דיא קוקורוזע קערנער. באַלד ווערט דאָס צוגעדעקט מיט שנעע, און דיא זאַנגען וואַקסען פון אונטער דעם שנעע. מאַסען פויגלעך עסען פון דיא פעלדער, און דאָך בלייבט נאָך מעהר וויא דיא מענשען קענען פערברויכען. דאָ זיינען פאַראַן מאַסען היגע עופות (אינדיקעס). עס געדויערט 60 טעג איידער אַ טוידטער עוף ווערט פערדאָרבען, בעקומט אַ גערוך און עס הויבען אָן אויסצוקריכען דיא פערעדען. דאָס זעלבע איז מיט טויטע מענשען *).

„דיא דערפער, דאָס הייסט דיא מויערען און דיא הויפען, זיינען

זען, קראָליקעס) און דיעזער געיעג איז אימער געוועזען אַ געמיינשאַפטליכער. מיט דיא פלייש פלעגט זיך צוטהיילען דיא גאַנצע פּועבלאָ. דיא ערד האָבען בעאַרבייט דיא פרויען אויך געמיינשאַפטליך. דיא שפּייז־סקלאַדען, וואו מען האָט געהאַלטען דיא זאַפּאַס אויף שפּעטער, זיינען אויך געוועזען קאָ־מוניסטישע.

*) די לופט איז דאָרטען זעהר טרוקען. היינט שיקען דאָקטוירים אַהין דעריבער שווינדזיכטיגע.

פריי פון שמוץ. דיא איינוואוינער האַלטען זיך דאָרטען זעהר ציכטיג. דיא אונציכטיגקייטען זיינען פון דרויסען פון דער פועבלאָ *). הויפּט־זעכליך זיינען ריין דיא צימערען, וואו זיי פערטיגען צו דיא שפּייז, און וואו זיי מאָהלען דיא מעהל. דריי פרויען מאָהלען צוזאַמען. איידער זיי געהען אַריין אין יענעם צימער, טהוען זיי אויס דיא שיך, פערוויקלען און דעקען צו דיא האָר און טרייסלען אויס דיא קליידער. וועהרענד דיא דריי פרויען אַרבייטען אינוועניג, זיצט אַ מאַנספּאַרשוין אויפ'ן שוועל און שפּיעלט אויף אַ פייפעל. ער שפּיעלט און זיי בעוועגען דיא מיהל־שטיינער צום טאַקט, און זינגען צו.

„דיא איינוואוינער האָבען פרעדיגער. קיין סאַדאָמיטען זיינען ביי זיי ניטאָ. קיין מענשליכע קרבנות זיינען זיי ניט מקריב און קיין מענשען־פלייש עסען זיי ניט. קיין שלעכט־הערציגקייט זעהט מען פון זיי ניט. דיא מיידלעך געהען ביי זיי אַבסאָלוט נאַקעט, אפילו ווען עס איז קאַלט. ערשט, ווען זיי האָבען חתונה, דעקען זיי זיך צו.“

באַנדעליער זאָגט (וועגען דיא פּועבלאָס אין אַלגעמיין) אַז אַ פערהייראַטהע פרוי האָט זיך געדאַרפט פיהרען אַנשטענדיג, וועהרענד אַ מיידעל האָט זיך צוריקגעהאַלטען פון מענער בלויז ווען זיא האָט אויף זיך גענומען אַ תשובה פאַר עפּעס אַן עבירה. ער ערקלערט אַז אין אַלגעמיין איז דער געשלעכטליכער לעבען אין יעדען שבט געווען אַ פרייער און אַ געמישטער, און אַז אַ מיידעל האָט זיך געהאַלטען שטרענג בלויז צו מענער, וואָס האָבען ניט בעלאַנגט צו איהר שבט.

דיא אינדיאַנער פון טיגוע און פון אַנדערע פּועבלאָס האָבען געהאַט רעליגיעזע טענץ, איינינע פון וועלכע זיינען געווען אַזוי אונאַנשטענדיג, אַז שפּעטער האָט דיא וואַשינגטאָנער רעגיערונג דאָס געמוזט פערוועהרען. דער וויכטיגסטער פון דיעזע טענץ איז געווען ביי זיי אַ שלאַנגען־טאַנץ. ער איז אויך געווען דער אונאַנשטענדיגסטער. שלאַנגען זיינען ביי זיי, אַזוי ווי אין מעקסיקאָ, געווען הייליגע בעשעפּעניסען, און זיי זיינען צו זיי אַזוי צוגעוועהנט געווען, אַז זיי פלעגען זיך

*) אַן אַנדערער פון קאָראָנאַדאָ'ס מיטרייזענדע שרייבט: „דיא הייזער זיינען צו גוט פאַר דיעזע אינדיאַנער, וואָרים זיי האָבען קיין אַנשטענדיגקייט אין קיין זאַך, אַחוץ אין זייערע וואוינונגען“.

מיט זיי שפּיעלען, און טאַנצענדיג מאַכען פערשיעדענע קונצען מיט זיי *).

איינמאָל, בשעת קאָראָנאַדאָ איז געשטאַנען אין טיגוע, האָט אַ שפּאַניער ערמאָרדעט אַ אינדיאַנער. דיא רויט־הויטיגע האָבען דאַן פערלוירען דיא געדולד. זיי האָבען גענומען טרייבען דיא פערד, און פיעלע פון זיי זיינען אויף דיעזען אָרט פערלאָרען געגאַנגען. עס איז געקומען צו אַ בלוטיגען געשלעג. דיא רויט־הויטיגע האָבען זיך פער־שפּאַרט אין זייערע דערפער און פון דיא בעפעסטיגטע דעכער האָבען גענומען פליהען פיילען, שטיינער און קוילען פון אדאָבע.

ענדליך האָט מען געמאַכט שלום.

אָבער גלייך נאָכ'ן שלום־מאַכען האָבען דיא שפּאַניער צוזאַמענ־גענומען הונדערט אינדיאַנער, זיי געבונדען און זיי אָנגעהויבען צו בראָטען לעבעדיגערהייט. דיא אונגליקליכע האָבען זיך געוועהרט מיט דיא לעצטע כחות. דיא שפּאַניער האָבען זיי אָבער אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען און געוואָרפען אין פייער; און דיא וואָס האָבען זיך דורכגעריסען און געפּרופּט אַנטלויפען האָט דיא קאַוואַליעריע נאָכ־געיאָגט און געכאַפּט.

עס האָט זיך גלייך פערשפּרייט אַ נאַכריכט, אַז דיא ווייסע האַלטען ניט וואָרט, אַז זיי ברענען דיא, מיט וועמען זיי מאַכען שלום.

עס האָט אָנגעפאַנגען צו שנעען און דער שנעע האָט ניט אויפ־געהערט גאַנצע צוויי מאָנאַט. דיא שפּאַניער זיינען געווען הילפלאָז. אַלזאָ האָבען זיי ווידער גענומען בעטען מען זאָל מיט זיי מאַכען שלום. דיא אינדיאַנער האָבען שוין אָבער ניט געוואָלט הערען פון דעם. דער וואָרט פון אַ ווייסען מענשען האָט ביי זיי מעהר קיין ווערט ניט געהאַט.

דיא פּועבלאָס האָבען זיך ווידער פערשפּאַרט. ווידער האָט אָנגעהויבען צו רעגענען מיט פיילען און שטיינער. דיא שטיינער זיינען געפּאַלען אזוי געדיכט, אַז עטליכע שפּאַניער זיינען פון זיי דער'הרג'עט געוואָרען צום טויט, וועהרענד העכער וויא הונדערט

*) אונאַנשטענדיגע תאוה־טענץ אלס רעליגיעזע צערעמאָניעס געפינען מיר אויך ביי פּאַרצייטיגע פעלקער פון אַזיען.

זיינען געוועז פערוואונדעט, און פון דיעזע זיינען אויך עטליכע געשטאָרבען.

דיא בעלאַגערונג האָט געדויערט גאַנצע פופציג טעג. דאָס ערגסטע פאַר דיא בעלאַגערטע איז געוועזן וואָס זיי האָט אויסגעפעהלט וואַסער. זיי האָבען געפּרופט גראָבען אַ ברונען, זיי האָבען אָבער קיין וואַסער ניט געפונען און גראָבענדיג זיינען ביי זיי פערשאָטען געוואָרען דרייסיג מאַן. אייניגע מאָל זיינען פאָרגעקומען שלאַכטען פון דרויסען. אין איינער פון דיעזע שלאַכטען האָבען דיא אינדיאַנער טוידטליך פערוואונדעט אַ וויכטיגען שפּאַנישען קאַפּיטאַן און איהם אַריינ־געשלעפּט צו זיך.

איין מאָל האָבען זיי דיא שפּאַניער געמאַכט אַזאַ פאָרשלאַג: זיי וועלען זיי איבערגעבען זייערע פרויען און קינדער, און אַליין וועלען זיי ווייטער קעמפּפען. אָהן דיא פרויען און קינדער וועט זיי בלייבען מעהר וואַסער, האָבען זיי ערקלערט, און זיי האָבען געהאָפט, אַז דיא שפּאַניער וועלען דיא פרויען מיט דיא קינדער ניט טשעפּען.

„לאָמיר בעסער מאַכען שלום" — האָט קאָראָנאַדאָ זיי געשיקט זאָגען.

„ניין, דאָס קענען מיר ניט טהאָן: — האָבען זיי געענטפערט — וויא אַזוי קענען מיר געטרויען אייער וואָרט?"

און וואָס מען האָט זיי ניט געפּרופט פערזיכערען, אַז איצט וועט מען שוין האַלטען וואָרט, האָבען זיי זיך אַלץ ניט געבויגען. וויא אַזוי זיי האָבען אַזעלכע מענשען געקענט געטרויען זייערע פרויען און קינדער, איז אין דיא בעריכטען ניט ערקלערט. די גויט האָט זיי יעדענפאַלס געצוואונגען זיי איבערצוגעבען צו זיי אין די הענד. אויפגעבען דעם קאַמפּף, דאָס האָט זיי זייער פערביסענהייט ניט געלאָזען. אַ חוץ דעם, האָבען זיי געגלויבט, אַז זיי האָבען ניט וואָס צו פערליערען, אַז ווען זיי זאָלען מאַכען שלום, וועט מען זיי סיי וויא סיי אַלעמען פערברענען.

ענדליך איז צוגעריטען אַן אָפיציער און האָט איבערגענומען דיא פרויען מיט דיא קינדער. ער אַליין איז פערבליבען ווידער טענה'ן וועגען פריעדען. זיצענדיג אויף זיין פערד מיט'ן קיווער אין האַנד, אַלס אַ צייכען אַז ער געפינט זיך ניט אין קיין קאַמפּף, האָט ער זיי נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל פערזיכערט, אַז זיי מעגען גלויבען זיין וואָרט. ענדליך האָט דער אינדיאַנער, וואָס האָט גערעדט מיט איהם פון דעם

דאָך, אַריינגעשאָסען אַ פייל אין דער ערד, פּונקט צווישען דיא פיס פון זיין פערד, דאָס איז געווען זיין וואָרנונג, אַז דער אָפיציער מוז גלייך אַוועקגעהן. דער אָפיציער האָט דאַן אָנגעטהאָן זיין קיווער און אַוועקגעריטען. דיא אינדיאַנער פון אויבען האָבען אָבגעוואַרט ביז דיעזער פריעדען־שליח איז שוין געווען אַזוי ווייט פון זיי, אַז זיי האָבען איהם ניט געקענט שעדיגען, און דאַן האָבען זיי גענומען שיסען אויף דיא אַנדערע שפּאַניער.

מיט פופצעהן טעג שפּעטער האָבען דיא אינדיאַנער געפּרופט פער־לאָזען זייער פּועבלאָ אין מיטען נאַכט. מען האָט זיי אָבער געכאַפּט. זיי האָבען זיך גענומען פערטהיידיגען, און האָבען געטוידטעט איין שפּאַניער; אבער פון זיי זיינען אויסגעפאַלען פיעלע קרבנות. דיא איבריגע האָבען זיך געלאָזען שווימען איבער'ן טייך. מען האָט זיי אָבער דאָס רוב דער'הרג'עט אין וואַסער, און דיא וואָס זיינען אַריבער־געשוואומען אויף יענער זייט, זיינען געווען אַזוי פערפראָרען פון דיא קאַלטע וואַסער, אַז מאָרגען האָט מען זיי נאָך דאָרטען געפונען ליעגענ־דיג אויפ'ן ברעג האַלב־טוידטע. דיא שפּאַניער האָבען זיי אָבגעמינ־טערט, געבראַכט צוריק און געמאַכט פאַר קנעכט.

דיא איינוואוינער פון אַנדערע עלף פּועבלאָס — איניגע גרעסערע מיט זעקס און זאָגאַר זיעבען־עטאַזשנע מויערען, און אַנדערע פיעל קלענערע — זיינען זיך צולאָפען. דיא שפּאַניער האָבען זיי געלאָזט וויסען, אַז זיי ווע לען זיי קיין בייז ניט טהאָן. זיי האָבען זיי אָבער ניט געגלויבט.

דאָס איז געווען אין מערץ, 1541.

דער טערק האָט געזאָגט, אַז צו צפון־מזרח צו איז פאַראַן אַ שטאָדט מיט'ן נאָמען קוויווירא, וואו עס איז פאַראַן אַ סך גאָלד און זילבער. צו זיינע ווערטער האָט מען שוין קיין צוטרוי ניט געהאַט, אבער טאָמער איז פאָרט אמת וואָס ער זאָגט? זיי האָט זיך געוואָלט גלויבען אז עס איז אמת. קורץ זיי זיינען אַוועק נאָך קוויווירא.

אויפ'ן וועג האָבען זיי בעגעגענט אונגעהויערע מאַסען בופּעל־אָקסען און קיה. אין איין אָרט האָבען זיי אַ היבשע צאָהל געקוילעט, איז פון דעם אַרויסגעקומען אַ מישעניגע אין דער גאַנצער סטאַדע. דיא צושראָקענע בעשעפעניסען זיינען געלאָפען וויא דיא פער'סמ'טע, זיך געשפּאַרט און געטראָטען איינע איבער דיא אַנדערע, ביז זיי זיינען

צוגעקומען צו א גרויסען טיעפען גראָבען, און גענומען אריינפאַלען אין איהם. עס זיינען אַריינגעפאַלען אַזוי פיעל, אַז זיי האָבען פערשטאָפּט דעם גאַנצען גראָבען און דיא איבריגע זיינען איבער זיי אריבערגע־לאָפען.

דיא פערד פון דיא שפּאַניער האָבען זיך פאַר דיא ווילדע אָקסען געשראָקען, און אייניגע פון זיי זיינען פאַר שרעק אַוועקגעלאָפען און מען האָט זיי ניט געקענט געפינען. אייניגע פערד, וויעדער, האָבען דיא בופעל־אָקסען מיט זייערע הערנער געטוידטעט.

דיא לאַנד איז דאָרטען פלאַך און גלייך. זיא איז בעוואַקסען מיט גראָז אָהן בוימער, אָהן שטיינער און אָהן דעם קלענסטען בערגעלע. אַזוי ציהט זיא זיך פון אַלע זייטען אויף הונדערטע מיילען, גלייך וויא אַ טיש. עס איז ניטאָ קיין שום סימן, נאָך וועלכען מען זאָל קענען דערקענען אַ פּלאַץ, סיידען מען זאָל געברויכען אַ קאָמפּאַס און דיא אַנדערע אינסטרומענטען וואָס מען געברויכט אויף אַ שיף. ווען מען פערבלאָנדזשעט, איז מען אַזוי וויא אויפ'ן אָקעאַן. דער גאַנצער געגענד הייסט בופפאַלאָ פליינס, דאָס הייסט פלאַכלענדער פון בופעל־אָקסען, ווייל דאָרטען פלעגען דיעזע בעשעפעניסען אַרומגעהן ריעזיגע סטאַדעס־ווייז, פּיטערנדיג זיך אויף דעם גראָז. רעדענדיג וועגען דיעזע בהמות אין אַ בריעף, זאָגט איינער פון קאָראָנאַדאָ'ס מיט־רייזענדע: „עס איז פאַראַן אַזאַ מאַסע, אַז איך וויים ניט צו וואָס זיי צוצוגלייכען, סיידען צו די פיש אין ים. אויף אונזער רייזע זיינען געווען אַזוי פיעל פון דיעזע אָקסען, אַז פיעל מאָל האָבען מיר געפּרופט דורכגעהן דורך זייער סטאַדע אום אַריבערצוגעהן אויף יענער זייט פעלד, און מיר האָבען ניט געקענט. דער געגענד איז געווען בעדעקט מיט זיי."

ווען זיי בעפאַלען מיט זייערע הערנער זיינען דיעזע אָקסען זעהר געפעהרליך. אָבער ווען מען טשעפּעט זיי ניט, זיינען זיי געוועהנליך מילדע בעשעפעניסען.

איין מאָל, ווען קאָראָנאַדאָ האָט זיך מיט זיין אַרמיי אָבגעשטעלט ביי אַ לאַנגען גראָבען, און עטליכע פון זיינע שפּאַניער זיינען אַוועק אויף געיעג, זיינען זיי דערנאָך שיער פון זין ניט אַראָב זוכענדיג דעם לאַגער. דריי טעג האָבען זיי אַרומגעוואַנדערט אַהין און אַהער און

ענדליך האָט זיך אַרויסגעצייגט אַז זיי זיינען געווען ניט ווייט פון גראָבען. דערנאָך האָבען פערבלאָנדזשעטע פיעלע אַנדערע. יעדען אבענד פלעגט מען מוזען אויסרופען אַלע נעמען, צו זעהען וועמ׳ עס פעהלט. מען האָט געשאָסען, געטרומייטערט, אָבער ניט יעדען פון די פערבלאָנדזשעטע האָט דאָס געהאָלפען. פיעלע האָבען געמוזט וואַרטען אויף אַן אָרט ביז פאַרנאַכט, אום צו זעהן וואו די זונן געהט אונטער. בלויז אויף אַזא אופן האָבען זיי געקענט וויסען וואו עס איז מערב, מזרח, צפון און דרום. אָבער אפילו דערצו האָט מען אויך גערדאַרפט האָבען אַ געוויסע געניטקייט. דאָך פלעגען די אינדיאַנער פון יענע ערטער שטענדיג אַרומוואַנדערען און יאָגען זיך נאָך אָקסען, און ניט פערבלאָנדזשען. וויא קאָראָנאַדאָ׳ס מענשען האָבען בעמערקט, פלעגען זיי דערצו אָפט טהאָן אַזוי: זיי פלעגען אַריינשיסען אַ פייל אין דער ערד אַזוי ווייט וויא זיי האָבען נור געקענט שיסען. דאַן, ווען זיי זיינען צוגעקומען נאָהענט צו דיעזען פייל, פלעגען זיי איבער איהם אַריבער־שיסען אַ צווייטען פייל, אויך אַזוי ווייט וויא מעגליך; דאַן איבער דעם צווייטען אַ דריטען און אַזוי ווייטער, אַלץ אין דער ריכטונג, אין וועלכע זיי האָבען געוועלט געהן. אויף דיעזען אַרט פלעגט זייער מאַרשרוט זיין גלייך וויא אַ סטרונע — דער קירצעסטער וועג, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלען. אַ רייזע, וואָס פלעגט אָהן דיעזע פיילען געדויערען פערציג טעג, פלעגט מיט דיעזען מיטעל נעהמען ניט מעהר וויא פינף און צוואַנציג. די שפּאַניער האָבען דיעזען מיטעל ניט געהאַט. זיי האָבען אָבער זיך צוגעוועהנט צו מאַכען בערגלעך פון די מיסט פון די אָקסען. אויף דער פלאַכע גלאַטע לאַנד פלעגט זיך דאָס זעהן זעהר ווייט.

די רייזענדע דערמאָנען אין זייערע בריעף אויך מאַסען נאָרעס פון „וועווערקעס“, וואָס זיי האָבען געזעהן אין דער ערד. דאָס זיינען מאַרמאָטען (חיה׳לעך וואָס זיינען עהנליך צו וועווערקעס) אָדער „פריירי דאָגס“, וויא מען רופט זיי אין די פעראייניגטע שטאַאטען.

די אינדיאַנער פון דיעזע לאָנקע לענדער הייסען געוועהנליך אַ פּ אַ ט ש ע ס, פון אַ פּועבלאָ־אינדישען וואָרט, וואָס בעדייטעט „שונא“, וואָרים די איינוואוינער פון די פּועבלאָס האָבען פאַר די אַפּאַטשעס געציטערט. די אַפּאַטשעס זיינען געווען ווילדער פאַר זיי און פיעל גרעסער אין צאָהל און זיי פלעגען אָפט בעפאַלען זייערע

דערפער. ניט איין פועבלאָ האָבען זיי פערוויסטעט, אָדער זאָגאַר פערניכטעט.

דיעזע אַפּאַטשעס האָבען געצויגען זייער גאַנצע חיונה פון די בופפעל־אָקסען. זיי האָבען גענעסען זייער פלייש און געטרונקען זייער בלוט; פון די פעל האָבען זיי געמאַכט שיך און קליידער, פּאַלאַטקעס צום וואוינען און שטריק; שטריק האָבען זיי אויך געפלאָכטען פון די לאַנגע געדיכטע האָר, וואָס העגגט ביי דיעזע בהמות פון אונטען; די אָדערען האָבען זיי געדיענט אַלס פאָדים צום נייען און פון די ביינער האָבען זיי געמאַכט אַ מין נאָדלען אָדער אָלען; מיט די מיסט האָבען



אַמעריקאַנער ביזאָן אָדער באָפפאַלאָ (בופפעל־אָקס).

זיי געהייצט; די מאָגענס האָבען ביי זיי געשפּיעלט די ראָלע פון קריג און טעפּ. די פעל פאַר די פּאַלאַטקעס פלעגען זיי אויסאַרבייטען וויא פּאַרמעט. זייערער אַ דאָרף האָט אויסגעזעהן וויא היינט אַ מיליטערישער לאַגער. איבעריגענס, זיינען זייערע דערפער טאַקע געוועזען ניט מעהר וויא לאַגערען. קיין שטענדיגען וואוינונגס־פּלאַץ האָבען זיי ניט געהאַט. זיי פלעגען נאָכגעהן נאָך די ווילדע סטאַדעס און אַזוי וואַנדערען פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערען.

דיעזע אינדיאַנער האָבען געהאַלטען אַ סך הינט, וועלכע זיי האָבען געברויכט צו שלעפּען זייערע פּעק. אין דעם זיינען זיי געווען אַן אויס־נאַהמע, אַזוי וויא דיא פּערואַנער, וואָרים דיא אַנדערע אינדיאַנער האָבען דאָך קיין לאַסט־בהמות ניט געהאַט. זייערע שכנים, דיא פּועבלאָ־אינדיאַנער, וועלכע זיינען געווען ענטוויקעלטער פון זיי, האָבען געהאָ־דעוועט אינדיקעס אַלס הויז־עופות; קיין לאַסט־בהמות האָבען זיי אָבער ניט געהאַט. דיא אַפּאַטשעס פלעגען אויף זייערע הינט אָנטהאָן זאָטלען און צו דיעזע זאָטלען פלעגען זיי צובינדען דיא משא. ווען זיי פלעגען זיך דאַרפען אַריבערקלייבען, פלעגען זיי פונאַנדערנעהמען זייערע פּאַלאַטקעס און אַרויפלעגען זיי מיט דיא אַנדערע זאַכען אויף דיא הינט, און מיט זיי זיך אַוועקלאָזען אויף דעם פּלאַץ, וואוהין דיא אָקסען זיינען אַריבער.

צייטענווייז פלעגען דיא אַפּאַטשעס קומען צו דיא פּועבלאָס און מיט דיא דאָרטיגע איינוואוינער בייטען זייערע פּראָדוקטען, וואָס זיי האָבען געהאַט פון דיא אָקסען, אויף קוקורוזע, באַוועלנע אָדער פעדערנע מאַנטלען און אַנדערע זאַכען. דער האַנדעל פלעגט אָבער אימער פּאָר־קומען פון דרויסען. אינווייניג אין דער פּועבלאָ פלעגען דיא פּועבלאָ אינדיאַנער זיי מורא האָבען אַריינצולאָזען.

דיא רייזע פון דעם לאַגער, וואָס דיא שפּאַניער האָבען אויפגע־שטעלט לעבען דעם דערמאָנטען גראָבען, ביז ק ו ו י ו ו י ר אַ, האָט ביי זיי געדויערט 48 טעג, און דיא גאַנצע צייט האָבען זיי אַלץ בעגע־געגנט אונגעהייערע מאַסען בופּפעל־אָקסען. נאָך איידער זיי זיינען אָנגעקומען אין קוויווירא, האָט זיך אַרויסגעצייגט, אַז דער טערק נאַרט זיי אָב, אַז ער פיהרט זיי אומישנע אַוועק אָן אַ זייט, וואָס ווייטער פון דיא פּועבלאָס. ער איז געצוואונגען געווען זיך מודה צו זיין, און ער האָט ערקלעהרט, אַז דיא פּועבלאָ אינדיאַנער איהם דערצו אָנגע־שטעלט. דיא שפּאַניער האָבען איהם דאַן דערוואָרגען.

ענדליך האָט מען דערגרייכט קוויווירא. אין אַ ספּעציעלע אָבהאַנדלונג וועגען דעם ענין גיט באַנדעליער אָן אַרגומענטען, אַז דאָס איז געווען אין דעם היינטיגען שטאַאַט ק אַ נ ז אַ ס. נאָך זיין מיינונג נאָך איז דאָס אָבער ניט געווען קיין בעשטימטער, שטענדיגער דאָרף, נור אַ דאָרף, וועלכען מען האָט איבערגעטראָגען פון פּלאַץ צו

פלאץ. דיא איינוואוינער זיינען געווען ארומוואנדערענדע אינדיאנער, און וואו זיי האבען זיך אבגעשטעלט, דארטען איז געווען קוויווירא, ערקלעהרט באנדעליער. דא וואו זיי פלעגען זיך אבשטעלען פלעגען זיי פערזעען קוקורוזע און ווארטען ביז זיא פלעגט אויפגעהן און פארטיג ווערען. דיא הייזער זיינען ביי זיי געווען שטרויענע. קיין באוועלנע קליידער אדער צודעקען האבען זיי ניט געהאט; פלייש פלעגען זיי עסען רויהער־הייט. וועגען גאלד און זילבער האט קיין רייד ניט געקענט זיין.

קאראנאדא איז אנגעקומען אין קוויווירא אין יוני 1541, אונגע־פעהר א מאנאט נאך דעם, וויא דע סאטא איז אריבערגעגאנגען דיא מיססיססיפפי. דיא צוויי רייזענדע זיינען איצט געווען אויף א מייל 700 איינער פון דעם אנדערען.

קאראנאדא האט ארום קוויווירא פערבראכט פינף און צוואנציג טעג. מיט א צובראכענעם געמיטה, און א קראנקען קערפער האט ער זיך אומגעקעהרט נאך מעקסיקא. ער איז צום וויצע־קעניג, צו מענ־דאזא'ן, געקומען מיט אן אראבגעלאזענעם קאפ, און דער וויצע־קעניג האט איהם אויפגענומען זעהר קאלט.

וואס איז קאראנאדא שולדיג געווען? ער איז שולדיג געווען אין דעם, וואס מען האט געהאפט, אז ער וועט ענטדעקען א נייע לאנד פון אוצרות, און וואס אזא לאנד איז ניט געווען.

גאנץ אנדערש האט מענדאזא עמפפאנגען דיא, וואס האבען זיך אומגעקעהרט פון דע סאטא'ס צרה'דיגע עקספעדיציע. ווען זיי האבען דערגרייכט דיא שטאדט מעקסיקא (אין א יאהר נאך דעם וויא קארא־נאדא איז אהין געקומען מיט זיין ניעדערלאגע), האט דער וויצע־קעניג ארויסגעשיקט א פארשטעהער זיי מקבל פנים זיין אויפ'ן וועג מיט קליידער און מיט דעליקאטע שפייז. צוזאמען מיט דעם אפיציעלען שליח איז זיי ארויסגעקומען אנטקעגען כמעט יעדער שפאניער פון דער איבערגעבויטער שטאדט. פאר דע סאטא'ס ניעדערלאגע איז מענדאזא ניט געווען פעראנטווארטליך, ווארים זיין עקספעדיציע האט זיך ניט אנגעפאנגען אין מעקסיקא, ניט אונטער מענדאזא'ס רשות. אלזא האט ער צו דיעזע אונגליקליכע אוואנטוריסטען זיך פערהאלטען מענשליך. און אזוי וויא מען האט זיי שוין אלעמען בעוויינט אלס פערלארענע,

האָט זייער אָנקומען ערוועקט אַ בעזונדערען אינטערעס מיט בעזונדערע סימפּאַטהיע.

פיער יאָהר שפּעטער, אין 1547, האָט דיא שפּאַנישע רעגיערונג מענדאָזאַ'ן איבערגעשיקט פון מעקסיקאָ צו ווערען וויצע־קעניג פון פּערו.

מיר וועלען שליסען דיעזען קאַפּיטעל מיט דער בעמערקונג, אַז קאַבעזאַ דע וואַקאַ, דע סאָטאָ און קאָראָנאַדאָ מיט זייערע מיטרייזענדע האָבען געוואַנדערט דורך געגענדען, וועלכע זיינען היינט דיא פאָלגענדע פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען: פלאָרידאַ, דזשאָרדזשיאַ, טעננעססי, אַלאַבאַמאַ, טעקסאַס, ניו־מעקסיקאָ, אָריזאָנאַ, נעוואַדאַ, נעבראַסקאַ און קאַנזאַס.

XVIII.

## דיא ענטדעקונג פון דעם טייך האָדסאָן.

דער האָדסאָן איז געפונען געוואָרען דורך דיא זעלבע אורזאַכע דורך וועלכע קאָלומבוס האָט געפונען אַמעריקאַ. — ווערראַזאַנאָ און גאָמעז. — העגרי האָדסאָן און דיא מאָסקאָווער קאָמפּאַניע. — זיין ערשטע און צווייטע רייזע (אונטער דער ענגלישער פאָהן). — זיין דריטע רייזע (אונטער דער האָללענדישער פאָהן). — זיין בריעף פון דזשאהן סמיטה'ען. — ביי דער מויל פון דעם האָדסאָן. — אין דיא יעצטיגע קאָני איילאַנד, נויאָרק און דזשוירסי סיטי. — צווישען סטעטען איילענד און ברוקלין. — וויא אַזוי דיא אינדיאַנער האָבען דערצעהלט וועגען האָדסאָן'ס אָנקומען. — האָדסאָן'ס רייזע איבער'ן האָדסאָן. — צוריק נאָך אייראָפּאַ. — פערהאַלטען אין ענגלאַנד. — זיין פערטע רייזע (אונטער דער ענגלישער פאָהן). — ענטדעקונג פון האָדסאָן ביי. — האָדסאָן'ס טרויעריגער סוף.

צוצוקומען צו דיא ווייטע אַזיאַטישע לענדער, צו אינדיען, — דיא געווירץ־אינזלען, כינאַ, יאַפּאַן, האָט זיך אַלץ געריכענט פאַר דאָס וויכטיגסטע אין דער האַנדעל־וועלט פון אייראָפּאַ. פּאָרטוגאַל האָט זיך געהאַט איהר וועג צו אַזיען אַרום אַפריקאַ, אָבער דיא אַנדערע ים־רייזענדע נאַציאָנען האָבען אויף דיעזען מאַרשרוט קיין רעכט ניט געהאַט; אַלזאָ האָבען זיי אימער געטראַכט וועגען אַ וועג צו אַזיען דורך אַמעריקאַ. מאַגעלאַן'ס וועג אַרום זיד־אַמעריקאַ איז צו לאַנג, האָט מען אַלץ געזוכט אַ קירצערען. וויא אַזוי שפּאַניען האָט געזוכט אַזאַ וואַסער־דורכגאַנג, האָבען מיר שוין עטליכע מאָל געזעהן אין דיעזען באַנד וויא אויך אין דעם ערשטען. אָבער שפּאַניען איז ניט געוועזן דיא איינציגע. ענגלאַנד, פראַנקרייך און האָללאַנד האָבען אויך געזוכט אַזאַ דורכגאַנג. ווען מען האָט זיך איבערצייגט, אַז אין מיטען זיד־אַמעריקאַ איז אויף דעם קיין האָפנונג ניטאָ, האָט מען גענומען זוכען אין נאָרד־אַמעריקאַ. מען איז געשוואומען פאַזע ברעג, אַריינגעשוואומען אין

שטיקלעך ים, וואָס גיסען זיך אריין אין דער יבשה; מען האָט זיך אָבער ערקונדיגט, אַז דאָס זיינען ניט מעהר וויא „ים־בוזימער“, אָדער „מיילער“ פון טייכען. ניצליך זיינען דיעזע פאָרשונגס־רייזעס יעדענ־פאַלס געווען, וואָרים דורך זיי איז מען בעקאַנט געוואָרען מיט דער לאַנד־קאַרטע פון אַמעריקאַ ביי איהרע ברעגעס, און מיט אייניגע פון איהרע וויכטיגע טייכען.

אָט אויף דיעזען אָרט איז דאָס ענטדעקט געוואָרען דער האָדסאָן, דער שעהנער טייך, אויף וועלכען היינט שטעהט נויאָרק, אָלבאַני און אַנדערע שטעדט פון דעם נויאָרקער שטאַאַט. מיט אַנדערע ווערטער, דיעזער טייך איז געפונען געוואָרען דורך דיא זעלבע אורזאַכע, דורך וועלכע קאָלומבוס האָט געפונען אַמעריקאַ, נעמליך דורך דעם, וואָס מען האָט געזוכט אַ מערב וועג פון אייראָפּאַ נאָך אַזיען.

דער לעזער געדענקט וויא דער קאַפּיטאַן פון אַ פראַנצויזישע שיף האָט אויפ׳ן ים געכאַפּט דיא אוצרות וואָס קאָרטעס האָט פון מעקסיקאָ געשיקט צום שפּאַנישען קעניג, און זיי איבערגעגעבען צום פראַנצויזישען קעניג (אויבען, זייטעל 415), דיעזער שיפס־קאַפּיטאַן איז געווען דזשיאָוואַני ווערראַזאַנאָ. ער איז געווען אַן איטאַליע־נישער שיפּס־מאַן, און דער פראַנצויזישער קעניג פראַנציסקאָ דער ערשטער האָט איהם געדונגען צו מאַכען ים־רייזעס פאַר איהם (אין פראַנקרייך האָט מען איהם גערופען זשואַן פלאָ־רענטין, ווייל ער איז געבאָרען געוואָרען אין פלאָרענציע, איטאַ־ליען). קאָרטעס׳עס גאָלד האָט ער געכאַפּט אין 1523. מיט אַ יאָהר שפּעטער איז ער פון פראַנקרייך אריבערגעשוואומען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן און דערגרייכט דעם ברעג פון דעם היינטיגען שטאַאַט נאָרטה־קאַראָליינאַ (נאָרד־קאַראָלינאַ). פון דאָרטען איז ער געשוואומען פאַזע ברעג צו צפון צו. ער האָט זיך אָבגעשטעלט ביי דעם ברעג פון דעם ניו־יאָרקער ים־בוזים (בעי) און געזעהן דיא מויל פון דעם האָדסאָן.

דעם נעכסטען יאָהר, אין 1525, איז דער זעלבער פּלאַץ בעזוכט געוואָרען פון אַ שפּאַנישען ים־רייזענדען מיט׳ן נאָמען עסטיוואַן גאָמעז. דאָס איז דער זעלבער גאָמעז, מיט וועלכען מיר זיינען בעקאַנט געוואָרען ווען מיר האָבען גערעדט וועגען מאַגעלאַן׳ס רייזע אַרום דער וועלט. ער האָט זיך דאָס אָבגעג׳גנב׳עט פון מאַגעלאַן׳ס פלאָטע מיט אַ שיף און זיך אומגעקעהרט קיין שפּאַניען (זעה אויבען,

זייטעל 135). מיט עטליכע יאָהר שפּעטער האָט גאָמעז געמאַכט אַן עקספּעדיציע. ער איז געשוואומען פאַזע דעם ברעג פון נאָרד־אַמעריקאַ פון צפון צו דרום צו, ביז פלאָרידאַ, אַלץ זוכענדיג אַ וואַסער־דורכגאַנג צו אַזיען. ער האָט זיך אָבגעשטעלט ביי קייפּ קאָד (אין דעם היינטיגען שטאַאַט מאַסאַטשוזעטס), און נאַראַגענסעטט ביי (רהאָוד איילענד), ביי דעם קאָנעקטיקוט טייך, דעם האָדסאָן טייך און דעם דעלאַווער טייך.

נאָך ווערראַזאַנאָ׳ן האָבען פראַנצויזישע הענדלער געגומען פאָהרען צום האָדסאָן נאָך פּוטער־וואַרג. מען גלויבט אַז זיי האָבען זאָגאַר אויפ־געשטעלט הילצערנע פעסטונגען אויף דעם פּלאַץ וואו היינט שטעהען נויאָרק און אָלבאַני. דאָס האָט אָנגעהאַלטען ביי אַ פערטעל יאָהר־הונדערט. דאַן האָבען דיעזע רייזעס אויפגעהערט. פראַנקרייך איז פער־פלאָנטערט געוואָרען אין אינערליכע און אויסערליכע מלחמות און אַזעלכע אונטערנעהמונגען זיינען געשטערט געוואָרען. מיט דער צייט האָט מען אפילו פערגעסען אַז זיי זיינען ווען עס איז פאָרגעקומען. פון ווערראַזאַנאָ׳ס ענטדעקונג איז קיין סליאַד ניט געבליבען. ניט אַלע זיינען זאָגאַר איבערצייגט אַז ער האָט דעם האָדסאָן בעזוכט. עס זיינען פאַראַן מיינונגען אַז זיין בעשרייבונג פאַסט זיך צו אַן אַנדער טייך.

דער ערשטער וואָס האָט דעם האָדסאָן בעזוכט, און וואָס פון דיעזען בעזוך זיינען אַרויסגעקומען שטענדיגע רעזולטאַטען, איז הענרי האָדסאָן, דער מאַן נאָך וועמען מען האָט דעם טייך אַ נאָמען געגעבען. — האָדסאָן איז געווען אַן ענגלענדער, אָבער דיעזע ענטדעקונג האָט ער געמאַכט פאַר האָללאַנד, און דעריבער זיינען דיא האָללענדער געווען דיא גרינדער פון נויאָרק, וועלכע זיי האָבען גערופען ניי־אַמסטערדאַם.

דיא ענטדעקונג איז געמאַכט געוואָרען אין יאָהר 1609.

אין לאָנדאָן האָט דאַן עקזיסטירט אַ האַנדעלס־געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך גערופען „מאָסקאָווער קאָמפּאַניע“ (דאָס הייסט רוסישע קאָמפּאַניע, וואָרים „מאָסקאָוויאַ“ האָט געהייסען גאַנץ רוסלאַנד). איהר ציעל איז געווען צו האַנדלען מיט רוסלאַנד און צו ענטדעקען און קאָלאָ־ניזירען נייע לענדער. זיא האָט זיך בעשלאָסען צו זוכען אַ וועג נאָך יאַפּאַן, כינאַ און אינדיען דורך דעם אַרקטיק אָקעאַן (דער קאַלטער אָקעאַן, וואָס ליגט צו צפון). הענרי האָדסאָן איז געווען אַ געשטודירטער

שיפסמאן. אלזא האט דיא קאמפאניע איהם געמאכט פאר דעם קאמאנ־דיר פון דער עקספעדיציע, וואס זיא האט ארויסגעשיקט מיט דיעזען צוועק.

דער קאלטער אקעאן ליגט ארום דעם נארד פאל, צו צפון פון איירא פא (נארוועגען און רוסלאנד), אזיען (סיביר) און נארד־אמעריקא. דורך דארטען צו קומען צו כינא און יאפאן האבען בעדארפט זיין דריי־ערליי וועגען: 1) פאזע רוסלאנד צו מזרח צו, 2) פאזע נארד־אמעריקא צו מערב צו, 3) דורך דעם נארד פאל, (זעה „דיא ברייט און דיא לייגג פון דער ערד“ אין דער ביילאגע צום ערשטען באנד, זייטעל 645).

האדסאן האט זיין רייזע געפרופט מאכען דורך דעם נארד פאל. ער האט געהאט צו קעמפפען געגען בערג מיט אייז און געגען דיא שרעקליכע קעלט פון יענע געגענדען, און איז ענדליך געצוואונגען געווען זיך אומצוקעהרען. ער איז דערגאנגען נעהנטער צום נארד פאל, וויא אירגענד וועלכער פריהערדיגער רייזענדער. ער איז אייגענטליך געווען דער ערשטער וואס האט געפרופט צוקומען צום נארד פאל, צו וועלכען עס זיינען אין אונזער צייט געמאכט געווארען פיעלע אומזיסטע רייזעס ביז דער אמעריקאנער קאפיטאן פיערי האט ענדליך געהאט ערפאלג.

האדסאן האט אלזא זיין ציעל ניט דערגרייכט. ער האט אבער געפונען וואל־פישען און דורך דעם איז געגרינדעט געווארען דיא וואל־פיש־פאנגעריי אין דעם קאלטען אקעאן; אלזא איז דיא „מאסקאווער קאמפאניע“ צופריעדען געווען, און זיא האט איהם ארויסגעשיקט א צווייטען מאל. דיעזען מאל האט ער געפרופט דערגרייכען כינא דורך מזרח זייט, דאס הייסט פאהרענדיג פאזע דיא ווייטע צפון ברעגעס פון רוסלאנד. ער איז ווידער געצוואונגען געווען זיך אומצוקעהרען, ניט ערגרייכענדיג זיין ציעל.

דאן האט דיא לאנדאנער מאסקאווער קאמפאניע שוין מעהר ניט געוועלט אויסגעבען געלד אויף זיינע רייזעס. ווען דאס האט מען דערהערט אין האללאנד, האט א דארטיגע האנדעלס־געזעלשאפט, דיא האללענדישע אסט־אינדיען קאמפאניע, איהם אנגעשטעלט צו פיהרען אן עקספעדיציע פון איהר׳ט וועגען. האללאנד איז דאן געווען איינע פון דיא וויכטיגסטע האנדעלס־לענדער אין דער וועלט. זיא האט נאך פריהער געפרופט זוכען א וועג נאך כינא, יאפאן און אינדיען דורך דעם קאלטען אקעאן. זיין דריטע ענטדעקונגס־רייזע האט העגרי האדסאן,

דער ענגלישער שיפס־קאפּיטאן, אלזאָ געמאכט אונטער דער האָללענ־דישער פאָהן.

ער איז אָבגעפאָהרען פון אמסטערדאם, האָללאנד, מיט איין קליינע שיף, די „האלבע לבנה“, און מיט צוואנציג מאן, — איינינע האָללענדער און איינינע ענגלענדער. דאָס איז געוועזן דעם 25טען מערץ, 1609. נאָך דעם וויא ער איז ארומגעשוואומען ארום נאָרוועגיען, האָט ער דערגרייכט דעם וויסטען רוסישען אינזעל, נאָוואיא זעמליא, וועלכען ער האָט שוין געהאט בעזוכט אויף זיין צווייטע רייזע. ער האָט ווידער געוועלט שווימען צו מזרח צו, דאָס הייסט פאזע די צפון ברעגעס פון סיביר. אָבער אייז־בערג האָבען אזא רייזע ווידער אונמעגליך געמאכט. אָבער דיעזען מאָל איז ער שוין אזוי גיך צוריק ניט געפאָהרען. ער האָט געהאט אן אנדער פּלאן. ער איז געוועזן בעפריינדעט מיט דעם בעריהמטען דזשאָהן סמיטה פון ווירגי־ניא*) און מיט א געוויסע צייט פריהער האָט ער פון איהם ערהאלטען א בריעף, אין וועלכען עס איז געוועזן אויסגעדריקט די מיינונג, אַז אביסעל צו דרום פון ווירגיניא מוז זיך געפינען א וואסער־דורכגאנג דורך אמעריקא צו די רייכע לענדער פון אזיען. אלזאָ האָט ער איצט פערקערעוועט זיין שיף צו מערב, צו אמעריקא. אין אָנפאנג יולי איז ער צוגעקומען צו דעם אמעריקאנער אינזעל ניופאונדלענד (לעבען דער היינטיגער קאנאדא), וואו ער האָט געזעהן א מאסע פראנצויזישע פיש־שיפען. ער האָט זיך געלאָזען ווייטער צו דרום צו. דעם 18טען יולי האָט ער דערגרייכט דעם טייך פענאָבסקאָט אין דעם היינטיגען שטאאט מיין. דאָרטען איז צו דער שיף צוגעשוואומען א קאנאָ מיט זעקס אינדיאנער, וועלכע האָבען האָדסאָן'ען דערצעהלט, אז זיי האנדלען אָפט מיט פראנצויזען. איינער פון די זעקס האָט זאָגאר גערעדט אביסעל פראנצויזיש.

*) ווירגיניא (ווירדזשיניע), דער היינטיגער שטאאט פון די פער־איינינטע שטאאטען, איז געוועזן די ערשטע קאָלאָניע, וואָס די ענגלענדער האָבען געגרינדעט אין אמעריקא (זיא איז געגרינדעט געוואָרען מיט צוויי יאָהר פריהער וויא האָדסאָן האָט געמאכט די רייזע, וועגען וועלכע מיר ריידען דאָ); און דזשאָהן סמיטה איז די וויכטיגסטע און אינטערעסאנ־טעסטע פּערזאָן אין די ערשטע קאפּיטלעך פון איהר געשיכטע.

דיא רויט־הויטיגע פון דעם געגענד האָבען האָדסאָן'ס מענשען בעהאַנדעלט זעהר פריינדליך; און האָדסאָן'ס מענשען האָבען זיי אָבגע־צאָהלט מיט דעם, וואָס זיי האָבען זיי אַרויסגעטריבען פון זייערע הייזער, און צוגענומען פון דאָרטען אַלץ וואָס האָט נאָר געהאַט א ווערטה.

דעם 26טען יולי האָט האָדסאָן פאָרטגעזעצט זיין רייזע צו דרום צו. באַלד איז ער צוגעקומען צו קייפ קאד (אין דער היינטיגער מאַססאַטשוזעטס). אויפ'ן ברעג האָבען זיינע מאַטראָזען דאָרטען געפו־נען אַ סך וויינטרויבען און טאַבאַק. דיא דאָרטיגע אינדיאַנער האָבען געהאַט ליימענע לולקעס מיט קופּערנע טשיביקעס, און זיי האָבען ניט אויפגעהערט צו רויכערען.

האָדסאָן איז ווייטער געפאָהרען — אַלץ צו דרום צו, ביז ער איז געווען ניט ווייט פון דעם ווירגיניער ברעג, וואו זיין פריינד דזשאָהן סמיטה און אַנדערע לאַנדסלייט זיינע האָבען געהאַט זייער קאָלאָניע. ער האָט זיך אָבער דאָרטען ניט אָבגעשטעלט. ער איז געווען פערטהאָן אין זיין פּלאַן. ווען ער איז צוגעקומען א היבשע שטיק צו דרום צו פון ווירגיניא און ער האָט זיך ערקונדיגט אַז דאָרטען איז קיין וואַסער־דורכגאַנג צו אַזיען ניטאָ, האָט ער זיין שיף פערקירעוועט צוריק צו צפון צו, אין דער האָפנונג דאָרטען צו מאַכען עפּעס אַן אַנדער ענטדעקונג.

ער איז פאַרבייגעשוואומען דיא ברעגעס פון דעם היינטיגען שטאַאַט מערילענד, און דעם 28טען אויגוסט האָט ער ענטדעקט דעם דעלאַווער ים־בוזים. דעם דריטען סעפּטעמבער אין דער פריה איז ער פערבייגעגאַנגען לאָנג ברענטש און נאָך מיטאָג־צייט איז ער געווען אין סענדי הוק, וואו היינט מוז זיך אָבשטעלען אויף קאַראַנטין יעדע שיף וואָס קומט אָן פון אייראָפּאַ נאָך נויאָרק.

אויפ'ן ברעג זיינען זיינע מאַטראָזען אַרויס אין קאני איילענד (אַנדערע זאָגען אַז אין מאַנהעטטען). זיי האָבען געפונען א סך גוטע פיש, פלוימען און וויינטרויבען. אויף מאָרגען איז האָדסאָן צוגעשוואומען צו דער היינטיגער ניו־דזשוירסי סיטי. דיא ברעגעס זיינען אומעטום געווען געפּאַקט מיט רויט־הויטיגע. ווען דיא ווייסע זיינען אַראָב פון שיף האָט מען זיי בעגעגענט מיט קוקורוזע, קוקורוזע־ברויט, געטרי־קענטע יאַגדעס און מיט טאַבאַק. עס איז פאָרגעקומען אַ גאַנצע צערע־מאָניע, און ווען דיא ווייסע האָבען געמאַכט א שפּאַציער כדי צו

בעקוקען דיא לאַנד, איז מען זיי נאָכגעגאַנגען מיט אויסדריקע פון פריינדליכע נייגיריגקייט. איינינע פון דיעזע אינדיאַנער האָבען געטראָגען קופּערנע ציערונג אויף דיא העלזער און מאַנטלען פון פוטער אָדער פון פעדערען.

דערנאָך האָט האָדסאָן געשיקט פינף מאַן אויסצופאָרשען דיא „נעררָאוס", דיא שמאָלע שטיקעל ים, וואָס ליגט צווישען סטעטען איילענד און ברוקלין. דיא פינף שלוחים האָבען אומעטום געזעהן שעהנע



הענרי האָדסאָן.

געראָטענע בוימער, רייכע גראָז און שמעקענדע בלומען. זיי האָבען זיך אומגעקעהרט, ווען עס איז שוין געוואָרען פינסטער און עס האָט גענומען גיסען אַ שלאַגס־רעגען. אויפ'ן וועג האָבען זיי געהאַט אַ טרויעריגע בעגעגענעם : עטליכע קאַנאָס מיט אינדיאַנער, וועלכע האָבען אויף זיי אויסגעשאָסען מיט זייערע פייל־און־בויגענס. איינער פון דיא

פינף איז געפאַלען טוידט און צוויי זיינען געווען געוואונדעט. צוליעב דעם רעגען האָבען ניט געקענט שיסען זייערע ביקסען און זיי האָבען זיך ניט געקענט פערטהיידיגען. דיא קאַנאָס זיינען אָבער גלייך אַנט־לאָפען ; און מען גלויבט, אַז זיי האָבען געשאָסען, ווייל זיי האָבען זיך דערשראָקען פאַר דיא שיפעל, וואָס זיי האָבען פלוצלינג בעגעגענט.

עס איז געווען אַזוי פינסטער, אַז דיא פיער איבערגעבליבענע ווייסע האָבען אַ גאַנצע נאַכט זיך אַרומגעשלעפט איבער׳ן וואַסער זוכענדיג זייער שיף. ערשט אין דער פריה האָבען זיי איהר געפונען. באַלד זיינען ווידער צוגעשוואומען אינדיאַנער, ווידער מיט דיא פריינדליכסטע שמייכלען און אוואַיעס. האָדסאָן האָט זיי אָבער שוין ניט געטרויט, און דריי פון זיי האָט ער פערהאַלטען אַלס אַ גאַראַנטיע, אַז זייערע ברידער וועלען זיך גוט אויפפיהרען. ער האָט זיי אָנגעטהאָן אין רויטע קאָסטיומען. אָבער דאָס האָט זיי ניט צופריעדען געשטעלט מיט זייער געפאַנגענשאַפט. איינער פון דיא אויסגעפוצטע רויט־הויטיגע איז באַלד אַראָבגעשפרונגען אין וואַסער און אוועקגעשוואומען און דיא אַנדערע צוויי זיינען שפעטער אַרויסגעקראָכען דורך דיא קיילעכדיגע פענסטערלעך פון שיף און אויך פערשוואונדען געוואָרען.

וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס אָנקומען פון דיא ווייסע מענשען האָט געמאַכט אויף דיא אינדיאַנער פון דיעזען געגענד, האָבען מיסיאָנערען זיך שפעטער דערוואוסט פון פענסילווייניער אינדיאַנער, וועלכע האָבען דאָס געהערט פון נויאָרקער. דיא ערשטע האָבען האָדסאָן׳ס שיף דערזעהן עטליכע אינדיאַנער, וואָס האָבען דאַן געפאַנגען פיש אין ים. זיי האָבען געזעהן וויא פון ווייטען שווימט עפּעס אַ גרויסע זאַך וואָס זיי האָבען נאָך קיין מאָל ניט געזעהן. אַלזאָ האָבען זיי זיך גלייך אומגעקעהרט צום ברעג און געלאָזט וויסען זייערע שכנים. אַזוי וויא דיא גרויסע אונבעקאַנטע זאַך איז געשוואומען צו זיי צו, האָבען זיי מורא געהאַט טאָמער איז דאָס עפּעס אַ געפאַהר. מען האָט פונאַנדערגעשיקט לאַפערס און מען האָט צוזאַמענגערופען אַ גרויסען עולם און אַלע עלסטע. דיא עלסטע האָבען געהאַט זייער אָפיציעלע פערזאַמלונג אויף דעם מאַנהעטטען איילענד (וואו היינט געפינט זיך דיא הויפּט־טהייל פון דער שטאָדט נויאָרק). מען האָט דעבאַטירט, דעבאַטירט ביז מען איז געקומען צום שלום, אַז דיא מערקווירדיגע שווימענדע זאַך איז ניט קיין חיה נור אַ הויז, און אַז דאָס איז דיא וואוינונג פון „מ א נ י ט אָ״, — פון

דעם „גרויסען גייסט“, וואָס הערשט איבער דער וועלט. אַלזאָ האָט מען זיך גענומען גרייטען „מאניטאָ’ן“ אָבצוגעבען אַ קבלת פּנים, אַז ער זאָל צופריעדען זיין. מען האָט געבראַכט אַ סך פלייש אויף קרבנות, מען האָט בעקוקט דיא געצען און זיי אויסגעפּוצט, און מען האָט אָרגאַניזירט אַ גרויסען רעליגיעזען טאַנץ. ווען מען האָט דערזעהן אַז אויף דער „גרויסער זאַך“ געפינען זיך לעבעדיגע בעשעפּעניסען „אַזוי וויא מענשען“ נור מיט ווייסע פּנים’ער, און מיט זעלטענע קליידער און געוועהר, איז שוין גאָר קיין צווייפעל ניט געווען, אַז דאָס אַלץ צוזאַמען איז „מאַניטאָ“. וואָס נעהנטער „מאַניטאָ“ איז צוגעקומען אַלץ מעהר שרעק איז אָנגעפאַלען. מען האָט אָנגעהויבען צו טאַנצען, אָבער באַלד האָט מען דערהערט מאַניטאָ’ס קול. ער האָט גערופען מיט עטליכע שטימען מיט אַמאָל. פיעלע פון דיא אינדיאַנער האָבען געראַטהען אַז מען זאָל אַנטלויפען אין וואַלד. אַנדערע אָבער האָבען זיך אָבגערופען, אַז „מאַניטאָ“ וועט זיי געווים געפינען און אַז דאַן וועט זיין צאָרן זיין גרויס. מען איז דעריבער געבליבען.

שפּעטער, ווען דיא ווייסע זיינען ארויס אויפ’ן ברעג, האָבען דיא עלסטע און דיא „נביאים“ זיך אויסגעשטעלט אין אַ קרייז. איינער פון דיא ווייסע האָט פון אַ בליסטשענדיגען קרוג (אַ פלאַש) אריינגעגאָסען אַ רויטען געטראַנק אין אַ בליסטשענדיגע קליינע כלי (אַ גלאָז), און מיט דעם מכבד געווען אַן עלסטען. דער עלסטער האָט דאָס צוגענומען, אַ שמעק געטהאָן און איבערגעגעבען אַ צווייטען עלסטען, וועלכער האָט דאָס איבערגעגעבען אַ דריטען א. ז. וו. דיא ווייסע האָבען געפאָדערט אַז מען זאָל דיא משקה טרינקען; דיא רויט־הויטיגע האָבען אָבער מורא געהאַט. ענדליך האָט איין עלסטער אויסגערופען, אַז עס איז אַ געפאַהר צו דערצאָרענען מאַניטאָ’ן און אַז מען מוז אָפּפערען מיט זיך און אויסטרינקען זיין הימעלשע משקה. דיעזער עלסטער האָט דאַן גענומען דיא קליינע כלי, זיך געזעגענט מיט דיא אַנדערע אינדיאַנער און אויסגעטרונקען. אַלע רויט־הויטיגע האָבען אויף איהם געקוקט מיט צושראָקענע בליקען. ער האָט אויסגעשריען, אַז עס דרעהט זיך איהם דיא קאָפּ; ער האָט גענומען פאַלען פון דיא פים; און ענדליך האָט ער זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד. דיא אינדיאַנער האָבען געוויינט און געיאָמערט; מאַניטאָ מיט זיינע מלאכים האָבען געלאַכט.

ביסלעכווייז האָבען זיך דיא אינדיאַנער צוגעוועהנט צו דעם

געדאנק אז דאָס זיינען מענשען, — א מין געמיש פון מלאכים מיט מענשליכע בעשעפעניסען.

דעם 12טען סעפּטעמבער האָט האָדסאָן געגומען שווימען איבער דעם שעהנעם בריטען טייך, וואָס טראָגט איצט זיין נאָמען. ער האָט זיך אָבגעשטעלט אין דער היינטיגער יאָנקערס און דערנאָך לעבען היינטיגען וועסט פּאָינט. אומעטום זיינען צו איהם צוגעשוואומען פיעלע קאַנאָס. דיא רויט־הויטיגע האָבען געבראַכט שפּייז און אַנדערע זאַכען, אָבער האָדסאָן איז געווען פאָרזיכטיג. אויף זיין שיף האָט ער זיי ניט אַרויפגעלאָזען.

דער האָדסאָן איז איינער פון דיא שעהנסטע טייכען אין דער וועלט, און אונזערע רייזענדע האָבען דאָס אַזוי דערנאָך בעריכטעט אין אייראָפּאַ. דיא קעטסקילל בערג האָבען זיי בעצויבערט מיט זייער פּראַכט. ביי דעם פּלאַץ, וואו היינט געפינט זיך קעטסקילל לענדינג, האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט. דיא אינדיאַנער האָבען דאָ געוואוינט אין א גרויסע קיילעכדיגע הויז פון דיא קאָרע פון דעמבע בוימער (מסתמא דיא קאָמוניסטישע געביידע פון א גרופּע פערוואַנדטע פאַמיליען). אַן אַלטער מאַן האָט האָדסאָן'ען דאָ אויפגענומען מיט גרויס פּאַראַד. מען האָט אַרויסגעשיקט צוויי יונגע לייט מיט פייל־און־בויגענס, און באַלד זיינען זיי געקומען צוריק מיט ווילדע טויבען וואָס זיי האָבען געשאָסען לכבוד דעם גאַסט. אויך האָט מען געקוילעט א הונט (מיט דעם שארף פון א ים־שיסעלע). דאָס אַלץ האָט מען צוגע־גרייט און אָבגעקאָכט. נאָך דעם מאָלצייט, ווען האָדסאָן האָט זיך גענומען זעגענען, האָט דער אַלטער מאַן צוזאַמענגענומען אַלע פיילען פון דיא בויגענס און זיי צובראָכען און אַריינגעוואָרפען אין פייער, אום דעם גאַסט צו בערוהיגען, און ער זאָל ניט מורא האָבען צו בלייבען. האָדסאָן איז אָבער ווייטער געפאָהרען.

אין אַן אַנדער פּלאַץ, וואו האָדסאָן האָט זיך אָבגעשטעלט, זיינען צוגעשוואומען מאַסען אינדיאַנער מיט וויינטרויבען און קירבעסען און מיט דיא פוטער פון באָבערס און אַנדערע חיות. דאָס אַלץ האָבען זיי אויסגעביטען אויף העק, מעסערס, שפּיגעלעך, פּאַטשערקעס א. ז. וו.

דער האָדסאָן איז אין פיעלע ערטער אַזוי ברייט, און צוגיסט זיך אַזוי פערשיעדענאַרטיג, אַז דער קאַפּיטאַן פון דער „האַלבער לבנה“

האָט זיך אַלץ געטראַכט אַז אפשר איז דאָס דער וואַסער־דורכגאַנג, וועלכען ער זוכט. אָבער, ווען ער איז צוגעקומען צו דעם פּלאַץ, וואו היינט שטעהט אָלבאַני, דיא הויפּטשטאָדט פון דעם נויאָרקער שטאַאַט, האָט ער געזעהן, אַז ווייטער געהן וועט זיין שיף ניט קענען.

זיין ציעל איז ניט ערדרייכט געוואָרען. ער איז אָבער ביי זיך ניט אַראָבגעפאַלען, וואָרים דער געגענד, וואָס ער האָט בעזוכט, איז געוועזן אַזוי שעהן און פרוכטבאַר און אַזוי גוט אויך צו בויען שטעדט, אַז ער האָט זיין ענטדעקונג געהאַלטען פאַר אַ וויכטיגע. ער איז געוועזן זיכער, אַז האָללאַנד וועט זיך מיט דעם בענוצען.

ער איז געשוואומען צוריק, ביז ער האָט זיך אָבגעשטעלט לעבען האָבאָקען. זיין וואונש איז געוועזן אַוועקצולאָזען זיך ווייטער צו צפון צו און ווידער צו זוכען אַ וואַסער־דורכגאַנג. דיא מאַטראָזען האָבען זיך אָבער ענטזאַגט, און ער איז געצוואונגען געוועזן צו פאָהרען צוריק נאָך אייראָפּאַ.

ווען דיא שיף איז אָנגעקומען אין דאַרמוטה, ענגלאַנד, האָבען דיא ענגלישע מאַטראָזען פון זיין קאָמפּאַניע געפאָדערט, אַז דאָרטען זאָל מען זיך אַרויסזעצען, און האָדסאָן האָט געמוזט פאָלגען. און ווען ער האָט דערנאָך געוועלט פאָהרען נאָך האָללאַנד, האָט מען איהם אויך ניט געלאָזען. ער האָט איצט שוין געהאַט אַ גרויסען נאָמען אַלס רייזענדער און פאָרשער; אַלזאָ האָט דזשיימס דער ערשטער, דער ענגלישער קעניג, איהם ניט ערלויבט מעהר צו דיענען אין דער פרעמד. איבער־געוואַלט האָט מען איהם אומגעקעהרט צו דער מאָסקאָווער קאָמפּאַניע פון לאָנדאָן.

אַלס רעזולטאַט פון האָדסאָן'ס דריטע רייזע רעכענט מען אַלזאָ דאָס וואָס ער האָט בעקאַנט געמאַכט דיא וועלט מיט דעם טייך האָדסאָן. אויף דיעזער רייזע האָט ער אָבער געמאַכט אַן אַנדער וויכטיגע ענטדעקונג אויך. ער האָט נעמליך דערזעהן אַ פלעק אויף דער זון, און אין דעם איז ער געוועזן דער ערשטער. אַנדערע זונען־פלעקען האָט מען ענטדעקט ערשט דערנאָך.

דיא פערטע רייזע האָט ער אַלזאָ ווידער געמאַכט אונטער דער ענגלישער פאָהן. אויף דיעזער רייזע האָט ער ענטדעקט אַ ים, וואָס גיסט זיך אַריין אין צפון זייט פון קאַנאַדאַ. אַזוי וויא ער איז פון דריי

זייטען ארומגערינגעלט מיט יבשה, רופט מען איהם ים־בוזים (בעי). ער טראָגט אויך דעם נאָמען פון דעם ענטדעקער — האָדסאָן בעי.*)

אויף ווינטער איז האָדסאָן׳ס שיף דאָרטען פערפראָהרען געוואָרען. ער האָט גערעכענט דעם נעכסטען זומער צו שווימען ווייטער צו מערב צו. ער האָט געהאָפט אז דיעזער ים איז א טהייל פון אן אָפענעם וואסער־דורכגאנג. דיעזען מאָל האָט ער ווירקליך קיין טעות ניט געהאט, וואָרים ווייטער צו צפון צו געהט האָדסאָן בעי אריין אין ים־שטראסען, וואָס פיהרען צווישען אינזלען צו אזיען. דאָס איז אָבער אין דיא ווייטע קאלטע געגענדען פון סיביר. צום האנדעל מיט כינא וואָלט אזא מארשרוט זיך ניט געלוינט. דאָס אלעס איז האָדסאָן׳ען יעדענפאלס אָבער ניט בעשערט געווען צו וויסען.

ווען עס איז געוואָרען זומער און דיא שיף האָט ווידער געקענט געהן, האָבען דיא מאטראָזען זיך צובונטעוועט געגען איהם. דער אָנפיהרער איז געווען איינער גרין, וועמען האָדסאָן האָט מקרב געווען. מען האָט דעם ענטדעקער געבונדען און אריינגעזעצט אין א קליינע שיפעל. צוזאמען מיט איהם האָט מען אריינגעזעצט זיין זוהן און דיא עטליכע מאטראָזען, וואָס זיינען געווען קראנק. דאן האָבען זיי דיא שיפעל אראָבגעלאָזען אין וואסער. צוערשט איז זיא געווען צוגעבונדען צו דער גרויסער שיף מיט א לאנגע שטריק. אָבער באלד האָט מען דיא שטריק אָבגעשניטען.

אויף דיעזען אָרט איז אומגעקומען דער בעריהמטער ענטדעקונגס־רייזענדער.

דיא בונטאָווסטשיקעס האָבען פון איהם געוועלט פטור ווערען אום ניט צו מוזען פאָרטזעצען דיא רייזע. אחוץ דעם האָבען זיי געוועלט האָבען מעהר שפייז, וואָרים פאר אלעמען צו עסען איז אויפ׳ן שיף ניט געווען. זיי האָבען אָבער דערנאָך אויך געליטען געגוג הונגער. אין איין פלאץ זיינען אויף זיי אָנגעפאלען ווילדע. גרין איז געטוידטעט געוואָרען אויפ׳ן אָרט. און צוויי אנדערע האָבען בעקומען וואונדען, פון וועלכע זיי זיינען אויך געשטאָרבען. א פערטער איז דערנאָך געשטאָרבען פון הונגער.

*) דער נאָמען האָדסאָן שרייבט זיך אין דייטשע געאָגראפיעס „הודזאָן“ און אין רוסישע „גודזאָן“ אָדער „כעדזאָן“.

## XIX.

## פראַנצויזישע רייזענדע און די גרינדונג פון קאַנאַדאַ.

ווערראזאננא'ס טוידט. — מלחמות מיט שפּאַניען. — זשאַק קארטיער. — דער טייך סענט לאָרענס. — איראָקעזישע שטעדטלעך. — ראבערוואל. — הוגענאָטען. — אַ פראַנצויזישע קאָלאָניע אין פלאָרידא און איהר טראַגישער סוף. — סאַמועל שעמפּלען. — זיין בעדייטונג. — זיינע שריפטען און לאַנדקאַרטען. — זיין רייזע נאָך מעקסיקאָ. — נאָך קאַנאַדאַ. — אַנאַפּאָליס. — רייזעס ביי דיא היינטיגע שטאַאַטען מיין און מאַססאַטשוזעטס. — קוועבעק. — דיא פראַנצויזישע פּאָליטיק וועגען דיא אינדיאַנער. — אלגאנקים און הוראָנס. — דיא אָזערע שעמפלען. — מלחמות מיט איראָקעזען. — אינדיאַנער פייניגען זייערע געפאַנגענע. — הייראַטה און „מוטער־רעבט“. — לא סאלל'ס פּלאַן וועגען אַ פראַנצויזישע אימפּעריע אין נאָרד־אַמעריקא.

אין דעם פריהערדיגען קאפיטעל האָבען מיר דערמאָנט דיא רייזע פון דזשיאָוואַני ווערראַזאַננאָ, דעם איטאַליענישען שיפס־פיהרער, וועלכער איז געפאָהרען קיין אַמעריקא אונטער דער פראַנצויזישער פאָהן. ער איז ניט געוועזען דער ערשטער וואָס האָט מיט פראַנצויזישע שיפען בעזוכט דיא „נייע וועלט“. נאָך מיט אַ יאָהר צוואַנציג פריהער האָבען פראַנצויזישע פישער־שיפען גענומען פאָהרען צו דיא צפון געגענדען פון נאָרד־אַמעריקאַ (ארום דער היינטיגער קאַנאַדאַ) נאָך פיש. ווערראַזאַננאָ, וויא מיר ווייסען, איז קיין אַמעריקא געפאָהרען ניט נאָך פיש, נור מיט פיעל וויכטיגערע ציעלען. זיין רייזע האָט שטאטגעפונען אַ יאָהר דריי נאָך דעם וויא קאָרטעס האָט עראָבערט מעקסיקאָ. וועגען דעם וויא ווערראַזאַננאָ האָט איבערגעכאַפּט דיא גאָלד, וואָס קאָרטעס האָט געשיקט צו דעם שפּאַנישען קעניג, האָבען מיר שוין דערצעהלט. לאָמיר דאָ צולעגען, אַז שפּעטער האָט שפּאַניען זיך מיט איהם דערפאַר אָבגערעכענט. ווען אין 1527 (דריי יאָהר נאָך זיין רייזע צו דעם טייך האָדסאָן) האָט ער זיך אַוועקגעלאָזען קיין אינדיען, אַזיען, נאָך געוויר־

צען, האָבען שפּאַנישע שיפען איהם געכאַפּט אויפ'ן וועג און אויפ־געהאַנגען.

דיא פראַנצויזישע רעגיערונג האָט זיך מיט אַמעריקאַ ניט אויפ־געהערט צו אינטערעסירען. שפּאַניען האָט געשעפּט גאָלד פון מעקסיקאָ און פּערו, און צווישען דיא צוויי לענדער זיינען אין יענע צייטען פאָר־געקומען מלחמות, — אַלזאָ האָט דעם פראַנצויזישען קעניג זיך שטאַרק געגלוסט אויך צו געפינען רייכע לענדער אין אַמעריקאַ, אָדער אַ וואַסער־וועג דורך אַמעריקאַ צו דיא רייכע געגענדען פון אַזיען. אין 1525 איז דיעזער קעניג, פ ר אַ נ צ י ס ק אָ ד ע ר ע ר ש ט ע ר, אַריינ־געפאַלען צו דיא שפּאַניער אין פּלען. ער איז אָבגעזעסען אין געפענגניס, אין דער שטאָדט מאַדריד, אַ גאַנצען יאָהר. ווען ער איז בעפרייט געוואָרען, האָט ער ווייטער אָנגעפאַנגען צו טראַכטען וועגען אַמעריקאַ. ער האָט אַלץ געוואָלט ווייזען, אַז „שפּאַניען האָט ניט קיין צואה פון אדם הראשון'ען, אַז דיא גאַנצע נייע וועלט געהערט צו איהר“. ענדליך האָט ער געדונגען אַ צווייטען געניטען שיפסמאַן, אַ געבילדעטען, כוואַטסקען פראַנצויז מיט'ן נאָמען ז ש אַ ק ק אַ ר ט י ע ר, צו פיהרען אַ פאָרשונגס־עקספּעדיציע קיין אַמעריקאַ. דיעזער קאַרטיער האָט אָבגערייזט אין אַפּריל 1534 פון סענט מאַלאָ מיט צוויי שיפען און 61 מאַן. ער איז צוגעקומען צו דיא ברעגעס פון דעם האַלב־אינזעל ל אַ ב ר אַ ד אָ ר. פון דאָרטען איז ער געשוואומען צו דרום צו, האָט אויסגעפאָרשט דיא דרום־ברעגעס פון ניו־פאַונדלענד, איז אַריבער־געשוואומען צו הײנטיגער נ י ו ב ר אָ נ ס וו י ק (קאַנאַדאַ). אויף אַ געוויסען אָרט האָט ער דאָרט אַוועקגעשטעלט אַ צלם און מיט אַ פּאַראַדנע צערעמאָניע אַלע דאָרטיגע לענדער ערקלערט אַלס דאָס אייגענטהום פון פראַנקרייך. נאָך דעם וויא ער האָט אויסגעפאָרשט אַנדערע טהיילען פון יענע געגענדען, האָט ער זיך אומגעקעהרט אַהיים.

אין אַ יאָהר אַרום האָט מען איהם ווייטער געשיקט אַהין, שוין מיט דריי שיפען און מיט 110 מאַן. ער איז אָנגעקומען אין דעם זעלבען געגענד. אַרומשווימענדיג דאָרטען האָט ער באַלד געפונען אַ גאָלף אָדער ים־בוזים, וועלכען ער האָט אַ נאָמען געגעבען ס ע נ ט ל אָ ר ע נ ס, נאָך דעם נאָמען פון דעם הייליגען לאָרענץ, וועמעס טאָג עס איז דאַן געוועזען לויט דעם קאַטהאָלישען לוח. פון אַלע זייטען האָבען דאָרטען געשלאָגען פאָנטאַנען וואַסער פון וואַלפישען. אין דיעזען

גאָלף האָט ער פערקערעוועט זיינע שיפען. אפשר איז דאָס א וואסער־דורכגאנג צו אזיען? דער גאָלף איז געגאנגען ווייטער און ווייטער אין דער יבשה אריין, אָבער וואָס א טאָג איז דיא וואסער געוואָרען אלץ ווענינער געזאלצען, ביז ענדליך האָט זיך קארטיער איבערצייגט, אז דאָס איז שוין מעהר ניט קיין ים, נור א טייך.

דיעזער טייך הייסט דעריבער ס ע נ ט ל אָ ר ע נ ס. ער איז פיעל קירצער וויא דיא מיססיססיפפי; דאָס רוב איז ער אָבער א סך ברייטער און מאכט א פיעל שטארקערען איינדרוק אויף דעם רייזענדען. ווען מען רעדט וועגען דעם סענט לאָרענס טייך, ברויכט מען ניט ווילענ־דיג דעם וואָרט „מאיעסטעטיש" — אזוי ריעזיג און מעכטיג ווייזט ער אוים, אזוי שעהן און גרויסארטיג איז ער מיט זיין וואסער און מיט זיינע ברעגעס. אין דיעזער בעציהונג איז ער דער מערקווירדיגסטער טייך אין נאָרד אמעריקא. אויף א געוויסע שטרעקע איז דיעזער טייך היינט דער גרענעץ צווישען קאנאדא און דעם שטאאט ניו יאָרק. אויף איהם געפינען זיך דיא קאנאדער שטעדט ק וו ע ב ע ק און מ אָ נ ט ־ ר ע א ל. פון קוועבעק ביז דעם סענט לאָרענס גאָלף האלט דער טייך אין דער ברייט פון זיעבען ביז זעכציג מייל. ווייטער צו מאָנטרעאל צו און נאָך ווייטער איז ער שמעלער. ער פאנגט זיך אָן פון דער אָזערע אָ נ ט א ר י אָ, און פון דאָרטען פליסט ער צו מזרח זייט ביז ער פאלט אריין אין דעם סענט לאָרענס גאָלף.

ווען דיא רייזענדע האָבען ביי דיא אינדיאנער געפרעגט וויא עס הייסען דיא דערפער, וואָס זיי האָבען געזעהען ביי דיא ברעגעס פון דעם טייך, האָבען זיי פון זיי געהערט דעם וואָרט „ק א נ א ד א". אויף דער שפראך פון געוויסע איראָקעזישע אינדיאנער איז „קאנאדא" א דאָרף, אלזאָ האָט קארטיער געמיינט, אז אזוי הייסט דער גאנצער געגענד. אויף דיעזען ארט איז דאָס ארויסגעקומען דער יעצטיגער נאָמען פון דעם לאנד קאנאדא („קענעדע", אויף ענגליש).

אויף דעם פלאץ וואו היינט געפינט זיך דיא שטאדט קוועבעק איז געשטאנען א דאָרף מיט'ן נאָמען ס ט א ד א ק אָ נ א. ווען קאר־טיער איז אהין אָנגעקומען מיט זיינע צוויי שיפען, זיינען דיא דאָרטיגע אינדיאנער איבערראשט געוואָרען פון דיא „שווימענדע הייזער" און פון דיא ווייסע מענשען מיט בערד. אָבער ווען דיא ווייסע מענשען האָבען זיי געשאָנקען שנירלעך מיט פאטשערקעס, האָבען זיי פאר

פרייד געטאַנצט און געשפּרונגען. קאַרטיער איז געוואָהר געוואָרען אַז ווייטער איז פאַראַן אַ גרויסע שטאדט מיט'ן נאָמען האָשעלאַ־גאַ. דיא אינדיאַנער פון סטאַדאַקאָנאַ האָבען איהם געפּרופט אָברעדען פון פאָהרען אַהין. זיי האָבען בעסער אַליין געוואָלט האָבען גאָר דיא פּאַטשערקעס וואָס דיא ווייסע האָבען מיט זיך געבראַכט. אַלזאָ האָבען זיי זיי געפּרופט איינרעדען, אַז אויפ'ן וועג קיין האָשעלאַגאַ וועלען זיי בעגעגענען דיא גרעסטע געפאַהרען. אָבער קאַרטיער האָט זיך ניט איבערגעשראָקען און איז אַוועקגעשוואומען ווייטער איבער'ן סענט לאָרענס ביז ער איז געקומען אין האָשעלאַגאַ. דאָס איז געווען אַן איראָקעזישע שטעדטעל. אין גאַנצען האָט זי געהאַט אַ קיילעכדיגע פאָרמע *), אָבער דיא הייזער, וועלכע זיינען געווען קאָמוניסטישע, זיינען געווען לאַנגע, וויא אַלע איראָקעזישע הייזער (זעה אויבען, ענדע זייטעל 302 און אָנפאַנג זייטעל 303).

אינוועניג אין יעדער הויז איז אין מיטען, דורך דער לענג, געווען אַ דורכגאַנג און פון דיא זייטען ביי דיא ווענט, זיינען געווען פּאָליצעס, אויסגעבעט מיט פוטער. דאָס זיינען געווען דיא בעטען. אין דעם דורכגאַנג האָבען זיך געפונען עטליכע שטיינערנע קיכען און אויבען אין דעם דאַך זיינען געווען לעכער, דער רויך זאָל קענען אַרויסגעהן. כמעט איבער יעדער קיך איז געהאַנגען אַ ליימענער קעסעל, אין וועלכען עס האָט זיך געקאָכט קוקורוזע, בעבלעך אָדער דיא פליישׁ פון פויגלעך. קאַרטיער האָט אין דיא קאָמוניסטישע הייזער געזעהן שטיינערנע מעסערס און העק, פייַלען און בויגענס, פערטריקענטע „סקאַלפּס“, דאָס הייסט דיא הויט פון מענשליכע שאַרבענס פון דיא שונאים וואָס דיא דאָרטיגע אינדיאַנער האָבען געטוידט אין מלחמה. ער האָט דאָרטען אויך געזעהען טאַבאַק און שטיינערנע לולקעס (אין פראַנקרייך האָט מען נאָך דאַן פון קיין טאַבאַק ניט געוואוסט). אַרום דער שטעדטעל

*) מיט דיא איראָקעזען איז אונז וויכטיג צו זיין בעקאַנט. זיי האָבען הויפּטזעכליך געוואוינט אויף דער לאַנד, וועלכע איז היינט דער שטאַאַט ניו יאָרק, און זיי האָבען שפּעטער געשפּיעלט אַ ראָלע אין דיא מלחמות צווישען דיא ענגלישע און פראַנצויזישע קאָלאָניסטען. אַ ביסעל וועגען זייער מיליטערישען פערבאַנד און געזעלשאַפטליכען לעבען האָבען מיר געהאַט אין קאַפּיטעל 7.

איז געשטאַנען אַ קיילעבדיגע וואַנט מיט אַ גאַניק, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען בערג מיט שטיינער. ווען עס פלעגט בעפאַלען אַ שונא, פלעגט מען דיעזע שטיינער אויף איהם וואַרפען. פון דרויסען פון דער קיילעכדיגער וואַנט האָבען זיך געצויגען פעלדער פון קוקורוזע מיט קירבעסען.

דיא איינוואוינער פון האָשעלאַגאַ האָבען דיא ווייסע צוגעגומען זעהר פריינדליך. זיי האָבען זיך אַרומגעקליבען אַרום זיי, געטאַפּט זייערע בערד און זייערע געוועהר. דערנאָך איז דאָ געווען דאָס זעלבע וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט קאַבעזאַ דע וואַקאַ'ן און זיינע דריי מיטרייזענדע: דיא אינדיאַנער פון האָשעלאַגאַ האָבען דיא פראַנצויזען בעטראַכט אַלס וואונדער־דאָקטוירים אָדער מכשפים, און זייערע קראַנקע האָבען זיך צו זיי געווענדעט אַז זיי זאָלען זיי אָנריהרען און מיט דעם אויסהיילען.

אַ באַרג לעבען האָשעלאַגאַ האָט קאַרטיער אַ נאָמען געגעבען מ אָ נ ט ר אָ י אַ ל (קעניגליכער באַרג). פון דעם איז דאָס דערנאָך געוואָרען דער נאָמען פון דער שטאָדט וואָס פראַנצויזען האָבען אויס־געבויט אונטער דעם באַרג מ אָ נ ט ר ע אַ ל (מאָנטרעאָל אויף ענגליש).

דער ווינטער איז געווען אַ שרעקליכער. דיא פראַנצויזען זיינען צו אַזעלכע פרעסט ניט געוואוינט געווען און פיעלע פון זיי זיינען אויס־געשטאָרבען. קאַרטיער איז געצוואונגען געווען צו פאָהרען צוריק נאָך פראַנקרייך.

דער קעניג האָט אַלץ ניט געוואָלט פערגעסען זיינע פּלענער וועגען אַמעריקאַ. אויב פראַנקרייך זאָל דאָרטען אפילו ניט געפינען ניט קיין גאָלד־לענדער און ניט קיין וואַסער־דורכגאַנג נאָך אַזיען, איז דאָרטען יעדענפאַלס וויכטיג געווען צו גרינדען קאָלאָניעס צוליעב דיא מאַסען פיש און פוטערוואַרג, וואָס מען האָט פון דאָרטען געקענט בעציהען נאָך פראַנקרייך. מיט דיעזען צוועק האָט ער אַהין געשיקט אַן אַדעלי־גען מיט'ן נאָמען ר אָ ב ע ר וו אַ ל אַלס וויצע־קעניג. אַ חוץ דעם האָט קאַרטיער געמאַכט נאָך אַ פאָרשונגס־עקספּעדיציע. ראָבערוואַל איז געווען אַ שטרענגער באַרמלאָזער טיראַן. פאַר די קלענסטע זאַך האָט ער דיא קאָלאָניסטען געשמיסען אָדער גאָר געשאָסען. זיין קאָלאָניע איז דורכגעפאַלען.

אינטערעסאַנט איז דיא געשיכטע פון דעם ערשטען ווייסען קינד,



דער גרענעץ צווישען קאנאדא און דיא פעראייניגטע שטאאטען

דיא ענטדעקונגען פון האדסאן, קארטיער און שעמפלען

וואָס איז געבאָרען געוואָרען אין קאַנאַדאַ. אַזוי וויא ראָבערוואַל איז געפאָהרען גרינדען אַ קאָלאָניע, האָט ער פון פראנקרייך מיטגענומען אַ געוויסע צאָהל פערהייראַטע פּאָר פאָלק. אויך איז מיט איהם מיט־געפאָהרען זיינע אַ פּלעמעניצע מיט איהר דיענסט. אויפ'ן וועג האָט דיא פריילין זיך איינגעליעבט אין אַ יונגען אדעליגען פון ראָבערוואַל'ס סוויטע. דער ווילדער האַרצלאָזער וויצע־קעניג האָט זיך דערוואוסט, אַז זיא דאַרף ווערען מוטער, האָט ער איהר אַרויסגעזעצט אויף אַ ווילדען געפעהרליכען אינזעל, וועלכען דיא פראנצויזישע מאַטראָזען האָבען גערופען „אינזעל פון שדים". אזוי וויא איהר דיענסט האָט געוואוסט פון איהרע פערהעלטניסע מיט'ן יונגען מאַן און האָט ניט אויסגעזאָגט, האָט ער איהר אויך אַרויסגעזעצט. ער האָט זיי געגעבען ביקסען, פּולווער און קוילען און אַ ביסעל שפּייז, און אַזוי האָט ער זיי איבערגעלאָזען. דיא מיידעל'ס געליעבטען האָט ער ניט בעשטראָפט; יענער איז אָבער אַראָבגעשפּרונגען אין וואַסער, אין דער מינוט ווען דיא שיף האָט גענומען אָברייזען, און ער איז צוגעשוואומען צום ברעג, אום צו טהיילען זיין געליעבטע'ס שיקזאַל. אָט פון דיעזען פּאָר פאָלק איז דאָס געבאָרען געוואָרען דאָס ערשטע אייראָפּעאישע קינד אין קאַנאַדאַ. דאָס לעבען איז דאָ אָבער געוועזען פול מיט שוויעריגקייט און אין אַ קורצע צייט איז געשטאָרבען דאָס קינד, דער פאַטער און דיא דיענסט. צוויי יאָהר האָט ראָבערוואַל'ס פּלעמעניצע אויפ'ן אינזעל געוואוינט איינע אַליין, שפּייזענדיג זיך וויא־עס־איז, און בעשיצענדיג זיך מיט איהר ביקס געגען בערען און וועלף. ענדליך האָט איהר אַ פישער־שיפעל דאָ געפונען און אַוועקגעפיהרט אין פראנקרייך.

באַלד האָבען זיך ווידער אָנגעפאַנגען מלחמות מיט שפּאַניען. און דיא פראנצויזישע פאָרשונגס־רייזעס אין אמעריקא זיינען אונטער־בראָכען געוואָרען.

אין 1562 האָט אַ פראנצויז מיט'ן נאָמען ריבאָ אין פלאָרידאַ געגרינדעט אַ קאָלאָניע פון הוגענאָטען, דאָס הייסט פון פראנצויזישע פּראָטעסטאַנטען, וועלכע האָבען אין פראנקרייך געהאַט אויסצושטעהן פערפאָלגונגען פאַר זייער רעליגיאָן. אויף דער קאָלאָניע זיינען אָבער דערנאָך אָנגעפאַלען שפּאַניער און זיי האָבען אַלעמען אויסגע'הרג'עט.

אין פראנקרייך גופא האָט זיך דאַן אָנגעפאַנגען אַ לאַנגע רייהע פון אינערליכע מלחמות צווישען דיא קאַטאָליקען און הוגענאָטען (זעה

ערשטען באַנד, ענדע פון זייטעל 617 און אָנפאַנג פון זייטעל 618), און דיא פראגע וועגען האַנדעלס־קאָלאָניעס איז דאַן אין זינען ניט געלעגען.

שפּעטער, ביי דעם שלום פון יענעם יאהרהונדערט, ווען דיא בלוטיגע מלחמות האָבען אויפגעהערט, האָבען געוויסע פראנצויזישע סוחרים, ווען עס האָט זיך געגלוסט רייך צו ווערען פון נאָרד־אַמעריקאַנישע פוטערוואַרג, זיך גענומען פאַר דעם אַלטען פּלאַן. דאָ טרעט אויף דער היסטאָרישער ביהנע ארוים איינע פון דיא סימפּאַטיש־סטע און וויכטיגסטע פיגורען אין דער גאַנצער געשיכטע פון אַמעריקאַ. מיר מיינען דאָ סאַמועל שעמפּלען, וועלכען מען רופט געוועהנליך גרינדער אָדער פאָטער פון ניי־פראַנקרייך, דאָס הייסט פון קאַנאַדאַ און פון דיא אנדערע נאָרד־אַמעריקאַנישע געגענדען איבער וועלכע דיא פראנצויזען זיינען געווען דיא בעל הבתים ביז דיא ענגלענדער האָבען זיי ביי זיי אוועקגענומען.

שעמפּלען איז געווען אַ גוטער בעאָבאַכטער און אַ גוטער שרייבער. זיינע שריפטען גיבען אונז די בעסטע שילדערונגען פון דעם לעבען פון דיא אינדיאַנער, איידער זיי זיינען בעקאַנט געוואָרען מיט ווייסע מענ־שען. אויך האָט ער געמאַכט אויסגערעכענטע לאַנדקאַרטען פון דיא ערטער וואָס ער האָט בעזוכט. אַ דאנק דיעזע אַרבייט זיינע האָט מען צום ערשטען מאָל בעקומען אַ ריכטיגען בעגריף וועגען דער געאָגראַפיע פון אַ גרויסע טהייל פון דעם געגענד, וואו קאַנאַדאַ גרענעצט זיך מיט דיא היינטיגע פעראייניגטע שטאַאַטען, וואָרים ער האָט אויסגעפאָרשט ניט בלויז ביידע ברעגעס פון סענט לאָרענס טייך, נור אויך דיא ברעגעס פון מיין און מאַססאַטשוזעטס.

זיינע ווערק, וועלכע מיר האָבען געלעזען אין אַן ענגלישע איבער־זעצונג, זיינען פול מיט לעבהאַפטע בילדער און מיט אינטערעסאַנטע איינצעלהייטען, וועלכע ווייזען אויף אַ פיינקטליכען וויסענשאַפטליכען מח און אויף אַן עהרליכען און ליעבליכען כאַראַקטער.

נאָך דעם וויא עס איז געשלאָסען געוואָרען שלום צווישען פראַנק־רייך און שפּאַניען, האָט שעמפּלען מיט זיינעם אַן אָנקעל בעזוכט דיא שפּאַנישע האַפען־שטאָדט סעוויללאַ. דיעזער אָנקעל זיינער האָט דאַן געדיענט אין דער שפּאַנישער פלאָטע, און מיט זיין הילף האָט שעמפּלען בעקומען דיא קאָמאַנדע איבער איינע פון עטליכע שיפען וואָס זיינען

פון סעווילל אָבגעפאָהרען נאָך מעקסיקאָ. ווען ער איז געקומען נאָך פּאַנאַמאַ, האָט ער אויסגעדריקט דיא מיינונג, אַז מען וואָלט בעדאַרפט גראָבען אַ קאַנאַל דורך דעם איסטהמוס. און אַז אַזאַ קאַנאַל וואָלט געווען וויכטיגער פאַר דעם וועג קיין אַזיען וויא דיא וואַסער־דורכ־גאַנגען, וואָס מען האָט דאַן אין אַמעריקאַ געזוכט ווייטער צו צפון צו. דער קאַנאַל וואָס דיא פעראייניגטע שטאַאַטען האַלטען אין גראָבען אין פּאַנאַמאַ איצט, ווען עס ווערט געשריעבען דיעזער בוך, איז אַלזאָ שוין אַריינגעפאַלען אין זין שעמפּלען׳ען העכער וויא דריי־הונדערט יאהר צוריק.

אין זיין בעשרייבונג פון דיא זאַכען וואָס ער האָט געזעהן אין מעקסיקאָ, דערמאָנט ער וויא דיא שפּאַניער האָבען געמוטשעט דיא אינדיאַנער, וויא אויך דיא פייערען פון דער אינקוויזיציע, וועלכע האָבען דאָרטען געפלאַקערט אַזוי וויא אין שפּאַניען.

נאָך קאַנאַדאַ איז שעמפּלען געפאָהרען שפּעטער אַביסעל. ער איז אַהין געפאָהרען צוזאַמען מיט אַ פאָרשטעהער פון אַ מאָנאָפּאָליע איבער קאַנאַדער פוטערוואַרג. ער האָט בעזוכט דעם געגענד, וואו קאַרטיער האָט געזעהן דיא איראָקעזישע שטעדטלעך סטאַדאַקאָנאַ און האָשעלאַגאַ. דיעזע צוויי שטעדטלעך זיינען אָבער שוין לאַנג אויך דער וועלט ניט געווען. אין דיא אכט־און־זעכציג יאהר, וואָס זיינען אַוועקגעגאַנגען זייט קאַרטיער׳ס בעזוך, איז דאָ פאָרגעקומען אַן ענדע־רונג: אַנדערע אינדיאַנער האָבען דעם איראָקעזישען שבט פון דאַנען פערטריעבען. דיעזע זיעגרייכע שבטים זיינען בעקאַנט מיט דעם אַלגעמיינעם נאָמען אַ ל ג ׳אָ נ ק י ס. אנשטאַט איראָקעזישע דערפער האָט שעמפּלען ביי דיא קאַנאַדער ברעגעס פון דעם טייך לאָרענס אַלזאָ געפונען דיא דערפער פון אַן אַלגאָנקישען שבט.

נאָך דעם וויא ער האָט אין קאַנאַדאַ געגרינדעט פּ אָ ר ט ר אָ י אַ ל (דיא היינטיגע אַננאַפּאָליס), האָט ער זיך אַוועקגעלאָזען צו דרום־צו, אפשר וועט ער געפינען אַ בעסערען פּלאַץ פאַר אַ קאָלאָניע. אַזוי פאָהרענדיג האָט ער ענטדעקט דעם פּרעכטיגען אינזעל מ אַ ו נ ט ד ע ז ע ר ט פון דעם היינטיגען שטאַאַט מעין. ער האָט אויס־געפאָרשט דיא טייכען פּ ע נ אָ ב ס ק אָ ט און ק ע נ נ ע ב ע ק (אויך אין מעין). דאַן איז ער אַריינגעשוואומען אין דער מויל פון דעם טייך

ט ש א ר ל ס, וואו היינט שטעהט ב אָ ס ט אָ ן. דערנאָך איז ער געפּאָהרען אַ ביסעל ווייטער פאַזע דעם מאַססאַטשוזעטסער ברעג פון אַטלאַנטישען אָקעאַן, ביז ער איז געקומען צום שלוס אַז פּאָרט ראָיאַל איז דער בעסטער פּלאַץ פאַר זיין קאָלאָניע, און האָט זיך אומגעקעהרט אַהין.

ער איז באַלד געצוואונגען געווען צו פאָהרען נאָך פראַנקרייך. אָבער אין אַ פּאָר יאהר אַרום איז ער ווידער געקומען נאָך קאַנאַדאַ. דאַן האָט ער דאָס געגרינדעט ק ו ו ע ב ע ק (קוויבעק, אויף ענגליש), וועלכע איז נאָך עד היום אַ פראַנצויזיש־שפּרעכענדע שטאָדט *). דער ערשטער ווינטער וואָס ער האָט דאָרט פערבראַכט איז געווען אַ שרעקליכער. פון 28 פראַנצויזען זיינען לעבען געבליעבען ניט מעהר וויא 9.

זיין פריינד פּ אָ נ ט ג ר א ו ו ע, וועלכער האָט געהאַט אַן אינטערעס אין דיעזע רייזעס, איז באַלד געקומען פון פראַנקרייך מיט שפּייז און מיט נאָך מענשען. קיין גרויסע קאָמפּאַניע האָבען זיי אָבער אַלץ ניט געהאַט. עס איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז פּאָנטגראַווע זאָל בלייבען אין קוועבעק און אָנפיהרען מיט דיא אינדיאַנער דעם פוטער־האַנדעל, וועהרענד שעמפּלען וועט זיך נעהמען אויספאָרשען דיא לאַנד — אַ בעשעפטיגונג, וועלכע איז איהם געווען פיעל אינטערעסאַנטער און וועלכע איז פאַר דעם פוטער־געשעפט יעדענפאַלס געווען וויכטיג.

ער האָט געהאַט בלויז אַ הייפעלע מיטרייזענדע און מיטנעהמען שפּייז אויף אַ לאַנגע צייט איז אונמעגליך געווען. אונטער אַזעלכע אומשטענדען זיך אַוועקצולאָזען איבער אונבעקאַנטע, ווילדע געגענדען איז נאַטירליך געווען געפעהרליך. שעמפּלען האָט זיך בערעכענט, אַז זיין איינציגע הילף קען זיין פריינדליכע פערהעלטניסע מיט דיא אינדיאַנער וואָס ער וועט בעגעגענען.

אָט דאָס איז געווען דער אָנפאַנג און דער פונדאַמענט פון דער פראַנצויזישער פּאָליטיק אין אַמעריקאַ — גוטע, פריינדליכע בעציהונגען צו דיא אַרומיגע אינדיאַנער, פונקט דער היפך פון דער שפּאַנישער פּאָליטיק.

אָבער צווישען דיא אינדיאַנישע שבטים גופא זיינען דאָך אויך

---

*) קוועבעק איז אַן אינדיאַנישער וואָרט (פון דער אַלגאָנקי־שפּראַך). ער בעדייט „אַ שמאָלער פּלאַץ“, וואָרים דער סענט לאָרענס טייך איז דאָרטען שמאָל.

געווען פיינדשאַפטען און מלחמות; היינט מיט וועלכע פון זיי זאָלען דיא פראַנצויזען זיין פעראייניגט?

עס איז וויכטיג צו וויסען דאָס פאָלגענדע:

דיא איראָקעזישע שבטים זיינען געווען דיא ענטוויקעלטסטע און פערשטענדיגסטע רויט־הויטיגע מענשען אין גאַנץ נאָרד־אַמעריקאַ צו צפון־צו פון דיא פועבלאָ אינדיאַנער. אין שעמפּלען'ס צייטען איז זייער הויפּט־מאַכט געווען אין דעם היינטיגען שטאַאַט ניו יאָרק (לעבען אָלבאַני, סיראַקיוז, ראָטשעסטער, באָפפאַללאָ און דיא אַרומיגע געגענדען), ביי דעם איצטיגען גרענעץ פון קאַנאַדאַ. מיט אַ פּאָר הונדערט יאהר פריהער האָבען זיי אַלע געוואוינט אין קאַנאַדאַ, נור דיא אַלגאָנקים, וועלכע זיינען געווען וועניגער ענטוויקעלט אָבער שטאַרקער אין צאָהל, האָבען זיי ביסלעכווייז פון דאָרטען אַרויסגעשפּאַרט און געצוואונגען זיך צו בעזעצען אויף דער ניו יאָרקער זייט פון דעם טייך סענט לאָרענס און פון דער אָזערע אָ נ ט אַ ר י אָ.

קיין רעה איז פאַר דיא איראָקעזען דערפון ניט אַרויסגעקומען. דער נייער געגענד איז אין פיעלע בעציהונגען פאַר זיי געווען בעסער. דאָרטען זיינען זיי געוואָרען שטאַרקער און פון דאָרטען האָבען זיי זיך פערמעהרט און פערשפּרייט אין דעם שטאַאַט אָהייאָ און אין דעם שטאַאַט פּענסילווייניע. אין דעם שטאַאַט ניו יאָרק גופא איז מעכטיג געוואָרען זייער מיליטערישער פערבאַנד, וועלכען מיר האָבען דערמאָנט אין קאַפּיטעל 7. ווען מיר האָבען גערעדט וועגען לואיס מאָרגאַן'ס געדאַנקען (ווי דער לעזער געדענקט, האָט מאָרגאַן געלעבט צווישען איראָקעזען אַרום דער שטאָדט סיראַקיוז). דיעזער פערבאַנד איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען „דיא ליעג אָוו דיא איראָקואַ“ (דער פערבאַנד פון דיא איראָקעזען); דיא ענגלענדער פון ניו יאָרק פלעגען איהם געוועהנליך רופען „ד י א  פ י נ ף  נ אַ צ י אָ נ ע ן“, דאָס הייסט דיא פינף איראָקעזישע שבטים, וואָס האָבען זיך פעראייניגט. דאָס איז געווען דיא מערקווירדיגסטע מיליטערישע פעראייניגונג פון אינדיאַנער אין גאַנץ אַמעריקאַ אויסער מעקסיקאָ.

אָבער דיא „פינף נאַציאָנען“ זיינען ניט געווען דיא איינציגע איראָקעזישע שבטים. עס זיינען געווען אַנדערע איראָקעזען אויך, אַזעלכע וואָס האָבען צו זייער ליעג ניט געוואָלט צושטעהן, און „דיא פינף נאַציאָנען“ האָבען זיי דעריבער בעקעמפּפט. איין שבט אַזעלכער

האָט געוואוינט אין קאַנאַדאַ אפילו אין שעמפּלען'ס צייטען. דיא פראנצויזען פלעגען דיא אינדיאַנער פון דיעזען שבט רופען הוראָ־נען. ביי דעם אָנפאַנג פון דעם זיעבעצעהנטען יאָהרהונדערט זיינען דיא הוראָנען געווען פריינדליכער מיט דיא אַלגאָנקים וויא מיט זייערע אייגענע בלוט־פערוואַנדטע, דיא איראָקעזען פון ניו יאָרק, מיט וועמען זיי האָבען גערעדט איין שפּראַך. „דיא פינף נאַציאָנען" האָבען געגען זיי און געגען דיא אַלגאָנקים געפיהרט אונאויפהערליכע מלחמות און זיי, דיא הוראָנען, האָבען זיך געגען זיי געוועהרט צוזאַמען מיט דיא אַלגאָנקישע שבטים.

אַרום דעם סענט לאָרענס און ווייטער אין קאַנאַדאַ האָבען געוואוינט אַלגאָנקים. דאָרטען האָט שעמפּלען געוואָלט פיהרען זיינע אונטערזוכונגס־עקספּעדיציעס און זיין פוטער־האַנדעל. אַלזאָ האָט ער געזוכט דיא פריינדשאַפט פון דיעזע שבטים.

באַלד האָבען דיא אָטאַוואַ־אינדיאַנער (אויך אַן אַלגאָנקישער שבט) זיך צו איהם געווענדעט ער זאָל זיי העלפען געגען דיא איראָקעזען פון דעם היינטיגען שטאַאט ניו יאָרק. ער האָט זיי דיעזע הילף געגעבען. אויף קאַנאָס איז ער מיט זיי אריבער צום שונא. אויפ'ן וועג איז זיי געלעגען דיא פּרעכטיגע אָזערע וועלכע טראָגט היינט שעמפּלען'ס נאָמען (לייק טשעמפּלען) און וועלכע ליעגט אין דיא שטאַאַטען ניו יאָרק און ווערמאָנט און אַביסעל אין קאַנאַדאַ.

שעמפּלען און זיינע אינדיאַנער האָבען זיך מיט'ן פיינד בעגעגענט אין טיקאָנדעראָגאַ, אַ שמאָלע שטיקעל לאַנד, וועלכע טהיילט אָב דיא אָזערע שעמפּלען פון דער אָזערע דזשאָרדזש. („טיקאָנדעראָגאַ" הייסט אויף איראָקעזיש דיא בעגעגענים פון וואַסערען). דער זעלבער פּלאַץ איז שפּעטער בעריהמט געוואָרען אין דער געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען מיט שלאַכטען צווישען ענגלענדער און פראַנ־צויזען און, שפּעטער — צווישען דיא אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָנערען און דיא ענגלענדער. דאָ אַלזאָ האָט שעמפּלען און זיינע רויט־הויטיגע בעגלייטער זיך בעגעגענט מיט זייער שונא — מיט דיא מאָהאָק־אינדיאַנער, וועלכע זיינען אַן איראָקעזישער שבט. דאָס זיינען געווען פלינקע, זעהר כוואַטסקע יונגען, אָבער קיין אייראָפּעאישע געוועהר האָבען זיי נאָך קיין מאָל ניט פערזוכט. אַלזאָ, ווען עס האָט זיך

אָנגעפּאַנגען דיא שלאַכט און שעמפּלען האָט אַ פּאָר פון זיי אוועק־
געלעגט מיט זיינע ביקסען, זיינען דיא איבעריגע געוואָרען אזוי פער־
וואונדערט און דערשראָקען, אַז זיי זיינען זיך צולאָפען און פיעלע פון
זיי זיינען אַריינגעפאַלען צו דיא אָטאַוואַס און הוראָנס אין פּלען *).
שעמפּלען'ס בעשרייבונג וויא אזוי דיא אונגליקליכע זיינען בעהאַנדעלט
געוואָרען, ענטהאַלט אַ לעבעדיגען בילד פון דער דונקעלערער זייט
פון דעם אינדיאַנישען כאַראַקטער. מיר וועלען דאָס איבערגעבען מיט
זיינע אייגענע ווערטער.

„נאָך דעם וויא מיר זיינען אָבגעגאַנגען אַ מייל 24, געהענדיג
צוריק אַהיים, — דערצעהלט שעמפּלען — האָבען אונזערע אינדיאַנער
גענומען איינעם פון דיא געפאַנגענע, און צו איהם גערעדט וועגען דיא
מערדערליכקייטען, וואָס זיין פאָלק איז בעגאַנגען געגען זיי. זיי האָבען
איהם ערקלערט אַז ער מוז זיין געגרייט צו בעקומען אָבגעצאָהלט דער־
פאַר. דאַן האָבען זיי צו איהם געזאָגט, אַז אויב ער איז ניט קיין
פייגלינג, זאָל ער זינגען. ער האָט נעבעך געפאָלגט. זיין געזאַנג
איז אָבער געווען זעהר אַ טרויעריגער. דערווייילע האָבען אונזערע
אינדיאַנער אויפגעלעגט האָלץ, געמאַכט אַ פייער, און ווען עס האָט
זיך פונאַנדערגעפלאַקערט, האָט יעדער פון זיי גענומען אַ ברענענדיגע
שטיק האָלץ און דעם געפאַנגענעם אָנגעהויבען צו ברענען. ביסלעכ־
ווייז האָבען זיי איהם געברענט, ניט נאָכאַנאַנד. זיי האָבען געזעהן,
אַז זיינע יסורים זאָלען זיך ציהען וואָס לענגער. פון צייט צו צייט
פלעגען זיי זיך אָבשטעלען, איהם גיסען וואַסער אויפ'ן רוקען און
דאַן איהם ווייטער ברענען. זיי האָבען אויסגעריסען זיינע נעגעל און
דאַן געברענט דיא ברעגעס פון זיינע פינגער און דיא אונאַנשטענדיגע
טהייל פון זיין קערפּער. דערנאָך האָבען זיי אָבגעטהיילט דיא הויט
פון זיין קאָפּ און געקאַפּעט הייסע סמאָלע איבער איהם. דאַן האָבען
זיי דורכגעשטאָכען זיינע הענד ניט ווייט פון פויסט און מיט שטעקע־
לעך האָבען זיי געצויגען זיינע אָדערען און זיי אַרויסגעריסען; און

*) אין דעם טאָג, ווען עס איז פאָרגעקומען דיעזער שלאַכט, איז הענרי
האַדסאָן מיט זיין „האַלבע לבנה" געשטאַנען אין דער מויל פון דעם אויבען
דערמאָנטען פּענאָבסקאָט טייך, (דער היינטיגער שטאַאַט מיין), ניט ווייט פון
קאַנאַדאַ. עטליכע וואָכען שפּעטער האָט ער ענטדעקט דעם טייך האָדסאָן.

ווען זיי האָבען זיי ניט געקענט ארויסציהען, האָבען זיי זיי צושניטען. דער קרבן האָט ארויסגעלאָזען אַ זאָנדערבאַרען מין קולות. ער האָט אָבער אזוי פיעל דערשטיקט אין זיך, אַז צייטענווייז האָט עס אויס־געזעהן אַז ער פיהלט קיינע שמערצען ניט.“

שעמפּלען האָט זיך ביי זיינע רויט־הויטיגע פריינד געבעטען, אַז זיי זאָלען דעם געפאַנגענעם לאָזען צורוה, אַז זיי זאָלען איהם בעסער טוידטען אויפ'ן אָרט. זיי האָבען אבער געענטפערט, אַז דאַן וועט ער שוין מעהר ניט האָבען קיין יסורים, און אַז דאָס ווילען זיי ניט. בלויז ווען שעמפּלען האָט גענומען סטראַשען אַוועקצוגעהן, האָבען זיי איהם נאָכגעגעבען און איהם ערלויבט מיט אַ קויל צו מאַכען אַ סוף צו דעם געפאַנגענעמס לעבען.

„ווען ער איז שוין געווען טוידט, זיינען זיי נאָך אַלץ ניט געווען צופריעדען.“ — שרייבט שעמפּלען ווייטער — „זיי האָבען אויפ־געשניטען זיין בויך און אַריינגעוואָרפען זיינע אינגעווייד אין דער אָזערע. דאַן האָבען זיי אָבגעשניטען דיא קאָפּ, דיא הענד און דיא פיס, און דאָס אַלץ אַוועקגעוואָרפען אין פערשיעדענע זייטען. דיא הויט פון זיין קאָפּ (דעם „סקאַלפּ“) האָבען זיי אָבער ביי זיך איבער־געלאָזען. אזוי פלעגען זיי טהאָן מיט אלע שונאים, וואָס זיי פלעגען כאַפּען אין אַ מלחמה. זיי האָבען געטהאָן נאָך אַ מערדערליכע זאַך: זיי האָבען גענומען דעם טויטענ'ס הארץ, איהר צושניטען אויף עטליכע שטיקלעך און דאָס געגעבען זיינעם אַ ברודער און אַנדערע פון דיא געפאַנגענע, אַז זיי זאָלען דאָס עסען. זיי האָבען דאָס אַריינגעשפּאַרט אין זייערע מיילער, אָבער יענע האָבען דאָס ניט אַראָבגעשלונגען... ווען זיי האָבען דערגרייכט דעם ברעג (עטליכע טעג שפּעטער, ווען זיי זיינען שוין געקומען צו זיך אַהיים) האָט יעדער פון זיי גענומען אַ שטעקען, אָנגעטהאָן דעם „סקאַלפּ“ פון אַ שונא'ס קאָפּ אויפ'ן ברעג, און אַלע האָבען גענומען זינגען. ווען זיי זיינען געווען גאַנץ נאָהענט צום ברעג, האָבען דיא פרויען פון יענעם דאָרף זיך אויסגעטהאָן אין גאַנצען נאַקעט, אריינגעבראָדזשעט אין טייך, צוגעגאַנגען צו דיא שיפלעך און אַראָבגענומען דיא סקאַלפּס און זיי אָנגעטהאָן אויף דיא העלזער אַלס אַ טהייערע ציערונג. עטליכע טעג שפּעטער האָבען זיי מיר איין סקאַלפּ אַזעלכען געגעבען אַלס מתנה, צוזאַמען מיט דיא געוועהר פון זייערע בעזיעגטע שונאים, איך זאָל דאָס אַלץ היטען און ווייזען דעם

פראנצויזישען קעניג. אום זיי צופריעדענצושטעלען, האָב איך זיי דאָס צוגעזאָגט צו טהאָן."

אין דעם נעכסטען קאַפּיטעל, רעדענדיג וועגען אַן אנדער שלאַכט מיט דיא איראָקעזען, בעשרייבט שעמפּלען אַנדערע סצענעס פון פּייניגונג. דיעזע שטעלע ענדיגט ער מיט דיא פאָלגענדע צייל ען:

„וואָס אנבעטרעפט דיא געפאַנגענע, וועלכע זיי האָבען געלאָזען לעבען, ניט פערמוטשעט צום טוידט, האָבען זיי זיי בלויז איבערגעלאָזען כדי זייערע פרויען און טעכטער זאָלען זיי טוידטען; און דיא פרויען און טעכטער האָבען אַרויסגעוויזען ניט וועניגער מערדערליכקייט וויא דיא מענער. נאָך מעהר, — וואָרים מיט זייער געשייטקייט פלעגען זיי אויסקלערען נאָך שרעקליכערע יסורים. זיי האָבען געהאַט אַ פערגניגען קוקענדיג ווי יענע מאַטערען זיך."

שעמפּלען האָט דיא אינדיאַנער גע'מוסר'ט פאַר דיעזע מערדע־רייען, און ווייטער געסטראַשעט פון זיי אַוועקצוגעהן. אָבער זיינע רייד זיינען זיי אויסגעקומען ווילד. זיי האָבען ניט געקענט פערשטעהן פאַר וואָס מען טאָר ניט מאַטערען אַ שונא. לויט זייערע בעגריפע איז דאָס געווען אַ גאַנץ פיינע זאַך. זיי האָבען גע'טענה'ט, אַז ווען זייערע מענשען פאַלען אַריין אין פלען צו דיא איראָקעזען, ווערען זיי געפייניגט פונקט אויף אזא אופן.

דעם זיעג־טאַנץ און צערעמאָניע וואָס דיא אינדיאַנער האָבען געפראַוועט לכבוד זייער נצחון איבער דיא איראָקעזען שילדערט שעמפּלען מיט דיא פאָלגענדע ווערטער:

„נאָך דעם וויא זיי האָבען געהולעט און זיך לוסטיג געמאַכט, זיינען זיי אַרויסגעקומען פון זייערע וואוינונגען און האָבען זיך פער־זאַמעלט אויף דעם אָפענעם פּלאַץ פון זייער דאָרף. דאָרטען האָבען דיא פרויען און מיידלעך זיך אויסגעזעצט אויף דער ערד אין צייל ען, וועהרענד דיא מענער זיינען געשטאַנען הינטער זיי און האָבען געזונגען, אַלע אינאיינעם. פּלוצים האָבען אַלע פרויענצימער (פערהייראַטע און אונפערהייראַטע) אָנגעהויבען אַראָבצוואַרפען פון זיך זייערע פעלענע מאַנטלען; זיי האָבען זיך אויסגעטהאָן נאַקעט, וויא דיא מוטערס האָבען זיי געהאַט. ווען דיא מענער האָבען געענדיגט זינגען, האָבען זיי אַלע אויסגעשריען: „האָ, האָ,האָ!" און צו דערזעלבער צייט האָבען דיא פרויענצימער זיך צוריק צוגעדעקט מיט זייערע מאַנטלען. מען האָט זיך



דזשיאָוואַנאָ ווערראַזאַנאָ



זשאַק קאַרטיער



סאַמועל שעמפּלען



זשאַק מאַרקעטט



סיער דע לאַ סאַלל

א ווײלע אָבגערוהט. גלײך װיא מען האָט װיעדער אָנגעהױבען צו זינגען האָבען דיא פּרויענצימער װיעדער זיך אויסגעטהאָן נאַקעט. ווען זיי טאַנצען, בייטען זיי ניט דעם פּלאַץ. זיי מאַכען נור געװיסע אַװאַיעס און בעװעגונגען מיט דיא קערפּערס, אויפהויבענדיג דאָ איין פוס, דאָ דיא אנדערע, צוטאַנצענדיג מיט דער פוס, אבער שטעהענדיג אויף אַן אָרט. דער עלסטער פון דיא, וואָס זיינען געװען אויף דער מלחמה, איז געזעסען נעבען דיא פּרויענצימער. ער איז געזעסען צװישען צוויי שטאַנגען פון װעלכע עס זיינען אראָבגעהאַנגען דיא „סקאַלפּס“ פון דיא גע׳הרג׳עטע שונאים. פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך אַנידערשטעלען און האַלטען א רעדע: „איהר זעהט װיא מיר פרעהען זיך מיט אונזער זיעג“ — האָט ער געזאָגט — „איהר מוזט אויך אזוי טהאָן װיא מיר...“ און אַלע האָבען געענטפערט: „האָ, האָ, האָ!“ װען ער האָט געענדיגט זיינע רעדעס, האָבען דיא אנדערע מענער פון זיך אראָבגעװאָרפען דיא מאַנטלען, און זיי האָבען זייערע זיעגרייכע ברידער געגעבען פערשיעדענע מתנות...

„אלע דיעזע מענשען זיינען זעהר לוסטיג. זיי לאַכען א סך; און דאָך האָבען זיי אַן אומעדיגען אויסזעהן.“

שעמפּלען בעשרייבט מיט איינצעלהייטען דיא קליידער פון דיא מענער און דיא פרויען. דיא פרויען טראָגען א סך „וואַמפּום“ (פּאַטשערקעס פון ים־שיסעלעך). דיעזע פּאַטשערקעס טראָגען זיי אויפ׳ן האַלז און איבער דיא קליידער. „איך קען אייך פערזיכערען“ — שרייבט ער — „אַז אויף זייערע טענץ האָב איך געזעהן פיעלע מיידלעך, װעלכע האָבען געטראָגען העכער װיא צװעלף פונט פּאַטשערקעס אויף זיך, ניט אַריינרעכנענדיג דיא אנדערע ציערונג און צאַצקעס מיט װעלכע זיי זיינען געװען אָנגעלאָדען *). איינציגע פון זיי זיינען זעהר שעהן און שלאַנק געװאַקסען. איינציגע זיינען זעהר שטאַרק און מערק־װירדיג הויך. זיי טהוען כמעט דיא גאַנצע ארבייט אין שטוב און אין פעלד. זיי בעאַרבייטען דיא ערד, פלאַנצען דיא קוקורוזע, גרייטען אָן האָלץ אויף װינטער, פערטיגען צו און שפּינען דיא פּענקע, מאַכען פיש־נעצען, פאַנגען פיש און טהוען אנדערע נויטיגע זאַכען. אויך

*) דיעזע פּאַטשערקעס אָדער „װאַמפּום“ האָבען ביי דיא אינדיאַנער פון ניו יאָרק, קאָננעקטיקוט, מאַסאַטשוזעטס א. ז. װ. געדיענט אַלס געלט.

נעהמען זיי אראב דיא תבואה, גרייטען איהר צו צום עסען און טהוען אנדערע הויז־ארבייט. א חוץ דעם געהען זיי מיט זייערע מענער, ווען זיי רייזען פון איין ארט אויפ׳ן אנדערען, און טראגען פאר זיי דיא משא, אזוי וויא דיא עזלען.

„וואס אנבעטרעפט דיא מענער, געהען זיי נור אויף געיעג (נאך הירשען און אנדערע חיות), העלפען כאפען פיש, בויען דיא הייזער און געהען אויף מלחמה. ווען דאס אלעס איז אבגע׳פטור׳ט בעזוכען זיי אנדערע פריינדליכע שבטים און בייטען דיא זאכען, וואס זיי האבען, אויף זאכען, וואס זיי האבען ניט. ווען זיי קומען צוריק אהיים, פערברענגען זיי גאנצע טעג אין מאהלצייטען און אין טענץ.“

דא קומט ביי שעמפלענ׳ען א בעשרייבונג פון זייערע הייראטה־פערהעלטניסע — א בעשרייבונג, וועלכע ענטהאלט א דייטליכען ביי־שפיעל פון דיא אורזאכען, וואס האבען געפיהרט צו דער מוטער־רעכט סיסטעם, וויא זיי זיינען אנגעדייטעט געווארען אין קאפיטעל 7.

„זיי האבען א מין הייראטה“ — שרייבט ער — „וועלכע בע־שטעהט פון פאלגענדען: ווען א מיידעל איז אלט עלף, צוועלף, דריי־צעהן, פערצעהן אדער פופצעהן יאהר, האט זיא עטליכע חתנים, וועלכע ווייזען איהר ארויס ליעבע און בעטען איהר האנד ביי איהרע עלטערן. אבער אפט פאלגען זיי דיא עלטערן ניט. דער חתן שענקט דער מיידעל האלז־בענדער, קייטלעך, בראסלעטען, אלץ פון „וואמפום“. אויב ער געפעלט איהר, נעהמט זיא צו דיא מתנה. דאן לעבט ער מיט איהר אהן ווייטערע צערעמאניעס. אפט טרעפט, אז נאך דעם וויא זיי האבען אבגעלעבט א וואך אדער צוויי, ווארפט זיא איהם אוועק; זיינע מתנות בלייבען אבער ביי איהר. ער זוכט זיך דאן אן אנדער כלה און זיא — אן אנדער חתן, און אזוי געהט דאס ביז עס ווערט געשלא־סען א שטענדיגער שדוך. פיעלע מיידלעך פערברענגען זייער גאנצע יוגענד אויף דיעזען ארט, לעבענדיג מיט עטליכע מענער, מיט איינעם נאך דעם אנדערען. און אפילו דער מאן, וואס זיא האט אויף דער־ווייל איז אויך ביי איהר ניט דער איינציגער. ווען עס קומט אן דיא נאכט לויפען דיא יונגע פרויען פון איין הויז אין דער אנדערער, און דיא יונגע לייט טהוען אויך דאס זעלבע. זיי בעזוכען וועלכע מיידעל זיי ווילען. זיי טהוען דאס אבער ניט איבער־גוואלט. אלץ ווענדט זיך אן דעם וואונש פון דער פרויענצימער. און דער מאן פון א יונגע פרוי,

וויעדער, האָט פערהעלטניסע מיט אַן אנדער פרוי אויך, און דערביי איז ניטאָ קיין אייפערזוכט, אָדער יעדענפאַלס זעהר וועניג. אויך בעקומט אַ מיידעל אָדער אַ פרוי דורך דעם ניט קיין שלעכטען נאָמען, וואָרום דאָס אַלץ איז דער מנהג פון לאַנד.

„ווען אַ יונגע פרוי האָט אַ קינד, קומען צו איהר איהרע פריהער־דיגע געליעבטע אָדער מענער און ווייזען איהר אַרויס פריינדליכקייט און ליעבע. יעדער פערזיכערט איהר אַז ער ליעבט איהר אַם מעהרסטען און אַז ער איז דאָס דער פאָטער פון דעם קינד. און דיא יונגע פרוי קלייבט זיך אויס דעם וואָס געפעלט איהר בעסער. דורך איהרע ליעבעס קלייבט זי אָן אַ סך „וואַמפּום“, ביז ענדליך בלייבט זיא ביי אַ געוויסען מאַן. אויב זיא שיידט זיך מיט דיעזען מאַן, איז שווין דאָס איבער עפּעס אַ וויכטיגע אורזאַכע. אָבער אפילו ווען זיא לעבט מיט איהר שטענדיגען מאַן, הערט זיא ניט אויף צו האָבען פרייע פערהעלט־ניסע מיט אַנדערע. דאָך אַרבייט זיא שטענדיג אין איהר היים, און זעהט אויס אנשטענדיג *). דער רעזולטאַט איז, אַז וועגען דיא קינדער, וואָס זיי האָבען קען מען ניט זיין זיכער, אַז זיי זיינען געזעצליכע. זיי האָבען אָבער אַ מנהג, וועלכער בעוואָ־רענט זיי געגען דער געפאַהר, טאָמער וועט דעם מאַנ׳ס ירושה אַנקומען צו פרעמדע. דער מנהג בעשטעהט אין דעם, דאָס דעם מאַן׳ס יורשים זיינען דיא קינדער פון זיינע שוועס־טער, וואָרים וועגען אַ קינד׳ס מוטער איז דאָך קיין ספק ניטאָ.**)

*) אין אַ ווייטערע שטעלע זאָגט שעמפּלען, אַז ווען אַ פּאָר פאָלק ווערט פעראייניגט אויף אימער, איז דיא פרוי איהר מאַן טריי, וועהרענד דיא מיידלעך לעבען מיט וועמען זיי ווילען (דאָס עראינערט אונז אָן דעם וואָס מיר האָבען געזעהן וועגען דיא פּועבלאָ אינדיאַנער, אויף זייטעל 724). דאָס איז אָבער ניט דוקא אַ ווידערשפּרוך, וואָרים שעמפּלען איז געווען בעקאַנט מיט פערשיעדענע שבטים, און אין זייערע מנהגים זיי־נען געווען פערשיעדענהייטען.

**) זעה אויבען דעם אָנפאַנג פון זייטעל 313. דאָס וואָס שעמפּלען

רעדענדיג וועגען דיא רעליגיעזע בעגריפע פון דיא אינדיאנער גיט שעמפלען איבער א געשפרעך, וואס ער האט געהאט מיט אן עלסטען וועגען דעם וויא עס זיינען בעשאפען געוואָרען מענשען אויף דער וועלט. דער עלסטער האט דערצעהלט, וויא דער „גרויסער גייסט“ האט גענומען א בינטעל פיילען און זיי אריינגעשטעקט אין דער ערד. פון זיי זיינען אויסגעוואקסען מענער און פרויען און פון דיזע פּאארליך האט זיך דאס פערמעהרט דיא מענשהייט. דער פרומער שעמפלען האט ערקלערט, אז דאס איז א ליגען, און ער האט דערצעהלט דיא מעשה פון דער תורה, וויא גאט האט בעשאפען א מאנסביל און פון זיין זייט — א פרוי. דער אינדיאנער האט זיך געלאזט איבעררעדען, אז דאס איז דיא ריכטיגע געשיכטע. דיא אינדיאנישע מעשה איז אָבער יעדענפאלס אינטערעסאנטער וויא דיא מעשה פון חומש.

צום שלוס נאך א פּאר ווערטער וועגען לא סאלל'ען, וועגען וועלכען מיר האבען שוין גערעדט, ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען דער ענטדעקונג און אויספאָרשונג פון דעם טייך מיססיססיפּפּי. (זעה נאָטיץ אויף דיא זייטלעך 703 און 704). דאָרטען האבען מיר דער־מאָנט וויא ז ש אָ ל י ע ט און מ א ר ק ע ט ט האבען אויסגעפאָרשט א טהייל פון דער מיססיססיפּפּי פון איהר אָנפאנג אָן, און וויא ל א ס א ל ל איז איבער'ן טייך געשוואומען ביז זיין מויל, וואו ער האט געגרינדעט דיא שטאדט ניו אָרלעאנס (ניו אָרלינס). נאך שעמפּלען'ען איז דיעזער רייזענדער דיא מערקווירדיגסטע פיגור אין דער געשיכטע פון דיא לענדער, וואס האבען אין נאָרד אמעריקא בעלאנגט צו פראנק־רייך. לא סאלל האט געהאט גרויסע פּלענער. זיין צוועק איז געוועזען צו בויען פעסטונגען אויף דעם גאנצען וועג, וואו דיא מיססיס־

זאָגט דאָ, שטימט אלזאָ פאָלשטענדיג מיט דעם, וואס דיא שפּאניער האבען גע־זעהן ביי דיא אצטעקען. מאָנטעזומא'ס אַמט, צום ביישפּיעל, איז איבערגע־גאנגען צו זיין שוועסטער'ס זוהן. שעמפּלען רעדט דאָ בלויז וועגען פלעמע־ניקעס, אַלס יורשים. ווען ער וואָלט גענויער שטודירט דיא מנהגים פון דיא אינדיאנער, וואָלט ער געזעהן, אַז אַ ברודער האט אויך געקענט זיין אַ יורש, — אַז איבערהויפּט איז דיא ירושה געגאַנגען צו דעם געשטאָרבענעם'ס גענט, און אז דיא גענטען האָבען זיך גערעכענט נאך דיא מוטערס. (זעה וועגען פאָרצייטיגע ירושה אויף זייטלעך 307, 308, 309 און 310).

סיפּפּי געהט, פון ניו אָרלעאַנס (דאָס הייסט פון דעם מעקסיקאַנישען ים־בוזים) ביז דיא 5 גרויסע אָזערעס: ל י י ק ס ו פּ י ר י אָ ר, ל י י ק מ י ש י ג ע ן, ל י י ק ה ו ר אָ ן, ל י י ק א י ר י, ל י י ק אָ נ ט אַ ר י אָ, וועלכע טהיילען אָב קאַנאַדאַ פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. אויף דיעזען אָרט האָט ער געוואָלט גרינדען אַ גרויסע פראַנצויזישע אימפּעריע אין נאָרד־אַמעריקאַ. דיעזער גאַנצער געגענד, וועלכער פערנעהמט פיעלע פון דיא היינטיגע שטאַאטען, האָט טאַקע אַ לאַנגע צייט געהערט צו פראַנקרייך. דיעזער שטח אַליין איז געווען גרעסער וויא דיא ערשטע דרייצעהן שטאַאטען. צוזאַמען מיט קאַנאַדאַ זיינען דיא פראַנצויזיש־אַמעריקאַנישע לענדער דאַן געווען פיעל, פיעל גרעסער וויא דיא ענגליש־אַמעריקאַנישע. דאָס דאַרף דער לעזער האָבען אין זינען.

לאַ סאַלל'ס ענד איז געווען אַ טראַגישער: ווען ער האָט זיך געפונען אין דער היינטיגער טעקסאַס, האָבען אייניגע פון זיינע מיט־רייזענדע איהם ערמאָרדעט.

---

מיר האָבען געענדיגט אונזער איבערבליק איבער דיא בעריהמטע אַמעריקאַנישע ענטדעקונגס־רייזעס, וואָס זיינען אָנגעפיהרט געוואָרען נאָך קאָלומבוס'ען פון שפּאַניער, האָלענדער און פראַנצויזען. וועגען דיא רייזעס פון אַמעריגאַ וועספּוטשי, דיא קאַבאָטס און אַנדערע איז דער־צעהלט געוואָרען אין דעם ערשטען באַנד. די אַמעריקאַנישע רייזעס פון ענגלענדער בעלאַנגען צו דעם ענין פון דעם נעקסטען באַנד, וואו עס וועט פערהאַנדעלט ווערען דיא געשיכטע פון דיא קאָלאָניעס, פון וועלכע עס זיינען אַרויסגעקומען דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

האַדסאָן איז געווען אַן ענגלענדער, אָבער זיין וויכטיגסטע אַמערי־קאַנישע רייזע האָט ער דאָך געמאַכט אונטער דער האָלענדישער פאָהן. דעריבער האָבען מיר וועגען איהם דערצעהלט אין דיעזען באַנד.

ע נ ד ע.

## דיא קוועלען, מיט וועלכע דער פּערפאַסער האָט זיך אַם מעהרסטען בענוצט צו דיעזען באַנד.

אַנטאָניאָ דע הערערא'ס „אַלגעמיינע געשיכטע פון דעם גרויסען קאָנטינענט און אינזלען פון אַמעריקאַ“ (סטיווענס'עס ענגלישע איבערזעצונג פון דעם אַלטען שפּאַנישען ווערק, 6 בענדער).

אַרטהור העלפּ'ס „געשיכטע פון דער שפּאַנישער עראָבערונג אין אַמעריקאַ“ (4 בענדער).

דזשאַסטין ווינזאָר'ס „קריטישע געשיכטע פון אַמעריקאַ“ (1טער, 2טער און 4טער באַנד).

וואַשינגטאָן אירווינג'ס „דיא רייזעס פון קאָלומבוס'עס בעגלייטער“.

דזשאָהן פיסק'ס „ענטדעקונג פון אַמעריקאַ (צווייטער טהייל).

גיללעמאַרד'ס „דאָס לעבען פון מאַגעללאַן און דיא ערשטע רייזע אַרום דער וועלט“.

ווילליאַם ה. פּרעסקאָטט'ס „דיא עראָבערונג פון מעקסיקאָ“ (3 בענדער).

לואיס ה. מאָרגאַן'ס „אוראַלטע געזעלשאַפט“ און „הייזער און הויזלעבען ביי דיא נאָרד־אַמעריקאַנישע אינדיאַנער“.

פריעדריך ענגעלס'עס „אורשפּרונג פון דער פאַמיליע, פון דעם שטאַאַט און פון פּריוואַט אייגענטהום“ (דייטש).

עדוואַרד ב. טיילאָר'ס „אוראַלטע געשיכטע פון דער מענשהייט“.

מאַרקיז דע נאַדיילאק'ס „פאַר־היסטאָרישע אַמעריקאַ“ (ד'אַנווערס'עס ענגלישע איבערזעצונג פון פראַנצויזישען).

הענרי מיין'ס „דאָרף געזעלשאַפטען“.

אַדאָלף באַנדעליער'ס „דיא סאָציאַלע אָרגאַניזאַציאָן און דיא רעגיערונג ביי פאַרצייטיגע מעקסיקאַנער“ (12טער רעפּאָרט, פּיבאָדי'ס מוזעאום).

ס. ר. ענאָק'ס „מעקסיקאָ“.

ציעזא דע לעאָן'ס „כראָניק פון פּערו“ (קלעמענטס ר. מאַרקהעם'ס ענגלישע איבערזעצונג פון דעם אַלטען שפּאַנישען ווערק, 1טע און 2טע טהייל).

פּרעסקאָטט'ס „עראָבערונג פון פּערו“ (צוויי בענדער).

מאַרקהעם'ס צוויי ווערק: „געשיכטע פון פּערו“ און „דיא אינקאַס פון פּערו“.

היינריך קונאָוו'ס „דיא סאָציאלע פערפאַסונג דעס אינקאַ־רייך'ס“, (דייטש).

נ. ע. זיבער'ס „אוראַלטע עקאָנאָמישע קולטור“ (רוסיש).

קאַבעזאַ דע וואַקאַ'ס רייזע, בעשריעבען פון איהם אַליין (פעננִי באַנדע־ליער'ס איבערזעצונג פון דעם אַלטען שפּאַנישען ווערק).

„דיא קאַריערע פון הערנאַנדאָ דע סאָטאָ אין דער ערָאבערונג פון פלאָרידאַ" (געשריעבען פון דע סאָטאָ'ס אַ מיטרייזענדען, דעם „הערר פון עלוואַס" ; (איבערזעצט אויף ענגליש פון דעם אַלטען שפּאַנישען ווערק).

„קאָראָנאַדאָ'ס רייזע", געשריעבען פון קאַסטאַנעדאַ און אַנדערע פון זיינע מיטרייזענדע (ענגלישע איבערזעצונגען פון דיא אַלטע שפּאַנישע ווערק).

באַנדעליער'ס „ענדליכער רעפּאָרט" צום אַרכעאָלאָגישען אינסטיטוט פון אַמעריקאַ.

פרעדריק א. אָבער'ס 5 בענדער : „באַלבאָאַ", „מאַגעללאַן", „קאָרטעס", „פּיזאַרראָ", „דע סאָטאָ".

ע. ל. האָאָקס'עס „דיא רייזעס פון הענרי האָדסאָן".

פראַנסיס פּאַרקמאַן'ס „פראַנקרייך'ס פּיאָנערען אין דער נייער וועלט".

דזשאָהן פיסק'ס „האָללענדישע און קוויקערשע קאָלאָניעס".

„דיא רייזעס פון סאַמועל שעמפּלען, דערצעהלט פון איהם אַליין" (עננִי בוירק'ס ענגלישע איבערזעצונג פון דעם אַלטען פראַנצויזישען ווערק, צוויי בענדער).

---

## לאַנדקאַרטען אין דיעזען באַנד.



## פּאָרטרעטען אין דיעזען באַנד.

## פערשיעדענע אַנדערע צייכנונגען אין דיעזען באַנד.